צביון
ד״ר ב. האָפּמאַן

# פאַר פופציק יאָר

## געקליבענע שריפטן



א. לאַוב פאַרלאַג קאָ., ניו־יאָרק
ELIAS LAUB PUBLISHING CO., NEW YORK

# אינהאַלט

צביון — איך בין ניט שולדיק, אַנשטאָט אַ פֿאָרוואָרט ........ V
פֿראַנץ קורסקי — אַרײַנפֿיר ........ VII
ח. ש. קאַזדאַן — דאָס לעבן און שאַפֿן פֿון ב. צביון ........ XVII

## 1. פּראָבלעמען פֿון יידישער קולטור און געזעלשאַפֿט:

פֿיר וויכטיקע פּעריאָדן אין יידישן לעבן ........ 3
יידן און יידישקייט ........ 17
יידישקייט און גלויבן ........ 24
דער תּלמוד — זיין אינהאַלט, זיין געשיכטע און זיין באַדייטונג ........ 28
ווען וועט יידיש אונטערגיין אין אַמעריקע? ........ 46
דער ציוניזם אין דער תּקופֿה פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה ........ 54
קאַרל מאַרקס און די יידן־פֿראַגע ........ 79

## 2. „בונד" און יידישע אַרבעטער־באַוועגונג:

דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין ........ 103
ווי אַזוי איך בין געקומען צום „בונד" ........ 118
נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַל־רעכט ........ 132
די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טעגלעכע צייטונג אין ווילנע ........ 142
דער „בונד" און ציוניזם ........ 149
די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע אין אַמעריקע ........ 157

## 3. סאָציאַליזם, אַרבעטער־באַוועגונג און אַלגעמיינע קולטור:

דאָס וואָרט רעוואָלוציע אין סאָציאַליסטישן סידור ........ 169
דער היינט און דער מאָרגן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ........ 173
קען מען שוין איצט איינפֿירן סאָציאַליזם אין אַמעריקע? ........ 181
די בויער פֿון דער פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע אין אַמעריקע ........ 185
קאָמוניסטן וואָס האָבן אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם ........ 195
פֿיינטשאַפֿט ........ 212
ווען מען שטופּט, גייט עס בעסער ........ 217
מאַקס שטירנערס לערע ........ 221
פֿרידריך ניטשע ........ 230

## 4. שרייבער און פֿירער:

גרויסע מענטשן און גרויסע פֿירער (צום טויט פֿון נ. לענין) ........ 249
לעאָן טראָצקי ........ 256
פֿערדינאַנד לאַסאַל ........ 265
אַ יובילײ פֿון אַ מאָנומענט (ה. היינע) ........ 272
דער טאַטע פֿון „בונד" ........ 275
וולאַדימיר מעדעם ........ 282
אַ. ליעסין, דער אַפּיקורס, וואָס איז געווען נאַציאָנאַליסטיש און ניט נאַציאָנאַל ........ 287

ווער האָט געקענט אַ. ליטוואַקן? ........ 290
הל כּץ־בלום — איינער פֿון די ערשטע גרינדער פֿון „בונד“ ........ 293
ב. װלאַדעק — דער „יונגער לאַסאַל“ ........ 298
דער ריגער „פּרעזידענט“ מאַקסים ........ 302
שלמה מענדעלסאָן ........ 309
ד״ר חיים זשיטלאָווסקי ........ 314
יצחק אייזיק הורוויטש ........ 318
דוד פּרישמאַן ........ 322
די צוויי גרעסטע העברעאישע פּאָעטן פֿון אונדזער דור — י. ל. גאָרדאָנס 50טער י״צ ........ 326
צו מאַני לייבס 60יאָריקן געבוירן־טאָג ........ 332
מ. אָלגין ........ 335

## 5. נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע עסייען און פּעליעטאָנען:

וואָס איז לעבן? ........ 347
וואָס גייט אַרויס — די נשמה אָדער די עלעקטריציטעט ........ 351
אפֿשר שטאַרבט מען גאָרניט, ווען מען שטאַרבט ........ 354
אַ נייער מיטל צו פֿאַרלענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן ........ 358
די באַפֿרייאונג פֿון מורא ........ 361
אַ שטיקעלע איינשטיין ........ 365
איז אַלץ אין דער וועלט בלויז אַ צופֿאַל? ........ 371
אַרום און וועגן דער אַטאָמישער באָמבע ........ 375
די מלחמה וואָס דער מענטש פֿירט אָן מיט די אינזעקטן ........ 386
די מענטשהייט וועט ענדלעך דאָך זיגן ........ 390
וועט די מענטשלעכע ראַסע אייביק בלייבן אויף דער ערד? ........ 394
אונדזערע אור־אייניקלעך וועלן זיין פֿאַרזעעניש ........ 397
אַ שמועס וועגן וואַסער ........ 402
דער „האָדסאָן ריווער“ אין ניו־יאָרק און דער „גרענד קעניאָן“ אין קאָלאָראַדאָ ........ 405
וואָס אַ רעדעוודיקער הונט וואָלט מיר געקענט דערציילן ........ 409
וואָס בהמות קענען בעסער ווי פּראָפֿעסאָרן ........ 414
וואָס מען דאַרף יאָ לערנען און וואָס מען דאַרף ניט לערנען פֿון מוראַשקעס ........ 418
וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד? ........ 423

## 6. רייזע־באַשרייבונגען:

מיין רייזע אין ארץ־ישראל ........ 431
מיינע צוויי באַזוכן אין דער ליטווישער מלוכה ........ 456
קיוראַסאָ ........ 473

# איך בין ניט שולדיק

## אַנשטאָט אַ פֿאָרוואָרט

איך בין ניט שולדיק, וואָס עס איז געדרוקט געוואָרן מיין בוך „פֿאַר פֿופֿציק יאָר". איך האָב קיין מאָל ניט געטראַכט און אַפֿילו ניט געחלומט, אַז די אַר־טיקלען, וואָס איך האָב געשריבן אין פֿאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן פֿאַר אַזוי פֿיל יאָרן, וועלן אַרויסגעגעבן ווערן אין אַ בוך־פֿאָרם. ווען איך וואָלט וועגן דעם געטראַכט, וואָלט איך די אַרטיקלען געזאַמלט און אָפּגעהיט און וואָלט פֿאַרשפּאָרט דעם אַרויסגעבער די שווערע און קאָסטבאַרע אַרבעט זיי צו זוכן אין די ביבליאָטעקן צווישן אַלטע שמות און קריגן קאָפּיעס פֿון זיי. און ווען איך וואָלט געטראַכט, אַז די אַרטיקלען מיינע וועלן ווען עס איז גע־דרוקט ווערן אין אַ בוך־פֿאָרם, וואָלט איך זיי אפֿשר אַנדערש געשריבן. איך וואָלט זיך באַמיט זיי צו מאַכן לומדישער און בכבודיקער, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ בוך. אָבער זיי וואָלטן אפֿשר דעמאָלט ניט געטויגט פֿאַר די צייטונגען און זשורנאַלן, פֿאַר וועלכע איך האָב זיי געשריבן.

שולדיק מער פֿאַר אַלעמען אין דעם פֿאַרליגנדיקן בוך איז מיין אומפֿאַר־געסלעכער חבר און פֿריינט שלמה מענדעלסאָן. עס איז געווען ער, וואָס האָט באַשלאָסן, אַז עס מוז וויניקסטנס אַ טייל פֿון מיינע שריפֿטן געזאַמלט ווערן און אָפּגעדרוקט ווערן אין אַ בוך־פֿאָרם. דער צווייטער שולדיקער איז מיין חבר און פֿריינט א. לאַוב, וועלכער האָט גענומען אויף זיך דעם בוך אַרויסצוגעבן. און דער דריטער שולדיקער איז מיין פֿריינט און חבר ה. ש. קאַזדאַן, וואָס האָט צונויפֿגעקליבן די אַלטע שמות, זיי אָפּגעשטויבט און זיי צוגעגרייט צום דרוק.

עס איז מיר שווער צו זאָגן, צי די אויסגעקליבענע אַרטיקלען, וועלכע זיינען געדרוקט אין דעם בוך, זיינעןווירקלעך די בעסטע, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געשריבן. איך וואָלט עס ניט געקענט זאָגן, ווען איך וואָלט אפֿשר אַליין, וואָס איך האָב אין די פֿופֿציק יאָר פֿון מיין שרייבערישער קאַריערע אָנגע־שריבן, געהאַט פֿאַר מיינע אויגן און איך וואָלט אַליין געדאַרפֿט מאַכן דעם אויסוואַל. איך רעכן, אַז איך האָב אין די פֿופֿציק יאָר אָנגעשריבן אַרום זעקס טויזנט אַרטיקלען. איך נעם אָן, אַז פֿינף טויזנט זיינען געווען, וואָס מען רופֿט צייט־אַרטיקלען, וועלכע לעבן געוויינטלעך ניט מער ווי אַ טאָג אָדער צוויי. אָבער אַרום פֿינף אָדער זעקס הונדערט האָבן, ווי איך דענק, געמוזט האָבן אין זיך לעבן מער ווי אויף אַ טאָג אָדער צוויי. נאָר איך האָב זיי ניט פֿאַר מיינע אויגן, אַז איך זאָל קאָנען אורטיילן וועגן זיי. אַגב, צווייפֿל איך, צי דער שרייבער אַליין איז דער בעסטער מבין אויף דעם, וואָס ער שרייבט. וויל

דאָך דער שרייבער, אַז אַלץ, וואָס ער שרייבט זאָל זיין בעסער און אָפט גלויבט ער אויך, אַז עס איז אַזוי.

און האָבנדיק דאָס אין זינען, האָב איך ווייניק אַנטייל גענומען אין אויס־קלויבן די אַרטיקלען, וועלכע זיינען אין בוך אַריין. איך האָב בלויז פֿאַרלאַנגט, אַז איך זאָל האָבן וועטאָ־רעכט. עס הייסט, אַז איך זאָל מאַנכע פֿון די אויסגע־קליבענע אַרטיקלען קאָנען, צוליב איין גרונט אָדער אַן אַנדערן, צוריקווייזן. עס איז מעגלעך, אַז איך האָב מיין וועטאָ־רעכט ניט גענוג אויסגענוצט. אָבער פֿאַר דעם האָב איך אַן אַנטשולדיקונג. איך האָב טאַקע די וועטאָ־רעכט געהאַט, אָבער יעדעס מאָל, וואָס איך האָב זיך געוואָלט מיט איר באַנוצן, האָב איך גע־דאַרפֿט אָנפֿירן אַ קאַמף מיט מיינע פֿריינט, וועלכע האָבן זיך מתעסק געווען מיטן אַרויסגעבן פֿון דעם בוך. זיי איז גראָד געפֿעליק געווען די אַרטיקלען, וועלכע איך האָב צוריקגעוויזן, און איך האָב אייניקע מאָל זיך אונטערגעגעבן. עס איז שווער פֿאַר אַ שרייבער בייצושטיין אַזאַ נסיון, אַז ער זאָל זיך האַלטן פֿאַר זיין מיינונג, אַז דאָס וואָס ער האָט געשריבן איז שלעכט, ווען זיינע פֿריינט זאָגן אים, אַז עס איז גוט. גיכער טוט עס אים הנאה.

נאָר אַזוי ווי איך וויס, אַז זיי האָבן עס געטאָן אויס פֿריינטשאַפֿט צו מיר, דאַנק איך זיי פֿון מיין טיפֿן האַרצן.

צביון



צביון אין ריגע אין יאָר 1898



צביון מיט זיין פֿרוי רחל און טאָכטער שרה אין יאָר 1914, ניו־יאָרק

# אַריינפיר

איינער, וואָס האָט מיט דער פּעדער אין האַנט דורכגעלעבט און דורכ־געטראַכט 50 יאָר נאָכאַנאַנד, טאָג־איין טאָג־אויס, דעם גאַנג פון געזעלשאַפט־לעכן לעבן, די אַנטוויקלונג — דעם אויפבלי און די קאָמפּליקאַציעס — פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די אַלגעמיינע דערגרייכונגען פון אינטעלעקטועלן לעבן — אַזאַ איינער איז אַפילו ביי די אומות העולם אַ זעלטענע דערשיינונג. ביי אונדזער איינציקאַרטיקן יידישן וועלט־פאָלק איז אונדזער בעל־יובל, וואָס איז זוכה געווען צו אַזאַ זעלטענעם סטאַזש — און דערצו נאָך מיט אַלע שאַנסן דעם סטאַזש נאָך מיט יאָרן און יאָרן צו פאַרגרעסערן — אֵ י נ ע ר, אַ יחיד במינו.

און וואָס פאַר אַ פופציק יאָר זיינען דאָס געווען! וועלטן זיינען אונטער־געגאַנגען, וועלטן ראַנגלען זיך פאַר אַ נייער געשטאַלטונג פון זייער קיום.

ביי דער שוועל פון די פופציק שפּעטערישע יאָרן פון אונדזער בעל־יובל איז געשטאַנען די צאַרישע „כאָדינקע", די קאַטאַסטראָפע בשעת דער קאָראָ־נאַציע פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, אין מאָסקווע, אין מאַי 1896, ווען צוליב דער ווילדקייט פון המון און דער הפקרדיקייט און ברוטאַליטעט פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע זיינען צעטראַטן געוואָרן, ווי ווערים, לויט אָפיציעלע ידיעות צענדליקער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, לויט פריוואַטע ידיעות — אַרום הונדערט טויזנט. אַ סימבאָלישע פאָרשפּיל צו דער הערשאַפט פון לעצטן צאַר.

ווען אונדזער בעל־יובל וואָלט שוין דעמאָלט, אין עלטער פון 22 יאָר, געווען פאַרבונדן מיט אַ געהיימער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד, אָדער מיט אַ סאָציאַליסטישן זשורנאַל אין אויסלאַנד, וואָלט זיכער איינער פון זיינע ערשטע אַרטיקלען געווען געווידמעט דער מאָסקווער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט ווי אין אַ שפּיגל אָנטפּלעקט די צעפוילטקייט פון צאַרישן רעזשים. איך וואָלט געקאָנט אָנרופן די נעמען פון אייניקע פון זיינע מיטצייטלער און שפּע־טערדיקע חברים, וואָס טאַקע „כאָדינקע" האָט זיי געגעבן דעם ערשטן שטויס צו נעמען די פּעדער אין האַנט. צביון האָט זיך דעמאָלט נאָך געפונען אין דער סטאַדיע פון צוגרייטונג צו זיין שפּעטערדיקער אַרבעט, און עס איז גוט, וואָס ער האָט געהאַט אַ לענגערן צוגרייטונגס־פּעריאָד און אַדאַנק דעם געקאָנט אָנזאַמלען מער גייסטיקע כוחות און קענטענישן, וואָס האָבן שוין אין סאַמע אָנהויב געמאַכט זיין אַרבעט אַזוי דערפאָלגרייך.

און ווען די פופציק יאָר האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אַ לאָקאַליזירטער רו־סישער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אָבער אַגב אין לאַנד גופא געהאַט אַ קאָלאָסאַלע פּאָליטישע באַדייטונג, האָבן זיי זיך פאַרענדיקט אין אַ וועלט־פאַרנעם מיט דער היטלער־קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אָפּגעקאָסט צענדליקער מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, דערפון אַ דריטן טייל פון יידישן פאָלק.

אין דער מאָדערנער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט איז ניט מעגלעך צו געפֿינען ענלעכע פֿופֿציק יאָר. אין איניקע פּרטים קאָן מען אפֿשר געפֿינען צו זיי אַן ענלעכקייט אין דעם פֿערטל יאָרהונדערט 1816—1789, דעם אָנהויב פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע ביז צום סוף פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן. און אַזוי ווי עס איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ, ווי צו זיין אָפּטימיסטיש, מעגן מיר בלייבן ביי דער האָפֿענונג, אַז דאָס נייע און פּאָזיטיווע, וואָס יענער פֿערטליאָרהונדערט האָט פֿאַרפֿלאַנצט אין מוח און אין דער נשמה פֿון מאָדערנעם מענטשן, וועט סוף־כּל־סוף — און אין אַ העכערער פֿאָרם — פֿאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער וועלט און די צוויי טויזנט יאָר אַלטע רוימישע, נאָך היינט גילטיקע פֿאָרמולירונג: „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ וואָלף" — וועט באַקומען דאָס קליינע אָבער אַנטשיידנדיקע צוגאָב־ווערטל: ג ע ו ו ע ן.

*

מיט אַ טאַלאַנט ווערט מען געבוירן. מען קאָן זיך אויסלערנען שפּילן אויף אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט, מאָלן, אד"גל. — אָן אַ טאַלאַנט וועט דאָס קיין שייכות ניט האָבן צו קונסט. אויך אַ שריפֿטשטעלער ווערט געבוירן. פֿאַראַן טויזנטער טיכטיקע צייטונגס־שרייבער. זייער אַרבעט לעבט אַ טאָג — און פֿאַרשווינדט; צו ליטעראַטור האָט זי אַ קנאַפּן שייכות.

אָבער שריפֿשטעלערישער טאַלאַנט, קענטעניש און התמדה אין דער אַרבעט איז נאָך ניט גענוג. זאָל דאָס וואָרט אָנצינדן די נשמה פֿונעם לייענער, מוזן זיך פֿילן אין דעם, וואָס פֿירט די פֿעדער, אויך מאָראַלישע קוואַליפֿיקאַציעס: כאַראַקטער און געוויסן.

און ווען די נאָטיצן, וואָס איך שרייב דאָ אַלס אַריינפֿיר צום יובל־בוך, האָבן בכלל אַ באַרעכטיקונג (איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס בוך נויטיקט זיך אין קיינעמס אַריינפֿיר ניט), איז עס נאָר, ווייל איך קאָן עדות זאָגן וועגן דעם, ווי פֿון יונגן גמרא־בחורל, וואָס פֿון זיין עקזיסטענץ האָב איך געוואוסט נאָך אין מיינע גאַנץ יונגע יאָרן, כּמעט אין די קינדער־יאָרן, מיט 60 יאָר צוריק, און זיך פּערזענלעך באַקענט און באַפֿריינדעט מיט אים מיט 52 יאָר צוריק, — ווי פֿון אים איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן איינער פֿון די אַקאַדעמיש געבילדעטסטע שריפֿטשטעלער, וואָס מיר פֿאַרמאָגן, און ווי איבער זיין געבענטשטער פֿעדער האָט, אויסער זיין געוויסן, קיין מאָל קיינער קיין דעה ניט געהאַט. איך וויל דערמיט, פֿאַרשטייט זיך, ניט זאָגן, אַז אַלץ, וואָס פֿון זיין פֿעדער, איז מסיני. די פֿעדער האָט געקאָנט בלאָנדזשען. און וואו איז די פֿעדער, וואָס האָט קיין מאָל ניט געבלאָנדזשעט? איך וויל בלויז זאָגן, אַז די כּ וו נ ה פֿון דער פֿעדער איז שטענדיק געווען צו דינען דעם אמת און ניט וועלכע עס איז זייטיקע אינטערעסן.

ניט ווילנדיק פֿאַרהאַלט זיך דער געדאַנק ביי די יאָרן, וואָס זיינען אַוועק, און רופֿט אַרויס אין זכּרון אָן אַ שיעור געשטאַלטן, וואָס די ערד האָט שוין לאַנג פֿאַרשלונגען און וואָס אַפֿילו פֿון זייערע קברים איז שוין קיין שפּור ניט געבליבן. עס דערמאָנט זיך אַ סטראָפֿע פֿון אַ ליד, וואָס מיר פֿלעגן אַמאָל זינגען:

אין אונדזער גאָרטן האָבן געבליט

אַזוי פֿיל וואונדערבאַרע בלומען;

אַזוי פֿיל פֿריינט האָבן מיר געהאַט —
וואו זיינען זיי אַהינגעקומען?

יאָ, אַזוי פֿיל פֿריינט האָבן מיר געהאַט! און צביונס פֿריינט זיינען אויך געוועזן מיינע פֿריינט. און איצט, ווען איך וויל „עדות זאָגן", קומט מיר מיט ווייטיק און צער צום באַוואוסטזיין, אַז פֿון „אַזוי פֿיל פֿריינט" בין איך אפֿשר שוין דער איינציקער, ד"ה דער לעצטער עדות. אויף יענער זייט פֿון „אייזערנעם פֿאָרהאַנג" איז אפֿשר נאָך ווער דאָ. אָבער — „זוך דעם ווינט אין פֿעלד"...

*

די קאָלאָניעס פֿון די צוויי שטעט — בערן און קאַרלסרוהע — וואו צביון האָט שטודירט, האָב איך אין יענע יאָרן זייער גוט געקאַנט. אין בערן איז געווען די עלטסטע און די צאָלרייכסטע בונדישע גרופּע. זי האָט זיך געגרינדעט שוין אין 1896 און איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט דער ווילנער „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", דער פֿיאָנערן-גרופּע פֿון „בונד". די צאָל מיטגלידער איז געוויינטלעך דערגאַנגען ביז צוואַנציק. די בערנער גרופּע איז געווען איינער פֿון די בעסטע שטיץ-פּונקטן פֿאַרן אויסלענדישן קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין דעצעמבער 1898. איניקע מיטגלידער פֿון דער גרופּע זיינען געווען געניטע און גוטע איבערזעצערס פֿון רוסיש און דייטש, אין וואָס מיר האָבן זיך דעמאָלט זייער געניטיקט. די גרופּע איז געווען שטאַרק נאַציאָנאַל געשטימט. אין די יאָרן 1901 ביז אַרום 1904 האָט אין בערן געלעבט אַנסקי. ער איז קיין בונדיסט ניט געווען, אָבער ער האָט אין יענע יאָרן שטאַרק סימ-פּאַטיזירט מיטן „בונד", און אין דער סביבה פֿון דער בערנער גרופּע, האָט ער אָנהויב 1902 אָנגעשריבן דאָס ליד „אין זאַלציקן ים"... און באַלד דערנאָך דעם הימן „די שבועה".

די באַציאונגען צווישן דער בונדישער און דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישער גרופּע אין בערן זיינען געווען זייער גוטע. אַזוי איז צו יענער צייט אַ רוסישע חברטע, איינע פֿון די געציילטע „אַריש"-רוסישע, געפֿאָרן קיין רוסלאַנד מיט אַ וואַליזע בונדישע ליטעראַטור; זי האָט געהייסן קאַטיאַ דעמיאַנענקאָ. איינער פֿון די פֿירער פֿון דער רוסישער גרופּע, באַגראַד, אַ פּלימעניק פֿון פּלעכאַנאָווס פֿרוי, איז שפּעטער אין רוסלאַנד צוגעשטאַנען צום „בונד". דער טראַגיש אומגעקומענער גרישאַ זינאָוויעוו האָט זיך נאָך זיין אָנקומען אין בערן (1903—1904) באַמיט אָנגענומען צו ווערן אין דער בונדישער גרופּע, צו וועל-כער עס האָט געהערט זיין פֿרוי זינאַ לעווינאַ, די שפּעטער באַקאַנטע „לילינאַ". דער גוטמוטיקער לונאַטשאַרסקי האָט אים אָבער „אָפּגערעדט"... דאָס אַגב-אורחא. פֿון דער בערנער רוסישער ס"ד גרופּע לעבט נאָך, ווי ווייט איך ווייס, בלויז די חברטע לידיאַ דאַן.

פֿון די בערנער בונדיסטן האָבן ביים אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט-מלחמה געלעבט בלויז דריי: דער ח' שליאַמאַ, אַ כעמיקער, געוואָרן אַ קאָמוניסט גלייך נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע און עטוואָס שפּעטער אָפּגעפֿאָרן אין סאָוועט-רוסלאַנד; ח' ב., אויך אַ כעמיקער, האָט זיך שוין פֿאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה אָפּגעפֿרעמדט פֿון „בונד" און בכלל פֿון פּאָליטישן לעבן. זיי ביידע, און אויך דער דריטער, ע., וואָלטן געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן צביונען

און וואָלטן מיר געקאָנט פֿאַרלייכטערן מיין אַרבעט. אָבער וואו זיינען זיי? ווידעראַמאָל — „זוך דעם ווינט אין פֿעלד"...

פֿון אַלע פֿערציק בונדישע גרופּעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין מערב־אייראָפּע, האָט געהערשט אַ באַזונדערס אינטימע פֿריינטשאַפֿט צווישן די חברים אין קאַרלסרוהע, יעדנפֿאַלס אין די יאָרן 1901—1902, ווען עס איז מיר אויסגעקומען זיך מיט זיי עפּעטער צו טרעפֿן. פֿון זיי איז, אויסער צביונען, גלויב איך, שוין קיינער ניטאָ. מאַרגאָלין איז נאָך אין יאָר 1905 דערשאָסן געוואָרן בעת אַ דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע; אַלעס גאָלדע איז דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ; פּאַוועל בערמאַן איז אומגעקומען דורך אַן אומגליקס־פֿאַל אין 1921 אין נאַרוואַ; לעאָניד קאַראַבאַטשקין איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק אין מאָסקווע.

וואָס מער עס אַרבעט מיין זכּרון, אַלץ מער ווייזט זיך אַרויס, אַז איך בין שוין מסתּמא בכלל דער לעצטער, דער איינציקער „עדות". אָבער איז דען דאָ איבערהויפּט נויטיק אַן עדות? איז דען ניט אין דעם פֿאַל דער בעסטער עדות צביון אַליין? אָבער — יאָ נויטיק, ניט נויטיק — ווען דער זכּרון צעשפּילט זיך און פֿאָדערט זיין רעכט, מוז מען אים אַ ביסל נאָכגעבן.

וועגן בערן און קאַרלסרוהע קאָן איך עדות זאָגן, אַז אונדזער בעל־יובל האָט אין יענע יאָרן אויפֿן שטרענגסטן אופֿן אָפּגעהיט דעם קלאַסישן רעזשים פֿון אַ תּלמיד חכם: פּת במלח תּאכל... און אויב ניט די גוטע נשמה פֿון זיין פֿאַרשטאָרבענער פֿרוי (צו איר ליכטיקער געשטאַלט דאַרף איך זיך נאָך אומקערן), וואָלט געווען מער מלח ווי פּת. ודי לחכּימא ברמיזא.

אַגב איז יענער רעזשים ניט געווען קיין זעלטנהייט אין אונדזער סטודענטישער סביבה, אין וועלכער עס האָט זיך אָבער געלעבט גאַנץ פֿריילעך. זאָל נאָך דאָ באַמערקט ווערן, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן אַלע רעזשימען: זיי האַלטן זיך ניט אייביק, זיי קומען און פֿאַרשווינדן. אמת, אַמאָל מאַכט זיך, אַז זיי קערן זיך אום פֿונדאַסניי. ווייסן מיר דאָך אָבער, אַז ס'איז ניט אויף אייביק...

*

צביונס גרויסע פּאָפּולאַריטעט הויבט זיך אָן פֿון זיינע „קליינע פֿעליעטאָנען" און „בריוו פֿון ריגע" אין פּעטערסבורגער „פֿריינד".

ווען ער האָט אָנגעפֿאַנגען סיסטעמאַטיש מיטצואַרבעטן אין „פֿריינד", ווייס איך ניט (אַן עדות מוז זאָגן בלויז דעם אמת, און דעם פֿולן אמת). איך ווייס, אַז אין 1903 האָט ער נאָך אין „פֿריינד" ניט געשריבן, און באַמערקט זיין אונטערשריפֿט אין „פֿריינד" האָב איך ערשט אָנהויב זומער 1905. די סיבה דערפֿון איז, וואָס דאָס גאַנצע יאָר 1904 און אַ היפּשן טייל פֿון 1905 בין איך געווען „אויף קעסט" ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן. דער „פֿריינד" איז אין 1905 געווען שטאַרק פֿאַרשפּרייט, און איך געדענק זייער גוט, ווי דער נאָמען צביון איז ביים ברייטן עולם פּאָפּולער געווען.

עס מוז באַמערקט ווערן, אַז וועגן דעם יידישן לעבן אין ריגע איז ניט געווען פֿיל וואָס צו שרייבן, אָבער דער געבענטשטער קלימאַט פֿון 1905טן יאָר האָט זיך געלאָזט פֿילן אין ריגע, באַזונדערס ביי די לעטישע אַרבעטער

און ביי דער יוגנט אין די לערן־אַנשטאַלטן, און אַט די שטאַרקע „קלימאַטישע" ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין ריגע, האָט דערפֿירט דערצו, אַז אין די שטורעמדיקע חדשים אָקטאָבער און נאָוועמבער 1905 איז די אַלטע שיינע שטאָט ריגע און כּמעט די גאַנצע באַלטישע געגנט געווען אין די הענט פֿון פֿעדעראַטיוון קאָמיטעט פֿון דער לעטישער ס"ד־פּאַרטיי און „בונד", און דער דיקטאַטאָר פֿון ריגע איז געווען דער פֿאָרשטייער פֿון „בונד", מאַקסים, צו יענער צייט אַ לעגענדאַרע פֿיגור.

סוף דעצעמבער 1905 הויבט זיך אָן באַוויזן די אונטערשריפֿט „צביון" אין דער ערשטער לעגאַלער בונדישער טאָג־צייטונג „דער וועקער", שפּעטער „פֿאָלקס־צייטונג", צולעצט „האָפֿענונג". אַ לעגאַלע צייטונג האָט דער „בונד" געהאַט ביז האַרבסט 1907.

אויף די שפּאַלטן פֿון דער ווילנער „פֿאָלקס־צייטונג" קריסטאַליזירט זיך אויס די אייגנאַרטיקייט פֿון צביונס שפּראַך און סטיל. די שפּראַך איז דאָס לומדישע ליטווישע יידיש, פֿליסיק און קלאָר, און מיט אַ הומאָר, וואָס גליטשט זיך לייכט אַראָפּ פֿון דער פֿעדער, ווי אַ פֿריינטלעכער שמייכל. פֿון אָנהויב אָן איז אין זיין שפּראַך קיין שפּור ניט געווען צו געפֿינען פֿון דעם אַזוי גוט באַקאַנטן כעמישן שטאָף H (וואַסערשטאָף בלע"ז) מיט וועלכן עס האָבן שטאַרק געזינדיקט אַפֿילו אונדזערע דעמאָלטדיקע גדולים, און מיט וועלכן עס ווערט עד־היום ווייטער געזינדיקט. אָבער — „נאָמינאַ סונט אָדיאָזאַ", אויף אונדזער לשון: אָנרופֿן נעמען איז אַ רשעות...

צביונס פֿעדער איז שוין אין דער „פֿאָלקס־צייטונג" שטאַרק דיסציפּלינירט. זי טרעט גלייך צו צום פּונקט, און אין דעם אופֿן, ווי זי שטעלט אַוועק די פֿראַגע, וואָס זי וויל באַהאַנדלען, און ווי זי גייט אויפֿקלערן דעם ווידעראַנאַנד אַרום דער פֿראַגע, פֿילט זיך די דורות־אַלטע מעטאָדישקייט און די פּשטות פֿון „שנים אוחזין"...

ביז צו דער ווילנער „פֿאָלקס־צייטונג" איז צביון געווען באַקאַנט הויפּטזעכלעך אין ריגע און אין די אויסלענדישע גרופּעס, וואו ער איז געווען זייער באַליבט. אַגב דאַרף מען זיי ניט אָנרופֿן „סטודענטישע" גרופּעס; אין מאַנכע זיינען געווען אַ גאַנץ גרויסער פּראָצענט אַרבעטער (מאַנהיים, באַדן־באַדן, אָפֿנבאַך, ווינטערטור). — אין ווילנע, אין דער רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס־צייטונג", האָט זיך מיט צביונען באַקאַנט, אַזוי צו זאָגן, דער גאַנצער „בונד". דאָרטן איז ער היימיש געוואָרן אין דער בונדישער „עליטע", נאָענט געוואָרן מיט דער ווילנער בונדישער „דינאַסטיע", ווי מיר האָבן מיט ליבע און פֿאַרערונג אָנגערופֿן אונדזער ווילנער פּיאָנערן־גרופּע. מיט וואָס האָט זיך צביון אונטערשיידט פֿון אַלע אַנדערע פֿון יענעם קרייז, וואָס איז אַזוי רייך געווען מיט שעפֿערישע כּוחות?

אָבער לאָמיר צוערשט אויסזעצן אַרום טיש פֿון דער רעדאַקציע אַלע די, וואָס האָבן געהערט צום צענטער פֿון דער פּאַרטיי, דירעקט אָדער אומדירעקט געהאַט אַ שייכות צו דער „פֿאָלקס־צייטונג", צו דער בונדישער רוסישער וואָכנשריפֿט, צו דער פּראָפֿ'־קאָמיסיע ביים צ"ק; צו דיביידע בונדישע פֿאַרלאַגן („די וועלט" און „טריבונאַ") און אין אַלגעמיין צו דער פּאַרטיי־עליטע פֿון יענער

צייט אויף דער הייסער רוסישער ערד. אַט זיינען זיי, אויף וויפֿל עס האָט זיך ניט ווער אויסבאַהאַלטן פֿון מיין זכּרון:

אַרקאַדי קרעמער, וולאַד. קאָסאָווסקי, נח, אייזנשטאַט, פּ. ראָזנטאַל, מעדעם, ליבער, אַבראַמאָוויטש, גראָסער, ליטוואַק, גאָזשאַנסקי, וויינשטיין, צביון, פּאַטי קרעמער, אסתּר פֿרומקין, אַנע ראָזענטאַל, ליזע אַמסטערדאַם, ראָזע לעוויט, צביה, זשעניע הורוויטש, ראָזע רייכנשטיין, פֿישער, ציפּקינאַ, יוליאַ אַבראַמאָוויטש, אַנע ליפּשיץ, בענסקי, אַ. ווייטער, ב. פֿרומקין, יעקב פּעסקין, דושקאַן, זעלדאָוו, לוריע, גיסער, מאַקסים, עזרא, טאַראַס, בייניש, ראובן מיצקון, מאַזאָווער, מוטניק, באַסקין, קאַסטעליאַנסקי, סערגעי בראַון, קאָפּעלזאָן, קאַיגען, ווינאַקור, אַלגין, זאַסלאַווסקי, שלום לעווין, שליפּער, אַבראַם „דער טאַטע״, פֿרומין, סאַמואיל סאַלוצקי, איסר ראַבקין, טיומין, מאַכלין, זאַלאַטאַריאָוו, הייליקמאַן, טערמאַן, ווירגיליַ קאַהאַן, לייבעטשקע בערמאַן, יצחק פּייסאַכזאָן, מיראַן פּאַזנאַנסקי, לאַזאַר עפּשטיין, אַלטער און עטקע עפּשטיין, שאַמאַי, אריה ברומבערג, אַגוז, באַגעוואַר, שאַדאָווסקי, מאַטאַלסקי, מאַקס שטערן, שצופּאַק, מוציק אַטראַן, טיאַמקין, בלום, פּלודערמאַכער, ראַפּעס, גרינפֿעלד און אהרון אהרון חביב: וולאַדעק.

דער טיש איז אַ רונדער. דער קרייז עפֿנט זיך מיט דעם חשובֿסטן און עלטסטן, דעם (אין 1906) 41־יעריקן קרעמער, און שליסט זיך מיט דעם יינגסטן, דעם 20־יעריקן וולאַדעק, וואָס האָט שוין דעמאָלט פֿיל צוגעזאָגט און זיין צוזאָג געהאַלטן.*

די מערהייט פֿון די, וואָס ביים רונדן טיש, האָט געהערט צו דער אינ־טעליגענץ, און דאָס הייסט, אַז זי איז געווען שפּראַכלעך מער אָדער ווייניקער אַסימילירט (פֿון טאָג־צו־טאָג ווייניקער), רוסיפֿיצירט אָדער פּאָלאָניזירט. מיר בונדיסטן זיינען דערין קיין אויסנאַם ניט געווען. גענוי דאָס זעלבע איז געווען אויך ביי אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, און אַנדערש האָט עס ניט געקאָנט זיין: ניט געווען קיין יידישע שולן און געווען ערשט דער אָנהויב פֿון דער מאָדערנער יידישער פּרעסע. און די מאָס פֿון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע האָט געוויינטלעך אָנטשפּראָכן דעם גראַד פֿון בילדונג.

בנוגע אַלגעמיין פּאָליטישער, ווי ספּעציעל סאָציאַליסטישער בילדונג איז צביון מיט די אָנפֿירנדיקע עלעמענטן פֿון דער „עליטע״ געווען, ווי מען רופֿט עס איצט, גלייכגעשאַלטעט (דאָס וואָרט קומט פֿון דער טעכניק און איז ערשט פּאָפּולער געוואָרן אַלס אַלגעמיינער באַגריף אין היטלערס יאָרן, עס מעג אָבער באַנוצט ווערן). צביון איז אָבער זיכער געווען דער געבילדעטסטער אין ייִדיש ע ענינים (אַלס קאָנקורענט האָט געקאָנט קומען אין באַטראַכט בלויז ליטוואַק), ער האָט געקענט און געשריבן דעם ריינסטן יידיש און געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ גאַנצער, אַ הונדערט־פּראָצענטיקער ייד. אַלע אַנדערע זיינען עס געווען אין זייער

* אין דער רשימה רעכן איך אויס, לויטן זכּרון, די נעמען פֿון די, וואָס זיינען אָנהויב 1906 געשטאַנען אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון „בונד״ אין רוסלאַנד און פּוילן. צו אַזאַ רשימה פֿאַר 1907 וואָלט מען געמוזט צוגעבן די נעמען: הענריק ערליך, ליבמאַן הערש, נחום כאַנין, סאַראַ שוועבער, זעלמאַנאָוויטש, יולטשיק ראַבינאָוויטש, ראַוורעבע, טעפּליצקי, חיים וואַסער, מושקאַט, ישראל ליכטענשטיין. פֿאַרשטייט זיך, אַז די רשימה פּרעטענדירט ניט אויף גאַנצקייט. פּ. ק.

דענקען און פילן, אין זייער נשמה און זייערע האַנדלונגען, אָבער ניט אַלע אין רעדן און אוודאי און אוודאי ניט — אין שרייבן (ווידעראַמאַל — ליטוואַק באַזונדער).

*

צביון איז געוואָרן אַ שרייבער (דרוקן האָט ער זיך אָנגעהויבן עטלעכע יאָר שפּעטער), ווען אונדזערע אותיות מרובעות זיינען אַוועק אויף צוויי באַזונדערע שליאַכן. די דאַטע, ווען די שיידונגס־ליניע צווישן העברעאיש און יידיש האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, קאָן באַצייכנט ווערן מיטן יאָר 1896, מיטן פרילינג פון דער יידישער, דעמאָלט „זשאַרגאָנישער", ליטעראַטור, מיט די ערשטע יום־טוב־בלעטלעך, וואָס זייער ראַדיקאַליזם, זייער פרייער געדאַנק און וואָרט האָט אָפּגעשפּיגלט דעם אויפשטייג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן: אויף דער אַרענע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך באַוויזן דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער. די נייע שטימונגען און שטרעבונגען האָבן זיך פון „אונטער־ערד" אַלץ מער און מער דורכגעריסן אויף דער אויבערפלאַך. דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט האָט באַקומען אַ מאַסן־קאָנסומענט.

ביז דאַן האָט די יידישע פעדער, מיט ווינציקע אויסנאַמען, געשריבן איןביידע שפּראַכן, און ווען די פעדער איז צוגעוואוינט געווען צו אַ לומדישן יידיש מיט פּאָפּולערע גמרא־ווערטלעך, פלעגט זיך באַקומען צווישן די ביידע שפּראַכן אַ קאָמישע ענלעכקייט. וועגן דעם אַלטן גאַטלאָבערן האָבן זיך בייזע צינגער געוויצלט, אַז ווען ער וואַרפט אַן אומחן אויף דעם ביסל וואָקאַלן, וואָס מיר פאַרמאָגן, און „מייסטרעוועט" זיינע זאַצן מיט גאַלע קאָנסאָנאַנטן, באַקומט זיך העברעאיש, אָבער ווי נאָר ער פאַרבענקט זיך צוריק נאָך די באַוואוּלטע וואָקאַלן און הויבט זיי אָן אויסצומישן מיט די קאָנסאָנאַנטן, קומט אַרויס יידיש...

דער פרילינג אויף דער יידישער גאַס האָט די ביידע שפּראַכן צעשיידט, די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן אַפילו שטאַרק אָפּגעפרעמדט איינע פון דער אַנדערער. אַ טייל פון די עלטערע שרייבער איז אַריבער אין גאַנצן אויף יידיש (י. ל. פּרץ), און אַלץ מער האָבן זיך באַוויזן נייע, וואָס האָבן געשריבן בלויז אין יידיש.

די צעשיידונג האָט אָפּגעשפּיגלט די טענדענץ פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. און עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס דער שליאַך פון יידיש (ביז אַרום 1903 „זשאַרגאָן") איז געווען אויף לינקס, צום יידישן אַרבעטער, צום פאָלקס־מענטש האָט מען ניט געקאָנט קומען מיט העברעאיש. מען קאָן אָבער ניט זאָגן, אַז אַ ל ץ, וואָס איז געווען אין העברעאיש, איז געווען דירעקט קעגנזעצלעך צו דעם, וואָס אויף לינקס אין יידיש. ניט מיין אויפגאַבע איז עס אָבער דאָ זיך דערמיט צו פאַרנעמען.

צביון איז געקומען צו יידיש, אָנגעלאָדן מיט העברעאיש. און דאָס איז גראָד געווען אין דעם פאַל אַ גרויסע מעלה. דאָס האָט געמאַכט זיין פעדער רייכער אין ניואַנסן און פאַרבן, זיין נוסח פאָלקסטימלעכער און שטאַרק פאַרגרעסערט זיין אוידיטאָריע, וועלכע איז פון אָנהויב אָן געווען גרויס און באַזונדערס גרויס געוואָרן אין אַמעריקע. אויב איך מאַך קיין טעות ניט, איז דער טיראַזש פון „פאָרווערטס" אין די יאָרן צווישן די ביידע וועלט־מלחמות דערגאַנגען ביז

250,000, און צביונס אַרטיקלען זיינען אין יענע יאָרן סיסטעמאַטיש איבער־געדרוקט געוואָרן אין די יידישע צייטונגען און וואָכנשריפֿטן אין גאַנץ אייראָפּע, אין דרום־אַמעריקע און וואו נאָר ס׳איז אַרויס אַ יידישע צייטונג (אויסער סאָוויעט־רוסלאַנד). דער טיראַזש פֿון אַלע יענע יידישע צייטונגען אין פּוילן, לעטלאַנד, ליטע, פֿראַנקרייך, רומעניע א״אַנד, אויף וויפֿל איך ווייס, האָט געשוואַנקט צווישן 100,000 און 150,000. הייסט דאָס, אַז אַ גרויסע צאָל פֿון זיינע אַרטיקלען אין יענע יאָרן האָבן זיך געדרוקט, אַריינגערעכנט דעם „פֿאָר־ווערטס״ אין 350,000 קאָפּיעס ביז אפֿשר 400,000. דערצו מוז באַמערקט ווערן, אַז אַ קאָפּיע פֿון אַ יידישער צייטונג אין פּוילן, ליטע און לעטלאַנד פֿלעגט דורכ־גיין אפֿשד דורך פֿינף הענט. — איך דערמאָן זיך דערביי אַ זעלטענעם קוריאָז: אין קאָוונע (אָדער אין ווילנע) האָבן איין־און־דעם־זעלבן אַרטיקל „יידישע אינטערעסן״ איבערגעדרוקט דעם זעלבן טאָג צוויי דאָרטיקע צייטונגען (איך פֿלעג אין יענע יאָרן דורכקוקן כּמעט אַלע יידישע צייטונגען).

פֿאַר דער יידישער פּרעסע אין אייראָפּע איז צביון אין יענע יאָרן באמת געווען דער צווייטער „הנדיב הידוע״ (דער ערשטער האָט געטראָגן דעם טיטול, ווי באַוואוסט, דער אַלטער ראָטשילד).

*

פֿון די פֿופֿציק יאָר, וועגן וועלכע דאָס יובל־בוך דאַרף געבן אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג, האָט דער בעל־יובל בלויז די לעצטע פֿערציק יאָר פֿאַרבראַכט ביי אַ שרייב־טיש מיט אַ טעלעפֿאָן אד״גל גוטע באַדינגונגען. אין זיינע ערשטע צען שרייבערישע יאָרן איז ער זייער ווייט געווען פֿון אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן. פֿאַרקערט, ער איז גאַנץ אָפֿט זייער נאָענט געווען צו אַלע יענע באַוואוסטע „אומבאַקוועמלעכקייטן״, וואָס די צאַרישע אָכראַנע פֿלעגט צוגרייטן פֿאַר אונדזער איינעם, ווען זי פֿלעגט זיך דערוויסן וועגן אונדזערע חטאים. צו יענע שווערע חטאים האָט געהערט אויך די מיטאַרבעט אין דער „לעגאַלער״ ווילנער „פֿאָלקס־צייטונג״. צביון האָט געהאַט מזל אַלע יאָרן.

מען מוז אָבער געדענקען, אַז די מאָדאָם מזל איז געווען אַ קאַפּריזנע באַ־שעפֿעניש, וואָס פֿלעגט בעמען אונטער אירע פֿליגלען נאָר אַזאַ איינעם, וואָס האָט אַליין געוואוסט, ווי זיך צו היטן. ווי עס הייסט אויף רוסיש: האָב בטחון אין אויבערשטן, אָבער אַליין זיי אויך קיין יאָלד ניט (בלשון וואָרשע)...

פֿון יענע יאָרן, דאָס איז היינט אַ געשיכטע פֿון פֿולע 47 יאָר, איז ביי מיר אין זכרון געבליבן אַן עפּיזאָד, וואָס אויב ניט מזל, וואָלט די מעשה זיך געקאָנט ענדיקן פֿאַרן בעל־יובל מיט אַן ערך צוויי יאָר טורמע און פֿינף יאָר סיביר (איך אורטייל לויט אייניקע ענלעכע פֿאַלן) און פֿאַר מיר מיט גרויס עגמת נפֿש.

איך האָב דעמאָלט שטודירט אין בערלין און האָב געהאַט איבערגענומען פֿון מיין אַלטן פֿריינט דזשאַן מילל די שווערע פֿונקציע צוזושטעלן סיסטעמאַטיש דעם צ״ק און די גרעסערע קאָמיטעטן פֿון „בונד״ די בונדישע און רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויסגאַבן, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין אויסלאַנד. דער שנעלסטער און איינפֿאַכסטער וועג איז געווען — אַריבערצופֿירן די ליטעראַטור איבערן גרענעץ אין וואַליזעס מיט אַ טאָפּלטן דעק. איז ביי אונדז

איינגעפֿירט געוואָרן, אַז יעדן פּאַרטיי־חבר, וואָס פֿאַרט אַהיים און האָט ניט קיין גרונט צו דערוואַרטן, אַז מען זאָל אים ביים גרענעץ פֿאַרהאַלטן, לייגט מען פֿאַר מיטצונעמען איינע אָדער צוויי וואַליזעס און זיי צושטעלן לויט אונדזער אָנ־ווייזונג. זאָגט ער זיך אָפּ, איז פֿאַרפֿאַלן. קיין מוז איז ניט געווען. פֿאַקטיש אָבער האָט עס יעדער באַטראַכט פֿאַר אַ מוז.

פֿאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב זיך דערמיט פֿאַרנומען (פֿון האַרבסט 1900 ביז זומער 1902) האָט זיך כּמעט קיינער ניט אָפּגעזאָגט, און דורכגעפֿאָרן זיינען לויט אַ רשימה, וואָס איך האָב מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק צונויפֿגע־שטעלט אין וואַרשעווער „אונדזער צייט", אין 1928—1927, ווי ווייט איך געדענק איצט, 56 חברים און חברטעס, מאַנכע פֿון זיי צוויי מאָל.

איינער פֿון מיינע ערשטע „וואַיאַזשאָרן" אין 1901 איז געווען אונדזער בעל־יובֿל, דעמאָלט שטודירט אין קאַרלסרוהע און געפֿאָרן אויף וואַקאַציע קיין ריגע. איך האָב אים געגעבן צוויי וואַליזעס מיט די בויטיקע אינסטרוקציעס, און ער איז אָפּגעפֿאָרן. מיין געוויסן איז געווען ריין, ד"ה אין אָרדענונג. דורך אַלע גרענעץ־פּונקטן, דורך וועלכע מען האָט געדאַרפֿט דורכפֿאָרן (ווערזשבאַלאָווע, אַלעקסאַנדראָווע, וואָלאָטשיסק א"אַנד) בין איך אַליין שוין געווען געפֿאָרן, ד"גל מיט אַ שיף דורכן באַלטישן ים (מען פֿלעגט פֿאָרן פֿון שטעטין, ליובעק אָדער ברעמען ביז ליבאַווע, ריגע, רעוועל, פּעטערסבורג). אָבער דאָס געוויסן איז אַן אַבסטראַקטע זאַך, אַ גאַנץ קאָנקרעטע זאַך איז דאָס מענטשלעכע האַרץ, און דאָס האַרץ איז ביי מיר יעדעס מאָל זייער אומרואיק געווען. מסתּמא אין דעם פֿאַל מער ווי אין אַנדערע פֿאַלן. נו, עס איז אַלץ דורך בשלום, ד"ה זיבן יאָר פֿרייהייט ווי געוואונען אויף אַ לאָטעריע־צעטל.

געהערט האָב איך, אַז אַן ענלעכע נסיעה האָט אונדזער בעל־יובֿל אין 1904 דורכגעמאַכט צום צווייטן מאָל, אויך בשלום, אָבער מיט גרויסע קאָמפּלי־קאַציעס. צו דער צווייטער נסיעה האָב איך קיין שייכות ניט געהאַט. ווי שוין פֿריער באַמערקט, האָב איך דאָס גאַנצע יאָר 1904 געהאַט אומזיסטע קעסט ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן.

*

טאַלאַנט, גרויסע קענטענישן, מאָראַלישע פֿעסטקייט — דאָס האָט דער לייענער אויףביידע זייטן ים גאַנץ גוט אָרויסגעפֿילט פֿון צביונס פֿעדער. אָבער נאָר זיינע נאָענטסטע פֿריינט האָבן געקאַנט וויסן, וואָר פֿאַר אַ שיינעם חלק אין זיין שעפֿערישער אַרבעט ס'האָט זיין פֿאַרשטאָרבענע פֿרוי. זיין אויסער־געוויינטלעכע אַרבעטס־פֿעאיקייט, דער מילדער קלימאַט, וואָס הערשט איבער זיינע שורות — דאָס האָט ער געהאַט צו פֿאַרדאַנקען איר אידעאַישער נאָענטקייט. זי איז געווען אַ געטרייער קאַמעראַד אין גוטע ווי אין שלעכטע צייטן. זאָל איצט צען יאָר נאָך איר טויט, מיין לעצטע שורה געווידמעט זיין איר ליכטיקן אָנדענק.

ניו־יאָרק, סוף מאַי 1948.

פֿראַנץ קורסקי



צביון מיט זײַן פֿאָטער יצחק און מוטער לאה אין יאָר 1922, באַלטימאָר

ח. ש. קאַזדאַן

# דאָס לעבן און שאַפן פון ב. צביון

בן־ציון האָפמאַן (צביון) איז געבוירן געוואָרן אין חודש אייר 1874 אויף אַ פאַרם ביי בויסק, וואו זיין פאָטער יצחק האָט געהאַלטן ערד אין אַרענדע. (אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע, און דאָ איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1924 אין באַלטימאָר, 85 יאָר אַלט). פון פאַך אַ בעל־מלאכה, אָבער אַ יודע־ספר, ליב געהאַט צו טאָן אַ טובה, זיך באַשעפטיקט מיט קהלשע ענינים, אַ פּעאיקער און קלוגער, אַ ייד אַ וויצלינג — דאָס איז געווען דער פאָטער. אויך די מוטער, לאה, איז געווען אַ וואוילקענעוודיקע פרוי אין יידישע ספרים.

זיינע פריע קינדער־יאָרן האָט צביון פאַרבראַכט אין דעם דאָרף קומיאַן (אָדער קעמען) אויפן גרענעץ פון קורלאַנד. דאָס איז געווען אַ גרויסער דאָרף. דער פּריץ פון הויף איז געווען אַ דייטשער באַראָן און די אַרבעטער פון הויף אָדער קנעכט, ווי מען פלעגט זיי רופן, זיינען געווען לאַטישן. אין דאָרף האָט מען בן־ציונען ניט געקענט לערנען. פון פאָטער האָט ער זיך אויסגעלערנט עברי, און באַלד האָט מען אים געבראַכט אינעם קליינעם שטעטל וואַשקי, וואָס איז געווען נאָענט צום דאָרף; דאָ איז געווען זיין ערשטער חדר און מלמד, וואו ער האָט באַקומען די התחלות פון דעם, וואָס אַ יידיש קינד האָט געדאַרפט לערנען.

אָט אין דער אַטמאָספער פון געזונטער דאָרפישער נאַטור־סביבה און פון אַלט־פרומער יידישקייט אין שטוב און חדר האָט צביון זיינע ערשטע טריט געמאַכט. נאָך דעם אָנפאַנג־חדר קומט די ישיבה. ער האָט אַ קורצע צייט געלערנט אין קלענערע ישיבות, און צו 14 יאָר שוין געלערנט אַליין פאַר זיך, אָן אַ רבין אין בויסקער בית־מדרש. דער בויסקער גאון ר׳ מרדכילע (עליאַשבערג) האָט דעמאָלט געזוכט פאַר זיך אַ מין געהילף, אַ „סעקרעטאַר" — דאָס האָט געדאַרפט זיין איינער, וואָס קען גוט לערנען און אויסלייגן העברעאיש, כדי צו שרייבן די שאלות־תשובות און וועלטלעכע בריוו לויטן דיקטאָט פון גאון. ר׳ מרדכילע איז געווען איינער פון די דריי רבנים, וואָס זיינען דעמאָלט באַקאַנט געווען מיט זייער נאָענטקייט צו די חובבי ציון; די אַנדערע צוויי רבנים זיינען געווען: ר׳ שמואל מאָהילעווער און דער נ"ציב, דער וואָלאָזשינער ראש־ישיבה נפתלי צבי בערלין. ר׳ מרדכילע האָט דעריבער געפירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ, און זיין געהילף האָט אויך געדאַרפט קענען „שרייבן אַדרעסן". אָט אויף דעם פּאָסטן איז עס איצט איינגעלאַדן געוואָרן דער יונגער בן־ציון. אַ יאָר צייט האָט ער פאַרבראַכט ביי מרדכילען אין הויז, און ער האָט דאָרט זייער אַ סך דערגרייכט.

פון דאַנען איז בן־ציון אַריבער אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, און פון דאָרט קומט ער שפּעטער קיין ווילנע. דאָ האָט ער פאַרבראַכט עטלעכע יאָר

„אין זוכן, חלומען און בלאָנדזשען“, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס. דער יונגער בחור האָט געלערנט געשמאַק. צו 14 יאָר איז ער שוין געווען „אַ שטיקל למדן“, ווי ער דריקט זיך אויס. צו 18 יאָר קריגט בן־ציון סמיכות אויף הוראה ביי הגאון ר׳ שלמה אב בית דין פֿון ווילנע.

דער יונגער בחור פֿאַרמאָגט אָבער אַ זייער שטאַרקן דראַנג צו וויסן. מיט גרויס בייגער זוכט דער יונגער בחור אַריינצודרינגען אין דער וועלט אויסער דער יידישער פֿרומקייט און תורה־לערנען. ווי שטענדיק אין לעבן, רוקן זיך שוין אונטער די צופֿעליקייטן, וועלכע העלפֿן אַרויס דעם זוכנדיקן. זייענדיק ביי ר׳ מרדכילע בויסקער אין הויז, געפֿינט דער יונגער בן־ציון אַ גרויסן אוצר אין רבינס ספֿרים־אַלמער: דאָס זיינען בערנשטיינס דייטשישע פֿאָלקס־ביכער פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט. אַ טייל אויף דייטש און אַ טייל אויף העברעאיש. ער האָט די ביכער איבערגעלייענט און אויסגעלערנט פֿון טאָוול ביז טאָוול. און באַלד האָט ער אין זעלבן אַלמער געפֿונען נאָך ביכער אין העברעאיש פֿון זעלבן נאַטורוויסנשאַפֿטלעכן געביט: אַ בוך איבער אַסטראָנאָמיע, „השמש“ פֿון יוסף זאָסניץ, און צוויי ביכער איבער כעמיע און פֿיזיק פֿון הירש ראַבינאָוויטש — „המנוחה והתנועה“ און „הרכבה והפרדה“. די דאָזיקע ווערק האָבן געשטילט דעם דורשט נאָך וויסן פֿון יונגן בן־ציון, באַפֿרידיקנדיק זיין נאַטוראַליסטישן און פֿאָרשערישן אינטערעס און זיינע פֿעאיקייטן, וועלכן זיינען געלעגן טיף באַהאַלטן אינעם יונגן בחור. די ווערק האָבן פֿאַר אים געעפֿנט נייע וועלטן און האָריזאָנטן. די נאַטורוויסנשאַפֿט און מאַטעמאַטיק וועלן שוין אויף שטענדיק פֿאַרנעמען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע און טעטיקייט פֿון קינפֿטיקן ד״ר האָפֿמאַן.

אין די יאָרן, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין ווילנע, גייט אינעם יונגן בחור אָן אַ שווערער קאַמף: וואוהין זאָל פֿירן זיין וועג? רבנות, תורה־לומדות? אפֿשר זיך גרייטן צו ווערן אַ ראַבינער ביי יידן? און אפֿשר אַ דאָקטאָר? אַ לערער?

אין אַנטאָקאָליע (פֿאָרשטאָט פֿון ווילנע), וואו ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן, שטויסט זיך דער יוגנטלעכער 18—19יעריקער בן־ציון אָן אויף אַ נייער וועלט, אויף אַ נייעם טיפּ מענטשן. ער באַקענט זיך דאָרט מיט אַ בחור הירשע דער בערשטער, עלטער פֿון אים אין יאָרן און שוין אַ „באַוואוסטזיניקער“, וואָס האָט באַלאַנגט צו אַ פּראָפּאַגאַנדע־קרייזל פֿון דער אַנטשטאַנענער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מען צערעדט זיך וועגן דער וועלט און דער מענטשהייט. הירשע מאַכט אים באַקאַנט מיט אַ פּראָפּאַגאַנדיסטקע, פּאָליאַ גאָרדאָן (מאַרטאָווס כלה), און ער טרעט אַריין אין אַ קרייזל. און אַזוי ווי די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך (אין רוסיש) האָבן זיך דעמאָלט געפֿירט אַזוי, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע שמועסן, — האָט מען טאַקע באַלד גענומען אויסנוצן דעם בחור בן־ציון ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, ער זאָל אַליין קנעלן מיט די אַרבעטער די ענינים פֿון נאַטור. אַזוי אַרום איז בן־ציון אַריין אין דער וועלט פֿון קאָנספּיראַציע, און געווען אַן אַקטיווער עדות ביי די סאַמע ערשטע טריט פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע.

צווישן די ישיבה־בחורים איז דעמאָלט געווען פֿאַרשפּרייט אַ שטימונג צו לערנען שלאָסערײַ, גיין אין וואַרשטאַט, ווערן אויס באַנק־קוועטשער, ווערן אַ נוצלעכער מענטש. אויך בן־ציון באַשליסט צו ווערן אַ שלאָסער. ער באַקענט זיך מיט דעם שפּעטער טרויעריק־באַרימט־געוואָרענעם ישׂראל מיכל קאַפּלינסקי, וועמען ער בעט צו קריגן פֿאַר אים אַן אַרבעטס־פּלאַץ. אָבער ישׂראל מיכל רעדט אים אָפּ פֿון צו ווערן אַ שלאָסער. ער רעדט אים גאָר צו לערנען און האַלטן עקזאַמען. „עס איז געווען זיין מיינונג, אַז מיט מיינע פֿעאיקייטן קען איך בעסער ווערן אַן אינזשעניער... און טאַקע אַט דער געדאַנק פֿון ווערן אַן אינזשעניער האָט מיך שפּעטער געבראַכט קיין ריגע, וואָס האָט געהאַט אַ באַרימטן פּאָליטעכניקום", דערציילט צביון.

דערווייל קומט בן־ציון אָן אין דער ווילנער צייכנשול. ער הויבט זיך אָן גרייטן צו עקזאַמענס, גיט פּריוואַטע לעקציעס, שפּעטער קומט ער אַפֿילו אָן פֿאַר אַ לערער אין די ליטווישע שטעטלעך סאַלאַט און פּאַשוויטין.

אין 1896 באַזעצט זיך דער יונגער האָפֿמאַן אין ריגע. ער איז שוין אַלט 22 יאָר. ער וויל אָנקומען אין פּאָליטעכניקום. ער געפֿינט זיך אין קרייז פֿון יונגע סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אין פּאָליטעכניקום, אָדער פֿון אַזעלכע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געגרייט אָנצוקומען אַהין. אַלע זיינען סאָציאַליסטיש און רעוואָלוציאָנער געשטימט. אָבער אין דער אמתן האָבן זיי פֿון סאָציאַליזם קנאַפּ געוואוסט, און נאָך וויניקער האָבן זיי געוואוסט וועגן דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע: די לעטישע סאָצ׳־דעמ׳־פּאַרטיי האָט זיך אַקאָרשט געגרינדעט.

דער סטודענטישער קרייז באַשעפֿטיקט זיך מיט זעלבסט־בילדונג. די סטודענטן באַזוכן ציוניסטישע פֿאַרזאַמלונגען, זיי באַטייליקן זיך אין די דיסקוסיעס. אָבער זיי פֿילן: סאָציאַליזם בינדט זיך ניט מיטן נאַציאָנאַליזם פֿון די ציוניסטן. סוף־כּל־סוף האָבן די יונגע בחורים, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף זייערע אייגענע כּוחות, זיך דערטראַכט און זיך דעררעדט צו אַן אייגנאַרטיקער טעאָריע, אין וועלכער ציוניזם און סאָציאַליזם האָבן זיך קאָמבינירט צוזאַמען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן די יאָרן 97—1898. אָבער דעם דאָזיקן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן קרייז, וועלכער איז אפֿשר געווען דער ערשטער אויף דער וועלט פֿון דעם מין, איז ניט באַשערט געווען קיין אריכת ימים. זיין צוזאַמענברוך איז געקומען אַדאַנק... אַן עקזעמפּלאַר פֿון דער „אַרבייטער־שטימע", וואָס איז צופֿעליק אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿונעם קרייז. טאַקע בן־ציון האָט דעם נומער באַקומען פֿון אַ באַקאַנטן „באַוואוסטזיניקן", אַ וויטעבסקער אַרבעטער. עס איז געווען דער נומער „אַרבייטער־שטימע", אין וועלכן עס איז געמאָלדן געוואָרן וועגן דער גרינדונג פֿון „בונד", און וואו עס איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן די אויפֿגאַבן פֿון „בונד". די חברה סטודענטן פֿונעם קרייז זיינען געווען אַ ביסל טעמפּיק אויף דער יידישער עברי, דערצו נאָך איז די שפּראַך פֿון דער „אַרב׳־שטימע" געווען אַ שווערע. מען האָט זיך אָבער אַלע צוזאַמען גענומען קנעלן די אַרטיקלען, מען האָט שטאַרק געהאָרעוועט, דיסקוטירט — און אין פּועל יוצא זיינען אַלע געוואָרן בונדיסטן. צביון איז געוואָרן אַ בונדיסט. דאָס

איז געווען סוף 1898 אָדער אָנהויב 1899. אין זיין לעבן איז אַריינגעגאַנגען דער „בונד" — „און איך האָב זיך אין אים פֿאַרליבט און האַלט אָן די ליבע ביזן היינטיקן טאָג", שרייבט צביון.

עס הויבט זיך אָן אַ נייע תּקופֿה אין זיין לעבן. עס קומט די ראָמאַנטיק פֿון קאָנספּיראַציע, פֿון דער געהיימנישקייט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. נייע קרייזן, נייע מענטשן, נייע העלדן. שפּעטער — גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אַרעסטן. פֿרילינג 1900 קומט קיין ריגע אַ שליח פֿון „בונד" (הלל כּץ־בלום) און ברענגט אַ פּעקל ליטעראַטור. צווישן אַנדערע איז דאָ געווען דער 6טער נומער „אידישער אַרבייטער", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין דער שווייץ, — און אין דעם נומער איז געווען אַ גרויסער אַרטיקל פֿון בן־אהודן (חיים זשיט־לאָווסקי) איבער דער יידיש־נאַציאָנאַלער פֿראַגע. אַדאַנק אַט דעם אַרטיקל פֿאַראינטערעסירט זיך צביון זייער שטאַרק מיטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. ער נעמט זיך שטודירן די גאַנצע ליטעראַטור פֿון דעם מין (און אין ריגע איז גראָד געווען אַ מעגלעכקייט צו קריגן אַ סך גוטע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין דער דייטשישער שפּראַך — די רוסישע צענזור האָט אויף דעם ניט שטאַרק מקפּיד געווען). ער וויל זיך קלאָר מאַכן דעם תּמצית פֿון נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

בן־ציון קומט אַריין אין דער פּראַקטישער אונטערערדישער אַרבעט. זומער 1901 האָט ער אין ריגע געהאַט אַ רעפֿעראַט אין וואַלד — „ציוניזם און סאָציאַ־ליזם". אַנוועזנד זיינען געווען בעיקר אינטעליגענטן, אָבער געווען אויך פֿאַר־שטייער פֿון די אַרבעטער. דאָס איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפֿעראַט אויף יידיש — אין דער פֿאַרדייטשטער און האַלב רוסיפֿיצירטער שטאָט ריגע. אין 1903 איז בן־ציון אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער בונדישער פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונג (סכאָדקע) פֿאַר אַ מיטגליד פֿון ריגער קאָמיטעט פֿון „בונד". און ווי יעדער באַטייליקטער אין דער דעמאָלטדיקער רעוואָלוציאָנערער בונ־דישער באַוועגונג, האָט אויך צביון דורכגעמאַכט זייער אַ סך אין יענע יאָרן פֿון ערבֿ־רעוואָלוציע. „איך האָב אין זיך קיין מאָל ניט געהאַט — דערציילט מיט גרויס באַשיידנקייט צביון אין איינעם פֿון זיינע זכרונות־אַרטיקלען — די העל־דישקייט צו זיין גרייט צו קריכן אין פֿייער, ווי מען דריקט זיך עס אויס. איך האָב גיכער שטענדיק געזוכט אויסצומיידן צו טאָן עפּעס, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט געפֿאַר... אָבער דאָך בין איך מערערע מאָל געקראָכן אין פֿייער. איך בין גע־גאַנגען אויף דעמאָנסטראַציעס אין רוסלאַנד, אויף וועלכע דראַגונער האָבן געשאָסן; איך האָב געשמוגלט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור איבערן גרענעץ, וואָס ווען מען כאַפּט מיך, וואָלט מען מיך פֿאַרשיקט אויף 5 יאָר אין סיביר; איך האָב געשריבן און געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס און געהאַלפֿן זיי פֿאַרשפּרייטן. איך האָב געטאָן אַ סך אַנדערע זאַכן, פֿאַר וועלכע מען האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד געזעצט אין טורמע און פֿאַרשיקט אין סיביר..."

*

שוין אין 1895 האָט צביון פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון געדרוקטן וואָרט, און ווי זאָגט ער, „ווען איר גיט נאָר איין מאָל אַ שמעק דעם ריח פֿון דרוק־טינט, ציט עס שוין ווי די קליפּה". און די „קליפּה" פֿון שרייבן האָט טאַקע פֿאַרכאַפּט

צביונען, און אַזוי שרייבט ער שוין, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, העכער 50 יאָר...

ווי אַזוי איז געשען זיין ערשטע „זינד" מיטן געדרוקטן וואָרט? ער איז געווען אַ לערער אין אַ שטעטל, האָט ער אָנגעשריבן אַ קאָרעספּאָנדענציע אין „המליץ" טאַקע וועגן דעם שטעטל — און האָט שטאַרק פּוגע בכבוד געווען אָט די רעזידענץ. עס האָט געהאַלטן גאַנץ נאָענט, אַז דער שרייבער פון דער קאָרעספּאָנדענציע זאָל קריגן גוט אָנגעבראָכן די ביינער. אָבער — פאַרפאַלן, דאָס ווערק איז געווען אָפּגעדרוקט און דעם שרייבער האָט אָנגעהויבן ציען צו זשורנאַליסטיק. זיין התחלה איז, הייסט עס, געווען אין העברעאיש.

אין די גאָר יונגע יאָרן זיינע האָט צביון אונטערן איינפלוס פון אַברהם מאַפּוס ראָמאַנען „אהבת ציון" און „עיט צבוע", אַפילו אָנגעשריבן אַ ראָמאַן אויף יידיש. אויך אויפן געביט פון פּאָעזיע האָט ער דעמאָלט אַ ביסל אונטער־געזינדיקט. ער האָט געשריבן לידער, און איינע פון זיינע לידער איז טאַקע געווען געדרוקט אויך.

אין יאָר 1898 האָט בן־ציון, ווי מיר ווייסן, זיך געקליבן אָנצוקומען אין ריגער פּאָליטעכניקום און עס איז שוין ביי אים געווען אָפּגעמאַכט, אַז אַנשטאָט צו זיין אַ רב ביי יידן, וועט ער בעסער אויסשטודירן אויף אינזשעניער. אין ריגע האָט ער באַקומען אַ נאָמען פון אַן אויסגעצייכנטן לשון־קודש־קענער און אַ בקי אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור.

און אָט האָבן די ליבהאָבער פון דער העברעאישער שפּראַך אין ריגע, די ציוניסטיש־געשטימטע יידישע אינטעליגענטן, זיך געקליבן פייערן אחד־העמס צען־יעריקן ליטעראַרישן יובילעאום. און אַזוי ווי צביון, אַן אייגענער אין יענע קרייזן, איז געווען גוט באַקאַנט מיט די ווערק און מיט דער שיטה פון דעם באַגרינדער און טעאָרעטיקער פון קולטורעלן ציוניזם, האָט מען אים, צביונען, אויסגעקליבן, אַז ער זאָל האַלטן אַ פאָרטראַג וועגן דעם.

געהאַלטן דעם פאָרטראַג האָט צביון אויף העברעאיש, און ער האָט ביי אַלעמען גאָר שטאַרק אויסגענומען.*

אויך אַ פאָרשטעלונג אַ העברעאישע האָט מען אין ריגע דעמאָלט דורכ־געפירט מיט גרויס פּאַראַד אין די קרייזן פון דער ציוניסטיש־געשטימטער יידישער אינטעליגענץ. אין דעם שיינעם לעטישן טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון ריגע, האָט מען געשפּילט אַ פּיעסע, וואָס איז ספּעציעל לכבוד דעם אָנגעשריבן געוואָרן. „עסק מסוכסך" („אַ פאַרפּלאָנטערט געשעפט") האָט דאָס שטיק געהייסן. און דער מחבר פון דעם איז געווען דער באַוואוסטער העברעאישער שרייבער ישראל־חיים טאַוויאָוו.

אין יאָרן איז י. ח. טאַוויאָוו געווען אַ סך עלטער פון צביונען. אָבער ווען מען האָט אין שטאָט גערעדט וועגן די גרעסטע קענער פון העברעאיש, האָט מען די צוויי נעמען גלייך אָוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי. און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט געווען, וואָס מען האָט צו דער אויפפירונג פון דער העברעאישער פאָרשטעלונג גלייך צוגעצויגן צביונען.

---

* דערציילט פון מ. אַשראַוויטש אין „פאָרווערטס", 28סטן דעצעמבער 1941.

איז צביונען דעמאָלט איינגעפאַלן, אַז וועגן אַזאַ פּאַסירונג אין ריגע וואָלט מען געדאַרפט שרייבן אין די בלעטער. און ער האָט די אויפגאַבע גענומען טאַקע אויף זיך אַליין און ער האָט אויף העברעאיש אָנגעשריבן אַ גרעסערן אַר־טיקל און דאָס אָפּגעשיקט אין דער רעדאַקציע פון „המליץ״. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון צביונס ליטעראַרישער קאַריערע, אויב ניט צו רעכענען די אָקאָרשט דערמאָנטע קאָרעספּאָנדענץ אין זעלבן „המליץ״. געווען איז עס אין 1898.

סוף 1900 פאָרט צביון אַוועק קיין אויסלאַנד. ער שטודירט אין בערלין און שפּעטער אין בערן — פילאָסאָפיע, סעמיטישע שפּראַכן, נאַטורוויסנשאַפטן. אין בערן האָט ער מיט התמדה געאַרבעט אין ביבליאָטעק, אין די לאַבאָראַטאָריעס, געגאַנגען צו די לעקציעס פון איין פּראָפעסאָר צום אַנדערן. צו ביסלעך האָט ער זיך דערנעהנטערט מיט דער סטודענטישער קאָלאָניע, געקומען צו פּאָליטישע רעפעראַטן און דיסקוסיעס. דאָ האָט ער געהערט רעדן אויף פאַרזאַמלונגען די גרויסע פירער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מיט אייניקע פון זיי האָט ער זיך אַפילו פערזענלעך באַקענט. דאָ האָט ער אויך געהאַט אַ מעג־לעכקייט צו שטודירן די מערב־אייראָפּעאישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייער טעטיקייט.

ניט אומזיסט האָט אים פון בערלין געצויגן אַהער קיין בערן: ער האָט געוואוסט, אַז אין בערן געפינט זיך דער „בונד״. און ער האָט אים טאַקע דאָ „געפונען״. ער האָט זיך דערנעהנטערט צו די בונדישע טוער, ער האָט אויפמערק־זאַם שטודירט די גאַנצע בונדישע ליטעראַטור. ער באַטייליקט זיך אין אָנהויב 1902 אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די אויסלענדישע בונדיסטישע סטודענ־טישע אָרגאַניזאַציעס, ער ווערט אַ היימישער מענטש אין „בונד״. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַטייליקט ער זיך אין די סטודענטישע צוזאַמענפאָרן פון „בונד״.

זיין אייגנטלעכע ליטעראַרישע טעטיקייט אויף יידיש הויבט זיך אָן אין 1901. דער יונגער בן־ציון האָפמאַן האָט גענומען אַ וואָרט צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, און ער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערן אַרטיקל אונטערן נאָמען „נאַציאָ־נאַליזם און נאַציאָנאַלרעכט״, און דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד״ — „דער אידישער אַרבייטער״. ער האָט זיך אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „איש־תקוה״, וואָס דאָס איז אַ העברעאישע איבערזעצונג פון צביונס פאַמיליע־נאָמען „האָפמאַן״. אינעם איצטיקן בוך איז דער דאָזיקער אַרטיקל איבערגעדרוקט אָן קיצורים און ענדערונגען, אַחוץ דער אָרטאָגראַפיע און אַ צאָל דייטשע ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען אָנגענומען אין דער בונדישער פּובליציסטיק.

אין דעם זעלבן יאָר מאַכט דער יונגער איש־תקוה אַ צווייטן וויכטיקן שריט, וועלכער האָט אים שוין אין גאַנצן צוגעבונדן צו דער יידישער זשורנאַליסטיק: וויבאַלד ער האָט שוין זוכה געווען צו זיין געדרוקט אין בונדישן טעאָרעטישן זשורנאַל, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געווענדט צום „פאָרווערטס״ אין ניו־יאָרק און געבעטן, מען זאָל אים שיקן אַ קאָרעספּאָנדענטן־קאַרטע און

ער וועט פֿאַרטרעטן די גרויסע טעגלעכע יידישע צייטונג אויף דעם פֿינפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפֿט זיך צונויפֿקומען אין באַזעל. די רעדאַקציע האָט באַפֿרידיקט די ווענדונג פֿון יונגן שרייבער, און צביון האָט טאַקע אָפּגעדרוקט אַ צאָל קאָרעספּאָנדענציעס אין „פֿאָרווערטס". גלייכצייטיק הויבט ער זיך אָן דרוקן אין דעם ניו־יאָרקער חודש־זשורנאַל „צוקונפֿט". זיינע ערשטע צוויי אַרטיקלען זיינען דאָ געווען: „באַוועגונגען און אומרוען אין רוס־לאַנד" — „איש־תּקוה"; „נאַציאָנאַליזם און ציוניזם" — ב. האָפֿמאַן (אַפּריל און סעפּטעמבער 1902).*

פֿאַרשטייט זיך, אַז צביון שרייבט אויך פֿון צייט צו צייט אין דער אומלעגאַלער פּרעסע פֿון דער בונדישער פּאַרטיי. זיין נאָמען ווערט באַקאַנט, מען שאַצט זיין וויסן און ערנסטקייט, זיין יידישע שפּראַך און סטיל.

סוף זומער 1904, איז דער יונגער האָפֿמאַן אַרעסטירט געוואָרן אויף דער רוסיש־דייטשער גרענעץ, און מען האָט ביי אים געפֿונען אַ היפּשן פּאַק אומלעגאַלע ליטעראַטור. אָבער אַדאַנק דער אַמנעסטיע צוליבן געבוירן פֿון קייסערס זון אַלעקסיי, איז צביון אין אַ צייט אַרום באַפֿרייט געוואָרן פֿון טורמע און ער איז געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליציי־אויפֿזיכט. ער באַזעצט זיך אין ריגע; אין 1905 באַקומט ער דאָ אַן אינזשעניער־שטעלע אין אַן עלעקטראָטעכנישער פֿאַבריק. פֿון ריגע הויבט ער אויך אָן שרייבן קאָרעספּאָנדענצן אין דעם פּעטערבורגער „פֿריינד", און דאָ באַווייזט זיך צום ערשטן מאָל זיין פּען־נאָמען „צ ב י ו ן" (די אותיות פֿון בן־ציון), דער דאָזיקער נאָמען, וועלכער איז במשך פֿון לאַנגע יאָרן אַזוי באַקאַנט געוואָרן צענדליקער טויזנטער לייענער אין אַלע עקן וועלט. אין „פֿריינד" איז צביון אויך געווען דער פּיאָנער פֿון קליינעם פֿעליעטאָן, פֿון וועלכן ער איז שפּעטער געוואָרן דער אָנערקענטער מייסטער. אויך אין 1905 האָט צביון מיטגעאַרבעט אין „פֿריינד", און ער האָט דאָ אַפֿילו פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַפּיקורסישן אַרטיקל קעגן פּאַרטייאישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, וואָס דאָס איז געווען די אָפֿיציעלע שטעלונג אין „בונד". אין 1905 שרייבט ער אויך פֿון ריגע אין העברעאישן „הזמן" (ווילנע), ער שרייבט דאָ אונטערן נאָמען ב. צ. האָפֿמאַן און אויך אונטערן פּסעוודאָנים „מפנה", ער דרוקט דאָ פּובליציסטישע אַרטיקלען און פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע פֿעליעטאָנען, ער גיט דאָ אויך אַ סעריע אַרטיקלען „על המפלגות בעמינו", אין וועלכע ער באַהאַנדלט אַלע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען ביי יידן. דער אויבן־דערמאָנטער י. ח. טאַוויאָוו איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע „הזמן". קענענדיק גוט צביונען און זייענדיק אַ פֿאַרערער פֿון אָפֿיציעל־געבילדעטע און דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן, — האָט ער עס טאַקע צוגעצויגן צביונען צו מיטאַרבעט. אויף זיין ראַט און רעקאָמענדאַציע האָט צביון צוגעשיקט דעם ערשטן אַרטיקל פֿאַרן „הזמן" — אונטערן נאָמען „שיחה מדעית", און ער האָט שטאַרק אויסגענומען.

---

* ביי דער געלעגנהייט מיין האַרציקן דאַנק דעם פּ' ישורין פֿאַר דער ספּעציעל פֿאַר מיר צוזאַמענגעשטעלטער ביבליאָגראַפֿיע פֿון אַלע 63 אַרטיקלען, וואָס צביון האָט זינט 1902 אָפּגעדרוקט אין „צוקונפֿט".

די רעוואָלוציע־טעג אין אָקטאָבער 1905 האָט צביון דורכגעמאַכט אין ריגע. אָט דאָ האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן דער באַקאַנטער גרינדער און פֿירער פֿון „בונד", אַ ר ק אַ ד י  ק ר ע מ ע ר, וועלכער איז געקומען זיך ספּעציעל דורכרעדן מיט צביונען און אים געמאַכט אַזאַ פֿאָרשלאָג: היות דער „בונד" הויבט אָן אין ווילנע אַרויסגעבן אַ טעגלעכע צייטונג, לאַדט ער איין צביונען צו קומען קיין ווילנע און ווערן אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע פֿון דער ערשטער סאָציאַליסטישער טעגלעכער צייטונג אין רוסלאַנד. דער יונגער בונדיסט האָט זיך געבעטן ביי אַרקאַדין: „אפֿשר קענט איר זיך באַגיין אָן מיר..." צביונס פּרוי האָט ערשט געעפֿנט אין ריגע אַ צאָן־אַרצט־קאַבינעט, און ער אַליין — ווי געזאָגט — האָט באַקומען אַן אינזשיניער־שטעלע... געבליבן איז אָבער, אויב מען וועט אים דאַרפֿן, וועט ער קומען. און ער האָט טאַקע געמוזט קומען קיין ווילנע.

די צייטונג „דער וועקער", האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 25סטן דעצעמבער 1905, און צביון האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט — אונטער דער אָנפירונג פֿון רעדאַקטאָר און מיטגליד פֿון צענטראַל־קאָמיטעט י. אייזענשטאַט־יודין. פֿונעם „וועקער" איז אַרויס ס"ה 32 נומערן, — די רעגירונג האָט אים געשלאָסן. אויף זיין אָרט האָט אָנגעהויבן דערשיינען די „פֿאָלקס־ציַיטונג" — זי האָט שוין געהאַט מער מזל און איז אַרויסגעגאַנגען איבער אַ יאָר צייט. עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע צייט אין לאַנד און אין „בונד", און יענעם פּעריאָד באַשרייבט צביון אין עטלעכע אַרטיקלען פֿון זיינע זכרונות. דאָ, אין רעדאַקציע, האָט זיך צביון באַפֿריינדעט מיט אַלע אָנגעזעענע פֿירער פֿון „בונד". דאָ האָט זיך זיין טאַלאַנט פֿון אַ פֿעליעטאָניסט צעבליט אין פֿולן פֿאַרנעם, און עס זיינען געווען אייניקע פֿעליעטאָנען זיינע, וועלכע האָבן פּשוט אויפֿגערודערט די גאַנצע בונדישע לייענערשאַפֿט און געמאַכט זיין נאָמען באַליבט, ביי גרויסע מאַסן, אַלס איינער פֿון די בעסטע זשורנאַליסטן און סטיליסטן ביי יידן. ער האָט אין „פֿאָלקס־ציַיטונג" געפֿירט אַ שטענדיקע אָפּטיילונג „פֿון פּראָווינץ" און אַ שטענדיקן פֿעליעטאָן „מכּח דאָס און יענץ". געשריבן האָט ער אונטערן נאָמען צביון, זעלטענער — ב. צ. האָפֿמאַן און „איש־תּקוה". איין פֿעליעטאָן פֿון יענער צייט — „צו כּל־נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז" — דרוקן מיר דאָ איבער אין בוך: פֿאַר אָט דעם פֿעליעטאָן פֿון צביון האָט די „פֿאָלקס־ציַיטונג" געמוזט נעבעך באַצאָלן גאַנצע 300 רובל שטראָף.

סוף 1906, פֿאָרט צביון ווידער קיין אויסלאַנד, ער זעצט פֿאָר זיין שטודיום אין קאַרלסרוהע, היידלבערג.
אין ציריך באַקומט ער דעם טיטול דאָקטער פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט. פֿון אויסלאַנד זעצט ער פֿאָר זיין מיטאַרבעט אין „פֿאָרווערטס", „ציַיטגייסט" א"אַנד.

אָנהויב זומער 1907 האָט צביון אָנטייל גענומען אינעם באַרימט־געוואָרענעם לאָנדאָנער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער־פּאַרטיי, וועלכער האָט געדויערט פֿיר וואָכן. צביון האָט זיך קונה שם געווען אויפֿן צוזאַמענפֿאָר מיטן באַרימטן רוסישן וואָרט „דאַוואָלנאָ!" (גענוג!) וועלכן ער האָט געוואָרפֿן דער דעלעגאַטין פֿון דער פּס"ד ראָזע לוקסעמבורג. וועגן לאָנדאָנער צוזאַמענפֿאָר דערציילט צביון אין זיינע זכרונות, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט דאָ אין בוך.

דעם זעלבן זומער 1907 איז צביון בייגעווען אויף דעם אַלוועלטלעכן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג, פֿון דאָרט איז ער גלייך געפֿאָרן צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט. באַריכטן פֿון ביידע קאָנגרעסן האָט ער געדרוקט אין „פֿאָרווערטס", און ער האָט דאָ געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו פֿאַרגלייכן פֿאַרן יידישן לייענער דעם כאַראַקטער און די פּראָבלעמען פֿון ביידע קאָנגרעסן.

סוף 1908 באַזעצט זיך צביון אין אַמעריקע.

זיין אָנפֿאַנג אין אַמעריקע איז געווען ניט קיין לייכטער. ער האָט געזוכט באַשעפֿטיקונג אַלס אינזשעניער, אָבער ער האָט עס ניט געפֿונען. ער האָט זיך דעריבער געמוזט נעמען צום שרייבן און איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „פֿאָרווערטס". אָבער זיין מיטאַרבעטערשאַפֿט אין „פֿאָרווערטס" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אָנהויב 1909 איז אין „פֿאָרווערטס" פֿאָרגעקומען אַ שטרייק פֿון די נייעס־שרייבער און הגם צביון האָט ניט געהאַט קיין חלק אין דעם שטרייק, ווייל ער איז ניט געווען קיין נייעס־שרייבער, האָט ער אָבער דאָך צוליב דעם, וואָס ער האָט אויסגעדריקט זיין סימפּאַטיע צו די שטרייקערס און געשטיצט זייערע פֿאָדערונגען, געמוזט פֿאַרלאָזן דעם „פֿאָרווערטס".

במשך פֿון 1908 האָט ער אָפּגעדרוקט אין צוקונפֿט אַכט אַרטיקלען און אין 1909 אַפֿילו 16 אַרטיקלען, ד"ה אַז אין איניקע נומערן זיינען געווען צו צוויי אַרטיקלען פֿון אים. אין 1909 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן פֿאַרן ליטעראַרישן רעדאַקטאָר פֿון דער ערשטער טעגלעכער העברעאישער צייטונג אין אַמעריקע, — פֿון „היום". אין אַ קורצער צייט אַרום באַקומט צביון אַ שטעלע אַלס אינזשעניער אין „דזשענעראַל עלעקטריק" אין סקענעקטעדי אין דער עלעקטרישער לאַבאָראַטאָריע פֿון דעם באַרימטן ד"ר שטיינמעץ. שפּעטער באַקומט ער אַן אינזשעניער־שטעלע אין אַן אויטאָמאָביל־פֿאַבריק אין טעריטאַון, נאָענט פֿון ניו־יאָרק, וואו ער אַרבעט צוויי יאָר. אין טעריטאַון איז צביון געוואָרן טעטיק אין ברענטש פֿון אַרבעטער־רינג, און ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן צו גרייטן צו דער יובילײ־קאָנווענשאָן פֿון אַ"ר (אין 1910), איז צביון אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַר אַ דעלעגאַט. צביון הויבט אָן אַריינוואַקסן אין אַמעריקאַנער באָדן, און ער פֿאַרנעמט אַלץ אַן אָנגעזעענערן אָרט אין דער היגער יידישער עפֿנטלעכקייט. אויף דער 10טער קאָנווענשאָן פֿון אַ"ר, 1910, הויבט ער אויף די פֿראַגע וועגן יידישער דערציאונג און וועגן יידישע אַרבעטער־רינג־שולן. אינעם זאַמלבוך פֿון אַ"ר, וואָס איז געווידמעט אַט דער 10טער קאָנווענשאָן, האָט צביון אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „דער אַרבעטער־רינג און זיינע קולטור־אויפֿגאַבן", אין וועלכן ער קריטיקירט שאַרף די דעמאָלטדיקע סאָציאַליסטישע „סאַנדעי־סקולס"; ער האָט דאָ פֿאָרמולירט וועלכע ענדערונגען זיינען אין זיי נויטיק סיי פֿון אַלגעמיינעם פּעדאַגאָגיש־סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, סיי פֿון יידיש־קולטורעלן. ער האָט געפֿאָדערט, מען זאָל אין „סאַנדעי־סקול" „אַחוץ אַנדערעס, אויך לערנען יידישע געשיכטע און יידיש", — „און אַ ביסל העברעאיש" האָט ער צוגעגעבן, „וואָלט אפֿשר אויך ניט געשאַדט". „אַזוי ווי איך וואָלט וועלן", האָט ער געשריבן, „אַז די יונגע אַרבעטער־קינדער, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, זאָלן

זיין ניט סתּם סאָציאַליסטן, נאָר יידישע סאָציאַליסטן, איז פאַר מיר אַ וויכטיקע פראַגע, אַז דער יידישער סאָציאַליסט זאָל זיין באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע און מיט דער יידישער ליטעראַטור, ווייל דאָס וועט אים זייער פיל העלפן אין זיין סאָציאַליסטישער טעטיקייט". מיר זעען, בכן, אַז צביון איז פּאַקטיש געווען איינער פון די ערשטע אין אַמעריקע, וואָס האָבן זיך ערנסט פאַרטראַכט איבערן דערציאונג־פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטנדיקע מענטשן און אין דער דעמאָלטדיקער „קאָסמאָפּאָליטישער" אַטמאָספערע פאַרטיידיקט אַ יידישע דערציאונג. צביון איז נאָך דער קאָנווענשאָן אַריין אין בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג. שפּעטער איז ער געווײלט געוואָרן פאַרן רעדאַקטאָר פון דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „פריינד", וועלכן דער אַרבעטער־רינג האָט אָנגעהויבן אַרויסגעגעבן אין 1910.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן 1917—1920 איז צביון געווען פאָרזיצער פון בילדונגס־קאָמיטעט, און אויף דער פּאָזיציע האָט ער אַלץ געטאָן צו הייבן אין די אויגן פון די מיטגלידער די חשיבות פון דער יידישער שפּראַך און וועלטלעכער קולטור. ווען אין 1918 עפנט זיך אין האַרלעם איינע פון די ערשטע אַ"ר־שולן, איז צביון געקומען אַלס פאָרזיצער פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַ"ר און האָט באַגייסטערט די פאַרזאַמלטע פאַר דער אידעע פון יידיש־וועלטלעכע אַ"ר־שולן. אין 1915 גייט אָן אין אַרבעטער־רינג אַ קאַמף צווישן „אַלטע" און „יונגע". עס איז געווען אַ צייטווייליקער זיג פון די „יונגע", די עקזעקוטיווע איז קאָנטראָלירט געוואָרן פון די „יונגע" — און צביון איז געווײלט געוואָרן פאַרן גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג. אָבער אויף דער נאָענטסטער קאָנווענשאָן פון 1916 האָבן די „אַלטע" צוריק איבערגענומען די מאַכט, און צביון האָט פון זיין אַמט רעזיגנירט. אַלע ווייטערדיקע יאָרן איז צביון אַקטיוו אין אַרבעטער־רינג. ער איז שטענדיקער לעקטאָר אין די רייען פון אַרבעטער־רינג. ער איז אויך געווען לערער אויף די אייניאָריקע קורסן פון אַ"ר (1921—1922). און אומעטום איז ער געווען געאַכט און געשעצט פאַר זיין ערודיציע, פאַר זיין אידעאישער באַציאונג, פאַר זיין געטריישאַפט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג.

צביון האָט אַנטוויקלט אַן אומגעהויערע רייכע און פרוכטבאַרע טעטיקייט אין יענער צייט. זומער 1912 איז ער געוואָרן רעדאַקטאָר פונעם וואָכנבלאַט „די נייע פּאָסט" — אָרגאַן פון די קלאָוק־ און סקוירט־מאַכערס יוניאָן; אין 1911 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע פון דער „צוקונפט" (צוזאַמען מיט ל. ב. בודין, מ. טערמאַן, ד"ר מ. לאַנדאַ, ד"ר אַ. קאַספּע; גענעראַל־סעקרעטאַר איז געווען א. ש. זאַקס). אין 1915 איז ער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון „טאָג", און אין 1916 גייט ער אַריבער אין „פאָרווערטס".

צביון פירט אין גיכן איין אין „פאָרווערטס" דעם וועכנטלעכן איבערזיכט וועגן יידישע ענינים „י י ד י ש ע א י נ ט ע ר ע ס ן", און זינט דעמאָלט איז דער דאָזיקער נאָמען מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ פּאָפּולערער, און צענדליקער טויזנטער לייענער וואַרטן אויפן שבתדיקן טאָג, כּדי צו וויסן, וואָס וועט צביון זאָגן אין די „יידישע אינטערעסן" וועגן דער אָדער אַנדערער ברענענדיקער פּראָבלעם פון יידישן לעבן. עס איז זיך גאָרניט פאַרצושטעלן, וואָס פאַר אַ גרויסע צאָל לייענער עס שרייבן בריוו צום מחבר פון די „יידישע אינטערעסן", רעאַגירן אויף

זיינע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, אָדער פֿאָדערן פֿון אים, ער זאָל זיך אָפּרופֿן, ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג; עס פֿעלן אויך ניט אַזעלכע, וואָס לאָזן אויס אויפֿן מחבר זייער גרימצאָרן, אַלמאַי ער שרייבט ניט אין דעם גייסט, וואָס די דאָזיקע לייענער גלוסט זיך.

איינער, וואָס קען זייער גוט צביונען און זיין אַרבעט אין „פֿאָרווערטס", זיין נאָענטסטער קאָלעגע, מ. אַשעראָוויטש שרייבט וועגן אָט די באַציאונגען צביונס מיט די לייענער: „צביון האָט שטענדיק אַ נאָענטע פֿאַרבינדונג מיט זיינע לעזער; ער באַקומט פֿון זיי אַ סך בריוו; מערסטנטייל זיינען דאָס בריוו וועגן יידישע ענינים, אַמאָל וועגן תורה און חכמה, אַמאָל וועגן פּאָליטיק; די שרייבער פֿון די בריוו שטימען מיט אים אָפּט ניט איין. זיי פּרואוון אים באַווייזן, אַז ער איז ניט געוווען גערעכט, אַז זיין צוגאַנג צו דער אָדער יענער יידישער פֿראַגע איז ניט קיין ריכטיקער, אַז ער איז ניט גענוג אָפּגעהיט און אפֿשר אַלטמאָדיש־אפּיקורסיש אין זיין אויסטייטשונג פֿון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, און צביון לייענט די אַלע בריוו, שאָקלענדיק זיך דערביי אויף זיין שטייגער, ווי אין אַ פֿרומער כּוונה, בעת אויף זיין פּנים שוועבט גאָר אַ ברייטער שמייכל; ער ענטפֿערט אויף יעדן וויכטיקן בריוו און זיין ענטפֿער דריקט אויס אי דאָס פֿרום־כּוונהדיק שאָקלען זיך, אי דעם ברייטן שמייכל אויף זיין פּנים. און מיר דוכט זיך, אַז ווען מ׳וואָלט צונויפֿגענומען די אַלע בריוו, וואָס ער קריגט פֿון זיינע לעזער און אויך די ענטפֿערס זיינע, וואָלט דאָס מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן „שאלות ותשובות"־ספֿרל, מיט וועלכן מען וואָלט זיך אפֿשר געקענט באַנוצן מיט הונדערט יאָר שפּעטער ביים פֿאָרשן די געשיכטע פֿון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, און די פֿאַרבינ־דונג צווישן יידישן שרייבער און זיינע לעזער..." („צוקונפֿט", יולי 1944).

אָנגעהויבן האָט צביון די „יידישע אינטערעסן" אונטער דעם נאָמען ב. ראָז־מאַן. „דער נאָמען — דערציילט ער — האָט אַ שייכות צו אַ פֿרוי, וועלכע האָט געטיילט מיט מיר דעם גרעסטן טייל פֿון מיין לעבן". דאָס איז רחל (ראָזע) כּאַניק, מיט וועלכער ער האָט זיך געטראָפֿן אין ריגע און שפּעטער מיט איר חתונה גע־האַט. זי איז געווען פֿון פֿאַך אַ דענטיסטין, אַן אינטעליגענטע, געזעלשאַפֿטלעך־טעטיקע פֿרוי. דעם 20סטן אַפּריל 1938 איז זי געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען עס איז שוין געווען אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד, אַז ב. ראָזמאַן — דאָס איז צביון, האָט ער אַוועקגעוואָרפֿן דעם פּסעוו־דאָנים. אינטערעסאַנט איז, אַז דער נאָמען „יידישע אינטערעסן" באַלאַנגט ניט צו צביונען, נאָר צום רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס" אַב. קאַהאַן. און אַחוץ די צוויי יאָר, וואָס צביון האָט איבערגעריסן זיין מיטאַרבעט אין „פֿאָרווערטס", איז אַלע יאָרן, אָן איבעררייס, געגאַנגען דער דאָזיקער איבערזיכט שבת־איין שבת־אויס. און מען קען זאָגן: ניט געווען קיין איין וויכטיקע פּאַסירונג אין יידישן לעבן, וואָס זאָל ניט האָבן געפֿונען קיין אָפּקלאַנג אין די „יידישע אינטערעסן". און עס איז ניט קיין פֿאַזע מצד צביונען, ווען ער האָט צום 50סטן יובֿילײ פֿון „פֿאָרווערטס" געשריבן (24טן מאַי, 1947): „איך גלויב נאָך היינט, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק, אַז די יידישע אינטערעסן זיינען ענג פֿאַרבונדן מיט די אינטערעסן פֿון דער גאַנ־צער מענטשהייט, און אַז די אמתע אויסלייזונג פֿון יידישן פֿאָלק וועט קומען ווען די גאַנצע מענטשהייט וועט אויסגעלייזט ווערן. איך ווינטש, אַז די גאולה זאָל

וואָס גיכער קומען". אָט אין די דאָזיקע שורות ליגט דער תּוך און מהות פֿון צביונס וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז ווי אַ רויטער שנור דורכגעגאַנגען די דרייסיק יאָר פֿון זיינע „יידישע אינטערעסן".

אַ פּאָר זייער אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע דערציילונגען אין שייכות מיט די „יידישע אינטערעסן" גיט איבער מ. אָשעראָוויטש („צוקונפֿט", יולי, 1944):

ד"ר שמריהו לעווין האָט איינמאָל געפֿרעגט ווער דער ב. ראָזמאַן איז, און ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז צביון, האָט ער זיך שטאַרק דערפֿרייט: „ס'איז מיר אַרונטער אַ שטיין פֿון האַרצן — האָט ער געזאָגט, — ווייל איך האָב געמיינט, אַז צו צביונען איז שוין אין „פֿאָרווערטס" צוגעקומען נאָך אַ טאַלאַנטפֿולער שרייבער, וואָס קריטיקירט דעם ציוניזם"...

און נאָך איין געשיכטע דערציילט מ. אָשעראָוויטש וועגן זיינעם אַ פֿריינט:

„ער איז אַ ציוניסט און ער פֿאַרפֿעלט קיין מאָל ניט צו לייענען צביונס „יידישע אינטערעסן" אין „פֿאָרווערטס" יעדן שבת. ער ערגערט זיך זייער שטאַרק אַלע מאָל, ווען צביון קריטיקירט נאָר דעם ציוניזם, אָבער ער קען זיך ניט העלפֿן, — זאָגט ער, — ער מוז לייענען, ווייל ער וויל אַלץ וויסן, וואָס צביון האָט צו זאָגן און ער וויל זען ווי אַזוי ער זאָגט דאָס.

„איך האָב אָבער אַ שוואַך האַרץ — זאָגט ער — און איך קוריר זיך ביי אַ דאָקטאָר, וואָס איז אויך אַ ציוניסט און ער לייענט אויך צביונען, און ווען ער האָט געזען, ווי די אַלע רעצעפּטן זיינע העלפֿן מיר ניט, האָט ער מיר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז איך זאָל אויפֿהערן לייענען צביונס „יידישע אינטערעסן". דאָס, האָט ער מיר געזאָגט, וועט פּאָר מיר זיין דער בעסטער רעצעפּט, ווייל צו מיין שוואַך האַרץ טאָר איך זיך ניט אויפֿרעגן. אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז גראָד אָט דעם רעצעפּט קען איך ניט נעמען: ווי איך זאָל זיך ניט אויפֿרעגן — צביונען לייענען מוז איך!"

אין „פֿאָרווערטס" פֿירט צביון אויך אַן אַלגעמיינע געזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „ציים־נאָטיצן". ער האָט דאָ אויך געדרוקט אַ גרויסע צאָל נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע עסייען און פֿעליעטאָנען, אָפּהאַנדלונגען איבער פּראָבלעמען פֿון יידישער קולטור און וויסן, אָפּהאַנדלונגען איבער סאָציאַל־געזעלשאַפֿטלעכע און ליטעראַרישע פֿראַגן און נאָך און נאָך אין די לעצטע יאָרן האָט ער אויך געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים „ב. ריגער". און גאָר לעצטנס פֿירט ער אַן אַ נייע אָפּטיילונג „וויסנשאַפֿטלעכע שמועסן". אומאויסשעפּלעך איז צביון אין זיין טעמאַטיק און זיין שעפֿערישקייט. דאָס, וואָס קומט אַריין אינעם דאָזיקן בוך, איז נאָר אַ קליינער ברוכטייל פֿון זיין גרויסער שאַפֿונג פּאָר פֿופֿציק יאָר.

אויבן איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז צביון איז געווען רעדאַקטאָר פֿון דער „נייע פּאָסט". דאָס איז געווען דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון דזשאָינט באָארד פֿון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. עס איז געווען אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע אין אַ גרויסן ציימונגס־פֿאָרמאַט. אונטער צביונס רעדאַקציע איז די „נייע פּאָסט" געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער. די צונויפֿגעבונדנקייט פֿון ד"ר ב. האָפֿמאַן מיט דער יוניאָן־באַוועגונג איז געוואָרן נאָך ענגער און אינטימער.

סוף 1914 איז צביון אַוועק פֿון דער „נייער פֿאָסט" און אָנגענומען די שטעלע פֿון ליטעראַרישן רעדאַקטאָר פֿון „טאָג".

זומער 1916 איז צביון אָנגעשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ שטענדיקן מיטאַרבעטער פֿון „פֿאָרווערטס". אין 1929 איז ער געוואָרן דער רעדאַקטאָר אויך פֿון דער „ג ע ר ע כ ט י ק י י ט" — דעם אָרגאַן פֿון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַר־מענט־וואָירקערס־יוניאָן. ווען מען האָט זיך אין עטלעכע יאָר אַרום גענומען גרייטן צו פֿייערן דעם 50יעריקן יובילײ פֿון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די געשיכטע פֿון דער יוניאָן, האָט מען די דאָזיקע וויכטיקע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט איבערגעגעבן צביונען, און אין פּועל־יוצא האָט צביון צונויפֿגעשטעלט אַ בוך „פֿופֿציק יאָר קלאָוק־מאַכער יוניאָן" (445ז"ז). דער דאָזיקער בוך איז דערשינען אין 1936, און הגם מיר פֿאַרלויפֿן אַ ביסל פֿאַרויס, ווילן מיר ביי דער געלעגנהייט זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם דאָזיקן בוך. עס איז אַ ווערק, וואָס וויקלט פֿונאַנדער די געשיכטע פֿון אַט דער יוניאָן, וועלכע איז דעמאָלט געווען כּמעט די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. די גאַנצע סביבה, די דראַמאַטישע קאַמפֿן, דער מאַסן־מאַטעריאַל און די פֿירערשאַפֿט — אַלץ איז דאָ אַרויסגעבראַכט. און געשריבן איז דער בוך מיט טאַלאַנט און אין פֿולער באַקאַנטשאַפֿט מיטן גאַנצן מאַטעריאַל. די יידישע פּרעסע האָט דעם בוך באַגעגנט מיט גרויס אָנערקענונג. ד"ר א. מוקדוני, למשל, האָט געשריבן אין „מאָרגן־זשורנאַל" (23סטן סעפּט' 1936), אַז ווען ער האָט גענומען לייענען דעם בוך, האָט ער אים „שוין ביים צענטן זייטל פֿאַראינטריגירט, פֿאַר־כאַפּט, און איך האָב זיך ניט געקענט אָפּרייסן פֿון אים". ער האָט אין זיין אַרטיקל רעקאָמענדירט צביונס בוך „ווי דעם סאַמע לעזבאַרן, ווי דעם סאַמע פֿאַרכאַפּנ־דיקסטן און שפּאַנענדיקסטן". און ווייטער: „אין דער דאָזיקער געשיכטע פֿון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן האָט איר אייגנטלעך אַ שטיק געשיכטע פֿון דעם יידישן ישוב אין אַמעריקע. דאָ האָט איר פֿון איין זייט דעם קאָלעקטיוו ווי אַ העלד פֿון אַ גרויסער דראַמע, און פֿון דער אַנדערער זייט האָט איר אינדיווידואומס, איינצלנע, וואָס ווערן אַריינגעצויגן אין אַ מעשה־בראשית־דראַמע, אין אַ דראַמע פֿון געזעל־שאַפֿטלעכער פֿאָרמאַציע... צביון, דער מיושבדיקער, קאַלטלעכער רעאַליסט האָט די דראַמאַטישקייט ניט אויסגעלאָזן, ער האָט זי, פֿאַרקערט, שטאַרק פֿאַר־איינפֿאַכט און דעריבער פֿאַרמענטשלעכט... צביון איז דאָ מיט אַלע זיינע מעלות, ראשית כּל מיט זיין קלאָרקייט, מיט זיין גוטן, קלאָרן סטיל און מיט זיין וואונ־דערלעכער רואיקייט. און דאָ האָט איר זיין געשמאַקע סיסטעמאַטישקייט, דאָ איז אַלץ אויסגעלייגט אין אַ וואונדערלעכער אָרדענונג... איר האָט בהדרגהדיקייט. איר זעט ממש די אַנטוויקלונג, איר קענט זי ממש אָנטאַפּן... צביון איז אַ גוטער מענטשן־קענער, און ער האָט דאָ אָפֿט זייער טרעפֿנדיקע כאַראַקטעריסטיקעס פֿון מענטשן. צביון זעט דורך און דורך זיינע מענטשן און מאָלט זיי פֿיין... צביונס קריטישער חוש האָט אים דאָ פֿיל אַרויסגעהאָלפֿן. פֿאַקטן, מיינונגען און געשעענישן ווערן שאַרף אַנאַליזירט... צביון דער פּובליציסט האָט זיך ניט באַנוגנט מיט פֿעסטשטעלן פֿאַקטן, ער ברענגט אַרויס דעם מוסר השכּל, וואָס באַהאַלט זיך כּסדר אונטער יעדן פֿאַקט".

און אַט וואָס עס שרייבט וועגן זעלבן בוך אַ צווייטער זשורנאַליסט וואָס איז גוט באַקאַנט מיט זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן די פּראָבלעמען פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, דאָס איז דער פֿאַרשטאָרבענער ב. פֿאָמעראַנץ. אין זיין באַהאַנדלען דעם בוך פֿון צביון, כאַראַקטעריזירט אים ב. פֿאָמעראַנץ („דער יידישער קעמפּער", 12טן פֿעברואַר 1937) אַזוי: „... אַ געשיכטע, וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיך, ווי אין אַ פּריזמע, אַלע פֿאַרבן און שאָטנס, אַלע וויכטיקע קאַמפֿן פֿון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפֿט אין אַמעריקע; נאָך מער — אַ געשיכטע, וואָס איר „סצענע", ווי מ'זאָגט עס אויף ענגליש, איז דאָס גאַנצע יידישע אימיגראַנטן־לעבן, אין דעם נייעם לאַנד... צביון גיט אונדז אַ לעבהאַפֿט בילד פֿון דעם נייעם לעבן. ער נעמט אַן דעם לעזער פֿאַר דער האַנט און פֿירט אים איבער פֿופֿציק יאָר יידיש לעבן, און דעקט אויף פֿאַר אים אַ פּאַנאָראַמע פֿון לעבן און קאַמף, וואָס פֿאַרכאַפּט אים און לאָזט אים ניט אָפּ ביז ער פֿאַרענדיקט דאָס לעצטע בלעטל פֿון בוך... דאָס איז אַ געשיכטע פֿון כסדרדיקן קאַמף. עס קאָכט ווי אין אַ קעסל און עס הערט קיין מאָל ניט אויף... צביון ווייזט אונדז די סיבה, די אורזאַכן פֿון דעם קאַמף, דעם קאַמף גופֿא און די רעזולטאַטן זייערע... צביונס בוך מוז מען צורעכענען צו די בעסטע ווערק אונדזערע. פֿון אים קען מען לערנען ניט נאָר די געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, נאָר מען קען אויך פֿון אים באַקומען אַ גאַנץ פֿיינע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם גאַנצן יידישן לעבן אין דער נייער וועלט".

ווי געזאָגט, איז דאָס באַהאַנדלטע בוך געשריבן פֿון צביונען אין 1936, ד"ה אינעם סאַמע בלי־פּעריאָד פֿון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, ווען ער האָט אין סטיל און אין אַרכיטעקטור דערגרייכט די מדרגה פֿון פֿולקאָמענהייט. מען דאַרף געדענקען וועגן דעם נעבעכדיקן צושטאַנד פֿון די „אַרכיוון" פֿון דער יוניאָן־באַוועגונג, כּדי נאָך מער אָפּצושאַצן די גרויסע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט ביי אָט דעם בוך. די אָביעקטיווקייט, די סאָלידקייט און אויסשעפּעוודיקייט פֿונעם בוך איז דעריבער אָנערקענט געוואָרן פֿון אַלעמען.

*

ווען צביון איז אין 1908 געקומען קיין אַמעריקע, איז אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס דעמאָלט געווען טעטיק די „אידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ", וועלכע האָט זיך נישט באַטראַכט פֿאַר אַ יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר בלויז פֿאַר אַ טעכנישן ביוראָ ביי דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איר אויפֿגאַבע איז צו פֿירן סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אויף יידיש, פֿאַרשפּרייטן די אידעע פֿון סאָציאַליזם צווישן די יידיש־שפּרעכנדע אַרבעטער.

אין 1912 ווערט געגרינדעט די **יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע**, און צביון ווערט אַקטיוו אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. לכתחילה גלויבט ער שטאַרק — פּונקט ווי דאָס חלומען אַ סך אַנדערע געוועזענע בונדיסטן — אַז די ניי־געגרינדעטע יידישע פֿעדעראַציע וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ מין אַמעריקאַנער „בונד". די אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט האָט אָבער געפֿירט אויף אַנדערע וועגן. די פֿעדעראַציע איז ניט געוואָרן קיין „בונד". זי איז אָבער שוין מער ניט געווען קיין אָרגאַניזאַציע פֿאַר יידיש־שפּרעכנדיקע אַרבעטער, זי איז געווען אַ **יידישע** סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע, און דאָס **יידישע** איז אַלץ מער געקומען צום עפֿנטלעכן און בולטן אויסדרוק.

צביון האָט זיך אויסגעלעבט אין דער נייער אָרגאַניזאַציע. ער שרייבט אַ סך אין דעם אָרגאַן פֿון דער פֿעדעראַציע „ד י  נ י י ע  װ ע ל ט“, און אין גיכן װערט ער אויך אַ מיטגליד פֿון איר רעדאַקציע־קאָלעגיע. ער נעמט אַ װאָרט צו אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען פֿון יידישן לעבן און פֿון אַמעריקאַנער לעבן, ער פֿירט דאָ אַ שטענדיקע אָפּטיילונג פֿון זיינע נאָטיצן אונטערן נאָמען „אין קעסל־גרוב“. אין די דאָזיקע נאָטיצן פּאָלעמיזירט ער נישט נאָר מיט פֿרעמדע און זייטיקע, נאָר װען עס איז געװען נויטיק — אויך מיט אייגענע און אַפֿילו מיט מיטגלידער פֿון דער רעדאַקציע גופֿא. װעגן איינער אַזאַ פּאָלעמיק מיט מ. אָלגינען דערציילט צביון אַליין אין זיין אַרטיקל װעגן אָלגינען, װאָס איז דאָ איבערגעדרוקט אין בוך.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן פֿון זיין טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַװעגונג און פֿון זיין שריפֿטשטעלערישער אַקטיװקייט, איז צביונען ניט איינמאָל אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אין אַ שאַרפֿן קאַמף פֿאַר זיינע אייגענע רעכט צו זאָגן פֿריי זיין מיינונג אין אַלע פֿראַגן און ניט זיין געבונדן מיט די אָנגעװאַקסענע טראַדיציעס אין דער יידישער פּרעסע... נישט נאָר אין די צייטן פֿון דער „נייער װעלט“ װען ער איז נאָך גרין געװען, נאָך אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז צביון ניט איין מאָל אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, װאָס „אונדזער סאָציאַליסטישע באַװעגונג דאָ אין לאַנד איז צום גרעסטן טייל אַ פּערזענלעכע. אין ערגעץ שפּילן ניט די פּערזענלעכע באַציאונגען אַזאַ װיכטיקע ראָלע אין דער באַװעגונג, װי דאָ אין אַמעריקע, און באַזונדערס אין אונדזער יידישער אַמעריקע... דער פּערזענלעכער עלעמענט אין דער באַװעגונג איז אייגנטלעך אַ פּועל־יוצא פֿון דעם סטאַר־סיסטעם, װאָס מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע אין דעם עפֿנטלעכן לעבן. עס איז דאָ אַ סטאַר־סיסטעם אין טעאַטער, אין דער פּרעסע און ממילא איז זי אויך פֿאַראַן אין דער באַװעגונג... דערצו קומט אונדזער סאָציאַליסטישע פּרעסע, װעלכע שפּילט דאָ אַ גאַנץ באַזונדערע אייגנאַרטיקע ראָלע. אין אַלע לענדער איז די פּרעסע ענג פֿאַרבונדן מיט דער באַװעגונג. די באַװעגונג און די פּרעסע קאָנטראָלירן זיך קעגנזייטיק. דאָ אָבער שטייט די סאָציאַליסטישע פּרעסע און די באַװעגונג אָפּגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע, קיין קעגנזייטיקע קאָנטראָל עקזיסטירט ניט, עס עקזיסטירן בלויז באַציאונגען, אַמאָל פֿריינטלעכע און אַמאָל קידער־װידערדיקע... די ראָלע װאָס די  ב אַ װ ע ג ו נ ג  דאַרף שפּילן אין דעם עקאָנאָמישן, געזעלשאַפֿטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פֿון די יידישע מאַסן, שפּילט גאָר די פּרעסע. זי איז די װירקלעכע, רעאַלע מאַכט, און זי לייגט אַרויף איר שטעמפּל אויף דעם לעבן פֿון דער יידישער גאַס... די טעגלעכע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג, װאָס מיר האָבן, דער „פֿאָרװערטס“, איז אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פֿון דער פֿעדעראַציע, און װען ער װיל ניט, עקזיסטירט זי אַפֿילו ניט פֿאַר אים“...

דער לייענער פֿון „פֿאָרװערטס“ קען צביונען לויט זיינע „יידישע אינטערעסן“ און „צייט־נאָטיצן“, ער קװיקט זיך מיט די פֿרייע סאָציאַליסטישע מיינונגען און אויסגעהאַלטענע געדאַנקען, װעלכע צביון פֿאַרטיידיקט, אָדער מיט זיינע בונדיסטיש־אַנטיציוניסטישע אַנאַליזן, — און דער לייענער איז גאָר ניט חושד, װי שװער עס איז אָנגעקומען צביונען אויסצוקעמפֿן אַט די פֿרייהייט צו פֿאָרמולירן זיינע מיינונגען און פֿאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. איינער פֿון די אויפֿריכטיקסטע

יידישע פובליציסטן, י. חייקין, האָט די דאָזיקע אָנערקענונג געגעבן צביונען אין דער עפֿנטלעכקייט. „וויכטיקער אַפֿילו פֿאַר צביונס שריפֿטשטעלערישע דערגריי־כונגען — האָט ער געשריבן — איז זיין אויסגעהאַלטענע געטרייקייט צום איי־גענעם צלם־אלהים... דער וועג פֿון אַ כאַראַקטער־פֿעסטער זשורנאַליסטישער פּערזענלעכקייט ביי אונדז — איז ווייט ניט אויסגעשפּרייט מיט רויזן. מאַכן פֿאַר זיך אַן אָרט אין „פֿאָרווערטס"... האָט ער (צביון) געקענט אפֿשר בלויז מיטן כּוח פֿון זיין שרייבערישער פּאָפּולאַריטעט. נאָר אָנצוהאַלטן זיין אייגענע אידענ־טיטעט די גאַנצע צייט... קען נאָר אַ מענטש, וואָס איז געראָטן אין אונדזער שטאַם־טאַטן יעקב. ווי ער קען אויך צביונען זאָגן: „מיט לבֿן הארמי האָב איך געהויזט, אָבער פֿון מיינע אייגענע מצוות האָב איך נישט אָפּגעווייכט" („פֿרייע אַרבייטער שטימע", 18טן יוני 1943). „ער וואָלט אפֿשר — פֿאַרענדיקט י. חייקין זיין אַרטיקל איבער צביונען — אויך געקענט זיך באַרימען מיטן כּוח ביי־צוקומען דעם „לבֿן" אין זיך גופֿא... וויפֿל וועט איר ביי אונדז געפֿינען מענטשן, וואָס זאָלן פֿאַרמאָגן דעם כּוח עפֿנטלעך מודה צו זיין זיך אויף אַן אייגענעם פֿעלער ?" יאָ, דאָס איז ווירקלעך דער גרעסטער שבֿח, וואָס לאָזט זיך זאָגן וועגן צביונען. און אָט איז איין גוטע אילוסטראַציע צו דעם.

דאָס איז געווען אין די יאָרן נאָך דער גרויסער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, אין 1917. דער קאָמוניסטישער עקספּערימענט האָט געמאַכט זיינע ערשטע טריט. קאַפּיטאַליזם און פּריצים זיינען ניטאָ מער אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד. צביון איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אָט דער נייער רעוואָלוציאָנערער פּערספּעקטיוו. און אַפֿילו שפּעטער, ווען ער האָט שוין דורכגעמאַכט די ביטערע אַנטוישונג, האָט ער געשריבן: „אָבער ביי אַלע דערקלערונגען דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט דער גרעסטער רעוואָלוציע אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע, און אַז דאָס, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט שוין אויפֿגעטאָן ביז איצט, איז אַזוי גרויס, אַזוי ריזיק, אַז אַלע פֿעלערן, אַלע אומגערעכטיקייטן, וועלכע זיינען אין איר באַגאַנגען געוואָרן ביז איצט, זיינען אין פֿאַרגלייך אַזעלכע קליינע פֿלעקן, וואָס קענען אַפֿילו אויף איר קיין שאָטן ניט וואַרפֿן, שוין אָפּגערעדט וועגן פֿאַר־טונקלען איר גלאַנץ" („קאָמוניסטן, וואָס האָבן אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם", ניו־יאָרק 1923, זייט 59).

צביון איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען דער איינציקער אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע, וואָס איז געווען באַהערשט פֿון אַזעלכע שטימונ־גען. אין 1919 איז די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע געווען, אין איר גרויסער מערהייט, לינק־געשטימט, עס איז דאָ געווען אַפֿילו אַ בולטע שטי־מונג פֿאַרן דריטן אינטערנאַציאָנאַל. „איז אָבער אין יענער צייט — דערציילט צביון אין דער אָנגערופֿענער בראָשור, ז' 30 — די מצווה פֿון שפּאַלטן געווען אַזוי גרויס אַז די לינקע האָבן דאָ זיך פֿון איר ניט געקענט אָפּזאָגן. זיי האָבן איינפֿאַך געוואָלט ווייזן, אַז זיי זיינען מיט לייטן גלייך און אַז אויך זיי שפּאַלטן". ביי דער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, 1919, איז די פּאַרטיי געשפּאַלטן געוואָרן.

עס איז געשאַפֿן געוואָרן די „קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי".

די זעלבע שטימונג דרינגט אַריין אויך אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע. אויך זי האָט אין מאַי 1919 דורכגעמאַכט אַ שפּאַלטונג. די לינקערע

עלעמענטן זיינען אוועק און געשאפן אן אייגענע ארגאניזאציע. אין דער אלגע־מיינער פארטיי האט נאך דער שיקאגאער שפאלטונג אנגעהויבן פאלן דער רע־וואלוציאנערער גייסט, „מען האט שוין אפילו דאס רעוואלוציאנערעווארט ניט געוואלט געברויכן״, און דאס האט נאך מער געשטארקט די פרא־קאמוניסטישע שטימונגען אין דער פעדעראציע. עס איז דא אלץ רייפער געווארן דער באשלוס איבערצורייסן מיט דער סאציאליסטישער פארטיי און אנשליסן זיך אין דריטן אינטערנאציאנאל. נאך דער ערשטער שפאלטונג האט די פעדעראציע אנגעהויבן גיין מיט שנעלע טריט בארג אראפ. פון 5000 מיטגלידער אין 1917 איז זי אין אנהויב 1921 געבליבן ביי עטלעכע הונדערט. אין סעפטעמבער 1921 איז פאר־געקומען א קאנווענשאן פון דער פעדעראציע, און מיט 48 קעגן 33 שטימען איז באשלאסן געווארן ארויסצוגיין פון דער פארטיי. דאס איז געווען די צווייטע שפאל־טונג פון דער פעדעראציע.

צווישן די 48 איז אויך געווען צביון.

אין 1921 איז געגרינדעט געווארן די „ווארקערס־פארטי״, איר פראגראם איז זייער נאענט געווען צו דער קאמוניסטישער. די יידישע סאציאליסטישע פעדע־ראציע האט זיך אין איר אנגעשלאסן. עס איז געשאפן געווארן א בשותפותדיקע ארגאניזאציע פון די יידישע קאמוניסטן מיט דער איצטיקער כמעט־קאמוניס־טישער „פעדעראציע״, און זייער פאראייניקטער ארגאן איז געווארן דער „בייער וועלט־עמעס״. די זעלבע גרופע האט אין גיכן אנגעהויבן ארויסצוגעבן די „פריי־הייט״, אבער די אלע ארגאניזאציעס זיינען פאקטיש קאנטראלירט געווארן דורך די קאמוניסטן, און דאס האט געפירט צו דעם, אז צביון, סאלוצקי, א״אנד זיינען נאך א געוויסער צייט פון דער „פרייהייט״ ארויס.

מיר האבן דאס אלץ איבערגעגעבן גענויער, כדי צו דערציילן ווי אזוי האט זיך ביי די אלע געשעענישן געפילט צביון. די שוין דערמאנטע בראשור „קאמוניסטן, וואס האבן אויפגעגעסן דעם קאמוניזם״ — גיט אונדז א קלארע פארשטעלונג וועגן דעם.

פארוואס איז צביון אריין אין דער „ווארקערס־פארטי״? און פארוואס האט ער אזוי שנעל איבערגעריסן מיט איר? ער דערקלערט עס אזוי:

„ווען אבער די סאציאליסטישע פארטיי האט זיך אנגעפאנגען אפזאגן פון אירע פריערדיקע פרינציפן און האט אנגעהויבן ווערן א סאציאל־רעפארם־פארטיי, טא וואס איז פאר אונדז געבליבן? ניט מער ווי א וויסטקייט און א פוסטקייט אין דער נשמה. און ווען מען פאנגט אן פילן, נאך לאנגע יארן ארבעט אין דער סאציאליסטישער באוועגונג און פאר דער סאציאליסטישער באוועגונג, אז מען געפינט זיך אין מיטן פון א וויסטעניש און עס איז פוסט אין דער נשמה, ווערט עס זייער טרויעריק. מיר האבן באשלאסן צו זוכן א נייע היים... מיר האבן געזוכט א היים פאר דער נשמה. אבער מיר האבן געפונען פאר איר א גיהנום. די ניי־געשאפענע „ווארקערס־פארטי״, וועלכע איז געווען א רעזולטאט פון אונדזער פאראייניקונג מיט די קאמוניסטן, האט זיך גלייך... פארוואנדלט אין א זומפ פון יעזואיטישער פאליטיק און קאמוניסטישע פאליטישע מאכינאציעס וועגן מעכאנישן קאנטראל״ (דארט, ז״ז 6—5).

„איך בין אין דער דאָזיקער פּאַרטיי געווען טעטיק אַן ערך אַ יאָר צייט, ביז איך האָב מער ניט געקענט אויסהאַלטן און בין פֿון איר אַוועק. איך באַוואונדער היינט זיך אַליין, פֿון וואַנען עס האָט זיך גענומען ביי מיר אַזוי פֿיל אויסדויערונגס־קראַפֿט און אַזעלכע שטאַרקע נערוון, אַז איך האָב געקענט אויסהאַלטן צו זיין אַ גאַנץ יאָר מיט די היגע קאָמוניסטן אין איין פּאַרטיי...״(ז׳ 27).

און שרייבנדיק אין 1923 די אָנגערופֿענע בראַשור, וועלכע צביון האָט באַטראַכט, ווי ער זאָגט עס אין דער פֿאָררעדע, ווי „אַ מצבה אויף דער צערונענער האָפֿנונג״, מאַכט ער אַ סך־הכּל פֿונעם איבערגעלעבטן קריזיס:

„די אונטערשטע שורה איז, אַז דורך דער שפּאַלטונג איז די לינקע באַוועגונג ניט שטאַרקער געוואָרן... און וויל מען זיין ערלעך און אויפֿריכטיק, מוז מען צוגעבן, אַז די שפּאַלטונג איז געווען אַ פֿעלער, אַ גרויסער פֿעלער... די לינקע באַוועגונג האָט פֿון דער שפּאַלטונג מער פֿאַרלוירן... די שפּאַלטונג האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַשאַפֿן אַ „וואָירקערס־פּאַרטי״, היינט די אָפֿיציעלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פֿון אַמעריקע... די „וואָירקערס־פּאַרטי״ אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון אַ געוויסנלאָזער קאָמוניסטישער קליקע, האָט דעמאָראַליזירט די לינקע באַוועגונג. זי האָט איר פֿאַריעזואיטעוועט און האָט איר פֿאַרוואַנדלט אין אַ זומפּ פֿון קליקן־אינטריגעס, פֿון פּירנציפּנלאָזיקייט און פּאָליטישע שמד־שטיק״ (ז׳ז 34—35).

צביונס אַריינגיין און אַרויסגיין פֿון דער וואָירקערס פּאַרטיי איז, ווי מיר זעען, געווען אַן אַקט פֿון אידעאישע זוכענישן, פֿון אַ בענקשאַפֿט נאָך אַן ערנסט־לעכער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער האָט געוואָלט האַלטן אין זיינע הענט אַ ריינע און רויטע פֿאָן פֿון סאָציאַליסטישן קלאַסנקאַמף און דינען געטריי די אינטערעסן פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער צביון האָט זיך איבערצייגט, אַז „אין דער גרויסער מהומה האָבן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויבנאָן פֿאַרשיידענע פּאָליטישע מאַרעוויכער, זשאָנגלערן, איגנאָראַנטן און דעמאַגאָגן, גאַנץ גלייך צי רופֿן זיי זיך קאָמוניסטן אָדער סאָציאַליסטן, און האָבן דעם סאָציאַליזם מיט דעם קאָמוניזם געמאַכט צו שאַנד און שפּאָט״ (זייט 64). און אָט מיט דער קאָמפּאַניע „פּאָליטישע מאַרעוויכער״ האָט צביון ווייטער ניט געוואָלט מיטמאַכן דעם וועג.

אויך אין זיין אַרטיקל וועגן מ. אָלגינען, וואָס ווערט דאָ איבערגעדרוקט אין בוך, שטעלט זיך צביון אָפּ אויפֿן דאָזיקן טרויעריקן פּעריאָד אין זיין פּאָליטישן לעבן. „די פֿאַראייניקונג פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע — שרייבט ער — מיט דער יידישער קאָמוניסטישער סעקציע איז געווען דורך דער וואָירקערס פּאַרטיי, וועלכע איז אָפֿיציעל געווען ניט קאָמוניסטיש, נאָר פּאַקטיש איז זי קאָנטראָלירט און געפֿירט געוואָרן פֿון די קאָמוניסטן. איר יידישער טייל אָבער איז קאָנטראָלירט און געפֿירט געוואָרן פֿון די מיטגלידער פֿון דער ייד. סאָצ. פֿעדעראַציע, וועלכע האָבן ניט געשטימט מיט די קאָמוניסטן. דאָס איז געווען ניט קיין נאַטירלעכער צושטאַנד און ער האָט לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטן״. און דאָס האָט טאַקע געפֿירט צו צביונס אַוועקגיין פֿון דער פּאַרטיי און פֿון איר אָרגאַן „די פֿרייהייט״.

אין 1921, ווען צביון האָט זיך אומגעקערט פֿון זיין רייזע קיין אייראָפּע, איז ער אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ טור איבערן לאַנד לטובת דער פֿעדעראַציע. עס איז געווען שוין נאָך דער שפּאַלטונג פֿון דער פֿעדעראַציע און גרינדונג פֿון „פֿאַרבאַנד". די פֿעדעראַציע איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער וואָירקערס פּאַרטיי. צביון איז דעמאָלט שוין געווען אויסערן „פֿאָרווערטס". די באַציונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געווען אָנגעשטרענגטע, עס האָבן ניט געפֿעלט קיין אינטריגעס. האָט מען וועגן צביונען פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער שרייבט אין „פֿאָרווערטס" אונטער אַ פֿאַרשטעלטן נאָמען, אַז ער פֿאַרהאַנדלט וועגן צוריקגיין אין „פֿאָרווערטס". אין אַנדערע שטעט האָט מען צו זיין קומען פֿאַרשפּרייט קלאַנגען: די מעלדונג וועגן צביונס אויפֿטרעטן איז געפֿעלשט, ער וועט אויף אַן אמת ניט קומען רעדן אויף דער אָנאָנסירטער פֿאַרזאַמלונג. צביון איז געווען געצוואונגען אָפּצודרוקן אַ „פּערזענלעכע דערקלערונג" („די נייע וועלט"): ער דערציילט דאָ גאַנץ אויפֿריכטיק: „איך האָב פֿון „פֿאָרווערטס" קיין חשק ניט געהאַט אַוועקצוגיין און איך וואָלט אין אים געבליבן ווען עס וואָלט נאָר מעגלעך געווען פֿאַר מיר אין אים צו בלייבן. מיין פּראָפֿעסיע אויף וועלכער איך בין אָנגעוויזן צו מאַכן אַ לעבן, איז שרייבעריי, און די איינציקע צייטונג, אין וועלכער איך האָב געקענט שרייבן מער אָדער ווייניקער פֿריי און אין איינקלאַנג מיט מיינע איבערצייגונגען און געוויסן, איז געווען דער „פֿאָרווערטס". עס איז אמת, אַז אַ סך זאַכן זיינען מיר ניט געפֿעלן געוואָרן אין „פֿאָרווערטס", אַז אָפֿט פֿלעגט איינפֿאַך איבערגיין די גאַל צוקוקנדיק זיך צו זיי, אָבער איך האָב געהאַט די באַפֿרידיקונג, אַז איך אַלס סאָציאַליסטישער שרייבער בין ניט געצוואונגען צו שרייבן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער צייטונג און אַז איך האָב אַ פּלאַץ, וואו איך קען אויסנוצן מיין פֿעדער צו אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן די אידייען אין וועלכע איך גלויב . . . אין דעם פּרט האָב איך אין „פֿאָרווערטס" געהאַט אַ גאַנץ גרויסע מאָס פֿון פֿרייהייט . . . איך וויל ניט מאַכן פֿון קיין נויט אַ טוגנט און מאַכן דעם אָנשטעל אַז מיין סאָציאַליסטישע פֿרומקייט און מיין רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּיעלקייט האָט מיך באַוואויגן זיך צו שיידן מיט דעם „פֿאָרווערטס". וואָס איז שייך צו מיר, וואָלט איך ווייטער געבליבן אין „פֿאָרווערטס", ווען איך וואָלט זיך אין אים געקענט באַנוצן מיט דער זעלביקער פֿרייהייט פֿון שרייבן, וואָס איך האָב פֿריער געהאַט. איז אָבער פּלוצים דער „פֿאָרווערטס" געוואָרן זייער פֿרום פּאַרטייאיש און האָט ערקלערט, אַז ער קען האַלטן ביי זיך בלויז אַזעלכע מיטאַרבעטער, וועלכע זיינען מיטגלידער פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אַזוי ווי איך בין אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי, קען איך מער אין „פֿאָרווערטס" ניט פֿאַרבלייבן. אַזוי איז די קאָנסטיטוציע פֿון „פֿאָרווערטס", האָט מען מיר דערקלערט . . . האָב איך געזאָגט, אַז אויב דאָס איז אַזוי, אויב דער „פֿאָרווערטס" וויל ווערן פּרינציפּיעל, האָב איך צו אים קיין טענות ניט . . . איך וועל אַפֿילו ניט פֿאָדערן פֿון אים קיין „נאָטיס", וואָס עס דאַרף געוויינלעך געגעבן ווערן אַ שרייבער, ווען מען זאָגט אים אָפּ פֿון זיין שטעל, און בין אין זעלביקן טאָג, ווען מען האָט מיר מיין גט געגעבן, אַוועק".

15 חדשים האָט צביון מיטגעאַרבעט מיט דער „וואָירקערס פּאַרטיי" און אויך אין דער „פֿרייהייט". און ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט איבערטראָגן

די דאַרטיקע אַטמאָספערע און ער האָט באַשלאָסן איבערצוריַיסן מיט דער נייער פּאַרטיי. האָט ער ווידעראַמאָל פאַרעפנטלעכט אַ „פּערזענלעכע דערקלערונג" — דאָס מאָל שוין אין דער „פריַיהייט" (סוף 1922). עס איז געווען אַ בריוו, געווענדט צו דעם רעדאַקטאָר פון דער „פריַיהייט" מ. אָלגין. צביון האָט דאָ געשריבן:

„איך באַדויער זייער, וואָס נאָך 15 חדשים אַרבעטן און קעמפן צוזאַמען מיט אייך זייט ביי זייט, פיל איך מיך געצוואונגען זיך צו שיידן מיט אייך. און ניט ווייניקער באַדויער איך, וואָס איך דאַרף זיך שיידן מיט דער יידישער פעדעראַציע, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען פון דעם טאָג, וואָס זי איז געגרינדעט געוואָרן, און מיט וועלכער עס איז פאַרבונדן אַ גאַנץ גרויסער טייל פון מיין געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט דאָ אין אַמעריקע.

„איך גלויב, ח' אָלגין, אַז פאַר איך דאַרף מיין באַשלוס ניט זיין קיין איבעראַשונג. איר ווייסט פון מערערע פערזענלעכע געשפּרעכן, וואָס איך האָב געהאַט מיט אייך, ווי אויך פון מיינע דערקלערונגען אויף מיטינגען פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע, מיין שטאַנדפונקט וועגן דער וואָירקערס פּאַרטיי און וועגן מאַנכע פּרינציפּיעלע פראַגן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער וואָירקערס פּאַרטיי.

„איר ווייסט, אַז איך בין די גאַנצע צייט געווען איינער פון די אויסגע־שפּראָכנסטע, שאַרפסטע קעגנער פון דעם פּאַרטיי־דואַליזם, אָדער פּאָליטישע ביגאַמיע, ווי איך האָב עס אָנגערופן, וואָס עקזיסטירט אין דער „וואָירקערס־פּאַרטי". איך בין געווען שאַרף קעגן דעם פון אָנפאַנג אָן, נאָר איך האָב גע־גלויבט, אַז אַזאַ אומנאָרמאַלער צושטאַנד פון צוויי פּאַרטייען אין איין פּאַרטיי קען לאַנג ניט אָנהאַלטן. איך האָב געגלויבט, אַז עס וועט לאַנג ניט דויערן און די „וואָירקערס־פּאַרטי" וועט זיין ניט נאָר אַ פּאַראייניקטע, נאָר אויך אַ גע־אייניקטע און איינהייטלעכע פּאַרטיי. ליידער האָב איך זיך אָפּגענאַרט אין מיינע האָפנונגען. דער אומנאָרמאַלער צושטאַנד, וואָס האָט עקזיסטירט אַזוי לאַנג, בלייבט אויך אויף ווייטער. און עס איז ניט בלויז קעגן מיינע איבערצייגונגען צו באַ־לאַנגען צו אַזאַ פּאַרטיי, נאָר איך וויל אויך ניט באַלאַנגען. איך וויל ניט באַ־לאַנגען אין אַ פּאַרטיי, וואו עס זיינען פאַראַן ערשט־קלאַסיקע מיטגלידער און צווייט־קלאַסיקע.

„נאָר ניט דאָס אַליין איז דער עיקר. אין משך פון די לעצטע יאָרן זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער שטעלונג פון דעם דריטן אינטער־נאַציאָנאַל אין מאַנכע וויכטיקע פּרינציפּיעלע פראַגן, און נאָך גרעסערע ענדע־רונגען זיינען אין דעם פּרט פאָרגעקומען אין דער „וואָירקערס פּאַרטי". איך בין מיט אַ גרויסן טייל פון די ענדערונגען ניט איינפאַרשטאַנען... איך בין אָבער קעגן פּלוצלונגע שפּרונגען. איך דאַרף האָבן צייט דורכצוטראַכטן זאַכן, כּדי צו קענען אָפּמאַכן מיין מיינונג. מיר געפעלט אין גאַנצן ניט די מעטאָדע, אַז עס זאָל וואו עס איז עקזיסטירן אַ טראַכט־מאַשין, וואָס זאָל טאָן די אַרבעט פון טראַכטן פאַר מיר און מיר דערלאַנגען פאַרטיק אויסגעטראַכטע באַשלוסן און פּרינציפּן, וועלכע איך האָב אַפילו שפּעטער קיין רעכט ניט צו דיסקוטירן.

„און איך ווייס, ח' אָלגין, אַז די חברים וועלן מיך שאַרף קריטיקירן פאַר מיין אַוועקגיין. מען וועט מיך זידלען און מען וועט אין מיין אַוועקגיין פּרובירן

אריינטייטשן פֿאַרשיידענע שלעכטע כוונות. איך ווייס עס, און דאָס איז פֿאַר מיר דאָס אומאָנגענעמסטע... אָבער מען דאַרף דאָך אַמאָל אויך גערעכט זיין פֿאַר זיך אַליין. און כּדי גערעכט צו זיין פֿאַר זיך אַליין, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז עס וועט זיין דאָס בעסטע פֿאַר מיר איצט אין גאַנצן זיך צוריקציען פֿון פּאָליטיק און ווערן אַ פּריוואַטער בירגער, וועלכער איז פֿאַר זיינע האַנדלונגען פֿאַראַנטוואָרטלעך בלויז צו זיך אַליין".

אין אָט דעם פּעריאָד האָט צביון אַרויסגעוויזן באמת אידעאישע שטאַרקייט. ער האָט געהאַט דעם מוט אַרויסצוברענגען זיינע בלאַנדזשענישן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט. ער איז ניט אַריינגעפֿאַלן אין יאוש, ער האָט ניט געשפּיגן אויף זיין פֿאַרגאַנגענהייט. די ביטערע דערפֿאַרונג און דאָס שטיקל וועג צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן האָט אים ניט צעבראָכן, נאָר פֿאַרפֿעסטיקט אין די פּרינציפּן פֿון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. זיין אויג איז געבליבן אָפֿן צו זען די פֿעלערן סיי פֿונעם קאָמוניזם, סיי פֿונעם רעפֿאָרמיזם, וועלכער האָט אַלץ מער באַהערשט די היגע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. יאָ, ער האָט געקענט אָפֿן קוקן אין די אויגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און זאָגן: „מיט לבן הארמי האָב איך געהויזט, אָבער פֿון מיינע אייגענע מצוות האָב איך ניט אָפּגעווייכט". דער זיגער איז געבליבן — ניט לבן הארמי, נאָר צביון.

*

נאָכן איבערייסן מיט דער וואָרקערס פּאַרטיי און „פֿרייהייט" קערט זיך צביון אום אויף אַ קורצע צייט צו זיין פֿאַך — און ער אַרבעט אַלס אינזשיניער אין דער בוי־אינדוסטריע. אָבער אין 1923 גייט צביון צוריק אַריין אין „פֿאָרווערטס", הגם ער איז דערוויל ניט אָנגעשלאָסן אין סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד. דאָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן פֿאַר זיין געוויסן: „ווען ער וועט פֿילן — וועט ער אַריין". ערשט אין צוויי יאָר אַרום איז ער אַריין אין "פֿאַרבאַנד". אין יאָר איז ער אַפֿילו געווען אַ מיטגליד פֿון דער עקזעקוטיווע פֿון „פֿאַרבאַנד", אין אַלגעמיין אָבער האָט ער דאָ קיין גרויסע טעטיקייט ניט אַנטוויקלט. ער האָט פֿון צייט צו צייט געשריבן אין „וועקער", געהאַלטן רעפֿעראַטן. ער האָט דאָ ווידער פֿאַרטיידיקט זיינע פּרינציפּן. ער האָט געדענקט זיין שבועה — „מער אין קיין שפּאַלטונגען ניט אָנטייל צו נעמען".

*

אין די זעלבע יאָרן איז צביון איינער פֿון די ערשטע צען גרינדערס פֿון דעם „פּיפּלס רעליף", און ער איז דאָ זייער אַקטיוו. אין 1921 נעמט ער אָנטייל אין דער דעלעגאַציע, וואָס דער ווילנער הילפֿס־קאָמיטעט שיקט אין דער אַלטער היים מיט דער גרויסער סומע פֿון 160 טויזנט דאָלאַר. צביון האָט דאָ ניט נאָר דורכגעפֿירט די שווערע שליחות פֿון אַ דעלעגאַט־געלט־פֿאַרטיילער, נאָר זיך גרינטלעך באַקענט מיטן צושטאַנד פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן און מיט דער ניי־אַנטשטאַנענער שול־ און קולטור־באַוועגונג. „גראָד דעמאָלט — דערציילט צביון — האָט מען אָנגעהויבן רעדן אין ווילנע וועגן דער נויטיקייט פֿון גרינדן אַ טעכניקום, און אויף מיין פֿאָרשלאָג איז פֿון די הילפֿס־געלטער, וואָס מיר האָבן געהאַט צו פֿאַרטיילן, באַשטימט געוואָרן

אַ געוויסע סומע, מיט וועלכער מען זאָל קענען אָנהויבן די גרינדונגס־אַרבעט״. דער דאָזיקער טעכניקום האָט זיך אין ווילנע זייער שיין אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַ באַליבטע אינסטיטוציע אין פּוילן. דער ח׳ אַ ר ק אַ ד י ק ר ע מ ע ר איז — לויט צביונס איניציאַטיוו — דאָרט געוואָרן לערער פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק. און ווען צביון איז מיט צען יאָר שפּעטער, אין 1931, אַ צווייט מאָל געווען אויף אַ באַזוך אין ווילנע, האָט ער „ווי אַ גרויסע באַלוינונג פֿאַר זיין מיטהילף״, געהאַט די זכיה צו זיין אויף די עקזאַמענס אין טעכניקום, אָנגעפֿירט טאַקע פֿון ח׳ אַרקאַדי. ער האָט עס באַטראַכט ווי אַ גרויס וואונדער, ווען די שילער האָבן אין אַ ריינער ליטעראַרישער יידישער שפּראַך געענטפֿערט אויף אַלע שווערע פֿראַגן. די עקזאַמענס אויף יידיש האָבן דאַ „אויסגעקוקט אַזוי נאַטירלעך, ווי זיי וואָלטן פֿאָרגעקומען אויף דייטש אין פּאָליטעכניקום פֿון קאַרלסרוהע אָדער שאַרלאָטענבורג״.

*

צביון האָט במשך פֿון יענע יאָרן אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכלעך: אין 1918 האָט צביון אַרויסגעלאָזט אַ ביכל פֿון 24 זייטן: „די איבערבויאונג פֿון דער געזעלשאַפֿט נאָכן קריג״; אין 1919 אַ גרעסערע בראָשור פֿון 80 זייטן „וואָס איז באָלשעוויזם״; נאָך פֿריער אין 1916 אַ בראָשור: „יוהז ווילסאָן און דאָס פֿאָלק״ (30זייטן). אין 1921 גייט אַרויס אונטער זיין אויפֿזיכט און מיט זיין פֿאָררעדע אַ באַנד אַרטיקלען פֿון ל. טראָצקי: „אונדזער רעוואָלוציאָן״ (238 זייטן). און אין 1923: „מיין רייזע אין ארץ־ישראל״ (פֿאַרלאַג „די וועלט״ וואַרשע, ז״ז 194).

אין 1921 מאַכט צביון צוויי רייזעס: קיין ליטע־פּוילן און קיין פּאַלעסטינע. אויסצוגן פֿון זיינע אַרטיקלען איבער ביידע רייזעס ווערן דאַ געבראַכט אין בוך. נאַטירלעך, איז דער מאַטעריאַל וועגן ארץ־ישראל פֿאַרעלטערט פֿאַר אונדזער היינטיקער צייט: זייער פֿיל האָט זיך זינט יענער צייט געביטן אין ארץ־ישראל — סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאַרטייאיש־ציוניסטיש. פֿונדעסטוועגן האָבן אַ סך דעמאָלטדיקע באַאָבאַכטונגען פֿון צביון אויך היינט אַ גרויסן ווערט און אינטערעס. און נאָך מער ווערט האָבן זיינע אַלגעמיינע באַטראַכטונגען און געדאַנקען איבערן יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם בכלל און איבערן ציוניזם בפֿרט.

„צו וואָס בין איך געפֿאָרן אין ארץ־ישראל?״ — פֿרעגט זיך צביון אינעם לעצטן קאַפּיטל פֿונעם בוך. „זיכער האָט אין מיין חשק צו פֿאָרן אַ געוויסן חלק געהאַט דער ארץ־ישראל־ראָמאַנטיזם, וואָס איז מיר געבליבן פֿון מיינע חדר־יאָרן״ — ענטפֿערט ער. אָבער ער איז מודה: „איך בין גיכער געפֿאָרן זוכן אַ גלויבן. איך האָב מיין קעגנערשאַפֿט צום ציוניזם קיין מאָל ניט באַגרינדעט מיט דער באַהויפּטונג, אַז דאָס שטרעבן צו האָבן אַן אייגן לאַנד איז רעאַקציאָנער און שטייט אין ווידערשפּרוך מיטן סאָציאַליזם, ווי דאָס איז געווען די מיינונג פֿון די מערסטע חברים מיינע פֿון „בונד״ — אָבער איך האָב ניט איינגעזען די מעגלעכקייט ווי אַזוי דאָס קען פֿאַרווירקלעכט ווערן. און זייענדיק איבערצייגט, אַז עס איז אוממעגלעך צו קריגן אַן אייגן לאַנד, וואו כאָטש אַ באַדייטנדיקער טייל פֿון יידישן פֿאָלק זאָל זיך קענען באַזעצן, האָב איך ניט בלויז דעם ציוניזם, נאָר טעריטאָריאַליזם בכלל, באַטראַכט ניט בלויז פֿאַר אַ חלום, נאָר פֿאַר אַ שעדלעכן

חלום, וואָס פֿאַרטומלט די יידישע מאַסן דעם קאָפּ... און אין שווערע מאָמענטן האָב איך מאַנכע מאָל אַ טראַכט געטאָן: אפֿשר איז עס דאָך מעגלעך... און עס איז געווען דאַן, ווען איך האָב באַשלאָסן צו פֿאָרן. איך וועל זען מיט מיינע אויגן, אפֿשר וועל איך אויך אָנפֿאַנגען גלויבן... איך בין געפֿאָרן, אָבער איך האָב דעם גלויבן ניט געפֿונען. זייענדיק אויפֿן פּלאַץ, האָב איך מיך נאָך שטאַרקער איבערצייגט, אַז עס איז ניט מעגלעך, אַז עס איז אַפֿילו ניטאָ וועגן וואָס צו חלומען. איך האָב געזען, אַז דאָס וואָס מען רופֿט „אונדזער לאַנד", איז ביידע זאַכן ניט — ניט אונדזער און עס איז ניט קיין לאַנד... און עס איז ניט בלויז, וואָס פּאַלעסטינע איז אַן אַראַבּיש לאַנד, דורך און דורך אַראַבּיש, נאָר אויך ווייל אַזאַ ציוויליזירט אייראָפּעאיש פֿאָלק, ווי די יידן זיינען איצט, קענען צוריק קיין אָריענטאַלער ניט ווערן... אַ יידישע פּאַלעסטינע איז בלויז מעגלעך, ווען מען זאָלן קענען פֿאַרטרייבן די אַראַבּער פֿון דאָרטן".

דאָס פֿאָרלעצטע קאַפּיטל פֿון בוך הייסט: „די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק". עס איז זייער אַ באַלערנדיק קאַפּיטל. צביונס געדאַנקען וועגן קיום האומה אַלס אַ לאָזונג פֿאַר יידישע סאָציאַליסטן — זיינען גילטיק אויך פֿאַר דער היינטיקער צייט. דער אַנאַליז פֿון יידישער אַסימילאַציע פֿון איין זייט, און פֿון ציוניסטישן נאַציאָנאַליזם פֿון דער אַנדערער זייט — איז זייער אינטערעסאַנט, עכט בונדיסטיש, געשריבן מיט קענטשאַפֿט פֿון דעם פּראָבלעם. מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט ווערט דאָרט די פֿראַגע „יידישע שפּראַך" פֿאַרבונדן מיטן פּראָבלעם וועגן קיום פֿון יידישן פֿאָלק.

„איך בין ניט זיכער — שרייבט דאָ צביון — אַז די יידישע שפּראַך וועט אַלעמאָל פֿאַרבלייבן ביים יידישן פֿאָלק, הגם עס גלויבט זיך ווייניק, אַז זי זאָל פֿאַרשווינדן. אַ שפּראַך אויף וועלכער עס רעדן צען מיליאָן מענטשן... קען ניט אַזוי לייכט פֿאַרשווינדן. אָבער איך וויל דאָך ניט מאַכן אָפּהענגיק די גאַנצע עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק — פֿון דער יידישער שפּראַך... אין דער לאַנגער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פֿון דעם יידישן פֿאָלק איז די שפּראַך ביי אים ניט געווען דער הויפּט־עיקר. דאָס יידישע פֿאָלק האָט מערערע מאָל געביטן זיין שפּראַך. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז די געפֿאַר וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון דער יידישער שפּראַך אַ ווייטלויפֿיקע. אַלנפֿאַלס איז עס בלויז אַ פֿראַגע פֿאַר גאַנץ ווייטע דורות... די אונטערשטע שורה איז, אַז ווי ווייט אונדזער אויג קען פֿאָרויסזען, איז די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק אַ געזיכערטע".

„דאָס מיינט אָבער ניט — זאָגט ווייטער צביון — אַז מען דאַרף זיך פֿאַרהאַלטן נייטראַל און לאָזן די נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פֿון דעם אייגענעם פֿאָלק אויף גאָטס באַראָט: וועט עס לעבן, איז רעכט, און וועט עס ניט לעבן — איז אויך פֿאַרפֿאַלן. אויב מען אַנערקענט, אַז דאָס יידישע פֿאָלק קען זיך ניט אַסימילירן, דאַן מוז מען זען, אַז די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ זאָל זיין וואָס נאָרמאַלער און געזונטער... דאַן איז אונדזער פֿליכט צו זאָרגן, אַז אונדזער קולטור זאָל ווערן וואָס רייכער און העכער... איז אונדזער חוב צו אַנטוויקלען, צו פֿאַרשענערן און צו באַרייכערן אונדזער שפּראַך"...

און דאָ ברענגט אַרויס צביון דעם טיפֿן אונטערשייד צווישן זיין באַציאונג צום פּראָבלעם קיום האומה און דער באַציאונג פֿון די ציוניסטן:

„דער גרונט איז, אַז די אַרבעט צו אַנטוויקלען די יידישע שפּראַך און די יידישע קולטור איז ניט פֿאַר דעם צוועק צו פֿאַרזיכערן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פֿון דעם יידישן פֿאָלק און אויפֿצוהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט, נאָר פֿאַר דעם צוועק צו העלפֿן דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, וועלכע זיינען אָנגעוויזן אויף דער יידישער קולטור און אויף דער יידישער שפּראַך.

„אמת, דער רעזולטאַט איז דער זעלביקער. אַרבעטנדיק פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור פֿאַר דעם צוועק צו העלפֿן דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, אַרבעט מען שוין ממילא אויף דער אויפֿהאַלטונג פֿון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. עס איז אָבער דאָך אַ גרויסער אונטערשייד, וואָס פֿאַר אַ צוועק מען שטעלט זיך מיט דער אַרבעט. ווען דער צוועק זאָל זיין די אויפֿהאַלטונג פֿון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, דאַן וועט דער ציוניזם, ווען ער נעמט נאָר אַריין אויך יידיש אין זיין פּראָגראַם, ווערן אַ נאָענטער מחותן. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן אַלס צוועק, האָט דער ציוניזם ניט וואָס צו זאָגן, ווייל עס איז ניט זיין צוועק און ניט זיין אויפֿגאַבע. דער ציוניזם, וועלכער גלויבט ניט אין דער מעגלעכקייט פֿון דער אַנטוויקלונג און עקזיסטענץ פֿון יידישער קולטור אָן אַן אייגן יידיש לאַנד, קען זיך דאָך ניט שטעלן פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו אַנטוויקלען די יידישע קולטור אין די גלות־לענדער. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דער אויפֿהאַלטונג פֿון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אַלס צוועק, דאַן האָט דער ציוניזם פֿיל צו זאָגן. עס איז דאָך די אויפֿגאַבע און דער צוועק פֿון ציוניזם די אויפֿהאַלטונג פֿון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט... עס איז גענוג, אַז מען זאָל באַזעצן אין פּאַלעסטינע אַ פּאָר הונדערט טויזנט יידן און זיי דאָרט קאָנסערווירן, און דערמיט וועט זיין דער צוועק פֿון אויפֿהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט דערגרייכט, ווייל אַ נאַציאָנאַליטעט קען אויך באַשטיין פֿון אַ פּאָר הונדערט טויזנט מענטשן און נישט דווקא פֿון עטלעכע מיליאָן״.

אָט אַזוי איז „מיין רייזע קיין ארץ־ישראל״ אַריבערגעוואַקסן די טעמע. עס איז אַ בוך פֿון איינעם, וואָס גיט אַ טיפֿן אַנאַליז פֿונעם יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. צביון האָט זיך דאָ שאַרף אָפּגעגרענעצט סיי פֿון אַסימילאַציע, סיי פֿון נייטראַליזם, סיי פֿון נאַציאָנאַליזם. ער איז געבליבן דער אַקטיווער בונדיסט און גלותיסט, דער אָנהענגער פֿון יידישער שפּראַך און קולטור, דער גלויביקער אין דעם היסטאָרישן זינען פֿון דער עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק.

*

צוויי מאָל האָט צביון באַזוכט אייראָפּע — אין 1921 און 1931. ער האָט זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן אויף די שפּאַלטן פֿון „פֿאָרווערטס״. טיפֿע באַאָבאַכטונגען און געדאַנקען וועגן אייראָפּע בכלל און וועגן יידישן לעבן בפֿרט, זיינען צעשפּרייט איבער די דאָזיקע אַרטיקלען. צביון האָט זיך צוגעקוקט צום יידישן לעבן, צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, צום אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין אייראָפּע. ער האָט באַזוכט די ליטווישע שטעטלעך, מיט וועלכע זיין קינדהייט איז געווען אַזוי אינטים פֿאַרבונדן. און ער האָט געזען די גרויסע עקאָנאָמישע און

פּאָליטישע שינויים צווישן ליטווישן יידנטום. ער האָט באַזוכט פּוילן און געזען דעם פונאַנדערבלי פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער יידישער קולטור און שול. ער האָט דאָ געזען „די הערשאַפט פון די קאַפּאַטע־יידן" („פאָר־ווערטס", 5טן אויגוסט 1931) און דעם פּלירט פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג מיט זיי. ער האָט זיך געטראָפן מיט די פירער פון „בונד" און אויפגעטראָטן אויף פאַרזאַמלונגען מיט יידישע אַרבעטער. ער האָט אויך באַזוכט דאָס דעמאָלט־דיקע „רויטע ווין" און געזען די הערלעכע דערגרייכונגען פון די סאָציאַליסטן.

אין אויגוסט1931 האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אַנוועזנד אויף צוויי וויכטיקע קאָנגרעסן: דעם ציוניסטישן אין באַזעל און דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין ווין. ער האָט געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן פון דאָרט און געמאַכט „אַ פאַרגלייך צווישן צוויי קאָנגרעסן" (פאָרווערטס", 21סטן אויגוסט 1931). דער שטורמישער באַזעלער קאָנגרעס האָט אים געבראַכט צום אַלטן געדאַנק זיינעם: „אויב ניט אַלץ איז קלאָר געוואָרן אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, איז אָבער איין זאַך קלאָר געוואָרן, וואָס קלערער קען ניט זיין, און דאָס איז, אַז די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם ליגט ניט אין די הענט און אין דעם כּוח פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. עס איז גאַנץ גלייך אויב וולאַ־דימיר זשאַבאָטינסקי און סטיפען וויז האָבן שטאַרק געזידלט די ענגלישע רעגירונג, און די אַנדערע האָבן בלויז אַ ביסעלע געזידלט. דער עצם געדאַנק איז דאָך אָבער ביי אַלעמען געווען דער זעלביקער, אַז ניט די ציוניסטן זיינען שולדיק אין דער איצטיקער לאַגע פון ציוניזם, נאָר אַז עמעצער אַנדערש. און קעגן דעם „עמעצן אַנדערש" איז די ציוניסטישע באַוועגונג הילפלאָז... איך האָב פאָר זיך געזען אַ באַוועגונג, וואָס איז פולשטענדיק הילפלאָז. און גראָד האָט זי דערפילט איר פולשטענדיקע הילפלאָזיקייט ווען זי איז גרויס און שטאַרק געוואָרן". אָט די פּשוטע אין איר קלאָרקייט פעסטשטעלונג בנוגע דעם ציוניזם איז, דאַכט זיך, דאָס טרעפלעכסטע, וואָס איז ווען עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן ציוניזם. און אויך אין אונדזערע היינטיקע טעג איז זי אין פולער מאָס גילטיק.

און וואָס איז שייך דעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס — קומט צביון צום פּונקט פאַרקערטן געדאַנק: „עס איז אַ באַוועגונג, וואָס הענגט אָפּ בלויז אין אירע איי־גענע כּוחות. און וואָס גרעסער עס ווערט איר כּוח, אַלץ נענטער קומט זי צו איר ציל. עס מעגן זיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן די מעטאָדן און וועגן, ווי אַזוי דעם סאָציאַליזם צו פאַרווירקלעכן... אָבער עס איז ניטאָ קיין פראַגע, אַז דער סאָציאַליזם איז געזיכערט מיט זיין פאַרווירקלעכונג... עס קען זיין אַ פראַגע, אויב די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף רעגירן, ווען זי קען ניט הערשן, אָבער עס איז דאָך קלאָר, אַז דער סאָציאַליזם דערנענטערט זיך אַלץ מער צו דער הערשאַפט".

צביון האָט דערלעבט די צייט, ווען די גרויסע ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי איז אַריין אין אַ תּקופה, ווען ניט נאָר זי „רעגירט" נאָר זי טוט אויך „הערשן". און לאָמיר ווינטשן צביונען, אַז ער זאָל דערלעבן די צייט, ווען סאָציאַליסטישע רעגירונגען וועלן הערשן אויך אין אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער.

*

מיר האָבן שוין דערמאָנט אַ פּאָר מאָל צביונס שייכות צו העברעאיש. געקומען פֿון ישיבה, שפּעטער דורכגעדרונגען מיט השכּלה, איז ער געוואָרן אַ גרויסער קענער פֿון העברעאיש. ווי דער לייענער געדענקט, איז זיין פּובליציס־טישע התחלה געווען אין „המליץ". אין 1904—1905 שרייבט ער אַרטיקלען אין העברעאישן „הזמן". אין 1909, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, אַרבעט ער מיט אין דער העברעאישער טאָג־צייטונג „היום". אין די קרייזן פֿון די העברע־אישע זשורנאַליסטן האָט מען גוט געדענקט וועגן צביונס גלענצנדן סטיל אין העברעאיש, און מ'האָט אים ניט איין מאָל פֿאַרגעלייגט צו שרייבן און מיטאַרבעטן אין פֿאַרשיידענע העברעאישע אויסגאַבעס. וועגן איינעם אַזאַ נסיון, וועלכן דער אַלטער ליבהאָבער פֿון העברעאיש האָט ניט געקענט ביישטיין, ווילן מיר דאָ דערציילן. דאָס איז געווען אין 1919. אין ניו־יאָרק איז דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען דער וואָכנטלעכער זשורנאַל אויף העברעאיש „התורן", אונטער דער רעדאַקציע פֿון ראובן ברײנין. האָט יענער זיך געווענדט צו צביונען, ער זאָל פֿאַר אים אָנשרייבן אַ סעריע אַרטיקלען וועגן באָלשעוויזם. די דאָזיקע סעריע איז טאַקע אָפּגעדרוקט אין די נומערן: 37, 38, 39, 45.

דער אַרטיקל טראָגט דעם נאָמען „הבולשביקים והבולשביזם ברוסיה". דער ערשטער אַרטיקל דערציילט: ווער זיינען די באָלשעוויקעס? ער דערקלערט דאָ דעם אונטערשייד צווישן די אָנשויאונגען פֿון די מענשעוויקעס און באָלשע־וויקעס. לויט צביונען איז דער נצחון פֿון די באָלשעוויקעס געקומען דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן גערעדט צו די רוסישע אַרבעטער „אין די טעג פֿון דער רעוואָ־לוציע די זעלבע רייד, וואָס זיי האָבן גערעדט צו זיי פֿאַר דער רעוואָלוציע. און די דאָזיקע רייד זיי האָבן אַריינגעזאָפּט אין זייערע הערצער" — דאָ איז געמיינט די רייד וועגן דיקטאַטור און הערשאַפֿט פֿון פּראָלעטאַריאַט. אינעם צווייטן אַרטיקל רעדט ער וועגן דעם, אַז „דער באָלשעוויזם דאָס איז דער סאָציאַ־ליזם שבמעשה, דער סאָציאַליזם פֿון היינט און ניט פֿון דער ווייטער צוקונפֿט".

און שוין דעמאָלט האָט צביון זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון וועגן די געפֿאַרן און פּערספּעקטיוון פֿו דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש. אינעם דריטן אַרטיקל שרייבט ער: „איך מוז דאָ דורכפֿירן אַן אונטערשייד צווישן די צוויי באַגריפֿן: סאָציאַלע איבערקערעניש און סאָציאַליזם, אָפֿט מישט מען זיי אומ־גערן צונויף. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס גלייבן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן שוין גע־בראַכט דעם סאָציאַליזם אין רוסלאַנד, אָבער דאָס איז אַ פֿאַלשע פֿאַרשטעלונג. ניט סאָציאַליזם האָבן זיי געבראַכט נאָר אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס זי איז אַן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. עס איז לייכט געווען צו ברענגען די סאָציאַלע איבערקערעניש אין רוסלאַנד, ווייל דער בורזשואַזער קלאַס איז אין רוסלאַנד געווען צו שוואַך אויף אַנטקעגנצושטעלן זיך. אָבער עס וועלן נאָך יאָרן אַדורכ־גיין, ביז די סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד וועט געלינגען איינצושטעלן אַ סאָציאַ־ליסטישע אָרדענונג אין לאַנד... דער גרעסטער טעות פֿון די באָלשעוויקעס איז געווען, וואָס זיי האָבן געגלויבט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אויס־ברעכן אויך אין אַנדערע לענדער... וואָלטן די באָלשעוויקעס ניט געווען

אַזוי זיכער, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט גאָר גיך אויסברעכן אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, וואָלטן זיי זיך אָפּגעהאַלטן פון צו טאָן אַ סך זאַכן, וואָס שפּעטער האָבן זיי חרטה געהאַט אויף זיי".

זינט יענער צייט האָט צביון מער גאָרניט געשריבן אויף העברעאיש. אָבער זיינע לומדות און העברעאיש-קענטענישן האָבן נאָך אַלץ אַ שם אין ברייטע קרייזן.

*

אין משך פון זיין 50יעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט האָט צביון אָנגעשריבן עטלעכע וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע און פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. שוין אין דער ווילנער „פאָלקס-צייטונג" (1906) האָט ער אָפּגעדרוקט אַן ערנסטע אַרבעט, באַזירט אויף מאַטעריאַלן פון בונדישן אַרכיוו, וועגן דעם ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין. אין דער יובילעי-אויסגאַבע פון „פאָרווערטס" אין 1917 (דערשינען אין בוך-פאָרם) האָט צביון געגעבן אַ גרויסע אַרבעט „די ערשטע יידישע צייטונגען אויף דער וועלט" — דאָס איז געווען אין יענער צייט אַן אַרבעט פון פּיאָנערישן כאַראַקטער. אין ווילנע (1906) איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינע אַ גרעסערע בראָשור (פאַרלאַג „די וועלט") מיטן נאָמען „פרויען-האַנדל און פּראָסטיטוציע"; אין 1918 אין אין דער אַרבעטער-רינגביבליאָטעק אַרויס צביונס „אַסטראָנאָמיע" (275 ז"ז) און אין 1919 אין דער זעלבער סעריע — זיין „זאָאָלאָגיע — דאָס לעבן פון חיות" (502 ז"ז). דער אויפטו פון צביונען אין די דאָזיקע צוויי ביכער איז געווען זייער גרויס ניט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט דאָ געגעבן דעם יידישן לייענער אין אַ פּאָפּולערער פאָרם די אויסשעפּנדיקע ידיעות פון די צוויי אָנגערופענע וויסנשאַפט-געביטן. צביון האָט געהאַט גובר צו זיין אַ גרויסע שוועריקייט: דאָס זיינען דאָך געווען ביכער, וואָס באַהאַנדלען צום ערשטן מאָל אויף יידיש די דאָזיקע וויסנשאַפטן. אין יידיש האָט געפעלט די טערמינאָלאָגיע פאַר אַלע דערשיינונגען, פּראָצעסן, פאַקטן פון אַסטראָנאָמיע און זאָאָלאָגיע; מ'האָט געדאַרפט פאַריידישן דייטשע נעמען, אויסנוצן אַלט-העברעאישע טערמינען; מ'האָט געמוזט שאַפן אייגענע ווערטער; מ'האָט געדאַרפט געפינען די אופנים, ווי אַזוי מסביר צו זיין די ענינים דעם ניט-צוגעגרייטן, רויען יידישן לייענער. די זעלבע פּראָבלעם איז געשטאַנען פאַר צביונען, ווען ער האָט באַקומען דעם אויפטראַג פון בילדונגסקאָמיטעט פון אַרב.רינג צו רעדאַגירן דעם פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכן בוך פון ס. פיינסטאָון „כעמיע — צו לעזן און צו לערנען" (272 ז"ז) — אַ בוך וועגן אָרגאַנישער און אַנאָרגאַנישער כעמיע, מיט אַ באַזונדערער אָפּטיילונג פאַר אינדוסטריעלער כעמיע. צביון האָט צו דעם בוך אָנגעשריבן אַ פאָררעדע; ער האָט אויך רעדאַגירט די אַנדערע אויסגאַבעס פון דער זעלביקער סעריע פון דער אַרב.-רינג-ביבליאָטעק. צביון האָט אין די אַלע פאַלן מחדש געווען זייער אַ סך, באַרייכערט דעם וויסן פון די יידישע לייענערס, און באַרייכערט די יידישע שפּראַך גופא. צביון האָט אויך געאַרבעט איבער אַ בוך — „די געשיכטע פון די יידן אין מיטלאַלטער" פאַר דער זעלביקער סעריע; אָבער דאָס דאָזיקע בוך איז ניט דערשינען.

נאָך איין אײן גרויסער אונטערנעמונג האָט זיך באַטײליקט צביון — ער איז געווען מיטרעדאַקטאָר פֿון דעם „ענגליש־יידישן ענציקלאָפּעדישן ווערטער־בוך". די אויסגאַבע פֿון דעם דאָזיקן ענציקלאָפּעדישן ווערטערבוך איז געווען דער קולטור־פֿאַרדינסט פֿונעם דעמאָלטדיקן אַרויסגעבער פֿון „מאָרגן־זשורנאַל", יעקב סאַפּירשטיין; ער האָט אַרײנגעלייגט אין דעם 50 טויזנט דאָלער, אַ קאָלאָ־סאַלע סומע אין יענער צייט. צביון איז געווען רעדאַקטאָר פֿונעם יידישן טייל פֿון דער אויסגאַבע (הויפּט־רעדאַקטאָר איז געווען ד"ר פּאָול אייבעלסאָן). די גאַנצע אַרבעט איבערן ווערטערבוך האָט געדויערט פֿון 1911 ביז 1915; עס האָט געאַרבעט אַ פּערסאָנאַל פֿון אַכט—ניין מענטשן, און צביון האָט געהאַט די השגחה איבער דער אַרבעט סיי רעדאַקציאָנעל, סיי אָרגאַניזאַטאָריש. ביז הײנ־טיקן טאָג האָט ניט דער דאָזיקער ווערטערבוך קיין גלייכן אויף יידיש. און הגם ער איז אַרויס אין 1915, האָט ער אַלץ אַ גרויסן ווערט פֿאַר אַ יידן, וואָס וויל באַהערשן די ענגלישע שפּראַך; אויך פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿונעם יידישן שפּראַך־אוצר, איז דאָ דערגרייכט געוואָרן זייער אַ סך, עס ליגט דאָ אַ גרויסע עשירות פֿון יידיש. און צביונס חלק אין דעם איז גאָר גרויס — סיי אין דעם עצם איני־ציאַטיוו פֿון דער אויסגאַבע, הן אינעם פֿאַרווירקלעכן זי.

אין די גאָר לעצטע יאָרן פֿאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט צביון אָנטייל גענומען אין דער גרויסער אַרבעט אַרום דעם זאַמלבוך „טויזנט יאָר פּינסק", פֿון וועלכן ער איז געווען דער רעדאַקטאָר. דער דאָזיקער זאַמלבוך שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גרויסע ליטעראַרישע און קולטורעלע אונטערנעמונג. עס איז אַ גאָר וויכטיקער בייטראָג צו דער יידישער געשיכטע־ליטעראַטור. צביונס אַרבעט דערביי, סיי אַלס רעדאַקטאָר, סיי אַלס אָרגאַניזאַטאָר, איז געווען זייער וויכטיק און באַדייטנדיק.

*

די יידישע געזעלשאַפֿטלעכקייט און די יידישע פּרעסע, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און דער יידישער פֿאָלקס־לייענער פֿייערן איצט דעם 50יעריקן יובילײ פֿון צביונס זשורנאַליסטישער טעטיקייט.

פֿופֿציק יאָר... פֿופֿציק יאָר זשורנאַליסטישער, פּובליציסטישער, פּאָפּולאַ־ריזאַטאָרישער טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך. פֿופֿציק יאָר טאָג־טעגלעכע אויפֿקלערונג פֿונעם יידישן לעזער אין געביט פֿון יידישער און וועלט־פּאָליטיק, אין געביט פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פֿון סאָציאַליזם און מאַרקסיזם. פֿופֿציק יאָר לערנען דעם יידישן לייענער און באַקענען אים מיט עלעמענטאַרע און מיט גאָר־קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿון פֿיזיק און כעמיע, און פֿון אַנדערע נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע געביטן. פֿופֿציק יאָר אויפֿקלערונגס־אַרבעט אין געביט פֿון יידישע וויסנשאַפֿטן, פֿון יידישער קולטור, פֿון דער יידישער געשיכטע. פֿופֿציק יאָר שאַפֿן אין יידיש, שטיין אויף דער וואַך פֿון דער יידישער קולטור, פֿון אַלע לעבעדיקע באַוועגונגען אין יידישן לעבן. פֿופֿציק יאָר פֿרוכטבאַרע און קאָלירפֿולע שריפֿטשטעלערישקייט. צביון קען באמת געקרוינט ווערן מיטן נאָ־מען לערער און דערציער פֿון די ברייטסטע יידישע מאַסן. ער פֿירט ביי דער האַנט דעם יידישן לייענער, העלפֿט אים זיך פֿונאַנדערקלייבן אין אַלע ענינים פֿון אַרומיקן לעבן, פֿון מענטשלעכן געדאַנק. ער איז זיין וועג־ווייזער אין פּשוטסטן

און בוכשטעבלעכן זין פֿון וואָרט. און דער יידישער לייענער־עולם האָט דאָס טאַקע אַזוי אָפּגעשאַצט, און געשטאַנען אין שטענדיקן לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט צביונען, אים געפֿרעגט שאלות און עצות, אים דאַנקבאַר געווען פֿאַר זיינע באַלערנדיקע אַרטיקלען, זיך געלערנט ביי אים, זיך פֿאַרטראַכט אויף אַלע נייע פּראָבלעמען, און ווען אַפֿילו ניט מסכּים געווען מיט אים — געחלשט צו וויסן, וואָס טראַכט צביון וועגן דעם ענין.

און געהויבן דעם יידישן לייענער האָט צביון ניט נאָר מיט דעם, וואָס ער האָט געשריבן און אַריינגעלייגט אין אינהאַלט פֿון זיינע אַרטיקלען, נאָר אויך מיט דעם, ווי אַזוי ער האָט געשריבן וועגן דעם אַלצדינג. דער סטיל און די פֿאָרם פֿון צביונס שרייבן — האָט טויזנטער מעלות און חן. ער איז קלאָר און דורכזיכטיק, ווי דאָס קרישטאָלן וואַסער פֿון אַ לעבעדיקן קוואַל. יעדער געדאַנק איז ביי אים אַבסאָלוט קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, אָן פֿאַרדרייעלישן און אָן איבערשפּיצלעך, אָן שום ווילן צו זיין „אָריגינעל" און „מאָדערן". מיט אַן אויסער־געוויינלעכן טאַלאַנט איז ער מסביר די פֿאַרוויקלטסטע פּראָבלעמען און טעמעס. צי עס איז אַ פּאָליטישע פּראָבלעם, צי אַ נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע — אַלץ איינס, איז די באַהאַנדלונג געבויט אויף 100־פּראָצענטיקער לאָגישקייט, אויסגע־האַלטנקייט, גרינטלעכקייט, דורכגעטראַכטקייט. און שטענדיק אויפֿן יסוד פֿון אויסשעפּנדיקע, פֿרישע מאַטעריאַלן און ידיעות.

שווין אָט די מעלה פּירט צו דעם, אַז דער מאַטעריאַל זאָל געבויט ווערן אין אַ מייסטערהאַפֿטער אַרכיטעקטור, מיט פֿעסטקייט און זיכערקייט, מיט אויפֿ־ריכטיקייט און אוממיטלבאַרקייט. אָבער צו דעם אַלעם קומען צו נאָך צוויי גרויסע מעלות וועלכע מאַכן צביונס שרייבן נאָך רייכער, צוציענדיקער, אינטע־רעסאַנטער. די דאָזיקע צוויי מעלות זיינען זיין יידיש און זיין הומאָר. צביונס יידיש איז ניט קיין געקינסטלטער, ניט קיין איבערגעזעצטער, נאָר אַזוי צו זאָגן — פֿון ערשטן קוואַל. עס איז דער יידיש פֿון דער הײם. פֿון קלוגע טאַטע־מאַמע, פֿון חדר און ישיבה. עס איז דער ליטווישער יידיש, רייך מיט אָריגינעלע טענער און אידיאָמען, מיט וואַרעמער ליבלעכער באַציאונג צו די לאָקאַליזמען. אוודאי, האָט צביונס שפּראַך פֿאַר די פֿופֿציק יאָר זיך אַנטוויקלט, אַרונטערגעפֿאַלן אונטער די ליטעראַרישע השפּעות פֿון דער צייט. אָוודאי איז ער פּטור געוואָרן פֿון פֿאַרשיידענע דייטשמעריזמען און פֿון אמת־דייטשישע איינפֿלוסן פֿון זיין ריגער יידיש. אוודאי האָט ער אַריינגענומען געוויסע פֿאָרמען און ווערטער, וועלכע זיינען פֿאַר די יאָרן אַריינגעדרונגען אין דער יידישער שפּראַך. אָבער בדרך כּלל און אין עצם — איז צביונס יידיש אַ קערנדיקער מאַמע־לשון, וועלכע ציט חיונה פֿון אורקוואַל, פֿריי פֿון סתם נאָוואַטאָרישקייט, פֿון שפּראַך־שפּיל צוליב שפּיל, פֿון שפּראַך־אויסטראַכטענישן. זיין שפּראַך איז זייער איינגעהאַלטן אין פּרט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען און פֿאַרשיידענע מינים „אויסלענדישע" און הויך־געלערנטע ווערטער; אין דער זעלבער צייט איז זיין שפּראַך אויך זייער עקאָנאָמיש בנוגע העברעאישע ווערטער. ער מיידט אויס סתם לומדישע אויסדרוקן און גמרא־ווערטלעך. ער היט זיך — ניט צו אַרכאַאיזירן זיין יידיש, ווייל יידיש איז פֿאַר אים אַ צו לעבעדיקער און קאָנקרעטער ענין, אַ צו וויכטיקער אויפֿקלער־אינסטרומענט. אָט צוליב די אַלע סיבות איז צביונען

אַזוי אָפּט אויסגעקומען צו פּאָלעמיזירן מיטן „ייווא“ און זיינע טענדענצן לגבי דער יידישער שפּראַך און יידישער פאָרם.

אין אַפּריל 1942 איז אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, וואו עס איז געפירט געוואָרן אַ דיסקוסיע וועגן דער שפּראַך, וואָס ווערט באַנוצט אין די אויסגאַבעס פון „ייווא“. דאָס אַריינפיר־וואָרט האָט געהאַט צביון. און אַרויסגעקומען איז ער מיט דריי טענות צום „ייווא“: פאַרוואָס דער „ייווא“ וואַרפט אַרויס ווערטער, פאַרוואָס ער טראַכט אויס ווערטער און פאַרוואָס ער נוצט אַזוי פיל העברעאיזמען. צביון האָט אַזוי פאָרמולירט זיינע טענות:*

„מען האָט אויסגעטראַכט אַ וואָרט ‚דייטשמעריזם‘, וואָס איך פאַרשטיי עס אין גאַנצן ניט. דייטשמעריש קען זיין דער זאַצבוי, אָבער עס קען ניט זיין קיין ווערטער דייטשמעריזמען. אין דער ענגלישער שפּראַך זיינען ניטאָ קיין פרעמדווערטער. אַלץ איז גוט. יידיש האָט גענומען די ווערטער (אין דער מער־הייט פאַלן) פון דייטש. זיינען אַלע דייטשע ווערטער פּאָטענציעל יידישע ווערטער. ווען מען דאַרף זיי — קען מען זיי אַריינגעמען. מען קען ניט אַרויסוואַרפן אַזאַ וואָרט ווי הינריכטן. מען דאַרף ניט אַרויסוואַרפן אַזאַ וואָרט ווי פאָרשלאָג און עס פאַרבייטן מיט פאָרלייג. מען קען ניט אויסקומען אָן אַזאַ וואָרט ווי געברויך, וואָס איז שוין לאַנג אַריין אין אונדזער שפּראַך. דאָס אייגענע איז אויך מיט די ווערטער פון ענגליש. ניטאָ קיין אַנדער וואָרט פאַר בייבי אָדער טראָבל. אַ שפּראַך פאַרדייט אַלע פרעמדע ווערטער, וואָס ווערן אין איר אַריינגענומען, אויב זיי בייטן ניט די קאָנסטרוקציע פון דער שפּראַך.

„אין געוויסע פּעריאָדן וויל מען שאַפן נייע ווערטער, אָבער שפּעטער זעט מען איין ווי לעכערלעך דאָס איז. אָט ווערט למשל פאָרלייג קיין מאָל זיך ניט אַריינפּאַסן אין דער שפּראַך און עס וועט זיך ניט אָננעמען. פּונקט אַזוי איז ניט אַריין אין דער שפּראַך ד״ר זשיטלאָווסקיס אויפמערק. אַזאַ ניי וואָרט ווי סוף־כל־סופּיק איז ממש חוזק. פון דער אַנדערער זייט האָט „ייווא“ אַ נייגונג צו אַרכאַאישע ווערטער.

„... יעדער לעקטאָר ווייסט ווי עם־הארצותדיק עס איז דער עולם. איבער דעם וואָס מען ניצט צו פיל העברעאיזמען קומט אַרויס אַ טאָפּעלע עם־הארצות: אַ טייל ווייס ניט דאָס וואָרט, אַ טייל ווייס יאָ דאָס וואָרט, קען עס אָבער ניט איבער־לייענען. אָט איז געווען אין „געדעכטיקייט“ אַ סקיצע „דער יורד“. איז געקומען צו מיר אַ ייד און פרעגט וואָס באַטייט יורד. פאַראַן אַפילו יידישע שרייבערס וואָס זאָגן בולט אויף בולט. פאַראַן שרייבערס, וואָס פאַרשטייען ניט די „ייווא־בלעטער“, ווייל דאָרטן זיינען דאָ צו פיל העברעאישע ווערטער. פאַר וועמען שרייבט מען אַזוי? נאָר פאַר אַ קליינער צאָל לומדים. אָבער אונדזער שפּראַך איז ניט פאַר לומדים. נעמט אַזוינע ווערטער ווי איכות און כמות. מאַכט אַן אַנקעטע צווישן יידישע שרייבערס — וויפל וועלן וויסן וואָס דאָס באַטייט? אָדער ווער ווייסט, אַז מרובע איז קוואַדראַט? פאַראַן נאָך זייער אַ סך אַזעלכע ווערטער. דאָס איז אַ שטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידיש. פאַר די קינדער, וואָס מען לערנט מיט זיי יידיש אין די שולן, ווערט יידיש טערקיש.

* „יידישע שפּראַך“, מאַרץ—אַפּריל 1942.

„בכלל פלירטעוועט מען אין די „ייווא״-אויסגאַבעס מיט צו פיל וויסנשאַפט־לעכע טערמינען.

„איך בין ניט קעגן שאַפן נייע ווערטער, אָבער מען דאַרף דערביי זיין מער פּאַרזיכטיק. און איך זאָג: טרייבט ניט איבער מיט די דייטשמעריזמען, עס איז דאָ אַ סך ווערטער וואָס מען מוז זיי ניצן, ווייל מען האָט ניט קיין אַנדערע. הינדריכטן איז גוט, ווייל עס איז ניטאָ קיין אַנדער וואָרט פאַר דעם. מיר איז אַליין אויסגעקומען צו שאַפן נייע ווערטער, ווען איך האָב אָנגעשריבן אַ פּאָפּולער בוך וועגן אַסטראָנאָמיע. אָבער מען דאַרף זיך היטן ביי די נייסן״.

אָט די רייד פון צביונען זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. ער גע־דענקט שטענדיק וועגן דעם לעבעדיקן לייענער. אינהאַלט און שפּראַך־פאָרם זיינען פאַר אים געבונדן. ער וויל דערנענטערן די שפּראַך צו וואָס מער עקזאַקטקייט, קאָנקרעטקייט. ער וויל, אַז יידיש זאָלן פאַרבלייבן די שפּראַך פונעם ברייטן עולם, און ניט פאַרוואַנדלען זיך אין אַ לשון־קודש. ער איז בכלל אַ קעגנער פון געקינסטלטקייט, פון אומישנעדיקע צוטראַכטענישן. יידיש איז פאַר אים אַן אָרגאַנישער טייל פון יידישן לעבן, ניט פון וויסנשאַפטלעכע קאַבינעטן. צביון איז אַ דעמאָקראַט ניט נאָר אין פּאָליטיק, נאָר אויך אין רעדן, אין שרייבן, אין שמועסן מיטן לייענער. עס איז צו אויבערפלעכלעך, ווען מען מיינט צו באַשולדיקן צביונען, אַז ער וויל האָבן די יידישע שפּראַך נאָר אויף אַזאַ מדרגה, ווי דאָס פאָדערט די ציַיטונג און דער צייטונגס־לייענער און ער זאָרגט ניט וועגן דער ווייטערער פּערספּעקטיוו פון יידיש. אין דער אמתן איז דאָ עפּעס אַנדערס: צביון פאַרמאָגט אַ געזונטן חוש פאַר לעבעדיקער שפּראַך און ער זעט פאַר זיינע אויגן דעם לעבעדיקן לייענער. דער פּראָפּאַגאַנדיסט און מדריך, דער סאָציאַליסט און דעמאָקראַט אין אים דיקטירן אים אַ גאָר אַנדערע באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך.

אַפילו לגבי קונסט פּרעוואַלירט ביי צביונען אויך אָט דער שטאַנדפּונקט, און די „ריינע קינסטלער״ וואָלטן געקענט אַרויסשטעלן צו צביונען די זעלבע טענות, ווי אונדזערע „ריינע פילאָלאָגן״. אין אַן אַרטיקל „די אויפגאַבע פון דער קונסט פון וואָרט״ (17טן פעברואַר 1936, „פאָרווערטס״) האָט צביון געשריבן:

„...קינסטלער זיינען ניט די איינציקע, וואָס זיינען באַשאָנקען מיט דער וואונדערלעכער פעאיקייט פון קינסטלערישן שאַפן... דער אונטערשייד איז בלויז, וואָס ביי די קינסטלער, ביי דעם טאַלאַנט האָט די שאַפנדיקע קראַפט זיך שוין דורכגעבראָכן איר וועג און זי האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר דער וועלט, בעת אין דעם דורכשניטלעכן מענטשן איז זי נאָך פאַרבאָרגן... אין דער יידישער ליטע־ראַטור האָט מען אַוועקגעגעבן דעם גאַנצן טאַלאַנט צו די פּאָעטן און צו די בעלעטריסטן. געקומען איז עס דערפון, וואָס אין אונדזער יידישער ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן דער באַגריף, אַז די קונסט פון וואָרט באַשרענקט זיך מיט פּאָעזיע און בעלעטריסטיק, און אַזוי ווי טאַלאַנט איז אַ באַדינגונג פאַר קונסט, קומט עס שוין ממילא אויס, אַז בלויז פּאָעטן און בעלעטריסטן האָבן טאַלאַנט... וואָס פאַר אַן ערקלערונג מען זאָל ניט געבן וועגן קונסט, דאַרף מען אַלע מאָל האָבן אין זינען, אַז דאָס וואָרט קונסט שטאַמט פון דעם וואָרט

„קענען". ... עס איז ביי מיר קיין צווייפל ניט, אז די קונסט פון ווארט האט זיך אנגעפאנגען דערמיט, ווען דאס ווארט האט אנגעפאנגען באנוצט ווערן צו מאכן א ווירקונג אדער אן איינדרוק אויפן צווייטן, גאנץ גלייך אין וועלכער פארם". און דערפאר טאקע האט צביון אין דעם ארטיקל און אין אנדערע געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די לייענערס צו דער בייער אינטערעסאנטער דערשיינונג פון די לעצטע יארן, „וואס די בעלעטריסטן האבן אנגעפאנגען צו שרייבן פובליציסטיק און עס ווערט געשאפן א נייע פארם פון שרייבן — פובליציסטישע בעלעטריסטיק אדער בעלעטריסטישע פובליציסטיק".

איך האב זיך אפגעשטעלט גענויער אויף דער דאזיקער מיינונג פון צביונען, ווייל דאס דערקלערט אויך אין א גרויסער מאס זיין שטעלונג צום ענין שפראך. צביון האלט בעיקר פון „קענען". דער אלף־בית פון שרייבן באשטייט פאר אים אין דעם, אז דאס שרייבן זאל „מאכן א ווירקונג אדער אן איינדרוק אויפן צווייטן". שפראך דארף דינען די אויפגאבן פון לערנען, באלערנען, אויפקלערן און אויך הנאה האבן. שפראך איז אן אינסטרומענט, און ער דארף „קענען" דינען די צוועקן פאר וועלכע ער איז באשטימט. קיינע געצנדינערישקייט אין געביט פון שאפן! דער עיקר איז דער מענטש, אין דעם פאל, דער לייענער. טאלאנט איז ניט קיין אפגאט! געדענקען דארף מען וועגן דעם „דורכשניטלעכן מענטשן", ווייל ער איז ניט נאר א פאסיווער קאנסומענט, נאר אין אים איז אויך פארבארגן א גרויסע פאטענציעלע „שאפנדיקע קראפט". און אויך אין געביט פון שפראך איז אט דער „דורכשניטלעכער מענטש" דער פוסק אחרון, ווייל אויך אין געביט פון שפראך אנטוויקלט ער טאג־טעגלעך אומגעהויערע „שאפנדיקע קראפט". און וואס מער אונזער יידיש וועט באאיינפלוסט ווערן פון דער דאזיקער „שאפנדיקער קראפט" פונם ייד פון א גאנץ יאר, אלץ געזונטער וועט זיין.

דאס הייסט ניט, אז קיין לאבאראטארישע ארבעט און עקספערימענטאל־באוואוסטזיניקע ארבעט טאר אין געביט פון יידיש ניט געפירט ווערן. פארקערט, ווי צביון זאגט עס אין דער אויבן־געבראכטער ציטאטע, ער האט אליין עקספערימענטירט, און ניט נאר אין די נאטורוויסנשאפטלעכע ביכער, וועלכע ער האט געשריבן און ניט נאר אינעם ענציקלאפעדישן ווערטערבוך, אין וועלכן ער איז געווען מיטרעדאקטאר, נאר ער טוט דאס במשך פון די 50 יאר פון זיין שרייבן אין יעדן פעליעטאן, אין יעדער נאטיץ און אפהאנדלונג.

צביון איז אויסערגעוויינלעך אפגעהיט אין פרט פון דער שפראך. גענוג א קוק צו טאן אויף זיינעם א כתב־יד, זעט מען ווי ער פיילט און פאלירט די שפראך, ווי ער זוכט דאס בעסטע ווארט, וואס קען אויפן פשוטן און קלארן אופן אויסדריקן זיין געדאנק און געפיל. און דער אלט־דערפארענער צביון פוילט זיך אויך היינט ניט ארומצולויפן איבער די רעדאקציע־צימערן און איבערפרעגן זיינע קאלעגן: ווי אזוי האט מען געזאגט ביי אייך אין דער היים אויף אזא ווארט, באגריף? וואס געדענקט איר פון די קינדער־יארן פון חדר? און אז מען דארף, קוקט ער אריין אין א ספר, אין א ווערטער־בוך, אין אן אלטן מקור.

צביונס „איינפאכער יידיש" איז דעריבער ניט א רעזולטאט פון לייכט־מאכן זיך, פון ניט־פאראינטערעסירטקייט אינעם מצב פון יידיש — נאר פונקט פאר־

קערט, ער איז אַ פּועל־יוצא פֿון זיין אַקטיווער באַציאונג צו יידיש, פֿון זיין גרויסער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, פֿון זיין גרויסער אַכטונג און אויפֿמערקזאַמקייט צום יידיש־לייענער.

און דאָס אַלץ איז געבונדן מיט דער צווייטער מעלה פֿון צביונס שרייבן: דאָס איז זיין „ד י נ ע ר" ה ו מ אָ ר. עס איז ניט קיין הומאָר צוליב הומאָר. עס איז דער שטייגער פֿונעם קלוגן, פּיקחותדיקן מאַן, וואָס זעט אַלץ מיט אָפֿענע אויגן, וואָס פֿאַר אים ווערט ניט פֿאַרבאָרגן קיין איין שטריך, קיין איין גרימאַסע. עס איז דער שטילער שמייכל אונטער די וואָנסעס, באַגלייט מיט אַ פֿייערל אין די קלוגע אויגן. ער איז ניט קיין אָפּלאַכער, קיין חוזק־מאַכער. ער איז צו קלוג, צו טאַקטיש פֿאַר דעם. זיין הומאָר איז אַ רעזולטאַט פֿון זיין גוטמוטיקייט. ער זעט אַלץ פֿון עטלעכע קוק־ווינקלען, עס פֿעלט אים דאָס ביסל לייכטזיניקייט צו פֿאַרקוקן, צו פֿאַרזען, און ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ און שמייכלט אונטער... ער צינדט זיך ניט אָן, ווערט ניט באַגייסטערט פֿון יעדער סענסאַציע, — ער זעט קלאָר דעם סוף פֿון דער זאַך, אָבער ער בייזערט זיך ניט, ער איז ניט אין כּעס, ער רייצט זיך ניט — ער איז צו מיושבדיק פֿאַר דעם, און גראָד מיט זיין שטילן וויץ און גלייכווערטל זאָגט ער אַריין אין דער זיבעטער ריפּ. ווי איז צו דעם, וועמען ער נעמט אַרויף אויפֿן שאַרף פֿון זיין מעסער. זיין הומאָר איז אַנאַליטיש, און ער איז קאָנסטרוקטיוו. צביון האָט אַ גוטן זכרון, און ער דערמאָנט וועמען וואָס מען דאַרף, און דערמאָנט עס צו דער צייט און צום פּלאַץ. אַזוי ווי אין אַ סך אַנדערע פּרטים, איז צביון אויך אין זיין הומאָר און וויץ — זייער יידישלעך. טאָמער זאָגט ער אַמאָל אַריין צו שאַרף, טאָמער כאַפּט ער זיך אַמאָל אַרויס מיט אַ צו פֿרייען וויץ אָדער אַנעקדאָט — פֿילט איר בפּועל ממש, ווי זיינע באַקן רויטלען זיך, ווי ער פֿאַרשטעלט זיך צניעותדיק דאָס פּנים. עס איז ביי אים אַ שטילער חנעוודיקער הומאָר. נאָר אויפֿן אַדרעס פֿון אויסגעשפּראָכענע שונאים פֿון יידן צי פֿון דער מענטשהייט — דערלויבט זיך צביון אַ האַרבן זידלוואָרט און אַ שטיקל קללה. „אין די טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר" הערט מען עס ניט פֿון אים. עס איז אַ גאָט־געבענטשטער און טיף מענטשישער הומאָר פֿון אַ טאַלאַנטירטן שרייבער, דאָס וואָרט איז אין זיינע הענט — מייסטערשאַפֿט, וועלכע ער באַנוצט מיט געשיקטקייט. דער פֿאַרנעם פֿון זיינע אַסאָציאַציעס איז דערצו זייער גרויס. און עס ווערט דעריבער דעם לייענער קיין מאָל ניט נמאס צו לייענען אָט דעם היימישן, אייגענעם, קלאָר־דורכזיכטיקן פֿעליעטאָניסט, וועלכער האָט אַלע מאָל ניט נאָר וו אָ ס צו זאָגן, נאָר וועלכער ווייסט גוט ו ו י אַ ז ו י צו זאָגן, אַריינזאָגן, אָנזאָגן. דאָס איז דער צביון פֿון די „יידישע אינטערעסן", פֿון די „צייט נאָטיצן", וועלכע זיינען אַזוי באַליבט ביי גרויסע מחנות לייענער.

*

צביון איז ניט קיין פּאָליטישער פֿירער, קיין אָרגאַניזאַטאָר, קיין פּראַקטישער טוער, הגם ער איז זיין גאַנצן לעבן געבונדן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים מיט די פּאָליטישע און פּראָפֿעסיאָנעלע צווייגן פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דערפֿאַר אָבער איז צביון אַלע זיינע יאָרן אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פֿון די אידעען פֿון סאָציאַליזם. געטריי דעם אידעאַל פֿון סאָציאַליזם און זיין גייסטיקן

אינהאַלט, זיין מאָראַלישן תּוך, — איז צביון אויך געטריי דער פּאַרטיי פון ידישן אַרבעטער, דעם אינטערנאַציאָנאַל פון סאָציאַליזם, און דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די גרויסע צאָל אַרטיקלען זיינע וואָס זיינען געווידמעט די פּראָבלעמען פון דער פּאָליטישער באַוועגונג און פון דער פּאַרטיי — זיינען אַ געוואוגנדיקער באַווייז דערצו.

צביון איז שטענדיק געווען פריי פון „פּאַרלאַמענטאַרישן קרעטיניזם״, פון רעכטן רעפאָרמיזם. ער איז אַן אָנהענגער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, און ער האָט אין קיין שום פעריאָד ניט מסכּים געווען אויסצומעקן דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ און „רעוואָלוציאָנער״ פון סאָציאַליסטישן סידור. אין מאַי 1944 האָט די היגע בונדישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונג געפייערט דעם 70יעריקן געבורטס־טאָג פון צביונען. און ענטפערנדיק אויף די באַגריסונגען פון די צוזאַמענגעקומענע חברים און פריינט, האָט ער דאָ באַרירט אין זיין וואָרט די פראַגע, צי דאַרף מען „רעווידירן די סאָציאַליסטישע טעאָריעס און אַלע סאָציאַליסטישע אמתן אין דער ליכט פון אונדזערע דערפאַרונגען אין די לעצטע יאָרן״. און עס איז מערקווירדיק, מיט וואָס פאַר אַ קלאָרקייט און זיכערקייט דער 70יעריקער צביון, פּנים אל פּנים מיט דער קאַטאַסטראָפע פון ידישן לעבן און פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו יענער צייט, האָט געענטפערט אויף דער פראַגע:

„מיר האָבן קיין מאָל ניט — האָט ער געזאָגט — געדאַרפט דערוואַרטן, אַז דער מאַרקסיזם קען געבן אַן ענטפער אויף אַ ל ע פראַגן, ווי וויסנשאַפטלעך מיר זאָלן אים ניט האָבן געהאַלטן. עס איז געווען גענוג ווען ער האָט געגעבן אַן ענטפער אויף אַ מאַקסימום פראַגן און אַז ער האָט אַפּעלירט צו אונדזער שכל שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע סאָציאַלע טעאָריעס. דער מאַרקסיזם איז דעריבער געוואָרן אונדזער וועג־ווייזער אין דער פאָרשונג פון סאָציאַלע פראַגן און ער קען עס אויך זיין היינט אין אונדזער פּראַקטישן לעבן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר האָבן אויסגעפונען, אַז עס זיינען פאַראַן לעכער אין דער מאַרקסיסטישער טעאָריע און אַז זי פאַרענטפערט ניט אַלע פראַגן...

„איך גלויב דעריבער, אַז פאַר אונדזער טאָג־טעגלעכן סאָציאַליסטישן קאַמף קענען מיר זיך נאָך גאַנץ גוט באַנוצן מיט אונדזער אַלטער מאַרקסיסטישער סאָציאַליסטישער טעאָריע, ווי לאַנג מיר האָבן ניט קיין נייע. אַגב זיינען די מייסטע פון אונדז ניט געקומען צום סאָציאַליסטישן אידעאַל דורך מאַרקסיסטישע טעאָריעס. די מייסטע פון אונדז זיינען געוואָרן סאָציאַליסטן, איידער זיי האָבן שטודירט דעם מאַרקסיזם. דער סאָציאַליזם האָט צו אונדז אַפּעלירט מיט זיין גערעכטיקייט, מיט זיין מאָראַלישער און עטישער קראַפט און מיט זיין רוף צום קאַמף פאַר אַ בעסערער, שענערער וועלט, פאַר אַ וועלט פון גלייכהייט און פרייהייט. ערשט שפּעטער האָבן מיר אָנגעפאַנגען זוכן אַ טעאָריע, וואָס זאָל אונדזער סאָציאַליסטישן אידעאַל וויסנשאַפטלעך באַגרינדן״.

צביון איז געקומען צום סאָציאַליזם אין רייפן עלטער, נאָך דעם ווי ער האָט שוין געהאַט אַ גרויסע ערודיציע ניט נאָר אין ידישע לימודים, נאָר אויך אין געביט פון נאַטורוויסנשאַפט, און נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט

דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. צביון איז געקומען צום סאָציאַליזם — מיט דער הילף פֿון יידישע אַרבעטער, דורך די ערשטע קרייזן פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט זיך גענומען שטודירן מאַרקסיזם פֿון ערשטן מקור, און ווען ער איז געוואָרן אַ סטודענט אין דייטשלאַנד און שווייץ, איז סאָציאַליזם פֿאַר אים געוואָרן אַן ענין אויך פֿון פּראַקטישער פּאָליטיק, פֿון פּראַקטישער אָרגאַניזאַציע און קאַמף פֿון אַרבעטער־קלאַס.

און אַט דער אידעע פֿון סאָציאַליזם, באַגרינדעט אויף דער מאַרקסיסטישער לערע, האָט צביון געגומען דינען מיט זיין גערעדטן און געשריבענעם וואָרט. און טאַקע ווייל ער איז ניט געווען קיין פּראַקטישער טוער און פּאָליטיקער, קיין מאָל זיך ניט באַטייליקט אין דער „מאַשין" פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז ער שטענדיק מסוגל געווען איינצוהאַלטן אַן אָביעקטיווע באַציאונג צו די פּראָבלעמען פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָט ער געזען די חסרונות פֿון רעכטס און פֿון לינקס, און קיין מאָל ניט אַריינגעפֿאַלן ניט אין קליינקעפּלדיקן רעפֿאָרמיזם און ניט אין הורא־רעוואָלוציאָנערן אַוואַנטוריזם. זיין קורצער פֿלירט מיט דער „וואָרקערס פּאַרטי" האָט אים געקאָסט אַ סך געזונט, אָבער אידעאיש, מאָראַליש איז ער אַרויס אַ זיגער פֿונעם דאָזיקן פֿלאָנטער. זייער ווייניק זיינען דאָ אַזעלכע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס זאָלן זיין מסוגל מיט אַזאַ אָפּנ־האַרציקייט, רואיקייט און קלאָרקייט באַריכטן זייערע פֿעלערן און בלאָנדזשע־נישן — אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן צביון אין זיין בראָשור „קאָמוניסטן וואָס האָבן אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם". די דאָזיקע בראָשור איז אַן אָפֿענער ווידוי וועגן דעם, ווי אַזוי ער איז בכשל געוואָרן און אַוועק צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן געשפּאָלטן די דעמאָלטדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און פֿאַרוואָס ער איז צוריק אַוועק פֿון די רייען פֿון די שפּאַלטער.

און אויב צביון איז ניט געוואָרן אַקטיוו אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און ניט פֿאַרנומען אין איר אַ פֿירנדיקן פּלאַץ, — איז עס ניט זיין פּאַסיוויקייט און אומ־ווילן צו פּראַקטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, וואָס האָט גורם געווען דערצו. עס איז ניט אַזוי די פּראָבלעם פֿון צביונען און זיינע אייגנשאַפֿטן, ווי פֿון די טראַדיציעס און מנהגים פֿון דער היגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, צו וועלכער צביון האָט זיך אַזוי קריטיש באַצויגן אין פֿאַרשיידענע צייטן.

צביון איז געבליבן אַן אויסגעהאַלטענער סאָציאַליסט און מאַרקסיסט ביזן היינטיקן טאָג. צי ער רעדט וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, צי ער רעדט וועגן פּאָליטישן לעבן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, צי וועגן דער היגער אַר־בעטער־באַוועגונג, צי וועגן יידישן לעבן — שטענדיק און אומעטום פֿאַרבלייבט ער דער רואיקער און טיפֿער אַנאַליטיקער, דער אַלזייטיקער דיאַלעקטישער דענקער, פֿרעמד פֿון פֿאַראורטיילן און ליידנשאַפֿטן, און שטענדיק האָט ער אין זינען דעם אידעאַל פֿון דער גערעכטער און פֿרייהייטלעכער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, און שטענדיק געדענקט ער וועגן דעם, וואָס עס איז גוט און וואָס עס פֿאַרלאַנגט דער פּראַקטישער לעבנס־אינטערעס פֿונעם אַרבעטער־קלאַס. ער לאָזט זיך ניט פֿאַרוויגן פֿון די פֿאַלשקלינגענדיקע ליבעראַלע רייד און קלענערע אָדער אַפֿילו גרעסערע סאָציאַלע רעפֿאָרמען אין דער היינטיקער געזעלשאַפֿט; ער

געדענקט און ער דיסקאָנטירט די אינטערעסן און די גלוסטן פֿון די קאַפּיטאַליסטן, און ער וואָרנט מען זאָל ניט פֿאַרגעסן די אינטערעסן פֿונעם פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף.

און מען דאַרף געדענקען: צביון איז ניט קיין ביכער־ און קאַבינעט־מענטש. ער שרייבט ניט קיין וויסנשאַפֿטלעכע טראַקטאַטן און פֿאַרשונגען. זיין געביט איז — טאָג־טעגלעכע פּאָליטיק, דערשיינונגען פֿון היינט און פֿונעם אָרום, פּראָבלעמען, אָרום וועלכע עס וויקלען זיך פּאָליטישע אויסרעכענונגען און ליידנשאַפֿטן, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. אין אַזעלכע געביטן איז זייער לייכט צו פֿאַרלירן דעם גלייכגעוויכט און דעם סאָציאַליסטישן מאָסשטאַב, און אַרונטערפֿאַלן אונטער צופֿעליקע איינפֿלוסן און אַגיטאַציע־לאָזונגען. אָבער יעדער, וואָס לייענט אויפֿמערקזאַם צביונען קען עדות זאָגן, אַז ביי אים איז אָט דער פֿאַל קיין מאָל ניטאָ. שטענדיק האָט ער פֿאַר זיינע אויגן די וויטערע פּערספּעקטיוו פֿון סאָציאַליסטישן פּראָגראַם, שטענדיק איז ער אויסגעהאַלטן ביים אָפּשאַצן די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער, פֿון דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט; שטענדיק איז ער געטריי דער אידעע פֿון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט; שטענדיק איז ער קעגן אויטאָריטאַטיזם אין דער מלוכה און קעגן קליקע־פּאָליטיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

און ערשט לעצטנס, אויף דער שטאַטישער מאַי־1948־קאָנווענשאָן פֿון „סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד" האָט צביון אין זיין רעפֿעראַט גערופֿן „אָוועקצושטעלן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צוריק אויף דער פּאָליטישער מאַפּע פֿון אַמעריקע... עס איז איצט די צייט, ווען די סאָציאַליסטן פֿון אַמעריקע זאָלן ווידעראַמאָל האָבן אַן אייגענעם קאַנדידאַט פֿאַר פּרעזידענט"; ער האָט אויך גערופֿן צו דער פֿאַראייניקונג פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

אָט אַזוי איז צביונס גאַנץ לעבן און ליטעראַריש שאַפֿן צונויפֿגעוואַקסן געוואָרן מיט דער אידעע פֿון סאָציאַליזם. סאָציאַליזם איז זיין לעבנס־אַנשויאונג, זיין פֿילאָזאָפֿיע, זיין רעליגיע, זיין לעבנס־וועג.

אָבער צביון איז ניט געוואָרן קיין סתם סאָציאַליסט, נאָר אַ י י ד י ש ע ר סאָציאַליסט, און זיין ערשטער טראָט איז געווען אין „בונד", און אים איז ער געטריי ביזן היינטיקן טאָג. פֿון בונדישן פּראָגראַם האָט ער זיך קיין מאָל ניט אָפּגעקערט, און ווען ער איז אַוועק פֿון רוסלאַנד — האָט ער אויך אויף דעם נייעם באָדן ווייטער געצויגן זיין אינטימע באַציאונג צום „בונד" און זיינע פֿירער.

צביון האָט אַליין צוגעטראָגן צום בונדיזם אַ וויכטיקע אַרבעט: זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פֿראַגע און וועגן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם בכלל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „יידישן אַרבעטער" אין 1901, ד"ה דעמאָלט, ווען דער בונדישער געדאַנק האָט געמאַכט זיין ערשטן שריט אויף פֿעסטצושטעלן די גרונט־אידעע פֿון בונדישן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. און אָט דער בונדישער אידעע פֿון גלות־קאַמף, פֿון קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פֿון אינטערעסן־סאָלידאַריטעט צווישן יידישן און ניט־יידישן אַרבעטער; אָט דער אידעע פֿון אַ זעלבשטענדיקער און אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פֿון יידישע אַרבעטער, באַזירט אויף דער יידישער

שפּראַך און אויף דער וועלטלעכער קולטור, וואָס ווערט אין איר געשאַפֿן, — דער דאָזיקער אידעע איז צביון געטריי און איבערגעגעבן זיין גאַנץ לעבן ביז צום היינטיקן טאָג.

און ווייל צביונס גלויבן אין סאָציאַליזם בכלל און אין בונדיזם בפּרט איז זייער שטאַרק, דעריבער איז ער אַ גרויסער אָפּטימיסט אין זיין גאַנצער אָריענטאַציע, און דעם דאָזיקן אָפּטימיזם פּרעדיקט ער צו זיינע יידישע לייענער, און אַפֿילו אין די יאָרן פֿון דער אַקאָרשט־איבערגעלעבטער וועלט־ און יידן־קאַטאַסטראָפֿע, — האָט ער ניט פֿאַרלוירן דעם גלויבן און זיין אָפּטי־מיזם אויף קיין איין מינוט. און פּונקט ווי דער מאַרקסיזם איז געבליבן זיין קאָמפּאַס און וועג־ווייזער אויפֿן געביט פֿון אַלגעמיינעם פּאָליטיש־סאָציאַלן לעבן, פּונקט אַזוי איז בונדיזם געבליבן זיין קאָמפּאַס און וועג־ווייזער אין אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן און קאַמף, צו די פּאָליטישע און קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס. דער געזונטער און שעפֿערישער אָפּטימיזם באַלייכט זיין גאַנצן שרייבן און פּרעדיקן, ער דרינגט אַדורך יעדע שורה, וואָס צביון ברענגט אַרויס טאָג־טעגלעך. דער זעלבער געזונטער אינסטינקט און גלויבן דיקטירט אים במשך פֿון יאָרן זיין באַציאונג און איינשטעלונג לגבי דעם ציוניזם און די פּראָבלעמען פֿון יידישער מלוכהשאַפֿט אין פּאַלעסטינע. צביונס באַציאונג צום פּראָבלעם יידישע מלוכה אונטערשיידט זיך געוויס פֿון אָרטאָדאָקסאַלן בונדישן צוגאַנג, — אין תּוך אָבער איז זי אין גאַנצן גלותיסטיש און נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיש — ד"ה אמת־בונדיש, אמת יידיש־סאָציאַליסטיש.

אַ פּאָר איל־וסטראַציעס צו צביונס געטריישאַפֿט צום „בונד" און „בונדיזם".

אין 1922 איז געפּייערט געוואָרן דער 25יעריקער יובילײ פֿון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער בונד". צביון איז נאָך דעמאָלט געווען אַ מיטאַרבעטער אין „פֿרייהייט". און עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך פֿאַר אים צו שרייבן דאָרט אַן אַן אַרטיקל „מיין בונד". געוואַלטיקע פּראָטעסטן זיינען געווען אין רע־דאַקציע קעגן אָט דעם אַרטיקל. אָבער צביון האָט אויסגעפֿירט זיינס: „פֿון בונד זאָג איך זיך ניט אָפּ, ער איז נאָך היינטיקן טאָג מיינער". און זיין יובילײ־אַרטיקל איז טאַקע געווען אַן אמת־בונדישער.

און אָט איז אַ ביישפּיל פֿון דער לעצטער צייט. אין 1947 איז אין בריסל פֿאָרגעקומען אַן אַלוועלטלעכע בונדישע קאָנפֿערענץ און עס איז באַשאַפֿן געוואָרן אַ קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פֿון אַלע עקזיסטירנדיקע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויף דער וועלט. דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט ביט אייַן ציוניסטישן און בירגערלעכן שרייבער אַרויסצוקומען מיט „טענות" קעגן „בונד". האָט דעמאָלט צביון אַזוי געשריבן אין זיינע „יידישע אינטערעסן" („פֿאָרווערטס", 7טן יוני 1947):

„ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער „בונד" האָט באַטראַכט די יידישע אַרבעטער פֿאַר אַ טייל פֿון כּלל־ישראל און האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַלע יידישע פּראָגראַם, פֿאַר וועלכער ער האָט געקעמפֿט, האָט ער אָבער דאָך זיך ניט פֿאַרנומען מיט כּל־ישראל־פּאָליטיק, ווייל ער האָט איינגעזען, אַז אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג, אין וועלכער מיר לעבן, איז ניטאָ קיין רפֿואה פֿאַר אַלע ליידן פֿון אַלע יידן פֿון דער גאַנצער וועלט. ווען מען האָט אַ רפֿואה פֿאַר

אַלע יידן, רופֿט מען צוזאַמען אַ קאָנגרעס פֿון אַלע יידן פֿון דער גאַנצער וועלט און מען שלאָגט זיי פֿאָר די רפֿואה. אַזוי האָבן געטאָן די ציוניסטן... דער „בונד" האָט אָבער ניט געגלויבט, אַז די יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע איז די ריכטיקע רפֿואה. דערצו האָט ער אויך ניט געגלויבט, אַז מען קען עס קריגן. דער „בונד" האָט מיט זיין יידישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם זיך אָריענטירט אויף דעם „גלות", ווי די ציוניסטן האָבן ליב צו רופֿן די אַלע לענדער, וואו יידן לעבן, אויסער פּאַלעסטינע. מיר געפֿעלט בעסער דער נאָמען „תּפֿוצות ישראל", וואָס ווערט באַנוצט אין דער רבנישער ליטעראַטור. מילא, זאָל זיין „גלות", עס איז טאַקע אויך קירצער און לייכטער אַרויסצורעדן.

„דער „בונד" האָט זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די גרויסע איבערוועגנדיקע מאַיאָריטעט פֿון יידישן פֿאָלק מוז און וועט בלייבן לעבן אין די גלות־לענדער, און די יידישע פֿראַגע, אָדער ריכטיקער — פֿ ר אַ ג ן — מוזן דעריבער געלייזט ווערן אין די לענדער, וואו זיי לעבן. ניט אין אַלע לענדער איז די לאַגע פֿון די יידן די זעלביקע. עס קען דעריבער ניט אויסגעאַרבעט ווערן איין פּלאַן פֿון קאַמף פֿאַר אַלע לענדער. די יידן פֿון יעדן לאַנד דאַרפֿן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פֿון קאַמף, וואָס איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען, אונטער וועלכע זיי לעבן. אַ בונדישער וועלט־קאָנגרעס קען אין דעם פּרט גאָרניט אויפֿטאָן. די בונדיסטן האָבן זייערע וועלט־קאָנגרעסן געהאַט אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דאָרטן האָבן זיי אויך געהאַט זייער וואָרט וועגן יידישע פֿראַגן.

„...דעם „בונד" האָט דער גרויסער יידישער חורבן באַזונדערס שווער געטראָפֿן. היטלער האָט אויסגעראָטן די מייסטע בונדיסטן און כּמעט אַלע יידן צווישן וועלכע דער „בונד" איז געווען טעטיק.

„ווען די איבערגעבליבענע בונדיסטן וואָלטן אַריינגעפֿאַלן אין אַ פֿולשטענדיקן יאוש, וואָלטן זיי געזאָגט, אַז אַלץ איז פֿאַרלוירן און עס איז ניטאָ, פֿאַר וואָס מער צו קעמפֿן. אָבער מענטשן אין אַלגעמיין גיבן ניט אויף אַזוי לייכט קיין אידעען, אין וועלכע זיי האָבן געגלויבט און פֿאַר וועלכע זיי האָבן אַ לאַנגע צייט געקעמפֿט, בפֿרט נאָך סאָציאַליסטן, וועלכע גלייבן אַזוי שטאַרק, אַז די צוקונפֿט איז זייערע.

„דער בונד האָט געלאָזט צו טיפֿע וואָרצלען אין אַ גרויסן טייל פֿון דעם יידישן פֿאָלק, אַז ער זאָל אויפֿגעבן זיין עקזיסטענץ. אמת, עס זיינען ניטאָ מער די מיליאָנען יידן אין אייראָפּע, צווישן וועלכע ער זאָל לאָזן פֿילן זיין טעטיקייט, אָבער עס זיינען נאָך פֿאַראַן הונדערטער טויזנטער, פֿאַר וועלכע ער קען זיין אַ וועג־ווייזער און אַ וואָרט־זאָגער. דאָס יידישע לעבן אין דער אַלטער וועלט רעאָרגאַניזירט זיך. עס שאַפֿן זיך נייע יידישע צענטערן און זיי האַלטן אין וואַקסן און גרעסער ווערן.

„און נאָך וואָס. עס איז איצט קלאָר פֿאַר אַלעמען, אַז אייראָפּע גייט אויפֿן וועג צום סאָציאַליזם און די יידישע מאַסן דאָרטן נויטיקן זיך אין אַ יידישער סאָציאַליסטישער פֿירערשאַפֿט, און דער בונד איז פֿאַר דער אויפֿגאַבע אַמבעסטן צוגעפּאַסט.

„און ווען עס ענדערן זיך די באַדינגונגען און צושטענדן, מוזן די טרעגער פֿון אַן אידעע צופּאַסן צו זיי זייער טאַקטיק. דער פֿריערדיקער צענטער פֿון „בונד" איז צעשטערט געוואָרן. די בונדיסטן און זייערע אָנהענגער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פֿון חורבן, זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער פֿאַרשיידענע לענדער, איז עס דעריבער גאַנץ לאָגיש, אַז דער ערשטער שריט פֿון אַ בונדיסטישן 'קיבוץ גליות', ווי מען קען עס אָנרופֿן, זאָל זיין אַ קאָנפֿערענץ פֿון בונדיסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון פֿאַרשיידענע לענדער.

„...דעריבער זאָג איך, אַז עס איז גוט, וואָס עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַדרעס פֿאַר די אויסגעוואָרצלטע בונדיסטן, וועלכע זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער פֿאַרשיידענע לענדער פֿון דער וועלט. און דער אַדרעס איז ניט בלויז נויטיק פֿאַר די צעזייטע און צעשפּרייטע בונדיסטן, נאָר איז נויטיק אין אַלגעמיין. דער 'בונד' האָט וואָס צו זאָגן און ער האָט אַ גאַנץ היפּשן חלק אין דעם סאָציאַליזם, וואָס האָט אָנגעפֿאַנגען איינבעמען די לענדער פֿון איראָפּע און וועט זיכער ביסלעכווײַז זיך אָנפֿאַנגען שטאַרקער לאָזן פֿילן אויך ביי אונדז אין לאַנד".

קיינער וואָלט בעסער ניט פֿאַרמולירט און ניט פֿאַרטיידיקט דעם בונדישן שטאַנדפּונקט און דעם געדאַנק וועגן אַ קאָאָרדינירונג צווישן אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויף דער וועלט. צביון איז דאָ געווען אין איינקלאַנג און איינשטימונג מיט אַלע בונדישע פֿירערס און טוערס פֿון נאָך־מלחמה־פּעריאָד.

און איצט — נאָך איין ביישפּיל פֿון צביונס באַציאונג צום פּאַלעסטינער פּראָבלעם. דער אַרטיקל וועגן ציוניזם, וואָס ווערט איבערגעדרוקט אין אונדזער בוך, באַציט זיך ביז צום מאָמענט, ווען די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אין מערץ 1948 געענדערט איר שטעלונג אין דער פּאַלעסטינע־פֿראַגן. מיר ווילן דאָ ברענגען אַ פּאָר ציטאַטן פֿון דעם, וואָס צביון האָט געשריבן נאָך דער דאָזיקער דאַטע. חדשים לאַנג איז די יידישע גאַס געווען אָנגעגליט. די לייַדנשאַפֿטן זיינען געווען צעפֿלאַקערט, זעלטן ווער האָט געוואַגט צו זאָגן אַ וואָרט קעגן דער הערשנדיקער יידישער מלוכה־איינשטעלונג. צביון האָט געוואַגט אויך אין דעם מאָמענט צו גיין קעגן שטראָם און צו זאָגן קלאָר און דייטלעך זיין מיינונג — אָט די מיינונג, וועלכע ער האָט יאָרן־לאַנג אַזוי פֿאַרטיידיקט. אין די „יידישע אינטערעסן" פֿון 10טן אַפּריל 1948 האָט ער געשריבן:

„ווען איך טראַכט וועגן דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע אין די לעצטע פּאָר יאָר, ווילט זיך מיר פֿרעגן, אויב דער מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן איז פֿאַר די יידן ניט געווען בעסער, ווי דער איצטיקער „סענאַטאָר אָסטין פּלאַן".

„דער מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן מיט דער אויסבעסערונג, וואָס בעווין האָט אין אים געמאַכט, האָט פּאַקטיש געמיינט אַ גוטער אָנפֿאַנג פֿון שאַפֿן אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה אין פּאַלעסטינע, וואָס איז, ווי איך גלויב, ניט בלויז די גערעכטסטע נאָר אויך די פּראַקטישסטע לייזונג פֿון דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע.

„עס איז אמת, אַז דאָס שטיקל טעריטאָריע, וואָס דער מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן האָט אויסגעטיילט פֿאַר די יידן, איז געווען קלענער ווי דאָס, וואָס די פּאַלעסטינער קאָמיסיע האָט רעקאָמענדירט אין איר צעטיילונגס־פּלאַן, אָבער ווען די ציוניסטן

וואָלטן געווען געניגט אָנצונעמען דעם פּרינציפּ פֿון דעם מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן, וואָלטן זיי אין די פֿאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג אפֿשר געקענט קריגן אַ ביסל מער טעריטאָריע און אפֿשר אויך די פּריווילעגיע צו קאָלאָניזירן אַ טייל פֿונעם נגב.

„בעווינס אויסבעסערונג פֿון דעם מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן איז געווען זייער אַ וויכטיקע. לויט איר וואָלטן די יידן, וואָס וואָלטן געבליבן אין דעם אַראַבישן טייל, גערעכנט געוואָרן פֿאַר בירגער פֿון דער יידישער טעריטאָריע. אַמאָל, ווען מען האָט אָנגעפֿירט ביי אונדז הייסע דעבאַטעס וועגן קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָלט דער מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן מיט בעווינס אויסבעסערונג אָנגערופֿן געוואָרן אויף דער שפּראַך פֿון די טעריטאָריאַליסטן מיט דעם נאָמען „פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע".

„דער מאָריסאָן־גרעידי־פּלאַן האָט געקענט באַטראַכט ווערן פֿאַר אַ גרויסן שריט ווייטער אין דעם אויפֿבוי און אַנטוויקלונג פֿון דעם יידישן ישוב אונטער דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע.

„נו, איצט איז ניטאָ אַ שלעכט וואָרט, וואָס זאָל זיין שלעכט גענוג, ווען מען דאַרף אים אָנווענדן קעגן ענגלאַנד. אָבער מען קען דאָך ניט פֿאַרגעסן, אַז עס איז געווען די ענגלישע רעגירונג אונטער וועלכער דער יידישער ישוב אין פּאַלעסטינע איז אַזוי גרויס אויסגעוואַקסן און האָט זיך אַזוי גוט אַנטוויקלט. און ווען מען וויל בעמען פֿאַקטן ווי זיי זיינען, מוז דאָך יעדערער צוגעבן, אַז די יידן אין פּאַלעסטינע האָבן פֿון ענגלאַנד געקראָגן ניט בלויז אַ גאַנץ ברייטע קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, נאָר נאָך אַ ביסל מער. עס האָט די יידן דאָרטן געפֿעלט בלויז אַן אייגענע מיליטערישע קאָקאַרדע".

און נאָך אַ געצויעם אָנאַליז פֿון דער ניי־געשאַפֿענער לאַגע אין פּאַלעסטינע־פֿראַגע מיט אירע פּאָליטישע און עקאָנאָמיש־ווירטשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען, פֿאַרענדיקט צביון אַזוי:

„... איך גלויב דעריבער, אַז ווען אַפֿילו דער פּלאַן פֿון צעטיילונג וואָלט דורכגעפֿירט געוואָרן, וואָלט מיט דער צייט סיי ווי סיי געמוזט געשאַפֿן ווערן אַ פֿעדעראַציע פֿון די צוויי מלוכות. עס הייסט, אַז פֿון דער עקאָנאָמישער פֿעדעראַציע, מיט וועלכער די צוויי פּאַלעסטינער מלוכות וואָלטן אָנגעפֿאַנגען זייער עקזיסטענץ, וואָלט געמוזט אויך קומען צו אַ פּאָליטישער פֿעדעראַציע.

"... נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז עס דאָך דאָ ניט די פֿראַגע וואָס מען וואָלט וו ע ל ן קריגן, נאָר וועגן וואָס מען ק ע ן קריגן. און איך קום דעריבער צוריק צו דעם, אַז די מעגלעכע לייזונג פֿון דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע ליגט אין אַ פֿעדעראַטיווער מלוכה און עס איז מיין גלויבן נאָך היינט, אַז אונטער ענגלאַנד וואָלט דאָס ניט בלויז בעסער, נאָר אויך גיכער צושטאַנד געקומען".

אָט אַזוי, צי עס האַנדלט זיך וועגן ציוניזם, צי וועגן בונדיזם, אָדער דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — תּמיד איז צביון אויפֿריכטיק, אויסגעהאַלטן, שטרענג־לאָגיש און דורכזיכטיק קלאָר. תּמיד איז ער דער גוטער, געטרייער סאָציאַליסט און בונדיסט.

מאַי 1948

# I

# פּראָבלעמען פֿון יידישער קולטור און געזעלשאַפֿט

פֿיר וויכטיקע פעריאָדן אין יידישן לעבן
יידן און יידישקייט
יידישקייט און גלויבן
דער תּלמוד — זיין אינהאַלט, זיין געשיכטע און באַדייטונג
ווען וועט יידיש אונטערגיין אין אַמעריקע?
דער ציוניזם אין דער תּקופֿה פֿון דער 2טער וועלט־מלחמה
קאַרל מאַרקס און די יידן־פֿראַגע

# פיר וויכטיקע פעריאָדן אין יידישן לעבן

מיט פופציק יאָר צוריק, דעם 22־טן אַפּריל, 1897, איז אַרויס פון דרוק דער ערשטער נומער פון „פאָרווערטס", וועמענס יובילײ מיר פייערן איצט.

עס בעט זיך, אַז דער איבערשריפט, אָדער קאָפּ, פון דעם אַרטיקל, זאָל זיין „מיט פופציק יאָר צוריק" און אַז איך זאָל דאָ דערציילן וועגן זאַכן און פּאַסירונגען פון יענער צייט.

אין דער אמתן ווייל איך טאַקע עפּעס דערציילן, און מיר דוכט, אַז איך האָב עפּעס וואָס צו דערציילן. איך בין שוין געווען אַ גאַנץ דערוואַקסענער בחור מיט אַ האַלבן הונדערט יאָר צוריק. איך האָב שוין אַפילו דעמאָלט גע־מאַכט די ערשטע פּראָבע צו פאַרשרייבן זאַכן און פּאַסירונגען. מיין ערשטע קאָרעספּאָנדענציע וועגן אַ ליטוויש שטעטל, וואו איך בין געווען אַ לערער, איז געדרוקט געוואָרן אין „המליץ" מיט אַן ערך פופציק יאָר צוריק און עס האָט אויך געהאַלטן גאַנץ נאָענט דערצו, אַז איך זאָל קריגן גוט אָנגעבראָכן די ביינער פאַר מיין ערשטער שרייבערישער פּראָבע. איך האָב נעמלעך אין מיין קאָרעספּאָנדענציע שטאַרק אָנגערירט דעם כבוד פון דעם שטעטל און עס האָבן זיך איינגעפונען פּאַטריאָטן וועמען דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן. און איך האָב אַ חשד, אַז עס איז די שולד פון יענער קאָרעספּאָנדענציע, ווי קליין זי זאָל ניט האָבן געווען, וואָס איך בין געוואָרן אַ שרייבער. עס איז אַן אַלטער כלל, אַז ווען מען גיט נאָר איינמאָל אַ שמעק דעם ריח פון דרוק־טינט, ציט עס שוין ווי די קליפּה.

אין דעם משך פון דעם פערטל יאָרן, וואָס איך טראָג אויף מיינע פּלייצעס, האָבן אַ סך וויכטיקע זאַכן פּאַסירט אין דער וועלט און אויך אין דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק. און עס איז ניט בלויז אַ צו־גרויסע אויפגאַבע צו דער־מאָנען וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער וועלט פאַר דער גאַנצער צייט, זינט איך האָב אָנגעפאַנגען צו געדענקען, נאָר עס איז אויך אַ צו־גרויסע אויפגאַבע צו דערמאָנען, וואָס עס האָט פאַר דער צייט פּאַסירט אין יידישן לעבן.

אויף דעם פאָרם, וואו איך בין געבוירן געוואָרן, און אין דעם שטעטל, וואו איך האָב אָנגעפאַנגען גיין אין חדר, האָט נאָך אין יענער צייט עקסיסטירט די אַלטע אָרטאָדאָקסישע יידישקייט אין איר פולער מאַכט. עס איז געווען די אַלטע הונדערט־פּראָצענטיקע יידישקייט אָן דער קלענסטער פּגימה. און ווען קיין זאַך וואָלט זיך ניט געענדערט און איך וואָלט געבליבן ווייטער לעבן דאָרטן, וואו מיין לעבן האָט זיך אָנגעפאַנגען, וואָלט איך היינט זיכער געווען ניט בלויז אַ גרויסער חשוב ביי דער „אגודת ישראל", נאָר איך וואָלט געקוקט אַ ביסל קרום אויף מיינע חברים די אגודה'ניקעס, אַז זיי זיינען צופיל היינט־וועלטיק.

ווייט פון מיין שטעטל, דאָרטן אין דער גרעסערער יידישער וועלט, האָט דעמאָלט געשטורעמט די השכלה־באַוועגונג, אָבער ביי מיין טאַטן אין שטוב און ביי מיין רבין אין חדר האָט מען וועגן איר ניט געוואוסט. איך געוויס ניט. פאַר מיר האָט זיך געענדיקט די וועלט דאָרטן, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ הינטערן וואַלד און קומט זיך צונויף מיט דער ערד. איך האָב פון טאַטן יאָ עפּעס געהערט דאָס וואָרט „בערלינטשיק", מיט וועלכן ער פלעגט באַצייכנען אַזעלכע, וואָס זיינען ניט פרום גענוג, אָבער איך האָב ניט געוואוסט וואָס דאָס מיינט.

איך האָב אָבער דאָך מיט אַ ביסל יאָרן שפּעטער נאָך צייט געהאַט אַריינ־צוכאַפּן אין מיין לעבן אַ היפּשע שטיק פון דער השכלה־באַוועגונג און זיך באַהעפטן מיט דער „בת השמים" (די הימלשע טאָכטער), ווי די השכלה איז גערופן געוואָרן פון די העברעאישע פּאָעטן אין יענער צייט.

און עס איז נאָך דעם געוואָרן די חובבי־ציון־באַוועגונג, וועלכע האָט מיך פאַרכאַפּט מיט איר ראָמאַנטיק. און שפּעטער איז עס געוואָרן די יידישע סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג, וואָס איר אָנפאַנג האָב איך געזען אין ווילנע, און אין וועלכער איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן, ניט ווימנדיק אין אָנהויב קלאָר צו וואָס זי צילט. און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז געקומען דער פּאָליטישער ציוניזם, פון וועלכן איך האָב זיך דערוואוסט אין ריגע, און איך האָב פּרובירט מאַכן אַ קאָמבינאַציע פון ציוניזם מיט סאָציאַליזם. נאָר באַלד דערויף איז געקומען דער „בונד", און איך האָב זיך אין אים פאַרליבט און האַלט אָן די ליבע ביז היינטיקן טאָג.

דער „בונד" האָט מיר געגעבן דעם יידישן סאָציאַליזם, וואָס איך האָב געזוכט. אין מיינע ערשטע סאָציאַליסטישע יאָרן האָט צו מיר זייער שטאַרק אַפּעלירט דער קאָסמאָפּאָליטיזם. די אידייע אַז פון אַלע פעלקער זאָל ווערן איין פאָלק, איין מענטשהייט, איז זייער אָן אָנציענדע. אין דער אמתן איז די קאָסמאָפּאָליטישע אידייע אַ יידישע. נישט מער, דער איין פאָלק, וואָס וועט געשאַפן ווערן דורך דער פאַראייניקונג פון אַלע פעלקער, דאַרף זיין אַ יידישער. דאָס איז געוועזן דער אידעאַל פון מיינע חדר־יאָרן און ישיבה־יאָרן. שפּעטער איז אין מיין קאָסמאָפּאָליטיזם די באַדינגונג פון יידישקייט אַרויסגעפאַלן. איך בין געוועזן צופרידן, אַז עס זאָל זיין איין מענטשהייט און עס זאָל ניט זיין קיין קריסטלעכקייט און ניט קיין יידישקייט. אָבער וואָס ווייטער האָב איך אָנגעפאַנגען צווייפלען אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אי־דייע. ווייניקסטנס האָב איך ניט געוואָלט אַז די פאַרווירקלעכונג פון קאָסמאָפּאָ־ליטיזם זאָל זיך אָנפאַנגען פון דעם יידישן פאָלק. איך האָב איינפאַך געזען, אַז יידישע אַסימילאַטאָרן האָבן אָנגעפאַנגען איינוויקלען יידישע אַסימילאַציע אין אַ קאָסמאָפּאָליטישן מאַנטל.

עס איז גראָד געוועזן אין יענער צייט, ווען איך האָב אָנגעפאַנגען צווייפלען אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אידייע, ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דער גרינדונג פון „בונד" און פון זיין פּראָגראַם.

עס הייסט, אַז פון אַלץ, וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט, האָב איך געקענט אַ רעכט ביסל אָנשרייבן. דאָס זיינען פיר וויכטיקע פּעריאָדן אין דער יידישער

געשיכטע. אָבער איך וויל דאָ ניט שרייבן קיין געשיכטע. איך האָב איינפאַך מורא, אַז איך וועל ניט קענען זיין פּינקטלעך גענוג.

די געשיכטע האָט ליב, אַז יעדע פּאַסירונג זאָל האָבן אַ פּינקטלעכן דאַטום. אַזוי האָבן איר די געשיכטע־שרייבער איינגעוואוינט. יעדע זאַך, יעדע פּאַסירונג מוז האָבן אַ טאָג, אַ יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען. אַפילו די וועלט מוז האָבן אַ דאַטום, ווען זי האָט זיך אָנגעפאַנגען. אין דעם יידישן לוח איז פאַר־שריבן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיט 5 טויזנט 7 הונדערט און 7 יאָר צוריק אין דעם ערשטן טאָג פון חודש תשרי. נאָר דער חודש איז ניט אין גאַנצן זיכער. עס איז אַ שטאַרקע סברא אין דער גמרא, אַז עס איז גאָר געווען אין ניסן. דאָס וואָלט זיך דאָ פאַר מיר בעסער פּאַסן. עס וואָלט אויסגעקומען, אַז דער „פאָרווערטס" איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם זעלבן חודש, ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, נאָר מיט 5 טויזנט 6 הונדערט און 57 יאָר שפּעטער. און ווען די געשיכטע האָט ליב, אַז יעדע פּאַסירונג זאָל האָבן אַ דאַטום, האָבן מענטשן ליב צו פאַרגלייכן דאַטומס. איין פּאַסירונג דערמאָנט אונדז אַ צווייטע, אַ דריטע א. אַז. וו. דאָס קאָן מיך זייער ווייט אַוועקפירן און מיין אַרטיקל וועט ערשט קענען פאַרטיק ווערן פאַר אַ שפּעטערדיקן יובילײ פון „פאָרווערטס". איך האָב דעריבער באַשלאָסן, אַז איך זאָל ניט שרייבן קיין געשיכטע, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס מען קען אָנרופן ווי מען וויל. אויב מען וויל קען מען זאָגן, אַז עס האָט אַ גאַנץ נאָענטע שייכות מיט דעם יובילײ פון „פאָרווערטס" און אויב מען וויל קען מען זאָגן, אַז עס האָט ווייניק שייכות.

*

ביי דער געלעגנהייט פון די פריערדיקע יובילייאומס פון „פאָרווערטס" איז דערמאָנט געוואָרן, אַז אין דעם יאָר, וואָס דער „פאָרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרן, זיינען פאָרגעקומען צוויי אַנדערע וויכטיקע פּאַסירונגען אין דעם יידישן לעבן. אין דעם זעלביקן יאָר 1897 איז נעמלעך געגרינדעט געוואָרן דער „בונד" און די פּאַרטיי פון פּאָליטישן ציוניזם. איך בין זיכער, אַז אימעצער וועט עס אויך דערמאָנען ביי דעם איצטיקן יובילײ פון „פאָרווערטס". די פראַגע איז נאָר, צי די דריי פּאַסירונגען האָבן געהאַט אַ שייכות איינע צו די אַנדערע, ווען זיי זיינען פאָרגעקומען.

וואָס איז שייך צום „בונד", וויל איך זאָגן, אַז די גרינדונג זיינע אין 1897 און די גרינדונג פון „פאָרווערטס" אין 1897, הגם ביידע זיינען געווען פּראָדוקטן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן זיי דאָך פאַקטיש אין דער צייט פון זייער גרינדונג ניט געהאַט קיין שייכות צווישן זיך. ניט נאָר האָבן זיי איינער פון דעם אַנדערן ניט געוואוסט, נאָר אויך די באַדינגונגען און אומשטענדן, וואָס האָבן געפירט צו זייער גרינדונג, זיינען געווען אַנדערע. מען וואָלט שוין גיכער געקענט אָנווייזן אויף אַ געוויסער שייכות צווישן דער גרינדונג פון דעם „אַבענד־בלאַט", די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טעגלעכע צייטונג אין אַמע־ריקע, און דער גרינדונג פון „בונד", ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זייערע גרינדונגס־דאַטעס זיינען פאַרשיידענע. (דער „אַבענד־בלאַט" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894 און דער „בונד" אין 1897).

אין דער אמתן איז דער „בונד" מיט עטלעכע יאָר עלטער פֿון „פֿאָרווערטס", ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זייער אָפֿיציעלער געבורטס־יאָר איז דער זעלביקער. דער „בונד" האָט שוין עקסיסטירט נאָך איידער די דרייצן בונדיסטן זיינען זיך צענויפֿגעקומען אויף אַ שאַלקע פֿון אַ הויז אויף לוקישקער גאַס אין ווילנע. עס איז געווען אַ יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעפֿירט אַ סאָציאַליסטישע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער און דער יידישער אינטעליגענץ, נאָר די אָרגאַניזאַציע האָט נאָך ניט געטראָגן דעם נאָמען „בונד".

איך ווייס ניט אויב די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן פֿון רוסלאַנד, וואָס האָבן געגרינדעט דעם „בונד", האָבן געהאַט וועלכע עס איז פֿאַרבינדונגען מיט די יידישע סאָציאַליסטן פֿון אַמעריקע, וואָס האָבן געגרינדעט דעם „אַבענד־בלאַט". איך ווייס אָבער, אַז וואָס איז שייך צו די וויכטיקסטע שטרייט־פֿראַגן, וועלכע האָבן געפֿירט צו דער שפּאַלטונג אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צו דער גרינדונג פֿון „פֿאָרווערטס", זיינען די בונדיסטן אין רוסלאַנד געווען איינשטימיק מיט דער שטעלונג פֿון „אַבענד־בלאַט", סיי וואָס איז שייך צו דער פּאַרטיי־פּרעסע און סיי וואָס שייך צו די פּאַרטיי־יוניאָנס. וועגן פּאַרטיי־פּרעסע איז גאָר קיין פֿראַגע ניט געווען ביי די סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד. עס זיינען יאָ געווען מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן וועגן פּאַרטיי־יוניאָנס. די פֿראַגע איז גאַנץ הייס דיסקוטירט געוואָרן אין דער צייט פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, און דער „בונד" איז געווען פֿאַר פּאַרטייאישע יוניאָנס. מען האָט געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסע אַפּיקורסות פֿון מיין זייט, ווען איך האָב אין אַן אַרטיקל אין פּעטערבורגער „פֿריינד" זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פּאַרטיי־יוניאָנס.

די נאָענטע שייכות צווישן „פֿאָרווערטס" און „בונד" איז געשאַפֿן געוואָרן שפּעטער, ווען דער אימיגראַציע־שטראָם אין אַמעריקע האָט געבראַכט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן פֿון „בונד".

די צווייטע וויכטיקע פּאַסירונג אין 1897 — דער אויפֿקום פֿון פּאָליטישן ציוניזם און דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז דאַמאָלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן — האָט געוויס קיין שייכות ניט מיט דעם געבורט פֿון „פֿאָרווערטס". מען קען נאָך אפֿשר ווי עס איז פֿאַרבינדן די געבורט פֿון „בונד" מיט דעם אויפֿקום פֿון פּאָליטישן ציוניזם. באמת איז דאָס אויך ניט ריכטיק. אויב מען קען שוין יאָ ריידן וועגן אידעאָלאָגישע איינפֿלוסן אויף די יידישע סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד, איז דאָס גיכער פֿון דער חובבי־ציון־באַוועגונג, אָבער ניט פֿון דעם פּאָליטישן ציוניזם, וועלכער האָט געשפּאָלטן די חובבי־ציון־באַוועגונג. וואָס איז שייך דער גרינדונג פֿון „פֿאָרווערטס" און דעם אויפֿקום פֿון פּאָליטישן ציוניזם, קען מען מאַכן אַ פֿאַרגלייך בלויז אין דעם וואָס דער פּאָליטישער ציוניזם איז געקומען דורך אַ שפּאַלטונג אין דער חובבי־ציון־באַוועגונג און דער „פֿאָרווערטס" איז געקומען דורך אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מען קען פֿירן דעם פֿאַרגלייך ווייטער: איןביידע פֿאַלן איז דער קאַמף געווען אַ גאַנץ שאַרפֿער און אין ביידע פֿאַלן האָבן די שפּאַלטער געזיגט.

*

וועגן ווירקונגען און קעגן־ווירקונגען צווישן די חובבי־ציון און די יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע וואָלט מען אפשר געקענט אָנשרייבן אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג. צווישן די ערשטע חובבי־ציון אין רוסלאַנד זיינען געווען מערערע, וועלכע זיינען פריער געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די אידייען פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אַ טייל פון זיי האָבן באַלאַנגט צו דער השכלה־באַוועגונג, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז די יידן אין רוסלאַנד וועלן געהאָלפן ווערן, ווען זיי וועלן ווערן מיט מענטשן גלייך, געבן בילדונג זייערע קינדער און זיך אַליין בילדן. זייט יידן אין דער היים און מענטשן אין גאַס — היה יהודי באהליך, ואדם בצאתך, ווי דער פּאָעט יהודה לייב גאָרדאָן האָט עס אויסגעדריקט. עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז פּאַקטיש איז ביי די מייסטע משכילים די השכלה געווען פריער ווי אַלץ בילדונג צוליב בילדונג. עס הייסט, אַז בילדונג איז געווען אַ ציל פאַר זיך.

די משכילים, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די אידייען פון די נאַראָדניקעס, האָבן אין זייער השכלה־פּראָפּאַגאַנדע מער אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פאַר די יידן זיך צו פאַרנעמען מיט פיזישער אַרבעט, באַזונדערס מיט ערד־אַרבעט. געווען אויך אַזעלכע צווישן די משכילים, וואָס זיינען שוין געווען באַאיינפלוסט פון מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם.

וועגן אָט די סאָציאַליסטיש־געשטימטע משכילים איז ווערט דאָ זיך אָפּצושטעלן אַ ביסל מער. איך וואָלט זיי אָנרופן די העברעאישע סאָציאַליסטן. עס איז געווען אַ באַדייטנדע גרופּע. אהרן ליבערמאַן, דר. יצחק קאַמינער, לאַזאַר צוקערמאַן, מאָריס ווינטשעווסקי, א. ב. ראַבינאָוויטש, יהודה לייב קאַנטאָר, משה לייב ליליענבלום, י. ל. לעווין (יהלל) און איניקע אַנדערע, וועמענס נעמען איך קען זיך אין דעם מאָמענט ניט דערמאָנען. איניקע פון זיי האָבן זייערע סאָציאַליסטישע געדאַנקען שוין אויסגעדריקט אין דעם העברעאישן זשורנאַל „השחר", וואָס פּרץ סמאָלענסקין האָט אַרויסגעגעבן אין ווין. ער, דער רעדאַקטאָר, איז ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די סאָציאַליסטישע אידייען. פּרץ סמאָלענסקין קען גיכער באַטראַכט ווערן פאַר דעם פאָרקעמפער פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג, וואָס האָט זיך שפּעטער געגרינדעט. אָבער זיינע מיטאַרבעטער האָבן, ווי איך קען זען, געהאַט ביי אים אַ גרויסע מאָס פרייהייט. שוין אין איינעם פון די נומערן פון „השחר" פון יאָר 1873 איז געדרוקט געוואָרן אַ ליד פון ל. קאַנטאָר אונטער דעם נאָמען „מאמינים אנחנו" (מיר גלויבן), וואו ער זאָגט אַרויס די פאָלגנדע געדאַנקען: מען פאַרלוימדט אונדז, אַז ביי אונדז איז ניטאָ קיין זאַך וואָס איז הייליק, אַז מיר לייקענען אַלץ אָפּ און גלויבן אין קיין זאַך ניט, אַז מיר אַנערקענען בלויז וואָס איז מאַטעריעל און וואָס מען קען באַגרייפן מיטן שכל, אָבער אַז מיר האָבן ניט קיין האַרץ און קיין געפילן. נאָר דאָס אַלץ איז ניט אמת. מיר זיינען גלויביקע. מיר גלויבן, אַז ניט אייביק וועט הערשן שווינדל, רויב און גוואַלט. מיר גלויבן, אַז עס וועט אויפשיינען די זון און אַז עס וועט קומען אַ ליכטיקע צייט. מענטשן וועלן מער ניט שטאַרבן פון הונגער, ווייל עס וועלן מער ניט זיין קיין פאַרמעגנס, וואָס זיינען ניט פאַרדינט

געוואָרן דורך אייגענער פּראַצע. מיר גלויבן, אַז איין מענטש וועט מער ניט הערשן איבער דעם צווייטן. דער מענטש וועט זיין פרײ. אַלע מענטשן וועלן זיין גלייך. מען וועט מער ניט זאָגן: „קריסט", „מאַכמעדאַנער", „ייד", נאָר — „ברודער", „פריינד" און „חבר". עס וועלן מער ניט זיין קיין הערן און קיין קנעכט, ניט קיין פירשטן און ניט קיין געלט־אַריסטאָקראַטן. עס וועט ניט זיין קיין רעכטלעכע אומגלייכהייט צווישן מענער און פרויען. אַלע וועלן זיין גע־בילדעט און באַוואָפנט מיט וויסנשאַפט, וואָס מיט איר הילף וועלן זיי קענען איינשפּאַנען די כוחות פון דער נאַטור, אַז זיי זאָלן טאָן די אַרבעט, וואָס דער מענטש דאַרף טאָן, און מענטשן וועלן מער ניט דאַרפן אַרבעטן מיט דעם שווייס פון זייער אַנגעזיכט.

איך האָב דאָ איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דעם גאַנצן ליד, ווייל מען קען פון אים זען, ווי עס האָבן זיך קריסטאַליזירט די סאָציאַליסטישע געדאַנקען פון די רוסישע נאַראָדניקעס אין די קעפּ פון די ערשטע סאָציאַליסטיש־גע־שטימטע יידישע משכּילים. י. ל. קאַנטאָר האָט די דאָזיקע פּאָעמע אָנגעשריבן, ווען ער האָט פאַרענדיקט די ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר. ער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די באַוואוסטע העברעאישע שריפטשטעלער.

אַ מער קלאָרן באַגריף וועגן סאָציאַליזם האָט אויסגעדריקט דער העברע־אישער פּאָעט י. ל. לעווין (יהלל) אין זיין ליד „עבד עבדים", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין איינעם פון די נומערן פון „השחר" אין 1876. עס קען זיין, אַז דעמאָלט האָט אויך י. ל. קאַנטאָר שוין מער געוואוסט וועגן סאָציאַליזם. אין יהללס ליד באַקלאָגט זיך אַן אַרבעטער אויף דער גרויסער אומגערעכטיקייט, וואָס ער דאַרף אַרבעטן טאָג און נאַכט, כדי רייך צו מאַכן זיין באַלעבאָס, אָבער פאַר אים אַליין גיט אים זיין אַרבעט אַפילו ניט גענוג צו שטילן זיין הונגער. און ער זאָגט: אָט דאָס איז דער גורל פון אונדז אַלע אונטערדריקטע. אַ קליין הייפל שטאַרקע טיילן זיך מיט דער גערויבטער פרוכט פון דער אַרבעט פון טויזנטער הארעפּאַשניקעס. אָט אין וואָס עס באַשטייט דער אומגליק פון דער מענטשהייט: די גרויסע מאַסן אַרבעטן און ווערן געשוואַכן פון הונגער, בעת איינצלנע באַנוצן זיך מיט דער פרוכט פון זייער אַרבעט. ווען אַלע וואָלטן גלייך געאַרבעט און יעדער וואָלט געניסן פון דער פרוכט פון זיין אַרבעט, וואָלט ניט געווען קיין נויט אויף דער וועלט.

יהלל האָט געשריבן אייניקע אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאָעמעס, וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין „השחר".

אויך דער באַוואוסטער אהרן ליבערמאַן האָט זיינע ערשטע סאָציאַליסטישע אַרטיקלען געדרוקט אין „השחר". אין דער זעלביקער צייט האָט אויך לאַזאַר צוקערמאַן געשריבן אין „השחר". אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן זיין דערציילונג „עולם הפוך" (אַ פאַרקערטע וועלט). לאַזאַר צוקערמאַן האָט שפּעטער אַ לענגערע צייט געאַרבעט אַלס אַ זעצער אין דער געהיימער דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין פּעטערבורג, וואו ער איז אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער „השחר" האָט געגעבן זיינע סאָציאַ־ליסטישע מיטאַרבעטער אַ גרויסע מאָס פרייהייט, האָבן זיי זיך אין אים ניט

באַקוועם געפֿילט צוליב זיין עקסטרעמער נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג. אַהרן ליבערמאַן, וועלכער איז געווען ניט בלויז אַ טעאָרעטישער סאָציאַליסט, נאָר אויך אַ סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר, האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל, און אין 1877 האָט ער זיין באַשלוס דורכגעפֿירט. ער האָט אָנגעפֿאַנגען אַרויסגעבן אין ווין אַ סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפֿט אונטערן נאָמען „האמת" און ער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג. דער ערשטער נומער איז געדרוקט געוואָרן אין דריי אויפֿלאַגעס, אַזאַ גרויסע נאָכפֿראַגע איז אים אויף געווען. דאָס ווייזט אויך, אַז צווישן די משכילים (די מייסטע העברעאישע לייענער דעמאָלט האָט מען געקענט רעכנען פֿאַר משכילים) זיינען געווען אַ סך, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט סאָציאַליזם, און די אידייע האָט צו זיי אַפּעלירט.

אין „האמת" האָבן געצויגן פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט די טאַלאַנטפֿולע סאַטירישע לידער פֿון דר. יצחק קאַמינער (זיי זיינען געווען ניט אונטערגעשריבן מיט זיין נאָמען). באַזונדערס איז באַרימט געוואָרן זיין ליד אונטערן נאָמען „שיר היחוד למטבע". אין דער פּשוטער איבערזעצונג מיינט עס אַ געזאַנג צו געלט, אָבער די העברעאישע ווערטער „שיר היחוד" דערמאָנען וועגן היילִיקן ליד צו גאָט, וואָס געפֿינט זיך אין סידור. פֿאַר די עלטערע סאָציאַליסטן וועט אפֿשר זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז דער באַרימטער יידיש־רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַט פּאַוועל אַקסעלראָד איז געווען דר. קאַמינערס אַן איידעם.

די הויפּט־לייענער פֿון „האמת", אַזוי ווי פֿון „השחר", זיינען געווען אין רוסלאַנד, און עס איז אַ וואונדער ווי אַזוי דער רוסישער צענזאָר האָט דעם „האמת" דורכגעלאָזן. משמעות, אַז ער האָט געטראַכט, אַז סאָציאַליזם אויף העברעאיש איז ניט געפֿערלעך. אָבער ער האָט שפּעטער געביטן זיין מיינונג, ווייל ער האָט דעם דריטן נומער „האמת" קאָנפֿיסקירט. און אַזוי ווי ליבערמאַן איז נאָך דעם אַרעסטירט געוואָרן פֿון דער ווינער פּאָליציי, איז דער דריטער נומער „האמת" אויך געווען דער לעצטער.

די העברעאישע סאָציאַליסטישע גרופּע, וועלכע איז געבליבן אָן אַן אייגענער שריפֿט, האָט זיך צוגעטוליעט צו דער וועכנטלעכער העברעאישער צייטונג „הקול", וואָס ראָדקינסאָן, אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין יענער צייט, האָט אַרויסגעגעבן אין קעניגסבערג. ראָדקינסאָן האָט מיט סאָציאַליזם גאָר נישט געהאַט וואָס צו טאָן. ער איז אין אַלגעמיין געווען אַ פּרינציפּנלאָזער מענטש, אָבער ער האָט גערעכנט, אַז זיין צייטונג וועט פֿיל געווינען פֿון דעם, וואָס די סאָציאַליסטישע שרייבער וועלן זיך אין איר באַטייליקן. מאָריס ווינטשעווסקי האָט געשריבן מערערע סאָציאַליסטישע אַרטיקלען אין „הקול".

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מיט ראָדקינסאָנס הילף אָנגעפֿאַנגען אַרויסגיין אַ מאָנאַטלעכער העברעאישער סאָציאַליסטישער זשורנאַל מיט דעם נאָמען „אספת חכמים" אונטער ווינטשעווסקיס רעדאַקציע. אין פֿאַרבינדונג מיט דעם זשורנאַל וויל איך דאָ בלויז דערמאָנען דעם נאָמען משה לייב ליליענבלום, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן איינער פֿון די הויפּט־וואָרט־פֿירער פֿון דער חובבי־ציון־באַוועגונג.

ליליענבלום איז געווען איינער פֿון די טיפּישסטע משכּילים אין ליטע. פֿריער אַ גרויסער למדן, אויף וועלכן מען האָט זיך געריכט, אַז ער וועט זיין איינער פֿון די גרעסטע רבנים, און שפּעטער אַ גרויסער אַפּיקורס און אַ פֿאַר־ברענטער משכּיל, וואָס האָט מיט זיין בוך „חטאת נעורים״ (יוגנט־זינד) אָראָפּ־געפֿירט אַ היפּש ביסל ישיבה־בחורים פֿון דרך הישר און זיי געמאַכט פֿאַר אַפּיקורסים. אין „אספֿת חכמים״ איז געדרוקט געוואָרן ליליענבלומס אַ זייער שיינע אַפּיקורסותדיקע און סאָציאַליסטיש געשטימטע פּאָעמע מיט דעם נאָמען „משנת אלישע בן אבויה״. שוין דער נאָמען אַליין שמעקט מיט אַפּיקורסות. אלישע בן אבויה איז איינער פֿון די גרויסע תּנאים, וועלכער איז געוואָרן אַן אַפּיקורס. ער האָט זיך באַקאַנט מיט דער גריכישער פֿילאָזאָפֿיע און וויסנשאַפֿט, און דאָס האָט אים פֿאַרשאַדט. אין דער גמרא ווערט ער גערופֿן מיט דעם נאָמען „אחר״ (אַן אַנדערער) און ער איז פֿאַרדאַמט געוואָרן. אויף אים איז גע־זאָגט געוואָרן, אַז אַפֿילו תּשובֿה טאָן קען אים ניט העלפֿן.

אין דער דאָזיקער פּאָעמע פֿירט אלישע בן אבויה אַ ויכּוח מיט די גרויסע תּנאים ר׳ עקיבֿא און ר׳ מאיר. דער וויכּוח ווערט געפֿירט אין דער שפּראַך און אין דעם סטיל פֿון דער גמרא, נאָר ליליענבלום האָט געזאָרגט דערפֿאַר, אַז אַלץ וואָס אלישע בן אבויה זאָגט, זאָל אַרויסקומען איינפֿאַך און קלאָר.

די גרונט־געדאַנקען, וואָס ער זאָגט דאָרטן אַרויס, זיינען, אַז מענטשן דאַרפֿן לעבן פֿון זייער אייגענער פּראַצע און אַז קיינער טאָר ניט לעבן אויף דעם חשבון פֿון צווייטנס האָרעוואַניע. ער שטראָפֿט די וואָס פֿאַרברענגען זייער צייט אין בית המדרש מיט פּוסטע, פֿאַרדרייטע פּילפּולים און לעבן אויפֿן חשבון פֿון קהל. גייט אַרבעטן, זאָגט ער, זייט סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, שטיינהאַקער און וואָס איר ווילט נאָר אַליין, נאָר איר זאָלט טאָן אַ נוצלעכע אַרבעט, ווייל דער וואָס לעבט אויף דעם חשבון פֿון קהל אָדער פֿון פּראָצענט באַרויבט די געזעלשאַפֿט.

איך האָב זיך דאָ אפֿשר אַ ביסל צו לאַנג אָפּגעשטעלט אויף די העברעאישע סאָציאַליסטן אין דער צייט פֿון דער השׂכּלה־עפּאָכע און אין דעם אָנפֿאַנג פֿון דער אַנטשטייאונג פֿון דער חובֿבֿי־ציון־באַוועגונג. איך גלויב אָבער, אַז מען קען פֿון דעם זען ווי אַזוי מערערע פֿון די משׂכּילים, וואָס האָבן געהאָלפֿן שאַפֿן די חובֿבֿי־ציון־באַוועגונג, זיינען פֿריער געווען באַאיינפֿלוסט פֿון די סאָ־ציאַליסטישע אידייען און באַזונדערס פֿון די „נאַראָדניקעס״, וועלכע האָבן גלאָ־ריפֿיצירט ערד־אַרבעט און דעם פּויערים־לעבן. מען האָט דעם איינפֿלוס געקענט פֿילן סיי אין דער שריפֿטלעכער, סיי אין דער מינדלעכער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פֿון די חובֿבֿי־ציון.

פֿון די העברעאישע סאָציאַליסטן, וואָס איך האָב דערמאָנט זייערע נעמען, זיינען געוואָרן חובֿבֿי־ציון: מ. ל. ליליענבלום, דר. י. קאַמינער, י. ל. לעווין (יהל״ל) און א. ב. ראַבינאָוויטש (או״ר).

*

איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב געהערט דאָס ערשטע מאָל אַ דרשה פֿון אַ חובֿבֿי־ציוניסטישן מגיד. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז מען האָט

אים ניט געדאַרפֿט רופֿן מגיד, נאָר מטיף. דער נאָמען מטיף איז געווען מאָ־דערנער און האָט בעסער געקלונגען, ווי דער אַלט־באַקאַנטער נאָמען מגיד, וואָס איז געשטאַנען אין יחוס, קען מען זאָגן, אויף איין שטאַפּל מיטן נאָמען מלמד.

איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ יונגער ייִנגל פֿון אַ יאָר פֿערצן, אָבער איך בין שוין געווען אַ שטיקל למדן און האָב געלערנט אין בית המדרש אָן אַ רבין און האָב שוין אַליין געקענט ווי עס איז זאָגן אַ דרשה אויף דעם שניט פֿון די מגידים, וואָס פֿלעגן פֿון צייט־צו־צייט קומען אין שטעטל, וואו איך האָב געלערנט. אָבער דער חובבי־ציון־מגיד איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער. ערשטנס, האָט ער גאַנץ אַנדערש אויסגעזען. אַ ייִד אָן „אַסאַבע״ און אַנגעטאָן ווי אַ נגיד. צווייטנס, איז זיין דרשה געווען אַנדערש. ער האָט ניט געשאָטן מיט תורה און ער האָט זיך ניט געמאַטערט אייַנצוטייטשן קיין פּסוקים און פֿאַר־ענטפֿערן קשיות פֿון דער גמרא, נאָר ער האָט מער גערעדט צום האַרצן, צו די געפֿילן. און ער האָט געקענט ריידן. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט דאָס וואָרט „אָראַטאָר״, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז ער איז אין גאַנצן אַן אַנדער מין מגיד. איך געדענק, אַז ער האָט גערעדט וועגן ייִדישן גלות, וועגן ייִדישע לופֿט־פּרנסות און וועגן דעם ערלעכן, געזונטן און גערעכטן לעבן פֿון די וואָס אַקערן און זייען, פֿון די וואָס זיצן אונטער זייער וויינשטאָק און פֿייגנ־בוים, און וועגן דעם הייליקן לאַנד צו וועלכן די ייִדן מוזן זיך צוריקקערן.

אויף וויפֿל איך קען זיך דערמאָנען, האָט צו מיר ניט איבעריקס שטאַרק אַפּעלירט דאָס לעבן פֿון ערד־אַרבעטער, פֿון פּויערים, וואָס דער חובבי־ציון־מגיד האָט געמאָלן מיט אַזעלכע העלע, אַנציִענדע פֿאַרבן. עס האָבן צו מיר פֿיל מער אַפּעלירט זיינע ווערטער וועגן אומקערן זיך צוריק אין ארץ ישראל און זיצן דאָרטן אונטער אַ וויינשטאָק און אַ פֿייגנבוים, וואָס איך האָב געמיינט, אַז זיי עקזיסטירן בלויז אין חומש.

וואָס איז שייך צו ערד־אַרבעט, האָב איך גאַנץ גוט געוואוסט וואָס דאָס איז, און איך האָב ניט געקענט ווערן באַגייסטערט. איך האָב געזען ווי די פּויערים אין די דערפֿער אַרבעטן און לעבן, און איך האָב זיי ניט מקנא געווען. איך האָב אויך געזען ווי ייִדן אַקערן די ערד. עס זיינען אין יענער צייט אין די שטעטלעך פֿון ליטע געווען מערערע ייִדן, וואָס האָבן טיילוויז, אויב ניט אין גאַנצן, זיך באַשעפֿטיקט מיט ערד־אַרבעט. די מייסטע האָבן געהאַט אייגענע גרינס־גערטנער, וועלכע זיי האָבן אַליין באַאַרבעט. אַנדערע האָבן געהאַט ערד אויף אַרענדע. מיין טאַטע אַליין האָט אַמאָל געהאַט ערד אויף אַרענדע. אַ חוץ דעם איז ניט ווייט פֿון דעם שטעטל, וואו איך בין געגאַנגען אין חדר, געווען אַ ייִדישער דאָרף, פֿאַמוסע האָט ער געהייסן. איך געדענק ניט גענוי, וויפֿל פֿאַ־מיליעס דאָרטן זיינען געווען, נאָר אַלע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט ערד־אַרבעט: געאַקערט, געזייט, געשניטן און געדראָשן. אָבער די ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיי ניט מקנא געווען זייער פּויערשן לעבן. די מייסטע ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן געלעבט לייכטער און בעסער פֿון זיי. די ייִדן אין די ליטווישע שטעטלעך זיינען ווייט ניט אַלע געווען לוידיק־גייער און לופֿט־מענטשן. אַ באַדייטנדער טייל פֿון זיי זיינען געווען באַלמעלאָכעס, אַ געוויסע צאָל זיינען געווען קאַראַבעלניקעס אָדער קאַראַביייניקעס, וואָס פֿלעגן זיך אַרויס־

לאָזן אין דאָרף מיט אַ שווערן פּאַק סחורה אויפֿן רוקן און ברענגען צוריק אַ היים חזיר־האָר, קעלבערנע פֿעלכלעך, פֿעדערן, וואָל, פֿלאַקס און אַנדערע דאָרף־פּראָדוקטן. דאָס זיינען געווען יידן שווערע האָרעפּאַשניקעס. זייער באַשעפֿטיקונג איז געווען האַלב מסחר, האַלב מלאכה, ווייל די פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן געבראַכט פֿון דאָרף, האָבן געפֿאָדערט אַ געוויסע באַאַרבעטונג איידער זיי האָבן עס געקענט פֿאַרקויפֿן צו די גרעסערע הענדלער, אָדער סוחרים. אין יעדן שטעטל זיינען געווען עטלעכע קראָמען, אָדער בודן, ווי מען האָט זיי גערופֿן אין די שטעטלעך, וועלכע זיינען געווען נאָענט צו קורלאַנד, און עטלעכע סוחרים. שוין אָפּגערעדט, אַז ביי די אייגנטימער פֿון די קראָמען און די סוחרים האָט מען ניט געקענט אַרויסרופֿן קיין באַגייסטערונג פֿאַר ערד־אַרבעט און פֿאַרן פּויערשן לעבן, נאָר אויך ניט ביי די באַלעמעלאָכעס און קאַראַבעלניקעס. אָבער עס איז געווען גאַנץ אַנדערש, ווען דער חובבי־ציון־מגיד האָט אַנגעפֿאַנגען אין זיין דרשה וועקן די בענקשאַפֿט צו ארץ־ישראל און ריידן וועגן די ווייַנשטאָקן און פֿייגנבוימער. דאָס איז געווען ראָמאַנטיק און עס האָט דעם עולם דערוואַרעמט. נאָר אין ענד־רעזולטאַט האָט דאָכט זיך קיינער פֿון די יידן פֿון שטעטל עס ניט באַטראַכט פֿאַר אַ ממשותדיקן עניין. ביי דעם רב פֿון שטעטל איז דער גאַנצער עניין ניט געווען רעכט. זיי ווילן אַראָפּברענגען משיחן איבערגעוואַלט, האָט ער געזאָגט, אָבער מען טאָר ניט דוחק זיין דעם קץ.

נאָר אויב די גלאָריפֿיצירונג פֿון ערד־אַרבעט און פֿון פּויערים־לעבן האָט ניט געקענט אַרויסרופֿן קיין גרויסע באַגייסטערונג ביי די יידן פֿון די קליינע יידישע שטעטלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען אַזוי נאָענט צו דעם פּויערשן לעבן, האָט עס אָבער זייער שטאַרק אַפּעלירט צו אַ סך פֿון די משכּילים און פֿון דער יידישער אינטעליגענץ אין די גרעסערע שטעט, און צווישן זיי, ווי שוין געזאָגט, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געווען באַאיינפֿלוסט פֿון די אידייען פֿון די רוסישע „נאַראָדניקעס". און אויב ביי מאַנכע פֿון זיי איז די ארץ־ישראל־ראָמאַנטיק ,וואָס איז געווען מיט דעם פֿאַרבונדן, געווען אַ חסרון, איז עס אָבער ביי די אַנדערע געווען אַ גרויסע מעלה.

*

די יידישע אויסוואַנדערונג פֿון רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך אַנגעפֿאַנגען אין יענער צייט נאָך די גרויסע פּאָגראָמען, האָט אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע די ערשטע רוסישע יידישע סאָציאַליסטן, ווי אויך די ערשטע חובבי־ציון. זיי האָבן זיך געטראָפֿן אויף זייער וועג אין בראָד, די גרענעץ־שטאָט צווישן רוסלאַנד און עסטרייך, און האָבן דאָרטן אָנגעפֿאַנגען דעבאַטירן וואָס עס איז דער ריכטיקער וועג פֿאַר יידן. די דעבאַטן, ווי איך שטעל זיך פֿאָר, זיינען אויך פֿאָרגעזעצט געוואָרן אויפֿן שיף. נאָר זאָל מען מיר דאָ ניט באַשולדיקן, אַז איך קריוודע גאַליציע און רומעניע. איך בין דאָ ניט אויסן צו שרייבן אַ קאַפּיטל יידישע געשיכטע. איך בין דאָ בלויז אויסן אַנצוווייזן אויף די ווירקונגען און קעגן־ווירקונגען צווישן די יידישע סאָציאַליסטן און די חובבי־ציון אין אַמעריקע. און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אויך שייך צו די סאָציאַליסטן און חובבי־ציון פֿון גאַליציע און רומעניע, וועלכע האָבן זיך אויסגעמישט אין אַמעריקע. איך

וויל זיך דאָ ניט פֿאַרנעמען מיט געבן ביישפּילן. עס וועט זיין גענוג צו דער־מאָנען, אַז דער באַרימטער חובבי־ציון־מטיף מאַסליאַנסקי איז אין זיינע ערשטע אַמעריקאַנער יאָרן פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אויך אַ צווייטער באַרימטער חובבי־ציון־מטיף זעף. זיי ביידע האָב באַלאַנגט צום השכּלה־דור אין רוסלאַנד.

אין אַלגעמיין האָט די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פֿון אַמעריקע אין אירע ערשטע יאָרן געהאַט אַ היפּשע צאָל פֿון דעם השכלה־דור. עס איז אין אַלגעמיין שווער פֿעסטצושטעלן אַ דאַטום, ווען די השכלה־באַוועגונג האָט זיך אָנגעפֿאַנגען און ווען זי האָט זיך געענדיקט.

מיט דעם נאָמען „השכלה" (בילדונג) באַצייכנט מען געוויינלעך די עפּאָכע, ווען ביי די יידן האָט זיך אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 18־טן יאָרהונדערט אָנ־געפֿאַנגען אַ באַוועגונג, אָדער גיכער אַ שטרעבונג פֿאַר וועלטלעכער בילדונג. זי האָט זיך פֿריער אָנגעפֿאַנגען ביי די יידן אין דייטשלאַנד, ריכטיקער פּרייסן. די באַוועגונג איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם נאָמען פֿון דעם יידישן פֿילאָזאָף משה מענדעלסאָן, וועמען מען האָט אויך גערופֿן משה דעסאַוער (ער האָט גע־שטאַמט פֿון דער שטאָט דעסאַו). מיין רבי פֿלעגט אים אָבער רופֿן משה אָדעסער און פֿלעגט דערביי צולייגן די ווערטער ימח שמו. נאָך דער מער אָנגענומענער נאָמען פֿון די אָנהענגער פֿון דער השכלה־באַוועגונג איז געווען „בערלינטשי־קעס". דער נאָמען „בערלינטשיק" איז שפּעטער אין אַלגעמיין באַקאַנט געוואָרן פֿאַר איינעם, וואָס איז אַ ביסל אַראָפּ פֿון „גלייכן וועג" און מען האָט אים חושד געווען, אַז ער איז געכאַפּט געוואָרן אין דער מעשה. עס האָט ניט לאַנג גע־דויערט און די השכלה־באַוועגונג האָט זיך פֿון דייטשלאַנד אַריבערגעטראָגן אויך אין גאַליציע. וואָס איז שייך צו די יידן אין רוסלאַנד, איז עס אין גאַנצן שווער אָנצוגעבן אַ דאַטום, ווען די השכלה־באַוועגונג האָט זיך אָנגעפֿאַנגען. מאַנכע זיינען גענויגט צו רעכענען דעם אָנפֿאַנג פֿון דער השכלה ביי די יידן אין רוס־לאַנד פֿון דעם ווילנער גאון, וועלכער האָט געהייסן לערנען תּנ"ך און דיקדוק און ער האָט אויך געהאַלטן פֿאַר ניצלעך איבערצוזעצן אויף העברעאיש וויסנ־שאַפֿטלעכע ווערק. עס הייסט, אַז די יידן פֿון רוסלאַנד, אָדער ריכטיקער פֿון ליטע, האָבן אַן אייגענעם דאַטום פֿון השכלה אומאָפּהענגיק פֿון דייטשלאַנד. אָבער וועגן אָט דער השכלה פֿון ווילנער גאון קען מען אַ ביסל דעבאַטירן. איך גלויב דעריבער, אַז עס וועט זיין בעסער צו רעכענען, אַז די השכלה־עפּאָכע, אָדער ריכטיקער, דער השכלה־קאַמף, ביי די יידן אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגע־פֿאַנגען אַן ערך אין אָנהויב פֿון 19־טן יאָרהונדערט.

ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט פֿאַר די פּינקטלעכע דאַטומס פֿון היסטאָ־ריקער, וואָלט איך זאָגן, אַז די השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך פּראַק־טיש אָנגעפֿאַנגען מיט יצחק בער לעווינסאָן (ריב"ל), ווען ער האָט אַרויסגעגעבן זיין באַרימט ווערק „תעודה בישראל", סוף 1828, אין וועלכן ער אַגיטירט פֿאַר וועלטלעכע בילדונג, מלאכה און ערד־אַרבעט צווישן יידן. דער „תעודה בישראל", וועלכער איז געשריבן מיט אַ סך לומדות און איבערצייגנדער קראַפֿט, האָט גע־צויגן אויף זיך גרויס אויפֿמערקזאַמקייט און האָט געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק אַפֿילו אין מאַנכע אָרטאָדאָקסישע קרייזן. עס ווערט איבערגעגעבן, אַז

איינער פֿון די באַרימטע ווילנער רבנים אין יענער צייט, ר׳ אבעלע פּאָסוועלער, זאָל האָבן געזאָגט, אַז דער „תעודה בישראל״ האָט איין חסרון און דאָס איז, וואָס דער ווילנער גאון האָט אים ניט געשריבן. אויף וויפֿל דאָס איז אַן אמת, אָדער אַ לעגענדע, ווייס איך ניט. איך ווייס אָבער יאָ, אַז די רבנים און די פֿרומע יידן אין אַלגעמיין האָבן דעם „תעודה בישראל״ פֿאַרדאַמט און ר׳ יצחק בער לעווינזאָנען האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן. דער „תעודהניק״.

נאָר אויב עס איז שווער אָנצוגעבן ריכטיק דעם דאַטום, ווען די השכּלה־באַוועגונג האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, איז עס נאָך שווערער אָנצוגעבן אַ דאַטום, ווען דער השכּלה־פּעריאָד האָט זיך געענדיקט. מען נעמט געוויינלעך אָן, אַז אין רוסלאַנד האָט זיך די השכּלה־באַוועגונג געענדיקט אין אָנפֿאַנג פֿון די 80־קער יאָרן פֿון 19־טן יאָרהונדערט, ווען עס האָבן אויסגעבראָכן די גרויסע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. אַ באַוועגונג אָדער אַן אידעאָלאָגיע ווערט ניט אָפּגעבראָכן מיט אַמאָל. מען קען בלויז זאָגן, אַז זי איז אין אַ געוויסער צייט שוואַכער געוואָרן און אַז מערערע האָבן אויפֿגעהערט גלויבן אין איר. אין די שטעטלעך פֿון ליטע, פּוילן און ווייס־רוסלאַנד איז דער קאַמף פֿאַר השכּלה אָנגעגאַנגען ווייטער. ניט מער, אין דער אַגיטאַציע פֿאַר השכּלה האָט מען אויפֿגעהערט פֿאַרזיכערן, אַז דורך בילדונג וועלן יידן קריגן גלייכע רעכט אין רוסלאַנד. מען האָט אָבער ניט אויפֿגעהערט צו פֿאַרזיכערן, אַז בילדונג איז זייער בויטיק און אַז יידן טאָרן ניט אָפּשטיין פֿון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע.

אין אַלגעמיין איז עס אַ גאַנץ גרויסער ליגן, אַז דער הויפּט־מאָטיוו פֿון דער השכּלה־באַוועגונג איז געווען גלייכע רעכט פֿאַר יידן. עס הייסט, אַז ווען יידן וועלן זיך בילדן, וועלן ווערן מענטשן־גלייך, וועלן די גויים זיך בעסער באַציען צו זיי און די רעגירונג וועט זיי געבן גלייכע רעכט. אין דער אמתן איז ביי די מייסטע משכּילים געווען דער הויפּט־מאָטיוו פֿון דער השכּלה־באַוועגונג אַ קאַמף קעגן פֿינצטערניש, ווי מען האָט עס אָנגערופֿן. עס איז געווען אַ באַוועגונג פֿאַר בילדונג, פֿאַר אויפֿקלערונג און קעגן רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם, קעגן דער הערשאַפֿט פֿון די רבנים, די כּלי־קודש מיט דעם בית־מדרש און קלויז. נעמט, למשל, דעם קאַמף, וואָס עס האָט געפֿירט משה לייב ליליענבלום, יהודה לייב גאָרדאָן, ברוידעס, א. אַז. וו. לייענט זייערע שריפֿטן און איר וועט זען פֿאַרוואָס און קעגן וואָס זיי האָבן געקעמפֿט. פֿון איין זייט איז געווען די „השכּלה בת שמים״ — די הימלישע טאָכטער — בילדונג און אויפֿקלערונג, און פֿון דער אַנדערער זייט פֿאַנאַטישע רעליגיעזע פֿינצטערקייט. און אויב אָט דער קאַמף האָט שפּעטער פֿאַרלאָרן זיין ערשטן אימפּעט און אַגרעסיווקייט, איז דאָס געווען דערפֿאַר, ווייל ער איז צום גרויסן טייל געוואונען געוואָרן. ער איז אָבער געווען נאָך שאַרף גענוג פֿאַר אַ לענגערער צייט אין די שטעטלעך פֿון פּוילן און ליטע.

*

השכּלה איז פֿאַקטיש געווען אַ זייער וויכטיקער טייל פֿון „פֿאָרווערטס״. און ניט בלויז השכּלה אין אַלגעמיין, נאָר אויך יידישע השכּלה, אָדער לאָמיך עס רופֿן יידישע אויפֿקלערונג. דער „פֿאָרווערטס״ האָט זיך פֿון אָנפֿאַנג אָן גע־

שטעלט פֿאַר אַ ווירקיקער אויפֿגאַבע צו בילדן די יידישע מאַסן, ניט בלויז צו לערנען זיי סאָציאַליזם און טרייד־יוניאָניזם, נאָר אויך זיי צו געבן בילדונג. די שרייבער פֿון „פֿאַרווערטס" און זיין רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן זיינען געווען באַ־הערשט פֿון דעם השכּלה־גייסט. זיי זיינען געווען חסידים פֿון בילדונג און פֿון אויפֿקלערונג. ב. פֿייגענבוים האָט זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט יידישער השכּלה. ער האָט געלערנט די לייענער פֿון „פֿאַרווערטס" צו פֿאַרשטיין די יידישע תּורה און די יידישע רעליגיע, און פֿון זיינע אַפּיקורסישע אַרטיקלען האָבן די לייענער פֿון „פֿאַרווערטס" געלערנט אַ סך מער תּורה און יידישע לומדות ווי פֿון די דרשה־אַרטיקלען פֿון די פֿרומאַקעס. ביי פֿייגנבוימען איז השכּלה און אויפֿקלערונג געווען איינע פֿון די ווירקיקסטע מצוות, וועלכע מען מוז מקיים זיין, ווי דאָס איז געווען ביי די מייסטע אַנדערע משׂכּילים פֿון זיין דור. אַ סך פֿון זיי האָבן פֿיל געליטן און געבראַכט די שווערסטע קרבנות פֿאַר זייער אידעאַל צו מאַכן יידן געבילדעטער און ציוויליזירטער.

דער „פֿאַרווערטס" האָט געשפּילט אַ העכסט ווירקיקע ראָלע אין דער אויפֿ־קלערונג און אין דער דערציאונג פֿון די יידישע פֿאָלקסמאַסן אין אַמעריקע.

דער „פֿאַרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרן אין דער צייט ווען די יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע האָט אָנגעפֿאַנגען שטאַרק וואַקסן. די מייסטע יידישע אימיגראַנטן זיינען דעמאָלט באַשטאַנען פֿון אַ גאַנץ רויען מאַטעריאַל. זייער קולטורעלער צושטאַנד איז געווען אַ גאַנץ נידריקער. די ערשטע שווערע אויפֿגאַבע איז געווען זיי צו מאַכן פֿאַר לייענער. אין דער אַלטער היים, פֿון וואַ־נען זיי זיינען געקומען, האָבן זיי קיין יידישע צייטונגען ניט געהאַט. מען האָט זיי דאָ פּשוט געדאַרפֿט אָנפֿאַנגען לערנען צו לייענען אַ צייטונג און זיי פֿאַר־אינטערעסירן, אַז זיי זאָלן וועלן לייענען. און אין גאָר אַ סך פֿאַלן האָט מען זיי געדאַרפֿט לערנען צו זיין אַ מענטש. מען האָט זיי געדאַרפֿט לערנען אַ סך זאַכן צו וויסן און צו פֿאַרשטיין אין דער נייער גרויסער וועלט, וואו דער גורל האָט זיי פֿאַרוואָרפֿן. דער סאָציאַליזם, וואָס דער „פֿאַרווערטס" האָט זיי געלערנט, האָט געדאַרפֿט אין זיך אַנטהאַלטן אַלץ. עס האָט געדאַרפֿט זיין ניט בלויז סאָ־ציאַליסטישע אויפֿקלערונג, נאָר אויך אַלגעמיין־מענטשלעכע אויפֿקלערונג, און מען האָט זיי עס געדאַרפֿט געבן אין אַזאַ שפּראַך, אַז זיי זאָלן עס קענען וואָס לייכטער פֿאַרשטיין. זייער יידישע שפּראַך, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים, איז געווען אַ גאַנץ אָרעמע. מען האָט זיך דעריבער געדאַרפֿט קליגן אויסצודריקן אין אָט דער אָרעמער שפּראַך נייע געדאַנקען, נייע באַגריפֿן, וועלכע זיינען פֿאַר אַ סך פֿון די לייענער געווען פֿרעמד. דאָס איז געווען אַ זייער שווערע אויפֿגאַבע. ווען מען קוקט אַריין אין דעם „פֿאַרווערטס" פֿון די ערשטע יאָרן, קען מען זען ווי שווער דאָס איז געווען.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז ווען מען האָט ביי אַנדערע פֿעלקער אָנגעפֿאַנגען שרייבן וועגן סאָציאַליזם, איז די שפּראַך, אין וועלכער מען האָט גע־שריבן, שוין געווען אין אַ הויכער מאָס אַנטוויקלט. זי האָט געהאַט אַ גרויסע ליטעראַטור, וויסנשאַפֿטלעכע ביכער א. אַז. וו. ווען מען האָט אָבער אָנגע־פֿאַנגען שרייבן וועגן סאָציאַליזם אין יידיש, בפֿרט נאָך פֿאַרן פּשוטן פֿאָלק, האָט מען אין דער זעלביקער צייט אויך געדאַרפֿט שאַפֿן די שפּראַך. מען האָט גע־

דאַרפֿט זוכן נייע ווערטער און מען האָט געדאַרפֿט זוכן אַלטע ווערטער די נייע צו פֿאַרטייטשן. דער „פֿאָרווערטס" האָט אין דעם פּרט זייער גרויסע פֿאַרדינסטן. די יידישע „פּוריסטן", די וואָס קעמפֿן פֿאַר דער ריינקייט פֿון דער יידישער שפּראַך, קענען טענות צום „פֿאָרווערטס", אַז ער האָט אין דער יידישער שפּראַך אַריינגעבראַכט אַ סך ענגלישע און דייטשע ווערטער, אָבער אויך זיי וועלן מוזן צוגעבן, אַז דער „פֿאָרווערטס" האָט אַ סך מיטגעהאָלפֿן אין דער אַנט־וויקלונג פֿון דער יידישער שפּראַך און איר רייכער צו מאַכן. און וואָס איז שייך צו דער אַנטוויקלונג פֿון יידישן זשורנאַליזם, האָט דער „פֿאָרווערטס" אַ גאַנץ באַזונדערס גרויסן חלק.

נאָר עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַט די זעלביקע מענטשן, די גרינדער פֿון „פֿאָרווערטס", וועלכע האָבן אַזאַ גרויסן חלק אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער שפּראַך, האָבן אַליין ניט געגלויבט אין דער צוקונפֿטיקער עקזיסטענץ פֿון דער יידישער שפּראַך. זיי האָבן עס גאַנץ אָפֿן געזאָגט אין „פֿאָרווערטס" גופֿא. זיי האָבן אין אַלגעמיין וויניק געגלויבט אין וועלכער עס איז נאַציאָנאַ־לער עקזיסטענץ פֿון יידן אין אַמעריקע. זיי האָבן ניט פֿאַרויסגעזען, אַז אַמע־ריקע וועט זיין דאָס לאַנד, וואָס וועט האָבן די גרעסטע יידישע באַפֿעלקערונג. פֿאַקטיש האָט עס קיינער ניט פֿאַראויסגעזען.

אין יענער צייט איז די צאָל יידן אין אַמעריקע, ווי מען שאַצט, געווען צווישן 800 און 900 טויזנט. דער גאַנץ גרויסער יידישער אימיגראַציע־שטראָם אין אַמעריקע האָט זיך ערשט אָנגעפֿאַנגען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער.

די מייסטע יידישע סאָציאַליסטן, ווי אַלע אַנדערע סאָציאַליסטן און ראַ־דיקאַלן אין יענער צייט, האָבן געגלויבט אין קאָסמאָפּאָליטיזם. זייער אַ שיינע אידייע, ווען זי זאָל נאָר קענען פֿאַרווירקלעכט ווערן. זיי זיינען געווען זיכער, אַז אין דער צוקונפֿט וועט די וועלט ניט זיין איינגעטיילט אין באַזונדערע נאַ־ציעס אָדער פֿעלקער, נאָר עס וועט זיין איין מענטשהייט און ממילא איז ניטאָ וואָס צו זאָרגן וועגן דער אויפֿהאַלטונג פֿון דער יידישער שפּראַך און פֿון יידישן פֿאָלק. אגב, וואָס איז שייך צו דער יידישער שפּראַך, האָבן זיי ניט איינגעזען קיין מעגלעכקייט ווי אַזוי זי קען בלייבן לעבן אין אַמעריקע, זעענדיק ווי שנעל די יידן נעמען דאָ איבער די ענגלישע שפּראַך. נאָר דאָס איז ניט די איינציקע נביאות, וואָס איז ניט מקוים געוואָרן. און עס באַווייזט, אַז מען דאַרף זיין פֿאַר־זיכטיק מיט זאָגן נביאות, באַזונדערס וועגן יידן. ווייל דער וועג פֿון דעם יידישן לעבן, פֿון דער יידישער געשיכטע איז ניט קיין גראַדער. איך גלויב דעריבער, אַז וואָס איז שייך צום יידישן לעבן דאַרף מען זיך אַלע מאָל האַלטן פֿאַר דעם כּלל, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס מען דאַרף שטענדיק טראַכטן וועגן דער צוקונפֿט, דאַרף מען אָבער דאָך אַלע מאָל טאָן דאָס, וואָס עס פֿאָדערט דער היינט. די גרינדער פֿון „פֿאָרווערטס" האָבן געמעגט ניט גלויבן, אַז די יידישע שפּראַך האָט אַ צוקונפֿט, אָבער זיי האָבן דאָך געטאָן אַלץ, וואָס די קעגנוואַרט האָט פֿון זיי געפֿאָדערט צו אַנטוויקלען און רייכער מאַכן די יידישע שפּראַך, און זיי האָבן עס געטאָן. און איך גלויב, אַז עס פֿאַרדריסט זיי ניט, וואָס זייער נבואה איז ניט מקוים געוואָרן.



# יידן און יידישקייט

די פֿראַגע, וואָס איך וויל דאָ באַהאַנדלען, האָט צו טאָן מיט דער עקזיסטענץ פֿון יידן און יידישקייט, אָבער ווען מיר ריידן וועגן דער עקזיסטענץ פֿון יידן און יידישקייט, קענען מיר ניט אויסמיידן די פֿראַגע וואָס מען דאַרף פֿאַרשטיין אונטער די ווערטער „יידן און יידישקייט". און מיט דער דאָזיקער פֿראַגע איז פֿאַרבונדן אַ צווייטע פֿראַגע: קען מען אָפּטיילן יידן פֿון יידישקייט?

דאָס זיינען ניט קיין נייע פֿראַגעס, אָבער זיי באַלאַנגען צו דער קאַטעגאָריע אַלטע פֿראַגעס, וואָס בלייבן שטענדיק ניי.

איך הער און איך לייען אין דער לעצטער צייט גאַנץ אָפֿט, אַז מיר דאַרפֿן זיך האַלטן נאָענט צום אַלטן קוואַל און שעפּן פֿון אים. איך דאַרף זאָגן, אַז ביי מיר איז אַלטקייט אַליין ניט קיין יחוס. דער עיקר ביי מיר איז, אַז דער קוואַל זאָל זיין אַ גוטער און מען דאַרף דעריבער שעפּן פֿון אַלע קוואַלן, וואָס זיינען גוט, גאַנץ גלייך צי זיי זיינען אַלט אָדער ניי. אָבער איך וועל פֿאָלגן און איך וועל היינט פּרובירן שעפּן וואָס מער פֿון אַלטן קוואַל.

אויף דער פֿראַגע צי מען קען אָפּטיילן יידן פֿון יידישקייט קען מען אפשר ענטפֿערן, אַז פּאַקטיש זיינען געווען יידן פֿריער ווי יידישקייט. עס זיינען געווען יידן איידער די יידישע תורה איז געגעבן געוואָרן פֿון הימל אויפֿן באַרג סיני. אָבער צו געבן אַזאַ ענטפֿער מוז מען גלויבן, אַז די יידישע תורה איז טאַקע גע־געבן/געוואָרן אַ פֿאַרטיקע פֿון הימל און ניט ביסלעכווייז פֿון דער ערד. אגב, ווען מען שעפּט פֿון אַלטן קוואַל, מוז מען דערמאָנען, אַז די גמרא זאָגט: „ישראל ואורייתא חד הוא", וואָס קען איבערגעזעצט ווערן, אַז יידן און יידישקייט זיינען איינס, עס הייסט, אַז מען קען ניט אָפּטיילן יידן פֿון יידישקייט. אָבער די מעשה מיט דער גמרא איז, אַז מען קען אין איר געפֿינען פֿאַרשיידענע מיינונגען. לויט דער גמרא ווערט איינער ניט אויס ייד, ווען ער היט ניט אָפּ קיין יידישקייט. די גמרא זאָגט, אַז ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא. עס הייסט, אַז אויב איינער איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, בלייבט ער אַלע מאָל אַ ייד, אַפֿילו ווען ער היט ניט אָפּ קיין יידישקייט. דאָס שטימט דערמיט, וואָס סיי אין תנ"ך סיי אין תלמוד ווערן די יידן שטענדיק באַצייכנט אַלס די קינדער פֿון אברהם, יצחק ויעקב, אָדער קירצער — די קינדער פֿון יעקב. עס הייסט, אַז די אָפּשטאַמונג איז דער עיקר. לויט דער גמרא ווערט אַפֿילו דער „אותו האיש" (יעזוס) פֿאַר־רעכנט פֿאַר אַ יידן. נאָר עס זיינען אין דער גמרא אויך פֿאַראַן פּונקט פֿאַר־קערטע מיינונגען. מען קען דעריבער ניט האָבן קיין טענות צום רמב"ם, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז ניט די אָפּשטאַמונג נאָר די יידישקייט, וואָס מאַכט איינעם פֿאַר אַ יידן. ער האָט עס געזאָגט אין אַן ענטפֿער אויף אַן אָנפֿראַגע פֿון אַ גר, אויב ער מעג זאָגן אין יום־טובדיקן דאַוונען „אתה בחרתנו מכל העמים", ווייל ער איז דאָך ניט קיין געבוירענער פֿון יידישן פֿאָלק. דעם רמב"מס ענטפֿער איז, אַז דערמיט וואָס איינער האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן, ווערט ער אַ זון פֿון יידישן פֿאָלק און ער מעג דעריבער זאָגן „אתה בחרתנו מכל העמים" צוגלייך מיט אַלע יידן.

מען קען דעריבער זאָגן, אַז אַ ייד איז איינער וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, אָדער וואָס האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. עס הייסט, אַז מען קען יאָ אָפּטיילן יידן פון יידישקייט.

נאָר וויפל יידישקייט דאַרף איינער אָפּהיטן, אַז ער זאָל זיין אַ ייד?

אויף דעם איז ווידער אַמאָל פאַראַן אַ גמרא. עס איז אין מסכת מכות (דף כג, כד). נאָך דעם ווי עס ווערט אין אָט דער קליינער מסכת מכות באַשטימט די האַרבע שטראָפן פאַר די עבֵרות, וואָס איינער באַגייט און וויפל מלקות מען דאַרף איינעם געבן פאַר פאַרשיידענע עבֵרות, וואָס פאַר אַ קאַנטשיק מען דאַרף באַנוצן, ווי די מלקות דאַרפן געגעבן ווערן און ווי שטאַרק זיי דאַרפן זיין — אַזוי שטאַרק, אַז ניט יעדער קען זיי אויסהאַלטן, — האָבן זיך די בעלי הגמרא צום סוף פאַרטראַכט, אַז עס איז זייער שווער אָפּצוהיטן די יידישע תּורה און, אַז עס איז שוין געווען דוד המלך, וואָס האָט עס איינגעזען.

אָט איז די גמרא:

רבי שלמאי זאָגט: משה רבינו זיינען געזאָגט געוואָרן תּרי"ג מצוות (613), פון זיי 365 לאוין (ד"ה וואָס מען טאָר ניט טאָן) און 248 עשהס (זאַכן וואָס מען דאַרף טאָן). איז געקומען דוד המלך און האָט זיי אָוועקגעשטעלט אויף 11 (תּהילים ט"ו). ישעיה הנביא האָט זיי אָוועקגעשטעלט אויף 6 (ישעיה לג); איז געקומען דער נביא מיכה המורשתי און האָט זיי אָוועקגעשטעלט אויף 3 (מיכה ו'). איז געקומען ישעיה דער צווייטער און האָט זיי אָוועקגעשטעלט אויף 2 (ישעיה נ"ו). איז געקומען חבקוק הנביא און האָט זיי אָוועקגעשטעלט אויף איינס: „צדיק באמונתו יחיה". איך וואָלט עס איבערזעצן, אַז אַ צדיק איז דער, וואָס איז טריי צו זיך אַליין, אָדער וואָס לעבט ווי ער גלויבט.

עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז די עיקרים פון יידישקייט, וואָס די אַלע אויבנדערמאָנטע האָבן אָנגעגעבן, זיינען בלויז אַזעלכע וואָס האָבן אַ שייכות צו די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, אָבער ניט צווישן מענטש און גאָט.

ווי איר זעט, איז די פראַגע, וואָס עס איז יידישקייט, אַ גאַנץ אַלטע. די טענדענץ אָוועקצושטעלן יידישקייט אויף איין עיקר, ווי חבקוק האָט עס געטאָן, אָדער אויף צוויי עיקרים, ווי ישעיה, עקזיסטירט אויך היינט. ביי די אָרטאָדאָקסישע יידן איז עס די תּורה מיטן תּלמוד. ביי די רעפאָרמירטע איז עס די געלייטערטע יידישע רעליגיע מיט דעם אוניווערסאַלן גאָט. ביי די קולטוריסטן איז עס די יידישע וועלטלעכע קולטור. ביי ד"ר זשיטלאָווסקין איז עס די יידישע שפּראַך, און ביי די ציוניסטן איז עס דאָס יידישע לאַנד. יעדע גרופּע פאַרזיכערט, אַז אָן זייער עיקר קען דאָס יידישע פאָלק קיין קיום ניט האָבן.

איידער איך גיי ווייטער וויל איך באַמערקן, אַז איך גלויב, אַז אין דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק האָט געשפּילט אַ העכסט וויכטיקע ראָלע דער פאַקט, וואָס די יידן האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט און האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע לענדער. און איך וויל אין דעם פאַל ווידער אַמאָל באַנוצן זיך מיט דער גמרא. זי זאָגט, אַז גאָט האָט די יידן געטאָן אַ טובה, וואָס ער האָט זיי פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער פון דער וועלט — צדקה עשה הקב"ה עם ישראל שפזרן בין האומות. ווען יידן וואָלטן געבליבן אין זייער לאַנד, וואָלטן זיי אפשר אונטערגעגאַנגען צוגלייך מיט אַנדערע אַמאָליקע פעלקער, זייערע

שכנים. ארץ ישראל, וואָס איז געווען אַ דורכגאַנגס־לאַנד פֿאַר אַלע מלחמות אין דעם נאָענטן מזרח, איז ניט געווען קיין גינסטיקער פּלאַץ צו לעבן און זיך צו אַנטוויקלען. דורך דעם וואָס דאָס יידישע פֿאָלק האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, האָט אַלע מאָל אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן געהאַט אַן אָרט, אין איין לאַנד אָדער אַ צווייטן, וואו זיי האָבן געקענט לעבן מער אָדער ווייניקער זיכער און פֿאַרזעצן די עקזיסטענץ פֿון זייער פֿאָלק.

אָבער איך וויל ניט אַוועקשטעלן די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק אויף איין עיקר. בלויז אַזאַרט־שפּילער שטעלן אַלץ אויף איין קאָרט. עס זיינען פֿאַראַן אַ גאַנצע ריי אורזאַכן, וואָס האָבן געווירקט, אַז דאָס יידישע פֿאָלק זאָל בלייבן לעבן און וואַקסן. די אַלע אורזאַכן צוזאַמען, מאַנכע פֿון זיי מער, אַנדערע ווייניקער, — האָבן געשאַפֿן אַ נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די יידן. און איך וואָלט זאָגן, אַז אויף דער פֿראַגע „ווער עס איז אַ ייד", איז דער בעסטער ענטפֿער, אַז ווי לאַנג איינער פֿילט, אַז ער איז אַ ייד, איז ער אַ ייד.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער עלעמענט פֿון באַוואוסטזיין מוז האָבן עפּעס פֿון וואָס זיך צו שפּייזן. אָבער די זעלביקע אורזאַכן, וואָס האָבן אָט דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אַרויסגערופֿן ביי יידן, עקזיסטירן נאָך צום גרויסן טייל, און אויב זיי האָבן זיך אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן באַדייטנדיק געענדערט, זיינען זיי אָבער דאָך פֿאַראַן. פֿאַקטיש זיינען די ענדערונגען געווען מער אין פֿאָרם ווי אין אינהאַלט. די יידישע געשיכטע איז נאָך היינט די זעלביקע פֿאַר אַלע יידן; די יידישע רעליגיע מיט אַלע אירע ענדערונגען איז אין גרונט נאָך אַלץ די זעלביקע, און אַזוי איז עס אויך מיט דער יידישער קולטור און צו אַ גרויסער מאָס מיט דער יידישער שפּראַך און איר ליטעראַטור.

יעדער מעג זיך גלויבן, אַז זיין עיקר איז דער איינציקער, אָדער דער העכסט וויכטיקער אויפֿצוהאַלטן די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק, און איינער מעג ניט גלויבן אין דעם צווייטנס עיקר, אָבער דער פֿאַקט איז אַז אַלע פֿון זיי האָבן אַ ווירקונג. דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז יעדער פֿון אונדז איז מחויב צו אונטערשטיצן אַלץ וואָס קען האָבן אַ ווירקונג אויפֿצוהאַלטן די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק. מען קען ניט שטיצן דאָס, אין וואָס מען גלויבט ניט. ווען איך, למשל, גלויב ניט, אַז אַן אייגן לאַנד איז אַן עיקר פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק, קען מען פֿון מיר ניט דערוואַרטן, אַז איך זאָל שטיצן די באַ־וועגונג פֿאַר אַן אייגן לאַנד. און אויב איך האַלט ניט פֿון רעליגיע, קען מען פֿון מיר ניט דערוואַרטן, אַז איך זאָל זיך באַמיען אויפֿצוהאַלטן די יידישע רע־ליגיע. אָבער דערמיט וואָס איך האַלט ניט פֿון איין עיקר אָדער אַ צווייטן, אָדער ווען איך בין אַפֿילו קעגן, ווערט דאָך דערמיט ניט געענדערט דער פֿאַקט, אַז עס זיינען פֿאַראַן גרופּעס אין יידישן פֿאָלק, וואָס האַלטן זייער שטאַרק פֿון די עיקרים אין וועלכע איך גלויב ניט, אָדער וועלכע איך באַקעמף. איך מעג צוגעבן, אַז דער גלויבן אין משיחן האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפֿצו־האַלטן די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק. אָבער דאָס קען דאָך מיך ניט באַ־איינפֿלוסן, אַז איך זאָל אָנפֿאַנגען גלויבן אין משיחן.

מען האָט פּרובירט געבן פֿאַרשיידענע דעפֿיניציעס אויף דעם באַגריף נאַציע און באַשטימען אירע סימנים. אָבער מען האָט אויסגעפֿונען, אַז עס זיינען ניטאָ

אַזעלכע סימנים, וואָס זאָלֿן זיין צוגעפּאַסט צו אַלֿע נאַציעס. מען האָט, למשל, געוואָלֿט באַשטימען, אַז די סימנים פֿון אַ נאַציע זיינען אַן אייגענע שפּראַך און אַן אייגן לאַנד. עס זיינען אָבער פֿאַראַן נאַציעס, וואָס האָבן ניט קיין אייגן לֿאַנד און קיין אייגענע שפּראַך. איך גלֿויב דעריבער, אַז די בעסטע דעפֿיניציע איז, אַז אַ נאַציע איז אַ גרופּע מענטשן מיט אַ געמיינשאַפֿטלֿעכער געשיכטע, וועלכע איז אַנדערש פֿון אַנדערע גרופּעס.

די אַנדערשקייט איז דער וויכטיקסטער סימן, גאַנץ גלֿייך אין וואָס די אַנ־דערשקייט דריקט זיך אויס.

יידן האָבן אַ סך זאַכן מיט וואָס זיי זיינען אַנדערש פֿון אַנדערע פֿעלקער, און ווי לֿאַנג זיי וועלֿן זיין אַנדערש, וועט עקזיסטירן דאָס יידישע פֿאָלֿק.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס אויך די אַנדערשקייט אונדזערע ענדערט זיך. דער עיקר איז, וואָס מיר בלייבן אַנדערש.

די יידישע רעלֿיגיע אין אַמעריקע ענדערט זיך. זי ענדערט זיך דורכן לֿעבן, אָן ספּעציעלֿע רעפֿאָרמערס. איר וועט געפֿינען אַ סך הי־געבוירענע, וואָס וועלֿן ניט עסן אַ העם־(חזיר)־סענדוויטש מיט פּוטער. זיי ווייסן, אַז פּוטער מיט פֿלֿייש טאָרן יידן ניט עסן, אָבער זיי ווייסן ניט, אַז עס איז פֿאַראַן פֿלֿייש, וואָס יידן טאָרן ניט עסן. אָבער אין רעלֿיגיע איז ניטאָ קיין שכל, און ניט עסן אַ העם סענד־וויטש מיט פּוטער איז דאָך נענטער צו דער יידישער רעלֿיגיע ווי צו דער קריסטלעכער. ווײלֿ לויט דער קריסטלעכער רעלֿיגיע מעג מען עסן אַ העם־סענדוויטש אויך מיט פּוטער. עס פֿאַנגט זיך אָן ביי די היגע געבוירענע יידן אַנטוויקלען אַ מינהג, אַז ביי זיך אין דער היים דאַרף מען עסן כשר פֿלֿייש. אָבער אין אַ רעסטאָראַן קען מען עסן וואָס מען וויל. עס הייסט אַז דער באַגריף פֿון כשרות ווערט ביי זיי פֿאַרבונדן מיט דער היים, אָט ווי אַ מזוזה, למשל. אַ מזוזה דאַרף זיין אויף דעם ביישטידלֿ פֿון דער טיר, וואו מען וואוינט, אָבער מען נעמט איר ניט מיט, ווען מען גייט צו ביזנעס.

איינער קען מאַכן לֿיצנות פֿון אַזאַ מין יידישער רעלֿיגיע, אָבער זי איז דאָך יידישע רעלֿיגיע, ווײלֿ זי איז פֿאַראַן בלֿויז ביי יידן און איז אַנדערש, ווי ביי די גויים.

איך גלֿויב ניט אין דער פֿולשטענדיקער אַסימילֿאַציע פֿון יידישן פֿאָלֿק, הגם אַ ביסעלֿע אַסימילֿאַציע האָבן מיר שטענדיק. אַמאָלֿ איז דאָס ביסעלֿע גרעסער און אַמאָלֿ קלֿענער, אָבער יעדער פֿון אונדז איז אַ ביסעלֿע אַסימילֿירט און עס איז גוט אַזוי. אַלֿע אַסימילֿירן זיך צוביסלעך, ניט בלֿויז יידן. ווען פֿעלֿ־קער לֿעבן נאָענט איינע מיט די אַנדערע, נעמען זיי עפּעס איבער איינע פֿון די אַנדערע. איך גלֿויב אָבער ניט, אַז יידן קענען זיך אינגאַנצן אַסימילֿירן, בפֿרט וואו זיי לֿעבן אין גרעסערע מאַסן. עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע צאָלֿ סיבות, וואָס דערלֿאָזן עס ניט, און אויב היסטאָריע לֿערנט אונדז עפּעס, דאַן לֿערנט אונדז די יידישע היסטאָריע פֿריער ווי אַלֿץ, אַז דאָס יידישע פֿאָלק האָט אין זיך קיין שום נייגונג צו פֿאַרשווינדן, נאָר אין קעגנטײלֿ, עס וואַקסט און ווערט שטענדיק גרעסער.

דאָס לֿעבן פֿון פֿעלקער גייט ניט אויף דעם וועג פֿון דער טאָג־טעגלֿעכער לֿאָגיק, ווײלֿ פֿעלקער לֿעבן ניט מיט דעם טאָג, נאָר היסטאָריש. און געוויס קען

די טאָג־טעגלעכע לאָגיק ניט צוגעפּאַסט ווערן צו דעם לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק. לויט אַלע געזעצן פֿון דער טאָג־טעגלעכער לאָגיק און לויט דער טאָג־טעגלעכער קלוגהייט פֿון פּראַקטישע מענטשן האָט דאָס יידישע פֿאָלק שוין לאַנג ניט געדאַרפֿט עקזיסטירן. ניטאָ קיין איינציקע לאָגישע און פּראַקטיש־שכלדיקע אורזאַך, פֿאַרוואָס דאָס יידישע פֿאָלק איז געבליבן לעבן און איז אויך געוואַקסן.

ווען דאָס לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק וואָלט געגאַנגען אויף דעם גלייכן וועג פֿון דער טאָג־טעגלעכער לאָגיק, דאַן וואָלט מען אַלע מאָל ניט נאָר לייכט געקענט פֿאָראויסזאָגן, נאָר אויך לייכט טרעפֿן וואָס עס וועט זיין די צוקונפֿט זיינע, ווייל אַ גלייכער וועג איז פֿאַראַן בלויז איינער. אָבער דער וועג פֿון דעם יידישן לעבן איז נישט קיין גלייכער, נאָר אַ געדרייטער, און ניט נאָר איין וועג נאָר אַ סך וועגן. און דעריבער קען די גלייכע טאָג־טעגלעכע לאָגיק אונדז גאָר־נישט אַרויסהעלפֿן, ווי אַזוי דאָס לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק וועט ווייטער גיין און ווי לאַנג עס קען עקזיסטירן.

עס זיינען געווען קלוגע מענטשן און לאָגישע מענטשן, אויך מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק, האָט אָבער ווער פֿון זיי דאַן געקענט פֿאָראויסזאָגן, אַז אַרום 7־8 מיליאָן יידן אין דער וועלט וועלן ריידן יידיש? האָבן זיי דאַן געקענט פֿאָראויסזאָגן, אַז אַמעריקע וועט האָבן מער יידן ווי וועלכע עס איז אַנדער לאַנד?

און צו וואָס דאַרף מען גיין אַזוי ווייט צוריק ווי 200 יאָר? אָט פּרובירט אַ בלעטער טאָן דאָס וואָס קלוגע און לאָגישע מענטשן האָבן געשריבן מיט 50 יאָר צוריק וועגן דער צוקונפֿט פֿון יידן אין אַמעריקע. ווען זיי וואָלטן גע־טראָפֿן מיט זייערע פֿאָראויסזאָגונגען, וואָלט איצט אין אַמעריקע אַ יידישער ייד אַפֿילו אויף אַ רפֿואה ניט געווען.

אמת, עס איז פֿאַראַן אַ סיבה, פֿאַרוואָס זיי האָבן ניט געטראָפֿן. זיי האָבן ניט פֿאָראויסגעזען, אַז אין אַמעריקע וועלן אַריינשטראָמען אַזוי פֿיל יידן, און אַז אין דעם יידישן לעבן אין אַלע לענדער וועלן פֿאָרקומען אַזעלכע גרויסע און טיפֿע ענדערונגען. אָבער עס קענען דאָך אויך פֿאָרקומען פּאַסירונגען אין די נאָענטע פּאָר צענדליק יאָר, וואָס די היינטיקע לאָגישע מענטשן קענען ניט פֿאָראויסזען.

מען וואָלט געקענט פֿאָראויסזאָגן מיט זיכערהייט די אַנטוויקלונג פֿון אַ פֿאָלק אין דער צוקונפֿט, ווען דאָס לעבן פֿון פֿעלקער וואָלט געגאַנגען ווי אַן אָנגעצויגענער מעכאַניזם, אָבער די היינטיקע וויסנשאַפֿט לייקנט דאָך אַפֿילו אָפּ, אַז די נאַטור־וועלט גייט ווי אַן אָנגעצויגענער מעכאַניזם. „מיר קענען גאָרנישט פֿאָראויסזאָגן מיט באַשטימטקייט וואָס עס וועט פֿאָרקומען אין דער צוקונפֿט", זאָגט פּראָפֿעסאָר הייזענבערג, „ווייל די וועלט איז ניט קיין מעכאַניזם, וואָס גייט לויט באַשטימטע געזעצן. די נאַטור־וועלט ווערט קאָנטראָלירט פֿון צופֿאַל און ניט פֿון געזעץ". און מיט הייזענבערגן זיינען איינשטימיק שרעדינגער, עדינג־טאָן, און טיילוויז איינשטיין און אַ גאַנצע ריי וואָרטזאָגער פֿון דער וויסנשאַפֿט.

און ווען איך טראַכט וועגן דעם, הער איך אויף צו זיין אַזוי זיכער, אַז יידיש מוז אונטערגיין אין אַמעריקע און וועט אונטערגיין.

ווען מיר ריידן וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון יידישן פֿאָלק, איז ביי מיר די ערשטע פֿראַגע: ווען? דאָס איז אַ העכסט־וויכטיקע פֿראַגע.

איך האָב פֿאַריקן ווינטער באַזוכט אַ סעריע לעקציעס פֿון איינעם אַמע־ריקאַנער באַרימטע פֿיזיקער. זיי האָבן אין זייערע לעקציעס באַהאַנדלט די נייע טעאָריעס פֿון פֿיזיק און פֿיזיקאַלישער כעמיע, און די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דער נאַטור־וויסנשאַפֿט. איינער פֿון זיי האָט אין זיין לעקציע פּרובירט אויסרעכענען ווי אַלט עס איז די ערד און אונדזער זונען־סיסטעם און ווי לאַנג אונדזער ערד און די וועלט אין אַלגעמיין, קען זיך האַלטן. דער פּראָפֿעסאָר באַלאַנגט גראָד צו דער גרופּע פֿיזיקער אין אַמעריקע, וואָס גלויבן, אַז די וועלט מוז אַמאָל אונטערגיין. עס איז פֿאַראַן אַ צווייטע גרופּע, וואָס גלויבט אַז די וועלט וועט קיין מאָל ניט אונטערגיין. עס איז פּונקט אַזוי ווי וועגן יידיש און דעם יידישן פֿאָלק. איך האָב זיך צוגעהערט צו די אַרגו־מענטן פֿון דעם פּראָפֿעסאָר און זיינע באַווייזן, און איך האָב זיי געפֿונען שטאַרק איבערצייגנדיק. עס איז קלאָר אַז די וועלט מוז אונטערגיין. אָבער איך בין דאָך געבליבן גאַנץ רואיק. איך האָב אַפֿילו ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז איך דאַרף ענדערן מיינע פּלענער וועגן מיין וואַקאַציע פֿאַר דעם אָנקומענדיקן זומער. איך בין געווען זיכער, אַז דער פּראָפֿעסאָר וועט ענדלעך אַרויסקומען מיט אַ טרייסט־וואָרט און וועט זאָגן: אַז פֿאָרלויפֿיק דאַרף מען זיך ניט באַאומרואיקן וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון דער וועלט, ווייל אַ פּאָר ביליאָן יאָר קען זי זיך סיי ווי סיי האַלטן.

נו, איך ווייס ניט אויב דאָס יידישע פֿאָלק קאָן זיך אַזוי לאַנג האַלטן. אָבער ווען מען רעדט וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון יידישן פֿאָלק, דאַרף מען דאָך אָנגעבן אַ טערמין ווען דער אונטערגאַנג וועט פֿאָרקומען — וועט עס זיין אין הונדערט יאָר אַרום, אין 500 יאָר, אין 1000 יאָר אָדער עטלעכע טויזנט יאָר?

פֿאַר דער אייביקייט איז דער קליינער אונטערשייד אין צייט ניט וויכטיק. פֿאַר דער אייביקייט איז הונדערט יאָר אַזוי קורץ ווי איין יאָר. גאָטס אַ טאָג איז 1000 יאָר, ווי דער פּסוק זאָגט: „כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול כי יעבור". אָבער איך דענק ניט אין טערמינען פֿון אייביקייט. ווען מען זאָגט מיר, למשל, אַז דאָס יידישע פֿאָלק וועט אונטערגיין אין אַמעריקע, פֿרעג איך: „ווען?". אויב שוין אין 25 יאָר אַרום, דאַן איז עס שלעכט, ווייל איך קען אין אַזאַ פֿאַל דעם אונטערגאַנג נאָך אפֿשר זען מיט מיינע אייגענע אויגן. אויב אָבער אין 500 יאָר אַרום, דאַן איז שוין קיין בייז ניט. און אויב אין 5000 יאָר אַרום, וואָלט איך שוין אַפֿילו אַ הייסן יידישן נאַציאָנאַליסט קענען ווי עס איז טרייסטן.

און נאָך אַ וואָרט וועגן דער טאָג־טעגלעכער לאָגיק און פּראַקטישער קלוג־קייט. דענקט איר ניט, אַז אונדזערע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס צו זאַכן און באַוועגונגען האָבן עפּעס אַ שייכות צו אונדזער לאָגיק? עפּעס איז דאָך פֿאַראַן אין דעם וואָס מען זאָגט אַז דער וואונטש איז דער פֿאָטער פֿון געדאַנק. דאָס איז טיילווייז אמת אויך אַפֿילו אין דער שטרענגער וויסנשאַפֿט. פּראָפֿ. איינשטיין האָט געזאָגט, אַז ער ווייס, אַז זיין מיינונג וועגן סיבה און פּועל־יוצא (אורזאַך און פֿאָלגע) אין דער פֿירונג פֿון דער וועלט איז ניט אין איינקלאַנג מיט די היינטיקע באַווייזן פֿון דער וויסנשאַפֿט, נאָר אים ווילט זיך ניט גלויבן, אַז די

וועלט ווערט רעגירט דורך אַ צופֿאַל. און פּראָפֿעסאָר מעקמילאַן, וואָס האָט באַשאַפֿן אַ גאַנצע טעאָריע צו באַווייזן, אַז די וועלט וועט ניט אונטערגיין, האָט צוגעגעבן, אַז זיין טעאָריע איז מער באַגרינדעט אויף וואונטש ווי אויף שטרענגער וויסנשאַפֿט.

די לאָגיק איז ווייט ניט אַזוי זעלבשטענדיק, ווי מיר שטעלן זיך איר פֿאָר. אין דער אמתן גייט אויך די לאָגיק אין דעם וועג, וואָס דער וואונטש הייסט איר. און ווען מען רעדט דעריבער וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון יידישן פֿאָלק אָדער פֿון יידיש, דאַרף מען דערביי אויך שטעלן די פֿראַגע: ווילן מיר אַז יידיש, אָדער דאָס יידישע פֿאָלק זאָל אונטערגיין אָדער ווילן מיר ניט?

מען וועט מיר זאָגן, אַז מאַרקסיסטן און היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן דאַרפֿן אַזאַ פֿראַגע ניט שטעלן. קען דען אונדזער וועלן אָדער ניט-וועלן ענדערן דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע?

נו, איך בין גרייט צו דעבאַטירן, צי דער מאַרקסיזם שליסט אין גאַנצן אויס דעם פֿאַקטאָר פֿון מענטשלעכן וועלן אָדער ניט-וועלן. נאָך מיין מיינונג איז עס איינפֿאַך אַן אומזין אַזוינס צו זאָגן, אָבער אַזוי צי אַנדערש, זיינען מיר עס דען טאַקע אַלע מאָל און אומעטום אַזוי שטרענג מאַרקסיסטיש און היסטאָריש-מאַטעריאַליסטיש אויסצושליסן די ווירקונג פֿון מענטשלעכן ווילן?

איך בין ניט צוגעגרייט צו געבן עצות, מיין איינציקע עצה קען זיין, אַז מען זאָל זיך אין דער איצטיקער שווערער צייט ניט מיאש זיין. איך גלויב, אַז מיט יאוש קען מען ניט בויען. ווען מען איז פֿאַרצווייפֿלט, קען מען קיין זאַך ניט שאַפֿן. מען מוז האָבן גלויבן, האָפֿענונג צו קענען בויען.

מיר האָבן איצט איין אויפֿגאַבע: מיר דאַרפֿן העלפֿן צוריק אויפֿבויען דאָס חרוב געוואָרענע יידישע לעבן. איך גלויב אין דעם לעבנס-כּוח פֿון דעם יידישן פֿאָלק. עס איז אַ פֿאָלק וואָס וויל לעבן און קען לעבן. איך ווייס ניט וויפֿל יידן עס זיינען איבערגעבליבן אין איראָפּע נאָך היטלערס אכזריותדיקע אויסראָטונגען, אָבער איך ווייס, אַז ווען עס זיינען נאָר איבערגעבליבן אַ ביסל יידן, איז די ערשטע אַרבעט זייערע צוריק אויפֿצובויען דאָס יידישע קולטורעלע לעבן. און ווען מיר וועלן זיי העלפֿן, וועט דאָס יידישע לעבן אין איראָפּע צוריק אויפֿגעבויט ווערן.

איך בין אָפּטימיסטיש גענוג צו גלויבן, אַז מיר וועלן נאָך דער מלחמה האָבן אַ בעסערע וועלט און אַ גערעכטערע, און אין אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט וועט די יידישע עקזיסטענץ ווערן לייכטער און זיכערער.

1945



# יידישקייט און גלויבן

ניט לאַנג צוריק האָבן מיר געהערט אַ רוף: „יידן, צוריק אין געטאָ אַריין!" האָבן אָבער די יידן ניט געפאָלגט און זיינען ניט געגאַנגען. משמעות, אַז זיי האָבן געוואוּסט, אַז די רופער זאָלן גיין די ערשטע און ווייזן דעם וועג. אָבער זיי, די רופער, האָבן קיין מאָל ניט געמיינט צו גיין. ביי זיי איז עס געווען ניט מער ווי אַ מליצה אַזאַ. דעם רוף האָבן דאָך ניט אַרויסגעלאָזן די גלויביקע יידן, נאָר אומגלויביקע יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אידעאַלן און האָבן זיי פאַרלוירן.

האָבן די קליגערע פון זיי זיך באַלד אַרומגעזען, אַז עס איז געווען אַ נאַרישער, בטלנישער רוף, און זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. און די נאַראָנים? — זיי האָבן פון אַלע מאָל אָן אַן אייגענעם גן־עדן, אין וועלכן זיי לעבן. דער עיקר איז אָבער, אַז די יידן אין אַמעריקע זיינען געבליבן אויף זייערע ערטער.

איז עס דאָך גוט! ניין, נאָך אַלץ ניט. מען הייסט אונדז טאַקע ניט גיין צוריק אין דער יידישער געטאָ — מחשבותן, ווייס ווער וואו די יידישע געטאָ אין אַמעריקע געפינט זיך? — אָבער דערפאַר לאָזט מען אונדז ניט אָפּ מיט דעם „יידישן אינהאַלט". דער „יידישער אינהאַלט" איז אַ סך אַן עלטערע טענה ווי דער רוף „צוריק אין געטאָ אַריין!"

און ווידער דאָס זעלביקע: ניט קיין גלויביקע פרומע יידן קומען ביי איך זוכן אַן אינהאַלט, נאָר יידישע אומגלויביקע אנטעליגענטן, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אידעאַלן און זיי פאַרלוירן, האָבן זיך געגומען זוכן אַ יידישן אינהאַלט און מאַנכע פון זיי זיינען שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אָנגעפאַנגען רופן: „יידן, אין שול אַריין!"

האָב איך גאָרניט צו זיי, וואָס זיי רופן יידן אין שול אַריין. פאַרן פאָלע שלעפן זיי ניט, און יעדערער איז פריי זיי ניט צו פאָלגן. איך האָב נאָר אַ טענה, פאַרוואָס זיי אַליין גייען ניט, ווען זיי הייסן אַנדערע גיין.

איך פאַרשטיי, ווען עס קומט אַן אָרטאָדאָקסישער פרומער ייד און זאָגט, אַז מען דאַרף גיין אין שול אַריין, ווייל דער עיקר פון יידישקייט איז גאָט און זיין תורה. דאָס איז אַ שטאַנדפּונקט מיט וועלכן עס איז שווער צו אַרגומענטירן, ווייל די שטאַרקע אַרגומענטן וועלן זיין אויף דער זייט פון דעם פרומען יידן. ער וועט קענען באַווייזן מיט פאַרשיידענע ביישפּילן פון דער יידישער געשיכטע, אַז בלויז דער יידישער גאָט און זיין תורה האָבן אויפגעהאַלטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק. און איך פאַרשטיי זייער גוט אַזאַ יידן, ווען ער זאָגט, אַז יידישקייט קען האָבן אַ קיום בלויז ווען יידן וועלן גלויבן אין גאָט און אין זיין תורה. און ניט נאָר גלויבן אין דער תורה, נאָר אויך זי אָפּהיטן. און עס איז פאַראַן אַ סך וואָס אָפּצוהיטן. עס זיינען פאַראַן ניט בלויז תרי"ג מצוות, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן, נאָר עס זיינען פאַראַן מער עבירות, פון וועלכע מען דאַרף זיך אויסהיטן. וואָס קענען איך אָבער זאָגן וועגן אַ „יידישן אינהאַלט" יענע אומגלויביקע יידן, וואָס פּרובירן איך קאָרמענען מיט פילאָזאָפיע פון יידישן גאָט און פון זיין תורה?

די פילאָזאָפיע וועגן יידישן גאָט און דער תורה, וועגן עטיק און מאָראַל

פון דער יידישער רעליגיע, קען אפשר אויפהאלטן עטלעכע יחידים ביי יידישקייט, אבער עס קען ניט אויפהאלטן א פאלק.

איך וויל דא ניט פרובירן אויסרעכענען אלע פאקטארן, וואס האבן געווירקט אויפצוהאלטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאלק ביז היינט. עס וועט זיין גענוג, ווען איך וועל צוגעבן, אז די יידישע רעליגיע איז געווען א זייער וויכטיקער פאקטאר. אבער יידישע רעליגיע מיינט ניט די פילאזאפיע וועגן יידישן גאט און די עטיק און מאראל פון דער יידישער תורה. יידישע רעליגיע מיינט דא־ווענען, אפהיטן כשרות, האלטן שבת, פאסטן יום־כפור און פאלגן אלץ, וואס אין שולחן־ערוך איז געשריבן.

ווען ס׳קומט צו דער פילאזאפיע וועגן יידישן גאט, קענט איר געפינען, אז ר׳ מענדעלע ליובאוויטשער, דער מחבר פון „צמח צדק״, האט געהאט דעם זעל־ביקן באגריף וועגן גאט , וואס שפינאזא. עס איז דער זעלביקער פאנטעאיזם. אבער אין דער פראקטיק איז עס דאך זייער א גרויסער אונטערשייד צווישן ר׳ מענדעלעס גאט און שפינאזאס. ר׳ מענדעלעס גאט הייסט טראגן צוויי פאר תפילין, בעת שפינאזאס גאט פארלאנגט אפילו ניט קיין איין פאר.

צו גלויבן אין שפינאזאס גאט דארף מען אין גאנצן ניט זיין קיין ייד, בעת דער גלויבן אין ר׳ מענדעלעס גאט לייגט אויף אייך ארויף דעם יאך פון א שווערער יידישער תורה, וואס זוכט צו קאנטראלירן יעדן שריט און טריט פון אייער לעבן.

ווען דער אויפגעקלערטער ייד פאנגט באמת אן גלויבן אין גאט און ער קומט צו דער איבערצייגונג, אז זיין יידישער אינהאלט הענגט אפ פון דער יידישער תורה, דארף ער טאן, וואס דר. נתן בירנבוים (מתתיהו אחר) האט גע־טאן: ער האט זיך אנגעטאן א יארמעלקע, האט אנגעפאנגען דאווענען דריי מאל א טאג, אפהיטן אלע תרי״ג מצוות און איז געווארן א מיטגליד פון דער פרומער „אגודת ישראל״. דאס איז אויסגעהאלטן.

דר. בירנבוים האט פריער געוואוסט די גאנצע פילאזאפיע וועגן יידישן גאט, וועגן דער עטיק און מאראל פון דער יידישער תורה און וועגן דער גאנ־צער מיסטיק, וואס איז געשאפן געווארן ארום דעם יידישן משיח. ער האט וועגן דעם געקענט אנשרייבן גאנצע ביכער; אבער ער האט באגריפן, אז אויף דער פילאזאפיע פון אויפגעקלערטע יידן וועגן גאט און זיין תורה קען זיך יידישקייט ניט האלטן. אויב די יידישע רעליגיע האט געהאלפן אויפהאלטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאלק, איז עס ניט געווען די פילאזאפיע פון דער יידישער רעליגיע, נאר די מצוות מעשיות, ווי מען רופט עס — דאס מקיים זיין אלע מצוות און דאס אויסהיטן זיך פון אלע עברות. ער האט דעריבער אנגעטאן א יארמעלקע און זיך איינגעשפאנט אין דעם יאך פון דער תורה.

דער גאט פון דעם טאג־טעגלעכן יידישן מענטשן איז ווייט ניט קיין פי־לאזאפישער. וויכטיקער פון אלץ איז ער ביי אים דער גאט פון רמב״ם, וואס ווערט אויסגעדריקט דורך אלץ, וואס ער איז ניט: ער האט ניט קיין געשטאלט פון קיין גוף, און איז ניט קיין גוף, ער האט ניט קיין אנפאנג און ער האט ניט קיין סוף, קיינער קען אים ניט זען, ווייל ער איז פארבארגן פון אלע מענטשנס אויגן א.א.וו. אזא גאט איז שווער פארצושטעלן פאר א פשוטן מענטשן. דער

גאָט פֿון דעם געוויינלעכן יידן ווערט אויסגעדריקט דורך אַלץ, וואָס ער קען זיך פֿאָרשטעלן אַז ער איז: ער זעט אַלץ, און הערט אַלץ, און ער שטראָפֿט און ער באַלוינט, ער מאַכט קראַנק און ער מאַכט געזונט, ער גיט לאַנגע יאָרן און ער פֿאַרקירצט די יאָרן, ער מאַכט אָרעם און ער מאַכט רייך — קורץ און גוט, אַ גאָט, וואָס דער פּשוטער מענטשלעכער שכל קען זיך פֿאָרשטעלן. ער איז אַ פֿאַרמענטשלעכטער גאָט. און עס איז קלאָר, אַז פֿאַר אַזאַ גאָט דאַרף מען מורא האָבן, אַזאַ גאָט דאַרף מען בעטן און מען דאַרף וויינען פֿאַר אים, ווייל ער קען טאָן גוטס און ער קען אויך טאָן שלעכטס. ער איז דער גאָט פֿון „ונתנה תוקף".

און אָט פֿאַר דעם גאָט זיינען יידן אויסגעשטאַנען אַלע צרות, פּיין און ליידן. פֿאַר אַ פֿילאָזאָפֿישן גאָט, וואָס פֿאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן איז שווער זיך אים פֿאָרצושטעלן, וואָלטן פּשוטע יידן ניט געליטן אַזוי פֿיל.

דער פֿילאָזאָפֿישער גאָט איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿון די ניט־גלויביקע, וואָס זוכן אַ גלויבן. און אַזוי איז עס אויך מיט דער עטיק און מיט דער מאָראַל פֿון דער יידישער רעליגיע. עס פֿעלט זיי דער גלויבן און דער ווילן זיך איינצו־שפּאַנען אין דעם יאָך פֿון דער תורה און אָפּהיטן אַלע טאָג אַלע מצוות און גע־באָטן, וואָס זיי לייגן אַרויף אויף דעם יידישן מענטשן. מאַכן זיי דעריבער זיך לייכט דעם ענין, אַז עס איז בלויז אַ פֿראַגע פֿון עטיק און מאָראַל. מען איז אויף אַזאַ אופֿן אַ ייד מיט אַ יידישן אינהאַלט, אָבער דאַווענען, פֿאַסטן, אָפּהיטן שבת מיט אַלע פֿאַרבאָטן און טראָגן אויף די פּלייצעס דעם שווערן שולחן ערוך מיט זיינע אומצייליקע דינים דאַרפֿן זיי ניט.

אויב פֿון אָט דעם אומגלויביקן יידישן גלויבן דאַרף עס אָפּהענגען די עקזיסטענץ פֿון יידישקייט, גלויב איך ניט, אַז די יידישקייט קען זיך לאַנג האַלטן, ווען די דאָזיקע ניט־גלויביקע יידן זאָלן אַפֿילו שפּילן טעאַטער און אָפּריכטן דעם סדר, אָדער שאָקלען אַ לולב.

*

דער אמתער גלויביקער ייד שטעלט זיך איבערהויפּט ניט די פֿראַגע צו וועלכן צוועק מען דאַרף אויסשטיין אַלע צרות פֿאַר יידישקייט. עס קען אים גאָרניט איינפֿאַלן אַזאַ פֿראַגע. קען ער דען אויפֿהערן זיין אַ ייד? האָט דאָך גאָט אים באַשאַפֿן, אַז ער זאָל זיין אַ ייד. ער מאַכט דאָך אַלע טאָג ביים דאַווענען אַ ברכה און לויבט גאָט, וואָס ער האָט אים ניט געמאַכט פֿאַר קיין גוי. די וואָס האָבן אַמאָל געדאַוונט, מוזן נאָך אפשר געדענקען די ברכה: „ברוך אתה ה' אלהינו מלך העולם שלא עשני גוי".

די פֿראַגע, אויב עס לוינט זיך און פֿאַר וועלכן צוועק דאַרף מען עס אויס־שטיין די צרות, קומט אַרויף בלויז ביי אַן אומגלויביקן. און אויב ער פּרובירט זוכן דעם ענטפֿער אין דעם יידישן גאָט און אין זיין תורה, איז עס פֿאַר אים זייער שלעכט: ווייל באמת גלויבט ער דאָך ניט אין גאָט. פֿאַר אַזעלכן איז דער בעסטער און שטאַרקסטער ענטפֿער, אַז איינער איז אַ ייד ניט דערפֿאַר, וואָס ער וויל זיין אַ ייד, נאָר ווייל ער קען ניט ווערן אויס ייד.

ווען עס זאָל זיין אַ פֿראַגע פֿון חשבון, אויב עס לוינט זיך אָדער ניט, וואָלט עס געווען גאַנץ שלעכט מיט אונדז. אַ סך וואָלטן זיכער געקומען צום שלוס,

אַז עס לוינט זיך ניט. אָבער עס איז ניט קיין פֿראַגע פֿון חשבון. די עקזיסטענץ פֿון אַ פֿאָלק הענגט ניט אָפּ פֿון דעם חשבון, אויב עס לוינט צו עקזיסטירן און צו ליידן אָדער ניט.

אַן איינצלנער ייד קען מאַכן אַ חשבון, אַז פֿאַר אים לוינט זיך ניט צו זיין אַ ייד. און אין אַמאָליקע יאָרן האָט אַ ייד געהאַט אַ מיטל — ער האָט זיך געשמדט. אמת, ער איז אויך נאָך דעם געבליבן אַ ייד, אָבער עס איז דאָך ווייניקסטנס געווען אַ מיטל ווי זיך אָפּצונאַרן, אָדער גיכער אָפּצונאַרן אַנדערע. היינט איז אָבער אויך דאָס מיטל ניטאָ. שמד העלפֿט ניט מער. ניט מען קען דערמיט אָפּנאַרן זיך און ניט מען קען אָפּנאַרן אַנדערע. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, קען דאָך אַ גאַנץ פֿאָלק ניט טאָן, וואָס אַן איינצלנער קען טאָן. אַ גאַנץ פֿאָלק קען ניט קומען צו אַ באַשלוס, אַז מען דאַרף זיך שמדן.

און לאָמיר פּרובירן זיך פֿאָרצושטעלן דאָס אוממעגלעכע, אַז דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק איז געקומען צו אַ באַשלוס, אַז עס לוינט זיך ניט צו זיין יידן און צו ליידן. וואָס אָבער וועט עס דעמאָלט טאָן? עס קען זיך גאָרניט העלפֿן, עס מוז בלייבן עקזיסטירן. 16 אָדער 17 מיליאָן יידן קענען ניט אויפֿהערן צו עקזיסטירן.

נאָר וואָס איז מיט דעם אַזוי־גערופֿענעם „יידישן אינהאַלט“? אָדער זאָל די פֿראַגע אַוועקגעשטעלט ווערן פּשוטער: אין וואָס באַשטייט די יידישקייט פֿון די, וואָס היטן ניט גאָטס תּורה און ווילן זיך אַפֿילו ניט נאַריש מאַכן אָפּצוריכטן סדר, אָדער שאָקלען אַ לולב?

עס איז שווער צו געבן אַן ענטפֿער פֿאַר אַזעלכע יידן, אָבער מען קען דאָך פֿאָרמולירן דעם ענטפֿער אַזוי: זייער יידישקייט באַשטייט אין זייער באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען געבוירן געוואָרן יידן און זיי מוזן עס בלייבן. דאָס איז שייך צו אַלעמען. נאָך דעם קומען דיפֿערענצירונגען. עס זיינען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס זייער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין איז מער אַנטוויקלט און זיי פֿילן אַ צוגעבונדנקייט צום יידישן פֿאָלק. זיי קענען אַפֿילו ניט אָנגעבן קיין באַשטימטן מאָטיוו פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי. ביי אַנדערע ווידער איז דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין קלאָרער. זיי וועלן אייך זאָגן, אַז עס איז באַאיינפֿלוסט פֿון דער יידישער קולטור, פֿון דער יידישער ליטעראַטור און פֿון דער יידישער געשיכטע. נאָכדעם הויבט זיך אָן אַ טעאָריע, אַז עס דאַרפֿן עקזיסטירן פֿאַרשיידענע נאַציעס און ממילא דאַרף אויך עקזיסטירן די יידישע נאַציע. און די, וואָס ווילן זיך נאָך מער פֿאַרטיפֿן אין טעאָריע, קענען זיי אָנווייזן, אַז עס זיינען פֿאַראַן ספּעציעלע אורזאַכן פֿאַרוואָס דאָס יידישע פֿאָלק דאַרף עקזיסטירן. אָבער דער אמת איז, אַז אַ פֿאָלק עקזיסטירט ניט צוליב טעאָריע, פּונקט ווי עס עקזיסטירט ניט צוליב לאָגיק. עס וואָלט פֿון יידישן פֿאָלק שוין לאַנג קיין שפּור ניט געבליבן, ווען עס וואָלט געדאַרפֿט עקזיסטירן צוליב לאָגיק. עס איז ניטאָ קיין שום לאָגיק פֿאַרוואָס יידן האָבן צוליב זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ געדאַרפֿט אויסשטיין אַזוי פֿיל צרות. און עס קען ניט דערקלערט ווערן מיט לאָגיק, ווי אַזוי זיי זיינען געבליבן עקזיסטירן.

1940

✦ ✦ ✦

# דער תּלמוד — זיין אינהאַלט, זיין געשיכטע און זיין באַדייטונג

## 1

### דער עיקר פֿון תּלמוד

דער תּלמוד (טאַלמוד) איז דאָס הויפּט־בוך פֿון דער יידישער רעליגיע.

איידער דער תּלמוד אין זיין איצטיקער געשטאַלט איז געשאַפֿן געוואָרן, איז דער חומש, תורת משה, געווען דאָס בוך פֿון דער יידישער רעליגיע. אָבער ווען דער תּלמוד איז געשאַפֿן געוואָרן, האָט ער כמעט אין גאַנצן פֿאַרשלונגען דעם חומש און דאָס הויפּט־בוך פֿון דער יידישער רעליגיע איז ער געוואָרן.

נאַיווע פֿרומע יידן גלויבן, אַז אין תּלמוד זיינען פֿאַראַן אַלע חכמות און אַלע וויסנשאַפֿטן. נאָר קליגערע פֿרומע יידן וייסן, אַז עס איז ניט קיין חוב אַזוי צו גלויבן. אָבער אַפֿילו די קליגערע פֿרומע יידן האַלטן דאָך פֿאַר אַ חוב צו גלויבן, אַז אַלץ וואָס אין תּלמוד איז פֿאַראַן איז קלוג און ריכטיק. זיי מוזן אַזוי גלויבן. דער תּלמוד איז הייליק, און אויב ער קומט ניט דירעקט פֿון גאָט, ליגט אָבער אויף אים גאָטס האַנט. אין תּלמוד קען דעריבער ניט זיין עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ניט זיין ריכטיק. און אויב עס זעט דאָך ניט אויס ריכטיק, איז עס אַ סימן, אַז מען פֿאַרשטייט עס ניט ווי מען באַדאַרף.

ווי הייליק עס זיינען די חכמי התלמוד, איז גענוג צו זאָגן, אַז עס קומט מיתה, ווען מען איז עובר אויף זייערע רייד (כל העובר על דברי חכמים חייב מיתה. ברכות ד׳).

אין אַן אַנדער פּלאַץ פֿון תּלמוד ווערן די רייד פֿון די סופֿרים (די וואָס האָבן אָנגעפֿאַנגען שאַפֿן דעם תּלמוד) געשטעלט העכער ווי די רייד פֿון דער תּורה. מען דאַרף זיין, זאָגט די גמרא, מער אָפּגעהיט מיט די רייד פֿון די סופֿרים, ווי מיט די רייד פֿון דער תּורה (הזהר בדברי סופֿרים יותר מדברי תּורה. עירובין כ״א). דעריבער ווערט טאַקע אויך געזאָגט, אַז ווער עס איז עובר אויף די רייד פֿון די סופֿרים, איז חייב מיתה (כל העובר על דברי סופֿרים, חייב מיתה. עירובין כ״א).

קורץ, דער תּלמוד איז הייליק און אַלץ, וואָס אין אים איז געזאָגט איז הייליק.

לויט זיין אינהאַלט ווערט דער תּלמוד איינגעטיילט אין הלכה (האַלאָכע), דאָס מיינט דינים, געזעצן, און אגדה (אַגאָדע), לעגענדן, מעשיות, משלים, מאָראַל־לערן, גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן און דרשות (דראָשעס) אויף פּסוקים פֿון דער תּורה.

דער עיקר פֿון תּלמוד איז אָבער דער טייל זיינער, וואָס גיט זיך אָפּ מיט הלכה, מיט דינים.

דער תּלמוד איז ניט פֿאַרפֿאַסט געוואָרן מיט איין מאָל און אויך ניט פֿון איין מענטשן. דער תּלמוד איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן אין אַ משך פֿון אַ סך הונ־דערטער יאָרן פֿון אַ סך פֿאַרפֿאַסער. מען קען דעריבער אין אים ניט זוכן קיין איינהייטלעכע סיסטעם, אָדער וועלכע עס איז איינפֿאָרמיקייט.

ווען דער תּלמוד וואָלט צונויפֿגעשטעלט געוואָרן מיט וועלכער עס איז אָרדנונג, וואָלט מען פֿאַר אים געקענט באַנוצן ביז אַ געוויסן גראַד דעם נאָמען „ענציקלאָפּעדיע", עס הייסט אַ ווערק, אין וועלכן עס ווערן געגעבן ידיעות און דערקלערונגען וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן. אָבער די ערשטע באַדינגונג פֿאַר אַן ענציקלאָפּעדיע איז אָרדנונג. די ידיעות און די דערקלערונגען, וואָס ווערן געגעבן אין אַן ענציקלאָפּעדיע, מוזן זיין צונויפֿגעשטעלט אין אַ געוויסער אָרד־נונג. אין תּלמוד, אָבער, איז קיין שום אָרדנונג ניטאָ. אמת, די רעדאַקטאָרן פֿון דעם תּלמוד האָבן יאָ פּרובירט מאַכן אין אים אַן אָרדנונג. זיי האָבן אים צונויפֿגעשטעלט אין זעקס סדרים און אין פֿינף און זעכציק מסכתות. נאָר די רעדאַקטאָרן פֿון תּלמוד האָבן משמעות געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערן באַגריף וועגן אָרדנונג.

אין דער אומאָרדנונג, לויט וועלכער דער תּלמוד איז צונויפֿגעשטעלט גע־וואָרן, זיינען אפֿשר ווייניקער שולדיק זיינע לעצטע רעדאַקטאָרן רבינא און ר' אשי, ווי די ערשטע רעדאַקטאָרן זיינע, וועלכע האָבן צונויפֿגעשטעלט די משנה אָדער משניות, וואָס איז דער יסוד, דער פֿונדאַמענט פֿון תּלמוד. ווערט טאַקע אין תּלמוד אַליין געזאָגט, אַז „אין סדר למשנה" — ניטאָ קיין אָרדנונג אין משניות.

דער מאָדערנער נאָמען ענציקלאָפּעדיע קען דעריבער ניט באַנוצט ווערן פֿאַר דעם אַלט־מאָדישן תּלמוד. דער תּלמוד קען גיכער פֿאַרגליכן ווערן ווי אַ קראָם פֿון אַלטוואַרג, וואו עס זיינען צונויפֿגעוואָרפֿן אין איין קופּע, אָן אַן אָרדנונג טייערע אינהאַלטסרייכע ביכער צוזאַמען מיט ווערטלאָזע שמאַטעס; זעלטענע קונסט־בילדער צוזאַמען מיט קינדערשע שמירערייען; שנירלעך פּערל צוזאַמען מיט ביליקע שטיקלעך גלאָז.

אין תּלמוד זיינען פֿאַראַן אַ סך קלוגע זאַכן און גאָר אַ סך נאַרישע זאַכן, אַ סך קאָפּשטיק און אַ סך פּלוידעריי; אַ סך חכמה און אַ סך שטות.

אָבער דאָס איז אייגנטלעך ניט דער עיקר פֿון תּלמוד. די גרויסע, וויכטיקע ראָלע, וואָס דער תּלמוד האָט געשפּילט אין דעם לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק און אין דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק, ליגט ניט אין די קלוגע אָדער אין די נאַרישע ווערטלעך און געדאַנקען, וואָס מען קען געפֿינען פֿונאַנדערגעוואָרפֿן אין תּלמוד. האָבן די יידן געמעגט קוקן במשך פֿון דורות און דורות אויף דעם תּלמוד ווי אויף אַן אוצר פֿון חכמה און וויסנשאַפֿט, אָבער דער עיקר פֿון תּלמוד איז זיין נייע תּורה און זיינע נייע דינים. אָט די נייע תּורה פֿון תּלמוד, וועלכע האָט, מען קען זאָגן, פֿאַרשלונגען די אַלטע תּורה, תּורת משה, האָט פּאַקטיש געשאַפֿן פֿאַר די יידן אַ נייע רעליגיע. דערפֿון אַליין איז שוין קלאָר, אַז דער תּלמוד האָט אַ העכסט וויכטיקע ראָלע אין דעם לעבן און אין דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק.

עס איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן, ווי דאָס יידישע פֿאָלק וואָלט אויסגעזען אָן דעם תּלמוד.

מאַנכער קען אפֿשר זאָגן, אַז מען קען זיך עס פֿאָרשטעלן, ווען מען דער־מאָנט זיך אין די קאַראַאימען (קראים); זיינען דאָך די קאַראַאימען, לויט זייער אָפּשטאַמונג, אַ טייל פֿון דעם יידישן פֿאָלק. די קאַראַאימען זיינען, לויט זייער

אפשטאמונג, אפשר מער יידן ווי די יידן גופא. וויניקסטנס דארף מען אזוי אורטיילן פון זייער אויסזען. די קאראאימען קוקן אויס א סך מער סעמיטיש ווי די יידן. און קאראאימען זיינען דאך יידן, וואס האבן זיך אפגעזאגט פון תלמוד. עס איז געווען אין מיטן פון 8־טן יארהונדערט, ווען טיילן פון דעם יידישן פאלק האבן רעוואלטירט קעגן דעם תלמוד און האבן זיך אפגעזאגט פון אים. עס הייסט, אז מיר האבן פאר אונדזערע אויגן אזעלכע יידן, וואס האבן זיך דערצויגן בלויז אויף תורת משה און אן דעם תלמוד, און פון זיי קענען מיר זיך פארשטעלן ווי דאס גאנצע יידישע פאלק וואלט אויסגעזען, ווען עס וואלט דעם תלמוד ניט געהאט. אזא פארשטעלונג, אבער, איז א גאנץ פאלשע.

עס איז אמת, אז די יידן וואלטן גאנץ אנדערש אויסגעזען, ווען זיי וואלטן ניט געהאט דעם תלמוד, אבער דערפון איז גאר ניט געדרונגען, אז אן דעם תלמוד וואלטן זיי היינט געווען די זעלביקע, וואס די קאראאימען.

געוויס, האט די יידישע רעליגיע, ווי זי איז געשאפן געווארן פון דעם תלמוד, געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון דעם יידישן פאלק, אבער דאס פינצטערע גלות־לעבן, די שטענדיקע רדיפות, די גזירות און די געטאס האבן זיכער געהאט א שטארקערע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון יידישן פאלק, ווי דער תלמוד.

א פארגלייך צווישן די יידן און די קאראאימען וואלט מען געקענט מאכן, ווען אויך די קאראאימען וואלטן געדארפט אויסשטיין דעם דאזיקן גלות און די זעלביקע רדיפות און גזירות, ווי די יידן. די קאראאימען אבער האבן גאנץ ווייניק געליטן פון גלות און זייער אנטוויקלונג האט שוין ממילא געמוזט זיין א גאנץ אנדערע ווי די יידישע.

אגב, האט דער תלמוד אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף די קאראאימען, ניט קוקנדיק אויף זייער קאמף קעגן אים. נאר די גאנצע ספעקולאציע וועגן דעם מעגלעכן אויסזען פון דעם יידישן פאלק, ווען עס וואלט ניט געהאט דעם תלמוד, מעג זיין א גאנץ אינטערעסאנטע, אבער זי פירט אין ערגעץ ניט. דער תלמוד איז א פאקט און ער איז א וויכטיקער טייל פון דער יידישער קולטור, צי גוט צי שלעכט. און דארף מען דאך נעמען אין אנבאטראכט פריער ווי אלץ די אומשטענדן און די באדינגונגען, אונטער וועלכע דער תלמוד איז געשאפן געווארן. ווען מען וואלט געשאפן א תלמוד אין אונדזערע איצטיקע צייטן, וואלט ער געוויס אן אנדער פנים געהאט. ריכטיקער געזאגט: אין אונדזערע צייטן וואלט מען איבערהויפט קיין תלמוד ניט געקענט באשאפן. ווען מען וואלט אנגעפרעגט די יידן פון היינט, וואלט מען ביי זיי געוויס ניט געקענט אזוי לייכט פועלן, אז זיי זאלן אויף זיך נעמען אזא שווערן יאך, ווי דער תלמוד האט אויף זיי ארויפגעלייגט. ווייל, ווען איינער זאל אפילו האבן די בעסטע מיינונג וועגן דעם תלמוד, מוז ער אבער דאך צוגעבן, אז זיין משא איז א צו שווערע און אז ער האט אומברחמנותדיק געדריקט דאס יידישע פאלק. האט דאך דער תלמוד ניט אויסגעלאזן קיין איינציקן ווינקל פון דעם יידנס לעבן, אין וועלכן ער האט זיך ניט אריינגעמישט. ער האט דעם יידן ארומגעשפונען מיט אזוי פיל דינים, מיט אזוי פיל איסורים, גזירות, גדרים, סיגים און מנהגים, אז ער האט זיך א פרייען קער ניט געקענט געבן.

2

## די אַנטשטייאונג פֿון תּלמוד

נאָר לאָמיר פֿריער זען וואָס דער תּלמוד איז, ווי אַזוי ער האָט זיך אַנט־וויקלט און ווי אַזוי ער איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן.

דער תּלמוד באַשטייט פֿון צוויי טיילן: משנה, אָדער משניות, און גמרא. משנה מיינט לערנונג, אונטעררוכט, און גמרא מיינט דערגאַנצונג, פֿאַרענדיקונג. דער עיקר איז, הייסט עס, די משנה, די לערנונג, און די גמרא איז ניט מער אַ פֿאַרענדיקונג און אַ פֿאַרטייטשונג פֿון דער משנה. עס מיינט, אַז דאָס, וואָס איז ניט אין גאַנצן, אָדער ניט קלאָר אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער משנה, קומט די גמרא און פֿאַרענדיקט עס, אָדער זאָגט עס אַרויס קלערער. קורץ, משנה איז דער טעקסט און די גמרא איז דער פּירוש אויפֿן טעקסט.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די משנה אָדער משניות איז דער עיקר פֿון תּלמוד, באַשטייט אָבער דאָך די הויפּט־וויכטיקייט פֿון דעם תּלמוד אין דער גמרא. ווען מען רעדט וועגן דער שאַרפֿקייט, וועגן דער קאָפּשטיק, וואָס עס ליגט אין תּלמוד, מיינט מען עס ניט די משנה, נאָר די גמרא. די משנה אַליין פֿאַרנעמט בלויז אַ קליינעם טייל פֿון דעם תּלמוד. די משנה איז קורץ און איז מייסטנס זייער שפּאָרעוודיק אין ווערטער. דאָס איז די גמרא, דער לאַנגער פּירוש אויף די קורצע משנות, וואָס האָט געמאַכט דעם תּלמוד אַזוי דיק־בייכיק און אַזוי גרויס אין אומפֿאַנג.

די שפּראַך פֿון דער משנה איז אַן אַנדערע ווי די שפּראַך פֿון דער גמרא. די משנה איז געשריבן אין העברעאיש. אמת, ניט קיין גאַנץ ריינער העברעאיש און ווייט ניט קיין ביבלישער העברעאיש. אין דעם העברעאיש פֿון דער משנה פֿעלט דער גלאַנץ, די שיינקייט, די פּאָעטישקייט פֿון דעם ביבלישן העברעאיש. דער העברעאיש פֿון דער משנה איז אין אַלגעמיין שפּראַכלעך באַדייטנד פֿאַר־שיידן פֿון דעם ביבלישן העברעאיש, אויסער וואָס עס אַנטהאַלט אין זיך אַ סך פֿרעמדע ווערטער פֿון אַראַמעאיש, סיריש, גריכיש און לאַטייניש, אָבער עס איז דאָך נאָך העברעאיש. די שפּראַך פֿון דער גמרא אָבער איז שוין כּמעט אין גאַנצן ניט קיין העברעאיש. עס איז אָדער ריין אַראַמעאיש, אָדער פֿאַרגרייזטע אַראַמעאיש, אָדער אַראַמעאיש דורכגעמישט מיט העברעאישע ווערטער. בלויז וואו ניט וואו קען מען געפֿינען אויך אַ שטיקל העברעאיש אין דעם זעלביקן סטיל, וואָס אין דער משנה.

אייגנטלעך איז אַראַמעאיש שוין געווען די יידישע פֿאָלקס־שפּראַך, ווען די משנה איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן, אָבער דער צונויפֿשטעלער און דער רע־דאַקטאָר פֿון דער משנה, רבי יהודה הנשיא, אָדער ווי מען האָט אים גערופֿן קורץ „רבי״, אָפּט אויך „רבינו הקדוש״, האָט זיך נאָך געהאַלטן פֿאַר דער העברעאישער שפּראַך. עס זעט אויך אויס, אַז די מייסטע תּנאים, עס הייסט די יידישע געלערנטע, וואָס האָבן געשאַפֿן די משנה, וועלכע רבי יהודה הנשיא האָט שפּעטער צונויפֿגעשטעלט און רעדאַקטירט, האָבן זיך באַנוצט מיט דער העב־רעאישער שפּראַך, ווייניקסטנס אין די ישיבות. שפּעטער אָבער, אין דער צייט

פון די אמוראים, די אויסטייטשערס פון דער משנה, וועלכע האבן געשאפן די גמרא, איז שוין, ווי עס זעט אויס, די העברעאישע שפראך אין גאנצן ארויס פון געברויך און אראמעאיש, די שפראך פון די יידישע פאלקס־מאסן, איז שוין אויך באנוצט געווארן אפילו אין די ישיבות.

*

אין וועלכער צייט די משנה האט אנגעפאנגען געשאפן ווערן, איז פונקט אזוי שווער צו זאגן, ווי ווען תורת משה האט אנגעפאנגען געשאפן ווערן.

די באשאפער פון דער משנה ווערן אנגערופן תנאים (טאנאאים), לערער אדער געלערטע און מען ווייס אומגעפער אין וועלכער צייט יעדער תנא האט געלעבט. אבער דאס איז נאך ווייניק צו באשטימען גענוי די צייט, ווען די משנה האט זיך אנגעפאנגען שאפן. ערשטנס, זיינען פאראן מערערע משנות, אין וועלכע עס פעלט אין גאנצן דער נאמען פון זייער פארפאסער און מען ווייס ניט גענוי פון וועמען זיי שטאמען און פון וועלכער צייט זיי שטאמען. צווייטנס, זיינען די נעמען פון די תנאים, וועלכע ווערן דערמאנט אין דער משנה, ניט קיין באווייז ווי אלט די אדער יענע משנה איז. דער תנא גופא, אין וועמענס נאמען א משנה ווערט איבערגעגעבן, איז ניט אלע מאל געווען איר ווירקלעכער פארפאסער. אין די מערסטע פאלן האט דער תנא בלויז איבערגעגעבן דאס, וואס ער האט געהערט, אדער געהאט בקבלה, ווי מען זאגט עס, פון זיינע רביים.

און אט דא קומען מיר צום פונקט, ווי אזוי דער תלמוד איז געשאפן געווארן.

דער תלמוד ווערט אנגערופן „תורה שבעל פה” — די מינדלעכע תורה. עס הייסט א תורה וואס ווערט ניט פארשריבן, נאר ווערט איבערגעגעבן מינדלעך פון דור צו דור אין קעגנזאץ צו תורת משה, וואס ווערט אנגערופן „תורה שבכתב” — די געשריבענע תורה, די תורה, וואס איז געגעבן געווארן צו משה רבינו אויפן בארג סיני.

די פרומע יידן גלויבן, אז צוזאמען מיט דער געשריבענער תורה — די תורה שבכתב, וואס משה האט געקראגן פון גאט אויפן בארג סיני, האט ער אויך געקראגן די מינדלעכע תורה — די תורה שבעל פה, די אלע דינים, איסורים, גזירות, וואס זיינען פאראן אין תלמוד. און פאר וואס זאלן זיי אזוי ניט גלויבן? אויב גאט האט געקענט געבן צו משה רבינו א געשריבענע תורה, פאר וואס האט ער אים אויך ניט געקענט געבן דערביי א מינדלעכע תורה.

נאר עס האנדעלט זיך ניט וועגן דעם גלויבן פון פרומע יידן. אין דער אמתן איז עס ווירקלעך ניטא קיין גרויסער אונטערשייד צווישן א געשריבענער תורה און א מינדלעכער תורה. יעדע געשריבענע תורה איז פריער געווען א מינדלעכע תורה.

עס וועט אפשר ניט שטימען אין גאנצן מיט דעם גלויבן פון פרומע יידן, אבער עס איז זיכער, אז אויך תורת משה, די תורה שבכתב, איז פריער געווען א מינדלעכע תורה, א תורה שבעל פה, און ערשט א סך שפעטער איז זי געווארן א תורה שבכתב. אין דער אמתן קען מען עס זען פון דער תורה גופא. אט נעמט אזא וויכטיקע מצוה ווי מילה, א גרונט־מצוה פון דער אידישער רעליגיע. אבער אט די מצוה האבן יידן שוין געהאט, איידער די תורה איז נאך געגעבן

געוואָרן צו משה רבינו אויפֿן באַרג סיני. די מצוה פֿון מילה האָט שוין עקזיס־טירט אין דער צייט פֿון אברהם אבינו. דער פֿאַרבאָט צו עסן פֿון גיד הנשה האָט אויך עקזיסטירט אַ סך פֿריער, איידער די תּורה איז געגעבן געוואָרן. אין דער תּורה ווערט דער פֿאַרבאָט פֿון עסן דעם „גיד הנשה" פֿאַרבונדן מיט דעם געראַנגל וואָס יעקב אבינו האָט געהאַט מיט עשוס מלאך, וועלכער האָט אים אויסגעלינקט אַ פֿוס. עס ווערט דערביי געזאָגט: דעריבער עסן ניט די קינ־דער פֿון ישראל דעם גיד הנשה (על כן לא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה). מען קען ברענגען פֿון דער תּורה נאָך אַזעלכע ביישפּילן, וואָס ווייזן, אַז עס זיינען געווען מצוות און פֿאַרבאָטן פֿון דער תּורה, וואָס האָבן ביי יידן עקזיס־טירט איידער זיי האָבן נאָך געקראָגן די תּורה אויפֿן באַרג סיני.

מענטשן האָבן געהאַט געזעצן און דינים, איידער זיי האָבן נאָך פֿאַרשטאַנען די קונסט צו פֿאַרשרייבן, אָדער איידער זיי האָבן איינגעזען די נויטיקייט זיי צו פֿאַרשרייבן. אין דעם פּרט איז קיין אונטערשייד ניט, אויב די געזעצן און די דינים זיינען געווען וועגן די באַציאונגען פֿון מענטשן צו מענטשן אָדער וועגן די באַציאונגען פֿון מענטשן צו גאָט. אין אַמאָליקע גאַנץ אַלטע צייטן האָט מען אין אַלגעמיין אַזעלכע אונטערשיידן ניט געמאַכט. אַלע געזעצן און אַלע דינים זיינען געווען פֿון גאָט, אָדער פֿון די פֿאַרשטאָרבענע טאַטעס, די אבות, וועלכע זיינען געוואָרן געטער, אָדער געטלעך.

די געשריבענע תּורות קומען ערשט שפּעטער, ווען מענטשן דערגרייכן אַ העכערע שטופֿע פֿון אַנטוויקלונג און די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט וואַקסט זיך פֿונאַנדער. די צאָל געזעצן, דינים און מנהגים ווערט צו גרויס, אַז מען זאָל זיי קענען אַלע געדענקען און איבערגעבן מינדלעך בירושה פֿון דור צו דור. דעמאָלט פֿאַנגט מען זיי אָן ביסלעכווייז פֿאַרשרייבן און פֿון אַ תּורה שבעל פּה ווערט אַ תּורה שבכתב.

ווען האָט תּורת משה, וועלכע איז פֿריער געווען אַ תּורה שבעל פּה אָנגע־פֿאַנגען ווערן אַ תּורה שבכתב? דאָס קען מען אויף קלאָר ניט זאָגן. זיכער איז בלויז איין זאַך, אַז מיט אַ מאָל איז די גאַנצע תּורה ניט אָנגעשריבן געוואָרן, נאָר אַז זי איז געשריבן געוואָרן טיילנווייז אין פֿאַרשיידענע צייטן. דאָס איז אויך נאַטירלעך. עס ווערן צוערשט פֿאַרשריבן די עלטערע געזעצן, דינים און מנהגים און די מער וויכטיקע. עס בלייבן אָבער איבער ניט פֿאַרשריבן די נייע געזעצן און דינים, וועלכע האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט פֿאַרהייליקט צו ווערן און ווערן אַ טייל פֿון דער תּורה. עס גייען אָבער אַריבער יאָרן, און די פֿריער־דיקע נייע געזעצן און דינים ווערן אַלט און הייליק, און דאַן ווערן זיי פֿאַר־שריבן און ווערן אַ טייל פֿון דער תּורה. און אָט אַזוי אויף דעם אופֿן איז ביי דער זייט פֿון דער געשריבענער תּורה אַלע מאָל פֿאַראַן אַ ניט־געשריבענע. איז נאָר פֿאַראַן אַ תּורה שבכתב, איז מיט איר אַלע מאָל אויך פֿאַראַן אַ תּורה שבעל פּה.

די תּורה שבכתב, תּורת משה הייסט עס, האָבן מיר געקראָגן אין גאַנצן אַ פֿאַרענדיקטע ערשט אין די צייטן פֿון עזרא הסופֿר, אומגעפֿער אין יאָר 460 פֿאַר קריסטוס געבורט. ביז עזרא הסופֿר איז די געשריבענע תּורה געלעגן אין די הענט פֿון די כּהנים, דאָס פֿאָלק האָט צו איר קיין צוטריט ניט געהאַט.

מען קען דעריבער ניט וויסן, אויב די כּהנים האָבן אין דער געשריבענער תּורה פֿון צייט צו צייט ניט געמאַכט וועלכע עס איז ענדערונגען. עס לאָזט זיך גלויבן, אַז יאָ. עס איז אָבער אַזוי גוט ווי זיכער, אַז נאָך עזרא הסופֿר זיינען מער קיין ענדערונגען ניט געמאַכט געוואָרן אין תּורת משה. עזרא הסופֿר האָט מיט זיינע מיטהעלפֿער איבערגעשריבן מערערע קאָפּיעס פֿון דער תּורה און האָט זיי פֿאַרשפּרייט צווישן פֿאָלק. די תּורה איז אויף אַזאַ אופֿן אַרויס פֿון דער רשות פֿון די כּהנים און איז געוואָרן דאָס אייגנטום פֿון פֿאָלק. עזרא און זיינע מיט־העלפֿער האָבן דערביי אויך אָנגענומען מיטלען, אַז מען זאָל קיין ענדערונגען מער ניט קענען מאַכן אין דער תּורה. זיי האָבן פֿאַר דעם צוועק אויסגעציילט וויפֿל ווערטער און וויפֿל אותיות עס זיינען פֿאַראַן אין דער תּורה.

וועלכע ענדערונגען עזרא הסופֿר האָט געמאַכט אין דער תּורה, ווען ער האָט עס איבערגעשריבן פֿאַרן פֿאָלק, קען מען מיט זיכערהייט ניט זאָגן. די תּורה איז אין יענער צייט געווען ווייניק באַקאַנט צום פֿאָלק. זי איז געלעגן אין די הענט פֿון די כּהנים. עזרא אַליין איז אויך געווען אַ כּהן. די ביבל־פֿאָרשער באַהויפּטן, אַז עזרא האָט געמאַכט גאַנץ גרויסע ענדערונגען אין דער תּורה. עס איז זייער מיינונג, אַז ער האָט אין דער תּורה אַריינגעשטעלט דעם טייל, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען תּורת כּהנים. ער האָט עס טיילוויז אַריינגעשטעלט אין דעם ספֿר „ויקרא“ און טיילוויז אין ספֿר „במדבר“. עס הייסט, אַז ביז עזרא הסופֿר איז אין דער תּורה די אָפּטיילונג פֿון תּורת כּהנים ניט געווען.

נאָר אויב אַזוי, קען מען דאָך זאָגן, אַז דער תּלמוד פֿאַנגט זיך אָן פֿון דער צייט, ווען עס איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דאָס אָנשרייבן פֿון תּורת משה?

אויב מען וויל, קען מען טאַקע אַזוי זאָגן. מען קען זאָגן, אַז די שאַפֿונג פֿון תּלמוד פֿאַנגט זיך אָן אין די צייטן פֿון עזרא הסופֿר, ווען עס איז פֿאַרענדיקט געוואָרן די תּורה שבכתב, דאָס אָנשרייבן פֿון תּורת משה. אָבער דאָס וועט דאָך ניט זיין אין גאַנצן ריכטיק. אין דער ווירקלעכקייט קען מען איבערהויפּט ניט זאָגן, אַז דער תּלמוד, עס הייסט די תּורה שבעל פּה, פֿאַנגט זיך אָן, ווען דאָס אָנשרייבן פֿון תּורת משה איז פֿאַרענדיקט געוואָרן, ווייל אַ תּורה שבעל פּה, ווי שוין פֿריער געזאָגט, איז אַלע מאָל געווען. די תּורה שבעל פּה איז שטענדיק מיטגעגאַנגען זייט ביי זייט מיט דער תּורה שבכתב. עס זיינען געבליבן אַ סך ניט פֿאַרשריבענע דינים, ווען עזרא הסופֿר האָט פֿאַרענדיקט שרייבן תּורת משה. עס איז דעריבער אומזיסט צו זוכן דעם סאַמע אָנפֿאַנג פֿון דעם תּלמוד. מען קען די גענויע צייט ניט אָנגעבן.

דאָס אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, איז ניט פֿאַר דעם צוועק פֿון חקירה, נאָר כּדי אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק, אַז דער תּלמוד איז אַ פּראָדוקט פֿון אַ לאַנגער אַנטוויקלונג און אַז ער איז געשאַפֿן געוואָרן אויף אַן ענלעכן אופֿן ווי תּורת משה. און טאַקע פּונקט אַזוי ווי תּורת משה איז פֿריער געווען אַ מינדלעכע תּורה, אַ תּורה שבעל פּה, און איז שפּעטער געוואָרן אַ געשריבענע תּורה, אַ תּורה שבכתב, אַזוי איז אויך דער תּלמוד פֿון אַ מינדלעכער תּורה שפּע־טער געוואָרן אַ געשריבענע תּורה. דער נאָמען „תּורה שבעל פּה“, וואָס ווערט נאָך אויך היינט געברויכט פֿאַרן תּלמוד, פּאַסט זיך צו אים אין גאַנצן ניט צו.

ווייל דער תלמוד איז היינט ניט מער קיין מינדלעכע תורה, נאָר אַ געשריבענע. די פריערדיקע תורה שבעל פה, איז געוואָרן אַ תורה שבכתב. און מיט דער צייט איז די נייע תורה שבכתב געוואָרן ביי יידן פּאַקטיש פיל וויכטיקער ווי די אַלטע תורה שבכתב. אין דער ווירקלעכקייט האָט דער תלמוד כמעט אין גאַנצן פאַרשלונגען תורת משה און די יידישע רעליגיע איז דורך דעם תלמוד געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערע, ווייניק ענלעך צו דער, וואָס פון משה רבינו.

אַ תורה שבעל פה איז דער תלמוד געווען ביז רבי יהודה הנשיא האָט צונויפגעשטעלט און פאַרשריבן די משנה. אין דער ווירקלעכקייט איז די תורה שבעל פה שוין געוואָרן אַ תורה שבכתב נאָך אַ רעכט ביסל פריער. שוין רבי עקיבא און רבי מאיר, וועלכע האָבן געלעבט מיט עטלעכע צענדליק יאָר פריער, ווי רבי יהודה הנשיא, האָבן שוין אָנגעפאַנגען זאַמלען דינים און משנות און זיי פאַרשרייבן. די צאָל ניט־פאַרשריבענע דינים אָדער הלכות איז געוואָרן שוין דעמאָלט אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיי מער ניט געקענט געדענקען אויף אויס־ווייניק.

שוין אין די צייטן פון עזרא הסופר, ווי פריער באַמערקט, זיינען געווען אַ סך מינדלעכע, ניט פאַרשריבענע דינים. און עזרא מיט זיינע מיטהעלפער — „עזרא וסיעתו" — האָבן צוגעגעבן נייע דינים און אַ רעכט ביסל. נאָך דעם זיינען געקומען די „אַנשי כנסת הגדולה" און האָבן ווידער געשאַפן נייע דינים, און נאָך דעם זיינען געקומען די תנאים און האָבן ווייטער געשאַפן נייע דינים. און מאַנכע פון די תנאים זיינען געווען גאַנץ פרוכטבאַר אין שאַפן נייע דינים. ענדלעך האָט מען די גרויסע צאָל דינים געמוזט פאַרשרייבן. מען האָט זיי מער ניט געקענט געדענקען ניט־פאַרשריבענערהייט.

## 3

## די רעליגיעזע ראָלע פון תלמוד

דער תלמוד איז אין זיין עיקר אַ ווערק, וואָס האָט צו טאָן מיט רעליגיע. געוויס איז אַ גרויסער טייל פון אים פאַרנומען מיט פראַגן פון ציווילע און קרימינעלע געזעצן, מיט די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, אָבער דאָס גופא איז דאָך ביי יידן אויך אַ טייל פון דער רעליגיע. די דינים וועגן קויפן און פאַרקויפן, אָדער וועגן אַן אָקס, וואָס האָט געשטאָכן אַ קו, זיינען פונקט אַזאַ טייל פון דער יידישער רעליגיע, ווי די דינים וועגן כשר און טריפה אָדער חילול שבת. די ציווילע געזעצן און די קרימינעלע געזעצן פון דער יידישער תורה זיינען פונקט אַזוי הייליק, ווי די דינים וועגן קרבנות און מילה. ביידע זיינען פון גאָט. דער סדר נזיקין פון תלמוד, וואָס האָט צו טאָן הויפּטזעכלעך מיט דיני ממונות און דיני נפשות, עס הייסט מיט די דינים וועגן געלט־אָנגעלעגנ־הייטן, וועגן האַנדל און וואַנדל, פאַרמעגנס, ירושות, שאָדנס, גנבות, גזלות און וועגן טויט־שטראָף, איז פונקט אַזוי הייליק ווי סדר קדשים, וואָס האָט צו טאָן מיט דינים וועגן קרבנות און שחיטה, אָדער, ווי סדר מועד, וואָס האָט צו טאָן מיט דינים וועגן שבת און יום־טוב.

עזרא הסופר האָט עס געמאַכט די רעליגיע פאַר דעם יסוד פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן. פיל מער. ער האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן פאַרוואַנדלט אין

אַ שטיק רעליגיע. אַלץ איז געוואָרן רעליגיע. די פּאָליטיק, די באַציאונג פון מענטש צו מענטש, די באַציאונג פון יחיד צום כּלל און פון כּלל צום יחיד — אין קורצן דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק און פון יעדן איינצלנעם פון פאָלק — איז באַשטימט געוואָרן און רעגולירט געוואָרן דורך רעליגיע.

עזרא הסופר האָט אַרויסגענומען די תורה פון די הענט פון די כּהנים און האָט איר איבערגעגעבן צום פאָלק, אָבער ער האָט די תורה גופא געמאַכט פאַר אַ תורה פון כּהנים און די כּהנים פאַר די הערשער פון פאָלק. די תורת כּהנים, וואָס עזרא האָט אַריינגענומען אין דער תורה, האָט באַשאַפן ביים יידישן פאָלק אַ טעאָקראַטיע, אַ הערשאַפט פון כּהנים. דער כּהן גדול איז געוואָרן דער פירער און דער הערשער פון פאָלק, און אין אַ מלוכה פון כּהנים איז אַלץ געטלעך, אַלץ הייליק.

עס איז אמת, אַז אַט די מלוכה פון כּהנים איז געווען גוט צוגעפּאַסט אין יענער צייט פאַר די יידן אין ארץ־ישראל אונטער דער פּערסישער אויבערהער־שאַפט, אָבער עס איז דאָ ניט מיין אַבזיכט זיך פונאַנדערקלייבן אין די סיבות, ווי פון עזרא הסופרס רעפאָרמעס איז אַרויסגעוואַקסן אַ כּהנים־הערשאַפט. אייגנטלעך האָט שוין יחזקאל הנביא, זייענדיק אין גלות בבל, אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון אַ כּהנים־הערשאַפט, נאָר ער האָט אויסגעלאָזן די אינסטיטוציע פון אַ כּהן גדול. איך וויל דאָ בלויז פעסטשטעלן דעם פאַקט, אַז דורך עזרא הסופר און זיינע וויטערדיקע נאָכפאָלגער איז די גאַנצע יידישע געזעצגעבונג געוואָרן דורך און דורך אַ רעליגיעזע. מען קען זאָגן, אַז די יידן זיינען אנשטאָט אַ פאָלק געוואָרן אַ רעליגיעזע געמיינדע.

דער אידעאַל פון יחזקאל הנביא וועגן אַ כּהנים־הערשאַפט מיט די פאַר־שיידענע רעליגיעזע צערעמאָניעס אין בית המקדש, וואָס ער האָט געמאָלן אין זיינע נבואות, איז כּמעט אין גאַנצן פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך עזרא הסופרס נאָכפאָלגער. עזרא הסופר האָט יחזקאל הנביאס אידעאַל פון אַ כּהנים־הערשאַפט מיט אַ צוגאָב פון אַ כּהן גדול, אַריינגענומען אין דער תורה, אין ספר „ויקרא", און זיינע נאָכפאָלגער האָבן דעם אידעאַל פאַרווירקלעכט אין לעבן.

פאַר גלות בבל איז די שטרעבונג צו אַ כּהנים־הערשאַפט ביי יידן באַקעמפט געוואָרן פון דער וועלטלעכער מאַכט, פון די מלכים, אָבער אין דער צייט פון דער פּערסישער הערשאַפט אין ארץ ישראל, ווען קיין יידישע מלכים זיינען ניט געווען אין ארץ ישראל, האָט דער אידעאַל פון אַ כּהנים־הערשאַפט לייכט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן.

און אָט אויף דעם וועג האָט זיך דער תלמוד אַנטוויקלט אויך ווייטער, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס שפּעטער האָט זיך די לאַגע פון יידישן פאָלק געענ־דערט. אין דער ווירקלעכקייט איז די ענדערונג צום גוטן געווען ניט פאַר אַ לאַנגער צייט. נאָך דעם חורבן פון צווייטן בית המקדש איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער. די הערשאַפט פון רעליגיע ביי די יידן איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. דאָס יידישע פאָלק ווערט פון תלמוד באַטראַכט פאַר אַ רעליגיעזע געמיינדע און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט יידן איז פאַרבונדן מיט רעליגיע. יעדע באַוועגונג פון יידנס קערפּער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון תלמוד מיט פאַרשיידענע דינים. דער תלמוד האָט געשאַפן דינים, ווי אַ ייד דאַרף גיין און ווי ער דאַרף

זיצן, ווי ער, דאַרף עסן און ווי ער דאַרף מחילה... ווי ער דאַרף שלאָפֿן און ווי ער דאַרף אויפֿשטיין, ווי ער דאַרף זיך אָנטאָן און ווי ער דאַרף זיך אויסטאָן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז דער תּלמוד האָט אַ גאַנצן פּעקל דינים וועגן די באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב. אין דעם פּרט לאָזט דער תּלמוד ניט אויס די קלענסטע איינצלהייט.

און אין דער משנה אַליין געפֿינט זיך אַ גאַנצער באַרג מיט נייע דינים. רבי יהודה הנשיא, וואָס האָט מיט דער הילף פֿון מערערע תּנאים צונויפֿגעשטעלט די משנה, האָט צונויפֿגעזאַמלט די דינים וועלכע זיינען געשאַפֿן געוואָרן פֿון עזרא הסופֿרס צייטן ביז צו זיין אייגענער צייט. דאָס איז אַ משך פֿון איבער 600 יאָר. אָבער ווי עס זעט אויס, איז רבי יהודה הנשיא געווען אַ ביסל איבער־קלייבעריש אין צונויפֿשטעלן די דינים, וועלכע זיינען געשאַפֿן געוואָרן אין די 600 יאָר צייט. ער האָט ניט אַלע אַריינגענומען אין זיינע זעקס סדרים משניות. אַז ניט וואָלט די משנה געווען אַ סך גרעסער און די דינים אין איר וואָלטן געווען אַ סך מער אין צאָל.

אייזיק הירש ווייס רעכנט אויס אין זיין בוך „דור דור ודורשיו״, אַז בלויז צוויי הונדערט און זיבעצן משנות פֿון די זעקס סדרים אַנטהאַלטן דינים, בעת הונדערט מיט איין און צוואַנציק משנות פֿאַרנעמען זיך מיט דרוש און מיט אגדות (לעגענדן, מעשהלעך, שפּריך־ווערטער, מאָראַל, משלים א. אַ. וו.). אין דעם כּלל ווערן שוין אויך אַריינגערעכנט די זעקס און פֿופֿציק משנות פֿון פּרקי אָבות. עס איז אָבער קיין צווייפֿל ניט, אַז אין דער צייט פֿון עזרא ביז רבי יהודה הנשיא, די צייט, וואָס נעמט אַרום די כּנסת הגדולה און אַלע תּנאים, איז געשאַפֿן געוואָרן אַ סך אַ גרעסערע צאָל דינים, ווי די, וואָס זיינען אַריינ־געגומען געוואָרן אין דער משנה. און אַ באַווייז האָבן מיר אויך דערפֿון, וואָס מאַנכע פֿון די צייט־גענאָסן פֿון רבי יהודה הנשיא זיינען געווען שטאַרק ניט צופֿרידן מיט זיין רעדאַקציע פֿון דער משנה. אויסער אַלע אַנדערע טענות, וואָס זיי האָבן געהאַט קעגן זיין רעדאַקציע, אַז ער איז ניט געווען אומפּאַרטייאיש געגנוג, האָבן זיי צו אים אויך געהאַט די טענה, אַז ער האָט אַ סך דינים אויס־געלאָזן. אַ טייל פֿון די דינים, וואָס רבי יהודה הנשיא האָט אויסגעלאָזן אין זיין משנה, זיינען געזאַמלט געוואָרן שפּעטער אונטער דעם נאָמען „ברייתות״, וואָס אין אַראַמעאיש מיינט עס „אויסגעלאָזענע״ — די משנות, וועלכע זיינען אויס־געלאָזן געוואָרן אין רבי יהודה הנשיאס זאַמלונג. שפּעטער זיינען די פֿאַרשיי־דענע ברייתות צונויפֿגעקליבן געוואָרן און מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „תּוספֿתּות״ — צולאָגן אָדער ביילאָגן.

דער תּלמוד וואָלט דעריבער ניט געווען אַזאַ גרויסע לאַסט און וואָלט ניט געווען אַזאַ שווערע משא אויף די פּלייצעס פֿון יידישן פֿאָלק, ווען ער וואָלט זיך געענדיקט מיט דער משנה. די משנה גופֿא האָט אין דער ווירקלעכקייט דורך מאַנכע פֿון אירע טיילן געבראַכט גאַנץ ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען אין דער יידישער רעליגיע. מאַנכע רעפֿאָרמען אין תּורת משה, וואָס די משנה האָט גע־מאַכט, זיינען אַזוי ראַדיקאַל, אַז זיי שאַפֿן אין גאַנצן אָפּ דאָס געזעץ פֿון דער תּורה, אָדער פֿירן איין אַ נייעם אויף זיין פּלאַץ. איך מיין דאָ די משנה אין דער גאַנצער צייט פֿון איר אַנטוויקלונג. אָבער דאָ רעדט זיך ניט וועגן דעם

וואָס עס וואָלט געווען, נאָר וועגן דעם וואָס עס איז. די משנה איז דאָך בלויז אַ טייל פֿון דעם תּלמוד. און ווען מען רעדט וועגן תּלמוד האָט מען מער אין זינען די גמרא, די דערגאַנצונג, די פֿאַרענדיקונג און אויסטייטשונג פֿון דער משנה, ווי די משנה גופֿא.

אַ טייל פֿון דעם תּלמוד, ווי עס איז שוין פֿריער געזאָגט געוואָרן, ווערט אָנגערופֿן מיט דעם נאָמען „אַגדה" — לעגענדע. אָט דער טייל פֿון תּלמוד, וואָס באַשטייט פֿון אַנעקדאָטן, גלייכווערטלעך, משלים, שפּריך־ווערטער, מאָראַל־שפּרוכן, פֿאַרשיידענע מעשׂיות, אויסטייטשונגען פֿון פּסוקים פֿון תּנ"ך, — האָט אויך אין זיך ידיעות וועגן שדים, מלאכים, כּשוף־מאַכער, חלומות, מעדיציניש רעצעפּטן, געזונטהייט־כּללים, „וויסנשאַפֿט" וועגן הימל און ערד, וועגן ימים און מדבריות, היסטאָריע, מייסטנס גאַנץ פֿאַלש און פֿאַרפּלאָנטערט, פֿילאָסאָפֿיע א. אַז. וו.

אין אַלגעמיין איז דער טייל אגדה אין תּלמוד אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די ווילדע שטות'ערייען, די פֿאַנטאַסטישע מעשׂיות וועגן שדים, מלאכים און רוחות, די משונה'דיקע אַבערגלויבנס, די גוואַלדיקע גוזמאות און ווילדע פֿאַנטאַזיעס. עס גיט אַ פֿאַרשטעלונג וועגן יענער צייט און וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד פֿון די מענטשן אין יענער צייט. מאַנכע מעשׂיות און לעגענדעס זיינען טאַקע אויך זייער שיין. מען געפֿינט אין זיי אַ וואונדערלעכע, רייכע פֿאַנטאַזיע. די רייזע־געשיכטן פֿון רבה בר בר חנא מיט זיינע מעשׂיות וועגן די ריזיקע פֿיש און פֿייגלען, וואָס ער האָט געזען, קענען זיך פֿאַרגלייכן מיט די מעשׂיות פֿון באַראָן פֿאָן מינכהויזען און זיי נאָך אַריבערשטייגן.

אַ סך פֿון די משלים און די שפּרוכן און סתּם אַזוי ווערטלעך, וואָס מען געפֿינט אין דער אגדה, זיינען אמתע פּערל. זיי זיינען קורץ, שאַרף, גייסטרייך און וויציק.

אין דער אגדה איז אויך פֿאַראַן אַ רעכט ביסל ניבול פּה און שוין איין מאָל ניבול פּה! אַפֿילו פֿאַר אַ יידישן וואָדעוויל־טעאַטער וואָלט עס שוין געווען צו פֿעט. אָבער וואָס איז שייך צו ניבול פּה, קען מען עס געפֿינען אויך אין אַנדערע טיילן פֿון תּלמוד. משמעות, אַז אין יענע צייטן איז דאָס גאָר קיין ניבול פּה ניט געווען.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם, וואָס יעדעס וואָרט פֿון תּלמוד איז הייליק, ווערט דאָך די אגדה באַטראַכט פֿאַר אַ מינדערווערטיקן טייל פֿון דעם תּלמוד. די וויכטיקייט פֿון תּלמוד באַשטייט אין זיינע דינים, אין זיין רעליגיעזן ווערט. די אגדה, אָבער, האָט ניט קיין דינים. אין דער אגדה דאַרף מען שוין אַריינטייטשן הייליקייט. מען דאַרף שוין זאָגן, אַז די מעשׂיות פֿון דער אגדה זיינען ניט סתּם אַזוי מעשׂיות, נאָר אַז זיי פֿאַרבאָרגן אין זיך גרויסע סודות און טיפֿע געדאַנקען.

## 4

## ווי די דינים פֿון תּלמוד זיינען געמאַכט געוואָרן

„עשׂו סייג לתּורה" — מאַכט אַ צאַם פֿאַר דער תּורה, האָבן געזאָגט די אַנשי כּנסת הגדולה, דער יידישער גרויסער סינאָד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך

עזרא הסופֿר. זאָגט רש״י: „עשו משמרת למשמרתו, כדי שלא יבא לידי איסור של תורה״ — מאַכט אַ וואַך איבער אַ וואַך, כדי עס זאָל ניט קומען, אַז מען זאָל טאָן אַ זאַך, וואָס איז פֿון דער תורה פֿאַרבאָטן.

אָט דער פּרינציפּ פֿון מאַכן אַ צאַם און שטעלן אַ וואַך איבער אַ וואַך, כדי מען זאָל ניט קומען עובר צו זיין אַ פֿאַרבאָט פֿון דער תורה, האָט שטאַרק מיט־געהאָלפֿן אויסצובויען אַרום דעם יידישן פֿאָלק אָט די גרויסע׳ הויכע וואַנט, וואָס רופֿט זיך תּלמוד.

אַ פֿאַרבאָט אַליין אין דער תורה איז ווייניק. מען קען נאָך אַ מאָל גע־שטרויכלט ווערן און עובר זיין אויף אים. מען דאַרף דעריבער פֿאַרצאַמען דעם וועג, וואָס קען פֿירן צום עובר זיין אויף דעם פֿאַרבאָט. נאָר אויך דאָס איז נאָך ניט אין גאַנצן זיכער. מען דאַרף מאַכן אַ וואַך איבער אַ וואַך, ווי רש״י טייטשט עס אויס. און אָט אַזוי האָט מען דורות נאָך דורות געמאַכט צאַמען פֿאַר דער תורה און צאַמען אַרום די צאַמען, ביז יעדע באַוועגונג פֿון דעם יידן, זיין יעדער קער און ריר איז אַרומגעצאַמט געוואָרן מיט פֿאַרבאָטן און מיט איסורים.

אין אָנפֿאַנג זיינען די צאַמען געמאַכט געוואָרן ניט אַזוי אָפּצוהיטן די תורה, אַז מען זאָל אויף איר ניט עובר זיין, נאָר הויפּטזעכלעך אָפּצוצאַמען די יידן פֿון די אַנדערע פֿעלקער. עזרא הסופֿר האָט עס אָנגעפֿאַנגען די אַרבעט פֿון אָפּצאַמען און אָפּטיילן די יידן פֿון אַנדערע פֿעלקער וואָס מער און מער. און עזרא הסופֿרס אַרבעט איז שפּעטער פֿאַרגעזעצט געוואָרן פֿון די אנשי כנסת הגדולה און פֿון זייערע נאָכפֿאָלגער.

נאָר אויב אין אָנהייב זיינען די סיגים (סיאָגים), די צאַמען, געמאַכט גע־וואָרן הויפּטזעכלעך אויף אָפּצוטיילן און אָפּצוזונדערן די יידן, אַז זיי זאָלן זיך ניט צונויפֿמישן מיט די אַנדערע פֿעלקער, זיינען שפּעטער געוואָרן די סיגים אַ צוועק צו שאַפֿן וואָס מער פֿאַרבאָטן און איסורים און צו מאַכן די תורה וואָס שווערער און שטרענגער. עס האָט זיך שוין מער ניט געהאַנדלט וועגן אָפּזונדערן און אָפּצאַמען דאָס יידישע פֿאָלק פֿון אַנדערע פֿעלקער. די יידן זיינען שוין געווען גענוג אָפּגעזונדערט און גענוג אָפּגעצאַמט. עס איז אָבער געבליבן אַ מצוה פֿון „עשו סיג לתורה״, מאַכן צאַמען פֿאַר דער תורה, און מען האָט געמאַכט.

מאַכן נייע דינים איז אָנפֿאַנגס ניט געווען אַזוי לייכט. אַ דין דאַרף זיך געפֿינען אין דער תורה און אויב מען קען ניט זען וואו ער געפֿינט זיך׳ דאַרף מען אַרויסדרינגען און אַרויספּשטלען, אַז ער געפֿינט זיך יאָ. מאַכן אָבער סיגים איז געווען לייכט. אַ סיג (סיאָג) איז ניט קיין נייער דין. עס איז בלויז אַ צאַם פֿאַר אַן אַלטן דין׳ פֿאַר אַ דין פֿון דער תורה.

נאָכן דין פֿון דער תורה, למשל, וואָלט מען שבת געמעגט רייטן אויף אַ פֿערד, ווייל שבת טאָר מען בלויז קיין מלאכה ניט טאָן. איז אָבער געווען אַ מורא, אַז ווען מען וועט מעגן רייטן אויף אַ פֿערד, קען מען נאָך געשטרויכלט ווערן אָפּצושניידן אָדער אָפּצוברעכן אַ צווייגל פֿון אַ בוים אונטערצוטרייבן דעם פֿערד. אָפּברעכן אַ צווייגל פֿון אַ בוים איז שוין אַ מלאכה וואָס מען טאָר שבת ניט טאָן, האָט מען דעריבער געמאַכט אַ סיג, אַז מען זאָל אויך רייטן ניט טאָרן אום שבת (ביצה ל״ו).

אייגנטלעך איז אין דער תּורה אין ערגעץ ניטאָ אַז מען טאָר ניט אָפּ־ברעכן אום שבת אַ צווייגל פֿון אַ בוים. אין דער תּורה איז בלויז פֿאַראַן, אַז מען טאָר שבת קיין שום מלאכה ניט טאָן. איז אָבער די פֿראַגע, וואָס מיינט די תּורה מיט דעם וואָרט מלאכה?

לויטן איינפֿאַכן שכל דאַרף מען ענטפֿערן אַזוי: די תּורה פֿאַרבאָט צו טאָן אַ מלאכה אום שבת פֿאַר דעם צוועק, אַז מען זאָל שבת רוען. דעריבער דאַרף זיין פֿאַרבאָטן יעדע מלאכה, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט האַרעוואַניע. אָבער אָפּ־ברעכן אַ צווייגל, אָדער אָפּרייסן אַ גרעזל — איז זיכער ניט קיין האַרעוואַניע. לויט דעם תּלמוד, אָבער, איז אָפּברעכן אַ צווייגל אום שבת פּונקט אַזאַ עבֿרה ווי אָפּהאַקן אַ בוים. דער תּלמוד האָט נעמלעך אויסגערעכנט 39 אָבות מלאכה (הויפּט מלאכות), וועלכע זיינען שבת פֿאַרבאָטן. און יעדע אָב מלאכה האָט תּולדות (קינדער). די תּולדות מלאכה זיינען אַזעלכע, וואָס זיינען ענלעך צו די אָבות מלאכה, אָדער שטאַמען פֿון זיי. רייסן, למשל, גראָז אין פֿעלד אום שבת איז אַן אָב מלאכה, דערפֿאַר איז אויסרייסן אַ האָר פֿון באָרד אום שבת אַ תּולדת מלאכה און מען טאָר עס ניט (שבת צ"ד). דער קיצור איז, אַז מען טאָר קיין זאַך ניט.

נאָר אויב אין אָנפֿאַנג איז עס בלויז געווען לייכט צו מאַכן סיגים פֿאַר אַלטע דינים, אָבער מיט מאַכן נייע דינים איז מען געווען אַ ביסל פֿאַרזיכטיק און מען האָט איינגעשטעלט געוויסע כּללים ווי אַזוי מען קען אַרויסדרינגען פֿון דער תּורה נייע דינים, איז שפּעטער אויך דאָס שאַפֿן נייע דינים געוואָרן גאַנץ לייכט.

הלל הזקן האָט איינגעפֿירט זיבן כּללים ווי אַזוי מען דאַרף דרשענען די תּורה, כּדי אַרויסצודרינגען פֿון איר נייע דינים. ר' ישמעאל האָט שפּעטער צו ר' הללס זיבן כּללים דערלייגט נאָך זעקס. די דאָזיקע כּללים זיינען דער יסוד אַרום וועלכן עס דרייען זיך די מערסטע פּילפּולים פֿון תּלמוד. אין מאַנכע פֿון די פּילפּולים איז פֿאַראַן אַ סך שאַרפֿקייט, אַ סך קאָפּשטיק, קונציקע איינפֿאַלן און מח־גימנאַסטיקע. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אָט דער פּילפּול אַזוי אַנט־וויקלט, אַז מען האָט מיט דער הילף פֿון די דערמאָנטע דרייצן ר' ישמעאלס כּללים געקענט אַרויסדרשענען פֿון דער תּורה, וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. און מען האָט געדרשנט אויף טיש און אויף בענק און אָנגעדרשנט אַ ריזיקן ים מיט דינים.

די כּללים פֿון הלל הזקן און פֿון ר' ישמעאל האָבן אין זיך אַ געוויסע לאָגיק. מאַנכע פֿון זיי זיינען גאַנץ לאָגיש, אָבער זיי האָבן כּמעט זייער גאַנצע לאָגיק פֿאַרלאָרן אין די פֿאַרדרייטע און משונהדיקע פּילפּולים, פֿאַר וועלכע זיי זיינען אויסגענוצט געוואָרן. די גמרא קען דעריבער דערציילן, אַז אַ תּמיד ותיק פֿון דער ישיבֿה אין יבֿנה האָט געקענט באַווייזן מיט הונדערט פֿופֿציק אַרגומענטן, אַז אַ שרץ איז טהור און ניט טמא (תּלמיד ותיק היה ביבנה, שהיה מטהר השרץ במאה וחמישים טעמים. עירובין י"ג). און אַזוי דערציילט אויך די גמרא אויף רבי עקיבֿא בן יוסף, אַז ער האָט אויף יעדן שטריכעלע פֿון אַן אות געקענט דרשענען גאַנצע בערג מיט דינים (לדרוש על כּל קוץ וקוץ תילי תילין של הלכות. מנחות כ"ט).

עס וועט אָבער דאָך זיין פֿאַלש צו באַהויפּטן, אַז דער גאַנצער תּלמוד איז

אַ פּראָדוקט פֿון משונהדיקע פּילפּולים. אין קעגנטייל. מאַנכע טיילן פֿון תּלמוד האָבן אַ גאַנץ אויסגעהאַלטענע לאָגיק און אַ גאַנץ באַשטימטע סיסטעם, לויט וועלכער די דינים זיינען געשאַפֿן געוואָרן. דאָס איז מייסטנס דער פֿאַל אין די טיילן פֿון תּלמוד וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני ממונות — געזעצן וועגן געלט־אַנגעלעגנהייטן און דיני נפֿשות — געזעצן וועגן קערפּערלעכע שטראָף, באַזונדערס טויט־שטראָף. אין דעם פּרט זיינען פֿאַראַן אין תּלמוד באַשטימטע גרונט־פּרינציפּן, פֿון וועלכע די געזעצן האָבן זיך אַנטוויקלט.

ווען מיר נעמען, צום ביישפּיל, די יידישע געזעצגעבונג, לויט דעם תּלמוד, אין דעם פּרט פֿון פּריוואַט אייגנטום, געפֿינען מיר אַ גרונט־פּרינציפּ וועלכער זאָגט: הפֿקר בית דין הפֿקר, דאָס מיינט אַז בית־דין, קהל הייסט עס, קען עקספּראָפּריאירן דאָס פֿאַרמעגן פֿון אַ יחיד. לויט דעם תּלמוד, הייסט עס, איז פּריוואַט אייגנטום ניט קיין הייליקטום, ווען עס האַנדלט זיך וועגן כּלל. און פֿון אָט דעם גרונט־פּרינציפּ וויקלען זיך אָפּ אַלע דינים וועגן די באַציאונגען פֿון יחיד צום כּלל.

ווען איינער וויל וויסן די באַציאונגען פֿון תּלמוד צו אַרבעטער־געזעצן, דאַרף ער נעמען דעם גרונט־פּרינציפּ, פֿון וועלכן אַלע אַרבעטער־געזעצן וויקלען זיך אָפּ. דער גרונט־פּרינציפּ איז: „יד הפּועל על העליונה” — דער אַרבעטער האָט די אויבערהאַנט. אין יעדן סיכסוך וואָס קומט פֿאָר צווישן אַרבעטסגעבער און אַרבעטנעמער, שטעלט זיך דער יידישער דין אויף דער זייט פֿון דעם לעצטן. פֿון דעם דאָזיקן גרונט־פּרינציפּ שטאַמען אַרויס אַלע אַנדערע דינים צו גונסטן די פּועלים. דער אַרבעטער, צום ביישפּיל, מעג ברעכן אַן אָפּמאַך אָדער אַ קאָנטראַקט, בשעת דער אַרבעטסגעבער טאָר עס ניט; אַן אַרבעטער מעג אַוועקוואַרפֿן די אַרבעט אין מיטן טאָג און דער בעל־הבית מוז אים באַצאָלן פֿאַר דער אָפּגעאַרבעטער צייט, און אין פֿאַל ער האָט אים באַצאָלט אין פֿאָרויס פֿאַר דער גאַנצער צייט, בלייבט דאָס געלט בלויז אַ חוב אויף דעם אַרבעטער, אָבער ער קען אים ניט צווינגען, אַז ער זאָל ענדיקן דעם אַרבעטס־טערמין; ווען עס אַנטשטייט אַ סיכסוך צווישן אַרבעטער און בעל־הבית וועגן שכירות, — דער בעל־הבית זאָגט, אַז ער האָט באַצאָלט און דער אַרבעטעד זאָגט אַז ניט, — איז דער אַרבעטער באַגלויבט מיט אַ שבועה, אַז אים קומט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין דיני ממונות האַלט זיך דער תּלמוד פֿאַר דעם גרונט־זאַץ, פֿון „כּל המוציא מחברו עליו הראיה”, ד"ה ווען איינער פֿאָדערט פֿון צווייטן געלט, דאַרף ער ברענגען עדות, — אַז ניט קען ער ניט קריגן. אַן אויסנאַמע פֿונם דאָזיקן גרונט־געזעץ, הייסט עס, האָט מען נאָר געמאַכט פֿאַר אַן אַרבעטער — ער דאַרף קיין עדות ניט ברענגען, עס איז בלויז גענוג, אַז ער זאָל שווערן, און די שבועה גופֿא דאַרף זיין אַ לייכטע (אין תּלמוד זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע שבועות, שווערע און לייכטערע).

וויל מען וויסן די באַציאונגען פֿון תּלמוד צו שקלאַפֿעריי, דאַרף מען ווידער אין אים זוכן דעם גרונט־פּרינציפּ. און דער גרונט־פּרינציפּ פֿון תּלמוד איז: „עבדי הם ולא עבדים לעבדים”. ד"ה אַ ייד איז בלויז אַ קנעכט פֿון גאָט אָבער ער דאַרף ניט זיין אַ קנעכט ביי אַן אַנדערן. דער תּלמוד, אַלזאָ, איז אין פּרינציפּ קעגן שקלאַפֿעריי, און ער האָט דעריבער געשאַפֿן אַזעלכע געזעצן,

װעלכע מאַכן ייִדישע שקלאַפֿעריי פֿאַר אוממעגלעך, װייל װען איינער זאָל באַ־האַנדלען זיין ייִדישן שקלאַף נאָך די דינים פֿון תּלמוד, לוינט זיך אים בעסער אַליין זיך צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ שקלאַף. צונויפֿגענומענדיק אַלע דינים װי אַ ייִדישער שקלאַף דאַרף באַהאַנדלט װערן, זאָגט טאַקע דער תּלמוד „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" — װען איינער קויפֿט אַ ייִדישן שקלאַף, איז װי ער װאָלט קויפֿן אַ האַר איבער זיך. און זייענדיק קעגן שקלאַפֿעריי, האָט דער תּלמוד, דורך אַ קנייטש, טאַקע די גאַנצע ייִדישע שקלאַפֿעריי מבטל געװען. דער תּלמוד האָט געפּסקנט, אַז ייִדישע שקלאַפֿעריי קען נאָר עקסיסטירן װי לאַנג עס עקסיסטירט דער דין פֿון יובל, און יובל איז אָפּגעשאַפֿט געװאָרן שוין פֿון דער צייט, װען פּול מלך אשור און תגלת פלאסר מלך אשור זיינען געקומען און האָבן אַװעקגעפֿירט אין גלות שבט ראובן און גד און דעם האַלבן שבט מנשה (ז. מסכת עבדים און רמב"ם עבדים).

עס דאַרף דערביי באַמערקט װערן, אַז די גינסטיקע געזעצגעבונג פֿון תּלמוד בנוגע צו אַרבעטער, שטאַמט מייסטנס פֿון דער תּלמודישער קעגנערשאַפֿט צו שקלאַפֿעריי. די געזעצן פֿון תּלמוד זיינען אַן אויסנאַם גינסטיק פֿאַר די אַרבע־טער, װען עס האַנדלט זיך װעגן זייער פּערזענלעכער פֿרייהייט. זי איז אָבער װייניקער גינסטיק, װען עס האַנדלט זיך װעגן אַרבעטס־באַדינגונגען און װעגן געלט. װען אָבער אין דער געלט־פֿראַגע אָדער אין די אַרבעטס־באַדינגונגען איז פֿאַרװיקלט אַ פֿראַגע פֿון פּערזענלעכער פֿרייהייט, זיינען די געזעצן שוין װידער דורכויס פֿאַר דעם אַרבעטער.

אין תּלמוד װערט דעריבער געמאַכט אַ גאַנץ שטאַרקער אונטערשייד צװישן אַ טאָג־אַרבעטער, אַ שכיר־יום, און צװישן אַ שטיק־אַרבעטער, אַן אומן, ביי װעמען מען באַשטעלט צו מאַכן אַ שטיק אַרבעט פֿאַר אַ געװיסן פּרייז.

די גינסטיקע אַרבעטער־געזעצגעבונג אין תּלמוד איז הויפּטזעכלעך פֿאַר דעם שכיר־יום, פֿאַר דעם טאָג־אַרבעטער, װייל ער פֿאַרדינגט מיט זיין אַרבעט אויך זיך. מען דאַרף אים דעריבער באַשיצן פֿון שקלאַפֿעריי און װאָס איז נאָר ענלעך צו שקלאַפֿעריי. דער אומן, דער שטיק־אַרבעטער, האָט אָבער זיך אַליין ניט פֿאַרדונגען, ער דאַרף בלויז מאַכן דאָס שטיק אַרבעט, װאָס מען האָט ביי אים באַשטעלט, און ער דאַרף דעריבער קיין ספּעציעלע שוץ ניט קריגן.

און אַז די ייִדן האָבן געדאַרפֿט זיין קעגנעריש געשטימט צו ייִדישער שקלאַ־פֿעריי, איז אויך גאַנץ נאַטירלעך. אַ פֿאָלק, װאָס האָט, לויט זיין טראַדיציע, אָנ־געפֿאַנגען זיין היסטאָריע דורך באַפֿרייאונג פֿון שקלאַפֿעריי, אַ פֿאָלק, װאָס האָט כּסדר געדאַרפֿט קעמפֿן פֿאַר זיין פֿרייהייט, האָט געמוזט זוכן איינצופֿלאַנצן אין די הערצער פֿון זיינע מיטגלידער די פֿיינטשאַפֿט און קעגנערשאַפֿט צו שקלאַפֿעריי. לויט דעם תּלמוד טאָר דעריבער אַן אַרבעטער זיך ניט פֿאַרדינגען מער װי אויף 3 יאָר, אויס מורא פֿאַר װעלכער עס איז פֿאַרם פֿון שקלאַפֿעריי.

װער עס װיל װיסן די באַציאונג פֿון תּלמוד צו טויט־שטראָף, זאָל ער זיך װענדן צו דעם גרונט־פּרינציפּ. װען מען נעמט אין באַטראַכט פֿאַרשיידענע דינים אין תּלמוד, װאו אויף יעדן שריט און טריט קען מען געפֿינען דעם באַ־קאַנטן אויסדרוק „חיב מיתה", קען מען װירקלעך באַקומען דעם איינדרוק, אַז לויט דעם תּלמוד איז פֿאַרמשפּטן אַ מענטשן צום טויט — איינע פֿון די לייכטסטע

זאַכן. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז, לויט דעם תלמוד, כּמעט ווי אוממעגלעך צו פאַרמשפּטן אַ מענטשן צום טויט. די גאַנצע תלמודישע געזעצגעבונג וועגן טויט־שטראָף איז אַזוי אויפגעבויט, דאָס די טויט־שטראָף ווערט דורך איר כּמעט ווי אין גאַנצן אָפּגעשאַפט. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז די שוועריקייטן און באַ־שרענקונגען איינעם צו פאַרמשפּטן צום טויט, לויט דעם תלמוד, איז אַזוי גרויס, דאָס אַ בית דין, וועלכער האָט איין מאָל אין זיבציק יאָר פאַרמשפּט אַ מענטשן צום טויט, ווערט גערופן בית דין קטלאי, ד״ה אַ בית דין וואָס הרגעט מענטשן.

מען קען זאָגן, אַז די באַשאַפער פון תלמוד האָבן זיך באַמיט צו האַלטן זיך אין די גרענעצן פון לאָגיק און פאַר באַשטימטע גרונט־פּרינציפּן אין די דינים, וועלכע זיינען שייך צו ציוויל־רעכט און קרימינאַל־רעכט. עס הייסט, אַז די מייסטע שבחים, וואָס מען קען זאָגן וועגן תלמוד, באַלאַנגען צו זיין יורידישן טייל. מען קען אָבער פאַרן תלמוד געפינען גאַנץ ווייניק שבחים, ווען עס קומט צו זיינע איבעריקע טיילן.

## 5

## די היסטאָרישע באַדייטונג פון תלמוד

פון דער צונויפשטעלונג פון דער משנה דורך רבי יהודה הנשיא ביז דער שליסונג פון דער גמרא דורך רבי אשי און רבינא — זיינען אַריבער אַן ערך 300 יאָר. די צונויפשטעלונג פון דער משנה איז פאַרענדיקט געוואָרן אַן ערך אין יאָר 200 און די שליסונג פון תלמוד איז פאָרגעקומען אַן ערך אין יאָר 500 לויט דער קריסטלעכער צייט־רעכנונג. מיט דער שליסונג פון דער משנה האָט זיך געענדיקט דער לעצטער דור פון די תנאים, און מיט דער שליסונג פון תלמוד האָט זיך געענדיקט דער לעצטער דור פון די אמוראים.

אין די 300 יאָר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק.

ווען רבי יהודה הנשיא האָט צונויפגעשטעלט די משנה, איז נאָך ארץ ישראל געווען דער הויפּט־יידישער צענטער, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די יידן אין ארץ ישראל האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָרן זייער פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט און ארץ ישראל איז געוואָרן אַ רוימישע פּראָווינץ.

די גרויסע ישיבות, די סנהדרין און די נשיאות, וואָס ארץ ישראל האָט נאָך פאַרמאָגט, אין דער צייט פון דער צונויפשטעלונג פון דער משנה, זיינען געווען גענוג אויפצוהאַלטן די אויטאָריטעט פון דעם יידישן קולטורעלן און גייסטיקן צענטער אין ארץ ישראל ביי די יידן אין אַלע אַנדערע לענדער.

עס איז אמת, אַז די יידן אין בבל האָבן זיך דאַן געפונען אין אַ סך אַ בעל־סערן צושטאַנד, ווי די יידן אין ארץ ישראל. די יידן אין בבל האָבן געלעבט עקאָנאָמיש בעסער און זיי האָבן אויך געהאַט אַ סך מער פּאָליטישע און נאַ־ציאָנאַלע פרייהייטן. די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דעמאָלט אין בבל האָט געהאַט גאַנץ ברייטע רעכט. דער ריש גלותא, וואָס איז געווען דער הויפּט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, האָט פאַרנומען ביי דער רעגירונג אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ, און אים איז אָפּגעגעבן געוואָרן גרויס כּבוד אין דער עפנטלעכקייט. די ישיבות פון בבל, ווידער, האָבן גאַנץ שטאַרק קאָנקורירט מיט

די ישיבות פֿון ארץ ישראל. די ישיבות פֿון בבל האָבן שוין דעמאָלט געוויזן גאַנץ דייטלעכע סימנים, אַז זיי גרייטן זיך אַוועקצונעמען די אויטאָריטעט פֿון די ישיבות פֿון ארץ ישראל. אָבער דאָך ניט קוקנדיק אויף דעם, איז ארץ ישראל נאָך אַלץ געווען דער יידישער הויפּט־צענטער. אויך דער יידישער צענטער אין בבל האָט זיך פֿאַר אים געבויגן. עס איז געווען מער ווי אַלץ דער נאָמען ארץ ישראל, וואָס האָט אַראָפּגעצויגן די וואָגשאָל.

ביסלעכווייז אָבער האָט דער יידישער צענטער אין בבל מיט דער ברייטער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס דאָרטן האָט עקסיסטירט, גענומען די אויבערהאַנט איבער דעם יידישן צענטער אין ארץ ישראל.

דאָס לעבן פֿאַר די יידן אין ארץ ישראל איז געוואָרן אַלץ שווערער, און וואָס ווייטער זיינען אויך געזונקען די גייסטיקע שאַפֿונגס־כּוחות פֿון די יידן אין ארץ ישראל. מען קען עס אַמקלאָרסטן זען, ווען מען פֿאַרגלייכט דעם תּלמוד פֿון ארץ ישראל (תּלמוד ירושלמי) מיט דעם תּלמוד פֿון בבל (תּלמוד בבלי).

אין דער זעלביקער צייט, וואָס די אמוראים אין בבל האָבן אויסגעטייטשט די משנה, וואָס רבי יהודה הנשיא האָט צונויפֿגעשטעלט, און האָבן געשאַפֿן די גמרא, האָבן אויך די אמוראים אין ארץ ישראל געשאַפֿן אַ גמרא. נאָר ווען מען פֿאַרגלייכט דיביידע תּלמודן, דעם תּלמוד בבלי און דעם תּלמוד ירושלמי, זעט מען וואָס פֿאַר אַ גייסטיקע אָרימקייט עס הערשט אין דעם תּלמוד ירושלמי. ווען מען רעדט וועגן תּלמוד אין אַלגעמיין, האָט מען געוויינלעך אין זינען דעם תּלמוד בבלי. די מייסטע וואָס לערנען תּלמוד, האָבן זעלטן ווען אַריינגעקוקט אין דעם תּלמוד ירושלמי. מאַנכע האָבן אים אפֿשר קיין מאָל ניט געזען.

עס ווערט אָפֿט געמאַכט די באַהויפּטונג, אַז דער תּלמוד האָט דערפֿילט אַ גרויסע היסטאָרישע נאַציאָנאַלע אויפֿגאַבע פֿאַרן יידישן פֿאָלק. דער תּלמוד, ווערט באַהויפּטעט, האָט פֿאַראייניקט דאָס יידישע פֿאָלק און האָט עס פֿאַרהיט, אַז עס זאָל ניט פֿאַרשלונגען ווערן פֿון די אַנדערע פֿעלקער.

נו, קיינער קען ניט לייקענען, אַז דער תּלמוד האָט אָפּגעצאָמט און אָפּגעזונדערט דאָס יידישע פֿאָלק פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער אויף דעם שטאַרקסטן און ווירקזאַמסטן אופֿן. דער תּלמוד האָט אַרומגעבויט, קען מען זאָגן, אַ כינעזישע וואַנט אַרום דעם יידישן פֿאָלק מיט די אַלע סיגים, תּקנות, איסורים, גזירות און דינים וואָס ער האָט געשאַפֿן. עס איז אָבער דאָך גאָר ניט אַזוי זיכער, אַז די הויכע, דיקע כינעזישע וואַנט איז טאַקע געווען נויטיק אויף אָפּצוהיטן די נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק. זיינען דאָך די קאַראַאימען געבליבן עקסיסטירן אויך אָן דעם תּלמוד.

מען וועט זאָגן, אַז עס איז אַ קלעגלעכע עקסיסטענץ. דאָס איז ריכטיק. אָבער מען דאַרף דאָך ניט פֿאַרגעסן, אַז די קאַראַאימען זיינען אין זייערע בעסטע צייטן געווען בלויז אַ קליינע סעקטע. זייער צאָל, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון די תּלמודישע יידן, איז געווען אַ גאַנץ קליינע, און מען דאַרף זיך ווירקלעך וואונדערן ווי זיי זיינען נאָך געבליבן עקזיסטירן ביז היינט.

עס דאַרף דערביי געזאָגט ווערן, אַז אַן וועלכן עס איז צוגאָב און אַן געוויסע רעפֿאָרמעס, וואָלט תּורת משה סיי ווי סיי ניט אויסגעקומען. די אַנטוויקלונג פֿון דעם יידישן לעבן און די ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן וואָלטן

עס געפֿאָדערט. האָבן דאָך אַפֿילו די קאַראַאימען, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק געווערט קעגן תּלמוד, געמוזט מיט דער צייט באַשאַפֿן אַ צוגאָב צו תּורת משה. עס הייסט, אַז אַ קליין „תּלמודל" האָבן אויך די קאַראַאימען. און וואָס פֿאַר אַ באַציאונג איינער זאָל ניט האָבן צום תּלמוד, מוז ער דאָך צוגעבן, אַז אַ באַדייטנדע טייל פֿון זיינע דינים און תּקנות זיינען אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך די ענדערונגען פֿון דער צייט און פֿון די באַדינגונגען פֿון יידישן לעבן. אָבער, ווען מען רעדט וועגן תּלמוד, האָט מען אין זינען אָט דעם תּלמוד אין זיין גאַנצער גרויס און אין זיין גאַנצן אומפֿאַנג, וואָס מיר האָבן, און ניט וועגן וועלכן עס איז צוגאָב צו תּורת משה. דער תּלמוד, וועגן וועלכן מיר רעדן, איז ניט קיין צוגאָב צו תּורת משה, נאָר אַ גאַנץ נייע תּורה.

דאָס לערנען תּלמוד, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פֿון דעם יידישן פֿאָלק במשך פֿון הונדערטער יאָרן פֿאַר דער גרעסטער מצוה, האָט אָן אַ צווייפֿל איבערגעלאָזן טיפֿע שפּורן אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פֿון דעם יידישן פֿאָלק. דער תּלמודישער פּילפּול האָט אַרויפֿגעלייגט זיין שטעמפּל אויף דעם יידישן מוח. און אויב דער תּלמודישער פּילפּול האָט אין זיך אַ סך שאַרפֿקייט, האָט ער אָבער אין זיך נאָך מער פּוסטע קאָפּ־גימנאַסטיק, פּילפּול צוליב פּילפּול.

נאָר ערגער פֿאַר אַלץ אין תּלמוד איז די „וויסנשאַפֿט" וואָס אין אים געפֿינט זיך.

די פֿאַרפֿאַסער פֿון תּלמוד זיינען אין דעם ניט שולדיק. זיי האָבן בעסער ניט געוואוסט. אמת, מאַנכע זאַכן האָבן זיי געקענט און געדאַרפֿט בעסער וויסן. זיי האָבן וויניקסטנס געדאַרפֿט האָבן אַ בעסערע און אַ גרעסערע ידיעה אין דער יידישער געשיכטע. זייער אומוויסנהייט אין דער יידישער געשיכטע איז אָבער איינפֿאַך דערשטוינענד; זיי האָבן אַפֿילו געפּלאָנטערט פֿאַקטן, וועלכע האָבן פּאַסירט גאַנץ נאָענט צו זייער צייט. אין תּלמוד קען מען קוים געפֿינען וועלכן עס איז ריכטיקן פֿאַקט, וואָס איז שייך צו חורבן בית שני. אַפֿילו ניט וועגן דעם אויפֿשטאַנד פֿון בר כוכבא.

אָבער ניט וועגן דעם האַנדלט עס זיך. די צרה איז, וואָס יעדער וואָרט אין תּלמוד איז הייליק און אַלץ, וואָס אין אים איז געשריבן, מוז אין אים זיין ריכטיק, ממילא אויך די „וויסנשאַפֿט", וואָס אין אים איז פֿאַראַן. אָט דער גלויבן האָט אַ גאַנץ לאַנגע צייט געשטערט, אַז מער ריכטיקע באַגריפֿן וועגן דער וויסנשאַפֿט זאָלן קענען פֿאַרשפּרייט ווערן צווישן יידן. מאַנכע ריכטיקע באַגריפֿן וועגן דער וויסנשאַפֿט זיינען איינפֿאַך באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַפּיקורסות, ווייל זיי האָבן ניט געשטימט מיט דעם „וויסנשאַפֿט" פֿון תּלמוד.

עס איז קלאָר, אַז די היסטאָרישע באַדייטונג פֿון דעם תּלמוד פֿאַרן יידישן פֿאָלק איז אַ גאַנץ גרויסע. עס איז אין דעם פּרט גאַנץ גלייך אויף וויפֿל דער תּלמוד האָט געווירקט צום גוטן אויף דעם יידישן פֿאָלק און וויפֿל צום שלעכטן. וועגן דעם קענען זיין מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן. עס קענען אָבער קיין מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן ניט זיין אין דעם, אַז דער תּלמוד האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם לעבן און אויף דער אַנטוויקלונג פֿון יידישן פֿאָלק. און אַלס אַזעלכן דאַרף מען אים שטודירן.



# ווען וועט יידיש אונטערגיין אין אַמעריקע ?

אין וועלכן טאָג און אין וועלכן יאָר, דענקט איר, וועט דער לעצטער יידי־שער ייד אויף ראַטגערס סקווער אַרויסרעדן דאָס לעצטע יידישע וואָרט און דערמיט פאַרענדיקן די עקזיסטענץ פון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע ?

און אפשר וועט דאָס פאַרקומען אין בראַנזוויל. דער לעצטער יידישער אַלטער זיידע וועט פּרובירן זיך צונויפרעדן אויף יידיש מיט זיין אייניקל, אויב ער מעג נעמען אַ טרונק וואַסער, נאָך דעם ווי ער האָט שוין אָפּגעזאָגט ווידוי, נאָר זיין מי וועט זיין אומזיסט. ער וועט אַרויסשלוקערצן דאָס לעצטע יידישע וואָרט, וועט פאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק, און מיט אים וועט שוין אַוועק אין קבר די לעצטע שפּור פון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע.

עס וועט דאָך דאָס מוזן אַמאָל פּאַרקומען. אויף אַזאַ אופן אָדער אויף אַן אַנדערן וועט זיך דאָך אַמאָל ענדיקן דאָס לעבן פון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע. טאָ קען ווער עס איז ניט זאָגן אין וועלכן טאָג און אין וועלכן יאָר וועט דאָס יידישע וואָרט אויפציטערן די אַמעריקאַנער לופט און וועט צוזאַמען מיט די אויפגעציטערטע לופט־כוואַליעס אויף אייביק פאַרשווינדן ?

איר וועט זאָגן, אַז עס איז אַ מאָדנע פראַגע. יאָ, אפשר טאַקע מאָדנע, נאָר פאַרוואָס ניט פּרובירן טרעפן ? איז דאָך די גאַנצע פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ און וועגן דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע ניט מער ווי אַ פראַגע פון טרעפן. און אויב עס האַלט שוין יאָ ביים טרעפן, איז עס דאָך שוין אויך אינטערעסאַנט צו טרעפן דאָס יאָר און דעם טאָג.

איך פאַרשטיי, אַז מען וועט מיר זאָגן, אַז וועגן דעם אונטערגאַנג פון יידיש אין אַמעריקע דאַרף מען גאָרניט טרעפן, עס איז גאָר קיין פראַגע ניטאָ. עס איז אַ זאַך, וואָס איז זיכער. ערשטנס זיינען די פאַקטן: אַלע יידישע אייניקלעך אין אַמעריקע פאַרשטייען ניט קיין וואָרט יידיש. צווייטנס איז דער שכל מחייב, אַז יידיש קען זיך לאַנג ניט האַלטן.

נו, איך האָב דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר פאַקטן און נאָך מער רעספּעקט פאַרן שכל, אָבער מיט מיין גאַנצן רעספּעקט צו פאַקטן היט איך זיי דאָך ווי גנבים, ווייל ניט איין מאָל האָבן פאַקטן מיך שוין אָפּגענאַרט, און וואָס איז שייך צום שכל, ווייס איך, אַז ניט איין מאָל שוין האָב איך אים אָפּגענאַרט. דעם שכל, דאַרפט איר וויסן, איז די לייכטסטע זאַך אָפּצונאַרן.

נאָכן שכל האָט שוין דאָס יידישע פאָלק לאַנג ניט געדאַרפט עקזיסטירן. עס איז ניטאָ קיין שכל פאַר וואָס יידן זאָלן אַזוי לאַנג עקזיסטירן און זיך אַזוי פיל פּלאָגן אויף דער וועלט.

נאָכן שכל האָבן אַלע אַרבעטער, אַפילו די אַמעריקאַנער אַרבעטער, געדאַרפט זיין סאָציאַליסטן. זיי זיינען עס אָבער ניט. זיי נאַרן אָפּ דעם שכל און ער קען זיי גאָרניט טאָן.

עס איז איבעריק צו באַווייזן, אַז יידן אין אַמעריקע אַמעריקאַניזירן זיך. יעדער זעט עס און ווייס עס. קיינעם קען אַפילו ניט איינפאַלן צו צווייפלען, אַז אַ יידישער אימיגראַנט, וואָס האָט אָפּגעלעבט אין אַמעריקע אַ פאַר צענדליק יאָר איז אַ סך מער אַמעריקאַניזירט, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען ער איז אין

אַמעריקע געקומען. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. ווען דער זעלביקער ייד וואָלט אָפּגעלעבט אַ פּאָר צענדליק יאָר אין מאָסקווע, וואָלט ער אויך ניט געבליבן דער זעלביקער ייד, ווי ער איז אַהינגעקומען.

פאַקטן דאַרף מען ברענגען, ווען מען דאַרף באַווייזן עפּעס, וואָס עס גלייבט זיך ניט. עס זיינען אָבער ניט נויטיק קיין פאַקטן צו באַווייזן, אַז אַ גרינקישקער ייד, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ פּאָר צענדליק יאָר אין אַמעריקע איז ווייניקער גרין, ווי זיין פריינט, וואָס איז אָקאָרשט אַהער געקומען.

און נאָך ווייניקער איז נויטיק צו ברענגען פאַקטן, אַז עס פאַרגרעסערט זיך די צאָל יידן אין אַמעריקע, וואָס רעדן ענגליש אַנשטאָט יידיש. איז דען כאָטש פאַראַן איינער, וואָס צווייפלט אין דעם? ווייס דען ניט יעדער איינער, אַז אַלע יידישע קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, אָדער דאָ דערצויגן געוואָרן, רעדן, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, ענגליש אַנשטאָט יידיש?

פראָבירן באַווייזן, אַז די ענגלישע שפּראַך פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער ביי די יידן אין אַמעריקע, איז פּונקט דאָס זעלביקע ווי פּרובירן אריינברעכן זיך אין אַן אָפענער טיר.

פאַקטן, וואו מען האָט זיי ניט נויטיק, נאַרן אָפּ. זיי ציען אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דער ווירקלעכער פראַגע און שטופּן אייך אונטער אַ פראַגע, וועלכע איר האָט גאָרניט בדעה צו דיסקוטירן.

כדי מיר זאָלן קענען אַ פראַגע ריכטיק דיסקוטירן, דאַרף מען פריער ווי אַלץ די פראַגע ריכטיק אָוועקשטעלן.

ווען איינער קומט און זאָגט, אַז אויב די יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע וועט בלייבן אַזוי באַשרענקט, ווי זי איז היינט, וועט עס קומען אַ צייט, ווען יידיש וועט אונטערגיין אין אַמעריקע, האָט ער דערמיט גאָרניט געזאָגט. דאָס איז אַ נביאות סתּם אין דער וועלט אַריין, דער נביא איז געשיקט, אַז מען וועט אים קיין מאָל ניט קענען כאַפּן, אַז ער זאָגט ליגן, ווייל ווען איר וועט אים כאַפּן וועט ער אייך קענען זאָגן, אַז די צייט איז נאָך ניט געקומען. ער האָט אייך דאָך קיין פעסטע דאַטע ניט אָנגעגעבן. ער קען אייך אָבער פאַרזיכערן, אַז אַזאַ צייט מוז קומען און וועט קומען.

די פראַגע „ווען?" איז זייער אַ וויכטיקע. עס איז זייער און זייער אַ גרויסער אונטערשייד, אויב מען וועט מיר זאָגן, אַז יידיש וועט אונטערגיין אין אַמעריקע אין פינף און צוואַנציק יאָר אַרום אָדער אין אַ הונדערט יאָר אַרום. ווייניקסטנס איז דער אונטערשייד זייער גרויס פאַר מיר פּערזענלעך. אויב עס האַנדלט זיך וועגן פינף און צוואַנציק יאָר קען מעגלעך זיין, אַז איך זאָל עס נאָך אַליין דאַרפן איבערלעבן, ווען עס זאָל זיך אָבער האַנדלען וועגן הונדערט יאָר איז דאָס פאַר מיר אַן אייביקייט, איך וועל שוין דעמאָלט לאַנג ניט זיין און אַלץ וואָס נאָך מיר, איז אייביק — אַזוי איז מיין פילאָזאָפיע.

עס איז פאַראַן אַ טעאָריע, אַז די זון קילט זיך אָפּ און אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען זי וועט ווערן אין גאַנצן קאַלט. עס איז מעגלעך, אַז די טעאָריע איז אַ ריכטיקע, אָבער עס איז אַ גרויסער אונטערשייד, ווען דאָס וועט פּאַסירן. אויב די זון וועט זיך אָפּקילן דעם זומער שוין, דאַרף מען זיך שוין איצט אָנגרייטן אַ פעלץ מיט אַ פּאָר וואַרעמע קאַלאָשן. אויב אָבער די זון וועט זיך אָפּקילן אין

אַ פּאָר מיליאָן יאָר אַרום, דאַן זאָל מען, אַנשטאָט זיך איינקויפֿן וואַרעמע בגדים, בעסער האַלטן דאָס געלט און פֿאָרן זומער אין די קעטסקיל בערג אָדער זיך באָדן אין קאָני איילאַנד.

ווען יידיש זאָל אונטערגיין אין אַמעריקע אין פֿינף און צוואַנציק יאָר אַרום, דאַן דאַרפֿן די יידישע שרייבער שוין היינט אָנפּאַנגען איינפּאַקן די געצייג זייערע, ווייל עס איז זייער אַן אומאַנגענעם געפֿיל פֿאַרגעסן צו ווערן נאָך ביים לעבן. ווען יידיש זאָל אָבער אונטערגיין אין אַמעריקע אין הונדערט אָדער אין צוויי הונדערט יאָר אַרום, דאַן קענען די יידישע שרייבער מיט אַ גאַנץ רואיק געמיט פֿאָרזעצן זייער אַרבעט צו שרייבן זייערע אומשטערבלעכע ווערק.

קען ווער עס איז היינט זאָגן ווי די וועלט וועט אויסזען אין הונדערט יאָר אַרום? קען ווער עס איז זאָגן וועלכע גרויסע ענדערונגען עס וועלן פֿאָרקומען אין דער צייט פֿון הונדערט יאָר אין אונדזער שנעל לעבנדער און שנעל זיך ענדערנדער וועלט?

ווער קען פֿאָרויסזען און פֿאָרויסזאָגן, וועלכע גרויסע אַנטדעקונגען און דער־פֿינדונגען עס וועלן געמאַכט ווערן אין משך פֿון די קומענדיקע הונדערט יאָר און ווי גרויס עס וועט זיין זייער ווירקונג אויף דער וועלט און אויף דער מענטשהייט?

איך בין אַן אָפּטימיסט און איך גלייב, אַז אין הונדערט יאָר אַרום וועט אין אַמעריקע שוין זיין איינגעפֿירט סאָציאַליזם, ווייל איך גלייב, אַז לויט איר טעכ־נישער און אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג ווערט אַמעריקע אַלץ מער און מער רייפֿער פֿאַר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג. נאָר ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין מיין גלויבן אין דער קומענדער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, קען איך זיך דאָך ניט אויסמאָלן קיין גענוי בילד ווי די סאָציאַליסטישע גע־זעלשאַפֿט וועט אויסזען. און אויב עס זיינען מיר אַ סך זאַכן ניט קלאָר און איך בין אין אַ סך זאַכן ניט זיכער ווי זיי וועלן אויסזען אין הונדערט יאָר אַרום, טאָ פֿאַרוואָס מוז איך עס זיין אַזוי זיכער מיט דער יידישער שפּראַך אין הונ־דערט יאָר אַרום?

פֿאַר דער נאָענטסטער צוקונפֿט איז די יידישע שפּראַך געזיכערט אין אַמע־ריקע. פֿון די קנאַפּע פֿיר מיליאָן יידן, וואָס אַמעריקע פֿאַרמאָגט, זיינען ווײַ־ניקסטנס פֿאַראַן צוויי מיליאָן, וואָס רעדן אָדער פֿאַרשטייען יידיש. און ווער עס האָט כאָטש אַ שטיקל באַגריף וועגן פֿעלקער־פּסיכאָלאָגיע און וועגן דעם צובונד פֿון די פֿאָלקס־מאַסן צו זייער מוטער־שפּראַך, וועט זיך אויסלאַכן פֿון אַזאַ אומזין, אַז די יידישע שפּראַך קען די נאָענטסטע פֿאַר צענדליק יאָר פֿאַרגעסן ווערן אין אַמעריקע.

נאָר די פֿאַלשקייט פֿון דער גאַנצער חקירה וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע ליגט גלייך אין דעם ערשטן זאַץ, מיט וועלכן די חקירה פֿאַנגט זיך געוויינלעך אָן. מען פֿאַנגט געוויינלעך די חקירה אַזוי אָן: אויב די יידישע אימיגראַציע וועט בלייבן אַזוי באַשרענקט ווי זי איז איצט, דאַן וועט די יידישע שפּראַך אין גיכן מוזן אונטערגיין. מאַנכע הערן עס און עס פֿאַלט זיי גאָרניט איין צו פֿרעגן: פֿון וואַנען איז דאָס געדרונגען? אפֿשר קען מען מאַכן גאָר אַ פּונקט פֿאַרקערטע באַהויפּטונג און זאָגן, אַז ווען אַפֿילו

די יידישע אימיגראַציע זאָל בלייבן אויף ווייטער אַזוי באַשרענקט, ווי ביז איצט, וועט זי אויך זיין גענוג אויפֿצוהאַלטן די עקזיסטענץ פֿון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע.

די איצטיקע יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע לויט דער איצטיקער צוויי־פּראָצענטיקער קוואָטע איז אַן ערך דרייסיק טויזנט אַ יאָר. אין פֿינף און צוואַנציק יאָר צייט וועלן, אַלזאָ, אפילו לויט די איצטיקע באַשרענקונגען אַריינ־קומען דריי פֿערטל מיליאָן נייע יידישע אימיגראַנטן. אַ גאַנץ גענוגנדע צאָל אַליין אויפֿצוהאַלטן די יידישע שפּראַך אין אַמעריקע, ווען אַפילו פֿון די איצטיקע קנאַפּע פֿיר מיליאָן אַמעריקאַנער יידן זאָלן אַלע ביז איינעם אויפֿהערן רעדן יידיש.

די אימיגראַציע־באַאַמטע באַהויפּטן, אַז אַסך אימיגראַנטן ווערן אַריינגע־שמוגלט אין אַמעריקע אומגעזעצלעך. לויט זייער באַהויפּטונג ווערן דורך די גרענעצן פֿון מעקסיקאָ און קאַנאַדע אַריינגעשמוגלט אומגעהויער גרויסע צאָלן אימיגראַנטן. זיי שאַצן די צאָלן אויף איבער דריי הונדערט טויזנט אַ יאָר. מילאָ, וועגן דער צאָל קען מען צווייפֿלען, אָבער מען דאַרף ניט צווייפֿלען אין דעם פֿאַקט, אַז אימיגראַנטן ווערן אַריינגעשמוגלט. פֿאַר וואָס זאָלן אימיגראַנטן זיין ערגער ווי „פּראָהיבישאַן”? עס איז אַ פֿראַגע אויב עס באַצאָלט זיך גוט. די וואָס שמו־גלען דעם ביטערן טראָפּן אין אַמעריקע טוען עס ניט צוליב דעם, ווייל זיי ליבן אַליין דעם טרונק און ווילן, אַז אויך אַנדערע זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו לעשן זייער דורשט. זיי טוען עס צוליב פּרנסה. און אויב מען קען אויך פֿון שמו־גלען אימיגראַנטן האָבן פּרנסה, טאָ פֿאַר וואָס זאָל מען זיי ניט שמוגלען?

און אויב עס איז אמת, אַז מען שמוגלט אַריין אימיגראַנטן אין אַמעריקע, זיינען די יידן באַרעכטיקט צו זייער קוואָטע... און זאָל טאַקע זיין, אַז זיי לעבן אין אַמעריקע אומגעזעצלעך, אָבער יידיש רעדן זיי דאָך.

און ווען מען האָלט שוין יאָ אין חקרהנען, — ווייל מער ווי אויף חקירה איז די פֿראַגע וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון יידיש ניט באַגרינדעט — טאָ ווער הייסט עס אונדז דווקא צו זיין אַזעלכע פּעסימיסטן צו גלייבן, אַז אַמעריקע וועט אויף שטענדיק בלייבן ענגהאַרציק בנוגע אימיגראַציע?

די מלחמה האָט געבראַכט אַ גרויסע רעאַקציע אין אַמעריקע. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַן אַמעריקאַנער שאָוויניזם און אַ פֿיינטשאַפֿט צו פֿרעמדע. איז מוזן מיר עס גלייבן, אַז די דאָזיקע פּאַסקודנע ירושה פֿון דער מלחמה וועט דאָ בלייבן אויף אַלע מאָל? פֿאַר וואָס ניט גלייבן, אַז אַמעריקע וועט ווערן פּראָ־גרעסיווער און אַז דער ענגהאַרציקער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, וואָס די מלחמה האָט איבערגעלאָזן, וועט פֿאַרשווינדן? פֿאַר וואָס דאַרפֿן מיר עס פֿאַר־בינדן דעם שיקזאַל פֿון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע מיט דער איצ־טיקער רעאַקציע אין אַמעריקע? האָבן מיר דען ניט מער רעכט צו פֿאַרבינדן דעם שיקזאַל פֿון יידיש מיט דעם צוקונפֿטיקן פּראָגרעס פֿון אַמעריקע? גלייבן מיר דען ניט אין דעם, אַז אַמעריקע וועט ווערן פּראָגרעסיווער? ווייניקסטנס מוז דאָך אַ סאָציאַליסט אין דעם גלייבן. וואָרום אויב ער גלייבט ניט, אַז אַמע־ריקע מוז ווערן פּראָגרעסיווער, איז דאָך זיין גאַנצער סאָציאַליזם דאָ אַן אומזין.

איז עס טאַקע דעריבער, ווען מען באַטראַכט דעם ענין אַ ביסעלע ווייטער פֿון די „איבערצייגנדע״ פֿאַקטן, וואָס בערל שניפּישקערס טאָכטער רעדט שוין מער קיין יידיש ניט און וואָס האַצקל פֿון גרינקישאַק אַליין לייענט שוין מער ניט קיין יידישע צייטונג, דאַן קען מען געפֿינען אַ טרייסט, אַז דער אונטערגאַנג פֿון יידיש אין אַמעריקע איז גאָרניט אַזוי נאָענט, ווי מאַנכע שוואַרץ־זעער ווילן עס אונדז איינרעדן.

און וואָס וועט זיין אין דער ווייטערער צוקונפֿט מיט דער יידישער שפּראַך? מוזן מיר דאָס טאַקע היינט וויסן? איז די פֿראַגע וועגן דער יידישער שפּראַך טאַקע די איינציקע, וואָס איז אונדז ניט קלאָר פֿאַר דער ווייטערער צוקונפֿט? ווען מיר וועלן אַ זוך טאָן, וועלן מיר אפֿשר געפֿינען נאָך עטלעכע פֿראַגן, וועלכע זיינען אונדז ניט קלאָר, און מאַנכע פֿון זיי זיינען אפֿשר נאָך וויכטיקער, ווי די יידישע שפּראַך.

איין זאַך בין איך זיכער, אַז עס וועט נאָך דויערן אַ גאַנץ לאַנגע צייט ביז יענעם טאָג, ווען דער לעצטער יידישער ייד אויף ראַטגער סקווער אין ניו־יאָרק, אָדער אויף פּיטקין עוועניו אין בראָנזוויל, וועט אַרויסרעדן דאָס לעצטע יידישע וואָרט און דערמיט פֿאַרענדיקן די עקזיסטענץ פֿון דער יידישער שפּראַך אין אַמעריקע.

*

און צו די נביאים פֿון יידיש־אונטערגאַנג האָב איך אַן אַלטע טענה:

מילא, זאָל זיין אַז יידיש מוז טאַקע שטאַרבן, מוז אונטערגיין און מוז פֿאַרשווינדן. אָבער, צו וואָס נאָך שטיין אויף דער וואַך און ציילן אירע טעג?

איך ווייס און איך בין זיכער, אַז איך וועל אַמאָל שטאַרבן. איך בין אין מיין אייגענעם טויט אַ סך זיכערער ווי אין דעם טויט פֿון דער יידישער שפּראַך. אָבער, איך וועל עס האַלטן פֿאַר אַ גראָבקייט, ווען איינער וועט קומען צו מיר יעדן טאָג און מיר זאָגן: איר ווייסט, צביון, אייך איז שוין ניט איבערגעבליבן פֿיל צו לעבן, נאָך עטלעכע יאָר און איר וועט זיין קאַפּוט. עס וועט אייך ניט העלפֿן, פֿעטער, איר וועט זיך מוזן פּאַקן אין וועג אַריין. דער מלאך המות שטייט און וואַרט אויף אייך און איר וועט זיך פֿון זיינע הענט ניט אַרויסדרייען. יאָ, מיין פֿריינט, איר וועט שטאַרבן. איר מוזט שטאַרבן!

נו, איך וועל עס האַלטן מער ווי אַ גראָבקייט ווען איינער אָדער אַ צווייטער וועט זיך אַנזעצן אויף מיר און וועט האַלטן מיר אין איין דרילן אין אויער, אַז איך מוז שטאַרבן, און וועט אָנפֿאַנגען ציילן די טעג, וואָס מיר איז נאָך איבערגעבליבן צו לעבן. איך וועל אַזאַ איינעם האַלטן פֿאַר אַ בייזע אַנשיקעניש, און וועל אים שיקן צו אַל־די־שוואַרץ־יאָר.

עס זיינען אַמאָל געווען און עס זיינען אויך היינט דאָ מוסר־זאָגערס און נשמה־פֿאַרזאָרגערס וואָס האַלטן פֿאַר זייער פֿליכט אייך כּסדר צו דערמאָנען וועגן טויט. אויף זיי אָבער דאַרף מען קיין פֿאַריבל ניט האָבן. זיי זיינען אויסן אייך פֿרומער צו מאַכן. זיי גלייבן, אַז ווען איר וועט כּסדר טראַכטן וועגן דעם טויט, וועט איר אויך טראַכטן וועגן גאָט און וועגן זיינע מצוות. האָב איך דעריבער קיין טענות ניט צו די מוסר־זאָגערס און צו די נשמה־פֿאַרזאָרגערס, פֿאַר וואָס

זיי רעדן שטענדיק וועגן טויט. וואָס זיינען אָבער אויסן אונדזערע יידישע טויט־נביאים, ווען זיי פֿאַנגען אונדז אָן צו דרילן אין די אויערן אַז יידיש איז פֿאַראורטיילט צום אונטערגאַנג, אַז יידיש מוז שטאַרבן און מוז פֿאַרשווינדן? צו וואָס דאַרפֿן זיי עס אונדז כּסדר דערמאָנען? פֿאַר וועלכן צוועק טוען זיי דאָס?

אָנגענומען, אַז ס'איז זיכער און אַז עס איז וויסנשאַפֿטלעך באַוויזן מיט פֿאַקטן און מיט ציפֿערן, אַז יידיש גייט אונטער און מוז אונטערגיין, טאָ וואָס זאָלן מיר טאָן? זאָלן מיר לויפֿן אין די שולן אַריין און פֿאַלן אין ארון קודש? אָדער זאָלן מיר אָנטאָן זעק אויף אונדזערע לענדן און שיטן אַש אויף אונדזערע קעפּ און זיצן אין טרויער און בעטן גאָט, ער זאָל רחמנות האָבן און אָפּשאַפֿן דעם טויט־אורטייל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דער יידישער שפּראַך, אָדער זאָלן מיר נעמען פּויקן און טרומייטן און אַוועקלאָזן זיך טאַנצן פֿאַר שמחה וואָס מיר ווערן פּטור פֿון אַ צרה?

עפּעס דאַרף דאָך זיין אַ מוסר השכל. אויב מען האַלט פֿאַר נויטיק כּסדר אונדז צו דערמאָנען אַז יידיש גייט אונטער און מוז אונטערגיין, מוזן דאָך די זאָגערס עפּעס אויסן זיין דערמיט. טאָ פֿאַרוואָס זאָגן זיי אונדז ניט, וואָס זיי זיינען אויסן?

נאָר אויב איך קען עפּענען אַזאַ מענה לשון אויף די אונטערגאַנגס־נביאים און זאָגן זיי פֿאַרשיידענע האַרבע ווערטער, מוז איך אָבער דאָך זיין פֿריינטלעך און דאַנקבאַר צו די וואָס קומען ראַטעווען מיין יידישע שפּראַך. איך קען זיך דאָך ניט אָנפֿאַנגען בייזערן אויף זיי דערפֿאַר וואָס זיי ווילן מיר טאָן גוטס. אין דער אמתן אָבער, פֿיל איך יעדעס מאָל, ווען זיי קומען ראַטעווען, אַז זיי קומען מיר אָנזאָגן, אַז אָט באַלד וועט מען דאַרפֿן גיין צו דער לוויה פֿון יידיש.

עס זיינען פֿאַראַן צווישן די אונטערגאַנגס־נביאים אַזעלכע, וואָס זאָגן אונדז גאַנץ אָפֿן און גאַנץ קלאָר וואָס זיי זיינען אויסן. זיי פֿאַרלאַנגען פֿון אונדז, אַז מיר זאָלן מאַכן די לוויה וואָס גיכער. אויב יידיש מוז שטאַרבן און מוז אונטערגיין, טאָ זאָל עס זיין וואָס גיכער און זאָל עס זיין אַ סוף. אמת, וועגן זיך אַליין און וועגן זייער אייגענעם טויט טראַכטן זיי גאַנץ אַנדערש. זיי זאָגן ניט, אַז ווי באַלד זיי מוזן שטאַרבן, טאָ זאָל עס זיין וואָס פֿריער. ניין. וועגן זייער אייגענעם טויט זאָגן זיי, אַז ער זאָל קומען וואָס שפּעטער. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, לאָגיש צי אומלאָגיש, גערעכט אָדער אומגערעכט, מיר ווייסן וואָס זיי ווילן מיט זייער שטענדיקן איבערחזרן זייער אונטערגאַנגס־נביאות. פֿאַרוואָס אָבער זאָלן אונדז אַזוי אָפֿט דערמאָנען וועגן דער לוויה פֿון יידיש די, וואָס וואַרטן ניט אויף דעם טויט פֿון יידיש? צו וואָס דאַרפֿן זיי שטענדיק קומען אונדז דערמאָנען אַז יידיש געפֿינט זיך אויף דעם גסיסה־בעט?

איך ווייס אַז זיי מיינען גוט. זיי ווילן אַז מען זאָל עפּעס טאָן אויפֿצוהאַלטן יידיש, אַז מען זאָל נישט דערלאָזן יידיש אונטערגיין, אַז מען זאָל זיך ניט פֿאַרלאָזן אויף גאָטס באַראָט. און טאַקע דערפֿאַר, וואָס איך ווייס אַז זיי מיינען גוט, קען איך זיך מיט זיי ניט קריגן און זיך בייזערן אויף זיי. נאָר דאָס איז טאַקע נאָך ערגער, וואָס מען קען ניט אָפּקילן דאָס האַרץ מיט אָנבייזערן זיך.

איך וועל אויסזאָגן דעם אמת, אַז איך אַליין בין ווייט ניט אַזוי אָפּטימיסטיש וועגן דער עקזיסטענץ פֿון יידיש אין אַמעריקע, ווען איך פֿאַרטראַכט זיך אַמאָל.

איך גיב צו, אַז אַלע אַרגומענטן, וואָס ווערן אָנגעגעבן פֿאַר דעם אונטערגאַנג פֿון יידיש אין אַמעריקע זיינען גאַנץ שטאַרקע, גאַנץ גלייך, צי זיי זיינען פֿריש אָדער אַלט. מען דאַרף די אַרגומענטן אַפֿילו ניט זוכן. יעדער קען זיי געפֿינען פּאַרטיק צו יעדער צייט, ביי זיך אין קעשענע. ערשטנס זיינען די טאָג־טעגלעכע פֿאַקטן אויף דער זייט פֿון די נביאים פֿון אונטערגאַנג, צווייטנס, איז די טאָג־טעגלעכע לאָגיק אויף זייער זייט. איך האָב, אמת, אַ סך אַרגומענטן אַפּצושוואַכן זייערע טענות און זייערע פֿאַקטן. אָבער איך פֿיל דאָך אַז זייער פּאָזיציע איז שטאַרקער ווי מיינע. נאָר מוז איך עס כּסדר טראַכטן וועגן דעם טויט פֿון דער יידישער שפּראַך? וועל איך אפֿשר שרייבן בעסער, ווען איך וועל האָבן כּסדר אין זינען, אַז איך שרייב אויף אַ שפּראַך וואָס גוססט, וואָס האַלט אין שטאַרבן?

איך גלייב ניט אַז אַ יידישער שרייבער קען זיין פֿאַראינטערעסירט, אַז די יידישע שפּראַך זאָל וואָס גיכער אונטערגיין. אויסער ווען דער שרייבער איז אַן אַרבעטסלאָזער און ער טראַכט, אַז עס מעג קומען אַ מבול אויף אַלעמען.

און וואָס איז שייך צו מיר פּערזענלעך, האָב איך נאָך אַ סיבה אַז יידיש זאָל אַזוי גיך ניט אונטערגיין. איך האָב ניט לאַנג זיך איינגעשאַפֿט אַ נייע פֿען מיט אַ גאַראַנטיע, אַז זי וועט קיין מאָל ניט צעבראָכן ווערן און קיין מאָל ניט קאַליע ווערן. איך טראַכט איצט אויף וואָס איך האָב אַזאַ פֿען געדאַרפֿט, ווען יידיש גייט באַלד אונטער און שטאַרבט? פֿאַר אַ שטאַרבנדער און אונטער־גייענדיקער שפּראַך וואָלט אויך מיין אַלטע פֿעדער געווען גענוג. זי וואָלט צו־זאַמען אַוועקגעשטאָרבן מיט דער יידישער שפּראַך, וואָס זי האָט געשריבן, און ביידע וואָלטן צוזאַמען אַוועק אין גן־עדן.

צו וואָס, איך בעט אייך, האָב איך זיך נאָך געדאַרפֿט איינשאַפֿן אַ נייע פֿע־דער, וואָס ווערט קיין מאָל ניט צעבראָכן? אַז זי זאָל איבערלעבן די יידישע שפּראַך פֿאַר וועלכער איך האָב איר געקויפֿט?

נאָר, מחשבותען, וואָס מיינט עס אַ פֿעדער וואָס ווערט קיין מאָל ניט צע־בראָכן און קיין מאָל ניט קאַליע? מיינט עס טאַקע באמת אַז קיין מאָל ניט? מיינט עס טאַקע אַז עס וועט האַלטן אייביק?

ניין. איך גלייב נישט דעם פֿאַבריקאַנט, אַז די שרייב־פֿעדער, וואָס ער האָט מיר פֿאַרקויפֿט, וועט קיין מאָל ניט צעבראָכן ווערן. איך בין זיכער, אַז זי וועט ניט לעבן אייביק. נאָר עס קימערט מיך ניט, אַז מיין פֿעדער וועט לעבן מיט עטלעכע טויזנט יאָר ווייניקער ווי אַן אייביקייט. איך בין באַזונדערס פֿאַראינטע־רעסירט, אַז זי זאָל ניט צעבראָכן ווערן מאָרגן, איבערמאָרגן, איבער אַ יאָר, און ווי לאַנג איך וועל דאַרפֿן שרייבן מיט איר. פֿאַר מיר איז דאָס אייביק.

עס איז אמת, אַז וואָס איז שייך צו מיין נייער פֿעדער, וועל איז זיך שוין מיט איר ווי עס איז אַן עצה געבן ווען יידיש וועט אונטערגיין. איך וועל איר אפֿשר אַוועקגעבן אין דעם יידישן מוזעאום פֿון דעם יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט. איך וואָלט זי אייגנטלעך בעסער געדאַרפֿט אַוועקשיקן אין דעם יידישן מוזעאום אין פּאַלעסטינע, נאָר די העברעאיסטן פֿון תּל־אביב וועלן זיכער ניט אַריינלאָזן אין לאַנד אַזאַ פֿעדער, וועלכע האָט געשריבן יידיש. אגב, קען עס טרעפֿן, אַז עמעצער זאָל ביי מיר די פֿעדער אַוועקגנבֿענען און איך וועל אין גאַנצן פֿאַרשפּאָרן די זאָרג, וואָס צו טאָן מיט איר. האָט מען שוין טאַקע

ביי מיר אַזאַ פּעדער צוגעגנבעט. משמעות אַז דאָס איז געווען איינער וועמען מיין פּען איז מער געפעלן געוואָרן ווי מיין שרייבן, און איך האָב טאַקע דעמאָלט געטראַכט: וואָס העלפט מיר די גאַראַנטיע, אַז די פּען וועט קיין מאָל ניט צע־בראָכן ווערן אָדער קאַליע ווערן, ווען מען קען איר אַוועקגנבענען?

נאָר ווען עס זאָל זיך האַנדלען בלויז וועגן מיר אַליין, וואָלט עס נאָך קיין בייז ניט געווען. איך בין אין אַלגעמיין ניט קיין שרעקעוודיקער און איך ווער דעריבער ניט אַזוי פאַרצווייפלט, ווען מען זאָגט מיר אַז יידיש שטאַרבט. איך אַליין טראַכט איבערהויפּט ניט אין די טערמינען פון אייביקייט און זוך זיך ניט צו פאַרזאָרגן אויף אייביק. ווען מען גנבעט ביי מיר אַוועק מיין איצ־טיקע פּען, לאָז איך זיך מער ניט איינריידן צו קויפן אַ נייע אומשטערבלעכע פּען.

אַ שטערבלעכער מענטש דאַרף זיך ניט באַזאָרגן מיט זאַכן וואָס זיינען אומשטערבלעך, אויסער ווען ער קען באַזאָרגן זיין אייגענע אומשטערבלעכ־קייט. אָבער איך ווייס, אַז ניט אַלע האַלטן זיך פאַר מיין פילאָזאָפיע. איך ווייס, אַז עס זיינען פאַראַן ביי אונדז מענטשן, וואָס שרעקן זיך זייער פאַרן טויט, און ווען מען דערמאָנט זיי וועגן דעם טויט פון יידיש, ווערן זיי אויפגעציטערטע. זיי פאַרגעסן, אַז מען מעג אַ נביא ניט גלויבן און ניט מורא האָבן פאַר זיינע נביאות. און אָט אין נאָמען פון די אַלע שרעקעוודיקע, בעט איך, אַז זאָלן כאָטש די פריינט פון יידיש אונדז ניט דערמאָנען אַזוי אָפט וועגן דעם נאָענטן טויט פון יידיש.

מילא, ביי די אונטערגאַנגס־נביאים ווייס איך אַז איך קען גאַרנישט פועלן. זיי האָבן, ווי איך פאַרשטיי, אַ גרויסע הנאה דערפון, וואָס זיי קענען אונדז באַווייזן ווי קלוג זיי זיינען, אַז זיי זעען ווי אומפאַרמיידלעך עס איז דער טויט פון יידיש, און וויבאַלד מענטשן האָבן הנאה פון עפּעס, בפרט נאָך ווען עס איז פון זייער אייגענער קלוגשאַפט, וועלן זיי זיך פון איר ניט אָפּזאָגן. דער־פאַר בעט איך, אַז וויניקסטנס זאָלן די, וואָס האָבן זיך דערקלערט פאַר געשוואָ־רענע פריינט פון יידיש, אונדז אַזוי אָפט ניט דערמאָנען, אַז יידיש ליגט שוין אויפן טויטן־בעט און גוססט. זיי טוען דאָס מיט זייער שטענדיקן קלאָפּן טרע־וואָגע, אַז מען דאַרף ראַטעווען די יידישע שפּראַך אין אַמעריקע.

1925



# דער ציוניזם אין דער תקופה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

צביון האָט אין זיין לאַנגיעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט אַ סך געשריבן וועגן ציוניזם. ער האָט דורך דעם געקראָגן די רעפּוטאַציע פון אַ שאַרפן, אומקאָמפּראָמיס־לעכן אַנטי־ציוניסט. איז אָבער נויטיק צו באַמערקן, אַז צביונס שאַרפע קעגנערשאַפט צום ציוניזם איז הויפּטזעכלעך געווען געריכטעט קעגן דעם הערצליאַנישן ציוניזם, פון וועלכן די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן (זשאַבאָטינסקיאַנער) און שפּעטער די אַמערי־קאַנער „בילטמאָר"־ציוניסטן זיינען געווען די אויסגעהאַלטנסטע אָנהענגער און אויס־טייטשער.

באַזונדערס שטאַרק האָט ער אין זיינע אַרטיקלען באַקעמפט דעם ציוניסטישן געדאַנק, און די גאַנצע אידעאָלאָגיע, וואָס איז מיט דעם געדאַנק פאַרבונדן, אַז דער ציוניזם איז דער איינציקער ענטפער אויף דער יידישער פראַגע. ער האָט אָבער זייער וואַרעמע באַציאונגען צו דעם געדאַנק פון שאַפן אין פּאַלעסטינע אַ שותּפותדיקע מלוכה פון יידן און אַראַבער, צי אונטער דעם נאָמען פון אַ פעדעראַציע אָדער אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט. מיר גיבן דאָ דעריבער איבער איינִיקע אַרטיקלען, וועלכע צביון האָט וועגן דעם געשריבן אין די לעצטע 5 — 6 יאָר, און וועלכע ברענגען אַרויס, ווי מען קען זאָגן, די פּאָזיטיווע זייט פון צביונס קעגנערשאַפט צום ציוניזם. ח. ש. ק.

## די נייע יידישע פּאַרטיי „איחוד" אין פּאַלעסטינע

אין דער לעצטער צייט (אויגוסט 1942) איז פאַרגעקומען עפּעס נייס, וואָס בעט זיך, אַז מען זאָל וועגן דעם שרייבן. איך האָב דאָ אין זינען די נייע יידישע פּאַרטיי, וואָס דר. י. ל. מאַגנעס האָט געגרינדעט אין פּאַלעסטינע.

ליידער איז די יידישע טעלעגראַפן אַגענטור („איטאַ") געווען אַ ביסל קאַרגלעך אין איר באַריכט וועגן דער קאָנפערענץ, אויף וועלכער די נייע יידישע פּאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרן. זי דערציילט אונדז, אַז אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט זעכציק פּראָמינענטע יידן, אָבער פון די אַלע זעכציק פּראָמינענצן האָט זי אויסגעקליבן אונדז צו לאָזן וויסן בלויז פיר נעמען — הענריעטאַ סזאָלד, משה סמיליאַנסקי, פּראָפעסאָר מאַרטין בובער און אַ. קאַלוואַריסקי. נו, דאָס זיינען געוויס זייער פּראָמינענטע נעמען אין דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. אָבער פאַרוואָס איז די „איטאַ" געווען אַזוי קאַרג און האָט אונדז ניט געלאָזט וויסן נאָך עטלעכע נעמען? איך בין אַזוי גוט ווי זיכער, אַז אויף דער קאָנפערענץ איז געווען פּראָפעסאָר ברעגמאַן, פּראָפעסאָר סאימאָן און איינִיקע אַנדערע פּראָ־פעסאָרן פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. אָבער מען קען האָבן געדולד און וואַרטן ביז מען וועט דאָ קריגן אַ מער אויספירלעכן באַריכט פון דער קאָנפערענץ.

די אויפגאַבע פון דער נייער יידישער פּאַרטיי איז, ווי „איטאַ" גיט איבער, צו פאַראייניקן אַלע סעמיטישע לענדער, איינשליסנדיק ארץ־ישראל, אַלס אַ צוויי־פעלקער־שטאַט, כּדי מיט דער צייט צו דערגרייכן אַ פאַראייניקונג פון אַ פּאַן־אַראַבישער פעדעראַציע מיט דער דעמאָקראַטישער וועלט".

ווייטער דערציילט אונדז דער באַריכט פון דער „איטאַ", אַז:

„פאַרלענזנדיק דעם פּראָגראַם פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „איחוד" (פאַראייניקונג) האָט דר. מאַגנעס פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל

געשאַפֿן ווערן אַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל צוגרייטן אַ פּלאַן פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון אַ צוויי־פֿעלקערלעכן אַראַביש־יידישן שטאַט אין ארץ־ישראל. דר. מאַגנעס האָט אויך פֿאַרגעלייגט, אַז מען זאָל באַזייטיקן פֿון די סטאַטוטן פֿון יידישן נאַציאָנאַל־פֿאָנד דעם פּאַראַגראַף, וואָס זאָגט, אַז דאָס לאַנד פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד איז בלויז פֿאַר יידן.

„אַ צאָל פֿון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָנפֿערענץ זיינען אַרויס־געטראָטן מיט רעדעס קעגן דער גרינדונג פֿון דער „איחוד" אָרגאַניזאַציע. די קאָנפֿערענץ האָט זיך געשלאָסן מיט דער דערוויילונג פֿון אַ פּרעזידיום, וואָס באַשטייט פֿון דר. מאַגנעס, הענריעטאַ סזאָלד, פּראָפֿעסאָר בובער און אַנדערע".

איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער אידעע פֿון פֿאַראייניקן אַלע סעמיטישע לענדער, וואָס איז פֿאַרהאַנדלט געוואָרן אויף דער קאָנפֿערענץ. איך בין זיך מודה, אַז איך גלויב ניט שטאַרק, אַז דאָס יידישע פֿאָלק פֿון היינט באַלאַנגט צו דער סעמיטישער ראַסע. מיין איבערצייגונג איז, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון יידישן פֿאָלק פֿון היינט שטאַמט ניט פֿון דער סעמיטישער ראַסע און איך קען דעריבער ניט האַלטן פֿאַר אַ באַזונדערער יידישער אויפֿגאַבע צו פֿאַראייניקן אַלע סעמיטישע לענדער. מיך אינטערעסירט הויפּטזעכ־לעך די אויפֿגאַבע פֿון דער ניי־געשאַפֿענער יידישער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע צו שאַפֿן אין פּאַלעסטינע אַ שותּפֿותדיקע מלוכה פֿון יידן און אַראַבער, אָדער אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט, ווי עס ווערט געזאָגט אין דעם „איטאַ"־באַריכט.

מיך האָט אַלע מאָל אינטערעסירט דער געדאַנק פֿון אַ שותּפֿותדיקער יידישער און אַראַבישער מלוכה אין פּאַלעסטינע. איך האָב געהאַט מיינע צווייפֿלען אויב די אידעע פֿון אַ שותּפֿותער מלוכה אין פּאַלעסטינע קען פֿאַרווירקלעכט ווערן, אָבער איך האָב געהאַלטן די אידעע פֿאַר אַ יושרדיקע, פֿאַר אַ גערעכטע. איך האָב גערעדט און געשריבן וועגן דעם נאָך מיט יאָרן פֿריער, איידער דר. מאַגנעס איז אַרויסגעקומען מיט דער אידעע. ביי מיר האָט עס ניט געהייסן אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה (באַי־נעשאַנאַל) נאָר אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה. נאָר אויב אין אָנפֿאַנג האָב איך געצווייפֿלט צי די אידעע פֿון אַ שותּפֿותער מלוכה אין פּאַלעסטינע קען פֿאַרווירקלעכט ווערן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי איז לאָגיש און יושרדיק, האָב איך אין די לעצטע יאָרן, ווען דער יידישער ישוב אין פּאַלעסטינע האָט זיך באַדייטנד פֿאַרגרעסערט, אָנגעפֿאַנגען טראַכטן, אַז עס איז מעגלעך, אַז מיט דער צייט קען די אידעע פֿאַרווירקלעכט ווערן.

מיר וועלן געוויס זיך שפּעטער דערוויסן מער איינצלהייטן אויף וועלכע כּוחות אין דעם ישוב פֿון פּאַלעסטינע די נייע פּאַרטיי שטיצט זיך. מען קען אָבער וויסן אין פֿאָרויס, אַז וואָס איז שייך צו דער שטרעבונג פֿון אַ צוויי־פֿעלקער שטאַט האָט די נייע פּאַרטיי אויך די שטיצע פֿון דער אַרבעטער־פּאַרטיי „השומר הצעיר", וועלכע איז די צווייטע פּאַרטיי אין גרייס נאָך דער „פּועלי־ציוניס־טישער" פּאַרטיי.

די פּאַרטיי „השומר הצעיר" איז פֿיל ראַדיקאַלער ווי די „פּועלי־ציוניסטישע" פּאַרטיי און זי האָט ביי די לעצטע וואַלן פֿון דער „הסתדרות" (געווערקשאַפֿטן) געוויזן, אַז זי איז די לעצטע צייט גאַנץ שטאַרק געוואַקסן.

אויף וויפל איך ווייס, האָט דער „השומר הצעיר״ פריער זיך קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אין די „קבוצות״ — אין די שותּפותדיקע אַרבעטער־קאָלאָניעס און האָט דאָרטן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. שפּעטער אָבער האָט דער „השומר הצעיר״ אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך צווישן די שטאָטישע אַרבעטער, און פון די לעצטע וואָלן צו דער „הסתדרות״ קען מען זען, אַז ער איז געוועזן גאַנץ דער־פאָלגרייך און איז געוואָרן אַן ערנסטער קאָנקורענט פון דער „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי.

זיכער זיינען אין דעם יידישן ישוב אויך פאַראַן אַנדערע, וואָס שטימען איין מיט דער אידעע פון אַ צוויי־פעלקער־שטאַט. מען קען צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן געפינען אַ גאַנץ היפּשע צאָל, וואָס זיינען פאַר אַ צוויי־פעלקער־שטאַט. איז דאָך דר. חיים וויצמאַן אַליין אין יאָר 1931 אַרויסגעטראָטן פאַר אַ צוויי־פעלקער־שטאַט.

נאָר עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן נאָך אַ וויכטיקער פּונקט. די נייע יידישע פּאַרטיי „איחוד״, וואָס האָט זיך געגרינדעט איז אַ פּאַלעסטינישע פּאַרטיי. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט פּאַלעסטינישע צו זאָגן דערמיט, אַז עס איז אַ פּאַרטיי, וואָס וויל רעדן אין נאָמען פון די פּאַלעסטינישע יידן און אויסדריקן זייערע שטרעבונגען.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַן אַלוועלטלעכע. זי רעדט אין נאָמען פון אַלע ציוניסטן אין דער וועלט. די פּירערשאַפט פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע איז איצט קעגן אַ צוויי־פעלקער־שטאַט אין פּאַלעסטינע און איך נעם אָן, אַז זי דריקט אויס די שטימונג פון דער מאַיאָריטעט. די פאָרמעלע באַגרינ־דונג איז, אַז אַ צוויי־פעלקער־שטאַט אין פּאַלעסטינע שטייט אין ווידערשפּרוך מיט דעם ציוניסטישן אידעאַל. די פאָדערונג פון ציוניזם איז אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע און אַמאָל האָט דר. וויצמאַן דערקלערט, אַז פּאַלעסטינע מוז זיין אַזוי יידיש אַט ווי ענגלאַנד איז ענגליש. דאָס איז געוועזן מיט אַ קנאַפּן פערטל הונדערט יאָר צוריק, קורץ נאָך דער באַלפור־דעקלעראַציע. היינט וואָלט ער עס אפשר ניט געזאָגט. אָבער אַן אידעאַל פון אַן אָרגאַניזאַציע אָדער פון אַ פּאַרטיי איז איין זאַך און דאָס פּראַקטישע לעבן איז אַן אַנדערע זאַך.

די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע מעג נאָך היינט זיך האַלטן פעסט פאַר איר אידעאַל פון אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע, וואָס זאָל זיין אַזוי יידיש ווי ענגלאַנד איז ענגליש, אָבער דער האַלבער מיליאָן יידן אין פּאַלעסטינע מעג טראַכטן וועגן אַ פּשרה. די יידן, וואָס לעבן אין פּאַלעסטינע, קענען קוקן אויף דער גאַנצער פראַגע פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. ענדלעך איז עס דאָך אַ פראַגע, וואָס רירט זיי אָן צום נעענטסטן. אַן אַמעריקאַנער ציוניסט, זיצנדיק אין אַמעריקע, קען זיין גרייט צו קעמפן מיט די אַראַבער ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, ביז ער וועט אויספירן דאָס זייניקע, אַז אין פּאַלעסטינע זאָל זיין דורכאויס אַ יידישע מלוכה, אָבער אַ פּאַלעסטינער ייד קען טראַכטן, אַז איידער צו שלאָגן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און פאַרלירן, איז בעסער צו שפּאָרן דאָס בלוט און פּרובירן קומען צו אַן אויסגלייך מיט די אַראַבער. אָט האָט דאָך אַפילו משה שערטאָק, הויפּט פון פּאָליטישן דעפּאַרטמענט פון דער יידישער אַגענטור, מיט עטלעכע חדשים צוריק דערקלערט, אַז פאַר די ציוניסטן איז איצט פאַראַן בלויז איין אויסוועג, און דאָס איז, זען דורכקומען מיט די אַראַבער. און עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען

רעדט וועגן דורכקומען, קען עס דאָך ניט זיין אַנדערש ווי אַ פּשרה. און די איינציקע פּשרה, וועגן וועלכער מען קען דענקען, איז דאַכט זיך אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט.

*

נאָר דאָ קומט מען צו אַ פּראַקטישער פֿראַגע. וואָס העלפֿט עס, וואָס מען באַט אָן די אַראַבער פּשרות, ווען זיי אַליין ווילן ניט מאַכן קיין שום פּשרות?

דאָס קען זיין אַ גאַנץ ריכטיקע טענה. עס קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז די אַראַבער ווילן ניט אָננעמען די פּשרה פֿון אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט. אפשר זיינען אויך די אַראַבישע פֿירער אַזעלכע מאַקסימאַליסטן, וואָס ווילן ניט וויסן פֿון קיין פּשרות, נאָר פֿאַרלאַנגען, אַז פּאַלעסטינע מוז זיין דורכאויס אַראַביש. איך נעם אָן, אַז דאָס איז מעגלעך, הגם די פֿירער פֿון דער יידישער פּשרה־פּאַרטיי גלויבן, אַז עס איז ניט אַזוי. אָט, למשל, באַריכטעט די יידישע טעלעגראַפֿן אַגענטור (איטאַ) דעם 2טן סעפּטעמבער, אַז

„דר. מאַגנעס און אַנדערע פֿירער פֿון דער ניי־געגרינדעטער יידישער אָר־גאַניזאַציע „איחוד" האָבן קאָנפֿערירט מיט דעם פּראָמינענטן אַראַבישן פֿירער אוני בעי אַבדול האַדי און מיט אים דיסקוטירט אַ ריי פֿראַגן וועגן אַן יידיש־אַראַבישער פֿאַרשטענדיקונג אין ארץ־ישראל".

נאָר איך בין גרייט אָנצונעמען, אַז דער פֿאַקט, וואָס דר. מאַגנעס און די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער „איחוד" האָבן געהאַט אַ קאָנפֿערענץ מיט אַ פּראָ־מינענטן אַראַבישן פֿירער, איז נאָך ניט קיין באַווייז, אַז די אַראַבער זיינען גרייט אָנצונעמען די פֿאַרגעשלאָגענע פּשרה וועגן אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט אין פּאַלעס־טינע. דער לעצטער באַריכט פֿון דער „איטאַ" איז, אַז אַבדול האַדי שטימט ניט איין אויף אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט. אָבער דערמיט, וואָס די אַראַבער ווילן ניט מאַכן קיין פּשרות, ווערט דאָך ניט שטאַרקער די פּאָזיציע פֿון די ציוניסטן, וועלכע ווילן ניט מאַכן קיין פּשרות. עס ווערט אָבער יאָ שטאַרקער די פּאָזיציע פֿון די יעניקע, וואָס זיינען יאָ גרייט צו מאַכן פּשרות.

דער אַרגומענט, אַז די אַראַבער ווילן ניט קיין פּשרות, און ווילן ניט איינגיין אויף אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט, איז דעריבער אין גאַנצן אַן אומלאָגישער, ווייל די אַראַבער ווילן דאָך זיכער אויך ניט קיין יידישע מלוכה.

*

עס איז פֿאַראַן נאָך אַן אַרגומענט קעגן אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט אין פּאַ־לעסטינע. די ציוניסטישע מאַקסימאַליסטן פֿרעגן נעמלעך ווי אַזוי אַ צוויי־פֿעלקער־שטאַט קען אין פּאַלעסטינע אָרגאַניזירט ווערן. געוויינלעך ברענגט מען אַ ביישפּיל פֿון דער שווייץ, וואָס איז אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה פֿון דריי פֿעלקער, דייטשן, פֿראַנצויזן און איטאַליענער. אָבער אין דער שווייץ האָט זיך ערשטנס, די פֿעדעראַטיווע מלוכה אַנטוויקלט היסטאָריש, צווייטנס, זיינען די דריי פֿעלקער מער אָדער ווייניקער איינגעטיילט טעריטאָריעל. עס איז נעמלעך פֿאַראַן אַ שטיק טעריטאָריע, וואָס איז באַזעצט פֿון דייטשן (די דייטשע שווייץ), אַ שטיק טערי־טאָריע, וואָס איז באַזעצט פֿון פֿראַנצויזן (די פֿראַנצויזישע שווייץ) און אַ שטיק טעריטאָריע, וואָס איז באַזעצט פֿון איטאַליענער (די איטאַליענישע שווייץ).

אין פּאַלעסטינע איז עס אָבער אַנדערש. די יידן דאָרטן זיינען ניט באַזעצט אויף איין שטיק טעריטאָריע, נאָר זיי זיינען צעוואָרפן. אגב זיינען די טיילן לאַנד, וואו יידן זיינען באַזעצט אין פּאַלעסטינע, זייער קליינע. אַלע צוזאַמענגענומען באַטרעפן קוים זעקס פּראָצענט פון דעם פּאַלעסטינער באָדן.

איך מוז צוגעבן, אַז דאָס איז אַ וויכטיקער אַרגומענט, אָבער ער איז דאָך ניט מער ווי אַ טעכנישער און מען קען אויף אים ענטפערן אַזוי: מוז עס היינט אַלץ געטאָן ווערן אַזוי ווי עס איז געטאָן געוואָרן אַמאָל? אפשר איז מעגלעך צו געפינען נייע פאָרמען פון מלוכה־אָרגאַניזאַציע?

און ווען דר. וויצמאַן איז אויף דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1931 אַרויסגעקומען מיט דעם געדאַנק פון אַ צוויי־פעלקער שטאַט אין פּאַלעס־טינע, האָט ער דאָך געמוזט האָבן וועלכן עס איז פּלאַן אין קאָפּ ווי אַזוי דאָס קען געמאַכט ווערן. און ווען 60 פּראָמינענטע מענטשן אויף דער דאָזיקער קאָנ־פערענץ אין ירושלים האָבן באַשלאָסן, אַז די בעסטע לייזונג פון דער פּאַלעס־טינע־פראַגע איז אַ צוויי־פעלקער־שטאַט, האָבן זיי דאָך מסתּמא געטראַכט וועגן אַ פּלאַן ווי אַזוי דאָס קאָן געטאָן ווערן. אמת, אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען אַ סך פּראָפעסאָרן און ווער עס וויל קען זאָגן, אַז פּראָפעסאָרן זיינען בטלנים, אָבער ניט אַלע זיינען געווען פּראָפעסאָרן. איך ווייס, אַז די ציוניסטן האַלטן משה סמיליאַנסקין פאַר זייער אַ פּראַקטישן מענטש.

פאַרבייגייענדיק וויל איך דערציילן, אַז ביי אונדז אין אַמעריקע האָבן מיר אַ שטאַט, וואָס הייסט ניו־מעקסיקאָ, וועלכער איז פאַקטיש אַ צוויי־פעלקער־שטאַט — אַמעריקאַנער און שפּאַנישער. אין דער לעגיסלאַטור (געזעצגעבערישע קערפּערשאַפט) פון ניו־מעקסיקאָ ווערן באַנוצט אי ענגליש אי שפּאַניש.ביידע זיינען גלייכבאַרעכטיקט און אַזוי איז אין גאַנצן שטאַט.

און צום סוף וויל איך זאָגן, אַז איך וויל בכלל אויף זיך ניט נעמען די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן פּלענער, ווי אַזוי אַ שותּפות־מלוכה פון יידן און אַראַ־בער קען אָרגאַניזירט ווערן. דאָס לאָז איך איבער אין גאַנצן צו דער ניי־גע־שאַפענער פּאַרטיי „איחוד”. זי האָט צווישן אירע מיטגלידער אַ צאָל ספּע־ציאַליסטן און זאָלן זיי אויסאַרבעטן די פּלענער. איך האָב בלויז דאָ געוואָלט זאָגן, אַז איך באַטראַכט דעם געדאַנק פאַר אַ צוויי־פעלקער־שטאַט אין פּאַלעס־טינע פאַר אַ גערעכטן און איך גלויב, אַז עס איז דער בעסטער און יושרדיקסטער ענטפער אויף דער פּאַלעסטינע־פראַגע.

*

און טאַקע ביי דער געלעגנהייט וועל איך איבערגעבן, וואָס משה סמיליאַנסקי, איינער פון די הויפּט־פירער פון דער „איחוד”־פּאַרטיי, שרייבט.

אין מערץ־נומער (1946) פון דעם זשורנאַל „קאָמענטערי” וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטי”, אונטער דער רעדאַקציע פון עליאָט קאָהען, געפינט זיך אַן אַרטיקל פון משה סמיליאַנסקי, אין וועלכן די פראַגע פון אַ שותּפותדיקער יידיש־אַראַבישער מלוכה אין פּאַלעסטינע ווערט באַרירט.

משה סמיליאַנסקי איז מיט דער מיינונג, אַז עס איז ניטאָ קיין שום אורזאַך פאַרוואָס די יידן און די אַראַבער זאָלן ניט קענען איינלעבן צוזאַמען אין פּאַלעס־טינע, אין קעגנטייל, עס זיינען פאַראַן אורזאַכן, אַז זיי זאָלן אַרבעטן צוזאַמען אין דעם אויפבוי פון לאַנד פאַר ביידנס אינטערעסן און ער גלויבט, אַז ענד־לעך וועט עס אויך אַזוי זיין. אָבער ער גלויבט ניט אין אַ זעלבסשטענדיקער אומאָפּהענגיקער מלוכה. און ווען ער רעדט און האָפט וועגן אַ צוזאַמענאַרבעט און קאָאָפּעראַציע פון די יידן מיט די אַראַבער, האָט ער ניט אין זינען אַן אומ־אָפּהענגיקע מלוכה פון יידן און אַראַבער, ווייל ער גלויבט, אַז קליינע מלוכות האָבן ניט קיין ווערט און טאַקע דערפאַר, וואָס זיי זיינען קליין. אַ קליינע מלוכה, זאָגט ער, איז אַ קינסטלעכע, ניט קיין נאַטירלעכע באַשעפעניש, וואָס האָט ניט קיין רעכט צו עקזיסטירן.

יעדעס פאָלק, זאָגט משה סמיליאַנסקי, אַפילו דאָס קלענסטע, איז באַ־רעכטיקט צו פאָדערן קולטורעלע און עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט, אָבער ניט קיין פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. אַ קליין לאַנד, דאַרף זיין איינגעקערפּערט אין דער פּאָליטישער סטרוקטור פון אַ גרויס לאַנד און ווערן אַ רינג אין אַ קייט.

דער גורל האָט פאַרבונדן פּאַלעסטינע מיט גרויס־בריטאַניע, און עס וואָלט געווען זייער ניט קלוג עס אָפּצובינדן. די ענגלישע רעגירונג אין פּאַלעס־טינע איז באַגאַנגען מערערע שווערע פעלערן, דער שווערסטער פון זיי, וואָס גרענעצט זיך מיט פאַרברעכן, איז דער „ווייסער פּאַפּיר". דער „ווייסער פּאַפּיר" איז געווען אַ פאַרברעכן, ווייל ער האָט געהאַט דעם צוועק איינצופירן דיסקרי־מינאַציע צווישן צוויי פעלקער, וואָס לעבן אין שכנות.

נאָר מיר ווייסן פון דער געשיכטע, זאָגט סמיליאַנסקי, אַז ענגלאַנד האָט שטענדיק פאַרשטאַנען צו לערנען פון אירע פעלערן, וואָס זי איז באַגאַנגען. זי וועט, אַן צווייפל, אויך איצט לערנען. קען מען דאָך ניט פאַרגעסן, אַז אונטער דעם ענגלישן מאַנדאַט האָט פּאַלעסטינע אויך געהאַט גוטע, ליכטיקע צייטן, וועלכע מיר האָבן ניט ווי געהעריק אויסגענוצט. אין דעם ענד־רעזולטאַט איז דאָך די יידישע באַפעלקערונג אונטער דעם מאַנדאַט געוואַקסן פון 50 טויזנט ביז צו 600 טויזנט, און דער יידישער לאַנד־פאַרמעגן איז פיר־פאַך געוואַקסן. די יידן האָבן אויך באַוויזן צו אַנטוויקלען אַ גאַנץ היפּשע אינדוסטריע.

משה סמיליאַנסקי קומט דעריבער צום שלוס, אַז פּאַלעסטינע דאַרף בלייבן אין דער איבערגאַנגס צייט אונטער דעם ענגלישן מאַנדאַט, אָבער אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. דער ענד־ציל זאָל זיין, אַז פּאַלעסטינע זאָל קריגן דעם סטאַטוס פון אַ דאָמיניאָן פון ענגלאַנד און ווערן אַ מיטגליד פון דער ענגלישער „קאָמאָנוועלטה". דער באַ־נייטער ענגלישער מאַנדאַט זאָל ווערן באַזירט קלאָר און דייטלעך אויף דעם פּרינציפּ פון דער יידישער אימיגראַציע אין דער פּראָפּאָרציע פון די עקאָנאָמישע אויפנאַמס־פעאיקייטן פון לאַנד און אויף דער אָפּשאַפונג פון דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו קויפן לאַנד (דעם קויף פון לאַנד באַגרענעצט משה סמיליאַנסקי מיט 5 אַקער. ער האָט פאַר דער באַשרענקונג אַ לענגערע דערקלערונג אין זיין אַרטיקל. דער מאָטיוו איז כדי צו קענען באַזעצן וואָס מער יידן אין פּאַלעסטינע). און דער באַנייטער מאַנדאַט דאַרף אויך קלאָר מאַכן, אַז ענגלאַנד דאַרף צוגרייטן שטופנווייז

פּאַלעסטינע פאַר דעם סטאַטוס פון אַ דאָמיניאָן און זי דאַרף עס טאָן אויפן פאָלגנדן אופן:

1) אַ פולע, אַלץ אַרומנעמענדיקע בילדונגס־ (עדיוקעישאַנעל־) אויטאָ־נאָמיע פאַר די יידן און די אַראַבער, וואָס אירע הוצאות זאָלן געדעקט ווערן דורך שטייערן.

2) געזעצלעכע און פינאַנציעלע הילף זאָל געגעבן ווערן צו קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע יידישע און אַראַבישע אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

3) פולע אויטאָנאָמיע זאָל געגעבן ווערן צו די שטאָט פאַרוואַלטונגען און צו די ראַטן פון דערפער.

4) עס זאָל דערמוטיקט ווערן אַ גלייכע, שטענדיק פאַרגרעסערטע באַ־טייליקונג פון יידן און אַראַבער אין דער אַדמיניסטראַציע פון לאַנד ביז די העכסטע אַמטן פון דער רעגירונג. אויסער, וואָס דער אַמט פון הױ־קאָמישאָנער, פון הויפּט־סעקרעטאַר און הויפּט ריכטער (טשיף דזשאַסטיס) זאָלן בלייבן אין די הענט פון ענגלענדער, ביז פּאַלעסטינע וועט קריגן דעם סטאַטוס פון אַ דאָמיניאָן.

5) עס זאָל געשאַפן ווערן אַ געזעצגעבנדיקער ראַט, צוזאַמענגעשטעלט פון גלייכע טיילן פון געוויילטע פאַרטרעטער פוןביידע פעלקער, פון די יידן און די אַראַבער, מיט אַן ענגלענדער פאַר אַ פאָרזיצער. דער דאָזיקער ראַט זאָל שאַפן די געזעצן פון לאַנד און זאָל צוגרייטן דעם פּאָליטישן פונדאַמענט פאַר אַ דאָמיניאָן־סטאַטוס.

משה סמיליאַנסקי פּרובירט זיך ניט איינרעדן, אַז דאָס קען אַזוי לייכט דורכגעפירט ווערן. ווי די לאַגע איז איצט, איז שווער צו דערוואַרטן, אַז די יידן און אַראַבער זאָלן עס דורכפירן פרייוויליק. די יידן און די אַראַבער האָבן מורא איינע פאַר די אַנדערע. די יידן האָבן מורא פאַר אַן אַראַבישער הערשאַפט און די אַראַבער האָבן מורא פאַר אַ יידישער הערשאַפט. מען וועט עס דעריבער ניט קענען, זאָגט משה סמיליאַנסקי, דורכפירן אויף דעם וועג פון קעגנזייטיקער פרייוויליקער איינשטימונג פון די יידן און פון די אַראַבער, נאָר דורך אַ דרוק פון אויבן, דורך אַן אויטאָריטעט, וואָס מען וועט מוזן פאָלגן. און פאַר דעם זיינען נויטיק צוויי באַדינגונגען: ערשטנס מוז עס דורכגעפירט ווערן מיט פולער גערעכטיקייט, און צווייטנס, מיט פולער אָנטשלאָסנקייט.

עס וועלן אין אָנפאַנג, זאָגט ער, געוויס אויסברעכן רעוואָלטן דורך דער אויפרייצונג פון פאַנאַטיקער פון ביידע צדדים, אָבער ביסלעכווייז וועט זיך איינשטעלן פרידן אין לאַנד, ווייל ביידע פעלקער, די יידן און די אַראַבער, שטרעבן צו לעבן פון פרידן און אַרבעט.

עס הייסט, אַז אויב צו אַ פרייוויליקער קעגנזייטיקער איינפאַרשטענדניש צווישן די יידן און די אַראַבער קען עס סיי־ווי־סיי ניט קומען און אַז אַ דרוק פון אויבן וועט סיי־ווי־סיי מוזן אָנגעווענדט ווערן צו צווינגען אַ שותּפותדיקע מלוכה, וואָס איז גערעכט פאַר ביידע צדדים און וואָס וועט ענדלעך אויך אָנער־קענט ווערן פון ביידע צדדים, אַז דאָס איז דער בעסטער ענטפער פאַר דער פּאַלעסטינער פראַגע.

*

אין דער צייט, ווען ביי אונדז אין אַמעריקע האָט מען דעם חלום וועגן אַ יידישער „קאַמאָנוועלטה" אין פּאַלעסטינע געמאַכט פאַר דער ערשטער און וויכטיקסטער פראַגע פון יידישן לעבן, צוליב וועלכער אַפילו די פראַגע פון רע־טונגס־אַרבעט ווערט אָפּגערוקט אין אַ זייט, הערשט ביי די יידן אין פּאַלעסטינע וועגן דער „קאַמאָנוועלטה"־פראַגע אַ גאַנץ שטאַרקע מיינונגס־פאַרשיידנהייט.

עס איז באַקאַנט, אַז די „איחוד"־פּאַרטיי איז קעגן אַ יידישער „קאַמאָנ־וועלטה" אין פּאַלעסטינע. די ציוניסטן דאָ דערמאָנען געוויינלעך ניט די „איחוד"־פּאַרטיי. זיי דערמאָנען בלויז דעם נאָמען דר. י. ל. מאַגנעס, דעם גרינדער פון דער פּאַרטיי. אין מענטשן איז לייכטער אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט, ווי אַ פּאַרטיי. עס איז ניט אַזוי וויכטיק ,וואָס איין מענטש זאָגט. דערביי מאַכט מען נאָך דעם איין מענטש, וואָס זאָגט עס, פאַר ניט־וויכטיק. עס איז אמת, אַז עס איז אַ ביסל שווער אָוועקצומאַכן דר. מאַגנעס מיט דער האַנט. ער האָט אַ צו־גוטן, לאַנגן רעקאָרד פון אַ ציוניסטישן טוער און פון אַ קעמפער פאַר ציוניזם. ער איז געווען איינער פון די ערשטע רעפאָרמירטע רבנים, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און איז געווען איינער פון אירע בויער און פירער אין אַמעריקע. און דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען רעפאָרם־יידנטום אין אַמעריקע איז כמעט אָן אַן אויסנאַם געווען שאַרף קעגן ציוניזם. דר. י. ל. מאַגנעס פאַרנעמט אויך אַ העכסט וויכטיקן פּלאַץ אין דעם יידישן לעבן פון פּאַלעסטינע. ער איז דער רעקטאָר פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. דר. מאַגנעס האָט אַ גרויסן חלק אין דער גרינדונג פון אוניווערזיטעט. אָבער ווי גוט דר. מאַגנעסעס רעקאָרד זאָל ניט זיין, איז ער דאָך בלויז איין מענטש און מיט דער מיינונג פון איין מענטש דאַרף מען זיך אין אַזאַ וויכטיקער פראַגע פיל ניט רעכענען. ווען מען זאָל אָבער דערציילן, אַז די פּאַרטיי „איחוד" איז קעגן אַ יידישער „קאַמאָנוועלטה" אין פּאַלעסטינע, קען זיך שוין עמעצער פאַראינטערעסירן צו פרעגן פון וועמען די פּאַרטיי באַשטייט און ער קען זיך נאָך דערוויסן, אַז צווישן אירע מיטגלידער געפינען זיך זייער אָנגעזעענע אַלטע ציוניסטן און וויכטיקע מענטשן פון דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. מען קען שוין דעריבער ניט זאָגן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ מיינונג פון איין מענטש. די „איחוד"־פּאַרטיי איז פאַר אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה אין פּאַ־לעסטינע. עס הייסט, אַ שותפותדיקע מלוכה פון יידן און פון אַראַבער.

אָבער עס איז ניט די „איחוד"־פּאַרטיי אַליין, וואָס איז קעגן אַ יידישער „קאַמאָנוועלטה" אין פּאַלעסטינע. עס איז אויך קעגן דעם אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע — פון דער „הסתדרות". אַט דערציילט אַ באַריכט פון דער יידישער טעלעגראַפן אַגענטור („איטאַ"), אַז אויף אַ מיטינג פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון „הסתדרות" (פעב. 1944) זיינען די שטימען פאַר און קעגן אַ יידישער „קאַמאָנוועלטה" געווען כמעט גלייך — 24 האָבן געשטימט פאַר, 21 קעגן. צווישן די, וואָס האָבן געשטימט קעגן זיינען געווען ניט בלויז די פאַרטרעטער פון „השומר הצעיר" און פון די לינקע „פועלי־ציון", נאָר אויך אַ טייל פון דער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי (מפא"י).

איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער ווירקונג, וואָס די דאָזיקע אָפּשטימונג קען האָבן אויף דעם אַלגעמיינעם אינערלעכן קאַמף, וואָס ווערט אָנגעפירט אין דער „הסתדרות" שוין פון אַ לאַנגער צייט, און ווי דאָס וועט זיך באַזונדערס אָפּרופן אויף בן גוריונס פירערשאַפט און פּרעסטיזש, וואָס האַלט אין פאַלן. בן גוריון איז געמלעך איינער פון די שטאַרקסטע אָנהענגער פון אַ „קאָמאַנוועלטה". דאָס קען איך לאָזן אויף שפּעטער. דאָ האָב איך בלויז געוואָלט באַמערקן, אַז אין דער צייט, וואָס דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע פאַנגט זיך אַלץ אָן און ענדיקט זיך מיט אַ יידישער „קאָמאַנוועלטה" אין פּאַלעסטינע, זיינען גראָד די יידן אין פּאַלעסטינע אָפּט שטאַרק צעטיילט אין דער דאָזיקער פראַגע.

*

איך האָב זייער פּאַרזיכטיק דורכגעלייענט בן גוריונס דערקלערונג ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, אַז אין דער עקזעקוטיווע פון דער „הסתדרות" האָבן 21 פאַרטרעטער פון 45 געשטימט קעגן אַ יידישער „קאָמאַנוועלטה" אין פּאַלעסטינע, אָבער פון זיין דערקלערונג, איז דאָך די צאָל 21 ניט קלענער געוואָרן. דער פאַקט בלייבט, אַז 21 האָבן געשטימט קעגן. און אַז 21 איז זייער אַ גרויסער חלק פון 45 איז ניט נויטיק צו זאָגן.

עס איז אויך ניט געענדערט געוואָרן דער פאַקט, אַז אַ טייל פאַרטרעטער פון בן גוריונס אייגענער קאָנטראָלירטער פּאַרטיי, די „מפא"י" (אַרבעטער־פּאַרטיי פון ארץ־ישראל), האָט געשטימט קעגן דער „קאָמאַנוועלטה". דאָס איז די גרופּע „בי", די אָפּאָזיציע „קעגן זיין מאַיעסטעט", וואָס ווערט געפירט פון טאַבענקין און ציזלינג.

די דאָזיקע אָפּאָזיציע איז אין אָנהייב געשאַפן געוואָרן אויף מער אָן אָרגאַניזאַציאָנעלן באָדן, ווי קעגנערשאַפט צו ביוראָקראַטיע, געהיימער פּאָליטיק, דיקטאַטאָרישע מעטאָדן, א. אַ. וו. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך אויך אָנגעהויבן ווייזן פּרינציפּיעלע אונטערשיידן. די גרופּע „בי" איז קעגן דער איצטיקער פאָדערונג פון אַ יידישער „קאָמאַנוועלטה" אין פּאַלעסטינע, ווייל זי האָט מורא, אַז דאָס קען פירן צו אַ טיילונג פון ארץ־ישראל, פון וועלכער די יידן וועלן קריגן אַ גאַנץ קליינעם חלק. זי איז דעריבער דערפאַר, אַז דער ענגלישער מאַנדאַט זאָל פאַרגעזעצט ווערן ווי ער איז געווען ביז איצט. די באַציאונגען פון אָט דער גרופּע מיט בן גוריונען האָבן זיך אַזוי פאַרשאַרפט, אַז עס האַלט דערביי אַז זי זאָל גרינדן אַ באַזונדערע פּאַרטיי.

די פּאַרטיי „השומר הצעיר", וואָס איז אין די לעצטע יאָרן שטאַרק אויסגעוואַקסן און האָט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט בן גוריונס פּאַרטיי, איז פּרינציפּיעל קעגן אַ „קאָמאַנוועלטה". זי איז פאַר אַ צוויינאַציאָנאַליטעטן־מלוכה פון יידן און אַראַבער. די לינקע „פּועלי־ציון" זיינען אויך קעגן אַ „קאָמאַנוועלטה". און אָט אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז אין דער „הסתדרות", וואָס איז די הערשנדע אָרגאַניזאַציע אין פּאַלעסטינע, און וואָס קאָנטראָלירט פּאַקטיש די ציוניסטישע פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע, איז כמעט אַ העלפט מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע צוליב איין סיבה אָדער אַ צווייטער, אויסגעשפּראָכן קעגן אַ יידישער „קאָמאַנוועלטה" אין פּאַלעסטינע.

און מאָדנע, די יידן אין פּאַלעסטינע זיינען ניט געוואָרן היסטעריש פֿון אַט דער קעגנערשאַפֿט און קיינער פֿאָדערט דאָרטן ניט, אַז מען זאָל זיי לינטשן.

בן גוריון האָט געדאַרפֿט אַריבערשיקן זיינע 21 קעגנער אַהער צו אונדז אין אַמעריקע און זיי וואָלטן זיך איבערציינגט, אַז עס איז שוין גלייכער צו האָבן אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע...

## כמעט אַ בונדיסטישע רעדע

וואָס וואָלט איר געטראַכט וועגן דעם רעדנער, ווען איר קומט אַריין פּלוצלונג אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, וואָס איר ווייסט ניט פֿון וועלכער אָרגאַניזאַציע זי איז גערופֿן געוואָרן, און איר הערט אַזאַ רעדע:

„חברים! מיר פֿירן ניט און האָבן קיינמאָל ניט געפֿירט קיין אַבסטראַקט־פֿילאָזאָפֿישן ויכּוח וועגן דעם, צי דאָס יידישע פֿאָלק האָט אַ רעכט אויף אַ יידישער מדינה. געוויס האָט ער אַ רעכט דערצו, ווי יעדער אַנדער פֿאָלק! די פֿראַגע איז אַ גאַנץ אַנדערע: איז עס דען מעגלעך אין איצטיקן מאָמענט? די פֿראַגע איז: ווי אַזוי, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם וועט פּראַקטיש פֿאַרווירקלעכט ווערן די יידישע מלוכהשע זעלבשטענדיקייט? מיר לעבן דאָך אין קאָנקרעטע באַדינגונגען און קענען זיך ניט באַפֿרייען פֿון זיי; מיר לעבן אין אַ קאָנקרעטער תּקופֿה און מיר קענען זיך ניט אַרויסדרייען פֿון איר.

„די ענגלענדער האָבן זוכה געווען צו אַ פּאַסיקער פֿירערשאַפֿט אין דער פֿינצטערסטער תּקופֿה פֿון זייער לעבן. איך דערמאָן מיך די פֿינצטערע טעג פֿון דונקירק. דעמאָלט ווען זיי זיינען געשטאַנען אויפֿן ראַנד פֿון תּהום, און מיט זיי צוזאַמען די גאַנצע מענטשהייט, האָבן מיר געהערט אַ פֿינצטערע און שטרענגע שטים, וואָס האָט איבערגעחזרט נאָר איין זאַך: „איך קען אייך ניט צוזאָגן גאָר־ניט" — דאָס איז געווען טשורטשילס קול — „אויסער פּיין און יסורים, אויסער אַ שווערע און לאַנג־דויערנדיקע מלחמה. מיר זענען אַריין אין אַ לאַנגן טונעל און קיין ליכט זעט מען ניט. נאָר אויב איר וועט קענעןביישטיין דעם נסיון, וויסנדיק קלאָר ווי אייער אמתער מצב איז — וועלן מיר מנצח זיין".

„ביי אונדז דריקט זיך אויס די גאַנצע פּאָליטישע חכמה אין אַנטלויפֿן פֿון דער ווירקלעכקייט, וואָס גרעסער די צרה איז, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך, אַלץ דערהויבענער קלינגט דער פּאַטאָס אין די רעדעס פֿון אונדזערע פֿירער. די אילוזיע — און ניט דער אמת — האָט באַהערשט אונדזער פּאָליטיש לעבן. ביי אונדז האַלט מען, אַז מען קען מנצח זיין מיט רעדעס, דעקלאַראַציעס און פּוסטע דיבורים.

„וואָס פֿאַראַ זין שטעקט אין דער שטענדיקער פּראָקלאַמירונג: 'אויב מיר וועלן וועלן, קענען מיר אויפֿשטעלן אַ מדינה'? איז דען אַלץ אָפּהענגיק פֿון אונדזער ווילן? ניין! איך דער, וואָס זאָגט 'יאָ', גלויבט ניט דערין. דער אמת איז, אַז מיר מוזן זיך רעכענען מיט די באַדינגונגען, און אַפֿילו אויב מיר ווילן, קענען מיר פֿון זיי ניט אַנטלויפֿן.

„איך האָב מיך צוגעהערט צו בן גוריונס ווערטער און געטראַכט: אַט ביז וואוהין מיר זיינען דערגאַנגען אין אונדזער פּאָליטישן קאַמף. די פֿאַלשע

פּאָליטישע קאָנצעפּציע פֿאַרדרייט די פּשוטסטע לאָגיק. ווייל וואָס טענהט בן־גוריון? ער טענהט, אַז דעם מאַנדאַט קענען מיר ניט פֿאַרווירקלעכן, ווייל מיר האָבן ניט קיין כּוח אויפֿצוהאַלטן אים און ניט קיין מעגלעכקייט; דעריבער בלייבט אונדז ניט מער, ווי צו בויען אַ יידישע מדינה. ווי־זשע איז עס מעגלעך? אויפֿצוהאַלטן דעם מאַנדאַט איז אוממעגלעך און באַקומען אַ מדינה איז מעגלעך? אויך גאָלדע מייערסאָן וויל אונדז איבערצייגן, אַז דעם מאַנדאַט וועלן מיר ניט קענען אויפֿהאַלטן, ניטאָ אויף וועמען זיך צו פֿאַרלאָזן, די גויים זיינען אַלע שלעכטע און מען טאָר זיי ניט גלויבן. אָבער די זעלבע שלעכטע גויים וועלן, לויט איר מיינונג, דווקא געבן אַ מדינה.

„קיין מדינה קען מען ניט באַקומען, ווען עס פֿעלן די רעאַלע כּוחות דערצו און אין קעגנזאַץ צו די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען, ווייל כּדי אויפֿצובויען אַן איין־נאַציאָנאַלע מדינה זיינען נויטיק באַדינגונגען, וועלכע זיינען אין אונדזער ווירקלעכקייט ניט בנמצא. די ווירקלעכקייט אין ארץ־ישראל איז אַ קלאָרע: אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט אַראַבער און אַרום זיי אַ סך מיליאָנען אַנדערע אַראַבער. זיי וועלן דאָ אייביק בלייבן. דאָ איז זייער היים, פּונקט ווי ארץ־ישראל איז די היים פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, וועלכע קערן זיך צוריק אום אין זייער לאַנד. און עס פֿרעגט זיך: ווי קענען מיר דערגרייכן נאַציאָנאַל־מלוכהשע זעלבסשטענדיקייט אונטער די דאָזיקע באַדינגונגען?‟

נו, צו וועלכער פּאַרטיי, וואָלט איר געטראַכט, באַלאַנגט אָט־דער רעדנער? איז ער אַ „בונדיסט‟, אַ טעריטאָריאַליסט אָדער סתּם אַזוי אַן אומגלויביקער?

איך רעכן, אַז איר וואָלט אפֿשר אָנגענומען, אַז דער רעדנער איז נאָך ניט קיין אויסגעגרינטער בונדיסט. וואָס באַנוצט נאָך דאָס וואָרט „חברים‟ און ער פֿירט דאָ אַ דעבאַטע מיט אַ ציוניסט. אָבער איר וואָלט געמאַכט אַ טעות. די רעדע האָט גראָד געהאַלטן איינער פֿון די דעלעגאַטן אויף דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (פֿעב. 1947). עס איז געווען י. חזן, דער וואָרט־פֿירער פֿון „השומר הצעיר‟, און די אויסצוגן פֿון זיין רעדע האָב איך גענומען פֿון „המשמר‟, דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון „השומר הצעיר‟ אין ארץ־ישראל.

נו, כּדי איר זאָלט זיך ניט צו פֿיל וואונדערן, ווי אַזוי קען אַזאַ איינער, וואָס האַלט אַן אַנטי־ציוניסטישע רעדע, וועלכע פּאַסט גיכער פֿאַר צביונען, זיין אַ דעלעגאַט אויף דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וועל איך אייך דערקלערן, אַז די אַרבעטער־פּאַרטיי, „השומר הצעיר‟, וואָס פֿאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, זעט די איינציקע לייזונג פֿון דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע אין אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן שטאַט, עס הייסט, אַ שותּפֿותדיקע מדינה פֿון יידן און פֿון אַראַבער. און דער אויספֿיר פֿון דער רעדע, פֿון וועלכער איך האָב געבראַכט עטלעכע אויסצוגן, איז, אַז אַלע באַמיאונגען דאַרפֿן געמאַכט ווערן זיך צונויפֿצורעדן מיט די אַראַבער. נאָר אַזוי ווי איצט איז די צייט ניט מסוגל דערפֿאַר, דאַרף מען ניט טרייבן צו קיין אַנטשיידונג אין דעם איצטיקן מאָמענט, נאָר מען דאַרף אָנגיין מיט דער אַרבעט פֿון באַזעצן יידן אין פּאַלעסטינע, זיך מער באַפֿעסטיקן אין לאַנד, ביז עס וועט קומען די צייט, ווען פֿאַר ביידע נאַציאָנאַליטעטן וועט קלאָר ווערן, אַז אַ שותּפֿותדיקע מלוכה איז די איינציקע און בעסטע לייזונג פֿאַר פּאַלעסטינע.

עס הייסט, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו וואונדערן זיך, וואָס אַ ציוניסט האָט געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז עס קען ניט זיין קיין יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע. אָבער מיר דאַכט, אַז די אַרגומענטן, וואָס דער פאָרטרעטער פון „השומר הצעיר״ האָט אָנגעגעבן אין זיין רעדע אויף דעם ציוניסטישן קאָנגרעס וועגן דער אוממעגלעכקייט פון אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע און אַז דעריבער מוז מען זיין פאַר אַ שותּפותדיקער מלוכה מיט די אַראַבער, דאַרפן לאָגיש פירן דערצו, אַז די „השומר הצעיר״-פּאַרטיי דאַרף זיין פאַר דעם פאָרשלאָג, וואָס עס האָט געמאַכט די ענגלישע רעגירונג, אָדער פאַר דעם בעווין-פּלאַן, ווי מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן.

דער בעווין-פּלאַן איז דאָך געבויט אויף דעם, אַז ער זאָל ענדלעך פירן צו אַ שותּפותדיקער מלוכה פון די יידן און די אַראַבער. ער וויל אָוועקלייגן דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן די שותּפותדיקע מלוכה זאָל אויסגעבויט ווערן.

ווען די לאַגע אין פּאַלעסטינע בלייבט אויף ווייטער, ווי זי איז איצט, איז אַ שותּפותדיקע מלוכה אויך מער פאַנטאַזיע ווי ווירקלעכקייט. די אַראַבער האָבן איצט פּונקט אַזאַ „בילטמאָר-פּראָגראַם״, ווי דאָס האָט ראַבאַי סילווער. די אַראַבער פאָדערן אַן אַראַבישע מלוכה אין גאַנץ פּאַלעסטינע פּונקט אַזוי ווי ראַבאַי סילווער פאָדערט אַ יידישע מלוכה אין גאַנץ פּאַלעסטינע. די דאָזיקע צוויי עקסטרעמען וועלן בלייבן אַזוי לאַנג, ווי דער איצטיקער צושטאַנד אין פּאַלעסטינע וועט אָנהאַלטן. בעווינס פּלאַן וויל אָפּשאַפן דעם איצטיקן צושטאַנד פון פּאַלעסטינע, וואו יעדער פון די צוויי צדדים זאָגט כולה שלי (די גאַנצע איז מיינס). ער וויל שאַפן אַ נייע סיטואַציע, אין וועלכער עס זאָל זיך אָנפאַנגען אַנטוויקלען אַן אינטערעס פאַר שותּפות ביי די שטרייטנדיקע צדדים. פאַרשטיי איך, פאַרוואָס ראַבאַי סילווער איז קעגן דעם פּלאַן. ער וויל ניט קיין שותּפות און ער מוז דעריבער זיין קעגן אַלץ, וואָס קען פירן צו אַ שותּפות. די „השומר הצעיר״-פּאַרטיי, אָבער איז דאָך פאַר אַ שותּפותדיקער מלוכה, איז עס דאָך ניט מער ווי לאָגיש, אַז זי זאָל זיין פאַר בעווינס פּלאַן, וואָס פירט צו דעם.

איך האָב ניט געהערט, וואָס עס זאָגט משה סמיליאַנסקי פון דער „איחוד״-פּאַרטיי. ער דאַרף, דאַכט זיך, געוויס זיין פאַר דעם פּלאַן.

יעדנפאַלס, אַזוי ווי אַלע זיינען איינפאַרשטאַנען, אַז פון דער „יו־ען״ קענען די ציוניסטן זיכער ניט קריגן קיין יידישע מלוכה אין גאַנץ פּאַלעסטינע, וואָלט דאַכט זיך, די יידישע פּאָזיציע געווען שטאַרקער, ווען מען וואָלט געמאַכט דעם בעווין-פּלאַן פאַר אַ באַזע פון ווייטערדיקע פאַרהאַנדלונגען.

בעווין האָט אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פּאַרלאַמענט וועגן דער פּאַלעסטינע-פראַגע, דערקלערט, אַז די פאַרהאַנדלונגען קענען נאָך פאָרגע־זעצט ווערן. עס איז געווען אַן אָפנהאַרציקע רעדע, וואָס אַן אויסלאַנדס-מיניס־טער האָט ווען עס איז געמאַכט. עס איז געווען אַ רעדע, וועלכע האָט אויסגע־מיטן אַלע דיפּלאָמאַטישע שפּראַך-קונצן פון זאָגן און ניט דערזאָגן, פון אַ ביסל אויפדעקן און מער פאַרדעקן. און ווען ער האָט געזאָגט, אַז מען קען ווייטער פאַר־האַנדלען, קען מען אָננעמען, אַז מען קען אפשר קריגן בעסערע באַדינגונגען, אָט, צום ביישפּיל, וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע אין נגב און וועגן ברייטערע אויטאָנאָמישע רעכטן. נו, ראַבאַי סילווער מיט די ציוניסטן-רעוויזיאָניסטן,

וואָס ווילן ניט ווייניקער ווי אַ פֿולשטענדיקע אומאָפּהענגיקע יידישע מלוכה אין גאַנץ פּאַלעסטינע, האָבן מיט בעווינען ניט וואָס צו פֿאַרהאַנדלען, ווייל בעווין גלויבט, אַז אַ יידישע מלוכה אין גאַנץ פּאַלעסטינע קען ניט געשאַפֿן ווערן. ער גלויבט אין אַ שותּפֿותדיקער מלוכה פֿון יידן און אַראַבער, ווי ער האָט עס געזאָגט אין זיין רעדע. אָבער די „איחוד"־פּאַרטיי, די „השומר־הצעיר"־פּאַרטיי, די וועלכע גלויבן אַליין ניט אין דער מעגלעכקייט פֿון אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע, פֿאַר זיי, דאַרף זיין בעווינס דערקלערונג אַ גוטע באַזע אויף ווייטערדיקע פֿאַרהאַנדלונגען. און ווען אַפֿילו די פֿאַרהאַנדלונגען זאָלן, צוליב דער קעגנערשאַפֿט פֿון די אַראַבער, ניט צו פֿירן צו קיין ענטגילטיקן רעזולטאַט און די פֿראַגע וועט ענדלעך מוזן געבראַכט ווערן צו דער אָרגאַניזאַציע פֿון פֿאַראייניקטע פֿעלקער („יו־ען"), וועט דאָך די יידישע פּאָזיציע זיין שטאַרקער דערמיט, וואָס די יידן זיינען געווען גרייט איינצוגיין אויף אַ פשרה, וואָס זאָל פֿירן צו אַ שותּפֿותדיקער מלוכה.

## סאָוויעט־רוסלאַנדס שטעלונג צו דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע

אָי, האָט ער געדאַוונט!...

איך מיין עס גראָמיקאָס רעדע וועגן דער פּאַלעסטינער אויספֿאָרשונג־קאָמיטע פֿון דער „יו־ען" (מאַי 1947).

עס איז ווירקלעך געווען אַ גוטע רעדע. די פֿראַגע איז בלויז אויף וויפֿל שווערע פּראָבלעמען קענען געלייזט ווערן דורך גוטע רעדעס.

אין אַלגעמיין זיינען אויף דער ספּעציעלער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער „יו־ען" וועגן דער פּאַלעסטינער פֿראַגע געהאַלטן געוואָרן גוטע רעדעס. אויך ראַבאַי אַבאַ סילווער האָט געהאַלטן אַ גוטע רעדע. נאָר מען דערציילט, אַז ווען מען האָט פֿאַרגעלייענט ראַבאַי סילווערס רעדע פֿאַר דר. וויצמאַן, האָט ער געזאָגט: עס איז זייער אַ גוטע רעדע, אָבער מיר האָט מען אָראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ אויף דעם באַזעלער קאָנגרעס פֿאַר אַזאַ רעדע.

דאָס איז פֿולשטענדיק ריכטיק. ווען ראַבאַי סילווער האַלט אַזאַ מעסיקע רעדע אויף דעם ציוניסטישע קאָנגרעס אין באַזעל, וואָלט היינט דר. חיים וויצמאַן נאָך געווען דער פּרעזידענט פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ניט אומזיסט קלאַפּן איצט טרעוואָגע די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן געשטיצט ראַבאַי אַבאַ הלל סילווער אויף דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. זיי זאָגן, אַז די פֿאַרטרעטער פֿון דער יידישער אַגענטור אויף דער ספּעציעלער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער „יו־ען" האָבן ניט ריכטיק אויסגעדריקט אין זייערע רעדעס די ציוניסטישע פֿאָדערונגען, ווי זיי זיינען פֿאָרמולירט געוואָרן אויף דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

אייגנטלעך האָבן געדאַרפֿט זיין באַגייסטערט מיט אַנדריי גראָמיקאָס רעדע בלויז די „איחוד"־פּאַרטיי פֿון דר. מאַגנעס, די פּאַרטיי פֿון „השומר הצעיר" און די אַלע אַנדערע, וואָס גלויבן, אַז די בעסטע לייזונג פֿאַר דער פּאַלעסטינער פֿראַגע איז אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה. עס הייסט אַ שותּפֿותדיקע מלוכה פֿון יידן און אַראַבער. אַלע אַנדערע ציוניסטן אָבער, וועלכע זאָגן, אַז זיי זיינען

די ריכטיקע און געזעצלעכע יורשים פֿון דר. הערצלס פּאָליטישן ציוניזם, זיינען די גאַנצע צייט געווען די שאַרפֿסטע קעגנער פֿון אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה אין פּאַלעסטינע. פֿיל מער, זיי האָבן געשטעמפּלט יעדן איינעם, וואָס איז אַרויסגעטראָטן פֿאַר אַ שותּפֿותדיקער מלוכה פֿון יידן און אַראַבער, פֿאַר פֿאַררעטער פֿון ציוניזם און פֿון יידישן פֿאָלק. ווען עס וואָלט אָפּגעהאַנגען פֿון די ציוניסטן, וואָלט דר. מאַגנעס שוין לאַנג פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. נאָר זיי האָבן דאָס ניט געקענט. גראָמיקאָ האָט אָבער אין גאַנצן זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די בעסטע לייזונג פֿאַר דער פּאַלעסטינער פֿראַגע איז אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה. ער האָט וועגן דעם אָפּגעגעבן אַ גרויסן טייל פֿון זיין רעדע און ער האָט געבראַכט אַלע אַרגומענטן, וואָס ער האָט געקענט צו באַווייזן, פֿאַרוואָס אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן מלוכה איז די בעסטע לייזונג פֿאַר דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע. בלויז צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די יידן און אַראַבער קענען ניט לעבן בשלום צוזאַמען, וועט מען מוזן רעדן וועגן צעטיילונג, עס הייסט שאַפֿן אין פּאַלעסטינע צוויי מלוכות, אַ יידישע און אַן אַראַבישע. איז די ערשטע פֿראַגע: ווילן אַלע ציוניסטן אַ צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע? אויב מען זאָל אורטיילן פֿון דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, וואו ראַבאַי אַבאַ הלל סילווער האָט געקעניגט, איז די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון די ציוניסטן קעגן צעטיילונג. אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז אויפֿן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט מען געשפּילט די פּאָליטיק פֿון „איך וויל ניט, אָבער דו שלעפּ מיך”. עס הייסט, אַז די ציוניסטן דאַרפֿן זאָגן, אַז זיי ווילן ניט, אָבער אויב די ענגלישע רעגירונג וועט זאָגן, אַז זי וויל ניט אַנדערש ווי אַ צעטיילונג, וועט מען זיך לאָזן רעדן. נאָר אַפֿילו אָננעמענדיק, אַז דאָס איז געווען די פּאָליטיק פֿון דער מאַיאָריטעט פֿון ציוניסטישן קאָנגרעס און אַפֿילו אַריינרעכענענדיק אין דער מאַיאָריטעט ראַבאַי סילווער, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען דער פֿירער פֿון די קעגנער פֿון צעטיילונג, איז אָבער דאָך געבליבן אַ גאַנץ שטאַרקע מינאָריטעט, וועלכע באַשטייט פֿון פּרינציפּיעלע קעגנער פֿון צעטיילונג. דאָס זיינען די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן פֿון דער רעכטער זייט, דער „השומר הצעיר” פֿון דער לינקער זייט און אין מיטן אַ גרויסער טייל פֿון „מזרחי”, וועלכע שטייט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז ארץ־ישראל טאָר ניט געטיילט ווערן נאָך דעם דין פֿון דער יידישער תּורה. ענגלאַנד מעג וועלן צעטיילן ארץ־ישראל, אָבער יידן טאָרן על־פּי־דין דערצו ניט מסכּים זיין. איך האָב דאָ ניט גערעכנט די „איחוד”־פּאַרטיי וועלכע איז פּרינציפּיעל קעגן צעטיילונג, ווייל זי באַלאַנגט ניט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

נאָר עס איז אפֿשר ניט וויכטיק, ווי גרויס עס איז די מאַיאָריטעט פֿון די ציוניסטן, וועלכע זיינען פֿאַר דער צעטיילונג און ווי גרויס עס איז די מינאָריטעט, וואָס איז קעגן צעטיילונג. די וויכטיקסטע פֿראַגע איז: וואָס פֿאַר אַ צעטיילונג?

נאָר לאָמיר פֿריער שטעלן אַן אַנדער פֿראַגע: גראָמיקאָ האָט געזאָגט, אַז ווען מען וועט זיך איבערצייגן, אַז די יידן און אַראַבער קענען ניט לעבן פֿרידלעך צוזאַמען אין אַ שותּפֿותדיקער מלוכה, וועט מען מוזן רעדן וועגן צעטיילונג. וויל איך פֿרעגן: ווי אַזוי וועט גראָמיקאָ זיך עס איבערצייגן?

איך שטעל זיך ניט פאָר, אַז גראַמיקאָ זאָל האָבן געמיינט, אַז מ׳דאַרף צוערשט פּרובירן שאַפן אַ שותּפותדיקע מלוכה, און אַז מען וועט זען, אַז די יידן און אַראַבער קענען אין איר ניט לעבן בשלום, וועט מען זיי דעמאָלט מוזן צעטיילן. דאָס קען אפשר זיין רעכט וועגן אַ שידוך, וועגן וועלכן מען צווייפלט אויב דאָס פאַרפאָלק וועט זיך קענען איינלעבן. מען קען דאַן באַשליסן, אַז מען זאָל דאָך שטעלן אַ חופּה, און ווען עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז עס טויג ניט, וועט מען זיך גטן. אָבער מיט אַ שותּפותדיקער מלוכה איז אַ חתונה אויף פּראָבע ניט אַזוי איינפאַך. נאָר ווי אַזוי קען מען זיך דאָך איבערצייגן, אַז יידן און אַראַבער קענען ניט לעבן בשלום אין אַ שותּפותדיקער מלוכה? די איינציקע איבערצייגונג קען זיין, ווען ביידע צדדים וועלן זאָגן, אַז זיי ווילן ניט. אין דער אמתן איז עס געגנוג ווען אפילו איין צד זאָגט, אַז ער וויל ניט, ווייל מען קען ניט לעבן בשלום, ווען איינער פון די צדדים וויל ניט. אָבער אויב דאָס זאָל זיין די איבערצייגונג, האָט גראַמיקאָ געדאַרפט גלייך אָנפאַנגען זיין רעדע מיט צעטיילונג, ווייל סיי די אָפיציעלע ציוניסטישע פאָרטרעטערשאַפט, סיי די אַראַבישע אָפיציעלע פאָרטרעטערשאַפט זאָגן, אַז זיי ווילן ניט. גראַמיקאָ האָט עס געוואוסט, איידער ער האָט זיך גענומען צוגרייטן זיין רעדע.

איצט קען איך זיך אומקערן צו דער פּראַגע, וואָס איך האָב פריער גע־שטעלט: וואָס פאַר אַ צעטיילונג? עס הייסט, ווי גרויס זאָל זיין דער יידישער חלק?

ווען עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ פּלאַן, ווי אַזוי די פּאַלעסטינע־פּראַגע קען געלייזט ווערן, קומט אויס דער ענטפער וועגן צעטיילונג גאַנץ איינפאַך. אָבער ווען מען פּרובירט אַ טראַכט טאָן ווי אַזוי דער פּלאַן קען דורכגעפירט ווערן, הויבט מען אָן באַגרייפן, אַז דער ענטפער איז ווייט ניט איינפאַך.

*

דער גרויסער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק האָט אַמאָל געזאָגט אין שייכות מיט די ציוניסטישע דערגרייכונגען אין פּאַלעסטינע, אַז אַ מענטש האָט אַזוי פיל הימל איבער זיין קאָפּ, ווי ער האָט ערד אונטער זיינע פיס. ווען ער האָט עס געזאָגט האָבן די יידן אין פּאַלעסטינע געהאַט בלויז 5 פּראָצענט פון פּאַלעסטינער באָדן. מילא, געאָמעטריש איז עס ניט ריכטיק, וואָס ביאַליק האָט געזאָגט. גע־אָמעטריש האָט אַ מענטש אַ סך מער הימל איבערן קאָפּ ווי ערד אונטער די פיס. אָבער איך נעם אָן, אַז ער האָט בילדלעך געמיינט צו זאָגן, אַז מען קען ניט רעדן וועגן אַ מלוכה אין אַ לאַנד, וואו מען האָט ניט קיין באָדן אונטער די פיס. נו, דער יידישער ערד־באַזיץ אין פּאַלעסטינע האָט זיך אין די לעצטע יאָרן ווייניק פאַרגרעסערט. מען רעכנט, אַז די יידן האָבן איצט זעקס פּראָצענט פון באָדן אין לאַנד. דאָס איז נאָך אַלץ אַ קלייניער חלק. מען דאַרף אָננעמען, אַז די, וואָס וועלן זיך נעמען דורכפירן דעם פּלאַן פון צעטיילונג, וועלן זיך מיט דעם פאַקט מוזן רעכענען.

ווען מאָריסאָן איז אַרויסגעקומען מיט זיין פעדעראַטיוון פּלאַן, לויט וועלכן פּאַלעסטינע האָט געדאַרפט איינגעטיילט ווערן אין דריי טיילן — אַ יידישן, אַן אַראַבישן און אַן ענגלישן — איז די הויפּט־איינווענדונג פון די יידן קעגן דעם

פּלאַן געווען, וואָס דער חלק, וועלכן מאָריסאָן האָט זיי איינגעטיילט איז געווען אַ צו קליינער. זיי האָבן געהאַט אויך אַנדערע איינווענדונגען. אָבער איך גלויב, אַז ווען דער חלק וואָלט געווען באַדייטנד גרעסער, וואָלטן די ציוניסטן אים ניט צוריקגעוויזן אָן וועלכע עס איז פאַרהאַנדלונגען. די יעניקע פון דער ציוניס־טישער פירערשאַפט, וועלכע האָבן שלום געמאַכט מיט דעם פּלאַן פון צעטיילונג, האָבן געמאַכט פאַר זייער ערשטן באַדינג, אַז דער טייל, וואָס די יידן דאַרפן קריגן, מוז זיין אַזוי גרויס, אַז עס זאָל אין אים קענען געשאַפן ווערן אַ לעבנס־פעאיקע (וואַייאַבל) יידישע מלוכה. זיי האָבן דערביי אויך אָנגעצייכנט די גרע־נעצן פון דעם טייל, וואָס זיי פאָרלאַנגען.

עס הייסט, אַז מסכּים זיין מיט דעם פּרינציפּ פון צעטיילונג האָט אַ קליינעם ווערט; דאָס וויכטיקסטע איז ווי גרויס עס זאָל זיין דער חלק, וואָס מען קען קריגן פון דער צעטיילונג.

איך ווייס ניט, אויב גראָמיקאָ האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי די צע־טיילונג פון פּאַלעסטינע דאַרף דורכגעפירט ווערן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אויב אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ניט מעגלעך, וועט מען מוזן רעדן וועגן צעטיילונג. אָבער גאַנץ גלייך, וואָס גראָמיקאָ האָט געטראַכט אין דער צייט פון זיין רעדע. ענדלעך הענגט דאָך ניט אָפּ אַלץ פון דעם, וואָס גראָמיקאָ זאָגט און וואָס ער טראַכט. דער עיקר איז, אַז בלויז די הסכּמה אויף אַ צעטיילונג, ווען זי זאָל זיין אַפילו אַ גאַנץ דעפינעטיווע, אָן אַ „ווען" און אָן „אויב", ווי אין גראָמיקאָס רעדע, האָט אַ קליינעם ווערט, ווען אין איר ווערט ניט געזאָגט ווי די צעטיילונג זאָל דורכגעפירט ווערן און ווי גרויס דער יידישער חלק זאָל זיין.

*

נו, ווי די לאַגע קוקט אויס היינט, איז ניטאָ אַזאַ לייזונג פאַר דער פּאַלעס־טינע־פראַגע, אויף וועלכער ביידע צדדים — די יידן און די אַראַבער — זאָלן מסכּים זיין. עס איז דעריבער קלאָר, אַז וואָס די לייזונג זאָל ניט זיין, וועט זי מוזן אַרויפגעצוואונגען ווערן און עס וועט זיין נויטיק אַ פּאָליצייאישע און מיליטערישע מאַכט וואָס זאָל אויפפּאַסן, אַז די אַרויפגעצוואונגענע לייזונג זאָל דורכגעפירט ווערן אין לעבן, קיין אונטערשייד ניט, צי די אַרויפגעצוואונגענע לייזונג וועט זיין אַ שותּפותדיקע מלוכה אין פּאַלעסטינע, אָדער אַ צעטיילטע פּאַלעסטינע מיט צוויי מלוכות.

איך קען גלויבן, אַז ענגלאַנד וועט ניט צוריקוויזן אַ פאָרשלאַג פון צע־טיילונג, ווען עס וועט געבראַכט ווערן פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיטע, וואָס איז געוויילט געוואָרן פון דער „יו־ען". אָבער איך גלויב ניט, אַז אָט די צע־טיילונג, וואָס מען וועט דורכפירן, וועט טויגן פאַר די יידן. ריכטיקער געזאָגט, איך גלויב, אַז זי וועט ניט טויגן, ווייל דער יידישער חלק וועט זיין אַ צו קליינער. עס איז פּשוט צוליב דעם, ווייל אַ יידישע מאַיאָריטעט קען מען געפינען בלויז אויף אַ קליינעם שטח פון פּאַלעסטינע און ווען מען זאָל די יידן געבן אַ גרעסערן טייל, וועט שוין דאָרטן זיין אַן אַראַבישע מאַיאָריטעט. דער פאַקט איז, אַז אַפילו אין דעם קליינעם שטח, וואָס איז אינם מאָריסאָן פּלאַן אויסגעטיילט געוואָרן

פֿאַר די ייִדן, געפֿינען זיך אויך אַרום 340 טויזנט אַראַבער. וויניקסטנס איז אַזוי אָנגעגעבן געוואָרן אין דער צייט, ווען דער מאָריסאָן פּלאַן איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן.

פֿאַר ייִדן פֿון פּאַלעסטינע וואָלט דעריבער דער פּלאַן פֿון אַ שותּפֿותדיקער מלוכה מיט די אַראַבער געווען אַ סך בעסער ווי אַן אייגענע מלוכה, וואָס וועט זײַן גרויס ווי אַ כּזית און וועלכע וועט קוים קענען עקזיסטירן. און ווי איך זע, אַפּעלירט אַ שותּפֿותדיקע מלוכה פֿון ייִדן און אַראַבער ניט בלויז צו גראָמיקאָן.

עס איז קיין צווייפֿל ניט, אַז עס וועלן זיך געפֿינען נאָך אַנדערע צווישן די מיטגלידער פֿון דער „יו־ען”, וואָס וועלן אונטערשטיצן אַ שותּפֿותדיקע מלוכה אָדער אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה אין פּאַלעסטינע. עס קען אויך מעגלעך זײַן, אַז עס וועט פֿון עמעצן פֿאָרגעשלאָגן ווערן אַן אויסגעבעסערטער פֿעדעראַטיווער מאָריסאָן פּלאַן.

איך גלויב, אַז דער פּלאַן פֿון אַ שותּפֿותדיקער אָדער פֿעדעראַטיווער מלוכה וועט קריגן נאָך מער אונטערשטיצונג, ווען מען וועט נעמען באַטראַכטן דעם פּלאַן פֿון צעטיילונג און מען וועט זען, ווי שווער עס איז אים דורכצופֿירן צוליב דער גרויסער אַראַבישער מאַיאָריטעט אין לאַנד.

די אונטערשטע שורה איז, אַז גראָמיקאָס רעדע האָט געקענט אַרויסרופֿן פֿרייד בלויז ביי די, וואָס גלויבן, אַז די בעסטע לייזונג פֿאַר דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע איז אַ שותּפֿות־מלוכה פֿון ייִדן און אַראַבער. גראָמיקאָ האָט מיט זײַן רעדע בייגעטראָגן אַ גרויסע מאָס פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר אַט דער לייזונג, אַפֿילו ווען ער זאָל אין דער נאָענטער צוקונפֿט דאַרפֿן פֿאַרגעסן וואָס ער האָט אין זײַן רעדע געזאָגט.

מחשבותן, וואָס הערט זיך מיטן ציוניזם אין סאָוועטן־לאַנד, אין וועמעס נאָמען גראָמיקאָ האָט געהאַלטן זײַן רעדע?

מאַי, 1947

## די רעקאָמענדאַציע וועגן צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע

די מאַיאָריטעט־רעקאָמענדאַציע פֿון דער אויספֿאָרשונגס־קאָמיסיע איז אָן שום צווייפֿל אַ גרויסער מאָראַלישער געווינס פֿאַר דר. ווייצמאַנס ציוניזם. די רעקאָמענדאַציעס פֿון דער קאָמיסיע זײַנען זייער נאָענט צו דעם, וואָס דר. ווייצמאַן האָט פֿאַרלאַנגט אין זײַן צעטיילונגס־פּלאַן. אין איין פּונקט, האָט די קאָמיסיע, דאַכט זיך מיר, געגעבן ווייצמאַנען מער ווי ער האָט פֿאַרלאַנגט און איך גלויב ניט, אויב ער וועט דערמיט שטאַרק צופֿרידן זײַן. איך האָב אין זינען די שטאָט יאַפֿע, די גרעסטע און עלטסטע אַראַבישע שטאָט אין פּאַלעסטינע, וואו די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז אין פֿאַרגלייך מיט דער אַראַבישער אַ גאַנץ קליינע. איך זע פֿון די באַריכטן וועגן דער שטימונג פֿון די ייִדן אין פּאַלעסטינע בנוגע די רעקאָמענדאַציעס פֿון דער קאָמיסיע, וועלכע איז אין אַלגעמיין אַ גאַנץ צופֿרידענע, אַז עס וואָלט געווען בעסער, ווען די קאָמיסיע וואָלט געגעבן די ייִדן אַ שטיקל מער טעריטאָריע אין גליל און איבערגעלאָזט יאַפֿע צו די אַראַבער.

נאָר עס איז אין דעם מאָמענט ניט וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף די איינ־צלהייטן פון די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע. ערשטנס, דאַרפן זיי נאָך פאַרהאַנדלט ווערן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער „יו־ען". און דאָרטן וועלן דיסקוטירט ווערן ניט בלויז די רעקאָמענדאַציעס פון דער מאַיאָ־ריטעט, נאָר אויך פון דער מינאָריטעט, עס הייסט דער פּלאַן פון פעדעראַציע, און עס איז לייכט פאַרויסצוזאָגן, אַז עס וועלן געמאַכט ווערן פאַרשיידענע אַמענד־מענטס. אין דעם איצטיקן מאָמענט קען מען דעריבער בלויז רעדן וועגן די רעקאָמענדאַציעס אין אַלגעמיין. און מען דאַרף זאָגן, אַז ניט בלויז זיינען די רעקאָמענדאַציעס פון דער מאַיאָריטעט פון דער קאָמיסיע אַ מאָראַלער געווינס פאַר די מעסיקע ציוניסטן, נאָר אויך די רעקאָמענדאַציעס פון דער מינאָריטעט זיינען אין אַ גרויסער מאָס אַ מאָראַלער געווינס. איז דאָך אויך אין דער רע־קאָמענדאַציע פון דער מינאָריטעט פאַראַן אַן אָנערקענונג פאַר די יידישע נאַ־ציאָנאַל־פּאָליטישע פאָדערונגען אין פּאַלעסטינע. און איז דאָך אויך אין די רע־קאָמענדאַציעס פון דער מינאָריטעט פאַראַן די אָנערקענונג פון דעם רעכט פון יידישער אימיגראַציע אין פּאַלעסטינע. אָבער די הויפּט־פראַגע איז, וואָס וועט זיין נאָך דעם, ווי די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וועט פאַרענדיקן אירע דיסקוסיעס וועגן די רעקאָמענדאַציעס און עס וועט אָנגענומען ווערן אַן ענטגילטיקער באַשלוס וועגן דער פּאַלעסטינע־פראַגע. עס איז קלאָר, אַז די אַנטשיידונג וועט מוזן אַרויפגעצוואונגען ווערן. ניט מער, אויב די רעקאָמענדאַציעס פון דער מאַיאָריטעט וועלן אָנגענומען ווערן, וועלן זיי דאַרפן אַרויפגע־צוואונגען ווערן בלויז אויף די אַראַבער, בעת ווען עס וועלן אָנגענומען ווערן די רעקאָמענדאַציעס פון דער מינאָריטעט, וועלן זיי מוזן אַרויפגעצוואונגען ווערן אויף ביידע צדדים. ווער וועט אָבער טאָן די אַרויפצווינגונגס־אַרבעט?

לאָמיר אָננעמען, אַז ענגלאַנד וועט ניט צוריקרוויזן דעם באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער „יו־ען", הגם זי האָט אַ רעכט עס צו טאָן. אָבער אין אַזאַ פאַל קען מען דאָך זיכער ניט דערוואַרטן, אַז ענגלאַנד זאָל אויף זיך נעמען די אומאָנגענעמע ווי אויך קאָסטבאַרע אַרבעט, סיי מיליטעריש, סיי פינאַנציעל פון אַרויפצווינגען דעם באַשלוס פון דער „יו־ען" און נאָך דעם, ווי זי וועט פאַרטיק ווערן מיטן דזשאָב, זאָל זי איינפּאַקן די זאַכן און אוועקגיין.

אָבער, אויב ניט ענגלאַנד, טאָ ווער דען? די „יו־ען" האָט פאָרלויפיק ניט קיין אייגענע מיליטערישע מאַכט און אויך ניט קיין אייגענע פּאָליציי־מאַכט און עס וועט נאָך, ווי מען קען פאָרויסזען, בלייבן אַ רעכט ביסל צייט, ביז זי וועט עס האָבן. מען וועט דעריבער מוזן איבערגעבן צו איינעם פון די פעלקער אָדער צו אַ פּאָר פון די פעלקער, וואָס באַלאַנגען צו דער „יו־ען", דורכצופירן דעם דזשאָב. ווער אָבער פון די פעלקער וועט איינפאַך, פון מצווה וועגן, וועלן שיקן אַן אַרמיי אין פּאַלעסטינע, כדי אַרויפצוצווינגען דעם באַשלוס פון דער „יו־ען" אויף די אַראַבער?

*

איך האָב דאָ ביז איצט גערעדט וועגן דער מאַיאָריטעט פון דער ציוי־ניסטישער באַוועגונג, וועלכע איז, ווי איך קען אורטיילן, צופרידן מיט די

רעקאָמענדאַציעס פֿון דער מאַיאָריטעט פֿון דער קאָמיסיע. אָבער מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ גאַנץ גרויסע מינאָריטעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע איז ניט צופֿרידן מיט דער אָנטשיידונג. די מינאָריטעט באַשטייט פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. צוערשט קומען די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן און דער עקסטרעמער טייל פֿון די בילטמאָר־ציוניסטן. מיט זיי גייט אויך אַ גרויסער טייל פֿון די אָרטאָדאָקסישע ציוניסטן, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען „מזרחי". די לעצטע זיינען קעגן צוליב רעליגיעזע מאָטיוון.

דאָס זיינען די קעגנער פֿונעם רעכטן פֿליגל פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די קעגנער פֿון לינקס זיינען אין דער ערשטער ליניע דער „השומר הצעיר", די צווייטע שטאַרקסטע אַרבעטער פּאַרטיי אין דעם ישוב, וועלכע איז פֿאַר אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה אין פּאַלעסטינע. און פֿון צענטער, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופֿן, איז קעגן — די „איחוד"־פּאַרטיי פֿון דר. י. ל. מאַגנעס, וועלכער איז פֿאַר אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה.

לאָגיש דאַרף צו די אָנהענגער פֿון אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה מער אַפּעלירן דער פֿעדעראַטיווער פּלאַן פֿון דער מינאָריטעט פֿון דער פּאַלעסטינע־קאָמיסיע. עס איז, אמת, ניט די צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה, וואָס זיי פֿאָדערן, אָבער עס איז דאָך גאַנץ נאָענט צו דעם.

צו די אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנער פֿון צעטיילונג דאַרף אויך אַריינגערעכנט ווערן די „אגודת ישראל", דער עקסטרעמער פֿליגל פֿון די אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס לאָזט פֿון זיך אַזוי פֿיל הערן. אָבער די „אגודת ישראל" איז ניט נאָר קעגן דער צעטיילונג פֿון ארץ־ישראל, צוליב די זעלביקע פֿריער־אָנגעגעבענע רעליגיעזע מאָטיוון פֿון די „מזרחים", נאָר זי איז אין אַלגעמיין קעגן אַ וועלטלעכער יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע. זיי זיינען בלויז פֿאַר אַזאַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע, וואָס די תורה, זאָל זיין איר קאָנסטיטוציע. דאָס איז אַן אַלטער באַשלוס פֿון דער „אגודת ישראל", וואָס איז באַנייט געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפֿאָר פֿון דער „אגודת ישראל", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די טעג אין אייראָפּע.

נאָר ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די צאָל קעגנער פֿון צעטיילונג, איז עס ניט קיין פֿראַגע, אַז ווען עס וועט קומען צו אַן אָפּשטימונג, וועט די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון די ציוניסטן זיין פֿאַר דעם צעטיילונגס־פּלאַן פֿון דער „יו־ען"־קאָמיסיע. עס הייסט, אַז וואָס איז שייך צום יידישן צד, וואָלט מען קענען באַטראַכטן די פּאַלעסטינע פֿראַגע פֿאַר געלייזט. צום אומגליק אָבער איז פֿאַראַן אַ צווייטער צד, וואָס פֿאַר אים איז די פֿראַגע זייער ווייט פֿון זיין געלייזט.

## אויפֿן שוועל פֿון דער יידישער מלוכה

די יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע קוקט אויס צו זיין אויפֿן שוועל.* און אויב איינער האָט ליב צו זיצן שטענדיק ערגעץ אויבן־אָן און האָט מורא, אַז מען זאָל אים שפּעטער ניט זאָגן, אַז ער איז געווען אַ „סקעפּטיקער" און ער זאָל

* געשריבן דעם 8טן נאָוועמבער 1947. — ה. ש. ק.

דעריבער שטיין הינטער דער בימה, אָדער גאָר אין פּאָליש, איז עס געוויס פֿאַר אַזעלכע איצט די צייט צו מאַכן דעם שפּרונג און זיך אַרויפֿכאַפּן אויף דעם ציוניסטישן „בעגדוואַגן". אָבער איך בין בטבע ניט קיין שפּרינגער און ניט קיין מיטלויפֿער, אַפֿילו ווען עס ווערט אַ געלאַף. און וואָס איז שייך צו דער יידישער מלוכה, וועט זי מיך ניט מאַכן פֿאַר קיין ציוניסט, אַפֿילו ווען זי וועט שוין זיין אויף דער אַנדערער זייט פֿון שוועל. עס הייסט, ווען די ציוניסטן וועלן איר שוין האָבן. איך וועל נאָך אויך דעמאָלט זאָגן, אַז עס וואָלט געווען בעסער פֿאַר די יידן אין פּאַלעסטינע צו האָבן אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אונטער ענגלאַנד, און אַז מיט דער צייט זאָל זיך דאָרט קענען שאַפֿן אַ פֿעדעראַטיווע אָדער אַ צוויי-נאַציאָנאַליטעטן מלוכה, וועלכע זאָל בלייבן פֿאַרבונדן מיט ענגלאַנד.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזוי ווי די לאַגע איז איצט, ווען די יידן מיט די אַראַבער שטייען איינע קעגן די אַנדערע ווי בלוטיקע שונאים, קען מען קיין שותּפֿותדיקע מלוכה אין פּאַלעסטינע ניט שאַפֿן. דעריבער זאָג איך, אַז עס וואָלט געווען בעסער, ווען ענגלאַנד וואָלט געבליבן אין פּאַלעסטינע אויף ווייטער און עס וואָלט זיך ווייטער אַנטוויקלט די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס איז טיילוויז שוין געשאַפֿן געוואָרן אונטער דער ענגלישער שוץ. און ביסלעכוויז וואָלט די יידישע באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינע געוואַקסן און גרעסער געוואָרן, און אין משך פֿון אַ געוויסע צאָל יאָרן וואָלטן די אַנטוויקלונג און די אינטער־רעסן פֿון ביידע פֿעלקער געפֿירט צו אַ פֿעדעראַטיווער מלוכה.

פֿאַר אַ פֿעדעראַטיווער מלוכה אין פּאַלעסטינע בין איך שוין אַרויסגעקומען גאַנץ לאַנג צוריק. איך האָב אויף דעם יידישן אַרבעטער-קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו-יאָרק מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק, פֿאָרגע־שלאָגן אַ רעזאָלוציע וועגן אַ פֿעדעראַטיווער מלוכה אין פּאַלעסטינע. איך האָב געגלויבט, און דאָס שטימט פֿולשטענדיק מיט דעם בונדיסטישן שטאַנדפּונקט, אַז אין לענדער, וואו עס לעבן פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, דאַרף די מלוכה זיין אַ פֿעדעראַטיווע. מיינע חברים פֿון „בונד" זיינען מיט מיר דעמאָלט ניט געווען איינפֿאַרשטאַנען. אויף וויפֿל איך געדענק, בין איך דעמאָלט געווען דער איינציקער בונדיסט, וואָס האָט אַזוי געגלויבט. און ווען דר. חיים ווייצמאַן איז צו דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1931, אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג וועגן אַ צוויי-נאַציאָנאַליטעטן מלוכה, וואָס איז פֿאַר פּאַלעסטינע פּאַקטיש דאָס זעלבע, וואָס אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה, האָב איך דעמאָלט אין „פֿאָרווערטס" זיך גאַנץ וואַרים אָפּגערופֿן אויף זיין פּלאַן און האָב ביי דער געלעגנהייט איבערגעדרוקט מיין רעזאָלוציע, וואָס איך האָב פֿאָרגעשלאָגן אויף דעם דערמאָנטן יידישן אַר־בעטער-קאָנגרעס. און שפּעטער, ווען דר. י. ל. מאַגנעס איז אַרויסגעקומען מיט זיין פּראָגראַם וועגן אַ צוויי-נאַציאָנאַליטעטן-שטאַט, האָב איך ווידעראַמאָל געשריבן, אַז די גרונט־אידעע אַפּעלירט צו מיר, הגם מיט מאַנכע פּונקטן פֿון דר. מאַגנעסעס פּראָגראַם בין איך ניט איינשטימיק. און אַט ביי דעם שטיי איך אויך איצט. איך דאַרף בלויז צוגעבן, אַז אין דער צייט וואָס די, וועלכע זיינען פֿאַר אַ צוויי-נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה, ווי די „איחוד"-פּאַרטיי פֿון דר. מאַגנעס און די „שומר-הצעיר"-פּאַרטיי, זיינען קעגנער פֿון צעטיילונג, אָדער „חלוקה", ווי מען זאָגט עס, בין איך ניט קיין פּרינציפּיעלער קעגנער, נאָר אַ ניט-גלויביקער.

איך גלויב ניט אין דער פּראַקטישקייט פון דעם חלוקה־פּלאַן און איך גלויב ניט, אַז ער איז גוט פאַר די יידן, ווען ער זאָל אַפילו דורכגעפירט ווערן, ווי די מאַיאָריטעט פון דער „יו־ען״־אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט אים פאָרגעשלאָגן. און אויב מורא קען זיין אַן אַרגומענט, וואָלט איך זאָגן, אַז איך בין קעגן דעם חלוקה־פּלאַן, ווייל איך האָב מורא פאַר אים. איך האָב מורא, אַז ער איז פאַרבונדן מיט אַ לאַנגן פאַרביטערטן קאַמף און מיט אַ סך בלוט־פאַרגיסונג.

איך וועל אויף קיינעם קיין פאַראיבל ניט האָבן, ווען ער וועט זאָגן, אַז איך בין אַ פּחדן אָדער פּשוט אַ טרוס, אָבער איך וועל אויף דעם ענטפערן, אַז אין פּחדנות וואָלט מען מיך קענען באַשולדיקן, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן מיין פּערזענלעכער זיכערקייט, ווען זי זאָל שטיין אין קאַן. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל.

נאָר אין דער אמתן האָב איך דאָ אין גאַנצן ניט געדאַרפט אַריינברענגען די פראַגע פון העלדישקייט. ווייל זי האָט מיט מיין באַציאונג צו דער צעטיילונג פון פּאַלעסטינע גאָרניט צו טאָן. די פראַגע פון העלדישקייט וואָלט דאָ געהאַט אַ שייכות, ווען איך וואָלט געגלויבט, אַז דער חלוקה־פּלאַן איז פּראַקטיש און גוט פאַר די יידן אין פּאַלעסטינע און, ווען איך וואָלט דעמאָלט געזאָגט, אַז איך האָב מורא, אַז אַ סך בלוט וועט צוליב אים פאַרגאָסן ווערן, וואָלט מען געקענט דיסקוטירן די פראַגע פון פּחדנות און העלדישקייט. ווען איך גלויב אָבער, אַז דער חלוקה־פּלאַן איז ניט פּראַקטיש און ניט גוט פאַר די יידן אין פּאַלעסטינע, און דערצו איז ער נאָך פאַרבונדן מיט אַ ביטערן קאַמף און מיט אַ סך בלוט־פאַרגיסונג, איז דאָך ניט דאָ וואָס צו רעדן וועגן באַווייזן העלדישקייט. עס איז דאָך זיכער ניטאָ אַזאַ מצווה אַז מען זאָל אַרויסווייזן העלדישקייט צוליב העלדישקייט.

*

איך בין דאָ ניט אויסן צו דיסקוטירן דעם חלוקה־פּלאַן. די פראַגע פון חלוקה איז גאַנץ הייס דיסקוטירט געוואָרן אין דער ציוניסטישער פּרעסע און אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען פאַר אַ לענגערער צייט. זיינען דאָך די איצטיקע פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע געווען די שאַרפסטע קעגנער פון צעטיילונג. און זיינען דאָך אויך איצט פאַראַן אַ סך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע זיינען קעגן דער צעטיילונג. עס זיינען קעגנער ניט בלויז די „איחוד״־פּאַרטיי און די „השומר־הצעיר״־פּאַרטיי. די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן זיינען נאָך שאַרפערע קעגנער. שוין אָפּגערעדט פון דעם עקס־טרעמען פליגל פון די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן. אָט די עקסטרעמיסטן, וועלכע זאָגן, אַז זיי זיינען די איינציקע אמתע יורשים פון דעם הערצעליאַנישן ציוניזם, שרייען דאָך, אַז דער חלוקה־פּלאַן איז דער גרעסטער פאַרראַט קעגן ציוניזם. אָט וועל איך דאָ, פאַר אַ ביישפּיל, איבערגעבן אַ קורצן אויסצוג פון דעם היגן אָפיציעלן אָרגאַן פון די עקסטרעמע ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן, וועלכע מאַרשירן איצט אונטער דער פאָן פון „נאַציאָנאַלן יידישן ראַט פאַר אַ פרייער ארץ־ישראל״. אָט איז עס:

„חיים וויצמאַן, וועגן וועמען עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז אַלט און האַלב־בלינד, האָט פונדעסטוועגן געפונען גענוג כּוח אין זיך

צו מאַכן די לאַנגע רייזע קיין אַמעריקע, כּדי צו קענען נאָכגיין מיט די אייגענע פּיס נאָך דער לויה פֿון הערצעליאַנישן ציוניזם, וואָס ער דענקט, אַז ער איז באַגראָבן געוואָרן ביי די „יונייטעד נעישאַנס" אין לעיק סוקסעס.

„עס קען זיין, אַז ווייצמאַן פֿילט זיך ווי אַ זיגער און אַז ער איז געקומען קיין אַמעריקע, כּדי צו קריגן די בוקעטן בלומען און די קרוין פֿון העלד, צו וועלכער ער פֿילט זיך באַרעכטיקט.

„ווייצמאַנס פֿליאַסקעדריגעס, און אַזעלכע געפֿינען זיך נאָך אין דער צע־פֿוילטער, דעגענערירטער ציוניסטישער באַוועגונג, זיי דערקלערן מיט אַ טאָן פֿון טריאומף: 'ווייצמאַנס שיטה האָט געזיגט!'

„ווילן מיר מודה זיין, אַז די באַרימעריי איז ניט איבערגעטריבן. ווייצמאַנס שיטה האָט געזיגט.

„אָבער, אַז־אָך־און־ווי צו אַזאַ זיג!

„עס איז דער זיג פֿון אַ קבֿרן איבער אַ מת".

נאָר עס זיינען פֿאַראַן שאַרפֿע, אויסגעשפּראָכענע קעגנער פֿון צעטיילונג אויך אין די רייען פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

און אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון די „מזרחי"־ציוניסטן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די וואָך אין ניו־יאָרק, איז דער צעטיילונגס־פּלאַן באַצייכנט געוואָרן אַלס אַ שווערע גזירה אויף יידן.

נאָר וואָס איז שייך צו דעם „מזרחי", ווייס איך אַליין ניט, ווי אַזוי זייערע פֿאַרטרעטער האָבן געשטימט פֿאַר דעם חלוקה־פּלאַן. דער „מזרחי" האָט שטענדיק באַהויפּטעט, אַז לויט דעם יידישן דין טאָר ארץ־ישראל ניט געטיילט ווערן און אַז יידן טאָרן דעריבער ניט שטימען דערפֿאַר. נאָר אפֿשר טאַקע וויל דער „מזרחי" יוצא זיין פֿאַרן דין דערמיט, וואָס ער וועט זאָגן, אַז עס איז אַ גזירה, ווייל ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ גזירה, קען מען זיך דאָך ניט העלפֿן.

## גוט פֿאַר די וואָס גלויבן

וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן וועגן דעם ענין יידישע מלוכה, האָב איך שוין אַרויסגעזאָגט מיט אַ פּאָר וואָכן פֿריער און איך האָב ווייניק וואָס צוצוגעבן, ווייל איך האָב אונטער דער צייט מיין מיינונג ניט געענדערט. *

איך האָב העכסטנס געקענט זאָגן, אַז מיין מורא פֿאַר בלוט־פֿאַרגיסונג איז לײדער געווען ניט קיין אומזיסטע. אָבער איך האַלט זיך פֿאַר דער אָנגענומענער העפֿלעכקייט, אַז ווען מענטשן טאַנצן, פֿרייען זיך און זינגען שירה, דאַרף מען ניט שטערן זייער שמחה. בלויז גאָט, וועלכער האַלט זיך ניט פֿאַר דער אָנגענומענער מענטשלעכער העפֿלעכקייט, וואָלט געקענט זאָגן: אין פּאַ־לעסטינע גיסט זיך בלוט, און איר דאָ טאַנצט און הוליעט. ער האָט אַמאָל ענ־לעכעס געזאָגט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, לויט ווי די גמרא גיט עס איבער.

נאָר איך וואָלט ניט וועלן מאַכן דעם איינדרוק, אַז בלויז מיר טוט ווי דאָס האַרץ פֿאַר דעם יידישן בלוט, וואָס ווערט איצט פֿאַרגאָסן אין פּאַלעסטינע. איך

---

* געשריבן דעם 13טן דעצעמבער 1947. ה. ש. ק.

ווייס, אַז די הערצער פֿון די ציוניסטן ווייטאָגן פֿונקט אַזוי שטאַרק פֿאַר די יידישע לעבנס, וואָס קומען אום. אָבער זיי האָבן אַ טרייסט. זיי זאָגן, אַז אַ נייער יידישער לעבן ווערט געבוירן און יעדער נייער געבורט איז פֿאַרבונדן מיט בלוט. אָדער זיי זאָגן עס איז אַן אַנדער נוסח: די יידישע מלוכה איז אונטערגעגאַנגען דורך פֿייער און שווערד און זי ווערט אויפֿגעריכט דורך פֿייער און שווערד. און אַ פֿרומער ציוניסט קען זאָגן, אַז עס איז חבלי משיח — די ליידן פֿון משיחס קומען. איך אָבער גלויב ניט, אַז משיח איז געקומען. איך גלויב אַפֿילו ניט, אַז ער האָלט אין קומען. יעדנפֿאַלס שטימט עס ניט מיט דעם לידל „און אַז משיח וועט קומען״. אין דעם ניט־גלויבן מיינעם איז אפֿשר טיילוויז שולדיק די גמרא און די אַנדערע ספֿרים, וואָס איך האָב געלערנט אין מיינע יינגערע יאָרן. דאָרטן ווערט פֿאַרגעשטעלט דאָס קומען פֿון משיחן גאַנץ אַנדערש. דער אמת איז, אַז לויט די באַדינגונגען וואָס ווערן געשטעלט אין גמרא ווי אַזוי משיח קען קומען, קען ער, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט קומען. און אפֿשר האָט עס טאַקע די גמרא אויך געמיינט, ווייל דער אמתער משיח איז דער, אויף וועלכן מען וואַרט אייביק, אַז ער זאָל קומען און ער קומט ניט. משיח איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר דעם צוועק, אַז מען זאָל אויף אים אייביק וואַרטן. ער קען דעריבער ניט קומען. נאָר אויב עס רעדט זיך וועגן אַ משיח, וואָס קען קומען, דאַרף מען ניט פֿאַרגעסן, אַז דער איצטיקער ציוניסטישער משיח האָט גע־קענט קומען מיט קנאַפּע צען יאָר צוריק, ווען די ציוניסטן וואָלטן געוואָלט — און מיט אַ סך קלענערע חבלי משיח. איך מיין דאָ דעם חלוקה־פּלאַן פֿון דער פּיל־קאָמיסיע.

*

דער חלוקה־פּלאַן פֿון דער פּיל־קאָמיסיע האָט געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס עס איז געווען, ווער עס זאָל אים דורכפֿירן. עס איז געווען ענגלאַנד, דעמאָלט נאָך אין איר פֿולער גרויסקייט און אין פֿולער שטאַרקייט. קיינער פֿון די ציוניסטן האָט אין יענער צייט ניט געצווייפֿלט אַז ענגלאַנד קען איר פֿאַרגע־שלאָגענעם חלוקה־פּלאַן דורכפֿירן. מיר האָבן אָבער דעמאָלט געהערט מער ציוניסטישע יאָמער־געשרייען וועגן אַ דריטן יידישן חורבן, איידער די יובעל־פֿרייד וועגן אַ יידישער גאולה. דער קאַמף ביי די ציוניסטן קעגן דעם חלוקה־פּלאַן פֿון דער פּיל־קאָמיסיע איז געווען אַ זייער הייסער.

איך נעם זיך ניט אַן צו זאָגן, וואָס עס וואָלט געווען דער ווערט פֿון דער יידישער מלוכה, ווען דער חלוקה־פּלאַן פֿון דער פּיל־קאָמיסיע וואָלט דורכ־געפֿירט געוואָרן. אפֿשר האָט מיין אָפּשאַצונג אין דעם פּרט איבערהויפּט ניט קיין באַדייטונג, ווייל איך האַלט אין אַלגעמיין זייער ווייניק פֿון דעם ווערט פֿון די פּיצעלע מלוכהלעך, בפֿרט נאָך, ווען אין דער פּיצעלע מלוכהלע, איז פֿאַראַן אַ גרויסע מינאָריטעט פֿון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע גלויבט, אַז די מלוכה האָט גאָר געדאַרפֿט באַלאַנגען צו איר. אָבער עס איז דאָך געווען אַ גוטער גרונט אָנצונעמען, אַז אונטער דער ענגלישער שוץ האָט די קליינע יידישע מלוכהלע, וואָס די פּיל־קאָמיסיע האָט געוואָלט שאַפֿן, געקענט עקזיסטירן און מען האָט אויך געקענט האָפֿן, אַז מיט דער צייט וועט געשאַפֿן ווערן אַ פֿעדע־ראַציע פֿון די צוויי קליינע מלוכהלעך — די יידישע און די אַראַבישע — און

אַז עס זאָל קומען צו אַ פֿרידלעכן צוזאַמענלעבן פֿון אַט די צוויי פֿעלקער, וועלכע האָבן אַזוי פֿיל געמיינשאַפֿטלעכעס.
וואָס איז אָבער איצט?

*

עס איז געווען זייער שיין פֿון דער גרויסער מאַיאָריטעט פֿון די מיטגלידער פֿון דער „יו־ען", וואָס האָט געשטימט פֿאַר אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע. דאָס איז ניט בלויז אַ גרויסער מאָראַלישער געווינס פֿאַר די ציוניסטן, וועלכע האָבן געקעמפֿט פֿאַר אַ יידישער מלוכה, נאָר עס האָט אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג פֿאַר אַלע יידן, אין וועמעס קעפּ אונדזערע פּראָפּעסיאָנעלע שוואַרץ־זעער האָבן אָן אויפֿהער זיך באַמיט אַריינצוהאַמערן די איבערצייגונג, אַז אַלע גוים זיינען געשוואוירענע שונאים פֿון יידישן פֿאָלק. די אָפּשטימונג אין דער „יו־ען" דאַרף דינען פֿאַר אַן איבערצייגנדיקן באַווייז, אַז דאָס איז פֿאַלש.

נו, מען קען זאָגן, אַז מאַנכע פֿון די לענדער, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר דעם צעטיילונגס־פּלאַן האָבן געהאַט זייערע אייגענע אויסרעכענונגען. אויב איינער וויל, קען ער זאָגן, אַז אונדזער אייגענע אַמעריקע האָט אין דעם ענין פּאַלעסטינע געהאַט אין זינען אירע אייגענע חשבונות וועגן די קומענדיקע פּרעזידענט־וואַלן אין 1948. וועגן סאָוועט־רוסלאַנד קען איינער זאָגן, אַז זי האָט געהאַט מער אין זינען, אַז ענגלאַנד זאָל אַרויס פֿון פּאַלעסטינע און אַז עס זאָל געשאַפֿן ווערן אַ מעגלעכקייט פֿאַר איר, רוסלאַנד, אַריינצושטעלן אַ פֿוס אין דעם מיטל־מזרח. וועגן פּוילן קען איינער זאָגן, אַז זי האָט געשטימט ווי סאָוועט־רוסלאַנד האָט געוואָלט און אַ צווייטער קען זאָגן, אַז די אורזאַך איז, וואָס זי האָט אַ רעכט ביסל יידישע לעבנס אויף איר געוויסן. היטלערן וואָלט זיך ניט איינגעגעבן אומצוברענגען איבער דריי מיליאָן יידן אין פּוילן, ווען די פּאָליאַקן וואָלטן אים ניט געהאָלפֿן. עס האָבן געקענט געראַטעוועט ווערן אַ סך הונדערטער טויזנטער יידישע לעבנס אין פּוילן, ווען די פּאָליאַקן וואָלטן געווען מענטשלעך גענוג זיי צו וועלן ראַטעווען. נאָר אויב אַפֿילו אַט די דערקלערונגען זאָלן זיין ריכטיקע, קען עס בלויז זאָגן, אַז ניט אַלע פֿון די דריי און דרייסיק פֿעלקער, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר אַ יידישער מלוכה, זיינען אויסן געווען בלויז די טובה פֿון יידן. זאָל זיין, אַז דריי אָדער פֿיר פֿון זיי האָבן געהאַט זייערע אייגענע מאָטיוון, אָבער די גאַנץ גרויסע איבערוועגנדיקע מאַיאָריטעט פֿון די 33 פֿעלקער, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר דער יידישער מלוכה, האָט קיין אייגענע מאָטיוון ניט געהאַט. וועגן די מייסטע פֿון זיי קען מען אַפֿילו ניט זאָגן, אַז זיי האָבן אויף זייער געוויסן קריוודעס, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן יידן און זיי האָבן עס דעריבער געוואָלט אָפּווישן מיט זייער שטימען פֿאַר אַ יידישער מלוכה. קוקט דורך די ליסטע פֿון די נעמען פֿון די פֿעלקער, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר דער יידישער מלוכה און איר וועט זען, אַז כמעט אַלע פֿון זיי זיינען אַזעלכע, וואָס האָבן יידן ניט שלעכט באַהאַנדלט אין זייערע לענדער. אַט דער פֿאַקט האָט אָן שום צווייפֿל אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג. ער וועט, לאָמיר האָפֿן, אין אַ גרויסער מאָס אָפּשוואַכן דעם שעדלעכן גיפֿט פֿון פֿעלקער־האַס, וואָס אונדזערע שאָוויניסטן שפּריצן אין יידישע הערצער.

נאָר דאָס איז אַלץ גוט וואָס איז שייך צו דער אָפּשטימונג וועגן דעם חלוקה־פּלאַן. וואָס אָבער קען מען זאָגן וועגן דער דורכפירונג פון דעם פּלאַן? ווער וועט עס דורכפירן און ווי אַזוי?

אַפילו, ווען דאָס קליינע שטיקל טעריטאָריע, וואָס די „יו־ען" האָט באַשטימט פאַר דער יידישער מלוכה, וואָלט ניט געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט אַראַבער, וואָלט מען דאָך אויך געהאַט גרויסע שוועריקייטן איינצואָרדענען אין איר אַ יידישע מלוכה. אויף דעם קליינעם שטיקל טעריטאָריע געפינען זיך, ווי עס ווערט אָנגעגעבן, אַרום 540,000 יידן און 400,000 אַראַבער. (איך נעם די ציפערן ווי זיי זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אין פאַרלויף פון די דעבאַטן אין דער „יו־ען" וועגן דער צעטיילונג פון פּאַלעסטינע). מען דאַרף האָבן זייער גרויסע כּוחות צו אָרגאַניזירן און אויפהאַלטן אַ מלוכה מיט אַזאַ גרויסער פיינטלעכער מינאָריטעט. אָנגענומען, אַז די יידישע צאָל וועט שפּעטער אַ סך פאַרגרעסערט ווערן, אָבער ווי האַלט מען אויף אַזאַ מלוכה ביז דעם שפּעטער? בפרט נאָך ווען אָט די גרויסע פיינטלעכע מינאָריטעט, וועלכע גלויבט, אַז די מלוכה דאַרף גאָר באַלאַנגען צו איר, האָט אַזאַ גרויסע צאָל העלפער הינטער זיך.

עס איז גוט פאַר די, וואָס גלויבן, אַז זיי וועלן גובר זיין אַלע שוועריקייטן מיט זייערע אייגענע כּוחות. אָבער מיר פעלט אָט־דער גלויבן.

ווען איך לייען אין די צייטונגען די באַריכטן* וועגן דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין פּאַלעסטינע, פיל איך ווי מיין האַרץ וואָלט ליגן אונטער אייז. און ווי עס זעט אויס, דאַרפן מיר זיין צוגעגרייט צו לייענען אָט די טרויעריקע באַריכטן פאַר אַ לאַנגער צייט. עס איז ניט קיין מלחמה פון צוויי אַרמייען, וואָס קעמפן איינע קעגן דער אַנדערער און מען דאַרף בלויז וואַרטן ביז איין אַרמיי וועט באַזיגן די צווייטע און די מלחמה וועט זיין געענדיקט. אין פּאַלעסטינע איז איצט ניט קיין מלחמה, נאָר אַ בלוטיקער געשלעג, וואָס קיינער קען ניט זאָגן, ווען ער וועט אויפהערן, אויב עס זאָל זיך ניט אַריינמישן אַן אויסנווייניקסטע מאַכט, וואָס וועט דעם געשלעג אָפּשטעלן.

די לאָגיק דאַרף זיין, אַז די „יו־ען", וואָס האָט באַשלאָסן, אַז די יידן זיינען באַרעכטיקט צו אַ מלוכה אין פּאַלעסטינע, דאַרף העלפן די יידן קריגן זייער רעכט. די „יו־ען" ווייסט, אַז די יידן קענען ניט מיט זייערע אייגענע כּוחות אַליין פירן אַ קאַמף מיט די אַראַבער אין און אַרום פּאַלעסטינע, וועלכע ווילן זיי ניט דערלאָזן זיך צו באַנוצן מיט דעם רעכט, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן. די „יו־ען" דאַרף ניט בלויז העלפן די יידן גרינדן און איינאָרדענען זייער מלוכה, נאָר דאַרף זיי אויך העלפן איר באַשיצן און באַפעסטיקן. וועט אָבער די „יו־ען" עס טאָן?

פאַרלויפיק האָט די „יו־ען" ניט קיין פּאָליציייִשע און ניט קיין מיליטערישע מאַכט עס צו טאָן. און ווען זי זאָל עס איצט פּרובירן שאַפן, וועט זיך אָנפאַנגען אַ פראַגע וועגן זייער וויכטיקער פּאָליטיק.

---

* געשריבן דעם 13טן דעצעמבער 1947. ח. ש. ק.



# קאַרל מאַרקס און די יידן־פּראַגע

קאַרל מאַרקס האָט וועגן יידן אָנגעשריבן בלויז איין אַרטיקל. וועגן דעם דאָזיקן אַרטיקל זאָגט פּראַנץ מעהרינג, דער פּראָפעסאָר פון דער געשיכטע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד און דער רעדאַקטאָר פון קאַרל מאַרקס' „נאַכלאַס", אַז דאָס איז דאָס בעסטע און דאָס גענילסטע, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבן, בעת פּראָפעסאָר בולגאַקאָוו זאָגט, אַז דאָס וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבן וועגן דער יידן־פּראַגע האָט אויף אים געמאַכט דעם אָפּשטויסנדסטן איינדרוק און ער קען זיך ניט דערקלערן ווי אַזוי קאַרל מאַרקס האָט געקענט מאַכן אַזאַ שאַרפן, באַליידיקנדן אָנגריף אויף דעם פאָלק פון וועלכן ער שטאַמט אַליין אַרויס.

וועלכע מיינונג איז די ריכטיקע ? — מיט דעם גרעסטן רעספּעקט צו פראַנץ מעהרינגס ברייטער און טיפער קענטניש פון סאָציאַליזם און זיין אומפאַרגלייכלעך גרויסער בקיאות אין קאַרל מאַרקס, מעג מען דאָך צו זיין מיינונג וועגן דעם אַרטיקל פון קאַרל מאַרקס איבער דער יידן־פּראַגע, זיך פאַרהאַלטן גאַנץ פאַרזיכטיק. פראַנץ מעהרינג אַליין איז זייער שטאַרק געשטרויכלט אין אַנטיסעמיטישע געפילן. זיי זיינען אים געבליבן בירושה פון יענע צייטן, איידער ער איז נאָך געוואָרן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. עס שיינט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז ביי פראַנץ מעהרינג געווען אַזוי שטאַרק איינגעוואָרצלט אין זיין יוגנט, אַז ער האָט זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען, ווען ער איז אַפילו געוואָרן אַ סאָציאַליסט און איינער פון די פראָמינענטסטע טעאָרעטיקער און שריפטשטעלער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פראַנץ מעהרינג האָט אַפילו אין זיין געשיכטע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווען ער קומט צו פערדינאַנד לאַסאַל, זיך ניט געקענט באַפרייען פון זיינע אַמאָליקע אַנטיסעמיטישע טעאָריעס. אין זיין פאַרגלייך, וואָס ער מאַכט צווישן פערדינאַנד לאַסאַל און קאַרל מאַרקס, געפינט זיך זייער אַ שטאַרקע דאָזע אַנטיסעמיטיזם. פערדינאַנד לאַסאַל האָט קיין חן ניט געפונען אין די אויגן פון פראַנץ מעהרינג. זיינע הויפּט־חסרונות געפינט ער אין דער יידישקייט פון לאַסאַלן. לאַסאַל האָט זיך ניט באַפרייט פון יידנטום און דאָס האָט אויף אים געהאַט די שעדלעכסטע ווירקונג, בעת קאַרל מאַרקס האָט זיך פולשטענדיק באַפרייט פון יידנטום און ער איז דעריבער געווען פריי פון דער שעדלעכער ווירקונג פון יידנטום אויף זיין געדאַנקען־גאַנג און אויף זיין לערע — דאָס איז די מיינונג פון פראַנץ מעהרינג.

פראַנץ מעהרינג האָט זיך פון זיינע אַנטיסעמיטישע טעאָריעס ניט געקענט באַפרייען אַפילו אין דער לעצטער צייט, ווען ער האָט געשריבן זיין פאָררעדע אין דעם „נאַכלאַס" פון קאַרל מאַרקס צו דעם אַרטיקל די „יידן־פּראַגע". די דאָזיקע פאָררעדע איז געשריבן געוואָרן אין אַ צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדער פּנים, ווי אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל. די פאָררעדע איז פון פראַנץ מעהרינגן געשריבן געוואָרן, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט מיט זיך שוין מער ניט פאָרגעשטעלט אַ בורזשואַזן קלאַס, ווי אין די פערציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט אין דייטשלאַנד, ווען קאַרל מאַרקס האָט זיין אַרטיקל געשריבן. די פאָררעדע איז פון

פֿראַנץ מעהרינג געשריבן געוואָרן שוין לאַנג נאָך דעם, ווי קאַרל קאַוטסקי האָט געשריבן זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידן־פֿראַגע, וואו ער פֿאַרנעמט אַ פֿולשטענדיק קעגנגעזעצטן שטאַנדפּונקט, ווי קאַרל מאַרקס אין זיין אַרטיקל. נאָך מער. די פֿאָררעדע פֿון פֿראַנץ מעהרינג איז געשריבן געוואָרן, ווען די יידישע ארבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט שוין געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט און ווען די יידישע פֿאָלקסמאַסן זיינען באַצייכנט געוואָרן אַלס די טרעגער פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אין זיין פֿאָררעדע צו דעם אַרטיקל פֿון קאַרל מאַרקס וועגן דער יידן־פֿראַגע, דערקלערט פֿראַנץ מעהרינג, אַז די יידן אין דייטשלאַנד האָבן זיך ניט באַטייליקט אין דער לויבנסווערטער אַרבעט פֿון די דייטשע דענקער און דיכטער. בלויז מענדעלזאָן האָט זיך פֿאַרדינט געמאַכט פֿאַרן דייטשן פֿאָלק דערמיט וואָס ער האָט געאַרבעט צו קולטיווירן די יידן. אָבער טאַקע פֿון מענדעלזאָנס אַרבעט גופֿא, זאָגט מעהרינג, קען מען זען ווי וויט די יידן זיינען געשטאַנען פֿון דעם גייסטיקן לעבן פֿון דער דייטשער נאַציע. מענדעלזאָן האָט געמוזט איבערזעצן די ביבל אין דער דייטשער שפּראַך מיט יידישע בוכשטאַבן, דאָס באַווייזט, אַז די יידן האָבן אַפֿילו רעכט דייטש ניט געקענט. די שפּראַך פֿון די יידן איז דאַמאָלט געווען, דערציילט מעהרינג, אַ יידיש־דייטשער זשאַרגאָן, אַ שרעקלעכער געמיש פֿון פֿאַרדאָרבענע דייטש, העברעאיש, סלאַוויש און אַנדערע שפּראַכן. דאָס יידישע פֿאָלק האָט, הייסט עס, נאָך אַ לאַנגע צייט ניט געקענט זיין קיין אַקער־פֿעלד פֿאַר דער זריעה פֿון דער דייטשישער קלאַסישער ליטעראַטור און פֿילאָזאָפֿיע.

פֿון דער דאָזיקער קורצער באַמערקונג קען מען זען ווי עכט נאַציאָנאַל־גערמאַניש און ווי באַשרענקט און קאָנסערוואַטיוו פֿראַנץ מעהרינגס בליק איז נאָך אַ סך שפּעטער פֿון מאַרקסן געבליבן וועגן דער יידן־פֿראַגע.

ערשטנס, איז די באַהויפּטונג פֿון פֿראַנץ מעהרינג פֿאַקטיש ניט ריכטיק, אַז די יידן האָבן זיך ניט באַטייליקט אין דער אַרבעט פֿון די דייטשע דענקער און דיכטער. ווען פֿראַנץ מעהרינג האָט זיינע באַהויפּטונגען געשריבן, האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז צווישן די גרויסע דייטשע דענקער ווערט גערעכנט דער ייד פֿערדינאַנד לאַסאַל און אַז צווישן די גרעסטע דייטשע דיכטער ווערט גערעכנט דער ייד היינע, דער פּאָפּולערסטער דיכטער אין דייטשלאַנד. ער האָט אויך געוואוסט, אַז די יידן לודוויג בערנע און סאַפֿיר רעכענען זיך צווישן די דייטשע קלאַסיקער.

צווייטנס, באַטראַכט פֿראַנץ מעהרינג די יידן־פֿראַגע בלויז פֿון אַ ריין דייטשן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. עס האַנדלט זיך ביי אים בלויז וועגן דעם, אויף וויפֿל די יידן זיינען דייטשן און אויף וויפֿל די יידן זיינען דורכגעדרונגען מיט דער דייטשער קולטור און אויף וויפֿל זיי האָבן מיטגעהאָלפֿן דער דייטשער קולטור אין איר אַנטוויקלונג. אַז די יידן אין דייטשלאַנד האָבן געקענט בלייבן ביי זייער אייגענער קולטור און זיך אַנטוויקלען אויף זייער אייגענער אַרט, פֿאַלט אים גאָר ניט איין.

עס וועט אָבער דאָך זיין דורכויס פֿאַלש, ווען מען זאָל אָנרופֿן פֿראַנץ מעהרינגן אַנטיסעמיט. שטאַרקער ווי אַלע וואָלט קעגן אַזאַ נאָמען פֿראַנץ מעה־

רינג אַליין פּראָטעסטירט. ער וואָלט אַפּילו ניט קענען באַגרייפן ווי אַזוי מען קען אים חושד זיין אין אַנטיסעמיטיזם, ווען ער אַליין האָט פאַר די לעצטע פאַר צענדיק יאָר אַנגעפירט אַזאַ ענערגישן קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד.

אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּאָליטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד. אַנטיסעמיטיזם באַצוועקט צו באַשרענקען די רעכט פון די יידן. אַזאַ באַוועגונג איז רעאַק־ציאָנער און דאַרף פאַרדאַמט ווערן. קעגן אַזאַ באַוועגונג מוז מען קעמפן מיט דער גאַנצער ענערגיע. אָבער עס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט אַנטיסעמיטיזם, ווען מען קריטיקירט דאָס יידנטום, ווייל קריטיק דאַרף זיין פריי. אַזוי ווי מען מעג קריטיקירן דאָס קריסטנטום, מעג מען אויך קריטיקירן דאָס יידנטום. די יידן דאַרפן אין דעם פּרט ניט זיין מער פּריווילעגירט ווי די קריסטן. פראַנץ מעהרינג זאָגט עס אויך טאַקע אין איין פּלאַץ.

אָבער גאַנץ גלייך וואָס עס דאַרף זיין דער ריכטיקער נאָמען פון פראַנץ מעהרינגס באַציאונג צום יידנטום, מיר זיינען געוואוינט צו באַצייכנען אַזאַ באַ־ציאונג מיט דעם נאָמען אַנטיסעמיטיזם, הגם לויט דעם דייטשן באַגריף איז אַזאַ באַצייכנונג דורכאויס פאַלש.

מען דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז די באַגייסטערונג פון פראַנץ מעהרינג פאַר דעם אַרטיקל פון קאַרל מאַרקס, איז גיכער געקומען פון די שאַרפע, געפּע־פּערטע אויסדרוקן וואָס געפינען זיך אין אים וועגן יידנטום, איידער פון די גרויסע אמתן, וועלכע זיינען אין אים אַרויסגעזאָגט געוואָרן. דער אַרטיקל האָט איינפאַך אַפּעלירט צו זיינע געפילן, וועלכע זיינען אין אים געבליבן פון זיינע יונגע יאָרן און וועלכע ער האָט פון זיך ניט געקענט אויסוואָרצלען אין זיין טיפן סאָציאַליסטישן עלטער.

די אַנטריסטונג פון פּראָפעסאָר בולגאַקאָוו איבער דעם אַרטיקל פון קאַרל מאַרקס איבער דער יידן־פראַגע איז אַלנפאַלס אַ מער באַרעכטיקטע, ווי פראַנץ מעהרינגס באַגייסטערונג. די אויסדרוקן וואָס קאַרל מאַרקס באַנוצט אין זיין אַרטיקל מוזן אַרויסרופן אַנטריסטונג. אָבער אויך פּראָפעסאָר בולגאַקאָוו האָט שטאַרק איבערטריבן אין זיין אַנטריסטונג. קאַרל מאַרקס האָט דאָך ניט געמיינט אַזוי שלעכט, ווי זיינע שאַרפע אַנגריפן מאַכן דעם איינדרוק. אַלנפאַלס דאַרף ניט און קען ניט דער אַרטיקל פון קאַרל מאַרקס אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַן אויסדרוק פון אַנטיסעמיטיזם, ווי מיר פאַרשטייען אים היינט. און נאָך וויניקער קען מען פון אים דרינגען, אַז קאַרל מאַרקס, דער קעמפער פאַר גערעכטיקייט, פאַר גלייכהייט און פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע אונטערדריקטע, איז געווען אַן אַנטיסעמיט.

און דער פאַקט איז, אַז ווען עס איז געווען אַ פראַגע וועגן אונטערדריקטע, פאַרפאָלגטע אָרעמע יידן, האָט זיך קאַרל מאַרקס פאַר זיי אָנגענומען.

אין אַ זאַמלונג פון קאַרל מאַרקס' אַרטיקלען אונטערן נאָמען „דהי איס־טערן קוועשטשאָן" געפינט זיך אַן אַרטיקל מיט דער איבערשריפט „מוסולמאַנער און קריסט", אין וועלכן ער נעמט זיך אָן פאַר די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע יידן אין ירושלים. ער שרייבט דאָרט אַזוי:

„עס איז ניטאָ אַזוינס, וואָס קען פֿאַרגלײַכן ווערן מיט דעם עלנד און פּיין פֿון די יידן אין ירושלים. זיי וואוינען אין דעם שמוציקסטן קוואַרטאַל פֿון שטאָט און זיי זיינען די שטענדיקע קרבנות פֿון דער מוסולמאַנער אומטאָלעראַנץ און אונטערדריקונג. זיי ווערן באַליידיקט פֿון די גריכן און פֿאַרפֿאָלגט פֿון די לאַ־טיינער. זיי לעבן בלויז פֿון די אָרעמע נדבות, וואָס זיי באַקומען פֿון זייערע ברידער אין אייראָפּע. כּדי צו מאַכן די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן נאָך מער אומגליקלעך, האָבן ענגלאַנד און פּרייסן אין יאָר 1840 באַשטימט פֿאַר ירושלים אַ בישאָף, וועמעס ווירקלעכע אויפֿגאַבע איז די יידן אָפּצושמדן".

עס לייגט זיך ניט אויפֿן שכל, אַז אַן אַנטיסעמיט זאָל קענען שרייבן אַזעלכע ווערטער. האָט ווער עס איז געהערט, אַז אַן אַנטיסעמיט זאָל זיך אָננעמען פֿאַר יידן און פּראָטעסטירן פֿאַרוואָס מען וויל זיי אָפּשמדן?

נאָר לאָמיר צוערשט זען, וואָס אין דעם אַרטיקל איז וועגן דער יידן־פֿראַגע געשריבן געוואָרן, אונטער וועלכע אומשטענדן ער איז געשריבן געוואָרן און אין וואָס פֿאַר אַ צייט.

דער אַרטיקל פֿון קאַרל מאַרקס איבער דער יידן־פֿראַגע איז געשריבן גע־וואָרן אין יאָר 1844, פֿיר יאָר פֿאַר דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. פֿאַר די יידן אין דייטשלאַנד האָבן דעמאָלט עקזיסטירט פֿאַרשיידענע באַגרענצונגען און באַשרענקונגען. אָם ערגסטן איז געווען די לאַגע פֿון די יידן אין פּרייסן. צווישן אַלע אַנדערע פּאָליטישע און רעכטלעכע פֿראַגן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג אין די רעוואָלוציאָנערע און ליבעראַלע קרייזן אין פּרייסן איז אויך געשטאַנען די יידן־פֿראַגע, דאָס הייסט די גלייכבאַרעכטיקונג אָדער די עמאַנציפּאַציע פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג.

די פּרייסישע רעגירונג האָט געפֿירט אַן אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. זי האָט געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס די צאַרישע רעגירונג אין רוסלאַנד. זי האָט באַנוצט די יידן אַלס אַ בליץ־אָפּלייטער פֿאַר דעם צאָרן פֿון פֿאָלק. אָנהעצנדיק דאָס אומ־צופֿרידענע פֿאָלק אויף די יידן, האָט די דייטשע רעאַקציאָנערע רעגירונג זיך דערוויל באַפֿרייט פֿון דעם צאָרן פֿון פֿאָלק וואָס איז געווען געריכטעט קעגן איר. דער באַרימטער לודוויג בערנע האָט פֿאַרגליכן די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פֿון דער דייטשער רעגירונג צו דער טאַקטיק פֿון די אינדיער, ווען זיי ווילן פֿאַנגען אַ ריזן־שלאַנג. זיי לאָזן לויפֿן פֿאַראויס אַן אָקס, דער ריזן־שלאַנג כאַפּט זיך אַרום אים אַרום, צעדריקט אים און פֿרעסט אים אויף. נאָך דעם גרויסן, פֿעטן מאָלצייט, וואָס ער האָט געהאַט, שלאָפֿט דער ריזן־שלאַנג איין און דאַן נעמען אים זיינע יעגער געפֿאַנגען. דאָס איז אויך געווען די טאַקטיק פֿון דער דייטשער רעגירונג מיט דעם דייטשן פֿאָלק. זי פֿלעגט די דייטשע מאַסן אָנרייצן אויף די יידן, זיי פֿלעגן זיך פֿאַרשכורן מיט „יידן־האַס", אַריינוואַרפֿן אין אַ שלע־פֿעריקן פּאָליטישן צושטאַנד, און דעמאָלט פֿלעגט די רעגירונג קענען טאָן מיטן פֿאָלק, וואָס זי האָט געוואָלט.

די יידן־פֿראַגע איז געוואָרן אַ טייל פֿון דעם פּראָגראַם פֿון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. מען האָט געזוכט אויף איר אַן ענטפֿער, אָבער די באַציאונג צו די יידן אין דייטשלאַנד איז אַפֿילו צווישן די רעוואָלוציאָ־נערע קרייזן געווען ניט קיין איבעריקס פֿריינטלעכע.

די יידן אין דייטשלאַנד, ניט קוקנדיק אויף אַלע באַשרענקונגען און באַגרענעצונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט פֿאַר זיי, האָבן זיך דאָך עקאָנאָמיש געפֿונען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע. אַ גאַנץ גרויסער טייל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג האָט באַלאַנגט צום בורזשואַזנעם קלאַס, קיין אַרבעטער זיינען צווישן די דייטשע יידן כמעט ניט געווען. די יידישע באַפֿעלקערונג אין דייטשלאַנד איז באַשטאַנען פֿון אַ געלט־און אַ האַנדלס־קלאַס, פֿון גרויס־בורזשואַזיע, מיטל־בורזשואַזיע און קליין־הענדלער. אַ באַדייטנדער טייל האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט וואוכער, גרויסע פּראָצענטניקעס און קלענערע.

עס איז אמת, אַז די יידישע באַפֿעלקערונג אין דייטשלאַנד האָט אויך געהאַט אַ גאַנץ גרויסע צאָל אינטעליגענטן און געלערנטע, אָבער פֿילע פֿון דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיך געהאַלטן פֿרעמד און אָפּגעזונדערט פֿון זייער אייגענעם פֿאָלק, מאַסן האָבן זיך געשמדט און ניט ווייניק פֿון זיי זיינען געוואָרן ערגערע אַנטיסעמיטן, ווי די דייטשן גופֿא.

די פֿאָדערונג פֿון גלייכבאַרעכטיקונג פֿאַר יידן צווישן אַ גרויסן טייל פֿון די דייטשע רעוואָלוציאָנערן און ליבעראַלן איז ניט „געקומען פֿון אַ סימפּאַטיע־געפֿיל צו דער פֿאַרפֿאָלגטער יידישער באַפֿעלקערונג, נאָר פֿון אַן אַלגעמיינעם פּאָליטיש־רעכטלעכן פּרינציפּ. אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן האָט מען ניט באַטראַכט די אונטערדריקונג פֿון יידן אַלס אַן אונטערדריקונג פֿון שוואַכע. זיי האָבן גיכער באַטראַכט די יידן פֿאַר שטאַרקע, פֿאַר אַ שטאַרקן עקאָנאָמישן קלאַס, וואָס האָט אַ גרויסע מאַכט אין לאַנד, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס עקזיסטירן קעגן אים פּאָליטישע און בירגערלעכע באַשרענקונגען.

די באַציאונג צום יידישן פֿאָלק, וואָס האָט עקזיסטירט אין יענער צייט אין דייטשלאַנד, גיט איבער לודוויג בערנע אין איינער פֿון זיינע שריפֿטן, וואו ער זוכט צו דערקלערן פֿון וואַנען עס נעמט זיך די שנאה פֿון די דייטשע פֿאָלקס־מאַסן און פֿון אַ גרויסן טייל פֿון דער דייטשער אינטעליגענץ צו די יידן. לודוויג בערנע באַמערקט, אַז דער האַס און דער קאַמף פֿון דעם דייטשן פֿאָלק קעגן דער דייטשער אַריסטאָקראַטיע, האָט דעם דייטשן פֿאָלק אויך פֿיינטלעך געמאַכט קעגן די יידן. דאָס דייטשע פֿאָלק האָט געזען ביי די יידן די מאַכט פֿון הערשאַפֿט פּונקט ווי זי האָט עס געזען ביי דער אַריסטאָקראַטיע. די יידן און דער אַדעל, די פּערזענלעכע אַריסטאָקראַטיע און די מיטגעבוירענע, די הערשאַפֿט פֿון געלט און די הערשאַפֿט פֿון אַריסטאָקראַטישן יחוס, זיינען ביידע צוזאַמען באַטראַכט געוואָרן פֿון דייטשן פֿאָלק אַלס די זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די פֿעאָדאַליסטישע מאַכט אין דייטשלאַנד. דער קאַמף קעגן דער געבוירענער אַריסטאָקראַטיע האָט דעריבער אויך אַרויסגערופֿן דעם קאַמף קעגן דער פּערזענלעכער אַריסטאָקראַטיע, קעגן דער יידישער געלט־מאַכט. דערמיט דערקלערט זיך אויך וואָס אַפֿילו אַזאַ ליבעראַלער פֿילאָזאָף, ווי פֿיכטע, איז געווען ניט פֿריינטלעך צו יידן.

דערצו דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט נאָך עטוואָס: אין יענער צייט האָבן די „יונג־העגעליאַנער״, די דייטשע אינטעליגענץ, וועלכע האָט געזוכט דורך דער הילף פֿון העגעלס פֿילאָזאָפֿיע צו פֿאַרשפּרייטן פֿרייהייטס־אידייען צווישן דייטשן פֿאָלק, אָנגעפֿירט זייער אַן ענערגישן קאַמף קעגן דער קריסטלעכער רע־

ליגיע, און עס איז געווען ניט מער ווי לאָגיש, אַז אַנפּירנדיק אַ קאַמף קעגן קריסטנטום זאָלן זיי אויך אָנפירן אַ קאַמף קעגן יידנטום.

אָט דאָס איז געווען די אַטמאָספער, אין וועלכער קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע.

קאַרל מאַרקס, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז אַליין געבוירן געוואָרן פון יידישע עלטערן, איז לויט זיין דערציאונג און זיין געזעלשאַפטלעכן פאַרקער אין גאַנצן געווען פרעמד מיט דער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט מיט איר קיין פאַרבינדונגען ניט געהאַט און קיין פאַרקער ניט געהאַט. ער האָט זי ניט געקענט און עס קען מעגלעך זיין, אַז קאַרל מאַרקס וואָלט קיין מאָל די יידן־פראַגע ניט באַרירט, ווען ניט אַן אָפּהאַנדלונג פון ברונאָ באַוער, אַ געוועזענער פריינט פון קאַרל מאַרקס, איבער דער יידן־פראַגע, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַראינטערעסירט און האָט זי גענומען אונטער זיין שאַרפן קריטישן מעסער.

די אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידן־פראַגע פון ברונאָ באַוער איז דערשינען אין יאָר 1843, און דער גרונט־געדאַנק, וואָס ווערט אין איר דורכגעפירט, איז דער פאָלגנדער:

ווי לאַנג דער שטאַט איז קריסטלעך און די יידן זיינען יידיש, קענען זיי ניט דערוואַרטן קיין באַפרייאונג, ווייל אייגנטלעך, וועלכע פרייהייט פאָדערן די יידן? פאָדערן זיי רעליגיעזע פרייהייט? — דאָס איז דאָך אָבער אוממעגלעך צו דערוואַרטן פון דעם קריסטלעכן שטאַט. די יידישע רעליגיע איז דאָך טויט־פיינטלעך צו דער קריסטלעכער, טאָ ווי אַזוי קען זי דערוואַרטן פון איר פריי־הייט? פאַרלאַנגען די יידן בירגערלעכע פרייהייט? — דער דייטש אַליין האָט דאָך ניט קיין בירגערלעכע פרייהייט. פאָדערן זיי פרייהייט אַלס מענטשן? — ניט דער ייד און ניט דער דייטש, צו וועמען ער אַפּעלירט, זיינען מענטשן.

צווישן דעם ייד און קריסט, זאָגט ברונאָ באַוער, עקזיסטירט אַ טיפער קעגנזאַץ. די יידן פאַרלאַנגען, אַז די קריסטן זאָלן אויפגעבן זייערע פאָראורטיילן קעגן יידן, אָבער אויב עס האַנדלט זיך וועגן אויפגעבן פאָראורטיילן, טאָ פאַרוואָס זאָלן די יידן ניט אויפגעבן זייערע פאָראורטיילן קעגן קריסטנטום?

נאָר ווי קען דאָך געלייזט ווערן די יידן־פראַגע? — די איינציקע לייזונג פון דער יידן־פראַגע, לויט ברונאָ באַוערס מיינונג, קען קומען, ווען עס וועט אָפּגעשאַפט ווערן דער קעגנזאַץ צווישן ייד און קריסט, און דאָס קען בלויז דאַן געשען, ווען עס וועט אָפּגעשאַפט ווערן די רעליגיע.

די אָפּשאַפונג פון רעליגיע איז דאָס ציל, פאַר וועלכן עס דאַרף געקעמפט ווערן, און כדי דעם דאָזיקן ציל צו דערגרייכן דאַרפן די יידן קעמפן צוזאַמען מיט די קריסטן. אָבער זיי דאַרפן קעמפן בלויז אַלס מענטשן און ניט אַלס יידן, ווייל אַלס יידן קענען זיי זייער באַפרייאונג ניט קריגן. דערביי דענקט ברונאָ באַוער, אַז אין דעם דאָזיקן קאַמף דאַרפן די יידן זיין די ערשטע, וועלכע דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון זייער רעליגיע, ווייל דאָס קריסטנטום איז שוין אַ שריט פאָרווערטס אין דער מענטשלעכער באַפרייאונג.

קאַרל מאַרקס איז אַרויסגעטרעטן קעגן דעם שטאַנדפּונקט פון ברונאָ באַוער. דער ערשטער און גרעסטער טייל פון מאַרקס' אַרטיקל איבער דער יידן־פראַגע פאַרנעמט זיך מיט קריטיק פון ברונאָ באַוערס שטאַנדפּונקט. קאַרל מאַרקס ווייזט

מיט רעכט אָן, אַז דער הויפּט־פעלער פון ברונאָ באַוערס שטאַנדפונקט באַשטייט אין דעם, וואָס ביי אים איז די יידן־פראַגע בלויז אַ רעליגיעזע פראַגע. דאָס איז אָבער דורכויס פאַלש. אויב די יידן־פראַגע וואָלט געווען בלויז אַ רעליגיעזע אָדער טעאָלאָגישע, וואָלט זי אין אַלע לענדער געדאַרפט טראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער, אין אַמעריקע פונקט אַזוי ווי אין דייטשלאַנד. אין דער ווירקלעכקייט איז דאָך דאָס אָבער ניט אַזוי. מיר זעען, אַז די לאַגע פון די יידן איז בעסער אין די לענדער, וואו די רעליגיע איז אָפּגעטיילט פון דעם שטאַט. אָבער דערמיט וואָס די רעליגיע איז אָפּגעטיילט פון שטאַט, ווערט די רעליגיע ניט אָפּגעשאַפט. דער בעסטער באַווייז איז אַמעריקע. די רעליגיע איז טאַקע אָפּגעטיילט פון שטאַט, אָבער די רעליגיע איז דאָך גענוג שטאַרק איינגעוואָרצלט ביי דעם אַמעריקאַנער. דערמיט וואָס דער שטאַט באַפרייט זיך פון דער רעליגיע, באַפרייט זיך נאָך ניט דער מענטש פון איר. עס קען זיין אַ פרייער שטאַט, אָבער דער מענטש אַליין זאָל דאָך ניט זיין פריי. אויף וויפל עס האַנדלט זיך, הייסט עס, וועגן רעליגיע אין דער יידן־פראַגע, דאַרף מען ניט גיין אַזוי ווייט ווי ביז דער אָפּשאַפונג פון רעליגיע אין אַלגעמיין, נאָר עס איז גענוג די אָפּטיילונג פון דער קירך פון שטאַט.

קאַרל מאַרקס באַהויפּטעט דעריבער, אַז די יידן־פראַגע קען ניט באַטראַכט ווערן בלויז אַלס אַ רעליגיעזע, און זי קען דעריבער ניט געלייזט ווערן דורך דער אָפּשאַפונג פון רעליגיע, פונקט ווי די אַלגעמיין־מענטשלעכע באַפרייאונג קען ניט געלייזט ווערן דורך דער אָפּשאַפונג פון רעליגיע, ווי ברונאָ באַוער גלויבט. עס איז אמת, זאָגט קאַרל מאַרקס, אַז די רעליגיע פאַרהאַלט דעם פּראָצעס פון דער מענטשלעכער באַפרייאונג, אָבער רעליגיע איז ניט קיין אורזאַך, נאָר אַ דערשיינונג פון רעאַלע באַציאונגען, און אונטערגראָבנדיק דעם רעאַלן באָדן פון דער רעליגיע, וועט די רעליגיע שוין אַליין פאַרשווינדן.

ווען מען וויל דעריבער באַטראַכטן די יידן־פראַגע, זאָגט קאַרל מאַרקס, דאַרף מען באַטראַכטן דעם וועלטלעכן יידן, ניט דעם שבת־יידן. מען דאַרף ניט זוכן די געהיימניש פון דעם יידן אין זיין רעליגיע, נאָר די געהיימניש פון דער יידישער רעליגיע אין דעם ווירקלעכן יידן.

און דאָ שטעלט קאַרל מאַרקס די פראַגע: „וואָס איז דער וועלטלעכער יסוד פון יידנטום?” און ער ענטפערט: דער וועלטלעכער יסוד פון יידנטום איז „דאָס פּראַקטישע בעדירפניש, דער אייגננוץ”. און קאַרל מאַרקס גייט אַזוי אָן ווייטער מיט פראַגן און ענטפערס:

„וואָס איז דער וועלטלעכער קולט פון יידנטום?” — „דער שאַכער”.

„וואָס איז זיין וועלטלעכער גאָט?” — „דאָס געלט”.

און פאַרטיק ווערנדיק מיט די פראַגן און ענטפערס, גייט קאַרל מאַרקס איבער צו די פאָלגנדע קורצע און שאַרפע באַהויפּטונגען:

— די עמאַנציפּאַציע (באַפרייאונג) פון שאַכער און געלט, דאָס הייסט, פון רעאַלן, פּראַקטישן יידנטום, וואָלט זיין די זעלבסט־עמאַנציפּאַציע פון אונדזער צייט.

— אַן אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט, וואָס זאָל אוממעגלעך מאַכן דעם שאַכער, וואָלט געמאַכט אוממעגלעך די יידן.

— דאָס איצטיקע יידנטום איז אַן אַלגעמיינער אַנטי־סאָציאַלער עלעמענט, וועלכער איז דורך דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג געטריבן געוואָרן צו אַזאַ הויך, אַז ער מוז זיך אויפלייזן.

— דער יסוד פון דער יידישער רעליגיע איז עגאָאיזם, אייגענניץ. עגאָאיזם איז דער פרינציפּ פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

— געלט איז דער יידישער גאָט. געלט האָט דערנידריקט אַלע געטער פון די מענטשן און זיי פאַרוואַנדלט אין אַ סחורה. דער יידישער גאָט (געלט) איז געוואָרן דער וועלט־גאָט. דער ווירקלעכער יידישער גאָט איז דער וועקסל.

— די יידן האָבן זיך אַזוי ווייט עמאַנציפּירט, אַז די קריסטן זיינען געוואָרן יידן. די געלט־מאַכט איז געוואָרן אַ וועלט־מאַכט און דער יידן־גייסט איז געוואָרן דער פּראַקטישער גייסט פון די קריסטלעכע פעלקער.

— דאָס קריסטנטום איז אַרויסגעוואַקסן פון יידנטום, נאָר עס האָט זיך אין אים ווידער אויפגעלייזט. דער קריסט איז אַמאָל געווען דער טעאָרעטישער ייד, דער ייד אָבער איז געוואָרן דער פּראַקטישער קריסט, און דער קריסט איז דעריבער ווידער אַ ייד געוואָרן.

און פון די אַלע באַהויפּטונגען קומט קאַרל מאַרקס צו דעם פאָלגנדן שלוס: די געזעלשאַפטלעכע עמאַנציפּאַציע פון די יידן איז די עמאַנציפּאַציע פון דער געזעלשאַפט פון יידן, ווי ער דריקט זיך אײן מאָל אויס, אָדער די יידן־עמאַנציפּאַציע אין איר לעצטער באַדייטונג איז די עמאַנציפּאַציע פון דער מענטשהייט פון יידנטום, ווי ער דריקט זיך אַ צווייטן מאָל אויס.

אָט דאָס איז אין קורצן די מיינונג פון קאַרל מאַרקס וועגן דער יידן־פראַגע און וועגן יידנטום — די יידישע באַפרייאונג ליגט אין דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פון יידנטום. דאָס יידנטום מוז פאַרשווינדן, די געזעלשאַפט מוז זיך פון אים באַפרייען, ווייל דאָס יידנטום איז אַן אַנטי־סאָציאַלער עלעמענט.

עס איז ניט נויטיק צו מאַכן קיין פּירושים אויף די „קאָמפּלימענטן", מיט וועלכע קאַרל מאַרקס באַשיט דאָס יידנטום, ווייל זיי זיינען גענוג קלאָר און פאַרשטענדלעך אָן פּירושים. מען קען אָבער גלייך זען, אַז קאַרל מאַרקס, קריטיקירנדיק ברונאָ באַוערן, פאַרוואָס ער האָט די יידן־פראַגע באַטראַכט אַלס אַ רעליגיעזע, אָדער טעאָלאָגישע פראַגע, האָט געמאַכט ניט קיין קלענערן פעלער, ווי ברונאָ באַוער, באַטראַכטנדיק די יידן־פראַגע אַלס אַ קלאַסן־פראַגע. אין אַלע זיינע באַטראַכטונגען און באַהויפּטונגען איז ביי קאַרל מאַרקסן דער באַגריף יידנטום דאָס זעלביקע, וואָס בורזשואַזיע און קאַפּיטאַליזם. דאָס יידנטום איז ביי קאַרל מאַרקסן דער אַנטוויקלטער, קריסטאַליזירטער קאַפּיטאַליזם און דער ריינסטער אויסדרוק פון אים.

קאַרל מאַרקס האָט פאַר זיינע אויגן געהאַט בלויז די יידן אין דייטשלאַנד, און די יידן אין דייטשלאַנד האָבן אין יענער צייט, אין פאַרגלייך מיט די קריסטן, ווירקלעך מיט זיך פאַרגעשטעלט מער אַ קלאַס, ווי אַ נאַציע. דאָס קען נאָך געזאָגט ווערן אויך היינט אויף די יידן אין דייטשלאַנד. די יידישע באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד אין דער צייט פון קאַרל מאַרקס איז, ווי עס איז שוין פריער באַמערקט געוואָרן, באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון דעם בורזשואַזן קלאַס. פאַרמעל האָט קאַרל מאַרקס געהאַט רעכט צו אידענטיפיצירן

דאָס דייטשע יידנטום מיט קאַפּיטאַליזם. און אַזוי ווי אין פֿאַרגלייך מיט דעם קריסטלעכן קאַפּיטאַליזם אין דייטשלאַנד איז דער יידישער געווען פֿיל מער אַנטוויקלט, האָט קאַרל מאַרקס פֿאַר דעם קריסטאַליזירטן קאַפּיטאַליזם גענוצט דאָס וואָרט יידנטום. דער אויסדרוק באַפֿרייאונג פֿון יידנטום איז ביי קאַרל מאַרקסן דאָס זעלביקע וואָס באַפֿרייאונג פֿון קאַפּיטאַליזם.

דער אונטערשייד צווישן ברונאָ באַוער און קאַרל מאַרקס אין דער באַטראַכטונג פֿון דער יידן־פֿראַגע באַשטייט, אַלזאָ, אין דעם, וואָס ביי דעם ערשטן איז עס אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פֿראַגע און ביי דעם צווייטן אַ סאָציאַל־נאַציאָנאַלע. און ווען קאַרל מאַרקס איז פֿולשטענדיק גערעכט אין זיין קריטיק, אַז דער שטאַנדפּונקט פֿון ברונאָ באַוער איז אַ פֿאַלשער, איז אָבער דער שטאַנדפּונקט פֿון קאַרל מאַרקס וועגן דער יידן־פֿראַגע נאָך אַ פֿאַלשערער.

עס ווערט אָנגעוויזן פֿון פֿאַרשיידענע קריטיקער פֿון קאַרל מאַרקס, אַז אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבן זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פֿראַגע, איז ער נאָך אַליין ניט געווען קיין אמתער מאַרקסיסט, ער האָט נאָך ניט געהאַט פֿולשטענדיק אויסגעאַרבעט זיין היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג. און וואָס איז שייך צום יידנטום איז ער געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פֿון דעם פֿילאָזאָף פֿייערבאַך, ווייל אין זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פֿראַגע דריקט ער אויס וועגן יידנטום די זעלביקע געדאַנקען, וואָס פֿייערבאַך, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דאָס יידנטום איז דאָס וועלטלעכע פֿון קריסטנטום, בעת קריסטנטום איז דאָס גייסטיקע פֿון יידנטום, ווייל דער יסוד פֿון יידנטום איז עגאָאיזם און אייגענגוץ. לודוויג פֿייערבאַך זאָגט אין זיין בוך „דאָס וועזען דעס קריסטענטומס״, אַז נוץ, פּראַקטישקייט, תּכלית איז דער העכסטער פּרינציפּ פֿון יידנטום.

באַטראַכטן דאָס יידישע פֿאָלק אַלס קלאַס איז מאַרקסיסטיש פּונקט אַזוי פֿאַלש און נאָך פֿאַלשער, ווי באַטראַכטן די יידן־פֿראַגע בלויז פֿון אַ רעליגיעזטעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, ווי ברונאָ באַוער האָט עס געטאָן.

עס איז ריכטיק, ווי עס איז שוין פֿריער באַמערקט געוואָרן, אַז בנוגע די יידן אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין יענער צייט אין פֿראַנקרייך, האָט מען ווירקלעך געקענט פֿאַרבייטן דעם באַגריף פֿון נאַציע אויף קלאַס, ווייל כּמעט די גאַנצע יידישע באַפֿעלקערונג אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין פֿראַנקרייך האָט געהערט צו דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, אָבער קאַרל מאַרקס רעדט אין זיין אַרטיקל ניט בלויז וועגן דעם יידנטום אין דייטשלאַנד און פֿראַנקרייך, נאָר וועגן דעם יידנטום אין אַלגעמיין. ער זאָגט דאָך גלייך אין אָנהויב פֿון זיין אַרטיקל, אַז אין יעדן לאַנד האָט די יידן־פֿראַגע אַן אַנדער כאַראַקטער. און ווען ער האָט זיך שוין יאָ גענומען צו דער יידן־פֿראַגע האָט ער ניט געדאַרפֿט ציען זיינע שלוסן פֿון די עטלעכע הונדערט טויזנט יידן אין דייטשלאַנד און אין פֿראַנקרייך, נאָר ער האָט געדאַרפֿט שטודירן די צושטאַנדן פֿון די מיליאָנען יידן אין רוסלאַנד, פּוילן און עסטרייך. און וואָלט ער זיך גענומען די מי אַזאַ שטודיום צו מאַכן, וואָלט ער געקומען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן. אַלנפֿאַלס וואָלט ער ניט געקומען צום שלוס, אַז דאָס יידנטום שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ סאָציאַלן קלאַס, אַז יידנטום און קאַפּיטאַליזם איז איינס און דאָס זעלביקע.

קאַרל קאַוטסקי, איינער פֿון די טרייעסטע נאָכפֿאָלגער פֿון קאַרל מאַרקס,

וועלכער האָט זיך געגעבן מער מי ווי קאַרל מאַרקס צו שטודירן די יידן־פראַגע, איז געקומען צו פונקט אַ קעגנגעזעצטן שלוס וועגן יידנטום, ווי קאַרל מאַרקס. אין דעם אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע, וואָס קאַרל קאַוטסקי האָט געשריבן אין דעם יאָר 1872, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין יענער צייט האָט נאָך ניט עקזיסטירט צווישן די יידן אין רוסלאַנד און גאַליציע קיין רעוואָלוציאָנערע מאַסן־באַוועגונג, איז ער דאָך געקומען צום שלוס, אַז מען דאַרף דאָס יידישע פאָלק גיכער פאַררעכנען פאַר אַזוינס, וואָס שטייט נעענטער צום פּראָלעטאַריאַט איידער צו דער בורזשואַזיע, פאַר אַ פאָלק, וואָס העלפט גיכער דער רעוואָלוציע איידער דער רעאַקציע. קאַרל קאַוטסקי האָט בעסער פאַרשטאַנען ווי קאַרל מאַרקס די אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק. ער האָט אין אים געזען ניט קיין איין קלאַס, נאָר קלאַסן, און ער האָט אויך פאַראויסגעזען, אַז די דיפערענצירונג פון די קלאַסן אין יידישן פאָלק וועט פירן דערצו, אַז די גרויסע מערהייט פון יידישן פאָלק וועט זיין נעענטער צום פּראָלעטאַריאַט ווי צו דער בורזשואַזיע. קאַרל קאַוטסקי האָט אויך בעסער פאַרשטאַנען דעם גייסט, וואָס האָט זיך אויס־געאַרבעט ביים יידישן פאָלק. ער האָט געזען, אַז דער יידישער גייסט איז אַ רעוואָלוציאָנערער און אַז ער מוז אַזעלכער זיין צוליב די אונטערדריקונגען און פאַרפאָלגונגען, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אויסצושטיין.

עס איז אמת, אַז צווישן דער צייט, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל, און קאַרל קאַוטסקי זיינעם, זיינען פאַרלאָפן אַן ערך 28 יאָר און אין דער צייט זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דעם לעבן פון יידישן פאָלק, אָבער ווען קאַרל מאַרקס וואָלט ניט געוועזן אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט פון פייערבאַכס טעאָריע, אַז דער יסוד פון יידנטום איז עגאָאיזם און אייגננוץ, וואָלט ער אַפילו אין זיין צייט געקענט באַמערקן, אויך צווישן די דייטשע יידן, אַ שטאַרק אַנטוויקלטן רעוואָלוציאָנערן גייסט.

זיינען עס דאָך געווען די יידן לודוויג בערנע, היינריך היינע מאָזעס העס, יאַקאָבי און פילע פילע אַנדערע, וועלכע האָבן אין זייער אַ גרויסער מאָס געהאָלפן רעוואָלוציאָניזירן די מוחות פון דעם דייטשן פאָלק. איז דאָך אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט זיין אַרטיקל געשריבן, געווען צווישן די יידן אין דייטשלאַנד, לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער יידישער באַפעל־קערונג, אַ גרעסערע צאָל רעוואָלוציאָנערן ווי צווישן די דייטשן.

און קאַרל מאַרקס האָט אין די שפעטערע טעג פון זיין לעבן געקענט זען, אַז צווישן די אַפּאָסטאָלן פון זיין רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער לערע אין דייטשלאַנד, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, האָבן יידן פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ. מאָזעס העס, עדואַרד בערנשטיין, פּאָול זינגער זיינען געווען נעמען, וועלכע קאַרל מאַרקס האָט נאָך געקענט. און ווען קאַרל מאַרקס וואָלט געלעבט ביז דער איצטיקער צייט, וואָלט ער געזען, אַז די פאַרטרעטער פון דעם אומקאָמ־פּראָמיסלעכן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד זיינען דווקא יידן. האַאַזע, קאָהן, שטאַדטהאַגען, בערנשטיין, לוקסענבורג — אַלע יידן — זיינען די פירער פון דער נייער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אַלטער פאַרטיי, וואו שיידעמאַן, דאַוויד און עבערט — אַלע עכטע דייטשן — זיינען די פירער.

נאָר קאַרל מאַרקס האָט פֿאַר זיין לעבן נאָך צייט געהאַט צו הערן, אַז זיין רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע לערע איז אַ יידישע, אַז זי שטאַמט פֿון יידנ־טום און אַז בלויז דער ייד קאַרל מאַרקס האָט געקענט אויפֿבויען אַזאַ טעאָריע, וואָס איז באַגרינדעט בלויז אויף עקאָנאָמישע און מאַטעריאַליסטישע יסודות.

די קעגנער פֿון קאַרל מאַרקס האָבן קעגן זיין היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן סאָציאַליזם באַנוצט די זעלביקע אַרגומענטן וואָס ער האָט באַנוצט קעגן יידנ־טום, זיי האָבן מיט אים געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס ער האָט געטאָן מיט העגעלס דיאַלעקטיק, זיי האָבן זיינע אַרגומענטן קעגן יידנטום איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. די קעגנער פֿון קאַרל מאַרקס האָבן זיין היסטאָרישן מאַטעריאַליזם דער־קלערט מיט דעם מאַטעריאַליזם פֿון יידנטום און זיי האָבן זיין טעאָריע פֿאַר־בונדן מיט זיין יידישער אָפּשטאַמונג.

אַנדערע קעגנער פֿון קאַרל מאַרקס זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן געזוכט צו דערקלערן דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם מיט דעם צעשטערנדן גייסט פֿון דעם פֿאָלק, פֿון וועלכן דער באַגרינדער פֿון דער דאָזיקער לערע שטאַמט אַרויס. בלויז אַ זון פֿון דעם יידישן פֿאָלק, וואָס איז אַן „אַנטי־סאָציאַלער עלעמענט", האָט געקענט באַשאַפֿן אַזאַ אַנטי־סאָציאַלע טעאָריע; בלויז אַ קינד פֿון דעם פֿאָלק וואָס באַזיצט אַ צעשטערנדן גייסט, האָט געקענט שאַפֿן אַזאַ סאָציאַל־צעשטערנדע טעאָריע, האָבן זיי געזאָגט.

און ניט בלויז קעגנער, נאָר אויך פֿריינד פֿון קאַרל מאַרקס האָבן זיינע לערן פּרובירט פֿאַרבינדן מיט זיין יידישער אָפּשטאַמונג, מיט דעם יידנטום, וואָס ער האָט געירשענט פֿון זיינע עלטערן און אור־עלטערן. זיי האָבן געזאָגט: די לערן פֿון סאָציאַלער גלייכהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט פֿון די יידישע נביאים, די גערעכטיקייט אויף דער מאַטעריעלער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, ניט אָפּלייגנדיק איר אויף אַ מיסטעריעזער וועלט נאָכן טויט, זיינען איבערגעגאַנגען אין דעם יידישן פֿאָלק פֿון דור צו דור, ביז זיי האָבן געקראָגן זייער אויסדרוק אין דעם מאָדערנעם, היסטאָריש־מאַטעריאַליסטיש באַגרינדעטן סאָציאַליזם, וועלכער איז פֿאָרמולירט און באַגרינדעט געוואָרן פֿון יידן.

די עקאָנאָמישע לערע פֿון דעם ייד ריקאַרדאָ אין ענגלאַנד, די סאָציאַליס־טישע לערע פֿון דעם ייד פֿערדינאַנד לאַסאַל און דער היסטאָריש־מאַטעריאַליס־טישער סאָציאַליזם פֿון דעם ייד קאַרל מאַרקס האָבן געשאַפֿן דעם מאָדערנעם סאָ־ציאַליזם, די לערע פֿון סאָציאַלער גלייכהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט, אויף וועלכער די נייע מענטשלעכע געזעלשאַפֿט דאַרף זיין געגרינדעט.

דער פֿאַרשטאָרבענער פּראָפֿעסאָר הילטי, פֿון בערנער אוניווערזיטעט, האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט וועגן דעם בוך „קאַפּיטאַל" פֿון קאַרל מאַרקס אַזוי: „קאַפּיטאַל" פֿון מאַרקס איז אַ לאַנגע צייט געווען די ביבל פֿון סאָציאַל־עקאָ־נאָמישער לערע. אַלע קריטיקן, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן איבער „קאַ־פּיטאַל", האָבן ניט געהאַט קיין וויסנשאַפֿטלעכן ווערט. דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ וויסנשאַפֿטלעכע קריטיק איבער „קאַפּיטאַל", וועלכע דאַרף גענומען ווערן ערנסט, איז עדואַרד בערנשטיין. עס האָט געמוזט קומען אַ ייד, וואָס זאָל קענען אָנשרייבן אַווירקלעכע קריטיק אויף דעם געניאַלן ווערק פֿון אַן אַנדער יידן.

פראַנץ מעהרינג האָט פּרובירט פאַרשטעלן קאַרל מאַרקסן אַלס איינעם, וואָס האָט זיך פולשטענדיק באַפרייט פון יידנטום, די וועלט אָבער האָט פראַנץ מעהרינגס מיינונג ניט אָנגענומען. די וועלט האָט ניט באַפרייט מאַרקסן פון יידנטום, ניט זיינע קעגנער און ניט זיינע פאַרערער ווילן אים באַפרייען פון יידנטום. סאַי זיינע קעגנער, סאַי זיינע פאַרערער זוכן אין זיינע לערן דאָס יידנטום, וואָס קאַרל מאַרקס האָט גע׳ירשנט, און פון וועלכן ער האָט זיך ניט געקענט באַפרייען.

מאַנכע ווילן אַפילו דערקלערן די שאַרפע מעטאָדן פון אַנאַליטישער קריטיק, וועלכע קאַרל מאַרקס האָט גענוצט, זיין חריפות, זיין פּילפּול־גייסט און זיין ליבע צום וואָרט־שפּיל וואָס ער האָט אַזוי גלענצנד באַנוצט, מיט זיין יידישער אָפּשטאַמונג. מען וויל דערקלערן, אַז די אַלע אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן האָט קאַרל מאַרקס באַקומען בירושה פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, פון דער פאַמיליע רבנים און גאונים, פון וועלכע ער שטאַמט אַרויס.

עס איז אַווירקלעכע איראָניע פון דעם שיקזאַל, אַז דאָס יידנטום, קעגן וועלכן קאַרל מאַרקס איז אַזוי שאַרף אַרויסגעטרעטן, איז שפּעטער אַזוי ענג פאַרבונדן געוואָרן מיט זיין לערע.

נאָר ניט אין זיינע באַציאונגען צו יידן אַליין האָט קאַרל מאַרקס געמאַכט אַזאַ גרויסן פעלער, ער האָט פונקט דעם זעלביקן פעלער געמאַכט אין זיינע באַציאונגען צו די סלאַוויאַנישע פעלקער.

אַן ערך אין דער זעלביקער צייט, נאָענט צו דער רעוואָלוציע פון דעם 48־טן יאָר, ווען ער האָט באַצייכנט די יידן אַלס אַן אַנטי־סאָציאַלן עלעמענט, פון וועלכן די מענטשלעכע געזעלשאַפט דאַרף זיך באַפרייען, האָט ער אומגעפער געשריבן דאָס זעלביקע וועגן די סלאַוויאַנישע פעלקער אין עסטרייך. ער האָט באַצייכנט די סלאַוון אין עסטרייך אַלס די שטיצע פון רעאַקציע, ווייל די סלאַוון זיינען אַ פּויערים־קלאַס, וועלכע לעבן נאָך אין אַ פּאַטריאַרכאַלישן צו־שטאַנד און זיי מוזן דעריבער זיין רעאַקציאָנער און קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

נאָך פיל שאַרפער איז קאַרל מאַרקס אַרויסגעטראָטן קעגן די סלאַוון, ווען עס האָט זיך נאָך דעם 48־טן יאָר אָנגעפאַנגען די קאָנטער־רעוואָלוציע אין עסט־רייך. אין איינעם פון זיינע אַנטי־סלאַוויאַנישע אַרטיקלען דריקט ער זיך אויס, אַז די קומענדיקע וועלט־מלחמה וועט אָפּווישן פון דער ערד אַזעלכע רעאַקציאָ־נערע פעלקער, ווי די סלאַוון, און דער מענטשלעכער פּראָגרעס וועט מער קיין שטערונג ניט האָבן אין זיין וועג.

אין אַלגעמיין באַנוצט קאַרל מאַרקס אַ שאַרף פעפערדיקע שפּראַך ניט בלויז ווען ער ווערט אין כעס אויף מענטשן, נאָר אויך אויף פעלקער. אין דעם בריוו־וועקסל צווישן קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס געפינט מען אַזעל־כע אויסדרוקן ווי „פרייסישע הינט״, „נידערטרעכטיקע פרייסן״, סלאַווישער שמוץ״, „פאַרפוילטע ענגלענדער״, „לויזיקע יענקיס״ א. אַ. וו.

קאַרל מאַרקס האָט מיט די סלאַוון געמאַכט פונקט דעם זעלביקן פעלער ווי מיט די יידן. ער האָט די סלאַוון באַטראַכט ניט אַלס פאָלק, נאָר אַלס אַ קלאַס. די יידן האָט ער באַטראַכט פאַר אַ בורזשואַזן קלאַס און די סלאַוון פאַר אַ פּוי־ערים־קלאַס. ווען קאַרל מאַרקס וואָלט אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבן

זיינע אַרטיקלען וועגן יידן און וועגן די סלאַוון, געווען דער פולער מאַרקסיסט, אין וועלכן ער האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט, וואָלט ער אַזאַ פעלער ניט געקענט מאַכן. זיין אייגענע מאַרקסיסטישע לערע וואָלט אים אונטערגעזאָגט, אַז מיט דער צייט וועט אויך ביי די סלאַוון אויסוואַקסן אַ פּראָלעטאַריאַט און אַז די רע־אַקציאָנערע סלאַוון וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין רעוואָלוציאָנערן, ווי דאָס האָט אויך פּאַסירט.

קאַרל מאַרקס האָט ניט דערלעבט די צייט צו זען, ווי סיי די יידן און סיי די סלאַוון, וועלכע ער האָט באַצייכנט אַלס ניט־סאָציאַלע עלעמענטן, פון וועלכע די געזעלשאַפט דאַרף זיך באַפרייען, זיינען גאָר היינט די רעוואָלוציאָנערסטע עלעמענטן אין דער וועלט. דאָס רעוואָלוציאָנערסטע פאָלק אין עסט־רייך איז היינט אַ סלאַווישע, דאָס טשעכישע פאָלק, און די גרעסטע רעוואָלוציע אין דער וועלט האָט געמאַכט אַ סלאַוויש פאָלק, די רוסן, און דער זויער־טייג פון דער רוסישער רעוואָלוציע זיינען געווען די יידן.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם פעלער, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געמאַכט אין זיינע באַציאונגען צו יידן און צו די סלאַווישע פעלקער, וועט עס דאָך זיין פאַלש צו באַהויפּטן, אַז מאַרקס איז געווען אַן אַנטיסעמיט, פּונקט ווי עס וועט זיין פאַלש צו באַהויפּטן, אַז ער איז געווען אַן אַנטי־סלאַוויאַנער.

קאַרל מאַרקס האָט פיינט געהאַט ניט די יידן נאָר דעם בורזשואַזן קלאַס, וועלכן ער האָט אידענטיפיצירט מיטן יידנטום, און ער האָט פיינט געהאַט ניט די סלאַווישע פעלקער, נאָר דעם דאַמאָלסדיקן פּויערים־קלאַס, וועלכער איז געווען רעאַקציאָנער און קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

פאַר דעם אַנטיסעמיט איז קיין אונטערשייד ניט פון וועלכע קלאַסן דאָס יידישע פאָלק באַשטייט. ער האָט פיינט דעם יידישן אַרבעטער, דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, די יידישע פאָלקס־מאַסן פּונקט ווי די יידישע בורזשואַזיע. די קעגנערשאַפט פון קאַרל מאַרקס צום יידנטום האָט זיך אָבער בלויז באַגרע־נעצט אויף דעם, וואָס ער האָט באַטראַכט די יידן פאַר אַ קלאַס פון בורזשואַזיע. ער האָט ניט געהאַסט דעם יידן אין דעם בורזשואַ, נאָר דעם בורזשואַ אין דעם יידן. און גראָד איז עס אַזוי געווען, דאָס אין יענער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט זיין אַרטיקל געשריבן, האָט מען דעם פולשטענדיק קריסטאַליזירטן בורזשואַ אין דייטשלאַנד געפונען אין דעם יידן.

קאַרל מאַרקס האָט אין אַלגעמיין זיך ניט פיל אָפּגעגעבן מיט דער נאַציאָ־נאַלער פראַגע, און ווען ער האָט פאַרבייגייענדיק איר דערמאָנט, האָט ער זי ניט באַהאַנדלט אין דעם זין, ווי מיר פאַרשטייען זי היינט. ווען קאַרל מאַרקס רעדט וועגן נאַציע מיינט ער דעם שטאַט, ניט די נאַציאָנאַליטעט. די איינהייט, דאָס גאַנצע איז דער שטאַט. די סלאַוויאַנישע פעלקער אין עסטרייך, אַלס באַ־זונדערע נאַציאָנאַליטעטן מיט באַזונדערע שטרעבונגען און נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, האָבן ניט קיין אינטערעס פאַר קאַרל מאַרקס, זיי אינטערעסירן אים בלויז אַלס טיילן פון דעם עסטרייכישן שטאַט און אויף וויפל זיי העלפן דעם פּראָגרעס פון שטאַט אָדער שטערן אים. דאָס זעלביקע איז ביי אים אויך דאָס יידישע פאָלק. די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק אַלס אַ באַזונדערע נאַציאָנאַליטעט, מיט אַן אייגנאַרטיקער קולטור און מיט אַן אייגענער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, נעמט

ער אין גאַנצן ניט אין באַטראַכט. די יידן אינטערעסירן אים אויך אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל זיי זיינען אַ טייל פֿון דעם דייטשן שטאַט און שפּילן אַ ראָלע אין דעם לעבן און אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם דייטשן שטאַט.

די נאַציאָנאַלע פֿראַגע, ווי מיר פֿאַרשטייען זי היינט, די טיילונג צווישן נאַציאָנאַליטעט און שטאַט, איז פֿאַרהעלטניסמעסיק אַ גאַנץ נייע אויפֿפֿאַסונג פֿון די לעצטע פֿאַר צענדליק יאָר. אין דער צייט ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיינע אַרטיקלען וועגן די סלאַווישע פֿעלקער און וועגן די יידן, האָט מען וועגן דער איצטיקער אויפֿפֿאַסונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע ווייניק געוואוסט. אין ליבעראַלע און אין סאָציאַליסטישע קרייזן איז די קאָסמאָפּאָליטישע אידייע דאַמאָלט געווען די הערשנדע. די אַסימילירונג און די פֿאַרשמעלצונג פֿון נאַציעס, באַזונדערס פֿון די קליינע און ניט־זעלבשטענדיקע נאַציעס, איז געווען אַן אַנגענומענער אמת. דער קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פֿון די קליינע און ניט זעלבשטענדיקע נאַציעס האָט זיך דאַן ווייניק געפֿילט אַפֿילו אין עסטרייך, וואָס איז היינט דער כאַראַקטעריסטישער נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט, און פֿון וואַנען אַלע מאָדערנע טעאָריעס וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע שטאַמען אַרויס. באַטראַכטן די יידן־פֿראַגע פֿון דעם איצטיקן מאָדערנעם נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז דאַן געוויס געווען אוממעגלעך. עס האָט דאַמאָלט איבערהויפּט ניט עקזיסטירט קיין נאַציאָנאַלע באַוועגונג צווישן יידן אין קיין לאַנד, און צווישן די דייטשע יידן וואָלט דאַן די נאַציאָנאַלע אידייע, ווי מיר פֿאַרשטייען זי היינט, געווען מער ווי אומבאַגרייפֿלעך.

און ווי גרויס קאַרל מאַרקס איז ניט געווען, האָט ער אויך נאָר געקענט צוטרעטן צו דער יידן־פֿראַגע אין די ראַמען פֿון די באַגריפֿן, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין זיין צייט. ער האָט אָבער געמאַכט דעם פֿעלער, וואָס ער האָט די יידישע נאַציע פֿאַרגעשטעלט אַלס אַן איינהייטלעכן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן קלאַס, וועלכער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופֿע פֿון שעדלעכקייט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט און ער מוז דעריבער אויפֿגעלייזט ווערן. ווען קאַרל מאַרקס וואָלט באַטראַכט די יידישע נאַציע אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג, ווען ער וואָלט צו דער יידן־פֿראַגע אַנגעווענדעט זיין דיאַלעקטישע מעטאָדע, וועלכע ער האָט שפּעטער אַזוי טיפֿזיניק און ברייט אַנטוויקעלט, ווען ער וואָלט זיך געהאַלטן אויך אין דער יידן־פֿראַגע פֿאַר דעם כּלל, אַז „אַלץ פֿליסט, אַלץ ענדערט זיך", וואָלט ער געקומען צו אַ גאַנץ אַנדערן שלוס וועגן די יידן, ווי אין זיין אַרטיקל, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1844.

אָבער ניט קוקנדיק אויף אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, וועגן קאַרל מאַרקסעס פֿאַלשן צוגאַנג צו דער יידן־פֿראַגע, איז עס דאָך ניט רעכט צו פֿאַרבינדן מאַרקס' נאָמען מיטן אַנטיסעמיטיזם. איך האָב שוין פֿריער אָנגעגעבן פֿאַרוואָס דאָס דאַרף ניט געטאָן ווערן. איך וויל אָבער צום שלוס נאָך עטוואָס צוגעבן.

איינער פֿון קאַרל מאַרקסעס באַוואונדערער איז געווען מאָזעס העס, דער פֿאַרפֿאַסער פֿון „רוים און ירושלים". משה העס קען מען זאָגן איז געווען דער ערשטער יידישער באַרימטער סאָציאַליסט, וואָס האָט זיך דערטראַכט צום ציוניסטישן געדאַנק, נאָך מיט אַ סך יאָרן פֿריער, איידער די ציוניסטישע באַוועגונג

איז געשאַפֿן געוואָרן. אַפֿילו נאָך מיט אַ רעכט ביסל יאָרן, איידער די חובבי ציון־באַוועגונג איז געבוירן געוואָרן. אָט דער משה העס שרייבט אין זיינעם אַ בריף צו דעם באַרימטן יידיש־דייטשן שריפֿטשטעלער בערטאָלד אָורבאַך וועגן דעם ווי אַזוי ער איז באַקאַנט געוואָרן, זייענדיק אין דער אוניווערסיטעט־שטאָט באָן, מיט אַ וואונדערלעכן יונגן געלערנטן און פֿילאָזאָף, וואָס זיין נאָמען איז דר. קאַרל מאַרקס. ער רעקאָמענדירט דערביי אָורבאַכן, אַז ער זאָל ניט אויסלאָזן די געלעגנהייט זיך מיט אים צו טרעפֿן, ווייל די באַקאַנטשאַפֿט וועט אים פֿאַרשאַפֿן אַ סך פֿרייד. ער שרייבט אים:

„דו קענסט זיין גרייט, אַז דו וועסט זיך באַקענען מיט דעם גרעסטן, אפֿשר דעם איינציקן איצט לעבנדן פֿילאָזאָף, וועלכער וועט, קירצלעך אויפֿטרעטנדיק אין דער עפֿנטלעכקייט, ציען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דייטשלאַנד. ער שטייט לויט זיין פֿילאָזאָפֿישער גייסטבילדונג ניט בלויז העכער פֿון שטראַוס, נאָר אויך פֿון פֿייערבאַכן. וואָלט איך קענען זיין אין באָן, ווען ער וועט האַלטן אין דער אוניווערסיטעט זיינע לעקציעס איבער לאָגיק, וואָלט איך געוועזן זיין פֿלייסיקסטער צוהערער. אַזאַ מענטשן האָב איך מיר שטענדיק געוואונטשן צו האָבן פֿאַר אַ לערער פֿון פֿילאָסאָפֿיע. איצט פֿיל איך ערשט ווי ווייניק איך ווייס פֿון דער אמתער פֿילאָסאָפֿיע. אָבער איך וועל זיך אָננעמען מיט גערולד. איך וועל נאָך אויך איצט עטוואָס לערנען".

משה העס ענדיקט זיין בריף מיט די פֿאָלגנדע ווערטער:

„דר. מאַרקס, אַזוי הייסט מיין אָפּגאָט, איז נאָך אַ גאַנץ יונגער מאַן (ער איז העכסטנס 24 יאָר אַלט). ער וועט דער מיטלאַלטערלעכער רעליגיע און פּאָליטיק געבן דעם לעצטן קלאַפּ, ער פֿאַרבינדט מיט דער טיפֿסטער פֿילאָסאָפֿיע דעם שאַרפֿסטן וויץ. שטעל זיך פֿאָר רוסאָ, וואָלטער, האָלבאַך, לעסינג, היינע און העגעל פֿאַראייניקט אין איין פּערזאָן, איך זאָג פֿאַראייניקט, ניט צונויפֿגעמישט, און דו האָסט פֿאַר זיך דר. מאַרקס".

משה העס איז געווען מיט 6 יאָר עלטער ווי קאַרל מאַרקס, עס הייסט, אַז ווען ער האָט דעם בריף געשריבן איז ער שוין געווען באַוואוסט אַלס דער פֿאַרפֿאַסער פֿון דעם בוך די „הייליקע געשיכטע דער מענטשהייט", וועלכע ער האָט געשריבן אונטער דעם איינפֿלוס פֿון שפּינאָזאָס פֿילאָסאָפֿיע. מען קען דעריבער ניט זאָגן, אַז זיין באַוואונדערונג פֿון קאַרל מאַרקס' גרויסקייט און זיין באַגייסטערונג פֿאַר אים איז געווען אַן איינגעלשע.

משה העס האָט שפּעטער מיטגעאַרבעט מיט קאַרל מאַרקסן אין דעם בוך „די דייטשע אידעאָלאָגיע", אין יאָר 1845. איך דערמאָן דעם יאָר צוליב דעם, ווייל מיט אַ יאָר פֿריער איז אין די „דייטש־פֿראַנצויזישע יאַר־ביכער" געדרוקט געוואָרן קאַרל מאַרקסעס אַרטיקל „צור יודען פֿראַגע", צוליב וועלכן מען באַשולדיקט מאַרקסן אין אַנטיסעמיטיזם. אָבער ווי איך פֿאַרשטיי, האָט משה העס ניט געהאַלטן, אַז קאַרל מאַרקס איז אַן אַנטיסעמיט. ווען משה העס וואָלט געהאַלטן קאַרל מאַרקסן פֿאַר אַן אַנטיסעמיט, וואָלט ער זיכער ניט געאַרבעט צוזאַמען מיט אים.

נאָר אפֿשר קען מען זאָגן, אַז אין 1845 איז משה העס נאָך ניט געווען קיין יידישער נאַציאָנאַליסט און ער האָט דעריבער ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן

קעגן קאַרל מאַרקסעס אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע. עס קען זיין, אַז ער אַליין און די אַנדערע יידישע סאָציאַליסטן זיינען געווען איינשטימיק מיט דעם, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבן אין זיין דערמאָנטן אַרטיקל און האָבן עס ניט באַטראַכט פאַר אַנטיסעמיטיזם. דער פאַקט איז, אַז אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל וועגן דער יידן־פראַגע, האָט ער געלאָזט וויסן אַרנאָלד רוגע, אַז ער וויל אונטערשרייבן אַ פעטיציע צום פּרייסישן לאַנד־טאָג, אַז עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די אויסנאַמס־געזעצן קעגן די יידן אין רהיינלאַנד און אַז זיי זאָלן קריגן גלייכע רעכט.

אַז קאַרל מאַרקס האָט געהאַט אַ שלעכטע מיינונג וועגן די יידן אין דייטש־לאַנד, קען ניט זיין קיין פראַגע. אָבער האָבן אַ שלעכטע מיינונג וועגן די יידן אין דייטשלאַנד, בפרט אין דער צייט פון קאַרל מאַרקס, און זיין אַן אַנטיסעמיט — זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן. מען קען געפינען אין ציוניסטישע שריפטן אַ סך שלעכטע ווערטער וועגן די דייטשע יידן, אין מאַנכע פאַלן נאָך ערגערע ווערטער, ווי קאַרל מאַרקס האָט וועגן זיי געזאָגט, אָבער עס וועט קיינעם ניט איינפאַלן צו זאָגן, אַז זיי, די ציוניסטישע שרייבער, וואָס האָבן געשריבן די האַרבע ווערטער וועגן די דייטשע יידן, זיינען אַנטיסעמיטן.

אָבער לאָמיך איבערלאָזן משה העס און דערמאָנען וואָס אַן אַנדער פּראָ־מינענטער ייד האָט געטראַכט וועגן קאַרל מאַרקס און וועלכער האָט אָנגעהאַלטן מיט אים אַ נאָענטע פריינדשאַפט. דאָס איז געווען דער באַרימטער יידישער היס־טאָריקער היינריך גרעץ.

איך וויל דאָ איבערגעבן איינעם פון די בריף וואָס היינריך גרעץ האָט גע־שריבן צו קאַרל מאַרקס. איך וויל דערביי אָנמערקן, אַז דער בריף איז גע־שריבן געוואָרן אין יאָר 1877, אַן ערך 33 יאָר נאָך דעם, ווי עס איז געדרוקט געוואָרן קאַרל מאַרקסעס אַרטיקל „צור יודען־פראַגע״, און עס איז קיין צווייפל ניט, אַז היינריך גרעץ, דער גרויסער יידישער היסטאָריקער, האָט דעם אַרטיקל געלייענט.

אָט איז דער בריוו:

„ברעסלוי, דעם 1־טן פעבר׳ 77.

הויך געערטער פריינד!

און ווען איר וואָלט אַפילו באַגאַנגען דעם גרעסטן פאַרברעך — דעם לעצטן פון די מלכים געהאַט אויפגעהאַנגען אויף די געדערים פון דעם לעצטן פון די כהנים, וואָלט איך אייך אויך מוחל געווען — אַזוי שטאַרק האָבן מיך אונטער־געקויפט אייער בריוו, די בייגעלייגטע בילדער און די געשעצטע שריפטן. יאָ, איר האָט מיר פאַרשאַפט דערמיט גרויס פרייד, וואָס איז נאָך פאַרשטאַרקט גע־וואָרן דורך דעם לאַנגן וואַרטן אויף אַ ידיעה פון אייך. דיביידע פאָטאָגראַפיעס דערמאָנען מיר כסדר די אָנגענעמע, הגם קורצע צייט פון אונדזער באַקאַנטשאַפט אין קאַרלסבאַד. נעמט אָן ביידע מיין דאַנק דערפאַר.

אייער „קאַפּיטאַל״ פאָדערט אַן אויספירלעכן און ערנסטען שטודיום, און איך האָב מורא, אַז איך וועל ווייניק וואָס דערפון פאַרשטיין. פאַרקערט, די בראָשורע "The Civil War" לייען איך מיט גרויס הנאה. "Paris All Truth, Versailles All Lie" (פאַריז איז כולו אמת, ווערסאַל איז כולו שקר) — אויב און בעת איר

זאָגט דאָס, פּילט מען, אַזוי ווי דער לעצטער יום־הדין פון דער וועלט־געשיכטע וואָלט אַרויסגעטראָגן דעם דאָזיקן פּסק פון כולו חייב. אָבער איר וועט דאָך פינף צדיקים איבערלאָזן אין ווערסאַל? וועט איר גאָמבעטאַן אַריינגעמען? איך וויל אָבער אַפּריער דורכלייענען דאָס בוך פון ליסאַגאַרע, וואָס אַנטהאַלט דאָך אַ סך פּרטים.

איר האָט מיך אָבער מיט די אָנגענעמע מתנות געבראַכט אין אַ פאַרלעגנ־הייט. איך ווייס ניט, וואָס קען איך אייך פון מיינע ,אַלע ווערק פאַרלייגן ווי אַ פאַרגיטיקונג. דער אינהאַלט פון מיין צוועלף־בענדיקער געשיכטע ליגט היינט ווייט מחוץ פון אייער האָריזאָנט. על כּל פּנים וואָלט מיין אַרבעט וועגן „קהלת" אין אַ געוויסער מאָס געווען פאַר אייך צוגענגלעך, מחמת זיין מחבר, ווי איך פאַרשטיי אים, איז געווען אַ האַרטער רעאַליסט אין מיטן אַ פאַנטאַסטישער און הימל־קוקנדיקער וועלט און האָט דעם מוט געהאַט צו זאָגן קלאָר, אַז די רעאַל עקסיסטירנדיקע די וועלט איז וויכטיקער ווי די ספּקדיקע יענע וועלט. און האָט נאָך מיט 1900 יאָר צוריק געפּרייִדיקט די רעאַביליטירונג פון חומר. ווען דער טעקסט פון מיין פּירוש (צו דעם ווערק) וואָלט נאָר ניט געווען אַזוי שטאַרק איבערגעמישט מיט העברעאיש! באמת, חשובער פריינד, אויב איר האָט אַ ביסל חשק דאָס בוך צו זען, זאָל זיין אַפילו נאָר פון אינטערעס וועגן צום מחבר פון פּירוש, וואָלט עס געווען פאַר מיר אַ פרייד עס אייך צו שיקן".

עס לייגט זיך מיר ניט אויפן שכל, אַז היינריך גרעץ וואָלט געהאַלטן פאַר אַזאַ יחוס אָנצוהאַלטן אַ פריינדשאַפט מיט קאַרל מאַרקס, ווען ער וואָלט אים באַטראַכט פאַר אַן אַנטיסעמיט. פיל מער, עס וואָלט געווען שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס האָט גאָר געקענט אָנגעקניפּט ווערן אַזאַ פריינדשאַפט צווישן גרעצן און מאַרקסן, ווען מאַרקס וואָלט באמת געווען אַן אַנטיסעמיט און גרעץ וואָלט אים פאַר אַזעלכן באַטראַכט.

איך ווייס ניט, וואָס גרעץ אַליין האָט געטראַכט וועגן די יידן אין דייטש־לאַנד, אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבן זיין אַרטיקל „צור יודען־פראַגע". גרעץ איז געווען כּמעט אין איין עלטער מיט מאַרקסן (גרעץ איז געבוירן געוואָרן אין 1819 און מאַרקס אין 1818). איך ווייס אויך ניט, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געטראַכט וועגן די יידן פון דייטשלאַנד, אין דער צייט ווען ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט היינריך גרעץ, אָבער עס שיקט זיך מיר עפּעס ניט, אַז ביי דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער היינריך גרעץ זאָל זיך אַנטוויקלען אַזאַ וואַרעמע פריינטשאַפט צו אַן אַנטיסעמיט.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן ,אַז אין דעם זעלביקן בריוו באַקלאָגט זיך גרעץ פאַר מאַרקסן אויף די דייטשע סאָציאַליסטן פאַרוואָס זיי האָבן גע־שלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די קאַטוילִיקן.

ער שרייבט:

„איך ווייס ניט, אויב אונדזערע דייטשע סאָציאַליסטן פאַרדינען אייער סימ־פּאַטיע. זיי האָבן איינפאַך זיך איבערגעגעבן צו דעם טייוול. זיי האָבן זיך פאַר־בונדן מיט די אולטראַ־מאָנטאַנען (קאַטוילִיקן). זיי זיינען אָבער דום ניט איינ־צוזען די געפאַר פון די קאַטוילִיקן פאַר דער פרייהייט און קולטור, אָדער ניט פּרינציפּיעל געגנוג צו ברענגען אַזאַ קרבן. לויט מיין מיינונג זיינען פאַראַן צוויי

פֿיינד, וועלכע שטעלן אין געפֿאַר דעם וואוילשטאַנד און די רו פֿון לאַנד — דאָס זיינען די יעזואיטן און דער מיליטאַריזם. ביידע מוזן פֿון די פֿריינד פֿון ציוויליזאַציע באַקעמפֿט ווערן. איך מוז עס געוויס זיין באַקאַנט, אַז די דעמאָ־קראַטן אין אַמעריקע אַרבעטן מיט יעזואיטישע געלט" (משמעות, אַז גרעץ מיינט דאָ טעמעני האָל אין ניו יאָרק, וועלכע איז אין יענער צייט אין גאַנצן באַהערשט געוואָרן פֿון קאַטויליקן, הויפּטזעכלעך אירישע).

1918

## אַ פּאָר שלום־באַמערקונגען *

איך וויל דאָ מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען און ברענגען עטלעכע ציטאַטן פֿון ציוניסטישע שריפֿטשטעלער פֿון אַ שפּעטערדיקער צייט, וועלכע באַשטעטיקן מיין מיינונג, אַז ניט יעדער, וואָס באַנוצט אַנטיסעמיטישע ווערטער, דאַרף באַ־טראַכט ווערן פֿאַר אַן אַנטיסעמיט.

עס וועט קיינעם ניט איינפֿאַלן צו זאָגן, אַז דר. נחמן סירקין, איינער פֿון די וויכטיקסטע טעאָרעטיקער און וואָרט־זאָגער פֿון די פּועלי־ציון איז געווען אַן אַנטיסעמיט. אָבער דער זעלביקער נ. סירקין האָט געזאָגט אין איינעם פֿון זיינע אַרטיקלען אין דער אַמאָליקער פּועלי־ציוניסטישער טעגלעכער ציטונג „די צייט" (2טן מערץ, 1922), אַז קאַרל מאַרקס' כאַראַקטעריסטיק וועגן יידן אין זיין אַרטיקל „צור יודען־פֿראַגע" איז אַ געניאַלע.

און אָט אַ פּאָר ציטאַטעס פֿון דעם, וואָס דר. נ. סירקין אַליין האָט געשריבן וועגן יידן:

אין דעם נומער „די צייט" פֿון 27סטן פֿעברואַר, 1922, שרייבט דר. סירקין אַזוי:

„אונטער דער נייער פּאָליטיק פֿון פֿרייען האַנדל און אינדוסטריע ווערן איצט די יידן אין (סאָוועט־) רוסלאַנד דאָס אויסשליסלעכע האַנדלס־פֿאָלק, דאָס פֿאָלק פֿון פּריוואַט־באַזיץ און פּריוואַט־ווירטשאַפֿט. כמעט דער גאַנצער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך שוין אין רוסלאַנד פֿאַרוואַנדלט אין דעם יידישן קלאַס־פֿאָלק, וועלכער לעבט אַרום, און פֿון, און אין די לעכער און שפּאַלטן און באַ־העלטענישן פֿון דער גוישער ווירטשאַפֿט. אַלע יידן זיינען איצט אין רוסלאַנד הענדלער, קרעמער, ספּעקוליאַנטן, פֿאַבריקאַנטלעך, קאָנטראַבאַנדיסטן, שמוגלער, פֿאַרמיטלער, לופֿט־מענטשן".

איז עס געגנוג אַנטיסעמיטיש?

דאָס האָט דר. סירקין געשריבן נאָך דעם ווי לענין האָט איינגעפֿירט די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק (נעפּ) אין סאָוועט־רוסלאַנד. און מערקט איך, אַז ער שרייבט ניט וועגן מאַנכע יידן, נאָר וועגן אַלע יידן...

און דר. סירקין קומט צום פֿאָלגנדיקן אויספֿיר:

„עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ פֿאָלק, וואָס האָט ניט קיין אחיזה אין דער פּראָ־דוקציע, וואָס לעבט פֿון דער באַלעבאַטישער ווירטשאַפֿט, מוז אויך געניסן דעם כבוד, דעם אַנזען און די זעלבסטווירדע פֿון דעם איינגעבעטענעם און אַריינ־

* צוגעשריבן אין 1947.

געדרונגענעם פּאַראַזיטן־פֿאָלק. שוין שלאָגן הויך די כוואַליעס פֿון אַנטיסע־מיטיזם אין סאָוועט־רוסלאַנד. און צו די יידישע שונאים פֿון ווייסן מאַנאַרכיסטישן לאַגער שליסן זיך אָן די נייע אויפֿשטייענדיקע שונאים פֿון אַרבעטנדיקן קאָמו־ניסטישן רוסלאַנד, וועלכע קענען ניט מער פֿאַרטראָגן אָט דאָס משונהדיקע גלות־פֿאָלק אָן אַן אייגן לאַנד, אָן אַ ווירטשאַפֿט, אָן כבוד, אָן אַ שפּראַך און אָן אַ קולטור".

דאָ האָט איר, ווי איר זעט, דאָס פּאַראַזיטן־פֿאָלק מיט זיין גאַנצן יחוס, וואָס באַרעכטיקט דעם אַנטיסעמיטיזם.

וועגן די יידן אין ענגלאַנד שרייבט דר. ב. סירקין אין דעם זעלביקן אַרטיקל אַזוי:

„דאָס יידישע פֿאָלק אין ענגלאַנד איז ווידער אַריינגעשטופּט געוואָרן אין דער ניט־פּראָדוקטיווער לעבנס־פֿאָרם, און שוין שטייט דאָס גאַנצע ענגלישע פֿאָלק אַנטקעגן דעם קליינינקן יידישן גלות־מיעוט מיט אויפֿגעהויבענע פֿויסטן, מיט אָפֿענער שנאה און מיט טיפֿער פֿאַראַכטונג און פֿאַרווינשונג".

באַמערקט, אַז דאָס גאַנצע ענגלישע פֿאָלק האָט אויפֿגעהויבן די פֿויסטן קעגן דעם יידישן פֿאָלק אין ענגלאַנד צוליב זיין ניט־פּראָדוקטיווער לעבנס־פֿאָרם.

און דר. סירקין קומט צום שלוס, אַז:

„יידן הערן אויף אין גאַנצן צו זיין אַ פֿאָלק פֿון אַרבעט. ממילא ווערט בטל דער יידישער זעבסטבאַוואוסטזיין, די יידישע קולטור, די יידישע לעבנס־פֿעאי־קייט, און אַרום דעם איינגעבעטענעם גלות־פֿאָלק שפּינט זיך אַ נעץ פֿון שנאה, פֿון פֿאַראַכטונג, וועלכע וועט באַלד אָנהויבן ווערגן בלוטיק דעם אינטערנאַציאָ־נאַלן ייד־הענדלער, אין וועלכן דער ייד־אַרבעטער און ייד־סאָציאַליסט האָבן זיך געמוזט משונהדיק פֿאַרוואַנדלען".

ווי איר זעט, האָט איר דאָ אויך דעם אינטערנאַציאָנאַלן ייד־הענדלער, אין וועלכן אַלע יידן האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט, אַפֿילו די יידישע אַרבעטער און יידישע סאָציאַליסטן.

*

אין דעם העברעאישן זשורנאַל „מאזנים" (כרך א׳, חוברת ב׳ טבת, תרצ"ד), וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין פּאַלעסטינע געפֿינט זיך אַן אַרטיקל אונטער דעם נאָמען „חורבן הנפש" פֿון דר. יחזקאל קויפֿמאַן, אין וועלכן ער ברענגט מערערע ציטאַטן פֿון העברעאישע ציוניסטישע שריפֿטשטעלער, וועלכע זיינען שרעקלעך אַנטיסעמיטיש. אָט אייניקע ביישפּילן:

דוד פֿרישמאַן שרייבט אין איינעם פֿון זיינע אַרטיקלען, אַז דאָס לעבן פֿון די יידן איז ווי דאָס לעבן פֿון הינט, וואָס רופֿט אַרויס עקל (חיי היהודים הם כחיי כלבים, מעוררים גועל נפש). י. ח. ברענער שרייבט וועגן די יידן, אַז זיי זיינען ציגיינער, הינט, שמוץ, בלאָטע, העסלעכקייט, פֿאַרעיפּושטער זומפּ (צוענים, כלבים, זוהמא, רפש ונוול, ביצה סרוחה...) א. ל. גאָרדאָן שרייבט, אַז די יידן זיינען פּאַראַזיטן און פּסולע מענטשן (פּרזיטים, אנשים פּסולים). שבדרון שרייבט, אַז די יידן זיינען קנעכט, די געזונקנסטע אין דער טומאה, ווערים, שמוציק און עקלהאַפֿט, פּאַראַזיטן, הינט (עבדים, שפלות שבטומאה, סחי וזוהמא, פּרזיטים, כלבים).

מיר דאַכט, אַז דאָס איז אַ סך ערגער ווי דאָס, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געזאָגט וועגן די דייטשע יידן.

אין דעם זעלביקן זשורנאַל „מאזנים" (כרך ה' חוברת א' תרצ"ט) איז געדרוקט אַן אַרטיקל פֿון אברהם שרון אונטער דעם נאָמען „ביאַליק בצל האנטישימיות הציונית" (ביאַליק אונטער דעם שאָטן פֿון ציוניסטישן אַנטיסעמי־טיזם). אין „מאזנים" פֿון יאָר תרצ"ג געפֿינט זיך אַ לאַנגער אַרטיקל פֿון שבדרון, שטאַרק אַנטיסעמיטיש. דער באַקאַנטער פֿאַרשטאַרבענער שריפֿטשטעלער א. דרויאַנוב האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור „הציונות בפולין", אין וועלכער ער באַ־שולדיקט ביאַליקן, אַז אין זיין אַגיטאַציע פֿאַרן ציוניזם באַנוצט ער אַרגומענטן און באַשולדיקונגען פֿון אַנטיסעמיטן.

דר. י. קויפֿמאַן באַמערקט גאַנץ ריכטיק אין זיין אַרטיקל, אַז די דער־קלערונג, אַז די ציוניסטישע שרייבער זיינען מיט זייערע אַנטיסעמיטישע ווערטער אויסן די טובה פֿון די יידן, קען ניט דינען פֿאַר אַן אַנטשולדיקונג, ווייל אין דעם ענד־רעזולטאַט באַשטעטיקן זיי דאָך מיט זייערע ווערטער די באַהויפּטונג פֿון די אַנטיסעמיטן און באַרעכטיקן אויף אַזאַ אופֿן די שנאה צום יידישן פֿאָלק. און דער פֿאַקט איז, אַז די אַנטיסעמיטן אין דייטשלאַנד האָבן אַרויסגעגעבן זאַמל־ביכער, אין וועלכע זיי גיבן איבער וואָרט פֿאַר וואָרט, וואָס די ציוניס־טישע שרייבער און רעדנער זאָגן וועגן יידן, און אַז זיי באַשטעטיקן מיט זייערע ווערטער אַלץ, וואָס די אַנטיסעמיטן זאָגן וועגן זיי.

די אַנטיסעמיטן אין דייטשלאַנד, נאָך פֿאַר היטלערן, האָבן אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטער דעם נאָמען „יודען ריכטען זיך זעלבסט" (יידן מאַכן אַ משפּט אי־בער זיך אַליין), אין וועלכן עס ווערן געבראַכט אַ סך ציטאַטן פֿון ציוניסטישע שריפֿטן, וואָס זיינען זייער שטאַרק אַנטיסעמיטיש. שפּעטער האָבן די דייטשע אַנטיסעמיטן אַרויסגעגעבן אַ בוך „דער וועג קיין ציון" פֿון קורט מינצער, וואָס איז אָנגעפֿילט מיט אַנטיסעמיטישע ציטאַטן פֿון ציוניסטישע שריפֿטן.

*

צום שלוס וויל איך דאָ איבערגעבן אַ טייל פֿון אַן אַרטיקל פֿון דעם באַ־קאַנטן ציוניסטישן העברעאישן שריפֿטשטעלער דר. ש. דאַווידאָוויץ, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם ענין פֿון ציוניסטישן אַנטיסעמיטיזם.

דער אַרטיקל געפֿינט זיך אין העברעאישן זאַמל־בוך „מצודה", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לאָנדאָן. אָבער אויף וויפֿל איך קען געדענקען, איז אַן ענלעכער אַרטיקל פֿון דר. ראַווידאָוויטש געדרוקט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר פֿריער אין דעם דערמאָנטן זשורנאַל „מאזנים". דר. ש. ראַווידאָוויטש זאָגט אין זיין אַרטיקל דאָס פֿאָלגנדע:

„די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט שטענדיק געזוכט צו געווינען נפֿשות פֿאַרן ציוניזם דורך אַרגומענטן פֿון אַנטיסעמיטיזם, כּדי צו וועקן און באַוועגן דאָס יידישע פֿאָלק, אַז עס זאָל אַרבעטן פֿאַר אַן אייגענער היים און זאָל זאָרגן וועגן זיין נאַציאָנאַלער צוקונפֿט. איך וויל ניט מאַכן צו קליינגעלט די „מאָראַל", וואָס מען קען לערנען פֿון דער פֿיינטשאַפֿט קעגן יידן אויף דער וועלט. פֿונדעסט־וועגן איז נאַציאָנאַל דערוואַכונג, דאָס פּרעדיקן פֿון נאַציאָנאַלער דערהוי־

בונג אין ליכט פון דער וועלט־שנאה צום אייביקן פאלק — איין זאך, און א גאנצע אדער טיילווייזע הסכמה פון די רייד פון אונדזערע אונטערדריקער — אן אנדער זאך. צו מיין גרויס באדויערן, מוז איך מודה זיין, אז פון צייט צו צייט, ווען איך לייען א ציוניסטיש ארטיקל, אדער איך הער זיך צו צו די רייד פון א ציוניסטישן רעדנער, ווייס איך ניט, צי עס רעדט א מיט־ברודער פון מיין לאסט און מיין גורל, איינער פון די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב, אדער אן אויסגעצייכנטער אנטיסעמיט שטייט פאר מיר און באשיט מיך מיט זיינע ליגנס, בלבולים און אויסטראכטענישן. אט שרייבן די חברים אונדזערע, מאנכע פון זיי גלענצנדע ציוניסטישע פובליציסטן, אז דאס יידישע פאלק האט כמעט גארניט געשאפן זינט די תנ״ך־צייטן, אדער אז דאס, וואס עס האט יא געשאפן, האט ניט קיין האפט; און עס איז א פאלק, וואס האסט פיזישע ארבעט און א לעבן פון פראצע; אז אין די פארגאנגענע 18 הונדערט יאר האט עס ניט פארזוכט דעם טעם פון באארבעטן די ערד, ביז דער נייער ישוב האט אנגעהויבן שלאגן ווארצלען אין לאנד פון די אור־עלטערן; אז דאס גאנצע יידישע פאלק, אדער די מאיאריטעט לעבט פון לופט, דערפילט ניט וועלכע ניט איז פאזיטיווע עקאנאמישע אדער גייסטיקע אויפגאבע אויף דער וועלט, א. א. וו.

זיי פארגעסן די פיל הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע האבן געלעבט מיט דער נאטור און באארבעט די ערד אויף דער גאנצער וועלט, אין מיטלאלטער און שפעטער. זיי פארגעסן די באוועגונג פון צוריקקערן זיך צו דער ערד עט־לעכע דורות פאר דעם געבורט פון דער ציון־באוועגונג. זיי פארגעסן די 600 טויזנט יידישע ערד־ארבעטער אין יאר 1931 אין אלע לענדער, וואו יידן לעבן. ווער וועט ביי אונדז נעמען אין באטראכט היסטארישע פאקטן, וואס זיינען, ווי עס זעט אויס, ניט באקאנט ניט דער מחנה דערציער און באווירקער און ניט זייערע לעזער און צוהערער.

מער ווי איין מאל האב איך געהערט און געלייענט ציוניסטישע פארטיי־דיקונגס־רייד לגבי אונדזערע פארלוימדער פון דרויסן אומגעפער אויף אזא שטייגער: קומט קיין ארץ־ישראל און איר וועט זען א נייעם טיפ יידן, און איר וועט זיך איבערצייגן, אז אייערע רייד האבן קיין גרונט ניט... אקוראט ווי די רייד פון די אנטיסעמיטן זיינען „אמת ויציב״ ווען גערעדט ווערן די גלות־יידן, דאס הייסט וועגן דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון יידישן פאלק!

אט, צום ביישפיל, פארעפנטלעכט די ציוניסטישע פרעסע אין יעדער שפראך און מיט פיל באגייסטערונג די „איינדרוקן״ פון אנטיסעמיטישע רייזנדע — אין מלחמה־צייט, צום ביישפיל, די „איינדרוקן״ פון פוילישע געסט אין ארץ־ישראל, וועלכע האבן באזוכט די קאלאניעס און קבוצות פון לאנד; און מאנכע פון די דערקלערן, אז זיי האבן נאך קיין מאל ניט געזען אזעלכע יידן ווי די יידן פון אט דעם לאנד, וואס ארבעטן מיטן שווייס פון זייער פנים, פירן א לעבן פון פראצע און זייען א. א. וו.! און אונדזערע חברים פילן ניט די גרויסע באַ־ליידיקונג, וואס שטעקט אין אט די דעקלאראציעס פון „אנערקענונג און פריינט־שאפט״! מיר מאכן רעקלאמע פאר די רייד פון די אנטיסעמיטן, וועלכע זיינען געוועזן ארומגערינגלט, — אין פוילן, צום ביישפיל, — מיט ארבעטנדיקע יידן, הארעוועדיקע מיטן גוף און מיט דער נשמה פאר אן ארעם שטיקל ברויט אין

שטאַט און אין דאָרף, אויף ווי ווייט די פּוילישע רעגירונג האָט עס זיי נאָר דער־לויבט; יידן, פֿאַר וועלכע מען האָט איינגעאָרדנט געטאָ־מערק און קעגן וועלכע מען האָט אָנגעווענדט אַ באַיקאָט־סיסטעם, באַשטעטיקט פֿון רעגירונגס־אינס־טאַנצן. און איצט האָבן אָט די פֿאַרפֿאָלגער און באַיקאָטירער הנאה, וואָס אין ארץ־ישׂראל איז קיין סימן פֿון אַזעלכע „יידן־פּאַראַזיטן" ניט פֿאַראַן, פּאַראַזיטן פֿון דעם סאָרט, ווי עס זיינען געווען די יידן פֿון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק, וועלכע האָבן יאָרן פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה דערקלערט אַן עלעקטריע־סטרייק און דערמיט געצוואונגען די פּוילישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג בטל צו מאַכן די געטאָ־מערק אין שטאָט. און די „פֿריינטלעכע" רייד פֿון אָט די — העלפֿן עס דער ציוניס־טישער פּראָפּאַגאַנדע... און ווער קוקט און זעט אונדזער שאַנדע!"

די „קאָנגזייטיקע פֿאַרשטענדיקונג", מ'שטיינס געזאָגט, צווישן פֿיל ציוניס־טישע קרייזן פֿון אַלע ריכטונגען און דער אַנטיסעמיטישער וועלט, פֿלעגט מיך שטענדיק שאָקירן. איך האָב זיך מיט איר אָפֿט אָנגעטראָפֿן — און ניט בלויז אין דער ליטעראַטור. עס זיינען דאָך געווען אַ היפּשע צאָל ציוניסטן, וואָס האָבן כמעט תּפֿילה געטאָן — פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה — פֿאַרן זיג פֿון פֿאַשיזם, צוליב ציוניסטישע מאָטיוון. דער פֿאַרשטאָרבענער אַלטער דרויאַנאָוו האָט אויך עדות געזאָגט אויף גוטע און כשרע יידן וואָס פֿלעגן אַרומגיין איבער די ירוש־לימער און תּל־אביבער גאַסן און האַלטן אין בעטן: הלוואַי וואָלט טאַקע אויפֿ־שטיין אַ היטלער אין יעדן לאַנד און אַרויסטרייבן די יידן — דאַן וואָלטן זיי געקומען אין ארץ־ישׂראל. אָט די בעטערס האָבן געהאַט די בעסטע כּוונות פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל.

אָט די דאָזיקע ציוניסטן זיינען דערצויגן געוואָרן אויפֿן ציוניסטישן שטאַנד־פּונקט, אַז ארץ־ישׂראל וועט ניט קענען אויפֿגעבויט ווערן, סיידן אויף דעם חורבן בבל פֿונעם 20סטן יאָרהונדערט, זיין גאַנצער און שנעלער חורבן; און אין דער מאָס ווי די לאַגע פֿון די יידן אין די אַנדערע לענדער וועט ערגער ווערן, וועט אין דער זעלבער מאָס קומען צו אַן אויפֿשטייג פֿון ישוב אין ארץ־ישׂראל.

צי מיין איך דערמיט צו זאָגן, אַז די וואָס בעטן פֿאַר היטלערן, די ציוניסטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן צו פֿיל שלום־מאַכעריי מיט זיין הערשאַפֿט (ווי, צום ביישפּיל, יענער ציוניסט, וועלכער האָט אַמאָל, עפּנטלעך אין דעם הייליקן לאַנד, דערקלערט אַז „פֿון אַ וועלט־פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז אַדאָלף היטלער אונדזער פֿאַרבינדעטער..." זיינען יידישע פֿיינט, ווילן זען דעם אונ־טערגאַנג פֿון פֿאָלק? זיכער ניט. זיי און זייערע מיינונגען און זייערע רייד זאָגן בלויז עדות אויף דער עקסיסטענץ פֿון אַ קנויל שעדלעכע הנחות און געפֿער־לעכע אילוזיעס אין דעם ציוניסטישן געדאַנק, אויף אַ טיפֿער טעאָרעטישער ירידה אין ציוניזם, וואָס קען מאַכן אויפֿציטערן דאָס האַרץ פֿון יעדן צוקוקער, זעענ־דיק די וואָרצלען — מאַנכע אָפֿענע, מאַנכע פֿאַרבאָרגענע אין די טיפֿעענישן פֿון דער אידעע — און די זיינען די געפֿערלעכסטע.

# II

# „בונד" און יידישע אַרבעטער־באַוועגונג

דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין
ווי אַזוי איך בין געקומען צום „בונד"
נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַל־רעכט
די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טעגלעכע צייטונג אין ווילנע
דער „בונד" און ציוניזם
די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע אין אַמעריקע

# דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין

## (אגודת הסציאליסטים העברים)

### 1

דער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט אין אַלע לענדער געפֿונען טרייע און אייפֿעריקע אָנהענגער צווישן יידן. אין דער געשיכטע פֿון סאָציאַליזם באַגעגע־נען מיר זיך אומעטום זייער אָפֿט מיט יידישע נעמען, אַ טייל האָבן געשפּילט די ערשטע ראָלע, אַ טייל — אַ קלענערע ראָלע, אָבער אומעטום איז די פּראָ־צענט־נאָרמע פֿון יידישע סאָציאַליסטן געווען אַ באַדייטנדע. איך וויל זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין חקירות וועגן דעם. ס'איז אָן אַ ספֿק געוויס דאָ באַזונדערע סיבות, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן אַזאַ דערשיינונג, קיין צופֿאַל איז דאָס געוויס ניט. איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטן פֿאַקט, וואָס איז נאָך ווייניק באַקאַנט און וועלכער וועט ביי דעם צוקונפֿטיקן היסטאָריקער, וואָס וועט שרייבן די געשיכטע פֿון סאָציאַליזם צווישן יידן, פֿאַרנעמען אַ וויכ־טיק אָרט און אפֿשר אויך דאָס ערשטע בלעטל. איך מיין דאָ דעם „יידישן סאָ־ציאַליסטישן פֿאַראיין" אין לאָנדאָן (אגודת הסציאליסתים העברים בלונדון), וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1876, 20טן מאַי (כ"ו אייר תרל"ו).

עס איז אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט דעם ערשטן „יידישן סאָציאַ־ליסטישן פֿאַראיין", וואָס זיינע גרינדער האָבן שוין געפֿונען אַ נויטיקייט אין אַזעלכן אין יאָר 1876 אין לאָנדאָן, און וואָס אַנדערע געפֿינען עס נאָך היינט ניט נויטיק אין רוסלאַנד...

די פּראָטאָקאָלן, וואָס זיינען געפֿירט געוואָרן אויף די זיצונגען פֿון פֿאַראיין, און וועלכע געפֿינען זיך איצט אין דעם אַרכיוו פֿון „בונד" אין זשענעוו, דער־ציילן אונדז, אַז „ביום השבת י"ט אייר ה' תרל"ו (1 מאַי 1876) האָבן די יעניקע פּערזאָנען, וואָס האָבן באַשלאָסן צו גרינדן די געזעלשאַפֿט, באַאויפֿטראַגט דעם בירגער אַ. ש. ליבערמאַן אויסצואַרבעטן סטאַטוטן פֿאַר דער געזעלשאַפֿט". דעם פֿאָלגנדן שבת האָט ליבערמאַן פֿאָרגעלייגט די סטאַטוטן, וועלכע ער האָט אויס־געאַרבעט, צו אָפּשטימונג. נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע איז דער פּראָיעקט אָנ־גענומען געוואָרן און דער פֿאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן.

די גרינדער זיינען געווען די פֿאָלגנדע פּערזאָנען:

אַ. ש. ליבערמאַן (איש־חמודות), אַ ליטאָגראַף; ליב (לואיס) וויינער, אַ טיש־לער; אַ. גאָלדשטיין, אַ שניידער אויף אַ מאַשין; י. ראָזענטהאַל; הירש (געאָרג) סאָפּער, אַ קעסטלמאַכער; אייזיק סטאָון, אַ שניידער אויף אַ מאַשין; אליעזר (לאַצאַרוס) גאָלדבערג, אַ שריפֿטזעצער; זלמן יעקב (דזשייקאָב), אַ פּרעסער;

ג. לעווענקינד, אַ שניידער אויף אַ מאַשין; יעקב (דזשייקאָב) אלכסנדר, אַ הוט־מאַכער.

אין פֿאַרלויף פֿון דער גאַנצער צייט, וואָס דער פֿאַראיין האָט עקזיסטירט, האָט ער געהאַט אַן ערך 35 מיטגלידער, נאָר די גרעסטע צאָל מיטגלידער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין פֿאַראיין אין איין צייט, איז געווען 19.

פֿון וואַנען ס'איז אַרויסגעגאַנגען די איניציאַטיווע צו גרינדן דעם פֿאַראיין, איז אין די פּראָטאָקאָלן ניט אָנגעגעבן. ס'אַז אָבער אָנצונעמען, אַז די ערשטע איניציאַטיווע האָט געמוזט אַרויסגיין פֿון אַ. ש. ליבערמאַן, דער רעדאַקטאָר פֿון דעם ערשטן העברעאישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל „האמת". וועגן ליבערמאַנען דערציילט זיך אויך אין די פּראָטאָקאָלן, צוליב אַ געוויסן צופֿאַל, וועגן וועלכן איך וועל דאָ נאָך שפּעטער רעדן, אַז ער האָט אויך געהערט צו אַנדערע סאָציאַליסטישע פֿאַראיינען, און אַז ער „באַשעפֿטיקט זיך מיטן סאָציאַליזם טאָג און נאַכט". פֿון די פּראָטאָקאָלן איז אויך אַרויסצוזען, אַז ליבערמאַנען זיינען אויך די צילן פֿון פֿאַראיין געווען פֿיל קלאָרער, ווי די אַנדערע מיטגלידער. ער האָט געהאַט אַ סך אַ ווייטערן בליק, פֿאַר אים האָט דער פֿאַראיין געהאַט אַ ווערט ניט נאָר אַלס סאָציאַליסטישער פֿאַראיין, נאָר אַלס אַ יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין, וועלכער דאַרף שפּילן אין דער צוקונפֿט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע.

כּדי צו באַקענען זיך נעענטער מיט דעם כאַראַקטער פֿון פֿאַראיין און מיט די אויפֿגאַבן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט, איז וויכטיק צו באַקענען זיך מיט די סטאַטוטן זיינע, וועלכע איך גיב דאָ איבער. די סטאַטוטן זיינען געשריבן אין העברעאיש און אין יידיש. ווי ס'איז צו זען פֿון ביידע טעקסטן, ווען מען פֿאַרגלייכט זיי, קען מען מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז דער ריכטיקער אָריגינאַל איז דער העברעאישער און דער יידישער טעקסט איז נאָר אַן איבערזעצונג פֿון אים. די געדאַנקען זיינען אין דעם העברעאישן טעקסט אַ סך פּינקטלעכער אויסגעדריקט, ווי אין דעם יידישן. אַז מיין השערה איז אַ ריכטיקע קען מען אויך זען פֿון די פֿאָלגנדע באַטראַכטונגען: 1) דער העברעאישער טעקסט געפֿינט זיך אין דעם פּראָטאָקאָל־בוך אויף דער ערשטער זייט און דער יידישער — אויף דער צווייטער זייט; 2) אין יידישן טעקסט געפֿינען מיר אין די פּונקטן פֿון די סטאַטוטן דעם פּונקט 4 פֿריער פֿאַר דעם פּונקט 3; דאָס באַווייזט, אַז דער מחבר האָט זיך געריכטעט נאָך דער אָרדנונג, ווי די פּונקטן זיינען געשריבן אין העברעאישן טעקסט, און האָט, בעת איבערזעצן אין יידיש אַ טעות געהאַט און געשריבן דעם פּונקט 4 פֿריער פֿאַר דעם פּונקט 3, נאָר כּדי ביידע טעקסטן זאָלן שטימען, האָט ער אין יידישן טעקסט אומגעביטן דעם ציפֿער; 3) אין די פּראָטאָקאָלן פֿון די זיצונגען ווערן איינמאָל ציטירט די סטאַטוטן, און די ציטאַטע איז אויף העברעאיש, פֿון דעם העברעאישן טעקסט.

אַזוי ווי די סטאַטוטן פֿון פֿאַראיין האָבן אַ היסטאָרישן ווערט, וויל איך דאָ איבערגעבן ביידע טעקסטן, סיי דעם יידישן סיי דעם העברעאישן. ביידע טעקסטן גיב איך איבער אָן שום ענדערונג סיי אין דער אָרטאָגראַפֿיע, סיי אין די שרייב־צייכנס.

## הסטאטוטים של אגודת הסאָציאל. העברים בלונדון

אחרי אשר הראינו לדעת:

כי הסדרים אשר בכל הארצות כעת, רק עשק וחמס המה; אנשי הבצע, המושלים וכהני הדתות לקחו לנפשם את כל זכיות האדם ואת כל טוב הארץ, ואת בעלי המלאכה כבשו לעבדים על־פי הכסף המושל כעת על־כל;

כי כל עוד יהי לאנשים קנין מיוחד, לא יחדל האביון מקרב הארץ; כל אשר יחלקו האנשים לגוים ומשפחות, לא תסוף האיבה מביניהם, וכל אשר ישרו כהני הדת על דעת העם לא תחדל קנאת הדת;

כי תשועת עולמים תקום לכל־בני האדם רק על־ידי תכלית ההפוך והשנוי בנמוסי המדינות, בחיי החברה, במשטרי האקנמיא וכל דבר אשר בין אדם לחבירו. להפוך מן השורש את הקיים כיום ולבנות תחתיו בנין חדש על יסודות הסאָציאליזמוס, למען התם שוד ואון, להכרית ממשלת הקאַפיטאַל, לא ישמע עוד בארץ „שלי" או „שלך" ולא ימצאו הולכי בטל, כי אם יהיו כל האנשים שוים בזכיותיהם וכל איש יוכל לקנות שלמות הבשר והרוח, ועל פי בחירתו החפשית יוכל להרבות כשרונותיו ולקחת על ידיהם חלק בשלמות הכלל;

כי בהיותינו אנחנו בני ישראל חלק מן כלל האנשים, על כן לא תוכל לצמוח לנו ישועה, רק בהושע לכל מין האדם;

כי גאולת כל מין מעניו ועבדותו תוכל לבא רק על ידי בעלי־המלאכה עצמם, בהיותם כלם אגודה אחת להשתער במלחמת תנופה על כל עושקיהם כח, להרוס את המשטרים הקיימים ולהקים תחתיו את משטרי העבודה, היושר, החרות ואחות כל האנשים;

וכי כבר התחברו בעלי המלאכה בכל ארצות ערבה ואמעריקה לחברות ואגודות, למען השג את המטרה הנעלה הזאת, ודבר הקשר הולך וחזק לקום בשעת הכושר ולכונן בארץ ממלכת סאציאליזמות־העבודה;

גמרנו אנחנו ילידי בני ישראל אומר:

להתחבר בברית אחים אל הברית הקדושה אשר כרתו ביניהם בעלי־המלאכה.

ולזה יסדנו:

„אגודת הסאָציאליסתים העברים".

ובני האגודה הזאת שמו להם לקו, להיות האמת היושר והמוסר נר לדרכם גם עם רעיהם וגם עם כל אדם, בלי הבדל הצבע, העם או האמונה, ולקיים את הסמנים האלה.

1. האגודה תתאמץ בכל עוז להפיץ דעת הסאָציאַליזמות בין בני ישראל בכל מקומות מושבותיהם וגם בין אנשים מיתר העמים, לכונן חברות כמוה בכל מקום אשר תגיעה ידה ולאחד את בעלי המלאכה לקום נגד עושקיהם.

2. האגודה תתחבר בברית אחים עם חברות בעלי המלאכה אשר ליתר העמים.

3. כל פועל יוכל להתקבל אל האגודה על פי שני חברים מבני האגודה.

4. כל החברים שוים. כל אחד מהם ישלם לקופת האגודה 2 פענים לשבוע או 8 פענים לחודש.

5. בכל מוצאי שבת תהי אסיפת האגודה. כל אסיפה תבחר לה את היושב בראש (President) וכל דברי המועצה יקימו על־פי דעת הרבים מהנאספים.

6. המזכיר (Secretary) והנאמן (Cashier) יבחרו על משך ששת חדשים, אבל האגודה תוכל להסירם ממשמרתם בכל עת אשר תחפץ.

7. האגודה תוציא מתוכה את האיש, אשר לא יתאימו מעשיו עם הסטאטוטים האלה.

## סטאַטוטען פון דעם אידישען פעראיין אין לאָנדאָן

ווייל מיר זיינען איבערציינגט:

אַז דיא אָרדנונג וואָס הערשט איצט אין אַלע לענדער איז מעהר ניט וויא גזלה און אונרעכט; דיא קאַפּיטאַליסטען, דיא הערשער און דיא גייסטליכע (דוחאָוונע) האָבען צוגענומען אַלע מענשענרעכטע און אַלעס גוטס פאַר זיך אַליין און דורך דיא הערשאַפט פון דיא געלד האָבען זיי געמאַכט דיא אַרבייטער צו זייערע שקלאַפען (קנעכט);

אַז זאָלאַנג עס וועט זיין פּריוואַט־אייגענטהום, וועט ניט אויפהערען דאָס עקאָנאָמישע עלענד; זאָלאַנג דיא מענשען וועלען זיין געטיילט אין פעלקער און געשלעכטער, וועט אַלץ זיין צווישען זיי שנאת חנם, און זאָלאַנג עס וועלען הערשען דיא גייסטליכע איבער דיא געמיטהער פון דאָס פאָלק, וועט זיין רעליגיאָנס־האַסס;

אַז דיא ווירקליכע רעטטונג פון אַללע מענשען קען עררייכט ווערן נור דורך אַ גרינדליכע אומוואַלצונג אין דיא פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע פערהעלטניססע, צו אויסוואָרצלען אַלעס בעשטעהענדע און אויפבויען אַנשטאַט דעם אַ נייען בנין אויף דיא סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, כּדי עס זאָל אונטערגיין אַלעס אונרעכט און דיא הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, עס זאָל ניט זיין קיין ליידיגגייער און קיין „מיין" און „דיין", אַז אַלע מענשען זאָללען האָבען גלייכע רעכטע און איטלאַכער זאָל קאָננען זיך קערפּערליך און גייסטיג משלים זיין און נאָך זיין פרייען ווילען זאָל ער קאָננען זיינע פעהיגקייטען נוטצען און צו דער השלמה פון אַללע מענשען;

ווייל מיר אידען זיינען אַ טהייל פון דער מענשהייט, דעריבער קען אונז ניט קומען קיין ישועה מעהר ניט וויא דורך דער ערלעזונג פון דער גאַנצער מענשהייט;

אַז די ערלעזונג דער מענשהייט פון עלענד און שקלאַפעריי קען באַווירקט ווערן נור דורך דיא אַרבייטער אַליין, אַז זיי וועלן זיך פעראייניגען צום שטורמקאַמפף געגען זייערע רויבער, צו צעשטערען בעשטעהענדע אָרדענונג און אַנשטאַט דעם פעסטצוזעטצען דיא הערשאַפט פון אַרבייט, גערעכטיגקייט, פרייהייט און ברידערליכקייט פון אַללע מענשען;

און אַז דיא אַרבייטער פון איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ האַבען זיך שוין פעראייניגט אין פאַרשיעדענע געזעלשאַפטען צו עררייכען דעם ערהאַבענען ציעל און זיי בערייטען זיך צור רעוואָלוציאָן אום צו גרינדען דיא הערשאַפט פון אַרבייטער־סאָציאַליזמוס —

האַבען מיר אידישע קינדער דעריבער באַשלאָסען:

זיך אַנצושליסען ברידערליך אָן דעם הייליגען אַרבייטער־בונד און צו דעם צוועק האַבען מיר געגרינדעט איין

„אידישען סאָציאַל. פעראיין."

וואָס זיינע מיטגליעדער ערקענען אָן וואַהרהייט, גערעכטיגקייט און זיטליכקייט אַלס גרונד־שנור פון זייער פערהאַלטען געגען אַללע מענשען אָהנע אונטערשיעד פון פאַרבע, נאַציאָן אָדער גלויבען, און האַבען אַנגענאָממען פאָלגענדע פונקטע:

1. דער פעראיין בעשטרעבט זיך צו פערברייטען דיא סאָציאַליסטישע אידעען אומעטום אונטער אידען, וויא אויך אונטער אַנדערע פעלקער. צו גרינדען עהנליכע געזעלשאַפטען וואו דער פעראיין וועט קענען און צו פעראייניגען די אַרבייטער צום קאַמפף געגען זייערע אונטערדריקער.

2. דער פעראיין בעשטרעבט זיך ברידערליך צו פאַרבינדען מיט אַרבייטער־געזעלשאַפטען פון אַנדערע נאַציאָנען.

3. יעדער אַרבייטער קען אין פעראיין אויפגענומען ווערן אויף פאָרשטעללונג פון 2 מיטגליעדער.

4. אַללע מיטגליעדער זענען גלייך בערעכטיגט, יעדער פון זיי צאַהלט אין דיא פעראיינס־קאַסע 2פענס אַ וואָך אָדער 8 פענס אַ חודש.

5. יעדען שבת צו נאַכט איז אַ פערזאַמלונג. יעדע פערזאַמלונג קלייבט אויס איר פרעזידענט און אַללע בעשליססע ווערען אַנגענומען דורך שטיממענמעהרהייט פון דיא פערזאַמעלטע.

6. סעקרעטער און קאַססירער ווערען אויף 6חדשים אויסגעקליבען אָבער די געזעללשאַפט קען זיי ענטזעצען צו יעדער צייט.

7. דער, וואָס זיינע האַנדלונגען שטיממען ניט מיט דיזע סטאַטוטען, ווערט אויסגעשלאָססען.

באַטראַכטנדיק די סטאַטוטן פון פאַראיין קען מען זאָגן, אַז די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן פאַראיין זיינען שוין דאָן, ד"ה אין דער העלפט פון די זיבעציקער יאָרן, כמעט אין גאַנצן געשטאַנען אויף דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפונקט. דעם טרעגער פון סאָציאַליזם האָבן זיי געזען נאָר אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־מאַכט; די דערגרייכונג פון סאָציאַליזם האָבן זיי געזען

אין דער רעוואָלוציע, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף דורכפירן, עס האָט זיי נאָר געפעלט די וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג, דאָס באַוואוסטזיין, אַז די היס־טאָרישע נויטווענדיקייט טרייבט צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

## 2

ווי עס איז צו זען פון דעם ערשטן פּאַראַגראַף אין די סטאַטוטן פון דעם „יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין", האָט זיך דער פאַראיין געשטעלט דעם ציל צו פאַשפרייטן די סאָציאַליסטישע אידעען אונטער יידן און אויך אונטער אַנ־דערע פעלקער און פאַראייניקן די אַרבעטער צום קאַמף קעגן זייערע אונטער־דריקער.

ווי האָט דער פאַראיין זיין אויפגאַבע אויסגעפירט? די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון פאַראיין, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן רעגלמעסיק פון דעם 20סטן מאַי 1876 ביז צום 28סטן דעצעמבער 1876, גיבן אונדז אין אַ געוויסן גראַד אַן אַלגעמיין בילד פון דער טעטיקייט פון פאַראיין אין משך פון מער ווי 7 חדשים. פון די פּראָטאָקאָלן קען מען אויך זען ביי וועלכע באַדינגונגען עס איז אויסגעקומען דעם פאַראיין צו אַרבעטן און צו פאַרווירקלעכן זיינע צילן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט.

שוין אויף דער ערשטער זיצונג פון פאַראיין, דעם (15) 27סטן מאַי איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע, ווי מען זאָל גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַר־איין („געווערק־געזעלשאַפט") אונטער די יידישע אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך אין לאָנדאָן. אויף דער זעלביקער זיצונג איז טאַקע אויך באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַן עפנטלעכן מיטינג פאַר די לאָנדאָנער יידישע אַרבעטער און נאָך דעם מיטינג אָנפאַנגען צו אָרגאַניזירן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

די פראַגע וועגן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין איז געווען אַ באַזונדערס וויכ־טיקע, און זי האָט די ערשטע צייט צוגעצויגן צו זיך די גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט פון די מיטגלידער. אין דער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין האָט דער „יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין" געזען זיין ערשטע פּראַקטישע אַרבעט, זיין ערשטע סאָציאַליסטישע טעטיקייט. אויף אַלע זיצונגען, פון (15) 27סטן מאַי ביז צום 16טן סעפּטעמבער, איז אויף דער טאָג־אָרדנונג כסדר געשטאַנען די פראַגע און זי האָט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין די דעבאַטן.

גאַנצע דריי חדשים האָבן געדויערט די באַמיאונגען און די צוגרייטונגען צום עפנטלעכן מיטינג. די ערשטע פראַגע האָט זיך דער פאַראיין געשטעלט, אין וועמעס נאָמען דער מיטינג זאָל גערופן ווערן, און די פראַגע איז געווען גראַד אַ וויכטיקע. ווי עס איז צו זען פון די פּראָטאָקאָלן, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין לאָנדאָן פאַרהאַלטן מיט גרויס חשד צום סאָציאַליסטישן פאַראיין. דער סאָציאַליזם אין די זיבעציקער יאָרן איז נאָך בכלל געווען ווייניק פּאָפּולער, נאָר נאָך ווייניקער פּאָפּולער איז ער געווען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע סאָציאַליסטן האָט די יידישע באַפעלקערונג אָנגענו־מען איינפאַך פאַר מיסיאָנערן, וועלכע ווילן אַריינברענגען יידישע קינדער אין

שמד. עס איז דערביי צו באַמערקן, אַז אין יענע צייטן האָבן די מיסיאָנערן אַנטוויקלט זייער אַן ענערגישע טעטיקייט אין לאָנדאָן; פֿיל פֿון די רוסיש־יידישע אימיגראַנטן זיינען אַריינגעפֿאַלן אין זייער נעץ, און די לאָנדאָנער יידישע געמיינדע האָט אויף יעדן פֿריידענקענדן יידן געקוקט מיט גרויס חשד, אויב ער געהערט ניט צו דער חברה מיסיאָנערן און בפֿרט נאָך אויף אַזעלכע פֿריידענקענדע יידן, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אַ שפּאָגל־נייער תּורה און וועלכע זאָגן בפֿירוש, אַז זיי גלייבן ניט אין גאָט. די לאָנדאָנער יידישע געמיינדע האָט זיך מיט דעם סאָציאַליזם פֿון „פֿאַראיין", ווי עס שיינט, ווייניק אינטערעסירט, איבערהויפּט האָט זי זיך אינטערעסירט מיט זיין פֿרומקייט און אפּיקורסות. דער באַוואוסטער מגיד דיינאָוו האָט ספּעציעל געשיקט אין פֿאַראיין איינעם פֿון זיינע מענטשן, אַז ער זאָל זיך פֿאַרשרייבן אַלס מיטגליד און ער זאָל אים דאָרטן דינען אַלס שפּיאָן. דער מגיד דיינאָוו איז אַפֿילו מיט זיין מענטש נעבעך שטאַרק דורכגעפֿאַלן. יענער האָט זיך גראָד שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט דעם פֿאַראיין און מיט דעם סאָציאַליזם און איז געוואָרן איינער פֿון די טרייסטע אָנהענגער פֿון פֿאַראיין. אויך דער רב הכולל פֿון ענגלאַנד, ד"ר אַדלער (דער פֿאָטער פֿון דעם איצטיקן רב הכולל אין ענגלאַנד) האָט שטאַרק געהאַט אין זינען דעם „יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין" און האָט געשיקט אויפֿן עפֿנטלעכן מיטינג זיין שמש, אַז ער זאָל דערקלערן די פֿאַרזאַמלטע, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זיינען מיסיאָנערן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז געווייגלעך געווען אַ ריזיקע, אַז דער מיטינג זאָל צונויפֿגערופֿן ווערן אין נאָמען פֿון פֿאַראיין. אָבער דאָך איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוטרעטן אונטער דעם אייגענעם נאָמען.

עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז אייניקע מיטגלידער האָבן פֿאָרגעלייגט, אַז אויפֿן מיטינג זאָל מען ניט דערלאָזן קיין מייסטערס (באַלעבאַטים). ליבערמאַן האָט זיי דערקלערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל דער מיטינג איז אַן עפֿנטלעכער, און אויף אים קען קומען ווער עס וויל, נאָר ליבערמאַנס ענטפֿער האָט אויף זיי ווייניק געווירקט. אויף אַ צווייטער זיצונג האָבן די זעלבע מיטגלידער פֿאָרגעלייגט דאָס זעלבע, אַז מען זאָל קיין מייסטערס ניט דערלאָזן צום מיטינג. וועגן די מייסטערס האָט זיך אויך דערוועקט אַ פֿראַגע בנוגע צו דעם פֿאַראיין גופֿא. אייניקע מאָל האָט מען דעבאַטירט די פֿראַגע, אויב אַ מייסטער, וואָס רעכנט זיך אַפֿילו פֿאַר אַ סאָציאַליסט, קען זיין אַ מיטגליד פֿון פֿאַראיין. דער סוף פֿון די דעבאַטן איז געווען, אַז מען האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז מיטגלידער פֿון סאָציאַל. פֿאַראיין קענען זיין נאָר לוין־אַרבעטער און שטיק־אַרבעטער, אָבער מייסטערס און הענדלערס קענען אַלס מיטגלידער ניט אויפֿגענומען ווערן. עס איז ניט איבעריק צו דערמאָנען וועגן וועלכע הענדלער (פּעדלער) דאָס האָט זיך גערעדט אין פֿאַראיין. די הענדלער זיינען געווען פֿון דריי מינים: א) פּעדלער, וואָס טראָגן פֿונאַנדער סחורה צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר באַשטימטע וועכנטלעכע שכירות, וועלכע זיי באַקומען פֿון דעם אייגנטימער פֿון דער סחורה; ב) פּעדלער, וואָס באַקומען ניט קיין וועכנטלעכע שכירות, נאָר 5 פּראָצענט פֿון דער פֿאַרקויפֿטער סחורה און ג) פּעדלער, וואָס האַנדלען אויף זייער אייגענער רעכנונג. דער פֿאַראיין האָט אַפֿילו איינגעפֿונען, אַז עס איז פֿאַראַן אַן

אונטערשייד צווישן די דריי אויסגערעכנטע מינים, נאָר פֿאַר פּראָלעטאַריער האָט ער קיינעם ניט אָנערקענט און מיט אַלע שטימען קעגן איינער איז באַשלאָסן געוואָרן זיי ניט אָנצונעמען פֿאַר מיטגלידער. איינער, אַ געוועזענער שניידער, אַ שטאַרקער אָנהענגער פֿון „יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין", וועלכער האָט אויך ענערגיש אַגיטירט פֿאַרן פֿאַראיין, האָט ניט געקענט אויפֿגענומען ווערן פֿאַר אַ מיטגליד, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער איז געוואָרן אַ פּעדלער. הגם ער איז געוואָרן אַ פּעדלער נאָר צוליב דעם, ווייל ער האָט געהאַט באַקומען רומאַטיזם אין די פֿיס און האָט ניט געקענט מער אַרבעטן אויף דער שניידער־מאַשין... אַן אויסנאַם האָט מען נאָר געמאַכט פֿאַר אַזעלכע, וואָס זיינען שוין פֿון פֿריער געווען מיטגלידער פֿון פֿאַראיין און זיינען געוואָרן מייסטערס אָדער הענדלערס. אַזעלכע האָבן געקענט בלייבן אין פֿאַראיין, אָבער אויך בתּנאַי, ווען דער פֿאַראיין האָט זיי אָנערקענט פֿאַר זייער נוצלעכע מיטגלידער.

וואָס נענטער עס איז געקומען די צייט, ווען דער מיטינג האָט געדאַרפֿט גערופֿן ווערן, האָבן זיך אייניקע מיטגלידער פֿון פֿאַראיין אָנגעפֿאַנגען אַלץ מער שרעקן, טאָמער וועט ער קיין דערפֿאָלג ניט האָבן און דאַן וועט דער פּראָפֿעסיאָנעלער אַרבעטער־פֿאַראיין איבערהויפּט מער ניט געגרינדעט ווערן. ווי עס איז צו זען פֿון די פּראָטאָקאָלן, איז אין לאָנדאָן שוין אין יאָר 1875 געווען אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין פֿון יידישע שניידערס, וועלכער איז פֿונאַנדערגעפֿאַלן, און דאָס האָט געשראָקן די מיטגלידער, אַז זייער אונטערנעמונג וועט קיין דערפֿאָלג ניט האָבן. אַנדערע מיטגלידער האָבן איבערהויפּט אָנגעהויבן צווייפֿלען, אויב די גרינדונג פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין מיט דער גרינדונג פֿון אַ קראַנקן־ און אינוואַלידן־קאַסע שטימט מיט די פּרינציפּן פֿון אַ סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן פֿאַראיין. דער גרעסטער טייל מיטגלדידער אָבער איז געווען דערפֿאַר, אַז דער מיטינג זאָל וואָס גיכער צונויפֿגערופֿן ווערן. אייניקע מיטגלידער האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אַפֿילו ווען מען זאָל וויסן, אַז דער מיטינג וועט קיין דערפֿאָלג ניט האָבן, דאַרף מען אים אויך רופֿן, ווייל די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן, וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט די געזעצן פֿון לאַנד, מיינען, אַז דער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין איז אַ פֿאַרבאָטענער. און מיט דעם מיטינג וועט מען אַלעמען באַווייזן, אַז אין ענגלאַנד איז דער סאָציאַליזם ניט קיין פֿאַרבאָטענע באַוועגונג.

ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופֿן דעם מיטינג דעם 26סטן אויגוסט, שבת־צו־נאַכטס. מיט אַ וואָך פֿריער, שבת, דעם 19טן אויגוסט, האָבן די מיטגלידער פֿון פֿאַראיין געטיילט אין די לאָנדאָנער גאַסן אַ געדרוקטן יידישן אויפֿרוף, וועלכן איך ברענג דאָ. דעם אויפֿרוף האָט פֿאַרפֿאַסט אַ מיטגליד פֿון פֿאַראיין, י. ראָזענטהאַל, רעדאַגירט און געדרוקט האָט אים א. ש. ליבערמאַן.

## פּובליק מיטינג פֿיר אידישע אַרבייטער*

עס איז באַקאַנט, אַז די אַרבעטער געפֿינען זיך אומעטום אין אַ טרויעריקער לאַגע און זייער שווער קומט זיי אָן צו פֿאַרדינען זייער

---

* מיר גיבן די אָרטאָגראַפֿיע לויט היינטיקע כּללים. דעם סטיל — ניט געענדערט.

שטיקל ברויט. אָבער ווי שווער עס איז דאָס לעבן פֿון אַלע אַר־בעטער, ווערט דער יידישער אַרבעטער ווייט מער פֿאַרשוואַרצט אַלס אַלע איבעריקע, און בפֿרט נאָך היער אין לאָנדאָן. דער ייד מוז מער שטונדן אַרבעטן און קריגט ווייניקער באַצאַלט אַלס דער קריסט.

און וואָרום איז עס אַזוי? ווייל די יידישע אַרבעטער זיינען ניט אַזוי פֿאַראייניקט אונטער זיך ווי אַלע אַנדערע, די קריסטלעכע אַר־בעטער זיינען פֿאַראייניקט אין געזעלשאַפֿטן. היער אין ענגלאַנד איז דאָ די טרייד־יוניאָנס, אַ פֿאַראיין פֿון טויזנטער געזעלשאַפֿטן פֿון פֿאַרשיידענע פּראָפֿעסיאָנען, וואָס זיי האַלטן זיך אַלע פֿעסט צוזאַמען און לאָזן זיך ניט אונטערדריקן פֿון זייערע פֿאַבריקאַנטן און מייסטער: אָבער ביי אונדזערע יידישע אַרבעטער איז ניטאָ קיין אחדות, דע־ריבער קענען די מייסטער אונדז דריקן ווי זיי ווילן. פֿון אונדזער אומאייניקייט ליידן מיר אַליין און לאָדן נאָך אויף אונדז דעם האַס פֿון די ענגלישע אַרבעטער, וואָס באַשולדיקן אונדז, אַז דורך דעם, וואָס מיר אַרבעטן מער צייט און פֿאַר ווייניקער לוין טוען מיר זיי אויך אַן שאָדן.

דערום רופֿן מיר צוזאַמען אַן עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג און לאָדן העפֿלעך דערצו איין יעדן יידישן האַנטווערק־געזעל, אום צוזאַמען ראַט צו האַלטן ווי אַזוי צו פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון אונדזערע יידישע אַר־בעטער און בילדן אַ געזעלשאַפֿט פֿון אַלערליי האַנטווערקער. מיר האָפֿן, אַז יעדער אַרבעטער, וואָס זיין אייגענער אינטערעס איז אים טייער, וועט נעמען אַנטייל אין דעם מיטינג. — אייניקע מיטגלידער פֿון אונדזער פֿאַראיין וועלן האַלטן רעדעס איבער די אַרבעטער־אינטע־רעסן און יעדן אַרבעטער וועט שטיין פֿריי אויסצושפּרעכן זיין מיי־נונג עפֿנטלעך אין דער פֿאַרזאַמלונג.

דער מיטינג וועט זיין אור ליום ז׳ אלול ה׳ תרל״ו — (20 אוי־גוסט 1876) שבת־צו־נאַכטס, אום אַכט אור אין זעטלאַנד האַל, 15 מאַנסעלל סטריט, גורמאַנס פֿיעלד. (ביי אַל. ווילנער).

אגודת הסציאליסתים העברים.

ביים אויסטיילן די אויפֿרופֿן האָבן אַנפֿאַנגס פֿיל ניט געוואָלט נעמען, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס איז פֿון די מיסיאָנערן. מען האָט יעדן באַ־זונדערס געמוזט דערקלערן, אַז דאָס איז אַן אויפֿרוף צו יידישע אַרבעטער, אַרויסגעגעבן פֿון זייערע חברים, כּדי צוזאַמען זוכן אַ מיטל ווי אַזוי צו פֿאַר־בעסערן די לאַגע פֿון דעם יידישן אַרבעטער. נאָך דעם, ווי מען האָט אויסגע־טיילט אַ פּאָר הונדערט אויפֿרופֿן, האָבן שוין די אַרבעטער אָנגעפֿאַנגען נאָכלויפֿן די פֿונאַנדערטיילער און געבעטן, אַז מען זאָל זיי געבן די אויפֿרופֿן. אייניקע אַרבעטער האָבן גענומען צו עטלעכע אויפֿרופֿן, כּדי זיי צו פֿונאַנדערטיילן צווישן זייערע באַקאַנטע.

דער עפֿנטלעכער מיטינג איז געווען די ערשטע פּראַקטישע טעטיקייט פֿון „יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין". אויף דעם מיטינג איז דער „יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין" דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט, דאָס איז געווען די ערשטע פּראָבע און זי איז אַרויס געראָטן.

אויפֿן מיטינג איז געקומען אַ דעלעגאַט פֿונם לאָנדאָנער טרייד־יוניאָן, אַ קאָמיטעט־מיטגליד פֿון דעם בוכבינדער־פֿאַרבאַנד, ס'איז געקומען דער רע־דאַקטאָר פֿון דער רוסישער סאָצ. רעוו. צייטשריפֿט „ווּפּעריאָד", פּ. ל. לאַוראָוו מיט איניקע מיטגלידער פֿון דער רעדאַקציע און מערערע מיטגלידער פֿון דעם לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־בילדונגס־פֿאַראיין.

דער פֿאָרזיצער אויפֿן מיטינג איז געווען א. גאָלדענבערג, אַ מיטגליד פֿון דעם „יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין" און אַ מיטאַרבעטער פֿון דעם דערמאָנטן לאָנדאָנער „ווּפּעריאָד". עס זיינען אַרויסגעטראָטן מערערע רעדנער. א. ליבער־מאַן האָט געהאַלטן אַ רעדע ספּעציעל וועגן דער יידישער לאַגע אונטער אַלע אַנדערע פֿעלקער. לויט זיין מיינונג, איז אין אַלע רדיפֿות אויף יידן די הויפּט־שולדיקע די יידישע געלט־אַריסטאָקראַטיע. ער מיינט, אַז ווי לאַנג עס וועט הערשן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג, גאַנץ גלייך, אויב די רעגירונגס־אָרדנונג איז אַ מאָנאַרכישע אָדער אַ דעמאָקראַטישע, וועלן יידן ניט זיין קיין פֿולשטענדיק באַרעכטיקטע בירגער. די פֿולשטענדיקע אומבאַגרענעצטע גלייכהייט קענען יידן האָבן נאָר אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וואו עס וועט זיין איינגע־פֿירט די פֿולשטענדיקע גלייכהייט פֿאַר אַלע מענטשן בכלל. אויפֿן מיטינג האָט אויך גערעדט דער פֿאָרשטייער פֿון די ענגלישע טרייד־יוניאָנס און ער האָט פֿאַרשפּראָכן, אַז די טרייד־יוניאָנס וועלן מיט אַלע מעגלעכקייטן שטיצן די יידישע אַרבעטער, אויב זיי וועלן זיך פֿאַראייניקן.

ווי געזאָגט, איז דער מיטינג אַרויס מיט דערפֿאָלג. אין דעם פּראָפּעסיאָנעלן פֿאַראיין, וועלכן מען האָט פֿאַרגעלייגט צו גרינדן, האָבן זיך איינגעשריבן בעת דעם מיטינג 50 פּערזאָנען, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דעם קינפֿטיקן שבת איינצורופֿן אַ צווייטן מיטינג.

אויף דעם מיטינג איז אויך פֿאָרגעקומען אַ קליינער סקאַנדאַל. ליבערמאַן האָט אין זיין רעדע אָנגעגריפֿן די יידישע רעליגיע און דעם רב הכולל פֿון ענגלאַנד, ד"ר אַדלער. די יידישע מייסטערס, וועלכע זיינען געקומען אויפֿן מיטינג, האָבן אויפֿגעהויבן אַ פּראָטעסט. עס איז געוואָרן אַ ליאַרם און אַן אומ־אָרדנונג. נאָר מייסטערס זיינען געווען וויניק און דער ליאַרם האָט זיך באַלד איינגעשטילט. נאָר אויפֿן צווייטן מיטינג האָבן זיך די מייסטערס אָפּגערעכנט מיטן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין.

וועגן דעם אינצידענט, וואָס איז פֿאָרגעקומען אויפֿן צווייטן מיטינג, שרייבט מיר דער חבר א. גאָלדענבערג, וועלכער איז געווען דער פֿאָרזיצער, איניקע פּרטים, וועלכע איך גיב דאָ איבער. א. ליבערמאַן איז אַ געוועזענער ישיבה־בחור, וועלכער האָט באַקומען זיין ערשטע בילדונג צוזאַמען מיט זונדעלעוויטשן אין דער ווילנער ראַבינער־שול. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַן עכטער טיפּ

פֿון די דעמאָלטדיקע משכּילים, דערצו איז ער געווען זייער אַ היציקע נאַטור. די רעליגיע און די רבנים האָט ער פֿיינט געהאַט תּכלית שנאה, ער האָט וועגן זיי רואיק ניט געקענט רעדן. אויפֿן צווייטן מיטינג, וועלכער איז געווען באַ־שטימט כּדי צו אָרגאַניזירן די שניידער, האָבן די אַרבעטער זיך געשטעלט ביי דער טיר און נישט אַריינגעלאָזן די מייסטערס. זיי זיינען אָוועקגעלאָפֿן צום רב גרין, דעם דיין פֿון ד״ר אַדלער, און האָבן אים דערציילט, אַז דער „יידישער סאָציאַליסטן פֿאַראיין" האָט צונויפֿגערופֿן די אַרבעטער, כּדי זיי צו שמדן. עס איז גלייך געקומען צולויפֿן גרין און האָט געבעטן מען זאָל אים אַריינלאָזן אויפֿן מיטינג. די פֿאַרזאַמלטע האָבן באַשלאָסן אַז מען זאָל אים אַריינלאָזן. מיט אים האָבן זיך אַריינגעריסן אין זאַל מערערע מייסטערס, וועלכע האָבן זיך גע־פֿונען אויף יענער זייט טיר. ליבערמאַן האָט געהאַלטן דאַן אין מיטן פֿון זיין רעדע וועגן סאָציאַליזם און וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון די אַרבעטער. נאָר ווי ער האָט דערזען דעם רב אין זאַל, האָט ער אין גאַנצן פֿאַרגעסן וועגן דער טעמע, פֿון וועלכער ער האָט געדאַרפֿט רעדן און האָט אָנגעפֿאַנגען צו רעדן וועגן דער יידישער רעליגיע און וועגן די יידישע רבנים. ער איז אַזוי העפֿטיק אָנגעפֿאַלן אויף די רבנים, אַז דער רב גרין איז פּשוט געזעסן ווי אויף שפּילקעס. ער האָט אויף יעדן וואָרט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון ליבערמאַנס מויל פּראָ־טעסטירט, נאָר דער פֿאָרזיצער האָט אים אייניקע מאָל אָפּגעשטעלט און אים פֿאַרשפּראָכן צו געבן דאָס וואָרט ווען ליבערמאַן וועט ענדיקן זיין רעדע. גרין האָט אָבער ניט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט. ער האָט זיך אַלץ געהויבן און געוואָלט לויפֿן צו ליבערמאַנען. דער סעקרעטאַר פֿון מיטינג, ה. סאַפּער, האָט זיך באַמיט אים אָפּצוהאַלטן און אים צו באַרואיקן, נאָר ער האָט אים אַזוי ענערגיש באַרואיקט, אַז פּלוצלינג האָט דער פֿאָרזיצנדער, אַ. גאָלדענבערג, דערזען דעם רב גרין מיט ה. סאַפּער קייקלענדיק זיך אונטערן טיש...

עס איז געוואָרן אין זאַל אַ שרעקלעכער ליאַרם. די מייסטערס האָבן אָנ־געפֿאַנגען שרייען, אַז די סאָציאַליסטן דערהרגענען דעם רב! עס איז געוואָרן אַ טומל און אַ געשלעג ביז צום הימל. עס איז אָנגעקומען פּאָליציי און געוואָלט פֿונאַנדערטרייבן דעם מיטינג, נאָר עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ גאָלדענבערג און ער האָט געזאָגט, אַז דער עולם וועט זיך באַרואיקן אָן פּאָליציי. דער רע־זולטאַט איז אָבער געווען, אַז אין זאַל האָט מען ביים געשלעג צעבראָכן דאָס מעבל, פֿאַר וועלכן דער פֿאַראיין האָט געדאַרפֿט באַצאָלן 5 פֿונט און דער מיטינג איז צושטערט געוואָרן.

דער פֿאַראיין האָט אויף זיין זיצונג, וועלכע איז געווען נאָך דעם אומ־גליקלעכן מיטינג, איינגעפֿונען, אַז דער הויפּט־שולדיקער אין גאַנצן אינצי־דענט איז אַ. ליבערמאַן. מערערע מיטגלידער האָבן געפֿאָדערט, אַז ליבערמאַן זאָל אַרויסטרעטן פֿון פֿאַראיין. אַנדערע האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַר אים. צום סוף האָט אָבער ליבערמאַן אַליין באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פֿון פֿאַראיין, צו־זאָגנדיק, אַז אַלץ, וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין, וועט ער טאָן פֿאַרן פֿאַראיין, וואָס ער האָט אויך דערפֿילט.

איך וויל דערביי איבערגעבן אייניקע פּרטים פֿון ליבערמאַנס לעבן, וועגן וועלכע עס שרייבט מיר ה׳ אַ. גאָלדענבערג. ווי איך האָב שוין פֿריער דער־

מאַנט האָט ליבערמאַן באַזוכט די ראַבינער־שול אין ווילנע. נאָך זייענדיק אין רוסלאַנד האָט ער שוין געשריבן פֿאַרן „וופּעריאָד", וועלכן לאַוורעוו האָט אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן. ער איז געווען איינער פֿון די פֿייערדיקסטע אָנהענ־גער פֿון לאַווראָוון. ער האָט איין מאָל געשיקט לאַווראָוון זיין היטל מיט דער פֿאָלגנדער צושריפֿט: „איך קען אייך ניט שיקן מיין קאָפּ, שיק איך אייך מיין היטל".

פֿאַרהאַסנדיק די יידישע רעליגיע און די יידישע רבנים, האָט ליבערמאַן אָבער אַזוי געליבט די העברעאישע שפּראַך, אַז יעדן שיינעם העברעאישן אויס־דרוק, וועלכן ער פֿלעגט נאָר לעזן אָדער הערן, פֿלעגט ער אים גלייך באַהאַלטן. דעם פּראָפֿעסיאָנעלן אַרבעטער־פֿאַראיין, וועלכער האָט זיך געגרינדעט, האָט ליבערמאַן אויך געגעבן אַ העברעאישן נאָמען: „חברים כל בעלי המלאכה". דעם דאָזיקן נאָמען האָט ער פֿאַרגעלייגט, כּדי צו באַווייזן אַז עס עקזיסטירט ניט מער „חברים כל ישראל", אַז קאַפּיטאַליסטן און אַרבעטער, הגם זיי זיינען יידן, קענען קיין חברים ניט זיין.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ליבערמאַנען איז אויך דער פֿאָלגנדער צופֿאַל: די זיצונגען פֿון „יידישן סאָציאַליסטן־פֿאַראיין" פֿלעגן פֿאָרקומען שבת־צו־נאַכטס. גראָד איז אין דעם יאָר אויסגעקומען תשעה־באב שבת־צו־נאַכטס, און ליבער־מאַן האָט געשטעלט די פֿראַגע, צי מען זאָל אָפּהאַלטן תשעה־באב די גע־וויינלעכע פֿאַריינס־זיצונג. איינער פֿון די מיטגלידער האָט איינגעפֿונען, אַז אַלס סאָציאַליסטן דאַרף מען זיך מיט תשעה־באב ניט אינטערעסירן. דערויף האָט ליבערמאַן געענטפֿערט פֿאָלגענדעס: „פֿאַרלויפֿיק האָט תשעה־באב פֿאַר אונדז יידישע סאָציאַליסטן די זעלביקע באַדייטונג ווי פֿאַר אַלע יידן. ווי לאַנג עס וועט ניט קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט אַ גרויסע באַדייטונג פֿאַר יעדן פֿאָלק. דער טאָג פֿון תשעה־באב איז צום אָנדענקען, וואָס יידן האָבן פֿאַרלוירן זייער פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. ער דאַרף פֿאַרן פֿאַראיין האָבן אַמווייניקסטנס אַזוי פֿיל ווערט, אַז מען זאָל די פֿאַרזאַמלונג אָפּלייגן אויף אַ צווייטן טאָג".

די פֿאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען ליבערמאַנס פֿאָרשלאָג.

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווי ליבערמאַן איז אַרויסגעטראָטן פֿון דעם „יידישן סאָציאַליסטן־פֿאַראיין" איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין ווין, וואו ער האָט אָנגעפֿאַנגען אַרויסצוגעבן דעם „האמת". געשטאָרבן איז ליבערמאַן אין אָנ־פֿאַנג פֿון די אַכציקער יאָרן אין סיראַקיוז, דורך אַ זעלבסטמאָרד וועגן אַ ליבע.

נאָך דעם אויבן דערמאָנטן אומגליקלעכן מיטינג האָט דער פֿאַראיין באַ־שלאָסן איינצורופֿן אַ דריטן אַרבעטער־מיטינג, אָבער אַ פֿולשטענדיק געשלאָ־סענעם, וואו קיין מייסטער זאָל ניט דערלאָזן ווערן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען זאָלן אָנטייל נעמען נאָר די יעניקע מיטגלידער פֿון סאָציאַליסטן־פֿאַראיין, וועלכע זיינען אַליין אַר־בעטער פֿון דעם זעלביקן פֿאַך און שטייען אין פֿאַרבינדונג מיט די אַרבעטער. עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די מיטגלידער ראָזענטהאַל און סטאָון צו אָר־גאַניזירן דעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון שניידער און מיט דער הילף פֿון די ענגלישע טרייד־יוניאָנס איז טאַקע גלייך דערויף אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידי־

שער אומאָפּהענגיקער שניידער־פֿאַראיין, אין וועלכן עס האָבן זיך פֿאַרשריבן 300 מיטגלידער. דער פֿאַראיין האָט אָבער אין גאַנצן עקזיסטירט נאָר 3חדשים. אין דער קאַסע פֿון פֿאַראיין האָט זיך שוין געפֿונען 80 פֿונט, דאָן איז דער קאַסיר אַנטלאָפֿן געוואָרן מיט דער קאַסע אין אַמעריקע און דער פֿאַראיין איז פֿונאַנדערגעפֿאַלן. אין אַ קורצער צייט אַרום אָבער האָט זיך געגרינדעט אַ נייער שניידער־פֿאַראיין(מאַנטל־שניידער), וועלכער עקזיסטירט נאָך עד־היום. עס האָט זיך דאָן אויך געגרינדעט אונטער דער ווירקונג פֿון „יידישן סאָציאַליסטן־פֿאַר־איין" אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין פֿון טופֿלעס־מאַכער און היטל־מאַכער.

די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען זיינען געווען גאַנץ זעלבשטענדיק און פֿול־שטענדיק אומאָפּהענגיק פֿון דעם סאָציאַליסטן־פֿאַראיין. דער „יידישער סאָציאַ־ליסטן־פֿאַראיין" האָט אויך אַזוי פֿיל אידעאַליזירט די פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבעטער־פֿאַראיינען, אַז ער האָט אַפֿילו איינגעפֿונען, אַז ער האָט ניט דאָס רעכט זיך אַריינצומישן אין דער טעטיקייט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. ליבערמאַן האָט אַפֿילו איינגעפֿונען, אַז דער סאָציאַליסטן־פֿאַראיין האָט אַפֿילו ניט דאָס רעכט אויסצואַרבעטן די סטאַטוטן פֿאַר די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, ווייל, נאָך זיין מיינונג, דאַרפֿן די אַרבעטער אַליין אויסאַרבעטן פֿאַר זיך די סטאַטוטן ווייל דאָס איז אין זייערע אינטערעסן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָן האָבן די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן ניט געקענט אויסאַרבעטן די סטאַטוטן און די אַרבעט האָט אויף זיך געמוזט נעמען דער סאָציאַליסטן־פֿאַראיין. אָבער האָבן אַ ווירקונג אויף די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, שטרעבן, אַז זיי זאָלן זיך געפֿינען אונטער זיין איינפֿלוס, דאָס האָט דער סאָציאַליסטן־פֿאַראיין ניט געפּרואווט און אַפֿילו ניט געוואָלט פּרואוון.

## 4

די ערשטע דריי חדשים פֿון זיין עקזיסטענץ האָט דער „יידישער סאָציאַ־ליסטן־פֿאַראיין" זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידעע צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן אין פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. ענדלעך אָבער האָט ער עס דערגרייכט און פֿאַרן פֿאַראיין האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: און וואָס ווייטער?

אויף דעם לעצטן געשלאָסענעם אַרבעטער־מיטינג, אויף וועלכן עס האָט זיך ענדגילטיק געגרינדעט דער פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין פֿון שניידער, איז דער פֿאָרזיצער אַ. ליבערמאַן געווען אַזוי באַגייסטערט און אַזוי אויפֿגע־רעגט פֿאַר שמחה, אַז ער האָט אין זיין רעדע באַצייכנט דעם טאָג פֿאַר איינעם פֿון די ליכטיקסטע טעג אין דער יידישער געשיכטע, — נאָר זייער גיך האָט זיך ליבערמאַן און מיט אים די איבעריקע מיטגלידער פֿון „יידישן סאָציאַליסטן־פֿאַראיין" איבערצייגט, אַז ער האָט אין זיינע התפּעלות אַ ביסל איבערגעטריבן די מאָס. דער „ייד. סאָצ. פֿאַראיין" האָט פֿאַרשטייט זיך, אין יענער צייט נאָך ניט געהאָט די איבערצייגונג און די פּראַקטיק, אַז מיט סתם אָרגאַניזירטע אַרבעטער אָן סאָציאַליזם איז נאָך דער יום־טוב ניט אַזוי גרויס.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז דער „ייד. סאָצ. פֿאַראיין" האָט אָנפֿאַנגס זיך אָפּגעזאָגט צו האָבן וועלכן עס איז איינפֿלוס אויף דער ריכטונג פֿון געגרינ־דעטן פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין. שפּעטער האָט ער יאָ געוואָלט מישן זיך אין פּראָ־

פּעסיאָנעלן פֿאַראיין און האָבן אויף אים אַן איינפֿלוס, אָבער די אַרבעטער זיינען געווען קעגן דעם. זיי האָבן געזאָגט, אַז דער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין ברענגט נאָר שאָדן דער אַרבעטער־זאַך. איבערהויפּט זיינען זיי געווען קעגן ליבערמאַנען און גאָלדענבערגן. דער סוף איז געווען, אַז דער פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין האָט „אויפֿגעגעסן" דעם סאָציאַליסטן פֿאַראיין. מערערע מיטגלידער אַרבעטער זיינען אַרויסגעטראָטן פֿון סאָציאַליסטן־פֿאַראיין און אַריין אין קאָמיטעט פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן שניידער־פֿאַראיין, וועלכער האָט געפֿירט זיין אַרבעט גאַנץ זעלבשטענדיק און אָפּגעזונדערט פֿון די סאָציאַליסטן. דער „יידישער סאָציאַליסטן־פֿאַראיין" איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט און אויף דער טאָג־אָרדנונג איז אויפֿגעשוואומען די פֿראַגע: וואָס איז דער ציל פֿון סאָציאַליסטן־פֿאַראיין?

די פֿראַגע איז געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג גאַנצע דריי חדשים, ביז דער פֿאַראיין איז פֿונאַנדערגעפֿאַלן. עס האָט ניט געקענט באַפֿרידיקן ליבערמאַנס ענטפֿער, אַז דער פֿאַראיין, ווען ער זאָל נאָר האָבן דעם איינציקן ציל צו באַווייזן, אַז עס עקזיסטירט אין דער וועלט אַ יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין, ווען ער זאָל נאָר עקזיסטירן אַלס אַ פֿאָן פֿאַר די יידישע סאָציאַליסטן אין אַנדערע לענדער — איז שוין אויך גענוג. עס האָט אויך ניט געקענט באַפֿרידיקן די מיטגלידער זייער טעטיקייט בנוגע צו פֿאַרשפּרייטן און אַגיטירן די סאָציאַליסטישע אידעען. וועגן דעם האָט מען נאָר גערעדט אויף די זיצונגען פֿון פֿאַראיין, אָבער אויסער דעם איז לחלוטין גאָרניט געטאָן געוואָרן אין דעם זין. די איינציקע אינטעליגענטע קרעפֿטן אין פֿאַראיין זיינען געווען אַ. ליבערמאַן און אַ. גאָלדענבערג. ליבערמאַן האָט קיין באַקאַנטשאַפֿט ניט געהאַט מיט דער לאָנדאָנער יידישער אַרבעטערשאַפֿט. נאָך דער ביטערער דערפֿאַרונג פֿון שניידער־פֿאַראיין האָט דער „ייד. סאָצ. פֿאַראיין" אויך פֿאַרלאָרן זיינע ערשטע התפּעלות און דעם גרויסן חשק צו אָרגאַניזירן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, צו וועלכע ער קען שפּעטער אַפֿילו קיין צוטריט ניט האָבן.

איינער אַ מיטגליד האָט אַריינגעטראָגן אַ פֿאָרשלאָג, אַז מען זאָל דעם פֿאַראיין פֿאַרוואַנדלען אין אַ בילדונגס־פֿאַראיין. דער גרעסטער טייל מיטגלידער האָט זיך אַפֿילו אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, נאָר דאָך האָט זיך די פֿראַגע דעבאַטירט די גאַנצע צייט אויף יעדער פֿאַרזאַמלונג ביז דער פֿאַראיין איז פֿונאַנדערגעפֿאַלן.

צווישן די סיבות, וועלכע האָבן אונטערגעגראָבן דעם פֿאַראיין, איז געווען דער קלאַנג, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זיינען מיסיאָנערן, וועלכע ווילן אָפּשמדן די יידישע אַרבעטער.

איך האָב שוין איין מאָל דערמאָנט, אַז אין יענער צייט האָבן די מיסיאָנערן אין לאָנדאָן אַנטוויקלט זייער אַן ענערגישע טעטיקייט. צוליב די רעפּרעסיעס, וועלכע האָבן זיך אין יענער צייט אָנגעפֿאַנגען צו פֿאַרשפּרייטן קעגן יידן אין רוסלאַנד און רומעניע, האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די יידישע עמיגראַציע קיין לאָנדאָן. די מיסיאָנערן האָבן זיך באַנוצט מיט דער לאַגע צו כאַפּן פֿיש אין מוטנע וואַסער. דער פֿאַראיין האָט זיך געפֿונען ניט איין מאָל געצוואונגען צו באַקלערן מיטלען, ווי אַזוי צו קעמפֿן מיט די מיסיאָנערן. מערערע מאָל איז געשטאַנען די פֿראַגע אויף דער טאָג־אָרדנונג.

איך געפֿין פֿאַר ניט איבעריק צו באַמערקן, אַז איינער פֿון די מיטגלידער האָט געפֿונען, אַז די סיבה פֿאַרוואָס דער פֿאַראיין האָט קיין דערפֿאָלג ניט, איז — זיין נאָמען. לויט זיין מיינונג האָט דער פֿאַראיין זיך ניט געדאַרפֿט רופֿן „יידישער סאָציאַליסטישער פֿאַראיין". ווען אין נאָמען פֿון פֿאַראיין וואָלט ניט געווען דאָס וואָרט „יידישער", וואָלטן אין פֿאַראיין אַריינגעטראָטן אויך ענגלענדער. דערויף האָט געענטפֿערט אַן אַנדער מיטגליד: קוים רופֿן זיך די אַנדערע סאָציאַליסטישע פֿאַראיינען מיט זייער נאַציאָנאַלן נאָמען און קוים זיינען יידן אַ נאַציע, פֿאַרוואָס זאָל מען פֿאַרלייקענען דעם נאַציאָנאַלן נאָמען פֿון דעם יידישן סאָציאַליסטן־פֿאַראיין?

ס'איז דערביי צו באַמערקן, אַז אין פֿאַראיין זיינען אויך געווען מיטגלידער אַ פּאָר קריסטן.

אַלע עצות האָבן אָבער ניט געהאָלפֿן האַלטן דעם פֿאַראיין ביים לעבן. די לעצטע זיצונג האָט דער פֿאַראיין אָפּגעהאַלטן דעם 28סטן דעצעמבער 1876. אויף דער לעצטער זיצונג פֿון פֿאַראיין זיינען נאָך אַריינגעטראָגן געוואָרן פֿאַרשיידענע פּלענער, ווי צו פֿאַרגרעסערן און ווי צו פֿאַרשטאַרקערן דעם פֿאַראיין. די אַלע פּלענער האָט מען געדאַרפֿט אָפּשטימען אויף דער קינפֿטיקער זיצונג. אָבער זי איז שוין מער ניט פֿאָרגעקומען.

אין גאַנצן האָט דער פֿאַראיין אָפּגעהאַלטן 26 זיצונגען און 3 מיטינגען.

לויט ווי עס שרייבט מיר דער ה' א. גאָלדענבערג, איז שפּעטער ניט געמאַכט געוואָרן קיין פּרואוו דעם פֿאַראיין צו באַנייען און אים אויפֿצולעבן. די מער טעטיקע מיטגלידער זיינען אַוועקגעפֿאָרן פֿון לאָנדאָן און אַנדערע פֿון זיי זיינען געווען טעטיק אין די סאָציאַליסטישע פֿאַראיינען אין די לענדער, אין וועלכע זיי זיינען געקומען.

30 יאָר זיינען פֿאַריבער, ווי דער ערשטער „יידישער סאָציאַליסטן־פֿאַראיין" אין לאָנדאָן האָט עקזיסטירט. דאָס איז געווען די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פֿון רוסלענדישע יידן. אין דעם גרויסן רוישנדן לאָנדאָן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַ הייפֿעלע יידישע אידעאַליסטן, אָפּגעריסענע פֿון זייער היים, פֿרעמדע, עלנדע, פֿאַרוואָגלטע און האָבן אַרויסגעשטעלט די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע פֿאָן. דאָס זיינען די ערשטע שוואַלבן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט דעם סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס. קיינער האָט זיי ניט פֿאַרשטאַנען און ניט געוואָלט פֿאַרשטיין, אָבער זיי זיינען געווען פֿעסט אין זייער גלויבן, אַז די צוקונפֿט געהערט זיי, אַז די אידעע פֿון סאָציאַליזם מוז זיגן.

1907



# ווי אַזוי איך בין געקומען צום „בונד"

(אַ קאַפּיטל ערינערונגען)

עס איז מיר איינגעפאַלן אָנצושרייבן אַ קאַפּיטל ערינערונגען ווי אַזוי איך בין געקומען צום "בונד", אָבער איך האָב זיך געמוזט אָפּשטעלן גלייך ביים אָנפאַנג. איך האָב זיך געוואָלט דערמאָנען, ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט מיין עלטסטן בונדיסטישן חבר קורסקי, אָדער פראַנץ, ווי איך בין געוואוינט אים צו רופן, אָבער איך האָב עס ניט געקענט.

אמת, מיין בונדיזם פאַנגט זיך ניט אָן פון מיין ערשטער באַגעגעניש מיט קורסקין, עס איז דעמאָלט נאָך געווען פאַר בריאת עולם, דער „בונד" האָט נאָך ניט עקזיסטירט. אָבער קיינער פון מיינע בונדיסטישע חברים האָט זיך ניט דורכגעקרייצט אַזוי פיל מאָל אין מיין בונדיסטישן לעבן, ווי חבר קורסקי.

אָבער איך האָב זיך דאָך ניט געקענט דערמאָנען, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן דאָס ערשטע מאָל.

נאָר אַ זכרון איז אַ מין קאַפּריזנע באַשעפעניש. עס זיינען פאַראַן פּאַסירונגען, וועלכע איך געדענק זייער גוט, כמעט מיט די קלענסטע איינצלהייטן, הגם ס'זיינען אַריבער איבער זיי אַ סך יאָרן. און עס זיינען פאַראַן פּאַסירונגען, וועלכע זיינען וויט ניט אַזוי אַלט, און איך האָב זיי אין גאַנצן פאַרגעסן. און גראָד די, וואָס איך האָב פאַרגעסן, זיינען פיל וויכטיקער, ווי די, וואָס זיינען געבליבן אין מיין זכרון. איך געדענק זאַכן קלערער פון דער צייט, ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל, איידער איך האָב נאָך אָנגעפאַנגען גיין אין חדר, ווי פון מיינע שפּעטערדיקע יאָרן. איך געדענק קלאָר דעם דאָרף קומיאַן, אָדער קעמען, ווי מען האָט אים גערופן אויף דייטש, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע פריע קינדער־יאָרן. איך געדענק ניט ווי און ווען מען האָט מיך געבראַכט אין קומיאַן, ווייל געבוירן געוואָרן בין איך, ווי מיין מאַמע האָט מיר דערציילט, עפּעס אויף אַ פאַרם אין קורלאַנד ניט ווייט פון בויסק, אָבער מיין זכרון פאַנגט זיך אָן פון קומיאַן, אַ גרויסער דאָרף, אויף דעם גרענעץ צווישן קורלאַנד און ליטע. דער פריץ פון הויף איז געווען אַ דייטשער באַראָן און די אַרבעטער פון הויף אָדער קנעכט, ווי מען פלעגט זיי רופן, זיינען געווען לאַטישן, בעת די פּויערים פון דאָרף זיינען געווען ליט־ווינער. עס שטייט פאַר מיינע אויגן, ווי אַ לעבעדיקער, אונדזער שכן קיילערט דער שמיד, אַן אַלטער דאַרער דייטש, אינגאַנצן פון ביינער, שטענדיק אין אַ גרויסן, גראָבן לעדערנעם פאַרטוך און שטענדיק דער פּנים און די הענט שוואַרץ פון סאַזשע. איך געדענק קלאָר אונדזער אַ צווייטן שכן זיגאַס, אַ יונגער רייכער ליטווישער בעל־גוף, פאַר וועמענס גבורה אַלע פּויערים פון דאָרף האָבן געציטערט ביז זיי האָבן איינמאָל בשותפות געמאַכט מיט אים אַ געשלעג ביי ברוך מרדכין אין קרעטשמע און זיי האָבן אים אַזוי צעהרגעט, אַז ער איז אַ צייט געלעגן קראַנק. אין געשלעג האָט מען אים אויסגעהאַקט אַ פאָדערשטן צאָן און ער פלעגט נאָכדעם שיפּען ביים ריידן. און אַט זע איך ברעדאַס דעם וואַגער, אָדער פאַרוואַלטער פון דעם באַראָנס הויף, אַ ברייטפּלייציקער לאַטיש מיט אַ לאַנגער, ברייטער באָרד, וואָס פלעגט מיטן טאַטן ריידן אַמאָל לאַטוויש,

אַמאָל דייטש, און ווען ער וואָלט ניט זיצן אין שטוב אָן אַ היטל וואָלט איך אים גאָר ניט געהאַלטן פאַר אַ גוי, ווייל אויף דייטש האָב איך קיינמאָל ניט געקוקט ווי אויף אַ גויאישער שפּראַך. און עס וואַקסן אַרויס פאַר מיינע אויגן קלאָר און שאַרף פאַרשיידענע געשטאַלטן פון יענער צייט און עס שווימען אַרויף אין מיין זכרון מיט אַ באַזונדער פרישקייט פאַרשיידענע קלענערע און גרעסערע פּאַסירונגען אַרום מיר און מיט מיר, אַט ווי דאָס וואָלט היינט געווען. און איך בין געווען דעמאָלט בלויז עטלעכע יאָר אַלט.

אָבער איך געדענק דאָך ניט אַלץ. אָט געדענק איך ניט ווי אַזוי איך האָב זיך אויסגעלערנט זאָגן עברי. איך געדענק זייער קלאָר ווי דער טאַטע האָט מיך געבראַכט אָנפאַנג זומער אינעם קליינעם שטעטל וואַשקי, וואָס איז געווען נאָענט צום דאָרף וואו מיר האָבן געוואוינט, און ער האָט מיך געבראַכט צו אַ יידן מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן און אַ שמאָל לאַפּעטע-בערדל, וועלכער איז געוואָרן מיין רבי. ער האָט געעפנט אַ דיקן פאַרשמאַלצענעם סידור און האָט מיר געהייסן זאָגן. עס הייסט, אַז כ'האָב שוין געקענט אַביסל עברי. אָבער ווער האָט עס מיך אויסגעלערנט? געוויס האָט עס געמוזט זיין דער טאַטע, אָבער איך געדענק ניט. איך געדענק אַפילו ניט, אַז אימיצער האָט מיך ווען עס איז געלערנט דעם אלף-בית.

דאָך דאַרף איך זאָגן, אַז איך געדענק אומפאַרגלייכלעך אַ סך מער און אַ סך קלערער פון מיינע קינדער-יאָרן, ווי פון מיינע שפּעטערדיקע יאָרן.

איך האָב מיט איניקע יאָר צוריק געלייענט וועגן אַ פּאַסירונג אין אָנפאַנג זומער פון 1907, אין וועלכער איך האָב געהאַט אַ גרויסן חלק, אייגנטלעך דעם הויפּט-חלק, און דאָך האָב איך איר געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן. און עס איז דאַכט זיך געווען אַזוינס, וואָס האָט געדאַרפט זיך איינקריצן אין מיין זכרון. עס איז געווען אויף דעם באַרימטן רוסלענדישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָנדאָן עטוואָס פריער ווי די צווייטע דומע אין רוסלאַנד איז פונאַנדערגעטריבן געוואָרן. דער צוזאַמענפאָר האָט גע-דאַרפט אָפּגעהאַלטן ווערן אין קאָפּענהאַגען, נאָר, ווען די מייסטע דעלעגאַטן זיינען זיך צונויפגעקומען, האָט די דענישע רעגירונג אים פאַרבאָטן. דאָס איז געווען צוליב די פריינדלעכע באַציאונגען צווישן דענעמאַרק און רוסלאַנד. מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, ניקאָלאַיס מוטער, איז געווען אַ דענישע פּרינצעסין. האָט מען געדונגען אַ שיף און מען איז אַוועקגעפאָרן אין לאָנדאָן. אויף יענעם צוזאַמענ-פאָר, וואָס האָט געדויערט פיר וואָכן און וואָלט נאָך געדויערט לענגער, ווען עס וואָלט געווען געלט, זיינען געווען פאַרטראָטן די בעסטע קעפּ און די העכסטע אינטעליגענץ, וואָס די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט דע-מאָלט פאַרמאָגט. עס זיינען דאָרטן אויך געווען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס, צענטריסטן, בונדיסטן, פּ. ס. ד. (פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן) א. אַז. וו. די בונדיסטישע דעלעגאַציע איז געווען ניט קיין געאייניקטע. אַ גרעסערער טייל פון איר זיינען געווען צענטריסטן, אָבער ניט פון דער צענטריסטישער ריכטונג, וואָס טראָצקי האָט דעמאָלט פאַרטראָטן. איניקע זיינען געשטאַנען נאָענט צו די מענשעוויקעס און

אַ פּאָר זיינען געווען מיט די באָלשעוויקעס. נאָר אין אַלגעמיין זיינען די באַ־ציאונגען פֿון דער בונדיסטישער דעלעגאַציע מיט די אַנדערע געווען גאַנץ פֿריינדלעכע אָן אונטערשייד פֿון ריכטונג און שאַטירונג. אַן אויסנאַם אין דעם פּרט איז בלויז געווען די דעלעגאַציע פֿון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע איז געשטאַנען נאָענט צו די באָלשעוויקעס. דער ערשטער אָפֿענער פֿיינטלעכער צוזאַמענשטויס צווישן אָט דער דעלעגאַציע מיט די בונדיסטן אויפֿן צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען צוליב אונדזער מאַקסימס אַ שאַרפֿער באַמערקונג וועגן די לאָדזער דעלעגאַטן פֿון דער פּ. ס. ד. עפּעס זיינען דאָרטן אין לאָדז די וואַלן ניט געווען אינגאַנצן קיין כּשרע. מאַקסים האָט נאָך טיילוויז געטראָגן אויף זיך די גלאָריע פֿון דעם פֿירער פֿון דער רעוואָלוציע אין ריגע. איך זאָג „טיילוויז״, ווייל קומענדיק דעמאָלט צוריק פֿון זיין באַזוך אין אַמע־ריקע, איז מאַקסים געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי דער, וואָס מען האָט געזען אין ריגע אין אָקטאָבער 1905. עפּעס ווי די שכינה וואָלט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן. מאַקסימס באַמערקונג וועגן די לאָדזער דעלעגאַטן פֿון דער פּ. ס. ד. האָט אַרויס־גערופֿן אַ גרויסן טומל אויפֿן צוזאַמענפֿאָר. אָבער נאָך אַ גרעסערן טומל האָט אַרויסגערופֿן אַן אַנדער בונדיסטישער דעלעגאַט. ער האָט אונטערגעבראָכן ראָזאַ לוקסעמבורג אין מיטן פֿון אירער אַ רעדע אויפֿן צוזאַמענפֿאָר, אין וועל־כער זי האָט פֿאַרטשעפּעט דעם „בונד״.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט אייגנטלעך באַלאַנגט צו דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. זי איז דורך הייראַט געוואָרן אַ בירגערין פֿון דייטש־לאַנד. אָבער אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציע אין 1905 איז ראָזאַ לוקסעמבורג געווען גאַנץ טעטיק אין פּוילן און זי איז דאָרטן אין 1906 געווען אַקטיוו ביי דער פּ. ס. ד. (פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי), וועלכע האָט באַ־קעמפֿט די פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). דער בונדיסטישער דע־לעגאַט, וואָס האָט עס געמאַכט דעם טומל, איז געווען טאַקע איך אַליין. איך בין אויפֿגעשפּרונגען פֿון מיין פּלאַץ און האָב אַ געשריי געטאָן בלויז איין וואָרט: „דאַוואָלנאָ!״ (גענוג). און קיין מאָל האָט מיינער אַ וואָרט ניט געהאַט אַזאַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, ווי דאָס מאָל. כּמעט אַלע בונדיסטישע דעלעגאַטן האָבן זיך אַ הויב געטאָן פֿון זייערע פּלעצער און האָבן אָנגעפֿאַנגען פּראָטעסטירן קעגן ראָזאַ לוקסעמבורגס באַמערקונג וועגן „בונד״. דער טומל איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט איבעררייסן די זיצונג אויף אַ געוויסער צייט, און נאָך דעם, ווען די געמיטער האָבן זיך אַביסל באַרויִקט, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג זיך אַנט־שולדיקט פֿאַרן „בונד״ און פֿאַרגעזעצט איר רעדע. אַזאַ פּאַסירונג האָב איך, דאַכט זיך, געדאַרפֿט זייער גוט געדענקען, אָבער איך האָב איר אינגאַנצן געהאַט פֿאַרגעסן. זי איז געווען אינגאַנצן אָפּגעמעקט פֿון מיין זכּרון. דערמאָנט וועגן דער פּאַסירונג האָט מיר בייניש מיכאַלעוויטש אין זיין בוך „זכרונות פֿון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער״, וואו ער דערציילט עס אַלס איינעם פֿון די עפּיזאָדן פֿון דעם צוזאַמענפֿאָר.

און גראָד געדענק איך אַ סך פֿאַרשיידענע קליינע, ניט וויכטיקע איינצל־הייטן פֿון יענעם צוזאַמענפֿאָר אַפֿילו נאָך היינט: משמעות, אַז דער זכּרון ביים מענטשן איז ווייט ניט אַזאַ איינפֿאַכע מאַשינקע. עס איז גיכער אַ מאַשינקע

מיט קאַפּריזן וועלכע זיינען שווער צו דערקלערן. איך האָב וועגן דעם אויך געטראַכט, ווען איך האָב מיט אייניקע יאָר צוריק געלייענט דעראינערונגען פון חבר פראַנץ קורסקי, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „צוקונפט", אין וועלכע מיין נאָמען ווערט אַ פּאָר מאָל דערמאָנט אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַרשיידענע פּאַ־סירונגען, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט מיין טעטיקייט אין „בונד" אין מיינע סטודענטישע יאָרן. זיי האָבן אייגנטלעך אַלע געדאַרפט זיין איינגעקריצט אין מיין זכרון, אָבער מאַנכע פון זיי האָב איך געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן און איך האָב זיך אין זיי דערמאָנט בלויז ווען איך האָב אָנגעפאַנגען לייענען וועגן זיי. און ווען איך האָב אָנגעפאַנגען זיך דערמאָנען, זיינען אין מיין זכרון ארויפגע־שוואומען אַלע איינצלהייטן און מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט און פרישקייט.

נאָר לאָמיך זיך צוריקקערן צו דעם, ווי אַזוי און ווען איך בין באַקאַנט גע־וואָרן מיט מיין פריינד קורסקי. ער אַליין האָט טאַקע מיר איצט ארויסגעהאָלפן זיך עס צו דערמאָנען. דאָס איז געווען „אַנומעלטן" אָדער „אַנוסטן", ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגן, נאָענט צו אַ האַלבן הונדערט יאָר צוריק.

נאָר מאָדנע — עס איז מיר שווער זיך צוצוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז איך קען דערציילן וועגן זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אַ האַלבן הונדערט יאָר צוריק, אָט ווי מיין טאַטע פלעגט עס קענען טאָן. דאַכט זיך, אַז נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק פלעג איך זיצן און הערן און זיך וואונדערן ווי מיין טאַטע פלעגט דערציילן וועגן זאַכן, וואָס האָבן „אַנומעלטן" אָדער „אַנוסטן" פּאַסירט. אָט, למשל, ווי די רוסן האָבן איינגענומען פון די טערקן פּלעוונע און ווי אַטאַמאַן פּאַשא איז געפאַנגען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אָדער ווען עס איז פאַרגעקומען דער ערשטער פּריזיוו אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווען מען האָט אָפּגעשאַפט דאָס „קאַפּעניש", וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן מיר אויס־געקוקט, אַז זיי באַלאַנגען צו דער גאַנץ ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און דאָ נעם איך זיך אַליין דערציילן וועגן זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט מיט אַן ערך אַ האַלבן יאָר הונדערט צוריק! נאָר איך וועל זיך מוזן צוגעוואוינען.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט חבר קורסקי איז פאַרבונדן מיט מיין קומען אין ריגע. און דאָ פאַנגט זיך אָן אַ לאַנגע מעשה.

*

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ גאַנץ יונגער בחור. איך בין געקומען אין ריגע זוכן אַ תכלית. וואָס פאַר אַ תכלית, האָב איך אַליין ניט געוואוסט. איך האָב געחלומט וועגן פאַרשיידענע זאַכן און זיי זיינען געווען פונקט אַזוי אומקלאָר און אומבאַשטימט ווי מיינע חלומות וועגן אַ בעסערער און שענערער מענטש־הייט, וועלכע איך האָב מיט זיך מיטגענומען פון ווילנע, וואו איך האָב פאַר־בראַכט אַ רעכט ביסל צייט פון מיינע יוגנט־יאָרן אין זוכן, חלומען און בלאָנ־דזשען. איך בין געקומען אין ווילנע מיט דעם חלום צו זיין אַמאָל אַ גרויסער רב און אַזעלכער, וואָס זאָל פאַראייניקן אין זיך תורה און השכלה, אָט, למשל, ווי מיין געוועזענער רבי ר' מרדכילע בויסקער (ר' מרדכי עליאַסבערג), אין ווע־מענס ספרים־אַלמער איך האָב געפונען צוזאַמען מיט די הייליקע ספרים אויך

אַפּיקורסישע ביכלעך און וויסנשאַפטלעכע ווערק. נאָר אַוועקגעפאָרן פון ווילנע בין איך מיט אַ חלום צו ווערן אַ דאָקטער, אַן אינזשענער, אַן אַרכיטעקט, אָדער איך ווייס אַליין ניט וואָס. אָבער דאָס איז ניט אַלץ. איך בין פון ווילנע אַוועקגעפאָרן ניט בלויז מיט פּלענער וועגן מיין אייגענער צוקונפט, נאָר אויך מיט פּלענער וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, אָט וועגן דער מענטשהייט פון וועלכער איך האָב גאַנץ ווייניק געטראַכט ווען איך בין געפאָרן קיין ווילנע.

איך פּרואוו זיך דערמאָנען ווען און ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט, און איך געדענק עס ניט. איך בין עס, דאַכט זיך, געוואָרן ביסלעכווייז. איך געדענק בלויז, אַז ווען איך האָב אין אַנטאָקאָליע, אַ פאָרשטאָט פון ווילנע, וואו איך האָב זיך אויפגעהאַלטן, זיך צופעליק פונאַנדערגערעדט מיט אַ באַקאַנטן בחור, הירשע דער בערשטער, וועגן דער וועלט און דער מענטשהייט, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט גרויס באַוואונדערונג, ווי אַזוי עס קומען צו מיר אַזעלכע געדאַנקען. הירשע דער בערשטער איז שוין דעמאָלט געווען אַ דערוואַקסענער בחור און איז שוין געווען אַ „באַוואוסטזיניקער”. לויט ווי איך האָב שפּעטער זיך דערוואוסט, האָט ער שוין מער ווי אַ יאָר צייט באַלאַנגט צו אַ פּראָפּאַגאַנדע־קרייזל און ער האָט שוין געלייענט זאַבאַוס „בעסעדי אָ פּריראָדיע” (שמועסן וועגן דער נאַטור). איך, ווידער, בין נאָך געווען אַ בחורל פון אַ יאָר 17—18 און האָב זיך נאָך געשאָקלט איבער דער גמרא. ער האָט דעריבער ניט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי עס קומען צו מיר אַזעלכע רייד, וואָס ער הערט זיי בלויז פון די זייניקע בחדרי חדרים. ווי איך פאַרשטיי איצט, איז די באַוואוסטזיניקייט פון הירשע דעם בערשטער דעמאָלט נאָך ניט געווען קיין איבריקס גרויסע, אָבער דער רעזולטאַט פון מיין געשפּרעך מיט אים איז געווען, אַז איך אַליין בין אַריינגענומען געוואָרן אין דער פּראָפּאַגאַנדע, כּדי מיך צו מאַכן פאַר אַ באַוואוסטזיניקן. הירשע דער בערשטער האָט נעמלעך געלאָזט וויסן, וואו מען באַדאַרף, אַז ער האָט עפּעס דערטאַפּט אַ בחורל פון וועלכן מען קאָן מאַכן אַ מענטש, און מען האָט מיך באַלד גענומען אין דער לערע. מען האָט מיר געהייסן זיך טרעפן מיט אַ יונגער „באַרישנע” עפּעס אין אַ קליינעם פּאַרק, וואָס איך געדענק ניט זיין נאָמען, און מען האָט מיר געגעבן אַ סימן, אַז זי איז אַ נידעריקע, אַ מאָגערע און האָט אַ הויקער. עס איז געווען אַ סימן, וואָס איך האָב געמוזט טרעפן. זי האָט מיט מיר אַביסל גערעדט, געשטעלט אייניקע פראַגן און האָט מיר געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום ערגעץ אין נאָוויגראָד אויף אַן אַדרעס, וואָס זי האָט מיר געגעבן. דער אַדרעס, וואָס איז מיר געווען אַ ביסל שווערלעך אויסצוגעפינען, איז געווען פון אַ קליינער הילצערנער הויז, וואָס איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אויף אַ פריי שטיקל פּלאַץ אָן נאָענטע שכנים אַרום זיך. מיין ערשטע לעקציע אין „באַוואוסטזיניקייט” איז געווען אַ ביכל „פּערוויע כריסטיאַניע” (די ערשטע קריסטן). איך האָב עס דורכגעלייענט, און מיין רביצן, וואָס איר נאָמען איז געווען פּאַליאַ, האָט נאָך דעם מיט מיר דיסקוטירט. דאָס צווייטע ביכל איז געווען „סאָקראַט” און דאָס דריטע געדענק איך ניט. משמעות, אַז דאָס איז געווען מיר צו ווייזן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך מקריב זיין פאַר אַן אידייע אין וועלכער מען גלויבט. נאָר ווען עס איז געקומען צו „בעסעדי אָ פּריראָדיע” האָט מיין רביצן צו איר גרויסער איבערראַשונג אויסגעפונען, אַז

איך ווייס אַ סך מער ווי אין ביכל איז פֿאַראַן. איך בין גראָד געווען אַ שטיקל למדן אין נאַטור־וויסנשאַפֿט. לערנענדיק ביי ר׳ מרדכילע בויסקער אין הויז, האָב איך אין זיין ספֿרים־אַלמער געפֿונען בערנשטיינס דייטשע פֿאָלקס־ביכער איבער נאַטור־וויסנשאַפֿט, וועלכע איך האָב אויסגעלייענט און אויסגעלערנט פֿון טאָוול ביז טאָוול. דערצו האָב איך דאָרטן געפֿונען אין העברעאיש אַ בוך איבער אַסטראָנאָמיע, „השמש", פֿון יוסף זאָסניץ און צוויי ביכער „המנוחה והתנועה" און „הרכבה והפרדה" פֿון הירש ראַבינאָוויטש. דער ערשטער — וועגן פֿיזיק און דער צווייטער וועגן כעמיע. וואָס איז שייך צו נאַטור־וויסנשאַפֿט האָב איך, הייסט עס, ניט געדאַרפֿט האָבן קיין אויפֿקלערונג. פֿיל מער, איך אַליין האָב אין דעם געקענט זיין אַן אויפֿקלערער און מען האָט מיך טאַקע באַלד אָנגעפֿאַנגען אויסצונוצן פֿאַר דעם צוועק. נאָר פּלוצים האָט מיין גאַנצע דערציאונג זיך אָפּגעבראָכן. איך בין איינמאָל געקומען איינגעמען מיין פּאָרציע באַוואוסטזיניקייט, און איך האָב געפֿונען דאָס אַליינשטייענדע הילצערנע שטיבל פֿאַרשלאָסן. איך בין געקומען אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל, און האָב ווידער געפֿונען דאָס שטיבל פֿאַרשלאָסן. עס איז פֿאַר מיר געווען קלאָר, אַז קיינער וואוינט ניט מער אין דעם שטיבל, אַז עפּעס האָט געמוזט פּאַסירן, און איך בין שוין געווען באַוואוסטזיניק גענוג, אַז איך זאָל ניט פֿרעגן קיין קשיות.

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פּאַליאַ איז געווען מאַרטאָווס כלה און איר פֿולער נאָמען איז געווען פּאַליאַ גאָרדאָן. זי האָט געהאַט זייער אַ שיין, צאַרט געזיכט און וואונדערלעכע אויגן, און מען האָט זיך אין איר געקענט פֿאַרליבן ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז געווען אַ קריפּל. נאָר אפֿשר איז מיין מבינות אין יענער צייט געווען ניט פֿיל ווערט...

פֿון מיינע שפּעטערדיקע באַקאַנטשאַפֿטן מיט „באַוואוסטזיניקע" איז ביי מיר באַשאַפֿן געוואָרן אַ באַשלוס צו ווערן אַ שלאָסער. עס איז דעמאָלט געווען אַזאַ מין איבערגאַנג צווישן די לערנער און סתם אַזוי בחורים, וועלכע מען האָט „די אויגן געעפֿנט", זיך צו לערנען שלאָסעריי. עס איז אייגנטלעך ניט געווען דווקא שלאָסעריי, נאָר סתם אַ מלאָכה. אָבער שלאָסעריי האָט עפּעס מער געצויגן, עס איז אַן אינטערעסאַנטע מלאָכה. און עס איז געווען, ווי איך האָב עס דעמאָלט פֿאַרשטאַנען, ניט בלויז די אידייע פֿון ווערן אַן אַרבעטער, אַ נוצלעכער מענטש און אויפֿהערן זיין אַ באַנק־קוועטשער, אָדער אַ באַלעבאַטישער ליידיקגייער, נאָר עס איז געווען די אידייע פֿון גיין אין פֿאָלק. איך בין דעמאָלט פֿאַר דעם צוועק באַקאַנט געוואָרן מיט ישׂראל מיכל קאַפּלינסקי, וועלכער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַקומען אַזאַ טרויעריקע באַרימטקייט אַלס פּראָוואָקאַטאָר. ישׂראל מיכל האָט שוין געהאַט אַוועקגעוואָרפֿן די גמרא און האָט זיך שוין געלערנט שלאָסעריי. אייגנטלעך האָט ער ניט געהאַט פֿיל וואָס אַוועקצוואַרפֿן. זיינע לומדות איז געווען אַ גאַנץ באַשרענקטע. איך האָב געוואָלט, אַז ישׂראל מיכל זאָל קריגן פֿאַר מיר אַ פּלאַץ, וואו זיך צו לערנען די מלאָכה. אָבער ער האָט פֿאַר מיר אַזאַ פּלאַץ ניט געקענט געפֿינען. אַגב, האָט ער מיך אויך טאַקע שטאַרק אָפּגערעדט פֿון ווערן אַ שלאָסער. עס איז געווען זיין מיינונג, אַז מיט מיינע פֿעאיקייטן קען איך בעסער ווערן אַן אינזשיניער, אָדער עפּעס אַנדערש און עס איז געווען זיין עצה, אַז איך זאָל אָנפֿאַנגען לערנען צו האַלטן אַן עקזאַמען.

איך האָב זיין עצה געמוזט פאָלגן, ווייל וואו זיך צו לערנען שלאָסעריי האָב איך סיי ווי ניט געהאַט. און טאַקע אַט דער געדאַנק פון ווערן אַן אינזשינער האָט מיך שפּעטער געבראַכט אין ריגע, וואָס האָט געהאַט אַ באַרימטן פּאָלי־טעכניקום.

אייגנטלעך וואָלט ישראל מיכל געוועזן אַ סך אַ בעסערער אינזשינער ווי איך, ווען ער וואָלט געלערנט. ער האָט געהאַט גאַנץ באַזונדערע טעכנישע פעאי־קייטן. דאָס האָב איך געזען, ווען איך האָב אין יאָרן אַרום זיך מיט אים געטראָפן אין ווילנע ביי דער „פאָלקסצייטונג" וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן. איך האָב געאַרבעט אין דער רעדאַקציע און ער — אין דער דרוקעריי. איך האָב געזען ווי ער האָט זיך געספּראַוועט מיט דער ראָטאַציאָנס־מאַשין (וועב פּרעס), וועלכע ער האָט פריער קיין מאָל ניט געזען און קיין פאַרשטעלונג ניט געהאַט. אויף אים האָט מען געקענט זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם חוש־הריח פאַר מאַשינען. ער האָט בלויז געדאַרפט אַ קוק טאָן אויף אַ מאַשין, איר אַ שמעק טאָן און ער האָט איר ניט בלויז גוט פאַרשטאַנען, נאָר איז געוואָרן גלייך „פאַניע בראַט" מיט איר.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויך זאָגן, אַז ישראל מיכל דער פראַוואָקאַ־טאָר איז פאַר מיר געבליבן אַ רעטעניש ביז היינטיקן טאָג. אויב עס איז פאַראַן אַזוינס ווי אַ מענטש מיט צוויי נשמות, דאַן איז ישראל מיכל געווען אַזאַ מענטש.

איך וויל דערביי באַמערקן, אַז מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט קאַפּלינסקין איז געבליבן פריש אין מיין זכרון מיט אַלע איינצלהייטן ביז היינטיקן טאָג. איך געדענק קלאָר ניט בלויז ווי ער האָט דעמאָלט אויסגעזען, נאָר אפשר וואָס פאַר אַ רעקל ער האָט געטראָגן און פון וואָס פאַר אַ קאָליר. עס זיינען אָבער ניט איבערגעבליבן אין מיין זכרון פאַרשידענע איינצלהייטן פון דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעפאַנגען צווישן די יידישע אַר־בעטער אין ווילנע און פון וועלכער איך אַליין בין געווען אַ קליין שרייפל. עס בלאַנדזשען אַרום אין מיין זכרון איינצלנע פאַסירונגען, וועלכע איך קען ניט פאַרבינדן. עס זיינען אַרויסגעפאַלן איינצלנע רינגעלעך פון דער קייט, און איך קען זיי ניט געפינען. מען האָט אין יענער צייט אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירן די זאָקן־מאַכערינס פון שטאָט. אין אַנטאָקאָליע, וואו איך האָב זיך אויפגעהאַלטן, זיינען דעמאָלט געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אויף זאָקן־מאַשינען. פאַניאַ, אַ קליין־געוויקסיקע ברונעטע מיידל מיט בלויע ברילן, פלעגט קומען פון צייט צו צייט זיך זען מיט די „באַוואוסטזיניקע" מיידלעך. שפעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פאַניאַ איז געווען אַ טאָכטער פון ר' בן־ציון חריף, דער ראש ישיבה פון ראַמאַליעס קלויז, אַ שטרענגער האַרטער ייד. אַמאָל פלעגט אויך קומען אַ הויכער ברונעטער מאַגערער יונגערמאַן מיט אַ שוואַרץ בערדל, אויך אין בלויע ברילן, אָבער ער איז געווען דורך און דורך קאָנספּיראַציע און איך האָב ניט געוואוסט ווער ער איז. מיינע פאַראַרדענונגען האָב איך געקראָגן פון פאַניאַן, און פאַניאַ האָט עס משמעות געקראָגן פון אים. אָבער איך קען ניט פון די איינצעלנע אָפגעשפּליטערטע שטיקלעך, וואָס זיינען געבליבן אין מיין זכרון, צונויפשטעלן אַ גאַנץ בילד.

איך האָב אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט מיטגלידער פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג, וועלכע האָט אין ווילנע געהאַט אַ סך אָנהענגער. אין דער חובבי־ציון־באַוועגונג האָט יעדער איינער געזען, וואָס ער האָט געוואָלט. איר הויפּט־מאָטיוו ביי די מענטשן, וואָס זיינען מיר געווען באַקאַנט, איז געווען ערד־אַרבעט. די חובבי־ציון־רעדנער, אָדער „מטיפים", וועלכע איך האָב דעמאָלט געהערט, פלעגן מאָלן וואונדערלעכע בילדער פון דעם לעבן פון לאַנד־אַרבעט, ווי ערלעך, ווי זיכער און ווי אידעאַליסטיש עס איז צו לעבן פון לאַנד־אַרבעט. עס איז געווען די צייט פון אליקום צונזערס ליד „אין דער סאָכע ליגט די מזל ברכה". אין די ערשטע יאָרן פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג האָט זיך שטאַרק געפילט די אידעאַליזירנדע באַציאונג צו ערד־אַרבעט פון די „נאַראָדניקעס", וואו מאַנכע פון די ערשטע חובבי־ציון וואָרטזאָגער האָבן געקראָגן זייער דערציאונג. עס איז אָבער ביי מיר ניט געבליבן קיין קלאָר בילד פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג אין ווילנע פון יענער צייט. עס איז געווען עפּעס אַ באַוועגונג פאַר ריידן העברעאיש, עס זיינען געגרינדעט געוואָרן פאַראיינען אונטער דעם נאָמען „שפה ברורה", אָבער ווען איך פּרוואוו זיך דערמאָנען וועגן די מענטשן און זייער טע־טיקייט, האָב איך אַ צעשוואומען בילד פאַר מיינע אויגן.

עס איז אייגנטלעך געווען אַ צייט, וואָס קיין זאַך איז ניט געווען קלאָר און באַשטימט אין יידישן לעבן. עס איז געווען אָדער אַ סוף פון עפּעס אָדער אַן אָנפאַנג פון עפּעס. עס איז געווען דער סוף פון דעם השכלה־פּעריאָד, אָבער עס האָבן נאָך געלעבט איינציקע פון די וואָרט־פירער פון דער השכלה און זיי האָבן נאָך געהאַט אַ ווירקונג. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען שאַפן די נייע יידישע ליטע־ראַטור. עס האָט זיך געטומלט מיט באַראָן הירש און זיינע מיליאָנען פאַר יידי־שער קאָלאָניזאַציע. באַלד איז געקומען די דרייפוס־אַפערע, וואָס האָט אויפגע־שטורעמט די יידישע וועלט, און מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז אַרויסגעקו־מען דר. הערצל מיט זיין „יודענשטאַט", וואָס איז געווען דער אָנפאַנג פון פּאָ־ליטישן ציוניזם. און אָט אין יענער צייט בין איך געקומען אין ריגע, וואו עס האָט זיך דעמאָלט ביי די יידן אויך דאָרטן צונויפגעטראָפן אַ סוף מיט אַן אָנפאַנג. עס איז געווען דער סוף פון דעם דייטש־פּעריאָד און דער אָנפאַנג פון דעם רוסיש־פּעריאָד. די דייטש־ריידנדע יידן אין ריגע זיינען צוערשט געווען די מיוחסים און האָבן געקוקט אויף די אַריינדרינגענדע ליטווישע און ווייס־רוסישע יידן פון אויבן אַראָפּ. אָבער ביסלעכוויז זיינען זיי פאַרפלייצט געוואָרן פון אָט די „אימיגראַנטן", וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען שפּילן די הויפּט־ראָלע.

*

ריגע איז געווען איינע פון די ערשטע שטעט, וואו דער פּאָליטישער ציוניזם האָט געפונען אַ סך אָנהענגער. דאָרטן איז שוין געגרינדעט געוואָרן אַ גאַנץ היפּשע אָרגאַניזאַציע גלייך נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. עס זיינען צו דער באַוועגונג צוגעשטאַנען אַ סך פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער אינטע־ליגענץ — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשינערן א. אַז. וו. עס זיינען אויך צו־געשטאַנען סטודענטן פון פּאָליטעכניקום און אַ גרויסע צאָל באַלעבאַטים פון די געוועזענע משכילים. עס איז אַפילו אויך געווען צווישן זיי אַ בעל מלאכה —

אַ קאַמאַשן־שטעפּער, זיין נאָמען איז דאַכט זיך געווען דייטש און עס פּלעגט זיך שיטן פון אים תורה, ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק. ער האָט מיט זיך פאַרגע־שטעלט „דאָס פאָלק״; אַלע אַנדערע זיינען געווען פון די העכערע קלאַסן. אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָכן ערשטן ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל איז אין ריגע אין אַ גרויסן זאַל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ציוניסטישע פאַרזאַמלונג. די שפּראַך פון די רעדנער איז געווען אָדער רוסיש אָדער דייטש. די פאַרזאַמלונג איז, פאַרשטייט זיך, אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט דער דערלויבעניש פון דער פּאָ־ליציי. מיך האָט געבראַכט צו דער פאַרזאַמלונג אַ באַקאַנטער סטודענט, וואָס איז געווען אַ טעטיקער ציוניסט, און איך בין דורך אים אַריינגעפאַלן אין אַ גאַנץ נייעם קרייז, וואָס איך האָב פריער ניט געקענט.

מיין קרייז איז פריער באַשטאַנען פון יונגע סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אין פּאָליטעכניקום, און פון יונגע בחורים, וואָס האָבן זיך געגרייט אַריינצוקומען אין פּאָליטעכניקום אָדער האָבן פּאַנטאַזירט וועגן עפּעס אַנדערס. אָבער עס איז געווען אַ קרייז פון יונגע מענטשן, וואָס האָבן ניט בלויז געטראַכט וועגן זיך, נאָר אויך געטראַכט וועגן אויסבעסערן די וועלט. מען פּלעגט דיסקוטירן, דע־באַטירן צווישן זיך, אָבער אָן אַ באַשטימטער ריכטונג. אַלע זיינען געווען סאָ־ציאַליסטיש און רעוואָלוציאָנער געשטימט, אָבער עס האָט געפעלט אַ באָדן אונטער די פיס. אויסער, וואָס מיר זיינען געווען שוואַכע לומדים אין סאָציאַליזם, האָבן מיר אויך ניט געוואוסט מיט וואָס און ווי מען פאַנגט אָן. מיר האָבן געוואוסט, אַז עס זיינען עפּעס פאַראַן אין שטאָט באַהאַלטענע פעדעם, וועלכע מען דאַרף אָנקניפּן, אָבער מיר האָבן זיי ניט געקענט געפינען. מיר האָבן דע־ריבער באַשלאָסן, אַז אונדזער ערשטע אַרבעט זאָל זיין צו גרינדן אַ קרייזל פאַר זעלבסטבילדונג, שטודירן פּאָליטישע עקאָנאָמיע און די טעאָריע פון סאָציאַליזם. ביכער האָט מען אין ריגע געקענט קריגן גענוג. און אויב עס זיינען געווען קאַרג רוסישע ביכער, האָט מען געקענט קריגן גענוג דייטשע ביכער, און טאַקע דירעקט וועגן סאָציאַליזם. אויף דייטשע ביכער איז די צענזור געווען ניט אַזוי שטרענג. דער קרייז האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער און מיר האָבן אין אים אַ סך געלערנט. מיר האָבן אין אים אַפילו אָנגעפאַנגען לייענען, ריכטיקער לערנען, „קאַפּיטאַל״ פון קאַרל מאַרקס.

אָבער עס ווילט זיך דאָך אויך טאָן פּראַקטישע אַרבעט, זיך אַליין באַוועגן און באַוועגן אַנדערע. האָבן אַ פּאָר פון אונדזער קרייזל און איך איינער פון זיי אָנגעפאַנגען באַזוכן די ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען. נאָר אויך ביי די ציוניסטן איז קיין אַרבעט ניט געווען, אויסער ריידן און דיסקוטירן. דערצו האָט זיך דער ציוניזם עפּעס ניט אינגאַנצן געקלעפּט צו אונדזערע סאָציאַליסטישע באַגריפן, וואָס זיינען געווען ווייט פון דעם נאַציאָנאַליזם, וואָס דער ציוניזם האָט אויס־געדריקט. נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען די ציוניסטישע געזעלשאַפט, וועלכע איז דעמאָלט געווען אין גאַנצן אַ בורזשואַזע און באַזונדערס אין ריגע. פלעגן מיר האָבן וועגן דעם דיסקוסיעס און דעבאַטן. מיר האָבן לאַנג דעבאַטירט און דיסקוטירט ביז מיר האָבן זיך דעררעדט, אַז מען קאָן אייגנטלעך מאַכן אַ קאָמבינאַציע פון ציוניזם און סאָציאַליזם. איך נעם זיך היינט ניט אָן איבער־צוגעבן די טעאָריע, לויט וועלכער די קאָמבינאַציע איז געמאַכט געוואָרן. איך

געדענק, אַז אינגאַנצן גלאַט איז זי ניט געווען, און אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ גרויס חלק אין איר באַשאַפונג, אפשר דעם הויפּט־חלק, פלעג איך כסדר דאַרפן איר אויסבעסערן. עס איז געווען איינער פון דעם קרייזל, אַ סטודענט פון כעמיע, וואָס האָט געשטאַמט פון אוקראַינע און איז געווען גוטע ניינציק פּראָצענט אַסי־מילירט, וועלכער פלעגט כסדר אויסבויערן לעכער אין מיין טעאָריע, וואָס האָט געפּרוווט פאַראייניקן דעם ציוניזם מיטן סאָציאַליזם. נאָר נאָך ערגער איז געווען אַ בחור פון מיטאַו, אָדער ליטאַווע, ווי יידן פלעגן עס רופן, מיט וועלכן איך בין באַקאַנט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ טרוקענער בחור, דערצויגן אויף טייטש און מאַטעמאַטיק מיט אַ גראַדער טרוקענער לאָגיק, און ער פלעגט פון מיין קאָמבינאַציע מאַכן יעדעס מאָל אַ תל.

אָט דער בחור, וואָס זיין נאָמען איז געווען הערמאַן בלום, און וועלכער האָט אין די שפּעטערע יאָרן פאַרנומען אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ ביי די באָלשעווי־קעס, איז עס געווען דער, וואָס האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט קורסקין. מיטאַו איז איין שטונדע מיט דער באַן פון ריגע, און איך פלעג מיט חברים פון צייט צו צייט צופאָרן אויף אַ טאָג אָדער צוויי זיך טרעפן מיט באַקאַנטע, פאָרן מיט אַ שיפל אויפן טייך „אַ" און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער און דיסקוטירן די צוקונפטיקע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. מיר פלעגן זיך געוויינלעך טרעפן ביי הערמאַן בלום אין הויז. עס איז געווען אַ פריינדלעכע און אַ געבילדעטע פאַמי־ליע. הערמאַנס פאָטער איז געווען פון די אַלטע משכילים, געשריבן אַמאָל אין „המליץ". און אָט אין דעם הויז האָב איך זיך איין מאָל געטראָפן מיט קורסקין. עס איז אָבער ביי מיר זייער ווייניק געבליבן אין זכרון פון מיין ערשטער באַ־קאַנטשאַפט מיט אים, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס איז געווען אַן אָנפאַנג פון אַ באַקאַנטשאַפט, וואָס וועט אין אַ פּאָר יאָר אַרום קענען פייערן אַ פופציק־יעריקן־יובילי.

נאָר ניט געקוקט אויף די שטאַרקע קריטיק פון הערמאַן בלום און פון דעם אוקראַאינישן אַסימילירטן סטודענט, האָט אונדזער ערשטער ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער קרייז אָנגעהאַלטן עטלעכע חדשים, און מיט מערערע יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט דר. נחמן סירקין, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַרן פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם אָדער ציוניסטישן סאָציאַליזם, האָבן מיר זיך אויפגערעדט, אַז דעם פּרייז פאַר גרינדן דעם ערשטן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן קרייזל קומט ריגע, ווייל דר. סירקינס קאָמבינאַציע פון ציוניזם און סאָציאַליזם האָט געהערט צו אַ שפּעטערדיקן דאַטום. אָבער איך דאַרף צוגעבן, אַז מיין טעאָריע איז געווען אַ פיל טיפערע, אַזוי טיף, אַז עס איז געווען שווער איר צו פאַרשטיין. עס איז אפשר ניט געווען די טעאָריע גופא, ווי די ווערטער, אין וועלכע זי איז אויסגעדריקט געוואָרן. אָבער וואָס איז דער אונ־טערשייד — דער ציוניסטישער סאָציאַליזם איז פאַרשריבן געוואָרן אויף דר. סירקינס נאָמען, אַלס זיינע אַ דערפינדונג. אַזוי איז עס שוין כמעט מיט אַלע דערפינדונגען — עס גייט אויף דעם נאָמען פון דעם, וואָס ברענגט עס אַריין אין מאַרק. איז דאָך אויך דער פּאָליטישער ציוניזם געווען ניט די דערפינדונג פון דעם ווינער דר. הערצל, נאָר פון דעם אָדעסער דר. פּינסקער. ער, דר. פּינסקער, איז אַרויסגעקומען מיט דער אידייע פון פּאָליטישן ציוניזם מיט מע־

רערע יאָרן פריער, ווי דר. הערצל, און ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ביכל וועגן זיין אידייע, אָבער דער פּאָליטישער ציוניזם גייט דאָך אויף הערצלס נאָמען, ווייל ער האָט די אידייע אַריינגעבראַכט אין מאַרק און האָט געקראָגן קונדן פאַר איר.

דער צוזאַמענברוך פון אונדזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן קרייזל איז ניט געקומען פון די שטענדיקע קשיות אויף זיין טעאָריע און דורך דער גראַדער טרוקענער דייטשער מאַטעמאַטישער לאָגיק פון מיין פריינד פון מיטאָו, נאָר דורך אַן עקזעמפּליאַר פון דער בונדיסטישער „אַרבעטער שטימע", וואָס איז צופעליק געקומען אין אונדזערע הענט.

עס האָט געדאַרפט אַזוי פּאַסירן, אַז אין דער גאַרקיך, אָדער רעסטאָראַן, וואו איך פלעג עסן, זאָל איך באַקאַנט ווערן מיט אַ „באַוואוסטזיניקן" וויטעבסקער סטאָליער. אויב איך געדענק; ריכטיק, איז זיין נאָמען געווען פערלשטיין, און פון אים האָב איך עס געקראָגן דעם נומער „אַרבעטער שטימע", וואו עס איז גע־מעלדעט געוואָרן וועגן דער גרינדונג פון „בונד" און וואו עס זיינען אויך איבער־געגעבן געוואָרן זיינע אויפגאַבן און צילן.

דאָס איז געווען אַן אמתער אוצר. איך ווייס ניט, אויב עס איז אין יענער צייט, עס הייסט אין 1897—1898, געווען וועלכע עס איז סאָציאַליסטישע אָרגאַ־ניזאַציע אין ריגע, וואָס האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַנדערע שטעט. אָבער גאַנץ גלייך, מיר האָבן פון איר ניט געוואוסט. די גרינדונג פון „בונד" איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע נייס, פונקט ווי עס איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע נייס צו זען אַן אונטערערדישע געדרוקטע יידישע צייטשריפט.

נו, דאָס לשון פון דער „אַרבעטער שטימע" איז גאָר ניט געווען אַזוי לייכט איינצובייסן. און דערצו זיינען געווען אין אונדזער גרופּע אַזעלכע, וואָס זיינען איבערהויפּט געווען טעמפּיק אויף דער יידישער עברי. אָבער מען האָט עס דורכגעהאַרעוועט און עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען לאַנגע דעבאַטן און דיסקוסיעס און — מיר זיינען געוואָרן בונדיסטן.

עס רעדט זיך אַזוי, אַז מיר זיינען געוואָרן בונדיסטן. מיר האָבן וועגן „בונד" אַזוי גוט ווי גאָרנישט געוואוסט, אויסער דאָס, וואָס מיר האָבן געלייענט אין דעם דערמאָנטן נומער „אַרבעטער שטימע", וואָס מיר האָבן געקראָגן. מיר זיינען אין אַלגעמיין געווען אַ גרופּע יונגע בחורים, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם צושטאַנד פון זוכן. קיין פאַרבינדונג מיט וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע האָבן מיר ניט געהאַט. עס איז געווען אין פּאָליטעכניקום אַ יידישער סטודענ־טישער פאַראיין „אַנאַטאָליקאַ", וואָס צווישן זיינע מיטגלידער זיינען געווען איי־ניקע רעוואָלוציאָנער געשטימט. אַ פּאָר פון די זיינען שפּעטער געוואָרן טעטיקע בונדיסטן. עס איז געווען שוין אויך אַ שטיקל אָנפאַנג פון אַ באַוועגונג צווישן די לאַטישן, אָבער מיר האָבן וועגן איר ניט געוואוסט. די לאַטווישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1896, אָבער עס איז געווען בלויז אַ שוואַכער אָנפאַנג.

אין אַלגעמיין איז ריגע אין יענער צייט געווען אַן אָפּגעשטאַנענע שטאָט, וואָס איז שייך צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי האָט שפּעטער אָנגעיאָגט און נאָך איבערגעיאָגט, אָבער אין דער צייט פון אַרום 1897 איז זי נאָך געווען אַ גאַנץ רואיקע שטאָט. אויך די סטודענטנשאַפט אין ריגע איז דעמאָלט נאָך אין

אַלגעמיין געווען אַ רואיקע. דאָס פּאָליטעכניקום איז דעמאָלט נאָך געשטאַנען אונטער דעם דייטשן איינפלוס, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אָפיציעל איז די שפּראַך שוין געווען רוסיש און די מייסטע פּראָפעסאָרן האָבן געהאַלטן זייערע לעקציעס אויף רוסיש. די סטודענטישע קאָרפּאָראַציעס, וואָס זיינען געווען אָר־גאַניזירט אויף דעם דייטשן שניט, מיט די קאָלירטע היטעלעך און די קאָלירטע ליענטעס, האָבן נאָך געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. די מייסטע „קאָר־סטודענטן", ווי מען האָט זיי גערופן, זיינען געווען קינדער פון די באַלטישע באַראָנען, פון דער רייכערער דייטשער שטאָטישער בורזשואַזיע און פון די אויפגעקומענע רייכע לאַטישן.

און וואָס איז שייך צו דער יידישער ריגע, האָט זי ערשט געהאַלטן אין מיטן ווערן. ריגע האָט באַלאַנגט צו די שטעט, וואו יידן אַן ספּעציעלע רעכט האָבן ניט געטאָרט וואוינען. עס איז געווען אַ געוויסע צאָל יידן, וואָס האָבן זיך גע־רעכנט פאַר ריגער בירגער. גערופן האָט מען זיי „שלאָקער בירגער", אויף דעם נאָמען פון דעם שטעטל שלאָק, וואָס איז ניט ווייט פון ריגע, וואו זיי זיינען געווען צוגעשריבענע. זיי זיינען עס געווען די „יאַהודים" פון ריגע און האָבן גערעדט דייטש. אַ געוויסע צאָל יידן האָבן געוואוינט אין ריגע אויף דעם זכות פון ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַטן. דאָס זיינען געווען זין און אייניקלעך פון אַט די סאָלדאַטן, און עס זיינען אויך נאָך געווען רעשטלעך פון די סאָלדאַטן גופא. זיי האָבן אַפילו געהאַט אַן אייגענעם פלאַץ צום דאַוונען, וואָס האָט געהייסן די „סאָלדאַטסקע שול". און עס האָבן געהאַט רעכט צו וואוינען אין ריגע יידישע סוחרים, וואָס האָבן געצאָלט ערשטע גילדיע, און יידישע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן געהאַט אַ דיפּלאָם פון אַ צעך. אַחוץ דעם האָבן געהאַט רעכט צו וואוינען אַלע יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ דיפּלאָם פון אַן אוניווערזיטעט — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענערן, דענטיסטן און אַפּטייקערס. ריגע האָט דעריבער געהאַט אַ געזעצלעכע יידישע באַפעלקערונג פון עטלעכע טויזנט. נאָר צו דער געזעצ־לעכער זיינען אַלע מאָל געווען אַ רעכט ביסל ניט־געזעצלעכע. געווען אַ צייט, אין די לעצטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווען די געזעצן וועגן יידישער וואוינרעכט אין ריגע זיינען ניט שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן און עס האָט זיך אַזוי אויך געצויגן אין די ערשטע פּאָר יאָר פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן ביז עס זיינען געקומען איגנאַטיעווס גזירות און די געזעצן וועגן יידישער וואוינרעכט אין ריגע האָבן אָנגעפאַנגען שטרענג אָפּגעהיט ווערן. אָבער אַרויסטרייבן אַלע יידן, וואָס האָבן זיך אומגעזעצלעך באַזעצט אין ריגע איז איינפאַך געווען אומ־מעגלעך. עס זיינען געווען טויזנטער. די צאָל פון די אומגעזעצלעכע איז געווען גרעסער, ווי פון די געזעצלעכע. מען איז געלאָפן אין פּעטערבורג, מען האָט געקלאַפּט אין אַלע מעגלעכע טירן און מען האָט ענדלעך עפּעס אויסגעקלאַפּט. עס איז נעמלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין ריגע אין אַכציקסטן יאָר, עס הייסט אין 1880, זאָל פאָרלויפיק דערלויבט ווערן צו פאַרבלייבן אויף ווייטער. די דאָזיקע יידן האָבן שפּעטער געקראָגן דעם נאָמען „אַכציקער". וויפיל אָט די פאַראָרדענונג האָט געקאָסט, וועט מסתמא בלייבן אַ סוד אויף אייביק, אָבער וויפיל מען האָט באַצאָלט פאַר איר, איז עס געווען ניט מער ווי אַ טראָפּן אין ים אין פאַרגלייך, וואָס עס האָט

אַפּגעקאָסט די יידן שפּעטער פּעסטצושטעלן, אַז זיי זיינען געווען „אַכציקער" און צו קריגן די פּאָליצייאישע באַשטעטיקונג מיט די נויטיקע דאָקומענטן.

די פאַראָרדענונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער פּראָפיטאַבעלער אונ־טערנעמונג. עס האָט געהייסן „מאַכן אַכציקער". עס איז געווען אַ געשעפט אין וועלכן עס זיינען געווען באַטייליקט פון די גרעסטע ביז די קלענסטע, וואָס האָבן געקענט נעמען פון אַ פּאָר רובל און העכער. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר „אַכציקער" אַזעלכע יידן, וואָס זיינען קיין מאָל אַפילו אין ריגע ניט געווען. עס איז שפּעטער דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט געמאַכט פאַר „אַכציקער" אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן נאָכן אַכציקסטן יאָר.

נאָר עס זיינען געווען ניט בלויז „אַכציקער". לויטן געזעץ האָבן יידישע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן געהאַט אַ דיפּלאָם פון אַ צעך, אָדער ריכטיקער, אַ רעמעסלענאַיאַ אופּראַווע, געהאַט אַ רעכט צו וואוינען אין ריגע. נו, זיינען יידן געוואָרן באַלמעלאָכעס מיט דיפּלאָמען... נישט מער, אַז דער מיטל איז ניט געווען אינגאַנצן קיין באַקוועמער, ווייל עס האָט זיך געפאָדערט, אַז מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער מלאָכה אויף וועלכער מען האָט דעם דיפּלאָם. האַנדלען, אָדער פאַרנעמען זיך מיט אַן אַנדער באַשעפטיקונג האָט מען ניט געטאָרט. און דער פּריסטאַוו, אָדער זיין געהילף פלעגן פון צייט צו צייט אַפּשטאַטן אַן אומ־דערוואַרטעטן וויזיט און אַ קוק טאָן, צי דער בעל דבר פאַרנעמט זיך טאַקע מיט זיין מלאָכה. אָבער אין די מייסטע פאַלן האָט דער וויזיט בלויז געמיינט, אַז אַ ייד זאָל ניט פאַרגעסן, אַז עס זיינען אויך פאַראַן גויים וואָס דאַרפן מאַכן אַ לעבן...

די מייסטע „בעל־מלאכות" מיט דיפּלאָמען זיינען געווען טינט־מאַכער. ערשטנס, האָט מען ניט געדאַרפט שטאַרק מורא האָבן פאַר אַ וויזיט פון דער פּאָליציי. מען האָט ניט געדאַרפט איינאָרדענען אַ וואַרשטאַט מיט געצייג, ווי ווען מען וואָלט געווען אַ שלאָסער, אָדער אַ שוסטער. פאַר אַ טינט־מאַכער איז גענוג צו האָבן אַ פלאַץ ביי זיך אין שטוב, וואו עס געפינען זיך עטלעכע פאַר־שוואַרצטע טעפּ און פלעשער, איניקע אָנגעפילט מיט טינט און די איבעריקע — ליידיק. און דערביי איז אויך בלויז נייטיק, אַז די הענט זאָלן זיין פאַרשמירט מיט טינט. און טאָמער געפינט אייך ניט דער פּריסטאַוו אָדער זיין געהילף ביי דער אַרבעט, האָט איר אַ גוטן אויסרייד: איר דאַרפט דאָך פונאַנדערטראָגן די געמאַכטע טינט צו אייערע קונדן. און אַז איר מאַכט טינט, זעט ער דאָך פון די טעפּלעך, פון די פלעשער און באַזונדערס פון אייערע הענט, וואָס זענען אַפּגע־טונקט אין טינט. עס זיינען דעריבער געווען אַזוי פיל יידישע טינטן־מאַכער אין ריגע, אַז ווען אַלע וואָלטן באמת געמאַכט טינט, וואָלט אין אַ גאַנץ קורצער צייט אין דער דווינע, דער ריגער טייך, קיין וואַסער ניט געבליבן.

די צייט פון אַרום 1897 איז געווען אַזוי גוט ווי דער אָנפאַנג פון דער גרוי־סער יידישער מאַסן־אימיגראַציע אין ריגע, און הגם עס איז שוין דעמאָלט געווען אַ ביסל יידישע אַרבעטער אין ריגע, האָט עס אָבער דאָך ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן אַ יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער אַפילו וועגן אָנפאַנגען אָר־גאַניזירן אַזעלכע.

אייגנטלעך האָט זיך די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ריגע אָנגעפאַנגען אַ ביסל אומדירעקט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. דער קור־אָרט דובעלען, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון ריגע ביי דער ריגעשער ים־בוכטע, האָט אין דעם געהאַט אַ גרויסן חלק.

דובעלען, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ שיינעם אָנציִענדן זומער־פּלאַץ, איז געווען אָפן פאַר יידן במשך די דריי זומער־חדשים: פון 15־טן מאַי ביזן 15־טן אויגוסט. די פּאָליציי איז ניט געווען אַזוי שטרענג, ווען מען איז געקומען עטלעכע טעג פאַר דעם 15־טן אויגוסט, אָבער דער שטעמפּל, וואָס איז גע־שטעלט געוואָרן אויפן פּאַסביים מעלדן זיך אין דער פּאָליציי, איז געווען פון 15־טן מאַי ביזן 15־טן אויגוסט. און אין די דריי חדשים האָט דובעלען מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קיבוץ גליות פון פאַרשיידענע יידן פון רוסלאַנד. עס פלעגן קומען רייך און אָרעם. די רייכע האָבן געלעבט אין די שיינע ווילאַס אָדער אין די רייכע פּאַנסיאָנען ביים ים אָדער אין וואַלד און האָבן זיך געלאָזט וואויל גיין, און די אָרעמע זיינען געקומען עפּעס פאַרדינען אַרום די רייכע. עס פלעגן קומען אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן, מאַסאַזשיסטקעס, אַקושאָרקעס, לערער, דענ־טיסטן, גאַנצע, האַלבע און פערטל־אינטעליגענטן. און עס פלעגן קומען אַזעלכע, וואָס פלעגן געפינען פאַר נייטיק אַוועקצופאָרן פאַר אַ געוויסער צייט פון דער היים, כדי עס זאָל זיי ניט שאַדן אַ שלעכט אויג פון אַ זשאַנדאַרם, וואָס האָט אָנגעפאַנגען צופיל קוקן אויף זיי. אין דובעלען, וואָס האָט זומער־צייט געהאַט בלויז נייע מענטשן, האָט זיך אַ נייער מענטש ניט אָנגעזען. עס איז דעריבער געווען דאָרטן באַקוועם צו טרעפן זיך, ווען מען האָט געדאַרפט זיין קאָנספּיראַ־טיוו. עס איז דאָרט געווען אַ גרויסער געדיכטער וואַלד וואו מען האָט געקענט אַוועקגיין גאַנץ טיף. עס איז אויך געווען אַ געדיכטער ראַנד ביימער, וואָס האָט אָפּגעצוימט דעם ברעג פון ים, וואו מענטשן האָבן זיך געקענט טרעפן און כאַפּן אַ שמועס און מאַכן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן זיצן און באַוואונדערן ווי שיין די זון איז זיך טובל אין ים, אָדער ווי די קליינע לאַנגזאַמע כוואַליעס קושן דעם ווייסן דינעם זאַמד פון ברעג. און אַז מען האָט געוואָלט, האָט מען גענומען אַ שיפל און געררודערט אויף דעם ברייטן שטילן טייך „אַ", וואָס האָט זיך אַריינ־געגאָסן אין ים. און אַ טייל פון אָט די מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון ווי־טעבסק און פון דווינסק, פון ווילנע און פון מינסק, האָבן עס אָנגעטראָגן דעם „בונד" אין ריגע און ניט בלויז דעם „בונד", נאָר זיי האָבן אויך געהאַט אַ גרויסן חלק אין אָנשטעקן ריגע מיט דער רעוואָלוציע אין אַלגעמיין.

נאָר דאָס האָט זיך אַלץ אַרויסגעוויזן אַביסל שפּעטער און דעמאָלט האָט ריגע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. אין 1897 אָבער האָט זיך עס נאָך ניט גוט געזען, און עס האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען שאַפן. מען קאָן זאָגן, אַז עס זיינען געווען די ערשטע וואָכן פון שוואַנגערשאַפט.

*

אין פרילינג פון 1898 איז אונדזער קרייזל פונאַנדערגעפאַלן. עס איז די צייט, ווען עס פאַנגט זיך אָן וואַקאַציע און דער עולם פאָרט אַוועק אויף דאַטשע. אייניקע פון אונדז זיינען אַוועקגעפאָרן אין דובעלען, און די איבעריקע — צו זייערע עלטערן אין פאַרשיידענע שטעט. פאַרוואָס דער קרייז איז זיך ניט

צוגיפגעקומען צוריק, ווען דער זומער איז פאַריבער און מען האָט זיך צוריק־געקערט אין שטאָט, געדענק איך ניט.

*

איך וואָלט ניט וועלן אַוועקגיין צו ווייט פון יאָר 1897, ווייל אין די נעקסטע פּאָר יאָר האָט זיך עס אָנגעפּאַנגען אַ סך שנעלער באַוועגן און איך וואָלט וועגן זיי געקאָנט אָנשרייבן אַ גאַנץ לאַנגן קאַפּיטל. אָבער איך האָב דאָ געוואָלט בלויז שרייבן ווי אַזוי איך בין געקומען צום „בונד", עס הייסט מיין ערשטע באַקאַנט־שאַפט מיט אים. עס האָט אָבער געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז איך בין געוואָרן אַ פולשטענדיקער בונדיסט און ווען איך האָב אַליין אָנגעפּאַנגען נעמען אַן אָנטייל אין דער באַגרינדונג פון דער טעאָריע פון „בונד". דאָס איז געווען אין אָנהייב פון 1901, ווען עס איז געדרוקט געוואָרן פון מיר אין דעם אויסלענדישן בונ־דיסטישן זשורנאַל „יידישער אַרבעטער" אַ גרעסערער אַרטיקל וועגן דער נאַ־ציאָנאַלער פּראַגע אין „בונד" ((אונטערגעשריבן מיט דעם פסעוודאָנים „איש תקוה", וואָס איז די העברעאישע איבערזעצונג פון האָפמאַן).

דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין דער צייט, ווען עס האָט זיך אין די קרייזן פון „בונד" געפירט אַ הייסע דעבאַטע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע. איך האָב דעמאָלט שטודירט אין דער שווייץ, וואו עס האָבן זיך צווישן די סטודענטן פון רוסלאַנד אַ רעכט ביסל בונדיסטן. די נאַציאָנאַלע פּראַגע האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. איך האָב וועגן איר געלייענט אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט געפינען, און עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ שטאַרקער חשק אַליין צו נעמען אַ וואָרט אין דער פּראַגע. איך וויל דאָ איבערגעבן אַט דעם אַרטיקל ערשטנס צוליב דעם, וואָס ער איז געווען מיין ערשטער אַרטיקל אין יידיש; צווייטנס, ווייל מען קען פון אים זען ווי אַזוי די דעבאַטע פון דער נאַציאָנאַלער פּראַגע האָט זיך דעמאָלט געפירט צווישן דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער אינטעליגענץ.

דער אַרטיקל איז געדרוקט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַלרעכט" און ער ווערט דאָ איבערגעגעבן אָן ענדערונגען, אַחוץ די אָרטאָגראַפיע און מאַנכע דייטשע ווערטער, וועלכע זיינען אין יענער צייט באַנוצט געוואָרן אין יידיש. אָט איז ער:

## „נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַל־רעכט"

עס טרעפט זייער אָפט, צוויי מענטשן שטרייטן זיך אַ לאַנגע צייט, איי־נער שרייט איבער דעם צווייטן, נאָר צום סוף, אַז ביידע ווערן פאַרמאַטערט און פאַנגען אָן צו רעדן געלאַסן, איינער הערט אויס דעם צווייטן, קומט אַרויס, אַז ביידע האָבן גערעדט דאָס זעלביקע, זיי האָבן זיך נאָר איינער דעם אַנדערן ניט פאַרשטאַנען. דאָס איז נאָך גוט, אַז צום סוף האָבן זיי זיך געכאַפּט צום שכל אויסצוהערן איינער דעם אַנדערן, עס פּאַסירט אָבער אָפט, אַז די צוויי שטריי־טנדע גייען זיך אַזוי שטאַרק פונאַנדער און מיינען, אַז זיי זיינען שטאַרק מחולק און ביי אַ צופאַל וועלן זיי ווייטער שטרייטן, ווייטער אַריבערשרייען איינער

דעם אַנדערן און קענען אַזוי שטענדיק בלייבן ביי דער מיינונג, אַז צווישן זייערע אַנזיכטן איז דער חילוק אַזוי גרויס, אַז אַפילו אַ פשרה איז אוממעגלעך. און באמת רעדן ביידע איין זאַך, אַמאָל קומט עס פון ניט קענען מסביר זיין (דער־קלערן) און אַמאָל פון צו פיל מסביר זיין. עס טרעפט זייער אָפט אַ זאַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך, לייכט באַגרייפלעך, הייבט מען עס אָן אָבער מסביר צו זיין, פאַרדרייט זיך די זאַך עפּעס אַזוי מאָדנע ווי אַ פּלאָנטער, וואָס מען פלעגט אין די גוטע צייטן געבן אַ כלה אויפצופּלאָנטערן. ווי האָט איינער געזאָגט: „ער־לויטערן (מסביר זיין) הייסט, דאָס פאַרשטענדלעכע אומפאַרשטענדלעך צו מאַכן".

אַזאַ מין מעשה זעען מיר איצט ביי דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וועלכע איז אין דער לעצטער צייט זייער ברענענדיק געוואָרן, דער עולם איז זיך שטאַרק מפלפל, מען שטרייט זיך, איינער שרייט, דער אַנדערער נאָך העכער, איינער זאָגט דאָס, דער אַנדערער זאָגט יענץ. אַ זייטיקער, אַז ער הערט זיך צו, פרעגט ער ביי זיך: רבונו־של־עולם, וואָס שטרייטן זיי זיך, ביידע זאָגן דאָך איינס און דאָס זעלבע? נאָר עס איז קיין וואונדער, דער באַגריף „נאַציאָנאַליזם" איז אַ ביסל קאָמפּליצירט, פּראָסט יידיש הייסט עס מסוכסכדיק, פאַרפּלאָנטערט, און יעדער פאַרשטייט עס אַ ביסל אַנדערש ווי דער אַנדערער און אַז מען וויל לאָגיש זיין, מוז מען צוריקציען דעם גאַנצן שטרייט אויפן באַגריף פון וואָרט „נאַציאָנאַליזם", וועט עס אויסקומען, אַז די שטרייטנדע זיינען גאָר מחולק ניט אין זייערע אַנזיכטן, נאָר אין באַגריף פון וואָרט „נאַציאָנאַליזם". געוויינלעך, ווען מיר ווילן רעדן, דערקלערן די נאַציאָנאַלרעכט־פראַגע, איז אונדזער ערנסטע אויפגאַבע קלאָר מאַכן די באַגריפן פון נאַציאָנאַלרעכט בכלל און פון נאַציאָנאַליזם בפרט, אַן דעם קענען מיר זיך פון אָרט ניט רירן, עס וועט אַרויסקומען וויטער אַ פּלאָנטער, אַ פאַרדרייעניש ווי אין דור הפלגה צייטן. וואָס פאַרשטייען מיר אונטערן וואָרט נאַציאָנאַליזם? עס איז אַפילו אַן עלעמענטאַרע שאלה, ווער ווייס ניט וואָס נאַציאָנאַליזם איז? מען דאַרף נאָר אַ קוק געבן אין פראַנקרייך, וואָס די נאַציאָנאַליסטן טוען. האָט מען גלייך אַ תירוץ, מען דאַרף דעם פאַקט אַליין אונטערזוכן, אַנאַליזירן און מען קומט אָפט צו אַ רעזולטאַט, אַז די קראַנק־הייט איז גאָרניט די, פאַר וועלכע מען האָט דאָס אָנגענומען; עס טרעפט גאָר אָפט, אַז די סימפּטאָמען פון צוויי פאַרשיידענע קראַנקהייטן זיינען זייער ענ־לעך, אַז אַפילו אַ דאָקטאָר אַ מומחה קען אַ טעות האָבן ביים ערשטן אויגנבליק.

עס זיינען דאָ קאָסמאָפּאָליטן, אינטערנאַציאָנאַליסטן, שאָוויניסטן און נאַציאָנאַ־ליסטן. וואָס ווילן די אַלע? מיט וואָס אונטערשיידן זיי זיך איינער פון דעם אַנדערן? די שאלה וויל איך ווי ווייט מעגלעך דערקלערן. נאָך דעם וועלן מיר קענען איבערגיין צו דער עיקר פראַגע פון נאַציאָנאַלרעכט. דער קאָסמאָפּאָליט זאָגט, אַז אַלע מענטשן פון אַלע נאַציעס, פעלקער און ראַסן זיינען בטבע גלייך, דאָס איז אַ מין חיה, — צי וועלף אָדער שעפּסן, דאָס איז אַן אַנדער שאלה. די הויפּט־זאַך איז נאָר, עס איז אַ מין, אָדער אַלע וועלף, אָדער אַלע שעפּסן, פון איין סטאַדע; דער קאָסמאָפּאָליט וויל ניט צוגעבן, אַז איין נאַציע שיידט זיך פון דער אַנדערער אין כאַראַקטער און באַגריפן וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן; ער זאָגט, אַז עס איז אין גאַנצן אַ ליגן, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, עס איז קיין

נפֿקא מינה צווישן איין נאַציע און דער אַנדערער, פּשוט מענטשן זיינען מענטשן, ווי שעפּסן זיינען שעפּסן, די אַלע נפֿקא מינות, די אַלע חלוקים זיינען אויסגעטראַכטע זאַכן, לכן, קומט אויס, אַז עס דאַרפֿן ניט זיין קיין באַזונדערע פֿעלקער, באַזונדערע נאַציעס, און אַלע מענטשן זיינען איין פֿאָלק, איין נאַציע. דער אינטערנאַציאָנאַליסט זאָגט, אַז עס איז ניט ריכטיק, אַז אַלע מענטשן זיינען איין סטאַדע, עס זיינען יאָ דאָ פֿעלקער, עס זיינען יאָ דאָ נאַציעס און צווישן זיי איז טאַקע אַ גרויסער אונטערשייד, עס איז אַן אונטערשייד אין כאַראַקטער און באַגריפֿן, אין זיטן און נאָך אַזעלכע זאַכן. צוזאַמענקנעטן אַלע פֿעלקער, מאַכן פֿון זיי אַלעמען איין שטיק מענטש איז אוממעגלעך, און יעדעס פֿאָלק אַנטוויקלט זיך גאַנץ אַנדערש ווי דאָס אַנדערע; די וואָס וואוינען אין וואַרעמע לענדער, מוזן זיין אַנדערש פֿון די, וועלכע וואוינען אין קאַלטע לענדער, אויף דער אַנטוויקלונג פֿון פֿעלקער ווירקן אויסערלעכע אורזאַכן און אינערלעכע אורזאַכן, וועלכע מען קען ניט אָפּשאַפֿן, לכן בלייבן זיך נאַציעס — נאַציעס און פֿעלקער בלייבן זיך פֿעלקער. נאָר דאָס שאַדט גאָרניט, מהכא תיתי, זאָלן זיי זיך זיין, זיך ווייטער אַנטוויקלען אויף זייער אופֿן, יעדערער מיט זיין כאַראַקטער, מיט זיינע באַגריפֿן, זיי דאַרפֿן זיך נאָר ניט רייסן צווישן זיך, זיי דאַרפֿן לעבן אין אחדות, איינער העלפֿן דעם צווייטן; אַלע פֿעלקער זיינען ברידער, אָבער אויך צווישן ברידער טרעפֿט עס גאַנץ אָפֿט, אַז זיי זיינען גאָר ניט ענלעך איינער צום אַנדערן, איינער איז אַ לאַנגער, אַ דאַרער, אַ מרה שחורהדיקער און האָט שוואַרצע האָר, דער אַנדערער איז גראָד אַ קורצער, אַ דיקער, אַ פֿריילעכער, אַ לעבעדיקער און האָט דווקא רויטע האָר, נאָר דיביידע ברידער קענען לעבן אין שלום, אין אחדות טאַקע ווי ברידער, גאָר ניט אַכטן אויף דעם, וואָס זיי זיינען ניט ענלעך איינער אויפֿן אַנדערן. דער שאָוויניסט זאָגט, ברידער זיינען נאָר די מענטשן פֿון איין פֿאָלק, פֿון איין נאַציע, מיט אַנדערע פֿעלקער קיינע מחותנים, אין קעגנטייל, שונאים, איין פֿאָלק מוז זען איינצושלינגען דאָס צווייטע, צווישן איין פֿאָלק און דעם אַנדערן איז אַן אייביקע מלחמה, ווער עס האָט שאַרפֿערע ציינער, גרעסערע לאַפּעס, דער איז גובר. די אַלע דינים פֿון יושר האָבן נאָר גילטיקייט פֿאַר די מיטגלידער פֿון איין און דעם זעלבן פֿאָלק, אָדער פֿון איין אינדיווידואום פֿון איין פֿאָלק צום אינדיווידואום פֿון אַן אַנדער פֿאָלק, אָבער דאָס גאַנצע פֿאָלק קעגן אַן אַנדערן גאַנצן פֿאָלק האָט קיין דינים פֿון יושר ניט. אין קעגנטייל, איין פֿאָלק דאַרף זיך אַנטוויקלען און לעבן אויף די קאָסטן פֿון אַנדערע, איין נאַציע דאַרף אָנווענדן אַלע כּוחות צו עקספּלואַטירן די אַנדערע. ממילא קומט אַרויס, אַז יעדער שאָוויניסט האַלט זיין פֿאָלק פֿאַר דעם אייבערשטן פֿון כריין קעגן אַנדערע נאַציעס און ער האָט דעריבער דאָס רעכט צו לעבן און צו געדייען אויפֿן פֿרעמדנס חשבון, נאָך זיין מיינונג נאָך זיינען אַלע פֿעלקער געשאַפֿן נאָר צוליב זיין פֿאָלק. דער נאַציאָנאַליסט שטייט צווישן דעם אינטערנאַציאָנאַליסט און דעם שאָוויניסט, אַמאָל פֿאַלט ער צו צו דעם אינטערנאַציאָנאַליסט און זייער אָפֿט צום שאָוויניסט.

אַז מיר רעדן וועגן נאַציאָנאַליזם, דאַרפֿן מיר די ערשטע זאַך פֿעסטשטעלן, וועגן וועלכן נאַציאָנאַליזם מיר רעדן, ווייל נאַציאָנאַליזם אַליין, אָפּגעטיילט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם אָדער פֿון שאָוויניזם, עקזיסטירט ניט, ער מוז געהערן

אָדער צום ערשטן אָדער צום לעצטן. שטעלט מען זיך דעם באַגריף קלאָר, קען מער קיין שטרייט ניט זיין, קיין סאָציאַליסט וועט ניט זיין קעגן אינטערנאַציאָנאַליזם און קיינער — פֿאַר שאָוויניזם. אַז אַ סאָציאַליסט זאָגט מיר, אַז ער איז אַ נאַציאָנאַליסט, פֿאַרשטיי איך וואָס פֿאַראַ נאַציאָנאַליזם ער מיינט, איך פֿאַרשטיי אַז ער וויל מיר זאָגן, אַז ער איז ניט קיין קאָסמאָפּאָליט. אַנדערש קען איך דאָס ניט פֿאַרשטיין. נאָר אַלץ, וואָס איז געזאָגט אויף אַנדערע נאַציעס האָט קיין גילטיקייט פֿאַר דער יידישער נאַציע ניט, וואָרום מי כעמך ישׂראל גוי אחד בארץ? וואו איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ מין פֿאָלק ווי מיר יידן? ביי אונדז איז אַן אַנדער מין לאָגיק, וואָס ביי אַלעמען איז גראַד איז ביי אונדז דווקא קרום, ביי אונדז קען מען ניט בלויז זאָגן, אַז צוויי מאָל צוויי איז פֿינף, נאָר אַז צוויי מאָל צוויי איז אַ קידוש־חלה אָדער גאָר אַ הדס, ביי אונדז קען זיך סתּם קומען איינער מיט אַזאַ מין לאָגיק: ביי יידן נאַציאָנאַליזם, חס־ושלום! יידן זיינען איבערהויפּט ניט קיין נאַציע, היינט ווי קען זיין נאַציאָנאַליזם אָן אַ נאַציע? דער זעלביקער פֿילאָזאָפֿירט ווייטער, דהיינו: אַ נאַציע הייסט, וועלכע האָט אַ שפּראַך, אַ טעריטאָריע און אַן אייגענע קולטור, יידן האָבן אָבער די אַלע דריי זאַכן ניט, אַ שפּראַך אָן אַ גראַמאַטיק איז קיין שפּראַך ניט, טעריטאָריע האָבן זיי דאָך לכל הדעות ניט און אַ קולטור האָבן זיי סתּם ניט, ממילא איז עס קיין נאַציע. אַז מען זאָל פֿרעגן דעם זעלבן פֿילאָזאָף: הער פֿילאָזאָף, ווער זייט איר אַקאָרשט אַליין? אַ רוס דאָך ניט, איר זייט געבוירן אין ליטע און מן הדין איז עס ניט רוסישע טעריטאָריע, אַ ליטווינער זייט איר אויך ניט, איר קענט ניט זיין לשון און זענט פֿרעמד פֿון זיין לעבן, עס קען זיין, אַז איר האָט געהאַט דאָס גליק געבוירן צו ווערן אויף רוסישער טעריטאָריע, פֿונדעסטוועגן פּרובירט אַקאָרשט אַ פֿרעג געבן וועלכן עס איז רוס, וואָס איר זייט, וועט איר הערן, וואָס ער וועט אייך זאָגן. ער וועט אייך בעטן מחילה און זאָגן דעם אמת, ער וועט נאָך צולייגן, אויב ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אַז נאָך זיין מיינונג זיינען אַלע יידן אויך מענטשן.

ווי עס שיינט, אונטערשיידן זיך יידן דאָך אַפֿילו מיט עפּעס פֿון אַנדערע פֿעלקער, אין אַ יידן איז דאָך דאָ עפּעס אַזעלכעס, מיט וואָס מ׳דערקענט אים. ווי עס שיינט, האָבן דאָך יידן וועלכע עס איז אייגנטימלעכקייטן, וואָס ביי אַנדערע פֿעלקער איז עס ניטאָ, אפֿשר איז עס טאַקע זייער קולטור? מען קען פֿרעגן ווייטער, ווי קומט דאָס סתּם צו אַ סאָציאַליסט, וועלכער אַנערקענט ניט אייגנטום, צו ווערן אויף אַ מאָל אַ חסיד פֿון אייגנטום און רעדן מכח טעריטאָריע? וועגן שפּראַכן דאַרף מען סתּם זיין אַ נאַר און זאָגן, אַז יידן האָבן קיין שפּראַך ניט, מען מוז זיין צו באַשרענקט עס צו באַהויפּטן. באַשרענקט זיין איז נאָך צו ווייניק, מען דאַרף זיין סתּם אַן אידיאָט. מיליאָנען מענטשן רעדן אויף אַ שפּראַך, פֿאַרשטייען זיך אַנאַנדער זייער גוט, אין מיטן דערינען קומט אַ פֿילאָזאָף, גיט אַ מאַך מיטן האַנט און וויל מיט איין מאַך עטלעכע מיליאָן מענטשן מאַכן פֿאַר שטום! אַז יידיש איז קיין שפּראַך ניט, קיין אַנדערע פֿאַרשטייען זיי נאָך ניט, בלייבן זיי דאָך נעבעך גאָר שטום... האַלט איין דיין כּעס, הער פֿילאָזאָף, האָב רחמנות אַמווייניקסטנס אויף די יידישע אַרבעטער, וועלכע מען איז אַזוי רודף, זיי האָבן שוין אַזוי אויך קיין זאַך ניט, ווילסטו נאָך דאָס איינציקע,

די שפּראַך, וועלכע זיי האָבן, פֿון זיי אַוועקנעמען? האַלט אָפּ דיין גרימצאָרן און באַדענק דיר בעסער, אַז דו ביסט זיך אַליין סותר. דו אַליין זאָגסט, אַז דאָס פֿאָלק איז דאָס די מאַסע, טאָ פּרוביר אַקאָרשט אַ פֿרעג געבן ביי דער מאַסע, פֿאַר וועלכער דו אַרבעטסט: הערט רבותים! איז יידיש אַ לשון אָדער ניט? דו וועסט זען וועלכע אויגן מען וועט אויסשטעלן אויף דיר, מען וועט מיינען, אַז ביי דיר אין קאָפּ איז עפּעס ניט גלאַט, און עס וועט זיך געוויס געפֿינען נאָך אַן עזות פּנים, וועלכער וועט הייסן דיר צולייגן אַ פּענכער מיט אייז צום קאָפּ. קורץ גערעדט, מיר האָבן צו טאָן מיט פֿאַקטן, ניט מיט פּוסטע פֿילאָזאָפֿיע. עס איז אַ פֿאַקט, אַז יידן זיינען אַ נאַציע און דווקא די, וועלכע רעדן יידיש; ווען מיר רעדן וועגן יידן אַלס נאַציע, קענען מיר נאָר פֿאַרשטיין די יידן, וועלכע רעדן יידיש. מיר קענען ניט צורעכענען די פֿראַנצויזישע, די איטאַליענישע און אויך ניט די דייטשע יידן. יענע האָבן ניט מער קיין ספּעציעלע יידישע אינטערעסן, און די אַלע, וועלכע רעדן יידיש, האַלטן זיך פֿאַר אַ נאַציע; אַלע טעאָריעס, אַלע פֿילאָזאָפֿיעס קענען דאָ ניט העלפֿן, עס איז אַ פֿאַקט. פֿילאָזאָפֿיע קען נאָר נוצן אויף צוקונפֿט; וואָס עס וועט זיין; מעג זיך יעדער פֿילאָזאָפֿירן, נאָך זיין אופֿן, איינער איז אַן אָפּטימיסט און גלייבט, אַז יידן וועלן מיט דער צייט אויפֿהערן צו זיין אַ נאַציע, „זשאַרגאָן" וועט פֿאַרשווינדן ווי רויך, און די יידן וועלן זיך אַסימילירן, יעדער וועט כאַפּן פֿון זיי אַ שטיק. אַ רחמנות נאָר אויף ליטווינער, אַ קליין פֿעלקל און האָט אַזוי פֿיל יידן, זיי זאָלן זיך ניט ביי דער חלוקה איבערעסן. די איבעריקע קליינע נאַציעס קענען נעבעך האָבן דעם זעלבן פּסק. אַפֿילו דאָס גרויסע פּוילן קען זיך אויך שווער אָפּגרעפּצן פֿון אַזאַ מין ביסן. דער אַנדערער איז אָבער אַ פּעסימיסט און וויל גלייבן, אַז ווי לאַנג עס וועלן זיין פֿעלקער, נאַציעס, וועלן יידן עקזיסטירן אַלס פֿאָלק. דאָס איז אַלץ אויף להבא, פֿאַר היינט גילט די פֿילאָזאָפֿיע ניט. עס זיינען היינט דאָ יידן און זיי זאָגן, אַז זיי זיינען אַ נאַציע. זיי באַשעפֿטיקן זיך ניט מיט פֿילאָזאָפֿיע, מכּוח שפּראַכן, טעריטאָריע און קולטור. און די, וואָס ווילן אַרבעטן אונטער דער יידישער מאַסע, וועלכע ווילן נוצן ברענגען, מוזן וועלנדיק אָדער ניט וועלנדיק צוגעבן, אַז דער פֿאַקט איז אַ פֿאַקט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ נאַציע, וועלכע האָט אירע מעלות מיט אירע חסרונות מיט אַלע נאַציעס צו גלייך. די, וועלכע קענען זיך דאָס ניט רעכט מאַכן, זיי קענען דאָך ניט צוגעבן, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַ פֿאָלק, און ווילן דאָך אַרבעטן צווישן יידן, איז דאָ אַן עצה — זיי זאָלן ווערן ציוניסטן. די ציוניסטן זיינען מיט זיי איינשטימיק, יענע זאָגן אויך דאָס זעלבע: יידן זיינען איצט קיין פֿאָלק ניט, מיר האָבן קיין שפּראַך ניט, ווייל זשאַרגאָן איז נאָך זייער דעה אַ גלות־שפּראַך, טעריטאָריע האָבן מיר דאָך אויך געוויס ניט. און די קולטור אונדזערע איז מיט אַ סרכא, מען דאַרף איר פּאַטשן און בלאָזן ביז מען וועט די סרכא אַראָפּנעמען, געוויינלעך קען מען עס אַראָפּנעמען נאָר אין ארץ־ישראל, ווייל זייענדיק אין גלות וואַקסן גלייך אַנדערע סרכות אָן. וואָרום אַרבעטנדיק אַלס סאָציאַליסט מיט אַזעלכע אָנזיכטן צווישן דער מאַסע, איז זייער שווער צו ברענגען די געוואונטשענע נוצן; אויב איינער וויל נישט אָנערקענען די יידישע מאַסע אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיט

אַנדערע פֿעלקער, אויב ער באַטראַכט די יידישע מאַסע פֿאַר אָפּגעלעבט, פֿאַר פֿאַרפֿוילט מאַטעריאַל, וועלכעס מען דאַרף באַלד אַרויסוואַרפֿן און טיף מקבר זיין מען זאָל אַפילו דעם ריח ניט הערן, אַזעלכער קען ניט האָבן קיין אינטערעס פֿאַר זייער אַרבעט, ער קען ניט האָבן קיין אינטערעסן אויסצושטודירן די מאַסע, צווישן וועלכער ער אַרבעט, ער קען עס נאָר באַטראַכטן אַלס אַ לאַסט, אַלס משא און ציילן די מינוטן פּטור צו ווערן פֿון דער נבלה, פּטור צו ווערן אויף אַלע מאָל און אַ סוף מיט אַן עק.

אונדז קען נאָר אינטערעסירן די פֿראַגע, פֿון וואַנען נעמט זיך ביי אונדז דער ניט נאָרמאַלער צושטאַנד? מענטשן, וועלכע שטימען איין, אַז ליטווינער זיינען אַ נאַציע, אַ פֿאָלק, וועלכעס בילדעט אין קיין אַרט אַ מאַיאָריטעט, זייער שפּראַך האָט ווייניקער פּרעטענזיעס אויף צו הייסן אַ שפּראַך ווי דער „זשאַרגאָן", ווייל זי האָט אַבסאָלוט ניט קיין ליטעראַטור, און דאָך איז עס אַ פֿאָלק, דער ליטווינער קלערט גאָרניט אַנדערש. און דער יידישער סאָציאַליסט וויל אויך אַנדערש ניט קלערן. קומט עס אָבער צו יידן, פֿאַנגט ער זיך אָן צו שטיקן, דרייט ער זיך אין אַלע זייטן כאַפּן וואו עס איז אַ פּסול. נאָר די זאַך לאָזט זיך דערקלערן; צו אונ־דזער באַדויערן האָט זיך נאָך אַ טייל פֿון אונדזערע סאָציאַליסטן ניט באַפֿרייט פֿון די בורזשואַזע אידעען, זיי זיינען נאָך ביז היינט פֿון זיי באַאיינפֿלוסט און קענען זיך ניט באַפֿרייען. די יידישע בורזשואַזיע האָט געפֿונען פֿאַר נוצלעך צו שרייען אין אַלע גאַסן, אַז יידן זיינען קיין פֿאָלק ניט, אַז זיי זיינען פּשוט אמתע רוסן, מער ניט, פֿון אַן אַנדער גלויבן. זי האָט גערעכנט דורך דעם צו באַקומען גלייכע רעכט און רעכנט אַזוי נאָך עד־היום. די בורזשואַזיע האָט אויפֿגעשטעלט גאַנצע תורות מכח דעם, און אַ טייל פֿון אונדזער אינטעליגענץ שלעפּט זיך נאָך, הגם פֿון די איבעריקע בורזשואַזע תורות האָבן זיי זיך שוין לאַנג באַפֿרייט, נאָר ווי לאָזט עס גיט איבער אַ זכר לחורבן? דער זעלביקער צושטאַנד איז אויך געווען ביי אַנדערע שוואַכע פֿעלקער, אין רוסלאַנד נאָך עד־היום. אָבער נאָר די בורזשואַזיע האָלט זיך דערביי, אינטעליגענץ שטייט ווייט פֿון די אַנזיכטן; דער ליטווינער, דער לעט, דער אוקראַינער וועט זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט אַרויסשטעלן אַלס אַן אַנדערער, אַזעלכע מעשות טרעפֿן זיך אויסשליסלעך נאָר ביי אונדזער אינטעלי־גענץ, זי האָט זיך דאָך נאָך ניט באַפֿרייט פֿון דער בורזשואַזער שקלאַפֿעריי, און אָרעמקייט און שוואַכקייט איז דאָך אַ בזיון. אָט דאָס איז די ריכטיקע קלאָרע סיבה וואָס אַ סך טרעטן אַרויס אַזוי פֿייערדיק קעגן די, וועלכע באַהויפּטן, אַז יידן זיינען אויך אַ נאַציע, זיי פֿילן עפּעס זיך ניט באַקוועם, ווי איינער, וועלכן מען דערמאַנט אַלע זיינע חטאים; עס דוכט זיך זיי, אַז מען גיט זיי אַ פּאַטש אין פּנים לפֿני עם ועדה, זיי האָבן דאָך געהאַלטן, גענגלייבט אַ צייט יאָרן, אַז אַ ייד זיין איז אַ בזיון, פֿון אַ גרסא דינקותא ווערט מען ניט אַזוי גיך פּטור.

מיר האָבן אויך אַזעלכע, וועלכע פֿאַרשטייען אַן אינטערעס און ווילן ניט אָפּלייקענען, וואָס עס איז דאָ; איין מאָל עקזיסטירן יידן אַלס אַ פֿאָלק, קען מען דאָס ניט אַוועקנעמען און האַלטן דאָס פֿאַר אַ נאַרישקייט, זיך איינשפּאַרן מיט די הינטערשטע פֿיס און שרייען אַז דער פּריץ איז קיין פּריץ ניט און די שמיץ זיינען קיין שמיץ ניט. זיי האָבן אָבער אַזאַ מין טענה: אמת, זאָגן זיי, יידן זיינען טאַקע אַ נאַציע, אָבער אויפֿטרעטן אַלס נאַציע, שטעלן פֿאָדערונגען אַלס

נאַציע זיינען זיי ניט מסכּים, פּשוט ווייל עס איז ניט פּראַקטיש. זעט איר, דאָס איז אַ טענה, מכּח דעם דאַרף מען רעדן. און דאָ קומען מיר צו דער עיקר־פֿראַגע פֿון נאַציאָנאַלרעכט. עס האַנדלט זיך איצט מכּח דער שאלה, אויב יידן אַלס נאַציע זאָלן שטעלן פֿאָדערונגען מיט אַלע נאַציעס צוגלייך, אָדער ניט. היינט האָבן מיר אין רוסלאַנד איבערהויפּט ניט קיין רעכט, אַפֿילו ניט קיין הינטישע רעכט, אַ הונט האָט דאָך אַמווייניקסטנס אַ רעכט צו וואוינען אין גאַנץ רוסלאַנד, יידן האָבן דאָס אויך ניט; אַז מיר פֿאָדערן רעכט, מוזן מיר אָנפֿאַנגען פֿון אלף־בית: ערשטנס, מענטשן־רעכט, מיר זאָלן האָבן אַמווייניקסטנס גלייכע רעכט מיט אויסלענדער אין רוסלאַנד, נאָכהער, בירגער־רעכט, נאָכהער, פּאָליטישע רעכט, און צום סוף נאַציאָנאַלע רעכט. דער חלוק צווישן בירגער־רעכט, פּאָליטישע רעכט און נאַציאָנאַלרעכט איז אַזאַ: אין רוסלאַנד האָבן די רוסן בירגער־רעכט, די אַנדערע פֿעלקער האָבן אויך, אָבער באַשרענקט, נאָר אין גאַנצן גענומען, נאָך רוסלאַנדס דעספּאָטיזם, הייסט עס דאָך בירגער־רעכט; יידן האָבן אַפֿילו קיין באַשרענקטע בירגער־רעכט ניט, ווי געזאָגט. פּאָליטישע רעכט האָבן אַפֿילו די רוסן ניט, אין רוסלאַנד ווייס מען ניט פֿון פּאָליטישע רעכט, מען וויל שטאַרק ניט ליידן, אַז מען רעדט גאָר אַפֿילו וועגן דעם. אין דייטשלאַנד, צום ביישפּיל, האָבן אַלע נאַציעס פּאָליטישע רעכט, אָדער ווי מען רופֿט עס פּאָליטישע פֿרייהייט, אַלע נאַציעס אין דייטשלאַנד האָבן דאָס רעכט זיך צו פֿאַרנעמען מיט פּאָליטיק. אָבער ניט אַלע האָבן נאַציאָנאַל־רעכט; די פּאָליאַקן, למשל, האָבן ניט קיין נאַציאָנאַלע רעכט, אויף אַ פֿאַרזאַמלונג מוז מען רעדן דייטש, ניט פּויליש, דער קאָמיסאַר לאָזט ניט, און ווער עס פֿאַרשטייט ניט קיין דייטש, האָט פֿאַר אים די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג קיין ווערט ניט, פֿאַר אים איז עס דאָס זעלבע ווי מען וואָלט אין גאַנצן פֿאַרווערן מאַכן פֿאַרזאַמלונגען, ממילא קומט אויס, אַז די דייטשן אין דייטשלאַנד האָבן מער רעכט ווי די פּאָליאַקן. דער דייטש דאַרף ניט לערנען פּויליש און דער פּאָליאַק מוז לערנען דייטש. געוויינלעך אין די לענדער, וואו די פֿעלקער האָבן זיך שוין דערשלאָגן צו געוויסע רעכט, קעמפֿן זיי איצט פֿאַר נאַציאָנאַלרעכט. אין רוסלאַנד קעמפֿן איצט די בירגער ערשט פֿאַר פּאָליטישע רעכט; נאָר צו פֿאַרשפּאָרן אַן אַרבעט וויל מען מאַכן צוויי שפּרונגען מיט איין מאָל און מען פֿאָדערט פֿאַר איינס אויך נאַציאָנאַלרעכט. מיר יידן, אַז מיר ווילן פֿאָדערן נאַציאָנאַלרעכט, האָבן מיר צו מאַכן דריי אָדער פֿיר שפּרונגען מיט איין מאָל. איז טאַקע די שאלה, צי מיר האָבן אַזאַ כּח אין זיך צו מאַכן אַזאַ מין שפּרונג? איז אַזאַ שפּרונג פּראַקטיש? נאָך איין זאַך: מיר דאַרפֿן זיך ערשט קלאָר מאַכן, וואָס מיר פֿאַרלאַנגען מיט נאַציאָנאַלרעכט אַלס יידן. מיר האָפֿן און מיר שטרעבן, אַז אין רוסלאַנד וועט דאָך ווערן ווי עס איז אַ קאָנסטיטוציע, עס מוז ווערן, עס קען זיך לאַנג ניט האַלטן אויף אַזאַ צעפּוילטן, צעפֿאַלענעם פֿונדאַמענט, עס מוז איינברעכן. נאָר דעמאָלט וועט ווערן אין רוסלאַנד אַ גאַנצע סומאַטאָכע. רוסלאַנד איז צוזאַמענגעשטיקעוועט פֿון שטיקלעך, יעדער נאָט שטעכט אויס די אויגן, עס איז אַזוי פּאַרטאַטשנע צוזאַמענגעשטיקעוועט, אַז מען וועט עס מוזן צעטרענען, אָדער בעסער געזאָגט, עס וועט אַליין פֿונאַנדערפֿאַלן, שלעכט גענייט און שלעכט פֿאָדעם קען זיך ניט האַלטן. יעדע נאַציע שטעלט זיך היינט אירע אויפֿגאַבן צו ווערן באַלעבאָס

פֿאַר זיך, יעדע נאַציע, די סאַמע קלענסטע אַפֿילו, זאָל זיך האָבן איר אייגענע אויטאָנאָמיע, אירע אייגענע פֿיר ווינקעלעך; די אַלע אויטאָנאָמיעס קענען שטיין אין אַ פֿאַרבאַנד ווי גוטע שכנים (אויסער פּוילן, וועלכע וויל מאַכן אין גאַנצן שבת פֿאַר זיך), יעדע נאַציע וועט זיך האָבן אירע אייגענע שולן, איר אייגענע שפּראַך, איר אייגענע קולטור, ממילא וועט זיך קענען יעדע נאַציע אַנטוויקלען אויף איר אופֿן, נאָך איר כאַראַקטער. געוויינלעך יידן, נאָך דער רעכנונג, דאַרפֿן אויך שטעלן אַזעלכע פֿאָדערונגען, אויך פֿאָדערן אַן אויטאָנאָמיע, און אפֿשר נאָך מער ווי אַנדערע. ווען מיר זאָלן די פֿאָדערונגען ניט שטעלן, דאַרפֿן מיר אָנ־פֿאַנגען קלערן וואָס וועט זיין מיט אונדז, אַז עס וועט ווערן אַ קאָנסטיטוציע? צו וועמען זאָלן מיר צופֿאַלן? צו רוסלאַנד דאָך ניט, ווייל יידן זיינען זייער ווינציק דאָ אויף דער רוסישער טעריטאָריע. צו ליטע דאָך לכל הדעות ניט: ערשטנס, מיט וואָס זיינען זיי גרעסערע יחסנים פֿאַר אונדז? צווייטנס זיינען זיי אַ קליין ביסעלע, מיר זיינען מער פֿון זיי, וואָלט דאָך זיין סתם אַ שטות, אַז אַ מאַיאָריטעט זאָל זיך אונטערגעבן אַ מינאָריטעט, מיר וואָלטן נאָך אַמווייניקסטנס וואָס געוואונען ביי דעם חלוף, וואָלט נאָך זיין אַ סברה; אַזאַ פֿאַל איז עס אָבער ניט, מיר שטייען אין בילדונג און אַנטוויקלונג פֿיל וויטער פֿון זיי. דאָס זעלבע איז מיט או־קראַינער, מיר קענען זיך דאָך ניט מבטל זיין, זיך אויפֿלעזן אין אַ נאַציע, וואָס שטייט הינטער אונדז אין בילדונג און אַנטוויקלונג; אין פּוילן ווידער זיינען דאָ פֿיל שטעט, אין וועלכע די מאַיאָריטעט בילדן יידן. און עס וואָלט זיין אַ גרויסע אומרעכט, אַז די אַלע זאָלן זיין אָנגעוויזן אויף דער פּוילישער שפּראַך און אויף פּוילישער קולטור, וואו עס זיינען גאָר ווייניק פּאָליאַקן דאָ. עס קען אויסקומען, אַז פֿון אַ קאָנסטיטוציע קענען מיר יידן נאָך ליידן אַ גייסטיקן שאָדן. היינט זיינען מיר אָנגעוויזן אויף רוסישע שפּראַך, אויף רוסישע קולטור, מיר מעגן זיין ניט צופֿרידן דערפֿון, מיר קענען זיך ניט אַנטוויקלען נאַטירלעך, אָבער מיר זיינען שוין דעריין, עס שלעפּט זיך שוין אַזוי. מיר האָבן דאָך וואָס געוואונען אויך, עס איז פֿאַרט אַ שפּראַך מיט אַ ליטעראַטור; אַז רוסלאַנד צעפֿאַלט זיך אָבער, און מיר וועלן זיך מוזן אונטערוואַרפֿן די פֿעלקער נאָך טעריטאָריעס נאָך, וועלן מיר האָבן גאָר אַ טאָפּלטע צרה: יידן זיינען מיר, ווייל מיר האָבן דאָך עפּעס וואָס אייגענע, שטיקלעך רוסן זיינען מיר אויך, מיר האָבן זיך דאָך אַזוי לאַנג דער־צויגן אויף רוסישער קולטור און ליטעראַטור, עס איז דאָך אונדז אַריין אין בלוט און פֿלייש, ביי אונדז האָט זיך עס אַנדערש איבערגעקאָכט, אָבער עס איז דאָך דאָ וואָס רוסישעס, פֿון דער רוסישער שפּראַך וועלן מיר זיך ניט קענען און אויך ניט דאַרפֿן אָפּזאָגן, מיר וועלן איר האָבן גויטיק אויף שריט און טריט, עס איז דאָך אַ שפּראַך, וועלכע צענדליקער מיליאָנען רעדן אויף איר, און מיר וועלן מוזן שטיין מיט זיי אין פֿאַרקער. ענדלעך, וועלן מיר האָבן אָפֿיציעלע שפּראַכן, לעטיש, ליטוויש אָדער אוקראַיניש. דאָס איז דאָך עפּעס גאָר אַ צרה, וואָס קיינער האָט עס ניט, אַ קללה אשר לא כתובה בתורה. וואָס דען, מיר וועלן זיין רוסן, איז ערשטנס די פֿראַגע, וועלן יידן אַקאָרשט וועלן, און דאַרפֿן זיי עס וועלן? צווייטנס, וועלן די איבעריקע נאַציעס, אונטער וועלכע מיר וואוינען, פֿרעגן פֿאַרוואָס עפּעס רוסן? אַז ניט יידן, טאָ זייט וואָס מיר זיינען.

פֿון די אַלע רייד קומט אַרויס פֿאָלגנדעס: קוים זיינען מיר אַ נאַציע, מוזן

מיר פֿאָדערן נאַציאָנאַלרעכט, מיר האָבן ניט קיין אַנדער אויסוועג, מיר מוזן זיין באַרעכטיקט מיט אַלע נאַציעס צוגלייך. וואָס גאָר אַמאָל וועט זיין, אין ווייטער צוקונפֿט, קענען מיר ניט וויסן, מעגלעך דאַן וועלן איבערהויפּט די קליינע שוואַכע נאַציעס אונטערגיין. דאָס געזעץ „קאַמפּף אומס דאַזיין" עקזיסטירט דאָך, דער שטאַרקער פֿאַרשלינגט דאָך דעם שוואַכן, מעגלעך דאַן וועט די יידישע נאַציע אויך אונטערגיין, נאָר דאָס איז אַ פֿילאָזאָפֿישע שאלה. ווי די זאַך שטייט זיך אָבער היינט, קענען מיר אָבער ניט לעבן מיט דער פֿילאָזאָפֿיע וואָס אַמאָל וועלן קליינע שוואַכע פֿעלקער אונטערגיין, היינט מוזן מיר גיין האַנט אין האַנט מיט אַנדערע קליינע נאַציעס און שטעלן גלייכע פֿאָדערונגען. איז אַזאַ שפּרונג אָבער פּראַקטיש? מיר מוזן ענטפֿערן יאָ, עס איז פּראַקטיש, ער איז פּראַקטיש פֿון אַט דער זייט, ווייל אויף אַן אַנדער אופֿן קענען מיר ניט שפּרינגען און שפּרינגען מוזן מיר. נאָר דערמיט זיינען מיר נאָך ניט פֿאַרטיק. עס איז ווייניק וואָס אין אַ פּראָקלאַמאַציע אָדער אין אַ פֿלוג־בלעטל וועט מען אַרויסשטעלן די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלרעכט און ווייטער ניט; קוים שטעלן מיר פֿעסט, אַז יידן זיינען אַ נאַציע און האָבן פּרעטענזיעס אויף נאַציאָנאַלרעכט, דאַרפֿן מיר צווישן דער מאַסע גאַנץ אַנדערש אַרבעטן, דאַן קענען מיר ניט באַטראַכטן דעם יידישן אַרבעטער נאָר אַלס אַ טייל פֿון רוסישן אַרבעטער, און די יידישע מאַסע ווי אַ טייל פֿון דער רוסישער מאַסע און ווייטער ניט, דאַן האָבן מיר גאַנץ אַנדערע אויפֿגאַבן, ספּעציעל יידישע, ווי דער פּוילישער סאָציאַליסט האָט אויך ספּעציעל פּוילישע אויפֿגאַבן, און דער לעט ספּעציעל לעטישע און אַזוי ווייטער, און אויפֿגאַבן זיינען דאָ זייער פֿיל. סאָציאַליסטן־יידן דאַרפֿן זוכען מיט אַלע מעגלעכקייטן אַנטייל צו נעמען אין אַלע יידישע אינטערעסן פֿון יידישן אַרבעטער; קינדער־דערציאונג שטייט ביי אונדז זייער שלעכט, די קינדער ווערן פֿאַרפֿינצטערט אין די חדרים און לערנען זיך קיין זאַך ניט אויס, אין די חדרים איז דושנע, שמוציק, פֿאַרפּעסטעטע לופֿט, עס וואַקסט אויס אַ דור קראַנקע, פֿאַרקריפּלטע מענטשן.

אין די ישיבות פֿינצטערן אַ סך יונגע מענטשן זייערע בעסטע יאָרן, וויפֿל טאַלאַנט, וויפֿל ניצלעכע מענטשן גייען דאָרטן פֿאַרלוירן! מיר וויסן וויפֿל טיכטיקע אַרבעטער די ישיבות האָבן אונדז געגעבן, נאָר מיר וויסן ניט וויפֿל טאַלאַנטן זיינען דאָרטן באַגראָבן געוואָרן, און ליגן איצט באַגראָבן, ליגן און פֿינצטערן אין דער פֿאַרפּעסטעטער לופֿט פֿון די ישיבות, אָפּגעריסן פֿון דער וועלט, פֿון מענטשן, פֿאַרברענגען זייערע יאָרן אויף אַ פּוסטן סאָפֿיזם. וויפֿל טיכטיקע אַרבעטער וואָלטן מיר פֿון דאָרט געקענט אַרויסנעמען, ווען מען וואָלט געזוכט, געשטרעבט אַרויסצונעמען פֿון דאָרט, עס ליגט אַ רויער מאַטעריאַל, פֿון וועלכן מען קען נאָך אַלץ מאַכן, עס דאַרף נאָר פֿאַלן אין גוטע הענט, עס זיינען דאָ אַזעלכע, וועלכע זיינען פֿעאיק זיך איבערצוגעבן אַן אידעע מיטן לייב און לעבן. ווער זיינען די ענערגישסטע אַרבעטער צווישן די ציוניסטן, אַז ניט בחורים פֿון ישיבות? עס איז ניט ווייל דער ציוניזם האָט די קראַפֿט אַנצוציען אַנהענגער, אין קעגנטייל, איצט ציט דער ציוניזם ניט אָן, ציוניזם האָט ניט קיין אַרבעט צו געבן זיינע אַנהענגער, די אַנהענגער שרייען: גיט אונדז אַרבעט! און עס איז ניטאָ. די אידעע האָט קיין מאַטעריעלן באָדן, זי האָט ניט מיט וועמען צו קעמפֿן,

די גאַנצע אידעע רוט נאָר אויף האָפֿנונגען, דער סולטאַן וועט אפֿשר אַמאָל דערלויבן די יידן צו גיין אין ארץ־ישׂראל. די בחורים זיינען נאָר געוואָרן ציוניסטן, ווייל זיי האָבן קיין בעסערס ניט געהאַט. די יידישע ליטעראַטור[1], וועלכע איז אין די לעצטע יאָרן שרעקלעך רעאַקציאָנער געוואָרן, קאָרמעט דעם עולם מיט אַלערליי מינים נאַרישקייטן. אויסער ציוניזם געפֿינט מען זעלטן אַ רעכט וואָרט, די גרעסטע טייל שרייבן שרייבערס מיט איין ניגון און די לעזער ווייסן סתם ניט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט זיי זיינען. סאָציאַליסטן האָבן געדאַרפֿט זיך אָנשטרענגען מיט אַלע מעגלעכקייטן אַריינצודרינגען אין די פֿינצטערע ווינקעלעך, פֿאַרשפּרייטן אַ ביסל ליכט אין די ישיבֿות, אין די חדרים, און דער ליטעראַטור, ווי ווייט מעגלעך, געבן אַ רעאַלע ריכטונג. איך וויל ניט זאָגן דער־מיט, אַז זיי זאָלן עס מאַכן פֿאַר זייער הויפּט־אַרבעט, אָדער צומאָל פֿאָדערן פֿון יעדן איינציקן, איך וויל נאָר זאָגן, אַז דאָס דאַרף זיין אַ זייער וויכטיקע אויפֿגאַבע, און יעדער איינציקער וויפֿל ער קען נאָר דאָרטן ווירקן, זאָל ווירקן. קוים מאַכן מיר עס פֿאַר אַן אויפֿגאַבע, וועלן מיר שוין ווי עס איז געפֿינען וועגן און מיטלען צו ווירקן. היינט איז שווער, מיר האָבן צו ווייניק קרעפֿטן, צו ווייניק מיטלען, אויף צוואַנציק שטיקער קען מען זיך ניט צערייסן; מיר האָפֿן דאָך אָבער אויף בעסערע צייטן, קוים שטעלן מיר זיך דאָס ניט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע, וועלן מיר ביי בעסערע צייטן אויך ניט אַרבעטן דעריבער. מיר דאַרפֿן ניט פֿאַרגעסן, אַז די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע קען דעם פֿאָלק העלפֿן, איז נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, זי קען אים העלפֿן אין זיין מאַטעריעלער לאַגע און אין זיין גייסטיקער לאַגע. קוים נעמען מיר אָן, אַז יידן זיינען אַ פֿאָלק, מוזן מיר אָנטייל נעמען אין אַלעם, וואָס דעם פֿאָלק געהערט; איך וויל דערביי נאָך באַ־מערקן, אַז „פֿאָלק" רוף איך נאָר די אַרבעטער־מאַסע, אַלע אינטערעסן פֿון דער אַרבעטער־מאַסע דאַרפֿן זיין אונדזערע, און ביי יעדער געלעגנהייט אָנטייל נעמען.

היוצא לנו מדברינו איז אַזוי: קוים שטעלן מיר פֿעסט, אַז מיר זיינען אַ נאַציע, דאַרפֿן מיר אומבאַדינגט זיך שטעלן גלייך מיט אַלע נאַציעס אין רוס־לאַנד און פֿאָדערן צוזאַמען מיט זיי אויטאָנאָמיע. נאָר מיר קענען היינט ניט אויפֿשטעלן די פּראָגראַמען, וועלכע אויטאָנאָמיע מיר זאָלן פֿאָדערן, מיר קענען עס היינט ניט שטעלן אַלס מינימום פֿון אונדזערע פֿאָדערונגען, און שוין אויפֿ־שטעלן פּראָגראַמען, זיך באַשעפֿטיקן מיט פּרטים, מיט דעטאַלן. פֿאַר אונדז איז פֿיל וויכטיקער פֿאַרברייטן דאָס פֿאָלק, אַז עס זאָל קענען ביי זיך איינ־פֿירן אויטאָנאָמיע. אַז דאָס פֿאָלק וועט זיין גוט צוגעגרייט, וועט דאָס פֿאָלק אַליין שטעלן פֿאָדערונגען, דאָס פֿאָלק אַליין וועט געבן מאַטעריאַל פּראָגראַמען אויפֿצושטעלן, דאַן וועלן מיר זיך מיט דער פֿראַגע קענען פּראַקטיש באַשעפֿ־טיקן און גענויער באַהאַנדלען; היינט קענען מיר נאָר די פֿראַגע שטודירן פֿון דער טעאָרעטישער זייט, און עס וואָלט זיין זייער נאַריש, ווען מען וואָלט שוין אויפֿשטעלן אַ פּראָגראַם, וואָס פֿאַראַ אויטאָנאָמיע זאָל מען איינפֿירן. מיר מוזן פֿאָדערן אויטאָנאָמיע, ווייל אַנדערע פֿאָדערן; ווי ווייט פּראַקטיש די פֿאָדע־רונג איז פֿון די איבעריקע נאַציעס, דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערע שאלה, זיי

[1] ליטעראַטור מיין איך העברעאיש און יידיש.

פֿאָדערן אָבער דאָך יאָ, און מיר מוזן מיט זיי גיין האַנט אין האַנט אין אַלע פֿאָדערונגען. באַהאַנדלען די פּרטים פֿון אַן אויטאָנאָמיע האַלט איך פֿאַר אַ נאַרישקייט ניט בלויז פֿאַר יידן, נאָר אויך פֿאַר די אַנדערע נאַציעס, ווייל אויטאָנאָמיע דאַרפֿן מיר שטעלן אַלס אידעאַל, ניט אַלס מינימום, און אַן אידעאַל לאָזט זיך ניט באַהאַנדלען מיט אַלע פּרטים און איינצלהייטן.



## די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טעגלעכע צייטונג אין ווילנע

**בין איך אַ ווילנער?**

אייגנטלעך, וועלכער ייד איז ניט קיין ווילנער? ווייניקסטנס איז יעדער ייד אַ שטיקל ווילנער. אויב ער איז ניט געבוירן געוואָרן אין ווילנע, האָט ער געלערנט אין ווילנע, ווייניקסטנס אַמאָל געדאַוונט פֿון אַ סידור, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין ווילנע, אָדער האָט אַרייַנגעקוקט אין אַ ווילנער גמרא, געלייענט אַ בוך צי אַ צייטונג פֿון ווילנע. אין קורצן, יעדער ייד האָט עפּעס אַ חלק אין ווילנע. און ווען איך וואָלט געהאַט אַ דעה, וואָלט איך אין פּרקי אָבות ביי דעם כל ישראל יש להם חלק בעולם הבא אַוועקגעשטעלט כל ישראל יש להם חלק בווילנע.

וואָס איז שייך צו מיר, האָב איך, דאַכט זיך, גאָר אַ גרויסן חלק אין ווילנע. איך האָב ניט בלויז געדאַוונט פֿון ווילנער סידורים, געלערנט פֿון ווילנער גמרות, נאָר אויך געקוועטשט די באַנק פֿון ווילנער קלויזן, געוואָרן דאָרטן אַן אפּיקורס און אַפֿילו אַ סאָציאַליסט. ווען ניט ווילנע, וואָלט איך אפֿשר געווען היינט ערגעץ אַ רב, איידער אַ סאָציאַליסטישער שרייבער. און אַ שטענדיקער יידישער סאָציאַליסטישער צייטונגס־שרייבער בין איך טאַקע אויך געוואָרן אין ווילנע.

איך וואָלט געקענט אַ סך דערציילן וועגן דער צייט, וואָס איך האָב געלעבט אין ווילנע. עס איז געווען דער אָנפֿאַנג פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איידער דער „בונד" איז נאָך געבוירן געוואָרן. אָבער דאָס וועל איך אפֿשר טאָן אַן אַנדערס מאָל. דאָ וויל איך בלויז דערציילן וועגן אַ שפּעטערדיקער צייט, ווען איך בין געקומען אין ווילנע אָנטיילנעמען אין דער ערשטער יידישער טעגלעכער סאָציאַליסטישער צייטונג אין רוסלאַנד, וואָס דער „בונד" האָט אָנגעפֿאַנגען אַרויסגעבן.

די צייטונג אונטער דעם נאָמען „וועקער" האָט אָנגעפֿאַנגען דערשיינען דעם 25־טן דעצעמבער, 1905, לויט דעם אַלטן רוסישן קאַלענדאַר. אין אַמעריקע איז דעמאָלט געווען דער 7טער יאַנואַר, 1906.

די פֿאָרברייטונגען אַרויסצוגעבן דעם „וועקער" האָבן אָנגעפֿאַנגען געמאַכט ווערן, ווען די רוסישע רעוואָלוציע פֿון 1905 איז נאָך געווען אין איר פֿולן ברען און די האָפֿענונגען זיינען געווען גרויס. ווען מען האָט אָבער די צייטונג אָנגעפֿאַנגען אַרויסגעבן, איז שוין די רעוואָלוציע געווען אויף איר וועג באַרג אַראָפּ. אין מיין שטאָט ריגע, וועלכע איז אַ קורצע צייט געשטאַנען אונ־

טער דער פֿולער הערשאַפֿט פֿון דעם פֿאַראייניקטן קאָמיטעט פֿון דער לאַטווי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פֿון דעם „בונד" און יעדער אין שטאָט האָט בלויז געפֿרעגט וואָס מאַקסים זאָגט, זיינען שוין דעמאָלט אַרומגע־ריטן אין די גאַסן דראַגונער און קאָזאַקן. עס זיינען שוין אויך געמאַכט געוואָרן פּראָבן פֿון פּאָגראָמען. עס איז נאָך ניט געווען אַלץ פֿאַרלאָרן, אָבער מען האָט געפֿילט, אַז עס גייט באַרג אַראָפּ און אַז עס ווערט ערגער. מאַקסים איז שוין ערגעץ וואו געלעגן אַ באַהאַלטענער, און די הויפּט־קוואַרטיר פֿון דעם פֿאַר־אייניקטן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט האָט זיך אַריבערגעקליבן ערגעץ וואו אין אַ הויז אָן אַן אַדרעס.

אין ווילנע האָט עס אויסגעזען צו זיין בעסער. אין ווילנע איז די רעוואָלו־ציע ניט געווען אַזאַ גרויסע. ריגע איז אַ קורצע צייט געווען אַ פֿולשטענדיק פֿרייע רעפּובליק, רעגירט פֿון דעם פֿאַראייניקטן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט. איי־ניקע טעג איז אַפֿילו די שטאָטישע פּאָליציי פֿאַרשוואונדן פֿון די גאַסן און די שטאָט איז געהיט געוואָרן פֿון פּאַטרולן, וואָס דער פֿאַראייניקטער סאָציאַליס־טישער קאָמיטעט האָט אַרויסגעשיקט. ווילנע האָט פֿון אַזעלכע גרויסע פֿריי־הייטן ניט געוואוסט אַפֿילו אין די ערשטע האָניק־טעג פֿון דער רעוואָלוציע. דעריבער איז אויך די רעאַקציע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט, געווען שטאַרקער אין ריגע ווי אין ווילנע.

נאָר עס איז אויך ניט געווען פֿריילעך אין ווילנע. איך האָב עס גלייך דערפֿילט, ווי איך בין אָנגעקומען און האָב אויפֿגעזוכט די רעדאַקציע פֿון „וועקער". דער אַדרעס איז געווען נומער 1 מיליאָנע גאַס. אָבער אַנשטאָט אַ רע־דאַקציע, וואו עס זאָל קאָכן און לעבן, ווי איך האָב זיך עס פֿאָרגעשטעלט, האָב איך געפֿונען אַ פּוסטע קרעטשמע. איך האָב דאָרטן, אויסער אַן אַפּיס־מיידל, קיינעם ניט געפֿונען. און ווען איך האָב די מיידל געפֿרעגט וואו עס איז דער רעדאַקטאָר, די מיטאַרבעטער און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער צייטונג, האָט זי מיר פֿאַרדעכטיק אָנגעקוקט און האָט מיר געענטפֿערט, אַז זי ווייס ניט. שטויס איך מיך גלייך אָן, אַז עס איז „קאָנספּיראַציע", אַז מען היט זיך. איך האָב, אמת, ניט פֿאַרשטאַנען וואָס פֿאַר אַ סודות מען באַהאַלט דאָ פֿאַר מיר. די צייטונג איז דאָך ניט קיין געהיימע, זי האָט אַ געזעצלעכע דער־לויבעניש פֿון דער רעגירונג און עס איז ניטאָ פֿאַר וואָס זיך צו באַהאַלטן מיט איר און מיט אירע מיטאַרבעטער. נאָר אויף „קאָנספּיראַציע" טאָר מען קיין קשיות ניט פֿרעגן. איך האָב בעסער אָנגעפֿאַנגען צושטעלן באַווייזן, אַז מען דאַרף זיך פֿאַר מיר ניט היטן און דאָס איז געווען לייכט. איך האָב גראָד ביי זיך געהאַט אַ טעלעגראַמע פֿון אַלעקסאַנדערן (אַרקאַדי, אָדער קרעמער), אַז איך זאָל גלייך קומען אין ווילנע, ווייל מען דאַרף מיך אין דער רעדאַקציע. ווערט שוין די מיידל אַ ביסל פֿריינדלעכער און בעט מיך, אַז איך זאָל וואַרטן אַ ווײַלע, זי וועט אימיצן אָפּרופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן. האָב איך אָפּגעוואַרט אַ ביסל און איך האָב באַקומען אַן אַדרעס וואו איך קען זיך מיט וועמען עס איז טרעפֿן.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך שוין געוואוסט אַלץ. דער „וועקער" איז טאַקע געווען אַ לעגאַלע צייטונג, וואָס איז אַרויס מיט דער דערלויבניש פֿון דער רעגירונג, און איז אָפֿן און פֿריי פֿאַרקויפֿט געוואָרן אין די גאַסן, אָבער די

רעדאַקציע איז געווען אַ געהיימע. פֿון אָנפֿאַנג איז אויך די רעדאַקציע געווען אַן אַפֿענע. דער רעדאַקטאָר און די מיטאַרבעטער פֿלעגן קומען יעדן טאָג אין דער רעדאַקציע און דאָרטן שרייבן. אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ קורצע צייט און דאָס אויך ווי לאַנג עס איז אָנגעגאַנגען די צוגרייטונגס־אַרבעט. ווען עס איז אָבער דער ערשטער נומער פֿון דער צייטונג געגאַנגען צום דרוק, פֿלעגט שוין קיינער אין דער רעדאַקציע ניט זיין. די מיטאַרבעטער פֿלעגן אָפֿילו אויס־מיידן אַריינצוקומען דאָרטן אויף אַ ווייליע. מען פֿלעגט שרייבן און צוזאַמענ־שטעלן די צייטונגען אין געהיימע קוואַרטירן. די רעדאַקציע פֿלעגט זיך צונויפֿ־קומען יעדן טאָג אויף אַן אַנדער קוואַרטיר אָדער עטלעכע טעג אויף איין קוואַרטיר, ווען מען האָט איר גערעכנט פֿאַר אַ זיכערער. די צייטונג איז נאָך געווען אַ כשרע, אָבער די מיטאַרבעטער מיטן רעדאַקטאָר זיינען געווען טריפֿע. יעדער פֿון די מיטאַרבעטער האָט געהאַט אַ רעקאָרד אין דער זשאַנדאַרמעריע און אין דער געהיים־פּאָליציי, און די מייסטע טאָקע אַ גאַנץ געהויבענעם רע־קאָרד. אַ טערמין טורמע האָט דאָכט זיך יעדער געהאַט אויף זיין רעקאָרד, נאָר אַנדערע האָבן אויך געהאַט פֿאַר אַ צוגאָב עטלעכע יאָר סיביר אָדער קאַטאָרגע.

ניט נויטיק צו זאָגן, אַז עס איז געווען ניט גאַנץ באַקוועם צו אַרבעטן אונ־טער אַזעלכע באַדינגונגען. מען האָט זיך כּסדר געפֿונען אונטער אַ נערוועזער אָנשטרענגונג. יעדן טאָג, ווען מען איז זיך צונויפֿגעקומען מאַכן די צייטונג, האָט מען געציילט די קעפּ, צי עס פֿעלט ניט ווער. און אין פֿרימאָרגן, ווען מען האָט אַ צייל געטאָן די קעפּ, האָט טאָקע איינער אויסגעפֿעלט. דאָס איז געווען י. אייזענשטאַט (יודין), דער רעדאַקטאָר אונדזערער. מען האָט אים שפּעט אין דער נאַכט אַרעסטירט. אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָט מען אין יענער נאַכט אויך אַרעסטירט דר. צמח שאַבאַד.

אייזענשטאַטס אַרעסט האָט געשאַפֿן ביי אונדז אַ גאַנץ געדריקטע שטימונג. די פֿראַגע איז ניט נאָר געווען ווער עס קומט נעקסט, נאָר אויב מען וועט איבער־הויפּט קענען אַזוי אָנגיין מיט דער צייטונג. אָבער ווי לאַנג מען לעבט מוז מען לעבן, און אַז מען האָט אַ צייטונג מוז מען האָבן אַ רעדאַקטאָר. האָבן די מיט־אַרבעטער אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און האָבן באַשלאָסן אָנצוטאָן דעם רעדאַק־טאָרס קרוין אויף דר. ראַזענטאַלס (אַנמאַן) קאָפּ. דאָס איז אָבער געווען אַ ביסעלע צו דעמאָקראַטיש געהאַנדלט. אַ רעדאַקטאָר האָט געדאַרפֿט אָנשטעלן דער צענ־טראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד" און ער האָט זיך גאַנץ ווייניק גערעכנט דערמיט, וואָס מיר אַליין האָבן אויסגעקליבן אַ רעדאַקטאָר. ער האָט אונדז טאָקע אין אַ קורצער צייט אַרום אַריינגעשיקט פֿאַר אַ רעדאַקטאָר וולאַדימיר קאָסאָווסקי, גאָר ניט אָנפֿרעגנדיק זיך ביי אונדז.

עס איז אפֿשר נויטיק דערביי צו באַמערקן, אַז ניט אייזענשטאַט, ניט דר. ראַזענטאַל און ניט וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָבן געקענט שרייבן יידיש. זיי פֿלעגן שרייבן רוסיש און מען פֿלעגט זיי איבערזעצן. עס פֿלעגט אויך שרייבן אויף רוסיש וולאַדימיר מעדעם און האָמונקולוס (זאַסלאַווסקי). מעדעם האָט פֿאַר דער „פֿאָלקס־צייטונג" דעמאָלט געשריבן ווייניק, אָבער „האָמונקולוס" האָט געשריבן גאַנץ אָפֿט. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פֿעליעטאָניסט, אָבער יידיש שרייבן האָט ער זיך קיין מאָל ניט אויסגעלערנט. מעדעם האָט זיך שוין דעמאָלט

אַנגעפּאַנגען לערנען יידיש און איז שפּעטער געוואָרן אַ גלענצנדער יידישער שרייבער. איך רעכן, אַז ווילנע האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם, וואָס מע־דעם איז געוואָרן אַ יידישער שרייבער.

נאָר ווי לאַנג די פּאָליציי האָט געטשעפּעט מענטשן, איז נאָך געווען קיין בייז ניט: אַרעסטירט מען איין רעדאַקטאָר, קען מען קריגן אַ צווייטן, בפרט אַז עס איז רעכט ווען דער רעדאַקטאָר זאָל קיין יידיש ניט קענען שרייבן. ערגער איז געוואָרן ווען מען האָט אָנגעפּאַנגען זיך טשעפּען צו דער צייטונג.

אין דער ערשטער צייט האָט דער „וועקער" זיך באַנוצט מיט אַ גאַנץ גרוי־סער מאָס פרייהייט פון וואָרט, טיילווייז איז עס געווען צוליב דעם, וואָס מען האָט די אָקטאָבער־פרייהייטן ניט אָפּגענומען אַלע מיט אַ מאָל. און גראָד איז עס געווען די פרייהייט פון דער פּרעסע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ ביסל לענגער ווי די אַנדערע פרייהייטן. און טיילווייז איז דאָס אויך געווען צוליב דעם, וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו זיין אין פריינדלעכע באַציאונגען מיטן צענ־זאָר. מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר דעם כּלל פון „לעבן און לאָזן לעבן". ביס־לעכווייז אָבער איז געוואָרן די האַנט פון צענזאָר שטרענגער. ער פלעגט אונדז אָפּט רופן צו זיך און זאָגן מוסר, אַז מיר שטעלן אים אין אַ גרויסער פאַרלע־גנהייט, אַז מיר כאַפּן איבער די מאָס און מיר שרייבן וואָס מען טאָר ניט. געוויינלעך פלעגן מיר זיך באַמיען אים צו „באַרואיקן": קאָסט די צייטונג אַזוי פיל, וועט זי קאָסטן נאָך אַ פּאָר צענדליק רובל. ענדלעך אָבער האָט מען דעם „וועקער" אָפּגעשטעלט. עס זיינען אַרויס פון אים 32 נומערן, און ווען עס איז געקומען צום 33־טן נומער, האָט דער צענזאָר געזאָגט, אַז עס איז גענוג.

נאָר ווער זאָגט עס, אַז אַ בונדיסטישע צייטונג מוז הייסן „וועקער"? איז דען „פאָלקס־צייטונג" ניט קיין גוטער נאָמען? האָט מען טאַקע אין איינ־קע טעג אַרום אַרויסגעגעבן אַ נייע צייטונג אונטערן נאָמען „פאָלקס־צייטונג". דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 19־טן פעברואַר, 1906. ער איז צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרן אין מיין קוואַרטיר אויף סאַדאָווע גאַס.

דער נאָמען „פאָלקס־צייטונג" האָט שוין געהאַט מער מזל ווי דער נאָמען „וועקער". די „פאָלקס־צייטונג" האָט זיך געהאַלטן אַ סך לענגער, ווי דער „ווע־קער". נאָר אפשר איז דאָס ניט געווען מער מזל, נאָר מער פאַרזיכטיקייט. מיר האָבן זיך אין דער „פאָלקס־צייטונג" פשוט מער געהיט פאַר דעם צענזאָר. זיינע וועכנטלעכע שכירות האָט ער טאַקע געקראָגן ווי פון „וועקער", אָבער מיר פלעגן זיך מער היטן, אַז ער זאָל ניט דאַרפן אונדז צו אָפט רופן צו זיך און זאָגן אונדז מוסר. עס איז אמת, אַז ניט אַלע מאָל האָט דאָס היטן זיך גע־האָלפן. פון צייט צו צייט פלעגן מיר קריגן אַן איינלאַדונג צו קומען, אָבער עס פלעגט ווי עס איז אַראָפּגיין גלאַט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט לײדיקע הענט זיינען מיר קיין מאָל ניט גע־קומען צו אַן איינלאַדונג.

און ווען מען האָט געזען, אַז מען לאָזט די „פאָלקס־צייטונג" לעבן און אַז מען אַרעסטירט ניט די מיטאַרבעטער, האָט מען זיך אָנגענומען מיט מוט און מען האָט געדונגען אַ רעדאַקציע און מען האָט זיך איינגעשאַפט אַ סאַמאָוואַר מיט אַ שייגעץ, און מיר זיינען געוואָרן מיט מענטשן גלײך. מיר האָבן אַפילו

געקויפט אַ ווייכע קושעטקע פֿאַר דער רעדאַקציע און מיר האָבן פֿאַר איר איינ־געפֿירט פֿולע דעמאָקראַטיע — ווער עס איז געקומען פֿריער, דער האָט זיך אויף איר געלייגט, עס האָט אַפֿילו געמעגט זיין דער רעדאַקטאָר. נאָר גאַנץ זיכער איז פֿאַר קיינעם ניט געווען אויף דער קושעטקע. עס פֿלעגן אַרום איר גאַנץ אָפֿט געמאַכט ווערן רעוואָלוציעס און זי פֿלעגט גענומען ווערן מיט שטורעם.

די „פֿאָלקס־צייטונג" האָט זיך געהאַלטן אַרום אַ יאָר, ביז דער צענזאָר האָט אויף איר פֿאַרמאַכט. האָט מען ווידער אַמאָל פּרובירט. אויב דער צענזאָר וויל ניט קיין „פֿאָלקס־צייטונג", דאַן זאָל עס זיין „די האָפֿנונג", אָבער דער צענזאָר האָט אויך „די האָפֿנונג" ניט געוואָלט און ער האָט אויך איר פֿאַרמאַכט. און מיט איר פֿאַרשווינדן איז אויך פֿאַרשוואונדן די האָפֿנונג פֿאַרן „בונד" פֿאַרצו־זעצן אין רוסלאַנד דאָס אַרויסגעבן פֿון אַ טעגלעכער צייטונג.

איך דערמאָן זיך איצט אַ סך איינצלהייטן פֿון יענער צייט. איך געדענק ווי שלעכט איך האָב מיך געפֿילט, ווען איך האָב דעם צענזאָר געדאַרפֿט „איבער־בעטן" פֿאַר מיינעם „אַ נייער פּירוש אויף דער אַלטער הגדה", וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט ערב פּסח אין דער „פֿאָלקס־צייטונג" און ווי שווער עס איז געווען אים „איבערצובעטן", ווען ער האָט דורכגעלייענט ערב יום כּפּור אין דער „פֿאָלקס־צייטונג" מיין „צו כּל נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז". ער האָט קאָנ־פֿיסקירט דעם נומער און די צייטונג באַשטראָפֿט מיט דריי הונדערט רובל אוי־סער וואָס ער האָט געקראָגן אין האַנט, אַז די שטראָף זאָל ניט זיין גרעסער.

איך וויל דאָ טאַקע ביי דער געלעגנהייט איבערדרוקן דעם פֿעליעטאָן „צו כּל־נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז", וועלכער האָט דעמאָלט אַרויסגערופֿן אַזאַ גרויסן אינטערעס, אַז מען האָט דאָס ביסל קאָפּיעס „פֿאָלקס־צייטונג", וואָס מען האָט אַרויסגעראַטעוועט איידער דער צענזאָר האָט זיי באַוויזן צו קאָנפֿיסקירן, איינפֿאַך געריסן פֿון די הענט און מען האָט פֿאַר זיי געצאָלט וויפֿל די צייטונגס־פֿאַרקויפֿער האָבן נאָר פֿאַרלאַנגט.

## צו כּל־נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז *

סטאָליפּין שטייט ביים עמוד. אָנגעטאָן אין אַ רויטן תּלין־קיטל און אַ רויטע יאַרמעלקע. אין האַנט האַלט ער די לעצטע מיניסטאָרן־דעקלאַראַציע. פֿון איין זייט שטייט וויטע און האַלט די רוסישע קאָנסטיטוציע, ביי דער אַנדערער זייט שטייט דורנאָוואָ און האַלט אין האַנט די גרונט־געזעצן. ביידע אין שוואַרצע קיטלען און איר שוואַרצע יאַרמעלקעס.

אויבן אויפֿן בעלעמער שטייט פּאָבעדאָנאָסצעוו, אין האַנט האַלט ער אַ קאַמערטאָן, מיט וועלכן ער דיריגירט, און אַרום אים זיין כאָר פֿון דער הויף־קאַמאַריליע.

דער קלויז איז פֿול מיט עכט־רוסישע לייט, דער גרעסטער טייל מיט רויט־בלוטיקע נעזער. אויבן־אָן, אין מזרח, זיצן די מיטגלידער פֿון מיניסטאָרן־קאַבינעט, פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, די רעדאַקציע פֿון „ראָסיאַ", סובאָרין, מענ־

---

* „פֿאָלקס־צייטונג", 15 (28) סעפּטעמבער 1906.

שיקאָוו, פּיכנאָ, יאָזעפּאָוויטש, קרושעוואַן און דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם „פאַראיין פון רוסישן פאָלק". אין ווינקל זיצט גוטשקאָוו, ערשט ניט־לאַנג אָפּיציעל צוגעשטאַנען צו דער חברה. אַלע זיינען אָנגעטאָן אין שוואַרצע קיטלען. אויף די הינטערשטע בענק זיצן זשאַנדאַרמען, אָקאָלאָדאָטשניקעס און גאָראָדאָ־וואָיעס אין אוני־פאָרם. צווישן עולם דרייען זיך אַרום סוביעקטן פון אָכראַנע אָטדעליעניע, וואָס צוליב זייער געוואוינהייט קענען זיי אויף אַן אָרט ניט זיצן און מוז אַרומגיין שנאָרנדיק.

דובראָווין, דער שמש, גיט אַ פּאַטש אויפן שולחן, אין קלויז ווערט שטיל און פּאָבעדאָנאָסצעוו הויבט אָן זאָגן הויך ביי וואָרט:

— בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה, סיי אין די הויכע ספערן, סיי אין די נידעריקע ספערן, על דעת המקום ועל דעת הקהל, שטיצנדיק זיך אויף גאָטס ווילן און אויף דער דעה פון „פאַראיין פון רוסישן פאָלק", אנו מתירין להתפלל עם העבריינים, דערלויבט מיר דאַוונען מיט די, וואָס זיינען פריער געווען בעלי־עבירהניקעס און זיינען איצט אַריבער צו אונדז, ווייל זייערע עבירות האָבן זיי שוין לאַנג אויסגעקויפט דורך די תליות און די שטראַף־עקספּעדיציעס, מיט וועלכע זיי האָבן פאַרפלייצט גאַנץ רוסלאַנד.

— אמן! — שרייט אויס וויטע אויפן קול, און פאַרשעמט זיך, וואָס ער האָט געענטפערט „אמן", וואו מ'דאַרף גאָר ניט...

פּאָבעדאָנאָסצעוו גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, אין וועלכער ער האַלט דעם קאַמערטאָן, און סטאָליפּין הויבט אָן זינגען מיט גרויס כוונה כל־נדרי. וויטע און דורנאָוואָ זאָגן נאָך וואָרט ביי וואָרט און דער גאַנצער כאָר מיטן עולם העלפן אונטער.

— כל־נדרי, אַלע מיינע נדרים וועגן דער קאָנסטיטוציע, אַלע מיינע הבטחות וועגן רעפאָרמען, אַלע מיינע שבועות וועגן גערעכטיקייט און געזעצלעכ־קייט, אַלע מיינע צוזאָגענישן, אַז ס'וועט מער קיין פּאָגראָמען ניט זיין און אַלע מיינע רייד בכלל וועגן די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן און וועגן די זאַכן, וואָס זיינען דאָ ניט אויסגערעכנט, סיי, וואָס איך האָב גערעדט און סיי, וואָס איך וועל רעדן, אַחוץ די אַלע מינים צירקולאַרן און די צייטווייליקע געזעצן וועגן די שטראַף־עקספּעדיציעס און פעלד־געריכטן, כלהון איחרטנא בהון, האָב איך אויף אַלץ גרויס חרטה, בטלין ומבוטלין, מיינע הבטחות און מיינע רייד זאָלן זיין בטל ומבוטל, לא שרירין ולא קימין, זיי זאָלן זיין ממשות און קיין קיום ניט האָבן. נדרנא לא נדרי, ווייל אַ רוסישן מיניסטערס אַ נדר איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי, זיינע הבטחות דאַרף קיינער ניט גלייבן און אין זיינע שבועות איז אַ קווינט אמת ניטאָ. — ונסלח לכל עדת ישראל, און מ'זאָל מיר מוחל זיין מיין חטא, וואָס איך בין באַגאַנגען בנוגע דעם פאָלק ישראל, וואָס פאַר מיין צייט האָט מען געמאַכט פּאָגראָמען נאָר אין שעדלעץ און ביאַליסטאָק, און ניט אין אַזוי פיל שטעט און שטעטלעך, ווי אין די צייטן פון וויטע און דורנאָוואָ.

— כי לכל העם, — כאַפּן אונטער וויטע און דורנאָוואָ — מיר האָבן געהאַט בדעה אויסצוהרגענען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, נאָר בשגגה, דורך אַ פאַרזען זיינען מער ווי אין 133 שטעט און שטעטלעך קיין פּאָגראָמען ניט געווען.

— סלח־נא! זייט מיר מוחל! — שרייט סטאָליפּין מיט אַ וויינענדיק קול,

מיין כוונה איז ניט ערגער ווי אייערע, און אַזאַ שעדלעך און אַזאַ ביאַליסטאָק האָט איר אין אַלע 133 שטעט און שטעטלעך ניט געהאַט!

— סלחתי כדבריך! — הערנדיק דיינע רייד, פֿאַרצייען מיר דיר— שרייט דער גאַנצער עולם.

דער שמש דערלאַנגט סטאָליפּינען אַ שטיקל שפּליטער פֿון דער באָמבע, וואָס מ'האָט געוואָרפֿן אין זיין דאַטשע, סטאָליפּין פֿאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און זאָגט מיט גרויס כּוונה: שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה.

פֿון גאַס הערן זיך יעלות... און פּאָבעדאָנאָסצעוו הויבט אָן זינגען מיט זיין כאָר: כי הנה כחומר ביד היוצר... סטאָליפּין, וויטע און דורנאָוואָ קוקן שטיל אין מחזור און הערן מיט גרויס כּוונה.*

*

דער צענזאָר איז געווען דער באַקאַנטער יהושע שטיינבערג, דער פּראָפעסאָר פֿון מערערע העבּרעאישע ביכער, וועלכער האָט זיך אין מיינע ייִנגעלשע יאָרן געצײלט צווישן מיינע גרויסע מענטשן. איך האָב פֿון זיין "מערכי לשון עבר" געלערנט דיקדוק און האָב גרויס הנאה געהאַט פֿון די פּסוקים פֿון זיין "משלי יהושע". און אָט דעם מיין אַמאָליקן גרויסן, וואונדערלעכן שטיינבערג האָב איך געדאַרפֿט געבן אין האַנט אריין איינצושטילן זיין כּעס קעגן מיינע אַרטיקלען.

איך דערמאָן זיך היינט אַ סך זאַכן פֿון אונדזער אַמאָליקער רעדאַקציע. איך געדענק ווי קאָסאָווסקי פֿלעגט זיך נעמען צו דער אַרבעט "אויפּצובויען" אַ לייט־אַרטיקל. עס איז געווען ניט געשריבן, נאָר געבויט. און ניט ווי מען בויט אין אַמעריקע, נאָר ווי אין רוסלאַנד, שטאַרק, לאַנגזאַם, גרונטאָוונע. ביי אַנמאַנען ווי־דער פֿלעגן זיך שיטן אַרטיקלען לאַנגע, גרויסע אַרטיקלען, ווי פֿון אַרבל, פּונקט ווי ביי ליטוואַקן דאָן, קורצע פֿעליעטאָנען. אַנמאַן פֿלעגט זיינע גרויסע אַרטיקלען שרייבן אויף אַ גרויסן טיש און אויף גרויסע בלעטער פּאַפּיר, און ער פֿלעגט אָפּט אָנשרייבן אַזוי פֿיל בלעטער, אַז זיי האָבן געדאַרפֿט פֿאַרנעמען אַ גאַנצע צייטונג. ליטוואַק ווידער פֿלעגט זיינע פֿעליעטאָנען שרייבן אויף אַ ווינקל פֿון אַ טיש און אויף ברעקלעך פּאַפּיר, און ער פֿלעגט זיי שרייבן צוויי, דריי אויף אַמאָל. מיר האָבן אַלע געשריבן מיט גרויס חשק, יעדער האָט געוואָלט שרייבן וואָס מער; און געשריבן האָבן מיר מערסטנס פֿאַר זיך, די לעזער האָבן מיר גאַנץ ווייניק אין זינען געהאַט. די מערסטע אַרטיקלען זיינען פֿאַר די לעזער געווען צו שווער. נאָר עס האָט ניט אויסגעמאַכט, וואָס די לעזער האָבן די אַר־טיקלען ניט גוט פֿאַרשטאַנען, זיי האָבן זיך שוין אָנגעשטויסן אַז עס מיינט קלאַסן־קאַמף, רעוואָלוציע און סאָציאַליזם. און וואָס זיי האָבן ניט דערלייענט, האָבן זיי אַליין צוגעטראַכט.

---

* סטאָליפּין איז געווען פּרעמיער מיניסטער; דורנאָוואָ — אינערן מיניסטער; פּאָביע־דאָנאָסצעוו — פֿאָרזיצער פֿון סינאָד; וויטע — פֿינאַנץ־מיניסטער און איניציאַטאָר פֿון דער "קאָנסטיטוציע" פֿון 1905; פּיכנאָ, יאָזעפֿאָוויטש, קרושעוואַן, דובראָווין — מיטאַרבעטער און פּירערס פֿון די שוואַרץ־מאהדיקע אָרגאַניזאַציעס; סוואָרין, מענשיקאָוו — רעדאַקטאָרן פֿון דער אַנטי־סעמיטישער צייטונג "נאָוואָיע ווערעמיאַ"; מענשיקאָוו — איר הויפּט־מיטאַרבעטער.

◆ ◆ ◆

# דער „בונד" און ציוניזם

## צום 20יעריקן יובילי פון „בונד"

בלויז צוואנציק יאר, אבער וואס פארא גרויס שטיק געשיכטע איז אין די צוואנציק יאר אנגעשריבן געווארן!

געגרינדעט זיך אין א צייט, ווען רוסלאנד איז געווען די פינצטערסטע, רעאקציאנערסטע און דאס דעספאטישסטע לאנד אין דער וועלט, און ער פייערט זיין צוואנציק־יעריקן יובילײ, ווען רוסלאנד איז דאס פרייסטע, דאס פראגרעסיווסטע און דעמאקראטישסטע לאנד אין דער וועלט.

בלויז צוואנציק יאר, און וואס פארא געוואלדיקע איבערקערעניש! וואס פארא איבערקערעניש אין דער וועלט־געשיכטע און וואס פארא איבערקערעניש אין דער געשיכטע פון יידישן פאלק!

נאר ניט די געשיכטע פון „בונד" וויל איך דא דערציילן. עס איז א לאנגע און א רייכע געשיכטע, וואס קען ניט אפגעפארטיקט ווערן אין איין ארטיקל. עס איז א לאנגע געשיכטע פון קאמף, א קאמף פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק — א קאמף קעגן דער צארישער דעספאטיע, וואס האט געשטיקט און געדריקט יעדעס פרייע ווארט און יעדע פרייע באוועגונג, וואס האט פארפאלגט און געפלאגט יעדע פרעמדע נאציאנאליטעט און יידן מער פון אלעמען, און א קאמף אין דעם יידישן פאלק גופא אים צו וועקן צו זיין באפרייאונג, אים אויפצומונטערן פון זיין דערשלאגנקייט, און ארייינצוברענגען אין אים א רעוואלוציאנערן גייסט.

און אמאל איז דער אינערלעכער קאמף געווען שווערער, ווי דער אויסערלעכער. די טויזנט־יעריקע פארשקלאפונג האט געדריקט אויף דעם יידישן גייסט, ווי א שווערער בליי. אנגעשראקן פון די אומאויפהערלעכע פארפאלגונגען, דערשלאגן פון די אומצייליקע גזירות, וועלכע האבן זיך כסדר געשאטן אויף זיין געבויגענעם קאפ, האט דאס יידישע פאלק אין רוסלאנד פארלוירן אפילו דאס מענטשלעכע געפיל פון פראטעסט. דאס יידישע הארץ האט געבלוטיקט פון די גזירות און פון די ענויים, אבער עס האט ניט פראטעסטירט, נאר גאט געבעטן, אז ער זאל שיקן א ישועה אויף דעם יידישן פאלק, אדער ער זאל כאטש ווייכער מאכן די הערצער פון זיינע פארפאלגער און אונטערדריקער.

די ארבעט פון „בונד" צווישן די יידן אין רוסלאנד האט זיך אנגעפאנגען אין דער צייט, ווען די יידישע אונטערדריקונגען און פארפאלגונגען האבן איבערגעשטיגן אלע גרענעצן. צו די גזירות פון אלעקסאנדער דעם דריטן זיינען צוגעקומען נייע גזירות פון ניקאלאי דעם צווייטן. מען האט יידן געיאגט און געטריבן פון אלע זייטן, איין פארפאלגונג איז געווען גרעסער און שווערער פון דער צווייטער און די יידישע דערשלאגנקייט, די פארצווייפלונג און די מוטלאזיקייט איז דערגאנגען צום פולשטענדיקן יאוש.

אין יענער פינצטערער צייט פון דערשלאגנקייט און יאוש איז געקומען דער „בונד" צו די יידישע מאסן אין רוסלאנד וועקן אין זיי פראטעסט, א פראטעסט קעגן זייער דאפלטער פארשקלאפונג. דאס איז געווען א שווערע, אן אומגעהויער שווערע ארבעט, אבער א דאנקבארע ארבעט.

די ערשטע בונדיסטן, די ערשטע קעמפּער אין דער יידישער גאַס האָבן מיט פרייד צוגעזען די גלענצנדע פּרוכט, וואָס זייער שווערע אַרבעט האָט געבראַכט. דער איינגעבויגענער, דערשלאָגענער ייד האָט אָנגעהויבן אויפהייבן זיין קאָפּ און אָנשטאָט באַוויינען זיין ביטערן שיקזאַל, האָט ער אָנגעפאַנגען פּראָטעס־טירן קעגן די אומרעכטן, וואָס ווערן קעגן אים באַגאַנגען; אָנשטאָט בעטן גאָט, אַז ער זאָל וויכער מאַכן די פאַרשטיינערטע הערצער פון זיינע אונטערדריקער, האָט ער אָנגעפאַנגען צו קעמפן קעגן זיי. דער אונטערדריקטער, דערשלאָגענער שקלאַף איז אַ פריהייטס־קעמפער געוואָרן, אַ מוטיקער דרייסטער קעמפער, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין געפאַר. די פאַרצווייפלטע, צעשראָקענע און פאַריאושטע יידישע גאַס איז געוואָרן אַ נעסט פון רעוואָלוציע, אַ פלאַץ פון קאַמף.

דער „בונד" איז געווען אַ יידישע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אָר־גאַניזאַציע פון אָנפאַנג אָן. ער איז געשאַפן געוואָרן פון אָנפאַנג אָן פאַר דעם צוועק ניט בלויז צו קעמפן פאַר דער עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך פאַר דער באַפרייאונג פון דעם יידישן פאָלק פון זיינע פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונגען. עס האָט אָבער דאָך לאַנג געדויערט ביז דער „בונד" האָט פעסטגעשטעלט און באַשטימט זיין קלאָרן אומצווייפלהאַפטן כאַראַקטער. עס האָט געדויערט עטלעכע יאָר ביז דער „בונד" האָט זיך אַליין געפונען.

אין איין יאָר, מיט אַ קורצער צווישן־צייט, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" און דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם הערצלשן ציוניזם, וועלכער האָט געצויגן זיין הויפּט־יניקה פון רוסלאַנד. דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מיטן אויגוסט, 1897 און דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אָנפאַנג אָק־טאָבער פון דעם זעלבן יאָר. דאָס איז אָבער געווען ניט קיין בלויזער צופאַל, וואָס די דאָזיקע צוויי גרויסע יידישע באַוועגונגען פון רעכטס און פון לינקס האָבן זיך אָנגעפאַנגען אין איין און דער זעלבער צייט. עס קען זיין בלויז אַ צופאַל אין דער נאָענטקייט פון די דאַטעס, אַז אין איין יאָר און אין משך פון וויניקער ווי צוויי חדשים האָבן צוויי באַוועגונגען אָפיציעל אָנגעפאַנגען זייער עקזיסטענץ. עס איז אָבער ניט קיין צופאַל, וואָס די ביידע באַוועגונגען זיינען אַרויסגע־שפּרונגען אין איין און דער זעלביקער צייט. עס זיינען געווען די זעלביקע אור־זאַכן, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן אין לעבן. דאָס איז געווען די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד אין יענער צייט.

דער יידישער מיטלקלאַס, וואָס האָט אין רוסלאַנד געליטן פון צאַרישע פאַרפאָלגונגען און גזירות אויף יידן ניט וויניקער ווי דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, האָט געזוכט אַ טרייסט, אַ האָפנונג אין זיינע צרות און אין זיין פאַר־צווייפלונג. ער האָט אים געפונען אין דעם ציוניזם, אַ באַוועגונג, וואָס איז צו־געפּאַסט צו זיין פּסיכאָלאָגיע, צו זיינע אידעאַלן, און צו זיינע טרוימען. אַ באַ־וועגונג, וואָס אין איר זיינען צונויפגעמישט רעליגיעזע געפילן, היסטאָרישע טראַדיציעס, האָפנונגען אויף אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט און דערצו נאָך ווערט

זי אַנגעפֿירט פֿון אויסלענדישע פֿרייע יידן, צווישן וועלכע עס זיינען פֿאַראַן קרובים למלכות.

דער יידישער אַרבעטער־קלאַס האָט געפֿונען די לייזונג פֿון דער יידישער פֿראַגע אין רוסלאַנד אין דער באַפֿרייאונג פֿון דעם יידישן פֿאָלק אין קאַמף. דאָרט, וואו דאָס יידישע פֿאָלק לעבט, דאַרף עס קעמפֿן פֿאַר זיין באַפֿרייאונג. קעמפֿן אַליין און מיט אַלע פֿעלקער צוזאַמען. קעמפֿן קעגן דעם אַלגעמיינעם צאַרישן יאָך אַלס אַרבעטער און קעמפֿן קעגן דעם ספּעציעלן יידישן צאַרישן יאָך אַלס יידן.

און אָט די צוויי באַוועגונגען האָבן געמוזט פֿירן צווישן זיך אַ קאַמף, אָפֿט אַ האַרטן פֿאַרביטערטן קאַמף.

דער יידישער מיטלקלאַס, אויסער וואָס ער איז געווען קעגן דעם סאָציאַ־ליסטישן און עקאָנאָמישן קאַמף פֿון „בונד", וועלכער האָט אָפֿט דירעקט גע־בראַכט שאָדן זיינע אינטערעסן דורך סטרייקס און פֿאָדערונגען פֿאַר העכערע שכירות און קירצערע אַרבעטס־טעג, האָט ער זיך אויך געשראָקן פֿאַר די פֿאָלגן פֿון דעם „בונדס" רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער צאַרישער רעגירונג. דער איינגעשראָקענער יידישער באַלעבאָס האָט מורא געהאַט, אַז דער רעוואָלוציאָ־נערער קאַמף פֿון „בונד" וועט ברענגען נייע גזרות אויף יידן. און נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער יידישער מיטלקלאַס אין רוסלאַנד איז אין דורכשניט דעמאָלט געווען אויך שטאַרק רעליגיעז, האָט ער אין דעם „בונד" אויך געזען אַ געפֿאַר פֿאַר דער רעליגיע. די „אחדותניקעס", די „חברים" זיינען געווען אַן אמתע גיפֿט פֿאַר דער רעליגיע, וואו זיי האָבן זיך נאָר באַוויזן. זיי האָבן ניט געמאַכט קיין ספּעציעלע אַגיטאַציע קעגן דער רעליגיע, זיי האָבן ניט געמאַכט קיין ספּעציעלע מלחמות מיט גאָט, אָבער עס איז שוין געקומען אַזוי ווי פֿון זיך, אַז דער, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון „אחדותניקעס" האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דער רעליגיע און מיט זיין גלויבן אין גאָט און זיין תורה.

איך געדענק ווי מאָדנע מיר איז פֿאָרגעקומען, ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע און האָב דאָ געפֿונען אַזאַ ענערגישע מלחמה מיט גאָט. פֿאַר די מע־רערע יאָרן, וואָס איך בין געווען טעטיק אין „בונד" אין רוסלאַנד, איז מיר קיין מאָל ניט אויסגעקומען צו רעדן אויף אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונגען וועגן רע־ליגיע, וועגן גאָט און זיין תורה. רעליגיאָנסלאָזיקייט האָט מען דאָרטן גערעכנט פֿאַר אַ זאַך, וואָס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, און עס איז דעריבער גאָרניט איינגעפֿאַלן אָנצופֿירן פֿאַר דעם צוועק אַ ספּעציעלע אַגיטאַציע.

האָבנדיק דעם יידישן מיטלקלאַס אין רוסלאַנד אַלס דעם הויפּט־טרעגער פֿון די ציוניסטישע אידעען, האָט שוין די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד ממילא געמוזט זיין פֿיינטלעך צום „בונד". אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די ציוניסטישע באַוועגונג, אַלס אַזעלכע, האָט אין „בונד" געזען איר שטאַרקסטן קאָנקורענט. ניט נאָר האָט דער בונד אָפּגעצויגן די יידישע אַרבעטער־מאַסן פֿון ציוניזם און האָט אים דעסקרעדיטירט אַלס אַ באַוועגונג פֿון דער יידישער קליין־און מיטל־בורזשואַזיע, נאָר ער האָט אויך אויפֿגעשטעלט אַ גאַנץ נייע טעאָריע וועגן דער יידן־פֿראַגע. דער „בונד" איז ניט בלויז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ציוניזם אַלס אַ בורזשואַזע באַוועגונג, נאָר ער האָט זיך אויך געגעבן מי צו

באַווייזן, אַז דער ציוניזם איז אַן אוטאָפּיע, אַז ער קען ניט קריגן דאָס, וואָס ער פֿאַרלאַנגט, אַז ער קען ניט לייזן די יידישע פֿראַגע, ווען אַפֿילו ער זאָל על־פּי נס פֿאַרווירקלעכט ווערן.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז דעמאָלט האָבן די ציוניסטן געחלומט וועגן דער גאַנצער היסטאָרישער פּאַלעסטינע מיט עבר הירדן און נאָך מער. דער „בונד" האָט אין יענע צייטן געהאַט אַלע סיבות צו באַקעמפֿן די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד, די ציוניסטישע באַוועגונג האָט איינפֿאַך געשטערט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון דעם יידישן פֿאָלק אין רוסלאַנד. דער ציוניזם האָט געזוכט צו ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די יידישע מאַסן אויף אַ גאַנץ אַנדער ווינקל, וועלכער איז גאַנץ ווייט פֿון קאַמף, וואָס דאַרף געפֿירט ווערן אין רוסלאַנד. דער „בונד" האָט געוואָלט קאָנצענטרירן אַלע קרעפֿטן פֿון דעם יידישן פֿאָלק אויף דעם קאַמף פֿאַר דער יידישער באַפֿרייאונג אין רוסלאַנד, זיינען אָבער געקומען די ציוניסטן און האָבן געוואָלט אָפּציען די קרעפֿטן פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פֿאַר אַ באַוועגונג וואָס שלעפֿערט איין די קאַמפּס־לוסט.

דער קאַמף פֿון „בונד" קעגן ציוניזם האָט אָבער געבראַכט דערצו, אַז דער „בונד" אַליין זאָל באַשטימען קלערער און גענויער זיין שטעלונג צו דער יידישער פֿראַגע. אין דעם קאַמף מיט דעם ציוניזם האָט דער „בונד" זיך אַליין געפֿונען, ער האָט זיך קריסטאַליזירט און איז געוואָרן די ווירקלעכע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד. ניט בלויז יידיש, ווייל די אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פֿון יידישע אַרבעטער און האָט געווירקט צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן, נאָר אויך יידיש צוליב זיין אינהאַלט, צוליב זיין פּראָגראַם, וואָס האָט געזוכט צו געבן אַן ענטפֿער אויף דער יידישער פֿראַגע אין רוסלאַנד, און צוליב זיין קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעפֿירט זיין פּראָגראַם צו פֿאַרווירקלעכן אין לעבן.

אַרויסטרעטנדיק קעגן דעם ציוניזם און קעגן דעם ענטפֿער, וואָס דער ציוניזם גיט אויף דער יידישער פֿראַגע, האָט דער בונד געמוזט געבן זיין אייגענעם ענטפֿער. די קריטיק פֿון ציוניזם איז געווען אַ נעגאַטיווער ענטפֿער, דאָס איז אָבער געווען ווייניק. מען האָט אויך נויטיק געהאַט אַ פּאָזיטיוון ענטפֿער. ווען דער ציוניזם גיט ניט דעם ריכטיקן ענטפֿער אויף דער יידישער פֿראַגע, דאַן וואָס איז דער ריכטיקער ענטפֿער?

די ערשטע פֿירער פֿון „בונד", זיינע גרינדער און באַשעפֿער האָבן זיך מיט ספּעציעלע יידישע פֿראַגן ווייניק באַשעפֿטיקט און זיי זיינען אויך ניט געווען באַהאַוונט אין זיי. אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין וועלכער זיי האָבן זיך דערצויגן, האָט מען דעמאָלט אין אַלגעמיין ניט דיסקוטירט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע און די יידישע נאַציאָנאַלע פֿראַגע געוויס ניט. און ווען מען האָט זיך יאָ אַמאָל אָפּגעשטעלט אויף דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, איז קאָסמאָפּאָליטיזם געווען דער בעסטער ענטפֿער. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט וועלן ניט זיין קיין נאַציעס, נאָר איין מענטשהייט. דערמיט האָט מען אָפּגעפֿאַרטיקט די גאַנצע פֿראַגע. די אָרגאַניזירונג פֿון „בונד" איז ביי זיי געווען גיכער אַ טעכנישע אָרגאַניזאַציע־פֿראַגע, כּדי מיט מער דערפֿאָלג אָנצו־

פירן די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם צווישן די יידישע מאַסן, און כּדי לייכטער און בעסער צו קענען אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער פאַרן פּאָליטישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף. געוויס דאַרף אָנגעפירט ווערן אַ קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער דאָס איז דאָך אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן קאַמף.

אמת, אין דעם באַזונדערן פּונקט וועגן אַ קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַ־רעכטיקונג, האָט דער „בונד" שוין באַקומען אַ ספּעציעלע אַלגעמיינע יידישע אויפגאַבע, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. דאָ האַנדלט זיך וועגן אונטערדריקונג, פון וועלכער דער יידישער אַרבעטער־קלאַס ליידט. און וועלנדיק אונטערשטרייכן דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דעם קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכ־טיקונג האָט מען געזוכט צו באַווייזן, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס ליידט פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט מער ווי אַלע אַנדערע יידישע קלאַסן און דערי־בער דאַרף מען זיין מער פאַראינטערעסירט צו באַקעמפן די דאָזיקע רעכט־לאָזיקייט. די פאָדערונג פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג האָט ממילא גאָרניט צו טאָן מיט כּל־ישׂראלדיקייט. אָט אַזוי האָט מען אָנפאַנגס אָפּט פּרובירט באַ־גרינדן די פאָדערונג פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין דעם פּראָגראַם פון „בונד".

וואו ניט וואו האָט זיך געהערט עפּעס אַן אַנדער טאָן, אַ טאָן, וואָס האָט געקלונגען פיל ברייטער, און אין וועלכן עס האָט זיך געהערט, אַז מיט זיין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דעם יידישן פאָלק דערפילט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אַ נאַציאָנאַלע אויפגאַבע, ווייל דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער קעמפנדיקער קלאַס אין יידישן פאָלק און דעריבער איז עס אויף זיין גורל אויסגעפאַלן דאָס יידישע פאָלק צו באַפרייען. אָבער אַזעלכע שטימען זיינען געווען איינצלנע, הגם זיי האָבן זיך שוין אָנגעפאַנגען הערן, איידער דער „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן. אַזאַ טאָן האָט זיך געהערט אין מאַרטאָווס באַוואוסטער רעדע אין יאָר 1895 אין ווילנע, וועלכע איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ באַזונדער בראָשור. אָבער דאָס איז ניט געווען דער אָפיציעלער טאָן פון „בונד".

די יידישע פּראָגראַם פון „בונד" נעמט איר אָנפאַנג ערשט פון 3טן צוזאַ־מענפאָר פון „בונד", אויף וועלכן די נאַציאָנאַלע פראַגע איז געשטעלט געוואָרן אויף דער טאָג־אָרדנונג.

די נאַציאָנאַלע פראַגע איז געבראַכט געוואָרן צום „בונד" מער פון אויס־לאַנד, ווי פון אינלאַנד. די בונדיסטישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט שטודירט אין דייטשלאַנד, אין דער שווייץ און אין עסטרייך, וואו עס זיינען אין יענער צייט אין די „רוסישע קאָלאָניעס" דיסקוטירט געוואָרן אַלע מעגלעכע פראַגן, איז באַ־זונדערס פאַראינטערעסירט געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וועלכע איר איז אויסגעקומען אָפטער ווי אַלע אַנדערע צו דיסקוטירן אין אירע צוזאַמענ־שטויסן מיט די ציוניסטן אָדער סתּם אַזוי מיט נאַציאָנאַליסטן. די דאָזיקע אויס־לענדישע בונדיסטישע אינטעליגענץ האָט עס אַוועקגעשטעלט די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף דער טאָג־אָרדנונג פון „בונד".

לויט דעם, וואָס באָריס פֿרומקין גיט איבער אין דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַ־רינאַ“ פֿון אַפּריל־יוני 1913, האָט אייגנטלעך זיך שוין אָנגעפֿאַנגען אַן אויס־געשפּראָכענע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין די יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן, פֿון וועלכער דער „בונד“ איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן, אַן ערך אין די יאָרן 1894 און 1895. די באַוועגונג איז געשאַפֿן געוואָרן אין מינסק (די שטאָט פֿון וואַנען אַלע מינים יידישע באַוועגונגען האָבן זיך אָנגעפֿאַנגען), די דאָזיקע באַוועגונג האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון אַן אָפּאָזיציע (עס איז דאַן געווען די צייט פֿון אָפּאָזיציעס). ב. פֿרומקין שרייבט וועגן דער דאָזיקער אָפּאָזיציע:

„בראש פֿון דער אָפּאָזיציע איז געשטאַנען דער טאַלאַנטפֿולער פּאָעט וו., וועלכער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון דער וואָלאָזשינער ישיבה פֿאַר אפּיקורסות. אַ מענטש, וועלכער האָט ניט אָנערקענט קיין שום אָרגאַניזאַציע און קיין שום אויטאָריטעט. אָט די דאָזיקע אייגנ־שאַפֿטן זיינע מיט זיין אויסערגעוויינלעכן סאַטירישן טאַלאַנט האָבן צו אים צוגעצויגן די מאַסע. אין דער פּראָגנט פֿון דער אָפּאָזיציע האָט וו. צום ערשטן מאָל אַרויסגעשטעלט די באַשולדיקונג, אַז די באַוועגונג איז אַ קאָסמאָפּאָליטישע און געפֿאָדערט, זי זאָל אָננעמען אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, דאָס הייסט, אַז מען זאָל נעמען אין באַטראַכט די ספּע־ציעלע באַדינגונגען פֿון לעבן פֿון די יידישע מאַסן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין באַשטימטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם האָט ער ניט אַרויסגעשטעלט, ער האָט אויך געפֿאָדערט, אַז די טעטיקייט פֿון דער באַוועגונג זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט דעם ‚יידישן גייסט‘.“

דער פּאָעט וו., וועגן וועלכן ב. פֿרומקין רעדט, איז דאָס ליעסין (וואָלט). אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל אײדער דער „בונד“ איז נאָך געגרינדעט געוואָרן. וואָס איז אָבער שייך צום „בונד“, האָט אין די ערשטע פֿאַר יאָר פֿון זיין עק־זיסטענץ קיין נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין אים ניט עקזיסטירט. די ערשטע ערנסטע דיסקוסיעס וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע זיינען פֿאָרגעקומען אויף דעם 3טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד“ און עס איז דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן צו עפֿענען אַ פֿרייע דיסקוסיע וועגן דער דאָזיקער פֿראַגע אין דעם „אידישן אַרבייטער“, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון „בונד“ אין גענף (זשענעוו), און אין עלפֿטן נומער „אידישער אַרבייטער“ אין יאָר 1901 זיינען טאַקע אויך דערשינען צוויי אַרטיקלען וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אין „בונד“, איינער פֿון דעם שרייבער פֿון אָט די שורות, אונטערגעשריבן „איש־תקוה“* און דער צווייטער פֿון דר. בלומשטיין, אונטערגעשריבן „רבי קרוב“. דאָס איז געווען דער ערשטער אַרויסטריט צום גונסטן פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אין דער אָפֿיציעלער בונדיסטישער ליטעראַטור.

אייגנטלעך איז אין דעם 6טן נומער „יידישער אַרבעטער“ דערשינען אַן אויספֿירלעכער אַרטיקל וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע פֿון דר. ח. זשיט־לאָווסקי, אונטערגעשריבן „בן אהוד“. דער „יידישער אַרבעטער“ איז דעמאָלט אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון אַ גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין אויסלאַנד, צווישן

---

* זע דעם אַרטיקל ז׳ 132.

וועלכע עס זיינען אויך געווען אַ פּאָר ניט קיין אויסגעשפּראָכענע בונדיסטן. (דער דאָזיקער אַרטיקל, פון וועלכן מען האָט איין טייל אַרויסגעוואָרפן, איז אַ ביסל שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן אָפיציעל פון „בונד").

די פאָדערונג פון קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז אָנגענומען געוואָרן פון „בונד" אויף זיין 4טן צוזאַמענפאָר, און פון אַט דעם צוזאַמענפאָר פאַנגט זיך אָן די גרויסע פּאָפּולאַריטעט פון „בונד". ער האָט ענדלעך באַקומען אַ פולע יידישע סאָציאַליסטישע פּראָגראַם און ער האָט ענדלעך געגעבן אַן ענטפער אויף דער אַנגעווייטיקטער יידישער פראַגע, וועלכן די יידישע אַרבעטער און די יידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ האָבן געזוכט.

די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן איז געוואָרן דער צענטראַלער פּונקט פון „בונד". די דאָזיקע פאָדערונג האָט דעם „בונד" געמאַכט כאַראַקטעריסטיש און אַרום אַט דער פאָדערונג האָבן זיך קאָנצענטרירט די דעבאַטן פון „בונד" און קעגן אים.

די פאָדערונג פון קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז אין אָנהייב באַקעמפט געוואָרן פון פאַרשיידענע זייטן. זי איז באַקעמפט געוואָרן פון רוסישע סאָציאַליסטן און פון יידישע, פון אַסימילאַטאָרן און ציוניסטן, פון די פּועלי־ציון און די ציוניסטן סאָציאַליסטן (צ. ס.). טראָץ דעם קאַמף פון אַלע זייטן, איז די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אַלץ מער געוואָרן פּאָפּולער, ניט בלויז צווישן יידן, נאָר אויך צווישן אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד.

די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז אויפגענומען געוואָרן פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד. עס האָט זי אויפגענומען די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די ליטווישע, און אייניקע אַנדערע.

די לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע דורך קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע האָט זיך ניט בלויז גוט צוגעפּאַסט פאַר די יידן, נאָר אויך פאַר פאַרשיידענע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין רוסלאַנד.

איך האָב שוין מיט אַ צייט צוריק געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן אויף ווי ווייט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז געווען צוגעפּאַסט פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין רוסלאַנד. איך האָב דאָן צווישן אַנדערן געזאָגט:

„יעדע נאַציאָנאַליטעט אין רוסלאַנד, אַפילו די, וועלכע בילדן גאַנץ גרויסע מינאָריטעטן אויף אַ געוויסער טעריטאָריע, האָט אַ גרויסע שוועריקייט אין דער דורכפירונג פון איר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די שוועריקייט באַשטייט אין דעם, וואָס די שטאָט שטייט אין אַ פולשטענדיקן קעגנזאַץ מיטן דאָרף. דער דאָרף איז נאַציאָנאַל, אָבער די שטאָט איז, אָדער רוסיש אָדער אינטערנאַציאָנאַל. אין גאַנץ ליטע, למשל, איז ניט געווען קיין איין ליטווישע שטאָט.

די שטעט אין ליטע זיינען געווען יידיש אונטערגעפּוטערט מיט רוסיש, אָבער לחלוטין ניט ליטוויש. אין לאַטוויע זיינען די שטעט שוין יאָ געווען אַ ביסל לעטיש, אָבער איך צווייפל, אויב עס איז געווען

אַפֿילו איין שטאַט אין דער באַלטישער געגנט, וואו לעטן זאָלן האָבן אַ מאַיאָריטעט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די דערפֿער זיינען כּמעט דורכאויס לעטיש. דאָס זעלבע אומגעפֿער איז געווען אין מאַלאָ־ראָסיאַ (אוקראַינע). די שטעט זיינען רוסיש און יידיש, ווייל די שטאָטישע מאַ־לאָרוסן האָבן זיך אַזוי שטאַרק אַסימילירט מיט די רוסן, אַז די מערסטע פֿון זיי האָבן אַפֿילו שוין ניט געוואוסט, אַז זיי זיינען אוקראַינער.

די יידישע קולטור־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע וואַקסט, אַלזאָ, אַרויס אין רוסלאַנד אַלס נויטווענדיקייט פֿון דעם לעבן גופֿא; זי ווערט נויט־ווענדיק ניט בלויז צוליב יידישע נאַציאָנאַלע מאָטיוון אַליין, נאָר צוליב דער אַלגעמיינער פֿראַגע אין רוסלאַנד, צוליב די נאַציאָנאַלע טע־ריטאָריאַלע אויטאָנאָמיעס פֿון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין רוס־לאַנד, צווישן וועלכע די יידן לעבן.״

די פֿאָדערונג פֿון „בונד״ פֿאַר קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אַלגעמיינע פֿאָלקס־פֿאָדערונג. אַלע יידישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַמאָל די דאָזיקע פֿאָדערונג קריטיקירט, האָבן איר אויפֿגענומען אין זייערע פּראָגראַמען. דאָס איז געווען דער גרעסטער זיג, וואָס דער „בונד״ האָט דורך זיין פּראָגראַם געקענט דערגרייכן. אָבער נאָך גרעסער איז געווען זיין זיג, ווען זיין פּראָגראַם איז געווען אויפֿן שוועל פֿון פֿאַרווירקלעכונג.

ווייניק בונדיסטן האָבן אויף דעם 4טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד״, וואו די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין פּראָגראַם פֿון „בונד״, געגלייבט, אַז די דאָזיקע פֿאָדערונג וועט קענען אַזוי גיך פֿאַרווירקלעכט ווערן. מען האָט גיכער אויף דער דאָזיקער פֿאָדערונג גע־קוקט ווי אויף אַ מין פּראָגראַם־מאַקסימום, וואָס קען אַמאָל פֿאַרווירקלעכט ווערן. נאָר ווער האָט דעמאָלט געגלייבט, אַז אין רוסלאַנד וועט קומען אַזוי גיך צו אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק? ווער האָט דעמאָלט געקענט האָבן אַזאַ רייכע פֿאַנטאַ־זיע זיך פֿאָרצושטעלן, אַז ניט בלויז וועט רוסלאַנד האָבן אַ דעמאָקראַטישע רעפּו־בליק, נאָר אַז עס וועט גאָר שטיין אויף דער טאָג־אָרדנונג פֿון רוסלאַנד די פֿראַגע וועגן באַלדיקער איינפֿירונג פֿון סאָציאַליזם? איך רעד עס דאָ וועגן דער רע־וואָלוציע אין 1917.

עס קומט אַ טייל פֿון דעם קרעדיט צו דעם „בונד״ פֿאַר דער דעמאָלטדיקער גרויסער איבערקערעניש אין רוסלאַנד. דער „בונד״ האָט שטענדיק געקעמפֿט אין די ערשטע רייען. אין דער געשיכטע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע פֿאַרנעמט דער „בונד״ איינעם פֿון די בכּבודיקסטע ערטער. נאָר אויב אין דער איבערקער־עניש פֿון רוסלאַנד קומט דעם „בונד״ בלויז אַ טייל פֿון דעם קרעדיט, קומט אָבער דעם „בונד״ דער גרעסטער טייל, אויב ניט דער גאַנצער, קרעדיט פֿאַר דער גרויסער איבערקערעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דעם יידישן פֿאָלק אין רוסלאַנד. דער „בונד״ האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס יידישע פֿאָלק אין רוסלאַנד, ער האָט אים אינערלעך באַפֿרייט. ער האָט פֿון אַ נידערגעשלאָגענער, פֿאַרצווייַ־פֿלטער און פֿאַריאושטער מאַסע אַ קאַמפֿס־פֿאָלק געמאַכט, אַ פֿאָלק מיט רעוואָלו־ציאָנערן מוט און מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ, וואָס וויל לעבן ווי אַ פֿאָלק און קעמפֿן פֿאַר זיין עקזיסטענץ.

איך דאַרף זאָגן דעם מלאך הזכרון, אַז ער זאָל זיך דאָ אָפּשטעלן. די געשיכטע איז ניט געגאַנגען אויף דעם וועג, אויף וועלכן איך האָב געגלייבט, אַז זי וועט גיין. זי האָט זיך פֿאַרקירעוועט אין אַ זייט און איז אַוועק אויף אַ גאַנץ אַנדער וועג. אָבער די געשיכטע פֿון דער מענטשהייט גייט קיין מאָל ניט מיט אַ גראַדן וועג, וויניקסטנס, וואָס מיר מיינען, אַז עס איז גראַד. זי גייט, ווי אונדז דוכט זיך, שטענדיק אין זיג־זאַגן, באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ, פֿאָרווערטס און ריקווערטס. זי איז זיכער געגאַנגען ריקווערטס לויט אונדזערע באַגריפֿן, דורך די לעצטע יאָרן. עס זיינען פֿאַראַן צייכנס, אַז זי האָט ווידער אַמאָל אָנגעפֿאַנגען גיין באַרג אַרויף. אַזוי דאַרף מען אורטיילן פֿון דעם גרויסן פֿאָרשריט, וואָס דער סאָציאַליזם מאַכט אין איראָפּע.



## די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע אין אַמעריקע

### צו איר פֿינף־יעריקער עקזיסטענץ

פֿיל פֿון אונדז האָבן אַמאָל געחלומט, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע אין אַמעריקע וועט ווערן דאָס, וואָס דער „בונד" איז אין רוסלאַנד. דער דאָזיקער חלום איז ניט מקוים געוואָרן, און מען דאַרף אַפֿילו ניט זאָגן „לײדער" דערביי, ווייל עס איז געוועזן אַ חלום, אַן וועלכער עס איז באַגרינדונג און ער האָט ניט געקענט מקוים ווערן. דער שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות איז אפֿשר געוועזן דער שטאַרקסטער בעל־חלום וועגן דער יידישער פֿעדעראַציע, אַז זי וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ מין אַמעריקאַנער „בונד", אָבער ער מוז אַליין צוגעבן, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין שום גרונט אַזוי צו חלומען און ער פֿילט זיך דעריבער ניט אַנטוישט, וואָס זיין וואונטש איז ניט דערפֿילט געוואָרן. די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע האָט דאָ ניט געקענט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ „בונד", ווייל עס פֿעלט איר דער באָדן און די באַדינגונגען דערצו, און זי איז דעריבער געבליבן דאָס ,וואָס זי האָט געקענט זיין. מען קען אפֿשר זאָגן, אַז זי האָט געקענט זיין מער, ווי זי איז, אָבער וואָס מען זאָל ניט זאָגן, קיין „בונד" האָט זי ניט געקענט ווערן, ווען זי וואָלט אַפֿילו געשטרעבט דערצו.

די גרינדונג פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע איז געוועזן אַ גרויסער שריט פֿאָרווערטס אין דער היגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פֿאָרמעל האָט זיך דאָ בלויז געהאַנדלט וועגן טעכנישע אָרגאַניזאַציע־פֿראַגן, פֿון אָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי לויט שפּראַך־גרופּן.

אין דער ווירקלעכקייט איז אויך די גרינדונג פֿון „בונד" אין אָנפֿאַנג געוועזן צוליב טעכנישע אָרגאַניזאַציע־פֿראַגן, ערשט שפּעטער, ווען דער „בונד" האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַנטוויקלען, ווען ער האָט אָנגעפֿאַנגען שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם לעבן פֿון די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד, האָט ער זיין עקזיסטענץ אָנגעהויבן באַרעכטיקן ניט בלויז מיט אָרגאַניזאַציע־טעמים, נאָר מיט אַ גאַנצער פּרינציפּיעלער טעאָריע. פֿון דער טעכנישער שפּראַך־פֿראַגע האָט זיך

אַנטוויקלט אַ פּרינציפּיעלע נאַציאָנאַלע פראַגע, און פון דער שפּראַך־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט די פעדעראַטיווע פּאַרטיי פון נאַציאָנאַליטעטן.

מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע ניט געדאַרפט אָנפירן קיין שטאַרקן קאַמף אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר דעם פעדעראַטיוון פּרינציפּ פון אָרגאַניזאַציע, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. די היגע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט איינגעזען, אַז דער פעדעראַטיווער פּרינציפּ איז אַ באַקוועמער, אַז מען קען מיט אים בעסער און באַקוועמער אַרבעטן און זי האָט אים אָנגענומען אָן לאַנגע דעבאַטעס און דיסקוסיעס. און אויב עס איז דאָ וועמען עס איז צו דאַנקען פאַר דעם איינפירן פון דעם פעדעראַטיוון אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ אין דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, דאַן גלייב איך, אַז דער דאַנק קומט די פינישע גענאָסן, די שטאַרקסטע, די טעטיקסטע און די דערפאָלגרייכסטע פעדעראַציע אין אונדזער פּאַרטיי. די פינישע גענאָסן האָבן זיך שטאַרקער ווי אַלע איינגעשטעלט פאַר דעם פּרינציפּ פון פעדעראַציעס, און די פּאַרטיי האָט דעם דאָזיקן פאַרלאַנג באַווויליקט.

דאָך, ווי שוין געזאָגט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די גרינדונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז פאָרמעל געווען בלויז צוליב טעכנישע אָרגאַניזאַציע־טעמים, האָט זי דאָך פאַר די יידישע סאָציאַליסטן דאָ אין אַמעריקע געהאַט אַ גרויסע פּרינציפּיעלע באַדייטונג. אויב איר ווילט, איז אַ וויכטיקע באַדייטונג געלעגן שוין אין דעם נאָמען גופא: „יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע".

נאָך מיט אַ יאָר עלף צוריק זיינען אין אַמעריקע — מיט ווייניקע אויסנאַמען — נאָך ניט געווען קיין יידישע סאָציאַליסטן, עס זיינען בלויז געווען יידיש־שפּרעכנדע סאָציאַליסטן. דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז דער איינציקער אונטערשייד צווישן די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן און צווישן די יידישע באַשטייט בלויז אין דער שפּראַך. אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן אין דעם לאַנד סאָציאַליסטן און אַרבעטער, וואָס קענען נאָך קיין ענגליש ניט רעדן, און זיי רעדן אָדער שפּרעכן בלויז יידיש, ממילא מוז מען פאַרטייטשן פאַר זיי דעם סאָציאַליזם אויף יידיש, ביז זיי וועלן זיך אויסלערנען ענגליש און מען וועט זיי קענען געבן אַ „טרענספער" צו די ענגליש־שפּרעכנדע.

פאַר דעם זעלביקן פּרינציפּ האָט זיך אייגנטלעך אויך געהאַלטן די „יידישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ" עליה השלום. איר אויפגאַבע איז געווען צו אַגיטירן דעם סאָציאַליזם אויף יידיש פאַר די יידיש־שפּרעכנדע אַרבעטער. די „יידישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ" איז ניט געווען קיין יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ טעכניש ביוראָ פאַר סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אויף יידיש.

מען מוז אָבער צוגעבן, אַז אויך די „יידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ" איז געווען אַ שריט פאָרווערטס, לגבי די יידיש־רעדנדיקע פון אַלטן שניט. די „יידישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ" האָט שוין אָנערקענט, אַז ניט בלויז איז דער אונטערשייד אין דער שפּראַך, נאָר עס איז אויך פאַראַן אַן אונטערשייד אין די אַגיטאַציע־פאָרמען, אַז דעם יידישן אַרבעטער דאַרף מען פאַרטייטשן דעם סאָציאַליזם עפּעס אויף אַן אַנדער אופן ווי דעם אַמעריקאַנער. מען דאַרף צו אים רעדן ניט

בלויז אויף אַן אַנדער שפּראַך. מען דאַרף אויך געברויכן אַנדערע רעדע־פאָרמען, אַנדערע משלים און אַנדערע אַגיטאַציע־וועגן.

די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע איז אָבער געגאַנגען נאָך ווייטער. ניט בלויז די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע דאַרף צווישן יידישע אַרבעטער גע־פירט ווערן אויף אַן אַנדער אופן, נאָר די גאַנצע אַגיטאַציע, די גאַנצע סאָציאַ־ליסטישע טעטיקייט דאַרף זיין אַן אַנדערע. ניט בלויז דאַרף זיך צופּאַסן די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צו דער יידישער שפּראַך, צו דעם בילדונגס־גראַד פון דעם יידישן אַרבעטער און צו זיין אַרט דענקען, נאָר די גאַנצע סאָציאַליס־טישע טעטיקייט אין דער יידישער גאַס דאַרף צוגעפּאַסט ווערן צו די באַ־דינגונגען פון דעם יידישן לעבן.

מיט דער גרינדונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז געקומען די אַנערקענונג, אַז די יידישע אַרבעטער־מאַסן שיידן זיך אונטער פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן ניט בלויז מיט זייער שפּראַך, נאָר אויך מיט זייערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן און אייגנטימלעכקייטן, און אַז די סאָציאַליסטישע טע־טיקייט דאַרף צום אַלעם ערשטן געפירט ווערן אין נאַציאָנאַלע ראַמען און דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער נאַציע, צווישן וועלכער זי ווערט געפירט.

די פראַגע איז בלויז, צי די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט מיט דערפאָלג דורכגעפירט די אויפגאַבע, וואָס אויף איר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן.

נאָר איידער עס ווערט געגעבן אַן ענטפער אויף אָט דער פראַגע, דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע קען ניט געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס, וועלכע איז אַנגעווענדעט געוואָרן צום „בונד" אין רוסלאַנד.

איך האָב גלייך אין אָנפאַנג באַמערקט, אַז דער חלום, מיט וועלכן מאַנכע פון אונדז האָבן זיך אַרומגעטראָגן, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע וועט ווערן אין אַמעריקע דאָס, וואָס דער „בונד" אין רוסלאַנד, האָט פון אָנ־הייב אָן ניט געהאַט קיין שום יסוד.

דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע פעלט די נאַציאָנאַלע פּראָ־גראַם פון „בונד" און די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם איז אייגנטלעך דער זויער־טייג פון „בונד", זיין ספּעציעלע אייגנטימלעכקייט.

אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע פראַגע, און אויב זי איז אַפילו יאָ דאָ ביז אַ געוויסן גראַד, איז זי אָבער ביז איצט נאָך ניט אויפגעהויבן געוואָרן. אַלנפאַלס איז עס ניט געווען פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אויפצוהייבן אָט די פראַגע. זי האָט ניט קיין באַשטימטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אַרויסגעשטעלט, ווייל קיינער פילט דאָ ניט קיין נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און קיינער פאָדערט ניט קיין נאַציאָנאַלע רעכט.

דער יידישער כאַראַקטער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע האָט זיך געקענט אויסדריקן בלויז אין דעם, וואָס זי האָט זיך געשטעלט אין אַ נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער יידישער גאַס און וואָס זי האָט פרובירט פאַר־בינדן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן יידן מיט דעם יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מען האָט פרובירט דעם אַבסטראַקטן סאָציאַ־ליזם, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דעם סתם־סאָציאַליזם, וועלכער איז אויסער

רוים און אויסער צייט, צו מאַכן מער קאָנקרעט, מער ממשותדיק און ענג פֿאַר־בונדן מיט דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פֿון די יידישע מאַסן.

האָט זיך עס דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע איינגעגעבן? — טיילווייז יאָ און טיילווייז ניט.

ווען עס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, אַז די דורכפֿירונג פֿון דעם פֿעדע־ראַטיוון פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס איז אין דער פּאַרטיי דורכ־געגאַנגען אָן גרויסע שוועריקייטן, דאַרף מען אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז דער דאָזיקער פּרינציפּ איז ניט אַזוי לייכט אָנגענומען געוואָרן צווישן אונדזערע אייגענע יידישע גענאָסן. די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע האָט ווייט ניט געקראָגן די פֿולע אונטערשטיצונג פֿון אַלע יידישע סאָציאַליסטן און ניט אַזוי לייכט איז איר אָנגעקומען צו דערגרייכן איר אָנערקענונג.

דאָ האָבן געווירקט פֿאַרשיידענע סיבות. איינע פֿון די הויפּט־סיבות איז, וואָס אונדזער סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאָ אין לאַנד איז צום גרעסטן טייל אַ פּערזענלעכע. אין ערגעץ שפּילן ניט די פּערזענלעכע באַציאונגען אַזאַ ווי־טיקע ראָלע אין דער באַוועגונג, ווי דאָ אין אַמעריקע, און באַזונדערס אין אונ־דזער יידישער אַמעריקע. ביי אונדז איז עס אַ פֿעסט אָנגענומענער כּלל, אַז מען איז אין כּעס אויפֿן חזן דאַרף מען קיין קדוש ניט שפּרינגען.

דער פּערזענלעכער עלעמענט אין דער באַוועגונג איז אייגנטלעך אַ פּועל־יוצא פֿון דעם „סטאַר סיסטעם", וואָס מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע אין דעם עפֿנטלעכן לעבן. עס איז דאָ אַ סטאַר־סיסטעם אין טעאַטער, אין דער פּרעסע און ממילא איז זי אויך פֿאַראַן אין דער באַוועגונג, און עס איז אַן אַלטער כּלל, באַזונדערס ביי אונדז יידן, אַז „סטאַרס" דאַרפֿן שיינען באַזונדער. דאָס איז שוין אַזוי איינגעפֿירט געוואָרן פֿון ששת ימי בראשית. ווי גאָט האָט נאָר געשאַפֿן די צוויי מאורות הגדולים, די זון מיט דער לבנה, איז גלייך געקומען די לבנה מיט אַ טענה, אַז צוויי גרויסע „סטאַרס" קענען צוזאַמען ניט קעניגן אונטער איין קרוין...

אַ סך יידישע סאָציאַליסטן ווידער האָבן זיך נאָך ביז היינט ניט געשיידט פֿון זייער אַלטן שטאַנדפּונקט, אַז עס איז ניט נויטיק קיין באַזונדערע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. זיי גייען נאָך ווייטער. זיי באַהויפּטן, אַז לאו די וואָס זי איז ניט נויטיק, איז זי נאָך שעדלעך. זי זונדערט אָפּ די יידישע סאָ־ציאַליסטן פֿון די אַמעריקאַנער, זי פֿירט אַיִן באַזונדערע קלייזלעך אין דער באַוועגונג א.אַ.וו. אָט די אַלע אַלטע טענות, וועלכע זיינען יעדן איינציקן גוט באַקאַנט, ווער עס האָט זיך נאָר אינטערעסירט מיט אונדזער באַוועגונג.

דערצו קומט אונדזער סאָציאַליסטישע פּרעסע, וועלכע שפּילט דאָ אַ גאַנץ באַזונדערע אייגנאַרטיקע ראָלע.

אין אַלע לענדער איז די פּרעסע ענג פֿאַרבונדן מיט דער באַוועגונג. די באַוועגונג און די פּרעסע קאָנטראָלירן זיך קעגנזייטיק. דאָ אָבער שטייט די סאָ־ציאַליסטישע פּרעסע און די באַוועגונג אָפּגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע, קיין קעגנזייטיקע קאָנטראָל עקזיסטירט ניט, עס עקזיסטירן בלויז באַציאונגען, אַמאָל פֿריינטלעכע און אַמאָל קידערווידערדיקע.

און וואָלטן ביידע זייטן געווען גלייך שטאַרק, וואָלט עס נאָך געווען אַ האַלבע צרה, זיינען אָבער די כוחות ניט קיין גלייכע, באַזונדערס אין אונדזער יידי־שער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די פּרעסע איז פּיל גרעסער, פּיל שטאַרקער און אַ סך מעכטיקער ווי די באַוועגונג. די פּרעסע האָט אַ סך מער איינפלוס און שפּילט אַ פּיל וויכטיקערע ראָלע ווי די באַוועגונג. ניט זי איז אָפּהענגיק פון דער באַוועגונג, נאָר די באַוועגונג איז אָפּהענגיק פון איר. די ראָלע, וואָס די באַוועגונג דאַרף שפּילן אין דעם עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון די יידישע מאַסן, שפּילט גאָר די פּרעסע. זי איז די ווירקלעכע, רעאַלע מאַכט, און זי לייגט אַרויף איר שטעמפּל אויף דעם לעבן פון דער יידישער גאַס.

כּדי די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע זאָל קענען האָבן דעם איינ־פלוס און די ווירקונג, וואָס זי דאַרף האָבן, האָט זי אין דער ערשטער ליניע געדאַרפט האָבן אַן אייגענע טעגלעכע צייטונג, אָדער וויניקסטנס האָבן אַ טעג־לעכע צייטונג, וועו אַפילו ניט קיין אייגענע, צו איר דינסט. דאָס האָט זי אָבער ניט. די טעגלעכע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג וואָס מיר האָבן, דער „פאָר־ווערטס", איז אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון דער פעדעראַציע, און ווען ער וויל ניט, עקזיסטירט זי אַפילו ניט פאַר אים.

און נעמט מען נאָך אין באַטראַכט, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פעדע־ראַציע האָט נאָך וויניק דערפאַרונג אין דער פּאָליטיק פון דער יידישער גאַס, אַז דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז איר נאָך אַ ביסל פרעמד, אַז זי דאַרף נאָך אויסאַרבעטן מעטאָדן און וועגן און אַפילו אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט וועגן איר טעטיקייט אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווייל די טעטיקייט איז נאָך אַ גאַנץ נייע,— דאַן איז עס גאַנץ באַגרייפלעך, אַז דער דערפאָלג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע האָט ניט געקענט זיין אַ צו גרויסער, פאַר דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ. עס דאַרף נאָך נעמען צייט, אַז זי זאָל זיך צופּאַסן צו דער אויפגאַבע, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען, אַז זי זאָל קריגן די נויטיקע דערפאַרונג און אויך אַנטוויקלען דעם נויטיקן מענטשן־מאַ־טעריאַל פאַר דער פּיל־זייטיקער און פּיל־פאַרצווייגטער אַרבעט, וואָס זי האָט פאַר זיך.

מען דאַרף דאָך ניט פאַרגעסן, אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע עקזיסטירט בלויז פינף יאָר צייט, און די גאַנצע פינף יאָר האָט זי געאַרבעט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען. פון דעם ערשטן טאָג פון איר גרינדונג האָט זי געליטן פון כראָנישע דעפיציטן אין איר קאַסע, און דאָך האָט זיך איר איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן ביז אַ הונדערט ברענטשעס איבערן לאַנד, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון איבער פינף טויזנט, אויפהאַלטן אַן אָפיס, אַרויסגעבן אַ וועכנטלעכע צייטונג, פאַרשיידענע ביכער, בראָשורן און אַ גאַנצן באַרג אַגי־טאַציע־ליטעראַטור.

מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז דער עלעמענט, צווישן וועלכן די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע אַרבעט, איז אַן אָרעמער און ניט קיין פעסט־באַזעסענער. געהערן צו דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז פאַרבונדן מיט געוויסע קאָסטן. ניט בלויז דאַרף מען צאָלן מיט זעכציק סענט אַ יאָר מער

דיוס, נאָר מען דאַרף אויך אָפּט געבן נדבות. פֿאַר אַן אַרבעטער, וואָס באַלאַנגט צו אַ יוניאָן און צום אַרבעטער־רינג, ווי דאָס איז געוויינלעך דער פֿאַל מיט די מיטגלידער פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע, איז דאָס אַ פֿילבאַרע הוצאה. עס איז ווירקלעך צו באַוואונדערן, ווי די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע קען מיט אַזאַ אָרעמען עולם דורכשלעפּן איר בודזשעט. און איר בודזשעט איז גאָרניט אַזאַ קליינער, ער באַטרעפֿט שיינע עטלעכע טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע וואָלט געווען אַ סך שטאַרקער, ווען די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד וואָלט געווען שטאַרקער. אין פֿאַרגלייך מיט דעם צושטאַנד פֿון דער גאַנצער אַמעריקאַנער פּאַרטיי און מיט איר מיטגלידערשאַפֿט, איז די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע זייער אַ גרויסער דערפֿאָלג. לויט דער פּראָפּאָרציע פֿון דער צאָל מיטגלידער פֿון דער גאַנצער פּאַרטיי האָט די פֿעדעראַציע אַ סך מער מיטגלידער, ווי עס מאַכט אויס אויף איר חלק. נאָר עס וועט דאָך זיין אַ פֿאַלשער חשבון, ווען מיר זאָלן רעכענען דעם דערפֿאָלג פֿון דער פֿעדעראַציע לויט דער פּראָפּאָרציע פֿון די מיטגלידער. די יידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן אין אַמעריקע שטענדיק אַרויסגעגעבן מער סאָציאַליסטן, ווי די אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן. מען דאַרף דעריבער ניט שטעלן אויף דעם קרעדיט פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע די גרעסערע פּראָפּאָרציע מיטגלידער, וואָס זי האָט. דער קרעדיט קומט גיכער די יידישע אַרבעטער־מאַסן. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, קען דאָך ניט אַרויסגעלאָזן ווערן פֿון אויג דער פֿאַקט, וואָס די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד איז אַזוי שוואַך און אַז די דאָזיקע שוואַכקייט מוז זיך אויך אָפּרופֿן אויף דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע.

און עס דאַרף באַמערקט ווערן נאָך וואָס. ניט קוקנדיק אויף איר אָרעמקייט און אויף די באַגרענעצטע מיטלען און קרעפֿטן, וואָס די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע האָט אין איר באַזיץ, האָט זי דאָך געוואונען אַ באַדייטנדן איינפֿלוס אין דער יידישער גאַס. מען רעכנט זיך מיט איר ניט בלויז אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אויך אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. און וואָלט די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע געהאַט מער דערפֿאַרונג אין אַלגעמיינער יידישער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, וואָלט זי געהאַט אַ בעסערן חוש־הריח פֿאַר יידישע געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן, — וואָלט איר איינפֿלוס אויף דער יידישער גאַס געווען נאָך אַ גרעסערער און באַדייטנדיקערער.

אַז די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע האָט ניט געהאַט די גענוגנדע דערפֿאַרונג און איז ניט געווען ווי בויטיק צוגעגרייט צו יידישער געזעלשאַפֿט־לעכער אַרבעט, האָט זיך זייער שטאַרק אַרויסגעוויזן אין די לעצטע פֿאַר יאָר, ווען אין דער יידישער גאַס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ גאַנצע ריי נייע טעטיקייטן, ווי די זאַמלונג פֿון הילף פֿאַר יידישע מלחמה־קרבנות, די קאָנגרעס־באַוועגונג און דאָס גלייכן.

די הילפֿס־אַרבעט האָט די פֿעדעראַציע אין גאַנצן פֿאַרשלאָפֿן, בעת זי האָט אין איר געקענט שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָלע. זי האָט באַמערקט די וויכטיקייט פֿון דער אַרבעט ערשט אין אַ צייט אַרום, אָבער עס איז שוין געווען

אַ ביסל צו שפּעט. די אַרבעט איז שוין געווען צו ווייט פון איר קאָנטראָל, און ווען זי האָט פּראָבירט אָנטייל נעמען אין איר, האָט זי נאָך מער קאַליע געמאַכט.

אין דער קאָנגרעס־באַוועגונג האָט די סאָציאַליסטישע פעדעראַציע אַ רעכטע צייט געבלאָנדזשעט און האָט ניט געפונען איר וועג. אָנשטאָט צו פירן, איז זי אָפּט געפירט געוואָרן. זי האָט אָנפאַנגס פּראָבירט נעמען אַן אויסגעשפּראָכענע קעגנערישע שטעלונג, אָבער זי האָט פאַלש אָפּגעשאַצט דעם מאָמענט און די שטימונגען פון די מאַסן, און זי האָט געמוזט איר שטעלונג ענדערן. עס האָט אָבער געפעלט די באַשטימטקייט, די זיכערקייט. אויף דער וואָג־שאָל האָט זיך שטענדיק געוויגט דער „יאָ" און דער „ניין", און ניט ווייניק פעלערן זיינען געמאַכט געוואָרן אָט צוליב דעם שטענדיקן וואַקלען זיך צווישן „יאָ" און „ניין" און פון די פאַרשיידענע „פּאָליטישע" קאָמבינאַציעס, וועלכע זיינען צוליב דעם געמאַכט געוואָרן. ביז עס איז ענדלעך געקומען די רוסישע רעוואָלוציע און האָט ניין און ניינציק פּראָצענט פון דער קאָנגרעס־פראַגע געלייזט, און דעם איי־נעם פּראָצענט, וואָס איז געבליבן האָט מען געקאָנט מפקיר זיין מיט אַ לייכטן הארצן, ווייל די שטימונג פאַר דעם קאָנגרעס איז ממילא געפאַלן, ווען אַמעריקע איז אַליין אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה און די אַמעריקאַנער יידן האָבן פאַר־לוירן די פּריווילעגיע פון נייטראַלע בירגער פון אַ נייטראַל לאַנד.

עס וועט נאָך נעמען צייט ביז די דאָזיקע נויטיקע דערפאַרונג וועט דער־וואָרבן ווערן: עס וועלן נאָך געמאַכט ווערן פעלערן אין דער צוקונפט, ווי זיי זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט: עס וועלן נאָך פאָרקומען רייבערייען פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק, — אָבער ניט די חסרונות און די פעלערן כאַראַקטעריזירן די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, נאָר אירע מעלות און די גוטע אַרבעט, וואָס זי האָט אויפגעטאָן פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ. די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער יידישער גאַס, דאָס איז אַ פאַקט, וואָס קען מער ניט באַשט־ריטן ווערן. איר עקזיסטענץ איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס דאַרפן בלויז אויסגעבעסערט ווערן אירע פעלערן און פאַרבעסערט ווערן אירע עקזיסטענץ־באַדינגונגען. אָבער דאָס איז די פליכט און די אויפגאַבע פון אַלע יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע גלייבן און זיינען איי־בערצייגט אין דער נויטווענדיקייט פון דער פעדעראַציע.

*

די יידישע פעדעראַציע איז געשאַפן געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקלט אין אַנדערע אומשטענדן און אין אַנדערע באַדינגונגען ווי דער „בונד" אין רוסלאַנד. די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט בלויז געקענט איבערנעמען פון „בונד" דעם פּרינציפּ, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דעם גייסט, צו דעם כאַראַקטער און צו דעם אַרט לעבן פון פאָלק, וואו זי ווערט אָנגעפירט. די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע אין אַמעריקע האָט געלערנט פון „בונד", אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די יידן אין אַמעריקע דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער יידישער גאַס ניט בלויז מיט דער שפּראַך, נאָר

אויך צו די לעבנס־באַדינגונגען, סיי די עקאָנאָמישע, סיי די גייסטיקע, פֿון דעם יידישן פֿאָלק. די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע האָט אָבער ניט געקענט איבערנעמען פֿון „בונד" אין רוסלאַנד דעם וויכטיקסטן יידישן פּונקט פֿון זיין פּראָגראַם, די יידישע קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס האָט אייגנטלעך געמאַכט דעם „בונד" דאָס, וואָס ער איז. זי האָט עס ניט געקענט איבערנעמען, ווייל אין אַמעריקע האָט ביז איצט ניט עקזיסטירט קיין נאַציאָ־נאַלע פֿראַגע.

אייגנטלעך איז אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פֿון אַמע־ריקע שוין פֿיל פֿריער, איידער די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע איז געגרינדעט געוואָרן, געשטעלט געוואָרן אויף דער טאָג־אָרדנונג די פֿראַגע וועגן צופּאַסן דעם סאָציאַליזם צו דעם כאַראַקטער פֿון די יידישע מאַסן. נאָך מיט עלף יאָר צוריק האָבן זיך אין דער „יידישער אַגיטאַציאָנס־ביוראָ", די פֿאָרגענגערין פֿון דער פֿעדעראַציע, אַרויסגעוויזן צוויי קעגנגעזעצטע ריכטונגען. פֿון איין זייט איז געשטאַנען גענ. ליעסין, וועלכער האָט געוואָלט, אַז די „יידישע אַגי־טאַציאָנס־ביוראָ" זאָל טראָגן אַ יידיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, און פֿון דער אַנדערער זייט איז געשטאַנען גענ. פּייגנבוים, וועלכער האָט אין דער „יידישער אַגיטאַציאָנס־ביוראָ" געוואָלט זען ניט מער ווי אַ טעכנישע שפּראַך־אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף אָנפֿירן די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישן די יידן אויף דער יידישער שפּראַך, ווייל צום אומגליק פֿאַרשטייען ניט די יידישע אַרבעטער־מאַסן די ענגלישע שפּראַך.

די דעבאַטע, וועלכע האָט זיך אין יענער צייט געפֿירט צווישן גענאָסע ליעסין און גענאָסע פּייגנבוים וועגן דער „יידישער אַגיטאַציאָנס־ביוראָ", האָט שטאַרק דערמאָנט די דעבאַטן, וועלכע האָבן זיך געפֿירט אַרום דעם „בונד" אין זיינע ערשטע יאָרן.

דער קאַמף אָבער צווישן גענאָסע ליעסין און גענאָסע פּייגנבוים וועגן דער „יידישער אַגיטאַציאָנס־ביוראָ" האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. זיי זיינען, ווי עס שיינט, ביידע מיד געוואָרן, און האָבן די ביוראָ געלאָזט אויף גאָטס באַראַט. אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט פֿון דער ביוראָ האָבן ביידע קיין גרויסן אַנטייל ניט גענומען, און אַזוי ווי דער קאָסמאָפּאָליטישער שטאַנדפּונקט פֿון גענאָסע פּייגנבוים איז דעמאָלט געווען מער אָנגענומען אין דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, איז עס געווען לייכטער פֿאַר דער „יידישער אַגיטאַציאָנס ביוראָ" צו גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג און זיך ניט פֿאַרנעמען מיט קיין נייע טעאָריעס וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם און נאַציאָ־נאַליזם. פֿאַקטיש איז די „יידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ" געווען ניט מער ווי אַ טעכנישע שפּראַך־אָרגאַניזאַציע. אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעט־טער־באַוועגונג אין אַמעריקע וועט אויך אָפּגעגעבן ווערן ניט זייער קיין גרויסער פּלאַץ פֿאַר איר. זי איז געווען בלויז אַ הקדמה צו דער יידישער סאָציאַליס־טישער פֿעדעראַציע, וועלכע איז מיט אַ זעקס יאָר שפּעטער פֿון איר אַרויס־געוואַקסן, און וועלכע האָט אין איר פֿינף־יעריקער עקזיסטענץ צו פֿאַרצייכענען אַ באַדייטנדיקן דערפֿאָלג, אויב ניט אַזוי אין דער צאָל פֿון אירע מיטגלידער, איז אין איר יידיש־צוגעפּאַסטן כאַראַקטער.

די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע איז, אמת, לויט דעם פּאַרטיי־באַגריף אויך ניט מער ווי אַ טעכנישע שפּראַך־אָרגאַניזאַציע. לויט דער אידעע פֿון דער פּאַרטיי זיינען די פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע פֿעדעראַציעס, ווי די יידישע, די דייטשע, די פֿינישע א.אַ.וו. ניט מער ווי טעכנישע שפּראַך־אָרגאַניזאַציעס, ניט פֿיל אַנדערש ווי די אַמאָליקע „יידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ". אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז די יידישע סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע גלייך פֿון אָנפֿאַנג אָן געווען פֿיל מער ווי אַ טעכנישע שפּראַך־אָרגאַניזאַציע, פֿאַקטיש איז זי געוואָרן די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, וועלכע האָט זיך געשטעלט ניט בלויז די אויפֿגאַבע צו אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן סאָציאַליזם אויף דער יידישער שפּראַך, נאָר זי זוכט אויך צו געבן אַן ענטפֿער אויף יעדער פֿראַגע, וואָס שפּרינגט אַרויס אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין אַמעריקע.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אָפּגערופֿן אויף דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע. זי איז ביז אַ געוויסן גראַד צעטרייסלט געוואָרן. עס האָט אַ צי געטאָן צו דער אַלטער היים און אַ גאַנץ גרויסער טייל פֿון דער פֿעדעראַציע האָט מיט אַמאָל דערפֿילט, אַז ער איז ניט אויף זיין אָרט, אַז ער איז ניט מער ווי אַ גאַסט אין דער פֿרעמד און אַז די אַרבעט, וואָס ער האָט דאָ געטאָן איז געווען ניט מער ווי אַ ציטווייליקע.

און דער גרעסטער אונטערשייד צווישן „בונד" אין רוסלאַנד און צווישן דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע אין אַמעריקע באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס דער „בונד" איז אַ היימישער, אויסגעוואַקסן און איינגעוואָרצלט אין רוסלאַנד, בעת די פֿעדעראַציע איז נאָך פֿאַרלויפֿיק מער אַ גר ווי אַ תושב אין אַמעריקע. פֿאַרלויפֿיק וואוינט זי דאָ בלויז, עס דאַרף נאָך נעמען אַ צייט ביז זי זאָל זיך פֿילן אַלס אַן אַלט־איינגעזעסענע, אַן איינגעבירגערטע און אַן איינגעוואַקסענע אין לאַנד.

אפֿשר וועט מיט דער צייט אויך דאָס קומען.

1917

# III

# סאָציאַליזם, אַרבעטער־באַוועגונג און אַלגעמיינע קולטור

דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" אין סאָציאַליסטישן סידור
דער היינט און דער מאָרגן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג
קען מען שוין איצט איינפֿירן סאָציאַליזם אין אַמעריקע?
די בויער פֿון דער פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע אין אַמעריקע
קאָמוניסטן וואָס האָבן אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם
פֿיינטשאַפֿט
ווען מען שטופּט, גייט עס בעסער
מאַקס שטירנערס לערע
פֿרידריך ניטשע

# דאָס וואָרט רעוואָלוציע אין סאָציאַליסטישן סידור

ווי איך זע, איז דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ גאָר ניט אַזוי טרייף ביי די אַמע־ריקאַנער אַרבעטער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. אַט האָט וויליאַם גרין אַליין, דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער פעדערײשאַן אָװ לייבאָר, אַ סטראַ־שע געטאָן מיט רעוואָלוציע, אויב מען וועט ניט מאַכן קיין טאָלק מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט אין אַמעריקע.

יאָ, גרין האָט בפירוש געברויכט דאָס וואָרט רעוואָלוציע און אַלע צייטונגען האָבן עס געדרוקט מיט גרויסע אותיות. רעוואָלוציע איז, אַלזאָ, אַ כשרער וואָרט אַפילו אין דער אַמעריקאַנער פעדערײשאַן אָװ לייבאָר.

אין דער אמתן בין איך אַליין גאָרניט אַזאַ גרויסער ליבהאָבער פון רעוואָ־לוציע. געווען אַמאָל אַ צייט, ווען איך בין געווען אַ שטאַרקער אַנהענגער פון רעוואָלוציע. דאָס איז געווען, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגער בחור און האָב אַליין געהאָלפן מאַכן רעוואָלוציע. און איך דאַרף זאָגן, אַז איך מיין זיך דאָ ניט צו באַרימען מיט מיין העלדישקייט, ווען איך וועל דערציילן ווי שטאַרק איך בין געווען אַריינגעטאָן אין דער רעוואָלוציע און ווי ווייניק מיך האָבן געקימערט די געפאַרן פון גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אַרעסטן א. אַז. וו. ניין, דאָס איז ניט געווען קיין העלדישקייט. דער אמת איז, אַז איך האָב פון דער גאַנצער רעוואָ־לוציאָנערער אַרבעט שטאַרק הנאה געהאַט. עס איז געווען אַ סך ראָמאַנטיק אין דער קאָנספּיראַציע, אין דער געהיימנישקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. עס איז געווען אַ באַזונדער אָנגענעמער געפיל זיך אַרויסצואווייזן פאַר אַ העלד און ניט מורא האָבן פאַר די זשאַנדאַרן, די קאָזאַקן, און אַפילו פאַר סיביר. איך ווייס, אַז אַנדערע יונגע בחורים פון מיין גלייכן וואָלטן אַ סך צוגעצאָלט, ווען מען וואָלט זיי דערלאָזן צו זיין אַזעלכע נאָענטע מיטהעלפער פון דער רעוואָלוציע און זיין פאַרטרויט מיט אירע סודות.

נאָר, אַז מען ווערט עלטער, ווערט מען ווייניקער ראָמאַנטיש. ווען מען ווערט עלטער, פאַנגט מען אָן מורא האָבן פאַר אַ שאָס און מען ווערט אין אַל־געמיין פרידלעכער געשטימט. ווען מען ווערט עלטער, האָט מען אויך מער גע־דולד און מען קען רואיקער וואַרטן ביז די וועלט וועט איבערגעמאַכט ווערן.

אין אַלגעמיין האָב איך שיסן אַלע מאָל פיינט געהאַט, אַפילו אין מיינע רעוואָלוציאָנערע יאָרן. דאָס שיסן איז דער אומאָנגענעמסטער טייל אין אַ רע־וואָלוציע. אָבער איך פאַרשטיי, אַז רעוואָלוציע איז ניט קיין פראַגע פון גע־שמאַק. עס איז אַ פראַגע, אויב מען קען רעוואָלוציעס אויסמיידן אָדער ניט.

אמת, איך קען מיר פאַרשטעלן אַ רעוואָלוציע אין גאַנצן אָן שיסן. דאָס טייטש פון דעם וואָרט „רעוואָלוציע״ איז אַן איבערקערעניש אָדער אַן איבער־דרייעניש. אין דער טעכניק ווערט דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ געברויכט פאַר אַזאַ פרידלעכער זאַך, ווי די אומדרייאונג פון אַ ראָד. נאָר איך מוז צוגעבן, אַז אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן שטעלט דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ ניט פאַר מיט זיך אַזאַ פרידלעכן בילד ווי אין דער טעכניק. דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז מיט רעכט אָדער מיט אומרעכט פאַרבונדן מיט דעם באַגריף פון גוואַלט.

אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור האָט מען, אמת, די גאַנצע צייט געזוכט אָפּצוטיילן דעם באַגריף גוואַלט פֿון דעם וואָרט רעוואָלוציע. דער אויסדרוק אַ „פֿרידלעכע רעוואָלוציע״ ווערט דעריבער אין דער סאָציאַליסטי־שער ליטעראַטור גאַנץ אָפֿט באַנוצט. און ווען די ענגלישע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקראָגן די רעגירונגס־מאַכט אין אירע הענט, און געוויסע הילקוויט האָט אין זיין דעבאַטע מיט בערטראַנד ראָסעל עס באַצייכנט פֿאַר אַ רעוואָלוציע, איז ער פֿאָרמעל, לויט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אויס־טייטשונג פֿון דעם וואָרט „רעוואָלוציע״, געווען גערעכט. און הגם אין תּוך איז בערטראַנד ראָסעל געווען גערעכט, ווען ער האָט אָפּגעלייקנט, אַז אין ענגלאַנד איז פֿאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, האָט ער אָבער דאָך ניט געזוכט צו פֿאַרבינדן מיטן וואָרט „רעוואָלוציע״ דעם באַגריף „גוואַלט״. אָבער אויב אָפֿילו שפּראַכלעך און טעאָרעטיש האָט דאָס וואָרט רעוואָלוציע ניט קיין דירעקטע פֿאַרבינדונג מיט גוואַלט, האָט זיך עס אָבער אַזוי אויסגעאַרבעט ביי אונדז אין דער פּראַקטיק, אַז מיט דעם וואָרט רעוואָלוציע פֿאָרט זיך ניט דאָס וואָרט פֿרידלעכקייט.

נאָר אויב אָפֿילו אַ רעוואָלוציע מיינט גוואַלט, מיינט עס דאָך ניט שיסן. מען קען מאַכן אַן איבערקערעניש מיט גוואַלט, צווינגען דעם הערשנדן קלאַס „אָפּצודאַנקען״ און דאָך ניט שיסן. מיר האָבן שוין אַזעלכע רעוואָלוציעס געהאַט. די רוסישע רעוואָלוציע פֿון מערץ 1917 איז דורכגעפֿירט געוואָרן אָן שיסן. ערשט שפּעטער האָט מען אָנגעפֿאַנגען אַ ביסל שיסן. אַזוי איז אויך געווען די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. אָבער איך גלויב, אַז איך האָב זיך דאָ פֿאַרנומען מיט אַן אומניצלעכער חקירה. רעוואָלוציעס ווערן ניט געמאַכט לויט באַ־שטימטע טעאָריעס און געשמאַקן פֿון איינצעלנע מענטשן. רעוואָלוציעס האָבן זיך זייער אייגענעם וועג און קיינער קען ניט פֿאָרויסזאָגן וואָס פֿאַראַ ריכטונג און וואָס פֿאַראַ כאַראַקטער אַ רעוואָלוציע וועט אָננעמען, ווען זי האָט אויס־געבראָכן. איך האָב זיך מיט דער פֿראַגע פֿאַראינטערעסירט הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס געוויסע איוואַנאָוויטש פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אין גאַנצן אויסמעקן דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ פֿון סאָציאַליסטישן סידור, ווייל ער איז זיכער, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אָדער די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וועט פֿאָרקומען אויף אַ פֿולשטענדיק פֿרידלעכן געזעצלעכן וועג אָן גוואַלט. עס הייסט, אַז עס וועט באמת גאָר קיין רעוואָלוציע ניט זיין, נאָר אַ לאַנגזאַמער, פֿרידלעכער איבערגאַנג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט אין אַ סאָציאַליסטישער. און טאָמער גלויבט איר אים ניט, ברענגט ער אייך אַ פּסוק פֿון קאַרל קאַוטסקין און איר מוזט שוין גלויבן.

נו, פֿאַר אַ פּסוק האָב איך גרויס רעספּעקט, דאָס איז מיר נאָך געבליבן פֿון דער צייט, ווען איך האָב געלערנט גמרא. דאָרטן, אין דער גמרא, מאַכט מען מיט אַ פּסוק אַ גאַנצע איבערקערעניש. אָבער מיט מיין גאַנצן רעספּעקט צו פּסוקים, ווייס איך דאָך, אַז פּסוקים קען מען געפֿינען אויף אַלץ אין דער וועלט, אויף פֿאַר און אויף קעגן. און וואָס איז שייך צו דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע, האָט קאַוטסקי אַמאָל אַליין אַנדערע פּסוקים געשריבן און ווער קען וויסן, אויב ער וועט נאָך אַ מאָל ניט שרייבן ווידער אַנדערע. איך האָף, אַז ער וועט נאָך לאַנג לעבן און ער וועט נאָך האָבן די געלעגנהייט צו זאַמלען נייע דער־

פֿאַרונגען. לאָמיר דעריבער זיך באַמיען אויסצוקומען אָן פּסוקים, וואו עס איז נאָר מעגלעך.

נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, וואָלט איך זיך דאָך ניט אײַלן אויסצומעקן דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" פֿון דעם סאָציאַליסטישן סידור. אין דעם פּרט בין איך אַביסל קאָנסערוואַטיוו. איך וויל דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" ניט אויסמעקן פֿון סאָציאַליסטישן סידור פּונקט ווי איך וויל דאָס וואָרט „ציון" אין אים ניט אַריינשרייבן. זאָל עס בעסער פֿאַרלויפֿיק בלייבן ווי עס איז. עס מעג טאַקע אמת זיין, אַז אַן רעוואָלוציע וואָלט געווען בעסער און אָנגענעמער, אָבער איך בין ווייט ניט אַזוי זיכער, אַז דער סאָציאַליזם וועט איינגעפֿירט ווערן אַזוי געזעצלעך און פֿרידלעך, ווי מען פּרובירט מיר איינרעדן.

אין אַלגעמיין איז גענאָסע איוואַנאָוויטש גאָר ניט אַזאַ שונא פֿון רעוואָ־לוציעס און אַפֿילו פֿון רעוואָלוציעס, וואָס ברויכן גוואַלט. ער גיט אַליין צו, אַז „אויב די רעאַקציע וועט אָפּשאַפֿן די קאָנסטיטוציע און צוריקוואַרפֿן דאָס לאַנד צו די צייטן פֿון זעלבסטהערשאַפֿט און דעספּאָטיזם", וועט מען דאַרפֿן געברויכן גוואַלט־מיטלען און אַז „דאָס קען ווערן אַ רעוואָלוציע אין דעם געוויינלעכן זין פֿון וואָרט". נאָר דאַן, זאָגט ער, „וועט עס זיין בלויז אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, אָבער ניט קיין סאָציאַלע. עס וועט ניט זיין קיין אָנגריף נאָר אַ פֿאַרטיידיקונג".

מילא, וואָס איז שייך צו אָנגריף און פֿאַרטיידיקונג, איז עס די אַלטע באַ־קאַנטע פֿילאָזאָפֿיע אין וועלכער איין גאָט אפֿשר קען זיך פֿונאַנדערקלייבן. ווייל וואָס איז שייך צו מענטשן, האָט נאָך פֿאַרלויפֿיק קיינער ביז איצט ניט געקענט ענטפֿערן קלאָר, וואו עס פֿאַנגט זיך אָן פֿאַרטיידיקונג. אין דער גרויסער וועלט־מלחמה האָבן אַלע פֿעלקער גע'טענהט, אַז זיי זיינען אַריין אין איר בלויז זיך צו פֿאַרטיידיקן און ניט אָנצוגרייפֿן. און אַלע לענדער באַוואָפֿנען זיך נאָך היינט אויך בלויז פֿאַר פֿאַרטיידיקונג און ניט פֿאַר אָנגריף. און אויב זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל צעשלאָגן, וועט ווידער יעדער צד באַהויפּטן, אַז עס איז געווען בלויז פֿאַרטיידיקונג. און ווען איינער סטראַשעט מיר מיט אַ רעוואָלווער, און איך דערלאַנג אים מיט אַ שטעקן איבער זיין האַנט אַרויסצוקלאַפּן פֿון איר דעם רעוואָלווער, וועט עס זיין גאַנץ שווער צו אַנטשיידן, ווער עס האָט אָנגעגריפֿן און ווער עס האָט זיך פֿאַטיידיקט. ווייל דער מאַן מיט דעם רעוואָלווער וועט זיכער זאָגן, אַז ער האָט אַפֿילו בדעה ניט געהאַט צו שיסן, ער האָט בלויז געמאַכט אַ שפּאַס מיך אָפּצושרעקן. און איך צווייפֿל זייער שטאַרק, אויב גענאָסע איוואַנאָוויטש אַליין וועט ראַטן די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן וואַרטן אַזוי לאַנג מיט זייער פֿאַרטיידיקונג, ביז עס וועט ביי קיינעם קיין צווייפֿל ניט קענען זיין, אַז זיי זיינען געווען די אָנגעגריפֿענע, ווייל, ווען מען וואַרט אַביסל צו לאַנג מיט דער פֿאַרטיידיקונג, קען עס שוין אין גאַנצן ווערן צו שפּעט זיך צו פֿאַרטיידיקן.

נאָר גענאָסע איוואַנאָוויטש באַמיט זיך גאַנץ שטאַרק צו אונטערשיידן צווישן אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע און אַ סאָציאַלער. ער קען נאָך ווי עס איז דערלאָזן אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, אָבער בשום אופֿן ניט קיין סאָציאַלע. אָבער איך ווייס ניט ווי אַזוי מען קען ציען אַזאַ שאַרפֿע ליניע. פּאָליטישע רעוואָלוציעס זיינען טיילווייז אויך סאָציאַלע רעוואָלוציעס. די רוסישע רעוואָלוציע פֿון מערץ

1917 איז טיילווייז געווען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, איידער לענין מיט טראָצקין זיינען נאָך געקומען.

נאָר זאָל זיין, אַז עס האַנדעלט זיך וועגן אַ פֿולער סאָציאַלער איבערקערעניש, וועגן איינפֿירן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט. ווי אַזוי אָבער קען מען זיכער זיין, אַז דאָס וועט צוגיין דורכאויס פֿרידלעך? די קלאַסן וואָס באַזיצן, וועלן דאָך זיכער מיט גוטן ניט וועלן אָפּגעבן זייערע פּאָזיציעס. ביי זיי איז דאָך די קאָנסטיטוציע ניט אַזוי הייליק ווי ביי גענאָסע איוואַנאָוויטש. ביי זיי איז די קאָנסטיטוציע בלויז אַזוי לאַנג הייליק, ווי לאַנג זי שיצט זייערע אינטערעסן.

אַלנפֿאַלס פֿאַרשטיי איך סתּם ניט די גאַנצע חקירה וועגן דעם, „אַז די סאָציאַלע איבערקערעניש וועט דורכגעפֿירט ווערן אויף אַ פֿרידלעכן וועג". אויב דער אַרבעטער־קלאַס וועט האָבן די רעגירונגס־מאַכט אין זיין האַנט, וועט ער זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אַלץ טאָן פֿרידלעך און געזעצלעך. עס וואָלט דאָך איינפֿאַך זיין אַן אומזין, אַז דער רעגירנדער קלאַס, וואָס האָט די מאַכט אין זיינע הענט, זאָל זיך ניט באַנוצן מיט די געזעצן, וואָס ער אַליין שאַפֿט. און וועט דער בורזשואַזער קלאַס ניט וועלן פֿאָלגן, וועט מען דאָך מוזן אָנווענדן קעגן אים גוואַלט, און דאָס וועט דאָך אויך זיין געזעצלעך.

און אויב עס האַנדעלט זיך וועגן דער צייט, וואָס איז ערב קריגן די מאַכט, עס הייסט, ווען דער אַרבעטער־קלאַס שטייט שוין נאָענט צו אַ פּאַרלאַמענטאַרישער מאַיאָריטעט און די בורזשואַזיע פֿאַנגט אָן מאַכן קונקל־מונקל־ביזנעס, כּדי אים ניט צו דערלאָזן, דעמאָלט איז עס דאָך פֿריער ווי אַלץ אַ פֿראַגע וועגן אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע.

די אונטערשטע שורה איז, אַז דער גאַנצער ענין וועגן רעוואָלוציע און סאָציאַליזם איז אַ פּילפּול. די פֿראַגע אויף וויפֿל די סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט זיך דאַרפֿן באַנוצן מיט רעוואָלוציעס, הענגט ווייניקער אָפּ פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס, ווי פֿון דעם בורזשואַזן קלאַס. און איך גלויב דעריבער, אַז עס וועט זיין גליכער, ווען מען וועט איבערלאָזן דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" אין דעם סאָציאַליסטישן סידור ווי געווען. אונדזער אַלטע סאָציאַליסטישע טעאָריע, אַז סאָציאַליזם איז פֿאַרבונדן סײַ מיט עוואָלוציע און סײַ מיט רעוואָלוציע, איז נאָך אויך היינט גאַנץ גוט באַגרינדעט און איז נאָך היינט פּונקט אַזוי שכלדיק ווי אַמאָל. מען דאַרף בלויז זאָרגן, אַז ווען עס מוז שוין יאָ קומען אַ רעוואָלוציע זאָל מען שיסן וואָס ווייניקער. מען דאַרף קלאָר מאַכן דעם געדאַנק, אַז רעוואָלוציע קען מאַנכעס מאָל זיין אַן אומפֿאַרמיידלעך איבל, אָבער בשום אופֿן ניט קיין מצווה.

1930



# דער היינט און דער מאָרגן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

מען האָט שוין דעם מאַרקסיזם טויט געמאַכט אין טויזנטער ביכער. אַלע ווײַלע שטייט אויף אַ נײַער קריטיקער און שרײַבט אָן אַ נײַ בוך קעגן מאַרקסיזם. נאָר דער רעזולטאַט איז, אַז אָט די אַלע ביכער, אין וועלכע מען האָט דעם מאַרקסיזם טויט געמאַכט, ליגן אַליין טויט ווי אַלע טויטע און דער מאַרקסיזם לעבט אַלץ.

דער מאַרקסיזם איז ניט קיין שולחן ערוך פֿון דינים, נאָר אַ וועג־ווײַזער פֿון דענקען. דער מאַרקסיזם לערנט אונדז, ווי אַזוי דערשײַנונגען פֿון לעבן דאַרפֿן באַטראַכט ווערן, און ווי אַזוי מען דאַרף זיי פֿאַרשטיין. דער מאַרקסיזם זאָגט אונדז ניט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט, נאָר ער גיט אונדז אַ מעטאָדע ווי צו אורטיילן, וואָס מיר דאַרפֿן טאָן און וואָס ניט, וואָס עס פֿירט גיכער און בעסער צום צוועק, און וואָס ניט.

נאָר אַ מאַרקסיסט מוז ניט זײַן כּסדר פֿאַרנומען מיט מאַכן רעוואָלוציעס. עס זײַנען געווען צײַטן, ווען מען האָט די מאַרקסיסטן באַשולדיקט, אַז זיי זײַנען גאָר צו ווייניק רעוואָלוציאָנער און אַז זיי פֿאַרלאָזן זיך צופֿיל אויף דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע און אויף דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט. די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד, למשל, האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע אונטערשטופּן אַ ביסל מיט באָמבעס און מיט דינאַמיט.

געוויס זײַנען די מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן — רעוואָלוציאָנערן, אָבער ניט דערפֿאַר ווײַל זיי ווילן וואָס גיכער מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר דערפֿאַר, וואָס דער סאָציאַליזם איז אַ רעוואָלוציאָנערע אידייע. דער סאָציאַליזם זאָגט, אַז אונדזער גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג דאַרף איבערגעקערט ווערן. דאָס הייסט, אַז אונדזער איצטיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג קען ניט אויסגעהיילט ווערן דורך רעפֿאָרמען, דורך לאַטעס, נאָר דאַרף אין גאַנצן איבערגעאָנדערשט ווערן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

ווי דאַרף עס געטאָן ווערן? דער מאַרקסיסט ענטפֿערט דערויף, אַז דער ווײַכטיקסטער טייל ווערט געטאָן פֿון זיך אַליין, דורך דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע, דורך דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל, דורך די קעגנזאַצן, וואָס דער קאַפּיטאַליזם באַשאַפֿט, דורך דעם קלאַסן־קאַמף א. אַז. וו. און כּדי דער וואָגן פֿון דער געזעלשאַפֿט זאָל פֿאָרן אַביסל גיכער דאַרף מען אונטערשטעלן אַ פּלייצע און אַ שטופּ געבן.

אַ מאַרקסיסט זאָגט ניט, אַז די איבערקערעניש פֿון דער איצטיקער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג מוז דווקא פֿאָרקומען מיט דער הילף פֿון ביקסן און קאַנאָנען. דער מאַרקסיסט זאָגט בלויז, אַז על פּי שכל קומט אויס, אַז אין גאַנצן פֿרידלעך קען די איבערקערעניש ניט פֿאָרקומען. די מאַרקסיסטן רײדן ניט וועגן דער ווינשנסווערטיקייט פֿון אַן איבערקערעניש מיט גוואַלט, נאָר וועגן דער אומפֿאַרמײַדלעכקייט. און האָט אַפֿילו אַזאַ פֿײַער־עסנדער מאַרקסיסטישער רעוואָלוציאָנער ווי לעאָן טראָצקי געזאָגט אין איינעם פֿון זײַנע אַרטיקלען, אַז

דער בעסטער וועג וואָלט געווען, ווען מען וואָלט געקענט איבערקערן די איצטיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג דורך דעמאָקראַטיע, עס הייסט, אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן, אָבער ער גלייבט ניט, אַז מען קען עס. קאַרל מאַרקס האָט געגלייבט, אַז עס קען מעגלעך זיין, אַז אין ענגלאַנד זאָל די איבערקערעניש פֿאָרקומען אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן. און ווען קאַרל מאַרקס וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער עס אפֿשר אויך געזאָגט אויף אייניקע אַנדערע לענדער.

מאַרקסיסטן מאַכן ניט קיין שאַרפֿע טיילונג צווישן עוואָלוציע און רעוואָלוציע. איז דאָך רעוואָלוציע אייגנטלעך דער ענד־רעזולטאַט פֿון עוואָלוציע. אַ קינד אַנטוויקלט זיך אין זיין מוטערס לייב און מאַכט דורך אין 9 חדשים צייט אַ לאַנגן וועג פֿון עוואָלוציע, אָבער די געבורט פֿון קינד, דער ענד־רעזולטאַט פֿון דער 9 ־חדשימדיקער עוואָלוציע, איז אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט. איר קענט אויף אַ פֿאָדעם אַנהענגען איין געוויכט נאָך דער צווייטער, דער פֿאָדעם וועט זיך ביסלעכוויז אויסציען אַלץ מער און מער, ביז ענדלעך וועט ער זיך איבעררייסן. דאָס ציען זיך פֿון פֿאָדעם איז עוואָלוציע, אָבער דאָס איבעררייסן זיך איז רעוואָלוציע.

און די פֿראַגע פֿון רעוואָלוציע הענגט דאָך ניט אָפּ פֿון די סאָציאַליסטן אַליין. פֿאַרוואָס זאָלן די סאָציאַליסטן סתם אַזוי וועלן נעמען ביקסן און האַרמאַטן און שיסן? איז דען ניט בעסער, באַקוועמער און אַנגענעמער, ווען מען קריגט אַ מאַיאָריטעט אין פּאַרלאַמענט און מען נעמט אָן אַ געזעץ, אַז פּריוואַט אייגנטום ווערט אָפּגעשאַפֿט און סאָציאַליזם ווערט איינגעפֿירט. קען אָבער אַמאָל טרעפֿן צוויי זאַכן: די ערשטע זאַך, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, ביי וועמען די דעמאָקראַטיע איז ניט אַזוי הייליק, זאָל זינדיקן קעגן דער דעמאָקראַטיע און ניט דערלאָזן די סאָציאַליסטן קריגן אַ מאַיאָריטעט אין פּאַרלאַמענט. ער קען עס טאָן פּשוט, אָדער דורך ציילן די שטימען, ווי מען טוט עס ביי אונדז אין ניו יאָרק, אָדער דורך מאַכן אַ קנייטש אין דער קאָנסטיטוציע, ווי מען האָט עס געטאָן אין איטאַליע. אַ צווייטע זאַך קען טרעפֿן, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס זאָל ניט וועלן פֿאָלגן, ווען אַפֿילו די סאָציאַליסטן וועלן האָבן אַ מאַיאָריטעט. וואָס וועלן, אַלזאָ, די סאָציאַליסטן דעמאָלט טאָן? וועלן זיי אויך דעמאָלט זאָגן, אַז מען דאַרף זיך באַנוצן בלויז מיט עוואָלוציע, מיט דעמאָקראַטישע און פֿרידלעכע מיטלען? — אַ, ניין! דעמאָלט וועט מען לאָזן וויסן די בורזשוקעס, ווער עלטער איז. מען וועט זיי דערלאַנגען איבערן קאָפּ, אַז זיי וועלן דערזען דעם זיבעטן הימל. אָבער פֿאַנגט זיך דען דאָ ניט אָן דער אַלטער פּלפּול וועגן דער כשר׳קייט פֿון מלחמה, אַז אַן אַנגריף־מלחמה איז טריף און אַ פֿאַרטיידיקונגס־מלחמה איז כשר? נאָר ווען עס קומט צו דעם, קענט איר ניט זאָגן וואו עס פֿאַנגט זיך אָן אַן אַנגריף און וואו עס ענדיקט זיך פֿאַרטיידיקונג. אין דער ערשטער גרויסער וועלט־מלחמה האָבן ביידע צדדים געזאָגט, אַז זיי פֿירן אַ פֿאַרטיידיקונגס־מלחמה, און די געשיכטע־שרייבער האָבן נאָך ביז היינט ניט אַנטשידן, ווער עס האָט אָנגעפֿאַנגען די מלחמה. איך גלויב דעריבער, אַז עס וועט זיין גלייכער פֿאַר די סאָציאַליסטן, ווען זיי וועלן ניט אונטערשרייבן קיין קאָנטראַקטן, אַז זיי וועלן גיין בלויז אויף דעם וועג פֿון

עוואָלוציע. אין קעגנטייל, מיר קענען בעסער זיך נעמען די פּריווילעגיע און זאָגן, אַז ווען עס וועט נויטיק זיין, וועלן מיר אויך ברויכן אַ ביסעלע רעוואָלוציע.

און דער אמת איז דאָך, אַז קיינער פון אונדז האָט ניט פיינט אַ ביסל רעוואָלוציע. דער פאַקט איז, אַז עס טוט אונדז שטאַרק הנאה, ווען עס ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע, וואו עס איז נויטיק. אַלע פון אונדז וועלן זיין שטאַרק צופרידן ווען אין איטאַליע וועט אויסברעכן אַ רעוואָלוציע.

נאָר אויף דעם איז פאַראַן אַ פאַרטיקער תירוץ: אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע איז אַנדערש. אָבער דער אמת איז דאָך, אַז כמעט יעדע פּאָליטישע רעוואָלוציע איז אויך טיילווייז אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. און ווען אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע פאַנגט זיך אָן, קען קיינער ניט וויסן, מיט וואָס זי וועט זיך ענדיקן. האָט זיך דאָך אויך די רוסישע רעוואָלוציע אָנגעפאַנגען אַלס אַ פּאָליטישע. און זיי־נען די רעוואָלוציעס אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך געווען בלויז פּאָליטישע?

און ווען מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פון דער פּריווילעגיע צו געברויכן אַ ביסל רעוואָלוציע, ווען עס וועט זיין נויטיק, מיינט עס גאָרניט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ אין גאַנצן פון דעם היינט צוליב דעם ווייטן מאָרגן. אין קעגנטייל. מען קען אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע פון ווייטן מאָרגן אויך היינט פאַרלאַנגען אַ סך. די מער רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטי פאַרלאַנגען אַ גרויסן טייל פון סאָציאַליזם שוין היינט, און זיי ווילן זיך גאָר ניט באַגנוגענען מיט דער רעוואָלוציע פון ווייטן מאָרגן.

מיר הערן היינט פון אַ סך פרידלעכע סאָציאַליסטן, אַז דער עיקר פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג דאַרף זיין דער היינט און ניט דער ווייטער מאָרגן, עס הייסט, אַז מען דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען, וואָס עס לוינט זיך היינט בעסער פאַר דעם אַרבעטער. אָבער ווי אַזוי וויים מען וואָס עס איז היינט בעסער? אַט טאַקע וועגן דעם וואָס עס איז היינט בעסער איז דער גרעס־טער שטרייט.

די גאַנץ שטאַרק פרידלעכע סאָציאַליסטן זיינען געווען זייער שטאַרק אומצו־פרידן, וואָס די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינ־צוטרעטן אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג. זיי זיינען ביי זיך געווען זיכער, אַז פאַר די פראַנצויזישע אַרבעטער וואָלט דאָס היינט געווען זייער גוט אָבער לעאָן בלום, דער פירער פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, וואָס האַלט אויך זייער שטאַרק פון היינט, האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיין היינט בעסער פאַר די פראַנצויזישע אַרבעטער, ווען די פראַנצויזישע פּאַרטיי וועט ניט אַריינטרעטן אין אַ קאָאַלי־ציע־רעגירונג.

און ווי קען מען איבערהויפּט ציען אַזאַ שייד־ליניע צווישן דעם היינט און דעם מאָרגן? דער היינט איז ענג פאַרבונדן מיט דעם מאָרגן. ווען אַרבעטער גייען אַרויס אין שטרייק, זיינען זיי מקריב דעם היינט פאַרן מאָרגן. זיי מאַכן זיך היינט ערגער, כדי מאָרגן זאָל זיין בעסער. און אָפט שטרייקן אַרבעטער חדשים לאַנג און פאַרלירן. ווען מען זאָל, אַלזאָ, האָבן שטענדיק אין זינען, אַז דער היינט איז דער עיקר, וועט מען קיין מאָל קיין שטרייקן ניט דאַרפן רופן.

נאָר לאָמיר אָננעמען, אַז די שטאַרק פרידלעכע סאָציאַליסטן רעדן וועגן דעם ווייטן מאָרגן און ניט וועגן דעם נאָענטן מאָרגן. דעם נאָענטן מאָרגן נעמען זיי

אַריין אין דעם היינט. אָבער ווי נאָענט דאַרף זיין דער מאָרגן, אַז ער זאָל קענען אַריינגענומען ווערן אין דעם היינט, און ווי ווייט דאַרף זיין דער מאָרגן, אַז מיר זאָלן פֿאַר אים ניט מקריב זיין דעם היינט? איז פֿאַראַן וועגן דעם אַ באַשטימטע מאָס פֿון צייט?

מיר ווייסן אַלע פֿון דעם קלוגן פּראַקטישן כּלל, אַז עס איז בעסער אַ וואָראָבייטשיק אין האַנט איידער אַן אָדלער אין הימל. אָבער איך צווייפֿל אין דער קלוגהייט, און נאָך מער אין דער פּראַקטישקייט פֿון אָט דעם כּלל. ווען מען יאָגט זיך שטענדיק נאָך וואָראָבייטשיקעס, ווייל זיי קען מען לייכטער כאַפּן, דאַן פֿאַרגעסט מען ביסלעכווייז אין דעם אָדלער אין הימל און מען בלייבט אַ וואָראָבייטשיק-כאַפּער.

אַפֿילו אין אונדזער פּריוואַטן טאָג-טעגלעכן לעבן מאַכן מיר ניט דעם היינט פֿאַר דעם עיקר. מיר האָבן אַלע מאָל אין זינען דעם מאָרגן, און מיר זאָגן זיך היינט אָפּ זייער פֿיל צוליב דעם מאָרגן. ווען מיר וואָלטן שטענדיק האַלטן דעם היינט פֿאַר דעם עיקר, וואָלטן מיר ניט געהאַט היינט אַזאַ ציוויליזאַציע, אַזאַ אַנטוויקלטע טעכניק און אַזאַ גרויסע וויסנשאַפֿט. דער אַלטער וואָלוואָירט, ווען ער וואָלט געהאַט בלויז דעם היינט אין זינען, וואָלט ניט אונטערגענומען אַ קורצע צייט פֿאַר זיין טויט צו בויען אַזאַ ריזיקע געביידע, וועלכע קען זיך האַלטן הונדערטער יאָרן. און פּראַקטישע מענטשן מאַכן אינוועסטמענטס היינט, כּדי ערשט זייערע קינדער זאָלן קריגן די פּראָפֿיטן.

און ווען דאָס איז אַזוי אין פּריוואַטן, פּראַקטישן לעבן, טאָ ווי קען עס דען זיין אַנדערש אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן?

ווען מיר וואָלטן שטענדיק דעם היינט געהאַלטן פֿאַרן עיקר, טאָ וואָס וואָלט געווען מיט דעם גאַנצן מענטשלעכן פּראָגרעס? ווען דער היינט וואָלט געווען ביי אונדז דער עיקר, ווער וואָלט זיך באַטייליקט אין די אַלע רעוואָלוציעס, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין דער מענטשלעכער געשיכטע און האָבן געטריבן די מענטשהייט פֿאָרויס? ווער וואָלט זיך געשלאָגן מיט דעם צאַריזם אין רוסלאַנד און מיט די דעספּאָטן אין אַלע אַנדערע לענדער?

און ווען מיר רופֿן אַמאָל היינט די אַרבעטער צום קאַמף, ווייסן מיר, אַז אין דעם מאָמענט, היינט, וועט זיי ווערן ערגער. זיי וועלן ליידן, אָבער מיר ווייסן, אַז אָט די ליידן פֿון היינט זיינען אַן אינוועסטמענט פֿאַר אַ בעסערן מאָרגן.

געוויס, איז בעסער צו קריגן וואָס מער היינט, נאָר פֿון דעם חשק צו קריגן וואָס מער היינט קען מען לייכט ווערן אַ באָלשעוויק. איז עס דאָך געווען די צרה מיט די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינכאַפּן שוין היינט דעם גאַנצן סאָציאַליזם. ווען ביי די באָלשעוויקעס וואָלט דער היינט ניט געווען דער עיקר, נאָר זיי וואָלטן מער געקלערט וועגן מאָרגן, וואָלטן זיי ניט געכאַפּט אַזוי פֿיל מיט אַ מאָל און זיי וואָלטן ניט אַזוי אָפּגעבריט די הענט.

יאָ, דער היינט איז וויכטיק און מען דאַרף אים ניט פֿאַרנאַכלעסיקן צוליב דעם מאָרגן, אָבער ער איז ניט דער עיקר. דער היינט דאַרף זיין אַלע מאָל פֿאַרבונדן מיט דעם מאָרגן. ווען מען טוט עטוואָס היינט, דאַרף מען אויסרעכנען, וואָס עס וועט דערפֿון ווערן מאָרגן. און דאָס איז טאַקע די שווערסטע

אויפגאַבע פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מען דאַרף האָבן אַ סך אויס־רעכנונג, אַ גרויסע וויטזיכטיקייט און אַ סך געדולד און גלויבן.

ווען מען רעדט, אַז דער היינט איז דער עיקר, מיינט עס, אַז מען דאַרף זיין פּראַקטיש, אָבער ווער לייקנט דען, אַז מען דאַרף זיין פּראַקטיש און אַז מען דאַרף טאָן אַלץ, וואָס עס איז בעסער פֿאַר די אַרבעטער? אָבער ווי ווייס מען, וואָס עס איז פּראַקטיש? אָט טאַקע וועגן דעם וואָס עס איז פּראַקטיש, שטרייט מען זיך דאָך שטענדיק.

ווען די סאָציאַליסטן אין אַמעריקע קריטיקירן די אַמעריקאַן פֿעדעריישן אָוו לעיבאָר פֿאַר איר עק־פּאָליטיק, עס הייסט פֿאַר איר נאָכשלעפּן זיך נאָכן עק פֿון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, זאָגן זיי איר, אַז אַזאַ עק־פּאָליטיק איז ניט פּראַקטיש פֿאַר די אַרבעטער, ווייל זיי וואָלטן אַ סך מער געוואונען, ווען זיי וואָלטן געווען אָרגאַניזירט אין אַ זעלבשטענדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי און וואָלטן געפֿירט אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק. ענטפֿערט אָבער די אַמעריקאַן פֿעדעריישן, אַז גראָד איר עק־פּאָליטיק איז די פּראַקטישסטע און אַז אַן אַרבעטער־פּאַרטיי וואָלט געווען העכסט אומפּראַקטיש.

מיר סאָציאַליסטן זאָגן, אַז אַ הויכער טאַריף איז זייער ניט פּראַקטיש פֿאַר די אַרבעטער. אָבער מעטיו וואָל, פֿון דער אַמעריקאַן פֿעדעריישן, זאָגט, אַז עס איז פֿאַר זיי זייער פּראַקטיש און ער לייגט איין וועלטן פֿאַר אַ הויכן טאַריף.

אָט דער זעלביקער עדואַרד בערנשטיין, אויף וועלכן די פּראַקטישע סאָציאַליסטן שטיצן זיך, איז אין דער צייט פֿון דער מלחמה צוגעשטאַנען צו דעם לינקן סאָציאַליסטישן פֿליגל פֿון דער דייטשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און ער האָט געבראָכן דעם אַזוי גערופֿענעם בורג־פֿרידן. די אָנהענגער פֿון עדואַרד בערנשטיין, זיינע תּלמידים, זיינען געשטאַנען מיט דער רעגירונג, נאָר ער אַליין איז צוגעשטאַנען צו די קעגנער פֿון דער רעגירונג און פֿון דער ווייטערדיקער פֿאַרזעצונג פֿון דער מלחמה. פֿאַרוואָס האָט עס בערנשטיין געטאָן? ווייל ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די ווייטערדיקע פֿאַרזעצונג פֿון דער מלחמה טויג ניט פֿאַר די דייטשע אַרבעטער. זי איז ניט פּראַקטיש פֿאַר זיי.

נאָר אפשר איז דאָס ביי אים ניט געווען קיין פֿראַגע פֿון פּראַקטישקייט, נאָר פֿון פּרינציפּ?

פֿון וואַנען, אָבער, נעמען זיך דען די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן? גאָט האָט דאָך זיי ניט אַראָפּגעשיקט צו זיי פֿון הימל. די פּרינציפּן פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף דעם גרונט פֿון אַ ריי דערפֿאַרונגען און איבערלייגונגען, וואָס עס איז בעסער פֿאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין זיין קאַמף פֿאַר זיין באַפֿרייאונג.

מיר האַלטן זיך פֿאַר פּרינציפּן, מיר קעמפֿן פֿאַר זיי, ניט דערפֿאַר ווייל מיר ווילן פֿאַר אונדזער פֿרומקייט קריגן אַ בעסערן פּלאַץ אין גן־עדן, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר. מיר קעמפֿן פֿאַר פּרינציפּן, ווייל מיר גלויבן, אַז זיי זיינען פּראַקטיש, אַז זיי ווייזן די אַרבעטער דעם ריכטיקן וועג פֿון זייער קאַמף און פֿירן זיי צו זייער ציל.

קיינער וועט ניט פּרובירן פֿאַרלייקענען, אַז אַ סך זאַכן זיינען אין דעם סאָציאַליזם געענדערט געוואָרן. ווען די פּרינציפּן פֿון סאָציאַליזם וואָלטן אַפֿילו

געגעבן געוואָרן פֿון גאָט, און קאַרל מאַרקס וואָלט דורך גאָטס דיקטאַט אָנגעשריבן אַ שולחן ערוך פֿאַר די סאָציאַליסטן, אויך דעמאָלט וואָלטן זיי געענדערט געוואָרן דורך די ענדערונגען פֿון לעבן און דורך די נייע אָנגעקליבענע דערפֿאַרונגען פֿון לעבן.

איך געדענק וואָס פֿאַראַ הייסע און ליידנשאַפֿטלעכע דעבאַטע ס'איז אַרויסגערופֿן געוואָרן אַמאָל אין דער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווען די דייטשע שריפֿטזעצער־יוניאָן האָט געשלאָסן איר ערשטן קאָלעקטיוון אָפּמאַך — „טאַריף" האָט עס געהייסן — מיט די אייגנטימער פֿון די דרוקערייען. דאָס איז געווען, דאַכט זיך, דער ערשטער קאָלעקטיווער אָפּמאַך פֿון אַ יוניאָן אין דייטשלאַנד אין אַלגעמיין. די סאָציאַליסטן און די געווערקשאַפֿטן, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער איינפֿלוס, זיינען דאַן געווען קעגן קאָלעקטיווע אָפּמאַכן. זיי האָבן דעמאָלט געגלויבט, אַז דאָס טויג ניט, אַז עס איז ניט פּראַקטיש פֿאַר די אַרבעטער. אָבער מיט אַ צענדליק יאָר שפּעטער האָבן אַפֿילו די גאַנץ שטרענגע, אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן מער ניט באַקעמפֿט קיין קאָלעקטיווע אָפּמאַכן. די דערפֿאַרונג האָט זיי געלערנט, אַז זיי זיינען אין אַ סך פֿאַלן בעסער פֿאַר די אַרבעטער.

עס איז לייכט צו מאַכן חוזק פֿון טעאָריעס און פּרינציפּן. אָבער פֿון וואַנען נעמען זיך טעאָריעס? זיי קומען ניט פֿון הימל. טעאָריעס ווערן געשאַפֿן אויף דעם גרונט פֿון אַ ריי אָנגעזאַמלטע פֿאַקטן און דערפֿאַרונגען. די אויספֿירונגען, די שלוסן, וואָס ווערן געמאַכט פֿון אַ ריי באַאָבאַכטונגען, דערפֿאַרונגען און פֿאַקטן, שטעלן מיט זיך פֿאַר אַ טעאָריע. אַזוי איז עס אין פֿיזיק, אין כעמיע, אין אַסטראָנאָמיע, אין ביאָלאָגיע און אַזוי אויך אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע.

עס איז ריכטיק, אַז אין יעדער טעאָריע זיינען אויך פֿאַראַן השערות, היפּאָטעזן, וועלכע זיינען נאָך ניט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן פֿון פֿאַקטן און דערפֿאַרונגען, נאָר מען דרינגט זיי אַרויס מיטן שכל דורך אויסרעכנונגען און איבערלייגונגען פֿון פֿריערדיקע דערפֿאַרונגען און באַאָבאַכטונגען, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, און מאַנכעס מאָל מאַכט מען אַ טעות אין אָט די השערות און פֿאָראויסזעאונגען. אָבער דאָס זאָגט גאָר ניט, אַז טעאָריעס האָבן ניט קיין האַפֿט, אַז מען דאַרף זיי ניט. עס זאָגט בלויז, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַמאָל שוואַכע זייטן אין טעאָריעס און אַז מען דאַרף שטענדיק זיין אויף דער וואַך אויפֿצופּאַסן, אויב די טעאָריע האַלט ווירקלעך אויס אומעטום און אַלע מאָל. און דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אויך צו אַ טעאָריע דאַרף מען האָבן אַן אייגענעם שכל.

אַ טעאָריע איז אַ וועג־ווייזער. יעדער איינער פֿון אונדז מוז זיך באַנוצן מיט די דערפֿאַרונגען און מיט די באַאָבאַכטונגען, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן ביז אונדז. יעדער איינער פֿון אונדז קען ניט און דאַרף ניט מאַכן פֿון דאָס ניי די אַנטדעקונג, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, אָדער אַז די ערד האָט אַ צוציאונגס־קראַפֿט. און פּונקט אַזוי קען ניט און דאַרף ניט יעדער סאָציאַליסט אויסגעפֿינען דעם וועג, ווי אַזוי די מענטשהייט ווערט געפֿירט אָדער געטריבן צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג. מיר האָבן פֿאַר דעם אַ טעאָריע, וואָס טיפֿע סאָציאַליסטישע קעפּ האָבן פֿאַר אונדז געשאַפֿן.

קאַרל מאַרקס האָט דעם קלאַסן־קאַמף ניט אויסגעטראַכט, נאָר ער האָט אים באַמערקט. און קען ווער עס איז אַפּלייקענען די עקזיסטענץ פֿון קלאַסן־קאַמף? מען קען עס רופֿן מיט אַנדערע נעמען, קלאַסן־אינטערעסן, קלאַסן־פֿאַרשיידנהייטן, אָדער אין גאַנצן אויסמיידן דאָס וואָרט קלאַס, אָבער דער פֿאַקט ענדערט זיך דערפֿון ניט, אַז עס עקזיסטירט אַ קלאַסן־קאַמף.

מען האַלט אונדז כּסדר אין איין דערציילן, אַז די ענגלישע סאָציאַליסטן אַנערקענען ניט דעם קלאַסן־קאַמף, אָבער דאָס זיינען פּוסטע פֿאַרזיכערונגען. לייענט די ליטעראַטור פֿון די ענגלישע סאָציאַליסטן, לייענט די וואַל־קאַמף־ליטעראַטור פֿון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי, און איר וועט זען, אַז זי איז פֿול און דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פֿון קלאַסן־קאַמף, ווען אַפֿילו דאָס וואָרט קלאַסן־קאַמף ווערט ניט דערמאָנט. און אַפֿילו אונדזער אַמעריקאַן פֿעדעריישן אָוו לייבאָר, וואָס זוכט אַזוי שטאַרק אויסצומיידן דאָס געפֿערלעכע וואָרט קלאַסן־קאַמף, קען זיך דאָך ניט העלפֿן און זי פֿירט אָן איר אַגיטאַציע אין דעם גייסט פֿון קלאַסן־קאַמף. זי מוז רעדן וועגן אַ קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און וועגן אַן אַרבעטער־קלאַס. און ווען אַ שטרייק ווערט גערופֿן, מוזן דאָך אויך די פֿירער פֿון דער אַמעריקאַן פֿעדעריישן אָוו לייבאָר רעדן וועגן דעם קעגנזאַץ פֿון די אינטערעסן פֿון די קאַפּיטאַליסטן און די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער. און אויב זיי פּלאָנטערן זיך אין דעם, איז דאָס ניט דערפֿאַר וואָס עפּעס איז ניט רעכט מיט דעם קלאַסן־קאַמף, נאָר דערפֿאַר וואָס ביי זיי איז אַ פּלאָנטער אין קאָפּ.

קלאַסן־קאַמף איז ניט קיין מצוה פֿון דער תּורה, וואָס גאָט האָט געבאָטן, נאָר אַ זאַך, וואָס עקזיסטירט. אונדזער געזעלשאַפֿט באַשטייט פֿון קלאַסן מיט קעגנגעזעצטע אינטערעסן, און עס איז נאַטירלעך און אומפֿאַרמיידלעך, אַז זיי זאָלן אָנפֿירן אַ קאַמף. און אַט דער קלאַסן־קאַמף איז איינע פֿון די וויכטיקסטע טרייב־קרעפֿטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָפּצושאַפֿן די איצטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט.

און ווען מיר שטייען אויף דעם שטאַנדפּונקט פֿון קלאַסן־קאַמף און מיר זאָגן, אַז די אַרבעטער דאַרפֿן פּאָליטיש, פּונקט אַזוי ווי עקאָנאָמיש, זיין אָרגאַניזירט באַזונדער און האָבן זייער אייגענע פּאַרטיי און זייער אייגענע פּאָליטיק, מיינט עס ניט, אַז מיר זאָגן, אַז דער אַרבעטער דאַרף זיך האַלטן אָפּגעצאַמט און אָפּגעזונדערט פֿון אַלע אַנדערע טיילן פֿון דער געזעלשאַפֿט. ער קען עס ניט, אַפֿילו ער זאָל עס וועלן. ער מוז גיין אין דעם זעלביקן טעאַטער, אין די זעלביקע מוזעאומס, וואו די בורזשואַזיע גייט און ער מוז שיקן זיינע קינדער אין די זעלביקע שולן, וואו די בורזשואַזיע שיקט אירע קינדער. און אויב אַזוי, האָט ער אין זיי פּונקט אַזאַ אינטערעס ווי די בורזשואַזיע. און דאָס איז אַזוי ניט בלויז היינט, נאָר עס איז אַזוי געווען אויך אין די צייטן פֿון קאַרל מאַרקס. און איז דאָך קאַרל מאַרקס ניט געווען אַזאַ בטלן ווי יענער רוסישער ייד, וואָס איז געקומען אויף אַ וואָקזאַל און האָט געזען די אויפֿשריפֿטן „פֿאַר מענער" און „פֿאַר פֿרויען", האָט ער געפֿרעגט: „און וואו איז פֿאַר יידן?" האָט דאָך דער קלוגער, שאַרפֿזיניקער קאַרל מאַרקס, וואָס ווערט נאָך היינט באַטראַכט פֿאַר איינעם פֿון די געניאַלסטע גייסטער וואָס די מענטשהייט האָט אַרויסגעגעבן, ניט

געמיינט אָפּצוצאַמען דעם אַרבעטער־קלאַס אין אַ שטייגל, אַז ער זאָל מיט די אַנדערע קלאַסן פֿון דער געזעלשאַפֿט קיין מגע ומשא ניט האָבן.

נאָר זעט איר, ווען די אַרבעטער פֿאַנגען אָן פּראַווען חברותא מיט דער בורזשואַזיע און ווערן מיט איר נאָענטע שמעלקעס אין דעם נאָמען פֿון אַלגע־מיינע נאַציאָנאַלע אָדער שותּפֿותע אינטערעסן, דעמאָלט טויג עס פֿאַר די אַר־בעטער אויף כּפּרות. די אַרבעטער פֿאַרלירן דעמאָלט זייער אייגן פּנים און ווערן משרתים ביי דער בורזשואַזיע.

נאָר ווען מיר דעבאַטירן דאָ וועגן מאַרקסיזם, וועגן פּראַקטישקייט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועגן רעוואָלוציאָנערע פֿראַגן און ממשותדיקע טאַטן, וואָלט געווען אַ סך בעסער, אַז מיר זאָלן זיך אין אונדזערע דעבאַטן ווייניקער פֿאַרנעמען מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אייראָפּע און אָפּגעבן מער אויפֿמערקזאַמקייט צו אונדזער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

דאָרטן אין אייראָפּע מעג זיין אַ פֿראַגע וועגן דעם היינט און מאָרגן, ווייל דאָרטן האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג ניט בלויז אַ מאָרגן, נאָר שוין אויך אַ היינט. דאָרטן זיינען אפֿשר באַרעכטיקט קאָמפּראָמיסן צוליב דעם היינט. דאָרטן איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַרויס פֿון די ראָמען פֿון ווערטער און איז אַריין אין דער טיפֿער געדיכטעניש פֿון לעבן.

און נאָך אַ מאָל וועגן פּראַקטישקייט. וואָס איז אייגנטלעך דאָ אין אַמעריקע פּראַקטיש פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי? אפֿשר אַריינטרעטן אין אַ קאָ־אַליציע־רעגירונג, ווי דאָס האָט געטאָן די דייטשע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי? האָט ווער עס איז אונדז אָנגעבאָטן אַ קאָאַליציע? אין וואָס, אַלזאָ, זאָל דאָ באַשטיין אונדזער סאָציאַליסטישע פּראַקטישקייט? אָנגענומען, אַז פּראַקטישקייט מיינט באַלדיקע רעזולטאַטן. איך גלויב, אַז דאָס איז מייסטנס אַ גאַנץ אָרעמע פּראַקטישקייט. אָבער זאָל זיין, אַז פּראַקטישקייט מיינט באַלדיקע רעזולטאַטן. טאָ וואָס פֿאַר אַ זינד זאָלן מיר באַגיין קעגן מאַרקסיזם אָדער די אָנגענומענע פּרינציפּן פֿון סאָציאַליזם — צו האָבן דערפֿון באַלדיקע פּראַקטישע רעזולטאַטן? מיר קענען באַגיין בלויז זינד, אָבער קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן וועלן מיר פֿון זיי ניט האָבן. און זינדיקן און דערפֿון קיין הנאה ניט האָבן, איז דאָך געוויס ניט פּראַקטיש.

איך גלויב, אַז פֿאַר אונדז דאָ איז גראָד די אומפּראַקטישקייט פּראַקטיש. מיר קענען דאָ גיכער געווינען אָנהענגער פֿאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווען מיר וועלן זיין מער אויסגעהאַלטן מיט אונדזער סאָציאַליזם, ווען מיר וועלן זיין פּרינציפּיעלער. און איך גלויב, אַז מען דאַרף זיך ניט אָפּשרעקן פֿון דעם, וואָס די „פּראַקטישע" סאָציאַליסטן זאָגן אונדז, אַז די אַלע רייד וועגן פּרינציפּיעלן סאָציאַליזם זיינען געפֿליגלטע רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן.

פֿון דער געפֿליגלטער רעוואָלוציאָנערער פֿראַזע איז ניטאָ וואָס צו שפּאָטן. איך ווייס, אַז ווען אַ סאָציאַליסטישער רעדנער אויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג וויל אַרויסרופֿן אַפּלאָדיסמענטן — און אַלע רעדנער ווילן עס, — באַנוצט ער זיך מיט געפֿליגלטע רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן. מיט פּראָזאַאישע אָפּגעדראָשענע ניכ־טערע ווערטער, רופֿט מען ניט אַרויס קיין באַגייסטערונג ביים עולם. דער סאָציאַליזם איז אַ רעוואָלוציאָנערע אידייע, און אַ רעוואָלוציאָנערע אידייע מוז

האָבן אַ רעוואָלוציאָנערע שפּראַך. באַזונדערס דאָ ביי אונדז, ווען מיר שטייען נאָך ביים אָנפֿאַנג, וואו אונדזער גאַנצע סאָציאַליסטישע טעטיקייט דריקט זיך פֿאַרלויפֿיק אויס בלויז אין אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.

מיר דאַרפֿן געווינען דאָ די יוגנט פֿאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זי מוז מען געווינען מיט פּאַטעטישע פֿאַנטאַזיעס. פֿאַר איר מוז מען האָבן די געפֿליגלטע רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן. אַז זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי שוין אַליין אויסגעפֿינען, וויפֿל עס איז פּאָעזיע און וויפֿל עס איז פֿראַזע.

1930



## קען מען שוין איצט איינפֿירן סאָציאַליזם אין אַמעריקע?

אונטער דעם וואָרט סאָציאַליזם פֿאַרשטייען מיר אַ געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג, וואו אַלע מענטשן זאָלן זיין עקאָנאָמיש און סאָציאַל גלייך און וואו איינער זאָל ניט קענען עקספּלואַטירן דעם צווייטן. כדי אַזאַ אָרדנונג זאָל קענען עקזיסטירן מוז אָפּגעשאַפֿט ווערן פּריוואַט אייגנטום און איינגעפֿירט ווערן קהלש אייגנטום.

סאָציאַליזם האָט ניט בלויז דעם צוועק איינצופֿירן אַ גערעכטערע און מער יושרדיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג, נאָר אויך אַזעלכע, וואו די מענטשן זאָלן לעבן בעסער און צופֿרידענער. עס פֿאָדערט זיך דעריבער פֿאַר דער איינפֿירונג פֿון סאָציאַליזם אַ הויך אַנטוויקלטע אינדוסטריע און אַ זייער פֿאַרגעשריטענע טעכניק, כדי עס זאָל מעגלעך זיין צו שאַפֿן גענוג פּראָדוקטן, אַז אַלע מענטשן זאָלן קענען לעבן אין קאָמפֿאָרט און אין באַקוועמלעכקייט.

די עקאָנאָמישע גלייכהייט, וואָס דער סאָציאַליזם באַצוועקט, איז ניט קיין גלייכהייט פֿון אָרעמקייט, נאָר אַ גלייכהייט פֿון רייכקייט. עס מיינט, אַז ניט אַלע מענטשן זאָלן זיך גלייך טיילן מיט דער אָרעמקייט און אַלע זאָלן לעבן גלייך אָרעם, נאָר זיי זאָלן זיך גלייך טיילן מיט דער רייכקייט און אַלע זאָלן לעבן גלייך רייך.

רייכקייט מיינט קאָמפֿאָרט און באַקוועמלעכקייט, וואָס מענטשלעכע הענט און מענטשלעכע טעכניק שאַפֿן. דער ציל פֿון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע און פֿון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג איז צו שאַפֿן וואָס מער קאָמפֿאָרט, וואָס מער באַקוועמלעכקייט, אַז די מענטשן זאָלן קענען לעבן בעסער, אַנגענעמער, געזינטער, לענגער, און צופֿרידענער.

איז מעגלעך שוין איצט איינצופֿירן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט אין אַמעריקע?

לויט דער אינדוסטריעלער און טעכנישער אַנטוויקלונג פֿון אַמעריקע איז דאָס פֿולשטענדיק מעגלעך.

אין אַמעריקע איז די אינדוסטריע און טעכניק אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז ניט בלויז קען מען דאָ פּראָדוצירן די נויטווענדיקע לעבנס-מיטלען אין אַ פֿולער מאָס, וואָס זאָלן זיין גענוג פֿאַר אַלעמען, נאָר אַפֿילו די אַזוי גערופֿענע לוקסוס-אַר-

טיקלען קענען געשאַפֿן ווערן אין אַ געניגנדער מאָס, אַז אַלע זאָלן זיך קענען מיט זיי באַנוצן.

אַמעריקע האָט היינט די מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן פֿאַרשיידענע שפּייזן און גוטע שפּייזן אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז אַלע זאָלן קענען עסן צו זאַט. אַמעריקע האָט גענוג ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפֿל, פֿלייש, פֿיש, פֿאַרשיידענע פֿרוכטן און גרינסן צו שפּייזן ניט בלויז איר איצטיקע באַפֿעלקערונג, נאָר אויך ווען איר באַפֿעלקערונג וועט ווערן פֿיל גרעסער.

די אַמעריקאַנער וועבערייען קענען פּראָדוצירן גענוג וואָלן־שטאָף, באַוול־שטאָף, זיידן־שטאָף, וואָס זאָל זיין גענוג צו קליידן די גאַנצע אַמעריקאַנער באַפֿעלקערונג פֿון דעם בעסטן און דעם שענסטן. און די באַקליידונגס־אינדוסטריע איז אין אַמעריקע אַזוי הויך אַנטוויקלט אַז זי קען צוגרייטן קליידער פֿאַר דער גאַנצער אַמעריקאַנער באַפֿעלקערונג פֿאַר אַלע צייטן פֿון יאָר.

די בוי־טעכניק פֿון אַמעריקע האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופֿע פֿון אַנט־וויקלונג, אַז מען קען דאָ בויען די בעסטע געראַמסטע און באַקוועמסטע וואוי־נונגען פֿאַר דער גאַנצער באַפֿעלקערונג. און עס זיינען פֿאַראַן אין לאַנד גענוג בוי־מאַטעריאַלן מיט וואָס צו בויען.

די אויטאָמאָביל־אינדוסטריע איז אין אַמעריקע אַזוי גרויס אויסגעוואַקסן, אַז עס איז שוין היינט מעגלעך, אַז יעדע פֿאַמיליע זאָל האָבן אַן אויטאָמאָביל.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די ראַדיאָ־אינדוסטריע קען באַזאָרגן יעדע וואוינונג אין אַמעריקע מיט אַ ראַדיאָ.

אין קורצן, אַמעריקע איז מיט איר אינדוסטריע און מיט איר טעכניק פֿול־שטענדיק צוגעגרייט צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג.

איז עס אָבער אַ פֿראַגע, אויב מען קען איינפֿירן אין איין לאַנד סאָציאַליזם, בעת אין די אַנדערע לענדער הערשט נאָך דער קאַפּיטאַליזם.

די דאָזיקע פֿראַגע איז לאַנג און ברייט דיסקוטירט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד. טראָצקי האָט געזאָגט, אַז מען קען ניט, און סטאַלין האָט געזאָגט, אַז מען קען. אָבער דאָס איז געווען אַ שטרייט, וואָס האָט פֿריער ווי אַלץ געהאַט צו טאָן מיט סאָוועט־רוסלאַנד. די פֿראַגע איז געווען אויב מען קען אין סאָוועט־רוסלאַנד איינפֿירן סאָציאַליזם, בעת אין די אַנדערע לאַנדער הערשט דער קאַ־פּיטאַליזם. סאָוועט־רוסלאַנד מוז אָנקומען צו די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַז זיי זאָלן איר העלפֿן אַנטוויקלען איר אינדוסטריע און איר טעכניק. סאָוועט־רוסלאַנד מוז קויפֿן אַ סך זאַכן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. זי מוז קויפֿן מאַשינען און געצייג און זי מוז אַפֿילו קויפֿן אינזשעניערן און טעכניקער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. און כדי צו האָבן מיט וואָס צו קויפֿן אין די קאַ־פּיטאַליסטישע לענדער, מוז זי אַ סך זאַכן פֿאַרקויפֿן צו די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט מען אָנגעפֿאַנגען איינצופֿירן דעם סאָציאַליזם, ווען דאָס לאַנד איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט דערצו. די אינדוסטריע איז גע־ווען ניט אַנטוויקלט און די טעכניק איז דאָרט געווען אין גאַנצן צוריקגעשטאַנען. אין רוסלאַנד האָט מען אויף אַזאַ אופֿן געקענט בלויז איינפֿירן אַן אָרדנונג פֿון גלייכער אָרעמקייט פֿאַר אַלעמען, אַ געזעלשאַפֿט, וואו אַלע הונגערן גלייך און

אַלע לײדן נויט צוגלײך. דאָס איז ניט קײן סאָציאַליזם. און אויף װיפל דאָס איז אַ הקדמה צו סאָציאַליזם, איז עס אַ שלעכטע הקדמה. סאָװעט־רוסלאַנד מוז דעריבער אָנקומען צו די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַז זי זאָל קענען אַנטװיקלען בײ זיך די אינדוסטריע און די טעכניק, כּדי זי זאָל זײן צוגעגרײט װי נויטיק אײנצופירן דעם סאָציאַליזם.

און פאַר סאָװעט־רוסלאַנד האָט געקענט זײן נאָך אַ פראַגע: סאָװעט־רוסלאַנד גרענעצט זיך מיט גרויסע, שטאַרקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אָדער איז נאָענט צו זײ, און מען האָט געקענט טראַכטן, אַז אָט די לענדער װעלן, כּדי צו זיכערן זײער קאַפּיטאַליסטישע עקזיסטענץ, אָננעמען מיטלען צו אונטערדריקן דעם סאָװעטישן סאָציאַליזם. און פון דעם האָט מען געקענט קומען צו דעם שלוס, אַז אין סאָװעט־רוסלאַנד װעט קענען אײנגעפירט װערן סאָציאַליזם בלויז װען אויך אין די אַנדערע לענדער, װײניקסטנס אין די נאָענטסטע אײראָפּעאישע לענדער, װעט אײנגעפירט װערן סאָציאַליזם. און עס זעט אויס, אַז טראָצקי האָט אויך געמאַכט אַ טעות װעגן רוסלאַנד. װערט דאָך דער סאָציאַליזם געבויט אין רוסלאַנד, װען אַפילו דער װעג און די מעטאָדן האָבן געדאַרפט זײן אַנדערע.

אָבער אַלץ, װאָס איז געזאָגט געװאָרן װעגן סאָװעט־רוסלאַנד, קען ניט אָנגעװענדט װערן צו אַמעריקע. די באַדינגונגען זײנען דאָ אין גאַנצן אַנדערש. אַמעריקע דאַרף ניט אָנקומען צו דער הילף פון אַנדערע לענדער, װײל זי האָט אײגענע אַנטװיקלטע אינדוסטריעס. אַמעריקע גרענעצט זיך אויך ניט מיט אַנדערע גרויסע, שטאַרקע לענדער. זי איז אָפּגעטײלט פון זײ מיט אַ גרויסן, ברײטן ים.

װען מען נעמט די פראַגע אין אַלגעמײן, אויב מען קען אין אײן לאַנד אײנפירן סאָציאַליזם, בעת אין די אַנדערע לענדער עקזיסטירט נאָך דער קאַפּיטאַליזם, קען נאָר זײן אײן ענטפער: געװיס קען מען!

עס איז דאָך אײנפאַך אַן אומזין צו דענקען, אַז דער סאָציאַליזם װעט אײנגעפירט װערן אין אײן צײט אין אַלע לענדער פון דער װעלט. ענגלאַנד,למשל, װעט דאַרפן װאַרטן מיט אײנפירן סאָציאַליזם ביז סיאַם װעט זײן גרײט, און דײטשלאַנד װעט דאַרפן װאַרטן ביז אַביסיניע װעט דערגרײכן די נויטיקע שטופע פון אַנטװיקלונג, און אַמעריקע װעט גאָרניט קענען טאָן מיטן סאָציאַליזם אויב ליבעריע װעט בלײבן קאַפּיטאַליסטיש.

געװיס זײנען דאָ אויסגעקליבן געװאָרן גרויסע עקסטרעמען — פון אײן זײט ענגלאַנד, דײטשלאַנד און אַמעריקע, און פון דער אַנדערער זײט סיאַם, אַביסיניע און ליבעריע, אָבער דער רעזולטאַט װעט זיך װײניק ענדערן, װען מען זאָל אַפילו ניט נעמען אַזעלכע עקסטרעמען. עס װעט זײן דאָס זעלביקע, װען מען זאָל זאָגן, אַז סאָציאַליזם איז מעגלעך בלויז װען ער זאָל אײנגעפירט װערן מיט אַמאָל אין אַלע ציװיליזירטע לענדער.

ענגלאַנד און דײטשלאַנד שטײען אויף זײער אַ הויכער שטופע פון אינדוסטריעלער אַנטװיקלונג, בעת איטאַליע און פראַנקרײך זײנען נאָך אינדוסטריעל װײניק אַנטװיקלט. אין ענגלאַנד און אין דײטשלאַנד איז דער אַרבעטער־קלאַס דער גרעסטער קלאַס אין לאַנד, בעת אין איטאַליע און פראַנקרײך איז דער פויערים־קלאַס נאָך דער גרעסטער אין לאַנד. און אויב מען קען אין אײן לאַנד

ניט איינפירן קיין סאָציאַליזם, ווען אין די אַנדערע הערשט נאָך דער קאַפּיטאַ־ליזם, דאַן וועט ענגלאַנד און דייטשלאַנד מוזן וואַרטן מיט זייער סאָציאַליזם ביז איטאַליע און פראַנקרייך וועלן זיין גרייט. און ווען איטאַליע און פראַנקרייך וועלן זיין גרייט, וועלן זיי מוזן וואַרטן ביז פוילן און רומעניע אָדער בולגאַריע און סערביע וועלן זיין פאַרטיק. עס קומט, אַלזאָ, אַרויס דער זעלביקער אומזין.

הייסט עס, אַלזאָ, אַז מען קען איינפירן אין אַמעריקע סאָציאַליזם שוין אַפילו היינט?

יאָ, ווען עס וואָלט נאָר אָפּגעהאַנגען פון דער אינדוסטריעלער און טעכנישער אַנטוויקלונג. אָבער מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז פון זיך אַליין קען דער סאָציאַליזם ניט איינגעפירט ווערן, ווי שטאַרק די אינדוסטריע און די טעכניק פון לאַנד זאָלן ניט זיין אַנטוויקלט. עס מוז זיין אַן אָרגאַניזירטע אַרבעטער־שאַפט, וואָס זאָל קעמפן פאַרן סאָציאַליזם. עס מוז זיין אַ גרויסע סאָציאַליס־טישע באַוועגונג אין לאַנד וואָס זאָל אָנפירן אַ קאַמף פאַרן סאָציאַליזם.

אַמעריקע האָט טאַקע אַ גרויסן אַרבעטער־קלאַס און ווען מען רעכנט אַריין אַלע וואָס אַרבעטן פאַר שכירות אין דעם אַרבעטער־קלאַס, דאַן האָט ער אַ גרויסע מערהייט אין לאַנד. אָבער די אַרבעטער אין אַמעריקע זיינען ניט פּאָליטיש אָרגאַניזירט און זיינען ניט סאָציאַליסטיש דערצויגן.

עס זיינען פאַראַן אַ גאַנצע ריי סיבות פאַר וואָס די אַמעריקאַנער אַרבעטער זיינען ניט סאָציאַליסטיש. די וויכטיקסטע סיבה איז, וואָס אין אַמעריקע איז נאָך ביז ניט לאַנג צוריק געווען פיל לייכטער ווי אין אַנדערע לענדער אַריבערצוגיין פון אַרבעטער־קלאַס אין בורזשואַזן קלאַס, און דאָס האָט געשטערט, אַז ביי די אַמעריקאַנער אַרבעטער זאָל זיך אַנטוויקלען אַ קלאַסן־באַוואוסטזיין. אָבער די פאַקטן ווערן ניט געענדערט דערמיט, וואָס מען ווייס זייערע סיבות. עס בלייבט דער פאַקט, אַז פאַרלויפיק זיינען די אַרבעטער אין אַמעריקע נאָך ניט סאָציאַליסטיש און זיי זיינען נאָך ניט גרייט אָנצופירן קיין קאַמף פאַרן סאָ־ציאַליזם.

וואָס איז שייך צו דער אינדוסטריעלער און טעכנישער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע, איז זי פולשטענדיק צוגעגרייט פאַר אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער די סאָציאַליסטן אין אַמעריקע זיינען נאָך ווייט ניט צוגעגרייט איינצופירן דעם סאָציאַליזם. עס פעלן זיי נאָך די כוחות דערצו.

אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון אַמעריקע זיינען אָבער די לעצטע יאָרן פאָרגעקומען געוואַלדיק גרויסע ענדערונגען און זיי מוזן האָבן אַ ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. עס וועט דויערן אַ ביסל צייט ביז די ווירקונג וועט זיך אָנפאַנגען פילן, אָבער קיינער קען ניט צווייפלען, אַז עס וועט קומען. עס איז גענוג שוין דאָס אַליין, וואָס דער איבערגאַנג פון אַרבעטער־קלאַס צום בורזשואַזן קלאַס איז געוואָרן אומפאַר־גלייכלעך שווערער און עס מוז זיך דעריבער גיכער אָנפאַנגען אַנטוויקלען ביי די אַמעריקאַנער אַרבעטער אַ קלאַסן־באַוואוסטזיין. און אַזוי ווי אַמעריקע האָט אין אַ סך זאַכן ניט נאָר גיך אָנגעיאָגט די אייראָפּעישע לענדער נאָר אויך זיי גיך איבערגעיאָגט, האָבן מיר אַ גרונט צו האָפן, אַז דאָס וועט אויך אַזוי זיין מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

1932

# די בויער פֿון דער פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע — איינע פֿון די גרעסטע אינדוסטריעס אין אַמעריקע

(צו דעם 50יעריקן יובילײ פֿון דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן אין 1935)

## 1. דער ערשטער „קלאָוקס אָפּערייטאָר"

ווען האָט זיך באַוויזן אין אַמעריקע דער ערשטער קלאָוקס אָפּערייטאָר, עס הייסט אַ דאַמסקער מאַנטל־שניידער, וואָס נייט בלויז מיט דער מאַשין?

אויף ריינעם יידיש דאַרף מען אַ „קלאָוקס אָפּערייטאָר" רופֿן אַ „דאַמסקער מאַנטל שטעפּער". אָבער עס וועט ניט העלפֿן אונדזער רופֿן. מען וועט אונדז ניט פֿאָלגן. די נעמען פֿון די אַרבעטער אין דער קלאָוק אינדוסטריע זיינען אַזוי גוט ווי קאַנאָניזירט געוואָרן. מען זאָגט „קלאָוקס אָפּערייטאָר", „פֿינישער", „פּרעסער" און „קאַטער" (צושניידער). און איך מוז זיך ביי די נעמען האַלטן.*

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער קלאָוקס אָפּערייטאָר האָט ניט געקענט קומען פֿריער ווי די ניי־מאַשין, וועלכע האָט זיך באַוויזן אין אַמעריקע אין יאָר 1846. אָבער ער איז דאָך ניט געקומען צוגלייך מיט דער ניי־מאַשין. ער איז געקומען אַ רעכט ביסל שפּעטער ווי די ניי־מאַשין.

אויב עלטער איז אַ יחוס, מוז מען צוגעבן, אַז די האַנט־שניידער, די פֿי־נישערס, זיינען די גרעסטע מיוחסים. האַנט־שניידעריי איז לויטן חומש געווען די ערשטע מלאכה אויף דער וועלט. דאָס וואָרט „נייען" געפֿינט זיך שוין אין דעם דריטן קאַפּיטל פֿון חומש. עס הייסט, אַז ווי אדם און חוה זיינען געקומען צום שכל און האָבן אָנגעפֿאַנגען צו פֿאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן גוט און שלעכט, האָבן זיי זיך גענומען צו שניידעריי... נאָר עס האַנדלט זיך ניט וועגן יחוס, נאָר וועגן דעם ווי אַזוי עס איז אויפֿגעקומען די מלאכה פֿון דעם קלאָוק־אָפּערייטאָר אין אַמעריקע און ווי אַזוי זי האָט זיך אַנטוויקלט.

די ניי־מאַשין איז פֿון אָנפֿאַנג אייגנטלעך געווען ניט מער ווי אַ הילף פֿאַר דעם האַנט־שניידער. די ערשטע ניי־מאַשינען זיינען געווען וויית ניט דאָס, וואָס די היינטיקע. אַחוץ דעם, וואָס זיי האָבן ניט אַזוי גלאַט געאַרבעט, פֿלעגן היפּן שטעך, רייסן פֿאָדים און ברעכן נאָדלען, פֿלעגן זיי אָפֿט זיך אין גאַנצן אָפּ־שטעלן און ניט וועלן שטעפּן. נאָר מיר געפֿינען דאָך אין דער געשיכטע פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע, אַז אין יאָר 1849 האָט אַ גרויסער פֿאַבריקאַנט אין ניו־יאָרק איינגעפֿירט ניי־מאַשינען צו פֿאַבריצירן פֿרויען־קליידער און פֿרויען־מאַנטלען און ער איז געווען גאַנץ דערפֿאָלגרייך. אים האָט דערביי אויך אָפּגעגאָלטן, וואָס אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן אַרויס־גיין פֿון דער מאָדע די שאַלן און טיכער, וואָס פֿרויען פֿלעגן טראָגן, און עס זיינען אַריין אין דער מאָדע פּעלערינעס, זשאַקעטן און מאַנטלען.

אָבער קיין קלאָוק־אָפּערייטאָרס זיינען דאָך נאָך אַלץ ניט געווען. די אַרבעט איז, אמת, געווען אַ געטיילטע, מען האָט איר איינגעטיילט אין פֿיר טיילן: שניידן, שטעפּן, נייען און פּרעסן; אָבער די שניידעריי פֿון פֿרויען־קליידער איז נאָך אַלץ געלעגן הויפּטזעכלעך אין די הענט פֿון פֿרויען.

---

* אין לאָנדאָן פֿלעגט מען אַמאָל רופֿן אַן אָפּערייטאָר „אַ שניידער אויף אַ מאַשין", שפּעטער — „אַ מאַשינער".

די פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע אין אַמעריקע איז אין אַלגעמיין נאָך ניט קיין איבעריקס אַלטע. זי האָט זיך ברייט אַנטוויקלט ערשט אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט. געווען אַ צייט אין אַמעריקע, ווען גוטע דריי־פֿערטל פֿון די פֿרויען־קליידער פֿלעגן געמאַכט ווערן פֿון די, וואָס פֿלעגן זיי טראָגן. דאָס איז געווען אין דער צייט פֿון פּרעזידענט דזשאַרדזש וואַשינגטאָן, ווען ניין־צענטל פֿון דער אַמעריקאַנער באַפֿעלקערונג האָבן געלעבט אויף פֿאַרמס און אין דערפֿער. די מייסטע פֿרויען פֿון די פֿאַרמערס זיינען געווען גוטע באַלעבאָסטעס און פֿלעגן ניט נאָר נייען זייערע אייגענע קליידער נאָר זיי פֿלעגן אויך נייען די קליידער פֿאַר זייערע מענער און קינדער. די רייכערע פֿרויען פֿלעגן לאָזן מאַכן זייערע קליידער ביי שניידער, וואָס פֿלעגן אַרבעטן ביי זיך אין הויז, און די גאַנץ רייכע פֿלעגן קויפֿן קליידער, וואָס פֿלעגן אימפּאָרטירט ווערן פֿון לאָנדאָן און פּאַריז.

די פֿאַבריקאַציע פֿון פֿרויען־קליידער, עס הייסט פֿאַרטיקע קליידער צום פֿאַרקויף, האָט זיך אָנגעהויבן אין אַמעריקע שפּעטער ווי די פֿאַבריקאַציע פֿון מענער־קליידער. וואָרשטאָטן, וואו מען האָט געמאַכט פֿאַרטיקע מענער־קליידער, זיינען שוין אין אַמעריקע געווען אין אָנהויב פֿון די דרייסיקער יאָרן פֿון ניינ־צעטן יאָרהונדערט. עס זיינען שוין דאָ באַריכטן וועגן זיי פֿון יאָר 1831. וועגן דער פֿאַבריקאַציע פֿון פֿאַרטיקע פֿרויען־קליידער האָבן מיר ערשט באַריכטן פֿון יאָר 1840. עס זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּראָבעס צו פֿאַבריצירן דאַמען־מאַנטלען (קלאָוקס) און אויב עס איז נויטיק אַ דאַטע פֿאַר אַ הונדערט־יעריקן יובילעאום פֿון דער קלאָוק־אינדוסטריע אין אַמעריקע, קען מען מיט רעכט באַשטימען דאָס יאָר 1940 פֿאַר דעם צוועק. נאָר עס וועט דאָך זיין מער אַ טע־אָרעטישע דאַטע ווי אַ פּאַקטישע, ווייל דאָס פֿאַקטישע פֿאַבריצירן פֿון קלאָוקס האָט זיך ערשט געקענט אָנהויבן, ווען די ניי־מאַשין איז געקומען אויף דער וועלט און מען וועט דעריבער דעם דערמאָנטן הונדערט־יעריקן יובילעאום דאַרפֿן אָפּלייגן ביז צום יאָר 1946 אָדער אפֿשר 1947. דער „אפֿשר" נעמט זיך דערפֿון, וואָס אין אַ באַריכט וועגן דער אינדוסטריע פֿון דער שטאָט פֿילאַדעלפֿיע, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1857, ווערט אויך דערמאָנט דאָס פֿאַבריצירן פֿון קלאָוקס און עס ווערט דאָרטן דערביי באַמערקט, אַז דאָס פֿאַבריצירן פֿון קלאָוקס אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ יאָר צען צוריק.

נאָר פֿון די אַלע באַריכטן ווייסן מיר נאָך אַלץ ניט גענוי, ווען עס האָט זיך באַוויזן דער ערשטער קלאָוק־אָפּערייטאָר אין אַמעריקע, עס הייסט, ווען עס איז באַשאַפֿן געוואָר אָט־דער מין שניידער, וואָס שטעפּט ב ל ו י ז מיט דער מאַשין.

עס איז שוין פֿריער באַמערקט געוואָרן, אַז אין די ערשטע יאָרן פֿון דער פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע אין אַמעריקע זיינען געווען גאַנץ ווייניק מענער אין איר באַשעפֿטיקט. אַפֿילו נאָך אין 1860, ווען די פֿאַבריקאַציע פֿון קלאָוקס האָט שוין אָנגעהויבן ווייזן צייכנס פֿון אַ שנעל־וואַקסנדיקער אינדוסטריע; ווען עס זיינען לויט דער דעמאָלטדיקער פֿאָלקס־ציילונג, געווען איבערן לאַנד 96 קלאָוק־שעפּער, וועלכע האָבן פּראָדוצירט פֿאַר דער סומע פֿון 2 מיליאָן 261 טויזנט און 546 דאָלער, זיינען נאָך אויך געווען גאַנץ ווייניק מענער באַשעפֿטיקט ביי קלאָוקס. אין די 13 קלאָוק־שעפּער פֿון ניו־יאָרק האָבן געאַרבעט 379 פֿרויען

און בלויז 18 מענער. אין די 10 קלאָוק־שעפּער פון באָסטאָן האָבן געאַרבעט 273 פרויען און 12 מענער. אין גאַנצן זיינען אין 1860 אין די קלאָוק־שעפּער פון אַמעריקע געווען באַשעפטיקט 5379 אַרבעטס־הענט און פון זיי זיינען געווען 4850 פרויען און בלויז 529 מענער.

און אַפילו אין 20 יאָר אַרום, אין 1880, ווען די קלאָוק־אינדוסטריע איז שוין געווען באַדייטנד אויסגעוואַקסן און האָט באַשעפטיקט 25 טויזנט און 192 אַרבעטס־הענט, האָבן נאָך אַלץ וויניק מענער געאַרבעט ביי קלאָוקס. אין גאַנצן ניט מער, ווי 2,839.

פון פאַרשיידענע באַריכטן וועגן דער קלאָוק־אינדוסטריע קען מען זען, אַז מען האָט שוין גאַנץ פרי, כמעט באַלד אין אָנהויב פון איר אַנטשטיין, אָנגע־הויבן שפּאַלטן די אַרבעט אין באַזונדערע טיילן, אָבער די טיילונג איז אין אַל־געמיין געווען ניט קיין שטרענגע אַפילו אין די גרעסטע שעפּער. ניט בלויז די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער מאַשין, האָבן געקענט די גאַנצע מלאכה פון שניידעריי, נאָר אַפילו אויך די, וואָס האָבן געאַרבעט ביים צושניידן. מייסטנס זיינען עס געווען פראַנצויזישע שניידערינס, וואָס פלעגן צייכענען און צושניידן, אָבער זיי פלעגן אויך נייען, ווען זיי האָבן געהאַט צייט און עס איז געווען נוי־טיק. אַזוי איז עס אויך געווען מיט די שניידערינס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער ניי־מאַשין.

אין דער געשיכטע פון דער קלאָוק־אינדוסטריע אין אַמעריקע פאַרנעמט דער נאָמען מאַיער דזשאָנאַסאָן אַ פּלאַץ אויבן אָן. ער האָט אין יאָר 1874 אָנגע־הויבן אין ניו־יאָרק פאַבריצירן קלאָוקס אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. און עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז שוין אין יאָר 1860 זיינען געווען גאַנץ גרויסע קלאָוק־שעפּער. אין ניו־יאָרק איז שוין דעמאָלט געווען אַ קלאָוק־שאָפּ, וואָס האָט באַשעפטיקט הונדערט מיידלעך און צוויי שעפּער, וואָס האָבן באַשעפטיקט צו 75 מיידלעך. שפּעטער, צווישן די יאָרן 1870 און 1880, זיינען די קלאָוק־שעפּער געוואָרן באַדייטנד גרעסער. און איינער פון די גרויסע שעפּער איז געווען דזשאָנאַסאָנס, אָבער אויך ביי אים זיינען געווען באַשעפטיקט, מיט וויניק אויסנאַמען, פרויען־הענט. דאָך, אויב מען קען ניט געפינען קיין גענויע דאַטע, ווען עס האָט זיך באַוויזן דער ערשטער קלאָוק־אָפּערייטאָר אין אַמעריקע, קען מען אָבער דאָך זאָגן, אַז די צייט איז געווען אומגעפער אין דעם אָנהויב פון מאַיער דזשאָנאַסאָן־פּעריאָד, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פאַרגרעסערטע יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע און עס זיינען געקומען יידישע שניידער פון אונגאַרן, גאַליציע און טיילווייז אויך פון רוסלאַנד. און אפשר קען מען עס פאַרבינדן דערמיט, וואָס אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן מענער־צושניידער אין די קלאָוק־שעפּער. דאָס איז געווען אין יאָר 1876, ווען דער שנייד־מעסער איז דערפונדן געוואָרן און די אַרבעט פון צושניידן איז געוואָרן שווער פאַר פרויען. מיט דער שער פלעגט מען ניט קענען שניידן מערערע מאַנטלען מיט אַמאָל, מען פלעגט זיי שניידן מייסטנס איינציקווייז, אָדער צוויי צי דריי מיט אַמאָל. אָבער מיט דעם שנייד־מעסער האָט מען געקענט שניידן מערערע מיט אַמאָל. מען האָט געקענט אַרויפלייגן אַ סך שטיקער סחורה איינע אויף די אַנדערע און שניידן. דאָס איז געוואָרן פאַר די פרויען אַ צו שווערע אַרבעט. עס האָט זיך

שוין בעסער געלוינט פֿאַר די באַלעבאַטים צו באַשעפֿטיקן מענער ביי דער אַרבעט, ווען זיי האָבן זיי אַפֿילו געדאַרפֿט צאָלן אַ ביסל מער.

די פֿאַרגרעסערטע אימיגראַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן און וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל יידישע שניידער, האָט געשאַפֿן אַ צושטאַנד, אַז עס האָט זיך פֿאַר די קלאָוק־מאַנופֿעקטשורערס בעסער געלוינט צו עקספּלואַטירן מענער־אַרבעט איידער פֿרויען־אַרבעט. מען האָט דעם אימיגראַנט אי ווייניק געצאָלט, אי מען האָט פֿון אים אַרויסגעקראָגן מער אַרבעט. דערצו האָבן די מענער־אַרבעטער געהאַט פֿאַר די באַלעבאַטים די גרויסע מעלה, וואָס זיי זיינען געווען צו זיי מער געבונדן און שטענדיק אָנגעוויזן אויף דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן זיי געגעבן. די באַלעבאַטים האָבן אויף אַזאַ אופֿן געהאַט אין די מענער־אַרבעטער שטענדיקע אַרבעטס־הענט, דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט אין די מיידלעך, וועלכע האָבן ביי זיי געאַרבעט. די מיידלעך זיינען ניט געווען קיין שטענדיקע אַרבעטס־הענט אין שאַפּ. זיי זיינען געווען בלויז צייטווייליק. ווי אַ מיידל האָט נאָר געקראָגן אַ גוטן אויסזיכט חתונה צו האָבן, איז זי גלייך אַוועק פֿון שאַפּ. ס'איז לייכט צו פֿאַרשטיין אַז פֿאַר די באַלעבאַטים איז דאָס געווען אַ גרויסע אומבאַקוועמלעכקייט. די אַר־בעטס־הענט אין זייערע שעפּער פֿלעגן זיך כסדר האַלטן אין בייטן, און מען פֿלעגט שטענדיק דאַרפֿן האָבן צו טאָן מיט „איינברעכן" נייע הענט. עס האָט זיך דעריבער פֿאַר זיי אַ סך בעסער געלוינט אָנצושטעלן מענער־אַרבעטער, ווען זיי האָבן נאָר זיי געקענט קריגן פֿאַר אַ ביליקן פּרייז, און אַט די מעגלעכקייט האָט זיי די פֿאַרגרעסערטע אימיגראַציע געגעבן.

נאָר מיר האָבן נאָך אַלץ ניט דעם קלאָוק־אָפּערייטאָר, וואָס קען בלויז שטעפּן מיט דער מאַשין אָבער קען אַ נאָדל אין האַנט ניט האַלטן. די מענער־אַרבעטער, וואָס האָבן פֿאַרנומען אין די קלאָוק־שעפּער דעם פּלאַץ פֿון די מיידלעך, זיינען געווען שניידער פֿון דער היים, ווי מען זאָגט עס, זיי האָבן געקענט די גאַנצע מלאכה פֿון א' ביז ת'. ערשט שפּעטער איז געקומען דער קלאָוק־אָפּערייטאָר, וואָס קען ניט נייען מיט דער האַנט. דאָס זיינען די, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „קאָלומבוסעס שניידער". זיי האָבן זיך עס געלערנט די מלאכה אין אַמעריקע. אין דער אַלטער היים האָבן זיי אַ נאָדל קיינמאָל אין האַנט ניט געהאַלטן. און דאָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. עס איז אַריינ־געקומען אַ נייער טיפּ אַרבעטער אין דער קלאָוקס־אינדוסטריע און ער האָט ביז אַ געוויסן גראַד אַרויפֿגעלייגט זיין שטעמפּל ניט בלויז אויף דער יוניאָן פֿון די קלאָוקס־אָפּערייטאָרס, נאָר אויף דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער גאַנצער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

אָט דער נייער מין קלאָוקס־אָפּערייטאָר, דער „קאָלומבוסעס שניידער", איז געשאַפֿן געוואָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַנטוויקלען דער קאָנטראַקטאָר סיסטעם און דער „אויסנווייניקסטער שאַפּ" (אַוטסאַיד שאַפּ) אין דער קלאָוק־אינדוסטריע.

## 2. די באַשאַפֿונג פֿון „קאָלומבוסעס שניידער"

די סיסטעם פֿון קאָנטראַקטאָרס איז אין דער קלאָוק־אינדוסטריע איינגע־פֿירט געוואָרן גלייך אין אָנפֿאַנג פֿון איר אַנטוויקלונג. עס זיינען שוין געווען

„אויסנווייניקסטע שעפּער", עס הייסט שעפּער פֿון קאָנטראַקטאָרס, נאָך פֿאַרן יאָר 1880, ווען די קלאָוק־אינדוסטריע איז געווען אין די ערשטע יאָרן פֿון איר אַנטוויקלונג. דער „אינעווייניקסטער שאָפּ" (אינסאַיד שאַפּ), וועלכער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם ווערהויז, אָדער דעפּאַרטמענט סטאָר, וואו פֿאַרטיקע קלאָוקס זיינען פֿאַרקויפֿט געוואָרן, פֿלעגט אַרויסגעבן אַ טייל פֿון זיין אַרבעט צו אַ קאָנטראַקטאָר. מען פֿלעגט אויך אַרויסשיקן „געשניטענע אַרבעט", אין די קליינע שטעטלעך און דערפֿער לויט דער באַקאַנטער סיסטעם פֿון היים־אַרבעט. אָבער דאָס איז געווען אין אַ באַשרענקטער מאָס. און אין די ערשטע „אויסנווייניקסטע שעפּער" האָבן אויך געאַרבעט מייסטנס מיידלעך, ווי אין די „אינעווייניקסטע שעפּער". די סיסטעם פֿון קאָנטראַקטאָרס און פֿון די „אויסנווייניקסטע שעפּער" האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין אַ גרויסער מאָס נאָכן יאָר 1882, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער יידישער אימיגראַציע־שטראָם אין אַמעריקע.

ביז 1882 איז די יידישע אימיגראַציע געווען אַ קליינע. אַפֿילו אין יאָר 1881 זיינען אַריינגעקומען אין אַמעריקע בלויז 5,692 יידן. זי האָט אָבער אָנגעהויבן שטאַרק וואַקסן פֿון יאָר 1882, ווען עס זיינען שוין אַריינגעקומען איבער 13 טויזנט יידן און איז כּסדר אַזוי געוואַקסן פֿון יאָר צו יאָר. אין די זעקס יאָר פֿון 1881 — 1886 זיינען אַריינגעקומען 77,105 יידן און אין די נעקסטע זעקס יאָר פֿון 1887 — 1892 זיינען אַריינגעקומען 243,687.

און צוזאַמען מיטן וואוקס פֿון דער יידישער אימיגראַציע זעט מען טאַקע דעם וואוקס פֿון דער פֿרויען־קליידער־אינדוסטריע, פֿון וועלכער קלאָוקס פֿאַרנעמט דעם וויכטיקסטן פּלאַץ. אין די צען יאָר פֿון 1880 ביז 1890 איז דער ווערט פֿון פֿרויען־קליידער, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרן אין לאַנד, געשטיגן פֿון 32 מיליאָן דאָלער ביז 68 מיליאָן. די צאָל פֿון אַרבעטס־הענט איז פֿאַר דער זעלביקער צייט געשטיגן פֿון 25,192 ביז 39,149. און דאָס וויכטיקסטע אין אונדזער פֿאַל איז, וואָס די צאָל פֿון מענער־אַרבעטער אין דער אינדוסטריע איז געשטיגן פֿון 2,594 ביז צו 12963. און די גרעסטע צאָל פֿון זיי — 9858 — אין ניו־יאָרק. עס איז לייכט צו פֿאַרשטיין, אַז דער הויפּט־צואוואוקס איז געווען אין די קלאָוק־שעפּער. דאָס באַווייזט ווי דער וואוקס פֿון מענער־אַרבעט אין דער קלאָוק־אינדוסטריע איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיטן וואוקס פֿון דער יידישער אימיגראַציע.

די מענער־אַרבעט איז הויפּטזעכלעך געוואַקסן אין די קאָנטראַקטאָר־שעפּער אָדער „אויסנווייניקסטע שעפּער", ווי מען רופֿט זיי. באַזונדערס איז דאָס געווען דער פֿאַל אין ניו־יאָרק. די קאָנטראַקטאָרס זיינען געוויינלעך געווען רוסישע, פּוילישע, גאַליצישע און רומענישע יידן, וועלכע פֿלעגן מייסטנס אויסזוכן די אַרבעטער פֿאַר זייערע שעפּער צווישן זייערע גרינע לאַנדסלייט.

קיין גרויסע קאַפּיטאַלן צו ווערן אַ קלאָוקס־קאָנטראַקטאָר האָט מען דעמאָלט ניט באַדאַרפֿט. דער קאָנטראַקטאָר האָט בלויז באַדאַרפֿט דינגען וואו עס איז אַ קעלער, אַוועקשטעלן אַן אויוון פֿאַר די פּרעס אייזנס און קריגן ערגעץ פֿון אַ קלאָוק־מאַנופֿעקטשורער צוגעשניטענע „באַנדלעך" (בינטלעך) אַרבעט. אַנדערע האָבן אַפֿילו קיין קעלער ניט געדאַרפֿט דינגען. מען האָט דעם שאַפּ געמאַכט אין די פּאָר צימערלעך אין וועלכע מען האָט געוואוינט.

די נאָכפֿראַגע אויף פֿאַרטיקע קלאָוקס האָט אָנגעהויבן שנעל צו וואַקסן סיי צוליב דעם שנעלן וואוקס פֿון דער אַמעריקאַנער באַפֿעלקערונג און סיי צוליב דעם, וואָס די פּראָדוקציע איז געוואָרן פֿיל ביליקער. ערשטנס די ביליקע אימיגראַנטישע מענער־אַרבעט און, צווייטנס, די אויסבעסערונגען אין דער ניי־מאַשין. צוערשט דער איבערגאַנג פֿון דער האַנט־מאַשין צו דער פֿוס־טראָט־מאַשין. מיט דער האַנט מאַשין האָט דער שניידער ניט געקענט פֿיל פּראָדוצירן, ווייל ער האָט איין האַנט געדאַרפֿט האַלטן פֿאַרנומען מיט דרייען די מאַשינקע. זיין אַרבעט איז געוואָרן פֿיל פּראָדוקטיווער מיט דער איינפֿירונג פֿון דער פֿוס־טראָט־מאַשין. ער האָט איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט זיינע פֿיס און ביידע הענט זיינען אים געוואָרן פֿריי פֿאַר דער אַרבעט. זיין אַרבעט איז געוואָרן נאָך פּראָדוקטיווער, ווען די פֿוס־טראָט־מאַשין, אָדער „האַוז־האָלד״־מאַשין, ווי מען האָט איר גערופֿן, איז פֿאַרביטן געוואָרן אויף דער פֿוס־שוואונג־מאַשין, די „שאַראַר״־מאַשין, וועלכע איז געווען פֿיל פּראָדוקטיווער אין דער אַרבעט. די לעצטע אויסבעסערונג אין דער ניי־מאַשין האָט אויך טאַקע געפֿירט דערצו, אַז די מיידלעך זאָלן כמעט אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן ווערן פֿון דער אַרבעט ביי דער מאַשין. אויף דער „שאַראַר״־מאַשין איז געווען פֿאַר זיי שווערער און אומבאַקוועמער צו אַרבעטן. ביי דער „שאַראַר״־מאַשין האָבן די פֿיס פֿון דעם אָפּערייטאָר געדאַרפֿט אַרבעטן ווי ביי אַ שאָקל־וויג. זיי האָבן זיך כסדר געדאַרפֿט וואַרפֿן אַהער און צוריק. פֿאַר די פֿרויען, וואָס האָבן דעמאָלט געטראָגן לאַנגע קליידער, איז ניט געווען באַקוועם צו אַרבעטן מיט אָט־דער מאַשין.

די נאָכפֿראַגע אויף פֿאַרטיקע קלאָוקס איז אַזוי שנעל געוואַקסן, אַז די אימיגראַציע האָט ניט געקענט צושטעלן גענוג שניידערס. מען האָט דעריבער געמוזט נעמען אַזעלכע „גרינע״, וואָס זיינען ניט געווען קיין שניידערס אין דער היים און זיי מאַכן פֿאַר קלאָוקמאַכערס. מען האָט אָבער ניט געקענט נעמען לערנען נייען מיטן נאָדל, עס הייסט אמתע שניידעריי. דאָס איז אַ מלאכה, וואָס מען דאַרף זיך לערנען אַ לענגערע צייט. עס איז אָבער געווען לייכטער איינעם אויסצולערנען שטעפּן מיט דער מאַשין. און אָט אַזוי איז באַשאַפֿן געוואָרן דער „קאָלומבוסעס שניידער״.

דער „קאָלומבוסעס שניידער״ איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ ווי דער היימישער שניידער. ער איז צום גרעסטן טייל געקומען פֿון אַן אַנדער קלאַס, ווי דער היימישער שניידער.

מלאכה איז ביי ייִדן אַמאָל אין דער אַלטער היים געווען גאָר ניט קיין יחוס. אין די באַלעבאַטישע קרייזן האָט מען זיך מיט מלאכה איינפֿאַך געשעמט. באַלעבאַטישע ייִדן פֿלעגן זיך באַרימען, אַז אין זייער משפּחה, אַפֿילו צווישן ווייטערע קרובים, זיינען ניטאָ קיין באַלמעלאָכעס. און באַזונדער איז ניט געווען קיין כּבֿוד שוסטעריי און שניידעריי. עס איז געווען בלויז אַ פֿראַגע וואָס עס איז ערגער — אַ שוסטער אָדער אַ שניידער.

פֿריער פֿאַר אַלץ האָט אַ היימישער ייִד פֿון אַלטן שניט געוואָלט מאַכן זיין זון אַ למדן און אויב עס האָט זיך געלאָזט מאַכן פֿון אים אַ רבֿ, איז געוויס געווען גוט, אַז ניט, איז כאָטש וועלכע עס איז באַשעפֿטיקונג פֿון ווינט און רויך אָדער אים לאָזן זיין אַ באַלעבאַטישער ליידיק־גייער, אָבי נאָר ניט קיין באַלמעלאָכע.

און ווען איינער האָט זיך שוין געמאַכט האַרץ און באַשלאָסן צו לאָזן לערנען זיין זון אַ מלאכה, האָט ער געזוכט אויסצוקלייבן וואָס מען רופט אָן „איידעלע מלאכה", ווי זייגער־מאַכעריי, גאָלד־שמידעריי און דאָס גלייכן. שוסטעריי און שניידעריי האָבן זיך געוויינלעך געלערנט קינדער פון באַלמעלאָכעס אָדער פון באַלמעלאָכעס אָדער פון סתם יידן קבצנים, וואָס האָבן פון זייערע קינדער ניט געקענט מאַכן עפעס בעסערס.

די אימיגראַציע אין אַמעריקע האָט געבראַכט אַ גרויסן איבערבראָך אין יידישן לעבן. אַ פאָלק פון ווינט־מענטשן האָט זיך געמוזט נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. מיוחסים פון דער היים, די באַלעבאַטישע ליידיק־גייערס, די סוחרים, די לופט־כאַפּער האָבן דאָ אין נייעם לאַנד זייער גאַנצן יחוס פאַרלוירן. דאָ האָט זיך געפאָדערט, אַז אַ מענטש זאָל קענען עפעס אַן אַרבעט, כּדי זיך צו פילן אַ יחסן. די מיוחסים זיינען דאָ געוואָרן די שניידער, זיי האָבן גלייך געקראָגן אַ געלעגנהייט צו פאַרדינען. אַ גרויסער טייל פון די היימישע מיוחסים, באַזונדערס די יינגערע, האָבן זיך דאָ גענומען לערנען אַן אַרבעט און אַ גאַנץ באַדייטנדיקער טייל פון זיי זיינען געוואָרן קלאָוק־אָפּערייטאָרס.

עס זיינען געוואָרן קלאָוק־אָפּערייטאָרס געוועזענע ישיבה־בחורים, פרײ־קאַזשיקעס, פאַרזיכערונגס־אַגענטן, האַלבע־אינטעליגענטן, יידישע לערער, בוכ־האַלטערס, באַלעבאַטישע איידעמס, קרעמער, הענדלער א. אַ. וו. — אַן עלעמענט אין אַלגעמיין אַן אינדיווידואַליסטישער, ניט קיין דיסציפּלינירטער, אָבער אַ מער פעאיקער, רירעוודיקער, אומרואיקער און אומגעדולדיקער.

און די מאַשין האָט אויך עפעס געטאָן אַרויפצולייגן איר שטעמפּל אויף די נייע באַלמעלאָכעס. אָט די אַלע מענטשן, וואָס האָבן אין דער אַלטער היים ניט גע־וואוסט פון שווערער פיזישער אַרבעט, האָבן זיך דאָ מיט איין מאָל איינגעשפּאַנט אין אַ מאַשין, וואָס האָט געיאָגט פון זיי די נשמה. עס איז אמת, אַז דער האַנט־שניידער האָט דאָ אויך געמוזט אָנהויבן אַרבעטן אַ סך שנעלער ווי אין דער אַלטער היים. אַמעריקע איז אַ לאַנד פון יאָגעניש. נאָר עס איז דאָך ניט גלייך. דער שניידער יאָגט זיין נאָדל, אָבער די נאָדל קען אים ניט יאָגן, בעת דער אָפּערייטאָר יאָגט די מאַשין און די מאַשין יאָגט אים. אַ מאַשין איז שוין אַזאַ באַשעפעניש, אַז ווען דער מענטש הויבט אָן איר צו יאָגן, יאָגט זי נאָכדעם דעם מענטש. דער יסוד פון קלאָוק־שאַפּ איז די מאַשין. די גרויס פון קלאָוק־שאַפּ און זיין אַרבעט ווערט אויסגערעכנט אויף דעם גרונט וויפל אָפּערייטאָרס ער האָט. לויט דער צאָל אָפּערייטאָרס באַשטימט מען וויפל פינישערס, וויפל פּרעסערס און וויפל קאַטערס דער שאַפּ דאַרף. די אָפּערייטאָריי איז אין אַלגעמיין אַן אָנגעשטרענגטע און במילא אַ נערוועזע אַרבעט און זי האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויפן אָפּערייטאָר און דורך אים אויף דער אָפּערייטאָרס־יוניאָן. און אַזוי ווי די אָפּערייטאָרס זיינען געוואָרן דער יסוד פון קלאָוק־שאַפּ, האָבן זיי אויך אָוועקגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער גאַנצער קלאָוק־מאַכערס־יוניאָן. אין די ערשטע צייטן זיינען טאַקע די אָפּערייטאָרס געווען דער עיקר פון דער קלאָוק־מאַכערס־יוניאָן. און אין 1890 האָבן די אָפּערייטאָרס אויסגעפירט, אַז די נייע קלאָוק־מאַכערס־יוניאָן, וואָס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן, זאָל זיך רופן „אָפּערייטאָרס ענד קלאָוק־מייקערס יוניאָן".

## 3. דער אַמאַליקער קלאָוקס־סוועט־שאַפּ

דאָס לערנען זיך פֿאַר אַ קלאָוק־אָפּערייטאָר, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז אַ קוואַליפֿיצירטע מלאכה, האָט ניט לאַנג געדויערט. עס הייסט, עס האָט ניט לאַנג געדויערט ביז מען האָט זיך אויסגעלערנט אויף אַזוי פֿיל, אַז מען זאָל קענען אָנהויבן פֿאַרדינען. אַנדערע פֿלעגן שוין אין עטלעכע וואָכן צייט זיך אויסלערנען די אַרבעט אויף אַזוי פֿיל, אַז זיי זאָלן קענען אָנהויבן פֿאַר־דינען. דאָס איז געווײנלעך געווען ביי די יעניקע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבן געמאַכט אַ ביליקן סאָרט אַרבעט און וועלכע האָבן זיך ווייניק געקימערט, ווי די מלאכה איז אַרויסגעקומען, אַבי זי האָט זיי נאָר געקאָסט ביליק.

די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם האָט אין אַלגעמיין לייכטער געמאַכט זיך אויסצו־לערנען די אַרבעט. דער קאָנטראַקטאָר, וואָס האָט געזוכט ביליקע אַרבעטער און האָט געזוכט אַרויסצושלאָגן אַזוי פֿיל פּראָפֿיט, ווי ער האָט נאָר געקענט פֿון די „גרינע", פֿלעגט געווײנלעך נעמען 10 דאָלער פֿון יעדן „גרינעם", וואָס האָט זיך געוואָלט לערנען די מלאכה. וואו עס האָט זיך געלאָזן, האָט ער גענומען מער. דאָס איז געווען לערע־געלט. און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דערביי האָט דער לערנער געדאַרפֿט אַרבעטן עטלעכע וואָכן אומזיסט. דאָס איז פֿאַרן קאָנ־טראַקטאָר געווען אַ גאַנץ גוטע הכנסה, אָבער דאָס האָט דאָך געגעבן די „גרינע" אַ געלעגנהייט זיך צו לערנען די מלאכה. אין די „אינעווייניקסטע שעפּער" האָבן זיי זיך עס ניט געקענט לערנען. ניט זיי האָבן געוואוסט, וואו אָט די שעפּער זיינען, ניט זיי האָבן געקענט די שפּראַך און ניט מען וואָלט זיי דאָרטן גענומען לערנען די מלאכה. אין די „אינעווייניקסטע שעפּער", וועלכע האָבן זיך געפֿונען דאָרטן צווישן די „גויים" אויף בראָדוויי, פֿלעגן אַפֿילו די „גרינע" שניידער פֿון דער היים ניט גיין זוכן קיין אַרבעט. ערשטנס, האָבן זיי ניט פֿאַרשטאַנען די שפּראַך און, צווייטנס, ווייל מען האָט דאָרטן געמוזט אַרבעטן שבת. אין יענער צייט זיינען שניידער פֿון דער אַלטער היים נאָך געווען צו פֿרום צו אַרבעטן שבת.

די קלאָוק־מאַנופֿעקטשורערס האָבן די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם געפֿונען פֿאַר זיך זייער באַקוועם און עקאָנאָמיש. די קלאָוק־אינדוסטריע האָט געהאַלטן אין וואַקסן און מען האָט געדאַרפֿט האָבן מער אַרבעטער־הענט, וואָס מען האָט גע־דאַרפֿט איינבערעכן פֿאַר דער אַרבעט. דאָס האָבן פֿאַר זיי געטאָן די קאָנטראַקטאָרס. זיי האָבן געטאָן פֿאַר זיי פֿיל מער: זיי האָבן פֿאַר זיי אָרגאַניזירט די פּראָדוקציע פֿון קלאָוקס אויף אַזאַ אופֿן, אַז זיי האָבן פֿון זיי אין גאַנצן אַראָפּגענומען די זאָרג און די אומבאַקוועמלעכקייט צו האָבן צו טאָן מיט די אַרבעטער און דערצו האָט עס זיי געקאָסט פֿיל ביליקער. די שעפּער, וואָס די קאָנטראַקטאָרס האָבן געשאַפֿן אויף דער איסט־סאַיד אין פֿאַרשיידענע לעכער און קעלערס, האָבן ווייניק געקאָסט. עס וואָלט די קלאָוק־מאַנופֿעקטשורערס געקאָסט אומפֿאַרגלייכ־לעך אַ סך טייערער, ווען זיי וואָלטן געדאַרפֿט פֿאַרגרעסערן זייערע „אינעוויי־ניקסטע שעפּער" אויף בראָדוויי און אַריינגעמען אין זיי אַלע אַרבעטער, וואָס זיי האָבן נויטיק געהאַט פֿאַר זייער פּראָדוקציע.

נאָר אויב די סיסטעם פֿון קאָנטראַקטאָרס האָט פֿיל מיטגעהאָלפֿן אַריינ־צוברענגען די יידישע אימיגראַנטן אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, איז די דאָזיקע

סיסטעם, ווי זי האָט זיך נאָר אָנגעפאַנגען אַנטוויקלען, געוואָרן די שטענדיקע קללה פון דער קלאָוק־אינדוסטריע. עס איז געווען אָט די סיסטעם, וואָס האָט געשאַפן דעם שענדלעכסטן סוועט־שאָפּ און די נידערטרעכטיקסטע עקספּלוּ־אָטאַציע אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. און עס איז אויך געווען די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם, וואָס האָט געשאַפן די קאָנקורענץ צווישן אַרבעטער און אַרבעטער אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, די באַקאַנטע קאָנקורענץ צווישן דעם „אינעווייניקסטן שאָפּ" און דעם „אויסנווייניקסטן", פון וועלכער די קלאָוק־מאַכערס ליידן נאָך ביז היינט.

עס איז די אַלטע געשיכטע, וואָס בלייבט שטענדיק ניי. די מאַנופעקטשורערס, דערזעענדיק, אַז די קאָנטראַקטאָרס שלאָגן זיי אָפּ די טירן און בעטלען אייננפאַך, אַז זיי זאָלן זיי געבן אַרבעט, האָבן אויסגענוצט די לאַגע און האָבן אויסגעקליבן די קאָנטראַקטאָרס, וואָס זיינען געווען גרייט צו נעמען דעם קלענסטן בעטל־פּרייז. און אָט אַזוי איז אַראָפּגעדריקט געוואָרן דער אַרבעטס־לוין אין די „אויסנ־ווייניקסטע שעפּער" אויף דער נידעריקסטער מדרגה. און דאָס האָט געווירקט, אַז עס זאָל אויך אַראָפּגעדריקט ווערן וואָס נידריקער דער אַרבעטס־לוין אין די „אינעווייניקסטע שעפּער". דאָס איז אַזוי געווען מיט איבער פופציק יאָר צוריק און דאָס האָט שוין דעמאָלט אַרויסגערופן די שאַרפסטע קאָנפליקטן אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. שוין אין דעם סטרייק פון די קלאָוק־מאַכערס אין יאָר 1885 איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג, אַז מען זאָל אָפּשאַפן דעם „סוועט־שאָפּ", די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם, און אַלע אַרבעטער זאָלן אַריינגענומען ווערן אין די „אינעווייניקסטע שעפּער". איינער פון די הויפּט פירער פון דעם סטרייק איז געווען אַן אָפּערייטאָר, וועלכן מען האָט גערופן ברוך שיכור. משמעות ווייל ער האָט פון צייט צו צייט ליב געהאַט צו מאַכן אַ שנעפּסל, אָבער ער איז געווען, ווי א. ראָזענבערג דערציילט אין זיינע „ערינערונגען", אַן אינטעליגענטער מענטש און אַ גוטער רעדנער. דערצו איז ער ביי די אָפּערייטאָרס געווען זייער אָנגענומען צוליב דעם, וואָס ער איז געווען דער שנעלסטער אָפּערייטאָר אין ניו־יאָרק.

דאָס וואָרט „סוועט־שאָפּ", וואָס איז דאָ געברויכט געוואָרן, האָט היינט ווייט ניט די באַדייטונג, וואָס עס האָט אין יענער צייט געהאַט. מען רעדט אויך היינט פון צייט צו צייט וועגן „סוועט־שאָפּ" אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, אָבער מען דאַרף זיך באַקענען מיט דעם קלאָוק „סוועט־שאָפּ" פון פופציק יאָר צוריק, צו וויסן וואָס דאָס וואָרט מיינט. אונטער דעם וואָרט „סוועט־שאָפּ" היינט שטעלן מיר זיך פאָר אַ שאָפּ, וואו מען אַרבעט לאַנגע שעהן פאַר אַ נידעריקן אַרבעטס־לוין און אונטער ניט־סאַניטאַרע באַדינגונגען. אָבער דאָס גיט אונדז נאָך ווייט ניט די פאָרשטעלונג פון דעם אַמאָליקן קלאָוק ־סוועט־שאָפּ. מען דאַרף באַשרייבן וואָס ער איז געווען און ווי ער האָט אויסגעזען, ווייל אַ סך קלאָוקמאַכערס פון היינט האָבן שוין אַזאַ שאָפּ ניט געזען.

אַ ניו־יאָרקער פאַבריק־אינספּעקטאָר האָט אין יענער צייט באַשריבן אַ קלאָוק „סוועט־שאָפּ", וואָס האָט זיך געפונען אין דער וואוינונג פון אַ קאָנט־ראַקטאָר. די וואוינונג איז באַשטאַנען פון דריי צימערן און אַ קיך. אין איין צימער איז געווען דער שאָפּ און אין די איבעריקע האָט געוואוינט דער קאָנטראַקטאָר

מיט זיין ווייב, זיין שוויגער און זיבן קינדער. אין דערווירקלעכקייט אָבער האָט זיך דער שאָפּ ניט באַשרענקט מיט דעם איינעם צימער פון דער וואוינונג. אַ טייל פון שאָפּ איז אויך געווען אין קיך. עס איז דאָרטן געשטאַנען אין קיך אַן אויוון פאַר די ביגל־אייזנס, אַ הענגער מיט פאַרטיקע קלאָוקס, עטלעכע „באַנדלעך" געשניטעטע סחורה, אַ פּאָר אַרבעטס־טישן, אין אַ ווינקל האָט אַ פרוי געקנעטן חלה אויף שבת, אויף דער פּאָדלאָגע זיינען געלעגן קינדערשע זאָקן, שטיקלעך אָפּפאַל פון סחורה, אַלטע בלעכענע קענדלעך און אַנדערע קלייניקייטן.

און אָט איז אַ באַשרייבונג פון אַ פאַבריק־אינספּעקטאָר פון נאָך אַ קלאָוק־שאָפּ, וואָס קוקט אויס נאָך „בעסער" פון ערשטן. דער שאָפּ האָט זיך געפונען אין אַ נידעריקן, טונקעלן און שמוציקן קעלער פון אַ טענעמענט הויז. דאָס אַר־בעטס־צימער איז געווען 14 פוס די לענג, 14 פוס די ברייט און 7 און אַ האַלבן פוס די הויך. דאָרטן זיינען געשטאַנען פיר ניי־מאַשינען, אַ הייסער קוילן־אויוון פאַר די ביגל־אייזנס און 7 אַרבעטער — 4 מענער און 3 פרויען. צום שאָפּ איז אין קעלער געווען נאָך אַ צימער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קיך און פאַר אַ שלאָף־צימער פאַר דעם קאָנטראַקטאָר און זיין פאַמיליע. אַחוץ דעם, האָט דער קאָנט־ראַקטאָר נאָך געהאַט צוויי באָרדערס, וואָס זייער שלאָף־צימער איז געווען דער שאָפּ.

די אַרבעטס־צייט איז געוויינלעך געווען 84 שעהן אַ וואָך, אָבער גאַנץ אָפט האָט מען געדאַרפט אַרבעטן איבערשטונדן. און פאַר אָט די איבערשטונדן איז שוין אינגאַנצן ניט געווען קיין באַשטימטע צייט. ווען עס איז געווען נויטיק, האָט מען געאַרבעט די גאַנצע נאַכט. און דאָס פלעגט זיך טרעפן גאַנץ אָפט. אַז ניט פלעגט מען נאָכן רעגולערן טאָג אַרבעט מיטנעמען אַ ביסל אַרבעט אַהיים און מען פלעגט אַזוי אַריינכאַפּן עטלעכע שעה אַרבעט ביז דריי אַזייגער פאַרטאָג. אין אַנדערע שעפּער האָט מען אַן איבערשטונדן געאַרבעט פון 15 ביז 16 שעה אַ טאָג. מען פלעגט אָנהויבן אַרבעטן 5 אַזייגער אין דער פרי און מען פלעגט ענדיקן 9 אַזייגער אין אָוונט. עס זיינען געווען אַזעלכע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך געקליגט צו שפּאָרן צייט און פלעגן בלייבן שלאָפן אין שאָפּ נאָך דער אַרבעט. דערביי פלעגן זיי שוין פאַרענדיקן די אַרבעט אַ ביסל שפּעטער און אָנהויבן אַ ביסל פריער.

וואָס האָט מען דעמאָלט פאַרדינט ? דאָס איז ניט אַזוי לייכט אויסצוגעפינען. יעדער קלאָוקמאַכער, וואָס געדענקט נאָך יענע „גוטע" צייטן, האָט עפּעס אַנדערש וואָס צו דערציילן. אָבער אין דעם פאַל איז דאָס בעסטע אַנצוקומען צו די ציפערן פון די סטאַטיסטישע אַרבעט־ביוראָס פון די שטאַטס־רעגירונגען. דער־ציילט, למשל, די ניו־יאָרקער סטאַטיסטישע אַרבעט־ביוראָ, אַז אין יאָר 1885 פלעגן קלאָוקמאַכערס אין „סוועט־שעפּער" פאַרדינען צווישן 6 און 7 דאָלער אַ וואָך און איינער האָט שוין געדאַרפט זיין גאָר אַ גוטער און שנעלער אַרבעטער צו פאַרדינען 10 דאָלער אַ וואָך. מיידלעך פלעגן פאַרדינען צווישן 3 און 6 דאָלער.

אָט דאָס איז געווען דער קלאָוק סוועט־שאָפּ פון אַמאָל.

איצט קלינגט דאָס אַלץ ווי אַ טרויעריקע געשיכטע פון לאַנג־אַלטע צייטן.



# קאָמוניסטן וואָס האָבן אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם *

## 1

### פֿאַרוואָס בין איך אַרויס פֿון דער „וואָירקערס־פּאַרטיי"?

עס איז ניט אַלעמאָל לייכט אַרויסצוזאָגן עפֿנטלעך וואָס מען טראַכט.

עס איז בלויז לייכט אַרויסצוזאָגן עפֿנטלעך וואָס מען טראַכט, ווען מען טראַכט אין דער זעלביקער ליניע און אין די זעלביקע ראַמען, וואָס די חברים, די פֿריינט און די נאָענטע באַקאַנטע אַרום טראַכטן. פֿאַנגט מען אָבער אָן אָפּ־וויכן פֿון דער ליניע, הערט מען אויף גלייבן אין דעם, וואָס די חברים און נאָ־ענטע אַרום גלייבן, דעמאָלט איז שוין גאָרניט אַזוי לייכט אַרויסצוזאָגן עפֿנטלעך וואָס מען טראַכט.

צווישן געדאַנק און וואָרט ליגט אָפּט אַ גרויסער מהלך. עס איז ווייניקער אַ פֿראַגע פֿון דרייסטקייט, ווי פֿון באַציאונגען צו חברים און פֿריינט, מיט וועלכע מען האָט צוזאַמען געאַרבעט און צוזאַמען געלעבט. דער געדאַנק אַליין, ווי קעגנ־געזעצט ער זאָל ניט זיין, טיילט אייך ניט אָפּ פֿון אייערע פֿריערדיקע חברים און מאַכט אייך נאָך ניט פֿאַר זייערן אַ קעגנער. דאָס טוט בלויז דאָס עפֿנטלעכע וואָרט. האָט איר אייער קעגנערישן געדאַנק אַרויסגעזאָגט עפֿנטלעך, דאַן זייט איר מיט אייערע פֿריערדיקע חברים געטיילט, איר זייט עפֿנטלעכע קעגנער, וועלכע מוזן זיך, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, עפֿנטלעך באַקעמפֿן.

און עס איז אַ זייער שווער געפֿיל איבערצורייסן מיט אַלטע חברים און נאָך אַ שווערער געפֿיל איז עס צו ווערן זייער אַן עפֿנטלעכער קעגנער.

עס זיינען שוין מערערע חדשים פֿאַריבער, ווי איך בין אַרויסגעטראָטן פֿון דער וואָירקערס פּאַרטי, צוליב מיין קעגנערשאַפֿט צו איר. דעם אמת געזאָגט, האָב איך קיין גרויסע ליבע צו דער וואָירקערס פּאַרטי קיין מאָל ניט געהאַט. איך בין פֿון אָנפֿאַנג אָן געווען אַ קעגנער פֿון דער פֿאַראייניקונג מיט די היגע קאָמוניסטן. איך בין אין דער פֿאַראייניקונג געגאַנגען בלויז, ווייל איך האָב זיך ניט געוואָלט אָפּטיילן פֿון מיינע חברים, מיט וועלכע איך בין געווען אַזוי פֿיל יאָרן פֿאַרבונדן אין געמיינשאַפֿטעכער סאָציאַליסטישער טעטיקייט, און איך האָב זיך אַליין פּראָבירט איינרעדן, אַז אפֿשר וועט מען דאָך קענען אַרבעטן צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן און אויפֿבויען אַ פּאַרטיי, אין וועלכער מען זאָל קענען געפֿינען אַ היים פֿאַר דער נשמה. דאָך, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין פֿון דער וואָירקערס פּאַרטי אַוועק אַלס אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער, איז עס מיר דאָך שווער געווען אַרויסצוטרעטן קעגן איר עפֿנטלעך. מאַנכע קאַ־פּיטלעך פֿון דער בראַשורע זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אין דער צייט, ווען איך בין אַרויסגעטראָטן פֿון דער „וואָירקערס פּאַרטי", איך האָב זיי אָבער געלאָזט ליגן ניט פֿאַרעפֿנטלעכט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פֿאַר נאָענטע חברים האָב איך פּריוואַט אויסגעשפּראָכן מיינע מיינונגען וועגן דער וואָירקערס פּאַרטי אין אַ פֿיל שאַרפֿערער פֿאָרם.

עס איז אין אַלגעמיין אומבאַקוועם צו האָבן אַן אייגענע מיינונג וועגן זאַכן.

---

*קאַפּיטלען פֿון דער בראַשור, וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען און וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק, יולי 1923.

עס איז פֿיל באַקוועמער, ווען אייערע מיינונגען זיינען אין איינקלאַנג מיט די מיינונגען פֿון דעם קרייז מענטשן צווישן וועלכן איר לעבט. ווייל אַפֿילו די מאַסן, וועלכע זאָגן, אַז זיי ווילן, אַז איר זאָלט זיי לערנען, האָבן אייך אויך בלויז אַזוי לאַנג ליב צו הערן, ווי לאַנג איר זאָגט זיי דאָס, וואָס זיי ווילן, אַז איר זאָלט זיי זאָגן. אייערע מיינונגען דאַרפֿן שטימען מיט זייערע, ניט זייערע מיט אייערע. ווען איר ווילט די מאַסן אַריבערגעווינען צו אייער מיינונג מוזט איר זיי אָפּנאַרן. איר מוזט אָנרופֿן זאַכן מיט אַלטע געוואוינטע נעמען, נאָר ביסלעכווייז אַריינטראָגן אין זיי אַן אַנדער אינהאַלט, אַז זיי זאָלן עס ניט באַמערקן. דער באָלשעוויזם אָדער דער קאָמוניזם היינט איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך, וואָס מיט 3 אָדער 4 יאָר צוריק. דער נאָמען אָבער איז געבליבן דער זעלביקער. אינדאָרסירן די וואָלן פֿון אַ בורזשואזן ליבעראַלן קאַנדידאַט איז פֿאַר קאָמוניסטן מיט דריי יאָר צוריק געווען אַן אומדענקבאַרע זאַך. דאָס וואָלט געווען העכסטער גראַד פֿאַרראַט. איצט אָבער איז דאָס גאָר אַ קאָמוניסטישע מצווה. די וואָירקערס פּאַרטי שטאַלצירט דערמיט, וואָס זי האָט אינדאָרסירט די סענאַט־קאַנדידאַטור פֿון דעם פּאַרעוון ליבעראַל דזשאַנסאָן אין מינעסאָטאַ. ווען מען רופֿט אָן „פֿיוזשאַן" מיט דעם נאָמען קאָמוניזם, איז עס שוין ניט נאָר כשר, נאָר גאָר אַ מצווה.

און ווילט איר ניט נאַרן, ווילט איר אָנרופֿן זאַכן מיט זייער ריכטיקן נאָמען, טויג עס ניט.

*

איך האָב פֿריער באַמערקט, אַז מיר האָבן געהאָפֿט צו געפֿינען אין דער „וואָירקערס פּאַרטי" אַ היים פֿאַר דער נשמה. דאָס זוכן אַ היים פֿאַר דער נשמה איז אייגנטלעך געווען די הויפּט־סיבה פֿאַרוואָס מיר האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אונדזערע קעגנער, וועלנדיק פֿון אונדז חוזק מאַכן, האָבן פּראָבירט איינרעדן דעם עולם, אַז דעריבער האָבן מיר זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל מיר גלייבן, אַז אַמעריקע שטייט אויף דער שוועל פֿון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע און מיר ווילן דעריבער גרינדן אַ נייע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע זאָל קענען איבערנעמען די אָנפֿירונג פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. נו, אַזוי נאַיוו זיינען מיר קיינער ניט געווען צו גלייבן, אַז אַמעריקע שטייט אויפֿן שוועל פֿון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. די שפּאַלטונג איז ניט פֿאָרגעקומען אין אַ צייט פֿון רעוואָלוציאָנערן אויפֿשוואונג, נאָר אין קעגנטייל, זי איז פֿאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען אַפֿילו די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אָנגעפֿאַנגען גיין באַרג אַראָפּ און ווען די רעוואָלוציאָנערע שטימונג איז געווען שטאַרק געפֿאַלן אין אַלע אַנדערע לענדער.

די שפּאַלטונג איז געווען ניט קיין רעזולטאַט פֿון רעוואָלוציאָנערן אויפֿשוואונג, נאָר פֿון אַ פּוסטקייט אין דער נשמה.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע, וועלכע איז געווען איינע פֿון די וויניקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דער וועלט, אויפֿצוהאַלטן די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן אין דער צייט פֿון דער וועלט־מלחמה, האָט אין אַ קורצער צייט נאָך דער מלחמה אָנגעפֿאַנגען זינקען און אַראָפּלאָזן וואָס נידעריקער די סאָציאַליסטישע פֿאָן.

אויף דער קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין שיקאַגאָ, אין יאָר 1919, האָט געהערשט אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער גייסט, וואָס האָט דערוואָרעמט די נשמה. אויף דער קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק אָבער, אַ יאָר שפּעטער, איז ניט נאָר דער רעוואָלוציאָנערער גייסט געווען פאַרשוואונדן, נאָר מען האָט אַפילו שוין דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט ניט געוואָלט געברויכן.

וואָס איז דעמאָלט פאַר אונדז אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געבליבן?

האָט דאָך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע אונדז קיין מאָל ניט פאַרכאַפּט אַלס אַ מאַסן־באַוועגונג. זי איז עס דאָך קיין מאָל ניט געווען. גרויסע מאַסן־באַוועגונגען ציען צו, ווען זיי צייכענען זיך אַפילו ניט אויס מיט קיין אויסגעהאַלטנקייט פון פּרינציפּן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע אָבער, האָט אין אירע בעסטע צייטן אַפילו ניט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ גרויסער מאַסן־באַוועגונג. עס זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן, פאַר וועלכע די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געהאַלטן, וואָס האָט אונדז אַנגעצויגן. ווען אָבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך אָנגעהויבן אָפּזאָגן פון אירע פריערדיקע פּרינציפּן און האָט אָנגעפאַנגען ווערן אַ סאָציאַלע רעפאָרם־פּאַרטיי, טאָ וואָס איז אין איר פאַר אונדז געבליבן? ניט מער ווי אַ וויסטקייט און אַ פּוסטקייט אין דער נשמה.

און ווען מען הייבט אָן פילן נאָך לאַנגע יאָרן אַרבעט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַז מען געפינט זיך אין מיטן פון אַ וויסטעניש און אַז עס איז פּוסט אין דער נשמה, ווערט עס זייער טרויעריק.

מיר האָבן באַשלאָסן צו זוכן אַ נייע היים. אויב די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נאָך וויט, אויב קיין גרויסע סאָציאַליסטישע מאַסן־באַוועגונג, וואָס זאָל פאַרשלינגען מיט איר שטראָם, קען מען דערווייל אין אַמעריקע ניט באַשאַפן, אויב קיין גרויסע פּאָליטישע אויפטואונגען פאַרן אַרבעטער־קלאַס אין אַמעריקע קען מען פאַרלויפיק ניט דערוואַרטן, אַפילו ווען מען זאָל מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט די אייגענע פּרינציפּן, טאָ זאָל שוין כאָטש זיין אַ קליינע פּאַרטיי, אַ קליינע אָרגאַניזאַציע, אַ ריינע, אַ פּרינציפּיעלע, וואָס האַלט הויך די פאָן פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. זאָל די פּאַרטיי זיין קליין, אָבער זאָל זי לערנען דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסטישן וואָרט צו די אַרבעטער אין זיין גאַנצער ריינקייט.

מיר האָבן געזוכט אַ היים פאַר דער נשמה, אָבער מיר האָבן געפונען פאַר איר אַ גיהנום.

די נייע געשאַפענע „וואָירקערס פּאַרטיי", וועלכע איז געווען אַ רעזולטאַט פון אונדזער פאַראייניקונג מיט די קאָמוניסטן, האָט זיך גלייך, ווי זי איז נאָר אויף דער וועלט געקומען, פאַרוואַנדלט אין אַ זומפּ פון יעזואיטישער פּאָליטיק און קאָמוניסטישע פּאָליטישע מאַכינאַציעס וועגן מעכאַנישן קאָנטראָל.

די „וואָירקערס פּאַרטיי" איז געשאַפן געוואָרן אין דער צייט, ווען גרישאָ זינאָוויעוו, דער כהן גדול פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט אַרויסגעגעבן זיין אוקאַז וועגן דעם מעכאַנישן קאָנטראָל פון די קאָמוניסטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די היגע קאָמוניסטן זייענדיק גייסטיק, מאָראַליש און אינטעלעקטועל אומ־

פּעאיק צו קאָנטראָלירן די ניי־געגרינדעטע פּאַרטיי, האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער מצוה פון מעכאַנישן קאָנטראָל מיט זייער גאַנצן כּוח.

פאַר מעכאַנישן קאָנטראָל דאַרף מען ניט האָבן קיין אינטעלעקטועלע פּע־איקייטן, מען דאַרף ניט קיין קענטעניש, עס איז ניט נויטיק קיין איבערצייי־גונגס־קראַפט און קיין פּרינציפּיעלע אויסגעהאַלטנקייט. עס זיינען בלויז נויטיק הענט צו שטימען און געניג אומפאַרשעמטע חוצפּה צו פאַרשוועכן היינט, וואָס נעכטן איז געווען הייליק, אָדער צו פאַרהייליקן מאָרגן, וואָס מען האָט נעכטן אַליין פאַרשוועכט.

אַנשטאָט אַ קאַמף פאַר פּרינציפּן און פאַר דער אויפקלערונג פון רעוואָ־לוציאָנערן סאָציאַליזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר מעכאַנישן קאָנטראָל פון איין טייל פון דער פּאַרטיי איבער דעם צווייטן טייל. אַ מעכאַנישן קאָנטראָל פון די אונטערגרונט־קאָמוניסטן מיט סמי־כות אויף קאָמוניזם פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל — איבער אַלע אַנדערע מיט־גלידער פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָבן זיך אין אונטערגרונט ניט געוואָלט אַראָפּ־לאָזן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרביטערטער פראַקציע־קאַמף, פול מיט האַס, פאַרלוימדונגען און יעזואיטישער פּאָליטיק ווי די קאָמוניסטן זיינען נאָר פּעאיק אַזוינס צו באַשאַפן. אין קורצן, אַנשטאָט אַ היים, האָבן מיר געפונען אַ גיהנום.

דער איינציקער מאָראַלער כּוח וואָס די „וואָירקערס פּאַרטי" פאַרמאָגט איז פאַרטיידיקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס איז אייגנטלעך איר איינציקע צוציאונגס־קראַפט, ווייל ביי יעדן איינציקן, וואָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעזאָגט פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, איז די רוסישע רעוואָלוציע הייליק און טייער. אַ סך, וועלכע פרעגלען זיך נאָך אין דעם גיהנום פון די קאָמוניסטן אין דער „וואָירקערס פּאַרטי", וואָלטן פון איר שוין לאַנג אַנטלאָפן, ווען ניט זייער ליבע און איבערגעבנקייט צו דער רוסישער רעוואָלוציע.

און וואָס איז דער רעזולטאַט? די „וואָירקערס פּאַרטי", טראָגנדיק אויפן האַלדז די קמיע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז פּטור פון אַלע פּרינציפּן און פון אַלע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. זי איז די פּאַרטיי פון פּרינציפּלאָזי־קייט, וועלכע גלייבט, אַז די רויטע פאָן, אין וועלכער זי האָט זיך איינגעוויקלט, קען אַלץ פאַרדעקן.

די רויטע פאָן איז אָבער ניט אַלע מאָל אַ צייכן פון רעוואָלוציאָנערקייט. אַ רויטע פאָן ווערט אויך באַנוצט אַלס אַ צייכן פון געפאַר, וואָס ווערט אַוועקגע־שטעלט ביי אַ גרוב, אָדער אַ זומפּ, אַז מען זאָל זיך היטן און ניט אַריינפאַלן.

און ערגער ווי אַלץ איז, אַז עס איז ניטאָ וואוהין צו אַנטלויפן. מען קען בלויז אַנטלויפן און זיך אַוועקשטעלן אָן אַ זייט, אָבער עס איז ניטאָ צו וועמען צו־צושטיין.

דער איינציקער כּוח וואָס די קעמפנדיקע צדדים, די היגע סאָציאַליסטן און די היגע קאָמוניסטן, האָבן ביז איצט אַרויסגעוויזן, איז דער כּוח פון דיס־קרעדיטירן איינע די אַנדערע. קיינער פון זיי האָט ניט אַרויסגעוויזן אַ כּוח צוצו־ציען די אַרבעטער־מאַסן צו זיך. זיי האָבן אָבער, אַרויסגעוויזן גענוג כּוח אָפּ־צוטרייבן איינע פון די אַנדערע דאָס ביסל, וואָס יעדער פון זיי האָט פאַרמאָגט.

עס איז ניט קיין קאַמף צו געווינען עפּעס פאַר זיך, נאָר צו ברענגען שאָדן דעם קעגנער. עס איז אַ קאַמף פון קעגנזייטיקער פאַרניכטונג. און אויב דאָס איז ווירקלעך דער צוועק פון קאַמף, דאַן מעג ער באַצייכנט ווערן אַלס העכסט דערפאָלגרייך.

די וועלכע באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער פאַרניכטונגס־שפּיל, מעגן אפשר הנאה האָבן דערפון. עס האָט דאָך אויפגעהערט צו זיין אַ קאַמף צווישן אידעען־קעגנער, נאָר עס איז געוואָרן אַ קאַמף פון פאַרביטערטע שונאים. און איך שטעל מיר פאָר, אַז עס דאַרף זיין אַ גרויס פאַרגעניגן אונטערצושלאָגן דעם שונא אַן אויג און צעברעכן אים אַ ריפּ. פאַר מיר אָבער, וואָס נעמט מער קיין אָנטייל ניט אין דער דאָזיקער שפּיל, איז עס ניט מער ווי אַ טרויעריקער ספּעקטאַקל. און ווען איך קוק אויף אים, טראַכט איך וועגן מיינער אַ האָפענונג, וועלכע איז אַזוי אומברחמנותדיק צערונען געוואָרן.

## 2

## לינקע און רעכטע

לינקע און רעכטע — זיי זיינען אַלע אַמאָל געווען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און זיי וועלן אויך אַלע מאָל זיין, ווי לאַנג די סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט עקזיסטירן.

ניט אַלע מאָל איז דאָס פּראָגראַם און די ריכטונג פון די לינקע אָדער פון די רעכטע באַשטימט און פעסטגעשטעלט. עס בייטן זיך די לינקע און עס בייטן זיך די רעכטע. עס בייטן זיך ניט בלויז די מענטשן, נאָר אויך די פּראָגראַמען און ריכטונגען. די נעכטיקע לינקע זיינען היינט רעכטע און די היינטיקע לינקע וועלן מאָרגן גערופן ווערן רעכטע.

דער אונטערשייד צווישן רעכטע און לינקע איז אַלע מאָל דער זעלביקער. די רעכטע זיינען די „פּראַקטיקער", די „רעאַל־פּאָליטיקער", וועלכע זיינען גרייט צו יעדער צייט מקריב צו זיין די פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם פאַר וועלכן עס איז מאָמענטאַנעם פּאַרטיי־דערפאָלג אָדער צייטווייליקער רעפאָרמע. די לינקע זיינען די וועלכע באַקעמפן די „פּראַקטישע" פּאָליטיק פון די „רעאַל־פּאָליטיקער" און זוכן צו באַשיצן די ריינקייט פון די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן און אויפצוהאַלטן די פּרינציפּיעלקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין נאָרמאַלע, אָדער אַזוי גערופענע פרידלעכע צייטן, זיינען די לינקע און רעכטע אין איין פּאַרטיי. האָבן די רעכטע די מערהייט, זיינען די לינקע אין דער אָפּאָזיציע; און האָבן די לינקע די מערהייט, זיינען די רעכטע אין דער אָפּאָזיציע. געוויינלעך מיט ווייניק אויסנאַמען, זיינען די רעכטע אין דער מערהייט און די לינקע זיינען אין דער אָפּאָזיציע.

אַ לינקע אָפּאָזיציע איז זייער אַ געזונטע זאַך פאַר אַ פּאַרטיי. די לינקע אָפּאָזיציע דערלאָזט ניט, אַז די „פּראַקטישע מענטשן" און די „רעאַל־פּאָליטיקער" זאָלן אַריינשלעפּן די פּאַרטיי אין אַ בלאָטע, און ווען מען האָט איר אַריינגעשלעפּט, העלפן זיי איר אַרויסשלעפּן.

אין נאָרמאַלע, פֿרידלעכע צייטן וויל זיך די אָפּאָזיציע, ווי לינק זי זאָל ניט זיין, ניט אָפּשפּאַלטן פֿון דער פּאַרטיי. זי וויל בעסער בויערן פֿון אינעווייניק און אָנהאַלטן די גאַנצקייט פֿון דער פּאַרטיי. שפּאַלטונגען אין נאָרמאַלע צייטן קומען בלויז פֿאָר אין קליינע, שוואַכע און יונגע פּאַרטייען. ערשטנס, האָבן נאָך ניט די מיטגלידער קיין שטאַרקן צובונד צו דער פּאַרטיי; צווייטנס, גלייבט יעדע ריכטונג, אַז זי קען אַליין גרינדן אַ פּאַרטיי און געווינען די מאַסן אויף איר זייט; דריטנס, איז טאַקע ניטאָ וואָס אָנצוווערן, ווען מען שפּאַלט. כמעט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן זיך מערערע מאָל געשפּאָלטן אין זייערע יונגע יאָרן. די שפּאַלטונגען ווערן אָבער אַלץ זעלטענער, וואָס עלטער, וואָס איינגעפֿונדעוועטער און וואָס שטאַרקער די פּאַרטיי ווערט. דאָס איז אָבער בלויז אין נאָרמאַלע צייטן. ווען אָבער די צייטן ווערן אומנאָרמאַל, ווען עס קומט אָן עפּעס אַ שטורם, וואָס רודערט אויף די וועלט, פֿאַנגען זיך אָן שפּאַלטונגען אַפֿילו אין די שטאַרקסטע און איינגעפֿונדעוועטסטע פּאַרטייען. די לינקע און די רעכטע קענען מער ניט בלייבן לעבן אין איין מחיצה און אונטער איין דאַך.

די וועלט־מלחמה האָט צעשפּאָלטן די גרעסטע און שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דער וועלט — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. זי האָט אויך געבראַכט שפּאַלטונגען אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון פֿאַרשיידענע אַנדערע לענדער. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט אַ נייע שפּאַלטונג אין די סאָציאַליסטישע רייען, אַ שפּאַלטונג איבער דער גאַנצער ליניע ביי אַלע פֿעלקער און אין אַלע לענדער, און אין יעדן לאַנד איז די לינקע אָפּאָזיציע געוואָרן אַ פּאַרטיי פֿאַר זיך.

און עס איז בלויז שווער אָנצופֿאַנגען שפּאַלטן זיך. האָט מען עס אָבער אָנגעהויבן, גייט עס שוין ווייטער פֿון זיך. עס קומט איין שפּאַלטונג נאָך דער צווייטער. און עס איז גאַנץ נאַטירלעך: ווי דער אָפּגעשפּאָלטענער טייל ווערט נאָר אַ פּאַרטיי פֿאַר זיך, ווערט שוין אין דער זעלביקער צייט געבוירן אַן אָפּאָזיציע, ווייל די נייע פּאַרטיי האָט אויף איר אופֿן אירע „פּראַקטישע מענטשן" און „רעאַל־פּאָליטיקער". און די נייע פּאַרטיי, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק געווען אַן אָפּאָזיציע, האָט פּונקט אַזוי ניט ליב קיין אָפּאָזיציע, ווי די אַלטע פּאַרטיי, פֿון וועלכער זי האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן. פֿיל מער, די ניי־געשאַפֿענע פּאַרטייען זיינען נאָך אומטאָלעראַנטער צו אַן אָפּאָזיציע, ווי די אַלטע פּאַרטייען. דער פּראָצעס פֿון שפּאַלטונגען אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, וועלכע זוכן צו דערשטיקן יעדע אָפּאָזיציע מיט אַן אייזערנער האַנט, האָט דעריבער נאָך ביז היינט ניט אויפֿגעהערט. די נייסטע שפּאַלטונג איז פֿאָרגעקומען ניט לאַנג צוריק אין דער פֿראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און וויפֿל שפּאַלטונגען עס זיינען פֿאָרגעקומען אין דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קענען אַפֿילו די היגע קאָמוניסטן אַליין ניט אויסציילן. עס איז אַן אַלטער ביאָלאָגישער כּלל, אַז די גאַנץ קליינע, ווייניק אַנטוויקלטע באַשעפֿענישן פֿאַרמערן זיך דורך שפּאַלטונגען. פֿאַקטיש זיינען נאָך אין אַמעריקע היינט פֿאַראַן צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען, ווייל אויסער דער „וואָירקערס פּאַרטי" איז פֿאַראַן אַ צווייטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע באַהויפּטעט, אַז די אמתע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע איז בלויז זי, ווייל די „וואָירקערס פּאַרטי" האָט, לויט איר באַהויפּטונג, פֿאַרראַטן דעם

קאָמוניזם און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. די דאָזיקע „אמתע קאָמוניסטן" זיינען מכבד די „וואָירקערס פּאַרטי" מיט די זעלביקע און מיט נאָך פּעפּערדיקערע טיטולן, וואָס די „וואָירקערס פּאַרטי" איז מכבד די „עס־פּי". „פּאַררעטער" און „קאָנטער־רעוואָלוציאָנער" זיינען די מילדסטע ווערטער.

נאָר ווער דאָ איז לינק און ווער דאָ איז רעכט, איז שוין אין גאַנצן שווער צו זאָגן. דורך די כסדרדיקע שפּאַלטונגען איז געשאַפֿן געוואָרן אַזאַ פּלאָנטער אין די היגע קאָמוניסטישע רייען, אַז עס איז שווער פונאַנדערצוקלייבן ווער עס זיינען דאָרטן די רעכטע און ווער עס זיינען דאָרטן די לינקע.

אין דער „וואָירקערס פּאַרטי" גופא זיינען פֿאַראַן צוויי שאַרף־אויסגעשפּראָכענע קעמפֿנדע ריכטונגען מיט אַ דריטער טומטומדיקער ריכטונג אַלס צוגאָב. נאָר וועלכע ריכטונג מען דאַרף באַצייכענען מיטן נאָמען „לינק" אָדער „רעכט", דאַרף מען איינפֿאַך וואַרפֿן גורל אָדער ציען קניפּלעך.

לויט דעם אָנגענומענעם באַגריף פֿון „לינקע" דאַרפֿן דעם נאָמען „לינקע" אין דער „וואָירקערס פּאַרטי" קריגן די געוועזענע מיטגלידער פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע, וועלכע זיינען אין דער אָפּאָזיציע און פֿאָדערן מער פּרינציפּיעלע אויסגעהאַלטנקייט פֿון דער פּאַרטיי און ווייניקער קליקע־פּאָליטיק פֿון דער עקזעקוטיווע פֿון דער פּאַרטיי. און אויב עס איז אמת, וואָס די קאָמוניסטן זאָגן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז די פּאַרטיי פֿון „רענק און פֿאַיל", און דעריבער איז זי רעוואָלוציאָנער, דאַן זיינען די מיטגלידער פֿון דער אַמאָליקער יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע זיכער די לינקע, ווייל זיי פֿאָדערן אַז אויך די „רענק און פֿאַיל" זאָלן האָבן אַ דעה צו באַשליסן דאָס פּראָגראַם און די טאַקטיק פֿון דער פּאַרטיי און ניט בלויז אַ פּאָר מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַליין געקרוינט פֿאַר כהנים גדולים פֿון דער פּאַרטיי.

נאָר די באַגריפֿן וועגן „רעכט" און „לינק", ווי שוין געזאָגט זיינען אַזוי פֿאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז אַ לינקער איז איצט דאָרטן גראָד דער, וואָס איז אַ „רעאַל־פּאָליטיקער", וואָס איז פֿאַר „פֿיוזשאָן", פֿאַר סאָלדאַטן־באַנוסעס, פֿאַר אַ „פֿאַרמער־לייבאָר־פּאַרטי", און באַזונדערס פֿאַר דער הערשאַפֿט פֿון אַ פּאַרטיי־קליקע, און ווער עס איז קעגן דעם — איז אַ „רעכטער" אַ „צענטריסט" אָדער גאָר אַ „פֿאַררעטער".

דער „בונד" אין פּוילן איז לויט אַלע באַגריפֿן וועגן לינקיזם, ניט אין דער ערך לינקער ווי די היגע „וואָירקערס פּאַרטי", אָבער ביי די היגע קאָמוניסטן איז דער „בונד" אין פּוילן אַ רעכטער, און עס איז אַ שטיק קאָנטער־רעוואָלוציע אַפֿילו צו העלפֿן בויען אַן אַרבעטער־הויז אין וואַרשע, וואָס זאָל שטיין אונטער דעם קאָנטראָל פֿון „בונד". און די היגע קאָמוניסטישע דעמאַגאָגן ווייסן, אַז אין וואַרשע, ווי אין פּוילן אין אַלגעמיין, איז דער „בונד" די איינציקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע איז ווירקלעך אַ רעוואָלוציאָנערע מאַסן־פּאַרטיי. זיי ווייסן אויך גאַנץ גוט, אַז דאָס קליינע הייפּעלע יידישע קאָמוניסטן אין פּוילן, די דעמאַגאָגישסטע קאָמוניסטן, וואָס מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן, האָבן קיין שום איינפֿלוס ניט אויף די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין פּוילן און האָבן מיט זיי כמעט קיין פֿאַרבינדונג ניט.

די נעמען „לינקע" און „רעכטע" זיינען אָפּגענוצט געוואָרן און זאָגן היינמער גאָרניט. היינט דאַרף מען רעדן מיט קלאָרערע און דייטלעכערע ווערטער. מען דאַרף רעדן וועגן סאָציאַליסטן אָדער קאָמוניסטן, וואָס האַלטן זיך נאָך ביי די פּרינציפּן פֿון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, און וועגן סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, וועלכע פּייפֿן אויף אַלע פּרינציפּן.

און ווייניקער פֿון אַלץ דאַרף מען מעסטן „רעכט" און „לינק" דורך דער מאָס רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן, וואָס ווערן פֿאַרברויכט. די רעוואָלוציאָנערע פֿראַזע האָט אַ ווערט און אַ גרויסן ווערט, ווען זי קומט אַלס אַן אויסדרוק פֿון דער אידעע, פֿון די הויכע פּרינציפּן, וועלכע דערהייבן און באַגייסטערן די נשמה. די רעוואָלוציאָנערע פֿראַזע האָט אָבער קיין שום ווערט ניט, ווען הינטער איר שטייט ניט מער די אידעע, נאָר דער פּאַרטיי־פּאָליטיקער, וואָס האָט שוין לאַנג די אידעע און אירע פּרינציפּן אויפֿגעגעסן.

די אָנזאָגער פֿון נייע רעוואָלוציאָנערע אידעען און נייע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען האָבן אין זיך דעם געטלעכן פֿונק פֿון אַ נביא. זיי האָבן אין זינען בלויז די אידעע, די אידעע אין איר גאַנצער ריינקייט און איר זיג. זיי זיינען די, וועלכע באַגייסטערן די מענטשן, מאַכן זיי אײדעלער, בעסער, דערהויבענער און גרייט אויף די שווערסטע קרבנות. שפּעטער אָבער קומט דער „רעאַל־פּאָליטיקער", דער „פּראַקטישער" פֿירער און דערטרינקט די אידעע מיט אירע פּרינציפּן אין אַ זומפּ פֿון פּאָליטישע מאַנעוורעס, און אַלץ, וואָס עס בלייבט אים, איז די רעוואָלוציאָנערע פֿראַזע, וועלכע קלינגט דעמאָלט ווי אַ פֿאַרשוועכונג פֿון הייליקייטן.

3

## קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן

די היינטיקע סאָציאַליסטן ציען זייער יחוס־בריוו פֿון דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און די היינטיקע קאָמוניסטן ציען זייער יחוס־בריוו פֿון די אַמאָליקע באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן דורכגעפֿירט די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. נאָר פּונקט אַזוי ווי דער יחוס־בריוו פֿון די סאָציאַליסטן ענדערט ניט דעם פֿאַקט, אַז די היינטיקע סאָציאַליסטן זיינען גאַנץ ווייניק ענלעך צו דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַזוי ענדערט אויך ניט דער יחוס־בריוו פֿון די קאָמוניסטן דעם פֿאַקט, אַז די היינטיקע קאָמוניסטן זיינען עטוואָס גאַנץ אַנדערש, וואָס די אַמאָליקע באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן דורכגעפֿירט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

עס איז געוויס אַ גרויסער יחוס צו זיין נאָענטע קרובים מיט דער רוסישער רעוואָלוציע, ווייל די רוסישע רעוואָלוציע איז אַזאַ גרויסע זאַך, אַז אַפֿילו די קאָמוניסטן קענען איר ניט קאַליע מאַכן, אָבער אויב עס האַנדלט זיך וועגן יחוס, ציען סיי די קאָמוניסטן, סיי די סאָציאַליסטן זייער יחוס בריוו פֿון קאַרל מאַרקס, וועמעס לערע ביידע האָבן היינט פֿאַרלאָזן. און זוכט מען דעם אונטערשייד צווישן סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, קומט מען צו דער אַלטער געשיכטע פֿון טעאָריע און פּראַקטיק. אין דער טעאָריע איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן זיי, ווייל עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן קאָמוניזם און סאָציאַליזם, וואָס איז שייך צום

ענד־ציל. דער קאָמוניזם פּונקט ווי דער סאָציאַליזם, און דער סאָציאַליזם פּונקט ווי דער קאָמוניזם באַצוועקן איינצופירן אַ נייע מענטשלעכע געזעלשאַפט, וועלכע זאָל זיין געבויט אויף די יסודות פון עקאָנאָמישער און סאָציאַלער גלייכהייט. סיי דער קאָמוניזם און סיי דער סאָציאַליזם האָט דעם ציל אָפּצושאַפן דעם איצטיקן פּאָליטישן שטאַט, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון קלאַסן־הערשאַפט און עקספּלואַטאַציע, און איינצופירן אויף זיין פּלאַץ דעם אינדוסטריעלן שטאַט, וואו אַלע זאָלן אַרבעטן און גלייך געניסן פון זייער אַרבעט. קאָמוניזם און סאָציאַליזם זיינען ניט מער און ניט ווייניקער ווי צוויי פאַרשיידענע נעמען פאַר איין אידעע. דאָס בוך, אין וועלכן קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס האָבן פאָרמולירט די גרונט־פּרינציפּן פון סאָציאַליזם און וואָס איז געוואָרן די ביבל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איבער דער גאַנצער וועלט, הייסט דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט". און ווען די באָלשעוויקעס האָבן געמאַכט די פּראָבע איינצופירן קאָמוניזם אין רוסלאַנד, האָבן זיי רוסלאַנד אַ נאָמען געגעבן די „סאָציאַליסטישע רעפּובליק".

דער אונטערשייד איז אַלזאָ, ניט צווישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם, נאָר צווישן סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן. דאָס מיינט, אַז ניט דער צוועק, דער סאָציאַליסטישער ענד־ציל, פאַר וועלכן עס ווערט געפירט דער קאַמף, איז דער עיקר, נאָר די מעטאָדן און די טאַקטיק, וועלכע ווערן אָנגעווענדט אין דעם קאַמף צו דערגרייכן דעם צוועק.

אין דער טעאָריע קעמפן די קאָמוניסטן און די סאָציאַליסטן פאַר איין צוועק און פאַר איין ציל — פאַר אַ קאָמוניסטישער אָדער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אין דער פּראַקטיק אָבער, קעמפן די קאָמוניסטן און די סאָציאַליסטן איינע קעגן די אַנדערע. און כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ביידע פירן אָן דעם קעגנזייטיקן קאַמף אין נאָמען פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע. די סאָציאַליסטן זאָגן, אַז די קאָמוניסטן האָבן פאַרראַטן דעם מאַרקסיזם, און די קאָמוניסטן באַהויפּטן, אַז די סאָציאַליסטן האָבן פאַרראַטן דעם מאַרקסיזם.

ביידע פּאַרטייען האַלטן זיך אַלזאָ, פעסט פאַרן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, לויט ווי זיי באַהויפּטן. די פראַגע איז בלויז, אויב זיי האַלטן זיך טאַקע אין דער ווירקלעכקייט.

דער אמת איז, אַז ביידע, סיי די קאָמוניסטן, סיי די סאָציאַליסטן, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מאַרקסיזם. די סאָציאַליסטן האָבן אַ תל געמאַכט פון מאַרקסיזם אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע און עוואָלוציע, און די קאָמוניסטן האָבן אַ תל געמאַכט פונם מאַרקסיזם אין נאָמען פון דיקטאַטור און רעוואָלוציע.

די מאַרקסיסטישע לערע איז אי אַן עוואָלוציאָנערע אי אַ רעוואָלוציאָנערע. דורך עוואָלוציע צו רעוואָלוציע — איז איינע פון די גרונט־געדאַנקען פונם מאַרקסיזם. און איינער איז פּונקט אַזוי ווייניק אַ מאַרקסיסט, ווען ער פאַרגעסט דעם עוואָלוציאָנערן טייל פון מאַרקסיזם, פּונקט ווי דער, וואָס פאַרגעסט דעם רעוואָלוציאָנערן טייל פון אים. דער וואָס פאַרגעסט דעם רעוואָלוציאָנערן טייל ווערט אַ רעפאָרם־סאָציאַליסט, און דער וואָס פאַרגעסט דעם עוואָלוציאָנערן טייל, ווערט אַ רעוואָלוציאָנערער אַוואַנטוריסט.

די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ וויכטיקער פּרינציפּ אין מאַרקסיזם. אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס איז

גאַנץ קלאָר און דייטלעך געזאָגט, אַז צווישן דעם איבערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם ליגט די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. האָבן אָבער די סאָציאַ־ליסטן, כּדי זיך אָפּצושיידן פֿון די קאָמוניסטן, זיך אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פֿון דעם פּרינציפּ פֿון דיקטאַטור, און די קאָמוניסטן, כּדי זיך אָפּצושיידן פֿון די סאָציאַליסטן, האָבן פֿון דער דיקטאַטור געמאַכט אַ קאַריקאַטור. די סאָציאַ־ליסטן האָבן געמאַכט אַן אָפּגאָט פֿון דעמאָקראַטיע, און די קאָמוניסטן האָבן גע־מאַכט אַן אָפּגאָט פֿון דיקטאַטור. עס האַנדלט זיך מער ניט וועגן דער צוועק־מעסיקייט פֿון דעמאָקראַטיע אָדער דיקטאַטור, נאָר וועגן מקיים זיין די מצוה פֿון דעמאָקראַטיע אָדער דיקטאַטור.

נו, מען מעג אויך ניט פֿאָלגן מאַרקסן. מאַרקסיזם איז ניט קיין רעליגיע און האָט ניט קיין שולחן ערוך אָדער אַ קאַטעכיזם פֿון דינים. דער מאַרקסיזם איז אַ סאָציאַלע לערע, וואָס איז געבויט אויף דער אַנאַליטישער פֿאָרשונג פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט ביז היינט, און ער ווייזט אָן דעם וועג, אויף וועלכן די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט דאַרף זיך לאָגיש ווייטער אַנטוויקלען. און די אַלע, וועלכע האָבן אָנגענומען די מאַרקסיסטישע לערע, ווייל זי לייגט זיך אויפֿן שכל און ווייל זי איז גענוג באַגרינדעט, האָבן דערמיט ניט געשוואוירן, אַז זיי מוזן פֿאָלגן אַלץ, וואָס מאַרקס האָט געזאָגט. מען האַלט זיך אַזוי לאַנג ביים מאַרקסיזם, ווי לאַנג מען האַלט אים פֿאַר ריכטיק. און מען דאַרף קיין מורא ניט האָבן צו זאָגן, אַז דער מאַרקסיזם האָט זיך אין דעם אָדער יענעם פּונקט ניט אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיק. אין גיהנום וועט מען דערפֿאַר ניט גיין.

און דאַכט זיך, אַז ווייניקער פֿאַר אַלעמען האָבן די קאָמוניסטן מורא געהאַט ניט צו פֿאָלגן מאַרקסן. די פּראָבע איינצופֿירן קאָמוניזם אין רוסלאַנד, אין אַ לאַנד, וואָס איז אינדוסטריעל ניט אַנטוויקלט און וואָס נאָענט צו 90 פּראָצענט פֿון איר באַפֿעלקערונג באַשטייט פֿון פּויערים, וועלכע זיינען קעגנער פֿון קאָ־מוניזם, ווייל זיי זיינען פּריוואַט־אייגנטימער, שטימט געוויס ניט מיט דער טעאָריע פֿון מאַרקסן. נאָר די קאָמוניסטן אין רוסלאַנד האָבן זיך ניט געקימערט וואָס מאַרקס זאָגט, און זיי האָבן פּראָבירט טאָמער וועט עס זיך דאָך איינגעבן. זיי האָבן געקלערט, אַז מאַרקס וועט אויף זיי קיין פֿאַריבל ניט האָבן, ווען עס וועט זיך זיי איינגעבן איינצופֿירן קאָמוניזם אין רוסלאַנד, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס שטימט ניט מיט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע. די קאָמוניסטן האָבן געטאָן אַ סך זאַכן, וועלכע שטימען ניט מיט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, פּונקט ווי די סאָציאַליסטן האָבן עס געטאָן. עס איז שווער צו אונטערשיידן, ווער עס האָט מער געזינדיקט קעגן דעם מאַרקסיזם, די קאָמוניסטן אָדער די סאָציאַליסטן. אָבער ביידע ווילן ניט מודה זיין, אַז זיי האָבן קעגן אים געזינדיקט. סיי די קאָ־מוניסטן, סיי די סאָציאַליסטן באַהויפּטן, אַז זיי האַלטן זיך פֿעסט פֿאַרן מאַר־קסיזם, און ביידע קעמפֿן איינע קעגן די אַנדערע אין נאָמען פֿון דער מאַרקסיס־טישער טעאָריע.

ווען מען זוכט דעריבער אַן אונטערשייד צווישן סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, זאָל מען עס ווייניקער זוכן אין זייער מאַרקסיזם, ווייל דער אמת איז אַז ביידע זיינען גאַנץ ווייניק מאַרקסיסטיש. קאַרל קאַוטסקי איז פֿון איין זייט אַ געניגנדע

אויטאָריטעט אין מאַרקסיזם צו פֿאַרזיכערן, אַז קאָמוניסטן זיינען ניט קיין מאַרקסיסטן, און ניקאָלאַי לענין איז פֿון דער אַנדערער זייט אַ גענינגנדע אויטאָריטעט אין מאַרקסיזם צו פֿאַרזיכערן, אַז די סאָציאַליסטן זיינען ניט קיין מאַרקסיסטן. אין דעם פּרט זיינען זיי ביידע גערעכט. דער אונטערשייד צווישן די קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן באַשטייט אין דעם, וואָס די סאָציאַליסטן זיינען פֿון רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן געוואָרן פֿרידלעכע סאָציאַלע רעפֿאָרמער, און די קאָמוניסטן זיינען פֿון רעוואָלוציאָנערע אַוואַנטוריסטן געוואָרן דעמאַגאָגישע אָפּאָרטוניסטן.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויפֿגעהערט צו זיין רעוואָלוציאָנער, זי איז היינט ניט מער ווי אָפּאָזיציאָנעל. זי וויל ניט איבעראַנדערשן די איצטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג דורך אַ רעוואָלוציע, נאָר זי וויל עס טאָן ביסלעכווייז דורך רעפֿאָרמען אויף אַ דעמאָקראַטישן אופֿן, שפּילנדיק די ראָלע פֿון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער אָפּאָזיציאָנעלער פּאַרטיי. זיי זיינען געוואָרן, קען מען זאָגן, משיח־סאָציאַליסטן. דער סאָציאַליזם מוז אַמאָל קומען. מיט געוואַלט קען מען אים ניט ברענגען, אַזוי ווי מען קען משיחן ניט ברענגען מיט געוואַלט. מען דאַרף דעריבער זיין רואיק און וואַרטן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָגט עס ניט. די מייסטע סאָציאַליסטן באַהויפּטן נאָך היינט, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערן, און אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַ רעוואָלוציאָנערע. אָבער עס איז ניט וויכטיק וואָס מען זאָגט, נאָר וואָס מען טוט.

די קאָמוניסטן זיינען פֿון אָנפֿאַנג געווען רעוואָלוציאָנערע אַוואַנטוריסטן. זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי זיינען ספּעציאַליסטן אין מאַכן רעוואָלוציעס און זיי קענען מאַכן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע וואו נאָר זיי ווילן און ווען זיי ווילן נאָר, ניט רעכענענדיק זיך מיט די באַדינגונגען און צושטענדן. זיי זיינען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אַפֿילו דערקלערט אַמעריקע אין אַ צושטאַנד פֿון ערב אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. און דאָס איז געווען גראַד אין אַזאַ צייט, ווען די מאַסנס פֿון די אַמעריקאַנער אַרבעטער זיינען געווען אַזוי זאַט און אַזוי פֿול, אַז זיי וואָלטן זיך געפֿוילט אַפֿילו צו גיין זען ווי אַ רעוואָלוציע זעט אויס. ביסלעכווייז אָבער, זיינען די קאָמוניסטן פֿון רעוואָלוציאָנערן אַוואַנטוריזם איבערגעגאַנגען צו דעם דעמאַגאָגישן אָפּאָרטוניזם.

די קאָמוניסטן זיינען פּרינציפּיעל קעגן דעם, אַז די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער וועלט־מלחמה זאָלן קריגן אַ ספּעציעלע באַלוינונג (באָנוס) דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען געגאַנגען העלפֿן דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג הרגענען מענטשן. אָבער כּדי נושא חן צו זיין אין די אויגן פֿון די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן ווערן פֿריינדלעך צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן אַוועקגעלייגט דעם פּרינציפּ אָן אַ זייט און אַרויסגעשטעלט אַ פֿאָדערונג, אַז מען זאָל די סאָלדאַטן געבן אַ באָנוס. דאָס איז אַ דעמאַגאָגישער אָפּאָרטוניזם אין זיין אומפֿאַרשעמטסטער פֿאָרם.

געוויינלעכע אָפּאָרטוניסטן טוען אַזעלכע זאַכן איינפֿאַך, אָן דעם רעוואָלוציאָנערן שם המפֿורש אין מויל, קאָמוניסטן אָבער באַפּוצן עס מיט רעוואָלוציע.

אַנשטאָט אַן אָפּאָרטוניסטישער האַנדלונג, פֿאַר וועלכער מען דאַרף זיך אַנטשול־דיקן, ווערט עס ביי זיי אַ רעוואָלוציאָנערע מצוה.

אָפּאָרטוניזם קומט, ווען די אידעע ווערט אַוועקגעשטעלט אין הינטער־גרונט און די פּאַרטיי אין פֿאָדערגרונט. די אידעע קען פֿון אָפּאָרטוניזם קיין מאָל ניט געווינען, אין קעגנטייל, זי פֿאַרלירט. פֿון אָפּאָרטוניזם קען אָבער גאַנץ אָפֿט געווינען די פּאַרטיי, און ביי די קאָמוניסטן איז ניט די אידעע דער עיקר, נאָר די פּאַרטיי.

*

ווען איך רעד דאָ וועגן קאָמוניסטן, האָב איך ווייניקער אין זינען רוסלאַנד, וואו אַ סך שלעכטע זאַכן קענען באַרעכטיקט ווערן דורך דער רעוואָלוציע, נאָר איך האָב אין זינען הויפּטזעכלעך די קאָמוניסטן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געוואוסט אויף וואָס פֿאַרא וועלט זיי זיינען און וועלכע האָבן אין אַלגעמיין געמאַכט פֿון קאָמוניזם אַ קאַריקאַטור, פּונקט ווי די סאָציאַליסטן האָבן פֿון דעם סאָציאַליזם געמאַכט אַ שטיק חוזק.

די קאָמוניסטן בכלל האָבן דעם קאָמוניזם פֿאַרוואַנדלט אין אַ קירך, און די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן האָבן פֿון אים געמאַכט אַ קאַטוילישע קירך.

אין דער קירך איז דער עיקר ניט די אידעע פֿון קריסטנטום, ניט די מענטש־לעכע גוטסקייט, נאָר די קירכלעכע פֿרומקייט. געוויס רעדן די גלחים אין זיי־ערע קירלעכע דרשות אויך וועגן גוטסקייט און גערעכטיקייט, אָבער דער היי־ליקער פּעטרוס, וואָס האַלט די שליסל פֿון הימל, האָט נאָך קיין מאָל ניט פֿאַר־שלאָסן די טויערן פֿון הימל פֿאַר שווינדלער, באַטריגער און מאָראַלישע דע־גענעראַטן. ער פֿאַרשליסט זיי בלויז פֿאַר די, וועלכע האָבן ניט געפֿאָלגט די קירך, דעם פּויפּסט און זיינע גלחים.

די קאַטוילישע קירך האָט אַרויסגענומען די נשמה פֿון קריסטנטום, און די קאָמוניסטישע קירך האָט אַרויסגענומען די נשמה פֿון קאָמוניזם.

דער ערשטער און וויכטיקסטער געבאָט פֿון דער קירך איז: טראַכט ניט, נאָר גלייב; אורטייל ניט, נאָר פֿאָלג בלינד און מער ווי אַלץ גלייב, אַז דער פּויפּסט קען קיין פֿעלער ניט מאַכן.

דאָס קריסטנטום וואָס איז געווען אַזוי האַרציק מענטשלעך אין זיין אָנ־פֿאַנג, איז פֿון דער קאַטוילישער קירך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַרצלאָזער רעליגיעזער דאָגמע, וואָס האָט געשיקט לעבעדיקע מענטשן אויפֿן פֿייער. און דער קאָמוניזם, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אַלס די העכסטע אידעע פֿון יושר, גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט, איז פֿון דער קאָמוניסטישער קירך פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ טרוקענע, האַרצלאָזע דאָגמע פֿון פּאַרטיי־מאַכט.

די אידעע פֿון קאָמוניזם אָדער סאָציאַליזם איז געבוירן געוואָרן אַלס אויס־דרוק פֿון פּראָטעסט קעגן מענטשלעכער אונטערדריקונג און גוזעלשאַפֿטלעכער און עקאָנאָמישער אומגערעכטיקייט. די ערשטע קאָמוניסטן אָדער סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן אָנגעפֿאַנגען פּראָפּאַגאַנדירן די קאָמוניסטישע אָדער סאָציאַ־ליסטישע אידעען, האָבן זיך הויפּטזעכלעך געשטיצט אויף דעם מענטשלעכן געפֿיל פֿון יושר און גערעכטיקייט. זיי האָבן געגלייבט אַז די אידעע פֿון קאָמו־ניזם אָדער סאָציאַליזם, מוז אַפּעלירן צו אַלע מענטשן, ווען מען זאָל זיי נאָר

עס געבן צו פאַרשטיין. איז געקומען קאַרל מאַרקס און האָט געזאָגט: דורך פּראָפּאַגאַנדירן סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם צו אַלע מענטשן וועט מען די אידעע ניט פאַרווירקלעכן, ווייל די אידעע גופא איז בלויז אַן אויסדרוק פון אַ טייל מענטשן, פון דעם טייל אומצופרידענע, אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע און זי איז אַן אַנזאָג פון אַ קאַמף קעגן דעם אַנדערן טייל מענטשן, דעם טייל פון צופרידענע, אונטערדריקערס און עקספּלואַטאַרס. די אידעע פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם קען דעריבער ניט פאַרווירקלעכט ווערן דורך דעם, וואָס מען וועט איר פּראָפּאַגאַנדירן צו אַלע מענטשן אַלס אַן אידעע פון גערעכטיקייט און יושר, נאָר דורך דעם, וואָס מען וועט זי פּראָפּאַגאַנדירן צו אַ טייל. דאָס מיינט, אַז דער סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם איז אַן אידעע, וואָס קען פאַרווירקלעכט ווערן אין לעבן דורך אַ קלאַסן־קאַמף, דורך דעם קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

קאַרל מאַרקס האָט אָבער דערמיט ניט געמיינט אָפּצושוואַכן דעם פונדאַמענט פון גערעכטיקייט און יושר, אויף וועלכן די אידעע פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם איז געבויט, ער האָט בלויז געוואָלט אָנווייזן דעם וועג, ווי אַזוי די דאָזיקע אידעע פון גערעכטיקייט און יושר קען פאַרווירקלעכט ווערן אין לעבן.

דער קלאַסן־קאַמף מוז האָבן אין זיך צוויי עלעמענטן. ערשטנס, מוז ער האָבן אין זיך דעם עלעמענט פון סאָלידאַריטעט, איבערגעבנקייט, ליבע און פריינטשאַפט פון די מיטגלידער איינע צו די אַנדערע אין דעם אייגענעם קלאַס; און צווייטנס, מוז ער האָבן אין זיך דעם עלעמענט פון פיינטשאַפט, האַס און פאַרביטערונג צום קעגנערישן קלאַס. די באַגייסטערונג אין דעם קאַמף ווערט געשעפט פון דער גערעכטיקייט און דעם יושר פון דער אידעע און פון דער ליבע צום קלאַס, פאַר וועלכן מען קעמפט, בעת די פאַרביטערונג אין דעם קאַמף ווערט געשפּייזט פון דעם האַס צו דעם קעגנערישן קלאַס פאַר זיין אומגערעכטער הערשאַפט, זיין עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג.

וואָס איז שייך צו האַס, אין דעם טייל איז קיין מאַנגל ניטאָ. און אויב דער גאַנצער האַס ווערט ניט פאַרווענדט קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, ווערט אַ גרויסער טייל, מערסטנס דער גרעסטער טייל, פאַרווענדט קעגן די פאַרטייען פון דעם אייגענעם קלאַס, דעם אַרבעטער־קלאַס. וואָס איז שייך אָבער, צו פריינטשאַפט און אייניקייט אין דעם אייגענעם קלאַס, פעלט עס אין גאַנצן. די קאָמוניסטן און די סאָציאַליסטן מיט זייערע פאַרטייען האָבן עס אויפגעגעסן.

אַ קאַמף מוז האָבן אַן אָרגאַניזירטן אַפּאַראַט, וואָס זאָל אים אָנפירן. פאַר דעם צוועק ווערט געשאַפן די פאַרטיי. זי, די פאַרטיי, איז עס דער אָרגאַניזירטער קאַמפּס־אַפּאַראַט. איז אָבער די צרה, וואָס אָפט ווערט די פאַרטיי אַנשטאָט אַ מיטל פאַרן קאַמף — אַ צוועק פאַר זיך אַליין. די פאַרטיי ווערט ניט נאָר אָפט אַוועקגעשטעלט איבערן קלאַס, נאָר מאַנכעס מאָל אויך קעגן קלאַס.

די קאָמוניסטן צייכענען זיך אין דעם גאַנץ באַזונדערס אויס. זיי האָבן פון דער פאַרטיי אַן אָפּגאָט געמאַכט. ניט דער קאָמוניזם איז דער העכסטער אידעאַל, נאָר די פאַרטיי. קעגן קאָמוניזם קען מען זינדיקן, אַ סך זינדיקן, און עס וועט דעם זינדיקער גאָרניט שאַדן, עס טאָר אָבער ניט באַרירט ווערן די הייליקייט פון דער פאַרטיי.

וואָס קאָמוניזם איז, וועט איר שווער דערגיין ביי די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן. דער קאָמוניזם פֿון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן הענגט אָפּ פֿון דעם לעצטן דעקרעט פֿון מאָסקווע, און צווישן איין דעקרעט און צוויטן — איז ווי גאָט גיט. אַמאָל טרעפֿט מען ווי אַ בלינד פֿערד אין גרוב און אַמאָל ווי מיטן פֿינגער אין דער לבנה. דאָס מאַכט אָבער ניט אויס. וואָס איז דען דער אונטערשייד אויב מען טרעפֿט ניט, אַז קיינעם קען עס סיי־ווי־סיי ניט שאַטן.

אַן איינפֿלוסרייכע פּאָליטישע פּאַרטיי, ווען זי מאַכט אַ פֿעלער, קען עס ברענגען שאָדן. אַן איינפֿלוסרייכע פּאָליטישע פּאַרטיי דאַרף וויסן וואָס זי וויל, און דאַרף האָבן אַ באַשטימטע טאַקטיק. אָבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע איז פּאַרלויפֿיק אין אַ גליקלעכער לאַגע, וואָס זי האָט ניט קיין איינפֿלוס און איז אין אַלגעמיין ניט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי. זי איז מער אַ סעקטע, ווי אַ פּאַרטיי. עס איז דעריבער ניט נויטיק פֿאַר איר, אַז זי זאָל אַליין טראַכטן וואָס צו טאָן, ס'איז פֿאַר איר גענוג, ווען מען טראַכט פֿאַר איר אין מאָסקווע.

נאָר איין זאַך ווייסן די היגע קאָמוניסטן קלאָר און באַשטימט. דאָס איז, אַז אַ פּאַרטיי דאַרף האָבן אַ מיליטערישע דיסציפּלין, ווייל אַזוי איז אין מאָסקווע.

דאָס וואָס אין מאָסקווע האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געדאַרפֿט אָנפֿירן אַ רעוואָלוציע און אַ מיליטערישע דיסציפּלין איז דעריבער אַ נויטוועדיקייט, דאָס איז ניט דער עסק פֿון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן. פֿאַר זיי איז מיליטערישע פּאַרטיי־דיסציפּלין דער עיקר פֿון קאָמוניזם. דאָס איז אַ קאָמוניזם, וואָס מען קען אויסלערנען אויף איין פֿוס. און דערצו זייער אַ באַקוועמער קאָמוניזם, וואָס גיט די מעגלעכקייט אַ קליינער קליקע צו שאַלטן און צו וואַלטן אומבאַשרענקט און אומבאַגרענעצט. די מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי דאַרפֿן זיך האַלטן ווי סאָלדאַטן, און סאָלדאַטן דאַרפֿן וויסן, אַז זייער עסק איז ניט טראַכטן, נאָר פֿאָלגן, טראַכטן פֿאַר זיי וועלן שוין די אָפֿיצירן און גענעראַלן.

און עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די „רענק און פֿאַיל" אין דער היגער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באַשטייט פֿון אַן אויסגעצייכנטן רעוואָלוציאָנערן עלעמענט. עס איז אַ יונגער עולם, וואָס האָט נאָך אין זיך דעם גאַנצן פֿייער באַגייסטערט צו ווערן פֿאַר דער קאָמוניסטישער אידעע און צו ברענגען די שווערסטע קרבנות פֿאַר איר. עס איז אַן עלעמענט, וואָס האָט אין זיך געליבן, נשמה, איבערגעבנקייט, רעוואָלוציאָנערע פֿרישקייט און דרייסטקייט. אָבער גראַד די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע רעדט אַזוי פֿיל וועגן „רענק און פֿאַיל", און מאַכט זיי אַזוי פֿיל קאָמפּלימענטן, דערלאָזט ניט די זעלביקע הויך־געדימטע און וואויל־געליבטע „רענק און פֿאַיל" אַ קאָפּ אויפֿהייבן אין דער פּאַרטיי. די „רענק און פֿאַיל" דאַרף בלויז האָרכן און פֿאָלגן, אָבער ניט זאָגן קיין דעה. מען האָט ניט געפֿרעגט די מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי אויב מען זאָל פֿאָדערן אַ באָנוס פֿאַר די אויסגעדינטע סאָלדאַטן. מען האָט זיי אויך ניט געפֿרעגט צי מען זאָל אינדאָרסירן די קאַנדידאַטור פֿון מאַגנוס דזשאָנסאָן אין מינעסאָטאַ, פּונקט ווי מען פֿרעגט זייער דעה אין אַלגעמיין ניט. אַ פּאָר מענטשן באַשליסן, און דאָס „פֿאָלק" מוז פֿאָלגן.

די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך פּאַקטיש פֿאַרוואַנדלט אין אַ קליקע, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די פּאַרטיי־מאַכט און דעם פּאַרטיי־קאָנטראָל

העכער ווי אַלע פּרינציפּן און אידעאַלן, און אויף אַזאַ אופֿן האָט פּאַסירט, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אויפֿגעגעסן דעם קאָמוניזם.

## 4

## קאָמוניזם און יעזואיטיזם

גערעכט אָדער אומגערעכט, עס איז מיין פּאַרטיי — אַזוי האָט דזשאָן פּעפּער, דער כּהן גדול פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע — דערקלערט די פֿליכטן פֿון קאָמוניסטן צו זייער פּאַרטיי. פּונקט אַזוי ווי די בורזשואַזיע האַלט זיך פֿאַר דעם כּלל בנוגע צום פֿאָטערלאַנד — גערעכט אָדער אומגערעכט — עס איז מיין לאַנד — אַזוי מוזן זיך די קאָמוניסטן האַלטן פֿאַר דעם זעלביקן כּלל בנוגע צו זייער פּאַרטיי.

איך האָב קיין מאָל ניט געגלייבט, אַז דער בורזשואַזער כּלל פֿאַרן פֿאָטערלאַנד איז אַ ריכטיקער, אָבער איך מוז צוגעבן, אַז אין אים איז פֿאַראַן אַ געווויסע לאָגיק. אַ מענטש קען זיך ניט אָפּזאָגן פֿון זיין לאַנד דערפֿאַר, ווייל עס איז אומגערעכט. זייט איר געבוירן אַן אַמעריקאַנער, מוזט איר בלייבן אַן אַמעריקאַנער, צי אַמעריקע איז גערעכט אָדער אומגערעכט. עס איז אָבער ניטאָ קיין שום לאָגיק צו זאָגן דאָס זעלביקע וועגן אַ פּאַרטיי.

עס איז מיין פּאַרטיי בלויז ווען זי איז גערעכט. ריכטיקער, זי איז מיין פּאַרטיי בלויז דערפֿאַר, וואָס זי איז גערעכט. זי איז אָבער ניט מיין פּאַרטיי, ווען זי איז אומגערעכט.

מענטשן טרעטן אַריין אין אַ פּאַרטיי, בלויז צוליב דעם, ווייל זיי גלייבן, אַז זי איז גערעכט. מענטשן פֿירן אַן אַ פּאַרטיי־קאַמף בלויז צוליב דעם, ווייל זיי גלייבן, אַז זייער פּאַרטיי איז גערעכט און די קעגנערישע פּאַרטיי איז אומגערעכט. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען איך איבערצייג זיך, אַז מיין פּאַרטיי איז אומגערעכט, קען איך פֿאַר איר ניט קעמפֿן און טאָר פֿאַר איר ניט קעמפֿן.

וואָס מיינט, אַז אַ פּאַרטיי איז אומגערעכט? דאָס מיינט אַז זי טוט אַזעלכע זאַכן, וועלכע שטערן צו דערגרייכן דעם ציל אָדער פֿאַרווירקלעכן די אידעע, וואָס זי האָט אָנגעשריבן אויף איר פֿאָן. ווען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אומגערעכט, מיינט עס, אַז זי טוט אַזעלכע זאַכן, וואָס שעדיקן די אידעע פֿון קאָמוניזם און דיסקרעדיטירן איר. און אויב איך גלייב אין קאָמוניזם און וויל, אַז די אידעע פֿון קאָמוניזם זאָל ניט דיסקרעדיטירט ווערן, קען איך ניט זאָגן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז מיינע, אַפֿילו ווען זי איז אומגערעכט.

אַ פּאַרטיי מוז האָבן אַ דיסציפּלין. וואָס שטאַרקער די דיסציפּלין, אַלץ ווירקזאַמער און דערפֿאָלגרייכער קען זיין די פּאַרטיי אין איר אַרבעט. אָבער די דיסציפּלין קען בלויז זיין אַ רעזולטאַט פֿון דער איבערצייגונג פֿון דער גערעכטיקייט פֿון דער פּאַרטיי, איר מוזט פֿאָלגן דער פּאַרטיי, ווייל זי איז גערעכט. עס טאָר אָבער ניט זיין אַזאַ דיסציפּלין, וואָס זאָל זאָגן, אַז איר מוזט פֿאָלגן דער פּאַרטיי אַפֿילו, ווען זי איז אומגערעכט. ווייל דעמאָלט ווערט די פּאַרטיי דער עיקר און די אידעע דער טפֿל. מען פֿאַרגעסט דעמאָלט צוליב דער פּאַרטיי די אידעע, פֿאַר וועלכער זי דאַרף קעמפֿן.

צום אומגליק האָבן אַ סך קאָמוניסטן טאַקע צוליב דער פּאַרטיי פאַרגעסן די קאָמוניסטישע אידעע. ניט דער ענד־ציל, דער קאָמוניזם, איז ביי זיי דער עיקר, נאָר די פּאַרטיי. ניט די אידעען און פּרינציפּן פון קאָמוניזם זיינען הייליק, נאָר די פּאַרטיי־דיסציפּלין. פאָלגט איר דער פּאַרטיי, אונטערוואַרפט איר זיך איר דיסציפּלין בלינדערהייט, דאַן זייט איר אַ גוטער און פרומער קאָמוניסט, וויפל איר זאָלט ניט זינדיקן קעגן קאָמוניזם און קעגן יעדער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער מאָראַל. ווילט איר אָבער ניט פאָלגן בלינד דער דיסציפּלין פון דער פּאַרטיי, דאַן מעגט איר זיין קאָמוניסטיש און רעוואָלוציאָנער וויפל איר ווילט, און אייער נאָמען וועט דאָך פאַרשריבן ווערן צווישן די זינדיקע, ווידער־שפּענסטיקע און פאַררעטער פון אַרבעטער־קלאַס.

*

גערעכט אָדער אומגערעכט, עס איז מיין פּאַרטיי — איז יעזואיטיזם אין זיין שאַרפסטן אויסדרוק.

די פּאַרטיי איז דער מיטל, וואָס דאַרף פירן צום צוועק, און דער יעזואי־טיזם זאָגט, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל. די פּאַרטיי מעג דעריבער זיין זינדיק, אומגערעכט, אָבער דער צוועק פאַר וועלכן זי קעמפט, מאַכט איר הייליק, ווי זינדיק זי זאָל ניט זיין.

מען קען ניט לייקענען, אַז אין דער פּראַקטישער פּאָליטיק, וואָס זוכט הויפּטזעכלעך אַ מאָמענטאַנעם דערפאָלג, איז יעזואיטיזם די ווichטיקסטע באַ־דינגונג פאַר דערפאָלג. אייגנטלעך זיינען ניט די יעזואיטן געווען די דערפינדער פון כּלל, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל. דעם דאָזיקן כּלל האָבן דערפונדן די ערשטע מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען טרייבן פּראַקטישע פּאָליטיק. די יעזואיטן זיינען געווען בלויז די, וועלכע האָבן מיט אַ ציניש ער אָפנקייט דערקלערט, אַז זיי אָנערקענען דעם כּלל און וועלן אים באַנוצן.

דער אמת איז, אַז אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און אַלע אַזוי גערופענע פּראַק־טישע פּאָליטיקער האַלטן פון דעם כּלל, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל. די קאָמוניסטישע „פּראַקטישע" פּאָליטיקער, אָדער ריכטיקער „רעאַל־פּאָליטיקער" זיינען אַלזאָ, אין דעם פּרט ניט קיין אויסנאַם, זיי דערקלערן עס בלויז מיט אַ מער ציניש ער אָפנקייט.

די אַזוי גערופענע פּראַקטישע פּאָליטיק איז אָבער דער זומפּ, וואו די בעסטע אידעאַלן ווערן פאַרזונקען. באַנוצנדיק זיך מיט די זינדיקע מיטלען צו דערגרייכן דעם הייליקן צוועק, ווערט מען אַזוי איינגעוואוינט מיט די זינד און פאַרדאַרבן מיט זיי, אַז ניט נאָר פאַרגעסט מען אין גאַנצן אָן דעם הייליקן צוועק, נאָר מען ווערט אומפעאיק אים צו פאַרווירקלעכן. פיל מער, דורך די זינדיקע מיטלען ווערט די הייליקייט פון צוועק פאַרשוועכט. דער פאַקט איז, אַז קיינער האָט נאָך דעם קאָמוניזם ניט אַזוי פאַרשוועכט, ווי די „פּראַקטישע" קאָמוניס־טישע פּאָליטיקער.

האַלטנדיק זיך פאַרן כּלל, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל, האָבן די „פּראַקטישע" פּאָליטיקער פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל אין אַ בריוו צו די אַמע־ריקאַנער קאָמוניסטן זיי געלערנט, אַז זיי זאָלן אין זייער אַמעריקאַנער פּאָליטיק

אויסנוצן די פּיינטשאַפטס־געפילן פון די אַמעריקאַנער צו די יאַפּאַנעזער און צו די ענגלענדער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער מיטגליד פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל פאַר־דאַמט ראַסן־האַס אויף דעם שטאַרקסטן אופן, אָבער אויב די פּראַקטישע קאָ־מוניסטישע פּאָליטיק קען עטוואָס געווינען פון ראַסן־האַס, דאַן דאַרף מען ניט פאַרגעסן דעם כּלל, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל.

די גרופּע פון דער אַמאָליקער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער די רוסישע פּויערים זיינען גערופן געוואָרן צו מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן, האָט געהאַט אין זינען בלויז פּראַקטישע פּאָליטיק. יעדער מיטגליד פון דער גרופּע האָט פאַרדאַמט מיטן גאַנצן האַרצן אַפילו דעם געדאַנק פון פּאָגראָמען אויף יידן, אָבער אַלס פּראַקטישע פּאָליטיקער האָבן די מיטגלידער פון דער גרופּע זיך געהאַלטן פאַר דעם כּלל, אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל. און אַזוי ווי זיי האָבן געהאָפט, אַז דורך פּאָגראָמען אויף יידן וועט מען דעם רוסישן פּויער שוין אויך קענען פירן צו פּאָגראָמען אויף פּריצים און ממילא צו אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציע, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן אַז פאַר דעם הייליקן צוועק פון דער רעוואָלוציע מעג מען געברויכן אַזאַ זינדיקן און פאַרברע־כערישן מיטל, ווי פּאָגראָמען אויף יידן. שפּעטער נאָר האָבן זיי זיך איבער־צייגט, אַז דורך פּאָגראָם־אַגיטאַציע קען מען בלויז אַרויסרופן פּאָגראָמען אָבער ניט קיין רעוואָלוציע.

דער „רעאַל־פּאָליטיקער", קיין אונטערשייד צו וועלכער פּאַרטיי ער זאָל ניט באַלאַנגען, האָט אין אויג בלויז דעם היינט און דעם נאָענטן מאָרגן, אָבער ער קימערט זיך ניט פאַר דעם איבערמאָרגן. די אידעע, פאַר וועלכער ער האָט דעם ציל צו קעמפן, פאַרגעסט ער אין גאַנצן. ער האָט אין זינען בלויז די פּאַר־טיי און דעם מאָמענטאַנעם דערפאָלג פון דער פּאַרטיי, ווי ער וויל איר האָבן, גאַנץ גלייך דורך וועלכע מיטלען דער דערפאָלג ווערט געוואונען.

די אידעע פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם באַגייסטערט, מאַכט איידעלער, ערלעכער און שענער די, וועלכע גלייבן אין איר און קעמפן פאַר איר פאַר־ווירקלעכונג. די „רעאַל־פּאָליטיקער", אָבער, ביי וועמען די פּאַרטיי האָט אויפ־געגעסן די אידעע, טויטן אָפּ די באַגייסטערונג און שטויסן אָפּ פון דעם אידעאַל. ביי די „פּראַקטישע" סאָציאַליסטישע פּאָליטיקער איז דער סאָציאַליזם געוואָרן אַ זאַטע, רואיקע און צופרידענע רעפאָרם־באַוועגונג מיט אַ נעבלהאַפטן ענד־ציל, וואָס ליגט אין דער ווייטער אומענדלעכער צוקונפט, וואָס איין גאָט ווייס, אויב עס וועט אַמאָל קומען. און ביי די קאָמוניסטן איז דער קאָמוניזם געוואָרן עטוואָס אַזאַ ברוטאַלער, שוידערלעכער מאָנסטער, וואָס שפּריצט מיט גאַל און באָדט זיך אין בלוט. געוויינלעך איז דער דערפאָלגרייכסטער פּראַקטישער פּאָ־ליטיקער דער גרעסטער יעזואיט.

נאָר אויב „פּראַקטישע" פּאָליטיק פאָדערט יעזואיטיזם, קען מען זיך ניט העלפן. איז מען צוזאַמען מיט וועלף, מוז מען וואָיען ווי אַ וואָלף. צווישן וועלף טאָר מען ניט זיין קיין שעפּס, ווייל די וועלף וועלן אויפעסן. אַזוי זאָגט די פּראַקטיק פון לעבן. איך צווייפל אַפילו אויב די דאָזיקע פּראַקטיק פון דעם לעבן פון וועלף איז דורכאויס צוגעפּאַסט צו דעם לעבן פון מענטשן. אָבער זאָל עס

זיין אַזוי. פֿיל ערגער איז עס אָבער ווען דער יעזואיטיזם ווערט אַריינגעטראָגן ניט בלויז אין קאַמף צווישן איין פּאַרטיי מיט דער צווייטער, נאָר אין דער איי־גענער פּאַרטיי, צווישן חבר און חבר. דאָס איז שוין ערגער אַפֿילו ווי די וועל־פֿישע פּראַקטיק.

און גראָד האָבן זיך די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן אויסגעצייכנט אין דער יעזואיטישער פּאָליטיק אין דער אייגענער פּאַרטיי. עס איז ניט געווען וואו אויסצובערענגען דעם גרויסן זאַפּאַס יעזואיטיזם אויף אויסן, האָט מען אים געזוכט אויסנוצן ביי זיך אינעווייניק.

און ווען מען פֿאַנגט אָן באַנוצן זיך מיט יעזואיטיזם אין די רייען פֿון דער אייגענער פּאַרטיי, דעמאָלט דאַרף מען שוין ניט רעדן וועגן דער פּאַרטיי, נאָר וועגן אַ קליקע.

פּאַרטיי־קליקיזם איז איינער פֿון די וויכטיקסטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון דעם אַמעריקאַנער קאָמוניזם. ער האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט אין דעם אונטערערדישן לעבן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און ער איז פֿאַרבליבן אויך דעמאָלט, ווען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַרויס פֿון קעלער אין דער עפֿנטלעכקייט.

עס וועט אַמאָל מסתמא קומען איינער פֿון די קאָמוניסטישע רייען, וועלכער וועט דערציילן, ווי אַזוי די היגע קאָמוניסטן האָבן געיעזואיטעוועט איינע קעגן די אַנדערע, ווען זיי זיינען געלעגן אין אונטערגרונט, ווי זיי האָבן זיך דאָרטן געפֿרעסן איינע די אַנדערע און ווי זיי האָבן באַגראָבן איינע די אַנדערע. אין דעם יאָר, וואָס איך בין געווען מיט זיי צוזאַמען אין איין פּאַרטיי, האָב איך מיך אַ ביסל אָנגעהערט און אָנגעזען פֿון זייערע „חברשע" מעשים. שטעלט זיך איינער קעגן דער קליקע, ווערט ער באַלד צעטראָטן. ביז עס אָרגאַניזירט זיך אַ נייע קליקע, אַ שטאַרקערע, און צעטרעט, די פֿריערדיקע קליקע.



## פֿיינטשאַפֿט

פֿאַר וואָס האָבן מענטשן זיך אַזוי פֿיינט? פֿון וואַנען נעמט זיך צו זיי אַזוי פֿיל רציחה איינער צום אַנדערן?

איך טראַכט עס יעדעס מאָל, ווען איך זע אָן אויסברוך פֿון מענטשלעכער פֿיינטשאַפֿט.

פֿון וואַנען נעמט זיך אָט־דער גיפֿטיקער קוואַל פֿון מענטשלעכער פֿיינט־שאַפֿט ביי די היטלעריסטן? אָט־די לוסט צו מאָרדן, צו פּייניקן און ווייַ צו טאָן?

די נעמען — בעסטיעס, באַרבאַרן, מערדער, — מיט וועלכע מען רופֿט זיי, דערקלערט גאָרניט. די פֿראַגע בלייבט דאָך אָלץ: פֿון וואַנען נעמט זיך אַזאַ בעסט־יאַליטעט, אַזאַ באַרבאַריי, און אַזאַ מאָרד־לוסט ביי מענטשן?

איך האָב אין מיין לעבן בלויז איין מאָל געזען אָן אויסברוך פֿון מענטש־לעכער ליבשאַפֿט. דאָס איז געווען, ווען עס איז אָנגעקומען די נייעס, אַז די וועלט־מלחמה איז געענדיקט און עס וועט זיין פֿרידן אויף דער וועלט. איך

האָב דעמאָלט געזען אין גאַס ווי מענטשן גאַנץ פֿרעמדע האָבן זיך געגעבן די הענט, האָבן זיך אַרומגענומען, געטאַנצט און זיך געקושט. אָט־דער אויסברוך פֿון אמתער מענטשלעכער ליבע און אויפֿריכטיקער מענטשלעכער פֿריינטשאַפֿט האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע שטונדן ביז די מענטשן האָבן זיך אויסגעניכטערט פֿון זייער פֿרייד און ווידער אָנגעהויבן פֿיינט האָבן איינע די אַנדערע.

פּרובירט זיך דערמאָנען, אויב איר האָט ווען עס איז געזען אַז איין מענטש זאָל אַרויפֿפֿאַלן דעם צווייטן קושן ווען ער קען אים ניט און ווייס אים ניט. און ווען איר וועט עס זען, וועט איר ביי זיך טראַכטן, אַז אָדער ער איז שיכּור אָדער ער איז משוגע. איר האָט אָבער זיכער געזען ניט איינמאָל ווי איין מענטש איז באַפֿאַלן און געשלאָגן אַ צווייטן מענטשן, וואָס ער קען ניט און ווייס ניט. איר האָט דערביי אפֿשר געזאָגט, אַז דער שלעגער איז אַ „באָם", אַ כוליגאַן, אָבער איר האָט זיכער ניט געטראַכט, אַז ער איז שיכּור אָדער משוגע, ווייל אַ „באָם" אָדער אַ כוליגאַן איז אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. און אויב דער געשלאָגענער איז אַ פֿרעמדער, וואָס קוקט אויס אַנדערש, אָדער רעדט אַנדערש, איז עס דאָך געוויס אַ געוויינלעכע זאַך.

איר קענט זייער לייכט אויספֿירן, אַז איין מענטש זאָל דעם צווייטן פֿאַלן שלאָגן, אָבער איר וועט זייער שווער אויספֿירן, אַז איין מענטש זאָל פֿאַלן דעם צווייטן קושן.

אָט דערציילט איינעם, אַז דער אָדער יענער האָט אויף אים גערעדט שלעכטס, אַז ער האָט געזאָגט אויף אים שרעקלעכע זאַכן, און אויב איר ווייסט ווי אַזוי אונטערצוגעבן פֿייער, קענט איר זיין זיכער, אַז עס וועט זיין אַ געשלעג. ווען איר וועט אָבער איינעם דערציילן, אַז דער אָדער יענער האָט אויף אים גערעדט גוטס, און האָט אים געלויבט אין הימל אַריין, וועט איר ניט זען, ווי ער וועט לויפֿן יענעם געבן אַ קוש. אין די מייסטע פֿאַלן וועט ער אַפֿילו ניט לויפֿן געבן אים אַ דאַנק.

איך קען זיך ניט באַרימען, אַז איך האָב אַ סך דערפֿאַרונג אין לעבן. אָבער פֿון דאָס ביסעלע, וואָס איך האָב, קען איך זאָגן, אַז איך האָב גאַנץ זעלטן באַ־מערקט ליבע אָדער פֿריינטשאַפֿט אָן אַ שום אורזאַך. זעט איר, פֿיינטשאַפֿט, האָס, אָן אַ שום אורזאַך, האָב איך אַ סך אָפֿטער באַמערקט.

אין דער גמרא איז פֿאַראַן אַן אויסדרוק „שנאת חינם" — אַן אומזיסטע שנאה, אָבער עס איז ניטאָ קיין אויסדרוק „אהבת חינם" — אַן אומזיסטע ליבע. משמעות, אַז שוין אין די צייטן פֿון דער גמרא האָט מען געוואוסט, אַז אומזיסטע שנאה עקזיסטירט, אָבער עס עקזיסטירט ניט קיין אומזיסטע ליבשאַפֿט. פֿאַר פֿיינטשאַפֿט דאַרף אַ מענטש ניט האָבן קיין אורזאַך, פֿאַר ליבשאַפֿט אָבער דאַרף ער האָבן אַ סיבה.

נו, געוויס איז דאָס זייער אַ שלעכטע מיינונג וועגן מענטשן, אָבער אין דעם זיינען די מענטשן שולדיק, וואָס זיי האַנדלען אַזוי, אַז מען זאָל וועגן זיי האָבן אַזאַ שלעכטע מיינונג.

און איך האָב דאָ ניט בדעה אַריינצוגיין אין דער פֿילאָזאָפֿיע, צי דער מענטש ווערט געבוירן גוט אָדער שלעכט, צי ער ווערט געבוירן אַ רשע און די אומשטענדן און די דערציונג מאַכן אים פֿאַר אַ צדיק, אָדער ער ווערט גע־

בוירן אַ צדיק און די דערציאונג און די אומשטענדן מאַכן פֿון אים אַ רשע. די דאָזיקע פֿילאָזאָפֿיע מעג זיך זיין אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע, אָבער עס איז שווער צו דערגיין אין איר אַ טאָלק.

מיך אינטערעסירט דאָ ניט ווי אַזוי די מענטשן ווערן געבוירן, נאָר ווי זיי זיינען. און עס אינטערעסירט מיך אויך ניט אין דעם מאָמענט, צי מענטשן זיינען גוט אָדער שלעכט. אין אַלגעמיין גלייב איך, אַז מענטשן זיינען גיכער גוט ווי שלעכט. אָט־אַזוי איז מיין פֿילאָזאָפֿיע. אָבער דאָ אינטערעסירט מיך, וואָס מענטשן זיינען מער גענייגט פֿיינט צו האָבן זייערע מיטמענטשן, איידער זיי ליב צו האָבן.

מיין דערפֿאַרונג נעם איך ניט בלויז פֿון שרייבער. די שרייבער זיינען שוין אַזאַ פֿאָלק, וואָס ביי זיי ווערט דאָס געפֿיל פֿון פֿיינטשאַפֿט איינער צום אַנדערן מער אַנטוויקלט, ווי דאָס געפֿיל פֿון ליבשאַפֿט. אין דעם איז זייער פּראָפֿעסיע שולדיק. יעדער שרייבער איז ביי זיך זייער אַ גרויסער שרייבער, אויב ניט דער גרעסטער, און אים איז שווער צו פֿאַרטראָגן, ווען ער הערט, אַז אַן אַנדערער איז אויך אַ גרויסער שרייבער. עס דוכט זיך אים, אַז יענער נעמט אָפּ אַ טייל פֿון זיין כּבוד און פֿון זיין גדולה, אָדער פֿאַרטונקלט זיין שיין.

געוויס וועט איין שרייבער טאָן דעם צווייטן אַ טובה און וועט אים אויס־העלפֿן אין אַ נויט. געוויס וועט איין שרייבער זאָגן אַ גוט וואָרט אויף דעם צווייטן שרייבערס יובילעאום, אָדער לויה, אָבער דאָס איז אין גרונט ניט פֿון פֿריינטשאַפֿט, נאָר פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער באַציאונג. די „פֿריינטשאַפֿט" פֿון די שרייבער איינער צום אַנדערן קען מען בעסער פֿון אַלץ אַרויסזען ווען איינער פֿאַלט אַן אויפֿן אַנדערן אין דער עפֿנטלעכקייט און רייסט אים אַראָפּ. וואָס פֿאַר אַ שמחה עס ווערט דאַן אין שטעטל! דער עולם האָט די גרעסטע הנאה.

איך ווייס אַליין פֿון דערפֿאַרונג , אַז ווען עמיצער שרייבט אויף מיר שלעכטס, וועט כּמעט יעדער שרייבער, וואָס קען מיך, האַלטן פֿאַר זיין פֿליכט מיך צו קומען פֿרעגן, אויב איך האָב שוין געלייענט, וואָס מען שרייבט וועגן מיר. ווען איינער שרייבט אָבער וועגן מיר גוטס, ווי זעלטן עס זאָל ניט טרעפֿן, וועט כּמעט קיינער מיך ניט קומען פֿרעגן, אויב איך האָב עס געלייענט.

נאָר דאָס איז ניט בלויז ביי שרייבער אַזוי. דאָס איז אויך אַזוי ביי אַקטיאָרן, ביי מאָלער, ביי זינגער און שפּילער. און איך וואָלט זאָגן, אַז גראָד אין דעם פֿאַל געברויך איך דאָס וואָרט „פֿיינטשאַפֿט" ניט אין ריכטיקן פּלאַץ. עס איז גיכער אַ געפֿיל פֿון ניט־פֿאַרגינען, וואָס קומט פֿון דער מורא, אַז יענעמס גרויס־קייט זאָל ניט פֿאַרטונקלען מיין גרויסקייט.

איין היטל־מאַכער פֿאַרגינט דעם צווייטן. וואָרום, וואָס האָט ער אים ניט צו פֿאַרגינען? אַלע היטל־מאַכערס האָבן אומגעפֿער די זעלבע פֿאַרדינסטן, דעם זעלביקן כּבוד און די זעלביקע אַנערקענונג. און אויב עס טרעפֿט זיך אַז אַ היטל־מאַכער פֿאַרדינט מער ווי די אַנדערע, ווייסן די אַנדערע גאַנץ גוט, אַז דאָס איז דערפֿאַר, ווייל ער איז אַ שנעלערער בעל־מלאכה און ער מאַכט מער היטלען און עס קומט אים דערפֿאַר מער.

ביי שרייבער איז עס אָבער אַנדערש. שרייבעריי איז ניט קיין היטלמאַכעריי. עס איז אַן אינדיווידועלע פּראָפעסיע. יעדער שרייבער איז זיך אַ וועלטל פאַר זיך און ניט נאָר אַ וועלטל, נאָר אַ גאַנצע וועלט. ווייניקסטנס גלייבט אַזוי יעדער שרייבער. יעדער שרייבער גלייבט, אַז זיין אייגענע גרויסקייט הענגט זייער פיל אָפּ פון דעם צווייטנס קליינקייט. עס הייסט, אַז וואָס קלענער דער צווייטער איז, אַלץ גרעסער איז דער ערשטער.

נעם איך דעריבער פון שרייבער קיין ביישפּיל ניט. אַ בעסערן ביישפּיל קען איך נעמען פון אונדזער אַרבעטער־באַוועגונג, פון אונדזער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס איז פון אָנפאַנג געבויט געוואָרן אויף ליבע און פריינטשאַפט, אָבער עס איז היינט אין איר פאַראַן מער פיינטשאַפט, ווי פריינטשאַפט, מער האַס ווי ליבע.

מענטשהייט איז ניט מער ווי אַן אַבסטראַקטער באַגריף. מיט דער מענטש־הייט טרעפן מיר זיך קיין מאָל ניט און מיר זעען איר ניט. מיר טרעפן זיך בלויז מיט מענטשן. מענטשהייט איז אַ וואָרט, אַ באַגריף, אַ געדאַנק, מענטשן אָבער, זיינען אַ ממשותדיקע זאַך.

מיר קעמפן פאַר אַ בעסערע און גליקלעכערע מענטשהייט, אָבער קעמפנ־דיק פאַר דער מענטשהייט קעמפן מיר קעגן מענטשן.

דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, דער קלאַסן־קאַמף, באַשטייט פון צוויי טיילן — פון ליבן דעם חבר אין קאַמף און האַסן דעם קעגנער. מיר באַווייזן אָבער כּמעט אַלע מאָל, אַז מיר קענען בעסער האַסן ווי ליבן.

יאָ, מיר האַלטן זיך פאַראייניקט און צוזאַמען, ווען מיר דאַרפן מאַכן אַן אַנגריף אויפן קעגנער, אָבער דאָס קומט ניט פון אונדזער קעגנזייטיקער פריינט־שאַפט צווישן זיך, נאָר פון אונדזער געמיינשאַפטלעכער פיינטשאַפט צום קעגנער.

און נאָך בעסער ווייזן מיר אַרויס אונדזער שטאַרקע נייגונג צו פיינט־שאַפט, ווען מיר צערייסן זיך צווישן זיך און פאַנגען אָן איינע די אַנדערע צו באַקעמפן. די פיינטשאַפט איינער צום אַנדערן דערגרייכט דאָן די העכסטע מדרגה, ביז דער מדרגה פון רציחה. האָבן מיר אָבער ווען עס איז געזען, אַזאַ הויכע מדרגה פון פריינטשאַפט צווישן זיך?

און איך פרעג זיך אָפּט: ווי אַזוי קענען מיר האָפן אויפצובויען אַ געזעל־שאַפט פון פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט, ווען ביי אונדז איז אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט געוואָרן דאָס געפיל פון פיינטשאַפט?

און זאָלן מיר די חברים קאָמוניסטן מוחל זיין, ווען איך וועל זאָגן, אַז קיינער האָט ניט אַנטוויקלט אַזוי שטאַרק דאָס געפיל פון פיינטשאַפט, ווי זיי האָבן עס געטאָן. און אָט־די גרויסע אומבאַגרענעצטע מאָס פיינטשאַפט איז אַנט־וויקלט געוואָרן פון די קאָמוניסטן אין דעם אַרבעטער־קלאַס צווישן איין אַר־בעטער און דעם צווייטן. עס איז די בלוטיקסטע פיינטשאַפט, וואָס האָט נאָר ווען עס איז עקזיסטירט. בלויז די קאַטוילישע קירך אין מיטלאַלטער האָט אַזאַ טיפע, בלוטיקע פיינטשאַפט געקענט באַשאַפן אין דער אייגענער קריסטלעכער וועלט.

און פֿאַרוואָס איז אָט־די בלוטיקע פֿײַנטשאַפֿט אין אַרבעטער־קלאַס? — פֿאַר דער ליבע צום אַרבעטער־קלאַס, איז דער ענטפֿער.

עס איז אפֿשר אין דעם פֿאַראַן אַ לאָגיק, אָבער וואָס טויג אַזאַ לאָגיק?

די דאָזיקע לאָגיק האָט פֿאַרלויפֿיק געוויזן, אַז די טיפֿע פֿײַנטשאַפֿט, וואָס די קאָמוניסטן האָבן באַשאַפֿן אין אַרבעטער־קלאַס, האָט געבראַכט אומגעהייער פֿיל שלעכטס דעם אַרבעטער־קלאַס. זײַנע גרעסטע שונאים האָבן אים אַזוי פֿיל שלעכטס ניט געקענט ברענגען.

איך וואָלט וועלן זען, ווי אַזוי עס וועלן זײַן די מענטשן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, ווען זיי וועלן ניט האָבן קיין אויסרייד, אַז זיי דאַרפֿן פֿײַנט האָבן די מענטשן אויס ליבע צו דער מענטשהייט.

אין חומש ווערט דערציילט זייער אײַנפֿאַך ווי אַזוי דער מענטש איז באַשאַפֿן געוואָרן. אָבער אַזוי ווי היטלער וויל די ביבל אַרויסטרײַבן פֿון דײַטשלאַנד און מער פֿון איר ניט הערן, מוז מען אים דערציילן אַן אַנדער מעשה ווי אַזוי דער מענטש איז באַשאַפֿן געוואָרן. זי פּאַסט זיך טאַקע אויך בעסער צום היטלעריזם און צו היטלעריסטן. די מעשה דערציילט אַזוי: ווען גאָט איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט באַשאַפֿן אַלע חיות, בהמות, פֿייגל און שרצים, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז אים זײַנען איבערגעבליבן פֿאַרשיידענע קליינע רעשטלעך, פֿון וועלכע ער האָט מער גאָרניט געקענט באַשאַפֿן. איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל צונויפֿמישן די אַלע קליינע רעשטלעך, זיי צונויפֿקנעטן, אויף אַ טשעקאַוועסט עפּעס דערפֿון באַשאַפֿן און זען, וואָס פֿאַראַ מין באַשעפֿעניש עס וועט דערפֿון אַרויסקומען. די אַרויסגעקומענע באַשעפֿעניש איז געווען דער מענטש. און ער האָט דעריבער אין זיך טיילן פֿון אַלע חיות און בהמות, פֿון אַלע פֿייגל און אַלע שרצים. נאָר ניט אין אַלע מענטשן זײַנען די טיילן גלײַך. איינער האָט אין זיך מער הונט, און דער אַנדערער — מער טכויר; איינער האָט אין זיך מער חזיר, און דער צווייטער — מער שלאַנג; איינער האָט אין זיך מער וואָלף, און אַן אַנדערער — מער שאַרק. הונט אייגנטלעך האָבן אין זיך אַלע אַ גרויסע פּאַרציע, ווייל דאָס הינטישע שפּרינגט אַרויס ביים מענטשן גלײַך ווי ער טרעפֿט זיך נאָר מיט אַ צווייטן. משמעות, אַז דאָס רעשטל הינטישע מאַטעריאַל, וואָס איז איבערגעבליבן ביי גאָט, איז געווען גרעסער ווי די אַנדערע רעשטלעך. אָבער עס זעט אויס, אַז אויך די רעשטלעך פֿון חזיר, טכויר, וואָלף און שלאַנג זײַנען אויך ניט געווען קיין קליינע.

איך גלייב, אַז דורך אָט־דער מעשה, ווי גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן, איז לײַכט צו דערקלערן, ווי אַזוי די היטלעריסטן זײַנען געקומען אויף דער וועלט.

1933



# ווען מען שטופּט, גייט עס גיכער

## מכח עוואָלוציע און רעוואָלוציע

דער וועג פֿון עוואָלוציע איז אַן אָנגענעמערער און באַקוועמערער, אָבער ער איז גאַנץ אַפּט אַ צו לאַנגזאַמער וועג און ער ברענגט אַרויס מענטשן פֿון געדולד. און ווען די מענטשן ווערן אומגעדולדיק, פּרובירן זיי די לאַנגזאַם־קריכעדיקע עוואָלוציע אונטערשטופּן, ווייל די מענטשן האָבן געלערנט פֿון זייער דערפֿאַרונג, אַז ווען מען שטופּט אונטער גייט עס גיכער.

אייגנטלעך דאַרף מען אונטערשטופּן די נאַטור אַליין, אַז זי זאָל זיך אַ ביסל גיכער באַוועגן. די נאַטור איז מייסטנס גאַנץ פֿויל און זי באַוועגט זיך מייסטנס גאַנץ לאַנגזאַם. די כעמיקער און די פֿיזיקער האָבן דעריבער זיך געמאַכט פֿאַר זייער אויפֿגאַבע די נאַטור אונטערצוטרייבן, אַז זי זאָל גיין אַ ביסל גיכער.

דער געוויינלעכער וועג פֿון דער נאַטור איז עוואָלוציע. עס אַנטוויקלט זיך לאַנגזאַם און עס איילט זיך ניט. צייטנווייז בלויז קומען פֿאָר רעוואָלוציעס אין דער נאַטור. עס ברעכט אויס אַן ערד־ציטערניש און דורך דעם ווערן געענ־דערט גאַנצע געגנטן. פֿון טאָלן ווערן בערג און פֿון בערג — טאָלן; פֿון ימים ווערט יבשה און פֿון יבשה — ימים. עס קומען פֿאָר אויך אַנדערע רעוואָ־לוציעס אין דער נאַטור, אָבער געוויינלעך פֿירט זיך די נאַטור סטאַטעטשנע, אויף דעם וועג פֿון עוואָלוציע.

האָבן אָבער די כעמיקער און די פֿיזיקער קיין געדולד ניט צו וואַרטן ביז די נאַטור וועט אַפּטאָן איר אַרבעט און מאַכן די נויטיקע כעמישע פֿאַרבינדונגען, וועלכע זיי דאַרפֿן, און זיי זוכן דעריבער מיטלען ווי אַזוי אונטערצושטופּן די נאַטור, אַז זי זאָל גיכער פֿאָרן.

די כעמיקער און די פֿיזיקער ווענדן אָן פֿאַר דעם צוועק פֿאַרשיידענע מיטלען און מעטאָדן און זיי דערגרייכן גאַנץ גוטע דערפֿאָלגן.

דאָ וויל איך בלויז דערמאָנען איינעם פֿון די מיטלען, וואָס די כעמיקער געברויכן אונטערצושטופּן די נאַטור, אַז זי זאָל זיך גיכער באַוועגן. דאָס איז דער גוט־באַקאַנטער קאַטאַליזיס.

נאָר אפשר מאַך איך אַ טעות מיט די ווערטער „גוט־באַקאַנטער". עס קען זיין אַז ניט פֿאַר אַלעמען איז עס אַזוי גוט באַקאַנט וואָס קאַטאַליזיס איז. האָט דאָך ניט יעדער געלערנט כעמיע און איז דאָך ניט יעדער מחויב צו וויסן אַלע ווערטער, וואָס ער לייענט אין צייטונג.

אַ ליטעראַרישער כעמיקער האָט געזאָגט, אַז קאַטאַליזיס איז אַ „כעמישער מסדר קידושין". ער מאַכט חתונה צוויי כעמישע עלעמענטן, אַז פֿון זיי זאָל אַרויסקומען אַ נייער פּראָדוקט. דער מסדר קידושין גופֿא ווערט ניט געענ־דערט און ווערט ניט באַאיינפֿלוסט פֿון דער חתונה־צערעמאָניע, וואָס ער פֿירט דורך. ער קען חתונה מאַכן הונדערטער פּאָרלעך איינע נאָך די אַנדערע און בלייבן דער זעלבער ניט־געענדערטער מסדר קידושין.

נאָר לאָמיר עס מאַכן אַ ביסעלע קלאָרער. די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון דעם אינדוסטריעלן כעמיקער באַשטייט אין פֿאַרבינדן פֿאַרשיידענע כעמישע עלע־

מענטן און שאַפֿן פֿון זיי נייע פּראָדוקטן. עס זיינען פֿאַראַן אַזעלכע כעמישע עלע־מענטן, וועלכע פֿאַרבינדן זיך גאַנץ לייכט. זיי דאַרפֿן אַפֿילו קיין שדכן ניט. זיי דאַרפֿן זיך נאָר טרעפֿן און זיי ווערן גלייך צוגעצויגן איינע צו די אַנדערע ווי מיט אַ מאַגנעט און זיי האָבן גלייך חתונה. ס'זיינען אָבער פֿאַראַן אַזעלכע כעמישע עלעמענטן, וועלכע האָבן אין זיך קיין ברעקל ליבע ניט איינע צו די אַנדערע. דער כעמיקער האָט מיט זיי אַ גאַנץ שווערע אַרבעט זיי צונויפֿצופֿאָרן און זיי צו פֿאַרבינדן. נעמט, למשל, דעם כעמישן עלעמענט „שטיק־שטאָף", ווי מען רופֿט אים אויף דייטש, אָדער „נאַיטראָדזשען" אויף ענגליש און „אַזאָט" אויף פֿראַנצויזיש. דאָס איז אייגנטלעך דער פֿאַרשפּרייטסטער כעמישער עלעמענט. וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אויף זיין משונהדיקער וועלט. נאָענט צו פֿיר־פֿינפֿטל פֿון דער לופֿט באַשטייט פֿון שטיק־שטאָף. אונדזער לופֿט באַשטייט נעמלעך פֿון איין פֿינפֿטל זויער־שטאָף אָדער „אָקסידזשען", און קנאַפּע פֿיר פֿינפֿטל שטיק־שטאָף (79 %) מיט אַ בייגעמיש פֿון אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט פֿון אַנדערע כעמישע עלעמענטן. אָבער, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס שטיק־שטאָף איז פֿאַראַן אַזוי פֿיל אויף דער וועלט, איז ער דאָך ביי זיך אַזוי צוריקגעהאַלטן זיך צו פֿאַרבינדן מיט אַנדערע עלעמענטן, אַז מען דאַרף אַנווענדן פֿאַרשיידענע מיטלען און מען דאַרף געברויכן זייער פֿיל אַרבעט און ענערגיע, איידער עס גיט זיך איין צו שאַפֿן אַ פֿאַרבינדונג צווישן אים און אַנדערע כעמישע עלעמענטן.

יאָ, עס איז נויטיק צו באַמערקן פֿאַר די, וואָס האָבן ניט געלערנט קיין כעמיע, אַז פֿאַרבינדן צוויי כעמישע עלעמענטן איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך, ווי צונויפֿמישן צוויי כעמישע עלעמענטן. אָט איז שטיק־שטאָף געוויינלעך צו־נויפֿגעמישט מיט זויער־שטאָף, וואָרום די לופֿט באַשטייט דאָך פֿון אַ צוזאַ־מענמישונג פֿון שטיק־שטאָף און זויער־שטאָף. אָבער דאָס איז בלויז אַ צו־נויפֿמישונג, ניט קיין פֿאַרבינדונג, ניט קיין פֿאַראייניקונג.

ווי שוין געזאָגט, דאַרף מען אָנווענדן גרויסע כוחות און מאַסן ענערגיע צו פֿאַרבינדן שטיק־שטאָף מיט זויער־שטאָף, וואַסער־שטאָף אָדער מיט אַן אַנדערן כעמישן עלעמענט. דאָס הייסט, פּשוט, אַז מען דאַרף שטיק־שטאָף צווינגען מיט געוואַלד, אַז ער זאָל חתונה האָבן. דאָס אָבער טויג ניט. אַזוינע געוואַלד־שידוכים אין דער כעמיע קאָסטן צו טייער, אויסער וואָס זיי זיינען מאַנכעס מאָל ניט געראָטן. עס איז דעריבער די אויפֿגאַבע פֿון דער כעמיע צו געפֿינען אין יעדן נויטיקן פֿאַל אַ „קאַטאַליזיס", עס הייסט, אַ כעמישן עלע־מענט, וואָס מיט זיין הילף זאָלן די צוויי אומפּאַרטייאישע כעמישע עלעמענטן, וועלכע ווילן זיך ניט פֿאַראייניקן, זיך יאָ פֿאַראייניקן. אין דעם פֿאַל פֿון שטיק־שטאָף און וואַסער־שטאָף איז אייזן געברויכט געוואָרן פֿאַרן „כעמישן מסדר קידושין". צולייגנדיק אייזן צו שטיק־שטאָף און וואַסער־שטאָף, האָבן זיך די ביידע עלעמענטן פֿאַרבונדן און פֿון זיי איז אַרויסגעקומען אַ זויער־פּראָדוקט אַמאָניע. דאָס אייזן איז אָבער געבליבן ניט געענדערט, ניט באַאיינפֿלוסט. אייזן, הייסט עס, איז אַ קאַטאַליזיס צו פֿאַראייניקן שטיק־שטאָף מיט וואַסער־שטאָף.

דער משל פֿון אַ „מסדר קידושין" איז אַ גאַנץ גוטער, אָבער ווי יעדער משל הינקט אַ ביסל אונטער, אַזוי הינקט אויך דער משל. די שטרענג־וויסנ־

שאַפֿטלעכע כּעמיקער זאָגן דערפֿאַר ניט, אַז קאַטאַליזיס איז אַ „כּעמישער מסדר קידושין", נאָר זיי רופֿן אים גיכער אַ כּעמישער אונטערשטופּער, עס הייסט, ער שטופּט אונטער די נאַטור, אַז זי זאָל זיך שנעלער באַוועגן און אַז די כּע־מישע עלעמענטן זאָלן זיך גיכער פֿאַרבינדן און פֿאַראייניקן צו שאַפֿן די פּראָ־דוקטן וואָס מען פֿאַרלאַנגט.

עס הייסט אַזוי: די נאַטור נעמט זיך צייט. ביי איר זיינען אַמאָל עטלעכע טויזנט יאָר אויך ניט קיין לאַנגע צייט. אַט האָב איך פֿריער געזאָגט, אַז שטיק־שטאָף פֿאַראייניקט זיך ניט מיט וואַסער־שטאָף, אויסער דורך אַ שטאַרקן געוואַלד אָדער דורך אַ קאַטאַליזיס. דאָס איז אָבער ניט אין גאַנצן ריכטיק. מען דאַרף גיכער זאָגן, אַז שטיק־שטאָף איז זייער אַ פֿוילער עלעמענט און ער איז זייער פֿויל זיך צו פֿאַרבינדן מיט אַנדערע עלעמענטן; דאָס מיינט, אַז עס דויערט זייער אַ לאַנגע צייט, מען דאַרף זייער לאַנג וואַרטן, אַז שטיק־שטאָף זאָל אָן אַ שדכן אָדער אָן אַ מסדר קידושין זיך פֿאַראייניקן מיט אַנדערע עלעמענטן. ווען מען איילט זיך אָבער ניט, ווען מען האָט געדולד, קען מען אויסגעפֿינען, אַז שטיק־שטאָף פֿאַראייניקט זיך דאָך אין פֿאַרלויף פֿון דער צייט מיט אַנדערע עלעמענטן אַפֿילו אָן אַ שדכן און אָן אָן אונטערשטופּער. אַט וויסן מיר, אַז די גרויסע מאַסן סאַלפּעטער אין דרום־אַמעריקע זיינען געשאַפֿן געוואָרן דורך דעם, וואָס שטיק־שטאָף האָט זיך פֿאַראייניקט אין פֿאַרלויף פֿון אַ סך יאָרן מיט אַנדערע כּעמישע עלעמענטן. דער אָנפֿאַנג איז געווען דורך אַ פֿאַראייניקונג פֿון שטיק־שטאָף מיט זויער־שטאָף.

דערפֿון איז איינפֿאַך געדרונגען, אַז מיט אַן אונטערשטופּער גייט עס אוּ־מעטום גיכער און אַז אָן אַן אונטערשטופּער גייט עס אומעטום צו לאַנגזאַם. און אויב אַן אונטערשטופּער איז נויטיק אונטערצוטרייבן די נאַטור אַליין, אַז זי זאָל זיך גיכער באַוועגן, דאַן איז דאָך געוויס נויטיק אַן אונטערשטופּער פֿאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, פֿאַר דער מענטשלעכער געשיכטע, אַז זי זאָל זיך גיכער באַוועגן. און די מענטשלעכע געשיכטע, ווי שוין געזאָגט, באַ־וועגט זיך מייסטנס גאַנץ לאַנגזאַם. איר דאַרפֿט וויסן, אַז מענטשן זיינען אַזעלכע באַשעפֿענישן, וואָס אַפֿילו ווען מען שטופּט זיי פֿוילן זיי זיך מאַנכעס מאָל צו רירן פֿון אָרט. און די פֿוילסטע מענטשן זיינען, נאָך מיין מיינונג, די פּויערים.

די פּויערים פֿון דער וועלט וועלן וועלן מיר דאַרפֿן אַנטשולדיקן, וואָס איך זאָג וועגן זיי, אַז זיי זיינען אַזוי פֿויל. דאָס מיין איך ניט צו זאָגן, אַז זיי זיינען פֿויל צו אַרבעטן. דאָס וואָלט זיין אַ גרויסע פֿאַרלוימדונג. צו אַרבעטן זיינען די פּויערים שוין גאָרניט פֿויל, זיי זיינען בלויז פֿויל צו טראַכטן און פֿויל זיך געזעלשאַפֿטלעך צו באַוועגן פֿאָרויס. די פּויערים זיינען אומעטום אַ געזעל־שאַפֿטלעכער קאָנסערוואַטיווער עלעמענט און עס איז אומעטום לייכטער צו מאַכן הונדערט אַרבעטער פֿאַר סאָציאַליסטן, איידער איין פּויער. איך גלויב אַפֿילו, אַז עס וואָלט זיין אַ סך לייכטער איינצופֿירן סאָציאַליזם אויף דער וועלט, ווען עס זאָלן ניט זיין קיין פּויערים. אַ פּויער איז אַן איינגעוואָרצלטער אָנהענגער פֿון פּריוואַט־אייגנטום. און איך פֿאַנטאַזיר דעריבער, אַז די צייט איז ניט וויט, ווען מען וועט אין גאַנצן ניט דאַרפֿן האָבן קיין פּויערים אויף דער וועלט. מיין האָפֿנונג איז אויף די כּעמיקער, אַז זיי וועלן באַפֿרייען די וועלט פֿון די פּויערים.

די כעמיקער דאַרפֿן נאָר געפֿינען די נויטיקע קאַטאַליזיסן, עס הייסט, די „כעמישע אונטערשטופער" וועלכע פֿאַרשנעלערן די כעמישע פֿאַראייניקונג פֿון די עלעמענטן, און אַלע אונדזערע שפּייזן וועלן געמאַכט ווערן אין לאַבאָ־ראַטאָריעס, און פּויערים וועלן ווערן אַ גאַנץ איבעריקע זאַך. מען וועט ניט דאַרפֿן באַאַרבעטן די ערד און מען וועט ניט דאַרפֿן אַקערן און זייען און מען וועט ניט דאַרפֿן שניידן און דרעשען. אַלע אונדזערע שפּייזן וועלן געמאַכט ווערן אויף אַ כעמישן וועג און טאַקע פֿון דער לופֿט. דאָס איז אפֿשר ניט אַזוי איינ־פֿאַך, אָבער דאָס קען געטאָן ווערן.

אויב איר ווילט, מעגן עס די ציוניסטן געברויכן פֿאַר אַן אַרגומענט, אַז מען וועט קענען באַזעצן מיליאָנען יידן אין פּאַלעסטינע און ממילא פֿאַרווירק־לעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל פֿון אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע. ערד איז אין פּאַלעסטינע פֿאַראַן ווייניק, אָבער לופֿט איז דאָרטן פֿאַראַן גענוג. אָבער דאָס באַווייזט, אַז איך בין גאָרניט אַזוי שלעכט צו די ציוניסטן, און אויב זיי קענען באַזעצן אין פּאַלעסטינע מיליאָנען יידן, איז אַדרבא ואַדרבא. אָבער איך בין פֿריער ווי אַלץ פֿאַראינטערעסירט אין סאָציאַליזם.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער סאָציאַליזם וועט נאָך ניט קומען דערפֿון. וואָס כעמיקער אַנשטאָט פּויערים וועלן אונדז באַזאָרגן מיט שפּייז, אָבער עס וועט זיין לייכטער איינצופֿירן סאָציאַליזם אויף דער וועלט, ווען עס וועלן ניט זיין קיין פּויערים אויף דער וועלט.

אמת, אויך די אַרבעטער פֿילן זיך גאַנץ אָפֿט אַ ריר צו טאָן פֿון אָרט. למשל ביי אונדז אין אַמעריקע. אָבער די אַרבעטער וועלן זיך מוזן אַ ריר טאָן. זיי וועלן דאָך ענדלעך מוזן קומען צום שׂכל, אַז אַ סאָציאַליסטישע געזעל־שאַפֿט איז פֿאַר זיי בעסער.

נאָר אַזוי צי אַזוי, איז איין זאַך קלאָר, אַז מען דאַרף די מענטשלעכע גע־שיכטע פֿון ציַיט צו ציַיט אַ שטופּ טאָן פֿאָרויסאויס ווען מען שטופּט איר אַ ביסל אונטער, גייט זי גיכער.

1931



# מאַקס שטירנערס לערע

**ריכטיק איז דאָס, וואָס געהער מיר; ניט**
**ריכטיק איז דאָס, ווען איך געהער וועמען.**

מאַקס שטירנער

מיין ערשטער אַרטיקל אין דער „פֿרייער געזעלשאַפֿט" האָט געזאָלט זיין וועגן פֿרידריך ניטשע. איך האָב געהאַט בדעה צו געבן אַ מער אָדער ווייניקער פּאָפּולערע אָפּהאַנדלונג וועגן פֿרידריך ניטשע דעם דענקער און דעם קינסטלער. נאָר צוטרעטנדיק נענטער צו דער אַרבעט, האָב איך געפֿונען, אַז עס איז גלייכער צוערשט געבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן מאַקס שטירנער און דאַן וועגן ניטשע.

איך האָב עס געפֿונען פֿאַר גלייכער ניט אַזוי דערפֿאַר, ווייל מאַקס שטירנער איז עלטער פֿון ניטשען און ווערט פֿון אַ סך גערעכנט, ביז צו אַ געוויסן גראַד, אַלס דער גייסטיקער פֿאָטער פֿון דעם ערשטן, נאָר פֿיל מער דערפֿאַר, ווייל מאַקס שטירנער איז אַ סך אויסגעהאַלטענער, באַדייטנד קאָנסעקווענטער און אין אַן אומפֿאַרגלייכלעך גרעסערער מאָס עקסטרעם אינדיווידואַליסטישער ווי ניטשע. און ניט נאָר אין זיין אינדיווידואַליסטישער וועלט־אויפֿפֿאַסונג איז מאַקס שטירנער קאָנסעקווענטער און עקסטרעמער איידער פֿרידריך ניטשע, נאָר אויך אין זיינע דענקונגס־מעטאָדן. מאַקס שטירנער גייט שטענדיק אַרויס פֿון אַ קריטישן, ריין סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט, בעת ניטשע מאַכט זיינע פֿאָרשונגען, אָדער זוכט זיי צו מאַכן, פֿון אַן אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט. די אָביעקטיווע פֿאָרשונג אַליין האַרמאָנירט שוין ניט מיט דעם קאָנסעקווענטן אינדיווידואַליזם און ניטשע איז דערביבער אָפֿט אַ סך מער דאָגמאַטיקער ווי קריטיקער, ער קומט אָפֿט אין ווידערשפּרוך מיט זיין אייגענער אינדיווידואַליסטישער לערע.

נו, אויב שוין יאָ באַהאַנדלען די אינדיווידואַליסטשע לערע, איז עס ניט מער ווי לאָגיש אָנצופֿאַנגען מיט מאַקס שטירנער. ער איז אַזוי צו זאָגן, דער אינדיווידואַליסטישער אינדיווידואַליסט, פֿון די האָר ביז די ביינער, ער איז קלאָר און דייטלעך ביז צום סוף און ער שרעקט זיך ניט אָפּ פֿאַר די לאָגישע קאָנסעקווענצן, צו וועלכע זיינע אידייען פֿירן.

נאָך אַ פּאָר ווערטער און איך בין פֿאַרטיק מיט דער הקדמה. דער שרייבער פֿון אָט דעם אַרטיקל איז אַ קעגנער פֿון דער אינדיווידואַליסטישער וועלט־אויפֿפֿאַסונג און, נאַטירלעך, איז ער אַ קעגנער פֿון מאַקס שטירנערס פֿילאָזאָפֿיע און פֿון זיינע שלוסן צו וועלכע ער קומט מיט זיין אינדיווידואַליזם. אין דעם אַרטיקל אָבער וועל איך איבערגעבן גאַנץ אָביעקטיוו, אָן וועלכע עס איז פּאָלעמישע אָדער קריטישע באַמערקונגען, די לערע פֿון מאַקס שטירנער. און ווי ווייט מעגלעך וועל איך איבערגעבן שטירנערס געדאַנקען מיט זיינע אייגענע ווערטער, ווייל דער פֿאַרפֿאַסער פֿון „דער איינציקער און זיין אייגנטום" איז מייסטנס אַזוי קלאָר און דייטלעך אין דער איבערגעבונג פֿון זיינע געדאַנקען, אַז עס איז ניט נויטיק אים צו פּאָפּולאַריזירן.

„מיך קימערן ניט וועלכע עס איז פרעמדע אַנגעלעגנהייטן, ניט גאָטס, ניט דער מענטשהייטס; מיך קימערן נאָר מיינע אייגענע אַנגעלעגנהייטן; עס קי־מערט מיך ניט אַפילו די „גוטע זאַך". איך בין ניט גוט, ניט שלעכט. מיין זאַך איז נאָר די יעניקע, וועלכע געהערט מיר, זי איז ניט גוט, ניט ריכטיק, ניט גערעכט, ניט פריי א. א. וו., און אויך ניט אַלגעמיין, זי איז איינצעלן, ווי איך אַליין בין איינצעלן. פאַר מיר איז קיין זאַך ניטאָ, וואָס איז העכער פון מיר".

אין אָט די ווערטער, קען מען זאָגן, האָט מאַקס שטירנער אויסגעדריקט דעם הויפּט־געדאַנק פון זיין לערע. דער אָנפאַנג און דער סוף ביי אים איז דער „איך". אני ואין בלתי, איך און קיין אַנדערער אויסער מיר. פאַר מיר איז ניטאָ עפּעס אַ זאַך, וואָס זאָל זיין העכער פון מיר, עס איז ניטאָ ניט אויסער מיר, ניט אין מיר. איך בין אַפילו ניט באַהערשט פון גייסט; דער גייסט און דער קערפּער איז מיין אייגנטום; איך בין מער, גרעסער ווי דער קערפּער און דער גייסט. איך בין דער, וועמען מען קען מיט ווערטער ניט אויסדריקן. מען זאָגט אויף גאָט: עס איז ניטאָ קיין נאָמען, ניטאָ קיין וואָרט ווי דיך אָנצורופן. דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויף מיר: קיין באַגריף דריקט מיך ניט אויס, קיין זאַך פון אַלעם דעם, וואָס עס ווערט אָנגעגעבן אַלס מיין וועזן, גיט ניט איבער אין גאַנצן מיין אינהאַלט; דאָס זיינען נאָר ניט מער ווי נעמען און ווערטער. פּונקט אַזוי זאָגט מען אויף גאָט, אַז ער איז פולקאָם, אַז ער איז די פולקאָמענהייט אַליין און ער קען דעריבער ניט שטרעבן צו פולקאָמענהייט. דאָס איז אויך געזאָגט גע־וואָרן אויף מיר. איך בין ניט קיין זינדיקער, ווי די רעליגיעס באַהויפּטן, איך בין פולקאָם, ווייל אין יעדן מאָמענט בין איך—אַלץ, וואָס איך קען זיין; איך קען ניט און דאַרף ניט זיין עפּעס מער און גרעסער. עס איז ניטאָ אַ זאַך, וואָס זאָל אַרויפלייגן אויף מיר פליכטן. איך בין ניט נאָר „איין איך" צוזאַמען מיט אַנדערע „איכס", נאָר איך בין דאָס איין און איינציקע „איך". איך בין דער איין און איינציקער. אַלץ איבעריקס, זאַכן און מענטשן, איז מיין אייגנטום, אויף וויפל איך האָב קראַפט זיי צו מאַכן פאַר מיין אייגנטום און אויף וויפל איך וויל עס.

מאַכט און ווילן דאָס זיינען די הויפּט־אַטריבוטן, אָדער ריכטיקער, די איין און איינציקע אַטריבוטן פון מאַקס שטירנערס „איך", און מאַכט מער ווי ווילן.

איך בין דער אייגנטימער פון דעם, וואָס עס געפינט זיך אין די גרענעצן פון מיין מאַכט — זאָגט מאַקס שטירנער און חזרט עס איבער אין זיין בוך אין פאַרשיידענע פאָרמען. איך קען זיין פריי נאָר אין די גרענעצן, ווי ווייט מיין מאַכט גרייכט. פרייהייט איז ניט מער ווי אַן אידעאַל, אַ פאַרשטעלונג, אַ שאָטן. איך בין פריי פון דעם, מיט וואָס איך בין ניט פאַרבונדן. מיין פרייהייט ווערט פולקאָם נאָר דאַן, ווען זי ווערט מיין מאַכט. אַ דאַנק דער מאַכט ווער איך ניט נאָר פריי, נאָר איך ווער אויך אַן אייגנטימער. די פרייהייט פון די פעלקער איז ניט מער ווי אַ פוסט וואָרט, ווייל די פעלקער האָבן ניט קיין מאַכט. געשאָנקענע פרייהייט האָט קיין ווערט ניט. יעדע פרייהייט איז אין גרונט גענומען — זעלבסט־באַפרייאונג. איך קען האָבן נאָר אויף אַזוי פיל פרייהייט, אויף וויפל איך וועל עס דערגרייכן מיט מיין אינדיווידואַליטעט, מיט מיינע אייגנטימלעכ־קייטן. וואָס פאַר אַ נוצן האָבן די שעפסן דערפון, וואָס קיינער באַשרענקט זיי ניט די פרייהייט פון וואָרט? זיי וועלן אַלץ בלייבן ביי זייער „מע".

מאַכט גיט מיר די אַבסאָלוטע פֿרייהייט און מאַכט גיט מיר אייגנטום. און ביי מאַקס שטירנער איז דאָס אייגנטום פֿון זיין „איך" העכער ווי די פֿריי־הייט פֿון זיין „איך". די פֿרייהייט מיינע איז אָפֿט באַגרענעצט, אָבער איך בלייב שטענדיק מיין אייגנטום. אַ שטרענגער הערשער קען פּייניקן מיין קערפּער, נאָר דאָס קרעכצן מיינע ביינער אונטער די קלעפּ פֿון דעם שטעקן, מיינע גלידער צאַפּלען זיך פֿון יסורים און איך לאָז אַרויס פֿון זיך די קרעכצן, ווייל עס קרעכצט מיין קערפּער. איך שריי פֿון יסורים, איך צאַפּל זיך, נאָר דאָס באַווייזט, אַז איך בין נאָך ביי זיך, אַז איך געהער נאָך זיך אַלס מיין אייגענטום. מיין פֿוס איז ניט „פֿריי" פֿון די קלעפּ פֿון בייזן הערשער, נאָר דאָס איז מיין פֿוס און מען קען אים פֿון מיר ניט אַוועקרייסן. זאָל ער פּרובירן אים אָפּרייסן פֿון מיר און זאָל ער זען, אויב דאָס איז נאָך אַלץ מיין פֿוס! נאָר דאָס טויטע גליד פֿון מיין פֿוס וועט בלייבן ביי אים אין האַנט; דאָס איז אָבער שוין ניט מיין פֿוס, מיינער איז געוועזן אַ לעבעדיקער...

און אויף וויפֿל די פֿרייהייט איז באַשרענקט אין דער ווירקלעכקייט, איז זי אָבער אויף אַזוי פֿיל אומבאַשרענקט אין דענקען. איך בין דער שעפֿער און דער הערשער פֿון מיינע געדאַנקען און איך באַלעבאַטעווע מיט זיי ווי מיר ווילט זיך נאָר. פֿאַר מיין דענקען בין איך נאָר אַליין פֿאַראַן. און די איינציקע סיבה, דער איינציקער גרונט פֿון מיינע געדאַנקען בין איך, דער אייגנטימער פֿון דענקען. יעדער געדאַנק, וואָס וויל נאָר אָננעמען אַ געשטאַלט אויסער מיר, קער איך אים גלייך צו מיר. אַלע געטער עקזיסטירן נאָר אַ דאַנק מיר. איך דאַרף נאָר אויפֿהערן זיי צו באַשאַפֿן און זיי זיינען מער ניטאָ. אין יעדן אויגנבליק בין איך מיין ווערק, מיין שאַפֿונג און איך שטיי איבער זיך ווי אַ שעפֿער; אַן אַנדער, „העכער וועזן" עקזיסטירט ניט פֿאַר מיר.

נאָר אויב איך בין דער באַלעבאָס פֿון דענקען און מיינע געדאַנקען, אויב איך באַשאַף זיי און פֿאַרניכט זיי, ווי קומט עס, אַז געדאַנקען האָבן אויף מיר אַ ווירקונג, אַז איך שטיי אָפֿט אַליין אונטער דעם איינפֿלוס פֿון געדאַנקען?

דערויף ענטפֿערט מאַקס שטירנער: ווען פֿון די געדאַנקען פֿאַרשווינדט די געדאַנק־ענערגיע, דאָס דענקען, דעמאָלט הייבן זיך אָן צו בילדן און איינוואָרצלען ביים מענטשן אַרויפֿגעדרונגענע אידייען. די געדאַנקען הייבן זיך אָן צו באַפֿעסטיקן אַלס זעלבסט־עקזיסטירנדע און באַקומען די אויבערמאַכט איבער אים. דער מענטש ווערט דעמאָלט, אַזוי צו זאָגן, מטורפֿדיק, ער גיט זיך אונטער צו אַ געשפּענסט, אַ פֿאַרשטעלונגס־גייסט, ווי אַ „העכערע קראַפֿט", למשל; אין אים הערשט עפּעס „זאַנדערבאַרעס", פֿרעמדס, ער איז באַזיגט.

די דאָזיקע פֿאַרשטעלונגס־גייסטער, אָט די געשפּענסטער — זיינען וואַמפּירן, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט פֿון דעם לעבעדיקן מענטשן. און אין דער געשטאַלט פֿון דער קירך, פֿון שטאַט און געזעלשאַפֿט זיינען זיי שוין אַ רעאַלע מאַכט וואָס הערשט איבער אים און געפֿינט פֿון זיין זייט געהאָרכזאַמקייט, ווייל ער איז באַהערשט פֿון אַ געשפּענסט.

עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז מאַקס שטירנערן קען ניט אימפּאַנירן קיין שטאַט און קיין געזעלשאַפֿט, ווי גוט זיי זאָלן ניט זיין און וועלכע פֿאָרם זיי

זאָלן ניט האָבן. עס טויג ניט דער בורזשואַזער ליבעראַליזם און עס טויג ניט דער סאָציאַלער.

דער בורזשואַזער ליבעראַליזם גיט אַוועק אַלץ דער מלוכה, דעם איינצעלנעם מענטשן אָבער — גאָרנישט. די גאַנצע מאַכט געהערט דעם שטאַט, און דער איינצעלנער מוז זיין אין גאַנצן אונטערגעוואָרפֿן דעם שטאַט. ניט דער אינדיווידו־אום, אַלס אַזעלכער, האָט אַ ווערט, נאָר דער בירגער, דאָס הייסט נאָר אַזאַ אינ־דיווידואום, וואָס איז סאַנקציאָנירט פֿון שטאַט.

דער סאָציאַלער ליבעראַליזם, דער סאָציאַליזם הייסט עס, וואָס וויל אָפּשאַפֿן די אומגלייכהייט אין דער מענטשהייט אין פּרט פֿון אייגנטום, נעמט אָפּ פֿון יעדן איינציקן דאָס, וואָס ער פֿאַרמאָגט און גיט עס איבער דער אַזוי גערופֿענער געזעלשאַפֿט. יעדער מוז אַרבעטן און מוז זיך צופֿרידן שטעלן מיט דער באַלוי־נונג, וואָס די געזעלשאַפֿט גיט אים דערפֿאַר. די אַלגעמיינע גלייכהייט באַשטייט אַלזאָ אין דעם, וואָס קיינער פֿאַרמאָגט עפּעס און קיינער האָט ניט דעם מי־דעסטן ווערט.

דער בורזשואַזער ליבעראַליזם מאַכט אונדז אַלעמען פֿאַר נולן, דער סאָ־ציאַלער ליבעראַליזם — פֿאַר בעטלער.

אַלזאָ וואָס דען? וועלכע אויפֿגאַבע האָט פֿאַר זיך דער מענטש אין זיין לעבן?

— קיין אויפֿגאַבע, איבערהויפּט קיין אַלגעמיין־מענטשלעכע.

ווען איינער האָט אַ לעבנס־אויפֿגאַבע, דעמאָלט מוז ער אויך האָבן אַ גאָט, וואָס פֿאָדערט פֿון אים לעבעדיקע קרבנות. נאָר די באַרבאַרישע פֿאָרמען פֿון מענטשן־קרבנות זיינען מיט דער צייט אָפּגעשאַפֿט געוואָרן, אָבער די מענטשן־קרבנות אין זייער תּוך זיינען געבליבן ווי פֿריער.

מיין אויפֿגאַבע דאַרף זיין ניט מער און ניט ווייניקער, ווי זיך צו פֿאַרשאַפֿן באַפֿרידיקונג. איך בין איינער און דער איינציקער, איך עקזיסטיר אָן געזעצן, אָן נאָרמעס, און אָן מיין גלייכן. עס קען זיין, אַז איך קען פֿון זיך ווייניק אויס־מאַכן, נאָר דאָס איז אָבער אַלץ בעסער ווי אַזעלכעס, וואָס איך האָב פֿון זיך געקענט אויסמאַכן מיט דער הילף פֿון אַ פֿרעמדער מאַכט, דורך זיטן, רעליגיע, געזעצן און שטאַט.

דער לאָגישער שלוס פֿון די דאָזיקע געדאַנקען איז, אַז פֿאַר דעם „איינצל־נעם", פֿאַר דעם אינדיווידואום, עקזיסטירט ניט קיין מאָראַל און קיין רעכט. און דאָס איז טאַקע מאַקס שטירנערס מיינונג.

דער אַבסאָלוטער אינדיווידואַליזם האָט ניט קיין גוט וואָרט פֿאַר אַזעלכע אמתן, וועלכע באַפֿעסטיקן זיך אויסער דעם אינדיווידואום און עקזיסטירן זעלבשטענדיק, אמתן, אַזוי צו זאָגן, וואָס זיינען העכער ווי אינדיווידועל.

„אַמאָל פֿלעגט מען אַרויסטרעטן אין נאָמען פֿון גאָטס שכל קעגן דעם שוואַכן מענטשלעכן שכל, איצט טרעט מען אַרויס אין נאָמען פֿון דעם אַל־מעכטיקן מענטשלעכן שכל קעגן דעם עגאָאיסטישן, וועלכער ווערט פֿאַרוואָרפֿן אַלס דום און „אומפֿאַרנינפֿטיק". און דאָך איז ניטאָ קיין אמתער,ווירקלעכער שכל ווי אָט דער „אומפֿאַרנינפֿטיקער". ניט דער געטלעכער און ניט דער מענטש־לעכער, נאָר ניט קיין אַנדערער ווי דיין און מיין שכל איז דער ווירקלעכער, גאַנץ דאָס זעלבע ווי איך און דו זיינען ווירקלעך און טאַקע צוליב דעם".

„איך בין העכער פֿאַר דעם אמת. די אמתן זיינען מיר אַזוי קליינלעך און אַזוי נידעריק, אַז ניט זיי באַגייסטערן מיך און, ניט זיי אינטערעסירן מיך".

„דער אמת איז נאָר אַ געדאַנק, אָבער ניט קיין איינפֿאַכער, באַקאַנטער געדאַנק, נאָר אַזעלכער, וואָס שטייט העכער איבער אַלע געדאַנקען, אַ געדאַנק, וואָס קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן, ער איז — דער געדאַנק גופֿא, וואָס פֿאַר־הייליקט אַלע איבעריקע, ער איז די פֿאַרהייליקונג פֿון געדאַנקען, דער „אַבסאָלוטער", „הייליקער" געדאַנק. דער אמת לעבט לענגער ווי אַלע געטער, ווייל נאָר דינענדיק אים און דורך דער, ליבע צו אים האָט מען געטער פֿון זייערע טראָנען אַראָפּגעוואָרפֿן. דער „אמת" לעבט איבער דעם חורבן פֿון דער געטער־וועלט, ווייל ער איז די אומשטערבלעכע נשמה פֿון דער דאָזיקער געטער־וועלט, ער איז די גאָטהייט אַליין".

„ווי אַזוי דערקענסטו אַן אמתדיקן געדאַנק? דורך דיין אַנמעכטיקייט, ווייל דו קענסט זיך צו אים מיט וואָס עס איז ניט טשעפּען. די הערשאַפֿט פֿון דעם אמת איבער דיר באַווייזט דיר זיין אמתדיקייט, און ווען דו ביסט באַהערשט פֿון אים, דאַן האָסטו געפֿונען דיין לערער, דיין בעל הבית. דער אמת איז, מיין ליבער פּילאַטוס, אַ גאָט, און אַלע וואָס זוכן דעם אמת, זוכן און ליבן גאָט. ווי לאַנג דו גלויבסט אין אמת, גלויבסטו ניט אין זיך. ביסט אַ שקלאַף, ביסט אַ רעליגיעזער מענטש. דו אַליין ביסט דער אמת, אָדער ריכטיקער, דו ביסט פּיל מער ווי דער אמת. ער איז קעגן דיר אַ נול".

„איך גיי צו צו פֿאַרשטעלונגען און געדאַנקען מיט דעם ציל זיי צו מאַכן און געשטאַלטן נאָך מיין געשמאַק, נאָך מיין פֿאַרלאַנג. זיי מאַכן פֿאַר דאָס מיי־ניקע, אָריענטירן זיך אין זיי און זיך פֿילן אין זיי ווי ביי זיך אין דער היים. אמתן — דאָס איז אַ מאַטעריאַל, ווי גוטע און פֿאַרפֿוילטע גראָז; צי דאָס גראָז איז גוט אָדער פֿאַרפֿוילט — דאָס באַשטים איך. אמת איז נאָר אַ נאַרונגס־מיטל פֿאַר מיין דענקענדן קאָפּ, פּונקט אַזוי ווי קאַרטאָפֿל פֿאַר מיין מאָגן, אָדער ווי אַ פֿריינט פֿאַר מיין נשמה. אומעטום וואו איך ווענד זיך נאָר נאָך עפּעס — נעם איך דעם אמת, וועלכן איך פֿאַרפֿאַרטיק מיר. דער אמת האָט זיין ווערט ניט אין זיך נאָר אין מיר".

און ניט אַנערקענענדיק וועלכע עס איז אמתן, וועלכע געפֿינען זיך אויסער דעם אינדיווידואום, ניט אַנערקענענדיק קיין מאָראַל, ווייס אויך ניט מאַקס שטירנערס אַבסאָלוטער אינדיווידואַליזם פֿון קיין פֿליכטן צו וועלכן עס איז אַנ־דערן, צו אַ צווייטן אינדיווידואום.

„די געשיכטע זוכט דעם מענטשן אין אַלגעמיין; נאָר ער איז — איך, דו, מיר. מען זוכט אים ווי אַ מיסטישע באַשעפֿעניש, ווי עפּעס געטלעכס, פֿון אָנהויב אַלס אַ גאָט, שפּעטער אַלס אַ מענטש אין אַלגעמיין (מענטשלעכקייט, הו־מאַניטעט, מענטשהייט), און צום לעצט געפֿינט מען אים אַלס אַן איינצעלנעם מענטשן, אַ געוויסן, אַן איין איינציקן. איך. בין דער אייגנטימער פֿון דער מענטשהייט, איך בין דאָס די מענטשהייט און איך טו קיין זאַך ניט פֿאַר אַן אַנדער מענטשהייט. דומקאָפּ! דו, וואָס שטעלסט מיט זיך פֿאַר די איינציקע מענטשהייט און שטאָלצירסט מיט דעם, צו וואָס ווילסטו נאָך לעבן פֿאַר וועלכער עס איז אַנדער מענטשהייט, וועלכע איז אַנדערש פֿון דיר אַליין".

„דאָרט, וואו די וועלט שטעלט זיך מיר קווער אין וועג — און זי שטעלט זיך מיר קווער אין וועג אומעטום — פֿאַרשלינג איך זי צו שטילן דעם הונגער פֿון מיין עגאָאיזם. דו ביסט פֿאַר מיר נאָר אַ שפּייז, ניט מער, פּונקט אַזוי, ווי דו פֿאַרשלינגסט מיך און נוצסט מיך אויס. צווישן מיר און דיר עקסיסטירט נאָר איין באַציאונג, — די באַציאונג פֿון נוצלעכקייט, טויגבאַרקייט און פֿאַרווענדלעכקייט. מיר זיינען איינער דעם אַנדערן גאָר נישט שולדיק, ווייל דאָס, וואָס איך שיין דיר צו זיין שולדיק, בין איך עס אין בעסטן פֿאַל שולדיק זיך אַליין. ווען איך מאַך דיר אַ פֿריילעך געזיכט, כּדי אויך דיך פֿריילעך צו מאַכן, הייסט עס, אַז דיין ‚פֿריילעכקייט איז מיר נויטיק, און מיין געזיכט דינט אַלזאָ מיין פֿאַרלאַנג, מיין וואונטש. עס זיינען פֿאַראַן טויזנטער מענטשן, וועלכע איך וויל ניט פֿריי־לעך מאַכן, און איך מאַך זיי ניט קיין פֿריילעך געזיכט״.

„איך ליב אויך מענטשן און ניט נאָר איינצעלנע מענטשן, נאָר אויך יעדן איינעם. איך ליב אָבער זיי מיט דעם באַוואוסטזיין פֿון מיין עגאָאיזם. איך ליב זיי, ווייל די ליבע מאַכט מיך גליקלעך. איך ליב דערפֿאַר, ווייל פֿאַר מיר איז נאַטירלעך צו ליבן, ווייל מיר געפֿעלט דאָס. איך ווייס אָבער ניט פֿון דער „מצוה ליבע״. איך פֿיל־מיט יעדער פֿילנדיקער באַשעפֿעניש, אירע ליידן פֿאַרשאַפֿן מיר שמערצן, און איר פֿאַרגעניגן פֿאַרשאַפֿט מיר פֿאַרגעניגן; טויטן זיי קען איך, אָבער פּייניקן — ניט״.

מאַקס שטירנערס אַבסאָלוטער אינדיווידואַליזם אַנערקענט ניט, זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, וועלכע עס איז רעכט און געזעץ, ווייל דאָס שטערט דער פֿרייער טעטיקייט פֿון דעם איינצלנעם. און זייענדיק אַ קעגנער פֿון רעכט און געזעץ, איז ער אויך קעגן דער געזעלשאַפֿט אַלס אָרגאַניזירטע איינהייט, וועלכע שאַפֿט דאָס רעכט און געזעץ.

„דער אייגנטימער און שעפֿער פֿון מיין רעכט — דאָס בין איך. איך אַנערקען ניט קיין אַנדער קוואַל פֿון רעכט אויסער מיר, — ניט גאָט, ניט די מלוכה, ניט די נאַטור, ניט דעם מענטשן אַליין מיט זיינע „אייביקע מענטשלעכע רעכט״, ניט דאָס געטלעכע און ניט דאָס מענטשלעכע רעכט״.

„די אידייע פֿון רעכט איז אָנפֿאַנגס געווען מיין אידייע, נאָר פֿאַרקערפּערנ־דיק זיך איז אַ וואָרט איז זי געוואָרן אַן אַרויסגעדרונגענע אידייע, אַן אַנטשע־פֿעניש. אַזוי איז אַנטשטאַנען דאָס אַבסאָלוטע רעכט, אָפּגעטיילט פֿון מיר״.

„גיב נאָר ניט דעם רעכט די מעגלעכקייט פֿריי צו עקזיסטירן, קער עס אום צוריק אַהין פֿון וואַנען עס איז געקומען, קער עס אום צוריק צו דיר און עס וועט ווערן דיין רעכט, עס וועט ווערן אַ רעכט, וואָס טויג פֿאַר דיר״.

„און ווען עס וואָלט געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס טויג ניט פֿאַר דער גאַנ־צער וועלט, אָבער פֿאַר מיר וואָלט עס יאָ געטויגט, וואָלט איך זיך ניט גע־רעכנט מיט דער גאַנצער וועלט. אַזוי האַנדלט יעדער, וואָס פֿאַרשטייט זיך צו שעצן, יעדער אויף אַזוי פֿיל אויף וויפֿל ער איז אַן עגאָאיסט, ווייל די מאַכט איז פֿריער ווי דאָס רעכט און דאָס איז אויך ניט מער ווי ריכטיק״.

„דאָס וואָס איך רוף מיין רעכט, איז אין דערווירקלעכקייט נאָר מיין מאַכט. רעכט איז אַן אומזין, מיט וועלכן די געשפּענסטער האָבן אונדז באַשאַנקען. מאַכט

— דאָס בין איך אַליין, איך בין מעכטיק און בין דער אייגנטימער פֿון מיין מאַכט".

„רעכט איז דער הערשער־ווילן פֿון דער געזעלשאַפֿט. יעדער עקזיסטירנדיק רעכט איז אַ פֿרעמד רעכט, דאָס איז אַ רעכט, וועלכן מען גיט מיר. יעדער שטאַט איז אַ דעספּאָטיע. דער ווילן פֿון שטאַט איז ניט מיין ווילן, און ווען אַפֿילו יעדער פֿון פֿאָלק וואָלט באַזונדער אַרויסגעזאָגט זיין וואונטש און דער אַלגעמיינער ווילן וואָלט פֿעסטגעשטעלט די רעגירנדע געזעצן, וואָלט איך געווען געבונדן היינט און שפּעטער צו מיין נעכטיקן ווילן; מיין ווילן, הייסט עס, וואָלט פֿאַרגליווערט געוואָרן".

איך אַנערקען ניט קיינע פֿליכטן, איך בינד זיך ניט און לאָז זיך ניט בינדן. און ווען איך האָב ניט קיין פֿליכטן, דאַן האָב איך אויך ניט קיין געזעצן.

נאָר אויב אַזוי, אויב ניט קיין רעכט, ניט קיין פֿליכטן, ניט קיין געזעץ, ניט קיין מאָראַל, ניט קיין געזעלשאַפֿט, און בוודאַי שוין ניט קיין שטאַט, טאָ ווי שטעלט זיך מאַקס שטירנער דאָך פֿאָר דאָס צוזאַמענלעבן פֿון מענטשן?

דערויף באַקומען מיר דעם פֿאָלגנדיקן ענטפֿער: אַנשטאַט דער געזעלשאַפֿט דאַרף איינגעפֿירט ווערן אַ פֿרייע פֿאַראייניקונג, אַ פֿאַראייניקונג פֿון איינצלנע „איכן", און די דאָזיקע פֿאַראייניקונג עקסיסטירט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג איך וויל עס, אַזוי לאַנג ווי עס פּאַסט מיר און געפֿעלט מיר.

„מיר ביידע, דער שטאַט און איך, — זיינען פֿיינט. איך, דער עגאָאיסט, האָב וויניק עגמת נפֿש און קימער זיך ניט וועגן דעם וואויל פֿון דער „מענטש־לעכער געזעלשאַפֿט", איך בין ניט מקריב פֿאַר איר קיין האָר ווערט; איך באַנוץ זיך נאָר מיט איר; נאָר כּדי איך זאָל איר קענען אין גאַנצן אויסנוצן, איז בעסער פֿון אַלץ, ווען איך פֿאַרוואַנדל איר אין מיין אייגנטום, אין אַזעלכע וואָס איז פֿון מיר געשאַפֿן, דאָס הייסט איך פֿאַרניכט זי און באַשאַף אויף איר אָרט אַ פֿאַראייניקונג פֿון עגאָאיסטן".

ווי זאָל אָבער די דאָזיקע פֿאַראייניקונג עקסיסטירן? וועט זי האָבן וועלכע עס איז נאָרמען, געזעצן, כּללים?

—ניין, קיינע נאָרמען, קיינע פּרינציפּן און קיינע געזעצן.

„יעדע פּאַרטיי הערט אויף צו זיין אַ פֿאַראייניקונג אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען זי מאַכט וועלכע עס איז פּרינציפּן אָבליגאַטאָריש. און אָט דער מאָמענט איז טאַקע דער צייט־פּונקט ווען די פּאַרטיי ווערט געשאַפֿן. אַלס פּאַרטיי איז זי שוין אַ געבוירענע געזעלשאַפֿט, אַ טויטע פֿאַראייניקונג, אַן אידייע, וועלכע ווערט אויף אייך אַרויפֿגעדרונגען".

איז דאָך אָבער די קשיה: פֿון אַ פֿאַראייניקונג ווערט דאָך אָבער צום סוף אָפּט אַ געזעלשאַפֿט? איז דער תּירוץ: פֿון געדאַנקען בילדעט זיך אויך אָפֿט אויס אַן אַרויפֿגעדרונגענע אידייע, אַן אידייע וואָס עקסיסטירט זעלבשטענדיק און איז צוגעטשעפּעט צו אונדז. דאָס פּאַסירט ווען פֿון די געדאַנקען פֿאַרשווינדט די געדאַנקען־ענערגיע, דאָס דענקען. ווען אַ פֿאַראייניקונג קריסטאַליזירט זיך אין אַ געזעלשאַפֿט, דעמאָלט הערט זי אויף צו זיין אַ פֿאַראייניקונג; ווייל אַ פֿאַראייניקונג איז אַן אומאויפֿהערלעכער פּראָצעס פֿון פֿאַראייניקן זיך. ווען אָבער זי איז געוואָרן אַ געזעלשאַפֿט, האָט דער פּראָצעס פֿון פֿאַראייניקן זיך אָפּגע־

שטעלט, ער איז פֿאַרגליווערט געוואָרן, ער איז — טויט. די געזעלשאַפֿט איז נאָר דער בר מנן פֿון פֿאַראיין, זיין טויטער קערפּער.

און וועט אין דער דאָזיקער פֿאַראייניקונג די פֿרייהייט זיין אַן אַבסאָלוטע, אַן אומבאַגרענעצטע?

אַזעלכע אילוזיעס מאַכט זיך מאַקס שטירנער ניט. ער פֿילט, אַז אַפֿילו ביי אַ גאַנץ פֿרייער פֿאַראייניקונג, וואָס איז אַזוי פֿריי, אַז אַפֿילו קיין סימן פֿון אַ פּרינציפּ טאָר אין איר ניט עקסיסטירן, וועט דער אינדיווידואום דאָך מוזן מקריב זיין אַ טייל פֿון זיין פֿרייהייט. אָבער מאַקס שטירנער שלינגט אַראָפּ דעם דאָזיקן ביטערן פּיל דורך דעם פֿאָלגנדן תּירוץ:

אין דער פֿאַראייניקונג איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל שטיין העכער פֿון מיר און איבער מיר, ווי דאָס איז אין דעם שטאַט. דער פֿאַראיין איז מיין געשאַפֿן ווערק און איך גיי פֿון אים אַרויס, ווען עס פֿאַרגלוסט זיך מיר נאָר. אין דעם פֿאַראיין זיינען מיר מקריב אַ טייל פֿון אונדזער פֿרייהייט, אָבער ניט פֿאַר דעם אַלגעמיינעם וואויל, נאָר פֿאַר אונדזער אייגענעם.

„דער פֿאַראיין איז נאָר אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון מיין מאַכט, אַ פֿאַרפֿילפֿאַכונג פֿון מיינע קרעפֿטן, און איך שטיץ אים אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער איז אַזוי".

„אין פֿאַראיין ברענגסטו דיין גאַנצע קראַפֿט, דיין גאַנצע מאַכט און דו צווינגסט, אַז מען זאָל אָנערקענען דיין ווערט. אין דער געזעלשאַפֿט אָבער נוצט מען אויס דיך און דיין אַרבעטס־קראַפֿט. די געזעלשאַפֿט נוצט דיך אויס, דעם פֿאַראיין אָבער נוצסטו דו אויס".

און וואָס איז מכּח דעם פֿאָלק, מכּח פֿאָלקס־הערשאַפֿט, פֿאָלקס־פֿאַרוואַלטונג, פֿאָלקס־פֿרייהייט א. א. וו. א. א. וו.?

מאַקס שטירנער איז ניט קיין גרויסער חסיד פֿון זיין מאַיעסטעט דעמאָס.

„וואָס איז דאָס אַזעלכעס דאָס אָרגאַניזירטע פֿאָלק וואָס פֿאַרוואַלטעט מיט זיך אַליין?" — פֿרעגט מאַקס שטירנער. „דאָס איז אַ פֿאָלק, ביי וועמען קיין איין איינציקער, קיין „איך" זעט זיך ניט אַרויס" — ענטפֿערט ער.

„די פֿאָלקס־פֿרייהייט איז ניט מיין פֿרייהייט. דאָס פֿאָלק קען זיין פֿריי נאָר אויף דער רעכנונג פֿון דעם איינצלנעם מענטשן".

„דער אונטערגאַנג פֿון די פֿעלקער און פֿון דער מענטשהייט וועט מיך דער־הויבן אין דער הויך".

מאַקס שטירנערס אַבסאָלוטער אינדיווידואַליזם איז אַ גרויסער אָנהענגער פֿון פּריוואַט־אייגנטום, ווי עס איז שוין איינמאָל געזאָגט געוואָרן. אגב, איז דאָס גאָר ניט נויטיק געווען צו זאָגן. שטירנערס הויפּט־אידייע פֿון אינדיווידואַליזם איז געבויט אויף דעם פּרינציפּ פֿון אייגנטום.

„אייגנטום טאָר ניט זיין דאָס רעכט פֿון דער אַלגעמיינער מענטשהייט, נאָר דאָס רעכט פֿון דעם אינדיווידואום, אָדער, ריכטיקער, די אייגנטום־פֿראַגע איז ניט קיין רעכט־פֿראַגע, נאָר אַ מאַכט־פֿראַגע. איך נעם פֿאַר מיין אייגנטום אַלץ, וואָס איך וויל און איך באַהאַלט פֿאַר זיך אַלץ וואָס איך קען נאָר פֿאַרזיכערן זיך דורך דער הילף פֿון מיין מאַכט".

„אין דעם פֿאַרמעגן פֿון די באַנקירן זע איך ניט עפּעס פֿרעמדס, ווי נאַ־פּאָלעאָן האָט עס ניט געזען אין די לענדער, וועלכע האָבן געהערט די קעניגן.

אונדז איז עס ניט שרעקלעך דעם דאָזיקן פֿאַרמעגן צו דעראָבערן און מיר וועלן זוכן מיטלען, וועלכע זאָלן אונדז דערצו העלפֿן״.

„מיר געהערט די וועלט. זאָגט איר דען, סאָציאַליסטן, און באַזונדערס פּרודאָן, עטוואָס אַנדערס, ווען איר באַהויפּט, אַז די וועלט געהערט אַלעמען? אַלע — דאָס בין איך און נאָך אַן איך א. א. וו. נאָר איר מאַכט פֿון אָט דעם „אַלע״ אַ געשפּענסט, איר מאַכט אים פֿאַר אַ הייליקן, און דער רעזולטאַט איז, אַז אָט דער „אַלע״ ווערט אַ שרעקלעכער הערשער איבער דעם אינדיווידואום״.

„דער קאָמוניזם שטייט אויף מיט רעכט קעגן דעם דרוק פֿון דעם אינ־דיווידועלן אייגנטום, אָבער די מאַכט, וואָס דער קאָמוניזם גיט דער אַלגעמיינהייט איז נאָך שרעקלעכער.

„בכן, וואָס איז מיין אייגנטום? נאָר דאָס, אויף וואָס מיין מאַכט איז אויס־געשפּרייט. אויף וואָס פֿאַר אַן אייגנטום האָב איך אַ רעכט? אויף יעדע, אויף וועלכע איך שפּרייט אויס מיין מאַכט. איך גיב זיך דאָס רעכט אויף אייגנטום, ווען איך מאַך עטוואָס פֿאַר מיין אייגנטום״.

„ווען ביי סאָציאַליסטן גיט מיר די געזעלשאַפֿט דאָס, וואָס איך האָב נויטיק — זאָגט דער עגאָאיסט: איך נעם זיך דאָס, וואָס מיר איז נויטיק. ווען די קאָמוניסטן מאַכן זיך אַ פּנים פֿון בעטלער, האַלט זיך דער עגאָאיסט ווי אַן אייגנטימער״.

לויט מאַקס שטירנערס מיינונג, וועלן די פֿרייע פֿאַראיינען האָבן די אויפֿ־גאָבע צו פֿאַרגרעסערן דאָס פֿאַרמעגן פֿון דעם איינצלנעם און פֿאַרזיכערן זיין אייגנטום פֿון אַן איבערפֿאַל.

צום סוף זאָגט שטירנער, אַז

„די פֿראַגע וועגן אייגנטום וועט געלייזט ווערן אין דעם קאַמף פֿון אַלע קעגן אַלע״.

און וואָס וועט דעמאָלט זיין?

דערויף זאָגט זיך שטירנער אָפּ צו געבן אַן ענטפֿער.

---

איך גלויב, אַז איך האָב דאָ איבערגעגעבן די הויפּט־געדאַנקען, די וויכטיק־סטע פּונקטן פֿון מאַקס שטירנערס לערע. מיין אויפֿגאַבע איז דאָ געווען ניט מער ווי אָביעקטיוו איבערצוגעבן וואָס מאַקס שטירנער זאָגט. מיר דוכט, אַז איך בין געווען אָביעקטיוו גענוג. איך האָב מייסטנס איבערגעגעבן שטירנערס געדאַנקען מיט זיינע אייגענע ווערטער, און עס וואָלט געווען ניט מער ווי רעכט, אַז דער דאָזיקער אַרטיקל זאָל ניט זיין אונטערגעשריבן מיט מיין נאָמען, ווייל איך האָב דאָ קיין אייגנס גאָר ניט געזאָגט.

אייגנטלעך האָב איך געהאַנדלט ווי מאַקס שטירנער לערנט: „איך נעם פֿאַר מיין אייגנטום אַלץ, וואָס איך וויל און איך באַהאַלט פֿאַר זיך אַלץ, וואָס איך קען נאָר פֿאַרזיכערן זיך דורך דער הילף פֿון מיין מאַכט״...



# פֿרידריך ניטשע

.1

אויב עס איז געווען ניט איבריקס שווער איבערצוגעבן אין אַ קורצן אַר־טיקל די הויפּט־געדאַנקען פֿון מאַקס שטירנערס לערע, איז דאָס מיט פֿרידריך ניטשע שוין ניט אַזאַ לײַכטע אויפֿגאַבע. מאַקס שטירנער איז קלאָר און דײַטלעך אין זײַן שרײַבן, ער איז אויסגעהאַלטן, קאָנסעקווענט אין זײַן דענקען, און דורכ־לײַענענדיק זײַן בוך, זײַן אײנציק בוך, „דער אײנציקער און זײַן אײגנטום", קען מען האָבן אַ גאַנץ קלאָרן באַגריף פֿון זײַן לערע און מען קען איבערגעבן אין קורצן דעם תּמצית פֿון איר אין אַ זשורנאַל־אַרטיקל.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט פֿרידריך ניטשע. וועגן קלאָרקייט און דײַטלעכ־קייט קען בײַ אים קיין רייד ניט זײַן. ניטשע שרײַבט ס'רוב אין אַזאַ פֿאָרם, וועלכע פּרעטענדירט אַפֿילו ניט אויף איבעריקע דײַטלעכקייט. זײַנע זאַצן זײַנען צום גרעסטן טייל, אַזוי צו זאָגן, ניט קיין פֿאַרענדיקטע, אָפּגעהאַקט אין מיטן, זיי האָבן מער די פֿאָרם פֿון אַפֿאָריזמען און דעם לייענער בלײַבט איבער אַליין צו דערטראַכטן, וואָס דער שרײַבער האָט ניט דערזאָגט. און אַזוי ווי מען קען ניט געפֿינען בײַ ניטשען קיין קלאָרקייט און דײַטלעכקייט, אַזוי איז נאָך שווע־רער צו געפֿינען בײַ אים אויסגעהאַלטנקייט און קאָנסעקווענץ. דורכלײַענענדיק אַלץ, וואָס ניטשע האָט געשריבן, אָנגעהויבן פֿון זײַן ערשטער בראָשור „די געבורט דער טראַגעדיע אויס דעם גייסטע דער מוזיק", וועלכע איז דערשינען סוף 1871, און ענדיקנדיק מיט זײַן הויפּט־ווערק „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דעם משך פֿון 1883 און 1885, געפֿינט מען, אַז פֿרידריך ניטשע האָט ניט נאָר געהאַלטן אין ברעכן פֿרעמדע געטער, נאָר ער האָט אויך אָפֿט גענוג געבראָכן זײַנע אײגענע געטער.

ווען מיר נעמען, צום בײַשפּיל, זײַן בוך „פֿאָם נוצען און נאַכטהייל דער היסטאָריע פֿיר דאָס לעבען", דאָס ערשטע בוך פֿון דער סעריע „געדאַנקען ניט אין דער צײַט", זעען מיר ווי ניטשע נעמט דאָרטן אויף אַן ענערגישן קאַמף קעגן דעם אײנפֿלוס פֿון היסטאָריע אין דער דערציִאונג פֿון אונדזער מאָדערנעם מענטשן. ער געפֿינט די שעדלעכקייט פֿון דער היסטאָריע בײַ דער דערציִאונג פֿון יונגן דור אין דעם, וואָס זי פּאַראַליזירט די אַנטוויקלונג פֿון דעם אײגענעם „איך", זי שוואַכט אָפּ, אויב זי פֿאַרניכטעט ניט, די אינדיווידואַליטעט און באַ־שאַפֿט אַנשטאָט פּערזענלעכע אינדיווידואַליטעטן, אַן אײנפֿאָרמיקע מאַסע, אַ סטאַדע. כּדי צו באַקעמפֿן די דאָזיקע „היסטאָרישע קראַנקייט", רעקאָמענדירט ניטשע אין זײַן בוך אַ מיטל, וואָס מען קען רופֿן „די ניט־היסטאָרישע רפֿואה". די היסטאָריע האָט דעם צוועק צו מאַכן אונדז געדענקען דאָס פֿאַרגאַנגענע; ניטשע זאָגט, אַז מען דאַרף אונדז לערנען ניט געדענקען, נאָר פֿאַרגעסן. עס איז נויטיק צו באַזיצן, ווי ער דריקט זיך אויס, „די מאַכט און די פֿעאיקייט צו פֿאַרגעסן". ניטשע זוכט „די איבער־היסטאָרישע מאַכט", די אײביקייט אין לעבן, יענע אײ־ביקייט, וואָס ווייס ניט פֿון אַן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס און איז ניט אונטערגע־וואָרפֿן קיין ענדערונגען. ער געפֿינט, אַז אין דער קונסט און אין דער רעליגיע

(עס פֿאַרשטייט זיך, אין דער אידייע פֿון רעליגיע) זיינען באַהאַלטן די קרעפֿטן, וואָס גיבן אונדזער לעבן דעם כאַראַקטער פֿון אייביקייט.

עס דויערט אָבער ניט לאַנג, אין גאַנצן צוויי יאָר, און עס דערשיינט אין יאָר 1878 ניטשעס בוך „מענשליכעס, אַלצו מענשליכעס". און דאָרטן געפֿינען מיר אַ פֿולשטענדיקן ריקצוג פֿון די געדאַנקען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין זיין בוך „פֿאָם נוצען און נאַכטהייל דער היסטאָריע פֿיר דאָס לעבען", און נאָך שאַרפֿער און נאָך דייטלעכער געפֿינען מיר עס אין זיין שפּעטערדיקן בוך „דער וואַנדרער און זיין שאָטען". אַנשטאָט צו זוכן די אייביקייט פֿון לעבן אין דער קונסט און רעליגיע, זוכט ער זי איצט אין דער וויסנשאַפֿט. אויפֿן אָרט פֿון דעם קינסטלער קומט דער וויסנשאַפֿט־מאַן, וועלכן ער האָט פֿריער פֿאַראַכטעט. אין דעם וויסנשאַפֿטסמאַן זעט איצט ניטשע „די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון עסטעטישן פּרינציפּ", די קינסטלער אָבער זיינען די פֿאַרשפּרייטער פֿון רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿישע טעותן און פֿאַראורטיילן אין דער מענטשהייט.

דער איינציקער קאָנסעקווענטער געדאַנק, וואָס מיר געפֿינען יאָ ביי ניטשע פֿון יענער צייט, איז אין דער אַנטשטייאונג פֿון אַזוי גערופֿענעם „איבער־מענטש". שוין אין זיין בוך „פֿאָם נוצן און נאַכטהייל דער היסטאָריע פֿיר דאָס לעבען" האָט ניטשעס „איבער־מענטש" אָנגענומען אַ מער אָדער ווייניקער דייטלעכע פֿאָרם. מיר געפֿינען דאָרטן דעם פֿאָלגנדן, אומצווייטייטלעכן זאַץ: „דער ציל פֿון דער מענטשהייט איז ניט אין די ענד־רעזולטאַטן, נאָר אין די יענע העכסטע מענטשן־עקזעמפּליאַרן, וואָס די מענטשהייט גיט אַרויס פֿון זיך". און דער דאָזיקער געדאַנק, אין דער אָדער אין אַנדער פֿאָרם איבערכאַזערט זיך ביי ניטשען אין אַלע זיינע ווערק. מיר קענען זאָגן, אַז דער כאַראַקטער־צוג פֿון ניטשע, וועלכער האָט אַזאַ גרויסע נייגונג צו עקסטרעמען, האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן אין זיינע ערשטע ווערק און ער איז געבליבן טריי צו זיך ביז צום סוף. ער איז עקסטרעם, ווען ער באַשאַפֿט זיין טעאָריע וועגן קונסט, און ער בלייבט ניט ווייניקער עקסטרעם, ווען ער ווערט אַן אָנהענגער פֿון דער וויסנשאַפֿט. „בעסער, אַז די מענטשהייט זאָל אונטערגיין, איידער די וויסנשאַפֿט זאָל האָבן אַ רעגרעס", זאָגט ניטשע אין זיין „מענשליכעס, אַלצו מענשליכעס". און דעם זעלבן געדאַנק געפֿינען מיר איבערגעכאַזערט אין זיין „מאָרגענרעטע", וואו ער געפֿינט, אַז דער איינציקער ציל פֿון דער מענטשהייט איז אויסצוגעפֿינען דעם אמת. וועגן דעם דריקט זיך ניטשע אַזוי אויס: „דאָס איז דער איינציקער גרויסער ציל, פֿאַר וועלכן מען דאַרף אַלץ מקריב זיין — אַפֿילו די מענטשהייט גופֿא".

עס איז דעריבער פֿאַרן שרייבער, וואָס וויל איבערגעבן ניטשעס לערע, אויב מען קען עס איבערהויפּט אָנרופֿן מיט דעם נאָמען לערע, קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ, ווי אויפֿזאַמלען יענע געדאַנקען, וואָס איבערחזרן זיך ביי אים, כמעט אין אַלע זיינע ווערק, און אַוועקוואַרפֿן אַלע יענע געדאַנקען, וועלכע ווידערשפּרעכן זיך. און אָננעמענדיק דעם דאָזיקן וועג, מוזן מיר זאָגן, אַז ער איז זייער ניט קיין אָנגענעמער. אין אַלגעמיין האָט ניטשע פֿאַראינטערעסירט די וועלט מיט זיך, אַ סך ווייניקער מיט זיין סיסטעם, מיט זיין לערע, — אויף וויפֿל ער האָט אַזעלכע, — ווי מיט זיינע אָריגינעלע געדאַנקען, ווען זיי ווידער־

שפּרעכן זיך אַפילו, און מיט דער אָריגינעלער פֿאָרם אין וועלכער ער גיט זיינע געדאַנקען אַרויס.

ניטשע איז געווען און איז נאָך, ביז צו אַ געוויסן גראַד, אויך היינט דער מייסט־געלעזענער פֿילאָזאָפֿישער שריפֿטשטעלער. ניטשע האָט איין מאָל אין אַ בריוו צו דעם באַוואוסטן קריטיקער בראַנדעס אויסגעדריקט זיין וואונטש, אַז ער זאָל האָבן נאָר „עטלעכע לעזער, וועלכע ער שעצט אַליין הויך — און מער קיינעם ניט". זיין וואונטש איז אָבער ניט דערפֿילט געוואָרן. זייער ווייניק שריפֿטשטעלער קענען זיך באַרימען מיט אַזאַ גרויסער פֿאַרשפּרייטונג פֿון זייערע ווערק און מיט אַזוי פֿיל אויפֿלאַגעס, ווי ניטשע. און נאָך ווייניקער שרייבער פֿון דער לעצטער צייט קענען אויפֿווייזן אַזאַ גרויסע צאָל ביכער, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן וועגן זיי, ווי וועגן ניטשע. עס איז בוכשטעבלעך באַשאַפֿן געוואָרן אַ גאַנצע ניטשע־ליטעראַטור. זיין נאָמען האָט גרופּירט אַרום זיך אַ גאַנצע ריי פֿון שריפֿטשטעלער און קינסטלער. זיינע אידייען האָבן זיך ביי זיין גרויסער מאַסע אָנהענגער און פֿאַרערער פֿאַרוואַנדלט אין דאָגמען, און דאָס באַווייזט אויך, אַז זייער אַ סך האָבן אים לחלוטין ניט פֿאַרשטאַנען, אָדער פֿאַלש פֿאַרשטאַנען. און ניט ווייניקער ווי זיינע געדאַנקען, האָט געהאַט אַן איינפֿלוס די פֿאָרם, אין וועלכער ער האָט זיינע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט, זיין סטיל הייסט עס. ניטשעס סטיל האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג ניט נאָר אויף די שריפֿט־שטעלער פֿון דייטשלאַנד, נאָר אויך פֿון אַנדערע לענדער. עס וואָלט געווען אַן אינטערעסאַנטע טעמע נאָכצוזוכן די ווירקונג פֿון ניטשעס געדאַנקען און סטיל אויף דער וועלט־ליטעראַטור, ווייל ניטשע איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער דענקער, נאָר אויך אַ גרויסער קינסטלער. נאָך מער, ניטשע דער דענקער און פֿילאָזאָף ווערט ניט פֿון אַלעמען אָנערקענט, דער גרעסטער טייל פֿון די גע־לערנטע ווילן בשום אופֿן ניט קרוינען ניטשען מיט דעם נאָמען פֿילאָזאָף, בעת ניטשע דער קינסטלער ווערט פֿון אַלעמען אָנערקענט. אַלס שריפֿטשטעלער איז ער אָן שום צווייפֿל איינער פֿון די אָריגינעלסטע.

„מיר, פֿילאָזאָפֿן, זיינען מער ווי צופֿרידן, ווען מען פֿאַרגלייכט אונדז צו קינסטלער", שרייבט ניטשע צו בראַנדעסן. און אין דעם פּרט האָט ניטשע גע־קענט זיין מער ווי צופֿרידן, ווייל אַלס קינסטלער איז ער פֿון אַלעמען אָנער־קענט געוואָרן. געשטערט דורך אויסערע צופֿאַלן צו ווערן אַ פּראָפֿעסיאָנעלער מוזיקער, האָט ניטשע קאָנצענטרירט זיין גאַנצן מיטגעבאָרענעם טאַלאַנט צו שאַפֿן אַ קינסטלערישע שפּראַך. „ניטשע איז דער באַהערשער פֿון דער שפּראַך: זי איז פֿאַר אים אַ געהאָרכזאַמער אינסטרומענט, אין איר דריקט ער אויס די פֿיינסטע שאַטירונגען פֿון זיינע געדאַנקען און שטימונגען. ער לייגט אַריין אין דער שפּראַך זיין נשמה, דעם שטראָם פֿון זיינע געדאַנקען, דעם קאָלאָריט פֿון זיינע ליידנשאַפֿטן" — שרייבט פּראָפֿעסאָר ריל. און ענלעך צו דעם ווי דער אינסטרומענט ווייזט אַרויס אַלע זיינע אייגנשאַפֿטן, ווען אים באַהערשט דער ריכטיקער אַרטיסט, אַזוי ווייזט אַרויס די שפּראַך אַלע אירע רייכקייטן און שיינ־קייטן, ווען זי ווערט געברויכט פֿון ניטשען.

„פֿריער פֿאַר אַלץ דאַרף מען אַ סך אַרבעטן, מען דאַרף אָפּגעבן בלוט און קרעפֿטן אויסצואַרבעטן די שפּראַך", שרייבט ניטשע. „מען דאַרף אַרבעטן אויף

אַ בלעטל פּראָזע, ווי מען אַרבעט אויף אַ סטאַטוע. די וואונדערבאַרע מוזיק פֿון דער שפּראַך דאַרף שטודירט ווערן. די שול פֿון דער שפּראַך, דאָס איז אַ שול פֿון הויכער מוזיק", זאָגט ניטשע אין אַן אַנדער פּלאַץ.

דער ליטעראַרישער סטיל אין שריפֿט איז אַנדערש און פֿאַרשיידן פֿון דעם, וואָס ווערט געברויכט אין ריידן. די שפּראַך אין שריפֿט האָט ניט קיין אַקצענט, האָט ניט קיין זשעסטיקולאַציע, קיין בליקן, וואָס באַגלייטן די ווערטער און באַלעבן זיי. דער שריפֿטשטעלער דאַרף אויסגעפֿינען אַנדערע מיטלען ווי זיין שפּראַך צו באַלעבן און צו געבן איר דעם ריכטיקן אויסדרוק. ווי אַזוי דאָס וואָרט זאָל אונטערגעשטראָכן ווערן, ניט העכער מאַכנדיק דעם טאָן; ווי אַזוי אַרויסצוהויבן אַ געוויסן טייל פֿון דער פּראָזע, ניט געברויכנדיק קיין איבריקע ווערטער, — אין דעם ליגט די קונסט. „אין סטיל דאַרף זיין לעבן", זאָגט ניטשע.

עס וואָלט געוויס געווען אינטערעסאַנט צו מאַכן אַן עקסקורסיע אין ניטשעס ווערק און אין די ווערק, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן וועגן אים און ווייזן ווי גרויס ניטשעס פֿאַרדינסטן זיינען אין שאַפֿן נייע ווערטן אין סטיל, אין דער קונסט פֿון שרייבן, אָבער די ראַמען פֿון דעם דאָזיקן אַרטיקל זיינען צו באַ־שרענקט, אַז איך זאָל זיך קענען מער אָפּשטעלן וועגן דעם.

.2

איז ניטשע אַ פֿילאָזאָף, אָדער ניט? דאָס איז אַן אַלטע מחלוקה. ניטשע אַליין האָט אויף דער דאָזיקער פֿראַגע געענטפֿערט קורץ און שאַרף: עס איז קיין נפֿקא מינה ניט, יאָ אַ פֿילאָזאָף אָדער ניט קיין פֿילאָזאָף. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלעמען קען אַזאַ ענטפֿער באַפֿרידיקן, הגם ער איז דער בעסטער און דער קירצסטער. בכּלל דאַרף מען פֿריער באַשטימען, וואָס מיר פֿאָדערן פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע. אויב מיר ווילן זען אין דער פֿילאָזאָפֿיע אַ וויסנשאַפֿט, אַזאַ וויסנשאַפֿט ווי אַלע אַנדערע, וואו עס איז נויטיק אַן אויסגעהאַלטענע סיסטעם, אַ שטרענגע קאָנסעקוועץ און געצוואונגענע לאָגישע שלוסן, דאַן איז ניטשע גע־וויס קיין פֿילאָזאָף ניט. נאָר ווען מען זאָל זען אין דער פֿילאָזאָפֿיע ניט קיין וויסנשאַפֿט, נאָר קלוגשאַפֿט, וואָס באַשטימט דעם ציל פֿון לעבן, ווען מען זאָל רעכענען פֿאַר אַ פֿילאָזאָף דעם, וועמען ניטשע רעכנט, ד. ה. אַזעלכן, „וואָס באַ־שטימט די מאָס, דעם ווערט און די געוויכט פֿון זאַכן — אַ ריכטער פֿון לעבן". דעמאָלט איז ניטשע געוויס אַ פֿילאָזאָף, ווייל אַזאַ פֿילאָזאָפֿיע נויטיקט זיך ניט אין אַ סיסטעם. און גאַנץ ריכטיק באַמערקט פּראָפֿעסאָר א. ריעל: סאָקראַטעס האָט אויך ניט געהאַט קיין סיסטעם. ער האָט אַ סך מער געווירקט מיט דער איינ־הייטלעכקייט פֿון זיין גייסטיקן לעבן, מיט דער קראַפֿט פֿון זיין פּערזענלעכקייט און מיט זיינע אַנשויאונגען, ווי מיט זיין פֿילאָזאָפֿישער סיסטעם. אין ניטשעס ווערק קען מען ניט געפֿינען קיין אויסגעהאַלטענע פֿילאָזאָפֿישע סיסטעם, די ווי־דערשפּרוכן ביי אים געפֿינט מען ניט נאָר צווישן איין ווערק און דעם צווייטן, נאָר אָפֿט אין דעם זעלבן ווערק גופֿא. אויב מען געפֿינט אָבער יאָ אַן איינהייט־לעכקייט אין ניטשעס ווערק, איז דאָס אין דעם אויסדרוק פֿון זיין אייגענער פּער־זאָן. פֿון זיינע ווערק לייענט מען ניט אַרויס קיין איינהייטלעכע לערע, אָבער מען

געפֿינט דאָרטן אַן איינהייטלעכן ניטשען, ניטשע דער אַריסטאָקראַטישער ראַדי־קאַל, ווי איינער האָט אים גערופֿן און וואָס ניטשען אַליין איז דער נאָמען אַזוי שטאַרק געפֿעלן געוואָרן.

אַ סך שרייבער האָבן געקרויגנט ניטשען מיט דעם נאָמען „קולטור־פֿילאָ־זאָף". און אין דער ווירקלעכקייט איז דער גרעסטער טייל פֿון ניטשעס געדאַנקען פֿאַרנומען מיט דער אויפֿקלערונג פֿון די קולטור־אויפֿגאַבן פֿון דער מענטשהייט. די דאָזיקע פֿראַגע איז ביי אים דער צענטער פֿון זיין פֿילאָזאָפֿיע. אָנפֿאַנגס האָט ניטשע געזען די מענטשלעכע קולטור אין דער קונסט. קולטור און קונסט איז ביי אים געווען איינס און דאָס זעלבע. שפּעטער זעט ער דעם אידעאַל פֿון קול־טור אין דער וויסנשאַפֿט, און ענדלעך ווערט ביי אים איר ציל און אויפֿגאַבע — צו דערהויבן דעם מענטשלעכן טיפּ אויף אַ הויכע מדרגה, באַשאַפֿן דעם „איבער־מענטשן".

ניטשע געפֿינט אויך, אַז די אויפֿגאַבע פֿון דעם פֿילאָזאָף באַשטייט אין דעם, וואָס ער דאַרף שאַפֿן נייע קולטור־ווערטן, געפֿינען אַ נייעם אידעאַל פֿון דער קולטור און אים אַריינשטויסן אין לעבן. דער אמתער פֿילאָזאָף, זאָגט ניטשע, איז אַ באַפֿעלער און געזעצגעבער. ער זאָגט: אַזוי מוז זיין. ער באַשטימט די צילן און די שטרעבונגען פֿון דעם מענטשן. זיין וויסן איז שאַפֿן, זיין שאַפֿן — אַ געזעץ און זיין דאַרשט צו אמת איז דער ווילן צו מאַכט.

באַטראַכטנדיק ניטשען ווי אַ קולטור־פֿילאָזאָף, קען מען אויך געפֿינען מער סיסטעם אין זיין דענקען און אין זיינע ווערק. די מענטשלעכע קולטור — דאָס איז דער ציל, און ניטשע זוכט פֿאַרשיידענע וועגן דעם דאָזיקן ציל צו דער־גרייכן. און, ווי שוין באַמערקט, קען מען איינטיילן ניטשעס פֿילאָזאָפֿיע אין דריי פּעריאָדן: „די געבורט דער טראַגעדיע אויס דעם גייסטע דער מוזיק", „פֿאָם נוצען און נאַכטהייל דער היסטאָריע פֿיר דאָס לעבען", „שאָפּענהויער אַלס ער־ציהער" און „ריכאַרד וואַגנער אין ביירוט" — געהערן צום דעם ערשטן פּעריאָד, וואו ניטשע פֿאַרגעטערט דעם קינסטלער, וואו די קונסט איז דער העכסטער אידעאַל, דער ענדציל פֿון דער מענטשלעכער קולטור, — פֿאַרגעסן די אַלטע היסטאָריע, באַשאַפֿן אַ נייע, וואו די קונסט זאָל זיין דער אָנהויב און דער סוף. „דער וואַנדערער און זיין שאָטען", „מענשליכעס, אַלצו מענשליכעס", „מאָרגענ־רעטע" — געהערן צו דעם צווייטן פּעריאָד, וואו ניטשע פֿאַרוואַנדלט זיך פֿון אַ ראָמאַנטיקער אין אַ ראַציאָנאַליסט; דעם אָרט פֿון קונסט פֿאַרנעמט איצט ביי אים די וויסנשאַפֿט; ניטשע, דער פֿריערדיקער מעטאַפֿיזיקער, ווערט אַן ענער־גישער, שאַרפֿער קעגנער פֿון דער מעטאַפֿיזישער וועלט־אַנשויאונג. „די מעטאַ־פֿיזיק" — זאָגט ניטשע — „דאַרף מען אָנרופֿן די לערע, וואָס באַשעפֿטיקט זיך מיט די גרונט־טעותן פֿון דעם מענטשן, אָבער זי טוט עס אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען די גרונט־אמתן".

אינעם דאָזיקן פּעריאָד, קען מען זאָגן, האָט זיך ניטשע אויך באַפֿרייט פֿון שאָפּענהויערס פּעסימיזם אונטער וועמענס איינפֿלוס ער האָט זיך לכתחילה גע־פֿונען. און דאָס איז אויך געווען ניט מער ווי לאָגיש. ווערנדיק אַ קעגנער פֿון דער מעטאַפֿיזיק, אָפּלייקענענדיק די עקזיסטענץ פֿון צוויי וועלטן, פֿאַרשווינדט דאָך די מעגלעכקייט צו אַנטלויפֿן פֿון דער וועלט. „ניט די וועלט אַלס אַזעלכע

האָט אַ ווערט, נאָר די וועלט אַלס אַ פֿאָרשטעלונג איז וואונדערבאַר, טיף און אַנטהאַלט אין זיך גליק און אומגליק", — רופֿט אויס ניטשע. אין אָט דעם פּע־ריאָד שטייט אויך ניטשע אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז ניט די איינצעלנע פּער־זאָן, דער אינדיווידיאום באַשאַפֿט דאָס קריטעריום פֿון מענטשלעכער מאָראַל, נאָר די „קאָלעקטיווע אינדיווידואַליטעט", ווי ער דריקט זיך אויס, — די געזעל־שאַפֿט, דער שטאַט, וועלכע אונטערוואַרפֿן אונטער זיך די איינצעלנע פּערזענ־לעכקייט.

„יענזייטס פֿון גוט און בעזע", „צור גענעאַלאָגיע דער מאָראַל" און דאָס וויכטיקסטע ווערק, „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ" — געהערן צו דעם דריטן פּעריאָד, — ווען ניטשע שאָקלט זיך אָפּ מיט הענט און פֿיס פֿון דעם ראַציאָ־נאַליזם און באַשאַפֿט זיין „איבער־מענטש", וואָס פֿאַרקערפּערט אין זיך דעם פֿילאָזאָף, דעם קינסטלער, דעם העלד, דעם הערשער און דעם זשעני, וועלכער „מאַכט די געשיכטע", באַשטימט די מאָראַל און שאַפֿט די מענטשלעכע קולטור. אין דעם דאָזיקן פּעריאָד אַנערקענט ניטשע נאָר יענע קולטור, וואָס ווערט גע־שאַפֿן פֿון „גרויסע אינדיווידואַליטעטן". און ניט נאָר גלויבט ער, אַז די קולטור ווערט געשאַפֿן פֿון איינצלענע הויך־באַגאַבטע פּערזענלעכקייטן, נאָר ער באַ־הויפּט אויך, אַז די קולטור עקזיסטירט נאָר פֿאַר די איינצעלנע אויסדערוויילטע. די אויפֿגאַבע פֿון דער קולטור איז, לויט ניטשעס מיינונג, מיטצוהעלפֿן, אַז עס זאָלן אַלץ וואָס מער און מער דערשיינען גרויסע און שטאַרקע אינדיווידואַליטעטן, „ריכטיקע מענטשן".

און דעם דאָזיקן געדאַנק כאַזערט איבער ניטשע אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען און יעדעס מאָל אַלץ אויסדריקלעכער און שאַרפֿער. „פֿאַר קולטור זיינען נויטיק גרויסע פֿירער, ווי פֿאַר אַ מלחמה, און יעדע אַנטוויקלונג הויבט זיך אָן מיט גע־האַרכזאַמקייט". אָדער ווי זאַראַטוסטראַ דריקט זיך אויס: „די מענטשלעכע גע־זעלשאַפֿט איז ניט עפּעס אַנדערס, ווי אַ פּראָבע, — ווי אַ לאַנגער זוכן, זי זוכט איר הערשער און באַפֿעלער". דאָס פֿאָלק איז פֿאַר ניטשען נאָר „אַן אומוועג, וואָס די נאַטור מאַכט, צו באַשאַפֿן זעקס, זיבן גרויסע מענטשן".

„ניט דער שטאַט, ניט דאָס פֿאָלק, ניט די מענטשהייט עקזיסטירן צוליב זיך, נאָר צוליב און פֿאַר די, וואָס שטייען בראש פֿון זיי"; דער ציל איז אין די „גרוי־סע פּערזענלעכקייטן". דער זשעני עקזיסטירט, בכן, ניט פֿאַר דער מענטשהייט, נאָר די מענטשהייט עקזיסטירט פֿאַר אים. אין ניטשעס שפּראַך הייסט עס: „די מענטשהייט דאַרף כּסדר שטרעבן צו באַשאַפֿן איינצלנע גרויסע פּערזענלעכ־קייטן, נאָר אין דעם און ניט אין עטוואָס אַנדערס באַשטייט איר אויפֿגאַבע".

דער דאָזיקער „איבער־מענטש", וואָס די אויפֿגאַבע פֿון דער מענטשלעכער קולטור איז אים צו שאַפֿן, איז שוין ביי ניטשען אַפֿילו געבוירן געוואָרן, ווי שוין איין מאָל באַמערקט, אין דעם ערשטן פּעריאָד, אָבער דאָך האָט ער באַ־קומען זיין אמתע אויסגעשפּראָכענע און פֿאַרפֿאָלקאָמטע געשטאַלט אין דעם דריטן פּעריאָד.

אָט דער פּעריאָד איז אויך דער וויכטיקסטער, ריכטיקער, דער פּאָפּולער־סטער, הגם זייער ווייניק פֿאַרשטאַנענער.

די פילאָזאָפיע פון ניטשע איז באאיינפלוסט געוואָרן פון צוויי קוואלן: פון שאָפּענהויער און דאַרווין — אַזוי ווערט פון אַ סך באַהויפּטעט. צו דער דאַזיקער באַהויפּטונג דאַרף מען אָבער צולייגן, אַז ניטשע האָט איבערגעקערט שאָפּענהויערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויף קאַרל מאַרקסן בנוגע העגעלס פילאָזאָפיע. ניטשע אַנערקענט ניט, צוגלייך מיט שאָפּענהויערן, די עקזיסטענץ פון אויסערע, אָביעקטיווע סיבות אין דער פאָרם, ווי דאָס איז אַנגענומען אין דער וויסנשאַפט. ער לייקנט אין דער „מעכאַנישער זינלאָזיקייט פון אַלעס פּאַסירענדעס“, ווי ער רופט עס, און ער זוכט אַ אימאַנענטן לעבנס־פּרינציפּ, אַ לעבנס־קראַפט, וועלכע טרייבט און ווירקט. די דאָזיקע לעבנס־קראַפט געפינט אי שאָפּענהויער אי ניטשע אין „ווילן“. ביי דעם ערשטן איז דאָס דער „ווילן צום לעבן“, ביי דעם צווייטן — דער „ווילן צור מאַכט“. און ביידע פאַרשטייען אונטער דעם באַגריף „ווילן“ איינס און דאָס זעלבע: אַ בלינדן שטרעבן און באַגערן. און ביידע זיינען אויך איינשטימיק, אַז אַט דעם לעבנס־פּרינציפּ קענען מיר אַנטדעקן נאָר ביי זיך אַליין, אין זיך גופא, ווייל קיין איין איינציקן אַנדערן קעגנשטאַנד קענען מיר ניט פון אינעווייניק, אויסער זיך אַליין.

אָבער אין שאָפּענהויערס „ווילן צום לעבן“ און ניטשעס „ווילן צור מאַכט“ ליגט ניט נאָר אַן אונטערשייד אין ווערטער, נאָר אין גאַנצן תוך. אַנטוויקלענדיק זיין גאַנצע פילאָזאָפיע, וועלכע דריקט זיך אויס אין „ווילן צום לעבן“, קומט שאָפּענהויער צו דעם ענדלעכן רעזולטאַט, וואָס לייקענט אָפּ דעם ווילן צום לעבן. ער קומט צו דעם פּעסימיסטישן שלוס, אַז עס איז ניטאָ צוליב וואָס צו לעבן און אַז עס איז ניט ווערט צו לעבן, בעת ניטשע קומט דורך זיין „ווילן צור מאַכט“ צו אַן אָפּטימיסטישן שלוס, צו דעם אויפוואַקסן און צו דער קאָנצענטרירונג פון דעם אינדיווידועלן ווילן. ביי שאָפּענהויערן ברענגט דער „ווילן צום לעבן“ כּסדר אומגליקן און דאָס לעבן שטעלט זיך אים פאָר, ווי אַ ציללאָז שטרעבן, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם ווילן צום לעבן. ניטשע אָבער טראָגט אַריין אַ נייעם מאָמענט אין דעם „ווילן צום לעבן“, דעם מאָמענט פון פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. דער ווילן אַנטוויקלט זיך און ווערט שטאַרקער דורך דעם אומאויפהערלעכן קאַמף מיט די שטערונגען אין לעבן, וואו דער שטאַרקערער האַלט כּסדר אָפּ אַ זיג איבער דעם שוואַכערן.

דער תּמצית פון ווילן איז, אַלזאָ, מאַכט און הערשאַפט. זי שטעלט זיך אַרויס ביי יענע אינדיווידואומס, וועלכע זיינען באַשטימט צו הערשן איבער די שוואַכע. כּסדר באַזיגן און הערשן — אַט דאָס איז דאָס לעבן און דער תּוך פון ווילן, דער „ווילן צור מאַכט“.

אָבער די דאָזיקע אַנטוויקלונגס־טעאָריע איז גענומען פון דאַרווינען. נאָך מער. ניטשע נעמט פון דעם דאַרוויניזם ניט נאָר די צופּאַסונגס־טעאָריע, נאָר אויך די ירושהדיקייט. „פאַר דער העכערער וועלט דאַרף מען זיין געבוירן; ריכטיקער געזאָגט, מען דאַרף זיין צו איר צוגעפּאַסט“ — זאָגט ניטשע. און זיין גאַנצע טעאָריע וועגן דעם „איבער־מענטש“ איז געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון

צופאַסן זיך און ירושה. דורך דעם קאַמף און דורך דער פעאיקייט צוצופאַסן זיך, דערוועֶרבט זיך, לויט ניטשעס מיינונג, דער אינדיווידואום, די העכסטע גייס־טיקע אַנטוויקלונג און מאַכט, און דורך ירושהדיקייט גייען אָט די פעאיקייטן איבער צו זיינע נאָכפאָלגער. אָדער, מיט ניטשעס ווערטער: „אין אַ משך פון צוויי־דריי דורות ווערט אַ געוואוינהייט אַן אינערלעכע אייגנשאַפט". דעם תמצית פון דעם דאַרוויניזם, די עוואָלוציאָנס־טעאָריע, די באַהויפּטונג, אַז די מער פאַרפול־קאָמטע שטאַמען אָפּ פון די ווייניקער פאַרפולקאָמטע, די העכערע פאַטענץ פון די נידעריקערע — האָט ניטשע, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, אויסגענוצט אין זיין פילאָזאָפיע.

איך זאָג דאָ „באַוואוסט, אָדער אומבאַוואוסט", ווייל דער דאַרוויניזם, אויף וויפל ער איז פאַרבונדן מיט דער נאַטור־וויסנשאַפט, און ווערט פון איר אויס־גענוצט, ווידערשפּרעכט די באַהויפּטונגען פון ניטשע און זיין פילאָזאָפיע. ניטשע, ווי שוין דערמאָנט, איז איינשטימיק מיט שאָפּענהויערן אין דער פאַרלייקענונג פון אויסערע סיבות און זייער איינפלוס אויף דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. ער אַנערקענט ניט די געזעצמעסיקייט אין דער נאַטור, בעת אין דער נאַטור־וויסנשאַפט און לויט ווי אירע טעאָרעטיקער טייטשן דעם דאַרוויניזם, איז די געזעצמעסיקייט אין דער נאַטור דער הויפּט־פּרינציפּ.

עס איז אינטערעסאַנט צו הערן וואָס ניטשע זאָגט וועגן דער געזעצמעסי־קייט אין דער נאַטור.

„די געזעצמעסיקייט אין דער נאַטור, וועגן וועלכער איר, פיזיקער, רעדט מיט אַזאַ שטאָלץ, פונקט ווי זי וואָלט געווען די ריינע וואָרהייט — עקסיסטירט נאָר אַ דאַנק אייערע פּירושים און אייער שלעכטער „פילאָלאָגיע", — זי איז ניט קיין פאַקט, זי איז ניט קיין „טעקסט", זי איז גיכער אַ נאַאיווע פלוידעריי און פאַרדרייאונג פון געדאַנק, מיט וואָס איר ווילט אַנטקעגנקומען און באַפרי־דיקן די דעמאָקראַטישע אינסטינקטן פון דער מאָדערנער נשמה! איבעראַל גלייכהייט פאַרן געזעץ, — אין דער נאַטור איז עס פונקט אַזוי ווי ביי אונדז. דאָס איז דער דינסטפאַרטיקער הינטער־געדאַנק, אין וועלכן עס איז נאָך באַ־האַלטן דער פלעבייאישער האָס קעגן פּריווילעגירטע און אין וועלכן עס איז אין דערזעלביקער צייט פאַרמאַסקירט אַן איידעלער אַטעאיזם — אָט אַזוי ווילט איר. און דעריבער — עס לעבע דער געזעץ פון דער נאַטור!"

אָבער, זאָגט ניטשע ווייטער, מיט דעם זעלביקן דערפאָלג, וואָס די פיזיקער האָבן מיט אַ געוויסער אַבזיכט אויסגעטייטשט די דערשיינונגען אין דער נאַטור אַלס אַ געזעצמעסיקייט, קען קומען אַן אַנדערער, וואָס זאָל האָבן גראָד אַן אומ־געקערטע אַבזיכט און אויסטייטשן די זעלביקע נאַטור־דערשיינונגען — און, נעמלעך, דאָס אומפאַרשעמטע־טיראַנישע יאָגעניש נאָך מאַכט — פונקט פאַר־קערט, ווי די פיזיקער. און דער דאָזיקער אויסטייטשער וואָלט אויך באַהויפּט דאָס, וואָס די פיזיקער באַהויפּטן, אַז אין אונדזער וועלט עקזיסטירט אַ „נויט־ווענדיקער", אַ „פאַראויס באַשטימטער" פּראָצעס, אָבער ניט דערפאַר, ווייל אין איר עקזיסטירן געזעצן, נאָר דערפאַר ווייל עס זיינען לחלוטין קיין געזעצן ניטאָ און יעדע קראַפט פירט אויס אין יעדן מאָמענט אירע לעצטע שלוסן.

ניטשע מוז זיין אַ קעגנער פֿון דער טעאָריע וואָס באַהויפּט, אַז אין דער נאַטור עקזיסטירט אַ גרויצמעסיקייט. די נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע טעאָריע פֿון גרויצמעסיקייט באַהויפּט, אַז יעדע איינצעלנע באַשעפֿעניש איז נאָר אינדיווי־דועל אויף אַזוי פֿיל, ווי זי איז איינצל אין איר אַרט; פֿון דער אַנדער זייט אָבער זי איז אַ טייל, אַ גליד פֿון דער גאַנצער לעבעדיקער נאַטור, און די הויפּט־אייגנטלעכקייט פֿון דער גאַנצער נאַטור איז ביז צו אַ געוויסן גראַד אויך פֿאַראַן אין איר. און אויב אַזוי, איז די איינצעלנע באַשעפֿעניש, אויף וויפֿל זי האָט אין זיך אַלגעמיינס פֿון דער גאַנצער קאַטעגאָריע, צו וועלכער זי געהערט, קען זי לעבן און ווירקן נאָר אין איינקלאַנג מיט דער דאָזיקער קאַטעגאָריע און אין אירע גרענעצן. אויף דעם אופֿן מוז זי שטענדיק אין איר גאַנצער אינדיווידועלער טעטיקייט ווירקן אויף אַ באַשטימטן און גרויצמעסיקן וועג. אָבער דאָס וויל דאָך ניט ניטשע. ער אַנערקענט דאָך דעם אינדיווידואום פֿולשטענדיק פֿריי, ניט געבונדן, פֿריי פֿון גרויצן און פֿון אויסערע סיבות. די גרויצמעסיקייט מוז אַלזאָ פֿאַר ניטשען אויפֿהערן צו עקזיסטירן.

מען קען אַפֿילו פֿרעגן: און וואָס איז מיט דעם „ווילן צור מאַכט"? דאָס גופֿא איז דאָך שוין אַ גרויץ, אַ גרויצמעסיקייט אין דער נאַטור? נאָר טאַקע אין דעם ליגט דער ווידערשפּרוך. איבערנעמענדיק דאַרווינס אַנטוויקלונגס־טעאָריע, וועלכע ער נוצט אויס אין דער אַנטוויקלונג פֿון זיין „איבערמענטש", געפֿינענדיק די טרייב־פּרוזשינע פֿון לעבן אין „ווילן צור מאַכט", און דערביי ניט וועלנדיק אַנערקענען קיין שום גרויצמעסיקייט אין דער נאַטור, האָט ער געמוזט אַריינפֿאַלן אין אַ ווידערשפּרוך.

נאָר, ווי שוין געזאָגט, איז ווידערשפּרוכן ביי ניטשען ניט קיין שווערע זאַך צו געפֿינען. און דאָס איז אויך ניט מיין אויפֿגאַבע.

עס דאַרף דאָ נאָך באַמערקט ווערן, אַז די פֿאָרמולע „ווילן צור מאַכט", אין וועלכער ניטשע האָט ענדלעך קאָנצענטרירט זיין גאַנצע פֿילאָזאָפֿיע, איז אין די ערשטע פּעריאָדן פֿון זיין שאַפֿן זייער שטאַרק באַקעמפֿט געוואָרן פֿון אים. ניטשע איז געווען אַ קעגנער פֿון מאַכט און האָט זי פֿאַרדאַמט. אין זיין בראָשור „ריכאַרד וואַגנער אין ביירוט" דריקט זיך ניטשע אויס, אַז דאָס שטרעבן צו מאַכט איז אַ ירושה פֿון אונדזער אומקולטורעלן צושטאַנד. גאָט אין ניבעלונגען „פֿילט ענדלעך אַ פֿאַראַכטונג צו דער מאַכט, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך שלעכטס און אומפֿרייהייט. זיין ווילן ווערט צעבראָכן, ער געפֿינט זיין באַפֿרייאונג אין ליבע, מיט איר באַפֿרייט ער זיך פֿון זיך אַליין". אין זיין „מאָרגנרעטע" רופֿט ניטשע דאָס שטרעבן צו מאַכט דער „דעמאָן פֿון מענטשן". ערשט שפּעטער איז ביי ניטשע געוואָרן אַזאַ שטאַרקער פֿאַרגעטערער פֿון מאַכט. זוכנדיק שטאַרקע זיילן פֿון אַ שטאַרקער קולטור, איז ניטשע געקומען צו די שטאַרקע פּערזענ־לעכקייטן, צו די מאַכט־האָבער און צו די וואָס שטרעבן צו מאַכט. — „ביז היינט האָבן נאָר די שטאַרקסטע און די שלעכטסטע געפֿירט די מענטשהייט פֿאָר־ווערטס און געבראַכט אַזוי וויט. זיי האָבן שטענדיק פֿון דאָס ניי אויפֿגעפֿלאַ־קערט די איינגעשלאָפֿענע ליידנשאַפֿטן" — זאָגט ניטשע אין זיינע „פֿריילעכע וויסנשאַפֿטן". און מיט זיין נייגונג צו עקסטרעמען דערגייט איצט ניטשע אין דעם פּונקט ביז צום לעצטן גרענעץ. די אַלע שלעכטע אייגנשאַפֿטן פֿון דעם

מענטשן פֿאַרוואַנדלען זיך ביי אים אין נויטיקע, ניצלעכע פֿאַקטאָרן צו ברענגען די קולטור אויף איר העכסטע שטופֿע. אָט זיינען זיינע ווערטער: „כמעט אַלץ וואָס מיר רופֿן אָן די העכסטע קולטור, שטאַמט פֿון דער באַגייסטערונג און פֿאַר־טיפֿונג אין אַכזריות". און ווייטער: „אַכזריות, געוואַלט, שקלאַפֿעריי, געפֿאַרן פֿאַרן לעבן און גייסט, — אַלץ וואָס שרעקלעך, דעספּאָטיש, בלוטיק און שלאַנ־גען־אַרטיק אין דעם מענטשן — האָבן פּונקט אויף אַזוי פֿיל געהאָלפֿן העכער מאַכן דעם מענטשלעכן טיפּ, ווי די אַלע קעגנגעזעצלעכע אייגנשאַפֿטן". און אַריינקומענדיק אין עקסטאַז גייט ער נאָך ווייטער און זאָגט אַזוי: „אויף דעם פּאָן פֿון אַלע אידעאַלע ראַסן דאַרף באַמערקט ווערן די רויב־חיה, אָט די פּרעכטיקע בלוטגיריקע, רויב־און זיג־זוכנדיקע העל־האָריקע חיה".

ניטשע פֿאַנטאַזירט וועגן אַ נייער, גרויסער, צוקונפֿטיקער מענטשהייט. ער גלויבט, אַז מען קען זי באַשאַפֿן און גרויס מאַכן פֿון אַל' דאָס גרויסע, פֿרייע און פּירכטערלעכע, וואָס איז באַהאַלטן אין דער מענטשלעכער נאַטור. און אין דעם איז אויך אַנטהאַלטן זיין אויסרוף „צוריק צו דער נאַטור!" אָדער „אַרויף צו דער נאַטור!" אים ווייזט זיך אויס, אַז די סיבה פֿון דער איצטיקער קליינלעכער קולטור און די קליינלעכקייט פֿון די אידעאַלן, איז די קליינלעכקייט פֿון דעם מענטשן, וועלכע איז אַראָפּ פֿון וועג, וואָס די נאַטור האָט אים אָנגעוויזן צו פֿאַרפֿולקאָמונג.

מיט דעם דאָזיקן אויסרוף מיינט ניטשע ניט צו פֿירן די מענטשהייט צוריק אין וואַלד אַריין, ער וויל נאָר אומקערן צום מענטשן צוריק די גרונט־כאַראַק־טער־שטריכן פֿון דעם נאַטור־מענטש, פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם „האָמאָ נאַ־טוראַ", וועלכע זיינען ביי אים אין פֿאַרלויף פֿון דער צייט מטושטש געוואָרן. פֿון דעם דאָזיקן נאַטור־מענטשן וויל ניטשע אויסבילדן אַ נייעם, אַ שטאַרקערן מענטשן, ער וויל באַשאַפֿן דעם „אַריסטאָקראַט", דעם „איבערמענטש".

און אָט ווי ניטשע שטעלט פֿאַר זיין אַריסטאָקראַט:

„דער אַריסטאָקראַט רעספּעקטירט אין זיך זיין מאַכט, זיין קראַפֿט איבער זיך אַליין, זיין פֿאַרשטיין צו ריידן און צו שווייגן, אַרויסוויזן צו זיך אַליין קראַפֿט און שטרענגקייט און בויגן זיך פֿאַר אַלע שטאַרקע און שטרענגע. דאָס גלויבן אין זיך, שטאָלצירן מיט זיך — דאָס גייט אַריין אין דער עטיק פֿון אַריסטאָקראַטיזם".

דער אַריסטאָקראַט האָט אַ שטאַרקן, האַרטן, אומצעברעכלעכן ווילן. ער גייט אַ פֿאַרשפּרעכן ווי אַ הערשער, ניט לייכט, זעלטן לאַנגזאַם. ער דאַרף שטאָל־צירן דורך דעם באַוואוסטזיין פֿון זיין אויסעראָרדנטלעכער פּריווילעגיע, וועל־כע באַשטייט אין זיין פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר זיין פּערזאָן און אין זיין אומ־געוויינלעכער פֿרייהייט, ווייל נאָר ער אַליין איזווירקלעך פֿריי. ווייל פֿרייהייט הייסט פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר זיך, די פֿעאיקייט פֿעסט צו האַלטן זיך ווייט פֿון אַלץ, זיין גלייכגילטיק צו שוועריקייטן, צו נויט און צום לעבן גופֿא. פֿריי־הייט הייסט באַהערשן דורך די העלדישע, קריגערישע און זיגערישע אינ־סטינקטן אַלע אַנדערע אינסטינקטן, צום ביישפּיל, דאָס שטרעבן צו גליק.

ווי מיר זעען, פֿאַראייניקט ניטשע אין זיין אַריסטאָקראַט אַ גאַנצע ריי איי־גנשאַפֿטן: שטאָלץ, אונטערנעמונגס־גייסט, העלדישקייט, זעלבסט־איבערציי־

גונג, גרייטקייט צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און זעלבסט־באַהערשונג. און ווי ער דערהויבט זיינע אויסדערוויילטע העכער פֿון אַלע גרענעצן, העכער פֿון מענטש־לעך און איבערמענטשלעך, — אַזוי טיף דערנידעריקט ער די מאַסע, אָדער די „סטאַדע", ווי ניטשע רופֿט איר. ער זונדערט אָפּ דעם אַריסטאָקראַט פֿון דער מאַסע. ער פֿאַרגרעסערט און פֿאַרטיפֿט דעם תּהום, וואָס טיילט זיי אָפּ. די „העכערע" טאָרן ניט דינען די נידעריקע. „די ווייטע שטרעקע, וואָס ליגט צווישן זיי, דאַרף אויף אייביק פֿונאַנדערטיילן זייערע אויפֿגאַבן".

ניטשע פֿאָדערט אַפֿילו אַ באַזונדערע מאָראַל פֿאַר זיינע אַריסטאָקראַטן. פֿאַר אויסנאַמס־מענטשן דאַרף אויך עקסיסטירן אַן אויסנאַמס־מאָראַל. „די פֿאָדערונג פֿון איין מאָראַל פֿאַר אַלעמען איז אַ באַשרענקונג פֿאַר די העכערע נאַטורן", באַהויפּטעט ניטשע. נאָך שאַרפֿער און עקסטרעמער דריקט ער זיך אויס אין די ווייטערדיקע ווערטער:

„דער תּמצית פֿון יעדער ריכטיקער, געזונטער אַריסטאָקראַטיע באַשטייט אין דעם, וואָס זי פֿילט זיך ניט אַלס אַ טייל פֿון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿט־לעכער אָרדנונג, נאָר אַלס איר ציל און איר אויפֿגאַבע; זי זעט צו מיט אַ גאַנץ גוטן געוויסן, ווי מען ברענגט איר פֿאַר אַ קרבן מאַסן מענטשן, וועלכע מען האָט פֿון אירעטוועגן פֿאַרוואַנדלט אין האַלבע מענטשן, אין שקלאַפֿן, דערנידע־ריקטע ביז צו דעם צושטאַנד פֿון געצייג". אָדער ווי זאַראַטוסטראַ זאָגט אין „געטערדעמערונג": „עס איז ניטאָ קיין גיפֿטיקערער גיפֿט, ווי די לערע וועגן גלייכהייט, ווייל זי ווערט געפּריידיקט אין דעם נאָמען פֿון גערעכטיקייט, באמת אָבער איז זי דער סוף פֿון גערעכטיקייט".

עס איז פֿון דעם אַלעם זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז וואָס נאָר עס שמעקט מיט דעמאָקראַטיע, איז ביי ניטשען פֿאַראַכט און פֿאַרהאַסט, די דעמאָקראַטישע באַוועגונג ניט אויסגעשלאָסן. זי איז, לויט זיין מיינונג, „ניט קיין פֿאַרפֿולקאָמטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ צוריקשריט, אָדער, ריכטיקער, אַ דערנידערונג פֿון דעם מענטשן". ווען די דעמאָקראַטישע באַוועגונג זאָל אָנהאַלטן, וואָלט זי פֿאַרוואַנדלען די מענטשן אין„ אַ שבט פֿון קאַרליקעס מיט איינע און די זעלבע געוואוינהייטן, זיטן און פֿאָדערונגען".

ניטשע פֿאַרהאַסט די קריסטלעכע רעליגיע, ווייל זי, לויט זיין מיינונג, פּריידיקט „גלייכהייט פֿאַר גאָט" און זי העלפֿט דורך דעם דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג.

די סיבות פֿון דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג וויל ניטשע געפֿינען אין „דער בלוט־פֿאַרמישונג פֿון די הערן און שקלאַפֿן", און אין געמישטע הייראַטן פֿון פֿאַרשיידענע ראַסן איבערהויפּט. און ביי ניטשען זיינען די „הערן" און די „שקלאַפֿן" צוויי פֿאַרשיידענע ראַסן, וועלכע זיינען ווייט איינע פֿון דער אַנדערער, ווי הימל פֿון דער ערד. אַזעלכע בלוט־פֿאַרמישונגען פֿירן, לויט זיין מיינונג, צו אויסגעבורט, צו דעגענעראַציע, עס ווערן געבוירן מענטשן מיט אַ שוואַכן ווילן. „שוואַכער ווילן — די דאָזיקע פֿאַרקריפּלונג הערשט איבעראַל אין אונדזער צייט" — באַקלאָגט זיך ניטשע.

צום שלוס פֿון אָט דעם אַרטיקל דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז אויך אין זיין טעאָריע פֿון זיין „איבערמענטש" האָט ניטשע ניט ווייניק ווידערשפּרוכן,

הויפּטזאַכלעך אין דעם פּונקט, ווי דער „איבערמענטש" דאַרף באַשאַפֿן ווערן. ווי פֿריער שוין באַמערקט, דאַרף דער „איבערמענטש" זיין אַ פּראָדוקט פֿון עוואָלוציע, די העכערע שטאַמען אָפּ פֿון די נידעריקערע, אָדער, ווי זאַראַטוסטראַ דריקט זיך אויס: „דער מענטש איז אַ פּאַדים, וועלכער איז אויסגעצויגן צווישן דער חיה און דעם איבערמענטש". און ווייטער: „אונדזער וועג פֿירט נאָך אויבן, פֿון די עקזיסטירנדע ראַסע — צו די העכערע פֿון זיי".

אין זיין לעצטן בוך „אַנטי־קריסט" געפֿינען מיר אָבער שוין אַ גאַנץ אַנדערע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם „איבערמענטש". רעדנדיק וועגן אים, זאָגט ניטשע אין זיין דערמאָנטן בוך אַזוי:

„אַזעלכע איינצלנע פּערזענלעכקייטן, — גליקלעכע, באַזונדערס איינגעגעבענע עקזעמפּלאַרן פֿון דעם מענטשלעכן מין — זיינען אַלע מאָל געווען מעגלעך און, עס קען זיין, זיי וועלן אַלע מאָל מעגלעך זיין. אַפֿילו גאַנצע דורות, שבטים, פֿעלקער קענען אַ מאָל זיין אַזעלכע איינגעגעבענע". עס הייסט, אַז דער „איבערמענטש" איז שוין אַ מאָל געווען אין דער געשיכטע, און ניט איין מאָל, נאָר מערערע מאָל. זאַראַטוסטראַ אָבער זאָגט: „עס איז נאָך קיין מאָל ניט געווען קיין איבערמענטש".

ניט געמענדיק אין באַטראַכט דעם דאָזיקן ווידערשפּרוך, איז דער „איבערמענטש" פֿון ניטשע גאַנץ קלאָר און דייטלעך, און מען דאַרף אָננעמען, אַז זיין איבערצייגונג איז, דאָס דער „איבערמענטש" מוז געשאַפֿן ווערן אַלס אַ פּראָדוקט פֿון דער עוואָלוציע, ווייל דעם דאָזיקן דערמאָנטן ווידערשפּרוך קען מען פֿאַרענטפֿערן מיט ניטשעס אייגענע ווערטער: דער „איבערמענטש" וואָס האָט אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירט, איז שטענדיק געווען נאָר אַ גליקלעכער צופֿאַל, אָבער ער איז קיין מאָל ניט געווען קיין פּראָדוקט פֿון אַן אַבזיכטלעכער שאַפֿונג. און ניטשעס טעאָריע באַשטייט דאָך טאַקע אין דעם, אַז די מענטשהייט דאַרף זיך מאַכן פֿאַר איר אויפֿגאַבע און איר ציל צו באַשאַפֿן דעם „איבערמענטש".

פֿון דעם אַלעם, וואָס איז ביז איצט איבערגעגעבן געוואָרן וועגן ניטשע און זיין לערע, קען מען שוין האָבן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן זיינע אַנזיכטן איבער עטיק און מאָראַל.

די הויפּט־יסודות פֿון אונדזער עטיק און מאָראַל זיינען די באַגריפֿן „גוט" און „שלעכט", „שיין" און „מיאוס", „אמת" און „שקר", „רחמנות" און „אכזריות" א. א. וו. ניטשע האָט אָבער די דאָזיקע הויפּט־יסודות געשטעלט אונטער אַ פֿראַגע־צייכן. ער האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: איז אין דער ווירקלעכקייט דאָס אַלגעמיין־אָנגענומענע „גוט" באמת גוט און דאָס אַלגעמיין־אָנערקענטע „שלעכט" טאַקע שלעכט? איז רחמנות דורכאויס אַ מדה טובה און מוז אכזריות אומבאַדינגט פֿאַרדאַמט ווערן? און וואָס איז אמת, און וואָס איז שקר, ווער האָט עס באַשטימט?

און אַוועקשטעלנדיק די הויפּט־יסודות פֿון אונדזער עטיק און מאָראַל אונטער אַ פֿראַגע־צייכן, וואָרפֿנדיק זיי אין אַ ספֿק אַריין, האָט ניטשע אין זיין ווייטערדיקן דענקען געמוזט מאַכן אַ דורכדרינגנדע רעוויזיע אין דער גאַנצער עטיק און מאָראַל. און מאַכנדיק זי, האָט ער אויך געמוזט, כּדי צו זיין אויף

וויפל עס איז קאָנסעקווענט, קומען צו אַזעלכע שלוסן, וועלכע זאָלן באַשטעטיקן זיין גרונט־אידעע פון דעם „איבערמענטש".

„כמעט אַלץ דאָס, וואָס מיר רופן די העכסטע קולטור, שטאַמט פון דער באַגייסטערונג פון אכזריות און איר פאָרטיפונג" — זאָגט ניטשע. און אויב אַזוי, קען דאָך אַכזריות ניט פאַרדאַמט ווערן, נאָר גראָד אומגעקערט, זי דאַרף געלויבט ווערן. ניטשע זעט איבערהויפּט אין אכזריות דעם וויכטיקסטן פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור און אין דעם מענטשלעכן פאָרשריט. לויט זיין מיינונג האָט אכזריות, גוואַלט, שקלאַפעריי, דעספּאָטיזם, רויבעריי, און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פון דעם מין, וואָס מיר רופן שלעכטע מידות, גע־ווירקט אויף דער אַנטוויקלונג און דערהויבונג פון מענטשלעכן טיפּ. און גע־פינענדיק, אַז קנאה, שנאה, שטאָלצקייט און די לוסט צו מאַכט זיינען אַלץ אַפעקטן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן און מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג פון לעבן, שרעקט זיך ניטשע דעריבער ניט אָפּ צו פאָדערן, אַז די דאָזיקע אויס־גערעכנטע אַפעקטן זאָלן שטאַרקער אַנטוויקלט ווערן ביים מענטשן, כדי עס זאָל דערמיט געהויבן ווערן די קראַפט פון לעבן.

„עס איז אַנפאַנגס בויטיק, אַז דער שלאַנג זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דראַכן, כדי עס זאָל זיך געפינען אַ העלד, וואָס זאָל אים באַזיגן" — זאָגט ניטשע. דער העלד איז ביי אים דאָס העכסטע ציל צו וואָס די מענטשהייט דאַרף שטרעבן, און דעריבער קאָנצענטרירט זיך ביי ניטשען די גאַנצע עטיק און מאָראַל פון דער מענטשהייט אין העלדישקייט.

ניטשע איז געקומען צום געדאַנק, אַז די קליינלעכקייט פון דעם איצטיקן מענטשן איז אַ פּראָדוקט פון דער איצטיקער עטיק און מאָראַל, און ער האָט דעריבער אויסגערופן: „רעוווידירט אייער מאָראַל". איז זי באמת אַן אַבסאָלוטע מאָראַל, דאַרף זי פאַר קיין רעוויזיע ניט מורא האָבן; האָט זי אָבער יאָ מורא פאַר אַן אונטערזוכונג, איז דאָך דאָס דער בעסטער סימן, אַז מיר דאַרפן זיך פון איר באַפרייען.

ווען מען שטימט אַפילו ניט איין מיט ניטשעס מיינונגען און באַהויפּטונגען, מוז אים אָבער דאָך געגעבן ווערן די אַנערקענונג, אַז ער איז דער ערשטער גע־ווען, וואָס האָט אַזוי אָריגינעל אויפגענומען די פראַגע פון מאָראַל און עטיק. אויך ביז ניטשען האָט מען גענוג גערעדט און געשריבן וועגן יעדן פונקט פון מאָראַל, אָבער קיינער האָט ניט געשטעלט אין פראַגע די גרונט־פּרינציפּן פון דער מאָראַל. די גרונט־פּרינציפּן זיינען געווען איינע פון די אַנערקענטע אמתן, אין וועלכע קיינער וואָגט ניט צו צווייפלען. ניטשע האָט אָבער געוואָגט. ער האָט די גרונט־פּרינציפּן געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן, און דערמיט האָט ער געגעבן זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַר דעם מענטשלעכן גריבלענדיקן געדאַנק זיך צו באַשעפטיקן, רעווידירן די אַלטע ווערטן און נאָכזוכן זייער עכטקייט.

ניטשע וויל ניט זיין קיין צעשטערער פון דער מאָראַל אין אַלגעמיין. ער וויל נאָר צעשטערן די אַלטע אָנגענומענע מאָראַל, ווייל ער גלויבט, אַז ער קען באַשאַפן אַ נייע. ער וויל צעברעכן די אַלטע לוחות, כדי צו פאַרשרייבן אויף נייע זיינע אייגענע נייע עשרת הדברות. אַ סך האָבן דעריבער אַ טעות, ווען זיי באַ־

הויפּטן, אַז ניטשע איז געווען אַ קעגנער פון מאָראַל און עטיק איבערהויפּט. אין זיין „מאָרגענרעטהע" זאָגט ניטשע: „איך לייקן ניט, אַז מען דאַרף אויסמיידן פיל האַנדלונגען, וועלכע רעכענען זיך פאַר אוממאָראַליש, איך גיב צו, אַז מען דאַרף אַפילו קעמפן קעגן זיי. עס איז אויך אומצווייפלהאַפט, אַז פילעס, וואָס איז אָנגענומען פאַר מאָראַליש, דאַרף געטאָן ווערן און געשטיצט ווערן; איך זאָג נאָר פון ביידע — אַנדערע אורזאַכן, ווי מען האָט עס געטאָן פריער".

אין די אָנגענומענע גרונט־פּרינציפּן פון דער מאָראַל זעט ניטשע עטוואָס פיינטלעכס צו די יסודות פון לעבן. ער זעט אין זיי נאָר דעם אַסקעטישן אידעאַל, און קעגן דעם אַסקעטיזם קעמפט ניטשע מיט זיין גאַנצער קראַפט.

עס איז אָנגענומען, אַז די מדה פון רחמנות איז דער הויפּט־יסוד פון אונדזער מאָראַל. רחמנות איז אַזוי צו זאָגן דער ערשטער קוואַל פון וואַנען אונדזער איצ־טיקע מאָראַל האָט זיך אַנטוויקעלט. און אונטערנעמענדיק צו צעברעכן די אַלטע לוחות, איז ניטשע דעריבער אַרויס מיט זיין גאַנצער ענערגיע קעגן דער מדה פון רחמנות ווי אַ מאָראַלישער פּרינציפּ. ער האָט דערמיט געוואָלט אונטערזעגן דעם בוים ביי זיין וואָרצל.

„ווער אין דער וועלט טוט נאָך מער דומהייטן, ווי די באַרמהערציקע? און וואָס האָט נאָך אין דער וועלט פאַראורזאַכט מערליידן ווי די דומהייטן פון די באַרמהערציקע?" — פרעגט ניטשע. און לויט זיין מיינונג ווערן די ליידן פון דער מענטשהייט אַנשטעקנד נאָר צוליב דער שולד פון רחמנות. וואָלט געווען ווייניקער רחמנות, וואָלט די מענטשהייט פון אַזוי פיל ליידן ניט געוואוסט. „רחמנות פאַרמערט די ליידן און פאַרהיט די עקסיסטענץ פון אַלץ וואָס איז עלנט, דער הויפּט־עלעמענט פון מענטשלעכן זינקען; זי העלפט מיט, אַז ער זאָל זיך נאָך פאַרשטאַרקן. רחמנות פאַרלייקנט דאָס לעבן און זי מאַכט אים אַלץ מער ווערט פאַרלייקנט צו ווערן" — זאָגט ניטשע אין זיין „אַנטי־קריסט". אָדער ריידנדיק מיט זאַראַטוסטראַס מויל: „מלחמה און העלדישקייט האָבן אויפגעטאָן מער גרויסע זאַכן, ווי די ליבע צום מיטמענטשן. ניט אייער באַרמ־הערציקייט, נאָר די דרייסטקייט און מוטיקייט האָט געראַטעוועט די אומגליק־לעכע. וואָס איז גוט? פרעגט איר. עס איז גוט צו זיין אַ דרייסטער". און אין אַן אַנדער אָרט: „רחמנות ווירקט בעצם קעגן דעם געזעץ פון פּראָגרעס, וועל־כער דריקט זיך אויס אין לאָזן לעבן די שטאַרקע און פעאיקע און פאַרניכטן די שוואַכע און אומפעאיקע. — רחמנות האַלט אויף און אונטערשטיצט דאָס, וואָס איז רייף פאַר פאַרניכטונג".

און ווייטער: „מען קען ניט זיין קיין רופא פון עטוואָס אומהיילבאַרס! מען דאַרף אַ שטויס טאָן דאָס, וואָס איז אַליין שוין גרייט צום פאַלן! שוואַכע און ניט קיין געראָטענע דאַרפן אונטערגיין! מען דאַרף נאָך מיטווירקן זייער אונטערגאַנג!"

(עס איז דערביי אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ניטשע אַליין איז בטבע געווען זייער אַ ווייך־האַרציקער און די מדה פון רחמנות איז ביי אים געווען זייער שטאַרק אַנטוויקעלט.)

און אין זיין געדאַנקען־גאַנג וועגן מאָראַל און עטיק איז ניטשע גאַנץ באַ־זונדערס אויסגעהאַלטן און קאָנסעקווענט. אַבסאָלוטע גוטסקייט, ניט קיין באַ־

רמהערציקייט, זעט ער אין דער שלעכטקייט פֿון מענטשן, אין זיין האַרטהער־ציקייט. „דער מענטש דאַרף ווערן שטאַרקער און שלעכטער" — זאָגט ניטשע. „איך טראַכט אָפּט וועגן דעם, ווי אַ שטויס צו געבן דעם מענטשן פֿאָרווערטס, מאַכן אים שטאַרקער, שלעכטער און טיפֿער". אָדער ווי ער דריקט זיך אויס ביי אַן אַנדער געלעגנהייט: „שלעכטקייט איז די גרעסטע קראַפֿט אין מענטשן. זי איז אָבער ניט זיין ציל, נאָר דער וועג צום ציל".

און דער ציל, די עטישע איעדאַלן פֿון ניטשע, באַשטייט אין אַ שטאַרקן, פֿרייען ווילן. דער פֿרייער, שטאַרקער ווילן אַלס אַזעלכער, אַן וועלכע עס איז דערגרייכבאַרע רעזולטאַטן, דאָס שטאַרקע גלוסטן און פֿאַרלאַנגען אַן און פֿאַר זיך איז ביי ניטשען דאָס וויכטיקסטע.

„אָ, ווען איר וואָלט זיך באַפֿרייט פֿון יעדער האַלבקייט אין פֿאַרלאַנגען, ווען איר וואָלט געווען אַזוי אַנטשיידן אין פֿוילקייט ווי אין טעטיקייט!" — רופֿט אויס זאַראַטוסטראַ. גאַנצקייט, שטאַרקייט און ווילן, אַנטשיידנקייט, ווען פֿויל זיין אַפֿילו, דאַרף אויך ניט זיין האַלב, איז ניטשעס פֿאָדערונג. „אָ, ווען איר וואָלט פֿאַרשטאַנען מיינע ווערטער", רופֿט אויס זאַראַטוסטראַ, „טוט אַלץ וואָס אייך גלוסט — נאָר זייט אַזעלכע, וועלכע קענען גלוסטן". „נאָר ווייניקע קענען גלוסטן, די מערהייט אָבער טוט דעם ווילן פֿון אַנדערע".

ניטשע געפֿינט ניט קיין אַנדער גליק אין לעבן ווי אַזאַ, וואָס איז פֿאַר־בונדן מיט דעם וואוקס פֿון דער ווילנסקראַפֿט.

די פֿרייהייט, די אַבסאָלוטע פֿרייהייט אָן יעדער באַגרענצונג, וועלכע ניטשע שטעלט זיך פֿאַר אַן אידעאַל, די ווילנסקראַפֿט און דער ווילן צו מאַכט זיינען ביי אים ניט קיין מיטלען צו דערגרייכן אַן אומבאַשרענקטן גענוס פֿון לעבן, וואָס דריקט זיך אויס אין הפֿקרות. אין קעגנטייל. ניטשע איז אַ קעגנער פֿון הפֿקרות. דער פֿרייער שטאַרקער ווילן דאַרף דעם מענטשן מאַכן פֿאַר אַן „איבער־מענטש" אָבער ניט פֿאַר קיין הפֿקר־מענטש. ער רעוווידירט אונדזער מאָראַל, ער שטעלט זי אונטער אַ פֿראַגע־צייכן, ווייל זי מאַכט דעם מענטשן פֿאַר אַן אַסקעט, ער אַנערקענט ניט די טוגנד פֿאַר אַ פֿרעמד צוגעטשעפּעט גליד, ער פֿאַרלאַנגט אָבער פֿיל מער: „די טוגנד דאַרף זיין אייער וועזן, אָבער ניט עטוואָס פֿרעמדס, ניט קיין פֿעל און ניט קיין דעקע". און אַז די טוגנד זאָל ווערן דאָס וועזן פֿון מענטשן — זעט ניטשע נאָר אין דעם שאַפֿן פֿון אַ שטאַרקן פֿרייען ווילן. „מען באַפֿעלט דעם, ווער עס קען זיך אַליין ניט באַפֿעלן און געהאָרכן". די מאָראַל דאַרף ניט זיין אַ געשאַפֿענע פֿון פֿרעמדע, נאָר דער אינדיווידואום דאַרף זיין אימשטאַנד זיין מאָראַל זיך צו שאַפֿן. „דער, וואָס האָט געזאָגט: אָט דאָס איז מיין „גוטעס" און דאָס איז מיין „שלעכטעס" — האָט אין זיך אַנטדעקט זיין „איך", — זאָגט זאַראַטוסטראַ.

די פֿילאָזאָפֿישע גרונטלאַגע פֿון ניטשעס מיינונגען וועגן מאָראַל קען מען אין קורצן אויסדריקן אויף אַזאַ אופֿן:

דער יסוד פֿון מאָראַל געפֿינט זיך ניט אין דער מאָראַל גופֿא און אויך ניט אין דעם מענטשלעכן שכל, נאָר אין דערווירקלעכקייט פֿון לעבן און אין דער נאַטור. אַן אַבסאָלוטע מאָראַל עקזיסטירט ניט פֿאַר ניטשען. דעם הויפּט־יסוד פֿון דער מאָראַל זאָל מען זוכן אין דער פֿיזיאָלאָגיע, דער פֿיזיאָלאָגישער עלע־

מענטש איז דער קוואַל פֿון וואַנען עס שטאַמט די מאָראַל. אַ גוטער מענטש — אַ „גליקלעכער" — וועט אומבאַדינגט גאַנץ אַנדערש האַנדלען ווי אַן אומגליקלעכער און ער וועט אינסטינקטיוו מורא האָבן פֿאַר געוויסע האַנדלונגען און וועט זיי אויסמיידן, בעת אַן אומגליקלעכער וועט זיי ניט אויסמיידן. דער גליקלעכער איז זיין פֿאַרקער מיט זיינע מיטמענטשן שטעלט תמיד פֿאַר דעם אויסדרוק פֿון זיין פֿיזיאָלאָגישן „איך", זיין טוגנד איז אַ רעזולטאַט פֿון זיין גליק.

און אַרויסגייענדיק פֿון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, פֿירט ניטשע אויס, אַז דער פּרינציפּ פֿון לעבן איז אין איין און דער זעלביקער צייט אויך דער פּרינציפּ פֿון מאָראַל. און ער שטעלט די פֿראַגע אַזוי: ווי דאַרף זיין די מאָראַל, וועלכע זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דעם לעבן אין גאַנצן, קיין זאַך ניט ענדערנדיק אין אים און קיין זאַך ניט פֿאַרוואַרפֿנדיק אין אים, אַנערקענענדיק אין לעבן אַלץ, וואָס אין אים געפֿינט זיך, — פֿיינטשאַפֿט, אכזריות, גרוילטאַט, — זעענדיק אין דעם אינסטינקט פֿון לעבן דעם איינציקן מוז?

און דער אינסטינקט פֿון לעבן איז ביי ניטשען, ווי מיר ווייסן, דער ווילן צו מאַכט. „דער דאָרשט צום לעבן איז דער פֿאַרלאַנג צו מאַכט", כאַזערט איבער ניטשע אומצייליקע מאָל. און אויב אַזוי, איז מאָראַליש אַלץ דאָס, וואָס פֿירט צו מאַכט און הערשאַפֿט, און אַלץ, וואָס שטערט צו דער דערגרייכונג פֿון מאַכט און הערשאַפֿט — איז אוממאָראַליש. ווייל די מאָראַל מוז זיין אין איינקלאַנג מיט דעם אינסטינקט פֿון לעבן.

אין זיין בוך „יענזייטס דעם גוטען און בעזען" זאָגט ניטשע: „דאָס לעבן באַשטייט אין זיין וועזן — אין פֿאַרכאַפּן פֿרעמדס, אין דערנידעריקן דעם שוואַכן, אין אונטערדריקונג, ענגהאַרציקייט, פֿאַרשקלאַפֿונג און אין בעסטן פֿאַל אין עקספּלואַטירן. עקספּלואַטאַציע איז אָבער גאָר ניט די אייגנשאַפֿט פֿון אַ פֿאַרדאָרבענער אָדער פֿון אַ ניט-פֿאַרפֿולקאָמטער אוראַלטער געזעלשאַפֿט; די עקספּלואַטאַציע איז דאָס וועזן פֿון אַלץ וואָס לעבט, זיין אָרגאַנישע פֿונקציע; זי איז אַ רעזולטאַט פֿון דעםווירקלעכן דאָרשט צו מאַכט, וועלכע איז די ליבע צום לעבן".

און אין זיין „אַנטי-קריסט" געפֿינען מיר די פֿאָלגנדע פֿאָרמולירונג פֿון „גוט" און „שלעכט": „אין וואָס באַשטייט דאָס גוטס? — אין אַלץ, וואָס פֿאַרשטאַרקט דאָס געפֿיל פֿון מאַכט און הערשאַפֿט, אין דעם וואונטש ביים מענטשן צו מאַכט און הערשאַפֿט. אין וואָס באַשטייט דאָס שלעכטס? — אין אַלץ וואָס שטאַמט פֿון שוואַכקייט. אין וואָס באַשטייט גליק? — אין דעם געפֿיל, אַז די מאַכט וואַקסט, אַז אַלע שטערונגען זיינען בייגעקומען געוואָרן. עס איז ניט נויטיק קיין באַפֿרידיקונג, עס איז נויטיק צו פֿאַרשטאַרקן די מאַכט, עס איז ניט נויטיק קיין פֿרידן, עס איז נויטיק מלחמה, עס איז ניט נויטיק קיין טוגנד, נאָר מאַכט".

דער רעזולטאַט אַלזאָ איז קלאָר: וואָס איז מאָראַל? — מאַכט. וואָס איז אוממאָראַל? — שוואַכקייט. וועלכן ציל האָט די מאַכט? — די מאַכט האָט קיין אַנדער ציל ווי מאַכט, זי איז דער ציל גופֿא. „מאַכט צוליב מאַכט".





די פּאָדערשטע ריי זיצנדיק, פֿון רעכטס צו לינקס: משה טערמאַן, פּרוי י. ב. סאַלוצקי, ח. י. ליטוואַק (העלפֿאַנד), מאָריס ווינטשעווסקי, ד״ר מאַקס גאָלדפֿאַרב, ד״ר ב. האָפֿמאַן (צביון); שטייענדיק פֿון רעכטס צו לינקס: י. ב. סאַלוצקי (האַרדמאַן), מ. אָלגין, ד״ר ראָזענ־בלאַט (בן־יקיר), שכנא עפּשטיין (1917)

# IV

# שרייבער און פירער

גרויסע מענטשן און גרויסע פירער
לעאָן טראָצקי
פערדינאַנד לאַסאַל
אַ יובילײ פון אַ מאָנומענט (ה. היינע)
דער טאַטע פון „בונד״
וולאַדימיר מעדעם
אַ. ליעסין
ווער האָט געקענט אַ. ליטוואַקן?
הלל כץ־בלום
ב. וולאַדעק — דער „יונגער לאַסאַל״
דער „ריגער פרעזידענט״ מאַקסים
שלמה מענדעלסאָן
ד״ר חיים זשיטלאָווסקי
יצחק אייזיק הורוויטש
דוד פרישמאַן
די צוויי גרעסטע העברעאישע פּאָעטן פון אונדזער דור
צו מאַני לייבס 60יעריקן געבוירן־טאָג
מ. אָלגין

# גרויסע מענטשן און גרויסע פירער

צום טויט פון ניקאָלאַי לענין

אין מיינע יונגע קינדער־יאָרן האָב איך געהאַט אַ גאַנץ קלאָרן באַגריף, וואָס עס מיינט אַ גרויסער מענטש. גרויסע מענטשן זיינען וואונדער־מענטשן. זיי קענען טאָן עטוואָס אַזוינס, וואָס געוויינלעכע מענטשן קענען ניט. ניט נאָר האָבן זיי גאָונישע קעפּ, וואָס פאַר זיי איז קיין זאַך ניט שווער צו וויסן און צו פאַרשטיין, נאָר זיי קענען אויך טאָן וואונדער.

און געוואוסט האָב איך, אַז די גאָר גרויסע מענטשן, די נביאים, די תנאים, אמוראים, גאונים זיינען בלויז געווען אַמאָל. דער ווילנער גאון איז געווען דער לעצטער פון זיי. אָבער היינט זיינען שוין קיין גאָר גרויסע מענטשן ניטאָ. עס איז נאָך דאָ וואו אַ גרויסער מענטש, ר׳ יצחק אלחנן למשל, אָבער אַזעלכע ווי דער ווילנער גאון, שוין אָפּגערעדט ווי דער רמב״ם, זיינען היינט ניט מער בנמצא.

ווען איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן האָב איך זיך דערוואוסט וועגן אַנדערע גרויסע מענטשן, יידישע און ניט־יידישע, אָבער זיי זיינען פאַר מיר געווען וואונ־דער־מענטשן, עפּעס מענטשן ניט אין גאַנצן קיין ערדישע, פאַר וועלכע מען קען ניט געברויכן די געוויינלעכע מענטשלעכע מאָס. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט פון ניטשעס אויסדרוק „איבערמענטשן״, אָבער דאָס איז געווען מיין באַגריף וועגן גרויסע מענטשן.

נאָר וואָס עלטער איך בין געוואָרן איז געוואָרן קלאָרער מיין באַגריף וועגן גרויסע מענטשן. און וואָס מער איך האָב אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַט די געלעגנהייט צו זען גרויסע מענטשן און באַקענט צו ווערן מיט זיי, אַלץ שווערער איז פאַר מיר געוואָרן צו באַגרייפן דעם סוד פון זייער גרויסקייט.

איך האָב שוין געוואוסט, אַז אַ גרויסער מענטש איז ניט קיין וואונדער־מענטש און אַז ער איז אַזוי ערדיש ווי אַלע מענטשן. איך האָב פאַרשטאַנען די גרויסקייט פון געלערנטע מענטשן, מיט שאַרפע קעפּ, מיט אַ סך וויסן און מיט טיפן שכל, מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. מיר איז אָבער שווערער געווען צו באַגרייפן די גרויסקייט פון פיל מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איינפלוס אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך האָב געזוכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אַט די מענטשן, וועלכע קוקן אויס אין מיינע אויגן פאַר גאַנץ געוויינלעכע, האָבן אַזאַ כוח אין זיך, אַז זיי קענען באַאיינפלוסן גרויסע מאַסן און ווערן זייערע פירער.

עס איז לייכט אָנצואווייזן אויף אַ וויסנשאַפטסמאַן, אויף אַ געלערנטן אין וואָס זיין גרויסקייט באַשטייט. איר קענט אָנווייזן מיטן פינגער אויף זיינע אויסער־געוויינלעכע פעאיקייטן, אויף זיין חריפות, אויף זיין בקיאות, אויף זיינע גע־ניאַלע איינפאַלן. אָבער עס איז שווערער אָנצואווייזן אויף עפּעס באַשטימטס

אויסערגעוויינלעכס אין דער גרויסקייט פֿון אַ פּאָליטישן אָדער געזעלשאַפֿטלעכן פֿירער. איר פֿילט בלויז, אַז ער האָט אין זיך עפּעס אויסערגעוויינלעכס, וואָס גיט אים דעם כּוח צו באַאיינפֿלוסן און צו ווירקן אויף מאַסן מענטשן. אָבער איר קענט ניט זאָגן באַשטימט וואָס דאָס איז.

אין די מייסטע פֿאַלן צייכענען זיך די גרויסע פּאָליטישע אָדער געזעל־שאַפֿטלעכע פֿירער ניט אויס מיט זיין וויסן, געלערנטקייט און קענטעניש. אין די רייען פֿון זייערע געפֿירטע געפֿינען זיך מענטשן, וואָס וויסן און קענען מער פֿון זיי. אָפֿט זיינען פֿאַראַן צווישן די געפֿירטע אַזעלכע, וועלכע האָבן, דוכט זיך, מער פּאַסנדע מעלות פֿאַר פֿירערשאַפֿט, ווי זייערע פֿירער. זיי קענען בעסער רעדן, זיי קענען בעסער שרייבן און זיינען פֿעאיקער און קליגער.

מאַנכע ענטפֿערן, אַז עס איז אַ צופֿאַל. עס זיינען פֿאַראַן מענטשן, וואָס האָבן צו פֿאַרדאַנקען זייער גרויסקייט בלויז אַ גליקלעכן צופֿאַל. איך וועל צוגעבן, אַז אין דעם איז פֿאַראַן אַ טייל אמת. אָבער בשום אופֿן ניט דער גאַנצער אמת. דער צופֿאַל גיט בלויז איינעם די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן וואָס ער קען און וואָס ער באַזיצט אין זיך. אָבער ער מוז פֿריער פֿאַר אַלץ האָבן עטוואָס אין זיך, אַז ער זאָל עס קענען אַרויסווייזן, ווען דער צופֿאַל איז געקומען. דער צופֿאַל באַ־שאַפֿט ניט דעם פֿירער. דער צופֿאַל פֿירט בלויז אַרויס דעם פֿירער אויף דער ברייטער, גרויסער סצענע, אויף וועלכער ער געווינט זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט.

די גרויסע פּאָפּולאַריטעט, וואָס ניקאָלאַי לענין האָט געקראָגן, ווען די באָל־שעוויקעס האָבן פֿאַרכאַפּט די קאָנטראָל איבער דער רוסישער רעוואָלוציע, איז אַ נאַטירלעכע. אויף איר דאַרף מען מער קיין קשיות ניט פֿרעגן. לענין איז דאַן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער גרויסער, ברייטער סצענע פֿון דער רו־סישער רעוואָלוציע און די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט זיינען געווען צו אים געריכטעט. די פֿראַגע איז אָבער, אין וואָס איז באַשטאַנען לענינס כּוח צו קריגן דעם גרויסן איינפֿלוס אויף זיין פּאַרטיי, אויף זיין קרייז מענטשן, וועלכע האָבן אים געמאַכט פֿאַר דעם פֿירער פֿון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע.

און אָט די פֿראַגע דאַרף מען שטעלן ניט נאָר וועגן לענינען, נאָר וועגן פֿאַרשיידענע אַנדערע פֿירער פֿון באַוועגונגען, וועלכע האָבן געוואונען אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט.

איך האָב מיר געשטעלט די פֿראַגע, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געזען ד״ר הערצל און ד״ר נאָרדאו און האָב געהאַט די געלעגנהייט מיט זיי צו רעדן. איך האָב אין ד״ר הערצלען געזען ניט מער, ווי אַ געוויינלעכן מענטשן, בעת אין ד״ר נאָרדאו האָב איך געזען אַ מענטשן מיט אויסערגעוויינלעכע פֿעאיקייטן. ד״ר הערצל האָט זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט. ער איז ניט געווען קיין וויסנשאַפֿטסמאַן, ער איז געווען אַ מיטלמעסיקער שרייבער, אַ מיטלמעסיקער רעדנער און אין אַלגעמיין ניט מער ווי אַ דורכשניטלעכער אייראָפּעאישער איני־טעליגענט. ד״ר נאָרדאו אָבער איז געווען אַלץ. אַ וויסנשאַפֿטסמאַן, אַ גלענצנ־דער רעדנער, אַ גלענצנדער שרייבער, קלוג, שאַרף, אָריגינעל, גייסטרייך און געראָטן אויף אַלע כּלים. און דאָך איז ד״ר הערצל געוואָרן דער פֿירער פֿון אַ גרויסער מאַסן־באַוועגונג און ניט ד״ר נאָרדאו.

און איך האָב איין מאָל געזען און פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ד״ר הערצל איז דער פֿירער און ניט ד״ר נאָרדאו. עס איז געווען אַ שטורעמדיקע זיצונג פֿון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, פֿון וועלכער ד״ר נאָרדאו איז געווען דער פֿאָר־זיצער. דער גאַנצער קאָנגרעס־זאַל איז געגאַנגען כאַדאָראָם און ד״ר נאָרדאו האָט געאַרבעט מיט אַלע כּוחות דעם שטורעם איינצושטילן. ער איז געשטאַנען מיט זיין לייבן־קאָפּ אַן אָנגעשטרענגטער און האָט מיט זיין גאַנצער קראַפֿט גע־קלאַפּט מיטן האַמער און געדונערט מיט זיין שטאַרקער שטים, אַז עס זאָל ווערן רואיק. עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. סיי די שטאַרקע קלעפּ פֿון זיין האַמער, סיי זיין שטאַרקע שטים זיינען פֿאַרטויבט געוואָרן פֿון דעם טומל, וואָס עס האָט געהערשט אין זאַל. נאָר אָט האָט זיך פֿון הינטער די קוליסן אַרויסגערוקט ד״ר הערצל און האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים פּרעזידיום־טיש. ער האָט זיך איינגע־גראָבן מיט די אויגן אין דער פֿאַרזאַמלונג, גענומען דעם האַמער, אַ קלאַפּ גע־טאָן ענערגיש איין מאָל, אַ צווייט מאָל, און — עס איז שטיל געוואָרן. דער גאַנ־צער שטורעם איז ווי מיט איין מאָל אָפּגעשטאַרבן.

עפּעס האָט דער מאַן איז זיך אַ באַזונדערן כּוח, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אָבער אין וואָס באַשטייט זיין כּוח? איך זע, אַז ער האָט דעם כּוח צו זיין אַ פֿירער, ווייל אים פֿאָלגט מען, אָבער וואָס ליגט אין זיין כּוח באַהאַלטן?

איך האָב געזען גרויסע פֿירער וועגן וועלכע מען האָט קיין פֿראַגן ניט גע־דאַרפֿט שטעלן. איך האָב געזען זשאַרעסן און עס איז פֿאַר מיר געווען קלאָר זיין גרויסקייט. אַ מענטש, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַלץ. אַ גרויסן, ברייטן וויסן, אַן אומפֿאַרגלייכלעכן רעדנער־טאַלאַנט, אַן אומדערשעפּלעכע ענערגיע, אַ פֿייער־דיקן טעמפּעראַמענט, אַ שאַרפֿן מוח און אַ וועלט מיט קלוגקייט. ווי אַזוי קען אַזאַ מענטש ניט זיין אַ פֿירער? ווי אַזוי זאָלן די מאַסן אַזאַ אויסערגעוויינלעכן מענטשן ניט פֿאָלגן?

ווען אָבער איך האָב געזען לעבינען, האָב איך מיר געשטעלט אַ פֿראַגע: פֿאַר וואָס? איך האָב אָנגעפֿאַנגען זוכן אין וואָס באַשטייט זיין כּוח.

אין מיינע סטודענטן־יאָרן אין דער שווייץ און אין דייטשלאַנד האָב איך געזען אַלע גרויסע פֿירער פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איך האָב זיי געזען אויף פֿאַרזאַמלונגען און אויף קאָנגרעסן. איך געדענק מער אָדער וויני־קער דעם איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט יעדער איינער פֿון די גרויסע. מיט מאַנכע פֿון זיי האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן פּערזענלעך. איינער פֿון די גרויסע, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק איז געווען פּלעכאַנאָוו. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פֿע־איקייטן און מיט אַ ים וויסן, אַ וואונדערבאַרער רעדנער און אַ גלענצנדער שריי־בער, און מיט אַזוי פֿיל שאַרף־זין, וויץ און הומאָר! אַ קוואַל וואָס שעפּט זיך ניט אויס. זיין וויסן איז געווען אַלזייטיק. מיר דוכט, אַז ער איז אויך געווען איי־נער פֿון די גרעסטע ליטעראַטור־קענער. ער האָט אַלץ געלעזן און אַלץ געדענקט.

דעם שוואַכסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט לענין. איך האָב אים געזען, געהערט און גערעדט מיט אים מערערע מאָל. 4 וואָכן צייט בין איך געווען אויף דעם רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפֿאָר אין לאָנדאָן, אין וועלכן לע־נין האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע. נאָר יעדעס מאָל ווען איך האָב גע־

זען לעניגען האָב איך מיר געשטעלט די פראַגע: אין וואָס באַשטייט זיין כּוח צו האָבן אַזאַ גרויסן איינפלוס אויף מענטשן? אמת, ער איז אַ קלוגער, אַ פעאיקער, אָבער אַזאַ טרוקענער, אַזאַ אומאינטערעסאַנטער און אַזאַ באַ־שרענקטער מענטש!

איך געדענק, אַז ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געהערט לעניגען רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג, האָט ער אין מיר דערוועקט עפּעס אַ געפיל פון אַנטיפּאַטיע קעגן זיך. קיינער האָט ניט געציילט לעניגען צווישן די גוטע רעדנער. ער האָט זיך אין זיין רעדן גאָרניט אויסגעצייכנט, ניט מיט דער שיינקייט פון שפּראַך און ניט מיט קיין אָראַטאָרישע עפעקטן. זיין שטים איז אויך ניט געווען קיין איבעריקס אָנגענעמע... זי האָט געהאַט אַזאַ בלעכענעם קלאַנג און די ווער־טער פלעגן זיך ביי אים קייקלען אין האַלדז און זיך אָנשלאָגן איינע אָן די אַנדערע. אין מיינע אויערן האָט עס געקלונגען ווי עס וואָלטן זיך קייקלען אין זיין האַלדז האַרטע ניסלעך. אין זיין רעדן פלעגט זיך אויסדריקן אַזוי פיל ביטול, אַזוי פיל פאַראַכטונג צו זיינע קעגנער, אַז ער האָט געמוזט אַרויסרופן אַ געפיל פון אַנטיפּאַטיע קעגן זיך. איין גרויסע מעלה האָט געהאַט אָבער זיין רעדן, פונקט ווי זיין שרייבן. ער איז געווען קלאָר און דייטלעך. זיינע פראַזן זיינען געווען קורץ און אָפּגעהאַקט און האָבן געשלאָגן אין פונקט צו וועלכן ער האָט געצילט. דער הערער האָט געוואוסט, וואָס ער וויל און האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט.

איך האָב לעניגען קיין מאָל ניט געזען קיין אויפגערעגטן. אין די פיר וואָכן צייט פון דעם צוזאַמענפאָר זיינען פאָרגעקומען העפטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס. די מייסטע זיצונגען זיינען געווען שטור־רעמדיקע. אָפּט פלעגן זיי אָפּגעבראַכן ווערן אין מיטן. די געמיטער זיינען ביי אַלעמען געווען אויפגערעגטע. אָפט איז מען גרייט געווען צו באַפאַלן איינע די אַנדערע מיט ציין און נעגל. אָבער לענין איז קיין מאָל ניט געווען אויפגערעגט, אַלע מאָל געווען קאַלט און איז געזעסן רואיק אויף זיין אָרט. בלויז ווען אַ רעד־נער פלעגט אים אָנגרייפן, פלעגט זיך ענדערן דער אויסדרוק פון זיין געזיכט. עס פלעגט זיך באַווייזן אויף זיינע ליפּן אַ קליין שמייכעלע, וואָס איז געווען פול מיט ביטול און מיט פאַראַכטונג. און אָט דאָס דאָזיקע ביטול־שמייכעלע פלעגט אָנהאַלטן אַזוי לאַנג אויף זיינע ליפּן, ווי לאַנג דער אָנגריף האָט אָנגעהאַלטן.

מיר איז אין יענער צייט קיין מאָל ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן לעניגען און פּלעכאַנאָוון. ווי אַזוי האָב איך אים געקענט פאַרגלייכן? פּלעכאַנאָוו איז אַ מענטש מיט אַזוי פיל גלאַנץ, מיט אַזוי פיל באַגאַבונגען, מיט אַזאַ גרויסן, ברייטן און אַלזייטיקן וויסן, בעת לענין איז אַ מענטש, וואָס צייכנט זיך אין אַלגעמיין ניט אויס אַ סך מער פון דעם דורכשניט. און דאָך האָב איך שוין אויף דעם צוזאַמענפאָר געזען, אַז אַ פירער איז לענין און ניט פּלעכאַנאָוו. לע־ניגען פאָלגט מען, אָבער ניט פּלעכאַנאָוון. פּלעכאַנאָוו איז דער למדן, דער לע־רער, אָבער ניט דער פירער.

טראָצקי איז איינער פון די פעאיקסטע און באַגאַבסטע מענטשן, וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן. ער איז אַ גלענצנ־דער רעדנער און אַן אויסגעצייכנטער שרייבער. אַ מענטש מיט אַן אומדערר־

שעפּלעכן קוואַל פֿון ענערגיע און מיט אויסערגעוויינלעכע אָרגאַניזאַציע־פֿעאי־קייטן, און דאָך האָט טראָצקי בלויז געהאַט פֿארערער און באַוואונדערער, אָבער ניט קיין אָנהענגער. ער איז ניט געווען קיין פֿירער. און טראָצקי האָט גראָד געוואָלט זיין אַ פֿירער, אָבער עס האָט זיך אים בלויז איינגעגעבן צו זיין אַ פֿירער פֿון זיין פּאַרטיי, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון אים אַליין.

אויף דעם דערמאָנטן לאַנדאָנער צוזאַמענפֿאָר, וואו עס זיינען געווען די שענסטע רעדנער פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, האָט טראָצקי געהאַלטן אַ רעדע פֿון אַ צען מינוטן און זי איז געווען די בעסטע רעדע אויפֿן צוזאַמענפֿאָר. עס איז געווען אַ רעדע, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם פֿון די פֿאַרזאַמלטע און עס האָט זיך געדוכט, אַז ער ציט אַריבער דעם גאַנצן צוזאַמענפֿאָר אויף זיין זייט. אָבער ווען ער האָט געענדיקט רעדן איז טראָצקי ווידער געבליבן אַליין, ווי ער איז עס פֿריער געווען.

עס איז דאָ עטוואָס אַזוינס, אַ מין „עפּעס", וואָס די הערצלס, די לענינס האָבן אין זיך און וואָס די פּלעכאַנאָווס און נאַרדאוס האָבן עס ניט.

און מיר דוכט, אַז גראַד אָט דאָס „עפּעס", וואָס מאַכט אַ מענטשן פֿון דורכ־שניטלעכער אינטעליגענץ און מיט דורכשניטלעכע פֿעאיקייטן פֿאַר אַ גרויסן פֿירער פֿון אַ באַוועגונג, איז גראַד אַזוינס, וואָס געוויינלעך האַלטן מיר עס מער פֿאַר די חסרונות פֿון אַ מענטשן איידער פֿאַר זיינע מעלות.

איך וואָלט דאָס פֿאַרמולירן אויף דעם פֿאָלגנדן אופֿן: אויסער אַ געוויסע מאָס אייגנאַרטיקע מעלות, וואָס אַ מענטש מוז באַזיצן צו ווערן אַ פֿירער, מוז ער אויך האָבן אַ געוויסע מאָס אייגנאַרטיקע חסרונות. און גראַד די חסרונות דאַרפֿן זיין וואָס שטאַרקער, וואָס מער אויסגעשפּראָכן, וואָס עקסטרעמער.

אין אַלגעמיין זיינען די שאַפֿער פֿון באַוועגונגען אין די מייסטע פֿאַלן עקס־טרעמע, איינזייטיקע און פֿאַנאַטישע מענטשן. געוויינלעך איז ביי אונדז אָנגע־נומען, אַז עקסטרעמקייט, איינזייטיקייט און פֿאַנאַטיזם זיינען חסרונות, אָבער מיר ווייסן, אַז צו שאַפֿן אַ באַוועגונג זיינען אָט די חסרונות אומבאַדינגט נויטיק און אַנשטאָט חסרונות זיינען זיי גאָר מעלות.

ווען איך האָב געלייענט דאָס טאָג־בוך פֿון ד"ר הערצל, האָב איך אויסגעפֿונען דעם סוד פֿון זיין גרויסקייט אַלס פֿירער פֿון אַ באַוועגונג. איך האָב אין זיין טאָג־בוך געזען ווי באַשרענקט, ווי איינזייטיק ער איז געווען אין זיין געדאַנקען־גאַנג, אָבער אָט די דאָזיקע באַשרענקטקייט האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו קאָנצענטרירן אַלע זיינע געדאַנקען אויף איין פּונקט, אויף דער ציוניסטישער אידעע. ווייניק געדאַנקען קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט זיינען פֿיל ווירק־זאַמער ווי אַ סך געדאַנקען, ווען זיי זיינען צעוואָרפֿן אויף פֿאַרשיידענע פּונקטן. איך האָב אין אים געזען דעם גרויסן פֿאַנאַטיקער פֿון זיין אידעע און אַן אומ־באַשרענקטן גלויבן אין זיך. זיין גלויבן איז זיך האָט דערגרייכט די מדרגה פֿון אַ גלויבן אין אַ משיח און אַז דער משיח איז ער.

באַשרענקטקייט, איינזייטיקייט, פֿאַנאַטיזם און צופֿיל גלויבן אין זיך ווערן געוויינלעך ניט פֿאַררעכנט פֿאַר קיין גוטע מעלות פֿון אַ מענטשן, גיכער פֿאַר חסרונות, אָבער אָט די חסרונות אין אַ שטאַרקער מאָס מאַכן איינעם פֿאַר אַ פֿירער.

ד״ר נאָרדאו דער ליבעראַל, וואָלט ביי זיך ניט געקענט פּועלן זיך צו גיין בוקן פֿאַר אַ פֿאָן פּלעווע אין רוסלאַנד, ווען ער וואָלט אַפֿילו געגלייבט, אַז דאָס בוקן זיך פֿאַר פּלעווען קען ברענגען נוצן דעם ציוניזם. דער ליבעראַל אין אים וואָלט אין דעם פֿאַל אַריבערגעוואויגן דעם ציוניזם אין אים. ביי ד״ר הערצל אָבער האָט קיין זאַך ניט געקענט איבערוועגן זיין ציוניזם. ער האָט געהאַט איין פּונקט פֿאַר זיך און אַלע זיינע געדאַנקען זיינען געווען קאָנצענטרירט אויף דעם איינעם פּונקט און עס איז דעריבער ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל קענען באַצייכנט ווערן אַלס שלעכטע אָדער ניט פּאַסיקע, אויב עס קען אים נאָר דערנענטערן צו דעם פּונקט, צו וועלכן ער שטרעבט.

לענין האָט אין זיך געהאַט נאָך אַ גרעסערע מאָס פֿון אָט די אַלע חסרונות, וואָס מאַכן איינעם פֿאַר אַ פֿירער. לענינס גאַנצער געדאַנק, זיין גאַנצער מאַרך, זיינע אַלע נערוון זיינען געווען קאָנצענטרירט צו איין פּונקט — צו דער רע־וואָלוציע אין רוסלאַנד. ער האָט געהאַט אַ פֿאַנאַטישן גלויבן אין דעם זיג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע און אַן אומבאַגרענעצטן גלויבן אין זיינע כּוחות אָנ־צופֿירן די רוסישע רעוואָלוציע. פֿאַר לענינען איז ניט געווען קיין מיטל ניט פּאַסיק אָדער צו שלעכט, אויב עס האָט נאָך זיין מיינונג געקענט ברענגען נוצן דער רעוואָלוציע. און אַזוי ווי ער האָט פֿאַנאַטיש געגלייבט, אַז זיין פּראַקציע, די באָלשעוויסטישע, איז די איינציקע ריכטיקע, וואָס קען דערנעענטערן די רוסישע רעוואָלוציע און איר פֿירן צו אַ דערפֿאָלג, איז דעריבער פֿאַר אים ניט געווען קיין מיטל צו שלעכט אָדער ניט פּאַסנד צו געווינען די מאַכט פֿאַר זיין פּראַקציע.

זיגן און דערגרייכן דעם ציל אונטער אַלע אומשטענדן און אונטער אַלע באַדינגונגען — דאָס איז געווען לענינס איינציקער געדאַנק. און ער האָט געהאַט אַן אייזערנעם ווילן, אַן אייזערנע עקשנות דורכצופֿירן זיינע פּלענער, אין וועלכע ער האָט געגלייבט, אַז זיי וועלן אים ברענגען צום ציל.

לענין האָט זיך ניט געקימערט וואָס זיינע קעגנער וועלן זאָגן. ער האָט זיך אַפֿילו ניט געזוכט צו פֿאַרטיידיקן קעגן די אַטאַקעס פֿון זיינע קעגנער. ער האָט בלויז געוואוסט איין זאַך, אַז דער וועג, אין וועלכן ער גייט, איז דער ריכטיקער און אַנשטאָט זיך פֿאַרטיידיקן האָט ער אַטאַקירט. און אַטאַקירן האָט ער געקענט. אַטאַקירן ריקזיכטלאָז און אָן רחמנות מיט אַלע מיטלען.

לענין האָט געוואוסט, אַז מען וועט אים שאַרף אַטאַקירן דערפֿאַר, וואָס ער האָט אָנגענומען הילף פֿון די דייטשן זיך אומצוקערן אין רוסלאַנד, אין דער צייט ווען דייטשלאַנד און רוסלאַנד זיינען געשטאַנען אין אַ בלוטיקער מלחמה איינע קעגן דער אַנדערער. עס האָט אים אָבער ניט געקימערט, וואָס מען וועט זאָגן. ער האָט געהאַט אַ ציל צו קומען אין רוסלאַנד און יעדער מיטל איז ביי אים געווען רעכט צו דערגרייכן זיין ציל.

לענין האָט זיך קיין מאָל ניט פֿיל צערעמאָנירט מיט אָנגענומענע פּרינציפּן, ווען ער האָט געגלייבט, אַז די פּריצינפּן זיינען מער ניט צוגעפּאַסט צו דער רע־וואָלוציאָנערער פּראַקטיק. ער האָט זיך אויך קיין מאָל ניט געמומיתט פֿאַר דעם בוכשטאַב פֿון טעאָריע, ווי דאָס האָט געטאָן מאַרטאָוו. לענין פֿלעגט זיך מיט טעאָריע ספּראַווען גאַנץ גיך. ער פֿלעגט איר אַ טייטש טאָן ווי אים האָט גע־

פאַסט און ער איז געווען פּאַרטיק. און אויב עס האָט זיך ניט געלאָזט טייטשן, איז ער די טעאָריע אין גאַנצן אַריבערגעשפּרונגען. לענין האָט זיך אַפּילו ניט געקימערט זיך צו האַלטן פאַר זיינע אייגענע טעאָריעס, ווען ער האָט געזען, אַז מען קען זיי ניט דורכפירן. די צעטיילונג פון די ערד צווישן די פּויערים אין רוסלאַנד, ווי זי איז דורכגעפירט געוואָרן פון לענינען אין דער פּראַקטיק, איז געווען פּונקט דער היפוך פון זיין טעאָריע וועגן דער אַגראַר־פראַגע אין רוסלאַנד.

לענין איז אייגנטלעך געווען אַן אָפּאָרטוניסט, אויב איר ווילט, רופט עס רעוואָלוציאָנערער אָפּאָרטוניסט. פאַר אים איז געווען דער עיקר דער ממשות־דיקער רעזולטאַט, וואָס ער קען שוין קריגן. לענין איז געווען אַ קעגנער פון „בונדס" נאַציאָנאַלער פראָגראַם, נאָר ווען די בונדיסטישע דעלעגאַציע זאָל שטימען פאַר דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, איז לענין געווען גרייט צו אָנ־ערקענען די בונדיסטישע נאַציאָנאַלע פראָגראַם. ער האָט ביי זיך געקלערט: נאָט איך אייער נאַציאָנאַל־פראָגראַם און מיר וועלן זען, וואָס איר וועט מיט איר קענען אויפטאָן. דערווייל אָבער גיט מיר די מאַכט אין דער פּאַרטיי.

אין געוויינלעכן לעבן זיינען מיר גאָרניט באַגייסטערט פאַר אַזעלכע מעלות. אין קעגנטייל, מיר באַטראַכטן זיי פאַר די גרעסטע חסרונות, וועלכע מיר קריטיקירן אָמשאַרפסטן, אָבער די חסרונות האָבן געמאַכט לענינען פאַרן גרויסן פירער.

מיר האָבן ניט ליב אַ מענטשן מיט אַן אייזערנער האַנט, אָבער מיר פאָלגן די אייזערנע האַנט. מיר האָבן ניט ליב דעם פאַנאַטיקער, אָבער ער ווירקט אויף אונדז מיט זיין פאַנאַטיזם און ער שטעקט אונדז מיט אים אָן. מיר האָבן ניט ליב אַ מענטשן, וואָס גלייבט צו פיל אין זיך, אָבער דער, וואָס האָט אַ שטאַרקן גלויבן אין זיך מאַכט אונדז, אַז אויך מיר זאָלן אין אים גלייבן. מיר ליבן ניט קיין אָפּאָרטוניסט, אָבער מיר זיינען צופרידן, ווען מיר קומען אין אַן ענגן ווינקל, און עס קומט דער, ווער עס האָט די דרייסטקייט צו מאַכן אַ קאָמפּראָ־מיס, און שלעפּט אונדז מיט זיין אָפּאָרטוניזם אַרויס פון דעם ענגן ווינקל.

איך האָב אין אָנפאַנג פון מיין אַרטיקל באַמערקט, אַז אָפּט שפּילט אויך דער צופאַל אַ וויכטיקע ראָלע אין דערהייבן אַ מענטשן צו דער מדרגה פון אַ גרויסן פירער. אָבער אויך דער צופאַל מוז האָבן די פּאַסנדע פּערזאָן, אויף וועמען אָנצוטאָן די קרוין פון גרויסקייט.

דער צופאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אָנגעטאָן אויף לענינען די קרוין פון אַ היסטאָרישער פּערזענלעכקייט. דורך דער רוסישער רעוואָלוציע איז לענין געוואָרן איינער פון די גרעסטע וועלט־מענטשן. אָבער פאַרוואָס האָט דער צופאַל אויסגעקליבן פון אַלע באָלשעוויקעס לענינען? עס זיינען דאָך צווישן די באָלשעוויקעס געווען מענטשן פעאיקערע, געבילדעטערע און גראָעטע־נערע ווי לענין.

דער איינציקער ענטפער איז, אַז לענין האָט אין זיך געהאַט דעם שטאָף פון אַ גרויסן פירער. לענין האָט אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסן און אומבאַשרענקטן איינפלוס, און דווקא אויף אינטעליגענטע מענטשן. אין דער באָלשעוויסטישער פראַקציע זיינען געווען אַ רעכט ביסל מענטשן פון הויכער אינטעליגענץ. לענין

איז, אַלזאָ, שוין געווען אַ פירער נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, נאָר אין ענגע קרייזן. דער צופאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אים בלויז אַרויסגע־שטופּט אויף אַ ברייטער סצענע און האָט אים געמאַכט פאַר אַ היסטאָרישע פּערזאָן.

דער אמת איז, אַז אויף לעניִנס גרויסקייט און פּאָפּולאַריטעט אין דער רע־וואָלוציע דאַרף מען זיך ניט וואונדערן. דאָס האָט ער שוין ממילא געקראָגן, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט. זיינע אַנהענגער האָבן דאַן געהאַט געוווּג מיטלען אים צו מאַכן גרויס און פּאָפּולער. אַ דערקלערונג איז בלויז נויטיק פאַר לעניִנס גרויסער איינפלוס־קראַפט אויף מענטשן, איידער לע־נין איז געוואָרן דער פּרעמיער פון רוסלאַנד.

און ווען איך וואָרף דורך אין מיין זכרון די כאַראַקטעריסטיק פון די פי־רער פון פאַרשיידענע באַוועגונגען אין דער מענטשלעכער געשיכטע — פּאָלי־טישע, געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע, אַזוי ווייט ביז צו משה רבינו, געפין איך, אַז מיין דערקלערונג איז אַ גאַנץ באַגרינדעטע.



## לעאָן טראָצקי *

### (איינזיקע שטריכן)

לייענענדיק היינט די אַרטיקלען פון לעאָן טראָצקי וועגן דער רוסישער רע־וואָלוציע, באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז גע־מאַכט געוואָרן ווי נאָך אַ פאַרשריפט. עס זעט אויס ווי טראָצקי וואָלט צוערשט אויפגעשריבן ווי די רעוואָלוציע דאַרף פאַרקומען און נאָך דעם האָט ער זיך גענומען זי דורכפירן, אַז זי זאָל שטימען מיט די אַרטיקלען, וועלכע ער האָט געשריבן מיט יאָרן צוריק. און לעזנדיק די אַרטיקלען ווערט מען אָפט איבערראַשט ווי די פאַקטן פון דער איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע שטימען אין אַ סך פאַלן מיט אַ באַזונדערער פּינקטלעכקייט מיט דעם, וואָס טראָצקי האָט געשריבן. אָפט פאַרגעסט מען, אַז די אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן מיט 12 אָדער מיט מער יאָרן צוריק און אַז דאָס זיינען בלויז פאָרויסזאָגונגען וועגן דער קומענ־דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, נאָר מען מיינט, אַז זיי זיינען איצט ניט לאַנג געשריבן געוואָרן און אַז זיי גיבן איבער די פאַקטן ווי אַזוי די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע איז דורכגעפירט געוואָרן און ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט האָט איינגעפירט זיין דיקטאַטור.

אין זיין לאַנג־יעריקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט זיך לעאָן טראָצקי שטענדיק אויסגעצייכנט מיט צוויי זאַכן — מיט זיין טיפן אומבאַשרענקטן גלויבן אין די כוחות פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און מיט זיין פאַרביטערטער שנאה און פאַראַכטונג צו דער בורזשואַזיע.

---

* דער דאָזיקער אַרטיקל פון ח' צבֿיון איז געווען אָפּגעדרוקט ווי אַ פאָררעדע צום בוך „אונזער רעוואָלוציאָן", פון ל. טראָצקין (איבערזעצט פון פ. געליבטער), דערשינען אין ניו־יאָרק, אין 1921. טראָצקיס בוך אַנטהאַלט אַ סעריע אַרטיקלען, געשריבן אין די יאָרן 1904—1917. ח. ש. ק.

דער פּראָלעטאַריאַט מוז ברענגען די רעוואָלוציע און מוז אַריינגעמען די מאַכט אין זיינע הענט — דאָס איז ביי טראָצקין געווען ניט בלויז אַ טיפע אי־בערצייגונג, נאָר פיל מער, אַן אומבאַגרענעצטער גלויבן. די מאַרקסיסטישע טע־אָריע, די לערע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע טראָצקי האָט אַזוי פלייסיק שטודירט, איז ביסלעכווייז ביי אים פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ גלויבן, וואָס נויטיקט זיך מער ניט אין באַווייזן. אַזוי מוז און אַזוי וועט זיין, דער פּראָלעטאַריאַט וועט ברענגען די רעוואָלוציע און וועט אַריינגע־מען די מאַכט אין זיינע הענט — דאָס איז אַזאַ אומבאַשטרייטבאַרער אמת, וואָס טאָר אַפילו ניט דיסקוטירט ווערן. און אַזוי ווי עס איז אומבאַשטרייטבאַר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז ברענגען די רעוואָלוציע און איינפירן זיין דיקטאַטור, אַזוי איז עס אויך אומבאַשטרייטבאַר, אַז די בורזשואַזיע איז קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נער, מוז באַקעמפן די רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט און מען טאָר דעריבער אַפילו די בעסטע פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזיע ניט טרויען פון דאַנען אַהין, שוין אָפגערעדט פון אַריינטרעטן מיט זיי אין וועלכע עס איז אָפּמאַכן, ווייל זיי וועלן זיכער פאַרראַטן די רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט ביי דער ערשטער־בעסטער געלעגנהייט, וואָס עס וועט זיך זיי מאַכן.

טראָצקי איז שטענדיק געווען דער אָפּטימיסט פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע. אין די פינצטערע צייטן פון דער רוסישער רעאַקציע האָט ער זיין אָפּ־טימיזם ניט פאַרלוירן. איבערצייגונגען אַליין וואָלטן אַזאַ שטאַרקן, אומבאַשרענקטן אָפּטימיזם ניט געקענט שטענדיק אויפהאַלטן, דערצו איז נויטיק אַ שטאַרקער, אומבאַגרענעצטער גלויבן. פאַר טראָצקין איז די רוסישע רעוואָלוציע געווען אַ פאַקט, זי איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, ער האָט זי געזען קלאָר ווען זי איז נאָך געווען גאַנץ ווייט און ווען אַ סך האָבן געגלויבט, אַז בלויז דער צוקונפטיקער דור וועט זי ערשט דערלעבן.

טראָצקי איז אַזוי זיכער געווען מיט דער רעוואָלוציע, זי איז געווען ביי אים אַזאַ זיכערער פאַקט, אַז ער האָט וועגן איר עצם, וועגן איר נאָענטער פאַר־ווירקלעכונג אַפילו ניט געהאַלטן פאַר נויטיק צו דעבאַטירן. וואָס אים האָט אינטערעסירט, זיינען געווען די איינצלהייטן, די פּרטים ווי אַזוי די רעוואָלו־ציע דאַרף דורכגעפירט ווערן און ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט וועט איינפירן זיין דיקטאַטור.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון טראָצקין איז זיין זיכערקייט אין זיינע באַ־הויפּטונגען. אין זיינע רעדעס און אין זיינע אַרטיקלען הערט זיך שטענדיק דער שטאַרקער, זיכערער טאָן פון אַ גלויביקן. קיין שפּור פון צווייפל, קיין סימן פון ספקות, נאָר הונדערט פּראָצענט זיכערקייט. פון „עס וועט" ווערט ביי טראָצקין „עס איז". וואו אַן אַנדערער וועט געברויכן דעם אויסדרוק „עס דאַרף קומען", וועט טראָצקי זאָגן „עס קומט".

טראָצקי איז אַ סך מער געווען דער נביא פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איידער איר לערער און פירער. אַלס לערער און פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט טראָצקי קיין מאָל קיין דערפאָלג ניט געהאַט. מייסטנס האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פּאַרטיי פאַר זיך אַליין, אַן נאָכפאָלגער. ער האָט אין פאַרשיידענע צייטן אַ סך מי אָנגעווענדט צו פאַראייניקן די מענשעוויקעס

מיט די באָלשעוויקעס, אָבער זיינע באַמיאונגען האָבן קיין מאָל קיין דערפאָלג ניט געהאַט. זיינע פּלענער פון פאַראייניקונג זיינען ניט געווען, אַז די באָלשע־וויקעס מיט די מענשעוויקעס זאָלן זיך אויסגלייכן צווישן זיך, נאָר אַז זיי זאָלן זיך אויסגלייכן מיט אים. טראָצקי האָט ניט פאַרנומען קיין מיטל־פּונקט צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, הגם מען האָט אים אָפט גערופן מיט דעם נאָמען „צענטריסט", נאָר ער איז געווען אַ פּאַרטיי פאַר זיך. ער איז ניט גע־שטאַנען צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, נאָר ער איז געשטאַנען באַזונדער, אָפּגעטיילט אי פון די מענשעוויקעס, אי פון די באָלשעוויקעס, און זיין פאַראייניקונגס־אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט, אַז אי די באָלשעוויקעס, אי די מענשעוויקעס זאָלן צושטיין צו אים. דער רע־זולטאַט איז אָבער געווען, אַז קיינער איז צו אים ניט צוגעשטאַנען.

איינער פון די שאַרפסטע קאַמפן צווישן די באָלשעוויקעס און די מענשע־וויקעס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם באַרימטן לאָנדאָנער רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר אין יאָר 1907. דאָס איז געווען דער גרעסטער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צוזאַמענפאָר אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד. עס זיינען אויף דעם צוזאַמענפאָר געווען פאַרטראַטן די בעסטע טעאָרעטיקער, רעדנער, פּראַקטיקער און פירער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פּלעכאַנאָוו, לענין, מאַרטאָוו, מאַרטינאָוו, אַק־סעלראָד, אַבראַמאָוויטש, מעדעם, ליבער, באַגדאַנאָוו, גאָרקי, ראָזאַ לוקסעמבורג, צערעטעלי, אַלעקסינסקי, סטאַלפּנער און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פּראָמינענצן. אויך אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט טראָצקי פּרובירט שאַפן אַ פאַראייניקונג. איך געדענק זיין קורצע רעדע, וואָס ער האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר געהאַלטן. און איך גלויב, אַז דאָס איז די גלענצנדסטע רעדע, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. די פאַרזאַמלונג האָט טראָצקין אויסגעהערט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם. נאָר ווען ער האָט זיין רעדע געענדיקט, איז טראָצקי צוריק געבליבן זיצן אַליין אויף זיין באַנק, און די דעלעגאַטן זיינען ווי פריער געבליבן צעשפּאָלטן אויף מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס און אויף אַ טראָצקי־פּאַרטיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון טראָצקין אַליין. עס איז געווען אַ רעדע פון אַ נביא, פול פייער און רעוואָלוציאָנערער גלויבן, זי האָט אָפּעלירט, באַגייסטערט און אַרויסגע־רופן באַוואונדערונג, אָבער זי האָט ניט געענדערט די איבערצייגונגען. טראָצקי איז געווען דער נביא, אָבער די לערער זיינען געווען לענין פון איין זייט און פּלעכאַנאָוו און מאַרטאָוו פון דער אַנדערער זייט.

אָבער דער זעלביקער טראָצקי, וועלכער איז כמעט געווען אַ פּאַרטיי פאַר זיך אַליין, אָן נאָכפאָלגער, איז אין יאָר 1905 געוואָרן איינער פון די פּראָמי־נענטסטע פיגורן אין דער רוסישער רעוואָלוציע. טראָצקי איז ניט בלויז געווען דער פאָרזיצער פון דעם פּעטערבורגער סאָוועט, נאָר די נשמה פון דעם סאָוועט.

טראָצקי ציינט זיך אַרויס אין זיין גאַנצער גרויסקייט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. אין דעם פלאַקער פון דער רעוואָלוציע קען ער אַרויסווייזן אַלע זיינע פעאיקייטן און באַגאַבונגען. די רעוואָלוציע איז די אַטמאָספערע אין וועלכער טראָצקי אָטעמט און לעבט זיין פולן לעבן. דאָס איז אַזוי געווען אין יאָר

1905 און דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אין יאָר 1917, ווען די איצטיקע רעוואָלוציע איז אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן.

טראָצקי האָט זיך ווייניק אינטערעסירט מיט דער צייט פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט ווייניק געהאַט צו זאָגן וועגן דער טאַקטיק פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין די אַזוי גערופֿענע נאָרמאַלע צייטן. זיין גאַנצן געדאַנק האָט ער קאָנצענטרירט אויף דער רעוואָלוציע, וועלכע דאַרף קומען. די צייט פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע דאַרף מען ווי עס איז אַריבערשטופּן מיט פּאַרלאַמענטאַריזם, מיט מינימום־פֿאָדערונגען, מיט שטרייקן, מאַסן־אַקציעס א.אַ.וו. אָבער דאָס אַלץ איז דאָך ניט וויכטיק, דער עיקר איז דאָך די רעוואָלוציע, וועגן וועלכער מען דאַרף טראַכטן.

טראָצקי האָט זיינע אידעען און געדאַנקען צום מייסטן געשעפּט פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. מער ווי פֿאַר יעדן איינעם איז די רוסישע רעוואָלוציע פֿון 1905 געווען פֿאַר טראָצקין אַ קוואַל פֿון געדאַנקען, אידעען און פֿאַרשטעלונגען.

טראָצקי איז ניט אַריינגעפֿאַלן אין אַ פֿאַרצווייפֿלונג פֿון דעם דורכפֿאַל פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אין קעגנטייל, זיין גלויבן אין אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז נאָך שטאַרקער געוואָרן; ער האָט זי געזען מיט זיינע אויגן און ער האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי זי וועט פֿאָרקומען און ווי זי וועט דורכגעפֿירט ווערן.

טראָצקיס הויפּט־אידעע איז אַלע מאָל געווען די רעוואָלוציע — אַן אויפֿשטאַנד פֿון די פֿאָלקס־מאַסן אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון דעם אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט צו פֿאַרניכטן די רוסישע זעלבסטהערשאַפֿט און צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט פֿאַרן פֿאָלק. נאָר אויב אין אָנפֿאַנג איז עס טראָצקין אַליין נאָך ניט געווען קלאָר וואָס פֿאַראַ רעגירונג אין רוסלאַנד קען איינגעפֿירט ווערן נאָך דער רעוואָלוציע, וועלכע וועט פֿאַרניכטן דעם צאַריזם, איז אָבער אין יאָר 1905, אין דער צייט פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביי אים רייף געוואָרן די אידעע, אַז רוסלאַנד דאַרף פֿון דער צאַרישער הערשאַפֿט, פֿון דעם אַבסאָלוטיזם, דירעקט אַריבערגיין צום סאָציאַליזם. דער ציל פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע דאַרף זיין די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט.

טראָצקי האָט זיין געדאַנק אַרגומענטירט אויף פֿאָלגנדן אופֿן:

דער אַרבעטער־קלאַס איז די איינציקע רעוואָלוציאָנערע מאַכט אין רוסלאַנד. די בורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז שוואַך און ניט אָרגאַניזירט, און זי קען דעריבער ניט אַרויסווייזן קיין שטאַרקן ווידערשטאַנד. די פּויערים, ווידער, זיינען פּאָליטיש ניט אַנטוויקלט. די איינציקע זאַך, וועגן וועלכער זיי טראַכטן, איז לאַנד. דער איינציקער קלאַס, אַלזאָ, וואָס קען זיין דער פֿירער פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז דער אַרבעטער־קלאַס. און אויב די רעוואָלוציע וועט זיין זיגרייך, דאַן מוז אומפֿאַרמיידלעך בלייבן די פּאָליטישע מאַכט אין די הענט פֿון דעם קלאַס, וועלכער האָט געשפּילט די פֿירנדע ראָלע אין דעם קאַמף, דאָס איז דער אַרבעטער־קלאַס. אָבער כּדי דער אַרבעטער־קלאַס זאָל קענען פֿאַרזיכערן די געוואונענע מאַכט אין זיינע הענט, מוז ער זען אַריבערצוקריגן אויף זיין זייט די מיליאָנען פּויערים. דאָס קען געטאָן ווערן, ווען דער רעגירנדער אַרבעטער־קלאַס

וועט אַנערקענען דאָס רעכט פֿון די פּויערים אויף דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן פֿאַר־כאַפּט אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציע, און מיט דעם, וואָס עס וועלן דורכ־געפֿירט ווערן ראַדיקאַלע געזעצן וועגן דער פּאַרטיילונג פֿון לאַנד צווישן די פּויערים. דער אַרבעטער־קלאַס וועט אויף אַזאַ אופֿן דערשיינען אין די אויגן פֿון די פּויערים ווי זייער באַפֿרייער און דערלייזער. און ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט האָבן פֿאַרכאַפּט די מאַכט אין זיינע הענט, דעמאָלט איז ניטאָ קיין גרונט, אַז ער זאָל זי אַרויסלאָזן פֿון זיינע הענט, כּדי די בורזשואַזיע זאָל זי פֿאַרכאַפּן. עס איז ניטאָ קיין גרונט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, האָבנדיק די מאַכט אין זיינע הענט, זאָל העלפֿן גרינדן אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג אין רוס־לאַנד, וואָס דאָס וואָלט מיינען איבערגעבן דער בורזשואַזיע די רעגירונג איבערן פֿאָלק. אין דעם מאָמענט, וואָס די פֿאָרשטייער פֿון פּראָלעטאַריאַט, זאָגט טראָצקי, טרעטן אַריין אין דער רעגירונג ניט אַלס מאַכטלאָזע משכּנות, נאָר אַלס פֿירנדע מאַכט, דעמאָלט ווערט פֿון זיך פֿאַרשוואונדן דער אונטערשייד צווישן דעם מינימום־ און מאַקסימום־פּראָגראַם, און די איינפֿירונג פֿון קאָלעקטיוויזם (סאָ־ציאַליזם) ווערט די פֿראַגע פֿון טאָג, ווייל פּאָליטישע איבערמאַכט פֿון פּראָלע־טאַריאַט קען זיך ניט פֿאַרטראָגן מיט עקאָנאָמישער שקלאַפֿעריי פֿון פּראָלע־טאַריאַט.

דער דירעקטער איבערגאַנג פֿון אַבסאָלוטיזם צום סאָציאַליזם, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט דורך דער רעוואָלוציע פֿאַרכאַפּן די מאַכט — דאָס איז געווען די אידעע, פֿאַר וועלכער לעאָן טראָצקי האָט אַגיטירט פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען ער איז צו דער אידעע געקומען, ביז עס איז אויס־געבראָכן די איצטיקע רוסישע רעוואָלוציע, ווען ער האָט זיך גענומען זיין אידעע דורכצופֿירן.

איך זאָג „אַגיטירט״, ווייל די הויפּט־גרויסקייט און הויפּט־שטאַרקייט פֿון טראָצקין איז אין זיינע אַגיטאַציע־פֿעאיקייטן. זיינע צוויי גרויסע באַגאַבונגען, זיין גלענצנדע טעמפּעראַמענטפֿולע רעדנער־קראַפֿט און זיין שאַרפֿער, קלאָרער און אַפּעלירנדער זשורנאַליסטישער סטיל, האָבן אים געמאַכט פֿאַר איינעם פֿון די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרן אין רוסלאַנד. טראָצקיס שרייבן שפּריצט מיט רעוואָלוציאָנערן פֿייער, און ווען ער שרייבט פֿאַרן פֿאָלק איז זיין שפּראַך קורץ, קלאָר, שטאַרק און אַפּעלירנדיק. ווי אַ רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַטאָר האָט ער ווייניק זיין גלייכן. ער האָט אין זיך דעם כּוח מיטצורייסן די מאַסן מיט זיך, זיי צו באַגייסטערן און אַריינצוברענגען אין עקסטאַז. זיין רעדנער־קראַפֿט האָט פֿיל מער מיטגעהאָלפֿן טראָצקין צו אָרגאַניזירן די רויטע גוואַרדיע אין רוס־לאַנד, ווי זיינע אָרגאַניזאַציע־פֿעאיקייטן.

און דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון טראָצקין איז צוגעפּאַסט צו דער ראָלע פֿון אַן אַגיטאַטאָר פֿון ערשטן גראַד. זיין גראַדקייט, וואָס דערגייט אָפֿט ביז צו אויסערלעכער איינזייטיקייט, זיין גלויבן אין דער רעוואָלוציע, וואָס דערגרייכט ביז צו פֿאַנאַטיזם, זיין אומקאָמפּראָמיסלעכקייט, זיין רעוואָלוציאָנערער גייסט, זיין מוט און אומדערשראָקנקייט — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפֿן דעם אייגנ־טימלעכן, אינטערעסאַנטן, גרויסן רעוואָלוציאָנערן אַגיטאַטאָר טראָצקי, וועלכער שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר טראָצקין, אַז דער אויסברוך פֿון דער רוסי־
שער רעוואָלוציע אין מערץ 1917 האָט ביי אים ניט אַרויסגערופֿן קיין איי־
בעראַשונג. ער איז אַזוי זיכער געווען אין זיין גלויבן, אַז די רעוואָלוציע מוז
אויסברעכן, אַז זי מוז אומפֿאַרמיידלעך קומען, אַז עס איז פֿאַר אים ניט געווען
קיין איבעראַשונג, ווען זי איז געקומען. זיין איינציקער געדאַנק, ווען עס איז
צו אים געקומען די נייס פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז געווען, וואָס שנע־
לער צו פֿאָרן אין רוסלאַנד און העלפֿן איינפֿירן די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט,
וועגן וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געטרוימט. — איך פֿאָר אין רוסלאַנד, האָט
טראָצקי דערקלערט ביי זיין אָפּפֿאָרן פֿון אַמעריקע, אַרויסצורייסן די רוסישע
רעוואָלוציע פֿון די הענט פֿון די מיליוקאָווס, וועלכע האָבן זי פֿאַרכאַפּט, און
זי איבערגעבן אין די הענט פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט די רעוואָלוציע
געמאַכט. און טראָצקי האָט וואָרט געהאַלטן. ער האָט דעם קאַמף אָנגעפֿאַנגען,
ווי זיינע פֿיס האָבן נאָר דעם באָדן פֿון רוסלאַנד באַטראָטן, און ער האָט געזיגט.
די רוסישע רעוואָלוציע איז אין די הענט פֿון דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט.

*

לעאָן טראָצקי, אָדער מיט זיין ריכטיקן נאָמען בראָנשטיין, איז נאָך אין די
מיטעלע יאָרן. ער איז ניט ווייט איבער פֿערציק. זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט
האָט ער אָנגעפֿאַנגען, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער סטודענט אין דעם
אוניווערזיטעט פֿון אָדעס. זיין סטודענטישע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט
אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין יאָר 1900 איז ער שוין געזעסן אין דער אָדעסער
פּאָליטישער טורמע, וואו ער איז פֿאַרבליבן אַן ערך צוויי און אַ האַלב יאָר און
פֿון וואַנען מען האָט אים פֿאַרשיקט אין ווייטן, קאַלטן סיביר ביי דעם לענאַ־
טייך, פֿון וואַנען ער איז אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַנטלאָפֿן. די פֿאַר יאָר, וואָס
טראָצקי איז געזעסן אין טורמע, זיינען פֿאַר אים ניט פֿאַרלוירן געגאַנגען. ער
האָט די „רו־צייט״, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אים געגעבן, גוט אויסגענוצט
צו לערנען און צו שטודירן די סאָציאַלע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע וויסנשאַפֿטן.
זיצנדיק אין טורמע האָט טראָצקי צייט געהאַט צו שטודירן די טעאָריע פֿון סאָ־
ציאַליזם, און ער איז אַ פֿלייסיקער סטודענט געווען. ווען טראָצקי איז אַנטלאָפֿן
פֿון סיביר און איז אַ ביסל שפּעטער געקומען אין דער שווייץ, האָט ער, ניט
קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז נאָך גאַנץ יונג געווען, געצויגן אויף זיך גרויס
אויפֿמערקזאַמקייט אין די רוסישע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע קרייזן.
זיין ערשטע בראָשורע, וועלכע איז געדרוקט געוואָרן אין זשענעוו אין יאָר 1903,
וועגן דעם צווייטן רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפֿאָר, וועלכער איז
אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שטאָקהאָלם, וואו עס זיינען געשאַפֿן געוואָרן די צוויי
פֿראַקציעס, מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, האָט טראָצקין אַוועקגעשטעלט אין
די ערשטע רייען פֿון דער רוסישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין דער
שווייץ. זיין בראָשורע איז פֿיל געלעזן און דיסקוטירט געוואָרן. ער האָט אין
איר געמאַכט אַ פּראָבע צו פֿאַראייניקן די צוויי טיילן פֿון דער רוסישער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע, די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען נאָך דע־
מאָלט ניט אַוועק צו ווייט איינע פֿון די אַנדערע. און ניט קוקנדיק אויף דעם,

וואָס די פּראָבע, ווי די וויטערדיקע פּראָבעס טראָצקיס אויף דעם געביט, האָט ניט געהאַט קיין דערפֿאָלג, איז ער אָבער דאָך גאַנץ גיך געוואָרן איינער פֿון די וואָרט־פֿירער אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און עס האָט ניט לאַנג גענומען און דער נאָמען טראָצקי איז באַקאַנט געוואָרן אַלס איינער פֿון די טאַ־לאַנטפֿולסטע און באַדייטנדסטע רוסישע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטן.

טראָצקיס אַרטיקלען אין דער „איסקראַ" (די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער שווייץ, אין וועלכער עס האָבן מיטגעאַרבעט פּלעכאַנאָוו, לענין, מאַרטאָוו, אַקסעלראָד, סטאַ־ראָווער און אַ סך אַנדערע פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָ־מינענץ), האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט שאַרפֿקייט, בייסיקייט און זשור־נאַליסטישן טאַלאַנט. טראָצקי האָט געשריבן איבער פֿאַרשיידענע פֿראַגן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, מייסטנס אָבער איבער דער רעוואָלוציאָ־נערער טאַקטיק פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. טראָצקי איז נאָך דעמאָלט גע־ווען צו יונג אים אַריינצורעכענען צווישן די טעאָרעטיקער און טאַקטיקער פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָבער זיינע אַרטיקלען זיינען געלעזן געוואָרן מיט גרויס אינטערעס, צוליב דער לעבעדיקייט און פֿרישקייט פֿון זיין סטיל און צוליב דעם ענערגישן און רעוואָלוציאָנערן טאָן, וואָס אין זיי האָט זיך געהערט. טראָצקי האָט אין זיך געהאַט אַ ים רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, און ער האָט עס געזוכט וואו אַרויסצוברענגען. ער האָט דעריבער געאַרבעט אויף אַלע געביטן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער איז געווען אַן אַגיטאַטאָר, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, אַ שרייבער, אַ רייזנדער אַגענט — ער האָט געטאָן אַלץ, אין וואָס די באַוועגונג האָט זיך גענויטיקט.

דער שרייבער פֿון אָט די שורות האָט טראָצקין באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל אין 1903 אויף אַ רוסישער סטודענטן־פֿאַרזאַמלונג אין דער שווייץ, וואו טראָצקי האָט גערעדט, און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער זיך מיט אים געטראָפֿן אויף אַ רוסישער סטודענטן־פֿאַרזאַמלונג אין דייטשלאַנד, וואו טראָצקי איז געקומען האַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן „בונד". אין 1903 איז טראָצקי געווען נאָך ווייניק באַקאַנט אין די רוסישע „קאָלאָניעס", ווי מען פֿלעגט דאַן רופֿן די פֿאַרזאַמלונ־גען פֿון רוסישע סטודענטן און פּאָליטישע עמיגראַנטן אין אויסלאַנד. אין 1904 איז ער שוין געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערן.

עס איז דעמאָלט געווען די צייט, ווען דער קאַמף צווישן דער „איסקראַ" און צווישן דעם „בונד" איז געווען אין רעכטן ברען. דער קאַמף צווישן „איסקראַ" און „בונד" האָט אין די רוסישע „קאָלאָניעס" אין דייטשלאַנד, אין דער שווייץ און בעלגיע, אין פּאַריז און אין ווין פֿאַרדעקט אַפֿילו דעם קאַמף צווישן די מענשע־וויקעס מיט די באָלשעוויקעס. עס איז געווען די צייט, ווען דער „בונד" האָט אָנגעפֿאַנגען געווינען גרויס איינפֿלוס אויף דער יידישער סטודענטישער יוגנט און אויף דער יידיש־רוסישער אינטעליגענץ אין אַלגעמיין. די רוסישע סטו־דענטן־„קאָלאָניעס" אין אויסלאַנד זיינען צום גרעסטן טייל באַשטאַנען פֿון יידן, און צווישן די בונדיסטישע גרופּעס און „איסקראַ"־גרופּעס איז אָנגעגאַנ־גען אַ שטאַרקער קאַמף פֿאַר דעם איינפֿלוס צווישן דער סטודענטנשאַפֿט. עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אין יענער צייט איז דער „בונד" געשטאַנען

אויסערהאַלב דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דעם זומער פון 1903 און איז אַריינגעטראָטן צוריק אין דער פּאַרטיי זומער 1906).

טראָצקי האָט זיך מיט זיין גאַנצער היץ אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן „בונד". ער איז אָבער אויף דעם געביט געווען ניט איבעריקס דערפּאָלגרייך. ער האָט דעם „בונד" דעמאָלט צו ווייניק געקענט, איז ניט געווען באַקאַנט מיט דער בונדיסטישער ליטעראַטור, וועלכע איז געווען הויפּטזעכלעך אין יידיש, און ער איז אין אַלגעמיין געווען פרעמד פון יידישן לעבן און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ניט קוקנדיק אויף זיין גאַנצע אָראַטאָרישע קראַפט און זיין אַלגעמיינע טעאָרעטישע סאָציאַליסטישע פּאַרברייטונג, פלעגט ער שווער האַלטן גרונט, ווען עס פלעגן זיך אָנפּאַנגען די דעבאַטן נאָך זיינע רעפעראַטן, וועלכע ער האָט געהאַלטן וועגן „בונד". די דעבאַטן נאָך טראָצקיס רעפעראַט וועגן „בונד", אין וועלכע פּאַוועל בערמאַן און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָבן אָנטייל גענומען, האָבן אָנגעהאַלטן צוויי טעג, און דער עולם האָט געזאָגט, אַז דער זיג איז גיכער געווען אויף דער זייט פון בונדיסטן, ווי אויף טראָצקיס זייט. עס שיינט, אַז טראָצקי אַליין האָט געפילט, אַז ער איז ניט געגוג שטאַרק באַוואָפנט קעגן „בונד", ניט זייענדיק באַקאַנט מיט דער בונדיסטישער ליטעראַטור. ער האָט זיך דעריבער אָנגעפּאַנגען לערנען לייענען יידיש, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער האָט אָנגעפּאַנגען צו לייענען די בונדיסטישע ליטעראַטור אין יידיש. אָבער ווען טראָצקי האָט געקראָגן אַ בעסערע פּאַרברייטונג פאַר זיין קאַמף קעגן „בונד", האָט זיך אונטערגערוקט די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905, און טראָצקי האָט געהאַט אַ וויכטיקערע אַרבעט, ווי צו קעמפן קעגן „בונד".

עס איז דערביי אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אויסער צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון „בונד" איז טראָצקי צו דעם פּאָליטישן פּראָגראַם און צו דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון „בונד" געשטאַנען זייער נאָענט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין יאָר 1905, איז טראָצקי גלייך געווען אויפן קאַמפּס־פּלאַץ, און דורך זיין טעטיקייט אין דעם פּעטערבורגער סאָוויעט, אָנפּאַנגס אַלס אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע און נאָך דעם אַלס פּאַרזיצער פון סאָוויעט, איז טראָצקי געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע פיגור, איינער פון די הויפּט־פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע און דער באַליבטסטער צווישן זיי אַלע. דער פּעטערבורגער סאָוויעט האָט דעמאָלט עקזיסטירט בלויז 50 טעג, אָבער פאַר טראָצקין איז ער געווען די העכסטע רעוואָלוציאָנערע שול, וואו ער האָט באַקומען זיין פולשטענדיקע רעוואָלוציאָנערע רייפקייט און וואו עס האָבן זיך ביי אים אויסגעאַרבעט פעסטגעשטעלטע אידעען און מיינונגען וועגן דער אויפגאַבע פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און פון דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן אין רוסלאַנד, און וועלכע ער פירט איצט דורך אין רוסלאַנד אין דער פּראַקטיק.

ווען די רוסישע רעאַקציע האָט זיך צונויפגענומען מיט די כוחות און די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע איז אונטערדריקט געוואָרן, איז טראָצקי מיט די

איבעריקע מיטגלידער פֿון פּעטערבורגער סאָוועט, אַרעסטירט געוואָרן און אָפּ־זיצנדיק אַ יאָר צייט אין געפֿענגעניש, איז טראָצקי פֿאַרמשפּט געוואָרן פֿאַר־שיקט צו ווערן אויף זיין גאַנצן לעבן אין סיביר, און דעם 3טן יאַנואַר 1907 איז ער אונטער אַ העכסט־שטרענגער וואַך אַרויסגעשיקט געוואָרן אין דעם ווייטן קאַלטן צפֿון פֿון סיביר, אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם געגנט אָבדאָרסק, וואו ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו ענדיקן זיין לעבן. טראָצקין איז אָבער געלונגען צו אַנטלויפֿן פֿון מיטן וועג, איידער ער איז נאָך אָנגעקומען אין דעם ווייטן פֿאַרשיקונגס־פּלאַץ, וועלכן מען האָט פֿאַר אים באַשטימט. דאָס איז געווען אַ העכסט געוואַגטער און ריזיקאַלישער שריט, אָבער דער אומדערשראָקענער טראָצקי האָט אים דורכגעפֿירט. ער איז געפֿאָרן אין די פֿאַרשנייטע וויסטענישן פֿון סיביר אין אַ שליטן פֿון אַ סיבירישן אָסטיאַק געשפּאַנט מיט סיבירישע הירשן אַן ערך 800 וויאָרסט, און אונטערוואַרפֿנדיק זיך פֿאַרשיידענע געפֿאַרן איז ער אין אָנפֿאַנג פֿרילינג פֿון דעם זעלבן יאָר אַריבער די רוסישע גרענעץ און איז ווידער געווען פֿריי.

אָנקומענדיק אין אויסלאַנד, האָט טראָצקי זיך באַזעצט אין ווין, וואו ער איז פֿאַרבליבן ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן. ווען די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן האָט טראָצקי, אַלס רוסישער אונטערטאַן און „פֿיינט" פֿון עסטרייך, געמוזט מיט זיין פֿרוי און צוויי קינדער פֿאַרלאָזן ווין. ער איז מיט זיין פֿאַמיליע אַוועקגעפֿאָרן קיין ציריך, שווייץ, און ער האָט זיך דאָרטן באַזעצט. זייענדיק אין דער שווייץ האָט ער אָנגעשריבן אַ ביכל „די מלחמה און דער אינטערנאַ־ציאָנאַליזם", אין וועלכן ער קריטיקירט זייער שאַרף די דייטשע סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע פֿאַרוואָס זי האָט געשטימט פֿאַר דעם קריגס־בודזשעט, און ווענדעט זיך צו די דייטשע אַרבעטער מיט אַ שטאַרקן אויפֿרוף, אַז זיי זאָלן פֿאַרדאַמען די מלחמה און ניט פֿאַרראַטן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. דאָס ביכל איז פֿון דער שווייץ אַריינגעשמוגלט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און עסטרייך מיט דער הילף פֿון די שווייצאַרישע סאָציאַליסטן און איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַר־בעטער. פֿאַר דער דאָזיקער עבֿרה האָט אַ דייטשער געריכט פֿאַרמשפּט טראָצקין אונטער די אויגן צו אַ לאַנגן טערמין געפֿענגעניש. די פֿאַראורטיילונג איז אָבער בלויז געווען אַ „טעאָרעטישע", ווייל טראָצקי איז געווען אין דער שווייץ, וואו דער דייטשער געפֿענגעניש־אורטייל האָט אים ניט געקענט גרייכן.

פֿון ציריך איז טראָצקי אַוועקגעפֿאָרן אין פּאַריז, וואו ער האָט געהאָלפֿן רעדאַגירן אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג. די פֿראַנצויזישע רעגירונג האָט אים אָבער באַלד אויסגעוויזן פֿון פּאַריז און האָט אים געהייסן פֿאַרלאָזן פֿראַנקרייך. ער איז געפֿאָרן אין שפּאַניע, אָבער די שפּאַ־נישע רעגירונג האָט אים ניט דערלויבט זיך צו באַזעצן ביי איר אין לאַנד. טראָצקי האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין אַמעריקע, וואו ער האָט פֿאַרבראַכט עטלעכע מאָנאַטן און פֿון וואַנען ער איז אָנפֿאַנג זומער 1917, נאָך דעם ווי די רוסישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, אַוועקגעפֿאָרן קיין רוסלאַנד, מיט דער אויפֿגאַבע צו העלפֿן ברענגען די אמתע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וועלכע זאָל פֿירן דעם פּראָלעטאַריאַט צום פֿולשטענדיקן זיג און צו פֿולשטענדיקער מאַכט.

1919.

# פערדינאַנד לאַסאַל

אַ קורץ שטיקל נייעס אין די צייטונגען.

די עסטרייכישע רעגירונג האָט געהייסן אַראָפּרייסן פערדינאַנד לאַסאַלס מאָנומענט אין ווין.

אַ שטיקל נייעס אָן קאָמענטאַרן, אָן פּירושים. עס איז אויך ניט נויטיק. אַ מאָנומענט פון אַ סאָציאַליסט און פון אַ יידן קען פון אַן אַנטיסעמיש־פאַשיסטישער רעגירונג ניט געדולדעט ווערן. מען דאַרף זיך גיכער וואונדערן, וואָס די אַנטיסעמיטן און פאַשיסטן אין עסטרייך האָבן לאַסאַלס מאָנומענט שוין פריער ניט אַראָפּגעריסן.

עס קענען זיך אַרומרייסן צווישן זיך שושנינג מיט שטאַרהעמבערגן, און זיי ביידע מיט די נאַציס, פאַר דער רעגירונגס־מאַכט אין עסטרייך, אָבער אַלע אין איינעם האָבן זיי גלייך פיינט סאָציאַליסטן און יידן. און פערדינאַנד לאַסאַל איז דאָך געווען ביידע זאַכן — אַ ייד און אַ סאָציאַליסט. טאָ ווי קען זיינער אַ מאָנומענט שטיין אין דער איצטיקער ווין?

מיט קנאַפּע ניין יאָר צוריק, אין זומער פון 1928 איז פערדינאַנד לאַסאַלס מאָנומענט אויפגעשטעלט געוואָרן אין ווין. אַ שיינער, אַ שטאָלצער מאָנומענט, ווי עס פּאַסט פאַר לאַסאַלן. איך האָב אים געזען, ווען איך בין מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געווען אין ווין. איך האָב געקוקט אויף דעם מאָנומענט און געטראַכט וועגן דעם גרויסן פּראָגרעס, וואָס מיר האָבן געמאַכט. אַ מאָנומענט פאַר פערדינאַנד לאַסאַלן אין דער שטאָט ווין, וואָס איז נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק אַזוי באַרימט געווען מיט איר רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם! וואָס פאַראַ געוואַלדיקע איבערקערעניש! איצט איז די רויטע ווין — די שטאָט פון סאָציאַליזם און פּראָגרעס און פון פרייהייט. און וואָלט מיר דעמאָלט איינער געזאָגט, אַז עס וועט ניט לאַנג דויערן און ווין וועט ווערן צוריק רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיטיש, נאָך רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער ווי געווען, און אַט דער שיינער, שטאָלצער פערדינאַנד לאַסאַל־מאָנומענט וועט אַראָפּגעריסן ווערן, וואָלט איך עס באַטראַכט פאַר אַן אומזין. אמת, עס האָבן זיך שוין דעמאָלט מאָביליזירט די כּוחות פון דער רעאַקציע אין עסטרייך, די פאַשיסטישע שלאַנג האָט שוין אָנגעפאַנגען ווייזן אירע גיפטיקע ציין, אָבער ווער האָט עס דעמאָלט געקענט גלייבן, אַז זי קען זיגן? און ווער האָט עס געוואָלט אַפילו צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די רויטע ווין קען צוריק ווערן שוואַרץ, און נאָך שוואַרצער ווי געווען?

און איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף פערדינאַנד לאַסאַלס מאָנומענט אין דער רויטער ווין, און האָב געטראַכט: מען האָט אַ טעות געמאַכט, ווען מען האָט געגלייבט, אַז לאַסאַל איז שוין כּמעט ווי פאַרגעסן ביי די דייטשע אַרבעטער. ניין, זיי האָבן אים גאָרניט פאַרגעסן. זיי געדענקען אים נאָך היינט און ליבן אים און פאַרערן ניט ווייניקער ווי אַמאָל.

מאַרקס און לאַסאַל זיינען צוויי נעמען, וועלכע זיינען שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז די געוויינלעכע פּאָר — מאַרקס און ענגעלס. מיט מאַרקסן גייט אין רוסלאַנד שטענדיק ענגעלס. זעלטן — לאַסאַל. אין דייטשלאַנד גייט מערסטנס מאַרקס מיט לאַסאַלן. ענגעלס — אַ סך זעלטענער. אין דייטשע אַרבעטער־הייזער, אין סאָציאַליסטישע קוואַרטירן, אין ביר־ווירטשאַפטן, וואו סאָציאַליסטן פלעגן זיך צונויפקומען, פלעגן הענגען כמעט אומעטום זייט ביי זייט מאַרקס און לאַסאַל. ענגעלסן פלעגט מען טרעפן אַ סך זעלטענער. אין אַרבעטער־הייזער זיינען אַפילו די בילדער פון לאַסאַלן געווען מער בנמצא, ווי די בילדער פון מאַרקסן. די דייטשע אַרבעטער באַטראַכטן מאַרקסן און לאַסאַלן פאַר גלייכע גרינדער פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין וועלכער פערדינאַנד לאַסאַל האָט ניט קיין קלענערן חלק ווי קאַרל מאַרקס. און וואָס איז שייך צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד גופא, פלעגן די דייטשע אַרבעטער רעכענען, אַז לאַסאַל האָט אין איר מער חלק ווי קאַרל מאַרקס.

נאָר צונויפפאַרנדיק מאַרקסן מיט לאַסאַלן, קען מען דאָך צווישן זיי געפינען קליינע ענלעכקייט. דער איינציקער פאַרגלייך, וואָס מען קען צווישן זיי געפינען, איז, אַז ביידע זיינען געווען געניאַלע מענטשן. ווער עס איז געווען גרעסער, געניאַלער, איז שווער צו זאָגן. אויסער זייער גרויסקייט אָבער, קען מען בלויז צווישן זיי געפינען פאַרשיידנהייטן, אומגלייכקייטן און אומענלעכקייטן.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן ענלעכקייטן און גלייכקייטן, איז שוין ענגעלס אַ פאַסענדערע פּאָר צו מאַרקסן ווי לאַסאַל. ענגעלסן קען מען ניט פאַרגלייכן מיט מאַרקסן. קיינער האָט אים אַפילו ניט פּראָבירט פאַרגלייכן. אָבער די ענלעכקייט צווישן זיי איז אַ גרויסע. די גרויסע ענלעכקייט איז געקומען דערפון, וואָס ענגעלס האָט זיך געגעבן אַלע מי צו זיין ענלעך צו מאַרקסן. און ער האָט עס אַזוי ווייט געבראַכט, אַז ער איז געוואָרן אַ טייל פון אים.

ווען מען לייענט וועגן מאַרקסן און ענגעלסן, געפינט מען אין ערגעץ ניט, אין וואָס זיי טיילן זיך איינער פון דעם אַנדערן אָפּ, אָדער אין וואָס זיי אונטערשיידן זיך. עס איז קיינעם גאָר ניט איינגעפאַלן צו אונטערזוכן, צי עס איז פאַראַן צווישן זיי אַן אונטערשייד. ענגעלס גייט שטענדיק צוזאַמען מיט מאַרקסן, ער איז אַלע מאָל מסכים מיט אים. ענגעלס האָט זיך צונויפגעשמאָלצן מיט מאַרקסן, אַליין עקזיסטירט ער ניט.

ווען מען רעדט אָבער וועגן מאַרקס און לאַסאַל, זוכט מען גלייך דעם אונטערשייד צווישן זיי. וואו קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל ווערן נאָר דערמאָנט צוזאַמען, רעדט מען נאָר שטענדיק וועגן זייערע פאַרשיידנקייטן, אָבער ניט וועגן זייערע ענלעכקייטן. ביידע האָבן אַרויסגעשטאַמט פון איין פאָלק, ביידע זיינען געוואַקסן אין איין לאַנד, ביידע זיינען געווען געניאַלע מענטשן, ביידע זיינען געווען גרינדער פון איין באַוועגונג.

און די ערשטע זאַך, וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מען קומט צו מאַרקס און לאַסאַל, איז ניט די ענלעכקייט זייערע, נאָר זייער אונטערשייד.

קאַרל מאַרקס איז געווען דער טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, פערדינאַנד לאַסאַל איז געווען דער קעמפער פאַר סאָציאַליזם. מאַרקס איז געווען דער פּראָפּאַגאַנדיסט; לאַסאַל איז געווען דער אַגיטאַטאָר. מאַרקס איז געווען אַ בוך־

מענטש, אַ פֿאָרשער, אַ גריבלער, אַ קאַבינעט־מענטש; לאַסאַל איז געווען אַ טוער, אַ כּלל־מענטש, אַ פּאָליטיקער, אַ געזעלשאַפֿטלעכער פֿירער; מאַרקס איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענער, אַ באַשיידענער, לאַסאַל איז געווען אַ שטאָלצער, אַן אַמביציעזער.

אָט אַזוי פֿאַנגט מען געוויינלעך אָן אונטערצושיידן צווישן קאַרל מאַרקסן און פֿערדינאַנד לאַסאַלן, ווען מען דערמאָנט זייערע נעמען צוזאַמען, און וואָס ווייטער געפֿינט מען אַלץ מער פֿאַרשיידנהייטן און אומענלעכקייטן צווישן זיי ביידע.

אַפֿילו אין זייער יידישקייט געפֿינט מען אָן אונטערשייד. ווען פֿראַנץ מערינג גיט אין זיין „געשיכטע דער דויטשען סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" אַ כאַראַקטעריסטיק וועגן פֿערדינאַנד לאַסאַל, פֿאַנגען זיך די ערשטע ווערטער אָן מיט דעם אונטערשייד צווישן לאַסאַלן און מאַרקסן אין זייער יידישער אָפּשטאַמונג.

ביי פֿראַנץ מערינג, וואָס האָט געהאַט זיין פֿאַרשטעלונג וועגן יידנטום פֿון זיין באַקאַנטשאַפֿט מיט די יידן פֿון דייטשלאַנד פֿון דער צייט, ווען כּמעט אַלע זיינען זיי געווען הענדלער און געלט־מענטשן, איז דאָס וואָרט יידנטום ניט קיין גרויסער קאָמפּלימענט. ער פֿאַנגט אָן זיין כאַראַקטעריסטיק פֿון קאַרל מאַרקס און פֿערדינאַנד לאַסאַל בנוגע זייער יידישער אָפּשטאַמונג מיט די פֿילזאָגנדיקע ווערטער:

„פֿיל מער ווי מאַרקס האָט לאַסאַל געהאַט צו ליידן פֿון דער טויזנט־יעריקער פֿאַמיליען־צרה, פֿון דער פּלאָג, וואָס איז מיטגעשלעפּט געוואָרן פֿון דעם ניל־טאָל, פֿון דער אַלט־עגיפּטישער רעליגיע. אין דעם זעלבן לעבנס־עלטער, ווען מאַרקס האָט זיך שוין געפֿונען אויף דער גייסטיקער הויך פֿון דער דייטשער בירגעלעכער געזעלשאַפֿט, האָט זיך לאַסאַל געפֿונען אויף דעם לייפּציגער יאַריד אין דער געזעלשאַפֿט פֿון רוסישע און פּוילישע שאַכער־מאַכער יידן."

און פֿראַנץ מערינג זעצט פֿאָר:

„אמת, טאַקע, לאַסאַלס פֿאָטער איז געשטאַנען העכער פֿון די אָרומיקע פֿאַרגרעבטע יידן. ער האָט אַפֿילו באַלאַנגט צום רעפֿאָרם־יידנטום, אָבער דאָס רעפֿאָרם־יידנטום איז נאָך אַלץ אַ יידנטום."

און ווייטער:

„פֿערדינאַנד בלייבט טריי צום יידנטום, ווען אַפֿילו ער האָט שוין אָנגעפֿאַנגען צו פֿאַראַכטן דאָס צערעמאָניאַלע יידנטום. ער טראָגט זיך אַרום מיט געדאַנקען וועגן דעם יידישן פֿאָלק, ווען ער זאָל אַפֿילו דאַרפֿן גיין אויפֿן עשאַפֿאָט פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק."

מערינג ציטירט דערביי לאַסאַלס פֿאָלגנדע ווערטער:

„אָ, ווען איך דערמאָן זיך אָן מיינע קינדערשע טרוימען, איז עס שטענדיק געווען מיין ליבלינג־אידעע זיך צו שטעלן בראש פֿון דעם יידישן פֿאָלק און מיט וואָפֿן אין די הענט אים צו מאַכן זעלבסט־שטענדיק."

מערינג באַצייכנט די דאָזיקע טרוימען אַלס „טעאַטראַלישער מאַקאַבעער־טום", וואָס האָט דעם יונגן איינגעבילדעטן לאַסאַל אומדערטרעגלעך געמאַכט דאָס לעבן אין דער ברעסלאַוער גימנאַזיע.

און ווען לאַסאַל איז שוין אַפילו עלטער געוואָרן, באַמערקט מערינג, און האָט זיך דערווייטערט פון יידנטום, האָט ער זיך ניט געקענט באַפרייען פון דעם, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין זיינע יוגנט־יאָרן, אין די ערשטע פופצן יאָר פון זיין לעבן.

דער אונטערשייד צווישן לאַסאַל און מאַרקס איז, אַלזאָ, צום אַלעם ערשט, וואָס מאַרקס איז געווען פולשטענדיק פריי פון יידנטום, בעת לאַסאַל האָט זיך אין גאַנצן פון יידנטום קיין מאָל ניט געקענט באַפרייען. דער ייד איז אין אים געבליבן זיצן, ווען ער איז שוין אַפילו געווען גאַנץ ווייט פון יידנטום.

אויף וויפל פראַנץ מערינג איז גערעכט אין דער אָפּשאַצונג פון לאַסאַלס און מאַרקס' יידישקייט, איז זיך אַן אַנדער פראַגע. אַנדערע דענקען, אַז עס איז גראָד אומגעקערט דער פאַל. אין מאַרקסן איז געבליבן דער ייד אַ סך פעס־טער זיצן ווי אין לאַסאַלן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס קאַרל מאַרקס איז געטויפט געוואָרן פון זיינע עלטערן אין זיינע קינדערשע יאָרן, בעת לאַסאַל איז געבליבן אַ ייד ביז צו זיין טויט. און וואָס איז שייך צו דער דערציאונג, האָט דער ניט־געטויפטער לאַסאַל געקראָגן פונקט אַזאַ דייטשע, ניט־יידישע דער־ציאונג, ווי דער געטויפטער מאַרקס. דער אונטערשייד איז נאָר געווען אין דער אומגעבונג, אין דער סביבה, אין וועלכער זיי האָבן זיך דערצויגן. מאַרקס איז אויפגעוואַקסן אין דער פאַמיליע פון אַן אויפגעקלערטן, געטויפטן יידישן אַד־וואָקאַט, בעת לאַסאַל איז אויפגעוואַקסן אין דער פאַמיליע פון אַן אויפגעקלערטן יידישן קויפמאַן. דער פאָטער פון קאַרל מאַרקס האָט זיך געפילט געצוואונגען צו טויפן, ווייל אין יענער צייט האָט אַ ייד אין דייטשלאַנד געהאַט גרויסע שווע־ריקייטן צו פּראַקטיצירן יוריספּרודענץ. לאַסאַלס פאָטער איז געווען אַ רייכער זיידן־הענדלער און ער האָט זיינע געשעפטן געקענט פירן בלייבנדיק אַ ייד. ווער פון זיי ביידע איז געווען פרייער אין געדאַנקען, דער פאָטער פון קאַרל מאַרקס אָדער דער פאָטער פון פערדינאַנד לאַסאַל, איז שווער צו זאָגן, אין איין פאַל אָבער, קען מען זען, אַז לאַסאַלס פאָטער איז געווען אַ פרייערער און ברייטע־רער מענטש ווי דער פאָטער פון קאַרל מאַרקס. דער פאָטער פון לאַסאַל האָט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל שטודירן יוריספּרודענץ אָדער מעדיצין. לאַסאַל האָט אָבער דערקלערט זיין פאָטער, אַז ער וויל ניט שטודירן צוליב געלט און מסחר, און ער באַטראַכט מעדיצין און יוריספּרודענץ אַלס אַ שטודיום, וואָס זיין גע־ווינלעכער ציל איז געלט. ער וויל דעריבער שטודירן פילאָזאָפיע און געשיכטע, אַ שטודיום, פון וועלכן מען קען קיין מאַטעריעלן נוצן ניט האָבן. לאַסאַלס פאָטער האָט גלייך נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון זיין זון. קאַרל מאַרקס האָט אויך ניט געוואָלט שטודירן קיין יוריספּרודענץ, אויך ער האָט געוואָלט בעסער שטודירן פילאָזאָפיע און געשיכטע. זיין פאָטער אָבער, האָט אים געצוואונגען צו שטודירן יוריספּרודענץ. דאָס „פּראַקטישע יידנטום" ווי מערינג וואָלט עס אָנגערופן, איז, אַלזאָ, געווען שטאַרקער פאַרטראָטן אין דעם יידישן פאָטער פון מאַרקסן איידער אין דעם יידישן פאָטער פון לאַסאַלן. אַלנפאַלס האָט דער

פֿאָטער פֿון קאַרל מאַרקס ניט געקענט זיך פֿאַרוואַנדלען פֿון אַ „פּראַקטישן יידן" אין אַן „אידעאַלן קריסט" דורך דער טויף־שיין, וואָס ער האָט אַרויסגענומען.

דער אונטערשייד אין דער באַציאונג צום יידנטום פֿון קאַרל מאַרקס און פֿון פֿערדינאַנד לאַסאַל דערקלערט זיך פֿיל מער דערמיט, וואָס קאַרל מאַרקס האָט פֿון זיין מיטגעבוירענער יידישקייט ניט געליטן, בעת פֿערדינאַנד לאַסאַל האָט יאָ געליטן. קאַרל מאַרקס האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן אַפֿילו ניט געדאַרפֿט טראַכטן וועגן יידישקייט און וועגן יידן, בעת לאַסאַל האָט עס יאָ געמוזט טאָן. זיינע חברים אין גימנאַזיע האָבן אים עס צו אָפֿט דערמאָנט. און זייענדיק אַמביציעז, טעמפּעראַמענטפֿול און מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן געפֿיל פֿון שטאָלץ, האָט לאַסאַל אָנגעפֿאַנגען צו טראַכטן וועגן אַ זעלבשטענדיקן יידישן פֿאָלק. עס האָט זיך ביי אים ניט געהאַנדלט וועגן „טעאַטראַלישעס מאַקאַבעער־טום", וועגן ריטערלעכע העלדנטאַטן, ווי פֿראַנץ מערינג טייטשט עס אויס. עס האָט זיך געהאַנדלט ביי אים וועגן זיין אייגענעם שטאָלץ, וועגן זיין אייגע־נער ווירדע. ער, לאַסאַל, טאָר ניט זיין קיין זון פֿון אַ פֿאַראַכטעטן פֿאָלק; ער, לאַסאַל, מוז זיין אַ זון פֿון אַ חשובן, געערטן און געאַכטעטן פֿאָלק. און דעריבער דאַרף ער, מיט וואָפֿן אין דער האַנט, מאַכן דאָס יידישע פֿאָלק זעלבשטענדיק און געאַכטעט. זיינע יוגנט־טרוימען וועגן יידישן פֿאָלק זיינען אַרויסגעוואַקסן פֿון זיין אייגענעם „איך" און האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום זיין אייגענעם „איך". די דאָזיקע יידישע טרוימען זיינען אַרויסגעוואַקסן פֿון זיין אייגענעם „איך" פּונקט ווי דער קאַמף פֿאַר דעמאָקראַטיע איז אַרויסגעוואַקסן פֿון זיין אייגענעם „איך". לאַסאַל האָט עס אייגנטלעך אַליין דערקלערט. „ווען איך וואָלט געבוירן געוואָרן אַ פּרינץ," האָט לאַסאַל געזאָגט, „וואָלט איך מיט ציין און נעגל געקעמפֿט פֿאַר אַריסטאָקראַטיע, איך בין אָבער געבוירן געוואָרן אַן איינפֿאַכער בירגער און קעמף דעריבער פֿאַר דעמאָקראַטיע."

און אין דעם אייגנטלעך ליגט דער הויפּט־אונטערשייד צווישן קאַרל מאַרקס און פֿערדינאַנד לאַסאַל. מאַרקס וואָלט געקומען צו דעם קאַמף פֿאַר דעמאָקראַטיע ווען ער וואָלט אַפֿילו געבוירן געוואָרן אַ פּרינץ. מאַרקס איז געקומען צום סאָציאַליזם דורך פֿאָרשן, דענקען און שטודירן. לאַסאַל איז צו אים געקומען דורך זיין אימפּולס, דורך זיין טעמפּעראַמענט, דורך זיין פּערזענלעכקייט און שטאָלץ. קאַרל מאַרקס איז דעריבער געבליבן דער פֿאָרשער, דער טעאָרעטיקער, דער סאָציאַליסטישער לערער, בעת פֿערדינאַנד לאַסאַל איז געווען דער קעמפֿער, דער באַן־ברעכער, דער פֿירער.

און ווען מען זוכט שוין יאָ דעם יידן פֿון יענער צייט, ווען קאַרל מאַרקס און פֿערדינאַנד לאַסאַל האָבן געלעבט, דאַן געפֿינט מען אים גיכער ביי די פֿאַר־שטויבטע ספֿרים איידער אין דעם קאָכנדן קאַמף. מען געפֿינט אים דעריבער מער אין קאַרל מאַרקס, דעם בוך־מענטשן, איידער אין פֿערדינאַנד לאַסאַל דעם קעמפֿער.

לייענט מען לאַסאַלס ווערק, זיינע רעדעס, די געשיכטע פֿון זיין קורצן שטורעמדיקן לעבן, פֿון זיינע קאַמפֿן, פֿון זיינע ראָמאַנען און פֿון זיין טראַגישן טויט, דאַן קען מען אין אים גיכער געפֿינען אַ רוימער, איידער אַ ייד. לייענט מען

אָבער די ווערק פֿון קאַרל מאַרקס און לייענט מען זיין לעבנס־געשיכטע, דאַן געפֿינט מען אים איז גיכער דעם ייד, איידער דעם דייטש.

לאַסאַל איז אויך געווען אַ גרויסער געלערנטער און אַ פֿאָרשער. ער האָט אַפֿילו אַרויסגעוויזן גרויסע גאונות אַלס פֿילאָזאָף, היסטאָריקער און יוריסט. אָבער דאָס איז געווען ביי אים ניט דער עיקר. ער האָט געהאַט אַ גאונישן קאָפּ, אַ געוואַלדיקע אַמביציע. האָט ער אויך באַוויזן, אַז ער קען אויך זיין אַ גרויסער געלערנטער, ווען ער וויל. וויכטיק ביי אים איז אָבער ניט דאָס בוך, ניט די טעאָריע, נאָר דער קאַמף און דער רעזולטאַט פֿון קאַמף. ער איז צו אַלעם ערשט אַ טוער, אַ פּאָליטיקער און אַ קעמפּער.

אין אַ בריוו צו ענגעלסן אין יאָר 1859, שרייבט לאַסאַל:

„איך וואָלט בעסער געלאָזן אַ סך ניט אָנגעשריבן פֿון דעם, וואָס איך ווייס, ווען עס וואָלט אונדז געלונגען עטוואָס פֿון דעם צו טאָן וואָס מיר קענען".

אָט די ווערטער כאַראַקטעריזירן לאַסאַלן אַמבעסטן. קאַרל מאַרקס האָט עס ניט געקענט זאָגן. ביי קאַרל מאַרקסן איז געווען די ערשטע זאַך אָנשרייבן, וואָס ער ווייס, און נאָך דעם זען, וואָס עס קען געטאָן ווערן. צו אַלעם ערשט קומט ביי מאַרקסן די טעאָריע. ביי אים קומט אין אָנפֿאַנג דאָס וואָרט און נאָך דעם די טאַט; ביי לאַסאַלן איז אָבער די טאַט דאָס וויכטיקסטע, דאָס וואָרט מעג שפּעטער קומען. ער איז גרייט אין גאַנצן צו אָפּפֿערן דאָס וואָרט פֿאַר דער טאַט.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן אייביקייט, האָט מאַרקס זיך מיט איר געוויס מער פֿאַרזיכערט, ווי לאַסאַל.

ווען די סאָצ.־באַוועגונג אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעפֿאַנגען און מיט איר קאַמף צווישן די אָנהענגער פֿון לאַסאַלן און די אָנהענגער פֿון מאַרקס, איז לאַסאַלס נאָמען און ניט דערנאָמען פֿון מאַרקס אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף דער באַוועגונג. די אָנהענגער פֿון לאַסאַל האָבן זיך גערופֿן לאַסאַל־יאַנער, בעת די אָנהענגער פֿון מאַרקסן האָבן זיך ניט גערופֿן מאַרקסיסטן, נאָר אייזענאַכער *. דאָס איז געווען בלויז פֿאַר אַ קורצער צייט; ווען דער מאָמענט איז אָבער אַריבער, ווען עס איז געקומען די אויסדויער, איז געבליבן מאַרקס. עס זיינען פֿאַראַן מאַרקסיסטן, אָבער ניט קיין לאַסאַליאַנער. עס איז פֿאַראַן אַ מאַרקסיסטישע טעאָריע, אָבער ניט קיין לאַסאַליאַנישע.

מאַרקס האָט געשאַפֿן די טעאָריע פֿאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, לאַסאַל האָט געשאַפֿן איר טאַקטיק, איר פּאָליטיק. די טעאָריע פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרן אַלוועלטלעך, אינטערנאַציאָנאַל. די טאַקטיק און די פּאָליטיק איז מער לאָקאַל און קען ניט ווערן אינטערנאַציאָנאַל. די אַרבעט פֿון מאַרקסן איז געווען מער צוגעפּאַסט פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע לענדער; די אַרבעט פֿון לאַסאַלן איז געווען מער צוגעפּאַסט פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון דייטשלאַנד.

פֿראַנץ מערינג אַנאַליזירנדיק און פֿאַרגלייכנדיק לאַסאַלן מיט מאַרקסן, געפֿינענדיק אין דעם ערשטן — דעם יידן, די ירושה פֿון דער „אַלט־עגיפּטישער

---

* אויפֿן נאָמען פֿון דער שטאָט אייזענאַך, וואו דער קאָנגרעס פֿון די מאַרקסיסטן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

פלאַג״, וואָס איז אַזוי פֿרעמד דער דייטשער קולטור, און געפֿינענדיק אין דעם צווייטן אַ פֿולשטענדיק באַפֿרייטן מענטשן פֿון יידנטום, האָט אַליין ניט באַמערקט די איראָניע פֿון שיקזאַל, אַז גראַד איז דער „יידישער״ לאַסאַל טיפֿער אריינגע־דרונגען אין דעם דייטשן לעבן, ווי דער „ניט־יידישער״ מאַרקס. לאַסאַל איז געווען דייטשער ווי מאַרקס.

מאַרקס איז געוואָרן דאָס אייגנטום פֿון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט. מאַרקס איז היינט אַזוי רוסיש, אַזוי אַמעריקאַניש, אַזוי פֿראַנצויזיש און אַזוי ענגליש ווי דייטש. לאַסאַל איז אָבער נאָך היינט אויך מער אייגנטום פֿון דייטשן פּראָ־לעטאַריאַט, ווי פֿון אינטערנאַציאָנאַלן.

מאַרקס האָט זיין אייביקייט געוואונען. זיין סאָציאַליסטישע טעאָריע איז אויס־געשטאַנען אַלע קריטיקן, און זי איז אין אַלגעמיין, אין איר עצם, אין איר יסוד, געבליבן פֿעסט. אַלע ווילן באַווייזט זיך אַ נייער קריטיקער, וואָס „רייסט אַראָפּ״ מאַרקסן און „באַווייזט״ ווי פֿאַלש זיין טעאָריע איז, אָבער די קריטיקער ווערן פֿאַרגעסן און די סאָציאַליסטישע טעאָריע פֿון קאַרל מאַרקס בלייבט. און עס איז דער בעסטער באַווייז פֿאַר דער פֿעסטקייט פֿון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע פֿון קאַרל מאַרקס, וואָס אַלע ווילע דאַרף מען האָבן אַ נייעם קריטיקער איר „אַראָפּצורייסן״.

פֿראַנץ מערינג האָט געזאָגט, אַז דעם גרויסן אונטערשייד צווישן קאַרל מאַרקסן און פֿערדינאַנד לאַסאַלן קען מען זען, וואָס מאַרקס האָט נאָך זיין טויט נאָך שטאַרקער אָנגעפֿאַנגען לעבן, אָבער לאַסאַל איז נאָך זיין טויט אַלץ מער געשטאָרבן. אין אָנפֿאַנג האָט דאָס טאָקע אַזוי געשיינט צו זיין, שפּעטער אָבער האָט לאַסאַל אָנגעפֿאַנגען צוריק לעבעדיק ווערן ביי דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט און ווייטער אַלץ מער.

איך ווייס ניט, וואָס איך וואָלט געטראַכט, ווען איך וואָלט געשטאַנען איצט און געקוקט אויף דעם אַראָפּגעריסענעם מאָנומענט פֿון פֿערדינאַנד לאַסאַל. איך שטעל זיך פֿאָר, אַז מיינע געדאַנקען וואָלטן געווען אַ ביסל אַנדערש. מען טראַכט אַנדערש אין אַ געדריקטער שטימונג ווי אין אַ געהויבענער. אָבער איך בין דאָך זיכער, אַז דער נאָמען לאַסאַל וועט דאָך לאַנג איבערלעבן די נעמען פֿון די, וואָס עס הערשן איצט אין עסטרייך און וואָס האָבן זיין מאָנומענט געהייסן אַראָפּ־רייסן. דאָס אויפֿשטעלן פֿון לאַסאַלס מאָנומענט אין ווין איז געווען דער אויס־דרוק פֿון אַ ליכטיקן פּעריאָד אין דעם לעבן פֿון עסטרייך. דאָס אַראָפּרייסן פֿון לאַסאַלס מאָנומענט איז דער אויסדרוק פֿון דעם פֿינצטערן .פּעריאָד אין דעם לעבן פֿון עסטרייך. אָבער אין דעם קאַמף צווישן ליכט און פֿינצטערניש וועט ענדלעך דאָך זיגן ליכט.



# אַ יובילײ פֿון אַ מאָנומענט

(ה. הײנע)

קען מען און מעג מען פֿײַערן אַ יובילײ פֿון אַ מאָנומענט? אויב יאָ, וואָלט איך וועלן פֿײַערן דעם 50יעריקן יובילײ פֿון דעם מאָנומענט פֿון מײַן באַליבסטן פּאָעט, הײנריך הײנע, וועמעס לידער איך לײען נאָך הײַנט מיט דער גרעסטער באַוואונדערונג.

מיר דאַכט, אַז עס איז דער אײנציקער הײנריך הײנע־מאָנומענט, וואָס איז איצט פֿאַראַן. די הײנע־מאָנומענטן, וואָס זײַנען אין דער צײַט פֿון דער ווײמאַרער רעפּובליק אויפֿגעשטעלט געוואָרן אין דײַטשלאַנד, האָט היטלער צעשטערט, און מיר איז ניט באַקאַנט, אויב עס איז איצט פֿאַראַן ערגעץ אַ הײנע־מאָנומענט, אויסער דעם, וואָס איך וויל פֿײַערן זײַן 50יעריקן יובילײ.

דער מאָנומענט געפֿינט זיך נאָענט פֿון דעם הויז, וואו איך וווין. ער שטײט אין דעם קלײנעם קילמער פּאַרק בײַ גרענד קאָנקאָרס און דער 164סטער גאַס, און יעדעס מאָל, וואָס איך גײ אים פֿאַרבײַ, גיב איך אַ קוק אויף אים. איך האָב זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט.

איך ווײס ניט וויפֿל פֿון די, וואָס וואוינען אין דער שכנהשאַפֿט פֿון קילמער פּאַרק און פֿון די, וואָס זיצן אין אים אָפֿט גאַנץ געדיכטע, ווײסן, אַז עס איז אַ הײנריך הײנע־מאָנומענט. געוויס מוזן אַ סך באַמערקן אויף דעם מאָנומענט די ווערטער „הײנריך הײנע", אָבער איך בין זיכער, אַז ניט אַלע פֿון זײ ווײסן ווער ער איז און וואָס פֿאַראַ שײכות עס האָט צו אים די גרויסע, ווײסע מאַר־מאָרנע סטאַטוע, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דרײַ נימפֿן, וועלכע קוקן אַרויף צו אַ שײנער יונג־פֿרוי, וואָס קעמט אירע לאַנגע פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע האָר מיט עטוואָס, וואָס איז ענלעך צו אַ קאַם.

געוויס זײַנען פֿאַראַן צווישן די באַזוכער פֿון קלײנעם קילמער פּאַרק אויך אַזעלכע, וואָס ווײסן, אַז הײנריך הײנע איז געווען אײנער פֿון די גרעסטע און באַרימטסטע דיכטער פֿון דײַטשלאַנד, אַז ער איז געווען אַ ייד און אַז די גרויסע, ווײסע מאַרמאָרנע סטאַטוע פֿאַרקערפּערט זײַן באַרימטע „לאָרעלײַ", דאָס פּאָפּולערסטע און דאָס דײַטשסטע ליד פֿון דײַטשן פֿאָלק, אָבער איך גלויב, אַז זײער צאָל איז אַ גאַנץ קלײנע.

דער קינסטלער, וואָס האָט דעם מאָנומענט געשאַפֿן, אַ גרויסער פֿאַר־ערער און באַוואונדערער פֿון הײנען, האָט געזוכט אַ פּלאַץ אין דײַטשלאַנד אויפֿצושטעלן די סטאַטוע. אָבער מיט פֿופֿציק יאָר צוריק האָט אין דײַטש־לאַנד געהערשט קײזער ווילהעלם דער צווײטער און עס איז דאָרטן דעמאָלט געווען אוממעגלעך צו געפֿינען אַ פּלאַץ פֿאַר הײנעס אַ מאָנומענט. די פּראָ־גרעסיווע און ראַדיקאַלע דײַטשן, יידישע און גוײשע, פֿון דער שטאָט ניו־יאָרק האָבן פֿאַרלאַנגט פֿון די דעמאָלטדיקע שטאָט־טאַטעס, אַז זײ זאָלן דער־לויבן אַ שטיקל פּלאַץ פֿאַר דעם מאָנומענט פֿון דעם באַרימטן הײמלאָזן דיכטער. עס זײַנען אָבער געווען רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע דײַטשן, וואָס זײַנען געווען קעגן דעם. כּדי יוצא צו זײַן פֿאַר בײדע צדדים, האָבן די ניו־יאָרקער שטאָט־טאַטעס דעם פֿאַרלאַנג פֿון די הײנע־פֿאַרערער נאָכגעגעבן, אָבער דער

פלאַץ, וואָס זיי האָבן באַשטימט, איז געווען ערגעץ ווייט אַוועק אין אַ פּאַר־וואַרפֿענעם ניט באַוואוינטן געגנט, כּדי דער מאָנומענט זאָל נישט שטעכן די אויגן פֿון די דייטשע רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן.

ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע, וואָס דאָס מיינט ניו־יאָרק, איז היי־נעס מאָנומענט געווען איינע פֿון די ערשטע זאַכן, וואָס מען האָט מיך געפֿירט אָנקוקן. עס איז געווען אַ גרויסער היינע־פֿאַרערער, וועלכער האָט מיך געפֿירט צו אים. און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער האַלט עס פֿאַר אַ מצווה צו ברענגען וואָס מער באַזוכער צו היינעס מאָנומענט.

מיר האָט זיך אָפּגעדזשט, אַז דער וועג איז זייער אַ לאַנגער, אַז עס איז זייער ווייט און ווען איך בין ענדלעך צו דעם מאָנומענט געקומען, האָט עס מיר אויסגעוויזן, אַז ער געפֿינט זיך גאַנץ ווייט הינטער דער שטאָט, ווי עפּעס אין אַ וויסטעניש.

און עס האָט טאַקע פּאַסירט, אַז אַנטיסעמיטישע וואַנדאַלן האָבן זיך באַנוצט דערמיט, וואָס דער מאָנומענט געפֿינט זיך אין אַזאַ ווייטן, אומבאַוואוינטן געגנט. זיי זיינען איינמאָל געקומען ביינאַכט און האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף אים. זיי האָבן מאַנכע טיילן פֿון אים צעבראָכן און אַנדערע שטאַרק באַשעדיקט. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז דער מאָנומענט איז פֿאַרריכט געוואָרן און געבראַכט געוואָרן צו זיין פֿריערדיקן אויסזען. כּדי צו פֿאַרהיטן אַ צווייטן פּאָגראָם, האָט די ניו־יאָרקער רעגירונג אַוועקגעשטעלט אַ וועכטער ביים מאָ־נומענט. די וואַך איבער דעם היינע־מאָנומענט האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר ביז די געגנט איז באַבויט געוואָרן. און עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזן, אַז די פֿריערדיקע ווייטע, פֿאַרוואָרפֿענע און פֿאַרוואַרלאָזטע געגנט איז געוואָרן איינער פֿון די פּראָמינענטסטע און שענסטע, באַבויטע פּלעצער פֿון גרויס־ניו־יאָרק — עס איז גרענד קאָנקאָרס. און עס איז משמעות אויך אַזוי באַשערט געווען, אַז די געגנט זאָל ווערן אַ יידישע און אַז די באָראָ (בראָנקס) צו וועל־כער די געגנט באַלאַנגט זאָל האָבן אַ יידישע מאַיאָריטעט פֿון איר באַפֿעל־קערונג. איך גלויב, אַז ווען היינע וואָלט עס קענען זען, וואָלט ער זיין צופֿרידן און ער וואָלט דערביי זיכער געזאָגט אַ גוטן וויץ.

נאָר ווען דער פּלאַץ אַרום היינעס מאָנומענט איז געוואָרן אַזוי פּראָמינענט, איז דער מאָנומענט מער שוין נישט געווען דער אייציקער אין דער וועלט. אין דער צייט פֿון דער ווײמאַרער רעפּובליק זיינען אין דייטשלאַנד אויפֿגעשטעלט געוואָרן אייניקע היינע־מאָנומענטן. אין 1931 האָט מען אין דייטשלאַנד ניט בלויז גאַנץ גרויס געפֿראַוועט דעם 75סטן יאָרצייט פֿון היינען, נאָר דער בירגער־מייסטער פֿון דיסעלדאָרף, היינעס געבורט־שטאָט, איז געפֿאָרן קיין פּאַריז אין נאָמען פֿון זיין שטאָט אַוועקצולייגן אַ קראַנץ בלומען אויף היינעס קבר. איצט אָבער איז ער ווידער אַמאָל געוואָרן דער איינציקער.

*

איך דערמאָן זיך, אַז אין דער צייט, וואָס מען האָט געפֿראַוועט היינריך היינעס 75סטן יאָרצייט, איז אין דייטשלאַנד פּראָדוצירט געוואָרן אַ מואווי מיטן נאָמען „היימאַטס־קלאַנגען". עס זיינען געווען בילדער פֿון רהיינלאַנד באַגלייט

מיט דייטשער פֿאָלקס־מוזיק, באַזונדערס מיט פֿאָלקס־מאָטיוון פֿון דער רהיין־געגנט.

דער לייט־מאָטיוו פֿון דער מוזיק אין „היימאַטס־קלאַנגען" איז געווען די מעלאָדיע פֿון היינעס „לאָרעליי". דער רהיין איז דער דייטשסטער טייך פֿון אַלע דייטשע טייכן און „לאָרעליי" איז דאָס דייטשסטע ליד פֿון אַלע דייטשע לידער. דער רהיין און זיינע קלאַנגען האָבן פֿאַרנומען דעם וויכטיקסטן פּלאַץ אין דעם בילד „היימאַטס־קלאַנגען" און די „לאָרעליי" איז דער קלאַנג פֿון רהיין. און ווען די „לאָרעליי" איז געזונגען געוואָרן, האָט דער גאַנצער טעאַטער מיט־געזונגען. פֿון אַלע „היימאַטס קלאַנגען" איז די „לאָרעליי" געווען די היימישסטע.

איך ווייס ניט, צי אַלע אין טעאַטער האָבן געוואוסט פֿאַרוואָס מען האָט אָנ־געהויבן זינגען די „לאָרעליי", ווען פֿון דעם רהיין־בּרעג האָט מען דערזען די שטאָט דיסעלדאָרף. איך ווייס אויך ניט, צי אַלע אין טעאַטער האָבן געוואוסט ווער עס איז דער דיכטער פֿון „לאָרעליי". איך ווייס אָבער, אַז די „לאָרעליי" איז געווען און איז פֿאַרבליבן דאָס פּאָפּולערסטע דייטשע ליד. היטלער האָט געקענט אויסמעקן דעם יידישן נאָמען היינעס אונטער דעם ליד, אָבער ער האָט ניט געקענט אויסמעקן דאָס ליד, וואָס היינע האָט געשריבן.

איך ווייס ניט ווי אַזוי אַ דיכטער, וואָס איז אין זיינע געפֿילן און דענקען געווען אַזוי יידישלעך ווי היינריך היינע איז עס געווען, האָט געקענט אָנשרייבן אַ ליד, וואָס איז אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פֿון דייטשן פֿאָלק.

דעם ענטפֿער דאַרפֿן געבן די יענע, וועלכע שטודירן דאָס, וואָס מען רופֿט פֿעלקער־פּסיכאָלאָגיע און וועלכע גלויבן, אַז עס זיינען פֿאַראַן דיקע נאַ־ציאָנאַלע פּסיכאָלאָגישע ווענט, וואָס טיילן אָפּ איין פֿאָלק פֿון צווייטן.

*

ווען איך בין אין 1931 געווען אין דיסעלדאָרף, בין איך געגאַנגען זען דאָס הויז, וואו היינע איז געבוירן געוואָרן. אַ קליין, צוויי־שטאָקיק הויז מיט אַ קאָ־פּערנעם אָנדענקונג־טאָוול, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט היינעס בילד.

איך ווייס ניט צי דאָס הויז האָט איבערגעלעבט היטלערן מיט דער צווייטער וועלט־מלחמה און צי עס שטייט נאָך דאָרטן, וואו איך האָב עס מיט זעכצן יאָר צוריק געזען. דעמאָלט איז אין דעם אונטערשטן שטאָק פֿון דעם הויז געווען אַ בעקעריי און אויבן איז געווען די וואוינונג פֿון דעם בעקער. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער בעקער מאַכט גאַנץ גוטע געשעפֿטן אויף היינעס חשבון. איך האָב עס אַליין געקענט באַמערקן, ווייל פֿאַר דער קורצער צייט, וואָס איך בין אין דער בעקעריי געווען, האָב איך געזען, אַז איך בין געווען ניט דער איינציקער נייגעריקער, וואָס האָט געוואָלט זען דאָס הויז, וואו היינע איז געבוירן געוואָרן. דער בעקער האָט מיר געזאָגט, אַז זיינע באַזוכער זיינען ניט בלויז טוריסטן פֿון פֿרעמדע לענדער, נאָר עס זיינען פֿיל מער די דייטשן פֿון דייטשלאַנד. ער האָט מיר דערביי געוויזן אַ סטאַטיסטיק, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן אין דייטשלאַנד וועגן די מייסטן ציטירטע דייטשע פּאָעטן און עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז היינריך היינע פֿאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ. קיין אַנדערער פֿון די

דייטשע פּאָעטן ווערט ניט אַזוי אָפט ציטירט און דערמאָנט אין די דייטשע צייטונגען און ביכער, ווי היינריך היינע. דאָס איז אויך נאַטירלעך. היינריך היינע איז דער אַלמענטשלעכסטער דייטשער דיכטער.

ווען איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געלייענט, אַז די נאַציס האָבן אַראָפּ־געריסן דעם אַנדעקונגס־טאָוול פון דעם הויז, וואו היינע איז געבוירן געוואָרן, אַז היינעס נאָמען איז אויסגעמעקט פון אונטער דער „לאָרעליי" און היינעס מאָנומענטן זיינען אַראָפּגעריסן געוואָרן אויף היטלערס באַפעל, האָב איך דעמאָלט געשריבן: היטלער קען ניט אויסוואָרצלען היינען פון דייטשלאַנד, ווען ס'זאָל זיך אים אַפילו איינגעבן אויסצומעקן און פאַרברענען אַלץ, וואָס היינע האָט געשריבן. עס וועט קומען אַ צייט, און זי איז ניט ווייט, ווען היטלערס נאָמען וועט פאַר־שאָלטן ווערן פון דייטשן פאָלק, אָבער היינעס נאָמען וועט פאַר אַלע צייטן בלייבן דער שטאָלץ פון דייטשן פאָלק.

עס איז ניט נויטיק געווען צו האָבן אַ נביאישן חוש עס צו פאָרויסצוזאָגן. אין דער אמתן האָב איך דעמאָלט ניט געגלויבט, אַז דאָס וועט געשען אַזוי גיך. דאָס באַווייזט, אַז מיר פעלט דער חוש פון אַ נביא. איך האָב אָבער דעמאָלט געגלויבט, ווי איך גלויב אויך איצט, אַז דאָס מענטשלעכע אין דעם מענטשן מוז ענדלעך זיגן איבער דער בעסטיע אין דעם מענטשן.

1947



## דער טאַטע פון „בונד"

אַרקאַדי איז געווען איינער פון די ערשטע סודותדיקע נעמען וועלכע איך האָב געהערט אין מיינע יונגע בונדיסטישע יאָרן. עס איז געווען אַ נאָמען וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט פאַרשיידענע לעגענדעס פון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג.

איך ווייס ניט, צי אַרקאַדי איז געווען דער עלטסטער. עס קען זיין, אַז אין דער קליינער גרופּע יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געגרינדעט דעם „בונד" זיינען געווען עלטערע פון אַרקאַדין, אָבער פאַר אונדז יינגערע בונדיסטן פון צווייטן דור איז אַרקאַדי געווען פאַררעכנט פאַר דעם טאַטן פון „בונד". ווייניקסטנס קען איך זיך ניט דערמאָנען, אַז עס איז געווען אַ צווייטער, וואָס זאָל האָבן געהאַט אַ גרעסערן אויטאָריטעט אין „בונד" ווי אַרקאַדי. דער „בונד" האָט געהאַט אין זיינע רייען הויך אינטעליגענטע מענטשן, טעאָרעטיקער, גלענצענדע רעדנער, אָבער דער אויטאָריטעט איז געווען אַרקאַדי. צו אים האָט מען זיך צוגעהערט מער ווי צו עמעצן אַנדערש. זיין וואָרט האָט געהאַט אַ באַזונדער וואָג.

אַרקאַדי איז ניט געווען קיין שרייבער און אויך ניט קיין רעדנער. איך האָב קיין מאָל ניט געהערט פון אים קיין רעדע און איך גלויב, אַז אויך קיין אַנדערער האָט עס פון אים ניט געהערט. איך האָב פון אים אַפילו קיין מאָל ניט געהערט קיין לאַנגן אַרגומענט וואָס זאָל זיין ענלעך כאָטש צו אַ שטיקל רעדע. זיינע אַרגומענטן זיינען געווען קורצע, קלאָרע און וואָגיקע. ער האָט אין אַלגע־מיין גערעדט קורץ, אַפילו ווען ער איז געקומען מיט איינעם זיך דורכריידן און באַאיינפלוסן, אַז ער זאָל עפּעס טאָן, וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים. איך געדענק,

ווי ער איז געקומען אין 1905 קיין ריגע זיך דורכריידן מיט מיר, אַז איך זאָל קומען קיין ווילנע און ווערן אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע פֿון דער טעגלעכער יידישער צייטונג „דער וועקער", וואָס דער „בונד" האָט זיך דעמאָלט געגרייט אַרויסצוגעבן. עס איז געווען ביי מיר זייער שטאַרק אָנגעלייגט, וואָס אַרקאַדי אַליין איז געקומען מיט מיר זיך וועגן דעם דורכריידן. אָבער איך בין אין ספֿק, צי אין דעם גאַנצן דורכריידן זיך האָט אַרקאַדי פֿאַרנוצט מער ווי עטלעכע צענדליק ווערטער. מיר האָבן דוכט זיך גערעדט אַ לענגערע צייט, און ער האָט געזאָגט אַלץ וואָס איז אים געווען נייטיק, נאָר די ווערטער זיינען געווען ביי אים זייער שפּאָרעוודיקע.

ער האָט זיך מיט דער זעלבער שפּאָרעוודיקייט פֿון ווערטער אויסגעצייכנט, ווען איך בין געווען ביי אים אין 1921 אין פּאַריז, נאָך דער גרויסער וועלט־איבערקערעניש. ער האָט מיך באַזונדערס וואַרעם אויפֿגענומען אין זיין קליינער אָרעמער וואוינונג ערגעץ אין אַ זייטיקן געסל, וואָס האָט מיר אויסגעקוקט אָפּ־געזונדערט פֿון דער גאַנצער וועלט. אפֿשר איז ביי מיר דער איינדרוק געקומען דערפֿון, וואָס אַרקאַדי אַליין האָט דעמאָלט געלעבט אַזוי גוט ווי אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט. דער איבערבראָך וואָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט האָט אַרקאַדין אָוועקגעשטעלט אין גאַנצן אָן אַ זייט פֿון דער באַוועגונג. ער איז ניט געווען איינשטימיק מיט קיינעם פֿון די צדדים. ער האָט זיך אַליין געדאַרפֿט איבערברעכן, און דאָס איז פֿאַר אים געווען ניט לייכט, בפֿרט לעבנדיק אין אַ פֿרעמד לאַנד, וואו ער האָט אָרגאַניש ניט געקענט זיין פֿאַרבונדן מיט דער באַוועגונג ווי אַ פּראַקטישער אָנפֿירער, צו וואָס ער איז געווען געבוירן.

איך האָב פֿאַרבראַכט ביי אים אַ גאַנצן אָוונט, און עס איז דוכט זיך געווען זייער פֿיל וועגן וואָס צו ריידן. מיר האָבן זיך ניט געזען נאָענט צו פֿופֿצן יאָר, און דער מהלך וואָס אַרקאַדי איז אין דער צייט אַדורכגעגאַנגען, פֿון ווילנע ביז פּאַריז, איז געווען זייער אַ גרויסער. עס איז אויך אין זיין פּערזענלעכן לעבן פֿאָרגעקומען אַ היפּשער איבערבייט. ער האָט זיך צו פֿופֿציק יאָר גענומען שטו־דירן אין פֿראַנקרייך אויף עלעקטראָ־אינזשעניער, און האָט אויך אויסגעשטו־דירט. אָבער ווען איך פּרואוו זיך איצט דערמאָנען, וויפֿל אַרקאַדי האָט אין יענעם אָוונט גערעדט, דוכט זיך מיר, אַז איך וואָלט די ווערטער געקענט אויסציילן. ער האָט מיר דוכט זיך דערציילט אַלץ. ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן דער צעטרייסלונג פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אויך וועגן זיינע פּער־זענלעכע ענינים. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין ווילנע. אָבער ער האָט עס אַלץ געטאָן אין שפּאָרעוודיקע ווערטער. און עס איז דוכט זיך מער ניט געווען נויטיק. עס האָט זיך ניט געפֿילט, אַז ער האָט עפּעס אויסגעלאָזן אָדער עפּעס ניט דערזאָגט.

איך ווייס ניט, צי אָט די שפּאָרעוודיקייט (דער „צימצום", ווי די העברעער וואָלטן עס געזאָגט) איז געווען אין זיין נאַטור אָדער דאָס האָט זיך ביי אים אויסגעפֿורעמט דורך זיין קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט און דורך דער פּאָזיציע וואָס ער האָט פֿאַרנומען אין דער באַוועגונג.

אין אַ געהיימער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג דאַרף מען ריידן וואָס ווייני־קער. מען דאַרף דיסציפּלינירן די צונג, אַז זי זאָל ציילן די ווערטער וואָס קייק־לען זיך פון איר אַראָפּ און אַז יעדער וואָרט זאָל האָבן אַ וואָג.

אַרקאַדי איז באַטראַכט געוואָרן פאַר איינעם פון די קליגסטע מענטשן, וואָס דער „בונד" האָט פאַרמאָגט. אמת, ניט אַלע וואָס קריגן די אָנערקענונג פאַר קלוגע זיינען עס אין דערווירקלעכקייט. עס איז פאַראַן ביי יידן אַ ווערטל וואָס זאָגט, אַז ווען איינער האָט נאָר מזל, איז ער קלוג אויך. אַרקאַדי איז אָבער געווען איינער פון די ווייניקע וואָס איז געווען באמת קלוג, און דער „בונד" האָט דערפון זייער פיל פּראָפיטירט.

*

איך האָב זיך מיט אַרקאַדין געטראָפן דאָס לעצטע מאָל 1931 אין ווילנע, וואו איך בין געווען זיין גאַסט. אין די צען יאָר וואָס זיינען געלעגן צווישן פּאַריז און ווילנע איז אין אַרקאַדין פאָרגעקומען אַ גרויסע פיזישע ענדערונג צום ערגערן. ווען איך האָב אים געזען אין פּאַריז, האָט ער אויסגעזען יונג און קרעפּ־טיק, שוין צו יונג פאַר זיין עלטער. ער איז דעמאָלט געווען אין זיין זעקס און פופציקסטן יאָר, אָבער ער האָט אויסגעזען ניט מער ווי פערציק. עס האָט מיר אויסגעזען, ווי ער וואָלט יינגער געוואָרן פאַר דעם רעכט ביסל יאָרן וואָס איך האָב אים ניט געזען. ווען איך האָב זיך אָבער מיט אים געטראָפן אין ווילנע, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ צעבראָכענעם מענטשן. ער האָט ניט אויסגעזען אַלט אויפן פּנים, אָבער עס האָט זיך געזען אַלטקייט אין זיין קערפּער, ריכטי־קער — צעבראָכנקייט און שוואַכקייט.

איך האָב זיך טאַקע באַלד דערוואוסט, אַז ער איז אַ קראַנקער מענטש און דאַרף זיך זייער אָפּהיטן. נאָר מען דאַרף האָבן מיט וואָס זיך אָפּצוהיטן, און מיינע אויגן האָבן מיר געזאָגט, אַז פון פּאַריז ביז ווילנע איז אַרקאַדי ניט רייכער געוואָרן. אין גרונט האָב איך עס ניט געדאַרפט פּרואוון טרעפן; איך האָב גע־וואוסט, ווי גרויס עס זיינען זיינע פאַרדינסטן. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין יידישן טעכניקום, און עס פלעגן אַוועקגיין אָפּט חדשים, ווען די לערער פלעגן ניט זען אַ גראָשן אין די אויגן.

אין דעם יידישן טעכניקום פון ווילנע האָב איך געהאַט אַ באַזונדערן אינ־טערעס. איך האָב געגלויבט, אַז איך האָב אַ ביסל מיטגעהאָלפן אין זיין גרינ־דונג. איך בין אַ מאָל געווען איינער פון דריי שלוחים, דורך וועלכע די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געשיקט הילף קיין ווילנע. עס איז געשיקט גע־וואָרן אַ גאַנץ היפּשע סומע פונאַנדערצוטיילן צווישן די פאַרשיידענע יידישע אַנשטאַלטן, און עס איז איבערגעלאָזט געוואָרן צו די שלוחים, אַז זיי זאָלן איינ־טיילן דאָס געלט לויט זייער איינזעעניש. און גראָד דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן ריידן אין ווילנע וועגן דער נויטיקייט פון גרינדן אַ טעכניקום, און אויף מיין פאָרשלאָג איז פון די הילפס־געלטער, וואָס מיר האָבן געהאַט צו פאַרטיילן, באַ־שטימט געוואָרן אַ געוויסע סומע, מיט וועלכער מען זאָל קענען אָנהויבן די גרינדונגס־אַרבעט. אין די צען יאָר צייט איז דער טעכניקום געוואָרן אַן אָנער־קענטע אינסטיטוציע, און איך האָב געהאַלטן פאַר אַ גרויסער באַלוינונג פאַר מיין מיטהילף, ווען אַרקאַדי האָט מיך פאַרבעטן צו קומען צו די עקזאַמענס.

עס איז געווען פֿאַר מיר אַ סך ווערט די עקזאַמענס בייצואווינען. איך האָב זיך פֿריער ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז אין יידיש איז דאָס מעגלעך. איך האָב שוין אַ סך זאַכן געהערט אין יידיש, אַפילו אַ דעבאַטע פֿון דאָקטוירים וועגן בייע אויפֿדעקונגען אין מעדיצין, אָבער ווי אַזוי מען לערנט אינזשעניער־וויסנ־שאַפֿט אויף יידיש, ווי אַזוי מען דערקלערט די קאָמפּליצירטע דיאַגראַמען פֿון סינכראָן־מאָטאָרן אויף יידיש האָב איך נאָך ניט געהאַט געהערט. אין די דיאַ־גראַמען קומען אַריין דערקלערונגען ניט בלויז וועגן דער נאַטור און דעם כאַ־ראַקטער פֿון עלעקטרישע ביישטראָמען, נאָר אויך אויסדרוקן פֿון דיפֿערענציאַל־און אינטעגראַל־רעכענונג. צי איז ניט טשעקאַווע צו זיין ביי אַזעלכע עקזאַמענס?

אַנגעפֿירט האָט אַרקאַדי. עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער פֿאַרלאַנגט אַ ביסל צו פֿיל פֿון זיינע סטודענטן. די פֿראַגעס וואָס ער האָט זיי געשטעלט האָבן זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין צו שווער פֿאַר סטודענטן פֿון אַ טעכניקום, עס הייסט פֿון אַ טעכנישער מיטלשול. אַזעלכע שווערע פֿראַגעס דאַרף מען שטעלן אויף די עקזאַמענס פֿון סטודענטן אין אַ פּאָליטעכניקום, אין אַ טעכנישער אַקאַדעמיע. אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס, אַז די עקזאַמינירטע האָבן גאַנץ גוט געענטפֿערט, טייל פֿון זיי אויסגעצייכנט. און איך האָב אַליין ניט באַמערקט, ווי גיך פֿון מיר איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן דאָס טשעקאַווע געפֿיל און איך האָב אין גאַנצן פֿאַר־געסן, אַז איך בין עס געקומען אויפֿן בייזן וואונדער צו זען, ווי אַזוי מען גיט זיך אַן עצה אויף יידיש מיט אינזשעניערישע וויסנשאַפֿטן. די עקזאַמענס האָבן אויסגעקוקט אַזוי נאַטירלעך, ווי זיי וואָלטן פֿאָרגעקומען אויף דייטש אין פּאָ־ליטעכניקום פֿון קאַרלסרוהע אָדער שאַרלאָטענבורג.

אָבער טשעקאַווע איז מיר פֿאָרט געווען, אַז אַרקאַדי, דער אַמאָליקער רוסי־פֿיצירטער אינטעליגענט, איז עס אָט דער מייסטער פֿון אַ יידישער וויסנשאַפֿט־לעכער שפּראַך און עס קומט ביי אים אַרויס אַזוי נאַטירלעך, ווי ער וואָלט עס געטאָן זיין גאַנץ לעבן.

נאָר ביי אים אין דער היים האָב איך געזען פֿיל מער. איך האָב געפֿונען, אַז יידיש איז ניט בלויז די שפּראַך פֿון אַרקאַדין און פֿון זיין פֿרוי פּאַטי, נאָר אויך פֿון זיין טאָכטער און פֿון זיין אייניקל.

דאָס אייניקל וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ נאָרדיק האָט בלויז פֿאַרשטאַנען צו ריידן יידיש. און עס האָט מיר אויסגעקוקט עפּעס אויסטערליש, וואָלט איך זאָגן. אַרקאַדי און פּאַטי זיינען געבוירן געוואָרן אין דער יידישער שפּראַך, אָבער דערצויגן געוואָרן אין רוסיש און געלעבט מיט דער רוסישער שפּראַך. די טאָכ־טער איז געבוירן געוואָרן אין דער רוסישער שפּראַך און דערצויגן געוואָרן אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך; זי איז געווען אַ לערערין פֿון פֿראַנצויזיש אין וויל־נער אוניווערסיטעט. און דאָס אייניקל רעדט בלויז יידיש! אַלע אין הויז ריידן בלויז יידיש, און דאָס אייניקל פֿאַרשטייט דעריבער בלויז יידיש. די יידישע שפּראַך איז, אין דריטן דור, צוריקגעקומען אַהיים.

דאָס איז פֿאַרשטייט זיך צו פֿאַרדאַנקען געווען ווילנע, און פֿאַר ווילנער איז עס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך.



## נח אין דער רעדאַקציע פון דער ווילנער „פאָלקסצייטונג"

איך ווייס ניט פאַרוואָס נח האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, ווען איך האָב זיך מיט אים דאָס ערשטע מאָל געטראָפן. איך האָב אייגנטלעך אין אים ניט געפונען קיין זאַך וואָס זאָל מיך איבערראַשן. נאָר אפשר געברויך איך ניט דאָס ריכטיקע וואָרט. ער האָט אייגנטלעך געמאַכט אויף מיר ניט קיין שטאַרקן איינדרוק, נאָר אַ גוטן איינדרוק. עס איז געווען אַן איינדרוק, וואָס קויפט איינעם אונטער און געווינט זיין ליבשאַפט און זיין אַכטונג. דער איינדרוק איז געווען, אַז אויף אַזאַ רעוואָלוציאָנערן פירער קען מען זיך פאַרלאָזן און אַז מען דאַרף אים פאָלגן.

נח האָט געוואוסט ווי זיך אומצוגיין מיט מענטשן און זיי ברענגען נאָענט צו זיך. ער איז געווען, קען מען זאָגן, פאָטערלעך אין זיינע באַנעמונגען און ער האָט געוואונען די פאָטערלעכע אַכטונג און אויטאָריטעט.

איך האָב זיך עס דערקלערט, ווען מיר איז שפּעטער אויסגעקומען מיט אים נענטער באַקאַנט צו ווערן. דאָס איז געווען, ווען דער צענטראַל-קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַריינגעשיקט נחן אין דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקסצייטונג" אין ווילנע, וואו ער האָט געדאַרפט שפּילן די ראָלע פון אַן אויסגלייכער און אַן אויסגלעטער, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן.

און דאָ דאַרף מען דערציילן אַביסל סודות פון דער רעדאַקציע.

דער רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס-צייטונג" איז דעמאָלט געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי, וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון י. אייזענשטאַדט (יודין), וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווי דער „בונד" האָט אונטער זיין רעדאַקציע אָנגעפאַנגען אַרויסגעבן אין ווילנע די טעגלעכע צייטונג „וועקער".

פאַר די מייסטע פון אונדז אין דער רעדאַקציע איז וולאַדימיר קאָסאָווסקי געווען אַ גאַנץ אומדערוואַרטעטער רעדאַקטאָר. די הערשנדיקע מיינונג צווישן די מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציע איז געווען, אַז פאַוועל אַנמאַן (ד"ר פּ. ראָזענטאַל) וועט פאַרנעמען אייזענשטאַדטס פּלאַץ. פאַוועל איז געווען ניט בלויז איינער פון די הויפּט-מיטאַרבעטער פון דער צייטונג פון דעם טאָג, וואָס זי איז געגרינדעט געוואָרן, נאָר ער איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם צווייטן פון רעדאַקטאָר. דערביי האָט ער געהאַט זייער אַ הויכן רעוואָלוציאָנערן סטאַזש. די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע האָבן אויך געלאָזט וויסן דעם צענטראַל-קאָמי-טעט, אַז לויט זייער מיינונג וואָלט פאַוועל געווען דער פּאַסנדסטער רעדאַקטאָר. וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָבן מיר איין טאָג, ביי אַ גלעזל טיי פון דעם סאַמאָוואַר, וואָס דער „גוי" פון דער רעדאַקציע האָט אָנגעשטעלט, איינשטימיק אויס-געקליבן פאַוועלן פאַר אונדזער רעדאַקטאָר. וועגן קאָסאָווסקין האָבן מיר אַפילו ניט געקלערט, ווייל ער איז געווען אין יענער צייט אין פּעטערבורג. נאָר דער צענטראַל-קאָמיטעט פון „בונד" האָט אונדז ניט געפאָלגט, און אין איין שיינעם פרימאָרגן אָדער אפשר אין אַ שיינעם אָוונט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אונ-דזער רעדאַקטאָר וועט זיין וולאַדימיר.

נו, אַז דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט אַזוי באַשלאָסן, איז עס פאַרפאַלן. אמת, די רעדאַקציע פון דער „פאָלקס-צייטונג" האָט געהאַט אַ דעמאָקראַטישע

קאָנסטיטוציע. עס איז געווען אַ ברייטער קאָלעגיום פֿון אַלע מיטגלידער פֿון דער רעדאַקציע און עס איז געווען אַן ענגער קאָלעגיום פֿון פֿיר אָדער פֿינף. דאָס ברייטע קאָלעגיום האָט געדאַרפֿט האָבן אַ דעה ווי די צייטונג דאַרף אין אַלגעמיין געפֿירט ווערן, און דאָס ענגע קאָלעגיום האָט געהאַט צו זאָגן וועגן דער פּאָליטישער ליניע פֿון דער צייטונג. עס איז אָבער ניט געווען אין דער קאָנסטיטוציע, אַז די מיטאַרבעטער פֿון דער צייטונג האָבן אַ רעכט אויסצו־קלייבן אַ רעדאַקטאָר.

וולאַדימירס רעדאַקטאָרסטווע איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געשריבן די לייט־אַרטיקלען און אויך דאָס — ניט אַלע. אַ טייל פֿון זיי האָט געשריבן פּאַוועל אַנמאַן. ווי אַזוי צו פֿירן די צייטונג האָט ער ניט גע־וואוסט, ווייל ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געהאַט געאַרבעט אין אַ צייטונג. אָבער אַזוי ווי די רעדאַקציע איז שוין געווען אַביסל אַן „אויסגעגרינטע", ווייל פֿאַר דער צייט, וואָס די צייטונג האָט עקזיסטירט, האָבן שוין די מיטאַרבעטער געקראָגן אַביסל דערפֿאַרונג. און אַזוי ווי די רעדאַקציע האָט געהאַט אַ פּליי־סיקן, אַרבעטזאַמען סעקרעטאַר אין דער פּערזאָן פֿון בענסקין (לעווינזאָן), וואָס האָט געקענט אָפּזיצן אַ לאַנגן טאָג מיט אַ שטיק פֿון דער נאַכט ביים שרייב־טיש און צוזאַמענשטעלן די צייטונג, האָט ממילא די „פֿאָלקס־צייטונג" געקענט אַרויס־גיין אַלע טאָג, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער רעדאַקטאָר איז געווען אַ „גרינער". זעט איר, ווען בענסקי האָט דערקלערט אַ שטרייק, איז טאַקע געווען שלעכט.

און דאָ קום איך נענטער צו דעם ווי אַזוי נח האָט זיך באַוויזן אין דער רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס־צייטונג".

ווי שוין דערמאָנט, פֿלעגן די לייט־אַרטיקלען פֿאַר דער „פֿאָלקס־צייטונג" געשריבן ווערן ניט פֿון וולאַדימירן אַליין, נאָר אויך פֿון פּאַוולען. אייגנטלעך איז עס ניט געווען שווער פֿאַר איין מענטשן צו שרייבן אַלע לייט־אַרטיקלען. פּאַוועל, למשל, וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ האַלבע צייטונג יעדן טאָג. ער פֿלעגט שרייבן מיט קליינע רוסישע אותיות אויף גרויסע בלעטער פּאַפּיר און ער פֿלעגט שרייבן גיך. אין אַ פּאָר שעה צייט פֿלעגט ביי אים פֿאַרטיק ווערן אַ פּאַק אָנגעשריבענע פּאַפּיר, וואָס האָט געקענט אויספֿילן ווייניקסטנס אַ האַלבע צייטונג. וולאַדימיר אָבער איז ניט געווען אַזוי לייכט אויפֿן פּען. ווען ער פֿלעגט זיך זעצן שרייבן אַ לייט־אַרטיקל, איז דאָס געווען ביי אים אַ גרויסע, וויכטיקע אונטערנעמונג. ער האָט געהאַט אין זינען, אַז ער שרייבט אַ לייט־אַרטיקל פֿאַר דער אָפֿיציעלער צייטונג פֿון „בונד", וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט גיט אַרויס. אין אַזאַ לייט־אַרטיקל מוז מען ניט נאָר וועגן און מעסטן יעדעס וואָרט, כּדי אויסצוהאַלטן די ריכטיקע ליניע, נאָר יעדעס וואָרט מוז עפּעס זאָגן, יעדעס וואָרט מוז זיין וואָגיק. איר פֿאַרשטייט שוין אַליין, אַז ביי אים פֿלעגט דויערן „אויפֿצובויען" אַ לייט־אַרטיקל אַ רעכט ביסל צייט. נאָר עס וואָלט ניט אויסגע־מאַכט, ווען צוויי שרייבן די לייט־אַרטיקלען, ווען ביידע האָבן די זעלביקע ריכטונג און דעם זעלבן צוגאַנג צו די פּאָליטישע פֿראַגן פֿון מאָמענט. דאָס איז אָבער ביי וולאַדימירן און פּאַוולען ניט געווען דער פֿאַל. זיי זיינען טאַקע ביידע געווען פּראָמינענטע בונדיסטן און ביידע האָבן זיך געהאַלטן ביי דער בונדיס־

טישער ליניע, אָבער אַזוי ווי מען קען אַ ליניע בויגן, האָט וולאַדימיר איר גע־בויגן אַביסל אויף דער זייט פֿון די באָלשעוויקעס און פּאַוועל האָט איר אַביסל געבויגן אויף דער זייט פֿון די מענשעוויקעס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ניט אַלע מאָל פֿלעגן די לייט־אַרטיקלען פֿון דער „פֿאָלקס־צייטונג" זיין איינשטימיק מיט זיך אַליין.

האָט די רעדאַקציע־קאָלעגיע אָנגעפֿאַנגען פּראָטעסטירן. זי האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף באַשטימען, צי די לייט־אַרטיקלען פֿון דער „פֿאָלקס־צייטונג" זאָלן זיך אַהין אָדער אַהער, אָבער עס קען ניט גיין אַזוי ווייטער, אַז זיי זאָלן זיין אי אַהין אי אַהער. האָבן אָבער די פּראָטעסטן ניט געהאָלפֿן. איך ווייס נאָך ביז היינט ניט פֿאַרוואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט ניט געהערט דעם פּראָטעסט. נאָר ווי זאָגט דאָרטן אַ דייטשער פּאָעט: אויב דו ווילסט ניט מיט גוטן, דאַן ברויך איך גוואַלט. איין טאָג איז בענסקי געקומען אין רעדאַקציע און האָט דערקלערט אַ זיץ־שטרייק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיין ברייטן גוף ביי דעם רעדאַקציע ־ שרייב־טיש און ער האָט קיין זאַך ניט געטאָן. ער איז אַזוי אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג און האָט מיט אַ פֿינגער ניט אַ ריר געטאָן צו טאָן עפּעס פֿאַר דער צייטונג. דאָס איז געווען דער ערשטער זיץ־שטרייק אין דער געשיכטע, און עס זיינען דעריבער פֿאַלש די מיינונגען, וואָס באַהויפּטן, אַז דער זיץ־שטרייק איז אַ פֿראַנצויזישע דערפֿינדונג, אָדער גאָר אַן אַמעריקאַנער. די דערפֿינדונג פֿון דעם זיץ־שטרייק באַלאַנגט צו בענסקין, און ער האָט געווירקט. וולאַדימיר האָט זיך געפֿילט אינגאַנצן פֿאַרלאָרן, ווייל ער האָט זייער ווייניק געוואוסט וואָס אין רעדאַקציע טוט זיך און ווי אַזוי מען מאַכט די צייטונג. און ווען ער האָט בענסקין עפּעס געפֿרעגט, האָט ער יעדעס מאָל פֿון אים געקראָגן דעם זעלבן ענטפֿער: איר מוזט רופֿן אַ זיצונג פֿון צענטראַל־קאָמיטעט.

עס זיינען איינפֿאַך געווען נסים ווי אַזוי די „פֿאָלקס־צייטונג" איז אַרויס־געגאַנגען אין דער צייט פֿון בענסקיס זיץ־שטרייק. אָבער ער האָט לאַנג זיך ניט פֿאַרצויגן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „בונד" איז זיך צענויפֿגעקומען אויף אַ באַראַטונג, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נח האָט זיך באַוויזן אין דער רעדאַקציע, וואו זיין אויפֿגאַבע איז געווען אויסצוגלייכן און אויסצוגלעטן די לייט־אַרטיקלען פֿון וולאַדימירן און פֿון פּאַוולען, אַז זיי זאָלן גיין אין איין ליניע.

ווי אַזוי ער האָט עס געטאָן, ווייס איך ניט. איך האָב אים קיין מאָל ניט געהערט זיך קריגן מיט וולאַדימירן און אויך קיין מאָל ניט מיט פּאַוולען. ער איז אַלע מאָל געווען העפֿלעך, גוטמוטיק, אָפֿט מיט אַן אָנגענעמען אונטער־קויפֿנדיקן שמייכל אויף די ליפּן. איך קען מיר אָבער פֿאָרשטעלן, אַז לייכט איז עס איז ניט אָנגעקומען. סײַ וולאַדימיר און סײַ פּאַוועל האָבן געוואוסט וואָס זיי ווילן און יעדער פֿון זיי האָט געקענט אַרגומענטירן און פֿאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. נאָר אויב איך ווייס ניט ווי אַזוי נח האָט עס געטאָן, ווייס איך, אַז אים האָט זיך איינגעגעבן צו דערפֿילן זיין אויפֿגאַבע: די לייט־אַרטיקלען אין „פֿאָלקס־צייטונג" האָבן זיך אויפֿגעהערט קריגן צווישן זיך, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די שרייבער זיינען געבליבן די זעלביקע און האָבן זייערע מיינונגען ניט געענדערט.

# וולאַדימיר מעדעם

(צו זיין פינפטן יאָרצייט)

— דאָס איז מעדעם — זאָגט צו מיר אַ באַקאַנטע סטודענטקע, וואָס איז געזעסן נאָענט צו מיר, אָנווייזנדיק מיט די אויגן אויף אַ בלאָנדן יונגן „שייגעץ", וואָס איז אַריינגעקומען אין זאַל.

איך בין דאַן אין דער בערנער רוסישער „קאָלאָניע" נאָך געווען כמעט אַ פרעמדער. איך בין געווען נאָך אַ יונגער סטודענט פון ערשטן יאָר און האָב שטודירט מיט גרויס התמדה. בין געגאַנגען צו לעקציעס פון איין פּראָפעסאָר צום צווייטן, געאַרבעט אין לאַבאָראַטאָריע און זיך געגריבלט אין די פאַרשיי־דענע אַלטע און נייע שמות פון דער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק. אין דער קאָ־לאָניע פלעג איך קומען בלויז צו אַ רעפעראַט, אָדער צו אַ „ווטשערינקע". עס איז טאָקע אויך דאָס מאָל געווען אַ רעפעראַט צו וועלכן איך בין געקומען. אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט עס געמוזט זיין אין מאָנאַט פעברואַר, אַלנפאַלס ניט שפּעטער, ווי אין די ערשטע פאָר חדשים פון יאָר 1901.

דעם נאָמען מעדעם האָב איך שוין פריער געהערט. עס איז געווען אַ נאָמען, אַרום וועלכן עס האָבן זיך גאַנץ פרי אָנגעהויבן שפּינען לעגענדעס. מען האָט גערעדט וועגן אַ קריסטלעכן סטודענט, אַ זון פון אַ גענעראַל און אַ ברודער פון אַ פּאָלקאָווניק. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און איז געוואָרן אַזוי באַגייסטערט פאַרן „בונד" און פאַר די יידישע אַרבעטער, אַז ער אַליין איז געוואָרן אַ ייד. דערביי האָט מען אויך דערציילט, אַז אייגנטלעך איז אין דער מעדעם־פאַמיליע פאַראַן יידיש בלוט, צי פון פאָטערס צד, צי פון דער מוטערס, און אַז דאָס טאָקע האָט אויך גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם, וואָס דער יונגער קריסטלעכער סטודענט איז געוואָרן אַ בונדיסט און אַ ייד.

און די לעגענדע האָט ווייטער דערציילט, אַז דער יונגער מעדעם איז ניט נאָר געוואָרן אַ ייד, נאָר אַז ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט יידיש; אַז ער האָט זיך אַפילו געלערנט העברעאיש — אין קורצן, אַן אמתער גר־צדק, נאָר אויף אַ נייעם שטייגער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך בין נייגעריק געווען צו זען אָט דעם וואונדער־לעכן בונדיסט.

אמת, די לעגענדעס, וואָס מען האָט וועגן אים דערציילט, האָבן זיך אַ רעכט ביסל ווידערשפּראָכן. אַ סטודענט פון דעם באַלטישן געגנט האָט מיר פּרובירט פאַרזיכערן, אַז מעדעם שטאַמט פון דער באַקאַנטער גראַפישער מעדעם־פאַמיליע, וועלכע איז געווען איינע פון די פּראָמינענטסטע דייטשע אַדעליקע פאַמיליעס אין די באַלטישע פּראָווינצן. עס איז אויף אַזאַ אופן אויסגעקומען, אַז מעדעם איז מיינער אַ לאַנדסמאַן. אָבער אַ מינסקער סטודענטקע האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מעדעם איז אַ געבוירענער אַ מינסקער און אַז זיין פאָטער איז קיין מאָל קיין גראַף ניט געווען. עס האָבן זיך אויך ווידערשפּראָכן די לעגענדעס וועגן מעדעמס רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. לויט דעם חשבון פון מאַנכע איז עפּעס

אויסגעקומען, אַז מעדעם האָט זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אָנגעפאַנגען, איי־
דער ער איז נאָך געבוירן געוואָרן. אָבער אָט טאַקע די פאַרשיידענע לעגענדעס
און די פאַרשיידענע ווידערשפּרוכן צווישן זיי האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין
נייגעריקייט צו זען ווי אָט דער אויסטערלישער מעדעם קוקט אויס.

ער האָט מיך פאַרוואונדערט מיט׳ זיין יונגן אויסזען. אַ שלאַנקער, בלייכער
יונגער בחורל, וואָס האָט צומאָל נאָך אַפילו קיין וואָנצעס ניט. און גערעדט און
געהאַלטן האָט ער זיך ווי שעמעוודיק. עס האָט אויסגעוויזן ווי ער וואָלט זיך
שעמען מיט זיין יונגן אויסזען. און עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער סטאַרעט
זיך אויסצוקוקן עלטער. איך האָב עס באַמערקט אין זיין ריידן. מיר האָט זיך
געדוכט, אַז ער שטרענגט זיך אָן צו ריידן מיט אַ דיקער, מענערשער שטים און
דעריבער רעדט ער אויף די נידעריקע באַסאָווע טענער.

איך האָב דאַן מעדעמען בלויז געזען, אָבער זיך ניט באַקאַנט מיט אים.
איך אַליין בין אויך נאָך דאַן געווען אַ גאַנץ שעמעוודיקער בחור. אייגנטלעך
האָב איך טאַקע וויניק געלעגנהייט געהאַט באַקאַנט צו ווערן מיט אים, ווייל
איך בין אין אַ קורצער צייט אַרום אַוועקגעפאָרן שטודירן אין דייטשלאַנד.

באַקאַנט געוואָרן מיט מעדעמען בין איך ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער אויף
דעם ערשטן צוזאַמענקונפט פון די אויסלענדישע בונדיסטישע סטודענטישע אָר־
גאַניזאַציעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אָנפאַנג 1902 אין בערן. מעדעם איז
אין דעם יאָר באַדייטנד עלטער געוואָרן. ער האָט שוין מער ניט אויסגעקוקט
ווי אַ יונגער גימנאַזיסט, נאָר ווי שוין אַ דערוואַקסענער בחור, אַ סטודענט.
אויף זיין פּנים האָט זיך שוין באַוויזן אַ קליין שיטער בערדל. געוויינלעך גאָלט
מען אָפּ אַזעלכע שיטערע, אומבאַשטימטע בערדלעך, ביז זיי פאַנגען אָן וואַקסן
געדיכטער און מיט מער טאַלק. אָבער דער יוגנטלעכער מעדעם, וואָס האָט,
משמעות, געוואָלט אויסזען עלטער, איז מיט זיין קליין, שיטער בערדל געווען
צופרידן. זאָל זיין קליין, זאָל זיין שיטער, אַבי אַ בערדל, און זאָל מען וויסן,
אַז איך בין ניט קיין יינגל.

און מעדעם איז שוין דאַן גאָר קיין יינגל ניט געווען. ער האָט אין דער
סטודענטישער קאָלאָניע פאַרנומען אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ. מען האָט זיך
מיט אים גערעכנט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט זיך אין דער עפנט־
לעכקייט, עס הייסט אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער קאָלאָניע, נאָך כמעט מיט
גאָרנישט זיך אַרויסגעוויזן. ער איז נאָך געווען שעמעוודיק אַרויסצוטרעטן אַלס
רעדנער אָדער צו זאָגן דעות אין דער קאָלאָניע. מען האָט אָבער שוין געוואוסט,
אַז ער איז איינער פון די פעאיקסטע און אינטעליגענטסטע סטודענטן אין דער
קאָלאָניע. ביי די בונדיסטישע סטודענטן איז מעדעם שוין דעמאָלט געווען גאָר
אַ גרויסער חשוב. זיין גרויסע איבערגעבנקייט צום „בונד" און צו דער רעוואָ־
לוציאָנערער באַוועגונג אין אַלגעמיין; זיין ערנסט אין דער אַרבעט, זיין טאַק־
טישקייט און זיין לאָגישער שכל זיינען גאַנץ הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן. אויב
איך האָב קיין טעות ניט, איז מעדעם דאַן געווילט געוואָרן פאַר דעם סעקרע־
טאַר פון דער ניי־געשאַפענער בונדיסטישער סטודענטישער אָרגאַניזאַציע אין
אויסלאַנד.

איך האָב דעמאָלט אויפֿן בונדיסטישן סטודענטישן צוזאַמענפֿאָר באַמערקט, אַז מעדעם האָט זייער אַ פֿיינעם טאַלאַנט צו צייכענען.

עס האָט, לויט מיין מיינונג, איינער געדאַרפֿט זיך נעמען אַנצושרייבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער צייכנונג־קונסט אויף צוזאַמענפֿאָרן און קאָנגרעסן.

יעדער דעלעגאַט צו אַ קאָנגרעס אָדער קאָנפֿערענץ, וואָס האָט אַ שטיקל טאַלאַנט צו צייכענען, באַקומט אויף די קאָנגרעסן און קאָנפֿערענצן אַ גוטע געלעגנהייט זיין טאַלאַנט צו אַנטוויקלען. צייכענען איז דער בעסטער צייט־פֿאַרטרייב, ווען עס פֿאַנגט זיך אָן אַ לאַנגע דעבאַטע, וואָס איך אינטערעסירט ניט, אָדער ווען אַ רעדנער האַלט אַ לאַנגע נודנע רעדע. איר פּרובירט דאַן צייכענען די געזיכטער פֿון די דעלעגאַטן, פֿון די רעדנער — געוויינלעך די זייער כאַראַקטעריסטישע פֿון זיי — איר צייכנט קאַריקאַטורן און סתם אַזוי זאַכן, וואָס פֿאַלט אייך נאָר איין אין קאָפּ, און איר קוקט זיך ניט אַרום ווי די דעבאַטע אָדער די רעדע איז געענדיקט.

פֿון די פֿאַרשיידענע צייכנונגען, וואָס מעדעם האָט געמאַכט אויף דעם דערמאָנטן צוזאַמענפֿאָר, איז מיר געבליבן אין זכרון אַ גרויסער, פֿעסטער בוים, מיט דיקע, שטאַרקע, טיפֿע וואָרצלען און ברייטע צווייגן מיט זאַפֿטיקע בלעטער. עס איז געווען זייער אַ גוטע צייכנונג. דער בוים האָט איינפֿאַך געלעבט. אונטער דער צייכנונג איז געווען אָנגעשריבן דאָס וואָרט „בונד".

מעדעם אין איז אַלגעמיין געווען אַ מענטש מיט קינסטלערישע באַגאַבונגען. ער איז געווען מוזיקאַליש, און ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי קריטיש צו זיך, וואָלט ער געשריבן גאַנץ שיינע בעלעטריסטיק און פּאָעזיע. אַז מעדעם האָט געהאַט אַ גאַנץ שיינעם בעלעטריסטישן טאַלאַנט, קען מען זען פֿון זיין לעבנס־געשיכטע וואָס ער האָט געשריבן.

אַפֿילו זיין סאָציאַליזם איז ביי מעדעמען פֿאַרבונדן מיט קינסטלערישע איבערלעבונגען. מעדעם באַשרייבט וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף אים געמאַכט דאָס בוך „קאַפּיטאַל" פֿון קאַרל מאַרקס. ער דערציילט:

„קיין איין בוך האָט אויף מיר — וויניקסטנס אין יענע יאָרן — ניט געמאַכט אַזאַ גוואַלדיקן אומפֿאַרגלייכלעכן איינדרוק ווי „קאַפּיטאַל". דער תּמצית פֿון מאַרקסיזם איז מיר געווען באַקאַנט שוין פֿון פֿריער, אָבער איצט האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט די גאַנצע געביידע".

„ווען איך געברויך דאָס וואָרט „געביידע", איז עס ניט קיין צופֿאַל. עס איז טאַקע געווען פֿאַר מיר אַ הערלעכער, שיינער בנין. געבויט פֿון לויטער שטאָל. די אייזערנע קראַפֿט פֿון דער לאָגיק, די וואונדערבאַרע אַרכיטעקטור, די זעלטענע האַרמאָניע פֿון געדאַנק — דאָס אַלץ האָט מיר געגעבן ניט נאָר די גוואַלדיק־רייכע שפּייז פֿאַרן מוח, נאָר אַן אמתן קינסטלערישן גענוס, ווי מען האָט אים פֿון אַ געניאַלן ווערק פֿון מענטשלעכער קונסט. איך האָב אפֿשר צום ערשטן מאָל געקענט פֿאַרשטיין און אָפּשאַצן די גאַנצע שיינקייט, וואָס עס האָט אין זיך דער לאָגישער מענטשלעכער געדאַנק"...

עס איז געווען, ווי איר זעט, די קינסטלערישע שיינקייט פֿון דעם לאָגישן געדאַנק אין דעם בוך „קאַפּיטאַל", וואָס האָט אויף מעדעמען די שטאַרקסטע

ווירקונג געהאַט. די „וואונדערבאַרע אַרכיטעקטור", ווי ער דריקט זיך אויס, „די האַרמאָניע אין געדאַנקען", האָבן אים פאַרשאַפט אַ קינסטלערישן געַנוס.

שיינקייט איז געווען דער מאָטיוו, וואָס האָט מעדעמען געטריבן צו אָנ־פאַנגען לערנען העברעאיש, ווען ער איז שוין געווען אַ סטודענט אין קיעווער אוניווערזיטעט און טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

מעדעמס פריינד און באַקאַנטע האָבן פרובירט אויסטייטשן זיין פּראָבע זיך צו לערנען העברעאיש מיט דער יידישער נאַציאָנאַלער שטימונג, פון וועלכער ער איז באַהערשט געוואָרן אין יענער צייט דורך זיין רעוואָלוציאָנערער טעטי־קייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער מעדעם אַליין פאַרזיכערט, אַז זיין יידישע נאַציאָנאַלע שטימונג האָט דערמיט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. ער שרייבט וועגן דעם אַזוי:

„דער אינטערעס, וואָס איך האָב באַקומען צו דער העברעאישער שפּראַך, איז ניט געווען קיין נאַציאָנאַלער, נאָר אַ קינסטלערישער. עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט לייענען דעם תנ״ך אין אָריגינאַל. דער תנ״ך איז אָבער פאַר מיר געווען ניט קיין ספּעציעל־יידישער בוך. ער איז אין דער גימנאַזיע געווען אַ טייל פון דער קריסטלעכער רעליגיעזער לערע און איך האָב אים ליב געקראָגן נאָך פון די קינדערשע רעליגיעזע צייטן. די רעליגיעזע שטימונגען זיינען שוין לאַנג פאַרגאַנגען, אָבער דער אינטערעס און ליבשאַפט צו דעם אַלטן בוך איז געבליבן. און פּלוצים איז מיר איינגעפאַלן אין קאָפּ: ווי שיין דאַרפן קלינגען די ביבלישע ווערטער אין זייער אמתער שפּראַך!"

דאָס געפיל פאַר שיינקייט האָט געשפּילט אַ גאַנץ באַזונדערע וויכטיקע ראָלע אין מעדעמס לעבן שוין פון זיין פריער יוגנט אָן. די רוסישע פּראַוואָסלאַוונע קירך, אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן, האָט אים אין זיינע יונגע יאָרן געהאַלטן אַזוי פעסט צו זיך, צוליב איר אויסערלעכער שיינקייט און גלאַנץ. אָט ווי ער באַשרייבט די ווירקונג, וואָס די פּראַוואָסלאַוונע קירך האָט געהאַט אויף אים:

„די קירכלעכע צערעמאָניעס זיינען שטענדיק געווען שיין און פייערלעך. עס איז געווען שיין פאַרן אויג, עס איז געווען שיין פאַרן אויער. די טונקל־גאָלדענע הייליקע בילדער, די ברענענדיקע לעמפּלעך און ליכטלעך, די ערנסטע, שטרענגע גלחים אין זעלטענע שיינע בגדים, די געהיימניספולע צערעמאָניעס, דער האַרציקער, סאַמעטענער באַס פון פּראָטאָדיאַקאָן (אַ מין הויפּט־חזן) און די הויפּט־זאַך — דער געזאַנג פון כאָר! עס איז שווער צו באַשרייבן די גאַנצע שיינקייט פון דעם רוסישן קריסטלעכן געזאַנג מיט זיין ערנסטער, אייגנאַר־טיקער, געהויבענער האַרמאָניע".

מעדעם האָט אומעטום געזוכט שיינקייט און דערהויבנקייט, און אויף אים האָט געמאַכט אַן איינדרוק יעדע אייגנאַרטיקע שיינקייט, וואָס זיין אויג האָט נאָר דערזען.

מעדעם גיט איבער זיינע איינדרוקן פון אַ יידישער שול, וואָס ער האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן באַזוכט יום כפור. דאָס איז געווען, ווען מען האָט

אים אויסגעשלאָסן פֿון קיעווער אוניווערזיטעט און ער איז געקומען אויף זומער אין מינסק.

אין דער יידישער שול האָט אים געפֿירט זיינער אַ יידישער פֿריינד, און ער דערציילט:

„צו־ערשט זיינען מיר אַריין אין דער גרויסער שול און עס האָט מיך באַלד אַרומגעכאַפּט אַ נייע, אומבאַקאַנטע אַטמאָספֿערע מיט איר גאַנצער אייגנאַר־טיקייט און איר גרויסער כּישוף־קראַפֿט. עס איז געווען גאָר אַנדערש ווי אין אַ רוסישן קלויסטער. דאָרטן שטייט דער גרויסער עולם שטיל, פֿייערלעך און שווייגנדיק און נאָר דער גלח מיטן כאָר רעדט און זינגט אין נאָמען פֿון דער קהלה. רעדט און זינגט מיט שיינע, האַרמאָניש־שטרענגע, געמאָסטענע טענער. דאָ אָבער בין איך אַריין ווי אין אַ ברויזנדער כוואַליע. הונדערטער און הונ־דערטער מתפּללים — און יעדער איינער טענהט זיך אויס אַליין מיט זיין גאָט, הויך, אויפֿן קול, מיט אַ ליידנשאַפֿטלעכן אימפּעט. הונדערטער שטימען הויבן זיך אויף צום הימל יעדע באַזונדער, יעדע פֿאַר זיך, אָן אַ צוזאַמענקלאַנג, אָן אַ האַרמאָניע, אָבער דאָך גיסן זיי זיך אַלע צונויף אין איין גוואַלדיקן, רוישיקן שטראָם, און ווי משונהדיק ער זאָל ניט קלינגען פֿאַרן אייראָפּייאישן אויער, דאָך מאַכט ער אַ גוואַלדיקן איינדרוק, דאָך האָט ער אין זיך אַ גרויסן חן, יענעם חן, וואָס עס פֿאַרמאָגט אַלע מאָל דאָס פֿלאַקערן פֿון אַ גרויסער מאַסן־נשמה...

„דאַן זיינען מיר אַריבער אין אַ צווייטער, קלענערער שול. מיר דאַכט זיך אַפֿילו, אַז דאָס איז געווען אַ חסידישע שטיבל. אויך דאָרטן האָט מיך אַרומגע־נומען דער הייסער שטראָם פֿון הונדערטער קולות. אָבער איבער דעם גרויסן מאַסן־ברומען האָט זיך אויפֿגעהויבן איין הויכע און שאַרפֿע שטים — דער קול פֿון אַן אַלטן, גרויען חזן. עס איז ניט געווען קיין זינגען און קיין זאָגן. עס איז געווען אַ געוויין, אַ אמתער געוויין, אין וועלכן עס האָבן זיך געהערט די הייסע טרערן פֿון אַן אַנגעווייטיקטן האַרצן. עס איז ניט געווען אין דעם קיין פֿייערלעכקייט, עס איז נישט געווען די שטרענגע האַרמאָניע פֿון אַ קריסטלעכער תּפֿילה. ס׳איז אָבער געווען אַן אמתע אָריענטאַלישע ליידנשאַפֿט פֿון אַ געפּיי־ניקטן האַרצן. אַ קול פֿון אַ גרויען עבר, וואָס האָט זיך געקלאָגט און געשריען צו זיין אַלטן גרייז־גרויען גאָט. און עס איז געווען אין דעם אַ גרויסע שיינ־קייט"...

איר זעט, ווידער אַמאָל שיינקייט. עס איז געווען די גרויסע, אייגנאַרטיקע שיינקייט, אָט אין דעם משונהדיקן יידישן גאָט־בעטן, וואָס האָט געמאַכט אויף מעדעמען אַזאַ שטאַרקן איינדרוק יום כּפּור אין דער יידישער שול.

מעדעמס לעבן, מעדעמס טעטיקייט, מעדעמען אַליין קען מען בעסער און טיפֿער פֿאַרשטיין, ווען מען באַקאַנט זיך נענטער מיט מעדעמען דעם שיין־גייסט, מיט מעדעמס קינסטלערישער נשמה, וואָס האָט אומעטום געזוכט שיינקייט, האַר־מאָניע, גאַנצקייט און דערהויבנקייט. מעדעם האָט מיט זיין גייסט אַריינגעטראָגן אין „בונד" אַ גרויסע יום־טובדיקייט און דעריבער האָט ער זיך אַזוי שטאַרק אַרויסגעצוען.

אַמעריקע איז ניט געווען דאָס ריכטיקע לאַנד פֿאַר מעדעמען, ווייניקסטנס ניט אין דער צייט, ווען ער איז אַהער געקומען. אין אַמעריקע האָט מעדעם זיך

ניט אַרויסגעזען ווי געהעריק. די אַרבעטער־באַוועגונג איז דעמאָלט געווען שוין צו פּראָזאַאיש, צו וואָכעדיק און מעדעם האָט זיך אין איר ניט געפילט ווי אין דער היים. ער האָט זיך געפילט קאַלט, ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער וואַרעמקייט, וואָס מען האָט אים דאָ אַרויסגעוויזן. עס האָט אים דאָ געפעלט די שיינקייט, די דערהויבנקייט, וואָס ער האָט אומעטום געזוכט. ער האָט דאָ ניט געפונען ניט די שיינקייט פון דער שטרענגער האַרמאָניע און פייערלעכקייט פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך און ניט די שיינקייט פון דער ברויזנדיקער כוואַליע און פון דעם אַריענטאַלישן ליידנשאַפטלעכן אימפעט פון דער יידישער שול. ער האָט דאָ געפונען אַ צעקראָכנקייט, אַ וואָכעדיקייט, אַן אָפּגעלאָזנקייט און אַ זאַטע צופרידנקייט. מעדעם האָט זיך דאָ ניט געקענט פילן היימיש. זיין נשמה איז דאָ געווען אין דער פרעמד, זי האָט דאָ אָפּגעריכט גלות.



## א. ליעסין, דער אפיקורס, וואָס איז געווען נאַציאָנאַליסטיש און ניט נאַציאָנאַל

איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט געגאָסע ליעסין מיט איבער צוועלף יאָר צוריק. דאָס איז געווען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון בונדיסטישע סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין זשענעווע, שווייץ, ענדע דעצעמבער, 1906. ליעסין איז געווען אַ דעלעגאַט פון דעם צענטראַל פאַרבאַנד פון „בונד" אין אַמעריקע. ער איז געשיקט געוואָרן צו דעם 7־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד", וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ענדע זומער פון 1906 אין לעמבערג. נאָך פאַרבלייבנדיק עטלעכע חדשים אין אייראָפּע, האָט ער אויך געהאַט די געלעגנהייט בייצוואוינען דעם בונדיסטישן סטודענטן־צוזאַמענפאָר אין זשענעווע.

איך האָב וועגן ליעסינען שוין אַ סך פריער געהערט. אייגנטלעך האָב איך שוין געהערט וועגן אים מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך בין געווען אַ שילער פון דער ווילנער ריסאַוואַלנע אוטשילישטשע (צייכן־שולע), דורך וועלכער איך האָב מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט געמאַכט מיט דער סאָציאַליסטישער יוגנט פון ווילנע. עס זיינען דאָרטן געווען אַ פּאָר שילער, וועלכע זיינען געווען אַנגעשמעקט מיט סאָציאַליסטישע אידייען, זיי האָבן זיך אַפילו גערעכנט פאַר נאָענטע „באַקאַנטע", און זיי האָבן עס מיך אין חדר אַריינגעפירט. אַ חדר פול מיט סודות און אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטן מיט נאָך מער סודות. דאָן האָב איך געהערט וועגן איינעם אברהמל, אַ וואויל־לערנער, אַ געוועזענער וואָלאָזשעניק, וועלכער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט, און ווייזט אַרויס גרויס חריפות אין סאָציאַליזם. ערשט מיט מערערע יאָרן שפּעטער האָב איך דערפאַרן, אַז דער דאָזיקער אברהמל איז דאָס דער באַוואוסטער יידישער סאָציאַליסטישער פּאָעט און שריפטשטעלער ליעסין פון אַמעריקע.

פֿון די דעלעגאַטן צום 7טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד" אין לעמבערג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אַבֿרהמל ליעסין איז אַ גרויסער נאַציאָנאַליסט. און איר דאַרפֿט וויסן, אַז אין יענער צייט איז נאַציאָנאַליזם געווען גאָר ניט קיין כּשרע זאַך. עס איז געווען אין דער צייט, ווען מען האָט אין „בונד" גאַנץ שאַרף אונ־טערגעשטראָכן דעם אונטערשייד צווישן „נאַציאָנאַל" און „נאַציאָנאַליסטיש". אין יענער צייט האָט מען געמעגט זיין בלויז נאַציאָנאַל, אָבער ניט נאַציאָנאַליס־טיש, און אויף ליעסינען האָט מען געזאָגט, אַז ער איז ניט נאַציאָנאַל, נאָר נאַ־ציאָנאַליסטיש און זייער שטאַרק נאַציאָנאַליסטיש.

איך האָב געקלערט, אַז מיינע בונדיסטישע גענאָסן מוזן אַ ביסל איבער־טרייבן, ווייל ווי קען דאָס אַ בונדיסט, וועלכער איז געשיקט געוואָרן פֿון אַמע־ריקאַנער צענטראַל פֿאַרבאַנד פֿון „בונד" אַלס דעלעגאַט, זיין אַ נאַציאָנאַליסט, ווען נאַציאָנאַליזם איז אַזוי שטאַרק פֿאַרבאָטן פֿון „בונד"? איך האָב מיר דערקלערט, אַז די באַשולדיקונג אין שטאַרקן נאַציאָנאַליזם קומט מסתּמא דער־פֿון, וואָס ליעסין שטרייכט וואַרשיינלעך שטאַרק אונטער די נאַציאָנאַלע אַר־בעט פֿון „בונד".

ענדלעך האָב איך זיך מיט ליעסינען אַליין געטראָפֿן און איך בין מודה, אַז ער האָט אויך אויף מיר, גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש, געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ שטאַרקן נאַציאָנאַליסט און ניט אַזוי מיט זיינע מיינונגען, נאָר מיט דער פֿאָרמע, אין וועלכער ער האָט זיינע מיינונגען אויסגעדריקט. זיינע מיינונגען זיינען אין אַלגעמיין געווען גאַנץ כּשר בונדיסטישע, אָבער דאָס לשון, אין וועלכן ער האָט די מיינונגען אויסגעדריקט, איז ניט געווען בונדיסטיש כּשר. ער האָט אויסגעדריקט כּשרע געדאַנקען אין אַן אַפּיקורסותדיקער שפּראַך.

דער בונדיסטישער סטודענטן־צוזאַמענפֿאָר אין זשענעווע איז גראָד געווען אַן עכט־יידישלעכע פֿאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען אַ גרויסער סטודענטישער צוזאַמענפֿאָר זאָל כּמעט אין גאַנצן געפֿירט ווערן אויף יידיש. עס זיינען געווען דעלעגאַטן פֿון פֿאַרשיידענע אוניווערזיטעטן פֿון פֿאַר־שיידענע לענדער. עס זיינען געווען פֿאַרטראַטן די מייסטע אוניווערזיטעטן פֿון דייטשלאַנד, עסטרייך, שווייץ, בעלגיע און פֿראַנקרייך. דאָס איז געווען דער גרעסטער בונדיסטישער סטודענטן־צוזאַמענפֿאָר. איך געדענק דעם ערשטן בונ־דיסטישן סטודענטן־צוזאַמענפֿאָר. ער איז אין גאַנצן געפֿירט געוואָרן אויף רוסיש, בלויז איין סטודענט, אַ פּוילישער ייד און אַ געוועזענער פּ. פּ. ס.ניק, האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו רעדן יידיש. קיין רוסיש האָט ער ניט געוואָלט רעדן, ווייל ער קומט פֿון פּוילן; פּויליש, ווידער, וואָלט די פֿאַרזאַמלונג ניט פֿאַר־שטאַנען, האָט ער דעריבער גערעדט יידיש. אַ יידישע רעדע אויף אַ סטודענטן־פֿאַרזאַמלונג איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער נייס, מען קען זאָגן אָריגינעל, און אַלע האָבן אויסגעשטעלט מויל און אויערן די רעדע צו הערן. אין אַ משך פֿון פֿיר יאָר צייט איז אָבער געקומען אַ גרויסע ענדערונג. אין דער צייט פֿון 1902 ביז 1906 איז דער „בונד" אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער יידישער מאַסן־באַוועגונג, ער איז אַליין געוואָרן יידישער און מיט אים איז אויך יידישער גע־וואָרן די בונדיסטישע אינטעליגענץ. אויף דעם זשענעווער סטודענטן־צוזאַמענ־

פֿאַר איז יידיש שוין געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, די מייסטע רעדעס און דער גרעסטער טייל פֿון די דעבאַטן זיינען געפֿירט געוואָרן אויף יידיש.

פֿאַר געגנאָסע ליעסין איז אָבער דער צוזאַמענפֿאַר דאָך ניט געווען גענוג יידישלעך. די שפּראַך פֿון צוזאַמענפֿאַר איז טאַקע יידיש, אָבער דער אינהאַלט איז ניט גענוג יידישלעך. און ווען עס האָט זיך פֿאַרהאַנדעלט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פֿון „בונד", האָט זיך ליעסין ניט איינגעהאַלטן און גענומען אַ וואָרט, מאַכנדיק פֿריער אַן הקדמה, אַז אַזוי ווי ער איז ניט קיין רעדנער, וועט ער עס מאַכן קורץ.

און ער האָט דעם עולם ניט אָפּגענאַרט אין ביידע זאַכן. ער האָט טאַקע ניט אַרויסגעוויזן קיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט און ער האָט אויך טאַקע געמאַכט קורץ. זיין קורצע רעדע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דער „בונד" שרעקט זיך מיט זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פֿאַר פּלעכאַנאָוון און פֿאַר אַ פּאָר יידן פֿון דער „איסקראַ", ער האָט כּסדר מורא, אַז זיי זאָלן אים ניט חושד זיין אין נאַציאָנאַליזם. דער „בונד" דאַרף האָבן אַ מער פּאָזיטיווע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, און ווען ער וואָלט אַזאַ פּראָגראַם געהאַט, וואָלט ער זיך ניט געקענט האַלטן פֿאַר דער נייטראַליטעט־טעאָריע אין באַצוג צו אַסימילאַציע. די נייטראַלע שטעלונג פֿון „בונד" צו אַסימילאַציע איז אין אַ דירעקטן ווידערשפּרוך מיט זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, זי איז אויך קעגן דעם גייסט פֿון מאַרקסיזם, און קעגן דעם געזונטן, מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד און קעגן דער געזונטער מענטשלעכער נאַטור.

דערמיט איז די רעדע אויפֿן „פֿלאָר" געווען צו ענד. אָבער געגנאָסע ליעסין האָט איר שפּעטער פֿאַרגעזעצט אין אַ סך אַ גרעסערער פֿאָרם אין קאָרידאָר און זי פֿאַרענדיקט, ווען מיר זיינען געקומען אין האָטעל, וואו מערערע דעלעגאַטן זיינען איינגעשטאַנען און וואו ליעסין אַליין האָט זיך אַריבערגעקליבן.

ליעסינס אַריבערקלייבן זיך אין אונדזער האָטעל איז ניט אַראָפּגעגאַנגען אַזוי איינפֿאַך. איר האָט געדאַרפֿט זען וואָס פֿאַר אַ וואָרע די האָטעל־אָנגעשטעלטע האָבן פֿאַר אים געמאַכט! עפּעס אַ קלייניקייט, אַן אַמעריקאַנער איז אריינגעפֿאָרן אין האָטעל! און אַן אַמעריקאַנער, דאַרפֿט איר וויסן, איז אין דער שווייץ זייער אַן אָנגענומענער גאַסט. יעדער אַמעריקאַנער איז דאָך אַ מיליאָנער. און אונדזער האָטעל, פֿאַרשטייט איר דאָך, איז ניט געווען קיין ערשט־קלאַסיקער, וואו עס פֿאָרן געוויינלעך אַריין די אַמעריקאַנער מיליאָנערן. געגנאָסע ליעסין איז זיכער געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער, וואָס האָט באַערט אונדזער האָטעל צו נעמען אין אים אַ צימער, און דער האָטעל־אייגנטימער און די אָנגעשטעלטע האָבן פּשוט ניט געוואוסט מיט וואָס פֿאַר אַ כּבוד אים אויפֿצונעמען. אויף ליעסינען איז טאַקע געווען אַ גרויס רחמנות צו קוקן ווי אומבאַקוועם ער האָט זיך געפֿילט, ווען די האָטעל־אָנגעשטעלטע האָבן זיך אָנגעפֿאַנגען דרייען אַרום אים און יעדער האָט אים געוואָלט באַדינען, — נאָר אונדז האָט זייער שטאַרק אַמוזירט די געשיכטע. אַ ביסל שפּעטער אָבער האָבן זיך די האָטעל־אָנגעשטעלטע שוין אָנגעשטויסן, אַז זייער אַמעריקאַנער גאַסט מוז ניט זיין פֿון די עכטע אַמעריקאַנער מיליאָנערן און זיי האָבן אים געלאָזן צורו, און מיר האָבן אומגעשטערט געקענט פֿאַרזעצן די דעבאַטע וועגן דער

נאַציאָנאַלער פראַגע אין „בונד". ליעסין האָט אין דער דעבאַטע אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אויב דער „בונד" וויל בלייבן דער פירער פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן, מוז ער ווערן מער נאַציאָנאַל און אויסאַרבעטן מער באַשטימטע פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע יידיש־נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

מיט דעם דאָזיקן געדאַנק זיינען אייגנטלעך אַ סך בונדיסטן געווען איינ־פאַרשטאַנען. אָבער ליעסין האָט באַנוצט אַ צו אַפּיקורסישע שפּראַך, מיט וועל־כער עס איז געווען שווער איינצושטימען.

פון יענער צייט זיינען שוין אַ סך וואַסערן איבערגעלאָפן. אַ סך ווערטן זיינען פאַר דער צייט איבערגעשאַצט געוואָרן און אויך די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט אַן אַנדער ריכטונג גענומען. אין גרויסן און גאַנצן האָט ליעסין זיין קאַמף געוואונען. עס איז געווען אַ לאַנגער קאַמף. ער האָט אים אָנגעפאַנגען פון די ערשטע יאָרן, ווען ער איז אַ סאָציאַליסט געוואָרן.



## ווער האָט געקענט א. ליטוואַקן ?

איך ווייס ניט אויב עמעצער האָט גוט געקענט ליטוואַקן. ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע, ער האָט ליב געהאַט צו זיין צווישן מענטשן און זיך באַגעגענען מיט זיי. און ער האָט זיינע באַקאַנטע גוט געקענט. ער האָט מאַנכעס מאָל גע־וואוסט וועגן זיי אַ סך מער, ווי זיי אַליין האָבן וועגן זיך געוואוסט. אָבער זיינע באַקאַנטע האָבן אים ווייניק געקענט.

ער איז ווייט ניט געווען אַ מענטש, וואָס איז אָפּגעשלאָסן אין זיך. אין קעגנטייל, ער איז געווען אַ מענטש אַ צוגעלאָזענער, ווי מען רופט עס. ער האָט ליב געהאַט צו רעדן און צו דערציילן און אָפט אַפילו איבערגעבן זיינע געפילן און איבערלעבונגען, אָבער דאָך ביי זיין גאַנצער אָפנקייט איז אין אים געווען אַזוינס, וואָס האָט עפּעס באַהאַלטן און פאַרשלאָסן.

ער האָט אויסגעקוקט צו זיין אַ בייזער, אַ שטרענגער, אַ שטענדיק טיף־ערנסטער, אָבער אין דער אמתן איז ער עס ניט געווען. זיין בייזקייט, זיין שטרענגקייט האָט זיך אויסגעדריקט בלויז אין באַוועגונגס־פראַגן, ווי מען קען עס אָנרופן, גאַנץ גלייך צו פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צי פון אַנדערע באַ־וועגונגען, וואָס האָבן אים אינטערעסירט. אין זיין פאַרקער מיט מענטשן אָבער, האָט ליטוואַק אין זיך געהאַט ניט בלויז אַ סך פריינדלעכקייט, נאָר אויך צערטלעכקייט. ניט מער, זיין שטרענגער, כמעט שטענדיק טיף־ערנסטער פנים האָט געמאַכט דעם פאַלשן איינדרוק, אַז ער איז פרעמד צו מענטשן און צו דער וועלט.

איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט ליטוואַקן אין אָנפאַנג 1906, ווען איך האָב צוזאַמען מיט אים געאַרבעט אין דער בונדיסטישער טעגלעכער צייטונג „וועקער" (שפּעטער „פאָלקס־צייטונג"), וועלכע האָט אָנגעפאַנגען אַרויסגיין אין ווילנע. ליטוואַק איז געווען איינער פון די זיילן פון דער צייטונג. עס זיינען אין יענער צייט אין אַלגעמיין ניט געווען קיין סך גוטע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד און נאָך ווייניקער זיינען געווען גוטע יידישע סאָציאַליסטישע שרייבער. און

פון וואַנען האָבן זיי געקענט זיין? די יידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע איז געווען אַן אונטערערדישע, אַ באַהאַלטענע, אַ קאָנספּיראַטיווע, און זי האָט ניט געקענט אַנטוויקלען קיין סך גוטע שרייבער. און ווען דער „בונד" האָט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ יידישע טעגלעכע צייטונג, איז די שרייבער־פראַגע געווען די שווערסטע. בונדיסטן, וואָס קענען שרייבן רוסיש, האָט מען געקענט קריגן גענוג. אָבער, וואָס קענען שרייבן יידיש און בפרט נאָך פאַר אַ טעגלעכער צייטונג, זיינען געווען זייער ווייניק. און עס האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזן, אַז אַ טייל פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „וועקער" און שפּעטער פון דער „פאָלקס־צייטונג" פלעגן שרייבן זייערע אַרטיקלען אין רוסיש און מען האָט געדאַרפט האַלטן פאַר זיי איבערזעצערס. און אַפילו די, וואָס האָבן געקענט שרייבן יידיש, זיינען ניט אַלע געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ טעגלעכער צייטונג. זיי האָבן געקענט אָנשרייבן אַן אַרטיקל איין מאָל אין אַ חודש אָדער אין אַ פערטל־יאָר פאַר אַ זשורנאַל, נאָר שרייבן אַלע טאָג, אָדער ווייניקסטנס אַלע איבערטאָג — ווער האָט עס געקענט? ליטוואַק איז אָבער געווען איינער פון די, וואָס האָבן עס געקענט. אים האָט געפעלט די זשורנאַליסטישע דערפאַרונג, אָבער ער האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם זשורנאַליסטישן טאַלאַנט. ער האָט געקענט שרייבן קלאָר, שאַרף און שנעל.

אין די לעצטע יאָרן, דאָ אין אַמעריקע, פלעגט ליטוואַקן, ווי איך פאַרשטיי, דאָס שרייבן ניט אָנקומען אַזוי לייכט. אָבער אין יענע יאָרן איז ער, דאַכט זיך, געווען דער לייכטסטער און פּראָדוקטיווסטער שרייבער אין דער רעדאַקציע. ער האָט ניט געדאַרפט קיין שום הכנות צום שרייבן. אויב ניט אַן עק פון אַ טיש, איז אויך רעכט געווען אַ ברעג פון אַ פענצטער. ער האָט בלויז געדאַרפט האָבן שטיקלעך פּאַפּיר מיט אַ פען און טינט און אין אַ שעה צייט איז פאַרטיק געווען אַ פעליעטאָן אָדער אַ לייט־אַרטיקל. און טאָמער האָט מען געדאַרפט האָבן עפּעס נאָך, האָט איר אים געדאַרפט בלויז אונטעררוקן אונטער דער האַנט נאָך שטיקלעך פּאַפּיר און ער האָט ווייטער געשריבן. ער האָט איינפאַך הנאה געהאַט פון שרייבן.

ליטוואַק איז דעמאָלט געווען אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט קיין סיסטעמאַטישע בילדונג ניט געקראָגן. ער האָט אָבער געהאַט גלענצנדע פעאיקייטן, אַן אויסגעצייכנטן זכרון און אַ גרויסן חשק צו לייענען. ער איז אויך געווען איינער פון די ווייניקע בונדיסטן, וואָס איז געווען אַ למדן אין די יידישע שוואַרצע פּינטעלעך. ער האָט גוט געוואוסט סיי די אַלטע, סיי די נייע העברעאישע ליטעראַטור, שוין אָפּגערעדט פון דער יידישער ליטעראַטור. נאָר איין זאַך האָט ליטוואַקן געפעלט — זיצפלייש. אים פלעגט גיך איבערדריסיק ווערן צו זיצן אויף איין אָרט. ער איז דעריבער לאַנג ניט געבליבן אין דער רעדאַקציע און ער איז אַ ביסל שפּעטער גאָר אַוועקגעפאָרן פון ווילנע.

ליטוואַק האָט לויט זיינע פעאיקייטן, באַגאַבונגען, קענטענישן און רעוואָלוציאָנערן יחוס געדאַרפט זיין איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון „בונד". ליטוואַק האָט ניט בלויז געהאַט אַ שאַרפע פעדער, נאָר אויך אַ שאַרפע צונג. ער איז געווען אי אַ גוטער שרייבער אי אַ גוטער רעדנער — צוויי זאַכן, וואָס

טרעפֿן זיך ניט אָפֿט צוזאַמען ביי איין מענטשן. און ער האָט געהאַט ניט בלויז פֿאַרם, נאָר אויך אינהאַלט. ער האָט ניט בלויז געקענט זאָגן זאַכן אויף זיין אייגענעם אופֿן, נאָר ער האָט אויך אַלע מאָל געהאַט וואָס צו זאָגן. ער האָט גוט געקענט די טעאָריע פֿון סאָציאַליזם און איז געווען אַ גוטער מאַרקסיסטישער דענקער. דערצו האָט ער געהאַט רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און אַן אומ־באַשרענקטע איבערגעבנקייט צו דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג. ער איז אָבער דאָך אַלע מאָל געווען מער וואָרט־זאָגער ווי פֿירער. אים האָבן געפֿעלט סיי מאַנכע מעלות, סיי מאַנכע חסרונות, וואָס אַ פֿירער דאַרף האָבן. ער איז מער געווען צוגעגרייט צו זאָגן וואָס די פֿירער דאַרפֿן טאָן, איידער אַליין צו זיין אַ פֿירער. און וואָלט עס געטראָפֿן, אַז מען וואָלט אים אויסגעקליבן פֿאַר אַ פֿירער, וואָלט ער גאַנץ גיך רעזיגנירט, ווייל זייענדיק אַליין דער פֿירער, וואָלט ער דאָך ניט געקענט זאָגן דעם פֿירער, וואָס ער דאַרף טאָן און ווי ער דאַרף זיך פֿירן.

נאָענטע באַקאַנטע פֿלעגן זאָגן אויף ליטוואַקן, אַז ער איז אַ שווערער מענטש, עס הייסט, אַז עס איז שווער מיט אים דורכצוקומען. דאָס איז אָבער געווען ניט אין גאַנצן אמת. עס איז מיט אים געווען ניט איבעריקס לייכט דורכצוקומען אין דער אַרבעט פֿון דער באַוועגונג, וואו ער פֿלעגט אָפֿט אַרויס־ווייזן גרויסע עקשנות און זיך מאַנכעס מאָל צו פֿיל אָפּשטעלן אויף קליינ־קייטן און מאַכן פֿון זיי אַ גרויסן ווענן. ער פֿלעגט אַמאָל אין אַזעלכע פֿאַלן אַרויס־ווייזן אַן איבערגעטריבענע מאָס פֿון ביטערקייט און שאַרפֿקייט. אָבער אין פּערזענלעכן פֿאַרקער איז ער געווען גאַנץ ווייט פֿון זיין אַ שווערער מענטש. ער האָט אַפֿילו אָנגעהאַלטן פֿריינטשאַפֿטלעכע באַציאונגען מיט זיינע אידעאישע קעגנער. מיט מאַנכע פֿון זיי איז די פֿריינדשאַפֿט געווען אַ באַזונדערס וואַרעמע. איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, אַז ליטוואַק האָט ליב געהאַט די געזעלשאַפֿט פֿון מענטשן, הגם אַ סך האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ צוריקגעצוי־גענער, אַן איינזאַמער און אַן אָפּגעזונדערטער. ער האָט אין דערווירקלעכקייט געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערס גרויסן אינטערעס אין מענטשן. ער האָט זיך איב־טערעסירט מיט אַלע איינצלהייטן פֿון דעם לעבן פֿון זיינע באַקאַנטע. ער האָט געוואוסט, קען מען זאָגן, וואָס קאָכט זיך ביי זיי אין טעפּל. מען זאָגט, אַז אַט דעם אינטערעס געפֿינט מען מייסטנס ביי פֿרויען, אָבער זעלטן ביי מענער. איך ווייס ניט ווי ווייט ריכטיק דאָס איז. איך ווייס, אַז אויך מענער האָבן ליב צו רעדן רכילות, ווען זיי קומען זיך צוזאַמען. ווייניקסטנס האָב איך ניט געזען אַזעלכע, וואָס זאָלן האָבן פֿיינט צו הערן רכילות. עס קען זיין, אַז פֿרויען ווייזן אין אַלגעמיין אַרויס מער אינטערעס צו רכילות ווי מענער, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז רכילות אַן אַלגעמיינע מענטשלעכע שוואַכקייט. עס איז פֿאַקטיש אַן אויסדרוק פֿון דעם אינטערעס, וואָס איין מענטש האָט אין דעם צווייטן. רכילות מיינט ניט דווקא אַ פֿאַרלײמדונג. עס קען אויך זיין גאַנץ גוטמוטיקע רכילות. אַט אַזוי סתּם דערציילן, וואָס ביי יענעם טוט זיך ניט מיינענדיק דערביי עפּעס שלעכטס. בייזוויליקע רכילות רופֿט מען גיכער מיט דעם נאָמען לשון הרע.

און אפשר איז דאָס טאַקע געווען אַן אויסדרוק פון די ווירקלעכע שטריכן אין ליטוואַקס כאַראַקטער. עס קען אפשר קלינגען קאָמיש, ווען מען זאָל זאָגן אויף דעם האָמעטנעם, דורכאויס מאַנסבילשן ליטוואַק, אַז ער האָט געהאַט ווייבלעכע שטריכן אין זיין כאַראַקטער, אָבער ער האָט עס געהאַט. ער האָט אין זיך געהאַט אַ געוויסע מאָס ווייבלעכע צערטלעכקייט און אויך ווייבלעכע ראָמאַנטישקייט. דער שטרענגער, בייזער, טיף־ערנסטער ליטוואַק איז געווען צאַרט ראָמאַנטיש. אַ ראָמאַנטישקייט מער ענלעך ווי פון אַ פרוי, איידער ווי פון אַ מאַן. אַט דער טרוקענער, אַנגעכמורעטער, פאַרביטערטער ליטוואַק האָט ליב געהאַט שמחות, איז געווען אַ גרויסער הוליאַק, און האָט ליב געהאַט דעם באַהעמישן לעבן פון קינסטלער. ער, דער פאַרהאַרטעוועטער רעוואָלוציאָנער, דער פּראָזאַאישער שטענדיק ניכטערער בונדיסט, האָט ליב געהאַט, ליידנשאַפט־לעך ליב געהאַט די שיינע ליטעראַטור, פּאָעזיע און קונסט. ליטוואַק האָט מייסטנס געשריבן וועגן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן, אָבער טייערער ווי אַלץ זיינען אים געווען די אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן וועגן ליטעראַטור.

די נאַטור האָט ליטוואַקן באַשאָנקען מיט פעאיקייטן, מיט טאַלאַנט, מיט אַ סך מעלות, אָבער דאָס לעבן האָ אים זייער שטאַרק געקריוודעט. ער האָט געלעבט צווישן אַזוי פיל מענטשן און דאָך אומעטום אויסגעקוקט ווי אַ פרעמדער. ער האָט דאָס לעבן אַזוי ליב געהאַט און ער האָט דאָך גענומען אַזוי וויניק פון לעבן. ער איז אין אַלגעמיין געווען אַנדערש, ווי ער האָט אויסגע־קוקט און ער איז איבערהויפּט געווען אַנדערש. איך ווייס ניט אויב עמעצער האָט טיף אַריינגעקוקט אין ליטוואַקס נשמה און האָט אים גוט געקענט.

פאַרוואָס איז ער פון אונדז אַזוי גיך אַוועק?



## הלל כץ־בלום — איינער פון די ערשטע גרינדער פון „בונד”

הלל כץ, אָדער הלל בלום ווי מיר האָבן אים דאָ גערופן, האָט באַלאַנגט צו דעם דור בונדיסטן, וואָס איז שוין כמעט אין גאַנצן אויסגעשטאָרבן. מען קען זאָגן, אַז עס איז מער ניטאָ פון דעם מין. ניטאָ מער די באַדינגונגען און די צושטענדן, אַז אַזעלכע סאָציאַליסטן, ווי הלל, זאָלן קענען אַרויסוואַקסן. אין דער אמתן איז דער דור בונדיסטן, צו וועלכן הלל האָט באַלאַנגט אָפּגעשטאָרבן אַ רעכט ביסל פריער, ווי ער אַליין איז געשטאָרבן, און ניט האָבנדיק די פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו נייע באַדינגונגען און זיך אַריינלעבן אין אַ נייער סביבה, האָט ער דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אַמעריקע, זיך אַרומגעבלאָנקעט און ניט געקענט געפינען אין ערגעץ אַ ווינקל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וואו ער זאָל קענען זיין טעטיק און זיך אויסלעבן אין איר.

הלל איז געווען איינער פון די וויניקע וואָס האָבן געהאָלפן לייגן דעם פונ־דאַמענט פון „בונד”. ער האָט געהאָלפן ברעכן די שטיינער און מישן די וואַפנע און האָט געטאָן אַלע אַנדערע אַרבעטן וועלכע מען האָט אים געגעבן און צו וועלכע ער איז געווען פעאיק. ס'איז געווען אַ לאַנגזאַמע, שווערע און געפערלעכע

אַרבעט, צו וועלכער מען האָט געדאַרפֿט האָבן גרויסע אידעאַליסטן, וואָס האָבן אָן אומבאַגרענעצטן גלויבן אין סאָציאַליזם און וואָס זיינען געווען גרייט מקריב צו זיין זייער לעבן פֿאַר אים.

מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז הלל איז געווען איינער פֿון די בויער פֿון „בונד". ווען עס איז געקומען צו בויען די גרויסע אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד" אויף דעם פֿונדאַמענט, וואָס די גרינדער זיינע האָבן געלייגט, איז הלל שוין געווען אַ מידער און אַ קראַנקער מענטש, וואָס האָט מער ניט געקענט שטיין אין די רייען. דערצו איז די אַרבעט פֿון בויען געווען אַן אַנדערע. מען האָט געדאַרפֿט האָבן צו איר מער אימפעט, מער באַוועגלעכקייט, און מער צופּאַסונגס־פֿעאיקייט, ווי הלל האָט עס פֿאַרמאָגט. הללס בונדיסטישע טעטיקייט האָט זיך פֿאַרענדיקט, קען מען זאָגן, אין 1900, ווען ער האָט זיך אַנגעפֿאַנגען קלייבן אַועקצופֿאָרן פֿון רוסלאַנד.

איך בין גראָד אַ רעכט ביסל שולדיק אין דעם, וואָס הלל איז געקומען אין אַמעריקע. איך האָב אים באַזאָרגט מיט די מיטלען צו פֿאָרן, ווייל ער האָט מער אין רוסלאַנד ניט געוואָלט בלייבן. ער האָט משמעות געפֿילט, אַז עס פֿעלט אים די ענערגיע פֿאַרצוזעצן זיין אַרבעט און אַז ער קען זיך מער ניט מאַכן נוצלעך.

אין דער אמתן איז זיין אַרבעט אין „בונד" ניט געווען קיין באַשטימטע. הלל האָט באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע אינטעליגענטע אַרבעטער, ווי מען האָט עס גערופֿן, אָבער ער איז אין דער ווירקלעכקייט ניט געווען קיין אַרבעטער. אים האָט געפֿעלט, ווי איך קען פֿאַרשטיין, דער ווילן אָדער דער געדולד זיך אויס־צולערנען וואָס עס איז ווי מען באַדאַרף. ער איז געווען אַ ישיבה־בחור אָבער עס זיינען געווען צוויי מינים ישיבה־בחורים — איינע האָבן פֿאַרבראַכט זייער צייט צו לערנען די גמרא און די אַנדערע האָבן „צעריבן" זייער צייט ביי דער גמרא. אויף די ערשטע פֿלעגט מען זאָגן, אַז זיי לערנען אין דער ישיבה, און אויף די אַנדערע, אַז זיי וואַלגערן זיך אין דער ישיבה. פֿון די ערשטע זיינען אַרויסגעקומען לומדים און פֿון די צווייטע, אַזעלכע וואָס פֿלעגן פֿאַרשטיין אַ ביסל די שוואַרצע פּינטעלעך. די מערסטע ישיבה־בחורים האָבן באַלאַנגט צום צווייטן מין און הלל איז געווען איינער פֿון זיי. און ווען הלל איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז קיין גרויסער למדן וועט ער אין דער ישיבה ניט ווערן און ער האָט באַשלאָסן זיך צו לערנען אַ מלאכה, האָט אים משמעות ווידער אַמאָל געפֿעלט דער ווילן און די געדולד דאָס צו דערגרייכן. ער האָט זיך גע־לערנט פֿאַרשיידענע מלאכות אָבער ער האָט קיין איינע פֿון זיי זיך ניט אויס־געלערנט.

ווען איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן אין יאָר 1900, איז ער געווען אַרום 32 יאָר אַלט, אָבער ער האָט אויסגעזען אַ סך עלטער.

עס איז געווען אָנפֿאַנג פֿרילינג 1900, ווען צו מיר אויף מיין קוואַרטיר אין ריגע, 14 וועבער־שטראָסע, האָט זיך באַוויזן גאַנץ אומדערוואַרטעט אַן אומבאַ־קאַנטער, בלייכער יונגערמאַן מיט אַ קליינעם טשעמאָדאַנטשיק אין האַנט. איך געדענק ניט, אונטער וואָס פֿאַראַ נאָמען ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר מיר, מיר דוכט, אַז ער האָט מיר אין גאַנצן ניט געזאָגט ווי זיין נאָמען איז, נאָר ער איז גלייך צוגעטראָטן צום פּסוק, אַז ער דאַרף מיט מיר עפּעס רעדן. איך האָב זיך גלייך אַנגעשטויסן, אַז עס איז קאָנספּיראַציע און איך האָב געטראָפֿן.

הלל האָט געבראַכט מיט זיך אַ פּעקל בונדיסטישע ליטעראַטור פֿאַר דער באַוועגונג אין ריגע, אָבער גראָד מיט אַ פּאָר טעג פֿאַר זיין קומען זיינען פֿאַר־געקומען אַרעסטן אין שטאָט און ער האָט ניט געפֿונען וועמען אָפּצוגעבן דעם פּעקל. די מייסטע אַקטיווע טוער זיינען געווען אַרעסטירט און די איבערגע־בליבענע זיינען געלעגן ערגעץ באַהאַלטן. דורך אַ צופֿאַל האָט ער געקראָגן מיין אַדרעס און ער איז צו מיר געקומען מיטן פּעקל.

אייגנטלעך בין איך געווען אַ רעכט ביסל אומפּאַרזיכטיק, אָבער עס האָט גאָרניט פּאַסירט. אַגב, איז דאָך ניט געווען וואָס אַנדערש צו טאָן. איך קען דאָך דעם טייערן פּעקל אין גאַס ניט אַרויסוואַרפֿן.

דאָס פּעקל ליטעראַטור האָט מיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט און דער מענטש וואָס האָט עס געבראַכט, האָט געוואונען מיין צוטרוי. ער האָט געהאַט אַן אויס־געמאָגערטן קרענקלעכן פּנים, געל ווי פּאַרמעט, אַ פּאָר לאַנגע געלבלעכע וואָנ־צעס, וואָס די ברעגן איבערן מויל זיינען געווען שטאַרק פֿאַרויכערט פֿון טאַבאַק, און פֿון אונטער זיין הויכן שטערן האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר גוטמוטיקע און פֿריינטלעכע אויגן. אויף וויפֿל איך געדענק, האָט ער מיר דעמאָלט געזאָגט, אַז ער האָט לעצטנס געאַרבעט אויף זאַקס שוועבל פֿאַבריק אין דווינסק, וואו עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שטרייק. איך האָב געהאַט אַ טאָפּלטע אויפֿגאַבע: איך האָב געדאַרפֿט באַזאָרגן דאָס פּעקל ליטעראַטור און איך האָב אויך גע־דאַרפֿט באַזאָרגן דעם ברענגער פֿון דעם פּעקל. מילא, פֿאַר דעם פּעקל ליטע־ראַטור האָב איך בלויז געדאַרפֿט געפֿינען אַ זיכער אָרט, קיין עסן האָט עס ניט געבעטן. אָבער פֿאַר דעם ברענגער פֿון דעם פּעקל האָב איך געדאַרפֿט באַזאָרגן ניט בלויז אַ זיכער אָרט, נאָר אויך עסן.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פֿאַר מיר, וואָס איך האָב געפֿונען אין דעם פּעקל ליטעראַטור, איז געווען דער 6טער נומער „אידישער אַרבייטער", ניט קיין אָפּי־ציעלער בונדיסטישער זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער שווייץ. איך האָב אין דעם נומער געפֿונען אייניקע פֿראַגן, וואָס האָבן מיך פֿאַראינטע־רעסירט, באַזונדערס די יידיש־נאַציאָנאַלע פֿראַגע, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנגן אַרטיקל פֿון בן אהוד, (שפּעטער, ווען איך בין געקומען אין דער שווייץ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז ד"ר חיים זשיטלאָווסקי). אַ גרויסער טייל פֿון דעם אַרטיקל האָט זיך מיר ניט געלייגט אויפֿן שכל, אָבער איך בין דורך אים שטאַרק פֿאַראינטערעסירט געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע און איך האָב געזוכט צו לייענען וועגן איר אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט קריגן. מיט אַ קנאַפּן יאָר שפּעטער זייענדיק אין דער שווייץ, האָב איך אַליין אָנגעשריבן פֿאַרן „אידישן אַרבייטער" אַ לענגערן אַרטיקל וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע (עס איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דעבאַטע וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע פֿון „בונד"). דאָס איז געווען מיין ערשטער אַרטיקל אין יידיש, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען געדרוקט, און ער איז פּאַקטיש אויך געווען דער אָנפֿאַנג פֿון מיין בונדיזם. דער רעדאַקטאָר פֿון „אידישן אַרבייטער" איז דעמאָלט געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי וואָס האָט נאָך אין יענער צייט אַליין קיין יידיש ניט געקענט שרייבן, און ער האָט געזוכט מיך אויסצונוצן פֿאַרן „אידישן אַרבייטער" וויפֿל ער האָט נאָר געקאָנט. איך האָב אַפֿילו אָנגעשריבן אַ ליד (אַ סאָציאַלע פֿאַרשטייט זיך) —

דאָס ערשטע און אויך דאָס לעצטע ליד, וואָס איז פֿון מיר געדרוקט געוואָרן. נאָר ווען איך האָב אייניקע יאָר שפּעטער דאָס ליד געלייענט, האָב איך אָנגע־פֿאַנגען שטאַרק צווייפֿלען אין וולאַדימיר קאָסאָווסקיס מבינות אויף פּאָעזיע.

ווי איר זעט, האָט הלל געהאַט אַ גאַנץ נאָענטע שייכות מיט דעם, וואָס איך בין געוואָרן אַ בונדיסט, און אפֿשר טאַקע מיט דעם, וואָס איך בין געוואָרן אַ יידישער שרייבער.

עס איז טאַקע געווען נאָך דעם ווי מיין אַרטיקל איבער דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע האָט זיך אָפּגעדרוקט אין דעם „אידישן אַרבייטער" אונטערן נאָמען „איש תקוה", האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געווענדעט צום אַמעריקאַנער „פֿאָרווערטס", אַז ער זאָל מיר שיקן אַ קאָרעספּאָנדענטן־קאַרטע אים צו פֿאַר־טרעטן אויף דעם פֿינפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַזעל. איך בין זייער שטאַרק געהויבן געוואָרן אין מיינע אויגן, ווען איך האָב אַזאַ קאַרטע באַקומען און בין נאָך מער געהויבן געוואָרן ביי זיך, ווען איך האָב דערזען מיינע קאָרעספּאָנדענציעס געדרוקט.

הלל איז אָפּגעווען ביי מיר אין דובעלען, ביים ריגער ים־ברעג, פֿון אָנהייב מאַי ביז סוף אויגוסט, און אַזוי ווי איך האָב גאָרניט געקענט אויסקלערן, וואָס הלל קען טאָן אין ריגע און ער אַליין האָט ניט געקענט אויסקלערן, וואָס ער קען טאָן ערגעץ אַנדערשוואו, האָבן מיר באַשלאָסן ער זאָל פֿאָרן קיין אַמעריקע. אָבער איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז עס האָט הלל געדויערט היפּשע עטלעכע יאָר פֿון אַריבערגנבענען זיך דעם גרענעץ ביז ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע. ער האָט זיך אויפֿן וועג אָפּגעשטעלט אין דייטשלאַנד, אין דער שווייץ, אין פֿראַנקרייך און אין ענגלאַנד. אין גאַנצן האָט אים די נסיעה מיט די „סטאָפּס" געדויערט אַרום פֿיר יאָר צייט. נאָר ער האָט זיך באמת ניט געהאַט וואָס צו איילן. עס האָט אויף אים אין אַמעריקע קיין זאַך ניט געוואַרט און ער האָט אין איר קיין זאַך ניט געפֿונען. פֿון זיינע 38 יאָר לעבן אין אַמעריקע האָט הלל גאָרניט געהאַט וואָס צו דערציילן.

הללס אייניקע יאָר לעבן אין דייטשלאַנד, שווייץ און פֿראַנקרייך זיינען אין אַ געוויסן פּרט ענלעך צו זיינע יאָרן אין דער ישיבה. ער איז דאָרטן קיין למדן ניט געוואָרן, ער האָט זיך קיין זאַך באַשטימטעס ניט אויסגעלערנט, נאָר ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל בעסער צו פֿאַרשטיין די שוואַרצע פּינטעלעך.

אין 1909 האָב איך הללן געטראָפֿן אין אַמעריקע. ער האָט אויסגעקוקט אַ סך געזונטער און לייטישער. איך האָב געגלייבט, אַז אין אַמעריקע וועט הלל זיך אויסלערנען עפּעס אַ מלאכה אָדער אפֿשר אַזוינס, וואָס איז צווישן מלאכה און פּראָפֿעסיע, אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות. ווען איך האָב זיך מיט אים גע־טראָפֿן, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער אַרבעט אין אַ מעטאַל־פֿאַבריק, און עס איז אַן אַרבעט, וואָס מען דאַרף זיך ניט לערנען.

איך האָב אויך געגלייבט, אַז הלל וועט פֿאַרנעמען אַ מער אָדער ווייניקער אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זי האָט דעמאָלט געהאַלטן אין איר רעכטן אויפֿבלי און אַזאַ מענטש ווי הלל האָט זיך אין איר געקענט ניצלעך מאַכן. ער האָט געוואוסט סאָציאַליזם און האָט פֿאַר־שטאַנען ווי עס צו דערקלערן, געהאַט אַ גוטן יחוס־צעטל — איינער פֿון די

ערשטע ראשונים, וואָס האָבן געגרינדעט דעם „בונד", געהאַט גענוג פֿרייע צייט, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין פֿאַמיליע־פֿאַרפֿליכטונגען און דערצו אַן אייגענער מענטש צווישן די אַרבעטער, ווייל ער האָט אַליין געאַרבעט אין שאָפּ. אָבער איך האָב אויך אין דעם געמאַכט אַ טעות. הלל האָט, ווי מען קען זאָגן, זיך גע־ריבן אַרום דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פֿון אַמעריקע, אָבער ער איז ניט געווען טעטיק אין איר.

ליידער קען איך ניט זאָגן, אַז איך האָב אַ חלק אין דעם, וואָס ח׳ הלל איז געוואָרן אַ יידישער שרייבער.

עס איז מיר מערערע מאָל אויסגעקומען צו לייענען זיינע מאַנוסקריפּטן און איך האָב פֿון זיי יעדעס מאָל אויסגעפֿונען, אַז ער האָט אַ טאַלאַנט צו דער־ציילן און אַז ער האָט אַ סך וואָס צו דערציילן, אָבער עס איז אָפֿט גאַנץ שווער דאָ ביי אונדז צו קריגן אַ פּלאַץ, וואו עס צו דערציילן.

ח׳ הלל איז געווען איינער פֿון אונדזערע עלטסטע בונדיסטן. ער האָט גע־האָט פֿיל צו דערציילן וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איידער דער „בונד" איז נאָך געגרינדעט געוואָרן און פֿיל מער פֿון דער שפּע־טערדיקער צייט. און עס זעט אויס, אַז ער האָט געהאַט אַ גוטן זכרון. ער האָט גע־דענקט פֿאַקטן און מענטשן, — צוויי באַדינגונגען, וואָס זיינען נויטיק צו שרייבן זכרונות. און דערצו אַ גרויסע מעלה פֿון קענען דערציילן.

אין זיין בוך „זכרונות פֿון אַ בונדיסט", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין 1940, נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעלעבט 35 יאָר אין אַמעריקע, און אין וועלכן עס זיינען געדרוקט איניקע זאַכן, וואָס האָבן גאָרניט צו טאָן מיט זכרונות, איז אַ וואָרט ניטאָ וועגן זיין לעבן און זיינע איבערלעבונגען אין אַמעריקע. און דאָס איז געוויס ניט צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך געפֿילט צו שרייבן. ער האָט גראָד זייער ליב געהאַט צו שרייבן.

איך ווייס, אַז הלל איז ניט געווען צופֿרידן מיט זיין לעבן אין אַמעריקע, איך ווייס ניט, אויב ער האָט געמאַכט אָנשטרענגונגען אים צו ענדערן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט מער געלעבט מיט זיין פֿאַרגאַנגענהייט, ווי מיט זיין קעגנוואַרט און אַז ער האָט געהאַט זיין גלויבן, זיינע איבערצייגונגען און זיין אידעאַליזם געשפּייזט מיט די דערינערונגען פֿון זיין פֿאַרגאַנגענעם לעבן, ניט פֿון זיין קעגנוואַרטיקן לעבן.

איך ווייס ניט, אויב עס איז פֿאַראַן עמעצער, וואָס זאָל קענען דערציילן עפּעס שלעכטס וועגן הללן. ער האָט געטאָן שלעכטס בלויז זיך אַליין, אָבער קיין מאָל ניט קיין צווייטן. פֿאַקטיש קענען אַלע, וואָס זיינען געווען מיט אים באַקאַנט, דערציילן וועגן אים בלויז גוטס און אַרויסשטעלן זיין אידעאַליזם פֿאַר אַ מוסטער.



# ב. וולאַדעק — דער „יונגער לאַסאַל"

אונדזער „יונגער לאַסאַל" — אַזוי האָט מען וולאַדעקן גערופֿן אין זיינע יונגע יאָרן — איז צו יונג אַוועק פֿון אונדז.

איך בין מיט וולאַדעקן באַקאַנט געוואָרן, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער בחור. עס איז געווען אין אָנפֿאַנג 1906. דעמאָלט האָט ער נאָך ניט געהייסן וולאַדעק, אָבער ווי איך קען זיך דערמאָנען, האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט אַ סך ענלעכקייטן צו וולאַדעקן.

ווען איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן, האָט מען אים גערופֿן דער יונגער לאַסאַל. איך געדענק אָבער ניט צי דער נאָמען איז צו אים געקומען צוליב זיין אויסזען אָדער צוליב זיין רעדן. איך האָב קיין מאָל ניט געזען פֿערדינאַנד לאַסאַלן און ממילא האָב איך אים אויך קיין מאָל ניט געהערט רעדן. אָבער איך האָב געקענט דר. לודוויק פֿראַנק פֿון מאַנהיים, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַרימט איבער גאַנץ דייטשלאַנד, אויף וועמען די סאָציאַליסטן פֿלעגן זאָגן, אַז ער זעט אויס זייער ענלעך צו לאַסאַלן, אָבער לאַסאַל האָט געהאַט אַזאַ הויכע רעפּו־טאַציע ביי די דייטשע סאָציאַליסטן, אַז זיי פֿלעגן דר. לודוויק פֿראַנק רופֿן דער „פֿאַרפֿושטער לאַסאַל". און אויב דר. פֿראַנק האָטווירקלעך אויסגעזען ווי פֿער־דינאַנד לאַסאַל, מוז איך זאָגן, אַז וולאַדעק האָט אין זיינע יונגע יאָרן געקראָגן דעם נאָמען לאַסאַל ניט צוליב זיין אויסזען, נאָר צוליב זיין רעדן, ווייל ניט קוקנדיק, וואָס ער איז נאָך געווען אַזוי יונג, האָט ער שוין גע׳שמ׳ט פֿאַר אַ גרויסן רעדנער און ניט בלויז אין דער בונדיסטישער וועלט, נאָר אויך אין דער פּועלי־ציוניסטישער, וואו ער האָט זיין רעדנער־קאַריערע אָנגעפֿאַנגען.

איך בין אָבער מיט אים באַקאַנט געוואָרן ניט דורך זיין רעדן, נאָר דורך זיין שרייבן. איך בין אין יענער צייט געווען אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס־צייטונג" און איך האָב אין איר אַ געוויסע צייט פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿון אַ ליטעראַרישן רעדאַקטאָר, ווי איך וואָלט עס דאָ אָנגערופֿן. דורך מיין האַנט פֿלעגן אַדורכגיין די מייסטע מאַנוסקריפּטן, וואָס פֿלעגן אָנקומען אין דער רעדאַקציע, און ווי איך קען זיך היינט דערמאָנען, האָב איך קיין גרויס פֿאַר־געניגן פֿון מיין אַרבעט ניט געהאַט. אונדזערע בונדיסטן פֿון יענער צייט זיינען געווען זייער גוטע רעוואָלוציאָנערן, אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַטאָרן, גלענצנדע רעדנער, אָבער זייער שוואַכע בריות אויף צו שרייבן. איך פֿלעג דאַרפֿן שווער אַרבעטן ביז איך פֿלעג די פֿאַרפֿאַסונגען זייערע, וואָס זיי פֿלעגן צושיקן אין רע־דאַקציע, צורעכט מאַכן ווי עס איז, אַז מען זאָל עס קענען דרוקן.

איין טאָג אָבער, איך געדענק ניט אויב אַ העלן אָדער אַ פֿאַרוואָלקנטן, געפֿין איך אין דעם פֿרישן פּעקל מאַנוסקריפּטן, וואָס די פּאָסט האָט געבראַכט, אַ קאָרעספּאָנדענציע, וואָס האָט געצויגן מיין אויפֿמערקזאַמקייט. עס איז גוט אָנגעשריבן, עס איז הומאָריסטיש און אין אַלגעמיין מעשה שרייבער. עס איז בלויז אַ ביסעלע צו לאַנג, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס, מען קען עס אָפּקירצן. אויף וואָס דען האַלט איך אַ בלויען בלייפֿעדער אין האַנט? ווער איז אָבער דער שרייבער פֿון דער קאָרעספּאָנדענציע? אַז ער איז אַ פּאַרטיי־טוער זע איך פֿון דעם אינהאַלט, אָבער פֿון דער אונטערשריפֿט קען איך ניט טרעפֿן ווער ער

איז. די אונטערשריפט איז „באַנטשע שווייגס אייניקל", היינט גיי טרעף ווער דאָס איז. אָבער די אונטערשריפט געפעלט מיר. עס איז אַ גוטער איינפאַל, און איך פאַרשטיי, אַז דאָס מוז זיין איינער פון די נייערע בונדיסטן, וואָס האָט זיך דערצויגן ניט בלויז אויף דער רוסישער ליטעראַטור, ווי דאָס זיינען געווען די מייסטע פון דעם ערשטן דור בונדיסטן, נאָר ער האָט אויך געלייענט די יידישע ליטעראַטור און זיכער פרצן.

פּרוביר איך זיך נאָכפרעגן ביי מיינע חברים אין דער רעדאַקציע, אפשר וויסן זיי ווער דער באַנטשע שווייגס אייניקל איז. ווייסן זיי אָבער אויך ניט. אין אַ פּאָר טעג אַרום טרעף איך אַלעקסאַנדערן (אַרקאַדיען) און דערצייל אים אַז איך האָב געקראָגן פון אַ פּאַרטיי־טוער אַ קאָרעספּאָנדענציע, וואָס איז זייער גוט אָנגעשריבן, און ווען אַלע אַנדערע פּאַרטיי־טוער וואָלטן אַזוי געקענט שרייבן און וואָלטן פון זייערע ערטער צוגעשיקט ענלעכע קאָרעספּאָנדענציעס, וואָלט די קאָרעספּאָנדענץ־אָפּטיילונג פון דער „פאָלקס־צייטונג" געווען אַ סך אינטערעסאַנטער ווי זי איז איצט. פאַראינטערעסירט זיך אַלעקסאַנדער און וויל וויסן ווער דער שרייבער איז. זאָג איך אים, אַז ער שרייבט זיך אונטער „באַנטשע שווייגס אייניקל", און פון וועלכער שטאָט ער שרייבט. — אויב אַזוי, וואונדערט זיך ניט, ענטפערט מיר אָפּ אַלעקסאַנדער אויף זיין קורצן אופן. און שלעפנדיק ווערטער פון אים האָב איך זיך דערוואוסט אַ ביסל מער וועגן דעם „יונגן לאָסאַל", פון וועמען איך האָב שוין פריער געהערט און וועלכער איז געווען דער שרייבער פון דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענציע. איך האָב אָבער אַלעקסאַנדערן געזאָגט, אַז אויב איינער איז אַ גוטער רעדנער איז עס גאָרניט געדרונגען, אַז ער מוז אויך זיין אַ גוטער שרייבער. ניט מער אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען, בין איך גרייט אָריינצונעמען „באַנטשע שווייגס אייניקל" צווישן זיי.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך זיך מיט „באַנטשע שווייגס אייניקל" געטראָפן פּערזענלעך און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אויף מיר שטאַרק פאַראיבל געהאַט, וואָס איך האָב זיין קאָרעספּאָנדענץ אָפּגעקירצט. איך האָב אים דערקלערט, אַז די קאָרעספּאָנדענציע זיינע איז אַרויסגעקומען אַ סך בעסער אין דער אָפּגעקירצטער פאָרם, אָבער ער האָט מיט מיר ניט מסכים געווען און איך האָב פון זיינע רייד פאַרשטאַנען, אַז ער האַלט ניט שטאַרק פון מיינע מבינות, נאָר וואָס קען ער זיך העלפן, אַז דער בלויער בלייפעדער געפינט זיך ביי מיר אין האַנט.

*

איך קען זיך ניט צוגעוואוינען צו דעם געדאַנק, אַז דאָס שרעקלעכע האָט פּאַסירט, אַז וולאַדעק איז טויט. עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז אַזאַ לעבעדיק לעבן זאָל זיך פּלוצלינג אויסלעשן.. וויפל מענטשן זיינען פאַראַן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ לעבעדיקן לעבן ווי וולאַדעק? וויפל זיינען פאַראַן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ פילזייטיק, אַזאַ פאַרבנרייך און אַזאַ פול לעבן? עס איז שווער זיך פאַרצושטעלן און עס ווילט זיך ניט פאַרשטעלן, אַז אָט דער אַזוי פיל לעבע־דיקער וולאַדעק איז טויט.

וולאַדעק איז ניט געווען איינער. אין איין מענטשן קען ניט זיין אַזוי פּיל לעבן. עס האָט זיך אין אים קאָנצענטרירט דאָס לעבן פון אַ סך. ער איז געווען אומעטום, און אומעטום וואו ער איז געקומען האָט ער אַריינגעבראַכט לעבן.

אין וולאַדעקן זיינען געווען פאַראייניקט פאַרשיידענע פעאיקייטן, אייגנשאַפטן און טאַלאַנטן, וואָס האָבן אים געמאַכט ניט נאָר פאַר איינעם פון אונדזערע פּראָמינענטסטע מענטשן, נאָר אויך פון אונדזערע באַליבטסטע מענטשן. וולאַדעקן האָט מען ניט נאָר פאַרערט, נאָר מען האָט אים אויך ליב געהאַט. ווען איינער האָט די אייגנשאַפט צוצוציען צו זיך מענטשן און ווערן באַליבט ביי זיי, זאָגן מיר, אַז ער האָט אין זיך „מאַגנעטיזם". מיר האָבן ניט אין אונדזער שפּראַך דאָס ריכטיקע וואָרט צו באַצייכענען אָט די גרויסע, וואונדערלעכע אייגנשאַפט, וואָס אַזוי ווייניק מענטשן באַזיצן איר, האָבן מיר פאַר דעם געבאָרגט אַ וואָרט פון פיזיק. וולאַדעק איז איינער פון די ווייניקע, וואָס האָט אין זיך געהאַט דעם מאַגנעטיזם. ער האָט צוגעצויגן צו זיך מענטשן און זיי האָבן אים ליב געהאַט.

איך ווייס ניט, ווער עס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים דעם נאָמען „יונגער לאַסאַל" געגעבן. אויף וויפל איך האָב געלייענט פערדינאַנד לאַסאַלס רעדעס און וועגן זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט, איז ער געווען גאַנץ פאַרשיידן אין כאַראַקטער פון וולאַדעקן. איך וויל דאָ ניט פּרובירן דורכפירן קיין פאַרגלייך. איך וויל בלויז זאָגן, אַז זיי זיינען געווען פאַרשיידענע רעדנער, נאָר זיי האָבןביידע איז זיך געהאַט, יעדער אויף זיין אופן, דעם וואונדערלעכן כוח צו געווינען די הערצער פון זייערע צוהערער. איך וויל דערביי אויך באַמערקן, אַז דער „יונגער לאַסאַל" האָט ניט געפאָלגט אַלץ, וואָס דער „אַלטער" לאַסאַל האָט געזאָגט. אייגנטלעך איז אויך דער „אַלטער" לאַסאַל געווען אַ יונגער, ער איז צו 39 יאָר שוין ניט געווען מער צווישן די לעבעדיקע.

פערדינאַנד לאַסאַל האָט ערגעץ געזאָגט, אַז דער סוד פון דערפאָלג ליגט אין דער פעאיקייט צו קאָנצענטרירן זיך. וולאַדעק האָט אָבער ניט געזוכט צו קאָנצענטרירן זיך און ער האָט דאָך דערגרייכט אַ גרויסן דערפאָלג.

איך ווייס ניט ווען פון יונגן לאַסאַל איז געוואָרן וולאַדעק. ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, אָנהויב זומער 1907, אויף דעם באַרימטן רוסלענדישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר אין לאָנדאָן, איז ער שוין, דאַכט זיך, געווען וולאַדעק. איך האָב אים קיין מאָל ניט געפרעגט פון וואַנען דער נאָמען איז צו אים געקומען. נאָר אויף וויפל איך קען מיך דערמאָנען, האָט ער דעם נאָמען וולאַדעק געקראָגן אין וואַרשע.

וולאַדעק איז געווען איינער פון די ווייניקע, וואָס איז געווען באַשאָנקען מיט אַ סך פעאיקייטן און אַ סך טאַלאַנטן, אָבער ער האָט זיך ניט קאָנצענטרירט אויף קיין איינעם פון זיי, אַפילו ניט אויף זיין גרעסטן טאַלאַנט, דעם אָראַטאָרישן. ער האָט זיין דערפאָלג געמאַכט דורך זיין פילזייטיקייט, דורך זיין פאַרשיידנאַרטיקייט.

וולאַדעק איז געווען באַרימט מער ווי אַלץ מיט זיין גרויסן טאַלאַנט אַלס רעדנער. און ער האָט אָט די באַרימטקייט פולשטענדיק פאַרדינט. ער איז געווען אַ רעדנער, וואָס האָט געהאַט דעם כוח צו באַהערשן זיינע צוהערער. ער האָט געקענט אָנרירן די טיפסטע סטרונעס פון זייער נשמה און אַרויסרופן טרערן אין זייערע אויגן. ער האָט געקענט אָנצינדן זייערע הערצער און אַרויסרופן ביי

זיי די גרעסטע באַגייסטערונג; און ער האָט אויך געהאַט אין זיך אַ גרויסע מאָס פֿון פֿיינעם הומאָר, וואָס האָט אַרויסגערופֿן גרויס פֿריילעכקייט. זייער ווייניק רעדנער האָבן אין זיך אָט די אַלע מעלות צוזאַמען.

וולאַדעק אָבער איז אויך געווען אַ טאַלאַנטפֿולער שרייבער און באַגאַבטער פּאָעט. זיינע צוויי לידער, וואָס זיינען ערב זיין לויה איבערגעדרוקט געוואָרן אין „פֿאָרווערטס“ ווייזן עס. וולאַדעק האָט מיט אַ פֿיינעם געשמאַק געשריבן ליטעראַטור־קריטיק און האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט קונסט. אָבער צו דעם גרויסן ברייטן עולם איז ער הויפּטזעכלעך געווען באַקאַנט אַלס פּאָליטי־שער פֿירער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער. איך בין זיכער, אַז פֿאַר אַ סך איז עס געווען אַן איבעראַשונג צו זען, אַז וולאַדעק האָט געשריבן אַזעלכע שיינע לירישע לידער.

וולאַדעק האָט זיך ניט קאָנצענטרירט אַפֿילו אין זיין פּאָליטישער און גע־זעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. ער איז געווען אומעטום און ער האָט אומעטום געשפּילט אַ פֿירנדיקע ראָלע. און אין דעם גרויסן געדיכטן וואַלד פֿון זיין פּאָ־ליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, האָט ער אויך ניט פֿאַרפֿעלט צו זען די איינצלנעביימער. ער האָט אין זיין פֿאַרצווייגטער און פֿאַרשיידנאַרטיקער קהלשער טעטיקייט אויך ניט פֿאַרקוקט דעם איינצלנעם.

איך וואָלט ניט וועלן קרוינען וולאַדעקן מיטן נאָמען בעל־טובה. עס איז אַן אָפּגעריבענער נאָמען און אין מאַנכע אויערן האָט ער אַ ווידערקלאַנג. וולאַ־דעק האָט געטאָן אַ סך מענטשן אַ סך טובות, אָבער ניט ווייל ער האָט עס גע־האַלטן פֿאַר זיין פֿליכט אַלס פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער, נאָר ווייל ער האָט עס געפֿילט צו טאָן. ער האָט געהאַט אַ וואַרעם פֿריינטלעך האַרץ פֿאַר זיינע מיטמענטשן. דער שטענדיקער פֿריינטלעכער שמייכל אויף זיין פּנים איז ניט געווען קיין אויסערלעכער, צוגעקלעפּטער, נאָר ער איז געווען אַן אָפּ־שפּיגלונג פֿון זיין אינערלעכער גוטסקייט און פֿריינטשאַפֿט.

ביי געזעלשאַפֿטלעכע טוער ווערן די געפֿילן זייער גיך אָפּגעריבן. אין דער אַרבעט פֿאַרן כּלל איז פֿליכט פֿריער ווי אַלץ און איבער אַלץ. אין דער אַרבעט פֿאַרן כּלל מוז מען אָפֿט אונטערדריקן געפֿילן. און אָט אַזוי געוואוינען זיך אַ סך כּלל־טוער אין גאַנצן אָפּ פֿון געפֿילן. ביי וולאַדעקן האָבן זיך אָבער זיינע געפֿילן ניט אָפּגעריבן דורך זיין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. ער איז געבליבן דער זעלביקער האַרציקער, געפֿילפֿולער און מיטפֿילנדיקער מענטש ווי אַמאָל, איידער ער איז נאָך געוואָרן דער באַוואוסטער וולאַדעק.

וולאַדעק האָט אין זיך געהאַט די וויכטיקע גרויסע מידה פֿון לאָיאַליטעט סיי צו באַוועגונגען, סיי צו איינצלנע מענטשן. וולאַדעק האָט אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ באַזונדערע גרויסע לאָיאַליטעט צום „בונד“ הגם ער איז אין די לעצטע יאָרן געווען ניט אין אַלץ איינשטימיק מיטן „בונד“. וולאַדעק איז קיין מאָל ניט ברוגז געוואָרן אויפֿן „בונד“, ווען ער האָט אים אין די לעצטע יאָרן פֿון צייט צו צייט געזאָגט אַ ביסל מוסר. אַ מאַמע מעג זאָגן אַ ביסל מוסר. אויף אַ מאַמען ווערט מען ניט ברוגז, ווען זי בייזערט זיך אַמאָל. און אַ מאַמען מוז מען העלפֿן,

װען מען איז אַפֿילו מיט איר ניט איינשטימיק אין אַלץ... און אַט אַזוי איז ער אויך געװען לאָיאַל צו חברים, פֿריינט און קאָלעגן.

װלאַדעק האָט פֿאַר זיינע אַלע גרויסע מעלות געקראָגן גרויס אַנערקענונג אין לעבן. ער איז געװען איינער פֿון די העכסט־געשעצטע מענטשן אין אַמעריקע. און איך שטרייך אונטער דאָס װאָרט „אַמעריקע". זיין נאָמען האָט װייט אַריבער־געשטיגן ניט בלויז די גרענעצן פֿון דער איסט־סאַיד, נאָר די גרענעצן פֿון ניו־יאָרק. װלאַדעקס װיכטיקייט װעלן מיר אַנהויבן פֿילן נאָך מער איצט, װען ער װעט אונדז פֿעלן. מיר װעלן פֿילן אויף יעדן שריט און טריט, אַז ער פֿעלט אונדז. עס װעלן דאָס פֿילן אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס און אויך אַ סך איינצלנע מענטשן.

עס איז שװער אויסצורעכענען אַלץ, װאָס װלאַדעק האָט צוגעלייגט אַ האַנט אין זיין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. ניט אַלץ איז געװען גרויס און װיכטיק גענוג פֿאַרצייכנט צו װערן, אָבער מען װעט פֿילן, אַז עס פֿעלט, װען עס װעט מער ניט זיין די האַנט, װאָס האָט עס געטאָן.

עס איז מיר אָפֿט געװען אַ װאונדער, װאו װלאַדעק האָט גענומען צייט פֿאַר זיין פֿיל־פֿאַרצװייגטער און פֿילזייטיקער טעטיקייט, און פֿון װאַנען עס האָט זיך ביי אים גענומען אַזוי פֿיל ענערגיע פֿאַר דער אַרבעט. מיר דאַכט, אַז װלאַדעקס ברייטע קאָרעספּאָנדענץ, װאָס ער האָט געפֿירט מיט פֿאַרשיידענע אינסטיטוציעס, געזעלשאַפֿטן, אָרגאַניזאַציעס, אָפֿיציעלע פּערזענלעכקייטן, שריפֿט־שטעלער און פֿריינט און באַקאַנטע, האָט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען זיין גאַנצע צייט. נאָר אויב איך האָב ניט קיין ענטפֿער װעגן דער צייט, האָב איך אָבער אַן ענטפֿער װעגן דער ענערגיע. זי האָט זיך טאַקע ביי אים אויסגעשעפּט און האָט פֿאַר־קירצט זיין לעבן.

עס גלויבט זיך ניט, אַז װלאַדעק איז מער ניטאָ. װי אַזוי האָט ער געקענט שטאַרבן, װען דאָס לעבן האָט אים אַזוי נויטיק געהאַט? װי אַזוי האָט ער פֿון אונדז געקענט אַװעק, װען עס איז ניטאָ, װער עס זאָל פֿאַרנעמען זיין פּלאַץ?



## דער „ריגער פּרעזידענט" מאַקסים

צום 50יעריקן יובילײ פֿון „בונד"

די געשיכטע, װאָס האָט ליב, אַז יעדע פּאַסירונג זאָל האָבן אַ דאַטע, דער־ציילט מיר, אַז דעם 8טן אָקטאָבער, 1897, זיינען זיך צונויפֿגעקומען 13 יידישע סאָציאַליסטן ערגעץ אויף אַ שאַילקע פֿון אַ קליין הייזל אויף לוקישקעס אין װילנע און האָבן דריי טעג דיסקוטירט און דעבאַטירט און געגרינדעט דעם „בונד".

עס הייסט, אַז עס איז דער 50יעריקער יובילײ פֿון „בונד".

נאָר איך פֿאַנג אָן טראַכטן, אַז 50 יאָר איז גאָרניט אַזאַ לאַנגע צייט, ניט קוקנדיק אויף דעם, װאָס די מײסטע איצטיקע פֿירער און װאָרט־זאָגער פֿון „בונד" זיינען נאָך אַרומגעלאָפֿן אין מאַיטקעס מיט אַן אַרויסגעשטעקטן עק,

צי נאָך געלעגן אין די ווינדעלעך אָדער נאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געווען ווען דער „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן. איך פאַנג זיך אָן דערמאָנען, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דער „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן און מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען גאָר ניט לאַנג צוריק.

איך געדענק עס אַזוי קלאָר ווי היינט, אַז אין אַ ווינטער־אָוונט איז אין יאַסע שאַליטס רעסטאָראַן צו מיר צוגעגאַנגען פּערלשטיין דער סטאָליאַר און האָט מיר דערלאַנגט בשתיקה אַ נומער פון דער „יידישער אַרבעטער שטימע" אין וועלכער איך האָב געלייענט, אַז עס האָט זיך געגרינדעט דער יידישער אַרבעטער בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד.

פּערלשטיין, דער סטאָליאַר פון וויטעבסק, איז געווען איינער פון די גאַנץ ווייניקע יידישע אַרבעטער, וועלכע איך האָב דעמאָלט געקענט אין ריגע. איך האָב אויך געקענט אַ ריגער „באַוואוסטזיניקן" זעמשער (הענטשקע־מאַכער) פון ווילנע, און דאָס איז דעמאָלט געווען כמעט מיין גאַנצע באַקאַנטשאַפט מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון ריגע. עס איז געווען סוף יאָר 1898, אָדער אָנפאַנג 1899.

נאָר וואָס העלפט עס, ווען מיר דוכט זיך, אַז עס איז געווען גאָר ניט לאַנג צוריק, ווען איך ווייס פון מיינע אייגענע יאָרן, אַז דאָס איז געווען אָן ערך מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

און עס איז מאָדנע, אַז ווען מען זאָגט „אַ האַלבן יאָרהונדערט", מאַכט עס דעם איינדרוק, אַז עס איז אַ סך מער ווי פופציק יאָר, בפרט ווען מען פאַרשלינגט אין אַרויסרעדן דעם „האַלב" און מען שטעלט דעם טראָפּ אויף דעם „הונדערט".

נאָר איך פיל, אַז דער אינסטינקט פון זעלבסט־שוץ זאָגט צו מיר: יונגער־מאַן, פאַרגעס ניט צו דערציילן, אַז דו ביסט נאָך דעמאָלט געווען אַ גאַנץ יונגער בחור, אַז ניט קען מען נאָך מיינען, אַז דו ביסט שוין אַ גוואַלדיקער זקן.

נאָר איך דאַרף זאָגן, אַז אַלטקייט פאַר אַ שרייבער קען אַמאָל אויך זיין אַ מעלה. ער קען אין אַ גויט זיך אַרויסהעלפן מיט שרייבן זכרונות. און איך וויל זיך טאַקע דאָ באַנוצן מיט דער געלעגנהייט: איך וויל דאָ, לכבוד דעם 50יעריקן יובילײ פון „בונד" דערציילן אַ ביסל זכרונות פון מיינע בונדיסטישע יאָרן אין ריגע. עס איז פון דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע, ווען ריגע איז געווען עטלעכע טעג כמעט אַ פרייע רעפּובליק און דער בונדישער פירער מאַקסים איז כמעט געוואָרן דער פּרעזידענט.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין ריגע איז ווייט ניט געווען איינע פון די גרעסטע אין „בונד". זי האָט עס ניט געקענט זיין, ווייל די צאָל יידישע אַרבעטער אין ריגע איז ניט געווען קיין איבריק גרויסע. ריגע איז געווען אין דער צייט פון דער צאַרישער הערשאַפט איינע פון די שטעט, וואו אַ ייד האָט געדאַרפט האָבן ספּעציעלע זכיות צו מעגן אין איר וואוינען. אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין ריגע איז ניט געווען איינע פון די גרעסטע, האָט זי דאָך געשפּילט אַ באַזונדערס גרויסע ראָלע אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע.

אין ריגע האָט עקזיסטירט אַ פעדעראַטיווער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון דער

לעטישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון „בונד". אַט דער קאָמיטעט האָט אָנגעפירט די רעוואָלוציע אין ריגע און ווען די פּאָליציייאישע מאַכט אין ריגע האָט צוזאַמענגעבראָכן און עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד האָט מען קיין איינציקן צאַרישן פּאָליציאַנט ניט געקענט זען אין די גאַסן פון ריגע, האָט דער פעדעראַטיווער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט פּאַקטיש איבערגענומען די אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליציייאישע מאַכט פון שטאָט. דער קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט אַן אייגענע פּאָליציי און פלעגט אַרויסגעבן פּאַראָרדנונגען דורך פּראָקלאַמאַציעס, וואָס פלעגן אויסגעקלעפּט ווערן איבער דער גאַנצער שטאָט און וועלכע די באַפעלקערונג האָט שטרענג אָפּגעהיט.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַלע פּאַראָרדנונגען זיינען געווען אונטערגעשריבן פון אַלע דריי דערמאָנטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט אָבער די באַפעלקערונג פון שטאָט אָנגענומען, אַז דאָס איז אַלץ פון „בונד". דער נאָמען „בונד" האָט זיך געהערט פון אַלע מיילער. די דייטשע באַפעלקערונג פון ריגע האָט אַנשטאָט „בונד" געזאָגט „בונדאַ". דאָס איז געקומען דערפון, וואָס פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופן, פּאַראָרדנונגען, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי פלעגן זיין געדרוקט אין פאַרשיידענע שפּראַכן, איז אָבער דער אונטערשריפט פון פעדעראַטיוון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט מיט די נעמען פון די אָרגאַניזאַציעס פון וועלכע ער איז באַשטאַנען, מייסטנס אונטערגעשריבן געוואָרן אויף רוסיש, און אַזוי ווי דער קאָמיטעט פון „בונד" ווערט אויף רוסיש געזאָגט „קאָמיטעט בונדאַ", און אַזוי ווי די מערסטע ריגער דייטשן זיינען ניט געווען באַהאַוונט אין דער רוסישער גראַמאַטיק, האָבן זיי געמיינט, אַז דער נאָמען איז „בונדאַ". איך האָב אין יענער צייט געוואוינט ביי אַ דייטשער פאַמיליע פון וועלכער דער מאַן איז געווען אַ פּאָסט-באַאַמטער, און זיין ערשטע פראַגע יעדן פרימאָרגן איז געווען: „וואָס זאָגט די בונדאַ?" אָדער „וואָס זאָגט דער מאַקסים?"

דער „בונד" האָט געוואונען אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט אין ריגע שוין מיט אַ געוויסער צייט פאַר דער רעוואָלוציע, ווייל ער איז געווען אויסערגעוויינלעך טעטיק און מען האָט פון אים אַ סך געהערט. איך וואָלט זאָגן, אַז אין זיין פּאָפּולאַריטעט האָט אים אויך ביז אַ געוויסער מאָס צוגעהאָלפן זיין קורצער נאָמען „בונד". עס איז לייכטער אַרויסצושרייבן און לייכטער צו געדענקען דעם נאָמען „בונד", איידער „קאָמיטעט פון דער לעטישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי", צי „קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי". נאָר אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע איז עס געווען מער ווי אַלץ דער נאָמען „מאַקסים", וואָס האָט געווירקט, אַז די באַפעלקערונג פון ריגע זאָל מיינען, אַז די גאַנצע רעוואָלוציע ווערט געפירט פון „בונד".

*

נו, דער אמת איז, אַז די אָקטאָבער-רעוואָלוציע אין ריגע, וועלכע איז געווען אַזוי פייערלעך, אַזוי אימפּאָזאַנט, איז ניט געפירט געוואָרן פון מאַקסימען אַליין, הגם ער איז געווען דער איינציקער נאָמען, וואָס מען האָט געהערט פון די מיילער.

אַרום דעם נאָמען מאַקסים האָבן זיך אין אַ קורצער צייט אָנגעפּאַנגען שפּינען פאַרשיידענערליי לעגענדעס ניט בלויז אין ריגע און אין די באַלטישע פּראָווינצן אין אַלגעמיין, נאָר אויך גאַנץ ווייט אַוועק פון ריגע, און וואָס ווייטער אַוועק, אַלץ מער און גרעסער זיינען געוואָרן די לעגענדעס. איך האָב געלייענט מאַקסים־לעגענדעס אין „בערלינער טאַגעבלאַט" און אין דער „פראַנקפורטער צייטונג", אין אַ יאָר אַרום נאָך די אָקטאָבער־טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, און איך קען זאָגן, אַז איך האָב געזען ווי אַזוי אַט די פּערזאָן, וואָס איז געוואָרן אין אַ קורצער צייט אַ לעגענדאַרע פיגור, איז אויסגעוואַקסן פאַר מיינע אויגן.

ווען מאַקסים איז געקומען אין ריגע אַלס דער פאַרטרעטער פון צענט־ראַלן קאָמיטעט פון „בונד", האָט ער אויף אונדז, די אַרטיקע טוער פון „בונד", ניט געמאַכט קיין שטאַרקן איינדרוק. איך געדענק, אַז איך און די אַנדערע, אַזוי גערופענע אינטעליגענציע פון „בונד" אין ריגע האָבן זיך מיט אים געטראָפן אין אָנפאַנג פרילינג פון 1905. עס איז געווען זיין ערשטער „אויפטריט" אויף אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד ניט ווייט פון שטאָט. אונדזער אָפּשאַצונג איז געווען, אַז ער איז „נישקשה" און אַז מיר האָבן זיך גיכער אַראָפּגעביטן איידער אַרויפ־געביטן אין פאַרגלייך מיט דעם פריערדיקן פאַרטרעטער פון צענטראַל־קאָמי־טעט. דער פריערדיקער פאַרטרעטער איז געווען דוד זאַסלאַווסקי, דער איצטיקער באַרימטער שרייבער פון דער מאָסקווער „פּראַוודאַ", וועלכער ווערט אַזוי אָפט ציטירט אין די אַמעריקאַנער צייטונגען. זאַסלאַווסקי האָט ביי דער ריגער סאָציאַליסטישער און ראַדיקאַלער אינטעליגענץ שטאַרק אויסגענומען. ער איז ניט געווען קיין מאַסן־רעדנער, אָבער פאַר אַן אינטעליגענטן קרייז איז ער געווען אַ גוטער און אַן אינטערעסאַנטער רעדנער. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גייסטרייכן און טאַלאַנטפולן מענטשן מיט אַ גוטן חוש פאַר הומאָר. זאַסלאַווסקי האָט אָבער געהאַט צוויי חסרונות. ערשטנס האָט ער ניט געקענט רעדן קיין יידיש, און גראָד אין יענער צייט האָט דער „בונד" אָנגעפאַנגען ווערן אַ מאַסן־אָר־גאַניזאַציע אין ריגע; צווייטנס, האָט ער אָפט ליב געהאַט צו נעמען אַן אי־בעריקן טרונק און מאַנכעס מאָל ניט אין דער ריכטיקער צייט. מיר האָבן אים איין מאָל געדאַרפט נעמען אויף אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג און האָבן זיך שטאַרק געשראָקן, אַז ער וועט אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן ער איז געווען, גיכער קאַליע מאַכן ווי צורעכט מאַכן. איך האָב שפּעטער געהערט, אַז ער האָט זיך „גענומען אין די הענט" און האָט זיך באַפרייט פון אַט דעם חסרון זיינעם.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט באַמערקן, אַז ווען עמיצער וועט אַמאָל שרייבן די געשיכטע פון די יידן אין די באַלטישע פּראָווינצן, וועט ער דאַרפן געבן קרעדיט דעם „בונד", אַז ער האָט פאַריידישט ריגע, עס הייסט, אַז מען זאָל זיך ניט שעמען צו רעדן יידיש אין גאַס און אויף פאַרזאַמלונגען.

עס זיינען אויך פאַרן „בונד" געווען אין ריגע אַ רעכט ביסל יידן, וואָס האָבן גערעדט יידיש אין דער היים. עס זיינען אָבער געווען ניט פיל יידן, ווייניקסטנס יונגע יידן, וואָס האָבן גערעדט יידיש אין גאַס און אויף פאַרזאַמלונגען.

אין ריגע האָבן יידן גערעדט אין גאַס און אויף פאַרזאַמלונגען אויף פיר שפּראַכן: גוט־דייטש און שלעכט־דייטש, גוט־רוסיש און שלעכט־רוסיש. אָבער ניט קיין יידיש. די הויפּט־צרה פאַר יידיש אין ריגע און אין די אַנדערע שטעט

פֿון לעטלאַנד און קורלאַנד איז געווען די דייטשע שפּראַך, וועלכע אַ ייד דאַרף ניט לערנען. ווייל וועלכער ייד קען עס ניט קיין דייטש? ער דאַרף בלויז פֿאַרבייטן די קאָמעצן פֿון די יידישע ווערטער אויף פּאַסעכן און עס ווערט דייטש. פֿון „וואָס" ווערט „וואַס", פֿון „האָבן" ווערט „האַבן" און פֿון „צאָרעס" — „צאַרעס". דער „בונד" אָבער האָט אָראָפּגענומען דעם בזיון פֿון יידיש. דער „בונד" האָט אַרויסגעטראָגן די יידישע שפּראַך אויף די גאַסן פֿון ריגע. מען האָט אָנגע־פֿאַנגען רעדן יידיש ניט בלויז אויף די זייטן־גאַסן פֿון מאָסקווער־פֿאָרשטאָט, נאָר אויך אויף הערן־שטראַסע, זינדער־שטראַסע, קאַוף־שטראַסע און טעאַטער־בולוואַר.

דער אויפֿקום פֿון יידיש אין ריגע איז זייער אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון יידיש, אָבער ניט דאָ איז דער פּלאַץ זיך לענגער אויף דעם אָפּצושטעלן.

מאַקסים (איך געדענק ניט דעם נאָמען, מיט וועלכן ער איז געקומען קיין ריגע) האָט געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס ער האָט גערעדט גוט יידיש און האָט געקענט האַלטן אַ גוטע רעדע אויף אַ מאַסן פֿאַרזאַמלונג. דערצו האָט מאַקסים געהאַט מער רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיוו, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, און ער איז געווען באַוועגלעכער און טעטיקער ווי זאַסלאַווסקי. און אַט די מעלה צו קענען האַלטן אַ גוטע טעמפּעראַמענטפֿולע רעדע אויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג און אַריינדרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פֿון דער פֿאַרזאַמלטער מאַסע און צו באַהערשן איר, האָט געפֿירט דערצו, אַז ביי אַ פּאַסנדער געלעגנהייט, זאָל פּלו־צים, ממש דורך נאַכט, פֿון אַט דעם געוויינלעכן אינטעליגענטן בונדיסטישן טוער אויסוואַקסן אַ גרויסער רעוואָלוציאָנערער פֿירער, וואָס ניט בלויז די גרויסע שטאָט ריגע, נאָר די גאַנצע באַלטישע געגנט האָט געוואַרט אויף זיין וואָרט.

*

איך האָב דעם גרויסן וואונדער, ווי שוין פֿריער באַמערקט, צוגעזען מיט מיינע אויגן. עס איז געווען אין יענע גרויסע טעג, ערב דעם אויסברוך פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע אין אָקטאָבער, 1905. די לופֿט איז געווען פֿול מיט רעוואָלוציאָנערער שפּאַנונג. אָט, אָט ברעכט עפּעס אויס. און מען האָט דער־וואַרט עפּעס גרויסעס. מען דאַרף בלויז געבן נאָך אַ שטאַרקערן שטויס, נאָך אַ שטאַרקערן קלאַפּ. און געוויס מוז ריגע עפּעס טאָן. ריגע איז דאָך אַזאַ וויכ־טיקער אינדוסטריעלער צענטער און אַזאַ וויכטיקער אייזנבאַן־פּונקט. ריגע דאַרף זאָגן איר וואָרט מיט אַ גענעראַל־סטרייק. און אַלץ איז גרייט פֿאַר דעם גענעראַל־סטרייק, מען דאַרף בלויז קריגן די אייזנבאַן־אַרבעטער און דער גע־נעראַל־סטרייק איז דאַן פֿולע הונדערט פּראָצענט. אָבער ווי קריגט מען די אייזנבאַן־אַרבעטער? מען אַרבעט שוין אויף זיי אַ לענגערע צייט און מען קען זיי ניט קריגן. אָט זיינען זיי פֿאַרזאַמלט דריי טויזנט אין צאָל אין דער גרויסער אייזנבאַן־דעפּאָ און זיי פּייפֿן אַראָפּ איין רעדנער נאָכן צווייטן. יעדער רעוואָ־לוציאָנערער רעדנער, וואָס פֿאַנגט אָן רעדן, צי עס איז אַ לעט אָדער אַ רוס, ווערט באַגעגנט מיט דעם געשריי „זשיד!" און מער הערט מען אים ניט.

די אײַזנבאַן־אַרבעטער אין ריגע זײַנען געװען גוט באַקאַנט מיט דער גרױ־סער צאָל רוסישע שװאַרצע־מאַהניקעס צװישן זײ. די רוסישע רעגירונג האָט אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דער 1905 רעװאָלוציע באַדײַטנד פֿאַרשטאַרקט איר רוסיפֿיצירונגס־אַרבעט אין די באַלטישע פּראָװינצן און באַזונדערס אין ריגע. מען האָט פֿאַר דעם צװעק באַנוצט אַלע מיטלען צו פֿאַרגרעסערן די צאָל רוסן אין דער געגנט און מען האָט דריבער אַרײַנגעשיקט װאָס מער רוסישע אַרבע־טער און רוסישע אָנגעשטעלטע אין די אײַזנבאַן־דעפּאָס, און פֿאַרשטײט זיך, אַז זײ האָבן געדאַרפֿט זײַן עכטע רוסן, װי מען האָט דאָס װאָרט „עכטע" דע־מאָלט פֿאַרשטאַנען אין רוסלאַנד.

נאָר אָט באַװײַזט זיך אױף דער רעדנער־טריבונע אַ בלײכער, מאָגערער יונגערמאַן מיט אַ שװאַרץ בערדל און האַלב פֿאַרחלומטע אױגן, און פֿאַנגט אָן רעדן. „זשיד!" פֿאַנגט מען אָן שרײַען פֿון אַלע זײַטן, אָבער דער רעדנער מאַכט זיך ניט הערנדיק און ער רעדט װײַטער, נאָר מיט אַ העכערער שטים. נאָך אַמאָל „זשיד!" אָבער אים גײט עס ניט אָן. ער האָט זיך אײַנגעגראָבן מיט זײַנע אױגן אין דער געדיכטער מאַסע און ער רעדט װײַטער. זײַן שטים קלינגט אַלץ העכער, קלערער און שאַרפֿער און... ניטאָ מער דער געשרײ „זשיד". די דרײ־טױזנט־קעפּיקע מאַסע שטײט שטיל און הערט. און עס פֿאַלן די װערטער פֿון רעדנערס מױל, הײסע, ברענענדיקע װערטער און זײ זינקען אײַן אין די הער־צער פֿון דער גרױסער מאַסע. מען הערט אים מיט אַ געשפּאַנטער אױפֿמערק־זאַמקײט. ער רעדט צו דער מאַסע מיט אַזעלכע װערטער, װאָס זי פֿאַרשטײט און װאָס אַפּעלירן צו איר. און איך זע װי דער רעדנער װאַקסט, װערט גרע־סער און מעכטיקער, און װי ער זיגט.

איך געדענק ניט גענױ װי לאַנג ער האָט גערעדט, צװײ שעה אָדער דרײ שעה, נאָר װען ער װאָלט אַפֿילו גערעדט אַ גאַנצע נאַכט, װאָלט מען אים אױך געהערט.

נאָר עס איז מער ניט געװען נױטיק. די אַרבעט איז אָפּגעשטאַנען געװאָרן. די אײַזנבאַן־אַרבעטער זײַנען צוגעשטאַנען צו דער רעװאָלוציע. זײ זײַנען באַגײס־טערט. זײ װילן טאָן אַלץ, װאָס דער רעדנער װעט זײ הײסן. — אָבער װי רופֿט מען דיך? הערן זיך געשרײען פֿון אַלע זײַטן.

— מאַקסים! — ענטפֿערט דער רעדנער.

— נו, ביסטו אונדזער מאַקסים. װאו דו װעסט אונדז פֿירן, װעלן מיר גײן.

און אױף מאָרגן האָט עס אױסגעבראָכן. דער גענעראַל־סטרײק אין ריגע איז געװען פֿולשטענדיק. די רעגירונג פֿון שטאָט און פֿון געגנט האָט אין גאַנצן אױפֿגעהערט צו פֿונקציאָנירן. די רעגירונגס־מאַכט איז איבערגענומען געװאָרן פֿון רעװאָלוציאָנערן פֿעדעראַטיװן קאָמיטעט, װאָס איז באַשטאַנען פֿון דער לע־טישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און פֿון „בונד". אָט דער פֿעדעראַטיװער קאָ־מיטעט, װי שױן פֿריער געזאָגט, האָט געפֿירט די גאַנצע רעגירונג און האָט אױך געהאַט זײַן אײגענע פּאָליצײ. די פֿריערדיקע פּאָליצײ איז אין גאַנצן פֿאַר־שװוּנדן.

איז דאָס געווען אַ רעפּובליק? ניין, אָפיציעל איז עס ניט געווען. אָבער איז דאָ דער נאָמען וויכטיק?

איז מאַקסים געווען דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק? ניין, אָפיציעל איז ער עס ניט געווען, אָבער פּאַקטיש איז ער געווען פיל מער.

*

איך האָב געזען מאַקסימען אין קנאַפּע צוויי יאָר אַרום, אויף דעם באַקאַנטן צוזאַמענפאָר פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דעם זומער פון 1907 אין לאָנדאָן, און פאַר מיינע אויגן איז ווייטער געשטאַנען דער געוויינלעכער אינטעליגענטער בונדיסטישער טוער. דער גרויסער מאַקסים איז מער ניט געווען.

עס זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע קענען זיין זייער גרויס אין געוויסע מאָמענטן. און ווען דער מאָמענט גייט פאַריבער, טוט זיך אָפּ פון זיי די שכינה.

מאַקסים איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען גרויס בלויז אויף אַ ווײַלע, אָבער אין דער ווײַלע איז ער געווען ווירקלעך גרויס.

די עלטערע גענאָסן דאָ געדענקען געוויס, ווען מאַקסים איז געקומען קיין אַמעריקע אויף אַ קורצער צייט אַלס אַ שליח פון „בונד" און לואי מילערס צייטונג, די „ווארהייט", איז אין איר קאָנקורענציע מיטן „פאָרווערטס" אַרויסגעקומען מיט אַ געשריי, אַז דער „פאָרווערטס" נאַרט אָפּ דעם עולם ווען ער זאָגט אויף דעם ניי־געקומענעם שליח פון „בונד", אַז דאָס איז מאַקסים. וואָרום ווי קען דאָס זיין, אַז אָט דער שוואַכער, בלייכער יונגערמאַנטשיק, וואָס צייכנט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס, זאָל זיין דער באַרימטער העלד פון ריגע, וועגן וועלכן מען האָט געהערט אַזוי פיל וואונדער?

און איך האָב זיך דערוואוסט, ווען איך בין געקומען שפּעטער אין אַמעריקע, אַז מילערס געשרייען אין דער „ווארהייט", אַז עס איז אַ פאַלשער מאַקסים, האָבן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויך צווישן נאָענטע „פאָרווערטס"־מענטשן. צו מיר אַליין האָט זיך געווענדעט אַ גאַנץ נאָענטער „פאָרווערטס"־מענטש און האָט מיך געפרעגט: איר זייט דאָך אַליין פון ריגע און איר זאָגט, אַז איר האָט געקענט מאַקסימען פּערזענלעך, טאָ איז עס טאַקע אמת, אַז דער זעלביקער מאַקסים איז געווען אין אַמעריקע?

איך האָב די פראַגע פולשטענדיק באַגריפן. ביי איינעם האָט זיך ווירקלעך געקענט דערוועקן אַ צווייפל, צי דאָס איז טאַקע דער אמתער מאַקסים.

איך האָב שפּעטער געהערט, אַז מאַקסים, וואָס האָט איבערגעבראָכן זיין שטודיום אין אַ רוסישן אוניווערזיטעט צוליב זיין טעטיקייט אין „בונד", איז אין אַ קורצער צייט נאָך דעם רוסישן סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר אין לאָנדאָן, צוריק געוואָרן אַ סטודענט, דוכט זיך, אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט און ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין זיין שטודיום. איך האָב אויך געהערט, אַז עס איז אים איבערגעבליבן אַ ירושה פון זיינע עלטערן אַ באַדייטנדע סומע געלט, פון וועלכן ער האָט אַ גרויסן חלק איבערגעגעבן דעם „בונד". און דאָ רייסט זיך אָפּ דער פאָדעם. איך ווייס ניט וואָס עס האָט מיט אים ווייטער פּאַסירט.

✦ ✦ ✦

# שלמה מענדעלסאָן

איך האָב דעם ערשטן מאָל זיך געטראָפֿן מיט שלמה מענדעלסאָן אָנפֿאַנג זומער פֿון 1931 אויף מיין רייזע אין אייראָפּע, וואו איך האָב זיך אויף אַ פּאָר טעג אָפּגעשטעלט אין וואַרשע. די צייט איז געווען צו קורץ צו באַקענען זיך מיט אים נאָענט. מיין נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע אַלס דער שליח פֿון דעם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד" אין פּוילן. עס איז אפֿשר געווען אַ ביסל מער ווי אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט. עס איז געווען אַן אָנפֿאַנג פֿון אַ פֿריינטשאַפֿט. גאַנץ נאָענטע פֿריינט זיינען מיר געוואָרן, ווען ער איז געקומען דעם צווייטן מאָל אין אַמעריקע, ראַטעווען זיך פֿון היטלערס נעגל.

אין די עלטערע יאָרן איז עס ניט אַזוי לייכט זיך איינצושאַפֿן נייע פֿריינט. מען פֿאַרלירט גיכער די אַלטע, איידער מען שאַפֿט זיך אייַן נייע. שלמה מענ־דעלסאָן איז געווען ניט בלויז איינער פֿון די וויניקע פֿון מיינע נייע פֿריינט, נאָר אויך איינער פֿון די בעסטע. איך האָב אים ליב געקראָגן.

*

צווישן מיינע חברים פֿון „בונד" איז שלמה מענדעלסאָן געווען אַ גאַנץ נייער טיפּ. ער איז געקומען צום „בונד" אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג ווי די אַלע אַנדערע חברים מיינע, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געאַרבעט אין „בונד", אָדער געווען באַקאַנט. ער איז געווען ניט בלויז דער יידישיסטישסטער בונדיסטישער אינטע־ליגענט, וואָס איך האָב געטראָפֿן, נאָר אויך מיט אַ גרויסער פּאָרציע חסידות, וואָס מיר איז געווען אין גאַנצן פֿרעמד.

איך אַליין בין אין מיינע ישיבה־יאָרן געווען אַ האַרט־געבראָטענער מתנגד. דער חסידישע סידור האָט מיר אויסגעקוקט, ווי אַ ליַע וואָלט גענומען אַ גוטן מתנגדישן סידור און האָט אים צעפּלאָנטערט און פּאָר אַ צוגאָב אַריינגעשטעלט אין אים קאָמישע אויסטערלישע ווערטער. און אַזוי זיינען אויך געווען משונהדיק אין מיינע אויגן די חסידישע דבקות, די חסידישע התלהבות און דער גאַנצער חסי־דישער פֿאַרנעם. אַריינקוקן מער אינעווייניק אין חסידותקייט איז מיר דעמאָלט ניט איינגעפֿאַלן. די חסידים זיינען פֿאַר מיר געווען אַ מין פֿאַרפֿירטע יידן, וועגן וועלכע איך האָב זיך אָנגעהערט אַ סך שלעכטס און אַ סך חוזק־ווערטער און חוזק־מעשיות. ערשט שפּעטער, ווען דער חסידישער סידור האָט מיך אויפֿגע־הערט צו אינטערעסירן, ווייל דער סידור אין אַלגעמיין האָט אויפֿגעהערט צו זיין אַ טייל פֿון מיין לעבן, האָב איך אויפֿן חסידיזם אָנגעהויבן קוקן מיט אַ ביסל אַנדערע אויגן, הגם איך בין געבליבן כּמעט דער זעלביקער מתנגד, וואָס פֿריער.

עס קען זיין, אַז צווישן מיינע בונדיסטישע חברים זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון חסידים, אָבער זיי האָבן נישט געקראָגן קיין חסידישע דערציאונג. אויף וויפֿל איך קען זיך דערמאָנען וועגן די בונדיסטישע אינטע־ליגענטן צווישן מיינע באַקאַנטע, האָבן די מערסטע פֿון זיי אין אַלגעמיין גע־קראָגן אַ גאַנץ שוואַכע יידישע דערציאונג. מערערע פֿון זיי זיינען אַפֿילו קיין מאָל אין חדר נישט געגאַנגען. מענדעלסאָן איז געווען דער ערשטער בונדיסט צווישן מיינע באַקאַנטע, וואָס האָט געקראָגן אַ גרונטאָוונע חסידישע דערציאונג און אויף

וועלכן דער חסידיזם האָט איבערגעלאָזט זיין שטעמפּל. אין מענדעלסאָנען איז איבערגעבליבן אַ גאַנץ גרויסע פּאַרציע פון דער חסידישער התלהבות, פון דעם חסידישן ברען און פון דער חסידישער ראָמאַנטיק. איך פלעג עס פילן ניט בלויז אין די רעדעס און לעקציעס, וואָס ער האָט געהאַלטן, נאָר אויך אין פּערזענלעכע געשפּרעכן.

*

מענדעלסאָן איז געקומען צום „בונד" אין אַ רייפערן עלטער, ווי די אַנדערע אינטעליגענטן און פירער פון „בונד". ער איז געקומען צום „בונד" פון אַן אַנדער פּאַרטיי, אין וועלכער ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. דאָס איז געווען די פאָלקס־פּאַרטיי. די אַנדערע זיינען געקומען צום „בונד" נאָך אין זייערע שול־יאָרן, מייסטנס אין זייערע סטודענטן־יאָרן אין די אוניווערזיטעטן און טעכנישע הויכשולן. מערערע נאָך אין זייערע גימנאַזיע־ אָדער רעאַל שול־יאָרן. ביי די מייסטע פון זיי איז דער „בונד" געווען די ערשטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע אין וועלכער זיי זיינען אַריינגעטראָטן. ווייניקסטנס איז דאָס געווען דער פאַל מיט די מייסטע בונדיסטישע אינטעליגענטן פון מיין דור. איך וואָלט אים אָנגערופן דער צווייטער דור פון „בונד". דער ערשטער דור איז באַשטאַנען פון די גרינדער פון „בונד" און די, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זיי אים אָנגעהויבן בויען. מען קען זאָגן, אַז כמעט אַלע פון ערשטן דור און פון צווייטן דור „בונד" האָבן זייערע פּאָליטישע טעטיקייטן אָנגעהויבן מיטן סאָציאַליזם. דאָס איז געווען נאַטירלעך. וועלכע אַנדערע פּאָליטישע טעטיקייט האָט דעמאָלט געקענט זיין אין צאַרישן רוסלאַנד, אויב נישט די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע? קיין לעגאַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דאָך ניט עקזיסטירט. מענדעלסאָן, אָבער, וועלכער האָט באַלאַנגט צום דריטן דור בונדיסטן, האָט אָנגעהויבן דערגרייכן זיינע רייפע יאָרן אין דער צייט, ווען פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען שוין געווען ביז אַ געוויסער מאָס דערלויבט אַפילו אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. און ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן ביז פוילן איז באַפרייט געוואָרן פון צאַרישן יאָך און איז געוואָרן אַ רעפּובליק, וואו עס האָט ווייניקסטנס אין די ערשטע יאָרן, עקזיסטירט פּאָליטישע פרייהייט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס.

אַ סך פון די בונדיסטן פון ערשטן און צווייטן דור זיינען געקומען צום סאָציאַליזם און צום „בונד" דורך זייער קאַמף קעגן דעם דעספּאָטישן צאַרישן רעזשים און פאַר פרייהייט. מענדעלסאָן האָט אָט דעם קאַמף לאַנג ניט געדאַרפט פירן. ער איז קוים אַלט געווען 19 יאָר, ווען פוילן איז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען געוואָרן פון דייטשלאַנד, און עס האָט נאָך דעם לאַנג ניט געדויערט ווי פוילן איז געוואָרן אַ רעפּובליק. מענדעלסאָן האָט דעריבער, קען מען זאָגן, אויסגעמיטן די שטויס־קראַפט פון קאַמף פאַר פרייהייט, וואָס האָט אַ סך פון דעם פריערדיקן דור געטריבן צום סאָציאַליזם.

*

מענדעלסאָן איז צוליב זיין דערציאונג און זיין גרויסער ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור און צו דער יידישער קולטור געווען מער גענייגט צו יידישער קולטורעלער טעטיקייט. די באַפרייאונג פון פוילן, וואָס האָט אויך געבראַכט

אין אַ געוויסער מאָס פֿרייהייט פֿאַר יידן אין פּוילן, האָט געעפֿנט ברייטע מעגלעכקייטן פֿאַר קולטורעלער יידישער טעטיקייט און פֿאַר יידישער וועלטלעכער דערציאונג. מענדעלסאָן האָט זיך אין דער דאָזיקער טעטיקייט אַריינגעוואָרפֿן מיט זיין גאַנצן אימפּעט, מיט זיין גאַנצן חסידישן ברען, מיט אַלע זיינע פֿעאיקייטן און מיט אַלע זיינע באַגאַבונגען. אַחוץ זיין ברייטער יידישער און וועלטלעכער בילדונג, האָט ער געהאַט אַ שאַרפֿן אַנאַליטישן שכל, אַ שנעלע אויפֿפֿאַסונגס־פֿעאיקייט, אָדער השגה, ווי מען רופֿט עס, און שטענדיק גרייט מיט אַן ענטפֿער און אַרגומענט. דערצו האָט אים פֿיל אַרויסגעהאָלפֿן זיין וואונדערלעכער רעדנער־טאַלאַנט, זיין גוטמוטיקער הומאָר און וויץ און גרויסע קלוגשאַפֿט.

און עס איז געווען אָט די יידישע קולטור־ און דערציאונגס־אַרבעט, אין וועלכער מענדעלסאָן האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן מיט זיין גאַנצער חסידישער התלהבות, וועלכע האָט אים שפּעטער געבראַכט צום „בונד”.

איך ווייס ניט ווען מענדעלסאָן איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. מיר איז קיין מאָל ניט איינגעפֿאַלן אים עס צו פֿרעגן. איך פֿאַרשטיי, אַז עס איז ניט געוואָרן פּלוצים. ער איז אַלט געווען 32 יאָר, ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין „בונד”. ער איז פֿריער עטלעכע יאָר געווען טעטיק אין דער „פֿאָלקס־פּאַרטיי”, וועלכע פֿלעגט גאַנץ אָפֿט דעבאַטירן מיטן „בונד”. איך נעם דעריבער אָן, אַז עס איז ניט געווען קיין פּלוצימדיקער אימפּולס, וואָס האָט געבראַכט מענדעלסאָנען צום „בונד”, נאָר עס איז געווען אַ באַשלוס, וואָס איז געקומען נאָך אַ לאַנגן דענקען.

מענדעלסאָן האָט אייגנטלעך געקענט ווערן אַ בונדיסט דורך זיין יידישער קולטור־ און דערציאונגס־טעטיקייט. ער האָט דורך זיין אַרבעט זיך געמוזט איבערצייגן, אַז דער „בונד” איז דער וויכטיקסטער יידישער פֿאָלקס־כּוח אין פּוילן, אויף וועלכן עס קען זיך אָנשפּאַרן די יידישע קולטור, די יידישע ליטעראַטור און די יידישע דערציאונג. דער „בונד” אין פּוילן איז געווען ניט נאָר די גרעסטע און שטאַרקסטע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, נאָר ער איז אויך געווען די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. און ווען איינער האָט געמאַכט די יידישע קולטור און די יידישע דערציאונג פֿאַר זיין לעבנס־אויפֿגאַבע, איז געווען לאָגיש פֿאַר אים זיך צו דערטראַכטן, אַז ער דאַרף גיין צום „בונד”.

אָבער מענדעלסאָן איז געקומען צום „בונד” ניט אַלס יידישער קולטור־טוער און דערציער, נאָר אויך אַלס אַ סאָציאַליסט.

ווי מען דערציילט מיר, איז מענדעלסאָן געקומען צום סאָציאַליזם דורך זיין קולטור־אַרבעט צווישן די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. ער זאָל האָבן געזאָגט, אַז ווען ער האָט געזען די גרויסע אָרעמקייט און ליידן פֿון די יידישע מאַסן, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אָרעמקייט און ליידן פֿון די יידישע מאַסן קענען ניט באַזייטיקט ווערן אַזוי לאַנג, ווי עס וועלן ניט באַזייטיקט ווערן די אָרעמקייט און די ליידן אויך פֿון די ניט־יידישע מאַסן.

נו, דאָס איז אַ רעכט ביסל צו איינפֿאַך פֿאַר מענדעלסאָנען. מיך פֿאַרדריסט פֿאַרוואָס איך האָב אים אַליין ניט געפֿרעגט. איך האָב מיט אים אַ סך גערעדט וועגן סאָציאַליזם. ער האָט גוט געקענט די טעאָריע און די פּראַקטיק פֿון סאָציאַליזם. ער האָט אויך אַ סך געלייענט וואָס עס איז געשריבן געוואָרן פֿאַר און קעגן סאָציאַליזם. און פּונקט ווי ער האָט געהאַט אַ וואַרעמע געפֿילפֿולע נשמה,

אַזוי האָט ער אויך געהאַט אַ טיף־דענקנדיקן און באַוועגלעכן מוח. ער איז געווען דורך און דורך אַ דעמאָקראַטישער סאָציאַליסט, ווי מען רופט עס היינט, אָבער ער האָט קיין מאָל ניט געשטעלט אַזוי שטאַרק דעם טראָפּ אויף דעם וואָרט „דעמאָקראַטיש", אַז דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" זאָל זיך קוים אַרויסהערן, ווי דאָס טרעפט איצט אָפּט ביי מערערע פון אונדזערע דעמאָקראַטישע סאָציאַ־ ליסטן. מענדעלסאָן האָט ניט געוואָלט אָפּטיילן דעמאָקראַטיע פון סאָציאַליזם. אָבער ער האָט דאָך ניט געוואָלט מקריב זיין דעם סאָציאַליזם פאַר דעמאָקראַטיע. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק צו באַהאַלטן די סאָציאַליסטישע פאָן אין אַ קאַסטן מיט נאַפּטאַלין און וואַרטן ביז עס וועט קומען די צייט, אַז מען זאָל איר ווייטער קענען אַרויסנעמען. ער האָט עס געהאַלטן ניט בלויז פאַר אַ שלעכטער טאַקטיק, נאָר אויך פאַר זייער אַ שעדלעכער.

*

דער יידישער סאָציאַליזם איז איצט אַן אידעע, וואָס איז אונדז איבערגע־ בליבן אַ ירושה פון פאַר דער מלחמה־צייט, אָבער עס פעלן די טרעגער פון דער אידעע. היטלער האָט אויסגעהרגעט די הויפּט־טרעגער פון יידישן סאָציאַליזם. איך ווייס ניט, וואָס עס וועט זיין דער גורל פון די טיילן פון דעם יידישן פאָלק, וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע. איך בין געוויינלעך אָפּטימיסטיש, וואָס איז שייך צו דער יידישער עקזיסטענץ, אָבער איך פּרוביר קיין מאָל ניט טרעפן, וואָס עס וועט זיין דער וועג פון דער ווייטער־ דיקער יידישער אַנטוויקלונג. איך האָף אָבער, אַז מיט דעם וואוקס פון יידישן פאָלק וועלן אויך אויסוואַקסן נייע יידישע טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער אידעע. איך קען ניט זאָגן, אַז איך האָב עפּעס ממשותדיקס, אויף וואָס צו באַ־ גרינדן מיין האָפענונג. איך וועל בעסער זאָגן דעם אמת, אַז עס איז ביי מיר גיכער ווי אַלץ ניט מער ווי אַ גוטער וואונטש. אָבער טאַקע צוליב אָט דעם גוטן וואונטש וואָלט איך ניט וועלן אָוועקלייגן די פאָן פון יידישן סאָציאַליזם אין אַ קאַסטן מיט נאַפּטאַלין, אַז זי זאָל דאָרטן ליגן ביז עס וועט קומען די צייט, אַז מען וועט איר קענען אַרויסנעמען. איך האָב מורא, אַז אויב מען וועט ניט האַלטן שטענדיק די פאָן פאַר אונדזערע אויגן, וועט מען ביסלעכווייז אַפילו פאַרגעסן אַן דעם קאַסטן מיט נאַפּטאַלין, וואו מען האָט איר אָוועקגעלייגט. איך גלויב, אַז האַלטן די פאָן פאַר די אויגן האָט אַ געוויסן ווערט. מען קען עס אפשר דערקלערן אַפילו על פי קאַרל מאַרקס.

*

דער יידישער סאָציאַליזם צוזאַמען מיט דער יידישער פראַגע פלעגט זיין די הויפּט־טעמע פון מיינע אָפטע שמועסן מיט מענדעלסאָנען. מיר האָבן מער געשטימט אין דער פראַגע פון סאָציאַליזם, ווי אין דער יידישער פראַגע. ביי מענדעלסאָנען איז די יידישע פראַגע, אָדער ריכטיקער — פראַגן, געווען ענגער פאַרבונדן מיט דעם יידישן סאָציאַליזם, ווי דאָס איז געווען ביי מיר. ער איז דעריבער געווען ווייניקער נאַכגעביק אין די יידישע פראַגן ווי איך. ער איז געווען מער יידישיסט, מער יידישער קולטוריסט, ווי איך. ער האָט ניט געוואָלט מאַכן קיין קאָמפּראָמיסן וואָס איז שייך צו דער יידישער שפּראַך און צו דער יידישער

קולטור. ביי אים איז געווען יידישער סאָציאַליזם, יידישע שפּראַך, יידישע קול־טור אַ מער איינהייטלעכע פֿילאָזאָפֿיע ווי ביי מיר. דאָס איז געווען די ווירקונג פֿון דער טעטיקייט און פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון „בונד״ אין פּוילן. פֿאַקטיש איז דער „בונד״ אין פּוילן געווען מער ווי אַ פּאַרטיי פֿון די יידישע אַרבעטער; ער האָט גיכער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ יידישער פֿאָלקס־באַוועגונג. דאָס האָבן געוויזן די וואַלן אין 1938, אין וועלכע דער „בונד״ האָט געקראָגן מער שטימען ווי אַלע אַנדערע יידישע פּאַרטייען. דאָס האָט אויך געווירקט, אַז מיר זאָלן זיין ניט אין גאַנצן איינשטימיק אין דער פֿראַגע פֿון יידישער עמיגראַציע און ציוניזם. ער האָט זיך שטרענגער געהאַלטן פֿאַר דער אַלטער בונדיסטישער פֿאָרמולע פֿון קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. און ביי מיר איז אויס־געקומען, אַז דער אַלגעמיינער פֿעדעראַטיווער מלוכה־פּרינציפּ, פֿאַר וועלכן דער „בונד״ האָט זיך אַרויסגעזאָגט, דאַרף אויך אָנגעווענדט ווערן צו פּאַלעס־טינע, וואָס לויט די קאָנקרעטע באַדינגונגען פֿון פּאַלעסטינע קען עס מיינען אַ צוויי־נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה. איך בין היינט, נאָך מער ווי פֿריער, איבער־צייגט, אַז דאָס וואָלט געווען די בעסטע און געזונטסטע לייזונג פֿון דער פּאַ־לעסטינע־פֿראַגע. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געקענט אַדורכגעפֿירט ווערן בלויז דורך אַ טראָסטישיפּ פֿון ענגלאַנד אָדער פֿון אַן אַנדער גרויסער מלוכה.

*

עס איז אין די לעצטע פּאָר יאָר געוואָרן ביי אונדז אַזוי ווי אַ געוואוינהייט זיך צו טרעפֿן מיט מענדעלסאָנען צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך ביי לאַנטש און דורכצולופֿטערן די פֿראַגן, וועלכע האָבן אונדז אינטערעסירט. מענדעלסאָן איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטער, גייסטרייכער שמועסער. אונדזערע דעבאַטן האָבן זיך קיין מאָל ניט אויסגעשעפּט און קיין מאָל ניט געענדיקט. איז געקומען דער אומדערבאַרעמדיקער טויט און האָט זיי פּלוצים אָפּגעהאַקט. מענדעלסאָן וועט זייער שטאַרק פֿעלן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער יידישער קול־טור־באַוועגונג. דער פּלאַץ, וואָס ער האָט אין איר פֿאַרנומען, בלייבט ליידיק. ער וועט אָבער אויך שמערצלעך פֿעלן זיינע פֿריינט און באַקאַנטע. און אויב עס איז דערלויבט אַרויסצוזאָגן פּערזענלעכע געפֿילן אין דער עפֿנטלעכקייט, וועל איך זאָגן, אַז איך פּערזענלעך האָב געליטן אַ באַזונדערס גרויסן שמערצלעכן פֿאַרלוסט דורך מענדעלסאָנס טויט. איך זאָג עס ניט בלויז וועגן דעם וואַרעמען געפֿיל פֿון פֿריינטשאַפֿט, וואָס איך האָב צו אים געפֿילט, נאָר ניט ווייניקער וועגן מיין גייסטיקער פֿאַרבינדונג מיט אים. עס איז אין דער איצטיקער שווערער, אומגליקלעכער צייט אויסערגעוויינלעך נויטיק צו האָבן אַ נאָענטן חבר מיט וועמען זיך דורכצורעדן פֿון צייט צו צייט וועגן די פֿאַרשיידענע פֿאַרפּלאָנטערטע פֿראַגן, וועלכע ווערן אַלע מאָל מער פֿאַרפּלאָנטערט, כּדי צו קענען אויפֿהאַלטן די אייגענע גלייכגעוויכט. און עס איז גוט, אַז דער איינער איז אַזעלכער, וואָס האָט נאָך דעם פֿולן גלויבן אין דער זאַך, פֿאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי פֿיל יאָרן געקעמפֿט, און די פֿולע באַגייסטערונג פֿאַר דער אידעע, וואָס איז געווען אונדזער וועג־ווייזער אין קאַמף. שלמה מענדעלסאָן איז געווען אָט דער איינער.

געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענקען.

21סטן פֿעברואַר 1948

# דר. חיים זשיטלאָווסקי

איך ווייס נישט אויב צווישן אונדזערע יידישע וואָרט־זאָגער איז פאַראַן אַ צווייטער צו דר. חיים זשיטלאָווסקי, מיט וועמען מען איז אַזוי ווייניק איינשטימיק און דאָך האָט מען צו אים אַזוי פיל אַכטונג. אויב עס איז ניט גרויס די צאָל פון זיינע אַנהענגער, איז אָבער זייער גרויס די צאָל פון זיינע פאַרערער.

עס איז אָפט ניט אַזוי שווער צו זיין איינשטימיק מיט דר. חיים זשיטלאָווסקיס טעאָריעס, אָבער עס איז מייסטנס גאַנץ שווער צו זיין איינשטימיק מיט די פּראַקטישע אויספירונגען, וואָס ער מאַכט פון זיי. זיינע אויספירונגען מעגן אויסקוקן זייער לאָגיש, אָבער דאָס לעבן גייט ניט שטענדיק אויף דעם גראַדן אַנגעצייכנטן לאָגישן וועג. ווייניקסטנס ניט וואָס אונדז דוכט, אַז עס איז גראַד. און טאַקע דאָס לעבן אַליין האָט ניט איין מאָל געצוואונגען דר. זשיטלאָווסקין צו רעווידירן מאַנכע פון זיינע מיינונגען. עס איז אָבער דאָ איין מיינונג, פאַר וועלכע דר. זשיטלאָווסקי האַלט זיך פעסט און דערלאָזט צו איר ניט קיינע ענדערונגען, קיין שום רעוויזיעס, און דאָס איז וועגן יידיש.

איך בין ניט זיכער, אַז דר. זשיטלאָווסקי איז דער פאָטער פון יידישיזם. די היסטאָריע פון דער יידישיסטישער באַוועגונג איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן ווי בויטיק. עס קען דעריבער זיין, אַז מען וועט אויסגעפינען, אַז דער פאָטער פון יידישיזם איז גאָר אַן אַנדערער, אָבער ווער עס זאָל ניט זיין דער פאָטער, איז אָבער דער שטענדיקער קעמפער פאַר יידיש און דער אַנערקענטער וואָרט־זאָגער פאַר יידיש ניט קיין אַנדערער ווי דר. חיים זשיטלאָווסקי.

אָבער ווען דר. זשיטלאָווסקי וואָלט געהאַט אויף זיין רעקאָרד בלויז זיין קאַמף פאַר יידישיזם, וואָלט ער ניט געהאַט זיין גרויסן נאָמען, די אַלגעמיינע גרויסע אַכטונג, וואָס ער טראָגט מיט זיך אַזוי פיל יאָרן. דר. זשיטלאָווסקי איז פיל מער ווי אַ קעמפער פאַר יידיש, ער איז אַ קעמפער פאַר יידישן סאָציאַליזם. דר. זשיטלאָווסקי האָט זיין יידישיזם פאַרבונדן מיט זיין יידישן סאָציאַליזם, און ער האָט עס אַזוי ענג פאַרבונדן, אַז מען קען ביי אים זיי ניט אָפּטיילן איינס פון אַנדערן.

אין דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פאַרנעמט דר. חיים זשיטלאָווסקי אַן שום צווייפל דעם ערשטן פּלאַץ אַלס דער טעאָרעטיקער פון יידישן סאָציאַליזם. מיר איז ניט באַקאַנט קיין אַנדערער וואָס איז געווען פריער פאַר דר. ח. זשיטלאָווסקי צו פאַרבינדן דעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק מיטן סאָציאַליזם און צו שאַפן דערפאַר אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג.

אייגנטלעך פייערט דר. זשיטלאָווסקי איצט אַ טאָפּלטן יובילייאום. ער פייערט זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג און זיין פופציק־יאָריקע טעטיקייט אַלס יידישער סאָציאַליסט.

עס איז געווען אין יאָר 1885, ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט אָרגאַניזירט אַ יידישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע גרופּע מיטן נאָמען „תשועת ישראל״, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע פון איין זייט צו באַקעמפן די חובבי־ציון־באַוועגונג, און פון דער אַנדערער זייט צו פּריידיקן די אידייע פון אַ יידישן נאַציאָנאַלן

סאָציאַליזם מיט יידיש אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך. אויך אַט פֿאַר דער אידייע האָט זיך דר. ח. זשיטלאָווסקי געהאַלטן פֿעסט אַלע זיינע יאָרן, און אויב ער האָט ניט געוואונען קיין סך אָנהענגער פֿאַר זיינע פּראַקטישע אויספֿירונגען פֿון זיין נאַציאָנאַל־יידישער סאָציאַליסטישער טעאָריע — האָט אָבער די טעאָריע גופֿא מיט געוויסע ענדערונגען געפֿונען אַ גאַנץ שטאַרקן אָפּקלאַנג ניט בלויז ביי דער יידישער אינטעליגענץ, נאָר אויך ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן. דר. זשיטלאָווסקי האָט אַ גאַנץ גרויסן חלק אין דער שאַפֿונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פֿון „בונד". זי איז אמת אַרויסגעקומען אַ רעכט ביסל אַנדערש, ווי ער האָט געוואָלט, אָבער קיינער קען ניט אָפּלייקענען זיין גרויסן ביישטייער צו איר.

*

דר. זשיטלאָווסקיס נאַציאָנאַלער יידישער סאָציאַליזם איז שטענדיק געווען פֿאַרבונדן מיט טעריטאָריאַליזם.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די יידישע שפּראַך איז ביי דר. זשיטלאָווסקין דער וויכטיקסטער נאַציאָנאַלער עלעמענט פֿון יידישן פֿאָלק, און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט אַזאַ שטאַרקן גלויבן אין דער לעבנס־פֿעאיקייט פֿון דער יידישער שפּראַך, האָט ער דאָך די עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק כּמעט שטענדיק געזוכט צו פֿאַרבינדן מיט אַ יידישער טעריטאָריע. עס איז פֿאַר אים קיין אונטערשייד ניט געווען וואו די טעריטאָריע זאָל ניט זיין. אויב אים האָט זיך אַמאָל אויסגעדוכט, אַז די טעריטאָריע קען זיין פּאַלעסטינע, האָט ער שלום געמאַכט מיטן ציוניזם. אמת, דער ציוניזם איז אַרויסגעקומען ביי אים גאַנץ אַנדערש ווי דער אָנגענומענער, אָבער דאָס איז שוין אַ פֿראַגע פֿון אויסטייטשונג. און ווען ער איז שפּעטער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז פּאַלעסטינע קען ניט זיין די טעריטאָריע, אין וועלכער דאָס יידישע פֿאָלק נויטיקט זיך, האָט ער זיך אָפּגעקערט פֿון ציוניזם און האָט אָנגעפֿאַנגען זוכן אַן אַנדער טעריטאָריע. ער איז געקומען צו אָט דער איבערצייגונג, ווען ער האָט נאָך דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע באַזוכט פּאַלעסטינע און זיין באַריכט איז געווען, אַז די כּלה איז אפֿשר אַ גאַנץ שיינע, אָבער זי האָט שוין אַ חתן.

אין זיינע טעריטאָריעלע וואַנדערונגען האָט דר. זשיטלאָווסקי דורכגעלעבט אַ סך אַנטוישונגען, אָבער ער האָט זיך פֿון זיין אידעע ניט אָפּגעזאָגט און ער איז גרייט זיך אָנצוכאַפּן פֿאַר יעדן שפּאַן פֿון אַ טעריטאָריע, וואָס אימיצער געפֿינט אויס אויף דער מאַפּע פֿון דער ערד.

דר. זשיטלאָווסקיס טעריטאָריאַליזם האָט ווייניק וואָס צו טאָן מיט דעם מלוכה־פּרינציפּ. ער זוכט ניט קיין מלוכה פֿאַרן יידישן פֿאָלק, נאָר ער זוכט אַ פּלאַץ פֿאַר דעם יידישן פֿאָלק, וואו עס זאָל קענען איבערגעבויט ווערן דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן אויף פּראָדוקטיווע יסודות. ער וועט דעריבער אין אַ נויט זיך צופֿרידנשטעלן אויך מיט אַ חצי־טעריטאָריע, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. עס הייסט, ניט קיין גאַנצע אָפּגעזונדערטע יידישע טעריטאָריע, נאָר אַ שטיק לאַנד ביי די פֿעלקער צווישן וועלכע די יידן לעבן, וואו דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן זאָל קענען איבערגעבויט ווערן. ניט די טעריטאָריע איז ביי דר. זשיטלאָווסקין דער צוועק, נאָר די איבערבויאונג פֿון יידישן עקאָ־

נאַמישן לעבן. דר. זשיטלאָווסקי ווערט דעריבער באַגייסטערט פֿאַר יעדן קאָ־לאָניזאַציאָנס־פּראָיעקט, פֿאַר יעדער מעגלעכקייט אַרויסצוראַטעווען יידן פֿון זייערע לופֿט־און ווינט־פּרנסות און זיי פֿאַרוואַנדלען אין פּראָדוקטיווע אַר־בעטער. און דאָס ערשטע אָרט אין דעם פּרט פֿאַרנעמט ביי אים ערד־אַרבעט.

די פֿאַרהייליקונג פֿון ערד־אַרבעט איז ביי דר. זשיטלאָווסקין געבליבן אַ ירושה פֿון דער רוסישער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע ער האָט געהאָלפֿן גרינדן. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך אָריענטירט און געשטיצט אויף דעם רוסישן פּויער, אין קעגנזאַץ צו דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָריענטירט און געשטיצט אויף דעם רוסישן אַרבעטער. עס האָט גראַד אַזוי געטראָפֿן, אַז דער טעאָרעטיקער און באַגרינדער פֿון יידישן נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם זאָל באַלאַנגען צו אַזאַ סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי, וואָס האָט ניט קיין באָדן ביי יידן. ניטאָ ביי יידן קיין פּויערים־קלאַס. ביי יידן האָט גיכער געקענט געפֿינען אַ באָדן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דר. זשיטלאָווסקין פּערזענלעך האָט אויף דעם אופֿן געפֿעלט אַ טעריטאָריע ביי יידן. און דער אויסדרוק פֿון זיין יידישן סאָציאַליזם האָט דעריבער זיך פֿאַר־בונדן מיט דער אַגיטאַציע פֿאַר יידישער ערד־אַרבעט און יידישער קאָלאָניזאַציע. און עס איז פֿאַר אים אַ גרויסע פֿרייד, ווען ער דערזעט, אַז ערגעץ־וואו, קיין אונטערשייד אין וועלכן לאַנד, שאַפֿט זיך אַ יידישער ערד־אַרבעטער־קלאַס. מעג זיין ווי קליין, דאָס איבעריקע דערגאַנצט שוין זיין פֿאַנטאַזיע. פֿון איין קליינער יידישער קאָלאָניע קען שפּעטער ווערן צוויי, דריי, פֿיר און ענדלעך אַ פֿולשטענדיקער עקאָנאָמישער איבערבוי פֿון יידישן לעבן.

*

דר. זשיטלאָווסקי איז אַלע מאָל אין זיינע אידייען באַהערשט פֿון אַ גרויסן אָפּטימיזם. ער איז זיכער מיט דער עקסיסטענץ פֿון דער יידישער שפּראַך און ער איז זיכער מיט דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון סאָציאַליזם.

דר. זשיטלאָווסקיס סאָציאַליזם איז ניט דער מאַרקסיסטישער. ער האָט אַ גרויסן טייל פֿון זיין צייט אָפּגעגעבן צו קריטיקירן דעם מאַרקסיזם, אָבער דאָס איז געווען הויפּטזעכלעך דעם פֿילאָזאָפֿישן טייל פֿון מאַרקסיזם, די מאַ־טעריאַליסטישע אויסטייטשונג פֿון דער געשיכטע, אָבער ער האָט זיך אין זיין סאָציאַליזם גאַנץ שטאַרק באַנוצט מיט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לערעס פֿון קאַרל מאַרקס. באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן. אפֿשר איז דאָס געווען די קעגן־ווירקונג אויף אים פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אויפֿן מאַרקסיזם. און עס איז קיין אונטערשייד ניט אויף וויפֿל מען קען איינשטימען מיט דר. זשיטלאָווסקיס סאָציאַליסטישע אָפּהאַנדלונ־גען, מוז מען דאָך צוגעבן, אַז ער איז איינער פֿון די וועניקע, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. ער קען אויף דעם ווירקלעך שטאָלץ זיין.

בייטראָגן צו דער יידישער ליטעראַטור, איר רייכער מאַכן — איז איינע פֿון די וויכטיקסטע אידייען ביי דר. זשיטלאָווסקין. מען קען זאָגן, אַז שרייבן יידיש איז ביי אים אַ נאַציאָנאַלע מצוה, נאָך אַ גרעסערע נאַציאָנאַלע מצוה ווי

רעדן יידיש. ער באַמיט זיך דעריבער אויך צו שאַפֿן נייע ווערטער, נייע אויסדרוקן אין יידיש, סײַ אין שרייבן סײַ אין זיין ריידן. ער וויל רייכער מאַכן די יידישע שפּראַך. עס איז אמת, אַז ער האָט אויף דעם געביט ניט גע־מאַכט קיין גרויסן דערפֿאָלג. זיינע נייע יידישע ווערטער און אויסדרוקן קלינגען גאַנץ אָפֿט זייער גוט אין זיינע לעקציעס און רעדעס, אָבער גאַנץ זעלטן אין זיינע אַרטיקעלן און ביכער. אין ריידן איז דר. זשיטלאָווסקי אַ ווירקלעכער קינסטלער. ער האָט אַלע באַגאַבונגען, וואָס אַ גרויסער טאַלאַנטפֿולער רעדנער דאַרף האָבן. יעדער וואָרט, יעדער זאַץ, יעדער אויסדרוק קומט אַרויס שיין פֿון זיין מויל. עס איז אָבער אַנדערש, ווען די ווערטער און די אויסדרוקן ווערן אויפֿגעשריבן און זיי זיינען מער ניט באַגלייט מיט די גרויסע אָראַטאָרישע באַגאַבונגען פֿון זייער פֿאַרפֿאַסער. ניט אַלע נייע יידישע ווערטער און אויס־דרוקן, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט פּרובירט שאַפֿן, זיינען אַנגענומען געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אָבער דאָך אַ גרויסן פֿאַרדינסט פֿאַר דער יידישער שפּראַך, וואָס ער האָט איר אין געוויסע געביטן געגעבן מער אויסדרוק און רייכער געמאַכט איר ווערטער־פֿאַרמעגן.

די יידישע שפּראַך האָט אין אַלגעמיין אַ סך צו פֿאַרדאַנקען דר. זשיט־לאָווסקין. ער האָט פֿאַר איר פֿופֿציק יאָר נאָכאַנאַנד געפֿירט אַן אומאויפֿהערלעכן קאַמף און ער פֿירט אים נאָך היינט מיט דער זעלביקער עקשנות.

מעג אימיצער זאָגן, אַז דער קאַמף ווערט געפֿירט אַ ביסל צו פֿאַנאַטיש. אָבער עס איז אַ פֿאַנאַטיזם, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין יעדן קאַמף, וואָס באַ־געגנט גרויסע שטרויכלונגען אין זיין וועג און וואָס זיינע אויסזיכטן אויף אַ דערפֿאָלג זיינען ניט אין גאַנצן זיכערע. און ביי דר. זשיטלאָווסקין קומט עס נאָך דערפֿון, וואָס ער האָט די גאַנצע יידישקייט אָוועקגעשטעלט בלויז אויף דער יידישער שפּראַך און ער קומט דעריבער מיט זיין געוויינלעכער לאָגישער גראַד־ליניקייט צו אַזעלכע אויספֿירונגען, וואָס קוקן אויס אין ליכט פֿון דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט אין גאַנצן ניט לאָגיש.

דר. זשיטלאָווסקי איז מיט זיין גראַד־ליניקער לאָגישקייט אויך אין זיין יידישן נאַציאָנאַליזם געקומען צו אַזעלכע אויספֿירונגען, וואָס ער אַליין דאַרף זיין קעגן זיי, ניט בלויז אַלס אַ סאָציאַליסט, נאָר אַפֿילו אַלס אַ ייד.

אָבער ווען מען וויל זיין גערעכט צו דר. חיים זשיטלאָווסקי, דאַרף מען אים ניט צעגלידערן און פֿונאַנדערלייגן זיינע מעלות און חסרונות באַזונדער, נאָר מען דאַרף אים נעמען אין גאַנצן, און מיר האָבן דעמאָלט פֿאַר זיך איינע פֿון די שענסטע און אינטערעסאַנטסטע יידישע פּערזענלעכקייטן.

עס זיינען פֿאַראַן שיינע געזיכטער, וואָס ווען מען זאָל זיי פֿונאַנדערגלידערן, וועט מען אין זיי געפֿינען אַ סך חסרונות. איז די נאָז ניט אין איינקלאַנג מיט אַלע געזעצן פֿון שיינקייט, זיינען די ליפּן ניט אין גאַנצן ווי אָפּגעטאָקט, האָבן ניט די אויגן דעם פֿולן גלאַנץ און איז דער שטערן ניט אין גאַנצן ריכטיק גע־וועלבט. אָבער עס איז דאָך אַ שיינע געזיכט. אין דער גאַנצער האַרמאָנישער צונויפֿשטעלונג פֿון די טיילן קוקט בלויז אַרויס די שיינקייט פֿון דער געזיכט, און די חסרונות — ניט נאָר זעען זיי זיך ניט, נאָר זיי העלפֿן גאָר מיט, אַז די שיינקייט פֿון געזיכט זאָל קומען בעסער צום אויסדרוק.

# יצחק אייזיק הורוויטש

## (צו זיין 60יעריקן יובילעאום)

אַ פּרינציפּן־טרייער, רעוואָלוציאָנערער אָפּאָרטוניסט און אַן אָרטאָדאָק־סאַלער מאַרקסיסטישער רעוויזיאָניסט.

איז דאָס מעגלעך? איז דאָס ניט אַ פּאַראַדאָקס? — יאָ, עס איז מעגלעך. יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי האָט ניט מורא פאַר קיין פּאַראַדאָקסן. און אפשר איז דאָס גאָר קיין פּאַראַדאָקס ניט.

צו אַלעם ערשט און איבער אַלץ איז יצחק אייזיק אַ רעוואָלוציאָנער. ער רעוואָלטירט קעגן אַלעמען, קעגן אַלץ און אפילו קעגן זיך אַליין, און זיין אָפּטער אָפּאָרטוניזם און שטענדיקער רעוויזיאָניזם איז מער ווי אַלץ אַ פּראָדוקט פון זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט, און צום גרויסן טייל אַ רעוואָלוציע קעגן זיך אַליין.

יצחק אייזיק איז דורך און דורך אַ מאַרקסיסטישער דענקער. דער מאַר־קסיסטישער דענקונגס־אַרט איז איינגעוואַקסן אין זיין בלוט און פלייש, ווי ער וואָלט מיט דעם מאַרקסיזם געבוירן געוואָרן. יצחק אייזיק מוז זיך אָנטאָן אַ כּוח צו דענקען ניט־מאַרקסיסטיש, און ער טוט זיך אָפּט אָן דעם כּוח און רע־וואָלטירט קעגן זיך אַליין. ער מוז דאָס טאָן. וואָס הייסט אַלעמאָל דענקען מאַרקסיסטיש? פאַרוואָס זיין געבונדן צו אַ געוויסן אָרט דענקען? וואו בלייבט דאָן די פרייהייט פון געדאַנק? יצחק אייזיקס רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט קען איבערהויפּט ניט פאַרטראָגן קיין אַלגעמיין אָנגענומענע, פאַרגליווערטע אמתן, הגם פערזענלעך קען ער אַליין אין זיי גלויבן. ער האָט מער הנאה אויס־צוגעפינען און צו באַווייזן, אַז דער אָנגענומענער אמת איז קיין אמת ניט, איידער זוכן אים צו באַפעסטיקן.

יצחק אייזיק קען קעמפן פאַר דעם אמת, אין וועלכן ער גלייבט, באַ־גייסטערט און אומדערמידלעך קעמפן, אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיין קאַמף געענדיקט, ווען דער אמת, פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט, איז אָנגע־נומען געוואָרן פון דער מערהייט, פאַנגט ער אַליין אָן זיך שרעקן פאַר זיין זיג.

יצחק אייזיק איז דורך און דורך אַ דעמאָקראַט. די דעמאָקראַטיע איז איינ־געוואַקסן אין זיין פלייש און בלוט. ניט בלויז איז ער אַ דעמאָקראַט לויט זיינע איבערצייגונגען, נאָר ער איז אויך אַ דעמאָקראַט אין זיין פילן און אין אַלע זיינע באַנעמונגען. ער האָט אָבער מורא פאַר דער מערהייט און ער קלעפּט ניט צו איר. יצחק אייזיק איז כּמעט אַלע מאָל מיט דער מינדערהייט צו באַקעמפן די מערהייט. יצחק אייזיק איז אַ פאַרקערפּערונג פון אָפּאָזיציע. איך שטעל מיר פאָר, אַז ווען יצחק אייזיק פאַלט אַריין צופעליק אין אַ מערהייט מוז ער זיך פילן אומבאַקוועם, עפּעס דערווידער און מוז ווערן אַן אָפּאָזיציע צו זיך אַליין. אַ מאַיאָריטעט האָט די מאַכט, די הערשנדע מאַכט, דאָס איז דעמאָקראַטיש. אָבער יצחק אייזיק האָט ניט ליב קיין הערשנדע מאַכט. ער רעוואָלטירט קעגן איר. ער רעוואָלטירט קעגן דער זעלביקער דעמאָקראַטיע, אין וועלכער ער גלייבט.

דר. הורוויטש איז געווען אַ מענטש מיט אַ קאָמפּליצירטן כאַראַקטער און ער איז געווען אָפן, גראָד־ליניק און האָט פיינט געהאַט צו האַלטן אַ בלאַט פאַר

זיין מויל, ווען ער איז געווען אין קאַמף, און האָט ער געהאַט וועגן איינעם וואָס צו זאָגן, האָט ער עס געזאָגט מיטן פֿולן מויל און מיט די ווערטער, וועלכע ער האָט געהאַלטן פֿאַר ריכטיק.

יצחק אייזיק איז אָפֿט אַן אָפּאָרטוניסט. אָבער זיין אָפּאָרטוניזם קומט ניט פֿון מעסיקייט, ניט ווייל ער באַגנוגנט זיך מיט ווייניק, נאָר גראָד פֿאַרקערט, ווייל ער פֿאַרלאַנגט אַ סך. ער וויל פֿון דעם היינט אַרויסקריגן וואָס מער, ניט פֿאַרלאָזנדיק זיך אויף די גרויסע גליקן פֿון מאָרגן. ער איז מער אַן עולם הזה־סאָציאַליסט ווי אַן עולם הבא־סאָציאַליסט. ער וואָלט וועלן שוין היינט אַרויסקריגן אַזוי פֿיל סאָציאַליזם וויפֿל מען קען, איידער צו וואַרטן אויף מאָרגן, ווען מען וועט קריגן דעם גאַנצן סאָציאַליזם. אָט טאַקע דערפֿאַר, וואָס ער צווייפֿלט אין דער אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון סאָציאַליזם פֿאַר מאָרגן — און צווייפֿלען מוז יצחק אייזיק, ווען ער גלייבט אַפֿילו — פֿאַרלאַנגט ער היינט אַ סך. די סאָציאַליסטן, וועלכע גלייבן אין דער אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון סאָציאַליזם פֿאַר מאָרגן, קענען וואַרטן, קענען אָפּלייגן אַ סך זאַכן ביז דער מאָרגן וועט קומען, ווען די גאַנצע וועלט וועט זיין זייערע. זיי קענען האָבן געדולד. ער קען אָבער ניט וואַרטן אויפֿן מאָרגן, ווייל ער צווייפֿלט, אויב מאָרגן וועט טאַקע ווירקלעך זיין די גאַנצע וועלט זיינע. ווען עס קומט דעריבער צום עקאָנאָמישן קאַמף איז יצחק אייזיק אַ סך רעוואָלוציאָנערער, ווי מאַנכע פֿון די לאָיאַלע סאָציאַליסטן. ער פֿאָדערט פֿאַר די אַרבעטער אַ וואָס גרעסערן חלק און וואָס מער דעה אין שאַפּ היינט. אַ לאָיאַלער, הונדערט־פּראָצענטיק גלייביקער סאָציאַליסט קען זיך טראַכטן, אַז עס לוינט זיך היינט ניט צו זיין צו פֿיל איינגעשפּאַרט און זיך האַלטן כּסדר אין אַרומשלאָגן מיט די באַלעבאַטים וועגן קלייניקייטן, ווייל מאָרגן וועט דאָך דער גאַנצער שאַפּ געהערן צו די אַרבעטער. ער אָבער וויל צווייפֿלען אין דעם מאָרגן און וויל דעריבער היינט קריגן וואָס מער.

ווען יצחק אייזיק איז געווען אָנגעשטעלט אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן אַלס „טשיף קלוירק”, ווי מען האָט עס גערופֿן אונטער דעם באַקאַנטן אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים, וואָס מען האָט גערופֿן „פּראָטאָקאָל”, האָט מען זיך געוואונדערט ווי עס קומט, אַז דער מעסיקער סאָציאַליסט, דער קאָמפּראָמיסלער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז אַזוי רעוואָלוציאָנער אין דער יוניאָן. מען האָט אָפֿט אָנגעוויזן אויף מאיר לאָנדאָן, וואָס איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַ סך רעוואָלוציאָנערער ווי דר. הורוויטש, און דאָך איז ער אין דער יוניאָן אַ סך מעסיקער. און עס אַפּעלירט צום געדאַנק, אַז אין דער טרעיד־יוניאָן־באַוועגונג זאָל מען זיין ווייניקער רעוואָלוציאָנער און מער קאָמפּראָמיסלער, ווייל אין דער טרעיד־יוניאָן־באַוועגונג האָט מען כּסדר צו טאָן מיט קאָמפּראָמיסן. עס איז דאָך שוין דער ערשטער גרויסער קאָמפּראָמיס, וואָס מען אַנערקענט, אַז דער שאַפּ באַלאַנגט צו דעם מאַנופֿעקטשורער. דר. הורוויטש האָט מיר איין מאָל עס דערקלערט אויף אַזאַ אופֿן: פֿאַרשטייט איר מיך, האָט ער געזאָגט, מאיר לאָנדאָן קען זיין מעסיק און געדולדיק אין דער יוניאָן, ווייל ער גלויבט, אַז באַלד וועט קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און די שעפּער וועלן אין גאַנצן באַלאַנגען צו די אַרבעטער, דעריבער איז איצט ניט נויטיק צו שלאָגן זיך פֿאַר יעדער קלייניקייט. איך אָבער גלויב ניט, אַז די סאָציאַלע רע־

װאָלוציע װעט אַזױ גיך קומען, װײל איך דעריבער, אַז די אַרבעטער זאָלן קריגן שױן איצט װאָס מער.

און גראָד יצחק אײזיק דער אָפּאָרטוניסט האָלט כּסדר אין קריטיקירן די סאָציאַליסטישע פּאַרטײ פֿון אַמעריקע פֿאַר איר אָפּאָרטוניזם. אַ גרױסע צאָל אַרטיקלען אין די געזאַמלטע שריפֿטן פֿון יצחק אײזיק פֿאַרנעמען זיך מיט דער קריטיק פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטײ נאָר פֿאַר דעם אָפּאָרטוניזם אין אירע פּרינציפּן. יצחק אײזיקס שיטה איז, אַז מען קען זיך דערלױבן צו מאַכן קאָמפּראָמיסן אין פּאָליטישע האַנדלונגען, אָבער מען טאָר ניט מאַכן קײן קאָמ־פּראָמיסן אין פּרינציפּן. אמת, יצחק אײזיק איז ניט אין גאַנצן אױסגעהאַלטן אין זײן שיטה, װאָרום, װען זײן שיטה זאָל זײן שטענדיק אױסגעהאַלטן, װאָלט ער אַלײן קעגן איר רעװאָלטירט. אָבער ער צײגט דאָך אַרױס מער אױסגע־האַלטנקײט אין זײן טעאָריע װעגן קאָמפּראָמיסן, װי אין זײנע האַנדלונגען װעגן קאָמפּראָמיסן.

יצחק אײזיק האָט זיך ניט געקענט אַרײנפּאַסן אין קײן פּאַרטײ. אַ סאָציאַ־ליסט אַלע זײנע יאָרן, אַ סאָציאַליסט מיטן קאָפּ און מיטן האַרץ, האָט ער זיך דאָך ניט געקענט אײנלעבן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטײ. ער האָט אַן אינערלעכע אַנטיפּאַטיע צו יעדער אָרגאַניזירטער מאַכט, צו דעם כּוח פֿון דער מערהײט און פֿון דער אָרגאַניזאַציע. לױט זײנע איבערצײגונגען און געדאַנקען־גאַנג איז ער אַ דורכגעדרונגענער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אָבער אין זײנע בײגונגען איז פֿאַראַן פֿיל אַנאַרכיסטיש־אינדיװידואַליסטישעס. די ריכטיקסטע באַצײכנונג פֿאַר יצחק אײזיקן װאָלט זײן, װען מען זאָל זאָגן, אַז ער איז אַן אַנאַרכיסטיש־אינדיװידואַליסטישער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דע־מאָקראַט.

עס איז אמת, אַז דאָס איז אַ גאַנץ אײגנאַרטיקע קאָמבינאַציע, אָבער טאַקע אין דער דאָזיקער אײגנאַרטיקײט דריקט זיך אױס די אָריגינעלקײט פֿון יצחק אײזיקן.

יצחק אײזיק איז ניט קײן פּאַרטײ פֿאַר זיך, װי מאַנכע באַצײכענען אים אָפֿט. ער קען עס ניט זײן. יצחק אײזיק איז אין דער אמתן אַ קריטיקער פֿון פּאַרטײען, און װען ער װאָלט געװען אַ פּאַרטײ פֿאַר זיך, װאָלט ער געדאַרפֿט קריטיקירן זיך אַלײן. אַ פּאַרטײ פֿאַר זיך אַלײן זײנען אַזעלכע מענטשן, װעלכע קענען זיך ניט אַרײנפּאַסן אין דעם פּראָגראַם פֿון װעלכער עס איז עקזיסטירנדער פּאַרטײ. יצחק אײזיק קען זיך אָבער גאַנץ גוט אַרײנפּאַסן אין דעם פּראָגראַם פֿון אַן עקזיסטירנדיקער פּאַרטײ. ער האָט ניט קײן פּרעטענזיע צו שאַפֿן נײע פּראָ־גראַמען, אים איז אָבער שװער זיך אַרײנצופּאַסן אין דער דיסציפּלין פֿון אַ פּאַרטײ, אין דער דיסציפּלין פֿון דער אָרגאַניזאַציע. יצחק אײזיק טראָגט אַריבער זײן רעװאָלוציאָנערע קריטיק קעגן דער רעגירונגס־מאַכט פֿון לאַנד אױך קעגן דער אָרגאַניזאַציאָנס־מאַכט פֿון דער פּאַרטײ. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט שטענדיק אין זיך אַ געװיסע קלײנע גרופּע, װעלכע שטעלט מיט זיך צונױף די פֿירנדע קערפּערשאַפֿט, די „מאַשין”, װי מען רופֿט עס. יצחק אײזיק איז אָבער דער גרעסטער שונא פֿון אַ „מאַשין”. אין דער „מאַשין” זעט ער אַלדאָס בײז. די „מאַשין” איז אין זײנע אױגן די פֿאַרניכטונג פֿון דעמאָקראַטיע, ער סימפּאַ־

טיזירט דעריבער שטענדיק מיט דער אָפּאָזיציע, ווייל יעדע אָפּאָזיציע זוכט צו צעברעכן די עקסיסטירנדיקע „מאַשין". אָבער כּדי די אָפּאָזיציע זאָל האָבן דערפֿאָלג צו צעברעכן די עקזיסטירנדיקע „מאַשין", מוז זי אַליין שאַפֿן אַ „מאַשין". און דאַן ווערט יצחק אייזיק אויך אַ קעגנער פֿון דער אָפּאָזיציע, וועלכער ער האָט נעכטן געהאָלפֿן.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס יצחק אייזיק האָט אַזוי אָפּט און שאַרף קריטיקירט און ציטנווייז אויך טאַקע באַקעמפֿט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די אַנדערע עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איז ער דאָך שטענדיק אין דער סאָציאַליסטישער ווי אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג פֿאַררעכנט געוואָרן אַלס אַן אייגענער מענטש. אַפֿילו אַלס אַ טייל פֿון דער באַוועגונג. איז דאָך זיין האַרץ און זיין קאָפּ תּמיד געווען מיט דעם סאָציאַליזם, האָט דאָך זיין קריטיק ניט געהאַט דעם צוועק אונטערצוגראָבן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, נאָר איר אויסבעסערן און איר שטאַרקער צו מאַכן. זיין באַציאונג איז דאָך ניט געווען ווי פֿון אַ פֿיינט, נאָר ווי פֿון אַ פֿריינט, הגם ער האָט אָפֿט מער ווי געטאָן ווי דער שטאַרקסטער פֿיינט.

און נעמען מיר די גאַנצע עפֿנטלעכע טעטיקייט פֿון יצחק אייזיקן, סיי אויף דעם פּאָליטישן, סיי אויף דעם געזעלשאַפֿטלעכן און סיי אויף דעם זשורנאַליסטישן געביט, געפֿינען מיר אים שטענדיק אויף דער זייט פֿון קעמפֿנדיקן אַרבעטער־קלאַס און אַלס איבערגעגעבענער און טרייער פֿאַרטיידיקער און קעמפֿער פֿאַר די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער און פֿאַר אַ בעסערע, גערעכטערע און פֿרייערע מענטשלעכע געזעלשאַפֿט.

יצחק אייזיק אַלס יידישער זשורנאַליסט האָט פֿיל בייגעטראָגן צו דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, דעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט און די סאָציאַליסטישע לערע צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן. יצחק אייזיק אַלס זשורנאַליסט האָט די באַזונדערע פֿעאיקייט צו מאַכן דעם שווערסטן ענין אַזוי קלאָר און דייטלעך, אַז אַפֿילו דער איינפֿאַכער לעזער זאָל דאָס פֿאַרשטיין, און דאָך זאָל עס אויך זיין שטרענג וויסנשאַפֿטלעך, אַז אויך דער אינטעליגענטער לעזער זאָל עטוואָס קענען לערנען. יצחק אייזיק האָט אויף זיך ניט גענומען די אויפֿגאַבע פֿון אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר, וועלכער לאָזט זיך אַראָפּ מיט גרויס גענאָד צו די מאַסן, כּדי ער זאָל זיי לערנען און זיי מאַכן צו מענטשן גלייך. ער שרייבט פּאָפּולער, קלאָר, לייכט און דייטלעך, ווייל דאָס איז זיין אַרט שרייבן, דאָס איז זיין סטיל און זיין טאַלאַנט. און יצחק אייזיק האָט שטענדיק וואָס צו זאָגן. ער האָט פֿיל געלערנט און פֿיל געלעזן און עס איז ניטאָ קיין פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונג, וואָס זאָל אים פֿאַרבייגיין אומבאַמערקט און זאָל ניט ציען זיין אויפֿמערקזאַמקייט. ער איז דער אמתער זשורנאַליסט, וואָס אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן מיר זייער ווייניק זיין גלייכן.

וועגן יצחק אייזיקס ווערט אַלס זשורנאַליסט און זיין גרויסן בייטראָג צו דער יידישער זשורנאַליסטיק פֿאָדערט זיך אַ סך מער צו שרייבן, איך האָב אָבער ניט געהאַט די אַבזיכט דאָ צו געבן אַן אָפּשאַצונג פֿון יצחק אייזיקס זשורנאַליסטישער טעטיקייט. איך האָב דאָ ביי דער געלעגנהייט פֿון זיין יובילעאום, בלויז אין קורצע שטריכן געוואָלט געבן אַן אַלגעמיינע אָפּשאַצונג פֿון יצחק

אייזיקס פערזענלעכקייט און פון דער ראָלע, וואָס ער שפּילט אין אונדזער יידישער גאַס. און אויב איך האָב זיך ניט געהאַלטן פאַר דעם אָנגענומענעם מנהג, אַז צו אַ יובילעאום זאָל מען בלויז זינגען שבחים פאַר דעם יובילאַר, איז אין דעם שולדיק יצחק אייזיק, דער יובילאַר אַליין. וואָרום ווער איז נאָך אַזאַ שאַרפער קעגנער פון שטייפע, פאַרגליווערטע מנהגים ווי יצחק אייזיק? איך בין זיכער, אַז יצחק אייזיק וואָלט רעוואָלטירט, ווען מען וואָלט וועגן אים געשריבן בלויז שבחים. האָט דאָך יצחק אייזיק אין זיין לאַנגער, מיזאַמער, עפנטלעכער טעטיקייט פונקט אַזוי באַמיט זיך צו שאַפן קעגנער, ווי אָנהענגער. און איך בין זיכער, אַז ער וועט עס אויך ווייטער טאָן. ער איז נאָך גאַנץ פריש און יונג אין גייסט, אַזוי קאַמפּסלוסטיק און אַזוי רעוואָלוציאָנער, ווי אין זיינע יונגע יאָרן און איך האָף, אַז ער וועט עס נאָך לאַנג זיין.



## דוד פרישמאַן

### צו זיין 15טן יאָרצייט

דוד פרישמאַן איז געווען איינער פון די טאַלאַנטפולסטע און באַגאַבטסטע העברעאישע שריפטשטעלער אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. אויסער וואָס ער איז געווען איינער פון די גרעסטע שפּראַך־קינסטלער, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור פאַרמאָגט, איז ער געווען אַזוי אַלזייטיק אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, אַז ער האָט צו זיך כמעט ניט געהאַט קיין גלייכן אין זיין דור.

דוד פרישמאַן איז געווען אַ פעליעטאָניסט, אַ פובליציסט, אַ קריטיקער, אַ דערציילער, אַ דיכטער און אַ מוסטערהאַפטער איבערזעצער. ער איז, אמת, אויף קיינעם פון די אויסגערעכנטע ליטעראַטור געביטן, אויסער איבערזעצונגען, ניט געווען קיין ערשט־קלאַסיקע קראַפט. דערציילער און דיכטער זיינען פאַראַן אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַ סך בעסערע פון אים. עס זיינען אויך געווען בעסערע פעליעטאָניסטן. און אויב מען קען ניט אָנווייזן אויף אַ בעסערן העברעאישן קריטיקער, ווי דוד פרישמאַן, איז דאָס דערפאַר, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור איז איבערהויפט אָרעם אין קריטיק. נאָר מען מוז צוגעבן, אַז אַלס ליטעראַטור־קריטיקער איז פרישמאַן געווען אינטערעסאַנט און אייגנטימלעך. אין דער העברעאישער ליטעראַטור איז ער אַן צווייפל געווען אָריגינעל מיט זיין קריטיק. אַן ערשט־קלאַסיקע קראַפט, וואָס האָט ווייניק זיין גלייכן, איז פרישמאַן געווען אַלס איבערזעצער. ער האָט ניט געמאַכט איבערזעצונגען, נאָר ער האָט געשאַפן. און איבערזעצונגען זיינען געווען זייער אַ וויכטיקער טייל פון דוד פרישמאַנס ליטעראַרישער טעטיקייט. ער האָט נאָך אין זיין פריער יוגנט איבערזעצט בערנשטיינס ווערק, פאָפולערע נאַטור־וויסנשאַפט פאַרן פאָלק, אונטערן נאָמען „ידיעות הטבע" (בלויז די ערשטע דריי טיילן זיינען איבערזעצט פון פסח רודערמאַן). און די איבערזעצונג איז אַן אויסגעצייכנטע, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין יענער צייט, ווען ער האָט זיך צו דער איבערזעצונג גענומען, איז די העברעאישע שפּראַך נאָך געווען ווייניק אַנטוויקלט פאַר אַזאַ

אַרבעט. עס האָבן אין איר געפּעלט די מייסטע ווערטער אויסצודריקן די עלע־מענטאַרסטע נאַטור־ווויסנשאַפטלעכע באַגריפן. דוד פרישמאַן האָט די ווערטער אַליין געמוזט שאַפן. און דאָך איז אַרויסגעקומען די איבערזעצונג אַזוי גוט, אַז ווען מען לייענט איר קען מען אַפילו ניט באַמערקן די גרויסע שוועריקייטן, וואָס דער איבערזעצער האָט געדאַרפט בייקומען. און פרישמאַן איז געווען בלויז 17 יאָר אַלט, ווען ער האָט זיך גענומען צו אָט דער גרויסער, שווערער אַרבעט.

אַ קאַפּיטאַלע אַרבעט איז אויך פרישמאַנס איבערזעצונג פון ליפּערטס קולטור־געשיכטע. אָבער דוד פרישמאַן דעם קינסטלער קען מען הויפּטזעכלעך זען אין זיינע איבערזעצונגען פון ליטעראַרישע ווערק, ווי פון לאָרד באַיראָן, שומאַכער און ניטשע.

יעדער וואָס האָט געלעזן העברעאיש מוז געדענקען דוד פרישמאַנס אי־בערזעצונג פון לאָרד באַיראָנס „קין". און וועלכער העברעאישער לעזער האָט פאַרפעלט צו לייענען און צו באַוואונדערן דוד פרישמאַנס איבערזעצונג פון שומאַכערס היסטאָרישן ראָמאַן „בירוניקה"? דאָס איז אייגנטלעך ניט קיין אי־בערזעצונג, נאָר אַן איבערשרייבונג, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. פריש־מאַנס „בירוניקה" איז שענער, ליטעראַרישער און פּאָעטישער ווי שומאַכערס. און די קרוין פון פרישמאַנס איבערזעצונגען איז ניטשעס „זאַראַטוסטראַ". דאָס איז אַ ווירקלעכע קונסט־אַרבעט.

נאָר אויב פרישמאַן איז אויך די אַנדערע געביטן פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט ניט געווען קיין ערשט־קלאַסיקע קראַפט, איז אָבער זיין אַלזייטיקייט, זיין אוניווערסאַלקייט און די רייכקייט, בויגעוודיקייט און שיינקייט פון זיין שפּראַך גענוג אים אַוועקצושטעלן אין דער ערשטער ריי פון די גרעסטע העב־רעאישע שריפטשטעלער.

דוד פרישמאַן איז געווען ניט באַליבט ביי זיינע קאָלעגן פון דער העברע־אישער ליטעראַטור. ער האָט דורך זיין קריטיקירן זיך אַ רעכט ביסל שונאים פאַרשאַפט. און גאַנץ אָפט איז די שנאה צו אים געווען אַ גערעכטע, ווי גאַנץ אָפט זיינען זיינע קריטיקן ניט געווען קיין גערעכטע. ער איז אָפט געווען צו שאַרף, צו בייסיק, וואו עס האָט זיך געפאָדערט מילדקייט. ער האָט אָפט אַראָפּ־געריסן דאָס, וואָס האָט פאַרדינט געליבט צו ווערן. איז אָפט אַפילו געווען פּערזענלעך אין זיינע קריטיקן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט י. ל. פּרץ. ער האָט י. ל. פּרצן אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן ניט בלויז קריטיקירט, נאָר ער האָט אים באַקעמפט. ער האָט פון אים אָפּגעלאַכט און חוזק געמאַכט ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט אַפילו קעגן פּרצן אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן פּאַמפלעט אונטער דעם נאָמען „לאָקשן", געדרוקט אין דער זעלביקער פאָרם ווי פּרצעס יום־טוב בלעטלעך, וואו ער מאַכט חוזק פון פּרצעס שרייבן.

אין אַלגעמיין האָט דוד פרישמאַן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די מייסטע שרייבער פון זיין דור. פרישמאַן איז אַריינגעקומען אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַלס עכטער אייראָפּעער. די העברעאישע ליטעראַטור אין דער צייט, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען אין איר זיין טעטיקייט, איז צו אַ גרויסן טייל געווען אויסגעפילט מיט בטלנות. איין טייל פון די העברעאישע שרייבער זיינען

געוועזן פֿולשטענדיקע בטלנים, און דער צווייטער טייל איז געווען אַ נייע אויפֿלאַגע פֿון די אַמאָליקע משכּילים אויף אַ מאָדערנעם שניט. פֿרישמאַן איז אָבער געווען אַן אמתער אייראָפּעער, מיט אַן אייראָפּעאישער בילדונג, מיט אַן אייראָפּעאישן געשמאַק און דערצו מיט אַן אַלזייטיקן טאַלאַנט. ער האָט זיך דעריבער באַטראַכט ניט נאָר אַלס אַ נייע שיינענדיקע זון צווישן קליינע בלאַסע לבנות, נאָר אַלס אַ פֿאַרענדיקטן קולטור־מענטש צווישן בטלנים.

און מען דאַרף צוגעבן, אַז פֿרישמאַן איז קיין מאָל ניט געווען קיין משכּילישער בטלן. ער איז געווען איינער פֿון די ווייניקע העברעאישע שרייבער, וועמען די צייט האָט ניט איבערגעיאָגט און געלאָזן הינטער זיך. אויך י. ח. טאַוויעוו האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַן אייראָפּעער אין דער העברעאישער ליטעראַטור, ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן. אויך ער האָט אַ לאַנגע צייט געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ אויף די מייסטע העברעאישע שרייבער פֿון זיין דור ווי אויף קליין־שטעטלדיקע בטלנים. אָבער טאַוויעוו האָט ניט געקענט מיטהאַלטן מיט דעם שנעלן טעמפּאָ פֿון דער צייט. זי האָט אים איבערגעיאָגט, און די נייע שרייבער האָבן אים אָנגעהויבן באַטראַכטן פֿאַר אַ משכּילישן בטלן.

פֿרישמאַן איז די גאַנצע צייט פֿון זיין לעבן געשטאַנען אין דעם פֿאָדערגרונט פֿון דער העברעאישער ליטעראַטור. צו זיין העכסטן גלאַנץ איז ער געקומען, ווען ער איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פֿון דער העברעאישער וואָכנטלעכער צייטשריפֿט „הדור", דאָס בעסטע העברעאישע וואָכנבלאַט, וואָס עס האָט עקזיסטירט. אָבער נאָכן אונטערגאַנג פֿון „הדור" איז פֿרישמאַן געבליבן אין פֿראָנט פֿון דער העברעאישער ליטעראַטור.

דוד פֿרישמאַן איז געווען אַ מענטש אָן אַ פּאָליטישן גלויבן. איך וואָלט זאָגן, אַז ער האָט איבערהויפּט קיין גלויבן ניט געהאַט. ער איז געווען אַ סקעפּטיקער, אַ צווייפֿלער זיין גאַנצן לעבן. ער האָט אין אידעען ווי אין פּאַסירונגען מער געזען די נעגאַטיווע זייטן ווי די פּאָזיטיווע. ער האָט גיכער געקאָנט קריטיקירן אידעען און פּאַסירונגען ווי באַגייסטערט ווערן פֿון זיי. ער האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן קיין טיפֿקייט אין זיין קריטיק, ווייל גרונטעוועזן זיך אין זאַכן איז ניט געווען פֿרישמאַנס פֿעאיקייט. ער האָט דאָס לעבן באַטראַכט מער פֿון זיין אויסערלעכער זייט איידער פֿון זיין אינערלעכער זייט. ער איז אָבער שטענדיק געווען טאַלאַנטפֿול, מייסטנס אויך שיין און גראַציעז. מען האָט אים געוואָלט לעזן, ווען ער האָט אַפֿילו קיין נייעס ניט געזאָגט. זיין מאַניר צו שרייבן, די פֿאָרעם, דער סטיל און די שפּראַך, איז געווען שיין און מייסטנס אויך קלוג.

דוד פֿרישמאַן איז געווען איינער פֿון די העברעאישע שרייבער, וועלכע האָבן אויך גוט געשריבן יידיש, הגם אין יידיש פֿעלט אים דער גלאַנץ, וואָס ער האָט אין העברעאיש. עס איז אָבער אַן אַלטע געשיכטע מיט דער העברעאישער ליטעראַטור, אין וועלכער דער אָרעמער אינהאַלט ווערט אָפֿט צוגעדעקט מיט דער שיינקייט פֿון דער שפּראַך. אין העברעאיש איז דוד פֿרישמאַן געווען אַ שפּראַך־קינסטלער און ער האָט דעריבער מיט זיין שפּראַך גאַנץ אָפֿט די פּוסטקייט פֿון אינהאַלט צוגעדעקט. אין יידיש איז ער אָבער בלויז געווען אַ גוטער שרייבער אָבער ניט קיין שפּראַך־קינסטלער, און ווען ער האָט געהאַט ווייניק צו זאָגן, האָט ער עס מיט דער שפּראַך ניט געקענט פֿאַרדעקן.

איך ווייס ניט וואָס עס איז געווען פֿרישמאַנס באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך. איך שטעל מיר אָבער פֿאָר, אַז אַזוי ווי פֿרישמאַן איז ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער העברעאיסט, איז ער זיכער ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער אַנטי־יידישיסט. זיין שריפֿטשטעלערישע שפּראַך איז געווען העברעאיש, אָבער ער האָט אויך אַן אַנטשולדיקונגען און פֿאַרענטפֿערן־זיך געשריבן יידיש. ער האָט מיט־געאַרבעט כמעט אין אַלע יידישע צייטונגען און צייטשריפֿטן, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ צוטריט. ער האָט אַפֿילו אַ קורצע צייט געשריבן אין דער בונדיס־טישער „פֿאָלקס־צייטונג", וועלכע איז אַרויס אין ווילנע. פֿון יענער צייט נעמט זיך אויך מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט אים. איך האָב זיך דעמאָלט מיט אים געטראָפֿן און רעדנדיק וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן, האָבן מיר זיך דערעדט, אַז ער זאָל אָנהויבן שרייבן אין „פֿאָלקס־צייטונג".

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פֿרישמאַן האָט געשריבן אַ סך יידיש און האָט אויך אָנגעשריבן אייניקע זייער גוטע זאַכן אין יידיש, באַלאַנגט ער דאָך הויפּטזעכלעך צו דער העברעאישער ליטעראַטור און ניט צו דער יידישער. אין דער העברעאישער ליטעראַטור פֿאַרנעמט פֿרישמאַן איינעם פֿון די ערשטע פּלעצער אויבן־אָן, בעת אין דער יידישער ליטעראַטור פֿאַרנעמט ער אַ פֿיל באַשיידענערן פּלאַץ. זיין פּאָפּולערקייט האָט ער געוואונען אין העברעאיש און ניט אין יידיש. ווייזט אויס, אַז אַ זייער טאַלאַנטפֿולער שרייבער קען ניט זיין גרויס אין צוויי שפּראַכן. אַזוי ווי מען קען צוויי גאָטער ניט דינען מיט איין מאָל, אַזוי קען מען אויך קיין צוויי שפּראַכן און ליטעראַטורן ניט דינען מיט איין מאָל. איינער פֿון די ווייניקע אויסנאַמען אין דעם פֿאַל איז ז. שניאור.

פֿרישמאַן איז ניט געווען קיין ציוניסט, ער איז אַפֿילו קיין נאַציאָנאַליסט ניט געווען. די הייליקייט אָדער נאַציאָנאַלקייט פֿון דער העברעאישער שפּראַך האָט פֿאַר אים ניט געקענט זיין קיין מאָטיוו פֿאַרוואָס ער האָט העברעאיש אויס־געקליבן פֿאַר זיין הויפּט־שפּראַך פֿאַר זיינע ליטעראַרישע שאַפֿונגען. די איינ־ציקע דערקלערונג קען זיין, אַז ער האָט זיך געפֿילט מער קינסטלער אין דער העברעאישער שפּראַך און אַז זיין טאַלאַנט קען אַמבעסטן קומען אין איר צום אויסדרוק.



# די צוויי גרעסטע העברעאישע פּאָעטן פֿון אונדזער דור און דער 50סטער יאָרצייט פֿון י. ל. גאָרדאָן

עס האָבן אין איין צייט געלעבט ביי יידן צוויי גרויסע העברעאישע פּאָעטן — חיים־נחמן ביאַליק און שאול טשערניכאָווסקי. געווען אַ צייט, ווען יידישע ליטעראַטור־קריטיקער אָדער סתם אַזוי יידן, וואָס גלויבן, אַז זיי זיינען מבינים אויף פּאָעזיע, פֿלעגן האַלטן טשערניכאָווסקין פֿאַר אַ גרעסערן פּאָעט ווי ביאַליקן. איך גלייב, אַז עס זיינען נאָך אויך היינט פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן די דאָזיקע מיינונג. איך געדענק די הייסע דיסקוסיעס, וואָס פֿלעגן זיך אַמאָל פֿירן וועגן דעם. איך בין אין יענער צייט נאָך אַליין געווען נאָענט צו דער העברעאישער ליטעראַטור און האָב זיך מיט איר אינטערעסירט. אָבער מיינע מבינות אויף פּאָעזיע איז קיינמאָל ניט געווען קיין איבעריקס גרויסע און איך האָב זיך ניט געקענט אונטערנעמען צו זאָגן ווער פֿון די ביידע העברעאישע דיכטער איז גרעסער. ביי מיר האָט איר געקענט פּועלן, אַז זיי זיינען ביידע גרעסער. אָבער ניט אַלע מאָל באַשטימען די ליטעראַטור־קריטיקער, ווער עס איז דער גרעסטער פּאָעט אָדער שריפֿטשטעלער, וויניקסטנס ניט אין דער צייט פֿון זייער לעבן. ווען עס וואָלט אָפּגעהאַנגען פֿון די קריטיקער און מבינים אויף פּאָעזיע, וואָלט, דאַכט זיך, אין דער צייט ווען די דערמאָנטע דיסקוסיע איז געפֿירט געוואָרן, שאול טשערניכאָווסקי דערקלערט געוואָרן פֿאַר אַ גרעסערן פּאָעט ווי ביאַליק. אָבער ס'איז אַזוי ניט געבליבן. די קרוין פֿון דעם גרעסטן פּאָעט אין אונדזער דור האָט געקראָגן ביאַליק.

דאָס דאַרף אָבער ניט אָנגענומען ווערן פֿאַר אַן ענטגילטיקן באַווייז, אַז ביאַליק איז ווירקלעך געווען אַ גרעסערער פּאָעט ווי טשערניכאָווסקי. עס קען זיין, אַז ביאַליק האָט געקראָגן די קרוין צוליב דעם, וואָס ער איז יידישער, ווי טשערניכאָווסקי. ביאַליקס פּאָעזיע איז אין גאַנצן, אָדער כּמעט אין גאַנצן, אַ נאַציאָנאַל־יידישע, מיט דעם עכטן טיפֿן יידישן קרעכץ און מיט אַ פֿולן בעכער יידישע טרערן, בעת טשערניכאָווסקיס פּאָעזיע איז אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע און נאָך פֿון דעם מין, וואָס קרעכצט ניט און וויינט ניט.

עס איז אין אַלגעמיין שווער אָפּצומעסטן די גרייס פֿון אַ העברעאישן פּאָעט, ווייל די העברעאישע שפּראַך שטערט אין דעם. ס'איז אַ פּאָעטישע שפּראַך און זי האָט פֿאַרטיקע פּאָעטישע אויסדרוקן און פּאָעטישע בילדער. דערצו איז עס אַ בוך־שפּראַך, וואָס איז ניט וואָכעדיק געוואָרן פֿון דעם טאָג־טעגלעכן געברויך. אין דעם פּרט פּאַסט זיך זייער גוט דער נאָמען לשון־קודש פֿאַר העברעאיש. ס'איז דער קעגנזאַץ פֿון וואָכעדיקייט. די פּאָעטישע אויסדרוקן און פּאָעטישע בילדער פֿון תּנ״ך זיינען ניט אָפּגעריבן געוואָרן און זיינען ניט וואָכעדיק געוואָרן דורך רעדן, ווייל ס'איז אַ שפּראַך, וואָס מען האָט אויפֿגעהערט רעדן נאָענט צו צוויי טויזנט יאָר.

וועגן שרייבן פּאָעזיע אויף העברעאיש, קען מען זאָגן דאָס זעלביקע וואָס שלום עליכם האָט געזאָגט וועגן רעדן יידיש. ס'איז לייכט צו רעדן, האָט ער געזאָגט, מען דאַרף בלויז „עפֿענען דאָס מויל און עס רעדט זיך פֿון זיך״. ס'איז

לייכט צו שרייבן פּאָעזיע אויף העברעאיש, קען מען זאָגן, מען דאַרף בלויז נעמען אַ פּעדער אין האַנט, און עס שרייבט זיך פֿון זיך אַליין. נו, דער אמת איז, אַז ניט יידיש רעדט זיך פֿון זיך אַליין און ניט העברעאישע פּאָעזיע שרייבט זיך פֿון זיך אַליין. אָבער ס'איז דאָך קיין צווייפֿל ניט, אַז די פּאָעטישקייט פֿון לשון קודש העלפֿט אונטער ביז זייער אַ גרויסער מאָס, ווען מיר לייענען העברעאישע פּאָעזיע. און דאָס איז, ווי איך גלויב, אויך די סיבה, פֿאַרוואָס ניט ביאַליק און ניט טשערניכאָווסקי קומען אַרויס אַזוי גרויס, ווען זייערע לידער ווערן איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכן.

נו, וועגן ביאַליקן קען מען ענטפֿערן, אַז אַזוי ווי זיינע לידער זיינען נאַציאָנאַל־יידישע, אָנגעפֿילט מיט יידישן טרויער און יידישע קרעכצן, פֿאַרלירן זיי זייער פֿיל פֿון זייער גרויסקייט, ווען זיי ווערן איבערזעצט אין אַ פֿרעמדער שפּראַך. דאָס קען מען אָבער ניט זאָגן וועגן טשערניכאָווסקיס לידער. זיי זיינען ניט נאַציאָנאַל־יידיש און ער קרעכצט ניט און ער וויינט ניט אין זיי. זיי זיינען אַלגעמיין־מענטשלעך. די מייסטע פֿון זיי זיינען וועגן נאַטור, וועגן שיינקייט. טשערניכאָווסקיס לידער האָבן געדאַרפֿט זיין אין רוסיש פּונקט אַזוי הויך פּאָעטיש, ווי אין העברעאיש. דערצו איז טשערניכאָווסקי אויסגעוואַקסן אין דער רוסישער שפּראַך און אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אויף דער רוסישער ליטעראַטור. רוסיש איז געווען די שפּראַך פֿון זיין קינדהייט, און זי האָט אים באַגלייט זיין גאַנצן לעבן. טשערניכאָווסקיס לידער האָבן אין רוסיש געדאַרפֿט זיין אַזוי גרויס ווי אין העברעאיש. זיי זיינען עס אָבער ניט. עס קען דאָ דעריבער זיין די איינציקע דערקלערונג, אַז די העברעאישע שפּראַך קויפֿט אונדז אונטער. עס זיינען די ניט־אָפּגעריבענע און די ניט־וואָכעדיק־געוואָרענע פּאָעטישע ווערטער און אויסדרוקן פֿון לשון קודש, וואָס מאַכן העברעאישע לידער מער פּאָעטיש.

נאָר ס'איז אפֿשר אין גאַנצן נאַריש צו מאַכן אַ פֿאַרגלייך צווישן אַזעלכע צוויי אומגלייכע פּאָעטן ווי ביאַליק און טשערניכאָווסקי. און אויב איינער וויל דווקא וועגן און מעסטן זייערע טאַלאַנטן און זיי פֿאַרגלייכן, דאַרף ער נעמען אין באַטראַכט, אַז ביאַליק האָט געהאַט אַ לייכטערן וועג אין זיין פּאָעטישן שאַפֿן ווי טשערניכאָווסקי. ביאַליק האָט געהאַט פֿאַר זיך אַן איינגעטראָטענעם וועג — יידישע צרות און יידישן טרויער, יידישע קרעכצן און יידישע טרערן, און ער האָט פֿאַר דעם געפֿונען אַ סך פֿאַרטיקע ווערטער און פּסוקים, וועלכע ער האָט מיט זיין גרויסן טאַלאַנט קאָמבינירט און אויסגענוצט אויף זיין אייגענעם אופֿן. טשערניכאָווסקי אָבער האָט זיך פֿאַרנומען אין זיין העברעאישער פּאָעזיע אויף אַ נייעם וועג — אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן — נאַטור, לאַנדשאַפֿט, פֿייגל, בלומען, לעבנס־פֿרייד, א. אַז. וו. אַ וועג ניט קיין אויסגעטראָטענער אין דער העברעאישער פּאָעזיע. ער האָט אָפֿט געדאַרפֿט זוכן ווערטער און אויסדרוקן. מאַנכעס מאָל זיי אַליין שאַפֿן. ניט קיין וואונדער, וואָס עס זיינען געווען, און עס זיינען נאָך אויך היינט פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אים פֿאַר אַ גרעסערן פּאָעט, ווי ביאַליק.

נאָר מען קען אויך ניט אין גאַנצן אָפּזונדערן דעם פּאָעטישן טאַלאַנט פֿון אַ פּאָעט פֿון זיין פּערזענלעכקייט. גאַנץ באַזונדערס אין דעם דור, אין וועלכן

זיי לעבן, אין אַ צייט אַרום, ווען עס קומט אַ נייער דור, וואָס האָט די פּאָעטן פֿערזענלעך ניט געקענט און ער ווייסט זיי בלויז פֿון זייערע פּאָעטישע שאַפֿונגען, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך, ווערט גענומען בלויז זייער טאַלאַנט אין אַנבאַטראַכט. און דעריבער טרעפֿט עס אויך אָפֿט, אַז אין אַ שפּעטערדיקן דור ווערן געמאַכט איבערשאַצונגען פֿון ווערטן און ניט אַלע, וואָס ווערן באַטראַכט פֿאַר גרויס אין איין דור, בלייבן אויך גרויס אין אַ צווייטן דור. און פּונקט אַזוי טרעפֿט עס אויך, אַז אַזעלכע, וואָס זיינען ווייניק אַנערקענט געוואָרן אין איין דור, באַקומען אַ גרויסע אַנערקענונג אין אַ שפּעטערדיקן דור.

ביאַליק האָט ניט בלויז אַפּעלירט מיט זיין גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט, נאָר אויך מיט זיין פערזענלעכקייט, מיט זיין גרויסער יידישער לומדות, מיט זיין פּילזייטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט און מיט זיין קלוגשאַפֿט. ביאַליק איז געווען ניט בלויז אַ גרויסער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָעט, נאָר מען קען זאָגן, אַז ער איז געווען אַ פּראָמינענטע יידישע אינסטיטוציע. דאָס קען מען אָבער ניט זאָגן אויף טשערניכאָווסקין. ער איז געווען ניט מער ווי אַ גרויסער פּאָעט. וועגן ביאַליקן האָבן דעריבער געוואוסט אַ סך יידן, וואָס האָבן אַפֿילו קיין איינציקן וואָרט פֿון זיינע העברעאישע לידער ניט געלייענט. וועגן טשערניכאָווסקין אָבער האָבן הויפּטזאַכלעך בלויז געוואוסט די וואָס לייענען העברעאיש, אָדער ווייסן עפּעס וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור.

מען דאַרף דעריבער איבערלאָזן פֿאַר אַ שפּעטערדיקן דור אָפּצושאַצן ווער עס איז פֿון די צוויי גרויסע העברעאישע דיכטער פֿון אונדזער דור דער גרעסערער. פֿאַר אונדזער דור אָבער איז אָן צווייפֿל ביאַליק דער גרעסערער.

*

און ווען איך האַלט שוין ביי גרויסע העברעאישע פּאָעטן, וויל איך דערמאָנען נאָך איין גרויסן העברעאישן פּאָעט, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר דעם גרעסטן אין זיין דור. דאָס איז יהודה לייב גאָרדאָן (יל״ג), וואָס עס איז ניט לאַנג צוריק געוואָרן פֿופֿציק יאָר זינט ער איז געשטאָרבן.

יהודה לייב גאָרדאָן איז שוין, דאַכט זיך מיר, אָפּגעשאַצט און איבערגעשאַצט געוואָרן דריי מאָל. די ערשטע אָפּשאַצונג, וואָס ער האָט געקראָגן, איז געווען, אַז ער איז דער גרעסטער העברעאישער דיכטער פֿון זיין צייט. אויב מיינע איינדרוקן פֿון אַ מאָל נאַרן מיך ניט, איז י. ל. גאָרדאָן אין זיין צייט געשאַצט געוואָרן נאָך העכער ווי ביאַליק אין זיין צייט (ביאַליק האָט באַטראַכט גאָרדאָנען פֿאַר זיין רבין אין העברעאישער דיכטונג). נאָך גאָרדאָנס טויט, ווען זיין דיכטערישער טאַלאַנט האָט באַקומען אַ נייע אָפּשאַצונג, אָדער ריכטיקער, אַן איבערשאַצונג, איז זיין גרויסקייט באַדייטנד געפֿאַלן. ראובן ברײַנין האָט געבראַכט אַ גאַנץ אָריגינעלן באַווייז, אַז גאָרדאָן איז געווען ניט קיין גרויסער פּאָעט. ער האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט באַזוכט גאָרדאָנען אין זיין היים, האָט ער באַמערקט, אַז די דינסטמיידל, וואָס האָט אים געעפֿנט די טיר, איז געווען זייער אַ מיאוסע, און ווען גאָרדאָן וואָלט ווירקלעך געווען אַ גרויסער פּאָעט, וואָלט ער געהאַט אַ בעסערן שיינהייטס-געפֿיל און וואָלט ניט געהאַלטן

אַזאַ מיאוסע דינסטמיידל אין הויז. נאָר אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר האָט גאָרדאָן געקראָגן אַ נייע אָפּשאַצונג, און זיין גרויסקייט האָט צוריק אָנגעפאַנגען שטייגן.

מיר האָט דערמאָנט וועגן י. ל. גאָרדאָנס פּאָפּציקטסן יאָרצייט דר. מאַקס רייזין אין זיינעם אַן אַרטיקל וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין „צוקונפט".

דר. מאַקס רייזין האָט זייער אַ הויכע מיינונג וועגן י. ל. גאָרדאָנס פּאָעטישן טאַלאַנט. ער זאָגט, אַז מען פאַררעכנט אים פאַר דעם ערשטן גרויסן העברע־אישן פּאָעט זינט יהודה הלוי. ער דערציילט וועגן גאָרדאָנס גרויסע לומדות, זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און זיין פאַרשיידנאַרטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט. אָבער דר. מאַקס רייזין באַנוצט זיך דערביי מיט דער געלעגנהייט צו וואַרפן שטיינער אין דער השכלה־באַוועגונג און ממילא אויך אין גאָרדאָנען, וועלכער איז געווען איינער פון אירע פירער און קעמפער. דער גרעסטער טייל פון זיין אַרטיקל איז פאַרנומען מיט זיין קריטיק אויף דער השכלה־באַוועגונג.

דר. מאַקס רייזין, וועלכער איז פאַקטיש אַליין אַ פּראָדוקט פון דער השכלה־באַוועגונג, איז זייער אַ שאַרפער קריטיקער פון דער השכלה־באַוועגונג אין רוס־לאַנד. אָט איז זיין אורטייל, וואָס ער גיט וועגן איר אַרויס:

„פאַר אונדז דאָ, קוקנדיק אויף דער השכלה־באַוועגונג פון אַכציק, נײַנציק און הונדערט יאָר צוריק, זעט דאָס אַלץ אויס ווי אַ קוריאָזע און מיאוסע דער־שיינונג אין אונדזער געשיכטע. יידישע מענטשן וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו בילדונג, האָבן דאָך געדאַרפט זיין די פירער פון זייער אומגליקלעך פאָלק, בעת דאָס פאָלק האָט זיך ממש געטרונקען אין זיין אייגענעם בלוט אונטערן קנאַפל פון דעם שרעקלעכן צאַריזם. אָבער גראָד זיי האָבן זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו זייערע ברידער פאַר וועמען זיי האָבן אפשר געהאָט מיטלייד, אָבער צוזאַמען דערמיט אויך אַ היפשע מאָס פאַראַכטונג. טרויעריק איז די דאָזיקע דערשיינונג שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דער מאָטיוו דערפאַר איז געקומען פון זייער אייגן־ליבע. די טרייב־קראַפט צו השכלה איז געלעגן אין אַ ביליקן מאַטעריאַליזם, אין דעם וואונטש זיך אַרויסצוכאַפּן פון דער שרעקלעכער געטאָ־אָרעמקייט, זיך אַרויסכאַפּן אויפן לייטער פון גליק און לעבן אַ גוטן טאָג. דאָס דערקלערט אונדז די עקלהאַפטע שמד־דערשיינונג צווישן די משכילים און זייערע קינדער. זיכער האָבן זיי דאָס ניט געטאָן פון איבערצייגונג, אַ חוץ אפשר פון דער „אי־בערצייגונג", ווי דער משומד כוואָלסאָן האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ס'איז אַ סך בעסער און באַקוועמער צו זיין אַ פּראָפעסאָר ביי די גויים אין פּעטערבורג, ווי אַ רב אָדער מלמד ביי יידן אין ווילנע".

דאָס איז זייער אַ שאַרפער אורטייל און עס זעט אויס, אַז דר. רייזין האָט אַליין זיך אַ ביסל דערשראָקן פאַר אים און ער זוכט אים אַ ביסל מילדער צו מאַכן מיט דער באַמערקונג, אַז „נאַטירלעך זיינען געווען צווישן די משכילים אויך אמתע אידעאַליסטן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר בילדונג לשמה און זיינען אויך געבליבן געטריי דעם פאָלק. זיי זיינען אָבער געווען אַן אויס־נאַם".

אין דעם אויסנאַם רעכנט ער אויך אַריין גאָרדאָנען, אָבער נאָך דעם ווי ער האָט אים געטאָן די טובה, נעמט ער אויך אים טרייבערן אַן רחמנות. ער זאָגט:

„איך גלויב, אַז גאָרדאָן האָט באמת געוואָלט העלפֿן זיינע ברידער. ער האָט ערנסט געגלויבט, אַז די השכלה וועט אויסלייטערן די יידן פֿון אַ סך פֿעלערן, וואָס האָבן זיך ביי זיי אַנטוויקלט אין דעם צוויי־טויזנט־יעריקן גלות און זיי מאַכן פֿאַר אַ לייטיש פֿאָלק. עס איז אָבער אויך אמת, אַז אויך ער האָט זיך באַצויגן מיט אַ ניט־קליינער מאָס ביטול און פֿאַראַכטונג צו די יידן און זייערע מנהגים און אינסטיטוציעס. דאָס קען מען לייכט זען פֿון זיינע שריפֿטן און פֿון זיינע הונדערטער בריוו, וואָס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן נאָך זיין טויט. אפֿשר דער גרעסטער טייל פֿון זיינע שירים און דערציילונגען גיט זיך אָפּ מיט די יידישע שלעכטע זיטן און פֿאַראַנדקעס, מיט דעם פֿאַנאַטיזם פֿון די מאַסן, און מיט דעם דעמאָראַליזירנדן איינפֿלוס, וואָס עס האָבן אויסגעאיבט די רבנים, דיינים און מלמדים. ווען אַ קריסט וואָלט אַזוי געשריבן וועגן יידן, וואָלט מען אים זיכער פֿאַרשריען פֿאַר אַן אַנטיסעמיט, און מיט רעכט".

און ער זאָגט ווייטער וועגן גאָרדאָנען:

„ער, וואָס איז אַזוי שטייף און אַנגעבלאָזן קעגן די רעליגיעזע יידן; ער וואָס קריטיקירט אַזוי שטאַרק און בייז די רבנים, די חדרים און ישיבות, טוט זייער ווייניק צו פֿאַרזאָרגן זיינע אייגענע קינדער מיט וואָסער עס איז יידישער דערציאונג. שפּעטער, אויף זיינע עלטערע יאָרן, כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט געמאַכט אַ גרויסן טעות און ער זוכט עס גוט צו מאַכן ווייניקסטנס מיט זיין ליבן אייניקל, ווען ער זוכט צו ראַטעווען מיט אַ שטיקל יידישן חינוך, וואָס ער גיט אים אַליין. עס איז שוין אָבער צו־שפּעט. זיינע אַסימילירטע קינדער ווילן דאָס ניט ליידן, און ער מוז עס אויפֿגעבן.

„גאָרדאָן איז אַליין אַ ביישפּיל פֿון דער מוראדיקער טראַגעדיע פֿון יידישן לעבן אין רוסלאַנד, ווען די משכּילים, וואָס האָבן געוואָלט זיין די דערציער און מורי־דרך פֿון זייער פֿאָלק, האָבן זיך פֿון אים אָפּגעקערט און האָבן אַפֿילו ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק איבערצולאָזן זייערע אייגענע קינדער אַ גייסטיקע יידישע ירושה. דער פֿאָטער האָט זיך געמעגט זיין אַ באַרימטער העברעאישער פּאָעט אָדער געלערנטער, אָבער די קינדער האָבן פֿון דעם כּמעט ווי ניט געוואוסט. איך ווייס ניט צי גאָרדאָנס איינציקער זון האָט זיך אויך געשמדט צוליב זיין קאַריערע, נאָר זיכער בין איך, אַז ער האָט זיין באַרימטן פֿאָטערס שירים קיין מאָל ניט געלייענט. און כאָטש גאָרדאָן האָט אויף זיך אַליין געזאָגט „עבד לעברית אנכי עד נצח" („אַן אייביקער שקלאַף בלייב איך צו דער העברעאישער שפּראַך"), איז עס דאָך אַ פֿאַקט, אַז ביי זיך אין דער היים האָט געהערשט די רוסישע שפּראַך און אַז פֿון העברעאיש — אַ חוץ ביים שרייב־טיש — איז דאָרט קיין זכר ניט געווען".

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך מען רעדט ביי דר. מאַקס רייזין אין הויז. ער איז אַליין אַ ראַבאַי און אַ העברע־אישער שרייבער. וועגן אַנדערע נאַציאָנאַליסטישע און ציוניסטישע אַמעריקאַנער ראַבאַיס פֿרעג איך ניט, ווייל איך ווייס, אַז ביי זיי אין הויז רעדט מען ניט קיין יידיש און זיכער ניט קיין העברעאיש. עס וואָלט אויך געווען אינטערע־סאַנט צו וויסן, וויפֿל פֿון די זין און טעכטער פֿון די ציוניסטישע פֿירער אין אַמעריקע קענען יידיש אָדער העברעאיש.

און וואָס איז שייך צו די קינדער פֿון די משכּילים אין רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך געשמדט, האָט דר. מאַקס רייזין, דאַכט זיך, געדאַרפֿט וויסן, אַז עס האָבן זיך אויך געשמדט זין און טעכטער פֿון שטאַרק נאַציאָנאַליסטישע יידן, און ניט בלויז פֿון סתם נאַציאָנאַליסטישע יידן, נאָר פֿון פּראָמינענטע ציוניסטישע פֿירער. און טאָמער ווייס ער ניט, וועל איך אים דערמאָנען די נעמען פֿון דר. הערצל, אחד העם און נחום סאָקאָלאָוו.

און עס איז אַ גרויסער בלבול אויף דער השכּלה־באַוועגונג, אַז „די טרייב־קראַפֿט צו השכּלה איז געלעגן אין אַ ביליקן מאַטעריאַליזם, זיך אַרויפֿצוכאַפּן אויפֿן לייטער פֿון גליק און לעבן אַ גוטן טאָג", ווי דר. רייזין דריקט זיך אויס.

געוויס זיינען געווען אַזעלכע צווישן די משכּילים, וואָס האָבן ניט געקעמפֿט צוליב דעם אידעאַל פֿון השכּלה, אָבער יעדער וואָס איז באַקאַנט מיט דער השכּלה־באַוועגונג ווייס גאַנץ גוט וויפֿל רדיפֿות, נויט און ליידן אַ סך פֿון די, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך השכּלה, זיינען אויסגעשטאַנען פֿון די רבנים, כּלי קודש און סתם יידן. מען האָט דאָך פֿאַרפֿאָלגט אויף דעם גרויזאַמסטן אופֿן אַפֿילו אַזעלכע, וואָס מען האָט געכאַפּט לייענענדיק אַ העברעאישן ביכל. פֿיל מער ,מען האָט פֿאַרפֿאָלגט אַפֿילו פֿאַר לערנען תּנ"ך און דיקדוק. די פֿאַנאַ־טיקער, די פֿאַרפֿאָלגער האָבן אָפֿט אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקע אכזריות. און עס איז נאַטירלעך, אַז דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ פֿאַנאַטיזם ביי די פֿאַרפֿאָלגטע. אַגב, איז יעדע נייע באַוועגונג פֿאַרבונדן מיט אַ געוויסער מאָס פֿאַנאַטיזם און דאָס מוז אויך אַזוי זיין. אַז ניט, וועט די באַוועגונג זיך ניט קענען דורכרייסן קיין וועג און ניט קענען אויסשטיין דעם קאַמף, וואָס זי דאַרף פֿירן זיך אַריינצורייסן אין לעבן.

איז דאָך די השכּלה־באַוועגונג געווען אַ ווינשנסווערטער איבערברוך אין דעם יידישן לעבן. איז זי דאָך געווען אין איר ענד־רעזולטאַט אַ פּראָגרעס. איז זי דאָך געווען אַ שטויס צו בילדונג, צו אויפֿקלערונג. און עס וואָלט אפֿשר ניט געווען קיין דר. מאַקס רייזין, ווען ניט די השכּלה־באַוועגונג.

דר. מאַקס רייזין דערמאָנט י. ל. גאָרדאָנס ווערטער „היה יהודי באהליך ואדם בצאתך" — זיי אַ ייד ביי זיך אין דער היים און אַ מענטש ווען דו גייסט אַרויס אין גאַס. דר. רייזין רופֿט עס אָן „דער טרויעריק־באַרימטער לאָזונג פֿון י. ל. גאָרדאָן". נאָר אויב דאָס איז ווירקלעך אַזאַ טרויעריקער לאָזונג, טאָ פֿאַר וואָס האָט ער אַליין, דר. רייזין, אים געפֿאָלגט? פֿאַר וואָס טוט ער זיך אָן ווי אַ מענטש, ווען ער גייט אַרויס אין גאַס? פֿאַר וואָס גייט ער ניט אַרויס אין גאַס אין אַ שטריימל און אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אונטער וועלכער עס באַמבלט זיך אַ לאַנגער טלית קטן? איך נעם אָן, אַז דר. מאַקס רייזין האָט אַליין צוגעשטימט צו י. ל. גאָרדאָנס לאָזונג, אַז מען דאַרף זיין אַ ייד אין דער היים, אָבער מען דאַרף ניט אַרויסגיין אין גאַס אָנגעטאָן אין באַזונדערס אויסטערלישע בגדים, כּדי אַלע זאָלן וויסן, אַז עס גייט אַ ייד.

די השכּלה־באַוועגונג האָט געוויס געמאַכט פֿעלערן, אָבער קיין נייע באַ־וועגונג קען זיך ניט אויסהיטן פֿון קיין פֿעלערן. אַ באַוועגונג דאַרף מען אָבער אָפּשאַצן ניט לויט אירע פֿעלערן, נאָר לויט די רעזולטאַטן, וואָס זי האָט גע־בראַכט. און עס קען קיין שום צווייפֿל ניט זיין, אַז די השכּלה־באַוועגונג האָט אין איר ענד־רעזולטאַט געבראַכט אַ גרויסן פּראָגרעס אין יידישן לעבן.

1943

# צו מאַני לייבס 60יעריקן געבורטסטאָג

איז אונדזער יונגער מאַני לייב אויך געוואָרן 60 יאָר אַלט. זינט איך געדענק מאַני לייבן איז ער געווען אַ „יונגער״, אָבער אין „פּרקי אבות״ שטייט בפּירוש, אַז בן שישים לזקנה — אַז מען ווערט 60 יאָר פֿאַנגט מען אָן אַלט ווערן.

נאָר אפשר דאַרף מען פֿון „פּרקי אבות״ ניט נעמען קיין ראיה. אין יענע צייטן איז דאָס מענטשלעכע לעבן געווען קורץ און אַ 60יעריקער איז טאַקע געווען אַ זקן. איך געדענק, אַז אין מיין שטעטל, וואו איך האָב געלערנט אין חדר, פֿלעגן שוין 50יעריקע יידן זיין אַלטע לייט. ביי אונדז אָבער, ווען אַלע יינגלעך זיינען שוין איבער 50 יאָר, איז אַ 60יעריקער נאָך אַ יונגער מאַן, בפֿרט נאָך אַזאַ שטענדיק יונגער ווי מאַני לייב.

ווען מאַני לייב וואָלט געהאַט אַ פּאָר שטאַרקע עלנבויגן זיך צו שטופּן אין פֿראָנט און ווען ער וואָלט געקענט ביי זיך באַשליסן, אַז ער קען זיין אַ רעדנער און רעדן מיט אַ טאָן פֿון אַ נביא, וואָלט ער מיט זיין גרויסן דיכטערישן טאַלאַנט געווען באַרימט בכל תּפוצות ישׂראל.

מילא, וואָס איז שייך צו שטאַרקע עלנבויגן, איז עס אַ גאָט־זאַך. גאָט האָט אים אַזעלכע ניט געגעבן. אָבער אַ רעדנער און טאַקע מיט דעם טאָן פֿון אַ נביא האָט מאַני לייב יאָ געקענט זיין, ווען ער וואָלט זיך איינגעעקשנט. איך ווייס, אַז ער קען נישט בלויז שרייבן שיינע פֿערזן, ווען די שכינה רוט אויף אים, נאָר אַז ער קען אויך זאָגן שיינע ווערטער, ווען ער צעוואַרעמט זיך. ער האָלט אָבער מער פֿון שרייבן ווי פֿון זאָגן. און ווען ער פֿאַרגעסט זיך אַמאָל און פֿאַנגט אָן זאָגן, האַקט ער עס אָפּ אין מיטן מיט אַ פֿאַרלעגנהייט אויפֿן פּנים און אַ מאַך מיט דער האַנט, וואָס מיינט: ווי קום איך צו רעדן?! ער פֿאַרמאַכט דערביי פֿעסט זיינע ליפּן און זיין מויל ווערט קליין פֿאַרצויגן, ווי ער וואָלט איר וועלן פֿאַרהיטן, אַז זי זאָל ווייטער נישט באַגיין די נאַרישקייט און אָנפֿאַנגען זאָגן.

נאָר ווען די מויל פֿאָלגט אים נישט און רעדט ווייטער, וואָלט זי ניט באַגאַנגען קיין נאַרישקייט, ווייל מאַני לייב האָט וואָס צו זאָגן און ווייס עס ווי צו זאָגן. און ווען ער וואָלט קענען פּועלן ביי זיך און האַלטן אַ רעדע ביי אַ גרויסער פֿאַרזאַמלונג, וואָלט ער שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. ער וואָלט געוואונען די ערשטע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון עולם מיט זיין הויכער, שלאַנקער פֿיגור, מיט זיין שיינעם געשניצטן פּנים און מיט דער איינדרוקספֿולער טשופּרינע וואָס באַקרוינט זיין קאָפּ. דער נביא־טאָן ביים רעדן וואָלט שוין געקומען פֿון זיך אַליין.

נאָר פֿאַרוואָס בין איך אַזוי פֿאַראינטערעסירט, אַז מאַני לייב זאָל זיין אַ רעדנער? עס איז גאַנץ איינפֿאַך, ווייל מאַני לייב איז איינער פֿון מיינע באַליבטסטע יידישע דיכטער און איך וואָלט וועלן, אַז ער זאָל זיין וואָס מער באַרימט. אמת, ווען מאַני לייב זאָל אָנפֿאַנגען רעדן מיט אַ נביא־טאָן וועגן משיחן, אויסלייזונג א.אַ.וו., וואָלט ער ביי מיר אַ סך פֿאַרלאָרן, ווייל מיר געפֿעלט גראָד מאַני לייב ווי ער איז איצט, אָבער ער וואָלט ביים גרויסן עולם אַ סך געוואונען.

נאָר מאַני לייב וועט בלייבן ווי ער איז: אַ גרויסער פּאָעט און אַ גרויסער שווייגער.

מאַני לייב האָט קיינמאָל קיין זאַך ניט געטאָן צו געווינען פּאָפּולאַריטעט. אין קעגנטייל, ער האָט זיינע ערשטע טריט אין דער יידישער פּאָעזיע געמאַכט מיט אַ פאַראַכטונג צו פּאָפּולאַריטעט. עס איז געווען אַ שיטה אַזאַ ביי אַ גרופּע יונגע יידישע פּאָעטן, מיט קנאָפּע דריי צענדליק יאָר צוריק, ביי אונדז אין ניו־יאָרק, צו פאַראַכטן פּאָפּולאַריטעט. מאַני לייב איז געווען איינער פון די אָנפירער. זיי פלעגן זיצן אין שלומס קאַפע ביי אַ קריגל קאַווע, דעבאַטירן וועגן קונסט, ליטעראַטור, מיסטיציזם, סימבאָליזם און אַז קונסט איז בלויז צוליב קונסט און ווייטער גאָרנישט. יעדער פון זיי האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט די קלענסטע צאָל לעזער. עס איז געווען אַ גרויסע באַליידיקונג פאַר עמעצן פון דער גרופּע, ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט אַ סך לעזער. עס האָט געהייסן, אַז עפּעס איז דער מער מיט זיין קינסטלערישן טאַלאַנט, אַז אַ סך מענטשן פאַרשטייען וואָס ער שרייבט און ווילן עס לייענען. איך בין גראָד איינמאָל געווען דערביי, ווען איינער פון דער גרופּע האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט העכסטנס הונדערט לעזער, און אַ צווייטער האָט אים גלייך איבערגעיאָגט און האָט פאַרזיכערט, אַז ער אַליין האָט נאָך ווייניקער.

דער טעאָרעטיקער פון דער גרופּע, וואָס האָט געזוכט נייע וועגן אין דער קונסט און פּאָעזיע און האָט מבטל געווען די אַלטע, איז גראָד אַליין אין גאַנצן ניט געווען קיין פּאָעט. ער איז אין אַלגעמיין ניט געווען קיין מייסטער מיט דער פען, דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ מייסטער מיט דער צונג און ער איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט ביכער. ניט געווען וואָס ער זאָל ניט האָבן געלייענט. דאָס איז געווען קאַליאַ טעפער. ער איז געווען דער וואָרט־זאָגער, דער טעאָרעטישער באַגרינדער פון נייע קינסטלערישע שטימונגען פון דער גרופּע, וואָס די מייסטע פון זיי האָבן ניט געהאַט גענוג צונג אַרויסצוזאָגן און צו פאָרמולירן וואָס זיי ווילן.

נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. אייניקע פון דער גרופּע זיינען גראָד ביסלעכווייז גאַנץ פּאָפּולער געוואָרן. מער פון זיי אַלעמען מאַני לייב. ווען עס זיינען אָפּ־געדרוקט געוואָרן די ערשטע זאַמלונגען פון מאַני לייבס לידער, זיינען זיי זייער גוט פאַרקויפט געוואָרן. איך ווייס ניט ווי מאַני לייב האָט זיך דעמאָלט געפילט, ווען ער האָט געזען, אַז זיינע באַמיאונגען ניט צו ווערן פּאָפּולער זיינען דורכ־געפאַלן. אָבער דאָס ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז מאַני לייב האָט אויסגענומען ביים יידישן לעזער. פיל מער, מאַני לייב איז פּאָפּולער געוואָרן ניט בלויז ביי די דערוואַקסענע יידישע לעזער, נאָר אויך ביי די קינדער פון די יידישע שולן. צווישן זיינע לידער האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די יידישע שול־קינדער. קיינער קען ניט אַזוי גוט אַריינפלעכטן אַ מעשהלע אין אַ ליד, אָדער ריכטיקער, קיינער קען נישט דערציילן אַזוי פּאָעטיש אַ מע־שהלע, ווי מאַני לייב. ער איז דער קינסטלער פון דער יידישער באַלאַדע, פון דערציילן אין פערזן פאָלקס־מעשהלעך מיט זייער גאַנצן צויבער און חן.

עס האָט ניט געהאָלפן מאַני לייבן זיין מיסטיציזם, זיין סימבאָליזם, מיט וועלכן ער האָט זיין דיכטער־וועג אָנגעפאַנגען און וואָס האָט געדאַרפט האַלטן זיין לעזער־קרייז אַזוי קליין ווי מעגלעך. ער האָט ניט אויסגעפירט. ער האָט געוואונען, וואָס ווייטער, אַלץ מער לעזער. דער עולם האָט זיך ווייניק געקימערט

מיט דעם, וואָס מאַני לייב זוכט נייע וועגן אין דער יידישער פּאָעזיע, און וואָס ער איז אַ מאָדערנער ליריקער און שרייבט עפּעס אַנדערש ווי די פֿריערדיקע יידישע דיכטער. דער עולם קימערט זיך אין אַלגעמיין גאַנץ ווייניק מיט די טעאָריעס וועגן קונסט און ליטעראַטור. עס דאַרף דעם עולם געפֿעלן, עס דאַרף צו אים אַפּעלירן, און איר קענט עס אָנרופֿן מיט וועלכן נאָמען איר ווילט אַליין. מאַני לייבס דיכטונג איז דעם יידישן עולם געפֿעלן געוואָרן, עס האָט צו אים אַפּעלירט. דער עולם האָט זיינע לידער אַפּילו אָנגעפֿאַנגען זינגען.

און אין דער אמתן איז מאַני לייב מיט זיין גאַנצער מאָדערנקייט, מיט זיין גאַנצן מיסטיציזם, דאָך אין גרונט אַ רעאַליסטישער דיכטער. אויב מען וויל, קען מען עס אָנרופֿן מאָדערנע רעאַליסטישקייט. אמת, עס פֿאָרט זיך ניט, אָבער אַ סימבאָליזם, וואָס דאָס פֿאָלק פֿאַרשטייט און זעצט עס איבער אין זיינע ווערטער, איז רעאַליזם. מאַני לייב איז אָפֿט אַפּילו גאַנץ סענטימענטאַל.

עס האָט ניט געשטימט מיט דער טעאָריע פֿון די „יונגע" וועגן קונסט און ליטעראַטור צו דיכטן סאָציאַלע לידער. קונסט איז בלויז פֿאַר קונסט. סאָציאַלע לידער זיינען טענדענציעזע און ממילא ניט קיין קונסט. סאָציאַלע מאָטיוון זיינען פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע — אַן אַרבעט פֿאַר פּראָזע־שרייבער, אָבער ניט פֿאַר קיין פּאָעטן. נאָר אויך אין דעם פֿאַל האָט מאַני לייב געבראָכן די טעאָריע פֿון די „יונגע", פֿון וועלכע ער איז געווען דער הויפּט־פֿירער. ער האָט אָנגעשריבן אַ ריי אויסגעצייכנטע סאָציאַלע לידער, וועלכע זיינען אַ גלענצנדער ביישטייער צו דער יידישער סאָציאַלער דיכטונג. און ער וועט טאָן זייער גוט, ווען ער וועט זיי צונויפֿנעמען און זיי אַרויסגעבן אין אַ בוך.

די טעאָריע אַז סאָציאַלע מאָטיוון זיינען טענדענציעז, האָט אין אַלגעמיין ווייניק לאָגיק אין זיך. עס וואָלט אפשר געווען רעכט, ווען פּאָעזיע וואָלט געווען אַן אויסדרוק בלויז פֿון געפֿילן. אָבער אין פּאָעזיע ווערן אויך אויסגעדריקט געדאַנקען און אַפּילו מיינונגען. אָבער געדאַנקען האָבן אַ טענדענץ, זיי באַצוועקן עפּעס. און אויב אַ דיכטער מוז אויך טראַכטן און ניט בלויז פֿילן, דאַן קען זיין געדאַנק אויך באַפֿרוכטעט ווערן פֿון אַ סאָציאַלן מאָטיוו. איך מיין דעריבער, אַז סאָציאַלע דיכטונג קען זיין פּונקט אַזוי פּאָעטיש, ווי דיכטונג וועגן ליבע.

מאַני לייב איז דורך און דורך אַ סאָציאַל געשטימטער מענטש. אָבער איך ווייס ניט, צוליב וועלכע אורזאַכן ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט געהאַלטן ווייט פֿון סאָציאַלער דיכטונג. איז דאָס געווען די ווירקונג פֿון אַ טעאָריע? דאָס גלייבט זיך מיר ניט. מאַני לייב איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט אין זיינע יונגע יאָרן. דער סאָציאַליזם איז איינגעבאַקן אין זיין האַרצן נאָך איצט אין זיין פֿולער ריינקייט. ער האָט זיך ביי אים ניט אָפּגעריבן און ער האָט אים אָפּגעהיט פֿון פֿאַרשוועכונג. סאָציאַלע דיכטונג האָט דעריבער אים אַלע מאָל געדאַרפֿט זיין נאָענט צום האַרצן, אָבער ער האָט בלויז די לעצטע יאָרן אָנגעפֿאַנגען באַנוצן זיין גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט פֿאַר סאָציאַלער דיכטונג.

איך וויל ענדיקן מיט אַ וואונטש, אַז דער 60יעריקער יונגער מאַני לייב זאָל נאָך אַ סך יאָרן באַרייכערן די יידישע פּאָעזיע און אויך די יידישע סאָציאַלע פּאָעזיע, ווי ער האָט עס געטאָן ביז איצט. און ער זאָל האַלטן אין זיבעצן, אַז צו 60 יאָר פֿאַנגט מען אָן ניט ווערן אַלט, ווי אין „פּרק" שטייט, נאָר אַז עס פֿאַנגט זיך ערשט אָן די צווייטע יוגנט.

# מ. אַלגין

אַלגין איז געבוירן געוואָרן מיט אַלע אייגנשאַפֿטן און פֿעאיקייטן צו זיין אַ צירלעך־מאַנירלעכער מאָדערנער סאַלאָן־אינטעליגענט, אָבער דאָס לעבן האָט אַזוי געפֿירט, אַז ער זאָל זיין אַ רעוואָלוציאָנערער קעמפֿער, אַ פֿירער פֿון פּראָ־לעטאַריאַט.

אַלגין האָט געדאַרפֿט וואוינען אין באַקוועמע רייך־מעבלירטע צימערן, אויס־געהאַנגען מיט מאָדערניסטישע בילדער, אויסגעשטעלט מיט מאָדערניסטישע סטאַטועטקעס, אָנגעוואָרפֿן מיט מאָדערניסטישע ליטעראַרישע ביכער, און זיצן און שמועסן מיט סענטימענטאַל־פּאָעטיש־געשטימטע דאַמען פֿון דער העכערער געזעלשאַפֿט וועגן מאָדערנער ליטעראַטור, מאָדערנער פּאָעזיע און מאָדערנער קונסט. דאָס לעבן האָט אָבער אַזוי געפֿירט, אַז ער זאָל זיצן אין אַ פֿגעלאָזע־נער, פֿאַרשטויבטער פּראָלעטאַרישער רעדאַקציע, שרייבן קאָמוניסטישע פּאָלי־טישע אַרטיקלען, וואָס האָבן אים גאַנץ אָפֿט אַליין געמוזט שלאָגן צום האַרצן, האַלטן לעקציעס וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ווען ער אַליין האָט ניט געגלויבט, און זיין אַרומגערינגעלט מיט מענטשן, וואָס אונטער אַנ־דערע אומשטענדן וואָלט ער זיי אַפֿילו אַ האַנט ניט געגעבן. ער האָט מיר טאַקע איין מאָל אין אַ מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג געזאָגט וועגן איינעם פֿון די פֿירער פֿון די אידישע קאָמוניסטן: איך וואָלט דאָך אָט דעם גראָבן־יונג, אָט דעם בורילע, קיין מאָל אַפֿילו די האַנט ניט געגעבן, אָבער איצט מוז איך אים רופֿן כאַווער...

נאָר איך בין ווייט ניט זיכער, אַז אַלגין איז טאַקע געווען אַזוי פֿאַרליבט אין מאָדערנער ליטעראַטור, אין מאָדערנער פּאָעזיע און אין מאָדערנער קונסט, וועגן וועלכער ער פֿלעגט זיך אָפֿט כאַפּן שרייבן מיט גרויס באַגייסטערונג. איך בין מער גענויגט צו גלויבן, אַז דאָס איז ביי אים געווען אַן אינטעליגענטישער מאַניער, אַן אויסברוך פֿון אינטעליגענטישער פּראַגרעסיווקייט, וואָס דאַרף זיין פֿאַר אַלץ וואָס איז ניי. און אפֿשר איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס די אַלע מאָדערניסטן האָבן זיך גערופֿן מיט דעם נאָמען „יונגע" און אַלגין האָט גע־וואָלט, אַז מען זאָל אים האַלטן פֿאַר אַ יונגן. זיין באַליבטסטער פּסעוודאָנים איז געווען „דער אייביק יונגער". נאָר מיט זיין גאַנצער באַגייסטערונג פֿאַר די „יונגע" און מיט אַלע זיינע לויב־געזאַנגען פֿאַר זיי, האָט ער דאָך ביי די „יונגע" קיין אָנערקענונג ניט געקראָגן, ווייל ער איז מיט זיין גאַנצן אַרט שרייבן, מיט זיין סטיל געווען דער היפּוך פֿון זיי. ער, אַלגין, האָט געשריבן קלאָר, געשליפֿן, אַן פֿינטעלעך, שטרענג־גראַמאַטיקאַליש און די ווערטער און די זאַצן זיינען ביי אים געווען אויסגעשטעלט ווי געמושטירטע סאָלדאַטן. די „יונגע" האָבן באַטראַכט זיין אַרט שרייבן פֿאַר אַלטמאָדיש, מליצהדיק, זיס און סענטי־מענטאַל.

אַלגין איז געווען איינער פֿון אונדזערע געבילדעטסטע אידישע שרייבער. ער האָט אַ סך געלערנט און אַ סך געוואוסט. אויסער, וואָס ער האָט געהאַט גוטע פֿעאיקייטן, איז ער אויך געווען אַרבעטזאַם. ער האָט ניט בלויז געזוכט אַנדערע צו לערנען, נאָר ער האָט אויך שטענדיק אַליין געלערנט. עס האָט

אים אָבער געפֿעלט איין זאַך אין זיין אַלזייטיקער בילדונג און דאָס איז אייגנ־אַרטיקייט. ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם „עפּעס", אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, אין אַלץ וואָס ער האָט געלערנט. ער האָט אויסגעצייכנט גוט פֿאַר־שטאַנען וואָס ער האָט געלייענט און געלערנט פֿון די פֿאַרשיידענע ביכער און ער האָט עס אויך געקענט זייער גוט איבערזאָגן, אָבער ער האָט ניט אריינגע־טראָגן עפּעס אייגענס. ער האָט, ווי איך פֿלעג אַמאָל טראַכטן, עפּעס ווי מורא געהאַט. ער האָט זיך געפֿילט זיכערער צו נעמען אַ פּאַרטיקן געדאַנק אָדער אַ טעאָריע און עס איבערזאָגן ווי ער האָט עס געקראָגן. ער איז דעריבער אין זיין גאַנצער פּאָליטישער קאַריערע אַלע מאָל געשטאַנען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון איינעם, וואָס האָט געהאַט מער מוט צו דענקען זעלבשטענדיק.

אַלגין האָט געהאַט מערערע אייגנשאַפֿטן, וואָס נויטיקן זיך פֿאַר אַ פּאָליטישן פֿירער. אויסער, וואָס ער איז געווען אַ גוטער פּאָליטישער שרייבער און האָט געקענט שרייבן אין אַ שפּראַך, וואָס אַגיטירט און אַפּעלירט — ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּראַקלאַמאַציע־שרייבער — איז ער אויך געווען אַ גוטער רעדנער, וואָס האָט געקענט אַפּעלירן צו די מאַסן. און ער האָט ליב געהאַט די פּלאַטפֿאָרמע און ביסלעכווייז האָט זיך ביי אים אויך אַנטוויקלט די אַמביציע צו זיין אַ פּאָליטישער פֿירער. אָבער אַנשטאָט צו זיין אַ פֿירער, איז ער שטענדיק געפֿירט געוואָרן און ער האָט עס אויך מייסטנס געוואוסט. און ווען ער האָט איין מאָל אָנגעפֿאַנגען גלויבן, אַז ענדלעך איז דערפֿילט געוואָרן זיין אַמביציע צו זיין אַ פּאָליטישער פֿירער, איז ער ערשט דאַמאָלט ניט בלויז געפֿירט געוואָרן, נאָר אויך פֿאַרפֿירט געוואָרן. דאָס איז געווען, ווען ער איז איבערגעגאַנגען צום קאָ־מוניזם.

*

איך בין מיט אַלגינען געווען באַקאַנט אַ לאַנגע צייט. מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט אים פֿאַנגט זיך אָן פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל מיט אים געטראָפֿן אין ווילנע, אין דער רעדאַקציע פֿון דער ערשטער בונדיסטישער טעגלעכער צייטונג „דער וועקער" (שפּעטער „פֿאָלקס־צייטונג"). דאָס איז געווען סוף 1905. און עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אונדזער באַקאַנטשאַפֿט איז פֿאַרגעזעצט געוואָרן אונטער פֿאַרשידענע באַ־דינגונגען און צושטענדן, ביז זי האָט זיך איבערגעריסן אין יאָר 1923 אויף אייביק.

מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען אין דער רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס־צײַ־טונג", פֿון דעם טאָג ווי זי האָט אָנגעפֿאַנגען דערשיינען. און אַ יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי די „פֿאָלקס־צייטונג" האָט, צוליב פּאָליציייאישע באַדינגונגען, גע־מוזט אויפֿגעבן איר עקזיסטענץ, האָבן מיר זיך געטראָפֿן אין דער היידעלבערגער אוניווערזיטעט און צולעצט אין ניו יאָרק, וואו מיר האָבן עטלעכע יאָר צוזאַמען געאַרבעט אין „פֿאָרווערטס", רעדאַקטירט צוזאַמען די „נייע וועלט" פֿון דער אידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע, און צום סוף צוזאַמען געאַרבעט אין דער „פֿרייהייט", און צוזאַמען זיך געשלאָגן מיט די קאָמוניסטן (די „פֿרייהייט" איז אין אָנפֿאַנג ניט געווען אָפֿיציעל קאָמוניסטיש) ביז — ביז אַלגין האָט שלום געמאַכט מיט די קאָמונסטן און איז געוואָרן אין גאַנצן אַ זייעריקער און

איך האָב מיט די קאָמוניסטן אין גאַנצן איבערגעריסן, און מיט דעם איז איבער־געריסן געוואָרן מיין לאַנגע באַקאַנטשאַפט מיט אַלגינען. ווען מיר פּלעגן זיך אַמאָל טרעפן אויג־אויף־אויג, אין גאַס, פּלעגן מיר ביידע אָנשטעלן אַזאַ פאַר־גליווערטן פּנים, ווי מיר וואָלטן איינער דעם אַנדערן ניט באַמערקט.

איך האָב פון אַלגינס שריפטשטעלערישן טאַלאַנט גאַנץ שטאַרק געהאַלטן, הגם זיין אַרט שרייבן, זיין סטיל, איז געווען ניט נאָך מיין געשמאַק. ער איז פאַר מיר געווען צו זיס, צו סענטימענטאַל און צו בוימלדיק. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז אַ גאַנץ גרויסע צאָל פון די לייענער האָבן ליב אָט דעם מין שרייבן און עס אַפּעלירט צו זיי. נאָר איך האָב אַלע מאָל זייער ווייניק געהאַלטן פון אַלגינס בעלעטריסטישן טאַלאַנט און פון זיינע פעאיקייטן אַלס ליטעראַטור־קריטיקער. דאָס האָט אַ פּאָר מאָל געפירט צו אַ ברוגז צווישן אונדז ביידן, ווייל אַלגין האָט אין זיינע ייִנגערע יאָרן, ווען מיר האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן, גראָד שטאַרק געגלויבט אין זיין בעלעטריסטישן טאַלאַנט און שפּעטער — דאָס איז שוין געווען אין אַמעריקע — האָט ער אויך אָנגעפאַנגען שטאַרק גלויבן אין זיין טאַלאַנט אַלס ליטעראַטור־קריטיקער.

איין ברוגז איז געווען אַ גאַנץ שטאַרקער און ער איז געבליבן „פּאַראַיי־ביקט" אין די בלעטער פון דער „נייער וועלט". עס איז געווען אַ גרויסע דעבאַטע, וואָס האָט אין יענער צייט אַרויסגערופן אַ רעכט ביסל אויפרעגונג אין אונדזער קליינער שרייבערשער וועלטל.

דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, ווען אַלגין און איך זיינען צוזאַמען געווען אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער „נייער וועלט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. אַלגין איז געווען דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר און דער ליטעראַטור־קריטיקער, און איך בין גאַנץ אָפט ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט זיינע אָפּשאַצונגען. געוויינ־לעך פלעג איך אים זאָגן מיין מיינונג ביי אַ גלאָז טיי אָדער ביי אַ קריגל קאַווע, נאָר מאַנכעס מאָל פלעג איך זיינע ליטעראַרישע מבינות אויך פאַרטשעפּען אין מיינע נאָטיצן, אונטער דעם נאָמען „אין קעסל גרוב", וואָס איך פלעג שרייבן פאַר דער „נייער וועלט".

גראָד איז אין יענער צייט געווען אַ מין עפּידעמיע פון אולטראַ־מאָדערניזם, קוביזם, פוטוריזם, דאַדיזם און פאַרשיידענע אַנדערע מאָדערניזמען. עס איז געווען אין דער גרויסער אויפרודערונגס־צייט פון נאָך דער מלחמה, ווען אַלץ האָט זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די קונסט און די ליטעראַטור האָט ניט געקענט אָפּשטיין. דער „אייביק יונגער" אַלגין איז נאַטירלעך שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אולטראַ־מאָדערניסטישער עפּידעמיע. זיינען דאָך די אַלע אולטראַ־מאָדערניסטן געווען יונגע, טאָ ווי זאָל ער ניט זיין צווישן זיי? נאָר אַזוי ווי ער אַליין האָט אולטראַ־מאָדערניסטיש ניט געקענט שרייבן, ווייל גאָט האָט אים, ווי שוין פריער באַמערקט, „געשטראָפט" מיט אַ קלאָרער, גע־צירקלטער און גראַמאַטיקאַלישער שפּראַך און אים דערצו נאָך געגעבן אַ גרויסע פּאָרציע סענטימענטאַליטעט און זיסקייט — קורץ, אַלץ וואָס טויג ניט פאַר אול־טראַ־מאָדערניסטישע שרייבער — האָט ער זיין חלק פאַר דער דאַזיקער קונסט געטאָן דערמיט, וואָס ער האָט געשריבן פאַר איר באַגייסטערטע ליב־געזאַנגען

און איז געוואָרן איר אויסטייטשער, איר מפֿורש, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופֿן.
אָלגין האָט געהאַט די אייגנטימלעכע פֿעאיקייט זיך אַליין אַריינצוטרייבן אין אַ באַגייסטערונג, ווען ער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז נויטיק. ער פֿלעגט זיך קענען אַליין אונטערהייצן, כּדי זיך צו דערוואַרעמען. ער איז געווען זיין אייגענער אַגיטאַטאָר, וואָס האָט זיך געקענט אַריינאַגיטירן ביז דעם העכסטן עקסטאַז. דער אָנפֿאַנג איז געווען אַ געקינסטעלטער, ניט קיין אמתער, ניט קיין אויפֿריכטיקער, ווייל דער אולטראַ־מאָדערניזם האָט צו אים, לויט זיין כאַראַקטער, זיין נאַטור, און גאַנצן אינערלעכן מהות ניט געקענט אַפּעלירן. אָבער ווען ער האָט זיך אונטערגעהייצט, זיך אַריינאַגיטירט און זיך אַריינגעטריבן אין אַ באַגייסטערונג, איז ער דעמאָלטווירקלעך געווען איבערצייגט, אַז ער גלויבט אַזוי.

פֿאַר מיר, אָבער, זיינען אָלגינס לויב־געזאַנגען פֿאַר די אולטראַ־מאָדערניסטישע פֿאַרפֿאַסונגען, וועגן וועלכע ער האָט געשריבן, געווען גאָרניט איבער־צייגנד. מיר פֿלעגן האָבן וועגן דעם, ווי שוין פֿריער באַמערקט, שטענדיקע דעבאַטן, ביז אָלגין איז איינמאָל שטאַרק אין כּעס געוואָרן און ער האָט מיך אין איינער פֿון זיינע ליטעראַרישע קריטיקן גאָר ניט איידל אָנגעגריפֿן. זיין כּעס איז אפֿשר געווען אַ גאַנץ באַרעכטיקטער, ווייל איך פֿלעג צו־אָפֿט פֿאַר־טשעפּען זיין ליטעראַרישע מבֿינות. איין מאָל האָב איך אים טאַקע גאַנץ שטאַרק פֿאַרטשעפּעט. עס איז עפּעס אַרויסגעגאַנגען אַ נייער ליטעראַרישער זאַמעלבוך, וואָס איז געווען פֿול מיט אולטראַ־מאָדערניסטישע שאַפֿונגען פֿון אַלע מינים. אָלגין האָט אין דער „נייער וועלט" אָנגעשריבן אַ באַגייסטערטע קריטיק, איבער־דרוקנדיק אייניקע מוסטערן פֿון דעם בוך, צו ווייזן ווי הויך־קינסטלעריש די שאַפֿונגען זיינען. בין איך געקומען אין דעם נאָענטסטן נומער „נייע וועלט" און האָב געבעטן אָלגינען, אַז ער זאָל פֿאַרטייטשן די מוסטערן פֿון די קינסטלערישע שאַפֿונגען, וואָס ער האָט איבערגעדרוקט פֿון זאַמל־בוך, כּדי אויך איך זאָל זיי קענען פֿאַרשטיין און באַגייסטערט ווערן. איינע פֿון אָט די שאַפֿונגען, געדענק איך, איז געווען אַ קוביסטיש ליד וועגן ניו יאָרק. אין אָט דעם ליד, ווי עס איז געווען איבערגעדרוקט אין דער „נייער וועלט", איז געווען אַן אומפֿאַר־שטענדלעכע שורה, וואָס האָט זיך געלייענט „קוקס, קוקס, קוקס" — ווערטער אַזעלכע, וואָס אָלגין אַליין האָט אויך ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט אָבער אין זיי געזען אַ סימבאָלישן אויסדרוק פֿון דער אויסטערלישער שטאָט ניו יאָרק. ליי־ענענדיק אָט דאָס ליד, האָט ער דערקלערט, האָט זיך אים פֿאָרגעשטעלט ווי אויף אַ הויכן וואָלקן־קראַצער אין ניו יאָרק, שטייט אַ מכשפֿה מיט גרויע צעשוי־בערטע האָר מיט שפּיציקע שיטערע ציין און שרייט מיט אַ גרילצענדן קול די אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער „קוקס, קוקס, קוקס". האָב איך געוואָלט וויסן ווי אַזוי דאָס וואָרט „קוקס" קען ביי איינעם אַרויסרופֿן אַ בילד פֿון אַ מכשפֿה מיט גרויע צעשויבערטע האָר מיט שפּיציקע שיטערע ציין, וואָס שטייט אויפֿן שפּיץ פֿון אַ וואָלקן־קראַצער און שרייט מיט אַ גרילצענדן קול. האָט מיר אָלגין דערפֿאַר דערלאַנגט אַ פֿאָרציע און מיר געזאָגט, אַז אַזאַ מענטש ווי איך, וואָס פֿאַרשטייט ניט און ווייס ניט, דאַרף בעסער שווייגן. האָב איך נאַטירלעך ניט געוואָלט בלייבן שולדיק אַ חובֿ און האָב געענטפֿערט. עס איז געווען זייער ניט

קיין אַנגענעמער ענטפֿער. איך האָב אין אים אויסגעזאָגט דעם סוד, וואָס איך האָב פֿריער געוואוסט, אַז אַלגינס מכשפֿה מיט די גרויע צעשויבערטע האָר מיט די שפּיציקע שיטערע ציין, איז ביי אים באַשאַפֿן געוואָרן דורך זיינעם אַן איי־גענעם גרייז, וואָס ער האָט געמאַכט ביים איבערשרייבן דאָס ליד פֿאַר זיין אַרטיקל. אין דעם דערמאָנטן ליד זיינען די ווערטער געווען ניט „קוקס, קוקס, קוקס”, נאָר „קובס, קובס, קובס”, וואָס זיינען גאַנץ פֿאַרשטענדלעך. דער פֿאַר־פֿאַסער פֿון ליד האָט נעמלעך געוואָלט זאָגן, אַז די הייזער פֿון ניו־יאָרק זיינען קובן אָדער קוביקן. ער האָט געקענט פּשוט זאָגן קאַסטנס, עס וואָלט געווען די זעלביקע „פּאָעזיע”, אָבער עס איז דעמאָלט געווען די צייט, ווי שוין געזאָגט, ווען עס האָט געבושעוועט די עפּידעמיע פֿון קוביזם אין מאָל־קונסט, און אויך די פּאָעזיע האָט זיך אָנגעשטעקט. נאָר וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן דער פּאָע־טישער און גראַמאַטיקאַלישער זייט פֿון די ווערטער „קובס, קובס, קובס”, קענען זיי דאָך בלויז אַרויסרופֿן אַ פֿאַרשטעלונג פֿון פּירקאַנטיקע קאַסטנס, אָדער קעסטלאַך, אָבער ניט פֿון אַ מכשפֿה מיט גרויע צעשויבערטע האָר און מיט שפּיציקע שיטערע ציין, וואָס שרייט אַרויס מיט אַ גרילצענדן קול משונהדיקע אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער.

*

איך האָב זיך אפֿשר אַ ביסל צו לאַנג אָפּגעשטעלט אויף דעם עפּיזאָד, אָבער איך גלויב, אַז ער כאַראַקטעריזירט אַלגינען אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס. מען דאַרף דערביי אויך דערמאָנען, אַז אין דריי־פֿיר יאָר אַרום האָט אַלגין גע־שריבן וועגן ליטעראַטור גאַנץ אַנדערש און אויך מיט דער זעלביקער באַגייס־טערונג. עס איז געווען וועגן „פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור”, וואָס ער האָט פֿריער געהאַט אָפּגעשטריטן. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין ווידערשפּרוך. עס איז בלויז געווען אַן אַנדער פֿאַל פֿון זיך אַליין אַריינאַגיטירן און זיך מאַכן גלויבן.

איך האָב קיין צווייפֿל ניט, אַז אַלגין האָט געהאַט אַן ערנסטע באַציונג צו דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט ליב געהאַט די אידישע ליטעראַטור און האָט אויך ליב געהאַט די אידישע שפּראַך. ער האָט געזאָרגט פֿאַר דער אַנט־וויקלונג פֿון אידיש און ער האָט אין זיין שרייבן גאַנץ שטרענג אָפּגעהיט די ריינקייט פֿון דער אידישער שפּראַך און האָט זיך באַמיט איר צו פֿאַרשענערן און צו באַרייכערן. אָבער דאָס אַלץ מאַכט איינעם ניט פֿאַר אַ ליטעראַט און פֿאַר אַ ליטעראַטור־קריטיקער. ניט יעדער, וואָס האָט ליב ליטעראַטור איז אויך אַ מבין אויף ליטעראַטור. אַלגין האָט אין ליטעראַטור ניט געהאַט קיין מער זעלב־שטענדיקע מיינונג, ווי ער האָט עס געהאַט אין פּאָליטיק. נאָר ליטעראַטור איז אים געווען נענטער ווי פּאָליטיק, ווייל אַלגינס זיין אין פּאָליטיק איז אינגאַנצן געווען אַ טעות. עס האָט אים דעריבער שטאַרקער אָנגעאַרט, ווען מען האָט באַשטריטן זיינע ליטעראַרישע פֿעאיקייטן און זיינע ליטעראַרישע מבינות.

פֿאַר די מערערע יאָרן, וואָס איך בין מיט אַלגינען געווען באַקאַנט און גע־אַרבעט צוזאַמען, איז מיר, חוץ איינמאָל, ניט אויסגעקומען זיך צו שטרייטן מיט אים וועגן סאָציאַל־פּאָליטישע אָדער סאָציאַל־עקאָנאָמישע פֿראַגן. און דאָס זיינען דאָך געווען די פֿראַגן, מיט וועלכע מיר זיינען געווען כסדר פֿאַרנומען

און אין וועלכע עס האָט זיך שטענדיק אויסגעדריקט אונדזער שריפטשטעלע־רישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. דאָס איין מאָל איז געווען אַן עפנטלעכע דעבאַטע, אין וועלכער עס האָבן אַנטייל גענומען אַב. קאַהאַן, אָלגין, בורגין און איך. עס איז געווען אַ דעבאַטע וועגן באָלשעוויזם, און אָלגין האָט אין איר פאַרטראָטן די עקסטרעם־רעכטע מענשעוויסטישע ריכטונג. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ער האָט געגלויבט, אַז לענין איז געווען אַ באַצאָלטער שפּיאָן און פּראָוואָקאַטאָר פון דייטשן קייזער. ווייטער געדענק איך מער ניט, אַז מיר זאָלן האָבן, ווי לאַנג מיר זיינען געווען צוזאַמען, זיך געשטריטן וועגן פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע פראַגן. און דאָס איז ניט געווען ווייל מיר האָבן אַלע מאָל גע־שטימט אין אונדזערע מיינונגען. איין קעגנטייל, מיר האָבן אָפט גאָרניט גע־שטימט, עס האָט אָפּגעהאַנגען אונטער וועמענס איינפלוס אָלגינס פּאָליטישע מיי־נונגען זיינען געשטאַנען, אָבער עס האָט אָלגינען אַ לאַנגע צייט געפעלט די אַמביציע פאַר פּאָליטיק, אַז ער זאָל זיך שטאַרק איינשטעלן פאַר זיינע פּאָליטישע מיינונגען, וואָס זיינען באמת סאַי ווי קיין מאָל ניט געווען אין גאַנצן זיינע אייגענע. איך וואָלט געזאָגט, אַז וואָס איז שייך צו פּאָליטיק, האָט אָלגין דע־מאָלט ניט געהאַט קיין סופּעריאָטעט־קאָמפּלעקס. ער איז שטענדיק געגאַנגען אין דעם וועג, וואָס די פּאַרטיי האָט פאַר אים אָנגעצייכנט, אָדער ער האָט זיך געלאָזט פירן פון אימעצן, וואָס האָט אים גענומען אין דער האַנט. ערשט, ווען עס האָט זיך ביי אים צוליב דעם אַנטוויקלט אַן אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס, איז ביי אים, ווי דער נאַטירלעכער גאַנג איז, שפּעטער אויסגעוואָקסן אַ סופּעריאָרי־טעט־קאָמפּלעקס אַלס פּאָליטיקער, און דאָס האָט אים אויך געבראַכט צום קאָמוניזם.

איך קען מיר ניט דערמאָנען, אַז אָלגין האָט ווען עס איז געהאַט אין „בונד״ אַן אַנדער מיינונג וועגן וועלכער עס איז אַ פראַגע, ווי די, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פון צענטראַל־קאָמיטעט. און עס זיינען געווען שטרייט־פראַגן אין „בונד״, וועגן וועלכע די מיינונגען זיינען מאַנכעס מאָל גאַנץ שאַרף געטיילט געוואָרן. איך קען מיר אויך ניט דערמאָנען, אַז אָלגין האָט ווען עס איז אין וועלכער פראַגע ניט איינגעשטימט מיט דעם אָפּיס פון דער אַמעריקאַנער אידישער סאָציאַליס־טישער פעדעראַציע, אין וועלכער ער איז געווען טעטיק מערערע יאָרן. איך גע־דענק ניט, אַז אָלגין זאָל זיין ווען עס איז אין דער אָפּאָזיציע אין די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן. ער איז שטענדיק גע־שטאַנען מיט דער פירערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע און איז געוויינלעך געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון איינעם פון די פירער, וואָס האָט אים אַריינגענומען אין האַנט. עס איז געווען אין אונדזער פּאָליטישער טעטיקייט אַ כּלל, אַז אָלגין ליגט שטענדיק ביי אימיצן אין וועסטל־קעשענע.

איך האָב דעם איינדרוק, אַז אָלגין האָט געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אונ־טער דעם איינפלוס פון מענטשן, וואָס האָבן די אַמביציע פאַר פּאָליטישער פי־רערשאַפט, אָבער אַ לאַנגע צייט האָט עס אים ניט געקימערט. פּאָליטישע פירער־שאַפט איז דאַמאָלט ניט געווען זיין אַמביציע. נאָר ביסלעכוויז האָט זיך ביי אים אויך אָט די אַמביציע אָנגעפאַנגען אַנטוויקלען, און ווייסנדיק, אַז ער ליגט שטענדיק ביי אימיצן אין וועסטל־קעשענע, האָט ער אָנגעפאַנגען ליידן פון אַן

אינפֿעריאָריטעט־קאָמפּלעקס פֿון וועלכן ער האָט זיך געוואָלט באַפֿרייען. און דאָס האָט ער געקענט טאָן בלויז דורך אַרויסשפּרינגען פֿון וועסטל־קעשענע, וואו ער איז געלעגן. דאָס איז אָבער אים ניט געווען אַזוי לֿייכט. אין דערווירקלעכ־קייט האָט ער עס קיין מאָלֿ ניט דורכגעפֿירט. ער איז בלויז פֿון איין וועסטל־קעשענע אַרויסגעשפּרונגען און אין אַן אַנדערע אַריינגעשפּרונגען. עס איז אָבער געווען אַ צייט, ווען ער האָט געגלויבט, אַז ער האָט עס דורכגעפֿירט, אַז ער איז געוואָרן זיין אייגענער פּאָלֿיטישער באַלֿעבאָס, און אַנשטאָט געפֿירט צו ווערן, איז ער אַלֿיין געוואָרן דער פֿירער. דאָס איז געווען נאָך דער שפּאַלטונג פֿון דער אידישער סאָציאַלֿיסטישער פֿעדעראַציע.

*

איך ווייס ניט גענוי ווען אַלגין האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דערנענטערן צום באָלשעוויזם, וואָס ער האָט פֿריער אַזוי שטאַרק פֿאַרדאַמט, און ווען ער האָט זיך איבערגעבעטן מיט לענינען, וואָס איז געווען פֿריער ביי אים פֿאַררעכנט פֿאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר און שפּיאָן, וואָס האָט געדינט דעם דייטשן קייזער. איך בין גראָד אין יענער צייט געווען אַוועקגעפֿאָרן אויף עטלעכע חדשים פֿון אַמעריקע, און ווען איך בין געקומען צוריק, האָב איך די מעטאַמאָרפֿאָזע געפֿונען איינגאַנצן אַ פֿאַרטיקע. איך ווייס אָבער אונטער וועמענס איינפֿלוס די ענדערונג אין אַל־גינען איז פֿאָרגעקומען.

דער שידוך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן פֿון דער אידישער סאָציאַלֿיסטישער פֿעדעראַציע מיט דער אידישער סעקציע פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געווען פֿון אָנפֿאַנג אָן ניט קיין געראָטענער. עס האָבן זיך כּמעט פֿון ערשטן טאָג אָן אָנגעפֿאַנגען רייסערייען צווישן די צוויי אָרגאַניזאַציעס, און וואָס וויי־טער, זיינען די שטרייטיקייטן אַלֿץ שטאַרקער געוואָרן ביז עס האָט געהאַלטן ביי אַ גט. די פֿאַראייניקונג פֿון דער אידישער סאָציאַלֿיסטישער פֿעדעראַציע מיט דער אידישער קאָמוניסטישער סעקציע איז געווען דורך דער „וואָירקערס פּאַר־טיי", וועלכע איז אָפֿיציעל געווען ניט קאָמוניסטיש, נאָר פֿאַקטיש איז זי קאָנ־טראָלֿירט און געפֿירט געוואָרן פֿון די קאָמוניסטן. איר אידישער טייל אָבער איז קאָנטראָלֿירט און געפֿירט געוואָרן פֿון די מיטגלֿידער פֿון דער אידישער סאָציאַלֿיסטישער פֿעדעראַציע, וועלֿכע האָבן ניט געשטימט מיט די קאָמוניסטן. דאָס איז געווען ניט קיין נאַטירלֿעכער צושטאַנד און ער האָט לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטן.

די „פֿרייהייט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון דעם אידישן טייל פֿון דער „וואָירקערס פּאַרטיי", איז די ערשטע צייט קאָנטראָלֿירט געוואָרן פֿון די פֿעדעראַציע־מיטגלֿידער, הגם זי האָט אויך געהאַט אַ קאָמוניסטישן רעדאַקטאָר. עס איז פֿון אָנפֿאַנג אָן אַזוי באַשטימט געוואָרן, אַז עס זאָלן זיין צוויי רעדאַק־טורים — איינער פֿון דער פֿעדעראַציע און דער צווייטער פֿון די קאָמוניסטן. דעם קאָמוניסטישן רעדאַקטאָר, שכנא עפּשטיין, האָבן מיר גלייך אַ נאָמען גע־געבן „קאָמיסאַר", און מען האָט זיך מיט אים ווייניק גערעכנט. אַלגין האָט אויף אַזאַ אופֿן זיך אָנגעפֿאַנגען פֿילן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער איז אַ פֿירער. אין דער אמתן איז ער עס אויך דאַמאָלט ניט געווען, ווייל די „פֿרייהייט"

האָט דאַמאָלט אין אַלגעמיין געהאַט אַ פֿרייע רעדאַקציע, אין וועלכער עס האָט זיך ניט געפֿילט קיין באַלעבאָס און ניט קיין רעדאַקציע. נאָר אַ קאָקאַרדע מיט עפּאָלעטן האָבן דאָך אַ געוויסע פּסיכאָלאָגישע ווירקונג. דערצו האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז די פּערזאָן, וואָס האָט אָלגינען אַ לענגערע צייט געהאַלטן אין וועסטל־קעשענע, האָט ניט געהאַט מער קיין באַזונדער שטאַרקן אינטערעס אים ווייטער צו האַלטן. פֿאַר אָלגינען איז ממילא לייכטער געוואָרן אַרויסצושפּרינגען און זיך אָנפֿאַנגען פֿילן פֿאַר אַ פֿירער. די אַמביציע האָט זיך ביי אים שוין אָנגעפֿאַנגען אַנטוויקלען פֿון פֿריער. פֿון זיין פֿריערדיקער אינפֿעריאָריטעט־קאָמפּלעקס, ווי איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ סופּעריאָריטעט־קאָמפּלעקס. אָלגין האָט גענומען זיין ראָלע אַלס פֿירער זייער ערנסט ביז... ביז אימיצער אַנדערש האָט אים גענומען אין וועסטל־קעשענע.

דער ווייטערדיקער וועג ווי אַזוי אָלגין איז דערגאַנגען צום קאָמוניזם און איז געוואָרן אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאַרטיי־קאָמוניסט, איז מיר ניט אין גאַנצן באַקאַנט. אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט אין דעם אָוונט, ווען אונדזער גרופּע פֿון דער פֿעדעראַציע האָט געדאַרפֿט ענדגילטיק באַשליסן, אַז מיר דערקלערן די קאָמוניסטן קריג. אונדזער „פֿירער" אָלגין איז מיט אַ טאָג פֿריער, ווען איך האָב זיך מיט אים גרינדלעך דורכגערעדט וועגן דעם גאַנצן ענין, געווען שטאָל און אייזן פֿאַר קריג. ער האָט זיך דערביי שטאַרק געהיצט און אַרויסגעבראַכט אַלץ מער אַרגומענטן פֿאַרוואָס מען קען ניט און מען טאָר ניט אָננעמען די באַדינגונגען, וואָס די קאָמוניסטן שלאָגן פֿאָר, ווייל די קאָמוניסטן ווילן אונדז פֿאַרשלינגען. נאָר אויף מאָרגן אין אָוונט, ווען אונדזער גרופּע איז זיך צענויפֿגעקומען באַשליסן וועגן דער פֿראַגע, האָט אָלגין געהאַלטן אַ רעדע, אַז מען דאַרף די באַדינגונגען פֿון די קאָמוניסטן אָננעמען, און ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפֿגעהויבן די האַנט צו שטימען פֿאַר. איך האָב גלייך דערקלערט, אַז איך רעזיגניר און איך בין אַוועקגעגאַנגען. איך ווייס דעריבער ניט די איינצלהייטן, ווי אָלגין איז ווייטער געגאַנגען ביז ער איז געוואָרן אַ פֿולשטענדיקער קאָמוניסט.

עס איז אָבער לייכט צו טרעפֿן. אָלגין האָט נאָר געדאַרפֿט קריגן דעם ערשטן שטויס און דעמאָלט איז ער שוין געגאַנגען לייכט ווייטער. און ווען ער איז שוין געוואָרן אַ קאָמוניסט, האָט ער שוין מער ניט געדאַרפֿט טראַכטן. מען האָט שוין פֿאַר אים געטראַכט אין מאָסקווע. ער האָט געקראָגן אַ פּאַרטיקע פּאַרטיי־ליניע און ער איז נאָך איר געגאַנגען. ניט מער, מאַנכעס מאָל פֿלעגט זיך די פּאַרטיי־ליניע אַזוי פּלוצלונג און שנעל ענדערן, אַז אָלגין פֿלעגט איינפֿאַך ניט האָבן גענוג צייט זיך איבערצוקערן אויף דער אַנדערער זייט. ער פֿלעגט ניט דערשמעקן אין פֿאָראויס, אַז עס קומט אַן ענדערונג און אַז מ'דאַרף זיך צוגרייטן זיך איבערצוקערן אויף דער אַנדערער זייט, ווען דער מאָמענט וועט קומען. אַזאַ פֿאַל, למשל, איז געווען, ווען לאָוושטיין איז אַראָפּ, און אָלגין האָט עס פֿאַרשלאָפֿן, און ער האָט דורך דעם געהאַט אַ ביסל אומאַנגענעמלעכקייטן. עס זיינען אויך געווען אַנדערע פֿאַלן, ווען ער איז ניט געווען שנעל גענוג זיך איבערצוקערן. אויב איך מאַך קיין טעות ניט, איז דאָס אויך געווען דער פֿאַל, ווען פּאָסטער איז איין מאָל אַראָפּ פֿון זיין גדולה. אָבער דאָס זיינען געווען בלויז

קליינע פֿאַרשפּעטיקונגען צוליב אַ שוואַך־אַנטוויקלטן פּאָליטישן חוש־הריח, וואָס האָט ניט געקענט דערשמעקן אין פֿאָראויס, אין וועלכער ריכטונג דער ווינט פֿאַנגט אָן צו בלאָזן, און עס האָט בשום אופֿן ניט געמיינט ביי אים זיך שטעלן קעגן דער פּאַרטיי. אַלגינען האָט קיין מאָל ניט געקענט איינפֿאַלן, אַז עס איז מעגלעך ניט צו פֿאָלגן די פּאַרטיי. אַלגין האָט געטאָן אַלץ, וואָס די פּאַרטיי האָט געהייסן. ער האָט פֿאַר דער צייט, וואָס ער האָט געדינט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געגעסן אַ סך זייף. נאָך מער, ער פֿלעגט זיך אָפּט נאָך גוט פּאַסמאַ־קעווען נאָך אַזאַ מאָלצייט. ער פֿלעגט דערמיט ווען מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער עסט עס ניט בלויז, ווייל די פּאַרטיי פֿאַרלאַנגט עס פֿון אים, נאָר ווייל עס איז געשמאַק, עס הייסט, ווייל עס איז ריכטיק אַזוי און מען דאַרף עס טאָן. און איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, אַז אַלגין האָט געהאַט די באַזונדערע פֿעאי־קייט זיך אַליין צו אַגיטירן און מאַכן זיך גלויבן.

פֿאַר אַ פּאַרטיי איז אַלגין דעריבער געווען אַ העכסט־וויכטיקער און נוצ־לעכער מענטש, וואָס איז ניט אָפּצושאַצן.

אַלגין איז געווען בטבע אַ ווייך־האַרציקער מענטש, אַ סענטימענטאַלער און אַן עמאָציאָנעלער. אייניקע, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט אים פּערזענלעך, האָבן דעריבער ניט געקענט באַגרייפֿן ווי אַזוי ער האָט געקענט אַראָפּשלינגען סטאַלינס מאַסן־מאָרד פֿון די אַלע אַלטע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן צוגעגרייט און געפֿירט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע און האָבן געגרינדעט די סאָוועטן־רעגירונג. אַלגין האָט עס ניט בלויז אַראָפּגעשלונגען, נאָר ער איז געווען באַ־גייסטערט. ער האָט געשריען הורא פֿאַר סטאַלינען און האָט מיט גאַל באַשפּיגן סטאַלינס קרבנות, וואָס צווישן זיי זיינען געווען מערערע אַזעלכע, וואָס אַלגין האָט פֿריער פֿאַרגעטערט.

איך בין זיכער, אַז אין ערשטן מאָמענט האָט עס אַלגינען אַ צופּ געטאָן אין האַרצן. אָבער ווי ער האָט דערפֿילט זיין שוואַכקייט, האָט ער אָנגעפֿאַנגען זיך איינגעבן אַ פֿאַרציע אַגיטאַציע, אַז מען דאַרף זיין שטאַרק, אַז אַלץ וואָס סטאַלין טוט איז גוט און ריכטיק, און אַז אַ רעוואָלוציאָנער, אַ קאָמוניסט, טאָר ניט זיין ווייכהאַרציק, טאָר ניט זיין סענטימענטאַל.

ווייכהאַרציקייט און סענטימענטאַליטעט זיינען געווען אַלגינס אינפֿעריאָרי־טעט־קאָמפּלעקס. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט אַ ווייך האַרץ, און אַ סטאַ־ליניסטישער קאָמוניסט מוז דאָך זיין שטאַרק און פֿאַרהאַרטעוועט. ער האָט דעריבער געזוכט זיין ווייכהאַרציקייט, זיין סענטימענטאַליטעט צו אונטערדריקן און ווייזן, אַז ער איז שטאַרק, פֿאַרהאַרטעוועט, סטאַליניסטיש. אַלגין פֿלעגט אין זיינע קאָמוניסטישע רעדעס און אַרטיקלען כּסדר איבערחזרן, אַז מען דאַרף זיין שטאַרק. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון זיין אייגענער שוואַכקייט.

איך ווייס, אַז דער גרויסער סטאַלין־פֿאַרראַט צו שליסן פֿריינדשאַפֿט מיט היטלערן, האָט אַלגינען אין דעם ערשטן מאָמענט גאַנץ שווער געטראָפֿן. מען האָט עס געקענט זען פֿון אַ פּאָר זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן, ווען די באַריכטן פֿון סטאַלינס פֿאַרראַט זיינען דאָ אָנגעקומען. ער האָט אין איין אַרטיקל געזאָגט: „מיר פֿילן אַלע שלעכט״. אָבער ער האָט גלייך גענומען זיך

איינגעבן אַ פּאַרציע סטאַליניסטישע אַגיטאַציע, און ס׳איז ביי אים אַלץ רעכט געוואָרן.

נאָר אפשר איז עס ניט ריכטיק, ווען איך זאָג „אַלץ". ווער קען וויסן אַ מענטשנס האַרץ? און ווער קען וויסן וואָס אַ מענטש טראַכט אין שלאָפלאָזע נעכט, ווען דאָס האַרץ דריקט און מען דאַרף שטענדיק אָנפירן מיט אים אַ קאַמף? בפרט נאָך ווען עס קומט אַ מאָמענט ווען אַלץ אין וואָס איר האָט פריער געגלויבט, קערט זיך איבער און מען הייסט אייך גלויבן אין עטוואָס וואָס איר זייט געווען קעגן ניט בלויז מיט אייער שכל, נאָר איר האָט עס אויך פאַרהאַסט מיט אייער האַרץ און אייער נשמה.

אַלגינס טראַגעדיע איז געווען וואָס ער איז געבוירן געוואָרן פאַר עפּעס גאַנץ אַנדערש, ווי פאַר דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו טאָן אין זיין לעבן.

**1940**

# V

# נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע עסייען און פֿעליעטאָנען

וואָס איז לעבן?
וואָס גייט אַרויס — די נשמה אָדער די עלעקטריציטעט?
אפֿשר שטאַרבט מען גאָרניט, ווען מען שטאַרבט
אַ נייער מיטל צו פֿאַרלענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן
די באַפֿרייאונג פֿון מורא
אַ שטיקעלע איינשטיין
איז אַלץ אין דער וועלט בלויז אַ צופֿאַל?
אַרום און וועגן דער אַטאָמישער באָמבע
די מלחמה וואָס דער מענטש פֿירט אָן מיט די אינזעקטן
די מענטשהייט וועט ענדלעך דאָך זיגן
וועט די מענטשלעכע ראָסע אייביק בלייבן אויף דער ערד?
אונדזערע אור־אייניקלעך וועלן זיין פֿאַרזעעניש
אַ שמועס וועגן וואַסער
דער „האָדסאָן ריווער" אין ניו־יאָרק און דער „גראַנד קעניאָן"
וואָס אַ רעדעוודיקער הונט וואָלט מיר געקענט דערציילן
וואָס בהמות קענען בעסער ווי פּראָפֿעסאָרן
וואָס מען דאַרף יאָ לערנען און וואָס מען דאַרף ניט לערנען פֿון מוראַשקעס
וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?

# וואָס איז לעבן?

אויף דעם לעצטן קאָנגרעס פֿון דעם אַמעריקאַנער פֿאַראיין פֿאַר דעם פֿאָרשריט פֿון וויסנשאַפֿט, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּיטסבורג, זיינען געלייענט געוואָרן זייער אינטערעסאַנטע וויסנשאַפֿטלעכע רעפֿעראַטן, וועלכע האָבן געוויזן ווי גרויס עס איז געווען דער פּראָגרעס פֿון דער וויסנשאַפֿט אין פֿאַריקן יאָר, ניט קוקנדיק וואָס עס הערשט אַזאַ שווערער קריזיס, וואָס אַזוי פֿיל מיליאָנען מענטשן זיינען אַרבעטסלאָז און וואָס אַזוי פֿיל ליידן הונגער און נויט. די וויסנשאַפֿט שטעלט ניט אָפּ איר פּראָגרעס, זי זוכט שטענדיק אויסצוגעפֿינען די סודות פֿון דער נאַטור און שטעלט זיך קיין מאָל ניט צופֿרידן מיט אירע דערפֿאָלגן. זי שטרעבט שטענדיק אויסצוגעפֿינען אַלץ מער און מער.

נאָר איין גרויסער סוד איז נאָך אַלץ פֿאַרדעקט און פֿאַרהוילן פֿון דער וויסנשאַפֿט און עס זעט זיך ניט קיין צייכן אַז זי זאָל אים אַנטדעקן אין דער נאָענטסטער צוקונפֿט. דאָס איז דער סוד פֿון לעבן.

אויף יעדן וויסנשאַפֿטלעכן קאָנגרעס האָט איינער אָדער אַ צווייטער עפּעס צו דערציילן וועגן זייערע פֿאַרשונגען צו דערגיין דעם סוד פֿון לעבן, אָבער פֿאָרלויפֿיק איז דער סוד נאָך אַלץ פֿאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער, וואָס קיינער ווייס ניט ווי צו עפֿענען.

ד״ר קראַיל אין אַמעריקע האָט שוין איין מאָל געמיינט, אַז ער איז געקומען נאָענט צום סוד. ער האָט געגלייבט, אַז ער האָט געפֿונען אַ וועג ווי צו באַשאַפֿן אויף אַ קינסטלעכן אופֿן אַ צעלע, וואָס האָט סמנים פֿון לעבן. אָבער עס האָט זיך אים בלויז געדוכט און אויף דעם לעצטן וויסנשאַפֿטלעכן קאָנגרעס אין פּיטסבורג האָט מען פֿון אים גאָרניט געהערט.

וויסנשאַפֿטסלייט האָבן שוין ניט איין מאָל באַשלאָסן, אַז מען קען דעם סוד פֿון לעבן ניט דערגיין. די וויסנשאַפֿט — האָט אַ גרענעץ. די וויסנשאַפֿט האָט געקענט צוקומען ביזן טויער פֿון לעבן, זי איז צוגעקומען צו דער פּראָטאָפּלאַזמע און האָט אונטערזוכט אירע באַשטאַנדטיילן, אָבער ווייטער פֿון איר האָט זי ניט געקענט גיין. זי האָט ניט געקענט אַריינדרינגען אין דעם סוד פֿון לעבן און זי וועט עס אויך ניט קענען. נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די וויסנשאַפֿטסלייט זאָגן, אַז מען קען ניט דערגיין דעם סוד פֿון לעבן און טויט, האַלטן זיי דאָך שטענדיק אין איין זוכן דעם סוד און אים צו אַנטדעקן.

מיט אייניקע יאָר צוריק האָט פּראָפֿעסאָר דאַנאַן אויפֿגענומען די פֿראַגע אויף דעם קאָנגרעס פֿון דעם פֿאַראיין פֿאַר דעם פֿאָרשריט פֿון דער וויסנשאַפֿט אין ענגלאַנד, און ער איז אַרויסגעקומען מיט דער סענסאַציאָנעלער דערקלערונג, אַז די וויסנשאַפֿט איז ענדלעך צוגעקומען נענטער צו דעם סוד פֿון לעבן און אַז עס זיינען פֿאַראַן גוטע האָפֿנונגען, אַז דער סוד וועט ענדלעך דאָך אויפֿגעדעקט

ווערן. אָבער עס זעט אויס, אַז אויך ער האָט געמאַכט אַ טעות. די וויסנשאַפֿט איז נאָך אַלץ גאַנץ ווייט פֿון דעם סוד.

די וויסנשאַפֿט קען באַשרייבן וואָס עס איז אַ לעבעדיקע צעלע און וואָס עס זיינען אירע כעמישע באַשטאַנדטיילן. די וויסנשאַפֿט זאָגט אונדז, אַז יעדע לע־בעדיקע צעלע האָט אין זיך דאָס, וואָס מען רופֿט פּראָטאָפּלאַזמע און דער יסוד פֿון דער פּראָטאָפּלאַזמע איז פּראָטעאין. דערביי האָט זי אויך אין זיך וואַסער און כלאָריד, טאָפּל־קוילן־זויערע זאַלצן (באַיקאַרבאָנעיטס), פֿאָספֿאָר־זויערע סאָדיום (פֿאָספֿעיט אָוו סאָדיום), קאַליום און קאַלציום. דאָס זיינען שטאָפֿן, וועלכע מען ווייסט וואָס זיי זיינען. אָבער דערביי זיינען פֿאַראַן נאָך אַנדערע שטאָפֿן, וועלכע מען ווייסט ניט גענוי וואָס זיי זיינען. מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „ענזימען” און מען גלייבט אַז זיי האָבן אַ ווירקונג אויף דער כעמישער פֿאַר־בינדונג און אויף דער כעמישער ווירקונג אין דער צעלע.

אָבער די אַלע אויסגערעכנטע כעמישע שטאָפֿן זיינען אויך פֿאַראַן, ווען די צעלע הערט אויף צו לעבן, ווען זי איז טויט. די פּראָטעאין פֿון אַ טויטער צעלע האָט פּונקט די זעלבע ענערגיע וואָס אַ לעבעדיקע צעלע, האָט באַוויזן דער באַ־קאַנטער פּראָפֿעסאָר מייערהאָף.

מען פֿאַרגלייכט די ענערגיע פֿון לעבן צו דער ענערגיע פֿון אַ מאַשין. האָט זיך אויסגעשעפּט דער קוואַל פֿון ענערגיע פֿון דער מאַשין, בלייבט זי אומ־באַוועגלעך. האָט זיך אויסגעשעפּט ביי אַ מענטשן די ענערגיע פֿון לעבן, בלייבט ער אויך אומבאַוועגלעך. דאָס איז אָבער אַ פֿאַלשער פֿאַרגלייך. ווען עס האָט זיך אויסגעשעפּט, זאָגן מיר, דער געזאָלין אין אויטאָמאָביל, איז ער טאַקע גע־בליבן שטיין, און קען זיך ניט באַוועגן, אָבער ער איז ניט געשטאָרבן. דער אויטאָ־מאָביל פֿאַנגט ניט אָן צו פֿוילן און פֿונאַנדערפֿאַלן אויף שטיקער, ווען דער גע־זאָלין איז ביי אים אויסגעגאַנגען. ווען אָבער עס איז אויסגעגאַנגען די לעבנס־ענערגיע ביי דער לעבעדיקער צעלע, שטאַרבט זי און פֿאַנגט אָן פֿוילן.

פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי ? וואָס איז דאָ אַוועק פֿון דער לעבעדיקער צעלע ? וואָס איז דאָס די לעבנס־ענערגיע, וואָס די לעבעדיקע צעלע האָט פֿריער גע־האָט און די טויטע האָט עס ניט ? אַלע שטאָפֿן, אַטאָמען און עלעקטראָנען, וואָס די צעלע האָט פֿריער געהאַט, האָט זי אויך איצט. טאָ פֿאַרוואָס האָט זי פֿריער געלעבט און איצט איז זי טויט ?

וואָס איז לעבן און וואָס איז טויט ?

אויף דעם איז נאָך פֿאַרלויפֿיק קיין ענטפֿער נישטאָ. איין זאַך אָבער האָט מען יאָ אויסגעפֿונען, אַז די לעבעדיקע צעלע אַנטהאַלט אַליין אין זיך די זוימען פֿון טויט. עס איז אויסגעפֿונען געוואָרן, אַז אין יעדער צעלע פֿון אונדזער קער־פּער געפֿינען זיך אַזעלכע שטאָפֿן, וואָס האָבן אין זיך דעם כּוח צו צעשטערן די כעמישע פֿאַרבינדונגען פֿון פּראָטעאין מיט אַנדערע שטאָפֿן, פֿון וועלכע די צעלן פֿון אונדזער קערפּער באַשטייען. נאָר ווי לאַנג די צעלן לעבן, האָבן אָט די צעשטערנדע שטאָפֿן, וואָס געפֿינען זיך אין איר, קיין ווירקונג ניט. אָבער ווי נאָר די צעלע הערט אויף לעבן, פֿאַנגט זיך אָן זייער ווירקונג. די פֿריערדיקע לעבעדיקע צעלן הייבן אָן פֿוילן אונטער דער ווירקונג פֿון די צעשטערנדיקע

שטאָפֿן, וואָס האָבן זיך אין איר געפֿונען און זי פֿאָלט פֿונאַנדער. עס הייסט, אַז אונדזער לעבעדיקער קערפּער טראָגט אין יעדער צעלע זיינער דעם טויט.

דאָס איז אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, אָבער עס זאָגט אונדז נאָך אַלץ ניט וואָס עס איז לעבן, און וואָס עס איז טויט. עס זאָגט אונדז ניט וואָס עס איז דאָס „עפּעס", וואָס האָט פֿריער געהאַלטן די צעלע לעבעדיק און וואָס עס איז פֿון איר אַוועק אַז זי איז געבליבן טויט.

פּראָפֿעסאָר דאַנאַן האָט אין זיין רעפֿעראַט דערציילט, אַז דער באַרימטער ענגלישער פֿיזיאָלאָג, פּראָפֿעסאָר היל, האָט אויסגעפֿונען, אַז זויער־שטאָף (אָקסי־דזשען), וואָס יעדע לעבעדיקע באַשעפֿעניש מוז האָבן צו אָטעמען, איז ניט בלויז הייצונג, ווי מען רופֿט עס, פֿאַר דעם קערפּער, נאָר עס איז אויך דער וויכ־טיקסטער עלעמענט, וואָס היט אָפּ, אָדער קאָנסערווירט דעם געבוי פֿון די צעלן. עס הייסט, אַז דער זויערשטאָף דערלאָזט ניט, אַז די צעשטערנדע שטאָפֿן, וואָס געפֿינען זיך אין דער צעלע, זאָלן קענען ווירקן. דאָס מיינט, אַז די צעלן אין אונדזער קערפּער מוזן שטענדיק ווערן אָקסידירט,כּדי זיי זאָלן קענען לעבן. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, וואָס מאַכט אונדז ווירקלעך אַ ביסל נעענטער צו דעם סוד פֿון לעבן, אָבער עס זאָגט אונדז נאָך אַלץ ניט וואָס לעבן איז.

אַגב איז אויך די אַנטדעקונג ווייט ניט אַזאַ זיכערע. זי איז גיכער אַ טע־אָריע ווי אַ פֿעסטגעשטעלטער פֿאַקט.

וואָלט מען געוואוסט פֿון וואַנען לעבן האָט זיך גענומען, וואָלט מען אפֿשר אויך געקענט אויסגעפֿינען וואָס לעבן איז. אָבער ביז היינט האָבן מיר נאָך אַפֿילו ניט קיין איינהייטלעכע טעאָריע וועגן דעם אָנפֿאַנג פֿון לעבן אויף אונדזער ערד.

עס זיינען פֿאַראַן צוויי טעאָריעס וועגן דעם אָנפֿאַנג פֿון לעבן אויף אונ־דזער פּלאַנעט. איין טעאָריע איז, אַז לעבעדיקע צעלן זיינען אַראָפּגעקומען אויף אונדזער פּלאַנעט דורך אַ צופֿאַל און פֿון זיי האָט זיך אַנטוויקלט די גרויסע מלוכה פֿון לעבן, וואָס מיר האָבן היינט. דאָס איז אָבער אַ טעאָריע, וואָס זאָגט אייגנטלעך גאָרניט. די פֿראַגע איז פֿון וואַנען האָבן די לעבעדיקע צעלן פֿאַר־בלאָנדזשעט אויף אונדזער ערד? זיינען זיי געקומען פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט? אויב אַזוי, טאָ ווי אַזוי זיינען זיי דאָרטן אַנטשטאַנען?

די צווייטע טעאָריע איז, אַז לעבן איז אַרויסגעוואַקסן אונטער געוויסע באַ־דינגונגען פֿון ניט־לעבעדיקן שטאָף. אויף דער טעאָריע קען מען בלויז פֿרעגן איין קשיה: פֿאַרוואָס קען מען איצט אין ערגעץ ניט געפֿינען אַז לעבן זאָל אַרויסוואַקסן פֿון ניט־לעבעדיקן שטאָף? נו, אויף דעם איז פֿון פֿאַרויס אָנגע־גרייט געוואָרן אַן ענטפֿער. דאָס זיינען די ווערטער „אונטער געוויסע באַדינ־גונגען". דאָס הייסט,אַז אַמאָל זיינען געווען „געוויסע באַדינגונגען", אונטער וועלכע לעבן האָט געקענט אַרויסוואַקסן פֿון ניט־לעבעדיקן שטאָף. היינט אָבער זיינען די באַדינגונגען מער ניטאָ. און אונטער געוויסע באַדינגונגען קען מען פֿאַרשטיין אַ סך זאַכן און צושטאַנדן און פֿאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פֿון זאַכן און צושטאַנדן. מען קען זאָגן, אַז פֿאַר דעם, אַז לעבן זאָל קענען אַנטשטיין פֿון ניט־לעבעדיקע שטאָפֿן דאַרף מען האָבן אַ קאָמבינאַציע פֿון געוויסע טעמפּעראַ־טורן און פֿייכטקייט פֿון דער לופֿט, פֿאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פֿון כעמישע

עלעמענטן, וואָס זאָלן זיך געפֿינען אַ געוויסע צייט אונטער דער ווירקונג פֿון דער הייסער פֿייכטער לופֿט א.אַ.וו. אין קורצן, עס לאָזט זיך מאַכן אַ טעאָריע, אָבער איבערצייגנדיק איז זי ניט. דער בעסטער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע „פֿון וואַנען נעמט זיך לעבן?" איז נאָך אויך היינט „מיר וויסן ניט".

נאָר די פֿראַגע, וואָס איז לעבן און וואָס איז טויט, איז אַ שאַרפֿע פֿראַגע בלויז, ווען מיר גלייבן, אַז נאָכן לעבן קומט דער טויט. ווען איינער אָבער גלייבט ניט, אַז נאָך דעם לעבן קומט דער טויט, דאַן פֿאַרלירט די פֿראַגע איר גאַנצע שאַרפֿקייט.

דער באַרימטער ענגלישער פֿיזיקער, סער אָליווער לאָדזש, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דאָס לעבן ענדיקט זיך גאָרניט מיט דעם, וואָס מען רופֿט טויט. דאָס לעבן, האָט ער פֿאַרזיכערט, ווערט פֿאַרגעזעצט אויך נאָכן טויט.

„דאָס אמתע לעבן", האָט אָליווער לאָדזש געזאָגט, „איז אַ סך מער ווי די ערדישע עקזיסטענץ. מיר מאַכן אַ טעות, ווען מיר גלייבן, אַז לעבן קען עקזיס־טירן בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט אַ מאַטעריעלן גוף. לעבן קען אפֿשר נאָך בעסער עקזיסטירן אין ניט מאַטעריעלע זאַכן. אונדזערע חושים קענען פֿילן בלויז מאַטעריעלע זאַכן, און דעריבער האָבן מיר אַ פֿאַרשטעלונג וועגן לעבן בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט מאַטעריעלע קערפּערס. אין דער ווירקלעכקייט אָבער, עקזיס־טירט לעבן ניט בלויז אויף דער ערד, נאָר אויך אין די הויכע ספֿערן ווייט איבער דער ערד."

„עס זיינען פֿאַראַן אַ סך פערזאָנען", האָט אָליווער לאָדזש ווייטער געזאָגט, „וועלכע האָבן אַמאָל געלעבט אויף אונדזער ערד. אָבער זיי לעבן נאָך אויך היינט אין די ספֿערן ניט ווייט פֿון אונדז. זיי האָבן נאָך אַפֿילו אַ סך פֿון די אייגנשאַפֿטן, וואָס זיי האָבן געהאַט אַמאָל, ווען זיי האָבן געלעבט אויף דער ערד. די טויטע זיינען אין דער ווירקלעכקייט ניט טויט, נאָר זיי לעבן. זיי האָבן אַפֿילו קערפּערס, נאָר זייערע קערפּערס זיינען ניט קיין מאַטעריעלע. איך וואָלט זאָגן, אַז זיי האָבן גייסטיקע קערפּערס. זיי האָבן אויך קליידער אויף זייערע קער־פּערס. אָבער ניט קיין מאַטעריעלע קליידער".

איז אויב עס איז אַזוי ווי סער אָליווער לאָדזש זאָגט, דאַן קען מען אפֿשר בלויז פֿרעגן, וואָס איז לעבן, אָבער ניט וואָס איז טויט, ווייל עס איז דאָך גאָר ניטאָ קיין טויט לויט זיין מיינונג. און ווען עס איז ניטאָ קיין טויט, איז דאָך אייגנטלעך אויך ניטאָ קיין פֿראַגע וואָס איז לעבן. די הויפּט־פֿראַגע וועגן לעבן איז, ווען מיר זעען ווי עס ווערט ניט. אָט האָט עס געלעבט און אָט לעבט עס ניט מער. וואָס איז אַלזאָ אַוועק פֿון דעם לעבעדיקן קערפּער, וואָס לעבט איצט ניט מער? ווען מיר זאָלן אָבער גלייבן סער אָליווער לאָדזש, אַז דאָס לעבן הערט גאָרניט אויף און אַז די טויטע זיינען גאָרניט טויט, דאַן איז דאָך מער ניטאָ קיין פֿראַגע וועגן דעם „עפּעס" וואָס איז אַוועק. עס איז געוועזן לעבן און געבליבן לעבן.

איז אָבער די מעשה, אַז די טויטע זיינען שוין גאָרניט לעבעדיק, נאָר גאַנץ טויט, און ממילא ווילט זיך אונדז וויסן וואָס עס איז לעבן, נאָר מיר וויסן ניט. מיר ווילן אַריינדרינגען אין דעם אייביקן סוד פֿון לעבן און מיר קענען ניט.

מען האָט שוין אַ סך זאַכן אויסגעפונען וועגן לעבן, מען האָט אַפילו אויס־געפונען אַן אַפּאַראַט מיט וועלכן מען קען „הערן" ווי דער מאַרך טראַכט, און מען קען מעסטן די אָנשטרענגונגען וואָס דער מאַרך מאַכט ביים טראַכטן; מען קען שוין היינט מעסטן די עלעקטרישע קראַפט וואָס אַנטוויקלט זיך ביי יעדער מוסקול־באַוועגונג. מען ווייסט אַ סך וועגן דער טעטיקייט פון די נערוון און אין אַלגעמיין וועגן דעם מעכאַניזם פון מענטשלעכן קערפּער, אָבער דער סוד פון לעבן איז נאָך אַלץ אַ גרויסער סוד.

1935



## וואָס גייט אַרויס — די נשמה אָדער די עלעקטריציטעט?

וואָס איז לעבן? עס קלינגט איצט ווי אַ גאַנץ נאַרישע פראַגע, ווען מענטש־לעכע לעבנס זיינען אַזוי ביליק און ווערן פאַרניכטעט אין אַזעלכע ריזיקע צאָלן.

יעדן טאָג ווערן אויף די שלאַכטפעלדער פאַרניכטעט טויזנטער לעבנס. קיינער ווייס אַפילו ניט וויפל. עס ווייסן אַפילו ניט די קריגס־פירער. זיי קענען בלויז וויסן וויפל סאָלדאַטן זיי האָבן פאַרלוירן, אָבער זיי ווייסן ניט וויפל פון די פאַרלאָרענע זיינען געהרגעט געוואָרן און וויפל עס זיינען געוואָרן געפאַנגען. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט מען ערשט מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער קענען מאַכן אַ חשבון וויפל מענטשלעכע לעבנס עס זיינען אין איר אומגעקומען.

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מענטשלעכע לעבנס האָבן איצט אַזאַ קליינעם ווערט, טוט זיך די וויסנשאַפט איר זאַך און מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו ראַטעווען אַ מענטשלעכן לעבן, ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין און ווי קאָסטבאַר דאָס זאָל ניט זיין. פיל מער, די וויסנשאַפט זוכט נאָך אויך איצט, אין דער צייט פון דער מלחמה, צו געפינען אַן ענטפער אויף דער פראַגע וואָס איז לעבן, ווי זי האָט עס געטאָן אין דער צייט פון פרידן.

דאָרטן אויפן שלאַכטפעלד, באַנוצן די קריגס־פירער אַלע מיטלען ווי צו פאַרניכטן וואָס מער מענטשלעכע לעבנס, און ערגעץ אַנדערשוואו זיצן וויסנ־שאַפטסלייט אין זייערע לאַבאַראַטאָריעס און מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען אויסצו־געפינען וואָס דאָס איז לעבן.

די פראַגע איז זייער אַן אינטערעסאַנטע, נאָר קיין ריכטיקן ענטפער ווייס מען נאָך אַלץ ניט. עס ווערט בלויז אַלץ שטאַרקער די מיינונג, אַז לעבן האָט צו טאָן מיט עלעקטריציטעט, ווייל ביי טויטע איז ניטאָ קיין עלעקטריציטעט. פון די אַלע פאָרשונגען און אונטערזוכונגען, וואָס מען האָט געמאַכט, קומט מען אַלץ מער צו דער איבערצייגונג, אַז אַ לעבעדיקע באַשעפעניש איז אַן עלעק־טרישער מעכאַניזם און, אַז לעבן איז אַן עלעקטרישע דערשיינונג, אָדער אַן עלעקטרישער פּראָצעס.

די פילאָזאָפן קענען פילאָזאָפירן וויפל זיי ווילן וועגן גוף און נשמה, וועגן גייסט און מאַטעריע, אָבער פאַר די ביאָלאָגן, פאַר די כעמיקער און מעדיצינער איז עס אַ פראַגע פון כעמישע פּראָצעסן און עלעקטרישע דערשיינונגען, וואָס

קומען פֿאַר אין קערפּער פֿון אַ לעבעדיקער באַשעפֿעניש, גאַנץ גלייך ווי די באַשעפֿעניש ווערט גערופֿן — חיה אָדער מענטש.

עס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אַ סך אָפּהאַנדלונגען און זיי ווערן ווייטער געשריבן וועגן די עלעקטרישע כּוחות, וואָס ווירקן אין דעם קערפּער פֿון לעבעדיקע באַשעפֿענישן און אין דעם כּלל אויך די לעבעדיקע באַשעפֿעניש, וואָס הייסט מענטש. די אונטערשטע שורה פֿון אַלע אָפּהאַנדלונגען איז, אַז לעבן איז אַן עלעקטרישער פּראָצעס און די לעבנס־פֿונקציעס זיינען אַן אויסדרוק פֿון עלעקטרישער ענערגיע, וואָס ווערט אומאויפֿהערלעך פּראָדוצירט אין קערפּער. עס הייסט, אַז אין די פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דעם מענטשלעכן קערפּער געפֿינען זיך מיליאַסן עלעקטרישע באַטערייען, וואָס פּראָדוצירן עלעקטרישע ענערגיע, וועלכע קומט צום אויסדרוק ביי יעדער גייסטיקער טעטיקייט פֿון דעם מענטשן.

ווי אַזוי די עלעקטרישע ענערגיע ווערט פּראָדוצירט אין דעם קערפּער איז פֿאַראַן אַ גאַנצע דערקלערונג, אָבער איך האָב דאָ ניט בדעה אויסצולערנען די גאַנצע תּורה אויף איין פֿוס. עס איז אַ מעשה וועגן גרויסע מאָלעקולן (אַ פֿאַרבינדונג פֿון אַטאָמען) פֿון פּראָטעין אָדער איי־ווייס (ניט צו פֿאַרבייטן מיט ווייסל פֿון אַן איי), וואָס געפֿינען זיך אין קערפּער און ווירקן ווי מאַגנעטן. און יעדער, וואָס האָט אַ שטיקל ידיעה וועגן מאַגנעטיזם און עלעקטריציטעט, ווייס, אַז אונטער געוויסע באַדינגונגען פּראָדוצירן מאַגנעטן אַן עלעקטרישן שטראָם. אָבער די זאַך איז ניט אַזוי איינפֿאַך, אַז מען זאָל איר קענען מאַכן אַזוי קורץ. וועל איך זיך דעריבער האַלטן נענטער צו דעם עיקר פֿון דעם ענין, צו דער אונטערשטער שורה, אַז לעבן איז אַן עלעקטרישע דערשיינונג.

און דאָס איז ניט בלויז אַ טעאָריע סתּם אין דער וועלט אַריין, נאָר זי שטיצט זיך אויף פֿאַקטן, וואָס זיינען פֿעסטגעשטעלט געוואָרן דורך פֿאָרשונגען, וואָס פּראָפֿעסאָר עדווין קאָהן, פֿון האַרוואַרד אוניווערזיטעט, האָט דורכגעפֿירט מיט עטלעכע יאָר צוריק. ער האָט אויף דעם געאַרבעט צען יאָר צייט.

אין דער אמת, זיינען די שלוסן, צו וועלכע פּראָפֿעסאָר עדווין קאָהן איז געקומען דורך זיינע לאַנגע פֿאָרשונגען, ניט אין גאַנצן קיין אָריגינעלע. עס זיינען שוין פֿאַר אים געבראַכט געוואָרן מערערע באַווייזן, באַגרינדעט אויף עקספּערימענטן ,אַז די גייסטיקע פֿונקציעס פֿון מענטשן, ווי אויך פֿון אַנדערע לעבעדיקע באַשעפֿענישן, זיינען פֿאַרבונדן מיט עלעקטרישע פּראָצעסן פֿון קערפּער. עס איז אַפֿילו באַוויזן געוואָרן, אַז טראַכטן איז פֿאַרבונדן מיט אַן עלעקטרישן פּראָצעס. מען האָט אַפֿילו געמאָסטן די עלעקטרישע ענערגיע, וואָס ווערט פּראָדוצירט און פֿאַרברויכט אין דעם פּראָצעס פֿון טראַכטן. אויף איינעם פֿון די קאָנגרעסן פֿון עקספּערימענטאַלער ביאָלאָגיע מיט אייניקע יאָר צוריק, זיינען צוגעשטעלט געוואָרן איבערצייגנדע באַווייזן, אַז דער צושטאַנד פֿון באַוואוסטזיין און באַוואוסטלאָזיקייט, און פֿון וואַכזאַמקייט און שלאָף ביי לעבעדיקע באַשעפֿענישן, הענגט אויך אָפּ פֿון אַן עלעקטרישן פּראָצעס אין קערפּער.

עס איז אויספּרובירט געוואָרן, אַז די עלעקטריציטעט אין קערפּער האָט אַן אַנדער ריכטונג ווען די לעבעדיקע באַשעפֿעניש איז וואַך אָדער שלאָפֿט.

אַן עלעקטרישער שטראָם האָט אַ באַשטימטע ריכטונג. ער גייט, ווי מען זאָגט עס אויף דער שפּראַך פֿון פֿיזיק, פֿון פּאָזיטיוו צו נעגאַטיוו. עס זיינען

פֿאַראַן עלעקטרישע אינסטרומענטן, וואָס ווייזן אין וועלכער ריכטונג אַן עלעק־טרישער שטראָם פֿליסט. האָט מען מיט אַזאַ אינסטרומענט, אַ זייער דעליקאַטן, אויספּרובירט אויף די חיות די ריכטונג פֿון עלעקטרישן שטראָם אין זייער קערפּער ווען זיי זיינען וואַך און ווען זיי שלאָפֿן. די רעזולטאַטן האָבן געוויזן, אַז ווען די חיה איז וואַך, פֿליסט ביי איר דער עלעקטרישער שטראָם אין דער ריכטונג פֿון די נערוון צום מאַרך פֿון קאָפּ. ווען אָבער די חיה שלאָפֿט, איז די ריכטונג פֿון עלעקטרישן שטראָם אַן אומגעקערטע — פֿון מאַרך צו די נערוון. עס הייסט, אַז ווען די חיה איז וואַך, זיינען אירע נערוון אָנגעלאָדן מיט פּאָזיטי־ווער עלעקטריציטעט און איר מאַרך מיט נעגאַטיווער, ווייל די ריכטונג פֿון עלעקטרישן שטראָם איז, ווי שוין געזאָגט, פֿון פּאָזיטיוו צו נעגאַטיוו. אָבער ווען די חיה שלאָפֿט, איז עס אומגעקערט — איר מאַרך איז אָנגעלאָדן מיט פּאָזיטיווער עלעקטריציטעט און אירע נערוון מיט נעגאַטיווער. דאָס זעלביקע קומט פֿאָר, ווען די חיה געפֿינט זיך אין אַ צושטאַנד פֿון באַוואוסטזיין אָדער אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. און אויב עס איז אַזוי ביי אַ חיה, איז עס געוויס אויך ניט אַנדערש ביי אַ מענטשן, וועלכער איז פֿאַרן ביאָלאָג און זאָאָלאָג ניט מער ווי אַ חיה אויף צוויי פֿיס.

ווי איר זעט, איז עס אַלץ די עלעקטריע. און דאָס דערמאָנט מיר די אַמאָליקע אַפּיקורסים פֿון מיין שטעטל, וועלכע האָבן אויפֿגעהערט גלויבן, אַז אַ מענטש האָט אַ נשמה, וואָס גייט ביי אים אַרויס, ווען ער שטאַרבט. עס איז ניט קיין נשמה, האָבן זיי מיר דערקלערט, נאָר עס איז די „עלעקטרע". עס גייט אויס די „עלעקטרע" און מען איז פֿאַרטיק.

איך האָב עס דאָס ערשטע מאָל געהערט ווען איך בין געקומען צו מיינע עלטערן אין שטעטל צו גאַסט. די יוגנט האָט משמעות געוואָלט מיר ווייזן ווי וויט זי איז פֿאַרגעשריטן און אַז זי גלויבט מער אין עלעקטריע ווי אין אַ נשמה.

איך בין געווען צופֿרידן מיט דעם פּראָגרעס, וואָס די יוגנט פֿון מיין שטעטל האָט געמאַכט, אָבער איך האָב ניט געפֿרעגט וואָס דאָס מיינט „עס גייט אַרויס די עלעקטרע", ווייל איך האָב געהאַט אַ פֿאַרדאַכט, אַז מען וועט מיר אויף דעם קיין ענטפֿער ניט קענען געבן.

נאָר האָב איך דאַמאָלט געוואוסט וואָס „עלעקטרע" איז? איך האָב גע־גלויבט, אַז איך האָב געוואוסט. איך האָב „עלעקטרע" ניט בלויז געזען, נאָר אין מיינע הענט געהאַלטן. עלעקטריציטעט איז געווען ביי מיר דער אינטערע־סאַנטסטער טייל פֿון פֿיזיק און איך האָב אַליין געמאַכט פֿאַרשיידענע עקספּע־רימענטן מיט אַן עלעקטרישער באַטעריי און איך האָב גוט געוווּסט ניט בלויז דעם שכל פֿון אַן עלעקטרישן גלעקל, ווי אַזוי עס פֿאַנגט אַן קלינגען און ווי אַזוי עס הערט אויף, נאָר איך האָב אַפֿילו געוואוסט דעם שכל פֿון טעלעגראַף. ערשט שפּעטער, ווען איך האָב גענומען שטודירן עלעקטריציטעט ברייטער און גרינד־לעכער, האָב איך אָנגעפֿאַנגען באַגרייפֿן, אַז איך ווייס ניט וואָס „עלעקטרע" איז. איך האָב געלערנט די געזעצן פֿון עלעקטריציטעט, איך האָב זיך אויסגע־לערנט צו מעסטן און אויסצורעכנען די עלעקטרישע קראַפֿט אין אירע פֿאַרשיי־דענע פֿאָרמען, אָבער וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מין זאַך אָט די „עלעקטרע" ווייס

איך ביז היינט ניט אויף קלאָר. עס איז אָט אַזוי ווי מיטן לעבן. מען האָט אויסגעשטודירט אַ סך געזעצן פֿון לעבן און מען האָט זיך אַפֿילו אויסגעלערנט ווי דאָס לעבן צו פֿאַרלענגערן, אָבער וואָס דאָס איז לעבן, ווייס מען נאָך אַלץ ניט. איצט ווייס איך, אַז איך ווייס ניט אַ סך זאַכן, וואָס איך האָב אַמאָל גע־מיינט, אַז איך ווייס.

איך דאַרף זיך מודה זיין, אַז ווען איך האָב געהערט פֿון דער „אויפֿגע־קלערטער" יוגנט פֿון מיין שטעטל, אַז שטאַרבן מיינט, אַז די „עלעקטרע גייט אויס", האָב איך אין זיך שטאַרק געלאַכט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער איינפֿאַל איז מיר גאַנץ גוט געפֿעלן געוואָרן. אָבער ווי איך זע, האָב איך גאָר ניט געהאַט פֿון וואָס צו לאַכן. די „אויפֿגעקלערטע" יוגנט פֿון מיין שטעטל האָט גאָר ניט גערעדט ווייט פֿון וועג, ווי מיר האָט זיך דאַמאָלט אויסגעוויזן. עס האַלט שוין דערביי, אַז אויך די וויסנשאַפֿט זאָל זאָגן, אַז די „עלעקטרע גייט אַרויס".

פֿאַקטיש קומט דאָך אַזוי אויס, אַז ווען עס גייט אויס די עלעקטרע איז עס געענדיקט, עס לעבט ניט מער.



## אפֿשר שטאַרבט מען גאָרניט, ווען מען שטאַרבט

יעדעס מאָל ווען איך גיי צו דער לוויה פֿון אַ נאָענטן מענטשן, דערמאָן איך זיך מיין טאַטנס אַלטע פֿראַגע: ווי אַזוי קענסטו זיין אַזוי זיכער, אַז עס קען ניט זיין קיין לעבן נאָכן טויט?

איך דערמאָן עס צוליב דעם, ווייל עס זיינען פֿאַראַן מאָמענטן, ווען עס וואָלט זיך וועלן גלייבן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ לעבן נאָכן טויט.

איך האָב געלייענט, אַז ווען ביים באַרימטן פֿראַנצויזישן פּאַסטעיר איז געשטאָרבן אַ יונגע טאָכטער, וועלכע ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט, האָט ער אין פֿאַרצווייפֿלונג אויסגערופֿן: עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז איך וועל איר שוין מער קיין מאָל ניט זען!

איך ווייס ניט צי פּאַסטעיר האָט טאַקע נאָך דעם טויט פֿון זיין יונגער טאָכטער אָנגעפֿאַנגען גלייבן אין אַ לעבן נאָכן טויט, אָבער דער באַרימטער ענגלישע פֿיזיקער סער אָליווער לאָדזש איז נאָך דעם טויט פֿון זיין איינציקן זון געוואָרן אַ שטאַרקער גלויביקער אין אַ לעבן נאָכן טויט.

איך ווייס ניט אויב עס וואָלט געווען גוט, ווען עס וואָלט געווען אַ לעבן נאָכן טויט. בערנאַרד שאָה מיינט, אַז עס וואָלט געווען אַן אומגליק, ווייל אַ מענטש וואָלט קיין מאָל ניט פּטור געוואָרן פֿון זיך אַליין. אָבער איך בין דאָ ניט אויסן זיך צו פֿאַרנעמען מיט דער פֿילאָזאָפֿיע וועגן אַ לעבן נאָכן טויט. איך האָב בלויז געוואָלט באַמערקן, אַז אין געוויסע מאָמענטן גיט מען אַ טראַכט וועגן דעם. משמעות, אַז דער אינסטינקט פֿון לעבן איז אַזוי שטאַרק, אַז ער זוכט אונדז איינצורעדן, אַז לעבן הערט ניט אויף אַפֿילו נאָכן טויט.

נאָר אויב שוין יאָ פֿילאָזאָפֿירן וועגן לעבן און טויט, טאָ פֿאַרוואָס פֿילאָזאָפֿירן וועגן לעבן נאָכן טויט, שוין בעסער אַ פֿילאָזאָפֿיר טאָן, אויב מיר שטאַרבן איבערהויפּט?

פֿילאָזאָפֿיע איז זייער אַן אינטערעסאַנטע זאַך. ווען איר פֿילאָזאָפֿירט ניט, איז אַלץ אין אָרדנונג. צייט איז צייט, רוים איז רוים, אַ גוף איז אַ גוף און אַ נשמה איז אַ נשמה. פֿאַנגט איר אָבער אָן צו פֿילאָזאָפֿירן, ווערט פֿון אַלץ אַ תּל. צייט איז קיין צייט ניט, רוים איז קיין רוים ניט, און איר הערט אויף צו וויסן, ניט בלויז וואָס עס איז אַ גוף און וואָס עס איז אַ נשמה, נאָר איר הערט אַפֿילו אויף צו זיין זיכער, אַז איר לעבט אויף דער וועלט. נאָך מער, איר פֿאַנגט אָן צווייפֿלען אויב עס איז פֿאַראַן אַ וועלט אויף דער וועלט. און אויב זי איז שוין יאָ פֿאַראַן, הערט איר אויף צו וויסן ווי זי זעט אויס, ווייל לויט דער פֿילאָזאָפֿיע קומט אויס, אַז די וועלט, וואָס מיר זעען, קוקט גאָרניט אויס ווי אונדז דאַכט זיך. דער באַרימטער ענגלישער פֿיזיקער און אַסטראָנאָם דזשעימס דזשינס האָט מיט אייניקע יאָרן צוריק זיך פֿאַרנומען צו האַלטן אַ לאַנגע רעדע פֿאַר דעם ענגלישן „פֿאַראיין פֿאַר דעם פֿאָרשריט פֿון וויסנשאַפֿט", אין וועלכער ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די וועלט אין וועלכער מיר לעבן איז אין גאַנצן אַן אַנדערע, ווי מיר זעען איר. עס הייסט, אַז די וועלט נאַרט אונדז אָפּ מיט איר אויסזען.

אינטערעסאַנטער פֿאַר אַלץ איז מיר די פֿילאָזאָפֿיע וועגן צייט און רוים. הויפּטזעכלעך וועגן צייט. רוים אינטערעסירט מיך בלויז צייטנווייז, ווען איך דאַרף זיך איבערקלייבן פֿון איין דירה אין אַ צווייטער, אָדער ווען איך קען מיר סתּם קיין אָרט ניט געפֿינען. עס טרעפֿן אַזעלכע צייטן, ווען די וועלט ווערט אייך צו ענג.

אַלע גרויסע פֿילאָזאָפֿן, אָנפֿאַנגענדיק פֿון עמנואל קאַנט, פֿאַרזיכערן, אַז רוים איז ניט מער ווי אַ באַגריף, עס הייסט, אַז אין דער ווירקלעכקייט עקזיס־טירט ניט קיין רוים, עס איז ניטאָ אַזוינס אין דער וועלט. רוים עקזיסטירט בלויז אין אונדזער פֿאָרשטעלונג. הייגט אויב אַזוי, טאָ וואָס דאַרף איך זאָרגן וועגן רוים, וועגן אַ זאַך, וואָס עקזיסטירט ניט אין דער ווירקלעכקייט, אויסער אין מיין אייגענער פֿאָרשטעלונג? אָט וועל איך מיר אַרויסשלאָגן פֿון מיין פֿאָר־שטעלונג, אַז רוים עקזיסטירט און איך וועל אין גאַנצן ניט נויטיק האָבן קיין דירה און וועל פֿאַרשפּאָרן צו צאָלן רענט אַלע חודש. און ווען אַלע זאָלן טאָן דאָס זעלביקע, עס הייסט, זיך אַרויסשלאָגן פֿון דער פֿאָרשטעלונג, אַז רוים עקזיסטירט, וואָלט מיט איין מאָל פֿאַרשוואונדן דער איצטיקער גרויסער מאַנגל אין דירות. אמת, אַפֿילו פּראָפֿעסאָר איינשטיין, וועלכער באַווייזט מיט זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, אַז רוים עקזיסטירט בלויז אין אונדזער פֿאָרשטעלונג, אָבער ניט אין דער ווירקלעכקייט, מוז אויך האָבן אַ שטיקל אָדער אַ ביסל רוים, וואו צו וואוינען, אָבער עס איז דאָך אינטערעסאַנט צו פֿאָרן אין אַ געפּאַקטן ניו־יאָרקער סאָבוועי און טראַכטן, אַז רוים איז ניט מער ווי אַ באַגריף, אַ פֿאָרשטעלונג.

נאָר די פֿילאָזאָפֿיע פֿון רוים, ווי שוין געזאָגט, אינטערעסירט מיך בלויז צייטנווייז, ווען איך האָב רוים־טראָבל, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. אָבער

די פֿילאָזאָפֿיע וועגן צייט אינטערעסירט מיך פֿיל מער, ווייל מיט צייט האָב איך שטענדיק טראָבל: אָדער איך האָב צו ווייניק צייט, אָדער איך האָב צו פֿיל צייט. זעלטן ווען איך האָב צייט אין דער ריכטיקער מאָס. און צייט, ווי שוין געזאָגט, איז דאָך אויך ניט מער ווי אַ באַגריף. אויך צייט עקזיסטירט ניט אין דערווירקלעכקייט. עס איז בלויז אַ פֿאָרשטעלונג, אַ באַציאונג און ווייטער גאָרניט. אַזוי האָט געזאָגט עמנואל קאַנט און אַזוי זאָגט אַלבערט איינשטיין, און אַזוי האָבן געזאָגט אַנדערע גרויסע פֿילאָזאָפֿן, מאַטעמאַטיקער און פֿיזיקער.

נאָר אויב צייט און רוים זיינען בלויז באַגריפֿן, בלויז פֿאָרשטעלונגען, טאָ פֿאַרוואָס זיינען זיי אַזוי פֿאַרשיידן איינע פֿון דער אַנדערער? רוים האָט פֿאַר־שיידענע ריכטונגען. אין רוים קענען מיר גיין פֿון מזרח צו מערב און צוריק, פֿון צפֿון צו דרום און צוריק, בעת צייט האָט בלויז איין ריכטונג — פֿון דער פֿאַר־גאַנגענהייט צו דער צוקונפֿט. קיין צוריק־ריכטונג איז ניטאָ. מען קען ניט גיין צוריק צו דער פֿאַרגאַנגענהייט. ווען איר גייט, למשל, זען אַ פּיעסע אין טעאַטער (אַ זאַך, וואָס געפֿינט זיך אין רוים), קומט איר צום טעאַטער און גייט אַוועק צוריק פֿון אים. און אויב די פּיעסע געפֿעלט אייך זייער שטאַרק און איר זייט אַ טעאַטראַל, ווי מען רופֿט עס, קענט איר ווידער אַמאָל גיין אין טעאַטער און קומען צוריק אַהיים. און ווען די פּיעסע איז אייך ניט געפֿעלן און איר האָט ניט געקענט אויסזיצן ביזן סוף און איר זייט פֿון טעאַטער אַנטלאָפֿן אין מיטן שפּיל, אויסגיסנדיק אייער האַרץ אויפֿן פֿאַרפֿאַסער פֿון דער פּיעסע צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן, איז אָבער דאָך דער טעאַטער געבליבן וואו ער איז. מיט צייט אָבער איז עס גאַנץ אַנדערש. ווען איר האָט באַגעגנט וועלכע עס איז פּאַסירונג אין גאַנג פֿון דער צייט און איר זייט איר פֿאַריבער, קענט איר מער צוריק צו איר ניט קומען. אָט לאָמיר נעמען אַזאַ ביישפּיל: עס איז איצט אַריין אין דער מאָדע אין די יידישע ראַדיקאַלע קרייזן צו פּראַווען אַ בר־מצוה־יום־טוב, אָבער אין אייער צייט, ווען איר זייט געוואָרן דרייצן יאָר אַלט, איז ביי די יידישע ראַ־דיקאַלן אַזאַ מאָדע ניט געווען און איר ווילט איצט צוריקכאַפּן, וואָס אייער טאַטע האָט פֿאַרפֿעלט, קענט איר עס ניט. איר קענט קיינמאָל זיך ניט אומקערן צוריק און ווערן דרייצן יאָר אַלט. און אויב איר זייט אַ שרייבער, אַ יוניאָן־פֿירער, אַ כלל־טוער, אָדער סתּם אַזוי אַ מענטש, וואָס האָט ליב, אַז מען זאָל אייך אָפּגעבן כּבוד, און מען האָט געפּייערט אייער 50יעריקן יובילייִ, קענט איר זיך מער צוריק צו אייער אָפּגעפּייערטן יובילייִ ניט אומקערן. איר קענט מער ניט ווערן נאָך אַמאָל פֿופֿציק יאָר אַלט. ווייניקסטנס ניט אין דער זעלביקער שטאָט וואו איר וואוינט... איר דאַרפֿט בעסער אָנפֿאַנגען צוגרייטן אייער זעכציק־יעריקן יו־בילייִ, ווייל איר קענט בלויז ווערן עלטער, אָבער ניט יינגער. צוריקגיין אין צייט קען מען ניט.

אָבער אויב צייט איז בלויז אַ באַגריף, אַ פֿאָרשטעלונג פֿון דער מענטש־לעכער דענקונג־קראַפֿט, טאָ לאָמיר זיך פּרובירן פֿאָרשטעלן, אַז אויך צייט האָט מער ווי איין ריכטונג, פּונקט אַזוי ווי רוים. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז צייט האָט ניט בלויז אַ פֿאָרווערטס־ריכטונג, נאָר אויך אַ ריקווערטס־ריכטונג, און אַז די ריכטונג פֿון צייט גייט ניט בלויז פֿון היינט צום מאָרגן און פֿון דער פֿאַרגאַנ־גענהייט צו דער צוקונפֿט, נאָר אויך פֿאַרקערט, דעמאָלט וואָלט מען געקענט

ווערן בר־מצוה ניט בלויז איין מאָל, נאָר וויפל מאָל מען וואָלט געהאַט חשק. און אַ מיידל וואָלט געקענט זיין ניט בלויז איין מאָל אין לעבן אַ „סוויט סיקסטין", אָדער אַ „באַק־פיש", ווי מען זאָגט עס אויף דייטש און דייטש־יידיש, נאָר צו יעדער צייט, ווען עס וואָלט זיך איר פאַרגלוסט, צוריקגיין און עס ווידער ווערן. און זיבעציק־יעריקע יובילעאומס, וואָס, דאַכט זיך, אַזעלכע ווילן אַלע אַפּלייגן אויף וואָס שפּעטער, וואָלטן אין גאַנצן געקענט אָפּגעשאַפט ווערן. מען וואָלט בעסער נאָכן פופציק־יעריקן יובילעיי גאָר געפייערט דעם פינף־און־צוואַנציקסטן. און מען וואָלט מער ניט געקענט פרעגן דאָס באַוואוסטע רעטעניש, וואָס אַ האָן ווערט נאָך זיבן יאָר. דער חכמהדיקער ענטפער, אַז ער ווערט אַכט, וואָלט מער ניט געטויגט, ווייל ער וואָלט געקענט ווערן זעקס, פינף און אַפילו איין יאָר אַלט. די באַגריפן יונג און אַלט וואָלטן מער קיין זין ניט געהאַט. זיי וואָלטן גאָר ניט עקזיסטירט. עס וואָלטן אויך ניט געקענט עקזיסטירן די באַגריפן פון שטערבלעכקייט און אומשטערבלעכקייט. אונדזער לעבן וואָלט געווען פערמאַנענט.

ווי איר זעט, איז די פראַגע פון יונג און אַלט, פון לעבן און טויט בלויז אַ רעזולטאַט פון אונדזער באַגרענעצטן באַגריף וועגן צייט. לאָמיר דערמאָנען נאָך אַמאָל, אַז לויט עמנואל קאַנט, אַלבערט איינשטיין א.אַ.וו., עקזיסטירט ניט צייט אין דערווירקלעכקייט. עס איז נאָר אַ פאָרשטעלונג פון דער מענטשלעכער דענקונג־קראַפט. און ווייל אונדזער באַגריף וועגן צייט איז אַזוי באַשרענקט, אַז מיר קענען זיך איר פאָרשטעלן בלויז אין אַ פאָרווערטס־ריכטונג, אָבער ניט אין אַ ריקווערטס־ריכטונג, עקזיסטירן ביי אונדז אַזעלכע באַגריפן וועגן טויט און שטערבלעכקייט. ווען אָבער אונדזער באַגריף וועגן צייט וואָלט ניט געווען אַזוי באַשרענקט; ווען מיר וואָלטן זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז די צייט קען אויך גיין אויף צוריק, דעמאָלט וואָלטן מיר קיין שום באַגריף ניט געהאַט וועגן טויט און שטערבלעכקייט.

נאָר אויב די גאַנצע זאַך האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ באַגריף און אַ פאָרשטעלונג, אָבער ניט וועגן אַ ווירקלעכקייט, איז דאָך ממילא אויך טויט ניט קיין ווירקלעכקייט, נאָר אַ פאָרשטעלונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אונדזער באַגרענעצטן באַגריף וועגן צייט. און אַזוי ווי צייט עקזיסטירט ניט אין דער ווירקלעכקייט, איז אויך ניטאָ קיין טויט אין דער ווירקלעכקייט. און אויב אַזוי, צו וואָס פאַרזויערן מיר זיך אונדזער לעבן, טראַכטנדיק וועגן טויט? עס איז דאָך אַפילו ניט נויטיק צו גלייבן אין אַ לעבן אויף יענער וועלט, ווייל צו וואָס דאַרפן מיר אַ לעבן אויף יענער וועלט, ווען מיר שטאַרבן ניט אויף דער וועלט?

נאָר וואָס העלפט די פילאָזאָפיע, אַז מיר גייען דאָך צו לוויות און זיי קוקן אויס צו זיין גאַנץ ווירקלעכע. אונדזער שטאַרקער באַגער צו לעבן, וואָס וויל ניט שלום מאַכן מיטן טויט, באַמיט זיך אונדז איינצורעדן, אַז אויך נאָכן טויט איז פאַראַן אַ לעבן און עס זיינען פאַראַן גאָר אַ סך, וואָס גלייבן עס אויך, אָבער דאָך וויל קיינער פון זיי זיך ניט אַריבערקלייבן אויף יענער וועלט פאַרצווזעצן דאָרטן דאָס לעבן.

1946

# אַ נייער מיטל צו פֿאַרלענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן

די קאָנוועשאָן פֿון אַמעריקאַנער כעמישן פֿאַראיין, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק האָט זיך געעפֿנט מיט צוויי פֿריילעכע באַריכטן. דער ערשטער איז געווען פֿון פּראָפֿעסאָר גלען ט. סיבאָרג פֿון דעם קאַליפֿאָרניער אוניווערזיטעט, וועלכער האָט דערציילט, אַז עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו שפּאַלטן די אַטאָמען פֿון פֿינף אַנדערע עלעמענטן, אויסער אוראַניום און טהאָריום. נאָר פֿון דער ענערגיע פֿון די געשפּאָלטענע אַטאָמען פֿון די פֿינף עלעמענטן וועט מען ניט קענען מאַכן קיין באָמבעס. פֿאַרקערט, די שפּאַלטונג פֿון די אַטאָמען פֿון די פֿינף עלעמענטן וועט, האָפֿנטלעך, פֿירן דערצו, אַז מען זאָל קענען פֿאַרוואַנדלען ענערגיע אין מאַטעריע. עס הייסט אַזוי: ווען מען שפּאַלט די אַטאָמען פֿון אוראַניום, פֿאַרוואַנדלט זיך מאַטעריע אין ענערגיע, פֿון וועלכער מען שאַפֿט אַן אַטאָמישע באָמבע, בעת די שפּאַלטונג פֿון די אַטאָמען פֿון די אַנדערע עלעמענטן קען באַנוצט ווערן פֿאַר אַן אומגעקערטן פּראָצעס — צו פֿאַרוואַנדלען ענערגיע אין מאַטעריע צו באַשאַפֿן נייע שטאָפֿן, וואָס ביז איצט האָט עס בלויז גאָט אַליין געקאָנט טאָן.

דער צווייטער באַריכט איז געקומען פֿון דר. טהאָמאַס גאַרדנער, וועלכער האָט אויסגעפֿונען, אַז די זאַפֿט, מיט וועלכער די בינען קאָרמענען זייער קעניגין אין בינשטאָק, קען זיין אַ גוטער מיטל צו פֿאַרלענגערן אונדזערע יאָרן.

עס איז אַן אַלט־באַקאַנטער פֿאַקט, אַז דער לעבן פֿון די אַרבעטס־בינען איז אַ סך אַ קירצערער ווי פֿון זייער קעניגין. דער לעבן פֿון אַן אַרבעטס־בין אין בינשטאָק איז אַ גאַנץ קורצער — אַן ערך דריי חדשים — בעת די קעניגין פֿון בינשטאָק לעבט אַן ערך פֿינף יאָר. עס הייסט, צוואַנציק מאָל אַזוי לאַנג, ווי אַן אַרבעטס־בין. ווען עס זאָל זיך טרעפֿן, אַז אַ מענטשלעכע קעניגין זאָל לעבן צוואַנציק מאָל אַזוי לאַנג ווי אַ געוויינלעכער מענטש, וואָלט זי געדאַרפֿט לעבן מער ווי דרייצן הונדערט יאָר, מיט איבער דריי הונדערט און פֿופֿציק יאָר מער ווי מתושלח. פֿון דעם דאַרף מען דרינגען, אַז ווען מענטשן זאָלן עסן די זעלבע „קעניגלעכע" שפּייז, מיט וועלכער די בינען קאָרמענען זייער קעניגין, וואָלטן די מענטשן געלעבט אַ סך לענגער, אפֿשר אַזוי לאַנג און נאָך לענגער ווי מתושלח.

איך זאָג „אפֿשר", ווייל מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז עס איז דאָך אַן אונטערשייד צווישן מענטשן און בינען. דר. גאַרדנער האָט פֿון זיינע עקספּערימענטן אויסגעפֿונען, אַז אין דעם פּרט פֿון דער קעניגלעכער בינען־שפּייז איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד צווישן בינען און פֿרוכט־פֿליגן. ער האָט נעמלעך גענומען די שפּייז, מיט וועלכער די בינען קאָרמענען זייער קעניגין, און האָט עס געגעבן צו פֿרוכט־פֿליגן און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זייער לעבן איז פֿאַרלענגערט געוואָרן אויף 46 פּראָצענט. ווען דער לעבן פֿון מענטשן וואָלט געקענט פֿאַרלענגערט ווערן אויף 46 פּראָצענט, וואָלט אַ דורכשניטלעכער מענטשלעכער לעבן געווען נאָענט צו הונדערט יאָר.

נו, איך וועל זיך דאָ ניט פֿאַרנעמען מיט דעם כעמישן אַנאַליז פֿון דער „קעניגלעכער" בינען־שפּייז. לויט ווי דר. גאַרדנער גיט אָן, האָט אָט די שפּייז אין זיך אַ גרויסע מאָס פּאַנטהאָטעניק זויערע, וואָס איז אַ וויטאַמין פֿון דעם

„בי־קאָמפּלעקס״. אָבער פֿאַר דעם געוויינלעכן לעזער זאָגט עס אַזוי ווי גאָרניט. עס גיט אים בלויז אַ ניי וואָרט, וואָס איז שווער אַרויסצורעדן און נאָך שווערער צו געדענקען. פֿאַר מיר איז דעריבער דאָ ניט וויכטיק דער כעמישער אַנאַליז פֿון דער „קעניגלעכער״ בינען־שפּייז, נאָר די באַהויפּטונג, אַז עס קען זיין אַ סגולה צו לאַנג לעבן. און איך גלויב, אַז די כעמיקער האָלטן פֿאַר איינער פֿון זייערע וויכטיקסטע אויפֿגאַבן צו פֿאַרלענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן. ווייל אין דער אמתן איז דער מענטשלעכער קערפּער אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריע.

*

אין דער כעמישער וויסנשאַפֿט איז מיט אַ געוויסער צייט צוריק אַריינגעבראַכט געוואָרן דאָס וואָרט „געראָנטאָלאָגיע״, אָדער „דזשעראָנטאָלאָדזשי״, ווי מען זאָגט עס אויף ענגליש. דאָס וואָרט באַצייכנט דעם צוויג פֿון דער כעמישער וויסנשאַפֿט, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אויספֿאָרשונג פֿון די כעמישע פּראָצעסן, וועלכע מאַכן אונדזער קערפּער אַלט. און אויב די אויספֿאָרשונג וועט זיך קרוינען מיט אַ דערפֿאָלג, מעג מען האָפֿן, אַז עס וועט געפֿונען ווערן אַ מיטל ווי אַזוי צו האַלטן אונדזער קערפּער פֿיזיש יונג, אַפֿילו ווען ער וועט שוין זיין אַלט אין יאָרן.

אויף דער קאָנווענשאָן פֿון דעם אַמעריקאַנער כעמישן פֿאַראיין, וואָס איז אין 1941 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַטלאַנטיק סיטי, האָט מען זיך גאַנץ שטאַרק פֿאַרנומען מיט אָט דער פֿראַגע. עס האָט זיך טאַקע געהאַנדלט וועגן דעם, אַז די כעמישע וויסנשאַפֿט דאַרף געפֿינען אַ מיטל, וואָס זאָל קענען אַרויסווייזן אַ ווירקזאַמען ווידערשטאַנד דעם כעמישן פּראָצעס אין אונדזער קערפּער, וואָס מאַכט אים אַלט און פֿאַראורזאַכט אַזוי פֿרי זיין טויט. דער יוגנט־מיטל דאַרף האַלטן דעם קערפּער פֿון אַ הונדערט־יעריקן מענטשן אַזוי יונג און אַזוי ווידערשטאַנדספֿעאיק קעגן קראַנקהייטן ווי דער קערפּער פֿון אַ צען־יעריק קינד.

דאָס וואָרט אין דער פֿראַגע האָט געהאַט פּראָפֿעסאָר הענרי סימס פֿון קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט. ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די רעזולטאַטן, וואָס מען האָט געקראָגן פֿון אַ צען־יעריקער אויספֿאָרשונגס־אַרבעט וועגן די כעמישע פּראָצעסן, וואָס מאַכן דעם קערפּער אַלט. און ער האָט דערקלערט, אַז 90 פּראָצענט פֿון די טויט־פֿאַלן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע יעדן יאָר ווערן הויפּטזעכלעך פֿאַראורזאַכט פֿון דעם, וואָס דער קערפּער פֿאַרלירט אַלץ מער זיין ווידערשטאַנד קעגן קראַנקהייטן, וואָס עלטער ער ווערט. נאָר אַזוי ווי דער ווידערשטאַנד קעגן קראַנקהייטן, האָט ער ווייטער דערקלערט, איז הויפּטזעכלעך אַ כעמישער פּראָצעס, וועט דעריבער די ווייטערדיקע אויספֿאָרשונג פֿון אָט דעם כעמישן פּראָצעס געבן אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרגרעסערן דעם ווידערשטאַנד פֿון קערפּער קעגן קראַנקהייטן און ממילא פֿאַרלענגערן זיין לעבן.

פּראָפֿעסאָר סימס האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז די שטערבלעכקייט איז אַמקלענסטן צווישן קינדער, וואָס זיינען צען יאָר אַלט. בלויז איין קינד פֿון 800 שטאַרבט אין דעם עלטער פֿון צען יאָר. ווען דער פּראָצענט פֿון שטערבלעכקייט וואָלט געבליבן שטענדיק אַזוי און ניט געשטיגן מיט דער עלטער, וואָלט אַ מענטש געלעבט אַזוי לאַנג ווי 550 יאָר.

ווען מען זאָל קענען גוט אויסשטודירן דעם כעמישן פּראָצעס, וואָס מאַכט דעם קערפּער אַלט, און געפֿינען אַ מיטל, וואָס זאָל ווירקן קעגן אָט דעם פּראָצעס און דערמיט פֿאַרשטאַרקן דעם ווידערשטאַנד פֿון קערפּער קעגן קראַנקהייטן, וואָלטן עלטערע מענטשן ניט שטאַרבן פֿון קראַנקהייטן מער ווי צענדיעריקע קינדער. עס הייסט, בלויז איינער פֿון אַכט הונדערט.

מען פֿלעגט זיך אַמאָל פֿאָרשטעלן, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז ענלעך צו אַ מאַשין, וואָס נוצט זיך אויס און שטעלט זיך אָפּ. דער פֿאַרגלייך האָט אין פֿלוג אויסגעקוקט צו זיין גאַנץ לאָגיש. אָט נעמט אַ זייגערל. עס גייט אַזוי לאַנג ביז עס שטעלט זיך אָפּ. עס האָבן זיך אויסגעריבן די רעדלעך און די צאַפּנס און עס העלפֿט ניט מער, וואָס מען וועט זיי שמירן און אָנציען — עס גייט ניט מער. איז אָבער ניט אַלץ, וואָס קוקט אויס אין פֿלוג צו זיין לאָגיש, אויך ריכטיק. דער פֿאַרגלייך פֿון אַ מענטשן צו אַ מאַשין איז בלויז אַן אויסערלעכער. אַ מאַשין האָט פֿאַרשיידענע טיילן און אַ מענטש האָט פֿאַרשיידענע גלידער. אַ מאַשין הייצט מען מיט קוילן אָדער מיט אויל, און אַ מענטשן הייצט מען מיט שפּייז. אַ מאַשין אַרבעט אַזוי לאַנג, ביז זי שטעלט זיך אָפּ, און אַ מענטש — דאָס גלייכן. אין תּוך אָבער איז דער פֿאַרגלייך אין גאַנצן אַ פֿאַלשער. אַ מענטש איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש, און אַ מאַשין איז עס ניט. ביי אַ מאַשין פֿאַנגט זיך אָן אויסרייבן אירע טיילן פֿון דעם טאָג, וואָס זי פֿאַנגט אָן אַרבעטן; ביי אַ מענטשן אָבער ווערן די צעלן פֿון זיינע גלידער שטענדיק באַנייט. אין אַ מאַשין האָבן מיר אַ מעכאַנישן פּראָצעס; אין אַ מענטשן אָבער ווירקט אַ כעמישער פּראָצעס. קורץ און גוט — דער פֿאַרגלייך צווישן אַ מענטשן און אַ מאַשין איז אין גאַנצן אַ פֿאַלשער. אויב מען וויל, קען מען זאָגן, אַז די מאַשין באַלאַנגט צו די מעכאַניקער, און דער מענטש באַלאַנגט צו די כעמיקער. זיי, די כעמיקער, האָבן דעם מענטשן געמאַכט פֿאַר אַן עקספּערימענטאַלן מאַטעריאַל פֿון זייער לאַבאָראַטאָריע.

*

נאָר מען קען פֿרעגן: וואָס וועט שוין זיין, ווען מענטשן וועלן לעבן עטלעכע הונדערט יאָר? וועלן מיר דעמאָלט האָבן אַ בעסערע מענטשלעכע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג? וועלן דעמאָלט די מענטשן זיין בעסער? וועלן זיי אויפֿהערן שעכטן איינע די אַנדערע? און וואָס וועלן די מענטשן סתּם האָבן דערפֿון, ווען זיי וועלן לעבן לענגער?

מען קען די פֿראַגע שטעלן נאָך שטאַרקער. מען קען פֿרעגן, צי דאָס לאַנגע לעבן פֿון מענטשן, וואָס די כעמישע און מעדיצינישע וויסנשאַפֿטן זוכן אַזוי שטאַרק, וועט ניט ברענגען ערנסטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שטערונגען אין אונדזער געזעלשאַפֿט. פֿריער ווי אַלץ הענגט עס אָפּ, ווי געזונט און שטאַרק די מענטשן וועלן זיין, ווען זיי וועלן לעבן עטלעכע הונדערט יאָר. עס קען זיין, אַז מען וועט שאַפֿן אין זיי אַ ווידערשטאַנד, אַז זיי זאָלן ניט שטאַרבן פֿון די קראַנקהייטן, וואָס מאַכן איצטער אַ פֿריצייטיקן סוף צו זייער לעבן, אָבער מען קען לעבן לאַנג און דערביי אויך זיין לאַנג קראַנק. וואָס וועט עס, אַלזאָ, טויגן? עס וועט זיין שלעכט פֿאַר דעם איינצלנעם, וואָס וועט קרענקען יאָרן־לאַנג און

עס וועט אויך זיין שלעכט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט. אַז די אַלטע קראַנקע וועלן זיין אַ גרויסע לאַסט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט.

איך מוז צוגעבן, אַז דאָס איז זייער אַ האַרבע שאלה, אָבער אויף איר איז פֿאַראַן איין ענטפֿער: מענטשן ווילן לעבן. אגבֿ, אויב עס רעדט זיך שוין יאָ וועגן די וואונדער, וואָס די כעמישע וויסנשאַפֿט קען אויפֿטאָן, דאַרף מען פֿון איר דערוואַרטן, אַז זי זאָל ניט בלויז פֿאַרלענגערן די יאָרן פֿון אַ מענטשן, נאָר זי זאָל דערביי אויך האַלטן זיין קערפּער יונג און געזונט. דאָס איז אייגנטלעך אַ הויפּט־באַדינג. אויב די מענטשן זאָלן לעבן לאַנג און אַרומגיין אין די גאַסן קוים לעבעדיקע, איינגעבויגענע, אָנגעשפּאַרט אויף שטעקנס און קרעכצן, אָכצן און הוסטן, איז דאָס זיכער ניט זייער אָנציענד. אָבער פּראָפֿעסאָר סימס, וועמען איך האָב פֿריער דערמאָנט, האָט דאָך טאַקע גערעדט וועגן דעם, אַז די כעמישע וויסנשאַפֿט דאַרף געפֿינען אַ מיטל צו פֿאַרגרעסערן דעם ווידער־שטאַנד פֿון קערפּער קעגן קראַנקהייטן און אים האַלטן יונג.

נאָר איך מוז ליידער זאָגן, אַז פֿאַרלויפֿיק האָט די כעמישע וויסנשאַפֿט אַזאַ מיטל ניט געפֿונען. מען דאַרף דעריבער נאָך וואַרטן און פּרובירן עסן די שפּייז, מיט וועלכער די בינען קאָרמענען זייער קעניגין אין בינשטאָק. פֿאַר די כעמיקער דאַרף עס זיין גאַנץ לייכט צו פּראָדוצירן אָט די „קעניגלעכע" בינען־שפּייז. דר. גאַרדנער ווייסט גאַנץ גענוי פֿון וועלכע שטאָפֿן און אין וועלכער פּראָ־פּאָרציע אָט די שפּייז איז צונויפֿגעשטעלט. און אויב עס וועט ניט קענען פֿאַר־לענגערן דאָס מענטשלעכע לעבן אויף צוואַנציק מאָל, אַז יעדער פֿון אונדז זאָל קענען לעבן ווינציקסטנס אַזוי לאַנג ווי מתושלח, טאָ זאָל כאָטש זיין אַ פֿאַרלענ־גערונג פֿון 46 פּראָצענט, ווי ביי די פּרוכט־פֿליגן און מען וועט קענען לעבן ביז הונדערט יאָר.

איז די פֿראַגע: ווען פֿאַנגען מיר אָן אונדזער נייע דיעטע?

1947



## די באַפֿרייאונג פֿון מורא

וואָס פֿאַראַ ווירקונג וועט האָבן אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דעם מענטשן, פֿיזיש און גייסטיק, ווען עס וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן פּרעזידענט רוזוועלטס פֿאָדערונג, אַז די מענטשהייט זאָל באַפֿרייט ווערן פֿון נויט און מורא?

איך האָב אויסגעקליבן די באַפֿרייאונג פֿון נויט און מורא פֿון די פֿיר פֿריי־הייטן, וואָס רוזוועלט פֿאָדערט, אַז זיי זאָלן געזיכערט ווערן פֿאַר דער וועלט, ווייל עס איז פֿאַראַן אַ טעאָריע, אַז נויט און מורא שפּילט די וויכטיקסטע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם מענטשן.

די טעאָריע באַלאַנגט צו דעם באַרימטן רוסישן געלערנטן איוואַן פּאַוולאָוו. ער האָט געזאָגט, אַז די העכערע אַנטוויקלונג פֿון מענטשן הענגט אָפּ פֿון דעם, אויף וויפֿל ער וועט קענען אָפּשאַפֿן נויט און אויסוואָרצלען די מורא, וואָס זיצט אין אים. ווען מען זאָל דעם מענטשן געבן הונדערט יאָר פֿרידן און עקאָ־נאָמישע זיכערקייט, האָט פּאַוולאָוו געזאָגט, וואָלט מען דעמאָלט געהאַט אַ דור מענטשן, וואָס וואָלטן געווען בעסער אַנטוויקלט פֿיזיש און גייסטיק.

פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו איז ניט געווען איינפֿאַרשטאַנען מיט פּראָפֿעסאָר פֿרויד, וואָס האָט געזאָגט, אַז געשלעכט איז דער הויפּט־מאָטיוו אין לעבן. געוויס שפּילט געשלעכט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין לעבן, האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו געזאָגט, קיינער קען עס ניט אָפּלייקענען, אָבער דאָך ניט די וויכטיקסטע און דאָמינירנדיקע ראָל, ווי פּראָפֿעסאָר פֿרויד האָט געגלויבט. לויט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָווס מיינונג, וועלכע ער באַגרינדעט אויף לאַנג־יעריקע באָאַבאַכטונגען און עקספּערימענטן, איז ניט געשלעכט דער הויפּט־מאָטיוו, וואָס באַאיינפֿלוסט דאָס לעבן, נאָר עס זיינען פֿאַראַן צוויי אַנדערע מאָטיוון, וועלכע זיינען פֿיל וויכטיקער אין לעבן און האָבן אויף אים אַ שטאַרקערן איינפֿלוס. דער ערשטער איז הונגער, און דער צווייטער איז מורא. געשלעכט פֿאַרנעמט דעם דריטן פּלאַץ.

הונגער איז דער שטאַרקסטער מאָטיוו, וואָס באַאיינפֿלוסט דאָס לעבן. די מענטשלעכע געשיכטע וואָלט גאַנץ אַנדערש אויסגעזען און דער מענטש אַליין וואָלט געווען אַ גאַנץ אַנדערער, ווען עס וואָלט ניט געווען אויף דער וועלט אַזאַ זאַך ווי הונגער. מורא איז דער צווייטער שטאַרקער מאָטיוו אין לעבן. מיט דעם וואָרט „מורא”, האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו דערקלערט, האָט ער ווייניקער אין זינען פֿיזישע שרעק, ווי גייסטיקע. עס איז די מורא באַרויבט צו ווערן פֿון עפּעס, וואָס מען האַלט פֿאַר אַ נויטווענדיקייט אין לעבן.

מורא איז אַן איינגעבוירענער געפֿיל סיי ביי מענטשן סיי ביי חיות. עס איז אַ געפֿיל, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פֿון אַ סך דורות און וואָס ווערט אויפֿגעהאַלטן פֿון די באַדינגונגען פֿון לעבן. דער מענטש און די מענטשהייט אין אַלגעמיין וואָלט זיך גאַנץ אַנדערש אַנטוויקלט, ווען ניט דער געפֿיל פֿון מורא, וואָס האָט אַזאַ גרויסן איינפֿלוס אויפֿן לעבן. פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו גייט אין דעם פּרט אַזוי ווייט, אַז ער קומט צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס וואָס מען רופֿט „נאַטור” ביי חיות איז ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם איינפֿלוס, וואָס דער שרעק־געפֿיל האָט אויף זיי געהאַט. דאָס הייסט, אַז מורא האָט געמאַכט פֿון די חיות דאָס, וואָס זיי זיינען היינט.

און דער מענטש איז ביי פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו ניט קיין באַזונדערער יחסן. ער איז ביי אים אַ חיה אויף צוויי פֿיס, און דאָס וואָס איז גילטיק פֿאַר די חיות אויף פֿיר פֿיס, איז אויך גילטיק פֿאַר דער חיה אויף צוויי פֿיס.

פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו האָט זיינע עקספּערימענטן געמאַכט הויפּטזעכלעך מיט חיות, באַזונדערס מיט הינט. ניטאָ נאָך קיין צווייטער, וואָס האָט אַזוי גוט אויסשטודירט די פּסיכאָלאָגיע פֿון הינט ווי ער. אויף דעם גרונט פֿון זיינע עקספּערימענטן מיט הינט האָט ער אויסגעבויט זיין נערוון־רעפֿלעקס־טעאָריע.

פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו האָט געמאַכט אַ באַהויפּטונג, אַז זיינע לאַנג־יעריקע עקספּערימענטן מיט הינט, און די פֿאָרשונגען פֿון זייערע גייסטיקע און פֿיזישע פֿעאיקייטן, האָבן אים געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז ניטאָ קיין וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן דעם מאַרך פֿון מענטשן און פֿון הינט, אָדער פֿון אַנדערע חיות. עס הענגט בלויז אָפּ פֿון דער מעכאַנישער הילף, וואָס דער מאַרך באַקומט פֿאַר זיין אַנטוויקלונג. ער גיט דערביי אַ ביישפּיל פֿון צוויי קליינע מאַלפּעס, מיט וועלכע ער האָט געמאַכט עקספּערימענטן פֿאַר מערערע יאָרן. אַלס רעזולטאַט איז דער שכל ביי זיי אַנטוויקלט געוואָרן ווי ביי אַן אַכט־

יעריק קינד, וואָס האָט געלעבט מיט טויזנטער יאָרן צוריק אין דעם שטיין־פּעריאָד (ווען דער מענטש האָט נאָך ניט געוואוסט פֿון מעטאַלן און האָט זיינע געצייג געמאַכט פֿון שטיין).

נו, אַן אַכט־יעריק קינד אין דעם שטיין־פּעריאָד האָט ניט געהאַט קיין איבעריקס הויך־אַנטוויקלטן שכל. אַפֿילו די דערוואַקסענע מענטשן אין יענער צייט האָבן ניט געהאַט איבעריקס פֿיל שכל. אָבער פֿאַר די צוויי קליינע מאַלפּעס איז דער שכל פֿון אַן אַכט־יעריק קינד פֿון דעם שטיין־פּעריאָד געווען אַ זייער גרויסע דערגרייכונג. ווען פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו וואָלט ניט געווען זייער רבי און וואָלט זיך ניט אָפּגעגעבן מערערע יאָרן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון זייער מאַרך, וואָלט עס געדאַרפֿט אויפֿן נאַטירלעכן אופֿן דויערן טויזנטער יאָרן ביז זיי וואָלטן דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה פֿון אַנטוויקלונג פֿון זייער מאַרך.

פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָווס טעאָריע איז, אַז אַפֿילו דער מאַרך פֿון אַ זשעני, פֿון אַ גאון, איז ניט אַנדערש ווי דער מאַרך פֿון אַנדערע מענטשן. אָבער אַזוי ווי דער זשעני ספּעציאַליזירט זיך אין איין ריכטונג, אַנטוויקלט ער דערמיט זיין מאַרך צו זייער אַ הויכער מדרגה פֿאַר אָט דעם קעגנשטאַנד, אין וועלכן ער איז פֿאַראינטערעסירט. און דאָס איז טאַקע אויך די סיבה, זאָגט פּאַוולאָוו, וואָס דער זשעני איז, געוויינלעך, בלויז גרויס אויף זיין אייגענעם געביט.

אין דעם פּרט גייט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָווס טעאָריע אפֿשר שוין אַ ביסל צו ווייט. עס קומט אויס, אַז מען דאַרף קענען אַנטוויקלען דעם מאַרך פֿון יעדן מענטשן ביז דער מדרגה פֿון אַ זשעני ספּעציאַליזירנדיק אים אויף איין געביט. אָבער אין דעם מעג מען אַ ביסל צווייפֿלען. דער גרונט־געדאַנק פֿון פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו מעג זיין אַ ריכטיקער, אָבער מען דאַרף צו אים מאַכן געוויסע „אַמענד־מענטס" און דערקלערונגען. עס איז אָבער אין אַלגעמיין ריכטיק, אַז זשעניען זיינען מייסטנס בלויז גרויס אויף איין געביט. אין דעם קען מען זיך איבער־צייגן, ווי קינדיש געניאַלע מאַטעמאַטיקער אָדער פֿיזיקער רעדן וועגן עקאָ־נאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע פֿראַגן. עס זיינען, פֿאַרשטייט זיך, אויך פֿאַראַן אויסנאַמען, אָבער וועגן דעם קען מען זאָגן, אַז די אויסנאַמען באַשטעטיקן דעם כלל.

פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו שטעלט אַוועק מעכאַנישע הילף פֿאַר דער אַנטוויק־לונג פֿון מאַרך, אַלס הויפּט־באַדינגג. אָן מעכאַנישער הילף קען זיך דער מאַרך לויט זיין מיינונג, אין גאַנצן ניט אַנטוויקלען, אָבער מיט מעכאַנישער הילף קען ער אַנטוויקלט ווערן ביז זייער אַ הויכער מדרגה. ער ברענגט אַ ביישפּיל פֿון די צוויי מאַלפּעס, וואָס ער האָט דערצויגן. זיי זיינען געווען אַ פּאָר — אַן ער און אַ זי. ביידע האָבן ניט געהאַט קיין באַזונדערע מעלות, מיט וועלכע זיי זאָלן זיך האָבן אויסגעצייכנט. דער ער איז געווען אַ בייזער און אַ נאַר. די זי איז אין אַלגעמיין געווען אַ גוטע מוטער אָבער אַ פֿוילע. דער בעסטער מיטל זיי צו לערנען שכל איז הונגער, האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו באַשלאָסן. ער פֿלעגט זיי פֿריער לאָזן זיך גוט אויסהונגערן און דערנאָך אַוועקלייגן שפּייז אויף אַן אָרט, וואָס זיי קענען ניט דערגרייכן. דערביי אָבער האָט ער ביי זיי אַוועקגעשטעלט עטלעכע קעסטלעך, וואָס ווען מען שטעלט זיי צוזאַמען איינע אויף די אַנדערע, קען מען דורך זיי דערגרייכן די שפּייז. דער ער געטריבן דורך הונגער, איז גע

פֿאַלן אויפֿן שׂכל צונויפֿצושטעלן די קעסטלעך און האָט דערגרייכט די שפּייז. ביי דער ז' האָט אָבער דאָס געדויערט לענגער ביז זי איז געקומען צום שׂכל. זי איז געווען צו פֿויל צו נעמען צונויפֿצושטעלן די קעסטלעך. אָבער ווען דער הונגער האָט איר אָנגעפֿאַנגען גאַנץ שטאַרק פּייניקן, איז אויך צו איר געקומען דער שׂכל צונויפֿצושטעלן די קעסטלעך צו דערגרייכן די שפּייז.

ביידע מאַלפּעס האָבן ליב געהאַט צו רייכערן פּאַפּיראָסן. דער ער האָט אַליין געקענט אָנרייבן אַ שוועבעלע צו פֿאַררייכערן זיין פּאַפּיראָס. די ז' אָבער האָט געהאַט שטייפֿע אומגעלומפּערטע פֿינגער און האָט אַליין ניט געקענט אָנרייבן אַ שוועבעלע צו פֿאַררייכערן איר פּאַפּיראָס. מען האָט איר געמוזט העלפֿן. און אַט טאַקע דערפֿאַר, דערקלערט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו, וואָס די ז' האָט ניט געהאַט אַזעלכע רירעוודיקע הענט ווי דער ער, איז איר מאָרך געווען ווייניקער אַנטוויקלט. זי האָט ניט געהאַט אין אירע הענט אַזאַ גוטע מעכאַנישע הילף, ווי ער.

נו, אין דעם פּרט האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו ניט געזאָגט קיין נייס. עס עקזיסטירט שוין אַן אַלטער כּלל, אַז די געשיכטע פֿון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג איז די געשיכטע פֿון מענטשלעכע געצייג. און געצייג מיינט מעכאַנישע הילף. ווען דער מענטש וואָלט זיך ניט אויסגעלערנט זיך צו באַנוצן מיט געצייג, מיט מעכאַנישע הילפֿס־מיטלען, וואָלט ער געווען היינט נאָך אין דעם צושטאַנד פֿון די מאַלפּעס איידער זיי זיינען אַריינגעקומען אין פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָווס הענט. נאָר אויב פּאַוולאָוו האָט ניט געזאָגט אין דעם פּרט קיין נייעם געדאַנק, זיינען אָבער זיינע עקספּערימענטן, צו באַשטעטיקן די ריכטיקייט פֿון דעם געדאַנק, געווען זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע.

אַ סך אָריגינעלער איז פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָווס געדאַנק וועגן דעם גרויסן איינפֿלוס, וואָס דער געפֿיל פֿון מורא האָט אויפֿן לעבן. ער האָט עס געזוכט צו באַשטעטיקן מיט פֿאַרשיידענע עקספּערימענטן. דער אינטערעסאַנטסטער עקספּערימענט זיינער איז געווען מיט צוויי הינטלעך.

די צוויי הינטלעך זיינען געווען פֿון איין טאַטע־מאַמע און פֿון איין עלטער. ביי איינעם האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו פּרובירט אָפּשוואַכן דעם אינסטינקטיוון איינגעבוירענעם מורא־געפֿיל, וואָס יעדע באַשעפֿעניש האָט עס בירושה, און וואָס ווייזט זיך אַרויס ווען עפּעס פּאַסירט פּלוצים. ער האָט פּרובירט איבערחזרן אַט די פּאַסירונג מערערע מאָל רעגלמעסיק ביז דאָס הינטל האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין מורא איז געווען אַן אומזיסטע און עס האָט זיך אויפֿגעהערט שרעקן. ביים צווייטן הינטל אָבער, האָט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו פּרובירט איבערחזרן די פּאַסירונג, וואָס רופֿט אַרויס שרעק, אויף אַזאַ אופֿן, אַז די איינגעבוירענע אינסטיקטיווע מורא זאָל פֿון אים ניט אַוועק. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ביי איין הינטל איז די מורא פֿאַרשוואונדן, בעת ביי דעם צווייטן איז זי פֿאַרבליבן, הגם ביידע הינטלעך זיינען פֿריער געווען גלייך. אַזוי איז עס אויך, זאָגט פּראָפֿעסאָר פּאַוולאָוו, ביי מענטשן. עס זיינען פֿאַראַן אַ סך מענטשן, וואָס ליידן פֿון מורא, אָפֿט פֿון גאַנץ אומבאַגרינדעטער מורא, און דאָס ברענגט אַ סך צרות אויף דער וועלט. פֿיינטשאַפֿט איז אַ פּראָדוקט פֿון מורא, און ווען דער מענטש זאָל זיך קענען באַפֿרייען פֿון דעם מורא־געפֿיל, וואָלט אָפּגעשאַפֿט געוואָרן אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס די סיבה פֿון פֿיינטשאַפֿט.

די באַפרייאונג פון מורא, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט אַריינגעשטעלט אין זיין פּראָגראַם, איז דעריבער פון גאַנץ באַזונדערס גרויסער וויכטיקייט. עס איז אָבער אין דעם פאַל ניט דער עיקר די אינסטינקטיווע איינגעבוירענע מורא, וועלכע איז אָפט אַן אומבאַדייטנדע מורא, נאָר די מורא, וואָס איין מענטש וואַרפט אויף אַן צווייטן.

אייגנטלעך איז די אינסטינקטיווע איינגעבוירענע מורא געשאַפן געוואָרן ביים מענטשן, ווי ביי אַלע אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן, צוליב געוויסע סיבות. עס הייסט, אַז די מורא איז פון אָנפאַנג געווען אַ באַגרינדעטע, ניט מער זי איז געבליבן אויך נאָך דעם און איז איבערגעגאַנגען בירושה, ווען די סיבות, וואָס האָבן איר אַרויסגערופן, זיינען שוין פאַרשוואונדן.

דער מורא־געפיל ביי מענטשן וועט ניט קענען אָפגעשאַפן ווערן אַזוי גיך ווי ביי פּראָפעסאָר פּאַוולאָווס הינטל, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד אין זייער מאָרך. מען מוז פאַר די מענטשן שאַפן גאַנץ נייע באַדינגונגען פון לעבן און אַ גאַנץ אַנדערע דערציאונג, אַז זיי זאָלן פאַרלירן דעם מורא־אינסטינקט.

און אפשר וועט אויך מיט דער צייט ווירקן אויף דעם דער וואַקסנדער מענטשלעכער שכל. דער מענטשלעכער מאָרך דאַרף וואָס ווייטער אַלץ מער ווערן אַנטוויקלט אויף דעם גרונט, וואָס דער מענטש קריגט אַלץ מער מעכאַנישע הילף. די פאַרשיידענע מאַשינען, געצייג און אַלערליי נייע טעכנישע און וויסנ־שאַפטלעכע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען זיינען דאָך מעכאַנישע הילפס־מיטלען, וואָס דאַרפן העלפן דעם מענטשלעכן מאָרך זיך אַנטוויקלען.



## אַ שטיקעלע איינשטיין

דאַכט זיך מען ווייסט שוין פון לאַנג, אַז עס איז שווער צו פאַרשטיין איינ־שטיינס טעאָריעס, און אַ סך גלויבן נאָך ביז היינט, אַז איינשטיינס רעלאַטיווי־טעט־טעאָריע פאַרשטייען בלויז צוועלף מענטשן. — צי די זעלביקע צוועלף פון אַ מאָל, אָדער נייע צוועלף, איז קיין אונטערשייד ניט. דאָך ווען איינשטיין קומט אַרויס מיט עפּעס אַ נייער טעאָריע פאַרגעסט מען, אַז איינשטיינען איז שווער צו פאַרשטיין, און מען פּרובירט אויסצוגעפינען, וואָס ער האָט געזאָגט.

דער אמת איז אָבער, אַז ניט אַלע מאָל איז איינשטיינען אַזוי שווער צו פאַרשטיין. דער אמת איז, אַז יעדע וויסנשאַפטלעכע טעאָריע איז ניט איבריקס לייכט צו פאַרשטיין. אַפילו ניוטאָנס גראַוויטאַציע־טעאָריע איז ניט אַזוי לייכט צו פאַרשטיין. עס איז בלויז ניט שווער, ווען מען זאָגט, אַז ניוטאָנס גראַוויטאַ־ציע־טעאָריע מיינט די צוציאונגס־קראַפט פון דער ערד. אָבער דאָס איז בלויז אַ טייל פון דער טעאָריע. ווען מען נעמט די גאַנצע טעאָריע פון ניוטאָנען, די טעאָריע וועגן דער מעכאַניק פון דער וועלט מיט דער מאַטעמאַטיק, וואָס איז מיט איר פאַרבונדן, איז זי שוין גאָר ניט לייכט.

נאָר איצט האַלטן מיר ביי איינשטיינען, און איך וועל פּרובירן דערקלערן כאָטש אַ קליין שטיקל פון זיין טעאָריע, און אין וואָס זי באַשטייט. אָבער איך האָב מורא, אַז איך וועל מיט מיין דערקלערונג טאַקע באַווייזן, אַז עס איז שווער צו פאַרשטיין. איך בעט דעריבער אַנטשולדיקונג אין פאָרויס.

געווען אַמאָל אַ צייט, ווען מענטשן האָבן זיך דערקלערט די דערשיי־נונגען און די כּוחות פון דער נאַטור אויף אַ גאַנץ איינפאַכן שטייגער. זיי האָבן געהאַט פאַר יעדער זאַך אַ באַזונדערן גאָט. געווען אַ גאָט פון ווינט און שטורם און עס איז געווען אַ גאָט פון דונער און בליץ; אַ גאָט פון ליכט און אַ גאָט פון פינסטערניש; אַ גאָט פון ימים און אַ גאָט פון בערג; זיינען אָבער די מענטשן שפּעטער געוואָרן קליגער, אָדער נאַרישער, און האָבן פון אַלע פאַרשיידענע געטער זייערע געמאַכט איין גאָט און האָבן אים פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר אַלץ, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט. נאָר זיי האָבן אים דערביי געגעבן גע־הילפן — שדים, וואָס טוען פאַר אים אַלע שלעכטע זאַכן, און מלאָכים, וואָס טוען פאַר אים אַלע גוטע זאַכן. אמת, ניט אַלע מאָל האָבן גאָטס געהילפן גע־אַרבעט מיט אים אין פולער האַרמאָניע. ער האָט פון צייט־צו־צייט ניט בלויז געדאַרפט אַנדרייען פאַרן אויער אַ שדל, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַ שטוקע, נאָר אויך צייטנווייז אַ מלאך, וואָס האָט זיך אויפגעפירט ניט ווי מען באַדאַרף. עס האָט שוין אַפילו געטראָפן, ווי עס ווערט אין דער ערשטער סדרה פון חומש דערציילט, אַז ער האָט אַ געוויסע צאָל מלאָכים, וואָס האָבן געמאַכט אַ רייזע פון הימל אויף דער ערד ניט אַרויפגעלאָזן צוריק אין הימל, ווייל זיי האָבן, זייענדיק אויף דער ערד, זיך עפּעס באַנאַרעשט מיט די מענטשלעכע טעכטער. נאָר דאָס זיינען דאָך געווען ניט מער ווי אויסנאַמס־פאַלן, וואָס מוזן פאָרקומען אין אַזאַ אומגעהויער גרויסער באַלעבאַטישקייט. אין אַלגעמיין אָבער, האָט עס געאַרבעט גאַנץ גלאַט אונטער דער איינציקער הערשאַפט פון דעם איינציקן גאָט. נאָר די מענטשן זיינען שפּעטער נאָך קליגער, אָדער נאַרישער געוואָרן, און זיי האָבן אין דעם איינציקן גאָט, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעקליבן, געוואָלט אַריינגעבן אַן איינהייטלעכע וועלט־קראַפט און אַן איינהייטלעכן שאַפונגס־געזעץ. עס דאַרף זיין אַן איינהייטלעכער כּוח אין דער נאַטור און איינקייט אין אַלע דערשיינונגען פון דער נאַטור.

מילא, וואָס איז שייך צו גאָט גופא, האָט מען אים, פאַרשנדיק די סודות פון דער נאַטור, ביסלעכווייז פאַרגעסן, אָבער די אידייע וועגן דער איינהייט־לעכער קראַפט אין דער נאַטור און וועגן דער געזעץ־איניקייט אין אירע דער־שיינונגען, איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. קאַרל מאַרקס האָט געזוכט דעם איינ־הייטלעכן כּוח, וואָס באַוועגט די מענטשלעכע געזעלשאַפט; די כעמיקער האָבן געזוכט דעם איינציקן אורשפּרינגלעכן עלעמענט, פון וואַנען אַלע אַנדערע עלע־מענטן זיינען אַנטשטאַנען; די פיזיקער האָבן געזוכט די איינהייטלעכע שאַפונגס־קראַפט, דורך וועלכער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, און דאָס געזעץ וואָס רעגולירט איר.

עס איז ניט לייכט צו זוכן, אָבער עס איז נאָך שווערער צו געפינען. פּראָ־פעסאָר איינשטיין איז געווען איינער פון די דערפאָלגרייכסטע זוכער. ער האָט געפונען אַ טעאָריע ווי אַזוי די וועלט איז געבויט, ווי אַזוי מען דאַרף פאַר־

שטיין צייט און רוים, ווי אַזוי ליכט טראָגט זיך אָדער באַוועגט זיך אין רוים. — הקיצור, ער האָט אין זיין טעאָריע, די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, דערקלערט אַלץ וועגן דער גרויסער וועלט, אָדער מאַקראָקאָזם, ווי מען זאָגט עס. און זיין טעאָריע איז אָנגענומען געוואָרן פֿון אַלע גרויסע וויסנשאַפֿטסלייט, און ער האָט געקראָגן דעם נאָמען „וועלט־בוי־מייסטער". אָבער דער זעלביקער פּראָפֿעסאָר איינשטיין האָט געהאָלפֿן אַנטוויקלען און פּאָפּולער מאַכן אַ צווייטע טעאָריע וועגן דער קליינער וועלטעלע, אָדער מיקראָקאָזם, ווי מען זאָגט עס, וועגן אַטאָם, וואָס דערקלערט ווי אַזוי ליכט, היץ און עלעקטריציטעט ווערן אַרויסגעלאָזן פֿון אויפֿגערודערטע אַטאָמען, און ווי אַזוי די עלעקטראָנען באַוועגן זיך און שפּרינגען אין די אַטאָמען. דאָס איז די קוואַנטום־טעאָריע פֿון פּראָפֿעסאָר פּלאַנק, וואָס דערציילט ווי אַזוי עלעקטראָנען ווערן אַרויסגעשאָסן פֿון אַן אַטאָם ווי קוילן. עס הייסט, אַז מיט איין טעאָריע, מיט דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, האָט מען ניט געקענט דערקלערן דעם געבוי פֿון דער גאַנצער וועלט, נאָר מען האָט געדאַרפֿט אַ באַזונדערע צווייטע טעאָריע צו דערקלערן דעם געבוי פֿון דעם קליינוועלטעלע, וואָס הייסט אַטאָם. און דאָס אַליין טויג שוין ניט. עס דאַרף זיין איין טעאָריע, וואָס זאָל דערקלערן אַלץ, ווייל די גרויסע וועלט — די שטערן, די פּלאַנעטן באַשטייען דאָך פֿון אָט די קליינע וועלטעלעך — די אַטאָמען. דערצו איז נאָך די קוואַנטום־טעאָריע פֿון מאַקס פּלאַנק ניט אין גאַנצן שוה בשוה מיט דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון אַלבערט איינשטיין. אמת, זיי זיינען ניט אין אַן אָפֿענעם קריג, אָבער דאָך ניט אין אַ גוט לעבן. פּראָפֿעסאָר איינשטיין גלויבט, און ער זוכט עס אויך צו באַווייזן, אַז אין דער נאַטור הערשט געזעץ און ניט צופֿאַל, און אַז יעדע דערשיינונג אין דער נאַטור האָט דעריבער אַן אורזאַך. עס הייסט, ער האַלט זיך פֿאַר דער טעאָריע פֿון קאַוזאַליטעט, אָדער אורזאַך און פֿאָלגע, ווי מען זאָגט עס אין דער פֿילאָזאָפֿישער שפּראַך. פֿון פּלאַנקס קוואַנטום־טעאָריע אָבער דרינגט מען, אַז עס איז ניטאָ אין דער נאַטור אַזאַ זאַך, ווי געזעץ, ווייל דער אַטאָם, וואָס איז דער יסוד פֿון דעם גאַנצן וועלט־בוי, איז אַ פֿולשטענדיקער אַנאַרכיסט, וואָס וויל ניט וויסן פֿון געזעצן. איר קענט קיין מאָל ניט זאָגן ווי אַן עלעקטראָן אָדער אַ פֿאָטאָן — די טיילן פֿון אַן אַטאָם, וועלן זיך אויפֿפֿירן, און אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג זיי וועלן זיך באַוועגן. איר קענט זיי אויך ניט אָנווייזן אַ וועג, אין וועלכן זיי זאָלן גיין. זיי פֿאָלגן אייך פּשוט ניט.

די גרויסע מאַטעמאַטאָ־פֿיזיקער פֿון דער וועלט האָבן די לעצטע יאָרן שווער געאַרבעט צו שאַפֿן אַן איינהייטלעכע טעאָריע, וואָס זאָל אַריינגעמען אין זיך אַלץ, און וואָס זאָל דערקלערן אַלץ, אָבער עס האָט זיי זיך ניט איינגעגעבן. איצט איז אַרויסגעקומען איינשטיין מיט אַ דערקלערונג, אַז ער איז אויפֿן וועג צו אַן איינהייטלעכער טעאָריע. אָדער ריכטיקער, ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט געפֿונען אַ וועג, וואָס וועט, ווי ער גלויבט, פֿירן צו דעם וועג פֿון אַן איינהייטלעכער טעאָריע, וואָס וועט קענען דערקלערן אַלץ. ער האָט פֿאַר דעם צוועק אַריינגעבראַכט אַן אויסבעסערונג אין זיין ביז־איצטיקן באַגריף וועגן רוים. עס איז אַ „רוים, וואָס באַשטייט פֿון צוויי גלייכע שיכטן, וועלכע זיינען פֿאַרבונדן דורך מערערע בריקן".

נו, דאָס איז לייכט אַרויסצוריידן, אָבער גאָר ניט אַזוי לייכט צו פֿאַרשטיין.

עס איז שוין אַ סך לייכטער צו באַגרייפֿן וואָס עס מיינט רוים ביי איינשטיינען, ווי ער האָט עס פֿון אָנפֿאַנג דערקלערט אין זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע.

עס איז אָנגענומען, אַז איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע קענען פֿאַרשטיין בלויז איינציקע געבענטשטע פֿון גאָט, אָבער דאָס איז אַ רעכט ביסל איבערטריבן. עס זיינען פֿאַראַן טיילן פֿון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, וואָס אַ געוויינלעכער שטערבלעכער קען גאַנץ גוט פֿאַרשטיין, ווען ער לייגט נאָר צו דעם קאָפּ.

אָט לאָמיר טאַקע עס פּרואוון. אָט האָב איך געזאָגט, אַז רוים, ווי איינשטיין האָט עס אָנפֿאַנגס דערקלערט אין זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, איז לייכטער צו פֿאַרשטיין, ווי מיט זיין נייער אויסבעסערונג. מיר דאַרפֿן דערביי בלויז מאַכן אַ שטיקל אָנשטרענגונג צו פֿאַרגעסן וועגן אונדזער אייגענעם אַלטן באַגריף פֿון רוים. אונדזער אייגענע פֿאַרשטעלונג וועגן רוים איז אָט ווי וועגן דעם רוים פֿון אַ הויז, פֿון אַ צימער, וואָס מען קען אויסמעסטן מיט אַ יאַרד, מיט אַ מעטער, אָדער מיט אַן אַרשין. לויט אונדזער אַלטן אָנגענומענעם באַגריף איז רוים עטוואָס אַזוינס, וואָס הענגט ניט אָפּ פֿון קיין אַנדער זאַך, וואָס איז אין גאַנצן זעלבשטענדיק. ביי איינשטיינען, אָבער, איז רוים צונויפֿגעגאָסן מיט צייט און שטאָף. לויט איינשטיינען ווערט רוים באַאיינפֿלוסט פֿון שטאָף.

דאָס איז געוויס פֿאַר אונדז ניט לייכט זיך פֿאָרצושטעלן. אָבער דאָס איז בלויז דערפֿאַר, וואָס מיר זיינען צוגעוואוינט צו אַן אַנדער באַגריף וועגן רוים. עס איז פּונקט אַזוי אַ מאָל געווען שווער זיך צוצוגעוואוינען צו דער פֿאַרשטעלונג, אַז די ערד דרייט זיך, און ניט די זון.

אונדז דוכט זיך אָפּט אויס, אַז מיר פֿאַרשטייען און באַגרייפֿן זאַכן, אָבער דאָס איז ניט ווייל מיר פֿאַרשטייען זיי טאַקע, נאָר ווייל מיר זיינען צו זיי צוגעוואוינט. איין ייד האָט אַ מאָל געפֿרעגט ביי אַ צווייטן, וואָס עס איז דער שכל פֿון ראַדיאָ. — עס איז אומגעפֿער דערזעלביקער שכל, וואָס פֿון טעלעפֿאָן, — האָט ער אים געענטפֿערט. — אויב אַזוי, איז דער ייד געווען צופֿרידן, איז עס דאָך גאַנץ איינפֿאַך... אָבער מען דאַרף דאָך ניט צופֿיל לאַכן פֿון די צוויי יידן. אמת טאַקע, זיי האָבן ביידע געוואוסט פּונקט אַזוי ווייניק דעם שכל פֿון טעלעפֿאָן ווי פֿון דער ראַדיאָ, אָבער מיטן טעלעפֿאָן זיינען זיי שוין איינגעוואוינט און זיי מיינען, אַז זיי ווייסן, אָדער ריכטיקער, זיי זיינען שוין אַזוי איינגעוואוינט מיט אים, אַז עס פֿאַלט זיי גאַרניט איין צו זוכן זיין שכל. אָט דער ייד, וואָס האָט געפֿרעגט דעם שכל פֿון ראַדיאָ וואָלט געוויס איינעם אָנגעקוקט שטאַרק פֿאַרוואונדערט, ווען ער וואָלט אים געפֿרעגט ווי אַזוי איז דאָס, אַז מען צינדט אָן אַ ליכט אויף איין ברעג פֿון גאַס, דערזעט מען עס אויפֿן צווייטן ברעג. ער וואָלט אַפֿילו די פֿראַגע ניט פֿאַרשטאַנען, ווייל, לויט זיין מיינונג, איז ניטאָ דאָ וואָס צו פֿרעגן. אָבער אָט די פֿראַגע, אויב אַפֿילו ניט אין אַזאַ איינפֿאַכער עלעמענטאַרער פֿאָרם, איז געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע, וואָס האָט געפֿירט איינשטיינען צו זיין רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע. עס איז געווען די פֿראַגע ווי אַזוי ליכט, אָדער אַ ליכט־שטראַל באַוועגט זיך און טראָגט זיך איבער אין רוים.

די פֿראַגע איז אין דער ווירקלעכקייט געווען אַ ברייטערע. עס האָט זיך ניט געהאַנדעלט בלויז וועגן ליכט, נאָר אויך וועגן מאַגנעטישער קראַפֿט און עלעקטריציטעט. און עס איז געווען ניט קיין נייע פֿראַגע, נאָר אַ גאַנץ אַלטע.

יעדער ווייסט, אַז ווען מען האַלט אַ מאַגנעט ניט ווייט פֿון אַ שטיקל אייזן, ציט עס צו זיך צו. מען פֿאַרשטייט דערפֿון, אַז דער מאַגנעט לאָזט אַרויס פֿון זיך אַזאַ קראַפֿט, וואָס ציט דאָס שטיקל אייזן. אויף דער שפּראַך פֿון פֿיזיק זאָגט מען, אַז דער מאַגנעט לאָזט אַרויס פֿון זיך קראַפֿט־ליניעס און, אַז ער שאַפֿט אַ קראַפֿט־פֿעלד, אָדער מאַגנעטיש פֿעלד. אויף דער דיפּלאָמאַטישער שפּראַך וואָלט עס הייסן אַ ווירקונגס־ספֿערע. און מען קען עס אויך באַווייזן. יעדערער וואָס איז געגאַנגען אין שול און האָט געלערנט אַ ביסל פֿיזיק געדענקט געוויס ווי דער לערער האָט גענומען אַ בלאַט פּאַפּיר, אָנגעשאָטן אַ ביסל דינע צעפֿיילטע אייזן און געהאַלטן איבער די פּאָלן (ענדן) פֿון מאַגנעט. מען האָט גלייך גע־קענט זען ווי די צעפֿיילטע אייזן אויפֿן פּאַפּיר פֿלעגט זיך אָראַנזשירן אין געוויסע ליניעס אין דער פֿאָרם פֿון שטראַלן, וואָס גייען אַרויס פֿון די פּאָלן פֿון מאַגנעט. מען קען אויף אַזאַ אופֿן זען דאָס קראַפֿט־פֿעלד אָדער די ווירקונגס־ספֿערע פֿון מאַגנעט.

די ערד האָט אויך אַ קראַפֿט־פֿעלד, אָדער ווירקונגס־ספֿערע, ווי אַ מאַגנעט. מען רופֿט עס גראַוויטאַציאָנס־פֿעלד. און עלעקטריציטעט האָט אויך אַ ווירקונגס־ספֿערע, וואָס הייסט עלעקטריש פֿעלד. אַט נעמט אַ גלאָז־שטעקל און רייבט עס מיט אַ שטיקל פּעלץ, אָדער נעמט אַ שטיקל בורשטין און רייבט עס מיט אַ שטיקל וואָלן־שטאָף און לייגט אַוועק ניט ווייט שטיקלעך פּאַפּיר, וועט עס אַנציען. עס הייסט, עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַרום דעם עלעקטריזירטן גלאָז־שטעקל, אָדער אַרום דעם שטיקל עלעקטריזירטע בורשטין אַ ווירקונגס־ספֿערע, אַן עלעקטריש פֿעלד.

אָבער ווי אַזוי קומט די קראַפֿט פֿון מאַגנעט צום שטיקל אייזן, וואָס ליגט אָפּגערוקט פֿון אים? ווי אַזוי פֿאַרשפּרייטן זיך זיינע מאַגנעטישע קראַפֿט־ליניען אין רוים? און ווי אַזוי טראָגט זיך אַריבער די מאַגנעטישע קראַפֿט אין רוים? די זעלביקע פֿראַגע איז אויך וועגן דער גראַוויטאַציע־קראַפֿט פֿון דער ערד.

וועגן ליכט פֿלעגט מען שטעלן די פֿראַגע מיט אַזאַ דערקלערונג: שטעלט אַוועק אַ וועק־זייגער אין אַ פֿאַרמאַכטער גלעזערנער כּלי, פֿון וועלכער מען האָט אויסגעפּאָמפּעט די לופֿט און איר וועט ניט הערן ווי דער זייגער קלינגט. דאָס איז אַ באַווייז, אַז דער טרעגער פֿון קלאַנגען איז לופֿט. אויף דעם געוויינלעכן לשון וועט עס הייסן, אַז די לופֿט־כוואַליעס ברענגען דאָס קלינגען פֿון זייגער צו אייער אויער. איז ניטאָ קיין לופֿט אַרום וועק־זייגער, איז ניטאָ ווער עס זאָל ברענגען זיינע קלאַנגען צו אייער אויער. איר הערט דעריבער ניט ווי עס קלינגט. איר זעט אָבער דעם זייגער אין דער גלעזערנער כּלי גאַנץ גלייך, אויב עס איז אין איר פֿאַראַן לופֿט אָדער ניט. דאָס באַווייזט, אַז ליכט איז אַנדערש ווי קלאַנג, און אַז ליכט טראָגט זיך ניט מיט דער הילף פֿון לופֿט־כוואַליעס. טאָ דורך וואָס דען טראָגט זיך ליכט אין רוים? האָט מען אויף דעם געגעבן אַזאַ ענטפֿער:

אין רוים געפֿינט זיך אַזאַ זאַך, וואָס הייסט עטהער. אָבער דאָס איז אַזוי איידל אַז מען קען עס ניט זען און ניט אָנטאַפּן; מען קען עס ניט מעסטן און ניט וועגן; עס איז עפּעס אַ מין רוחניותדיקע מאַטעריע, וואָס האָט אַ ניט־ממשותדיקן ממשות, און אַט די זאַך איז עס, וואָס טראָגט פֿונאַנדער אין רוים

ליכט-שטראַלן, מאַגנעטישע קראַפֿט-ליניען, עלעקטריציטעט, און די גראַוויטאַציאָנס-קראַפֿט פֿון דער ערד.

איז די דערקלערונג געווען אַ גאַנץ גוטע, אָבער זי האָט געהאַט איין גרויסן חסרון, וואָס זי האָט פּרובירט רעכט-מאַכן אומפֿאַרשטענדלעכע דערשיינונגען מיט אַ זאַך — עטהער, וואָס איז אַליין נאָך מער אומפֿאַרשטענדלעך.

פּראָפֿעסאָר איינשטיין האָט אַלע פֿראַגן פֿאַרענטפֿערט גאַנץ איינפֿאַך. ער האָט דערקלערט, אַז רוים גופֿא ווערט באַאיינפֿלוסט פֿון שטאָף, אָדער מאַטעריע. דאָס ווייזן טאַקע די קראַפֿט-ליניען פֿון מאַגנעט. און דאָס ווייזט אויך דער פֿאַקט, וואָס די גרויס פֿון די קערפּער, די גרויס פֿון מאַגנעט, די גרויס פֿון די הימלשע קערפּערס און זייער ווייטקייט האָט זייער פֿיל צו טאָן מיט דער גרויסקייט און שטאַרקייט פֿון זייער ווירקונג. עס הייסט, אַז עס איז פֿאַראַן אַ באַציאונג צווישן רוים און שטאָף, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם, פֿאַרוואָס אַן עפּל פֿאַלט פֿון אַ בוים צו דער ערד און פֿאַרוואָס אַ שטיקל אייזן ווערט צוגעצויגן צו אַ מאַגנעט.

איינשטיינס באַגריף וועגן רוים איז געווען, ווי שוין פֿריער באַמערקט, אין גאַנצן ניי. רוים האָט ביי אים אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן ווי עטוואָס, וואָס איז אַבסאָלוט, ווי מיר שטעלן זיך עס פֿאָר, נאָר ביי אים איז רוים צונויפֿגעשמאָלצן מיט צייט און מיט שטאָף. רוים איז לויט איינשטיינען עטוואָס וואָס מאַטעריע קען בויגן, מער אָדער ווייניקער אָנצופּאַסן איר אייגענע פֿאָרם. אַ גאַנץ באַזונדערס גרויסע שטיק מאַטעריע, זאָגן מיר אַ גאַנץ גרויסער הימלשער קערפּער ווי די זון, למשל, קען זיך, אַזוי-צו-זאָגן, אַרומוויקלען מיט רוים.

נאָר ווען מיר זאָגן, אַז שטאָף בויגט אויס דעם רוים, כּדי עס צוצופּאַסן צו זיין אייגענער פֿאָרם, איז עס דערפֿון געדרונגען, אַז רוים איז רונדלעך אויסגעבויגן, ווייל די הימלישע קערפּערס זיינען רונד. ממילא זיינען אויך די ליניעס, לויט וועלכע עס ווירקט די צוציאונגס-קראַפֿט פֿון דער ערד און פֿון אַנדערע הימלשע קערפּערס, געבויגענע. אויב רוים איז אויסגעבויגן, זיינען אַלע ליניעס געבויגן און עס זיינען קיין גראַדע ליניעס ערגעץ אין גאַנצן ניטאָ. און ווען אַ שטיין פֿאַלט אויף דער ערד מוז ער פֿאַלן לויט דער געבויגענער קראַפֿט-ליניע פֿון דער גראַוויטאַציע פֿון דער ערד. און אַזוי איז עס אויך מיט די פּלאַנעטן וואָס דרייען זיך אַרום דער זון. זיי מוזן גיין אין דעם אויסגעבויגענעם, אויסגערונדעטן וועג אַרום דער זון, ווייל די זון האָט געוויקלט אַרום זיך דעם רוים אויף אַזאַ אופֿן, אַז דער וועג פֿאַר די פּלאַנעטן אַרום איר איז דערמיט שוין פֿון זיך פֿאַר זיי באַשטימט געוואָרן. עס איז פּונקט ווי דער וועג פֿון אַ שיף, וואָס גייט פֿון אַמעריקע אין אייראָפּע. זי מוז גיין אויף אַן אויסגעבויגענעם וועג, זי קען זיך ניט העלפֿן, ווייל די ערד איז רונד, און אַזוי איז עס אויך מיט ליכט. זי טראָגט זיך ניט אין אַ גראַדער ליניע נאָר אין אַ געבויגענער. און ליכט האָט אין זיך, זאָגט איינשטיין, עטוואָס וואָס איז ענלעך צו געוויכט. דאָס האָבן שוין אַנדערע פֿיזיקער געזאָגט פֿאַר אים. עס ווערט דעריבער מעגלעך, אַז אַ ליכט-שטראַל זאָל אָנגעצויגן ווערן פֿון אַ הימלשן קערפּער, ווען ער גייט אים פֿאַרביי. און אויב דער הימלשער קערפּער איז אַ גאַנץ באַזונדערס גרויסער, קען ער דעם ליכט-שטראַל אַזוי אויסבויגן, אַז ער זאָל אים אַרומוויקלען אַרום זיך, אָדער ריכטיקער, אַז ער זאָל לויפֿן אַרום אים.

אַט דער איינשטיינשער באַגריף וועגן רוים, ווי איר זעט, דערקלערט אַלץ אַזוי איינפאַך, ווי עס דרייען זיך די פּלאַנעטן, ווי עס לויפט ליכט, ווי עס ווירקט אַ מאַגנעט, א. אַז. וו. אַז מען דאַרף קיין אַנדערע דערקלערונגען ניט האָבן. איז אָבער, ווי שוין פריער דערמאָנט, פאַראַן איין צרה מיט איינשטיינס טעאָריע. זי דערקלערט אַלץ גוט וואָס איז שייך צו דער גרויסער וועלט — צו דער וועלט פון שטערן, פּלאַנעטן, נעבולאַס, א. אַז. וו. אָבער זי דערקלערט ניט די קליינע וועלט פון עלעקטראָנען, פּראָטאָנען, נייטראָנען, פּאָזיטראָנען, פאָטאָנען — אין קורצן, דאָס גאַנצע וועלטעלע וואָס אַן אַטאָם שטעלט מיט זיך פאָר. נו, האָט אונדז איינשטיין איצט אָנגעזאָגט, אַז ער איז אויף אַ וועג ווי אַריינצונעמען אין זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע אויך דאָס קליין וועלטעלע — דעם אַטאָם — און מען וועט אויף אַזאַ אופן קענען דערקלערן דעם געבוי פון דער גאַנצער וועלט מיט איין טעאָריע. פאַרשטייט איר שוין?

געוויס פאַרשטייט איר! נאָר איך שטעל מיר פאָר, אַז איך באַאומרואיקן אַ ביסל די ווערטער פון איינשטיינען, וואָס זאָגן, אַז ער האָט געפונען אַ „רוים פון צוויי גלייכע שיכטן וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט מערערע בריקן". דאָס איז אַ שטיקל עברי, וואָס איז ווירקלעך שווערלעך צו פאַרשטיין. אָבער איר קענט זיך באַרואיקן. עס איז אַן אויסדרוק בלויז פאַר מאַטעמאַטיקער. און די ווערטער דאַרפן באַטראַכט ווערן בלויז פאַר מאַטעמאַטישע סימבאָלן און צייכנס, וואָס זיינען ענלעך, ווי אַ פיזיקער האָט באַמערקט, צו די נאָטן וואָס זיינען געדרוקט אין אַ מוזיק־בוך. די מוזיק עקזיסטירט ניט אין דער נאַטור. עס פאַנגט אָן עק־זיסטירן בלויז, ווען מען פאַנגט אָן שפּילן.

,1935



## איז אַלץ אין דער וועלט בלויז אַ צופאַל?

פון אַן אינטערוויו וואָס דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער „טאַימז" האָט געהאַט מיט פּראָפעסאָר איינשטיין, ביי זיין אָנקומען אין בערלין, דערוויס איך זיך, אַז עפּעס איז ווידער ניט אין אָרדענונג אין דער פיזיקאַלישער וויסנ־שאַפט. איינשטיין האָט נעמלעך דערקלערט פאַר דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער „טאַימז", אַז ער גלייבט, אַז די וויסנשאַפט וועט ענדלעך ווידער אַמאָל אַנערקענען דאָס קאַוזאַליטעט־געזעץ, דאָס הייסט, אַז פאַר יעדער דער־שיינונג איז פאַראַן אַן אורזאַך און אַז ממילא זיינען פאַראַן באַשטימטע נאַטור־געזעצן, לויט וועלכע אונזער וועלט ווערט געפירט.

עס קען זיין, אַז מאַנכע וואָס זיינען ניט גוט באַקאַנט מיט די איבערקערענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען די לעצטע יאָרן אין דער טעאָריע פון פיזיק, וועלן זיך וואונדערן אויף פּראָפעסאָר איינשטיינס דערקלערונג. זיי וועלן פרעגן: ווי קען דען אַנדערש זיין? איז עס דען ניט אַלע מאָל געווען אַ גרונט־געזעץ אין דער פיזיק, אַז יעדע נאַטור־דערשיינונג מוז האָבן אַ באַשטימטע אורזאַך? און איז עס דען ניט אַלע מאָל געווען אַן אומבאַשטרייטבאַרער וויסנשאַפטלע־כער אמת, אַז די וועלט ווערט געפירט דורך באַשטימטע נאַטור־געזעצן?

אָבער אין די איצטיקע יאָרן פֿון רעוואָלוציע דאַרף מען זיך אויף אַזאַ זאַך ניט וואונדערן. אַמאָל איז עס טאַקע געווען אַן אומבאַשטרייטבאַרער וויסנשאַפֿטלעכער אמת, אַז יעדע נאַטור־דערשיינונג מוז האָבן אַן אורזאַך און אַז אין דער נאַטור־וועלט עקזיסטירט אַ שטרענגע געזעצלעכקייט. אָבער היינט דאַרף פּראָפֿעסאָר איינשטיין זאָגן, אַז ער גלייבט, אַז ענדלעך וועט די וויסנשאַפֿט עס ווידער אַמאָל אַנערקענען, ווייל היינט אַנערקענט זי עס ניט מער. פֿיל מער, זי לייקנט עס. און טאַקע פּראָפֿעסאָר איינשטיין אַליין האָט פֿיל מיטגעהאָלפֿן, אויב אַפֿילו ניט דירעקט, אַז דאָס געזעץ פֿון „אורזאַך און פֿאָלגע”, אָדער דאָס קאַוזאַליטעטס־געזעץ אין דער נאַטור־וויסנשאַפֿט זאָל אָפּגעלייקנט ווערן. היינט איז אין דער וויסנשאַפֿט אָנגענומען די טעאָריע פֿון פּראָפֿ. הייזענבערג פֿון לייפּציג, אַז מיר האָבן אין דער נאַטור צופֿאַל אַנשטאָט געזעץ. די נאַטור־וועלט ווערט רעגירט דורך אומבאַשטימטקייט, זאָגט ער, און די וויסנשאַפֿט קען ניט פֿאָרויסזאָגן די צוקונפֿט. און אויב איינשטיין האָט ניט געהאָלפֿן דירעקט שאַפֿן די הייזענבערג־טעאָריע וועגן צופֿאַל און אומבאַשטימטקייט אין דער נאַטור, האָט ער אָבער אומדירעקט איר אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע.

מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק איז די טעאָריע פֿון פֿיזיק געווען אַ סך איינפֿאַכער און אפֿשר אויך שכלדיקער. ווייניקסטנס האָט מען אַזוי געגלייבט, אַז זי איז שכלדיקער. עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט דעם איינפֿאַכן אַטאָם. עס האָט געהייסן, אַז שטאָף, מאַטעריע באַשטייט פֿון אַטאָמען און אַן אַטאָם איז דער קלענסטער טייל פֿון מאַטעריע, וואָס קען מער ניט געטיילט ווערן. האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז אַן אַטאָם איז ווייט ניט דער קלענסטער טייל פֿון מאַטעריע, וואָס קען מער ניט געטיילט ווערן. עס זיינען געקומען פֿיזיקער און האָבן גענומען אַטאָמען און האָבן זיי צעבראָכן. נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק האָט אַ שרייבער פֿון אַ יידישער צייטונג געמאַכט אַ שפּאַס פֿון אַ שטיקל נייעס, וואָס ער האָט געלייענט אין אַן ענגלישער צייטונג וועגן עקספּערימענטן, וואָס מען האָט געמאַכט מיט פֿאַרשיידענע אַטאָמען און ווי אַזוי מען האָט זיי צעבראָכן. וואָס פֿאַראַ אומזין און עם הארצות דאָס איז, האָט ער זיך געוויצלט. ווי אַזוי קען מען צעברעכן אַן אַטאָם, ווען דער אַטאָם איז דער קלענסטער טייל פֿון מאַטעריע, וואָס קען מער ניט געטיילט ווערן? און דאָס באַוויזט, אַז אַפֿילו אַ יידישער שרייבער טאָר אין די איצטיקע רעוואָלוציאָנערע צייטן ניט זיין צו זיכער ביי זיך מיט די וויסנשאַפֿטלעכע אמתן, וואָס ער פֿאַרמאָגט, ווייל די וויסנשאַפֿטלעכע אמתן גופֿא ענדערן זיך איצט גאַנץ אָפֿט. היינט איז אַן אַטאָם ניט דער קלענסטער טייל פֿון מאַטעריע, וואָס קען מער ניט געטיילט ווערן נאָר אַן אַטאָם באַשטייט פֿון פּראָטאָנען און עלעקטראָנען. דער קערן, די יאָדרע פֿון דעם אַטאָם איז דער פּראָטאָן ער געפֿינט זיך אין מיטן פֿון דעם אַטאָם און אַרום אים דרייען זיך די עלעקטראָנען. עס איז שוין געווען אַפֿילו אַ טעאָריע, אַז דער פּראָטאָן און די עלעקטראָנען פֿון אַטאָם שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ בילד פֿון אונדזער זונען־סיסטעם. די זון שטייט אין מיטן און די פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום איר אין פֿאַרשיידענע קרייזן. אָבער די דאָזיקע טעאָריע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מען האָט ניט געקענט באַווייזן ווי אַזוי די עלעקטראָנען דרייען זיך אין זייערע פּאָזיציעס אין דעם אַטאָם. אָבער צו די נייע ווערטער פּראָטאָן און עלעקטראָן

איז צוגעקומען אַ וואָרט פֿאָטאָן, וואָס שטאַמט פֿון איינשטיינען, און וואָס האָט עס מיטגעהאָלפֿן מאַכן די רעוואָלוציע אין דער פֿיזיקאַלישער טעאָריע.*

פּראָפֿעסאָר איינשטיין האָט זיך אַמאָל פֿאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס עס איז ליכט. וועגן דעם וואָס עס איז ליכט האָבן אַלע גרויסע פֿיזיקער פֿון דער וועלט געטראַכט און פֿאַרשיידענע טעאָריעס זיינען פֿון זיי געשאַפֿן געוואָרן. פֿאַר אַ לאַנגער צייט איז געווען אָנגענומען די טעאָריע פֿון ניוטאָן, אַז ליכט באַשטייט פֿון קליינע טיילכלעך, אָדער קאָרפּוסקעלן, ווי ער האָט זיי גערופֿן. אין דער נייער פֿיזיק, אָבער, איז ניוטאָנס קאָרפּוסקל־טעאָריע פֿון ליכט אין גאַנצן פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן און עס איז אָנגענומען געוואָרן די טעאָריע פֿון אויסשטראַלונג און פֿון עטהער־כוואַליעס. איז אָבער געקומען פּראָפֿעסאָר פּלאַנק פֿון בערלינער אוניווערזיטעט און האָט אָנגעוויזן, אַז די כוואַליעס־טעאָריע איז עפּעס ניט מיט אַלעמען. ער האָט געבראַכט פֿאַרשיידענע באַווייזן, אַז ליכט באַשטייט ניט פֿון עטהער־כוואַליעס. ער האָט דעריבער באַשאַפֿן אַ נייע ליכט־טעאָריע. ער האָט געזאָגט, אַז ליכט איז ענערגיע, וואָס ווערט פֿון אַ געוויסן קוואַל געשאָסן ווי קוילן. די טעאָריע פֿון פּראָפֿעסאָר פּלאַנק האָט באַקומען דעם נאָמען „קוואַנטום־טעאָריע". פּראָפֿעסאָר איינשטיין האָט די קוואַנטום־טעאָריע פֿון פּראָפֿעסאָר פּלאַנק ווייטער אַנטוויקלט און ער האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי עלעקטראָנען ווערן אַרויסגעשאָסן פֿון פֿאָטאָ־עלעקטרישע צעלן, ווי דורך קוילן, ווען זיי ווערן געטראָפֿן פֿון געוויסע שטראַלן און דערביי האָט ער אויך אָנגעוויזן, אַז מען קען ניט באַשטימען און אַרויסזאָגן וועלכע עלעקטראָנען עס וועלן אַרויסגעשאָסן ווערן. עס הענגט אין גאַנצן אָפּ פֿון צופֿאַל. עס הייסט אַלזאָ, אַז איינשטיין אַליין האָט אָנגעוויזן, אַז די עלעקטראָנען אין דעם אַטאָם ווערן ניט רעגירט פֿון באַשטימטע געזעצן נאָר פֿון צופֿאַל. און זיינען דאָך די עלעקטראָנען דער יסוד פֿון אונדזער גאַנצער נאַטור־וועלט. און אויב דער יסוד, די עלעקטראָנען ווערן רעגירט פֿון צופֿאַל, טאָ איז דאָך ניט מער ווי לאָגיש צו קומען צום שלוס, אַז צופֿאַל רעגירט אין דער נאַטור־וועלט אין אַלגעמיין.

פּראָפֿעסאָר איינשטיין האָט אָט די „קוילן", וואָס שיסן אַרויס די עלעקטראָנען פֿון די פֿאָטאָ־עלעקטרישע צעלן, אַ נאָמען געגעבן „פֿאָטאָנען". אין דער ווירקלעכקייט איז אַ „פֿאָטאָן" ביי איינשטיינען אומגעפֿער דאָס זעלבע וואָס אַ קאָרפּוסקל ביי ניוטאָנען. ביי ניוטאָנען באַשטייט ליכט פֿון טיילכלעך, וואָס ער האָט גערופֿן קאָרפּוסקלען, און ביי איינשטיינען באַשטייט ליכט פֿון טיילכלעך, וואָס ער רופֿט פֿאָטאָנען. אָבער איינשטיין ווייס גאַנץ גוט, אַז ליכט האָט אויך דעם כאַראַקטער פֿון כוואַליעס. פֿאַרשיידענע עקספּערימענטן באַווייזן עס. איז דאָך די פֿראַגע, ווי קען ליכט האָבן אי דעם כאַראַקטער פֿון פֿאָטאָנען (ליכט־טיילכלעך) אי דעם כאַראַקטער פֿון כוואַליעס? דאָ מוז מען ווידער קומען צו דעם ענטפֿער, אַז עס פֿעלט דאָס באַשטימטע געזעץ, אַז עס איז דער צופֿאַל פֿון די עלעקטראָנען. און פּראָפֿעסאָר הייזענבערג און מיט אים פּראָפֿעסאָר שרעדינגער באַווייזן מיט אַ גאַנצער ריי עקספּערימענטן, אַז מיר האָבן אין דער נאַטור־וועלט

* אין דער צייט, ווען דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן (מערץ 1931), האָט מען נאָך ניט געוואוסט, אַז אַן אַטאָם האָט אויסער פּראָטאָנען און עלעקטראָנען, אויך נייטראָנען, פּאָזיטראָנען, דייטראָנען און מעזאָנען.

בלויז צופאַלן און אַז דאָס אַמאָליקע קאַוזאַליטעט־געזעץ, אָדער דאָס געזעץ פון „אורזאַך און פאָלגע" איז ניט מער ווי אויסגעטראַכט און עקזיסטירט ניט אין דערווירקלעכקייט.

נאָר איז עס אויך אַ צופאַל, וואָס די ערד דרייט זיך אַרום דער זון? איז עס אויך אַ צופאַל, וואָס זי דרייט זיך מיט אַ באַשטימטער געשווינדקייט? און האָבן מיר דען ניט אַ גאַנצע ריי באַשטימטע, פעסטע געזעצן אין דער נאַטור־וועלט?

פראָפעסאָר הייזענבערג ווייס עס. ער האָט שטודירט פיזיק און ער איז אַליין אַ פראָפעסאָר פון פיזיק. נאָר וואָס וואָלט איר זאָגן, ווען מען וואָלט אייך פרעגן, אויב עס איז פאַראַן אַ נאַטור־געזעץ וויפל מאָל עס דאַרף פאַלן קאָפּ און וויפל מאָל אָדלער, ווען איר וואַרפט אַ מטבע? איר וועט זיכער ענטפערן אַז אַזאַ נאַטור־געזעץ איז ניטאָ. עס איז בלויז אַ צופאַל, ווען עס פאַלט קאָפּ און עס איז ניט מער ווי אַ צופאַל, ווען עס פאַלט אָדלער. און אייער ענטפער וועט זיין אַ ריכ־טיקער. ווייסט איר אָבער, אַז ווען איר וועט וואַרפן אַ מטבע אַ מיליאָן מאָל וועט זי אומגעפער אַ האַלבן מיליאָן מאָל פאַלן קאָפּ און אַ האַלבן מיליאָן אָדלער? און איר קענט עס פרובירן וויפל מאָל איר ווילט און איר וועט באַקומען דעם זעלביקן רעזולטאַט. נו, וועט איר זאָגן, אַז דאָס איז אַ נאַטור־געזעץ? קענט איר זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן אורזאַך, וואָס צווינגט די מטבע, אַז זי זאָל אַ האַלבן מיליאָן מאָל פאַלן קאָפּ און אַ האַלבן מיליאָן אָדלער?

אָבער אייגנטלעך האָב איך דאָס אַלץ גאָרניט געוואָלט שרייבן. דאָס איז ניט גאָר קיין לייכטער ענין און מען דאַרף צו אים אַ ביסל צולייגן דעם קאָפּ. איך האָב גאָר בדעה געהאַט זיך אָפּצושטעלן הויפּטזעכלעך אויף דעם, וואָס איינשטיין האָט אויסגעדריקט זיין גלויבן אין דעם פאַרוואָרפענעם קאַוזאַליטעטס־געזעץ, ניט ווייל ער האָט געפונען נייע וויסנשאַפטלעכע באַווייזן פאַר אים, נאָר בלויז דערפאַר ווייל ער האָט אַ נייגונג צו אים. ער האָט עס אַליין געזאָגט.

די וויסנשאַפט, ווי זי שטייט איצט, לייקנט אָפּ דאָס געזעץ פון „אורזאַך און פאָלגע" (קאַוזאַליטעט). די גרויסע פיזיקער פון דער וועלט אָנערקענען פראָפ. הייזענבערגס טעאָריע פאַר ריכטיק. אָבער איינשטיין זאָגט, אַז ער פילט, אַז עס איז יאָ פאַראַן געזעץ אין דער נאַטור, אַז עס איז ניט בלויז צופאַל, נאָר אַז עס זיינען פאַראַן אורזאַכן. ער האָט דערביי זיך געוויצלט, אַז מען וועט זאָגן אויף אים, אַז עס איז אַ צייכן פון עלטער, ווען ער דענקט אַזעלכע זאַכן, אָבער ער קען זיך ניט העלפן, ווען עס גלייבט זיך אים, אַז „אורזאַך און פאָלגע" ליגט אין דער נאַטור פון דער וועלט.

עס הייסט, אַז אַפילו אין דער שטרענגער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט האָבן אויך אַ ווירקונג סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, נייגונגען און אָפּנייגונגען. און דער מוסר השכל דערפון איז... נאָר דאַרף מען עס פון אַלץ האָבן אַ מוסר השכל?

# אַרום און וועגן דער אַטאָמישער באָמבע

מיין עלטער־זיידע האָט געלעבט אין דער צייט פֿון פֿערד־און־וואָגן, מיין זיידע האָט געלעבט אין דער צייט פֿון אייזנבאַנען און דאַמף־שיפֿן, מיין טאַטע האָט געלעבט אין דער צייט פֿון עלעקטריציטעט און פֿלי־מאַשינען און איך, דער אור־אייניקל, לעב שוין אין דער צייט פֿון אַטאָמישער ענערגיע. ווי איך זע, פּראָגרעסירט די וועלט דאָך, און אַמאָל אַ סך שנעלער ווי מען דערוואַרט פֿון איר.

איך דאַרף זיך מודה זיין, אַז איך האָב ניט דערוואַרט, אַז דער סוד ווי זיך צו באַנוצן מיט באַפֿרייטער אַטאָמען־ענערגיע וועט נאָך אַנטדעקט ווערן אין מיין צייט, ניט קוקנדיק אויף דעם ,וואָס די וויסנשאַפֿט האָט שוין אָנגעהויבן פֿאַנטאַ־זירן וועגן דעם, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגער סטודענט.

אין דער אמתן, ווען איך האָב אָנגעהויבן לערנען כעמיע און פֿיזיק, האָט מען נאָך ניט געוואוסט וועגן אַטאָמען־ענערגיע, ווייל מען האָט נאָך ניט געוואוסט, אַז מען קען שפּאַלטן אָדער אויפֿרייסן אַטאָמען. אין דעם כעמישן בוך, פֿון וועלכן איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען כעמיע, איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַן אַטאָם איז דער קלענסטער טייל פֿון מאַטעריע, וואָס קען מער ניט געטיילט ווערן. און דערביי האָט דער מחבר פֿון בוך זיך באַמיט צו געבן אַ פֿאַרשטעלונג ווי קליין אַן אַטאָם איז, אַז מען וואָלט אים ניט קענען זען, ווען מען זאָל אים אַפֿילו פֿאַר־גרעסערן אויף אַ סך טויזנטער מאָל. איך האָב דעמאָלט באַגריפֿן, אַז פֿאַר דער מענטשלעכער פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט איז לייכטער זיך פֿאַרצושטעלן אומענד־לעכע גרויסקייט, איידער אומענדלעכע קליינקייט. איך גלויב, אַז דער מחבר פֿון דעם כעמישן בוך, פֿון וועלכן איך האָב אָנגעפֿאַנגען צו לערנען כעמיע, האָט אַליין ניט געהאַט קיין גענויע פֿאַרשטעלונג ווי קליין אַן אַטאָם איז. עס זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען די נויטיקע מיטלען עס פּינקטלעך צו באַשטימען. אין די איצטיקע כעמישע ביכער גיט מען אַ גענויערע פֿאַרשטעלונג וועגן דער קליינ־קייט פֿון אַן אַטאָם. אַלע וויסן איצט וועגן דעם עלעמענט אוראַניום. מילא, עס רעדט זיך אַזוי, אַז אַלע וויסן. אין דער אמתן וועט מען נאָך אפֿשר געפֿינען עטלעכע מיניינים מענטשן אין אַמעריקע, וואָס וויסן ניט וואָס אוראַניום איז. אָבער פֿאַר מיר איז גענוג די צאָל, וואָס וויסן. נו, איז אין אַן אונץ פֿון אָט דעם שווערן עלעמענט פֿאַראַן 100,000,000,000,000,000,000,000 אַטאָמען. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז דאָס אַ חשבון פֿון הונדערט קווינטעליאָן. נאָר ווי אַזוי מען ציילט עס איבער, ווייס איך נישט. איך גלויב, אַז ווען איינער זאָל לעבן מתושלחס יאָרן און זיין איינציקע אַרבעט זאָל זיין ציילן, און דערצו זאָל ער נאָך אַרבעטן „אָווערטאַים", וועט ער עס ניט אויסציילן.

איצט האָט מען גענויע מיטלען ווי צו באַשטימען פּינקטלעך די געוויכט פֿון אַטאָמען. אין דער צייט, ווען איך האָב אָנגעפֿאַנגען לערנען כעמיע, האָט מען מיר גע־זאָגט, אַז די אַטאָמישע געוויכט פֿון וואַסערשטאָף (היידראָדזשען) איז 1. איצט איז מען אָבער פּינקטלעך און מען ווייס, אַז די אַטאָמישע געוויכט פֿון וואַסער־שטאָף איז 1 מיט אַכט טויזנטסטל (1.008). נאָר פֿאַר פּראַקטישע צוועקן לאָזט מען אויך היינט אויס די אַכט טויזנטסטל, און מען זאָגט דעריבער אויך היינט, אַז

די אַטאָמישע געוויכט פֿון וואַסערשטאָף איז 1 און אַז די אַטאָמישע געוויכט פֿון העליום איז 4, ווייל העליום איז פֿיר מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף, און אַז די אַטאָמישע געוויכט פֿון זויערשטאָף (אָקסידזשען) איז 16, ווייל ער איז 16 מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף, און אַז די אַטאָמישע געוויכט פֿון בליי איז 207, ווייל ער איז אַזוי פֿיל מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף, און אַז אוראַניום, וואָס איז געוואָרן אַזוי באַרימט, צוליב דער אַטאָמישער באָמבע, האָט אַן אַטאָמישע געוויכט פֿון 235, ווייל עס איז מיט אַזוי פֿיל מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף. (וועגן דעם געוויכט פֿון אוראַניום וועט נאָך גערעדט ווערן שפּעטער). עס הייסט, אַז וואַסערשטאָף, וואָס איז דער לייכטסטער עלעמענט אין דער נאַטור, איז אַנגענומען געוואָרן פֿאַר דער איינהייט פֿון אַטאָמישער געוויכט. מען פֿאַרגלייכט די געוויכט פֿון די אַטאָמען פֿון אַלע אַנדערע עלעמענטן מיט דער געוויכט פֿון דעם אַטאָם פֿון וואַסערשטאָף.

איצט ווייס מען אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס מען האָט ניט געוואוסט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען כעמיע און פֿיזיק. מען האָט ניט געוואוסט, אַז אַן אַטאָם שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קליין וועלטעלע, וואָס איז ענלעך צו דער זונען־סיסטעם פֿון אונדזער גרויסער וועלט. היינט לערנט מען אונדז, אַז אַן אַטאָם באַשטייט פֿון פּראָטאָנען, עלעקטראָנען, נייטראָנען, פּאָזיטראָנען, דייטראָנען און מעזאָנען (די מעזאָנען קומען פֿון די קאָסמישע שטראַלן און האָבן זייער אַ קורץ לעבן). די פּראָטאָנען און נייטראָנען שטעלן מיט זיך פֿאָר די יאָדרע (ניוקלעאוס) פֿון דעם אַטאָם. די פּראָטאָנען זיינען אָנגעלאָדן מיט פּאָזיטיווער עלעקטריציטעט און אַרום זיי דרייען זיך אין פֿאַרשיידענע אָרביטן די עלעקטראָנען, וואָס זיינען אָנגעלאָדן מיט נעגאַטיווער עלעקטריציטעט. די נייטראָנען האָבן גאָרניט קיין עלעקטריציטעט אין זיך, ניט קיין פּאָזיטיווע און ניט קיין נעגאַטיווע. זיי זיינען נייטראַל. דער איינפֿאַכסטער אַטאָם איז פֿון וואַסערשטאָף. זיין יאָדרע (ניוקלעאוס) באַשטייט בלויז פֿון איין פּראָטאָן און איין נייטראָן, אַרום וועלכע עס דרייט זיך איין עלעקטראָן. די אַטאָמען פֿון די אַנדערע כעמישע עלעמענטן זיינען שוין קאָמפּליצירטער. זייער יאָדרע באַשטייט פֿון מער פּראָטאָנען און נייטראָנען און די צאָל עלעקטראָנען, וואָס דרייען זיך אַרום דער יאָדרע איז גרעסער. אַן אוראַניום אַטאָם, למשל, האָט 92 עלעקטראָנען. אין די טאַבעלן פֿון די כעמישע ביכער זיינען די כעמישע עלעמענטן אויסגעשטעלט אין דער אָרדנונג לויט דער צאָל פֿון זייערע עלעקטראָנען: וואַסערשטאָף איז נומער 1, ווייל עס האָט בלויז איין עלעקטראָן; העליום איז נומער 2, ווייל עס האָט צוויי עלעקטרנען; ליטיום איז נומער 3, ווייל עס האָט דריי עלעקטראָנען, א. אַ. וו. ביז אוראַניום, וואָס איז נומער 92 און איז דער לעצטער עלעמענט אין דער טאַבעלע.*)

---

*) וועגן דער יאָדרע פֿון די אַטאָמען, וואָס האָט מער ווי איין פּראָטאָן האָט עקזיסטירט אַ האַרבע קשיה, וועלכע איז, ווי מען דענקט לעצטנס, פֿאַרענטפֿערט געוואָרן פֿון דעם באַרימטן דייטשן פֿיזיקער דר. ווערנער הייזענבערג.

די קשיה איז אַזאַ: עס איז פֿאַראַן אַ געזעץ אין עלעקטריציטעט, אַז גלייכע שטויסן זיך אָפּ און אומגלייכע ציען זיך צו. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז פּאָזיטיווע עלעקטרישע לאָדונגען שטויסן זיך אָפּ און אַזוי שטויסן זיך אויך אָפּ נעגאַטיווע עלעקטרישע לאָדונגען, אָבער פּאָ־

**איך דערצייל אָט די אַלע זאַכן אַלס אַ הקדמה צו דער אַטאָמישער באָמבע. אָבער איך וויל דאָ זאָגן גלייך פֿאָרויס, אַז איך האָב דאָ ניט בדעה צו דערציילן ווי אַזוי מען מאַכט אַטאָמישע באָמבעס. ערשטנס, ווייל מען טאָר ניט אויסזאָגן דעם סוד, און צווייטנס, וואָס איז נאָך וויכטיקער, ווייל איך ווייס ניט. איך וויל דאָ בלויז שרייבן וועגן דער אַטאָמישער באָמבע און ווי אַזוי מען איז צו איר געקומען, אָבער ניט ווי מען מאַכט איר.**

*

**אַלע ווייסן שוין איצט, אַז די אַטאָמישע באָמבע איז געמאַכט געוואָרן דורך שפּאַלטן די אַטאָמען פֿון אוראַניום. אָבער פֿאַרוואָס דווקא די אַטאָמען פֿון אוראַניום? באַשטייען דאָך אַלע עלעמענטן פֿון אַטאָמען און די אַטאָמען פֿון אַלע עלעמענטן באַשטייען דאָך פֿון עלעקטראָנען, פּראָטאָנען, נייטראָנען א. אַ. וו.? פֿאַרוואָס האָט מען גראָד זיך גענומען צו אוראַניום, וואָס איז פֿאַראַן אַזוי ווײ־**

---

זיטיווע און נעגאַטיווע עלעקטריציטעט ציען צו איינע די אַנדערע. עס איז פּונקט אַזוי ווי מאַגנעט. נעמט צוויי מאַגנעטן און איר וועט זען, אַז די אומגלייכע ענדן זייערע (נאָרד און זיד) ציען זיך צו און די גלייכע שטויסן זיך אָפּ. און אָט דאָ פֿאַנגט זיך אָן אַ זייער האַרבע קשיה: ווי אַזוי קען אַן אַטאָם, וואָס זיין יאָדרע האָט עטלעכע פּראָטאָנען, זיך האַלטן גאַנץ? ער דאַרף דאָך, לויט דעם דערמאָנטן געזעץ פֿון עלעקטריציטעט, אויפֿגעריסן ווערן. איין פּראָטאָן דאַרף דאָך אָפּשטויסן דעם צווייטן, ווייל יעדער פּראָטאָן איז דאָך אָנגעלאָדן מיט פּאָזיטיווער עלעקטריציטעט און גלייכע עלעקטרישע לאָדונגען שטויסן זיך דאָך אָפּ. און אויב די אַטאָמען דאַרפֿן אויפֿגעריסן ווערן צוליב זייערע פּראָטאָנען, וואָס דאַרפֿן אָפּשטויסן איינע די אַנדערע, מיינט עס, אַז אַלץ אַרום אונדז און אויך מיר אַליין דאַרפֿן אויפֿגעריסן ווערן, ווייל אַלץ אַרום און מיר אַליין באַשטייען דאָך פֿון אַטאָמען. די פֿראַגע, הייסט עס, איז: ווי אַזוי קען אונדזער וועלט עקזיסטירן? זי האָט גדאַרפֿט אויפֿגעריסן ווערן און צעשאָסן ווערן אַזוי, אַז עס זאָל פֿון איר ניט בלייבן קיין איינציקער גאַנצער אַטאָם, אַחוץ וואַסערשטאָף?

די דאָזיקע האַרבע שאלה האָט אָנגעפֿאַנגען מאַטערן די פֿיזיקער זינט עס איז אויפֿגעקומען די טעאָריע, אַז אַן אַטאָם באַשטייט פֿון פּראָטאָנען, עלעקטראָנען און אַזוי ווייטער, און אַז די יאָדרעס פֿון די אַטאָמען פֿון די פֿאַרשיידענע עלעמענטן, אויסער וואַסערשטאָף, באַשטייען פֿון מערערע פּראָטאָנען.

דער באַרימטער דייטשער פֿיזיקער ד״ר ווערנער הייזענבערג, אַ נאָבעל־פּרייז געווינער, וועלכער איז אין היטלערס צייטן געשטרויכלט געוואָרן אַ ביסל אין נאַציזם, האָט דורך זייער טיפֿע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען אין יאָר 1932 געגעבן אַן ענטפֿער אויף דער האַרבער שאלה. ער האָט איר פֿאַרענטפֿערט דורך די נייטראָנען, וועלכע געפֿינען זיך צוזאַמען מיט די פּראָטאָנען אין דער יאָדרע פֿון אַטאָם.

עס איז פֿריער באַמערקט געוואָרן, אַז די נייטראָנען האָבן אין זיך אין גאַנצן ניט קיין עלעקטריציטעט, ניט קיין פּאָזיטיווע, ניט קיין נעגאַטיווע, זיי זיינען נייטראַל. נו, איז דר. ווערנער הייזענבערג געקומען דורך זיינע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען צו אַזאַ געדאַנק: די נייטראָנען אין דער יאָדרע פֿון דעם אַטאָם ליגן ניט רואיק נאָר זיי שפּילן אין פּילקעס (באָל) מיט די פּראָטאָנען, למשל ווי אין טעניס. דער נייטראָן וואַרפֿט זיך ווי אַ פּילקע צום פּראָטאָן און ווען עס רירט אים אָן, נעמט ער אַוועק פֿון אים זיין עלעקטרישע לאָדונג און ער בייט זיך מיט אים אויף אַזאַ אופֿן מיט די ראָלן — ער ווערט אַ פּראָטאָן און דער פּראָטאָן, וואָס איז באַרויבט געוואָרן פֿון זיין עלעקטריציטעט, ווערט אַ נייטראָן. אָבער ווי נאָר דאָס האָט פּאַסירט, פֿאַנגט אָן דער פֿריערדיקער פּראָטאָן, וואָס איז איצט געוואָרן אַ נייטראָן, צו „שפּילן באָל". ער גיט זיך אַ וואָרף צו דעם פֿריערדיקן נייטראָן, וואָס האָט ביי אים צוגענומען די עלעקטריציטעט און איז געוואָרן אַ פּראָטאָן, און ער נעמט די עלעקטריציטעט ביי אים

ניק, ווען מען האָט געקענט נעמען אייזן, קוילן, אָדער גאָר וואַסער, וואָס איז פֿאַראַן אַזוי פֿיל?

ווען מען האָט מיט יאָרן צוריק אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די וואונדער, וואָס מען וואָלט געקענט אויפֿטאָן, ווען עס זאָל זיך איינגעבן צו באַפֿרייען די ענערגיע פֿון אַטאָמען, פֿלעגט מען געבןביישפּילן פֿון אויסרעכענונגען, וואָס מען האָט געמאַכט וועגן דער גוואַלדיקער גרויסער קראַפֿט, וואָס מען קען געווינען. מען האָט למשל, אויסגערעכנט, אַז די אַטאָמען־ענערגיע, וואָס געפֿינט זיך אין אַ טייִלעפֿעלע זאַמד, ווען מען זאָל עס קענען באַפֿרייען און אויסנוצן פֿאַר אַרבעטס־קראַפֿט, וואָלט זיין גענוג אַריבערצופֿירן די גרויסע ענגלישע שיף „קווין עליזאַבעטה" הין און צוריק דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. נו, זאַמד איז דאָכט זיך פֿאַראַן גענוג. מען דאַרף בלויז צופֿאָרן צום ברעג ים אין קאָני אײַלענד און דאָרטן קריגן זאַמד, וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט, טאָ פֿאַרוואָס האָט מען זיך ניט גענומען שפּאַלטן די אַטאָמען פֿון עלעמענטן, פֿון וועלכע זאַמד באַשטייט?

---

אָפּ צוריק. און אַזוי גייט עס כסדר הין און צוריק, אָט פּונקט ווי די פּילקע אין טעניס־שפּיל. און אָט די „שפּיל" האַלט די פּראָטאָנען אין דער יאָדרע פֿון אַטאָם צוזאַמען.

דאָס איז זייער אַ קלוגע און אַ טיפֿזיניקע דערקלערונג. אפֿשר איז דר. הייזענבערג געקומען צו דער דאָזיקער דערקלערונג ניט בלויז דורך מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען, נאָר אויך פֿון לעבנס־דערפֿאַרונג, אַז עס איז שווער צו בלייבן נייטראַל אויף דער וועלט, און אַז די וואָס זאָגן, אַז זיי זיינען נייטראַל, וואַרפֿן זיך געוויינלעך אַהין און אַהער. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז דר. הייזענבערגס ענטפֿער אויף דער האַרבער שאלה געבליבן ניט מער ווי אַ טעאָריע, וואָס דאַרף ערשט באַוויזן ווערן, אַז זי איז ריכטיק. און אַזוי ווי מען האָט קיין באַווייז ניט געקענט געפֿינען, איז עס געבליבן די אַלטע קשיה: ווי אַזוי האַלט זיך אונדזער וועלט און ווערט ניט צעשאָסן?

איז אָבער אין דער לעצטער צייט געקומען דער אַמעריקאַנער פֿיזיקער, דער נאָבל־פּרייז־געווינער, פּראָפֿעסאָר אוירנסט לאָרענס פֿון קאַליפֿאָרניע, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט בויען ריזיקע ציקלאָטראָנען צו שפּאַלטן אַטאָמען, און האָט באַוויזן מיט עקספּערימענטן, אַז דר. הייזענבערגס טעאָריע וועגן דעם טעניס־שפּיל צווישן נייטראָנען און פּראָטאָנען אין דער יאָדרע פֿון אַן אַטאָם איז אַ ריכטיקע.

פּראָפֿעסאָר לאָרענסעס נייער ציקלאָטראָן, אָדער סאַיקלאָטראָן, וואָס ער האָט ניט לאַנג צוריק אויסגעאַרבעט, וועגט 4,000 טאָן (8 מיליאָן פֿונט). ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן „סינקראָ־ציקלאָטראָן". עקספּערימענטירנדיק מיט אים האָט ער אויסגעפֿונען, אַז ווען נייטראָנען מיט אַ גרויסער שנעלקייט האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן דער וואַנט פֿון דער אינעווייניקסטער קאַמער פֿון דעם ציקלאָטראָן, זיינען צוריקגעשפּרונגען פּראָטאָנען, עס הייסט, אַז די נייטראָנען האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין פּראָטאָנען. און עקספּערימענטירנדיק ווייטער האָט ער איינגעזען, אַז מיט די נייטראָנען און פּראָטאָנען קומט פֿאָר דער טעניס־שפּיל פֿון דר. הייזענבערג, וואָס איז דאָ פֿריער באַשריבן געוואָרן.

עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז עס ווערן לעצטנס אַרויסגעזאָגט מיינונגען אין דער פֿיזיקאַלישער וויסנשאַפֿט, אַז די פּראָטאָנען און נייטראָנען זיינען ניט די קלענסטע טיילן פֿון אַטאָם, נאָר עס איז מעגלעך, אַז אויך פּראָטאָנען און נייטראָנען זאָלן קענען געשפּאָלטן ווערן און אַז די אַטאָמישע ענערגיע, וואָס וועט באַפֿרייט ווערן פֿון שפּאַלטן וועט זיין נאָך פֿיל גרעסער, ווי מען האָט עס איצט. עס הייסט, אַז די צוקונפֿטיקע אַטאָמישע באָמבעס וועלן האָבן אַ פֿיל גרעסערע פֿאַרניכטונגס־קראַפֿט, ווי די הייַנטיקע.

עס איז אויך פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז די מעזאָנען, וועלכע זיינען אַ טייל פֿון דער יאָדרע פֿון דעם אַטאָם און וועלכע האָבן זייער אַ קורץ לעבן — אַ זייער קליינער טייל פֿון אַ סעקונדע — האָבן די ווירקונג, אַז די יאָדרע פֿון אַטאָם זאָל ניט אויפֿגעריסן ווערן.

דער באַרימטער ענגלישער פיזיקער דזשעימס דזשינס האָט אויסגערעכנט, אַז אויב מען זאָל קענען מאַכן, אַז אַלע עלעקטראָנען און פּראָטאָנען, וואָס געפינען זיך אין אַ טראָפּן וואַסער זאָלן איינע די אַנדערע זיך פאַרניכטן, וואָלט די אַטאָמען־ענערגיע, וואָס וואָלט דערביי באַפרייט געוואָרן, זיין גענוג צו באַזאָרגן 200 פערד־קראַפט פאַר אַ גאַנצן יאָר. נו, אין דעם ים ביי קאָני־איילענד איז דאָכט זיך, פאַראַן גענוג וואַסער. אמת, ניט קיין איבריק ריין וואַסער, אָבער די אַטאָמען און זייערע עלעקטראָנען און פּראָטאָנען זיינען דאָרט די זעלביקע, — טאָ פאַרוואָס דווקא אוראַניום, וואָס איז אַזוי שווער צו קריגן ?

איז דער ענטפער: עס איז טאַקע אמת, אַז די אַטאָמען פון אַלע עלעמנטן באַשטייען פון פּראָטאָנען, עלעקטראָנען און נייטראָנען. גאַנץ גלייך צי עס איז אַן אַטאָם פון גאָלד אָדער פון אוראַניום. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס איינער האָט מער עלעקטראָנען און דער אַנדערער ווייניקער. אָבער דאָס אַליין, וואָס אַן אַטאָם פון אוראַניום האָט מער עלעקטראָנען ווי אַן אַטאָם פון אייזן אָדער גאָלד מאַכט אים ניט פאַר אַזאַ יחסן, אַז אַטאָמישע באָמבעס זאָל מען פאַרלויפיק קענען מאַכן בלויז פון אים. די יחסנות פון אוראַניום באַשטייט אין דעם, וואָס ערשטנס זיינען זיינע אַטאָמען לייכטער צו שפּאַלטן; און, צווייטנס, וואָס איז הויפּטזעכלעך וויכטיק, וואָס ווען איין אַטאָם פון אוראַניום ווערט געשפּאַלטן, העלפט ער שפּאַלטן דעם צווייטן, און דער צווייטער — דער דריטן, און אַזוי אַ ג אַ נ צ ע  ק ײ ט  פון אַטאָמען, און עס ווערט פון דעם פריי אַ גרויסע מאָס אַטאָמען־ענערגיע, ניט פאַרברויכנדיק קיין סך ענערגיע עס צו קריגן.

מען קען זיך עס פאָרשטעלן ווי מען וואָלט אַוועקשטעלן מערערע שוועבעלעך אין אַ ריי און ווען מען צינדט אָן די ערשטע אין דער ריי צינדט זי שוין אָן די צווייטע, די צווייטע — די דריטע, די דריטע — די פערטע א. אַ. וו.

מען האָט שוין אויפגעריסן אַטאָמען אויך פון אַנדערע עלעמענטן. פּראָפעסאָר לאָרענס, אין קאַליפאָרניע, האָט מיט אייניקע יאָרן צוריק אויפגעבויט אַ ריזיקע מאַשין אויפצורייסן אַטאָמען. ער האָט איר אַ נאָמען געגעבן ציקלאָטראָן (סאַיקלאָטראָן), אָבער די ענערגיע, וואָס ווערט באַנוצט אויפצורייסן אַן אַטאָם, איז גרעסער ווי די, וואָס ווערט פון דעם אַטאָם באַפרייט. עס איז טאַקע אמת, אַז די ענערגיע, וואָס אַן אַטאָם האָט אין זיך איז זייער גרויס— אין פאַרגלייך מיט זיין גרייס, אָבער זיין „גרייס" איז זייער אַ קליינע. ערשט ווען די באַפרייטע ענערגיע פון אַן אויפגעריסענעם אַטאָם רייסט אויף דעם צווייטן אַטאָם, זיין שכן, און דער צווייטער אויפגעריסענער אַטאָם רייסט אויף דעם דריטן, א. אַ. וו., ווערט עס אַזוי געשאַפן אַ קייט פון אַטאָמען, וואָס רייסן איינע די אַנדערע אויף, און דעמאָלט באַקומט זיך אַ גרויסע מאָס באַפרייטע אַטאָמען־ענערגיע. דאָס איז דער פאַל, ווי שוין פריער באַמערקט, מיט אוראַניום.

*

די 92 עלעמענטן, פון וועלכע מען ווייסט ביז איצט, קען מען אין אַלגעמיין איינטיילן אין צוויי גרופן: איין גרופע עלעמענטן, משמעות די עלטערע, זיינען, ווי מען קען זאָגן שוין „געסעטלטע", זיי האָבן שוין „באַשלאָסן" אַז זיי בלייבן דאָס, וואָס זיי זיינען און זיי ענדערן זיך ניט. די עלעמענטן פון דער צווייטער גרופע

אָבער האָבן זיך נאָך ניט „געסעטלט" און זיי ווייסן נאָך אַליין ניט, וואָס פֿון זיי וועט ווערן. אין אַ לאַנגער צייט אַרום וועלן זיי נאָך גאָר ווערן אַנדערע עלעמענטן, ווייניק ענלעך צו דעם, וואָס זיי זיינען היינט. אין דער כעמישער שפּראַך ווערט עס אויסגעדריקט אַ ביסל אַנדערש. מען טיילט איין די עלעמענטן אין סטאַבילע און אין ראַדיאָאַקטיווע. די ערשטע זיינען אָט די, וואָס איך האָב אָנגערופֿן „געסעטלטע", זיי שטראַלן פֿון זיך ניט אַרויס קיין ענערגיע און באַאומרואיקן ניט זייערע שכנים. אָט, למשל, אַזעלכע עלעמענטן ווי אייזן, גאָלד, זילבער, וואַסערשטאָף, זויערשטאָף א. אַ. וו. די צווייטע אָבער, די ראַדיאָאַקטיווע עלעמענטן, זיינען אַזעלכע, וואָס שטראַלן אויס פֿון זיך ענערגיע. אָט ווי דאָס איז ראַדיום, פּאָלאָניום, באַריום, אוראַניום און אייניקע אַנדערע. ביי מאַנכע קומט פֿאָר די אויסשטראַלונג אין אַ קלענערער מאָס, און ביי מאַנכע — אין אַ גרעסערער. מאַדאַם קוריע און איר מאַן האָבן אַנדעקט דעם אויסשראַלנדיקן עלעמענט ראַדיום. דער באַרימטער פֿראַנצויזישער כעמיקער בעקערעל האָט אַנטדעקט, אַז אוראַניום איז אַ ראַדיאָאַקטיווער עלעמענט.

אין דער אמתן איז אוראַניום פֿון די ווייניקער ראַדיאָאַקטיווע עלעמענטן און ער איז גיכער נענטער צו די „געסעטלטע". עס איז אַ סברא, אַז אַפֿילו די „געסעטלטע" שטראַלן אויס פֿון זיך אַ ביסל ענערגיע, נאָר עס איז אַזוי ווייניק, אַז מען קען עס ניט באַמערקן.

פֿון די ראַדיאָאַקטיווע עלעמענטן קען מען דרינגען, אַז גאָט האָט ניט באַשאַפֿן אַלע 92 עלעמענטן מיט אַמאָל. עס קען זיין, אַז ער האָט אין אָנהויב באַשאַפֿן בלויז איין ראַדיאָאַקטיוון עלעמענט, וועלכער האָט זיך אין משך פֿון מיליאָנען יאָרן, אויסשטראַלנדיק, פֿאַרוואַנדלט אין די פֿאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס מיר האָבן היינט. אָט נעמט, למשל, דעם ראַדיאָאַקטיוון עלעמענט פּאָלאָניום, וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך דורך זיין אויסשטראַלונג אין בליי. און אַפֿילו די „געסעטלטע" עלעמענטן, וואָס מען קען מער ניט באַמערקן, אַז זיי שטראַלן אויס ענערגיע פֿון זיך, קען מען פֿאַרוואַנדלען אין אַנדערע. אמת, מען דאַרף זיי צווינגען מיט געוואַלד עס צו טאָן, אָבער זיי פֿאָלגן. דער באַרימטער ענגלישער כעמיקער און פֿיזיקער ראָטערפֿאָרד איז, דאַכט זיך, געווען דער ערשטער וואָס האָט געצוואונגען שטיקשטאָף־ (נאַיטראָדזשען) אַטאָמען זיך צו פֿאַרוואַנדלען אין זויערשטאָף (אָקסידזשען). ער האָט עס דערגרייכט דורך אויפֿרייסן די אַטאָמען פֿון שטיקשטאָף. ראָטהערפֿאָרד האָט עס אויפֿגעשטעלט די טעאָריע, אַז אַן אַטאָם שעלט מיט זיך פֿאָר אַ קליין וועלטעלע, וואָס איז ענלעך צו אונדזער זונען־סיסטעם, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין אָנהויב פֿון דעם אַרטיקל. אין יאָר 1934 האָט זשאַן פֿרעדעריק און זשאָליאָ קוריע, אין פֿראַנקרייך, באַוויזן צו „צווינגען" די סטאַבילע אָדער „געסעטלטע" עלעמענטן באָראָן, מאַגנעזיום און אַלומיניום, אַז זיי זאָלן ווערן אויף אַ ווײַלע ראַדיאָאַקטיוו. זיי האָבן דאָס דערגרייכט דורך באָמבאַרדירן זיי מיט טיילן פֿון אַטאָמען פֿון אַנדערע עלעמענטן.

ווי איר זעט, ליגט זיך עס אויפֿן שכל, אַז גאָר פֿון אָנהויב, ווען ס'האָט אָנגעפֿאַנגען באַשאַפֿן ווערן אַ וועלט, זיינען ניט געווען קיין 92 פֿאַרשיידענע עלעמענטן, נאָר אַז עס קען זיין, אַז עס איז אין אָנהויב געווען בלויז איין ראַדיאָאַקטיווער עלעמענט, מעג מען אים רופֿן „אור־עלעמענט", און פֿון אים זיינען

„געבוירן" געוואָרן די אַלע אַנדערע עלעמענטן, וואָס מיר האָבן היינט. און אַט דעריבער קען מען איצט פֿאַרוואַנדלען איין עלעמענט אין אַ צווייטן. מען האָט אַפֿילו שוין געשאַפֿן אַ נאָמען פֿאַר אָט דעם פֿאַרוואַנדלונגס־פּראָצעס. מען רופֿט עס „טראַנסמוטאַציע" (טרענסמיוטעישאַן). און אויב מיר וועלן איין מאָל אויפֿשטיין אין דער פֿרי און לייענען אין די מאָרגן־צייטונגען אָדער הערן אויף דער ראַדיאָ, אַז עמעצן האָט זיך איינגעגעבן צו פֿאַרוואַנדלען בליי, קוועקזילבער אָדער אַן אַנדערן עלעמענט אין גאָלד, וועלן מיר זיך ניט דאַרפֿן וואונדערן, ווייל טעאָרעטיש איז דאָס מעגלעך.

אין דער אמתן קען מען אויך איצט שוין פּאַקטיש פֿאַרוואַנדלען קוועקזילבער אין גאָלד, נאָר עס לוינט ניט די אַרבעט. עס קאָסט צו טייער.

פֿון אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, קומען מיר צו נאָענט צו דער באַשאַפֿונג פֿון דער אַטאָמישער באָמבע, עס הייסט, ווי אַזוי מען איז דערגאַנגען צו איר.

איך האָב דאָ פֿריער מערערע מאָל דערמאָנט דעם עלעמענט אוראַניום, פֿון וועלכן די אַטאָמישע באָמבע איז געמאַכט געוואָרן. מען דאַרף דעריבער זיך נענטער באַקענען מיט אָט דעם וויכטיקן עלעמענט.

אוראַניום איז אַ מעטאַל, וואָס מען גראָבט אויס פֿון דער ערד. ווען ער ווערט אויסגעגראָבן איז ער צונויפֿגעמישט מיט אַנדערע עלעמענטן און מען דאַרף אים אויסרייניקן פֿון זיי. דער אויסגעגראָבענער ערץ אין וועלכן אוראַניום געפֿינט זיך, רופֿט זיך אויף ענגליש „פּיטשבלענד". פֿאַריידישן דעם נאָמען קען מען אפֿשר מיטן וואָרט „פּעך־בלענד". אוראַניום איז דער שווערסטער עלעמענט. אָבער ווען עס קומט צו דער געוויכט פֿון אוראַניום, דאַרף מען רעדן וועגן דריי, אָדער ריכטיקער פֿיר מינים אוראַניומס. אוראַניום נומער 1 איז 234 מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף (האַידראָדזשען). אוראַניום נומער 2 איז 235 מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף. אוראַניום נומער 3 איז 238 מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף און אוראַניום נומער 4 איז 239 מאָל שווערער ווי וואַסערשטאָף.

אוראַניום איז ניט דער איינציקער עלעמענט, וואָס האָט פֿאַרשיידענע וואָגן. עס זיינען אויך פֿאַראַן אַנדערע עלעמענטן, וואָס האָבן די דאָזיקע אייגנשאַפֿט. דער מער באַקאַנטער פֿון זיי איז וואַסערשטאָף, מיט וועלכן מען מאַכט שווערע וואַסער. עס איז אויך פֿאַראַן שווערע זויערשטאָף, שווערע קוילנשטאָף, שווערע ליטיום א. אַ. וו. די עלעמענטן, וואָס האָבן פֿאַרשיידענע וואָגן רופֿט מען איזאָטאָפּן (איסאָטאָופּס). אוראַניום, הייסט עס, איז אַן איזאָטאָפּ. און ווען מען רעדט אָדער שרייבט וועגן אוראַניום, דערמאָנט מען אַלע מאָל פֿון וואָס פֿאַר אַן אַטאָמישער וואָג ער איז. מען שרייבט למשל, U-235 ווען מען וויל זאָגן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אוראַניום, וואָס זיין אַטאָמען־געוויכט איז 235, און מען שרייבט U-238 ווען מען וויל זאָגן, אַז מען מיינט שווערערע אוראַניום, וואָס זיין אַטאָמען־געוויכט איז 238.

עס איז ניט לייכט צו זאָגן ווער עס איז געווען דער וויסנשאַפֿטסמאַן, וועלכער קען גערעכנט ווערן פֿאַר דעם ערשטן, וואָס האָט געמאַכט דעם ערשטן וויכטיקן שריט, וואָס האָט ענדלעך געפֿירט צו דער אַנטדעקונג פֿון דער אַטאָמישער באָמבע. מען דאַרף דערמאָנען דעם פֿראַנצויזישן כעמיקער און פֿיזיקער בעקע־

רעל, וואָס האָט אַנדעקט, אַז אוראַניום איז אַ ראַדיאָאַקטיווער עלעמענט; מען דאַרף דערמאָנען מאַדאַם קוריע און איר מאַן פּיער, וועלכע האָבן אַנטדעקט ראַדיום. און מען דאַרף געוויס דערמאָנען סער ראַטהערפֿאָרד, וואָס האָט געשפּאָלטן אַן אַטאָם און האָט אויפֿגעשטעלט די נייע אַטאָמען־טעאָריע; און עס דאַרף דערמאָנט ווערן דער באַרימטער ענגלישער כעמיקער און פֿיזיקער טשעדוויק, וואָס האָט אַנטדעקט, אַז אויסער פּראָטאָנען און עלעקטראָנען אין אַן אַטאָם זיינען אויך פֿאַראַן נייטראָנען, מיט וועלכע מען קען מיט אַ סך אַ בעסערן דערפֿאָלג באָמבאַרדירן אַטאָמען און זיי אויפֿרייסן. און עס איז קיין צווייפֿל ניט, אַז אין דער ערשטער ריי דאַרף מען דערמאָנען פּראָפֿעסאָר אָטאָ האַן פֿון דייטשלאַנד, וועלכער האָט נאָך דער מלחמה געקראָגן דעם נאָבל־פּרייז פֿאַר פֿיזיק, ווי אויך פּראָפֿעסאָר ענריקאָ פֿערמי פֿון איטאַליע, וועלכער האָט מיט נייטראָנען באָמבאַרדירט אוראַניום אַטאָמען און האָט זיי געשפּאָלטן. נאָר מען וואָלט דאַרפֿן אויסרעכענען אַ לאַנגן צעטל נעמען פֿון די וויסנשאַפֿטלייט, וועלכע האָבן געהאָלפֿן שאַפֿן די אַטאָמישע באָמבע. צווישן זיי אַ גאַנץ היפּשע צאָל יידישע נעמען. אָבער פֿריער פֿאַר אַלעמען דאַרף מען דערמאָנען דעם נאָמען אַלבערט איינשטיין, ווייל זיין טעאָריע וועגן מאַטעריע און ענערגיע און די באַציאונגען צווישן זיי מיט דער געשווינדקייט פֿון ליכט, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין אַ מאַטעמאַטישער פֿאָרמולע, האָט געעפֿנט דעם וועג פֿאַר דער אַנטדעקונג פֿון דער אַטאָמישער באָמבע.

אַלבערט איינשטיין איז אין יאָר 1905 אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז ליכט, וואָס איז אַ פֿאָרם פֿון ענערגיע, האָט אין זיך מאַסע(דער אויסדרוק פֿאַר דער מאָס מאַטעריע, וואָס עס באַזיצט) און אַז מאַטעריע קען באַטראַכט ווערן אַלס קאָנצענטרירטע ענערגיע. די באַציאונג צווישן מאַטעריע, ענערגיע און געשווינדקייט פֿון ליכט האָט איינשטיין אויסגעדריקט אין דער פֿאָלגנדער מאַטעמאַטישער פֿאָרמולע: $E=MC^2$, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ענערגיע איז גלייך מאַסע געכפֿלט אָדער געטאָפּלט מיט דעם קוואַדראַט פֿון דער געשווינדקייט פֿון ליכט. עס הייסט, אַז ווען מען וויל וויסן, לאָמיר זאָגן, ווי גרויס עס איז די ענערגיע, וואָס געפֿינט זיך אין אַ בינטל אַטאָמען, דאַרף מען די מאַסע פֿון אָט דעם בינטל אַטאָמען כּפֿלען אָדער מולטיפּליצירן מיט דעם קוואַדראַט פֿון געשווינדקייט פֿון ליכט. מען ווייסט, אַז די געשווינדקייט פֿון ליכט איז 300 מיליאָן מעטער אָדער 186 טויזנט מייל אין אַ סעקונדע. נו, דאַרף מען די 300 מיליאָן מעטער כּפֿלען אין זיך, וואָס דאָס גיט אונדז אַ צאָל פֿון 90,000,000,000,000,000 (אַ 9 מיט 16 נולן) וואָס דאָס איז 90 טריליאָן! און אָט מיט דער ציפֿער דאַרף מען כּפֿלען די מאַסע פֿון דעם בינטל אַטאָמען און מען באַקומט דעמאָלט די ציפֿער ווי גרויס עס איז די ענערגיע, וואָס אָט דאָס בינטל אַטאָמען האָט אין זיך. דער חשבון איז אַן איינפֿאַכער, נאָר די ציפֿערן זיינען ריזיקע. אָבער אָט די ציפֿערן באַווייזן ווי ריזיק גרויס עס איז די ענערגיע פֿון די אַטאָמען.

איך האָב פֿריער דערמאָנט, אַז ענריקאָ פֿערמי האָט אַ גרויסן חלק אין דער אַנטדעקונג פֿון דער אַטאָמישער באָמבע. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס ענריקאָ פֿערמי האָט געשפּאָלטן אַן אַטאָם פֿון אוראַניום (235) באָמבאַרדירנדיק אים מיט נייטראָנען.

נאָר דאָ דאַרף איך זיך אָפּשטעלן אַ ביסל און זאָגן עפּעס וועגן דעם ענין „באָמבאַרדירן״.

מען געברויכט דעם אויסדרוק „באָמבאַרדירן אַטאָמען״, כּדי זיי אויפצורייסן. עס הייסט: מ׳שיסט אין זיי. די „קוילן״ זיינען, ווי שוין געזאָגט נייטראָנען, וועלכע זיינען איינע פון די טיילן פון אַטאָמען. עס איז שווער צו געבן אַ באַגריף ווי קליין אַט די „קוילן״ זיינען. עס איז ניט אַזוי לייכט זיך פאָרצושטעלן ווי קליין אַן אַטאָם איז. מען קען אַן אַטאָם ניט זען אַפילו מיטן בעסטן מיקראָסקאָפּ. קיין בעמיקער, קיין פיזיקער האָט קיין מאָל ניט געזען קיין אַטאָם. פאַרלויפיק איז נאָך ניטאָ אַזאַ מיקראָסקאָפּ, מיט וועלכן מען זאָל קענען זען אַן אַטאָם. אַ נייטראָן איז אַ גאַנץ קליינער טייל פון אַן אַטאָם, און ממילא קען מען אים געוויס ניט זען. עס איז דערפון פאַרשטענדלעך, אַז ווען מען באָמבאַרדירט אַן אַטאָם מיט נייטראָנען, איז דאָס אַ גאַנץ בלינדע שיסעריי; ניט מען זעט דעם אַטאָם, אין וועלכן מען שיסט, און ניט מען זעט די „קוילן״ מיט וועלכן מען שיסט אין אים. מען שיסט איינפאַך אויף גאָטס באַראָט. נאָר ווי אַזוי טרעפט מען? איז דער ענטפער, אַז די מערסטע „קוילן״ טרעפן טאַקע ניט; נאָר די נייטראָנען „קוילן״ זיינען דאָך די בעסטע טרעפער. ווען מען האָט פריער באָמבאַרדירט אַטאָמען מיט פּראָטאָנען־„קוילן״, פלעגט מען אַ סך ווייניקער טרעפן. די שאַנסן פון פּראָטאָנען־„קוילן״ צו טרעפן די יאָדרע (ניוקלעאוס) פון אַן אַטאָם איז געווען 1 פון 100 טויזנט, בעת די שאַנסן פון נייטראָנען־„קוילן״ צו טרעפן אין דער יאָדרע פון אַן אַטאָם איז 1 פון 140.

דער מאָדערנסטער „האַרמאַט״, מיט וועלכן מען „באָמבאַרדירט״ די אַטאָמען, כּדי זיי אויפצורייסן, איז די מאַשין, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן ציקלאָטראָן (סאַיקלאָטראָן). עס איז אַ מאַשין, וואָס איר וויכטיקסטער טייל איז אַ ריזיקער מאַגנעט, וואָס דרייט זיך מיט אַן אומגעהויערער שנעלקייט. דער דערפינדער פון אַט דער מאַשין איז פּראָפעסאָר לאָרענס, פון קאַליפאָרניע, וואָס האָט דערפאַר געקראָגן דעם נאָבעל־פּרייז.

נאָר פּראָפעסאָר פערמי, וואָס האָט אַזוי פיל עקספּערימענטן געמאַכט מיט אויפרייסן די אַטאָמען פון אוראַניום, האָט דאָך ניט געהאַט קיין גרויסן דערפאָלג אין באַפרייען אַ גרויסע מאָס ענערגיע פון די אויפגעריסענע אוראַניום אַטאָמען. ער האָט אָבער צוגעגרייט דעם וועג פאַר אַנדערע, וועלכע האָבן אַנטדעקט, אַז ווען דער כעמישער עלעמענט אוראַניום ווערט באָמבאַרדירט מיט נייטראָנען (איינע פון די טיילכלעך פון אַן אַטאָם) ווערן באַשאַפן גאַנץ נייע כעמישע ראַדיאָ־אַקטיווע עלעמענטן.

דורך די פיל עקספּערימענטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויפצורייסן אַן אוראַניום־אַטאָם, האָט מען שפּעטער אַנטדעקט, אַז ווען אַ נייטראָן ווערט אַריינגעשאָסן אין אַן אַטאָם פון אוראַניום, ווערט אַט דער אַטאָם צעשפּאָלטן כּמעט אין צוויי גלייכע טיילן און עס ווערט פון אים באַפרייט אַן ענערגיע פון 200 מיליאָן וואָלט. די ענערגיע פון דעם נייטראָן, וואָס הט דעמאָ אוראַניום־אַטאָם געשפּאָלטן, איז געווען בלויז איין דרייסיקסטל פון אַ וואָלט. דער געווינס פון ענערגיע איז אויף אַזאַ אופן געווען זעקס ביליאָן מאָל אַזוי פיל.

און נאָך וואָס האָט מען אַנטדעקט.

פֿריער, ווען אַ פּראָטאָן „קויל" אָדער אַן עלעקטראָן „קויל" פֿליעגט טרעפֿן אין ציל און אַריינגעשאָסן ווערן אין אַן אַטאָם, פֿליעגט ער בלויז אָפּשפּליטערן אַ קליינעם טייל פֿון אים, אָבער מיט די נייע עקספּערימענטן, וואָס מען האָט געמאַכט צו באָמבאַרדירן אוראַניום־אַטאָמען מיט נייטראָנען „קוילן", האָט מען דערגרייכט, אַז ווען די „קויל" טרעפֿט אַן אוראַניום־אַטאָם, שפּאַלט זי איבער זיין יאָדרע (ניוקלעאוס) אין כמעט צוויי גלייכע טיילן, נאָרביידע טיילן צוזאַמען וועגן ווייניקער ווי עס האָט פֿריער געוואויגן דער גאַנצער אַטאָם פֿון אוראַניום, איידער ער איז געשפּאַלטן געוואָרן.

די פֿראַגע איז געווען: וואו איז אַהינגעקומען די געוויכט, וואָס פֿעלט? דער ענטפֿער האָט געמוזט זיין, אַז אַ טייל פֿון דעם אַטאָם איז ביים שפּאַלטן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין ענערגיע.

אין אָט דער לעצטער אַנטדעקונג האָט געהאַט אַ גרויסן חלק ליזע מייטנער, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט דער פֿאַרשונג פֿון אַטאָמען־ענערגיע. ליזע מייט־נער האָט געאַרבעט אין קאַיזער־ווילהעלם־אינסטיטוט צוזאַמען מיט דעם פֿריער דערמאָנטן פּראָפֿעסאָר אָטאָ האַן און זי האָט דורכגעפֿירט מערערע עקספּערי־מענטן אין שפּאַלטן פֿון אַטאָמען. אין 1938 האָט פּראָפֿעסאָר האַן, פֿאַרזעצנדיק די עקספּערימענטן פֿון ליזע מייטנער, באַמערקט, אַז ווען ער האָט מיט אַ נייט־ראָן געשפּאַלטן אַן אוראַניום־אַטאָם, האָט ער געקראָגן דעם ראַדיאָאַקטיוון עלע־מענט באַריום (ליזע מייטנער האָט צוליב די נאַציס ניט געוואָלט מער פֿאַר־בלייבן אין דייטשלאַנד און זי איז אַוועק אין קאָפּענהאַגען, דענמאַרק). פּראָ־פֿעסאָר האַן האָט ניט געקענט באַגרייפֿן ווי אַזוי ער האָט דורך דעם שפּאַלטן פֿון אוראַניום באַקומען באַריום. ווען ליזע מייטנער האָט אָבער געלייענט דעם באַ־ריכט פֿון פּראָפֿעסאָר האַנס עקספּערימענטן מיט אוראַניום, איז זי גלייך גע־קומען צום געדאַנק, אַז ער האָט געשפּאַלטן דעם אוראַניום אַטאָם אויף העלפֿט און פֿון אים זיינען געוואָרן צוויי אַטאָמען פֿון אַנדערע עלעמענטן. זי האָט דערביי אויך אויסגערעכנט לויט איינשטיינס פֿאָרמולע וויפֿל ענערגיע עס איז באַפֿרייט געוואָרן ביי דער שפּאַלטונג פֿון דעם אַטאָם און זי האָט דעם געדאַנק איבערגע־געבן צו דעם באַרימטן דענישן כעמיקער און פֿיזיקער ניעלס באָהר, און ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, זיינען, אויף זיין אָנווייזונג, דורכגעפֿירט געוואָרן עקספּערימענטן, וואָס האָבן באַשטעטיקט ליזע מייטנערס געדאַנק. פֿון דעם געשפּאַלטענעם אוראַניום־אַטאָם האָבן זיך באַקומען צוויי באַזונדערע אַטאָמען פֿון אַנדערע עלעמענטן: איינער באַריום און דער צווייטער קריפּטאָן (אַ גאַז).

דאָס איז געווען אַ סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונג צוליב דער גרויסער מאָס ענערגיע, וואָס איז באַפֿרייט געוואָרן פֿון דער שפּאַלטונג פֿון אַטאָם, ווי דאָס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן פֿריער. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט פֿון שפּאַלטן אַן אַטאָם געוואונען אַ סך מער ענערגיע ווי מען האָט פֿאַרנוצט אים צו שפּאַלטן.

באַזונדערס וויכטיק איז געווען די אַנטדעקונג, אויף וועלכער ענריקאָ פֿערמי האָט אָנגעדייט, אַז ווען אַ נייטראָן־„קויל" טרעפֿט אין דער יאָדרע פֿון אַן אוראַניום־אַטאָם און צעשפּאַלט זי, קענען פֿון איר אַרויסגעשאָסן ווערן נייטראָנען, וואָס וועלן שפּאַלטן די שכנותדיקע אַטאָמען, ווייל די יאָדרע פֿון

אוראַניום באַשטייט פֿון פּראָטאָנען און נייטראָנען. עס ווערט אויף אַזאַ אופֿן, ווי שוין פֿריער דערקלערט, אַ קייט פֿון עקספּלאָדירנדיקע אַטאָמען, און איין געשפּאָלטענער אַטאָם רייסט אויף זיין שכן און דער שכן זיין שכן א. אַ. וו. און עס ווערט אויף אַזאַ אופֿן פֿריי אַ ריזיקע מאָס אַטאָמען־ענערגיע. די עקספּע־רימענטן, וואָס מען האָט געמאַכט אויפֿן גרונט פֿון פֿערמיס אַנטדעקונג, האָבן אַנגעוויזן, אַז ער איז גערעכט, און דער וועג צו קריגן אַ גרויסע מאָס באַפֿרייטע אַטאָמען־ענערגיע איז געווען אָפֿן.

נאָר וואָסער אוראַניום זאָל מען פֿאַר דעם צוועק באַנוצן? עס איז פֿריער אַנגעוויזן געוואָרן, אַז עס זיינען פֿאַראַן פֿיר מינים אוראַניום לויט זייער אַטאָ־מישן געוויכט:

U-238, U-235, U-234, U-239

די אוראַניום, וואָס מען קען קריגן אין אַ גרויסער מאָס איז U-238 אָבער די עקספּערימענטן האָבן געוויזן, אַז עס איז שווער זיינע אַטאָמען אויפֿצורייסן. די געלונגענע עקספּערימענטן זיינען געמאַכט געוואָרן מיט U-235 אָבער אָט דער מין אוראַניום איז זייער ווייניק פֿאַראַן. מען קריגט אים אַרויס פֿון U-238. אין אַ טאָן (2,000 פֿונט) U-238 איז פֿאַראַן בלויז 14 פֿונט U-235 און עס איז זייער שווער און עס דויערט לאַנג עס אַרויסצוקריגן. ווען מען וואָלט באַנוצט די מעטאָדן, וואָס מען האָט אַנגעווענדט פֿאַר דער מלחמה צו קריגן U-235 וואָלט עס געדויערט 75 טויזנט יאָר ביז מען וואָלט געקראָגן אַ פֿונט. פֿאַר דער מלחמה איז אין אַמעריקע געווען בלויז עטלעכע גראַם U-235 און דאָס אויך ניט פֿולשטענדיק ריינע. עס הייסט, אַז וואָס העלפֿט עס, וואָס U-235 איז אַזוי גוט פֿאַר דעם צוועק, וואָס מען זוכט, ווען עס איז פֿאַראַן אַזוי ווייניק און עס איז אַזוי שווער צו קריגן? איז אָבער פֿאַראַן אַן אַלטער יידישער כּלל, במקום שאין איש, איז אַ הערינג אויך אַ פֿיש. אַז מ'קען ניט קריגן U-235 דאַרף מען פּרובירן מאַכן ריין אויף ווי ווייט מען קען U-238 און עס באָמבאַרדירן מיט נייטראָנען און מען וועט זען די רעזולטאַטן. און אָט איז וואָס עס האָט זיך באַ־קומען: ווען מען האָט געשאָסן אין U-238 מיט נייטראָנען איז די U-235 וואָס געפֿינט זיך אין U-238 פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם עלעמענט נעפּטוניום, אַ זייער וואַקלדיקער, ניט־„געסעטלטער" עלעמענט, וואָס איז שפּעטער פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין דעם עלעמענט פּלוטאָניום. אָט דעם עלעמענט פּלוטאָ־ניום האָט מען ביז איצט אין דער נאַטור ניט געקענט געפֿינען. עס איז אַן עלע־מענט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פֿון מענטשלעכע הענט און ער האָט געשפּילט אַ העכסט וויכטיקע ראָלע אין דער באַשאַפֿונג פֿון דער אַטאָמישער באָמבע. אָט דעם פּלוטאָניום עלעמענט האָט מען פֿאַרשריבן אונטער U-239 ווייל מען באַ־טראַכט אים פֿאַר אַן איזאָטאָפּ פֿון אוראַניום, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז גאַנץ פֿאַרשיידן פֿון אוראַניום.

ווי איר זעט קומען מיר אַלץ נענטער צו דער אַטאָמישער באָמבע. פּלוטאָ־ניום, אָדער רופֿט עס U-239 איז געוואָרן דער קוואַל פֿון אַטאָמען ענערגיע, וואָס איז געווען נויטיק צו שאַפֿן די אַטאָמישע באָמבע.

נו, עס זיינען געווען אַ ביסל שוועריקייטן צו קריגן פּלוטאָניום פֿון U-238

די נייטראָנען־„קוילן“, וואָס מען האָט גערדאַרפט שיסן אין האָבן ניט U-238 געטאָרט זיין צו שנעל, מען האָט געמוזט זיי מאַכן אַ ביסל לאַנגזאַמער, אַז זיי זאָלן קענען טאָן ריכטיק זייער אַרבעט. דאָ איז ווידער ענריקאָ פערמי געקומען צוהילף. ער האָט געגעבן אַן עצה מען זאָל באַנוצן גראַפיט צו פאַרקלענערן די שנעלקייט פון די נייטראָנען.

דאָ, פאַרשטייט זיך, קען מען פרעגן: ווי און ווי אַזוי און פאַרוואָס? אויף דעם קען מען ענטפערן, אַז אויב הלל האָט זיך אַנגענומען אויסצולערנען כל התורה אויף איין פוס, נעם איך זיך אָבער ניט אונטער אויסצולערנען די גאַנצע תורה פון כעמאָ־פיזיק אויף איין פוס. עס איז אַ תורה, וואָס מען דאַרף לערנען אַ לאַנגע צייט. איך האָב דאָ בלויז געוואָלט דערקלערן, וואָס עס איז אַטאָמען־ענערגיע און ווי מען קריגט עס, אָבער ניט ווי מען באַנוצט עס פאַר אַטאָמישע באָמבעס.

מיר וועלן וויסן אַ סך מער וועגן אַטאָמישער ענערגיע, ווען מען וועט עס אָנהייבן באַנוצן פאַר לעבן און ניט פאַר טויט. מען קען זאָגן, אַז החיים והמות ביד אַטאָמען־ענערגיע. מען קען מיט דעם כּוח פון אַטאָמען ענערגיע חרוב מאַכן די וועלט און מען קען מיט דעם זעלביקן כּוח מאַכן די וועלט שענער, בעסער, באַקוועמער און לייכטער צו לעבן אין איר. פאָרלויפיק וויסן מיר בלויז ווי גרויס עס איז דער צעשטערנדיקער כּוח פון דער אַטאָמען־ענערגיע. מען האָט עס אויספּרובירט אין הירָאָשימאַ און נאַגאַסאַקי. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען די אַטאָמען־ענערגיע וועט אויסגענוצט ווערן צו טרייבן מאַשינען, צו טאָן אַלע שווערע אַרבעטן פאַרן מענטש און איבערבויען די וועלט. מען דאַרף נאָר היטן, אַז די אַטאָמען־ענערגיע זאָל ניט ווערן אַ טייל פון דער הייליקער פּריוואַט־אייגנטום־רעכט.

1945



# די מלחמה וואָס דער מענטש פירט־אָן מיט די אינזעקטן

וועגן די אינזעקטן האָט מען אייגנטלעך גערדאַרפט שרייבן אַ סך, ווייל זיי זיינען אַ שטענדיקע אָנשיקעניש און זיי ברענגען אגב אַזוי פיל שאָדן און אַזוי פיל צרות, אַז דער גרעסטער און ערגסטער שונא פון דער מענטשהייט האָט עס מער ניט געקענט ווינטשן. און אויב עס איז אמת, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטש, איז עס איינפאַך ניט פאַרשטענדלעך, ווי אַזוי דער זעלביקער גאָט האָט אויך באַשאַפן די אינזעקטן, וועלכע טוען אָן דעם מענטשן אַזוי פיל צרות און לײדן. עס איז אמת, אַז די מענטשן טוען אויך אָן די אינזעקטן גרויסע צרות. די מענטשן פירן אַן אייביקע מלחמה מיט די אינזעקטן און זיי געברויכן אַלע מיטלען זיי אויסצוראָטן און פאַרניכטן. און די אינזעקטן קענען האָבן אַ שטאַרקע טענה צו די מענטשן און זיי זאָגן: מיר זיינען געקומען אויף דער וועלט אַ סך פריער ווי איר, מיט הונדערטער מיליאָנען יאָרן פריער, ווען גאָט האָט נאָך אפשר ניט געטראַכט צו באַשאַפן אַ מענטשן. מיר — קענען די אינזעקטן זאָגן צו די מענטשן — זיינען ניט באַשאַפן געוואָרן אייך שלעכטס צו טאָן; מיר האָבן ניט געבענקט נאָך אייך ווען איר זייט ניט געווען אויף דער וועלט, און מיר

זיינען ניט געגאַנגען צום רבונו־של־עולם בעטן, אַז ער זאָל אייך באַשאַפֿן. עס האָט זיך אונדז געלעבט אַ סך בעסער און מיר זיינען געווען אַ סך פֿרייער און זיכערער, ווען איר זייט ניט געווען אויף דער וועלט. מיר זיינען געווען פֿריי צו וואוינען וואו מיר האָבן געוואָלט און צו נעמען אונדזער שפּייז וואו מיר האָבן געוואָלט. נאָר ווען איר, מענטשן, האָט זיך באַוויזן אויף דער וועלט, האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע צרות, איר פֿאַרפֿאָלגט אונדז און אונטערדריקט אונדז. איר האָט אויסגעטראַכט אַלע מעגלעכע אומברחמנותדיקע מיטלען אונדז צו פֿאַרניכטן און אויסראָטן, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען אייער אייגנטום און קיין אַנדער באַשעפֿעניש טאָר אין איר ניט עקזיסטירן ווען זי געפֿעלט אייך ניט. נאָר אויב די וועלט קען זיין עמעצנס אייגנטום, דאַן איז זי זיכער אונדזערע. מיר זיינען אויף איר געקומען אַ סך פֿריער ווי איר און זי באַלאַנגט דעריבער צו אונדז.

מען קען צוגעבן, אַז דאָס וואָלטן געווען גאַנץ שטאַרקע אַרגומענטן, ווען די אינזעקטן וואָלטן זיך געקענט אויסטענהן מיט די מענטשן. איך מיין דאָ ניט אַזעלכע אינזעקטן ווי מאָסקיטאָס, פֿליגן, פֿליי און זייער גלייכן, וואָס בייסן אונדז, זויגן אונדזער בלוט אָדער דאַקוטשען אונדז סתם אַזוי און מאַכן אונ־דזער לעבן מיזעראַבל. — זיי קענען צו אונדז קיין טענות ניט האָבן, וואָס מיר פֿירן קעגן זיי אַ פֿאַרניכטונגס־מלחמה. אַ מאָסקיטאָ קען ניט זאָגן, אַז אַ מענטש האָט ווען עס איז איר אַ ביס געטאָן און געזויגן איר בלוט. מענטשן וואָלטן קיין מאָל ניט געטשעפּעט קיין מאָסקיטאָס, ווען די מאָסקיטאָס וואָלטן זיי גע־לאָזן צורו. און אַזוי איז עס אויך מיט פֿליי, מיט זלידנע פֿליגן און אַנדערע אינ־זעקטן, וואָס בייסן און דאַקוטשען אונדז. אָבער די אינזעקטן, וואָס טשעפּען ניט אונדזער קערפּער, נאָר מאַכן אַ לעבן פֿון די פֿרוכטן אויף די ביימער, פֿון די תבואות אויף די פֿעלדער און פֿון די גרינסן אין די גערטנער, די האָבן שטאַרקע טענות צו אונדז פֿאַרוואָס מיר פֿירן אַזאַ אומברחמנותדיקע מלחמה קעגן זיי.

נאָר עס איז ניט קיין פֿראַגע וועגן יושר און גערעכטיקייט, נאָר ווער עס איז שטאַרקער און ווער עס קען ענדלעך געווינען די גרויסע, לאַנגע מלחמה, וואָס עס פֿירט זיך צווישן די אינזעקטן און די מענטשן. און ווער עס איז שטאַר־קער איז שווער צו זאָגן.

די אינזעקטן, ווי שוין געזאָגט, זיינען מיט אַ סך מיליאָנען יאָרן עלטער ווי דער מענטש. זיי זיינען פֿון די עלטסטע לעבעדיקע באַשעפֿענישן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער וועלט, און זיי האָבן איבערגעלעבט אַ סך אַנדערע באַ־שעפֿענישן, וואָס זיינען געווען גרעסער און שטאַרקער פֿון זיי. יענע זיינען שוין לאַנג פֿאַרשוואונדן. מען ווייס פֿון זייער אַמאָליקער עקזיסטענץ בלויז פֿון דעם, וואָס מען געפֿינט דורך אויסגראָבונגען זייערע פֿאַרשטיינערטע סקעלעטן (פֿאָ־סילן). די פֿאַרשיידענע מינים חיות, וואָס האָבן געלעבט אין די פֿאַרשיידענע פּעריאָדן פֿון דער ערד, האָבן זיך ניט געקענט צופּאַסן צו די געענדערטע אומ־שטענדן און באַדינגונגען, וואָס זיינען פֿאַרגעקומען אויף דער ערד. אַ סך זיינען אומגעקומען אין די אייז־פּעריאָדן, עס הייסט, ווען אַ גאַנץ גרויסער טייל פֿון דער ערד איז אויף אַ לענגערע צייט באַדעקט געוואָרן מיט אייז. אַנדערע, ווידער, זיינען אומגעקומען צוליב אַ טריקעניש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע

צייט אויף אַ גרויסן שטח פֿון דער ערד. מאַנכע, ווידער, צוליב אַנדערע אורזאַכן. די אינזעקטן, אָבער, האָבן איבערגעלעבט פֿאַרשיידענע פּעריאָדן אויף דער ערד; זיי זיינען דורכגעגאַנגען, קען מען זאָגן, דורך פֿייער און וואַסער און האָבן זיך צוגעפּאַסט צו פֿאַרשיידענע באַדינגונגען און צושטאַנדן און זיינען געבליבן עקזיסטירן. און עס איז פֿאַראַן אַ טעאָריע, אַז אַזוי ווי די אינזעקטן זיינען געקומען אויף דער ערד אַ סך פֿריער ווי די מענטשן, וועלן זיי אויך איבערלעבן די מענטשן. זיי וועלן נאָך לאַנג בלייבן אויף דער ערד, ווען אויף איר וועט שוין מער קיין שפּור ניט זיין פֿון מענטשן. די טעאָריע איז געמלדך, אַז עס וועט קומען אַ מאָל אַ צייט, ווען די זון וועט זיך אויסברענען און וועט פֿאַרלירן אַ גאַנץ גרויסע מאָס פֿון איר איצטיקן פֿייער. זי וועט אויף אַזאַ אופֿן אויפֿהערן לייכטן און וואַרעמען. עס וועט דעריבער קומען צו אַ גרויסער קעלט אויף דער ערד, וואָס וועט אַלץ פֿאַרפֿרירן און פֿאַרגליווערן. אויך די מענטשן וועלן אויסגעפֿרוירן ווערן. עס וועלן בלויז בלייבן די אינזעקטן, וואָס האָבן זיך במשך זייער לאַנגער עקזיסטענץ אויסגעלערנט זיך צוצופּאַסן צו אַלע באַדינגונגען און צושטאַנדן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע פֿון זיי, אָבער דאָך אַ סך. זיי וועלן זיך שפּייזן מיט דעם מאָך אויף שטיינער און פֿעלזן און ווייטער לעבן.

מילא, צי דאָס וועט טאַקע זיין אַזוי, קען מען דיסקוטירן. יעדנפֿאַלס וועט עס נאָך דויערן אַ רעכט ביסל יאָרן, ביז די זון וועט זיך אָפּקילן און די ערד וועט פֿאַרפֿרוירן ווערן. מען רעכנט, אַז אונדזער זון האָט נאָך גענוג ברען מאַטעריאַל אויף אַ צען ביליאָן יאָר. עס איז דעריבער ניט נויטיק אָנ־צופֿאַנגען שוין איצט צו זאָרגן, וואָס די אינזעקטן וועלן אונדז איבערלעבן. מען דאַרף פֿיל מער זאָרגן, וואָס די אינזעקטן ברענגען אונדז איצט אַזוי פֿיל שאָדן אין די פֿעלדער און די גערטנער, וואָס זיי בייסן אונדז, זויגן אונדזער בלוט און ברענגען אונדז פֿאַרשיידענע קראַנקהייטן.

אָט די זאָרג ווערט באַזונדערס שטאַרק, ווען עס קומט אָן דער זומער, ווען אַ נייער דור אינזעקטן פֿון פֿאַרשיידענע מינים באַווייזט זיך אויף דער וועלט און פֿאַנגט אָן לאָזן פֿילן, אַז זיי לעבן אויף דער וועלט.

קיינער קען ניט זאָגן, וויפֿל מינים אינזעקטן עס זיינען פֿאַראַן אויף דער וועלט, ווייל ביז היינט איז בלויז אַ קליינער טייל פֿון זיי אויסגעפֿאָרשט געוואָרן. די וואָס האָבן אַ ידיעה אין ענטאָמאָלאָגיע (די וויסנשאַפֿט וועגן אינזעקטן) זאָגן אונדז, אַז אַן ערך דריי הונדערט טויזנט מינים אינזעקטן זיינען מער אָדער ווייני־קער באַקאַנט, אָבער די דאָזיקע צאָל איז בלויז אַ פֿינפֿטל אָדער אפֿשר בלויז אַ צענטל פֿון די אַלע פֿאַרשיידנאַרטיקע אינזעקטן, וואָס לעבן אויף דער וועלט. איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, אַז ביי די אינזעקטן, וואָס לעבן שוין אַזאַ לאַנגע צייט אויף דער וועלט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַזונדערס גרויסע צו־פּאַסונגס־פֿעאיקייט צו די באַדינגונגען, אין וועלכע זיי קומט אויס צו לעבן. און אָט די גרויסע צופּאַסונגס־פֿעאיקייט האָט צווישן די אינזעקטן געשאַפֿן אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע מינים און פֿאָרמען. מאַנכע אינזעקטן זיינען צוגעפּאַסט צו פֿליען אין דער לופֿט, אַנדערע צו לויפֿן און צו שפּרינגען, און פֿיל פֿון זיי צו פֿירן אַן אונטערערדיש לעבן אָדער צו לעבן אין וואַסער. אָבער איך בין דאָ ניט אויסן אָנצוגעבן די פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון די אינזעקטן, נאָר דאָס וואָס

זייער צאָל איז גוואַלדיק גרויס און אַז גאָר אַ סך פֿון זיי טוען אונדז אָן גרויסע צרות.

ווען דער צאָל פֿון אינזעקטן קען מען רעדן בלויז אין אַסטראָנאָמישע ציפֿערן. קען ווער עס איז זאָגן וויפֿל מאָסקיטאָס עס זיינען איצט פֿאַראַן אין אַמעריקע? ער קען בלויז זאָגן, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַ סך ביליאָנען, אָבער וויפֿל ביליאָנען קען קיינער ניט זאָגן. קיינער קען אַפֿילו ניט זאָגן וויפֿל עס איז איצט פֿאַראַן יאַפּאַנעזישע זשוקלעך אָדער באָבעלקעס אין ניו־יאָרק און אין ניו־דזשוירזי און אין די אַרומיקע שטאַטן. זייער צאָל איז, אמת, אַ סך קלענער פֿון מאָסקיטאָס, אָבער עס איז שווערער פּטור צו ווערן פֿון זיי ווי פֿון מאָסקיטאָס, און דער שאָדן, וואָס זיי ברענגען פֿאַר גערטנער איז אַ גוואַלדיק גרויסער. און ווער קען שאַצן די צאָל היישעריקן, ווען זיי באַווייזן זיך ערגעץ? זייער צאָל איז אַזוי גרויס, אַז זיי פֿאַרפֿינצטערן דעם הימל און זיי קענען אין עטלעכע שטונדן צייט אָפּפֿרעסן אַלע גראָזן, אַלע גרינסן און אַלע בלעטער פֿון אַ גרויסן שטח לאַנד.

ווען דער מענטש וואָלט געדאַרפֿט קעמפֿן מיט אינזעקטן בלויז מיט זיינע אייגענע כּוחות און מיט זיינע אייגענע מיטלען, וואָלט ער געווען אַ פֿאַרפֿאַלענער. די צאָל אינזעקטן וואָלט געוואָרן אַזוי גרויס, אַז עס וואָלט אייגפֿאַך קיין פּלאַץ ניט געווען פֿאַרן מענטשן אויף דער ערד. אָבער דער מענטש האָט אין זיין קאַמף מיט די אינזעקטן צוויי גוטע אַרויסהעלפֿער: ערשטנס, די נאַטור אַליין, וואָס מאַכט אַ חורבן צווישן די אינזעקטן. זי ברענגט זיי אום אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים. זי פֿאַרניכטעט אַ זייער גרויסן טייל, מען קען זאָגן דעם פֿיל גרעסערן טייל פֿון די אייעלעך, וואָס די אינזעקטן לייגן און פֿון וועלכע עס קומט אַרויס אַ נייער דור. ווען פֿון די אַלע אייעלעך, למשל, וואָס פֿליגן לייגן, וואָלטן אַרויסגעקומען פֿליגעלעך, וואָלט עס ניט דויערן לאַנג און די לופֿט וואָלט ווערן אַזוי געדיכט מיט פֿליגן, אַז עס וואָלט איינפֿאַך ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. צווייטנס, העלפֿן די אינזעקטן אַליין דעם מענטשן אין קאַמף קעגן זיי. איין מין אינזעקטן פֿאַרניכטעט דעם צווייטן. די אינזעקטן האָבן אין זייערע קרובים אַ סך מער געפֿערלעכע פֿיינט ווי אין דעם מענטשן. עס זיינען פֿאַראַן אַ סך אינזעקטן, וואָס „מאַכן אַ לעבן" דערפֿון, וואָס זיי עסן אַנדערע אינזעקטן.

קורץ און גוט, עס איז אַ האָפֿנונג, אַז די אינזעקטן וועלן ניט פֿאַרטרייבן דעם מענטשן פֿון דער ערד, הגם עס איז ווייניק האָפֿנונג, אַז דער מענטש זאָל זיי קענען פֿאַרטרייבן.

1941



# די מענטשהייט וועט ענדלעך דאָך זיגן

די טעג האָט אַמעריקע געפּייערט דעם הונדערט־יאָריקן יובילעאום פֿון דעם ערשטן געזעץ וועגן פּאַטענט־רעכט פֿאַר דערפֿינדער.

דאָס איז ווירקלעך אַ וויכטיקער יובילעאום, הגם מען האָט אים געפּייערט אָן אַ באַנקעט און אָן באַנקעט־רעדנער. עס איז אין דער ווירקלעכקייט אַ יובי־לעאום פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער טעכניק אין אַמעריקע. און אַנטוויקלונג פֿון טעכניק מיינט אַנטוויקלונג פֿון ציוויליזאַציע.

ניט געווען מיט הונדערט יאָר צוריק קיין עלעקטרישע מאַשינען, קיין עלעק־טרישע באַלייכטונג, טעלעפאָנען, ראַדיאָס, אויטאָמאָבילן, עראָפּלאַנען, מוּווּיס און אַ סך אַנדערע זאַכן, צו וועלכע מיר זיינען היינט אַזוי צוגעוואוינט, ווי די מענטשהייט וואָלט מיט זיי געבאָרן געוואָרן. מען האָט אַפילו דעמאָלט ניט גע־קענט צאַפּן וואַסער פֿון וואַנט, ניט בלויז וואַרימע נאָר אויך ניט קיין קאַלטע, און וועגן רעפֿרידזשערעיטער (עלעקטרישער אייז־קאַסטן) האָט מען אַפילו ניט געחלומט.

נאָר אין מיטן יום־טוב פֿון דעם גרויסן דערפֿאָלג פֿון דעם אַמעריקאַנעם דערפֿינדונגס־גייסט, וואָס האָט באַוויזן אין אַזאַ גרויסער מאָס צו באַזיגן און באַ־צווינגען די כּוחות פֿון דער נאַטור און זיי איינצושפּאַנען אין דעם רייטוואָגן פֿון מענטשלעכן פּראָגרעס, האָט די נאַטור אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און האָט געוויזן די אַמעריקאַנער דערפֿינדער, אַז זיי באַרימען זיך אַ ביסל צופֿיל און אַז זיי האָבן איר נאָך לאַנג ניט באַצוואונגען. די נאַטור האָט בלויז זיך אַ שפּיל געטאָן אויף אַ קליינע ווייַלע מיט וואַסער, און אַ חורבן איז געקומען אויף הונדערטער טוי־זנטער מענטשן מיט אַלע זייערע דערפֿינדונגען און מיט זייער גאַנצער ציווי־ליזאַציע. עס האָבן זיך אויפֿגעהויבן בלויז עטלעכע טייכן און האָבן אַ מבול געבראַכט. און דער מבול האָט פֿאַרפֿלייצט אַלץ, וואָס דער מענטשלעכער דער־פֿינדונגס־גייסט האָט געשאַפֿן. ער האָט אָפּגעשטעלט די אייזנבאַנען, די אויטאָ־מאָבילן, די טעלעפֿאָנען, טעלעגראַפֿן, ראַדיאָס און געוויזן דעם מענטשן וואָס פֿאַר אַ הילפֿלאָזע באַשעפֿעניש ער איז מיט זיין גאַנצן טעכנישן פּראָגרעס, ווען די נאַטור־כּוחות שפּילען זיך נאָר פֿונאַנדער.

אייגנטלעך האָט זיך דער מענטש געדאַרפֿט פֿאַרטראַכטן וועגן זיין שוואַכ־קייט און נישטיקייט און ער האָט געדאַרפֿט ווערן אַנשטענדיקער, ערלעכער און בעסער, אָבער עס העלפֿן ניט אַלע וואָרנונגען וואָס די נאַטור גיט די מענטשן. ווייניק נאָך, וואָס די נאַטור ברענגט אויף זיי אַזוי פֿיל צרות און אויסראַטונגען, שטרענגען זיי נאָך אָן אַליין זייערע כּוחות אָנצוטאָן איינער דעם צווייטן צרות.

די פֿאַרפֿלייצונגען זיינען נאָך ניט פֿאַריבער, מען האָט נאָך ניט איבער־געציילט די טויטע און מען האָט נאָך ניט פֿאַרענדיקט דעם חשבון פֿון די גרויסע געלט־שאָדנס, וואָס דער מבול האָט מיט זיך געבראַכט, און מען זאָגט אונדז שוין אָן נייע צרות. די פֿאַרפֿלייצונג האָט איבערגעלאָזן הינטער זיך פֿאַרשיידענע מיקראָבן און באַצילן, וואָס פֿאַראורזאַכן פֿאַרשיידענע קראַנקהייטן, צווישן וועלכע טיפֿוס פֿאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ. אָבער דאָס איז נאָך ניט

אַלץ. מען וואַרנט אונדז, אַז מיר וועלן דעם קומענדיקן זומער האָבן אַ גרויסע גערעטעניש אויף פֿאַרשיידענע אינזעקטן. צווישן די ערשטע געסט וועלן זיין מאַסקיטאָס, אויף וועלכע מען דאַרף דערוואַרטן אַ גרויסע פּרוקטבאַרקייט, און נאָך דעם וועלן קומען פֿאַרשיידענע אַנדערע אינזעקטן, וואָס וועלן אונדז אָנטאָן פֿאַרשיידענע צרות אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים.

און וויסנשאַפֿטסלייט, וואָס האָבן הנאה אונדז איינצושרעקן, זיינען פֿון דאָס ניי געקומען מיט דער אַלטער טעאָריע, אַז ענדלעך וועלן עס זיין די אינזעקטן, וואָס וועלן אונדז, מענטשן, פֿאַרטרייבן פֿון דער וועלט. מיר וועלן ניט דאַרפֿן וואַרטן מיט אונדזער אונטערגאַנג ביז די זון וועט אויסגעלאָשן ווערן און די ערד וועט פֿאַרגליווערט ווערן פֿון קעלט. די אינזעקטן וועלן מאַכן פֿון אונדז אַ סוף אַ סך פֿריער. זיי וועלן איינפֿאַך ענג מאַכן פֿאַר אונדז די וועלט, זיי וועלן אָנפֿילן די לופֿט און עס וועט ניט בלייבן פֿאַר אונדז מיט וואָס צו אָטעמען. עס איז אַן אַלטע מלחמה, זאָגן זיי, צווישן דעם מענטשן און די אינזעקטן, אָבער עס איז אַ מלחמה פֿון אומגלייכע כּוחות. די אינזעקטן זיינען שטאַרקער. זיי פֿאַרמערן זיך אין אַ סך גרעסערע צאָלן, ווי די מענטשן, און זיי קענען זיך צופּאַסן בעסער צו פֿאַרשיידענע באַדינגונגען, וועטערן און קלימאַטן, ווי דער מענטש. די אינזעקטן זיינען מיט מיליאָנען יאָרן געווען אויף דער ערד פֿריער ווי די מענטשן און זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צוצופּאַסן צו די פֿאַרשיידנסטע צושטאַנדן און באַדינגונגען אויף דער ערד. אָט האָט מען ניט לאַנג צוריק געפֿונען אין דער ווייטער פֿאַרפֿראָרענער סיביר מאַסקיטאָס, וואָס האָבן זיך צוגעוואוינט צו די גרעסטע קעלטן און בלייבן לעבן. מענטשן וואָס זיינען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין יענע קאַלטע סיבירישע געגענטן, ווערן דאָרט אָפֿט פֿאַרפֿרוירן אין גרויסע פֿעלצן און אין טיפֿע וואַליקעס, בעת די מאַסקיטאָס האַלטן אויס די קעלטן אַפֿילו אָן אַ העמד אויפֿן לייב.

נאָר וואָס איז שייך צו די מאַסקיטאָס אין אַלגעמיין, דאַרף מען זיי געבן דעם קרעדיט, אַז זיי זיינען ניט שטענדיק בלויז שעדלעכע באַשעפֿענישן פֿאַרן מענטשן, נאָר צייטנווייז קענען זיי אויך אים ברענגען נוצן.

איך האָב ניט לאַנג צוריק געלייענט וועגן אַ קונציקער אָפּעראַציע, וואָס אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר מיטן נאָמען בריוס מעין פֿירט דורך אויף אַ מאַסקיטאָ. ער נעמט נעמלעך אַ מאַסקיטאָ און גיט איר איין אַ שלאָף־טרונק — ער גע־ברויכט עטער פֿאַר דעם צוועק — און ער שניידט ביי איר אַרויס די שפּייעכץ־דריזן (סאַליוואַרי גלענדס).

מילא, דער שלאָף־טרונק איז דאָ ניט וויכטיק. עס איז גראָד ניט פֿאַר דעם צוועק, אַז די מאַסקיטאָ זאָל ניט פֿילן דעם ווייטאָק פֿון דער אָפּעראַציע, נאָר אַז זי זאָל זיך האַלטן רואיק, ווייל די אָפּעראַציע, ווי איר קענט זיך אַליין פֿאָרשטעלן, איז זייער אַ דעליקאַטע. וויכטיק איז, פֿאַר וועלכן צוועק די אָפּע־ראַציע ווערט געמאַכט. און דאָ וועט איר זיך טאַקע דערוויסן וועגן דער נוצלעכקייט פֿון דער מאַסקיטאָ פֿאַר מענטשן.

שוין מיט אַ צענדליק יאָר צוריק האָט אַ ווינער דאָקטאָר, וואַגנער טאורעג, אויסגעפֿונען, אַז סיפֿיליס קען אָפֿט געהיילט ווערן דורך דעם, וואָס די טעמפּע־ראַטור פֿון דעם קערפּער פֿון פּאַציענט ווערט אַרויפֿגעטריבן העכער ווי נאָרמאַל.

עס האָט זיך נעמלעך אַרויסגעשטעלט, אַז די סיפיליס־באַקטעריע קען ניט אַרי־בערטראָגן אַ טעמפּעראַטור פון 104 גראַד פאַרנהייט. עס איז דעריבער קלאָר, אַז ווען די טעמפּעראַטור פון דעם פּאַציענט, וואָס ליידט פון סיפיליס, זאָל אַרויפגעטריבן ווערן צו אַ טעמפּעראַטור פון עטוואָס העכער ווי 104 גראַד פאַרנ־הייט, וועלן דעמאָלט די סיפיליס־באַקטעריעס אומקומען, און דער קראַנקער וועט געגעזן ווערן, אויב נאָר די קראַנקייט האָט ניט צו וויט פּראָגרעסירט.

נאָר ווי אַזוי הייבט מען אויף די טעמפּעראַטור פון קערפּער ביי די סיפיליס־קראַנקע? פאַר דעם צוועק האָט דער ווינער דאָקטאָר זיך באַנוצט מיט מאָס־קיטאָס. ער האָט אויסגעהאָדעוועט מאָסקיטאָס אונטער די שטרענגסטע סאַ־ניטאַרע באַדינגונגען און פלעגט זיי לאָזן איינבייסן איינעם וואָס איז קראַנק אויף מאַלאַריע און זויגן זיין בלוט. די מאָסקיטאָס שטעקן זיך אויף אַזאַ אופן אָן מיט די מאַלאַריע־באַצילן פון די קראַנקע, און דעמאָלט לאָזט מען זיי בייסן די סיפיליס־פּאַציענטן, כדי זיי אָנצושטעקן מיט די באַצילן און אַז זיי זאָלן ווערן קראַנק אויף מאַלאַריע. ביי מאַלאַריע־קראַנקע שטייגט די טעמפּעראַטור גאַנץ הויך, געוויינלעך הויך אומצוברענגען די סיפיליס־באַקטעריעס.

ווי איר זעט, פירן דאָ דורך די מאָסקיטאָס זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע און מען דאַרף זיך באַציען צו זיי מיט גרויס אַכטונג. די מעטאָדע פון דאָקטאָר וואַגנער־טאַורעג פון ווין איז איבערגענומען געוואָרן פון דער מאָדערנער מעדיצין און איז דערפאַלגרייך אויסגענוצט געוואָרן אויך ביי אונדז אין אַמעריקע. אָבער עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער מיטל איז גאָרניט קיין ביליקער און איז אויך פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן.

דר. בריוס מעין, וואָס איז פריער דערמאָנט געוואָרן, האָט אויסגערעכנט, אַז עס פלעגט אים קאָסטן 250 דאָלאַר אויסצוהאָדעווען איין מאָסקיטאָ, וואָס זאָל בייסן אַ מאַלאַריע־קראַנקן אַריינצוזויגן אין זיך די מאַלאַריע־באַצילן, כדי צו קענען נאָך דעם בייסן אַ סיפיליס־קראַנקן און אים אָנשטעקן מיט מאַלאַריע. און ווען מען פלעגט נאָך דאַרפן איבערשיקן אָט די מאָסקיטאָס פון איין שטאָט אין אַ צווייטער פאַר אַ גרעסערן מהלך, פלעגט עס שוין ווערן אַ גוואַלדיק טייערע אונטערנעמונג. מייסטנס פלעגן אַ העלפט פון די מאָסקיטאָס אויס־שטאַרבן אויפן וועג; און דערצו האָט מען געדאַרפט אַ ספּעציעלן געניטן מענטשן, וואָס זאָל זיי פירן. דערביי איז אויך אַלע מאָל געווען די געפאַר, אַז מאַנכע מאָסקיטאָס זאָלן זיך ניט אַרויסכאַפּן אויף דער פריי און אָנפאַנגען בייסן און זויגן בלוט אָן דער אָנווייזונג פון אַ דאָקטאָר. זיי האָבן אויף אַזאַ אופן געקענט פאַרשפּרייטן מאַלאַריע צווישן אַזעלכע וואָס דאַרפן עס ניט. און אָט צוליב דעם האָט דר. בריוס מעין זיך דערטראַכט צו זיין קונציקער אָפּעראַציע אויסצושניידן ביי די מאַלאַריע־מאָסקיטאָס זייערע שפּייעכץ־דריזן.

די מאַלאַריע־באַצילן, וואָס די מאָסקיטאָס זויגן אַריין, ווען זיי בייסן אַ מאַלאַריע־קראַנקן, האַלטן זיך אויף אין זייערע שפּייעכץ־דריזן, און ווען מען שניידט די דריזן אויס און מען מאַכט פון זיי אַ סערום — עס הייסט, אַז מען לאָזט דורך געוויסע מיטלען די מאַלאַריע־באַצילן, וואָס די שפּייעכץ־דריזן אַנטהאַלטן, זיך אָנפּלאָדן אין אַ פליסיקייט, דעמאָלט קען מען פון איין מאָסקיטאָ האָבן געוויינלעך שטאָף אָנצושטעקן צוועלף סיפיליס־קראַנקע מיט מאַלאַריע. און

אויף אַזאַ אופֿן פֿאַלן אַוועק די גרויסע קאָסטן און די שוועריקייטן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיט דער מעטאָדע, ווי זי איז ביז איצט געברויכט געוואָרן.

נו, איך וויל זיך ניט אַריינלאָזן צו טיף אין דער מעדיצינישער זייט פֿון דער פֿראַגע, ווייל איך קען נאָך מאַכן אַ „בולבע", ווי מען זאָגט עס אויף טעאַטער־לשון. מעדיצין איז אַן אידעלע זאַך און עס איז בעסער, אַז מען טשעפּעט עס וואָס ווייניקער. איך האָב בלויז געוואָלט זאָגן אַ גוט וואָרט פֿאַר די מאָסקיטאָס. איך וויל זאָגן, אַז ווען אַ מאָסקיטאָ בייסט אייך און איר פּרובירט זיך יאָגן נאָך איר און קענט איר ניט כאַפּן, קענט איר אַ טראַכט טאָן, אַז אפֿשר איז די מאָסקיטאָ גאָרניט אויסן געווען אייך צו בייסן און אייך ווי צו טאָן, נאָר אַז זי איז גאָר געגאַנגען אויף אַ מעדיצינישער עקספּעדיציע און זי האָט געמיינט, אַז זי קען ביי אייך קריגן עטלעכע מאַלאַריע־באַצילן.

נאָר פֿונדעסטוועגן וואָלט איך מוחל זיין די מאָסקיטאָס די טובות, וואָס זיי קענען טאָן מאַנכע מענטשן, און בעסער פּטור ווערן פֿון זיי אינגאַנצן. אָבער וואָס העלפֿט עס, אַז זיי זיינען שטאַרקער פֿון אונדז. און עס זיינען פֿאַראַן אינזעקטן, וואָס זיינען נאָך אַ סך ערגער פֿון מאָסקיטאָס.

און איך טראַכט, אַז עס איז אַ גרויסע באַליידיקונג פֿאַר דער מענטשלעכער ראַסע, אַז זי זאָל באַזיגט ווערן פֿון אָט די קליינע, מיאוסע און נישטיקע ברואים־לעך, וואָס מיר רופֿן אינזעקטן. איך וויל דעריבער זיין אָפּטימיסטיש און גלויבן, אַז דער זיגער וועט ענדלעך אַרויסקומען דער מענטש. אָבער ביי מיין גאַנצן אָפּטימיזם דאַרף איך דאָך זאָגן, אַז אויב די מענטשן וועלן זייער גאַנצע חכמה און זייער גאַנצע ענערגיע אָפּגעבן אויף זוכן מיטלען ווי אויסצוראָטן איינע די אַנדערע, וועלן די אינזעקטן מעגן בלייבן זייערע יורשים אויף דער ערד. צווישן די אינזעקטן געפֿינען זיך דאָך אַ סך, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט צו לעבן אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפֿט. דאָס זיינען ניט בלויז די בינען און די מוראַשקעס, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע. די מענטשן אָבער וועלן זיך נאָך אַלץ האַלטן ביי הוואָוערס פֿאַרדאַמט האַרט־געבאַקענעם אינדיווידואַליזם.

ווען מענטשן וועלן לעבן אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפֿט און וועלן אָפּגעבן אַלע זייערע פֿעאיקייטן און אַלע זייערע כּחות צו העלפֿן איינע די אַנדערע, וועלן זיי ענדלעך ניט נאָר באַזיגן זייערע שונאים די אינזעקטן, נאָר זיי וועלן ענדלעך אויך קריגן די פֿולע קאָנטראָל איבער די נאַטור־כּחות, וואָס ווילן זיי נאָך היינט ניט פֿאָלגן. ווען די כּחות און די פֿעאיקייטן פֿון די מענטשן וועלן פֿריי ווערן פֿון דעם קאַמף, וואָס זיי פֿירן שטענדיק איינע קעגן די אַנדערע, וועלן זיי אַ סך מער קענען געווינען אין זייער קאַמף צו באַצווינגען די כּוחות פֿון דער נאַטור און ברענגען זיי אונטער זייער קאָנטראָל. די וויסנשאַפֿט וואָס די מענטשן האָבן געשאַפֿן איז נאָך יונג, עס איז בלויז אַן אָנפֿאַנג, און זי וועט נאָך אויפֿטאָן וואונדער, ווען זי וועט אויסגענוצט ווערן פֿון אַ מענטשהייט, וואָס וועט לעבן און אַרבעטן אין קאָאָפּעראַציע.

1936



# וועט די מענטשלעכע ראַסע אייביק בלייבן אויף דער ערד?

ווי לאַנג וועט זיך די מענטשלעכע ראַסע נאָך האַלטן אויף דער ערד?

די דאָזיקע פֿראַגע האָט קיין שום שייכות ניט מיט דער איצטיקער מלחמה. וויפֿל מענטשן עס זאָלן ניט אויסגעהרגעט און פֿאַרניכטעט ווערן אין דער איצטיקער מלחמה, וועלן נאָך אַלץ בלייבן גענוג לעבעדיקע מענטשן אָנצו־האַלטן די מענטשלעכע ראַסע אויף דער ערד.

אין דערווירקלעכקייט האָט מען זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אַ סך מער מענטשן וועלן דערהרגעט ווערן אין דער איצטיקער מלחמה דורך די נייע מלחמה־וואָפֿן און אויפֿרייס־שטאָפֿן, וואָס זיינען געשאַפֿן געוואָרן. איך געדענק די אַרטיקלען, וואָס איך האָב געלייענט פֿון פֿאַרשיידענע מלחמה־עקספּערטן, נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, אין וועלכער זיי האָבן פֿאַרויסגעזאָגט די פֿאַרניכטונג פֿון גרויסע אַרמייען און פֿון גרויסע שטעט מיט זייערע איינוואוינער, אין אַ פּאָר שטונדן צייט. די דאָזיקע עקספּערטן האָבן אָבער פֿאַרגעסן, אַז פֿאַר יעדן נייעם מלחמה־וואָפֿן ווערט געשאַפֿן אַ נייער קעגן־וואָפֿן אָדער נייער שוץ־מיטל.

אָבער עס האַנדלט זיך דאָ ניט, ווי שוין געזאָגט, וועגן דער געפֿאַר פֿון דער מלחמה פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון דער מענטשלעכער ראַסע, נאָר וועגן אַ גאַנץ אַנדער געפֿאַר.

יעדער וואָס האָט געלערנט נאַטור־געשיכטע אָדער לאָמיר זאָגן, זאָאָלאָגיע, ווייס, אַז אַמאָל זיינען אויף דער ערד געווען אַזעלכע לעבעדיקע באַשעפֿענישן, וואָס זיינען היינט מער ניטאָ. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף דער ערד מיליאָנען יאָרן און זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבן און זיינען מער ניטאָ. מען געפֿינט פֿון צייט צו צייט זייערע סקעלעטן, אָדער איינצלנע ביינער טיף אין דער ערד. צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע ריזיקע חיות, ווי די דינאָסאָורן, וואָס זייערע סקעלעטן קען מען זען אין די מוזעאומס פֿון נאַטור־געשיכטע. היינט אויב זיי האָבן געקענט אונטערגיין און פֿאַרשווינדן פֿון דער ערד, טאָ קען עס דאָך אויך מעגלעך זיין, אַז די מענטשלעכע באַשעפֿעניש וועט אונטערגיין.

אָדער לאָמיר עס מאַכן אַזוי: די ערד האָט אין געוויסע פּעריאָדן פֿון איר עק־זיסטענץ געהאַט אויף זיך פֿאַרשיידענע מינים באַשעפֿענישן, וועלכע זיינען איינע נאָך די אַנדערע פֿאַרשוואונדן. ווען מיר פֿאַרגלייכן זיי דורך די אויבנדערמאָנטע סקעלעטן, אָדער דורך די פֿאָסילן (פֿאַרשטיינערטע באַשעפֿענישן), קען מען זען ווי עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע אַנטוויקלונג פֿון נידעריקערע מינים באַ־שעפֿענישן צו העכערע. די פֿראַגע איז דעריבער, אויב עס וועט אויך ניט אַזוי פּאַסירן מיט דער מענטשלעכער באַשעפֿעניש. עס הייסט, אויב עס וועט ניט קומען אַ צייט, ווען דער העכערער מין באַשעפֿעניש וועט ניט פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון דער איצטיקער מענטשלעכער באַשעפֿעניש.

דער באַקאַנטער ענגלישער ביאָלאָג ד״ר דזשעימס ריטשיע האָט, ווי עס זעט אויס, די רואיקייט פֿון געמיט צו טראַכטן וועגן וויסנשאַפֿטלעכע טעאָריעס אונטער דעם האָגל פֿון באָמבעס, איז מיט דער מיינונג, אַז דער גורל פֿון דער מענטשלעכער באַשעפֿעניש וועט זיין דער זעלביקער, וואָס פֿון די דינאָסאָורן, למשל. עס הייסט, דער איצטיקער מין מענטש וועט פֿאַרשווינדן פֿון דער ערד.

און זיין פּלאַץ וועט פֿאַרנעמען אַ העכערער מין באַשעפֿעניש, וואָס וועט שטיין אויף אַ העכערן שטאַפּל פֿון אַנטוויקלונג, ווי דער איצטיקער מענטש.

ד"ר ריטשיע זאָגט, אַז ער קען ניט זען קיין גרונט צו טראַכטן, אַז דער וועג פֿון עוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט די איינפֿאַכסטע איין־צעליקע פּלאַנצן און לעבעדיקע באַשעפֿענישן מיט אַ ביליאָן אָדער מער יאָר צוריק, זאָל זיך פֿאַרענדיקן מיט דעם איצטיקן מענטשן.

ווען מען טראַכט וועגן דעם פּעריאָד ווען די דינאָסאַורן האָבן געלעבט אויף דער ערד, אַן ערך צוועלף הונדערט מיליאָן יאָר צוריק, וועלכע האָבן דערגרייכט צו אַזאַ ריזיקער גרייס, קען מען זיך פֿאַרשטעלן, אַז ווען זיי וואָלטן געקענט רעדן וואָלטן זיי אפשר געזאָגט, אַז מיט זיי האָט די עוואָלוציע פֿאַרענדיקט איר וועג. זי האָט נעמלעך אָנגעפֿאַנגען מיט אַזעלכע פּיצינקע, נישטיקע, איין־צעליקע באַשעפֿענישן, און זי איז דערגאַנגען ביז צו אַזעלכע ריזיקע חיות, ווי זיי, די דינאָסאַורן, טאָ ווי נאָך ווייטער קען זי גיין? קען מען זיך פֿאַרשטעלן נאָך גרעסערע, נאָך ריזיקערע באַשעפֿענישן?

אָבער די עוואָלוציע איז דאָך געגאַנגען ווייטער. די דינאָסאַורן האָבן טאַקע געהאַט געוואַלדיק גרויסע, ריזיקע קערפּערס, אָבער ווייניק מאָרך אין זייערע קליינע קעפּ. זיי האָבן געקענט עקזיסטירן אין געוויסע באַדינגונגען און צושטאַנדן, אָבער ווען די צושטאַנדן האָבן זיך געענדערט און עס זיינען געשאַפֿן געוואָרן נייע באַדינגונגען, האָבן אָט די ריזיקע חיות זיך צו זיי ניט געקענט צופּאַסן און זיי זיינען אונטערגעגאַנגען, אויף זייער פּלאַץ זיינען געקומען אַנדערע באַשעפֿענישן, וועלכע זיינען געווען בעסער צוגעפּאַסט.

נאָר דאָ קען מען אפשר שוין גלייך זאָגן, אַז טאַקע פֿון דעם אונטערגאַנג פֿון די דינאָסאַורן קען מען דרינגען, אַז די מענטשלעכע באַשעפֿעניש וועט ניט אונטערגיין. די דינאָסאַורן האָבן טאַקע געהאַט ריזיקע קערפּערס מיט אומגעהויערע כּוחות, אָבער קליינע קעפּ מיט ווייניק מאָרך. ווען עס האָבן זיך דעריבער געענדערט אַרום זיי די באַדינגונגען און זיי האָבן ניט געקענט האָבן גענוג שפּייז, אָדער געוויסע קליינע חיהלעך, וואָס האָבן געלעבט אין יענער צייט פֿלעגן אויפֿעסן די אייער, וואָס אָט די ריזיקע חיות פֿלעגן לייגן און ממילא פֿלעגן גאַנץ ווייניק דינאָסאַורן האָבן די געלעגנהייט צו זען די ליכטיקע וועלט (די דינאָסאַורן פֿלעגן זיך פֿרוכפּערן דורך לייגן אייער) — זיינען די דינאָסאַורן אונטערגעגאַנגען. אַ מענטש אָבער האָט מער מאָרך ווי אַ דינאָסאַור. ער קען טראַכטן און פּלאַנעווען. ער קען זיך צופּאַסן צו נייע באַדינגונגען און צושטאַנדן, וואָס ווערן געשאַפֿן. ער קען אויסטראַכטן מיטלען ווי זיכער צו מאַכן זיין עקזיסטענץ און ווי צו שיצן זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן און פֿאַרזעצן די עקזיסטענץ פֿון דער מענטשלעכער ראַסע.

ווען עס האָבן אויסגעטריקנט די וואַסערן אין די ערטער, וואו די דינאַסאַורן פֿלעגן זיך פּיטערן און עס האָט דאָרטן אויפֿגעהערט וואַקסן גראָז און אַנדערע גרינסן, האָבן זיי קיין שׂכל ניט געהאַט זיך אַוועקצולאָזן ערגעץ ווייט זוכן אַנדערע ערטער, וואו עס איז פֿאַראַן שפּייז. אָדער אויב עס איז פּלוצים אין די ערטער געוואָרן זייער קאַלט צום פֿאַרפֿראָרן ווערן, האָבן די דינאַסאַורן זיך ניט אַוועקגעלאָזט אויף אַ ווייטער רייזע צו זוכן אַנדערע ערטער, וואו עס איז וואַרעם.

די מענטשלעכע באַשעפֿעניש ווייס זיך אַבער ווי צו געבן אַן עצה. ווען דער מענטש קען ניט געפֿינען קיין שפּייז אין איין אָרט, גייט ער זוכן שפּייז אין אַן אַנדער אָרט, ווי ווייט עס זאָל ניט זיין. אַ מענטש האָט זיך אויסגעלערנט צו שיצן פֿון קעלט און פֿון היץ און ער האָט געפֿונען מיטלען ווי אַזוי צו לעבן סיי אין די הייסטע סיי אין די קעלטסטע געגנטן פֿון דער ערד.

דאָס איז געוויס אַלץ ריכטיק. אָבער אויב עס איז ריכטיק, אַז די עוואָ־לוציע, די אַנטוויקלונג פֿון נידעריקערע באַשעפֿענישן צו אַלץ העכערע ווערט פֿאַרגעזעצט, איז דאָך שווער צו גלייבן, אַז זי זאָל זיך אָפּשטעלן ביי דער מענטש־לעכער באַשעפֿעניש און ניט קענען ווייטער גיין. איז עס ניט מעגלעך, אַז זי זאָל קענען „אויסטראַכטן” אַ נייע באַשעפֿעניש, וואָס שטייט העכער פֿאַר דעם מענטש? זאָל עס דויערן אַ מיליאָן יאָר, עטלעכע מיליאָן — מיר דינגען זיך ניט וועגן דער צייט — אָבער איז דאָס ניט מעגלעך?

אויב מען זאָל זיך האַלטן פֿאַר דער טעאָריע, אַז די נאַטור האַלט כּסדר אין עקספּערימענטירן אַרויסצוברענגען אַלץ בעסערע און העכערע מינים און פֿאַר־מען, — טאָ פֿאַר וואָס זאָל זי אין משך פֿון עטלעכע מיליאָן יאָר ניט קענען אַרויסברענגען אַ העכערן מין באַשעפֿעניש ווי דער מענטש?

עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ העכערן מין מענטש. עס איז אַן אַלגעמיינע אָנגענומענע מיינונג, אַז מיט דער צייט וועט זיך די מענטשלעכע באַשעפֿעניש אויסמענטשלען און ווערן אַ מענטש. ווייניקסטנס האָפֿט מען, אַז עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען מענטשן וועלן אויפֿהערן אויסצוראָטן איינער די אַנדערע. אָט האָבן דאָך די טערמיטן, אָדער ווייסע מוראַשקעס ווי מען רופֿט זיי בטעות, דערגרייכט די מדרגה פֿון אַנטוויקלונג פֿון סאָציאַלן לעבן, אַז זיי פֿירן מער ניט קיין מלחמה איינע קעגן די אַנדערע. זיי פֿירן בלויז מלחמה מיט מוראַשקעס, אָבער קיין מאָל ניט צווישן זיך אַליין. איך ווייס ניט וויפֿל מיליאָנען יאָרן עס האָט גענומען די טערמיטן צו דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה. די טערמיטן זיינען געקומען אויף דער וועלט מיט אַ סך מיליאָנען יאָרן פֿריער ווי די מענטשלעכע באַשעפֿענישן. אָבער איך האָב פֿריער באַמערקט, אַז מען דינגט זיך דאָ ניט וועגן צייט. דער עיקר איז, אַז עס איז פֿאַראַן אַ גרונט צו גלייבן, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט, ווען די מענטשן וועלן אין זייער סאָציאַלן לעבן ווייניקסטנס דערגרייכן די מדרגה פֿון די טערמיטן און וועלן איינע די אַנדערע זיך ניט אויסראָטן. אָבער די פֿראַגע איז דאָ ניט וועגן אַ העכערן מין מענטש, וואָס וועט זיך אַנטוויקלען אין דער ווייטער צוקונפֿט, נאָר וועגן אַ נייע העכערע באַשעפֿעניש, וואָס וועט זיין ווייט איבער דעם איצטיקן מענטש. אַ באַשעפֿעניש, וואָס וועט האָבן ניט בלויז אַן אַנדער נאָמען, נאָר וועט זיין אין גאַנצן אַנדערש.

נאָר אויב דאָס זאָל אַפֿילו זיין אַזוי, דאַרף דאָס דויערן אַ היפּשע עטלעכע מיליאָן יאָר און ממילא דאַרף מען זיך היינט ניט שטאַרק באַאומרואיקן, וואָס אַנשטאָט דער מענטשלעכער באַשעפֿעניש וועט זיין אַן אַנדער מין באַשעפֿעניש, וואָס דער היינטיקער מין מענטש וואָלט זיך דאַרפֿן פֿאַר איר פֿאַרשעמען. די זאָרג פֿון היינט איז אויסצובעסערן די איצטיקע מענטשלעכע באַשעפֿעניש, אַז זי זאָל האָבן אַ פּנים פֿון אַ מענטשן.



# אונדזערע אור־אור־אייניקלעך וועלן זיין פֿאַרזעעניש

מיר לעבן אין אַ מעכאַניזירטער וועלט. די מאַשין פֿאַרנעמט אַלץ מער דעם פּלאַץ פֿון מענטשן. און דאָס איז בלויז אַן אָנהויב. מיר זעען אין וואָס פֿאַר אַ קורצער צייט די פֿירונג פֿון מלחמה איז מעכאַניזירט געוואָרן אין אַזאַ הויכער מאָס. מען מוז זיך דעריבער פֿאַרטראַכטן, ווי עס וועט אויסזען דער צוקונפֿטיקער מענטש, ווען אַלץ וועט ווערן מעכאַניזירט און אַלץ וועט טאָן די מאַשין און די כעמישע לאַבאָראַטאָריע. עס וועט דאָך מוזן האָבן אַ ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פֿון זיין קערפּער און אויף זיין אויסזען.

די וויסנשאַפֿט האָט אונדז אין די לעצטע יאָרן אָנגעזאָגט זאַכן, וואָס קענען אונדז באַאומרואיקן. צווישן זיי אויך, אַז דער צוקונפֿטיקער מענטש וועט זיין אַ שטיק פֿאַרזעעניש.

מילא, ווען די וויסנשאַפֿטסלייט זאָגן, אַז די וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, וועט אונטערגיין — צי זי וועט פּלאַצן ווי אַן אָנגעבלאָזענער פּענכער, און מיר וועלן אַלע צעשאָסן ווערן אויף שטויב און פּולווער; אָדער די זון וועט זיך אָפּקילן, און מיר וועלן אַלע אויף דער ערד אויסגעפֿרוירן ווערן ווי די פֿרייסן — דאָס קימערט מיך ניט אַזוי שטאַרק. איך האָב זיך שוין צו דעם צוגעוואוינט. אגב מוז דאָך אַ מענטש ווען עס איז שטאַרבן, און ווען אַ מענטש שטאַרבט, איז דאָך פֿאַר אים סאַי ווי סאַי חרוב געוואָרן די וועלט. עס קימערט מיר אויך ניט, ווען די וויסנשאַפֿט זאָגט מיר, אַז באמת איז גאָר איבגאַנצן ניטאָ קיין וועלט, אַז עס איז ניט מער ווי אַ פֿאָרשטעלונג, אָדער אַן איינרעדעניש, ווי מען זאָגט עס אויף הײמישן ייִדיש. זאָל זיין אַזוי, זאָל די וועלט זיין ניט מער ווי אַ פֿאָר־שטעלונג. דער עיקר איז, אַז מען זאָל אין איר קענען לעבן און הנאה האָבן פֿון לעבן. דאָס האָט שוין אַפֿילו דער רב פֿון מיין שטעטל געהאַט שכל צו זאָגן, אַז עס קימערט אים ניט, אויב די וועלט איז בלויז אַ חלום. די צרה איז, וואָס דער חלום איז אָפֿט אַזאַ שוידערלעכער, אַזאַ גרויזאַמער. אָט, למשל, די איצטיקע מלחמה. נאָר אויב עס קימערט מיך ניט, וואָס עס וועט אַמאָל ווערן פֿון דער וועלט, איז עס מיר אָבער אומאַנגענעם זיך פֿאָרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַ מין פֿאַר־זעעניש דער מענטש וועט מיט דער צייט ווערן. איך האָב גראָד אַלע מאָל גע־האַט אַ פֿאָרשטעלונג, אַז דער מענטש וועט וואָס ווייטער ווערן אַלץ שענער און אָנגענעמער.

צוערשט איז געקומען אַ וויסנשאַפֿטסמאַן און האָט אונדז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער צוקונפֿטיגער מענטש וועט נישט האָבן קיין ציינער. ער וועט זיי איינפֿאַך ניט דאַרפֿן, ווייל ער וועט ניט עסן קיין שפּייז, וואָס מען דאַרף קייען. און ווען די ציינער וועלן ניט האָבן וואָס צו טאָן, וועלן זיי מיט דער צייט פֿאַרשווינדן, אָדער אַטראָפֿירט ווערן, ווי מען זאָגט אויפֿן וויסנשאַפֿטלעכן לשון. עס וועט אויף אַזאַ אופֿן זיין אַ ציינלאָזע מענטשהייט.

נאָך דעם איז געקומען אַ צווייטער וויסנשאַפֿטסמאַן און האָט דערקלערט, אַז מיט דער צייט וועט דער מענטש ניט האָבן קיין מאָגן, ווייל ער וועט אים ניט דאַרפֿן. ער וועט זיך שפּייזן מיט כעמישע פּילן, וואָס וועלן אַנטהאַלטן אין זיך אין אַ קאָנצענטרירטער פֿאָרם די נאַרהאַפֿטע שטאָפֿן, וואָס ער דאַרף האָבן

אויפֿצוהאַלטן זיין קערפּער. ער וועט אַראָפּשלינגען אַ פּאָר פּילן אַ טאָג, און ער וועט ניט דאַרפֿן טראָגן מיט זיך אַזאַ גרויסן זאַק, ווי דער מאָגן איז. עס וועט, אַלזאָ, זיין אַ מאָגנלאָזע מענטשהייט.

שפּעטער איז געקומען אַן אַנדער וויסנשאַפֿטסמאַן און האָט דערקלערט, אַז דער צוקונפֿטיקער מענטש וועט ניט האָבן קיין פֿיס, ווייל ער וועט זיי ניט דאַרפֿן. פֿיס האָט מען נויטיק צו גיין. מענטשן, אָבער, וואָס פֿאָרן און פֿליען, דאַרפֿן קיין פֿיס ניט. די פֿיס וועלן אַטראָפֿירט ווערן, ווען זיי וועלן ניט האָבן וואָס צו טאָן. עס וועט זיין אַ פֿיסלאָזע מענטשהייט. צולעצט איז געקומען אַ וויסנשאַפֿטסמאַן און דוקא אַן אַמעריקאַנער, און ער זאָגט, אַז די צוקונפֿטיקע מענטשן וועלן זיין בלינד און טויב. ער באַגרינדעט זיין דערקלערונג דערמיט, וואָס די ציוויליזאַציע אונדזערע מיט אַלע אירע דערפֿינדונגען האָט געשאַפֿן אַזעלכע גרויסע און שווערע אָנשטרענגונגען פֿאַר די מענטשלעכע אויגן און אויערן, אַז זיי קענען ניט אויסהאַלטן. זיי מוזן מיט דער צייט אַזוי שטאַרק אָפּגענוצט ווערן, ביז זיי וועלן אין גאַנצן אַטראָפֿירט ווערן.

ווען גאָט האָט באַשאַפֿן אויגן פֿאַר אַ מענטשן, האָט ער ניט געהאַט אין זינען, אַז ער וועט זיי דאַרפֿן אַזוי פֿיל נוצן, אַזוי פֿיל אָנשטרענגען זיי צו לייענען צייטונגען און ביכער און אַזוי פֿיל בלענדן זיי פֿאַר דער שטאַרקער עלעקטרישער ליכט פֿון בראָדוויי און פֿאַר די העלע, שניידנדע ליכט־עפֿעקטן אין די מואוויס. און ווען גאָט האָט באַשאַפֿן אויערן פֿאַר אַ מענטשן, איז אים ניט איינגעפֿאַלן זיי צוצופּאַסן צו דעם גוואַלדיקן טומל און געפּילדער פֿון דער שטאָט, צו דעם שטענדיקן געשריי פֿון די ראַדיאָס און די פֿאַרטויבנדע קולות פֿון דעם אויטאָמאָביל־האָרן. די מענטשלעכע אויגן און די מענטשלעכע אויערן קענען דעריבער לאַנג ניט אַריבערטראָגן דעם שטענדיק־וואַקסענדן שטאַרקן אָנגריף אויף זיי פֿון דער ציוויליזאַציע. זיי מוזן רעזיגנירן. דער צוקונפֿטיקער מענטש וועט דעריבער האָבן טויבע אויערן און בלינדע אויגן. און מיט דער צייט וועלן די אויגן און אויערן אין גאַנצן פֿאַרשווינדן ביים מענטשן, פּונקט ווי עס איז פֿאַרשוואונדן זיין אַמאָליקער עק און זיין פּעלצענע פֿעל.

אייגנטלעך איז די דאָזיקע באַהויפּטונג ניט אין גאַנצן וויסנשאַפֿטלעך. דער עק ביים מענטשן איז פֿאַרשוואונדן נישט צוליב דעם, וואָס ער האָט אים צופֿיל באַנוצט, נאָר ווייל ער האָט אים אויפֿגעהערט באַנוצן, און ער איז געוואָרן אַן איבעריקע נאָכשלעפּעניש. איך ווייס אייגנטלעך ניט, צו וואָס דער מענטש האָט אין גאַנצן נויטיק געהאַט אַמאָל אַן עק. וואָס פֿאַר אַ נוץ האָט ער פֿון אים געקענט האָבן, ווען ער האָט נאָך אַפֿילו געלעבט אין וואַלד און האָט זיך געוויגט אויף די צווייגן פֿון דיביימער צוזאַמען מיט זיינע שוועסטער־קינדער, די מאַלפּעס?

נאָר מסתּמא האָט דער מענטש אין וואַלד נויטיק געהאַט אַן עק, אַז ניט וואָלט גאָט עס אים ניט געגעבן. איך קען זיך פֿאָרשטעלן, אַז ער האָט דעם עק באַנוצט אָפּצוטרייבן זלידנע פֿליגן, אָדער אָנצושמייסן די קינדער. נאָר ווען דער מענטש איז אַרויס פֿון וואַלד און האָט זיך איינגעשאַפֿט קלעפּיקע פּאַפּיר פֿאַר די זלידנע פֿליגן און לעדערנע קאַנטשיקעס פֿאַר די קינדער, איז דער עק ביי אים געוואָרן אַ גאַנץ איבעריקע זאַך, און ער האָט אים אויפֿגעהערט צו

באַנוצן. און ווען אַ גליד פֿון קערפּער ווערט ניט באַנוצט, האָט ניט קיין איבונג, אָדער „עקסערסאַיז", ווי מען זאָגט עס אויף אַמעריקאַנער יידיש, שטאַרבט עס ביסלעכווייז אָפּ, ביז עס פֿאַרשווינדט אין גאַנצן. און אויף אַזאַ אופֿן איז דער מענטשלעכער עק געשטאָרבן און פֿאַרשוואונדן. עס איז בלויז פֿון אים געבליבן אַ שפּור אין דעם מענטשלעכן סקעלעט, עפּעס ווי צו דערמאָנען דעם מענטשן, אַז ער זאָל ניט זיין צו שטאָלץ ביי זיך, ווייל ער דאַרף געדענקען, אַז אויך ער איז אַ מאָל געווען ניט מער ווי אַן עקעדיקע באַשעפֿעניש, ווי אַלע אַנדערע וואַלד־חיות.

ווי איר זעט, איז אָט פֿון דער טעאָריע וועגן דעם פֿאַרשוואונדענעם מענטש־לעכן עק גאָר ניט געדרונגען, אַז דער צוקונפֿטיקער מענטש וועט פֿאַרלירן זיינע אויגן און זיינע אויערן. אין קעגנטייל: לויט דער עק־טעאָריע דאַרפֿן זיי ביי אים נאָך פֿאַרשטאַרקט ווערן דורך דעם, וואָס ער נוצט זיי אַזוי פֿיל און גיט זיי אַזוי פֿיל „עקסערסאַיז".

איך פֿאַרשטיי די פֿאָראויסזאָגונג פֿון דאָקטוירים, אַז דער צוקונפֿטיקער מענטש וועט ניט האָבן קיין ציין, ווייל פֿאַר די איצטיקע גוט־געקאָכטע און גוט־צוגעגרייטע שפּייזן דאַרף מען די ציין וויניק אָנשטרענגען און וויניק באַנוצן. בפֿרט נאָך, ווען די מענטשלעכע שפּייז וועט באַשטיין פֿון פּילן, וואָס מען וועט מאַכן אין אַ כעמישער לאַבאָראַטאָריע און מען וועט צו זיי אין גאַנצן די ציין ניט דאַרפֿן געברויכן, ווייל פּילן שלינגט מען. עס איז געווען אַנדערש אַ מאָל, ווען דער מענטש האָט געלעבט אין וואַלד. ער האָט געדאַרפֿט קנאַקן מיט זיינע ציין האַרטע ניס, האָט מיט זיי געדאַרפֿט בייסן רויע ניט געקאָכטע פֿלייש, אָדער קייען האַרטע פֿאַרדאַרטע וואָרצלען. דעמאָלט האָבן די ציין געמוזט אַרבעטן גאַנץ שווער און פֿון דער שטענדיקער „גימנאַסטיקע", וואָס זיי האָבן געדאַרפֿט מאַכן, האָבן זיי זיך גאַנץ שטאַרק אַנטוויקלט. איצט אָבער, ווען די ציין דאַרפֿן זיך אַזוי וויניק אָנשטרענגען, וועלן זיי מיט דער צייט מוזן פּונקט אַזוי פֿאַר־שווינדן ווי דער אַמאָליקער מענטשלעכער עק.

די זעלביקע זאַך איז מיט די מענטשלעכע פֿיס. שוין איצט ווערן די מענטש־לעכע פֿיס וויניק באַנוצט. אַ מאָל פֿלעגט אַ מענטש דאַרפֿן זייער פֿיל נוצן זיינע פֿיס. שניידער און קלאָוק־מאַכער פֿלעגן ניט בלויז גיין מיט זייערע פֿיס, נאָר פֿלעגן אויך טרייבן די ניי־מאַשין מיט זייערע פֿיס. בעקערס פֿלעגן קנעטן ברויט מיט זייערע פֿיס און ווייבער פֿלעגן וויגן די קינדער־וויגעלעך מיט זייערע פֿיס. איצט אָבער, ווערן די פֿיס גאַנץ וויניק געניצט. און וואָס ווייטער וועלן זיי אַלץ וויניקער געניצט ווערן. דער אויטאָמאָביל האָט שוין איצט פֿאַר אַ גאַנץ גרויסער צאָל מענטשן געמאַכט די פֿיס פֿאַר גאַנץ איבעריקע גלידער. און דער עראָפּלאַן וועט עס מאַכן נאָך איבעריקער. די פֿיס וועלן מיט דער צייט פּונקט אַזוי פֿאַר־שווינדן ביים מענטשן, ווי זיין אַמאָליקער עק.

דאָס אַלץ פֿאַרשטיי איך, אַז עס מוז אַזוי זיין. און עס קען זיין, אַז עס וועט טאַקע זיין בעסער, ווען מען וועט ניט האָבן קיין ציין. אַז מען וועט ניט האָבן קיין ציין, וועט מען ניט האָבן קיין ציין־ווייטאָק. פֿון צייך האָט מען אַ סך צרות, מען האָט פֿון זיי יסורים, ווען זיי שניידן זיך אַרויס פֿון די יאַסלעס און מען

האָט פֿון זיי נאָך גרעסערע יסורים, ווען זיי וואַקסן אויס און פֿאַנגען אָן פֿוילן. ציין זיינען בלויז גוט פֿאַר דענטיסטן. זיי מאַכן פֿון זיי אַ לעבן.

עס איז אמת, אַז אויף די דענטיסטן וועט זיין אַ גרויסער רחמנות, ווען עס וועט זיין אַ ציינלאָזע מענטשהייט. צו דער גרויסער צאָל אַרבעטסלאָזע וועלן אויך צוקומען די דענטיסטן. אָבער די אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע ווייס ניט פֿון קיין רחמנות. זאָל זיך די דענטיסטן דוכטן, אַז מען האָט דערפֿונדן אַזאַ מאַשין, וואָס קען צורעכטמאַכן ציין און רייסן ציין אָן דער הילף פֿון אַ דענטיסט, אָט, למשל, ווי די מאַשין וואָס מאַכט ציגאַרן אָדער פּאַפּיראָסן. די דענטיסטן וועלן זיך מוזן אויסלערנען אַן אַנדער מלאָכה אָדער פּראָפֿעסיע — מאַכן רוקן־קראַצערס אָדער פֿלאַנצן האָר אויף פּליכעס.

און עס וועט אפֿשר אויך זיין בעסער ווען מען וועט ניט האָבן קיין פֿיס. מען וועט פּטור ווערן פֿון הינער־אויגן און פֿון איינגעפֿאַלענע גלעדנקען. און אַ סך וועלן טאַקע אויסקוקן אַ סך שענער אָן פֿיס. איך האָב באַמערקט, אַז די צאָל פֿון מיאוסע פֿיס איז זייער גרויס. אַ מאָל פֿלעגט מען בלויז וויסן, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַ סך מאַנסבילן, וואָס האָבן מיאוסע פֿיס. אָבער ווען די מאָדע האָט איינגעפֿירט קורצע ווייבערשע קליידלעך, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די צאָל ווייבערשע מיאוסע פֿיס איז נאָך גרעסער, ווי די מאַנסבילשע. און וואָס איז שייך צו די שוסטער, וועלן זיי מוזן ווערן דאָקטוירים אָדער שרייבער.

אָבער אויב עס איז ריכטיק, אַז די צוקונפֿטיקע מענטשן וועלן ניט האָבן קיין ציין און קיין פֿיס, ווייל זיי וועלן פֿאַרשווינדן צוליב דעם, וואָס מען באַנוצט זיי ווייניקער, קען דאָך ניט זיין, אַז זיי זאָלן פֿאַרלירן זייערע אויגן און אויערן צוליב דעם, וואָס זיי ווערן צופֿיל באַנוצט און צופֿיל אָנגעשטרענגט. עפּעס מוז דאָ די וויסנשאַפֿט אונטעררהינקען.

אין אַלגעמיין איז מיר גאַנץ שווער זיך פֿאַרצושטעלן אַ מענטשהייט אָן אויגן און אָן אויערן. איך קען ניט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי זיי וועלן זען צו האַלטן מלחמה איינע מיט די אַנדערע. איך קען מיר אַפֿילו ניט פֿאַרשטעלן, ווי אַזוי איינער וועט זען אויסצופּאַטשן דעם צווייטן, ווען מען וועט ניט האָבן קיין אויגן. און איך ווייס ניט ווי אַזוי מען וועט קענען הערן אַ ביסל רכילות און לשון הרע איינער אויפֿן צווייטן, ווען מען וועט קיין אויערן ניט האָבן. און וואָס פֿאַר אַ טעם וועט האָבן דאָס לעבן אָן אַ ביסל לשון הרע און רכילות?

און ווען מען פֿאַנגט אָן טראַכטן וועגן די גלידער, וואָס וועלן ביים מענטשן דורך דער אַנטוויקלונג פֿון דער ציוויליזאַציע אַטראָפֿירט ווערן, איז עס איינפֿאַך קיין סוף ניטאָ. מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער טעכניק און פֿון דער וויסנשאַפֿט וועט, דאַכט זיך, דער מענטש מער קיינעם פֿון זיינע גלידער ניט נויטיק האָבן, ווייל אויף אַלץ וועט מען האָבן מאַשינען. עס וועט דעמאָלט אויך דער מאַרך און קאָפּ ווערן אַ נוצלאָזע זאַך. ער וועט מער ניט דאַרפֿן טראַכטן. ביי מאַנכע מענטשן איז שוין היינט דער מאַרך איבעריק, ווייל זיי באַנוצן אים ניט.

פּרובירט נאָר זיך פֿאַרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ מין אויסזען די מענטשלעכע באַשעפֿעניש וועט עס האָבן, ווען אַלע זיינע גלידער וועלן אַטראָפֿירט ווערן! עס וועט דאָך אָנכאַפּן אַ מורא אַ קוק צו טאָן אויף אים.

נאָר צוריקריידנדיק, מען וועט דאָך ניט האָבן קיין אויגן מיט וואָס צו קוקן.

נאָר עס איז פֿאַראַן אַ סבֿרא, אַז וואָס איז שייך צום מענטשלעכן מאַרך, וועט עס גאָר ווערן אַ סך גרעסער, ווייל זיין מאַרך וועט דער מענטש אַלע מאָל באַנוצן און וואָס ווייטער אַלץ מער. און וואָס גרעסער עס וועט ווערן זיין מאַרך, אַלץ גרעסער וועט מוזן ווערן זיין קאָפּ. איין וויסנשאַפֿטסמאַן האָט פּרובירט מאָלן אַ בילד פֿון דעם צוקונפֿטיקן מענטשן. ער איז ביי אים אַרויסגעקומען אַ באַשעפֿעניש מיט אַ קליינעם דאַרן קערפּער, קליינע דאַרע קורצע פֿיסלעך און מיט אַ גרויסן רונדן קאָפּ אָן האָר, אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּליך.

אין אַלגעמיין טויג עס ניט, ווען מען פֿאַנגט אָן דעם מענטשן צו צעגלידערן. ער איז נישקשה ווי ער איז, ווען מען טשעפּעט אים ניט. אָבער ווען מען נעמט אים פֿונאַנדערקלייבן אויף שטיקלעך, ווערט עפּעס פֿון אים גאָרנישט.

אָט האָט אַ כעמיקער געמאַכט אַ חשבון, אַז ווען מען זאָל אַ מענטשן כעמיש צעגלידערן, איז ער לויט די איצטיקע פּרייזן פֿון כעמישע פּראָדוקטן אין גאַנצן ווערט בלויז 70 סענט. דאָס מיינט, אַז דער ווערט פֿון מענטשן איז אין די לעצטע דריי יאָר געפֿאַלן אויף גאַנצע דרייסיק פּראָצענט, ווייל אין יאָר 1931 האָט דער ווערט פֿון די כעמישע פּראָדוקטן, פֿון וועלכע אַ מענטש באַשטייט, באַטראָפֿן אַ דאָלאַר.

דער מענטשלעכער קערפּער באַשטייט נעמלעך פֿון 17 פֿאַרשיידענע כעמישע עלעמענטן — זויערשטאָף, קאַרבאָן (קויל), וואַסערשטאָף, כלאָר, פֿלואָר, סעליקאָן, סאָדע, פּאָטאַש, ליטהיום, קאַלציום, מאַגנעזיום, אייזן, מאַנגאַן און יאָד. די אַלע אויסגערעכנטע כעמישע עלעמענטן געפֿינען זיך אין דעם מענטשלעכן קערפּער אין פֿאַרשיידענע כעמישע פֿאַרבינדונגען.

ד״ר לאָסאָן, פֿון לאָנדאָן, האָט געמאַכט די פֿאָלגנדע כעמישע אַנאַליזע פֿון מענטשלעכן קערפּער:

אַ מענטש, וואָס וועגט 140 פֿונט, האָט אין זיך גענוג וואַסער אָנצופֿילן אַ 40־קוואָרטיקע פֿעסל, גענוג פֿעטס אויף צו מאַכן זיבן שטיקלעך זייף (אָט די וואָס מען קויפֿט פֿאַר אַ ניקל), גענוג קאַרבאָן צו מאַכן 9 טויזנט בליישטיפֿטן, גענוג פֿאָספֿאָר צו מאַכן 2 טויזנט און 2 הונדערט שוועבעלעך, גענוג מאַגנעזיום פֿאַר אַ מאָלצייט זאַלץ, גענוג אייזן צו מאַכן אַ מיטל־גרויסן טשוואָק, גענוג קאַלך אויסצוקאַלכן אַ הינער־שטייג און גענוג שוועבל צו פֿאַרטרייבן די פֿליי פֿון אַ גרויסן הונט. און אָט די אַלע פּראָדוקטן, ווי שוין באַמערקט, קען מען איצט קויפֿן פֿאַר 70 סענט. אין דעם פּרט איז קיין אונטערשייד ניט, אויב דער קערפּער איז פֿון אַ באָוערי טרעמפּ, אָדער פֿון אַ געקרוינטן קעניג.

1940



# אַ שמועס וועגן וואַסער

איך בין ניט לאַנג צוריק געפאָרן עטלעכע טעג אויפן ים, און ווען עס איז מיר איבערדריסיק געוואָרן צו קוקן אויף די פליענדיקע פיש און די שפּרינגענדיקע דאָלפינס, האָב איך מיך פלוצלונג פאַרטראַכט וועגן דעם וואַסער, אויף וועלכן מיין שיף האָט זיך געגליטשט, וואָס האָט מיר אויסגעקוקט צו זיין אָן אַ סוף.

פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל וואַסער? און ווי אַזוי איז געוואָרן וואַסער? און ווי טיף און ווי גרויס איז דער ים? און פאַרוואָס איז דאָס וואַסער פון ים אַזוי געזאַלצן? און פאַרוואָס צעשטורעמט זיך דער ים און וואַרפט אַזעלכע הויכע כוואַליעס? און פאַרוואָס פלייצט ער פון צייט צו צייט אַריבער זיינע ברעגן?

איך ווייס, אַז איך בין ניט דער ערשטער, וואָס האָט געשטעלט אַזעלכע פראַגן. אַ סך קליינע קינדער האָבן זיי שוין געפרעגט אַ סך פריער פאַר מיר. און איך ווייס אַפילו, אַז אויף דער פראַגע פאַרוואָס דאָס וואַסער פון ים איז געזאַלצן איז פאַראַן אַן אַלטער ענטפער, אַז דאָס איז פון די הערינג, וואָס געפינען זיך אין אים... און אַז וואַסער איז אַ וואונדערלעכע זאַך האָט שוין געזאָגט יופּיטער אין דער פראַנצויזישער קאָמעדיע „אַמפיטריאָן". וואַסער, זאָגט דאָרטן יופּיטער, מעג אויסקוקן ווי אַ גאַנץ איינפאַכע זאַך, ווען מען האָט עס, אָבער אויסצוטראַכטן וואַסער האָט מען געדאַרפט זיין אַ גאָט. נאָר איך דאַרף באַמערקן, אַז גראָד אין חומש ווערט ניט דערמאָנט, אַז גאָט האָט באַשאַפן וואַסער. עס שטייט דאָרטן בלויז, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל מיט דער ערד און אַז גאָטס גייסט האָט געשוועבט איבערן וואַסער. איך ווייס אויך, אַז מען האָט וועגן וואַסער אַ סך געשריבן פריער פאַר מיר. אָבער ווען עס פאַלט אייך איין פלוצים אַ פראַגע אין קאָפּ, שטעלט איר זיך אַוועק ווי אַ נאַר און פרעגט, ניט קוקנדיק, וואָס אַנדערע האָבן שוין געפרעגט פאַר אייך.

נו, פון דעם וואָס איך האָב אַמאָל געלערנט אין חדר, ווייס איך, אַז וואַסער באַשטייט פון צוויי עלעמענטן, וואָס זיינען אין גאַנצן ניט ענלעך צו וואַסער. דאָס איז וואַסער־שטאָף (האַידראָדזשען) און זויערשטאָף (אָקסידזשען). ביידע זיינען גאַזן, נאָר אַז זיי פאַראייניקן זיך, ווערט וואַסער. נאָר אויף דער זון איז אויך פאַראַן זויערשטאָף און וואַסערשטאָף, אָבער קיין וואַסער איז אויף איר ניטאָ, ווייל אויף דער זון איז צו הייס.

די געלערנטע האָבן זיך נאָך ביז היינט ניט געאייניקט ווען די ערד אונדזערע איז געבוירן געוואָרן. מאַנכע זאָגן, אַז דאָס האָט פּאַסירט מיט צוויי ביליאָן יאָר צוריק, און אַנדערע זאָגן, אַז עס איז געווען מיט דריי ביליאָן יאָר צוריק. אָבער אין דעם פּרט, וואָס איז שייך צו וואַסער איז עס קיין נפקא מינה ניט, אויב עס איז מיט אַ ביליאָן יאָר מער אָדער ווייניקער. מען דאַרף בלויז זאָגן, אַז ווען די ערד איז געבוירן געוואָרן, האָבן די צוויי גאַזן, פון וועלכע וואַסער באַשטייט — זויערשטאָף און וואַסערשטאָף — אַרומגעשוועבט אין דעם חלל פון דער וועלט אין אַ פאַרשיידנאַרטיקן געמיש פון אַנדערע הייסע גאַזן. נאָר ווען די ערד האָט זיך ביסלעכווייז אַנגעפאַנגען אָפּקילן און ווערן געדיכטער ביז עס האָט זיך אַרום איר געשאַפן אַ האַרטע שאָלעכץ, האָט דעמאָלט די פאַר־

אייניקטע וואַסער־שטאָף און זויער־שטאָף אין דער פֿאָרם פֿון וואַסער אַנגע־פּאַנגען באַדעקן די ערד.

ווען די ערד וואָלט געווען אַ פֿולשטענדיקער געאָמעטרישער גלאַטער רונ־דיקער קערפּער, וואָלט דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך אויף איר אַראָפּגעלאָזן, זיך פֿאַרטיילט גלייכמעסיק אַרום איר און וואָלט איר באַדעקט אַרום און אַרום. דעמאָלט וואָלט אָבער אין גאַנצן ניט געווען קיין טרוקן לאַנד. די גאַנצע ערד וואָלט געווען באַדעקט מיט וואַסער.

פֿאַר די פֿיש וואָלט עס אפֿשר געווען בעסער. זיי וואָלטן געהאַט מער „לע־בנס־רוים", אָבער פֿאַר אונדז מענטשן וואָלט עס געווען גאָר ניט גוט. נאָר האָבן מיר גראַד מזל, און ווען די ערד האָט זיך געהאַלטן אין אָפּקילן און זיך פֿאַר־האַרטעווען, איז איר אויסערלעכער שאָלעכץ, צוליב דעם דראַנג פֿון איר אי־נערלעכער היץ, געוואָרן צערונצלט. עס האָבן זיך געשאַפֿן פֿאַרטיפֿונגען און אַרויסשטאַרצונגען. עס זיינען נעמלעך געוואָרן בערג און טאָלן. דאָס איז גע־גאַנגען אַזוי ווייטער דורך ערד־ציטערנישן ביזן היינטיקן טאָג. עס ווערן נאָך איצט געשאַפֿן נייע בערג און נייע טאָלן אויף אונדזער ערד. דאָס וואַסער, וואָס איז אַראָפּגעקומען אויף דער ערד אין דער פֿאָרם פֿון וואַסער־דאַמף, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין וואַסער־טראָפּנס, האָט זיך דעריבער אָנגעפּאַנגען אָנזאַמלען אין די פֿאַרטיפֿונגען, בעת די אַרויסשטאַרצונגען, די בערג, זיינען געבליבן טרוקן. און אין דער צייט פֿון מיליאָנען יאָרן, האָט דאָס וואַסער געטאָן דאָס זייניקע, האָט „אויסגעגעסן" די ברעגן פֿון די פֿאַרטיפֿונגען און זיי געמאַכט ברייטער און ווייטער.

און עס איז געוואָרן אַ סך וואַסער, גאָר אַ סך. נאָענט צו דריי־פֿערטל פֿון דער ערד איז באַדעקט מיט וואַסער. נאָר כּדי צו זיין פּינקטלעך, וועל איך זאָגן, אַז 72 פּראָצענט פֿון דער אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד איז באַדעקט מיט וואַסער און בלויז 28 פּראָצענט איז יבשה.

נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט געזאָגט, וויפֿל וואַסער עס איז פֿאַראַן אויף דער וועלט. עס איז ניט נויטיק צו וויסן בלויז וואָס פֿאַרא שטח דאָס וואַסער פֿאַר־נעמט, נאָר אויך ווי טיף עס איז.

די פֿלאַכערע ניט איבריקס טיפֿע ערטער פֿון די ימים, וואָס זיינען נאָענט צו דער יבשה, האָט מען שוין אויסגעמאָסטן אין די גאַנץ אַלטע צייטן. די מעטאָדע איז געווען אַ גאַנץ איינפֿאַכע: מען פֿלעגט אַראָפּלאָזן פֿון אַ שיף אַ שנור מיט אַ שטיק בליי ביים ענד. די דאָזיקע איינפֿאַכע מעטאָדע ווערט נאָך אויך איצט באַנוצט צו מעסטן ניט קיין איבעריק טיפֿע ערטער פֿון ים. פֿאַר די גאָר טיפֿע ערטער אָבער, ווערט באַנוצט די מעטאָדע פֿון ווידערקול, אָדער עכאָ. מען ווייסט, וויפֿל עס דויערט למשל, פֿאַר דעם קלונג פֿון אַ גלאָק צו לויפֿן אַ מייל אין דער לופֿטן אָדער אין וואַסער. דאָס האָט מען לאַנג אויספּרובירט. און מען ווייסט אַז עס איז די טבע פֿון אַ קלונג אָדער אַ רוף פֿון אַ שטימע צו האָבן אַ ווידער־קלאַנג אָדער אַן עכאָ, ווען עס באַגעגנט אויפֿן וועג אַ סאָלידע מאַסע — אַ באַרג, אַ וואַנט, אַ בוים. דער קלונג ווערט נעמלעך געוואָרפֿן אויף צוריק און קומט צוריק צו אונדזערע אויערן. מען קען דעריבער נאָכקוקן די צייט, וואָס עס האָט געדויערט פֿון דעם געגעבענעם קלאַנג ביז מען האָט דערהערט זיין

ווידערקול, און פֿון דעם וויסן, ווי ווייט עס געפֿינט זיך אָט די סאָלידע מאַסע, אַן וועלכער דער קלאַנג האָט זיך אָנגעשלאָגן. אויף אַזאַ אופֿן קען מען אויך אויסגעפֿינען ווי טיף עס געפֿינט זיך דער גרונט פֿון ים אין אַ געזוכטן אָרט. דער קלאַנג, וואָס ווערט געגעבן אויף אַ שיף, גייט ביז צום גרונט פֿון ים, וואו ער שלאָגט זיך אָן און ער קומט צוריק אַלס ווידערקול. לויט דער צייט, וואָס עס האָט געדויערט ביז דער ווידערקול איז געקומען, קען מען וויסן דעם מהלך, וואָס ער איז געגאַנגען, עס הייסט די טיפֿקייט אין דעם געזוכטן אָרט.

מען האָט אויסגעפֿונען, אַז די טיפֿסטע ערטער אין ים דערגרייכן זיבן מייל. אַזאַ טיפֿקייט האָט מען, למשל, געפֿונען אין דער מזרח־זייט פֿון די פֿילי־פּינער אינזלען.

פֿון די מעסטונגען פֿון די טיפֿענישן פֿון די ימים, שאַצט מען, אַז דאָס וואַסער אין זיי איז 323 מיליאָן קוביק מייל. ווען אָט די מאַסע וואַסער וואָלט פֿאַרשפּרייט געוואָרן גלייכמעסיק אויף אונדזער ערד־קוגל, וואָס וואָלט געהאַט אַ גלאַטן אויבערפֿלאַך, אָן הויכע בערג און אָן טיפֿע אָפּגרונטן, וואָלט די גאַנצע ערד אַרום און אַרום געווען באַדעקט מיט אַ ים, וואָס איז צוויי מייל טיף.

וויסן מיר שוין, אַלזאָ, וויפֿל וואַסער מיר האָבן אין ים. אָבער פֿאַרוואָס איז דאָס וואַסער אין ים געזאַלצן? דאָס איז שוין לייכט צו ענטפֿערן. אין דעם איז ניט שולדיק דער ים נאָר די ערד.

ווען די ימים זיינען באַשאַפֿן געוואָרן, דאָס הייסט, ווען עס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף דער ערד אַ מבול וואַסער פֿון הייסן וואַסער־דאַמף, וואָס האָט אָנ־געפֿילט די לופֿט (איידער די קאָרע פֿון דער ערד האָט זיך נאָך געהאַט גענוגיק אָפּגעקילט), זיינען זיי געווען ניט געזאַלצן. ערשט שפּעטער, האָבן די רעגנס און די טייכן, וואָס גיסן זיך אַריין אין די ימים, אָנגעפֿאַנגען ברענגען אין זיי זאַלץ פֿון דער ערד און האָבן זייער וואַסער געזאַלצן געמאַכט.

די היץ פֿון דער זון פֿאַרדאַמפֿט יעדן טאָג אַ סך מיליאָנען עמערס וואַסער פֿון די ימים. פֿון אָט דעם וואַסער־דאַמף ווערן וואָלקנס, פֿון די וואָלקנס קומט רעגן און פֿון דעם רעגן, וואָס שטראָמט אַראָפּ פֿון די בערג, ווערן טייכן, וואָס גיסן זיך אַריין אין די ימים. אויף זייער לאַנגן וועג זייגן אַריין די וואַסערן פֿון די טייכן און די רעגנס, וואָס גיסן זיך אין זיי אַריין, די פֿאַרשיידענע מינעראַלן פֿון דער ערד, צווישן זיי אויך דאָס זאַלץ פֿון דער ערד, און ברענגען עס די ימים אַ מתנה. און אַזוי האָט זיך אָנגעקליבן אין די ימים אַ סך זאַלץ און אַ סך אַנדערע מינעראַלן, וואָס די ערד פֿאַרמאָגט. און ניט נאָר מינעראַלן, נאָר אויך מעטאַלן. דאָס וואַסער פֿון ים האָט אין זיך אַפֿילו גאָלד און זילבער. מען רעכנט, אַז יעדעס יאָר ברענגען די טייכן אַריין אין די ימים אַרום דריי ביליאָן טאָן זאַלץ און אַנדערע מינעראַלן. מען רעכנט,אַז אין די ימים האָט זיך ביז איצט אָנגע־זאַמלט אַן ערך 4 מיליאָן 800 טויזנט קוביק־מייל מינעראַלן.

ווען מען זאָל מיט אָט די מינעראַלן באַדעקן די ערד פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, וואָלט עס אויסמאַכן אַ שיכט פֿון אַ מייל דיק. דריי פֿערטל דערפֿון וועט זיין זאַלץ, און אָט דעריבער איז דאָס וואַסער פֿון ים אַזוי געזאַלצן.

און אַזוי ווי לעבן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אין ים און עס האָט געדויערט אַ גאַנץ לאַנגע צייט ביז דאָס לעבן האָט זיך פֿונם ים אַריבערגעטראָגן אויף דער

יבשה, איז אונדז געבליבן אַן אַלטע ירושה פֿון דעם אַמאָליקן ים לעבן, מיט דעם, וואָס אונדזער בלוט און אונדזערע טרערן זיינען געזאַלצן. אַזוי דערקלערן די וויסנשאַפֿטסלייט. זיי זאָגן, אַז דער מענטש, ווי אַלע אַנדערע באַשעפֿענישן אויף דער יבשה שטאַמט אָפּ פֿון וועלכע עס איז באַשעפֿענישן, וואָס האָבן מיט מיליאָנען יאָרן צוריק געלעבט אין ים און אַט פֿון זיי האָבן מיר עס די זאַלציקע ירושה אין אונדזער סיסטעם.

די פֿאַרשיידענע קלימאַטן, גאַנץ הייסע און גאַנץ קאַלטע, וואָס הערשן איבער דער גרויסער אויסשפּרייטונג פֿון ים, פֿאַראורזאַכן אַ שטענדיקע באַוועגונג פֿון זייערע וואַסערן, ווי דאָס איז שטענדיק דער פֿאַל, ווען קאַלט און וואַרעם באַגעגענען זיך; און באַזונדערס זיינען עס די ווינטן און די שטורעמס, וואָס רודערן אויף די וואַסערן פֿון די ימים. דערצו קומט די צוציאונגס־קראַפֿט פֿון דער זון און פֿון דער לבנה, וואָס באַוועגט די וואַסערן פֿון די ימים. דאָס אַלץ צוזאַמען רופֿט אַרויס די כוואַליעס און דאָס הייבן זיך און דאָס פֿאַלן פֿון די וואַסערן אין ים און וואָס שטויסט זיי אַפּט אַרויס פֿון די ברעגן.

איך האָב אויך געטראַכט וועגן דעם, אַז מען זאָל געפֿינען מיטלען צו אויסניצן די קראַפֿט פֿון דער באַוועגונג פֿון די גרויסע וואַסער־מאַסן פֿון ים און ווי אַזוי מען זאָל קענען אַרויסנעמען פֿון ים די ריזיקע מאַסן מינעראַלן און מעטאַלן. אָבער פֿאַר דאָס מאָל וועט זיין גענוג.

1941



## דער „האַדסאָן ריווער" אין ניו־יאָרק און דער „גרענד קעניאָן" אין קאָלאָראַדאָ

האָט איר געזען דעם „גרענד קעניאָן", אַט דעם וואונדערלעכן אָפּגרונט אין קאָלאָראַדאָ? אין אונדזער אַמעריקע געפֿינט זיך אַ גאַנץ גרויסע קאָלעקציע נאַטור־וואונדער, וואָס האָבן וויניק זייער גלייכן אַפֿילו אין דער שווייץ. ניט מער, שווייץ איז אַ קליין לאַנד און די נאַטור־וואונדערס זיינען דאָרטן אַזוי געדיכט, אַז וואו איר גיט זיך נאָר אַ קער זעט איר אַ וואונדערלעכן שניי־באַרג, אַן אומגעהויער טיפֿן תהום, אַ פּרעכטיקן וואַסער־פֿאַל, אַ געהיימניספֿולע הייל א. אַ. וו. גאָט האָט דאָרטן די נאַטור־וואונדערס צונויפֿגעשטעלט ווי אין אַ מוזעאום. אין עטלעכע טעג צייט קענט איר זען כמעט אַלץ, אויב איר פֿוילט זיך ניט צו אַרבעטן אַ ביסל „אָווערטאַים". אַמעריקע איז אָבער אַ גוואַלדיק גרויס לאַנד און אירע נאַטור־וואונדערס זיינען צעוואָרפֿן איבער איר גאַנצער ברייט און לענג. אויב איר ווילט אַלץ זען, וואָס אַמעריקע פֿאַרמאָגט, דאַרפֿט איר פֿאַרברענגען ניט נאָר טעג, נאָר אַ סך חדשים. איר דאַרפֿט פֿאָרן טויזנטער מיילן און עס דאַרף אייך קאָסטן אַ ים מיט געלט, אויסער ווען איר ווילט גיין צופֿוס און זיך פֿאַרלאָזן אויף גאָטס באַראָט.

נאָר פֿאַרוואָס האָב איך דאָ גראָד אויסגעקליבן „גרענד קעניאָן"? פֿאַרוואָס ניט, זאָגן מיר, „יאָסעמיטי פּאַרק"? איז עס ניט אַ וואונדערלעך שטיקל פּלאַץ

אויף גאָטס ערד? און "יעלאָו סטאָון פּאַרק"? און ווייניק אַנדערע וואונדער־לעכע פּלעצער זיינען פֿאַראַן אין אַמעריקע, וואָס זיי זיינען ווערט צו זען?

איך האָב אויסגעקליבן "גרענד קעניאָן" אין קאָלאָראַדאָ ווייל מיר האָבן געקענט האָבן גאַנץ נאָענט צו ניו־יאָרק אַן אייגענעם "גרענד קעניאָן", ווען דער ים וואָלט עס ניט פֿאַרפֿלייצט. אונדזער ניו־יאָרקער טייך האַדסאָן האָט פֿאַר טויזנטער און טויזנטער יאָרן געגראָבעט אויסצוגראָבן אַ טיפֿן תּהום ניט ווייט פֿון אונדזער מאַנהעטן אינדזל און ער האָט באַשאַפֿן אַזאַ "גרענד קעניאָן" ווי אין קאָלאָראַדאָ, אָבער מיט אַ יאָר צוואַנציק טויזנט צוריק, אַזוי זאָגן די געאָלאָגן, איז געקומען דער אַטלאַנטישער אָקעאַן און האָט דעם ניו־יאָרקער "גרענד קעניאָן" פֿאַרפֿלייצט און מען קען אים דעריבער ניט זען. ער געפֿינט זיך אונטערן וואַסער.

דער ים האָט מיט צוואַנציק טויזנט יאָר צוריק, זאָגן די געאָלאָגן, זיך געפֿונען אַן ערך 125 מייל ווייט פֿון מאַנהעטן און פֿון דעם טייך האַדסאָן, נאָר דורך אַן אומבאַקאַנטער סיבה האָט ער זיך אַ יאָג געטאָן נענטער צו אונדזער איצטיקער ניו־יאָרק און צום האַדסאָן און האָט געענדערט די גאַנצע געאָגראַפֿישע קאַרטע פֿון דעם פּלאַץ און אומגעגנט, וואו אונדזער ניו־יאָרק געפֿינט זיך איצט.

פֿון אַ קאָמערציעלן שטאַנדפּונקט האָט עס זיך גאַנץ שטאַרק געלוינט. דורך דעם, וואָס דער ים האָט זיך אַזוי נאָענט צוגערוקט צום האַדסאָן, האָט אַט דער באַרימטער טייך געקראָגן אַ נייעם מויל און איז געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע האַפֿנס אין דער וועלט און ממילא איז דאָס לאַנד אויף מאַנהעטן אינדזל געוואָרן מיט גאָלד צוגלייך. די איצטיקע ניו־יאָרק מיט איר גרויסן האַפֿן, מיט אירע ריזיקע געביידעס און מיליאָנען־דאָלאַרדיקע געשעפֿטן, טראָגט איצט אַריין אַ סך מער ווי עס וואָלט געקענט אַריינטראָגן אַ "גרענד קעניאָן", וואָס טוריסטן וואָלטן געקומען אָנקוקן. אָבער עס האַנדלט זיך דאָ ניט וועגן אַ קאָמערציעלער אונטערנעמונג, נאָר וועגן אַ נאַטור־וואונדער, וואָס מיר ניו־יאָרקער וואָלטן געהאַט גאַנץ נאָענט פֿון אונדז.

אַז עס איז אַמאָל געווען ניט ווייט פֿון מאַנהעטן אַ "גרענד קעניאָן", האָט מען זיך ערשט דערוואוסט מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. מען איז געקומען צו דעם געדאַנק דורך דעם, וואָס מען האָט אָנגעהויבן מעסטן די טיפֿקייט פֿון ים. און וואָס ווייטער מען האָט געמאָסטן און וואָס בעסערע מיטלען און אַפּאַראַטן מען האָט אויסגעפֿונען די מעסטונגען דורכצופֿירן, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די איבערצייגונג, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ גרויסער "האַדסאָן קעניאָן" ניט ווייט פֿון ניו־יאָרק און אַז ער איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון ים. לויט די מעס־טונגען ווערט אָנגענומען, אַז אַט דער קעניאָן געפֿינט זיך איצט אונטערן ים אַרום 40 מייל פֿון ניו־יאָרקער ברעג.

אום צו געבן אַ פֿאָרשטעלונג וועגן דער טיף און גרייס פֿון "האַדסאָן קע־ניאָן" האָט מען אויסגערעכנט, אַז ווען מען זאָל אין אים אַריינוואַרפֿן אַלע הייזער פֿון מאַנהעטן און איבער זיי אַלע הימל־קראַצערס, וואָלט דער תּהום עס אַלץ אַזוי לייכט פֿאַרשלונגען, אַז ניט נאָר וואָלט קיין איינציקער שפּיץ פֿון אַ הימל־קראַצער זיך ניט אַרויסגעזען פֿון וואַסער, נאָר אַז אַפֿילו די גרויסע שיפֿן,

וואָס גייען אַזוי טיף אין וואַסער, וואָלטן ניט געשטערט געוואָרן אין זייער וועג. אָדער ווען מען וואָלט אין דעם „קעניאָן" אַוועקגעשטעלט די פיר העכסטע הימל־קראַצערס פון ניו־יאָרק איינעם איבער דעם אַנדערן, וואָלט דער שפּיץ פון אויבערשטן הימל־קראַצער זיך נאָך אַלץ ניט אַרויסגעזען פון וואַסער. דער טיפסטער פּלאַץ פון דעם גרויסן „האַדסאָן קעניאָן" איז בעמלעך פיר טויזנט פוס, אָבער עס זיינען מיט אים פאַרבונדן אַ גאַנצע ריי גראָבנס, וואָס זיינען אַ סך טיפער. מען האָט געמאָסטן אַזעלכע, וואָס זיינען זיבן טויזנט און פינף הונדערט פוס טיף. און עס קען זיין, אַז מען וועט געפינען נאָך טיפערע.

דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער פאָרשער וויליאַם ביבי, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אויספאָרשן די פיש, וואָס לעבן אין די וויטע טיפענישן פון די ימים, האָט דורכגעפירט אייניקע אויספאָרשונגען, וועגן די פיש, וואָס געפינען זיך אין דער טיפעניש פון דעם „האַדסאָן קעניאָן", און ער האָט דאָרטן געפונען גאַנץ אויסטערלישע באַשעפענישן.

אין די גרויסע טיפענישן פון ים, וואָס באַדעקט דעם „האַדסאָן קעניאָן", איז שטאַרק פינצטער. קיין ליכט שטראַל פון דער זון דרינגט דאָרטן ניט אַריין. מערערע פון די פיש, וואָס לעבן דאָרטן, אין די פינצטערע טיפענישן, האָבן זייער אייגענע באַלייכטונג. ער האָט געפונען אַ פיש, וואָס זיין קערפּער איז באַדעקט מיט פינף טויזנט לייכטנדיקע פונקטן, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אין רייען ווי די רונדע פענצטערלעך פון אַ שיף. אַן אַנדער פיש, וועלכע דר. ביבי רופט מיטן נאָמען „ים־טייוול", האָט ליכט אין זיינע ציין מיט וועלכע ער כאַפּט זיין רויב. דר. ביבי האָט אין די פינצטערנישן פון דעם האַדסאָן קעניאָן געפאַנגען פופציק פאַרשיידנאַרטיקע אויסטערלישע פיש, און עס איז זיין מיינונג, אַז דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון די פאַרשיידענע מינים באַשעפענישן, וואָס געפינען זיך דאָרטן.

נאָר וואו איז די גרויסע מאַסע ים־וואַסער, וואָס באַדעקט איצט דעם „האַדסאָן קעניאָן", פריער געווען? וואו האָט עס זיך באַהאַלטן, איידער עס האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַזוי וויט אין דער טיפער „גרוב" אַריין? אויף דעם זיינען פאַראַן פאַרשיידענע טעאָריעס. איין טעאָריע איז, אַז דער „האַדסאָן קעניאָן" האָט זיך פאַרמירט מיט אַ יאָר פינף און צוואַנציק טויזנט צוריק, אין דער צייט פון דעם אייז־פעריאָד, עס הייסט, ווען דער גרעסטער טייל פון דער ערד, אונדזער אַמעריקע אַריינגערעכנט, איז געווען באַדעקט מיט אייז. דאָס וואַסער פון אַטלאַנטישן ים איז געווען צום גרעסטן טייל פאַרפרוירן און האָט פאַרמירט ריזיקע אייז־בערג. נאָר ווען דאָס אייז פון דער ערד און פון די ימים האָט ענדלעך אָנגעהויבן שמעלצן און עס זיינען פריי געוואָרן ריזיקע מאַסן וואַסער, האָט דער אַטלאַנטישער אָקעאַן אַ פלייץ געטאָן און האָט פאַרגאָסן דעם „האַדסאָן קעניאָן" און אים געשטעלט אונטערן וואַסער.

נאָר ווי האָט מען אייגנטלעך אויסגעמאָסטן די גרויסע טיפענישן פון דעם „האַדסאָן קעניאָן", וואָס ליגט איצט אונטערן ים? מען קען אויף דעם ענטפערן קורץ: עס איז פאַראַן אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס רופט זיך „פאַטהאָמעטער", אָדער „טיף־מעסטער", ווי מען קען אים אָנרופן, און פאַרצייכנט אויטאָמאַטיש די טיפקייטן, וואָס ער מעסט. אָבער דער קורצער ענטפער זאָגט ניט פיל. מיט די ווערטער

„אַזאַ אַפּאַראַט” אָדער „אַזאַ מאַשינקע” קען מען פֿאַרענטפֿערן די מייסטע טעכנישע און וויסנשאַפֿטלעכע פֿראַגן.

נאָר לאָמיר פּרובירן דערקלערן דעם שׂכל פֿון דעם פֿאַטהאָמעטער.

אַמאָל פֿלעגט מען מעסטן די טיפֿקייטן פֿון ים גאַנץ איינפֿאַך. מען האָט עס געטאָן מיט אַ לאַנגער שנור, וואָס צו איר איז געווען צוגעבונדן אַ שטיק בליי. דאָס איז געווען אַן איינפֿאַכער מיטל, אָבער ניט קיין באַקוועמער. עס פֿלעגט דויערן אַ סך צייט דאָס מעסטן, ווייל מען פֿלעגט דאַרפֿן אַכטונג געבן און פֿאַרצייכענען יעדן פּונקט. דער פֿאַטהאָמעטער אָבער פֿאַרצייכנט די טיפֿקייטן אויטאָמאַטיש, מעכאַניש. ער איז פֿאַרבונדן מיט דער שיף, מיט וועלכער די פֿאָרשער פֿון ים פֿאָרן, און ווען מען גיט ערגעץ אויפֿן שיף אַ דריק מיט אַ קנעפּל, זאָגט דער פֿאַטהאָמעטער ווי טיף דאָס וואַסער איז אויף דעם פּלאַץ. דער אַפּאַראַט האָט אַן איינריכטונג אַרויסצוגעבן קלאַנגען פֿון זיך. זאָל עס זיין אַ מין גלאָק. מיר ווייסן די געשווינדקייט פֿון קלאַנג־כוואַליעס, אַזוי ווי מיר ווייסן די געשווינדקייט פֿון ליכט־כוואַליעס. עס איז באַוואוסט, אַז ליכט־כוואַליעס באַוועגן זיך מיט דער געשווינדקייט פֿון 186 טויזנט מייל אין אַ סעקונדע און קלאַנג־כוואַליעס באַוועגן זיך מיט דער געשווינדקייט פֿון אַ פֿינפֿטל מייל אין אַ סעקונדע (אַ מייל אין פֿינף סעקונדן). אין פֿאַרגלייך מיט דער געשווינדקייט פֿון ליכט־כוואַליעס, האָט מען וועגן דער באַוועגונג פֿון קלאַנג־כוואַליעס געדאַרפֿט גיכער געברויכן דאָס וואָרט „לאַנגזאַמקייט”, איידער געשווינדקייט. אויף דעם גרונט פֿון דעם אונטערשייד צווישן דער געשווינדקייט פֿון ליכט־כוואַליעס און פֿון קלאַנג־כוואַליעס קען מען וויסן ווען מען זעט אַ בליץ און מען הערט דעם דונער, וואָס באַגלייט אים, ווי ווייט דער געוויטער איז פֿון אונדז. ווען עס דויערט למשל פֿינף סעקונדן צווישן זען דעם בליץ און הערן דעם דונער, ווייסט מען, אַז דער געוויטער איז אַ מייל פֿון אונדז ווייל דער קלאַנג פֿון דונער באַוועגט זיך אַ פֿינפֿטל פֿון אַ מייל אין אַ סעקונדע, בעת דעם בליץ זעען מיר גלייך, ווייל עס דויערט אַ פֿאַרשווינדנדיק־קליינעם טייל פֿון אַ סעקונדע פֿאַר ליכט דורכצולויפֿן אַ מייל.

און אויף דעם זעלביקן גרונט קענען מיר וויסן ווי ווייט עס איז פֿון דעם דעק פֿון שיף ביז דעם גרונט פֿון ים, ווען עס דערגייט פֿון גרונט פֿון ים אַ קלאַנג־כוואַליע צום שיף. קלאַנג־כוואַליעס באַוועגן זיך אין וואַסער אַ ביסל שנעלער, ווי אין דער לופֿט. ווען ס׳דויערט, למשל, צען סעקונדן פֿאַר אַ קלונג פֿון גרונט פֿון ים צו דערגיין ביזן דעק פֿון שיף, ווייסט מען, אַז עס איז דאָרטן מער ווי צוויי מייל טיף. פֿאַר דעם צוועק איז פֿאַראַן אַ זייגער, וואָס מעסט די צייט, וואָס עס דויערט דעם קלונג צו קומען פֿון גרונט פֿון ים, און עס איז פֿאַראַן דערביי אַ מיקראָפֿאָן אין וואַסער, וואָס כאַפּט אויף דעם קלונג, און אַן אינסטרומענט, וואָס פֿאַרשטאַרקט אים, אַז מען זאָל אים קענען בעסער הערן, אָט ווי די איינריכטונג אין ראַדיאָס.

און מען דאַרף ניט אַז דער קלינג־אַפּאַראַט זאָל אַראָפּגעלאָזט ווערן צום גרונט פֿון ים. ער קען זיין אויפֿן דעק, אונטערן שיף, אַ קלאַנג האָט אַ ווידערקול, אַן עכאָ. דער קלאַנג גייט און קומט צוריק. די געשווינדקייט פֿון הין־וועג און צוריק־וועג איז די זעלביקע. די קלאַנגען, וואָס דער פֿאַטהאָמעטער גיט

אַרויס, גייען צום גרונט פֿון ים, שלאָגן זיך אָן אים אָפּ און קומען אַלס ווידער־קול, אָדער עכאָ צוריק. און פֿון דער צייט, וואָס די רייזע האָט געדויערט פֿאַרן קלונג אין וועלכן עס איז אָרט פֿון ים צו גיין הין און צוריק, קען מען לייכט אויסרעכענען ווי טיף עס איז דאָרטן.

נאָר איך בין אייגנטלעך דאָ ניט אויסן געווען צו דערציילן ווי מען מעסט די טיפֿקייטן פֿון ים, נאָר וועגן אַ „גרענד קעניאָן", וואָס מיר האָבן געקענט האָבן גאַנץ נאָענט פֿון ניו־יאָרק און וואָס דער ים האָט אים פֿאַרפֿליצט מיט צוואַנציק טויזנט יאָר צוריק.

אָבער מענטשן, וואָס קומען זען ניו־יאָרק פֿון די וויטע פּראָווינצן און ווינקלען פֿון לאַנד, זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ אַ וואונדערלעכן „גרענד קעניאָן", ווען מען גייט צווישן די ריזיקע הימל־קראַצערס „דאַון־טאַון". אַ „גרענד קעניאָן", וואָס מענטשלעכע הענט האָבן געשאַפֿן.



## וואָס אַ רעדעוודיקער הונט וואָלט מיר געקענט דערציילן

אַן אַלטע האַפֿנונג איז מיר צעשטערט געוואָרן.

די צייטונגען אין ענגלאַנד, טעלעוויז אויך אין אַמעריקע, האָבן דערציילט וואונדער וועגן אַן ענגלישן הונט, וואָס האָט אָנגעפֿאַנגען רעדן ווי אַ מענטש. דער וואונדער איז באַזונדערס באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן אַ הונט, וואָס מען האָט אויסגעלערנט אַרויסרעדן עטלעכע ווערטער, ווי מען לערנט עס אויס אַ פּאַפּוגאַי, נאָר עס איז געווען אַ הונט, וואָס האָט גערעדט אַליין, ווען ער האָט געוואָלט. ווען עס האָט אים, למשל, פֿאַרשמעקט עפּעס, וואָס דער באַלעבאָס זיינער האָט געגעסן, האָט ער געזאָגט: „אַי וואָנט וואַן". דער גרויסער אינטערעס, וואָס אַט דער רעדנדיקער הונט האָט אַרויסגערופֿן, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָבן זיך געפֿונען באַלנים אין אַמעריקע, וועלכע האָבן געוואָלט הערן אַט דעם וואונדערלעכן הונט ווי ער רעדט אויף דער ראַדיאָ, און זייער וואונטש איז באַפֿרידיקט געוואָרן. דער הונט האָט גערעדט אויף דער ראַדיאָ אין לאָנדאָן און מען האָט אים געהערט אין אַמעריקע. ליידער האָב איך פֿאַרפֿעלט די געלעגנהייט צו הערן די „רעדע", אָבער, לויט ווי איך האָב געקענט אורטיילן פֿון די צייטונגס־באַריכטן, זיינען די מיינונגען פֿון די צוהערער געווען געטיילט. מאַנכע האָבן געזאָגט, אַז די „רעדע" איז געווען אויסגעצייכנט, עס הייסט, אַז דער הונט האָט באמת גערעדט, בעת אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז געווען מער געבילט (אָדער געבולן, ווי מען פֿלעגט זאָגן אין מיין אַלטער היים) ווי גערעדט. נאָר דאָס וואָלט ניט אויסגעמאַכט. אַזעלכע מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן קומען פֿאָר אויך וועגן רעדעס וואָס מענטשן האַלטן. דער טראַבל איז, וואָס די וואָרט־זאָגער פֿון דער נאַטור־ווּיסנשאַפֿט האָבן זיך פֿאַרעקשנט און ווילן ניט צוגעבן, אַז אַ הונט אָדער אַנ־

דערע גאַטס־באַשעפעניש, אַחוץ דעם מענטשן, זאָלן קענען אויסדריקן זייערע פאַרלאַנגען דורך רעדן, אַט אַזוי ווי דער מענטש.

אַז מען קען אויסלערנען אַ הונט אַ געוויסע צאָל ווערטער, ווייס יעדער איינער, וואָס האָט נאָר צו טאָן מיט הינט. אַ הונט פאַרשטייט, ווען מען זאָגט אים, אַז ער זאָל זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פיס, אַז ער זאָל זיך אויס־ציען, אָוועקלייגן א. אז. וו. עס האָט זיך אַפילו געפונען איינער וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען וויפיל ווערטער פון דער ענגלישער שפּראַך קאָן אַ הונט זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין. זיין נאָמען איז דר. פונק. ער האָט אויסגעפונען, אַז אַ געוויינלעכער הויז־הונט, וואָס האָט שטענדיק צו טאָן מיט מענטשן, פאַרשטייט זעכציק ווערטער. דאָס איז פיל מער ווי אַן אַמעריקאַנער לערנט אויס רוסיש, ווען ער מאַכט אַ רייזע אין רוסלאַנד.

דר. פונק האָט אויך אין זיינע פאַרשונגען אויסגעפונען, אַז אַפילו אַ היימ־לאָזער הונט, אַ טרעמפּ, וואָס איז געוויינלעך ניט אין קיין פריינטלעכע באַצי־אונגען מיט מענטשן און אונטערהאַלט זיך ניט מיט זיי, פאַרשטייט אויך אַרום צען ווערטער פון דער מענטשלעכער שפּראַך.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן געוויינלעכע, דורכשניטלעכע הינט. עס זיינען אָבער פאַראַן אינטעליגענטע הינט, וואויל־געלערנטע, וואָס פאַרשטייען אַ סך מער ווי זעכציק ווערטער. אַ צירקוס־הונט פאַרשטייט אפשר הונדערט ווערטער.

נאָר עס איז לייכטער זיך אויסצולערנען פאַרשטיין וואָס מען רעדט, איידער אַליין רעדן. און דאָס זעט מען טאַקע אויך ביי די הינט. זיי קענען זיך אויס־לערנען אַ סך ווערטער פאַרשטיין, אָבער ניט רעדן. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געהערט, אַז אַ הונט זאָל רעדן, אויסער אין די מואוויס. איך האָב שוין געזען פאַרשיידענע הינט אין מיין לעבן, אָבער מער ווי בילן און בייסן האָבן זיי ניט געקענט.

עס טרעפט פון צייט־צו־צייט, אַז מען לייענט אין די צייטונגען צווישן די טשעקאָווע נייעסן, אַז אימעצער האָט אויסגעלערנט זיין הונט אַרויסרעדן עט־לעכע ווערטער. איך געדענק, אַז מיט עטלעכע יאָרן צוריק האָב איך געליי־ענט אַ טשעקאַווע שטיקל נייעס וועגן אַ הונט אין באָסטאָן, וואָס זיין באַלעבאָס האָט אים אויסגעלערנט ריידן, אָבער די צייטונגען האָבן ניט דערציילט, וואָס עס איז פון אים געוואָרן. משמעות, אַז ער האָט באַשלאָסן ניט צו ווערן קיין רעדנער, ווייל ער האָט אויסגעפונען, אַז רעדן העלפט נאָך ווייניקער ווי בילן. פאַר בילן ווייניקסטנס דערשרעקן זיך מענטשן.

איך האָב אויך אַ מאָל געלייענט, אַז אַ דייטשער פויער פון אַ דאָרף צווישן די בערג אין בייערן האָט אויסגעלערנט זיין הונט ריידן. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען היטלער איז געוואָרן דער באַלעבאָס פון דייטשלאַנד. איך האָב דעמאָלט געטראַכט, אַז עס מוז זיין אַן אמתע מעשה. איך האָב מיר געזאָגט: ווען די מענטשן אין דייטשלאַנד ווערן הינטיש, ווערן דאָרטן די הינט מענטשיש. אַלנפאַלס האָבן מיר פאַרלויפיק ניט געהערט, אַז די הינט אין דייטשלאַנד זיינען צוגעשטאַנען צו די היטלעריסטן און זיינען געוואָרן אַזוי ברוטאַל און נידערטרעכטיק ווי זיי. און אויף וויפיל איך קען די דייטשע הינט, גלויבט זיך

מיר ניט, אַז זיי וועלן ווען עס איז זינקען אַזוי נידעריק ווי אַ סך פון די דייטשע מענטשן.

ווען איך וואָלט אַט דעם דייטשן רעדעוודיקן הונט געזען, וואָלט איך אים געפרעגט, אויב די הינט שעמען זיך ניט און פּראָטעסטירן ניט, ווען מען רופט היטלערן בלוט־הונט. ווי איך פאַרשטיי, דאַרף עס זיין אַ טיפע באַליידיקונג פאַר יעדן הונט, ווי געמיין ער זאָל ניט זיין, ווען מען רופט היטלערן מיט זיין נאָמען.

נאָר דאָס איז ניט די איינציקע פראַגע. איך האָב נאָך אַ סך אַנדערע פראַגן, וואָס איך וואָלט וועלן שטעלן די הינט, ווען זיי וואָלטן קענען ריידן. איך וואָלט, למשל, וועלן אויסגעפינען פאַרוואָס אַ הונט בילט זיך אַזוי שטאַרק פונאַנדער, ווען ער דערזעט אַ שיינענדע לבנה. יעדעס מאָל, ווען איך זע, אַז אַ הונט בילט אויף דער לבנה מיט אַזאַ גרויסער התמדה, וויל איך אים פרעגן: הונט, וואָס בילסטו? וואָס ווילסטו פון דער לבנה?

עס איז געוויינלעך אָנגענומען, אַז אַ הונט איז אין כעס אויף דער לבנה פאַרוואָס זי שיינט, און דעריבער בילט ער אויף איר. אָבער איך גלויב עס ניט. איך זע ניט אין קיין שום סיבה, פאַרוואָס אַ שיינענדע לבנה זאָל אַרויסרופן כעס ביי אַ הונט. מענטשן, זעט איר, האָבן יאָ אַ טבע ניט צו פאַרגינען, אַז אימיצער אַנדערש זאָל שיינען אַחוץ זיי. זיי מיינען, אַז יענעמס גלאַנץ פאַרשטעלט זייערן. אָבער הינט, גלויב איך, פאַרשטייען בעסער און זיי זיינען דערצו ניט אַזוי ענגהאַרציק ווי מענטשן. איך שטעל מיר דעריבער גיכער פאָר, אַז דאָס בילן פון אַ הונט קעגן דער לבנה איז אַ לירישער אויסגוס פון פּאָעטישע שטימונגען, וואָס די לבנה האָט אין אים אַרויסגערופן. און איך גלויב, אַז ווען די הינט וועלן זיך אויסלערנען ריידן, וועלן מיר פון זיי הערן גאַנץ אָריגינעלע לידער וועגן דער לבנה. און איך שטעל מיר פאָר, אַז די ליבע־לידער פון די הינט, וואָס די לבנה־לידער זיינען עס מייסטנס, וועלן אַריינברענגען מער פרישקייט, מער נייקייט, מער שטאַרקייט און אָריגינאַליטעט אין דער לירישער פּאָעזיע, וואָס איז לעצטנס אַזוי אָפּגעריבן, אַזוי אָפּגעדראָשן און אַזוי שוואַך.

און ווען די הינט וועלן אָנפאַנגען ריידן, וועל איך אויך זוכן אויסצוגעפינען, וואָס אייגנטלעך, איז אַ הונט אויסן, ווען ער יאָגט זיך נאָך אַן אויטאָמאָביל. נו, איך פאַרשטיי, אַז דער הונט יאָגט זיך נאָכן אויטאָמאָביל, כדי אים צו כאַפּן. אָבער, וואָס וועט דער הונט טאָן מיט דעם אויטאָמאָביל, אַז ער וועט אים שוין כאַפּן?

מילא, אַז מענטשן יאָגן זיך נאָך זאַכן, פון וועלכע זיי קענען גאָרנישט האָבן, דאָס פאַרשטיי איך. מענטשן האָבן קיין שכל ניט, הינט אָבער זיינען דאָך קלוגע באַשעפעניש, טאָ מסתמא מוז דאָך ליגן עפּעס אין דעם, וואָס אַ הונט לאָזט זיך אַוועק הענדום־פּענדום יאָגן נאָך אַן אויטאָמאָביל און שלאָגט זיך אַרויס פון די כוחות, לויפנדיק.

און איך וואָלט אויך וועלן אויסגעפינען, וואָס אַ הונט זאָגט אַ חזיר, ווען ער כאַפּט אים אָן פאַרן אויער. אַז ער זאָגט אים עפּעס, בין איך זיכער; וואָרעם אַז ניט, טאָ פאַרוואָס יאָגט ער זיך כסדר צו כאַפּן אים פאַרן אויער?

דער רבי אין חדר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז דער הונט זאָגט דעם חזיר, ווען ער כאַפּט אים פאַרן אויער, אַז ער זאָל קיין חזיר נישט זיין. דאָס לייגט

זיך אויפֿן שכל. ער דאַרף עס אים טאַקע זאָגן. אָבער דאָס אַליין צו זאָגן, דאַרף דאָך ניט לאַנג דויערן. איך האָב באַמערקט, אַז ווען אַ הונט כאַפּט אַ חזיר פֿאַרן אויער, האַלט ער אים אַ לאַנגע צייט און לאָזט אים ניט אָפּ. איך שטעל מיר דעריבער פֿאָר, אַז דער הונט האַלט דעם חזיר אַ גאַנצע לעקציע און עס וואָלט דעריבער געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס ער זאָגט אים דאָרטן, ווייל עס זיינען פֿאַראַן אַ סך זאַכן, וואָס מ׳קען זאָגן אַ חזיר און וואָס מ׳דאַרף אים זאָגן. ביי אונדז מענטשן זאָגט מען ניט אַלץ די חזירים, וואָס מען דאַרף זיי זאָגן. מיר האָבן זיך מיט זיי צו גוט איינגעלעבט און מיר זיינען געוואָרן צו פֿריינדלעך צו זיי. די הינט אָבער האָבן נאָך פֿיינט אַ חזיר ביזן היינטיקן טאָג און איך שטעל מיר, דעריבער, פֿאָר, אַז אַ הונט מאַכט קיין חזיר קיין מאָל ניט קיין קאָמפּלימענטן.

נאָר איך וואונדער זיך, פֿאַרוואָס עס זיינען פֿאַראַן אַזוי ווייניק הינט, וואָס לערנען זיך אויס רעדן, און אַפֿילו די ווייניקע, וואָס לערנען זיך אויס, איז עס אויך בלויז איינצלנע געציילטע ווערטער. איז דען רעדן אַזאַ שווערע זאַך? ביי אונדז מענטשן זיינען פֿאַראַן אַ סך, וואָס גלויבן, אַז רעדן איז איינע פֿון די לייכטסטע זאַכן: עס איז בלויז ניט פֿאַר יעדן לייכט צו קריגן אַ וואָרט, ווי מען רופֿט עס אויף אונדזער יידישן פֿאַרלאַמענטאַרישן לשון, אָבער האָט ער עס געקראָגן, קען ער דעמאָלט רעדן ביז משיח וועט קומען, ווען מען זאָל אים נאָר ניט אָפּשטעלן.

איך וואָלט וועלן זען אַ הונט, וואָס קען טאַקע רעדן מער ווי עטלעכע ווער־טער, אַזאַ הונט, מיט וועלכן מען זאָל זיך קענען דורכרעדן ווי געהעריק און נעמען ביי אים אַן אינטערוויו. איך וואָלט אים וועלן פֿרעגן אַ פּאָר גאַנץ וויכ־טיקע פֿראַגן.

איך וואָלט, למשל, וועלן וויסן פֿון וואַנען נעמט זיך די היסטאָרישע שנאה פֿון הינט צו קעץ. פֿאַרוואָס דאַרף עס אַ הונט, ווען ער דערזעט אַ קאַץ, ווערן אַזוי שטאַרק אויפֿגערעגט און זיך גלייך אָנפֿאַנגען שלאָגן מיט איר? די וועגן פֿון הינט און קעץ זיינען, ־דאַכט זיך, גאַנץ פֿאַרשיידן און אָפּגעטיילט. אַ קאַץ איז באַשאַפֿן געוואָרן צו כאַפּן מייז און נאַשן סמעטענע, בעת אַ הונט איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר דער הויכער אויפֿגאַבע צו זיין דער היטער און באַשיצער פֿון דער קרוין פֿון גאָטס באַשעפֿענישן — פֿון דעם מענטשן און זיין פֿאַרמעגן. הינט און קעץ, ווי איר זעט, שטייען ניט אין קיין שום עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, טאָ פֿאַרוואָס זאָלן זיי זיין שונאים און כסדר האַלטן מלחמה?

עס איז אמת, אַז הינט און קעץ באַלאַנגען צו צוויי פֿאַרשיידענע נאַציעס, אָבער דאָס אַליין דאַרף דאַכט זיך ניט זיין קיין סיבה, פֿאַרוואָס זיי זאָלן איינע די אַנדערע זיין דם שונאים.

און נאָך מער וואָלט איך וועלן וויסן וואָס עס איז די הינטישע מיינונג וועגן דער איצטיקער צייט. עס איז, דאַכט זיך, נאָך קיין מאָל ניט געווען אַזאַ הינ־טישע צייט, ווי די איצטיקע.

לויט דער גמרא דאַרף איצט זיין משיחס צייטן, ווייל די גמרא זאָגט, אַז דער דור, ווען משיח וועט קומען, וועט האָבן אַ הינטישן פּנים (פּני הדור כּפּני

הכלב). איך גלויב דעריבער, אַז אויף אַזאַ צייט דאַרפֿן די הינט זיכער זיין די ריכטיקע מבינים.

און איך וואָלט שוין טאַקע וועלן וויסן וואָס עס איז די הינטישע מיינונג וועגן דער איצטיקער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג אין אַלגעמיין. איך ווייס, אַז די הינט האָבן גאַנץ אייגנאַרטיקע אָנזיכטן וועגן דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט, וועגן עטיק און מאָראַל. איך קען דאָס זען פֿון זייערע פֿירונגען. אָבער דאָס איז ניט דער עיקר. איך וואָלט באַזונדערס וועלן וויסן, צי אַ הונט איז טאַקע צופֿרידן מיטן ביין, וואָס מען וואַרפֿט אים צו, און צי גלויבט טאַקע אַ הונט, אַז עס איז טאַקע גערעכט אַזוי, אַז זיין באַלעבאָס זאָל זיצןביים טיש ביי אַ פֿולער שיסל פֿלייש און ער, דער הונט, זיין דינער און באַשיצער, זאָל ליגן אונטערן טיש און גריזשען די טרוקענע ביינער. סוף־כּל־סוף איז דאָך די פֿראַגע וועגן פֿלייש און טרוקענע ביינער די וויכטיקסטע פֿראַגן וועגן וועלכער מען קעמפֿט אויף דער וועלט. אין ענד־רעזולטאַט קומען דאָך אַלע אַנדערע פֿראַגן אַרויס פֿון דער דער דאָזיקער פֿראַגע.

איך שטעל מיר פֿאָר, אַז הינט זיינען קליגער ווי מענטשן, ווייניקסטנס מאַכן זיי אויף מיר אַזוי דעם איינדרוק. איך האָב קיין מאָל ניט געזען, אַז הינט זאָלן זיין אַזוי ברוטאַל ווי מענטשן. דער ווילדסטער און ברוטאַלסטער הונט אויף דער וועלט וואָלט ניט געקענט טאָן דאָס וואָס היטלער האָט געטאָן. און ווען הינט רייסן זיך אַפֿילו, דאַרף איך דאָך זאָגן, אַז אַפֿילו אין זייער רייסן און בייסן זיך זיינען די הינט קיין מאָל ניט אַזוי געמיין ווי די מענטשן. מען האָט קיין מאָל ניט געזען, אַז עס זאָלן זיך צונויפֿנעמען אַ מחנה געלע הינט און באַפֿאַלן אַנדערע, וואָס האָבן אַן אַנדער קאָליר פֿון זיי און מאַכן אויף זיי אַ פּאָגראָם. איין הונט קען ביי וועלכער עס איז געלעגנהייט צושלאָגן זיך מיט אַ צווייטן, אָבער ער ווערט באַלד מיט אים צוריק גוט. קיין אייביקע מלחמות פֿירן די הינט ניט צווישן זיך. און עס איז צווישן די הינט פֿאַראַן אַ סך אַ גרעסערער אונטערשייד אין אויסזען, ווי צווישן מענטשן, אָבער די הינט האָבן ניט באַשאַפֿן קיין ראַסן־טעאָריעס און זיי זיינען קיין מאָל, אַפֿילו אין זייער ווילדסטן צושטאַנד, ניט געווען אַזוי ברוטאַל צו זייערע מיט־הינט, ווי די היט־לעריסטן מיט זייערע מיט־מענטשן.

איך טראַכט דעריבער, אַז אפֿשר וואָלט מיר אַן אינטעליגענטער הונט גע־קענט דערקלערן אונדזער איצטיקן צושטאַנד, וואָס איז אַזוי שטאַרק פֿאַרפּלאָנ־טערט געוואָרן דורך דעם פֿאַרפּלאָנטערטן מענטשלעכן שכל.

מיר מענטשן האָבן אַמאָל יאָ געהאַט אַ פּלאַן ווי אַזוי דאָס לעבן בעסער און גערעכטער צו מאַכן. מיר האָבן פֿאַר דעם צוועק געהאַט אונדזער אייגענע פּאָ־ליטיק, אונדזער אייגענע פּראָגראַם און אונדזער טאַקטיק, אָבער מיר האָבן לעצטנס אַלץ אַזוי פֿאַרפּלאָנטערט און געמאַכט אַזאַ קאַשע, אַז מיר ווייסן איצט אַליין ניט וואו מיר זיינען אויף דער וועלט.

נאָר אפֿשר מאַך איך אַ טעות וועגן דער קלוגשאַפֿט פֿון דער הינטישער ראַסע. אפֿשר זיינען זיי אין דער אמתן ניט פֿיל בעסער פֿון מענטשן. אָט די זעלביקע פֿאַרשקלאַפֿטע הינט, וואָס לעקן די שיך פֿון זייערע באַלעבאַטים פֿאַר אַ טרוקענעם ביין, רייסן און בייסן אָפֿט איינע די אַנדערע, פּונקט ווי די מענטשן.

איך פֿאַרשטיי, אַז ווען עס קומט צו אַ בײַן, וויל אים יעדער כאַפּן פֿאַר זיך. עס איז פּונקט אַזוי ווי ביי די מענטשן. אָבער ניט אַלע מאָל רײַסן זיי זיך איי־בער אַ ביין. אָפּט פֿאַנגען זיי זיך אָן רײַסן און בייסן סתּם אַזוי. איז דאָס ביי זיי אַ קאַמף וועגן פּרינציפּן און פּראָגראַמען, אָדער האָבן זיי זיך דאָס אָפּגעלערנט פֿון די מענטשן, צווישן וועלכע זיי לעבן פֿון אַזוי פֿיל דורות?

נאָר וואָס טויגן אַלע מײַנע פֿראַגן, ווען עס איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין הונט מיט וועלכן מען זאָל זיך קענען צונויפֿרעדן ווי געהעריק. אַפֿילו דער דערמאָנטער ענגלישער הונט, אויב ער רעדט טאַקע ווען ער וויל, איז עס אויך בלויז ווען עס קומט צו דער אכילה, וועגן די וועלט־פֿראַגן אָבער שווייגט ער פּונקט אַזוי, ווי זײַן בעל־משפּחה, יורקאַס הונט.



## וואָס בהמות קענען בעסער ווי פּראָפֿעסאָרן

דער היי־יאָריקער קאָנגרעס פֿון כעמיקער האָט מיך ווידער אַמאָל אַנ־טוישט. ער איז ווידער אַמאָל אָפּגעקומען מיט צוזאָגענישן און פֿאַרשפּרעכונגען, אַז די כעמישע וויסנשאַפֿט וועט געבן אַן ענטפֿער אויף דער שפּייז־פֿראַגע, דאָס הייסט, אַז די מענטשלעכע שפּייז וועט געמאַכט ווערן אין דער כעמישער לאַ־באָראַטאָריע און די מענטשהייט וועט ענדלעך באַפֿרייט ווערן פֿון דער שווערער ערד־אַרבעט און וועט ניט אָפּהענגען מער פֿון די קאַפּריזן פֿון דער נאַטור מיט אירע טריקענישן ,היצן, קעלטן, פֿאַרפֿלייצונגען און שטורמס, וואָס פֿאַרוויסטן און פֿאַרניכטן די שווערע מי און אַרבעט, וואָס דער מענטש לייגט אַוועק צו באַאַרבעטן די ערד. אויף יעדן כעמישן קאָנגרעס פֿון די לעצטע יאָרן ווערן די זעלביקע פֿאַרשפּרעכונגען געמאַכט, אָבער פֿאַרלויפֿיק בלײַבט עס נאָך אַלץ ביים אַלטן. די מענטשהייט מוז נאָך אַלץ אָפּהענגען מיט איר שפּייז פֿון ערד־אַרבעט.

מיט אייניקע יאָר צוריק איז אַן אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז ער האָט געפֿונען אַ מיטל ווי צו מאַכן פּוטער פֿון גראָז און מען וועט מער ניט דאַרפֿן אָנקומען צו די קי פֿאַר פּוטער. איך האָב דע־מאָלט דעם פּראָפֿעסאָר געגלויבט, אַז ער האָט ווירקלעך אַזאַ מיטל געפֿונען. פֿאַר וואָס דען ניט? פֿאַר וואָס זאָל אַ פּשוטע, ניט געלערנטע קו יאָ קענען מאַכן פֿון גראָז פּוטער און אַן אַמעריקאַנער געלערנטער פּראָפֿעסאָר ניט?

פּוטער קומט פֿון גראָז, דאָס איז זיכער. פֿיטערט זיך אַ קו אויף אַ לאָנקע, עסט גראָז און גיט מילך. פֿון מילך שטייט זיך אָפּ סמעטענע, פֿון וועלכער מען שלאָגט אויס פּוטער. עס איז, אַלזאָ, קלאָר, אַז פּוטער קומט פֿון גראָז. און ניט בלויז פּוטער, נאָר אויך זויער־מילך, קעז און מאַסליאַנקע און אַלע אַנדערע מינים מילכיקס, וואָס שלום עליכם רעכנט אויס אין זײַן „בלינצעס אויף שבועות״. און אויב אַ פּשוטע בהמה פֿאַרשטייט אָט די קונץ צו פֿאַרוואַנדלען גראָז אין פּוטער, איז עס ניט מער ווי נאַטירלעך צו גלויבן, אַז אַ פּראָפֿעסאָר פֿון אַן אַמעריקאַנער אוניווערזיטעט זאָל עס אויך פֿאַרשטיין. איך האָב בלויז געצווייפֿלט,

צי די פוטער פון דעם געלערנטן פראָפעסאָר איז בעסער ווי די פוטער פון דער אומגעלערנטער בהמה. און אויב עס איז ניט בעסער, טאָ צוליב וועלכן צוועק זאָלן פראָפעסאָרן מאַכן פוטער, ווען פשוטע בהמות קענען עס מאַכן? דערצו בין איך טאַקע אויך אַ שטיקל קאָנסערוואַטאָר און האַלט פון דערפאַרונג. האָבן דאָך די קי מער דערפאַרונג אין מאַכן מילכיקס פון גראָז, ווי אַן אַמעריקאַנער פראָפעסאָר. מוז דאָך אַפילו דער אַמעריקאַנער פראָפעסאָר אַליין צוגעבן, אַז מילכיקס איז פון אַלע מאָל אַן געווען די ספּעציאַליטעט פון קי.

דאָך ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געווען גענייגט מער צו גלויבן אין קיעשע פוטער ווי אין פראָפעסאָרישע, האָב איך די דערפינדונג פון דעם אַמעריקאַנער פראָפעסאָר דאָך געהאַלטן פאַר אַ העכסט וויכטיקע. ווייל אויב אַפילו מען זאָל גלויבן, אַז בהמות וועלן אַלע מאָל בלייבן בהמות און וועלן זיך לאָזן מעלקן, איז עס דאָך גאָר ניט אַזוי גוט פאַר דער מענטשהייט, אַז זי זאָל בלייבן שטענדיק אָפּהענגיק פון בהמות. די אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט איז צו מאַכן דעם מענטשן אומאָפּהענגיק, אַז ער זאָל ענדלעך ניט דאַרפן אָנקומען צו דער ערד פאַר זיין ברויט און צו דער בהמה פאַר זיין מילך און פוטער. דער מענטש דאַרף זיך אויסלערנען צו מאַכן אַלץ אַליין אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע. ער דאַרף זיך אויסלערנען אַליין צו מאַכן אַלע מינים כעמישע קאָמבינאַציעס, וואָס די נאַטור מאַכט, און ערשט דעמאָלט וועט ער זיין אַ ווירק־לעכער פרייער מענטש, וועלכער איז ניט אָפּהענגיק פון די קאַפּריזן פון דער נאַטור. ער וועט ניט דאַרפן מורא האָבן טאָמער שטעלט אים אונטער די נאַטור אַ פיסל און שיקט אים ניט קיין רעגן אין דער צייט, אַז די ערד ווערט אַזוי אויסגעטריקנט, אַז עס וואַקסט פון איר קיין ברויט ניט אַרויס, אָדער זי שיקט אים צופיל רעגן, אַז דאָס אויסגעוואַקסענע ברויט ווערט פאַרפוילט. דער מענטש דאַרף אַרויסגנבענען די סודות פון דער נאַטור און זיך אויסלערנען צונויפפאָרן די אַלע כעמישע עלעמענטן פון דער לופט און פון דער ערד און פראָדוצירן זיין שפּייז אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע.

מיט דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זיך שוין מיט 60 אָדער 70 יאָר צוריק אַרומגעטראָגן דער באַרימטער פראַנצויזישער כעמיקער מאַרסעלען בערטלאָ, וועלכער איז געווען ניט בלויז אַ געניאַלער כעמיקער, נאָר האָט אויך געהאַט זייער אַ רייכע פאַנטאַזיע צו מאָלן צוקונפטס־בילדער.

עס איז געווען אין דער צייט פון בערטלאָ, ווען די כעמישע וויסנשאַפט האָט אָנגעפאַנגען נאָכצומאַכן די נאַטור צונויפצוברענגען און צו פאַרבינדן פאַר־שיידענע עלעמענטן און באַשאַפן פון זיי נייע פּראָדוקטן. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון אַנטוויקלונג פון סינטעטישער כעמיע. פריער האָט דער כעמיקער זיך פאַרנומען בלויז מיט אַנאַליזירן, דאָס הייסט מיט אויספאָרשן און פונאַנדער־טיילן די עלעמענטן איינע פון די אַנדערע. דער כעמיקער האָט אונטערזוכט וואַסער און האָט אויסגעפונען, אַז וואַסער איז אַ פאַרבינדונג פון צוויי כעמישע עלעמענטן, פון צוויי גאַזן — זויערשטאָף און וואַסערשטאָף. ער האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי אָפּצוטיילן די צוויי עלעמענטן איינעם פון אַנדערן און אויסצו־געפינען פון וויפל טיילן זויערשטאָף און וויפל טיילן וואַסערשטאָף איז וואַסער צונויפגעשטעלט. דער כעמיקער האָט אונטערזוכט זאַלץ (קאָך־זאַלץ) און האָט

אויסגעפֿונען, אַז זאַלץ באַשטייט פֿון צוויי עלעמענטן, פֿון כלאָר און פֿון נאַטריום, און ער האָט פּרובירט זיי אָפּטיילן איינעם פֿון אַנדערן. ער האָט אונטערזוכט מילך און האָט אויסגעפֿונען, אַז דאָס איז אַ פֿאַרבינדונג פֿון וואַסער מיט פֿאַרשיידענע עלעמענטן און שטאָפֿן, ווי איי־ווייס, אַלבומין, קעזעאין, קאַלך, אייזן, צוקער א. אַז. וו. אויף אַזאַ אופֿן האָט דער כעמיקער אונטערזוכט און אַנאַליזירט פֿלייש, ברויט און אַנדערע שטאָפֿן. ער האָט זיך פֿאַרנומען אין זיין לאַבאָראַטאָריע מיט אַנאַליטישער כעמיע. אָבער אין דער צייט פֿון בערטלאָ האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַנטוויקלען די סינטעטישע כעמיע, דאָס הייסט יענער טייל פֿון דער כעמיע, וואָס פּרובירט נאָכמאַכן די נאַטור צו פֿאַרבינדן און פֿאַראייניקן פֿאַרשיידענע עלעמענטן און באַשאַפֿן פֿון זיי אַ פּראָדוקט. ווייסנדיק, למשל, אַז זאַלץ באַשטייט פֿון כלאָר און פֿון נאַטריום, האָט דער כעמיקער פּרובירט פֿאַרבינדן די צוויי דערמאָנטע עלעמענטן און מאַכן פֿון זיי זאַלץ. און ווען דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן, האָט ער פּרובירט דאָס זעלבע טאָן מיט אַנדערע פּראָדוקטן. און וואָס מער סינטעטישע פּראָבן דעם כעמיקער האָט זיך איינגעגעבן, אַלץ מער האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּילט זיין פֿאַנטאַזיע וועגן דער מעגלעכקייט איבערצונעמען די גאַנצע אַרבעט פֿון דער נאַטור אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע, אַז דאָרטן, אין דער לאַבאָראַטאָריע, זאָלן געשאַפֿן ווערן די אַלע נויטווענדיקע שפּייזן, וואָס די נאַטור שאַפֿט איצט פֿאַר אים. און בערטלאָ האָט אין דעם פּרט געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערס רייכע פֿאַנטאַזיע. ער האָט געמאָלן אַ העכסט פֿאַנטאַסטיש בילד וועגן ריזיקע כעמישע לאַבאָראַטאָריעס, וועלכע וועלן באַטריבן ווערן מיט דער אומדערשעפּלעכער היץ, וואָס געפֿינט זיך אין דער טיפֿעניש פֿון דער ערד, דורך דעם, וואָס מען וועט אויסגראָבן גאַנץ טיפֿע ברונימער אין דער ערד, ביז מען וועט דאָרטן דערגרייכן אַזאַ אומגעהויער גרויסע היץ, וועלכע קען פֿאַרוואַנדלען גאַנצע טייכן וואַסער אין פּאַרע (דאַמף).

און עס האָט אָנפֿאַנגס אויסגעזען, אַז עס וועט לאַנג ניט דויערן און די אַלע פֿאַנטאַזיעס וועלן פֿאַרווירקלעכט ווערן. די סינטעטישע כעמיע האָט זיך וואונדערלעך שנעל אָנגעפֿאַנגען אַנטוויקלען. איין דערפֿאָלג האָט איבערגעשטיגן דעם צווייטן. דער באַרימטער דייטשער כעמיקער עמיל פֿישער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט פּראָבעס צו באַשאַפֿן שפּייז פֿון דער לופֿט. און ענדלעך האָט זיך אים טאַקע איינגעגעבן צו באַשאַפֿן צוקער (פּרוכט־צוקער) פֿון דער לופֿט, טאַקע גאָר פּשוט פֿון דער לופֿט. ער האָט צונויפֿגענומען אין דער לופֿט די פֿאַרשיידענע עלעמענטן, פֿון וועלכע צוקער באַשטייט, און ער האָט זיי פֿאַרבונדן אויף דעם זעלביקן אופֿן ווי די נאַטור טוט עס, און ער האָט געקראָגן צוקער. דאָס איז געווען איינע פֿון די גרעסטע כעמישע סענסאַציעס. אמת, די כעמיקער האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מיט עמיל פֿישערס צוקער וועט מען נאָך קיין טיי און קאַפֿע ניט קענען טרינקען און קיין לעקאַך ניט קענען באַקן, און אַז עמיל פֿישער אַליין קויפֿט נאָך צוקער אין קראָם, ווייל ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס לופֿט איז פֿאַראַן אַזוי פֿיל און יעדער קען עס נעמען אומזיסט, איז אָבער דער כעמישער פּראָצעס צו פֿאַבריצירן צוקער פֿון לופֿט אַזאַ טייערער, אַז בלויז אַ ראָקאָפֿעלער קען זיך פֿאַרגינען עס צו פֿאַרזוכן. דאָך, ווייסנדיק דאָס אַלץ, האָבן די כעמיקער געבויט אויף עמיל פֿישערס דערפֿינדונג גאַנצע פֿאַנ־

טאַסטישע וועלטן. אַבי מען קען נאָר מאַכן צוקער פֿון לופֿט, וועט מען שוין געפֿינען מיטלען ווי אַזוי דער פֿאַבריצירונגס־פּראָצעס זאָל קאָסטן ביליק. און אויב מען קען מאַכן צוקער פֿון לופֿט, וועט מען דאָך אויך אַנדערע שפּייזן קענען מאַכן פֿון לופֿט.

נאָך אַ גרעסערע סענסאַציע איז געווען, ווען עס איז געקומען די ידיעה, אַז דעם זעלביקן עמיל פֿישער האָט זיך איינגעגעבן צו באַשאַפֿן פֿון דער לופֿט איי־ווייס (האָט רחמנות, ברודער זעצער, און זעצט איי־ווייס און ניט איי־ווייסל, ווייל דאָס זיינען צוויי פֿאַרשיידענע זאַכן). איי־ווייס (פּראָטעאין) איז איינס פֿון די וויכטיקסטע נאָרונגס־שטאָפֿן. דער נאָרונגס־ווערט פֿון יעדן שפּייז ווערט אָפּגעשאַצט מיט דער מאָס איי־ווייס, וואָס עס אַנטהאַלט. די פֿאַנטאַזיע האָט געאַרבעט ווי אין היץ. די וויכטיקסטע שטאָפֿן פֿון מענטשלעכער שפּייז זיינען איי־ווייס, צוקער און פֿעטס. וועגן פֿעטס איז קיין דאגה ניט. פֿעטס האָט די כעמיע שוין לאַנג זיך אויסגעלערנט צו מאַכן אין לאַבאָראַטאָריע. מען האָט בלויז געדאַרפֿט שאַפֿן כעמיש איי־ווייס און צוקער, נו האָט דאָס עמיל פֿישער געשאַפֿן. די פֿראַגע איז בלויז, ווי אַזוי מען קען פּראָדוצירן אָט די שטאָפֿן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב און אַז עס זאָל קאָסטן ביליק.

די שמחה איז, אָבער, געווען אַ ביסל צו פֿרי. פֿון עמיל פֿישערס איי־ווייס האָט זיך עפּעס ניט אויסגעלאָזן, און וואָס איז שייך צו זיין צוקער האָט מען נאָך ביז היינט ניט געפֿונען קיין מיטל ווי אַזוי עס צו פֿאַבריצירן אויף אַ ביליקן אופֿן. מען האָט אין דער צייט פֿון מלחמה געצאָלט אַזוי הויך ווי 30 סענט פֿאַר אַ פֿונט צוקער און דאָך האָט קיינער ניט פּרובירט צו פֿאַבריצירן צוקער פֿון לופֿט, הגם לופֿט איז אַפֿילו אין דער מלחמה ניט טייערער געוואָרן.

און פּונקט אַזוי איז אויך געווען צו פֿרי מיין שמחה מיט דער דערפֿינדונג פֿון דעם אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר צו מאַכן פּוטער פֿון גראָז. פֿאַרלויפֿיק איז פֿון דער דערפֿינדונג גאָרניט אַרויסגעקומען, און פּוטער באַקומט מען נאָך אַלץ פֿון די אַמעריקאַנער קי און ניט פֿון די אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָרן.

אַגב איז היינט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט טאַקע אַ קליינער אונטערשייד פֿון וואַנען מען נעמט צוקער, פּוטער, פֿלייש א. אַז. וו. באַלאַנגען דאָך ניט בלויז די קי צום מילך־טראַסט, נאָר אויך דאָס גראָז. און וועט מען אָנפֿאַנגען מאַכן צוקער פֿון דער לופֿט, וועלן די קאַפּיטאַליסטן אויך די לופֿט פֿאַרטראַסטעווען. די כעמישע לאַבאָראַטאָריעס געהערן דאָך סיי ווי צו זיי. און זאָל איינער פּרובירן אויסגעפֿינען אַ מיטל ווי צו מאַכן פֿון שניי גאָמעלקעס, וועלן די קאַפּיטאַליסטן גלייך פֿאַרכאַפּן דאָס גאַנצע שניי.

דאָך ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך ווייס עס, האָב איך דאָך ליב דערפֿינדונגען און האָב ליב צו פֿאַנטאַזירן וועגן די גרויסע וואונדער, וואָס די וויסנשאַפֿט קען אויפֿטאָן און וועלכע גרויסע ענדערונגען זי קען ברענגען אין אונדזער לעבן. און וואָס איז שייך צו די קאַפּיטאַליסטן, האָבן מיר דאָך אַ מיטל. מען דאַרף אָפּשאַפֿן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, וועלן שוין ממילא ניט זיין קיין קאַפּיטאַליסטן, וואָס וועלן פֿאַרכאַפּן אַלע דערפֿינדונגען.



# וואָס מען דאַרף יאָ לערנען און וואָס מען דאַרף ניט לערנען פֿון מוראַשקעס

ערב דעם 4טן יולי, אָדער בעסער „דהי פֿאָרטה אָוו דזשולאַי״, ווי מען זאָגט עס אויף אונדזער אַמעריקאַנער יידיש, האָב איך געלייענט אין די צייטונגען אַ פֿאַרויסגעזאָגטע סטאַטיסטיק וויפֿל מענטשן עס וועלן אין דעם גרויסן יום־טוב פֿון אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט געהרגעט ווערן אָדער פֿאַרקריפּלט ווערן דורך אויטאָמאָבילס אויף די וועגן אָדער דורך אַנדערע אומגליקספֿאַלן, וואָס גאָט האָט אָנגעגרייט פֿאַר די, וועלכע יאָגן זיך אַריינצוכאַפּן אַ ביסל פֿאַרגעניגן. אין דער ניו־יאָרקער „פֿאָוסט״ איז אַפֿילו אין פֿאָרויס געדרוקט געוואָרן אין אַ שוואַרצן רעמל אַ נעקראָלאָג פֿאַר די טויטע און אַ סימפּאַטיע־אויסדרוק צו זייערע נאָענטע. און אַזוי ווי איך האַלט זייער שטאַרק פֿון סטאַטיסטיק, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז עס לוינט זיך מיר ניט איינצושטעלן מיין לעבן צוליב אַ ביסל פֿאַרגעניגן און איך האָב באַשלאָסן צו פֿייערן דעם יום־טוב פֿון אַמעריקעס באַפֿרייאונג אין אונדזער ניו־יאָרק. און איך דאַרף זאָגן, אַז איך בין צופֿרידן מיט מיין באַשלוס. דאָס איז ניט בלויז דערפֿאַר, וואָס איך בין געבליבן גאַנץ און האָב נאָך געקאָנט אָנשרייבן די היינטיקע נאָטיצן, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס איך בין רייכער געוואָרן מיט אַ דערפֿאַרונג. איך האָב נעמלעך אויסגעפֿונען, אַז אונדזער ניו־יאָרק איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער און באַקוועמער אָרט, וואו צו פֿאַרברענגען אַן אָנגענעמען און רואיקן „וויק־ענד״, ווען אַ גרויסער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿאָרט ערגעץ אַוועק. אין אונדזער שטענדיק טומלדיקער, רוישיקער ניו־יאָרק איז דעם 4טן יולי געווען אַ סך שטילער ווי אין די קעטסקיל בערג. עס איז געווען אַפֿילו באַקוועם צו שפּאַצירן אויף בראָדוועי, וואו אין די טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר דאַרף מען באַנוצן די עלנבויגנס זיך דורכצוברעכן אַ וועג. נאָך מער: איך האָב אַפֿילו נאָענט פֿון מיין היים געפֿונען אַ ביסל גרין גראָז מיט אַ ליידיקער באַנק אונטער אַ גרויסן שאָטן־בוים און האָב געהאַט די אילוזיע, אַז איך זיץ אויפֿן שויס פֿון דער נאַטור. צו דער דאָזיקער אילוזיע האָט מיר אַ סך צוגעהאָלפֿן אַ קליינע וועווערקעלע, וועלכע האָט געקלעטערט אויפֿן בוים אַרויף און אַראָפּ און האָט משמעות זיך געוואונדערט, וואָס עס איז אַזוי שטיל אין דעם פּלאַץ און עס איז אַפֿילו קיינער ניטאָ, וואָס זאָל איר אונטערטראָגן אַ ניסל אויף אָנבייסן. אונטער דעם בוים האָט זיך משמעות געפֿונען אַ מוראַשניק, ווייל מערערע מוראַשקעס זיינען אַרומגעלאָפֿן פֿאַרשמייעט, ווי אויף עפּעס אַ וויכטיקער שליחות. איך האָב שטענדיק ליב נאָכצוקוקן די באַוועגונגען פֿון מוראַשקעס און ווי זיי זיינען שטענדיק אין עפּעס פֿאַרטאָן און פֿאַרשמאַיעט. איך פּרוביר אָפּט פֿאַרשפּאַרן אַ מוראַשקע דעם וועג און זען, אויב זי וועט זיך פֿאַרנעמען אַן אַ זייט. איך שטעל איר אַוועק מיין פֿוס אין איר וועג, אָבער זי פֿאַרנעמט זיך ניט אַן דער זייט, נאָר קלעטערט גראָד איבער מיין פֿוס און גייט זיך איר וועג ווייטער. איך האָב אַוועקגעשטעלט אין איר וועג אַ בוך, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך, אָבער אויך דאָס האָט ניט געווירקט, אַז זי זאָל זיך פֿאַרנעמען אַן אַ זייט, נאָר זי איז געגאַנגען איר וועג גראָד און האָט געקלעטערט איבערן בוך.

איך האָב אַמאָל געלייענט אַ באַשרייבונג פֿון מוראַשקעס, וועלכע האָבן, צוליב וועלכע עס איז אורזאַכן, באַשלאָסן אויסצואוואַנדערן פֿון זייער פֿריערדיקן פּלאַץ און זיך באַזעצן ערגעץ אַנדערשוואו. עס איז געווען אַ גרויסע מחנה, וועלכע איז געגאַנגען אין געדיכטע רייען און האָט פֿון ווייטנס אויסגעקוקט ווי זייער אַ לאַנגע, ברייטע, שוואַרצע לענטע, וואָס באַוועגט זיך אין אַ גראַדער ליניע. די לאַנגע שוואַרצע לענטע האָט זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ אַלץ נעענטער און נעענטער צו דעם הויז, וואָס איז געשטאַנען ביים פּוס פֿון באַרג. דאָס הויז איז גראַד געשטאַנען פּונקט אין וועג פֿון דער מחנה מוראַשקעס. די פֿראַגע איז געווען, אויב די מוראַשקעס וועלן זיך פֿאַרנעמען אַ ביסל אָן דער זייט און פֿאַרבייגיין דאָס הויז, אָדער זיי וועלן גיין גראַד ווי אַ ליניע, לויט זייער מנהג, און וועלן קלעטערן איבער די ווענט און דאַך פֿון הויז. די פֿראַגע איז אָבער געווען אַן איבעריקע. די מוראַשקעס זיינען געגאַנגען גראַד, און די גרויסע אַרמיי האָט זיך אַ לאָז געטאָן קלעטערן איבער דעם הויז. בלויז דורך פֿאַרשיידענע מיטלען האָט זיך עס איינגעגעבן די איינוואוינער פֿון הויז אָפּצוטרייבן די גרויסע מחנה מוראַשקעס פֿון זייער גראַדער ליניע און מ׳האָט זיי געצוואונגען זיך צו פֿאַרנעמען אַ ביסל אָן דער זייט און גיין ניט איבער דעם הויז, נאָר פֿאַרביי אים. ווען די מוראַשקעס זיינען געקומען צום טויער פֿון הויז־גאָרטן, זיינען זיי ווידער געגאַנגען אין אַ גראַדער ליניע און די, ביי וועמען דער גראַדער וועג איז געלעגן קעגן די שטאַכעטן אָדער פּאַסטן פֿון טויער, האָבן זיך ניט גענומען אַ ביסל אָן אַ זייט און דורכגיין דורך די שטאַכעטן, נאָר זיינען געגאַנגען גראַד און געקלעטערט איבער זיי.

אַדאַנק אָט דער מעשה פּרוביר איך ביי יעדער געלעגנהייט, צי איך וועל ניט געפֿינען אַ מוראַשקע, וואָס וועט פֿאַלן אויפֿן שכל, אַז אויב דער גראַדער וועג איז פֿאַרשפּאַרט, דאַרף מען אפֿשר זיך פֿאַרנעמען אַ ביסל אָן דער זייט, כּדי צו דערגרייכן דעם ציל. אָבער ביז איצט האָב איך נאָך אַזעלכע ניט געפֿונען.

איך האָב יאָ אַמאָל געלייענט וועגן אַ מוראַשקע, וועלכע איז געווען אַן אויסנאַם פֿון כּלל, און אַנשטאָט צו גיין שטענדיק אויפֿן גראַדן וועג, פֿלעגט זי אָפֿט זיך פֿאַרנעמען אָן דער זייט, אָבער אַ דאָקטאָר האָט איר דערקלערט פֿאַר משוגע און האָט געמאַכט אַן אָפּעראַציע איבער איר מאַרך.

עס איז אַ מעשה, וואָס איז ווערט צו דערמאָנען. עס האָט פּאַסירט מיט אַן ערך צוויי צענדליק יאָר צוריק. אַ באַקאַנטער דייטשער נאַטור־פֿאָרשער, וועלכער האָט זיך פֿאַרנומען מיט שטודירן דאָס לעבן פֿון מוראַשקעס, האָט באַמערקט, אַז איין מוראַשקע פֿון דער קאָלאָניע, וואָס ער האָט שטודירט, האָט זיך אָנגעהויבן אויפֿפֿירן עפּעס משונהדיק, גאַנץ אַנדערש ווי אַלע אַנדערע מוראַשקעס. זי גייט ניט אַלע מאָל אין גראַדן וועג, ווי אַ נאָרמאַלע, קלאָרע מוראַשקע דאַרף גיין, נאָר זי דרייט זיך אָפֿט אַראָפּ אָן דער זייט; צייטנווייז גיט זי אַ שטורך אין זייט, אָדער אַ בריק אין בויך אַן אַנדער מוראַשקע, וועלכע שטייט איר אין וועג. זי אַרבעט ניט מיט אַזאַ חשק און אויך ניט אַזעלכע לאַנגע שטונדן אָן אַן אָפּרו, ווי די אַנדערע מוראַשקעס טוען עס. דער נאַטור־פֿאָרשער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די מוראַשקע איז ניט ביים קלאָרן זינען און אַז אין איר איבערשטיבל איז עפּעס ניט אין אָרדנונג. ער האָט דעריבער איר באַשלאָסן צו

מאכן אַ מאַרך־אָפּעראַציע. מיך האָט זייער שטאַרק אינטערעסירט די אומגע־ווינלעכע אָפּעראַציע ניט בלויז דערפֿאַר, וואָס אַן אָפּעראַציע אויף דעם מאַרך פֿון אַ מוראַשקע איז אַזאַ זעלטענע זאַך, נאָר דערפֿאַר, וואָס עס איז אַזוי זעלטן, אַז אַ מוראַשקע זאָל משוגע ווערן. איך האָב שפּעטער געלייענט מער איינצלהייטן וועגן דער אָפּעראַציע. זי איז דורכגעפֿירט געוואָרן זייער דערפֿאָלגרייך, אָבער די משוגענע מוראַשקע האָט איר ניט איבערגעלעבט.

*

אַז די מוראַשקע איז געווען אַ משוגענע, איז קיין צווייפֿל ניט. אַ קלאָרע, נאָרמאַלע מוראַשקע מוז גיין אין גראַדן וועג, זיך ניט אָפּנייגן ניט רעכטס און ניט לינקס, ניט מאַכן קיין זיגזאַגן און ניט דרייען זיך אין דער רונד, נאָר אַלע מאָל גיין גראַד. זי טאָר ניט אַראָפּ פֿון דעם גראַדן וועג, אין וועלכן אירע זיי־דעס און עלטער־זיידער זיינען געגאַנגען. נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך צווייפֿל ניט, אַז די מוראַשקע איז געווען אַ משוגענע, וואָלט איך דאָך, ווען איך וואָלט געווען אויף דעם פּלאַץ פֿון דעם דייטשן נאַטור־פֿאָרשער, איר ניט געמאַכט קיין אָפּעראַציע, נאָר איך וואָלט בעסער שטודירט איר משוגעת. עס קען זיין, אַז אַ בוך וועגן משוגענע מוראַשקעס וואָלט זיין אַ סך אינטערעסאַנ־טער ווי וועגן נאָרמאַלע מוראַשקעס. און עס קען זיין, אַז פֿון משוגענע מוראַשקעס וואָלט מען געקענט מער לערנען, ווי פֿון קלאָרע.

אַז פֿון מוראַשקעס קען מען זיך לערנען, ווייסן מיר שוין פֿון תנ״ך.

לך אל נמלה עצל, ראה דרכיה וחכם — גיי צו דער מוראַשקע, דו פֿוי־לענצער, און זע אירע אויפֿפֿירונגען און דו וועסט קליגער ווערן — אַזוי האָט שלמה המלך, אָדער אַן אַנדערער, וואָס האָט געלעבט אַ סך שפּעטער פֿון אים, געזאָגט אין משלי.

אמת, היינט העלפֿט עס ניט, ווען אַפֿילו מען פֿוילט זיך ניט, ווייל ווי שווער און ביטער איינער זאָל ניט אַרבעטן, קען ער אַליין ניט אָנגרייטן פֿון זומער אויף ווינטער. אָבער איך שטעל מיר פֿאָר, אַז אין שלמה המלכס צייטן זיינען די עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען געווען אַ ביסל אַנדערש ווי היינט און איך שטעל מיר אויך פֿאָר, אַז מען האָט דעמאָלט געדאַרפֿט האָבן אַ ביסל ווייניקער אויף דורכצולעבן, ווי היינט, נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעשאַפֿט פּרייז־קאָנטראָל.

מילא, אַז מוראַשקעס זיינען ניט פֿויל אויף דער אַרבעט, קען קיינער ניט באַשטרייטן. מען דאַרף זיך בלויז צוקוקן צו אַ מוראַשניק און זען ווי די אַרבעט גייט דאָרטן אָן. אַפֿילו אַ באַלעבאָס פֿון אַ סוועט־שאָפּ וועט ניט זאָגן, אַז מו־ראַשקעס אַרבעטן ניט גענוג.

מען זאָגט געוויינלעך: „אַרבעטזאַם ווי אַ בין", אָבער מוראַשקעס קענען זיך צו יעדער צייט פֿאַרמעסטן מיט בינען אין זייער אַרבעטזאַמקייט. ניט מער, די אַרבעט פֿון די בינען זעט זיך מער אָן. פֿון דער אַרבעט פֿון די בינען האָבן מיר נוצן, זיי מאַכן פֿאַר אונדז האָניק, בעת די מוראַשקעס אַרבעטן בלויז פֿאַר זיך, און מיר האָבן פֿון זייער אַרבעט גאָרניט.

נאָר אויב מוראַשקעס קענען אַ סך אַרבעטן, בין איך דאָך פֿאַר זייער חכמה ניט שטאַרק איינגענומען. אַ מוראַשקע האָט אַ סך כּוח. ווען אַ מענטש זאָל אין דער

פראַפּאַרציע פֿון זיין גרייס האָבן אַזוי פֿיל כּוח ווי אַ מוראַשקע, וואָלט ער מיט איין בריק פֿון זיין פֿוס געקענט איינוואַרפֿן דעם „עמפּאַיר סטעיט בילדינג". און אַט טאַקע דערפֿאַר, וואָס אַ מוראַשקע האָט אַזוי פֿיל כּוח, קען זי אַרבעטן אַ סך. אָבער וועגן איר חכמה צווייפֿל איך זייער שטאַרק.

וועגן דער חכמה פֿון די מוראַשקעס האָט מען אַ סך געשריבן. גאַנצע ביכער זיינען אָנגעשריבן געוואָרן וועגן דעם ווי די מוראַשקעס בויען זייערע שטעט, זייערע שפּייכלערס פֿאַר שפּייז, ווי זיי האָדעווען זייערע קינדער, ווי זיי האָבן אָרגאַניזירט זייער לעבן א.אַ.וו. אַלץ איז זייער קלוג, מיט אַ פּלאַן און אַ טאַלק. אָבער וואָס קומט אַרויס פֿון דער קלוגשאַפֿט פֿון די מוראַשקעס, אַז זיי זיינען פֿאַרגליווערט געוואָרן אין דעם צושטאַנד פֿון זייערע אור־אַלטע זיידעס פֿון טויזנטער יאָרן צוריק. זיי האָבן פֿאַר טויזנטער און טויזנטער יאָרן קיין איינציקע נייע זאַך ניט אויסגעקלערט. אַלץ, וואָס זיי טוען היינט, האָבן פּונקט אַזוי געטאָן זייערע אור־עלטער־זיידעס מיט טויזנטער יאָרן צוריק. קיין שום ענדערונג. די היינטיקע מוראַשקעס גראָבן די ערד, שלעפּן משא, מאַכן וועגן און גאַסן, בויען שפּייכלערס און וואוינונגען מיט די זעלביקע מיטלען און מיט די זעל־ביקע מעטאָדן, ווי זייערע אור־עלטער־זיידעס האָבן דאָס געטאָן. די מוראַשקעס גייען נאָך אַלץ צופֿוס; זיי ווייסן נאָך אַפֿילו ניט פֿון קיין אייזנבאַנען, שוין אָפּגע־רעדט פֿון עראָפּלאַנען. קיין איינציקער פֿון די נאַטור־פֿאָרשער, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין דעם לעבן פֿון די מוראַשקעס, האָט ניט באַמערקט אַ טעלע־פֿאָן, אַ פֿאָנאָגראַף, אַ ראַדיאָ אין אַ קאָלאָניע פֿון מוראַשקעס.

✽

אַז די חכמה פֿון די מוראַשקעס איז ניטאָ וואָס צו באַוואונדערן, קען מען שוין זען פֿון דעם, וואָס איך האָב פֿריער דערציילט וועגן זיי, ווי זיי האָבן מאַרשירט גראַד איבער די ווענט און איבער דעם דאַך פֿון דעם הויז און עס איז זיי ניט איינגעפֿאַלן, אַז נעמען זיך אַ ביסל אָן דער זייט וועט זיין לייכטער. און דאָס האָב איך אויך געזען פֿון יענע פּראָבעס, וואָס איך האָב מיט זיי געמאַכט, זיצנדיק אין פּאַרק אין דעם שטילן 4טן יולי. האָבן, דאַכט זיך, מוראַשקעס, וואָס לעבן אין אַזאַ ציוויליזירטער און קלוגער שטאָט, ווי ניו־יאָרק, געדאַרפֿט האָבן אַ ביסל מער שכל, ווען זיי לייענען אַפֿילו ניט מיינע אַרטיקלען.

און אַט דעריבער זאָג איך, אַז מיך אינטערעסירט אַ סך מער די משוגענע מוראַשקע, וואָס דער דערמאָנטער דייטשער נאַטור־פֿאָרשער האָט באַמערקט. איז דאָך אַ קלאָרע, נאָרמאַלע מוראַשקע באמת אַ גאַנץ נאַרישע, לאַנגווייליקע באַשעפֿעניש, וואָס טוט אַלע מאָל די זעלביקע זאַך. אַ סך אינטערעסאַנטער איז אַ מוראַשקע, וועלכע הערט אויף צו טאָן, וואָס אַלע מוראַשקעס טוען. עס איז ווירקלעך אַ שאָדן, וואָס דער דייטשער נאַטור־פֿאָרשער האָט די מוראַשקע דער־קלערט פֿאַר משוגע און האָט דורך זיין אָפּעראַציע אויף איר מאַרך געמאַכט אַ סוף צו איר לעבן.

איך האָב חרטה, וואָס איך האָב פֿריער מיט אַזאַ זיכערקייט געזאָגט, אַז די מוראַשקע איז געווען משוגע.

עס קען זיין, אַז זי איז גאָרניט געווען משוגע, נאָר זי האָט ניט געוואָלט גיין אין די אויסגעטראָטענע וועגן פֿון אירע עלטער־זיידעס. זי האָט אַ טראַכט געטאָן: וואָס עפּעס אַלע מאָל גיין דווקא גראָד? איז דען דער גראָדער וועג אַלע מאָל דער בעסטער וועג? פֿאַרוואָס ניט אויספּרובירן אַ זייטיקן וועג, וועלכער קען זיין בעסער און קען גיכער פֿירן צום ציל?

און ווען עס שטייט אַ קאָנסערוואַטיווע מוראַשקע און זאָגט, אַז מען טאָר ניט זוכן קיין נייע וועגן, נאָר אַז מען מוז גיין אין די אויסגעטראָטענע וועגן פֿון די זיידעס און עלטער־זיידעס, טאָ פֿאַרוואָס זאָל מען אַזאַ מוראַשקע ניט געבן אַ שטורך אין זייט אָדער אַ בריק אין בויך? פֿאַרוואָס באַטראַכטן אַ מוראַשקע וואָס טוט עס, פֿאַר משוגע?

אמת, ווען די אָפּעראַציע אויף דער מוראַשקע איז געמאַכט געוואָרן האָט מען געפֿונען, אַז זי האָט אַ געוויקס אויפֿן מאָרך. אָבער פֿון וואַנען איז די ראיה, אַז פֿון דעם געוויקס אויפֿן מאָרך איז די מוראַשקע משוגע געוואָרן? פֿאַרקערט, זי איז דורך דעם געוויקס גאָר קליגער געוואָרן. עפּעס האָט געדאַרפֿט פֿאַרקומען אין דעם מאָרך פֿון דער מוראַשקע, עפּעס האָט דאָרטן געמוזט אָנפֿאַנגען וואַקסן און דריקן, אַז איר מאָרך זאָל זיך אָנפֿאַנגען באַוועגן און אַז זי זאָל קליגער ווערן.

עס איז דעריבער אַ גרויסער פֿאַרדרוס, וואָס אַט די אינטערעסאַנטע מוראַשקע איז אומגעקומען פֿון דער אָפּעראַציע. עס וואָלט געווען טשעקאַווע צו זען, ווי די מוראַשקע וואָלט זיך אויפֿגעפֿירט נאָך דעם, ווי מען האָט אויסגעשניטן דעם געוויקס פֿון איר מאָרך. וואָלט זי געוואָרן צוריק נאָרמאַל, עס הייסט, קאָנסערוואַטיוו און נאָריש ווי אַלע אַנדערע מוראַשקעס? וואָלט זי ווידער אָנגעפֿאַנגען גיין דעם אַלטן גראָדן וועג, אין וועלכן אַלע מוראַשקעס גייען? אָדער וואָלט זי צו דער אַזוי גערופֿענער נאָרמאַלקייט זיך מער ניט צוריקגעקערט?

עס גלייבט זיך מיר אייגנטלעך ניט, אַז אַ מוראַשקע, וואָס האָט איינמאָל פּרובירט ברעכן די אַלטע מנהגים און האָט אָנגעפֿאַנגען גיין אויף נייע וועגן און האָט זיך אָנגענומען מיט מוט צו געבן אַ בריק די, וועלכע ווילן איר פֿאַרצאַמען דעם וועג, זאָל ווידער אַמאָל זיך אומקערן צום אַלטן. דאָס קען בלויז טרעפֿן אַמאָל ביי די באַשעפֿענישן, וואָס מען רופֿט מענטשן, וועלכע האָבן ליב צו מאַכן קונצן, אַז מען זאָל קוקן אויף זיי.

עס קען זיין, אַז אַט די מוראַשקע, ווען זי בלייבט לעבן, וואָלט געמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דעם לעבן פֿון די מוראַשקעס. דאָס איז אפֿשר ניט אין גאַנצן מאַרקסיסטיש, אַז איין מוראַשקע זאָל קענען מאַכן אַן איבערקערעניש, אָבער עס קען זיין, אַז די עקאָנאָמישע צושטאַנדן אין די קאָלאָניעס פֿון די מוראַשקעס זיינען שוין רייף פֿאַר אַ רעוואָלוציע. ווי האָט לענין געזאָגט? נאָר לאָמיר לאָזן צורו וואָס לענין האָט געזאָגט. איצט זאָגט סטאַלין, און ניט לענין. סטאַלין האָט אַ רעכט ביסל קאַליע געמאַכט, וואָס לענין האָט געזאָגט. נאָר וואָס לענין זאָל ניט האָבן געזאָגט, קענען די מוראַשקעס זיין רואיק, אַז די אָרדנונג וועט ביי זיי ניט געשטערט ווערן. די מוראַשקע, וואָס האָט עס פּרובירט, איז אָפּערירט געוואָרן און איז טויט.

און איצט ווער קען וויסן ווי לאַנג עס קען דויערן ביז אַ מוראַשקע וועט ווידער אַמאָל משוגע ווערן. עס קען דויערן גאַנץ לאַנג ביז עס וועט זיך ווידער געפינען אַ מוראַשקע, וואָס וועט משוגע ווערן און וועט וועלן ענדערן די אָרד־נונג.

איך שטעל זיך פאָר, אַז אַמאָל האָבן אויך די מוראַשקעס געלעבט ווי די מענטשן היינט — יעדער פאַר זיך. נאָר עס האָט זיך געטראָפן, אַז אַ מוראַשקע איז משוגע געוואָרן און האָט רעוואָלטירט קעגן דעם לעבן פון יעדער מוראַשקע פאַר זיך און ס'איז דעמאָלט איינגעפירט געוואָרן אַ קאָמונע ביי די מוראַשקעס. זיי לעבן נאָך ביז היינטיקן טאָג אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אָבער דער קאָמוניזם איז ביי זיי פאַרגליווערט געוואָרן פונקט ווי ביי די איצטיקע קאָמוניסטן. זיי האָבן זיך איינגעוואוינט, אַז זיי אַליין טאָרן ניט טראַכטן. אָט די מוראַשקע, וואָס האָט דעם קאָמוניזם ביי זיי איינגעפירט, טראַכט שוין פאַר זיי. און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי מיט דער צייט אין גאַנצן פאַרלוירן די פעאיקייט צו טראַכטן. איצט דאַרף מען דעריבער אַ נייע משוגענע מוראַשקע, וואָס זאָל אויפרודערן דעם פאַרגליווערטן מוראַשניק. אָבער עס דויערט אַ לאַנגע צייט, ביז עס באַווייזט זיך אַ נייע משוגענע מוראַשקע. און ווען זי באַווייזט זיך שוין, מאַכט מען דאָס רוב אויף איר אַן אָפּעראַציע, און דער מוראַשניק בלייבט ווידער פאַרגליווערט ווי ער איז געווען.

1947



## וואו שפאַנט מען איין די פערד?

איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה.
אַ גאַנץ אַלטע מעשה.
דאָס איז געווען אין רוסלאַנד.
שוין לאַנג, לאַנג צוריק.

נאָך אין דער צייט, ווען אַפילו קאָמוניסטן האָבן געהאַלטן פון פרייע רעדע און פרייע פרעסע.

ניין, עס איז נאָך געווען אַ סך פריער. עס זיינען נאָך דעמאָלט גאָר קיין קאָמוניסטן ניט געווען.

יאָ, עס איז אַמאָל געווען אַזאַ צייט אין רוסלאַנד. עס קען זיין, אַז אפשר סטאַלין אַליין איז נאָך דעמאָלט ניט געווען געבוירן.

דאָס קען אפשר באַטראַכט ווערן פאַר אַן אפיקורסישע באַהויפּטונג. עס קען מיינען, אַז סטאַלין אַליין איז ניט מער ווי אַן איבערגייענדיקע דערשיינונג. וואָרום, אויב עס איז געווען אַ צייט, ווען סטאַלין איז ניט געווען, קען דאָך אויך קומען אַ צייט ווען ער וועט ניט זיין. און אַזוי טאָר מען ניט טראַכטן. וועגן סטאַלינען דאַרף מען טראַכטן אין די טערמינען פון גאָט — ער איז געווען, ער איז און ער וועט זיין, און עס איז ניטאָ קיין אַנדער גאָט ווי סטאַלין.

אָבער איך בין אַן אַלטער אַפּיקורס, און צווישן די אַלע געטער, וועגן וועלכע איך צווייפל, געפינט זיך אויך סטאַלין.

נאָר לאָמיך בעסער דערציילן די מעשה:

געווען אַמאָל אין רוסלאַנד אַ פאַרוואָרפן שטעטל.

עמעצער האָט עס משמעות פאַרלאָרן.

איין מאָל אין אַ שיינעם און אפשר גאָר אין אַ פאַרוואָלקנטן פרימאָרגן, אָדער אַ ביסל שפּעטער, האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן אַ פּאָר אומגעוויינלעכע פאַרשוינען מיט גאַנץ מאָדנע קלאַפּערגעצייג און אינסטרומענטן. זיי האָבן געמאָסטן אַהין, געמאָסטן אַהער, געקלאַפּט פּלעקלעך, געמאַכט צייכנס, געשריבן און אַוועקגעפאָרן.

ווער זיינען עס געווען די אומגעוויינלעכע פאַרשוינען?

הימל און ערד האָבן געשוואוירן, אַז עס זאָל ניט זיין קיין סודות אויף דער וועלט.

אין שטעטל האָט מען זיך גיך דערוואוסט, אַז די אויסערוועוויינלעכע פאַר־שוינען מיט זייערע מאָדנע אינסטרומענטן און קלאַפּערגעצייג, זיינען געווען אינזשיניערן פון דער גובערניע און, אַז זיי זיינען עס געקומען אין שטעטל בויען אַן אייזנבאַן.

איז דאָס שטעטל אַוועק כאַדאַרם, אַ קליניקייט, אַן אייזנבאַן!

וועט עס זיין גוט פאַר יידן, אָדער וועט עס זיין שלעכט פאַר יידן?

פאַר איין ייד איז עס זיכער געווען שלעכט.

פאַר דעם בעל־עגלה פון שטעטל.

אַן אַלטער בעל־עגלה, וואָס האָט יאָרן און יאָרן געפירט מיט זיין פערד און וואָגן פּאַסאַזשירן און משא פון שטעטל אין שטאָט און פון שטאָט אין שטעטל.

נאָר איז עס מעגלעך, אַז מען זאָל טאָקע באמת קענען פאָרן אָן פערד?

עפּעס גלייבט זיך עס ניט.

עס ווילט זיך ניט גלייבן.

אַלע מאָל איז מען געפאָרן מיט אַ וואָגן און פערד, און פלוצים וועט מען אָנפאַנגען פאָרן אָן פערד!

עס קען ניט זיין.

אָט זיינען דאָך אַפילו די אינזשיניערן, ווי מען רופט זיי, אַליין געקומען צופאָרן מיט פערד און וואָגן.

הייסט עס, אַנדערש קען מען ניט פאָרן.

אָבער אַלע אין שטעטל זאָגן אַז יאָ.

מען זאָגט אפילו, אַז דאָס, וואָס מען האָט אָנגעפאַנגען גראָבן הינטערן שטעטל, זאָל יאָקבי זיין אַן אָנפאַנג פאַר דעם וועג, אויף וועלכן מען וועט עס פאָרן אָן פערד.

דער בעל־עגלה קען נעבעך ניט רוען. ער גייט פון איין קלוגן מענטשן צו אַ צווייטן, נאָר אַלע זאָגן אים, אַז יאָ, אַז מען וועט פאָרן מיט וועגענער אָן פערד.

אָבער ווי קען דאָס זיין?

מען דאַרף פרעגן ביים דאָקטאָר, ער ווייס דאָך געוויס.

זאָגט, אָבער, אויך דער דאָקטאָר, אַז יאָ.

נאָר ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך צו פאָרן אָן פערד?

זינט די וועלט איז אַ וועלט, זינט מענטשן זיינען מענטשן און פערד זיינען פערד, איז מען אַלע מאָל געפאָרן מיט פערד, טאָ ווי אַזוי קען עס מיט אַמאָל ווערן אַנדערש?

און וואָס וועלן זאָגן די בעל־עגלות און די פערד?

אָבער דער דאָקטאָר זאָגט דאָך, אַז מען קען. און ער פּראָבירט דעם בעל־עגלה דערקלערן דעם שכל. עס איז גאַנץ איינפאַך, זאָגט ער:

— האָסט אַמאָל געזען ווי עס קאָכט וואַסער אין אַ טשאַיניק?

— יאָ, געזען. אַליין געקאָכט.

— האָסטו געזען, אַז ווען דאָס וואַסער אין טשאַיניק קאָכט, הייבט זיך דאָס דעקל פון טשאַיניק?

— יאָ, געזען.

— איצט שטעל זיך פאָר, ווען צום דעקל פון טשאַיניק וואָלט זיין צוגעבונדן אַ שטעקל, וואָלט זיך דאָך דאָס שטעקל הייבן, ווען עס הייבט זיך דאָס דעקל פון טשאַיניק?

— געוויס וועט עס זיך הייבן.

— און שטעל זיך פאָר, אַז צו דעם שטעקל איז באַפעסטיקט אַ רעדל, דענקסטו, אַז דאָס רעדל וועט זיך דרייען, ווען דאָס שטעקל וועט זיך הייבן אַרויף און אַראָפּ?

— ס'וועט זיך דרייען.

— און איצט שטעל זיך פאָר, אַז מען האָט אָנשטאָט אַ געוויינלעכן טשאַיניק זייער אַ גרויסן טשאַיניק, זאָלן מיר עס אָנרופן אַ קעסל. און צום דעק פון קעסל איז אָנגעבונדן אַ שטאַנג און צום ענד פון שטאַנג איז באַפעסטיקט אַ רעדל. ווען מען וועט דעם קעסל אָנגיסן מיט וואַסער און אונטער אים מאַכן אַ פייער, וועט דאָס וואַסער אין אים אָנהייבן קאָכן. און ווען דאָס וואַסער וועט קאָכן, וועט זיך דאָס דעקל פון קעסל אָנפאַנגען הייבן אַרויף און אַראָפּ. און אַז עס וועט זיך הייבן דאָס דעקל, וועט זיך הייבן דער שטאַנג. און אַז דער שטאַנג וועט זיך הייבן אַרויף און אַראָפּ, וועט זיך דאָס רעדל דרייען. איז עס ריכטיק?

— יאָ, ריכטיק.

— איצט שטעל זיך פאָר, אַז מיט דעם רעדל פון שטאַנג איז פאַרבונדן אַ ראָד פון אַ וואָגן. דענקסטו, אַז ווען עס וועט זיך דרייען דאָס רעדל פון שטאַנג, וועט זיך אויך אָנפאַנגען דרייען דאָס ראָד פון וואָגן?

— יאָ, עס וועט זיך דרייען.

— נו, איז עס דאָך גאַנץ קלאָר. עס איז אַ מאַשין אַזאָ, וואָס האָט אַ קעסל מיט אַ דעקל, מיט אַ שטאַנג, מיט אַ רעדל, מיט אַ גרויסן ראָד און מיט נאָך רעדער. הייצט מען דעם קעסל, קאָכט דאָס וואַסער, הייבט זיך דאָס דעקל, באַוועגט זיך דער שטאַנג, דרייט זיך דאָס רעדל, פאַנגט זיך אָן דרייען דאָס גרויסע ראָד מיט די אַנדערע רעדער און עס פאָרט.

אַז די רעדער דרייען זיך, מוז מען דאָך פאָרן.

— האסט פֿארשטאַנען?
— יאָ, איך האָב עס פֿארשטאַנען, אָבער...
— אָבער וואָס?
— איך וואָלט וועלן וויסן וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד...

*

די מעשה איז געענדיקט, אָבער לאָכט ניט פֿון דעם אָרעמען בעל־עגלה, וואָס האָט נאָך אַלע דערקלערונגען דאָך זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז מען קען פֿאָרן אָן פֿערד.

ווען אַ מענטש פֿאָרט אַפֿ זיין גאַנץ לעבן אין אַ וואָגן מיט פֿערד, איז פֿאַר אים זייער שווער זיך צוגעוואוינען צו דעם געדאַנק, אַז מען קען אַנפּאַנגען פֿאָרן אָן פֿערד.

קליגערע און געבילדעטערע מענטשן פֿון דעם דערמאָנטן קליין־שטעטל־דיקן בעל־עגלה פֿרעגן נאָך אָפֿט היינט אַזעלכע פֿראַגן, וואָס זיינען גאַנץ שטאַרק ענלעך צו דעם בעל־עגלהס פֿראַגע — וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?

פּראָבירט נאָר אַרויסזאָגן איינעם אַ געדאַנק, וועלכער איז אים גאַנץ ניי, וועט עס אייך אָפֿט גאָרניט העלפֿן, וואָס איר וועט אייער געדאַנק דערקלערן מיט אַלע איינצלהייטן און איר וועט פֿאָרויס פֿאַרענטפֿערן אַלע מעגלעכע קשיות, וואָס קענען אייך געשטעלט ווערן, וואָרום צום סוף פֿון אַלע אייערע דער־קלערונגען וועט אייך געשטעלט ווערן די פֿראַגע: וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?

יעדער, וואָס האָלט לעקציעס, נאָך וועלכער עס ווערן געשטעלט פֿראַגן, קען אייך דערציילן פֿון זיין דערפֿאַרונג, אַז די מייסטע פֿראַגן, וואָס ווערן אים געשטעלט זיינען ענלעך צו די, וואָס דער דערמאָנטער בעל־עגלה האָט געשטעלט דעם דאָקטאָר נאָך זיין דערקלערונג וועגן דער אייזנבאַן.

איך קריג אָפֿט בריוו פֿון לעזער וועגן פֿאַרשיידענע פֿראַגן, וואָס מיר קומט אויס צו באַרירן אין מיינע אַרטיקלען, און פֿון זיי דערוויס איך זיך, אַז איך האָב געלעבט אין אַ טעות, ווען איך האָב געגלייבט, אַז מיר האָט זיך איינגע־געבן קלאָר צו מאַכן אַ געדאַנק, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט קלאָר מאַכן. אין די בריוו געפֿין איך אויף אַזאַ אופֿן אָדער אויף אַן אַנדערן, מיט אַזעלכע ווערטער אָדער מיט אַנדערע, די אַלטע פֿראַגע פֿון בעל־עגלה — „און וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?"

מען דערציילט אַ וויץ וועגן אַ פֿרומען ייד, וועלכער האָט בשום אופֿן ניט געגלייבט, ווען מען האָט אים דערציילט, אַז מען האָט געזען זיין זון עסן תשעה־באב אין אַ גוייִשן רעסטאָראַן. עס קען ניט זיין, האָט דער פֿרומער ייד פֿאַר־זיכערט, וואָרום ווי אַזוי האָט ער געקענט עסן, ווען תשעה־באב לייגט מען אין דער פֿרי צום דאַווענען קיין תּפֿילין ניט. און פֿאַרן לייגן תּפֿילין טאָר מען ניט עסן.

דאָס איז אָבער אַ געדאַנקען־גאַנג, וואָס מען קען גאַנץ אָפֿט אָנטרעפֿן ניט בלויז ביי פֿרומע בטלנישע יידן, נאָר אויך ביי גאַנץ מאָדערנע מענטשן. פּראָ־בירט זיך נאָר מיט זיי פֿונאַנדערערדן וועגן זאַכן, וועלכע זיינען זיי פֿרעמד

און וועגן אידעען, וועלכע זיינען ווייט אָדער קעגנגעזעצט פֿון די, פֿאַר וועלכע זיי האַלטן זיך, און איר וועט באַקומען אַן ענלעכן ענטפֿער.

מייסטנס הערט מען די פֿראַגע „וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?" ווען מען רעדט וועגן סאָציאַליזם. איר פּרובירט מאָלן אַ בילד פֿון אַ מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, וועלכע איז אין גאַנצן ניט ענלעך צו דער היינטיקער. און ווען איר זענט פּאַרטיק, קען איך אַ ייד אַ פֿרעג טאָן: און וואו וועט מען נעמען אַ שוחט צו קוילענען כּפּרות?

פֿון די פֿראַגן, וואָס מען שטעלט אייך, קענט איר ניט אַלע מאָל וויסן, אויב מען האָט אייך פֿאַרשטאַנען אָדער ניט. איר קענט אָבער מייסטנס וויסן פֿון די פֿראַגן, וואָס פֿאַרא געדאַנקען־גאַנג די פֿראַגע־שטעלער האָבן און אין וואָס זיי גלייבן. איינער קען גאַנץ גוט פֿאַרשטיין, וואָס איר זאָגט אים. אָבער עס קלינגט אין זיינע אויערן אַזוי פֿרעמד, אַז ער קען זיך ניט אַריינלעבן אין דעם, וואָס איר האָט אים געזאָגט. און די פֿראַגע, וואָס ער שטעלט אייך, קומט ביי אים ניט פֿון דעם נייעם געדאַנק, וואָס איר האָט דערקלערט, נאָר פֿון די געדאַנקען, מיט וועלכע אים איז אַזוי שווער זיך צו שיידן.

די פֿראַגע פֿון דעם בעל־עגלה — „וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?" — איז געקומען דערפֿון, וואָס ער האָט נאָך אַלע דערקלערונגען פֿון דאָקטאָר זיך דאָך ניט געקענט באַפֿרייען פֿון זיין בעל־עגלהשן געדאַנקען־גאַנג. און אַזוי איז עס אויך מיט אַלע אַנדערע, וועלכע שטעלן פֿראַגן, וואָס זיינען ענלעך צו דער בעל־עגלהשער פֿראַגע.

עס איז בלויז אַן אונטערשייד אין די ווערטער, אין דער פֿאָרם, אָבער דער תּוך פֿון דער פֿראַגע איז דער זעלביקער.

אָבער דער ענדלעכער רעזולטאַט איז, אַז דער בעל־עגלה האָט מיט דער פֿראַגע „וואו שפּאַנט מען איין די פֿערד?" ניט פֿאַרמידן די איינפֿירונג פֿון אייזנבאַן אין זיין שטעטל. ער אַליין איז שפּעטער געפֿאָרן מיט דער אייזנבאַן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט אויך שפּעטער ניט פֿאַרשטאַנען דעם שׂכל ווי אַזוי די אייזנבאַן פֿאָרט אָן פֿערד.

נאָר ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט צו דער אייזנבאַן און זי איז געוואָרן פֿאַר אים אַזוי נאַטירלעך, אַז עס איז אים שוין מער אַפֿילו ניט איינגעפֿאַלן צו זוכן וואו מען שפּאַנט איין די פֿערד.

1935

# מיין רייזע אין ארץ־ישראל*

## אויפֿן וועג

עס איז געווען ווינטער פֿון 1921, ווען מיר האָט זיך פֿארגלוסט אַ קוק צו טאָן, ווי די וועלט אויף יענער זייט פֿון ים אוקינוס זעט אויס נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה. איך האָב געוואָלט זען איראָפּע, וועלכע איך האָב שוין איבער צוועלף יאָר פֿאַרלאָזן, און איך האָב אויך געוואָלט זען פּאַלעסטינע, וועלכע איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען.

דעם 19טן מערץ האָב איך זיך געזעצט אין ניו־יאָרקער האָפֿן אויף דער גרויסער ענגלישער שיף „אָלימפּיק" און האָב אַנגעפֿאַנגען פֿאָרן.

די רייזע אויפֿן שיף איז געווען לאַנגווייליק. עס מוז זיין לאַנגווייליק. פֿאַר דעם צוועק איז דאָך דער ים באַשאַפֿן געוואָרן.

דער ים איז זייער אַ לאַנגווייליקע באַשעפֿעניש. אַבער אַ כוואַליע און ווידער אַ כוואַליע. אַמאָל אַ גרעסערע, אַמאָל אַ קלענערע, אָבער קיין אַנדער זאַך, ווי וואַרפֿן כוואַליעס ווייס דער ים ניט. פֿון אָנפֿאַנג איז עס אינטערעסאַנט צו קוקן אויף דער אומענדלעכער גרויסער וואַסער־מאַסע, וועלכע האַלט זיך כּסדר אין איין וויגן. דאָס אויג האָט הנאה פֿון דעם פֿאַרבן־שפּיל, וועלכע די ליכטשטראַלן פֿון דער זון באַשאַפֿן אין וואַסער. ביסלעכווייז אָבער, ווערט נמאס קוקנדיק. עס חזרט זיך כּסדר איבער דאָס זעלביקע.

פֿאַר פּאָעטן אפֿשר איז דער ים אַ גוטע טעמע צו שרייבן פּאָעטישע גראַמען אָדער סתם אַזוי אַ לירישן אויסגוס וועגן דעם שטענדיקן אומרואיקן וואַסערקעסל, וועלכער רוישט און וואַרפֿט זיך אין קדחת. פֿאַר אַ פּראָזאַאישן מענטשן, אָבער, איז דער ים זייער אַ לאַנגווייליקע זאַך, די לאַנגווייליקסטע זאַך, וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אויף זיין וועלט.

איך שטעל מיר פֿאָר, אַז גאָט האָט דעם ים באַשאַפֿן, ווען ער איז געווען מיד און שלעפֿעריק. ער האָט אים באַשאַפֿן דורך אַ געגעץ, ווייל בלויז דורך אַ מידן שלעפֿעריקן געגעץ קען אַזאַ זאַך באַשאַפֿן ווערן.

איך גלייב, אַז אַפֿילו פֿאַר פּאָעטן מוז דער ים זיין אַ גאַנץ לאַנגווייליקע באַשעפֿעניש, וואָרום זיי האָבן געמוזט פֿאַרברויכן אַ סך פֿאַנטאַזיע אים אינטערעסאַנטער צו מאַכן כאָטש אויפֿן פּאַפּיר. זיי האָבן אים אָנגעפֿילט מיט פֿאַנטאַסטישע נימפֿן, מיט וואַסער־געטער און מיט שדים.

ליידער האָב איך אָבער, פֿאַר די עטלעכע טעג, וואָס איך בין געפֿאָרן אויפֿן ים, ניט געזען קיין איין נימפֿע, ניט איין וואַסער־גאָט און ניט איין וואַסער־

---

* קאַפּיטלען פֿון בוך מיטן זעלבן נאָמען, אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג „די וועלט", וואַרשע, 1923.

טיוול. בלויז הימל און וואַסער. אַ לאַנגווייליק צעדרייט וואַסער און אַ לאַנגווייליקער כמורנער הימל. דאָס אויג ווערט מיד קוקנדיק און עס פאַנגט אָן נודיען אויפן האַרצן.

וואָלטן כאָטש די פיש, וואָס מען זאָגט, אַז זיי זיינען פאַראַן אין ים, זיך אַמאָל באַוויזן אויפן וואַסער, וואָלט זיך די גרויסע ים־וויסטעניש אַ ביסל וויניקער געפילט. נאָר איך הער אויף צו גלייבן, אַז אין ים זיינען פאַראַן פיש. אויב זיי זיינען דאָרטן אַמאָל געווען, האָבן זיי געמוזט אויסשטאַרבן פון לאַנגווייליקייט.

און אפשר האָב איך אַ טעות. לאַנגווייליק איז בלויז אונדז פּאַסאַזשירן, וועלכע לעבן אויפן ים אויף אַלעם פאַרטיקן און גייען אַרום גאַנצע טעג אָן אַ ברעקל אַרבעט, ניט וויסנדיק, וואו די צייט אַהינצוטאָן. די פיש, אָבער זיינען אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען, מיט זוכן חיונה, זיי מוזן נעבעך שווער אַרבעטן אויף אַ לעבן און זיי האָבן קיין צייט ניט זיך צו לאַנגווייליקן.

נאָך אַ קנאַפּע זעקס טעג האָט זיך מיין לאַנגווייליקע רייזע אויפן וואַסער געענדיקט און איך האָב אָנגעהויבן רייזן אויף דער יבשה, אָבער, עס זיינען געווען צייטן, ווען די רייזע אויף דער יבשה איז געווען לאַנגווייליקער, ווי אויפן ים. איך בין דורכגעפאָרן כמעט גאַנץ אייראָפּע און אויסגעפאָרן אויף כמעט אַלע אייזנבאַנען פון דער באַנייטער אייראָפּע. און אין מאַנכע אייראָפּעאישע מדינות, באַזונדערס אין די נייע, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ווען איך וואָלט געגאַנגען צו־פוס, וואָלט איך שנעלער געקומען ווי פאָרנדיק מיט דער באַן. אין אייראָפּע איילט מען זיך ניט. מענטשן האָבן דאָרט אַ סך צייט. פון וואַנען זיי נעמען אַזוי פיל צייט, ווייס איך ניט, אָבער זיי האָבן. דאָס האָט מען בלויז אין אַמעריקע אויסגעטראַכט, אַז צייט איז געלט. ווען דאָס וואָלט געווען אמת, וואָלטן די מענטשן אין אייראָפּע, וועלכע האָבן אַזוי פיל צייט, געדאַרפט זיין שטיין־רייך.

## דער וועג אין אַרץ־ישראל

אַן אַלטער חלום מיינער, אַ חלום פון מיינע חדר־יאָרן נאָך, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך פאָר אין ארץ־ישראל. איך פאָר זען דאָס אַלטע לאַנד, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן די פאַרגאַנגנהייט פון דעם יידישן פאָלק, מיין פאָלק; דאָס לאַנד, וואָס לעבט נאָך היינט אַזוי פריש אין דעם זכרון פון אַ גרויסן טייל פון יידישן פאָלק און וואָס דערוועקט נאָך ראָמאַנטישע געפילן אין די הערצער אַפילו פון אַזעלכע, וואָס האָבן שוין לאַנג אויפגעגעבן די האָפנונג און דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט צוריק צו פאַרבינדן דאָס אַלטע פאָלק מיט דעם אַלטן לאַנד.

די ווערטער „אַרץ־ישראל״, אַרום וועלכע עס האָבן זיך אַזוי פיל פאַנטאַסטישע חלומות געוועבט אין מיינע חדר־יאָרן און וועלכע האָבן אויך שפּעטער אַזוי פיל ראָמאַנטישע געפילן אין מיין האַרצן אַרויסגערופן, האָבן נאָך היינט ניט אין גאַנצן זייער ראָמאַנטישע קראַפט פאַרלוירן.

„פּאַלעסטינע״ איז אַ טרוקן פּאָליטיש וואָרט, וואָס רעדט ניט צום האַרצן און ניט צו דער נשמה. „פּאַלעסטינע״ דערמאָנט אייך בלויז אַ פּאָליטישע באַוועגונג, אין וועלכער איר גלייבט ניט. ארץ־ישראל איז אָבער פול מיט ראַ־

מאַנטיזם, מיט פֿאַנטאַזיע, מיט חלומות און בענקעניש. איך בין געפֿאָרן אין ארץ־ישראל.

*

איך בין געפֿאָרן אויפֿן אַלטן יידישן וועג — צווערשט אין מצרים(עגיפּטן) און פֿון דאָרט קיין ארץ־ישראל. ניט מער אין מצרים בין איך אַ ביסל אַנדערש געפֿאָרן, ווי מיין עלטער־זיידע יעקב מיט זיינע קינדער זיינען געפֿאָרן.

איך בין געפֿאָרן מיט אַ שיף פֿון טריעסט אין אַלעקסאַנדריע. אַ גאַנץ אַנ־גענעמע רייזע, ווען דער ים איז רואיק און שטיל.

אַמאָל, אין די אַלטע צייטן, איז אַלעקסאַנדריע געווען אַ וויכטיקער יידישער צענטער, אַ צווייטער ירושלים. אַלעקסאַנדריע האָט אַפילו אַ בית־המקדש גע־האַט און האָט גרויס קאָנקורענץ ירושלים געמאַכט. דאָס אָפּגעשוואַכטע ירוש־לים האָט געדאַרפֿט פֿירן אַן אָנגעשטרענגטן קאַמף קעגן דער אויפֿבליענדיקער אַלעקסאַנדריע. און עס איז געווען אַ צייט, ווען אַלעקסאַנדריע האָט די אויי־בערהאַנט גענומען. היינט אָבער ווייסן וויניק יידן, וואָס פֿאַרא גרויסע ראָלע אַלעקסאַנדריע האָט געשפּילט אין דער יידישער געשיכטע. אַלעקסאַנדריע האָבן יידן פֿאַרגעסן, ירושלים אָבער געדענקען זיי נאָך אַלץ.

*

די שיף איז זייער וויניק באַזעצט. עס פֿאָרן אויף איר ניט מער ווי פֿערציק אָדער פֿופֿציק פּאַסאַזשירן, שוין דריטע קלאַס און צווישנדעק אַריינגערעכנט. פּלאַץ איז פֿאַראַן פֿאַר עטלעכע הונדערט. דאָס ביסל פּאַסאַזשירן טיילן זיך אין פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן — ענגלענדער, אַמעריקאַנער, איטאַליענער, פֿראַנ־צויזן, שווייצאַריער, האָלענדער, בעלגיער, עגיפּטער, סיריער, עסטרייכער, יידן, כינעזער און אינדיער. די צאָל יידישע פּאַסאַזשירן איז זייער אַ קליינע. אין גאַנצן זיינען מיר פֿינף יידן אויפֿן שיף. איינער פֿאָרט אין קאַירא און די איבעריקע פֿיר אין פּאַלעסטינע.

גערעכנט האָב איך צו טרעפֿן אויפֿן שיף אַ רעכט ביסל יידן. עס איז גראָד איצט אין רעכטן מיטן סעזאָן פֿון זומער־רייזעס און אין יעדער רייזע־ביוראָ, וואו מיר איז אויסגעקומען צו זיין, האָב איך געטראָפֿן אַ רעכט ביסל יידן. איך האָב אַלזאָ, געזען, אַז אַ רעכט ביסל יידן מאַכן זומער־רייזעס אין פֿאַרשיידענע פּלעצער. איך בין דעריבער געווען באַרעכטיקט צו גלייבן, אַז וויינִיקסטנס וועלן כאָטש אַ טייל פֿון דער גרויסער צאָל יידישע לוסט־רייזנדע פֿאָרן אויף אַ באַזוך אין פּאַלעסטינע. עס האָבן דאָך אַזוי פֿיל רייכע יידן אין דער לעצטער צייט זיך דערקלערט אין ליבע צו פּאַלעסטינע. און זיינען דאָך פֿאַראַן אַזוי פֿיל רייכע ציוניסטן אויף דער וועלט, וועלכע זאָגן, אַז זיי בענקען נאָך דעם יידישן לאַנד. האָב איך אָבער אַ טעות געמאַכט אין חשבון. אייניקע גויים האָב איך גראָד געטראָפֿן אויפֿן שיף, וועלכע פֿאָרן אין פּאַלעסטינע אויף אַ לוסט־רייזע. יידן אָבער, קיין איינעם ניט. פֿון די דריי פּאַלעסטינע־פּאַסאַזשירן, אויסער מיר, איז איינער אַ חסידישער יונגערמאַן פֿון גאַליציע, וועלכער פֿאָרט אין ירושלים זיך באַזעצן, און צוויי זיינען יונגע בחורים פֿון קאַנאַדע, וועלכע ווייסן נאָך אַליין ניט גענוי, וואָס זיי וועלן טאָן אין פּאַלעסטינע. זיי רעכענען, אַז זיי וועלן דאָרט

באקומען שטעלעס ביי דער ענגלישער רעגירונג און וועלן קענען פארבלייבן אין פאלעסטינע אויף שטענדיק. וואו אבער עס זיינען די רייכע יידן, וועלכע בענקען אזוי שטארק נאך פאלעסטינע, ווייס איך ניט. אויפן וועג האב איך זיי אלנפאלס ניט געטראפן.

## אין אלעקסאנדריע

עמעצער, א ליץ, האט געוואלט מאכן א שפאס און זען ווי עס וועט אויסקוקן א שטאט, ווען מען וועט אין איר אריינלאזן אלע מינים פעלקער און מענטשן, וואס די וועלט פארמאגט און זיי לאזן דארטן פריי לעבן ווי יעדן איינעם געפעלט און ווי יעדער איינער איז געוואוינט. האט דער דאזיקער ליץ אויסגעבויט די שטאט אלעקסאנדריע און ער האט געהאט מער שפאס, ווי זיין הארץ האט אים נאר געקענט גלוסטן.

אין אלעקסאנדריע האט זיך צונויפגעמישט אין איין קאשע שטיקער פון דער מאדערנער איראפע און רעשטן פון די אפגעשטאנענסטע טיילן פון אריענט. איר געפינט אין אלעקסאנדריע הייזער, וועלכע זיינען געבויט נאך דעם לעצטן ווארט פון דער איראפעאישער ארכיטעקטור, און איר געפינט דארטן הייזער, וואס דערמאנען אייך אין די צייטן פון יציאת־מצרים. פון איין זייט זעט איר מענער און פרויען, וועלכע גייען אנגעטאן נאך דער לעצטער פאריזער מאדע, און פון דער אנדערער זייט זעט איר מענער און פרויען, וועמעס קליידונג עס דערמאנט אייך די ביבלישע צייטן. און אלע זיינען צונויפגעמישט אין איין קנויל. אט גייט א דאמע אין א קורץ קליידל, קוים ביז די קני, א בלוזע מיט קוים א סימן פון ארבל, א הוט באפעדערט און באמלימלט פון אלע זייטן און ביי איר זייט רוקט זיך שטיל פארביי עפעס א באשעפעניש ארומגעוויקלט פון קאפ ביז די פיס אין א שווארצן טוך, פארשלייערט מיט א טיכל און אזא שפולכל איבער דעם אויבערשטן טייל פון נאז, אז איר זאלט בשום אופן ניט קאנען זען, וואס פארא פנים דאס דאזיקע באשעפעניש האט. איר שטויסט זיך בלויז אן, אז דאס איז אן אראבישע פרוי. און אט גייט א יונגערמאנטשיק אויסגעפוצט אין עסיק און האניק מיט א מאנאקל אין אויג. ווייזט אויס, ערשט פון לאנדאן געקו־מען, און ביי זיין זייט גייט עפעס א מין מענטש אין א לאנג העמד, ארומגעוויקלט פון אויבן מיט א האלב גרויער קאלדרע, וועלכע הייבט זיך אן פון קאפ און ענ־דיקט זיך ביז זיינע בארוועסע פיס, און דאס איז זיין גאנצע באקליידונג.

אין יעדער גאס קענט איר זען א געמיש פון קאפעליושן און טורבאנען, היטלען און פעשקעס, זשאקעטן און כאלאטן — אן אמתע אויסשטעלונג פון אלע מינים קליידער, וואס מענטשן טראגן אין אלע פינף טיילן פון דער וועלט. און אלץ איז צונויפגעמישט, צונויפגעדרייט אין איין קנויל, און עס איז א ליארם, א געטומל אזש פארטויבט צו ווערן. דא פליט א העכסט מאדערנער אויטאמא־ביל און בלאזט שופר אויף דער העכסטער אקטאווע, און דא יאגט זיך אן אראַ־בער מיט א לאנג העמד, זיין איינציקע באקליידונג, נאך זיין שעפסל, וואס האט זיך דערשראקן און האט זיך הענדום־פענדום געלאזן לויפן פונקט דעם אויטא־מאביל אנטקעגן. דער אראבער שרייט מיט באנומענע קולות און שעלט דעם

שאָפּער פֿון דעם אויטאָמאָביל מיט אַלע קללות פֿון דער תוכחה, און דער שאָפֿער, אַן עגיפּטער אָדער טערק, קען אויך די קונסט פֿון שעלטן און ער ענטפֿערט אָפּ אויפֿן קול פּסוק פֿאַר פּסוק.

אַלע שפּראַכן פֿון דער וועלט הערט מען אין אַלעקסאַנדריע. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די אַראַבישע שפּראַך הערט זיך מער פֿאַר אַלע. נאָך אַראַביש קומט פֿראַנצויזיש. ענגליש פֿאַרנעמט דעם דריטן פּלאַץ. נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַראַבער אין אַלעקסאַנדריע האָבן אויף מיר געמאַכט ניט קיין איבעריק געהויבענעם איינדרוק, בין איך דאָך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין דער צייט פֿון יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען אין אַלעקסאַנדריע, איז די באַקוועמסטע זאַך צו זיין אַן אַראַבער. עס איז געווען מוראַדיק הייס, אַן אמתע גיהנום־היץ, און איך האָב באמת מקנא געווען די אַראַבער פֿאַר זייערע לייכטע זומערדיקע בגדים, וואָס באַשטייען בלויז פֿון איין העמד, אין וועלכן עס איז אַזוי באַקוועם צו זיצן אין שאָטן ערגעץ ביי אַ וואַנט און דרעמלען.

## אין דער הויפּטשטאָט פֿון מצרים

איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט אָנצוקוקן אַלעקסאַנדריע, ווי געהעריק איז. איך האָב אַפֿילו ניט געזען דעם באַרימטן ספֿינקס, וועלכער געפֿינט זיך ביי אַלעקסאַנדריע. די באַדינער אין האָטעל, וואו איך בין איינגעשטאַנען האָבן מיך איינפֿאַך אָנגעשראָקן און מיך גאַנץ דרינגענד געראָטן, אַז איך זאָל אויסמיידן די טיילן פֿון שטאָט, וואו עס וואוינען בלויז אַראַבער און איך זאָל בעסער פֿאַר־בלייבן אין דעם אייראָפּעאישן טייל פֿון שטאָט. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז נאָך די שרעקלעכע בלוטיקע פּאָסירונגען, וועלכע זיינען פֿאָרגעקומען די לעצטע וואָך פֿון מאַי, איז עס גליַיכער פֿאַר אַן אייראָפּעער אָדער אַן אַמעריקאַנער, צו־ליב זיכערהייט וועגן, אויסצומיידן די טיילן פֿון שטאָט, וואו בלויז אַראַבער וואוינען. און אַזוי ווי אַ ייד איז אין אַלגעמיין אַ שטיקל פּחדן און אַזוי ווי איך האָב קיין שום חשק ניט געהאַט דורכגעשאָסן צו ווערן פֿון אַן עגיפּטישן אַראַבער און ווערן אַ שוכן עפֿר אין מצרים, האָב איך געפֿאָלגט די עצה פֿון די האָטעל־באַ־דינער און ניט געזוכט קיין צו נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיט פּרעהס לאַנדסלייט. איך בין דעריבער פֿון אַלעקסאַנדריע אַוועקגעפֿאָרן אויפֿן צווייטן טאָג, ווי איך בין אַהינגעקומען. דערפֿאַר האָב איך קאַירא, די הויפּטשטאָט פֿון מצרים שוין אָנ־געקוקט געהעריק. אין קאַירא זיינען קיין אומאָרדנונגען ניט פֿאָרגעקומען די לעצטע צייטן און איך האָב דאָרטן קיינעם ניט געפֿונען, ווער עס זאָל מיך אָנשרעקן. אין קעגנטייל, ווי איך בין נאָר פֿון וואַגאָן אַרויס, האָב איך שוין גע־האַט אַ מנין אַראַבער אַרום זיך, וועלכע האָבן זיך אָנגעבאָטן צו זיין פֿירער און מיר ווייזן וואָסערע וואונדער קאַירא פֿאַרמאַגט. און זיי ווען עס מיר טאָן פֿאַר זייער ביליק. בלויז פֿינף שילינג אָדער צוואַנציק פּיאַסטער. און איינער האָט מיר בסוד פֿאַרטרויט, אַז ער איז גרייט מיך צו פֿירן, וואוהין איך וויל נאָר פֿאַר צוויי שילינג. דאָס איז ווירקלעך אַ מציאה. וואָרום איר דאַרפֿט וויסן, אַז מיין אַמעריקאַנער גבירות האָט פּלוצים אויפֿגעהערט, ווי איך בין אין מצרים אָנגעקומען. איך האָב אָנגעהויבן בייטן מיינע אַמעריקאַנער דאָלאַרן אויף עגיפּטישע פֿונטן. איך בין

די גאַנצע צייט פֿון מיין רייזע געוואוינט געווען צו קריגן פֿאַר מיינע אַמעריקאַנער דאָלאַרן אַ הויפֿן מיט געלט. און דאָ פּלוצים דרייט זיך איבער דאָס רעדל און מיין אַמעריקאַנער דאָלאַר ווערט אויס יחסן. עס איז גאָר פֿאַרקערט. איך שלעפּ אַרויס פֿון קעשענע אַ רעכט פּעקל דאָלאַרן און קריג פֿאַר זיי בלויז עטלעכע פֿונטן. און וואָלטן כאָטש די פֿונטן האָבן אַ ממשות, איז דאָס אויך ניט. זיי צעשמעלצן פּשוט אין די הענט. מען שלעפּט פֿון אייך די פּיאַסטערס פּונקט מיט אַזאַ לייכטקייט ווי אין פּוילן די מאַרקן. דער אונטערשייד איז אָבער, וואָס פֿאַר אַ דאָלאַר קריג איך דאָ בלויז פֿינף און צוואַנציק פּיאַסטערס בעת אין פּוילן פֿלעג איך קריגן אַ פֿולע קעשענע מיט מאַרקן.

נאָר אַז יידן איז ניט באַשערט קיין מציאה, קען זי אים אַריינקומען אין שטוב אַריין און ער וועט זי ניט קריגן. איך האָב מיין מציאהדיקן פֿירער געהייסן קומען צו מיר אין האָטעל און פֿון דאָרטן וועל איך גיין מיט אים זען די שטאָט און אירע וואונדער. האָט מען אָבער אים אין האָטעל ניט אַריינגעלאָזן, ווייל דער פּאָרטער פֿון האָטעל האָט זיך זיינע פֿירער, וועלכע ער רעקאָמענדירט און פֿון וועלכע ער קריגט אַ חלק. פֿאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז ביי דעם האָטעל־פּאָרטערס פֿירער האָב איך שוין קיין מציאה ניט געהאַנדלט.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע זאַך מוז מען זען די פּיראַמידן מיט דעם הויכן ספֿינקס, ווייל עס איז פֿאַראַן אַ סברא, אַז מיינע עלטער־זיידעס האָבן זיי געבויט. איך האָב זיי געזען. און טאַקע געריטן אויף אַ קעמל אויך. און ניט נאָר אויף אַ קעמל נאָר אויך אויף אַ מויל־אייזל. צו די פּיראַמידן בין איך געריטן אויף אַ קעמל און צוריק אויף אַ מויל־אייזל, כּדי צו פֿאַרזוכן דעם טעם פֿוןביידע. און עס פֿאַרשטייט זיך אויך, אַז איך בין געווען אין די קאַטאַקאָמבן און אין דעם טעמפּל, וועלכע געפֿינען זיך ביי די פּיראַמידן און אין זיי געזען ווי די מלכים פֿון מצרים זיינען געווען באַגראָבן און וואָסערע קינסטלער די עגיפּטער פֿון קנאַפּע פֿינף טויזנט יאָר צוריק זיינען געווען אין אַרכיטעקטור און אין סקולפּטור־אַרבעט. און פֿאַר צען פּיאַסטערס האָט מיר אַן אַראַבער געוויזן אַ קונץ, ווי אַזוי ער קען אין צען מינוט צייט אַרויפֿדראַפּען זיך ווי אַ קאַץ ביז צום שפּיץ פֿון העכסטן פּיראַמיד און אַראָפּקלעטערן צוריק. דער דאָזיקער אַראַבער איז מיר פּלוצים ווי פֿון זאַמד אַרויסגעוואָקסן און אַזוי פּלוצים פֿאַרשוואונדן. און אַזוי האָט זיך יעדער מאָל עפּעס אַן אַנדערער אַראַבער זיך פּלוצים באַוויזן ביי מיין זייט און איז פּלוצים נעלם געוואָרן. יעדער איז געקומען מיר עטוואָס אָנבאָטן. איינער עפּעס אַ קונץ; דער צווייטער מיט אַן עגיפּטישן אַרטיקל, וועלכער איז, ווי ער פֿאַרזיכערט מיך, מער ווי זעקס טויזנט יאָר אַלט; דער דריטער מיט אַ שטיק גראַניט, אָדער אַלבאַסטער־שטיין פֿון טעמפּל; דער פֿערטער איז גרייט מיר אויסצולייענען פֿון מיין האַנט מיין גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט און מיר זאָגן, וואָס מיין צוקונפֿט וועט זיין; דער פֿינפֿטער האָט פֿאַר מיר אַזאַ מין ציגאַרעטן, וואָס ווען איך רויכער זיי וועל איך תּמיד זיין שטאַרק, געזונט און יונג. אין די היצן וועל איך זיך פֿון זיי פֿילן קיל און אין קעלט וועט מיר פֿון זיי ווערן וואַרעם. איך קען מיט זיי שטילן מיין דורשט און מיין הונגער, באַזונדערס זיינען זיי גוט פֿאַר פֿאַרדייאונג און קעגן קאָפּווייטאָג. ועל כּולם וועט זיך יעדע שיינע דאַמע אין מיר פֿאַרליבן, ווען איך וועל רייכערן איינעם פֿון די ציגאַרעטן אין איר

קעגנוואַרט, זי דאַרף בלויז דערשמעקן דעם ריח און זי פֿאַרליבט זיך אין מיר. און מיין פֿירער באַשטעטיקט אויף זיין הן צדק, אַז אַלץ וואָס דער ציגאַרעטן־סוחר דערציילט מיר וועגן זיין סחורה, איז דורכאויס אמת.

פֿון אָנפֿאַנג אַמוזירט מיך די גאַנצע געשיכטע, ווי איין אַראַבער נאָכן אַנדערן וואַקסן אַרויס ביי מיין זייט און דרייען מיר אַ קאָפּ מיט פֿאַרשיידענע זאַכן. ביסלעכווייז אָבער פֿאַנגען זיי מיר אָן צו דערעסן. איך הייב אָן פּילן, ווי זלידנע פֿליגן וואָלטן זיך אויף מיר אָנגעזעצט און איך קען פֿון זיי ניט פּטור ווערן. טרייב איך אָפּ איין זלידנע פֿליג, קומט אָן אַן אַנדערע. און ווען איר ווילט וויסן, וואָס אַן אמתע זלידנע פֿליג באַדייט, דאַן קומט אין קאַיראָ. זיי זיינען פּונקט ווי די דאָרטיקע אַראַבער. אַז זיי זעצן זיך אָן אויף אייך, קענט איר זיי בשום אופֿן ניט אָפּטרייבן פֿון זיך. יעדער טראָגט דאָרטן דריבער אַ בינטל לאַנגע האָר, וואָס זעט אויס ווי אַ פֿערדישער עק, אייגעפּאַסט אין אַ הענטל, כּדי אָפּצוטרייבן די פֿליגן פֿון זיך. קעגן די זלידנע אַראַבער אָבער, איז ניטאָ קיין מיטל ווי זיי אָפּצוטרייבן פֿון זיך.

*

ווילט איר דאָך אפֿשר וויסן, וואָס איך האָב געפֿילט און געטראַכט, ווען איך האָב זיך איינגעפֿונען אָט אין דעם אַלט־היסטאָרישן פּלאַץ פֿון די פֿינף־טויזנט־יעריקע פּיראַמידן און ספֿינקסן און פֿון דער וואונדערלעכער אַלט־עגיפּ־טישער קולטור און קונסט. איך האָב גאָרניט געפֿילט און גאָרניט געטראַכט. איך האָב בלויז געפֿילט אַז אויף אַ קעמל איז אפֿשר זייער גוט צו רייטן פֿאַר אַן אַראַבער, אָבער איך פֿאַר שוין בעסער אַפֿילו אין אַ „פֿאַרד". און דאָס איינ־ציקע, וואָס איך האָב געטראַכט, איז אפֿשר געווען, אַז די אַלטע עגיפּטער פֿון קאַיראָ האָבן זייערע אייניקלעך איבערגעלאָזן ניט קיין שלעכטע ירושה, דורך וועלכע זיי שלעפּן אַרויס פֿון יעדן נייעם איראָפּעער, וואָס קומט אַהער, אַ רעכט ביסל פּיאַסטערס און פֿונטן.

און ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט, האָט מיך שוין אויך אַ ביסל פֿאַר־דראָסן אויף דעם יידישן מזל. האָבן דאָך די יידן, זאָגט מען, געבויט די פּיראַ־מידן, עס הייסט, מיינע עלטער־זיידעס זיינען עס געווען די בעל־מלאכות פֿון די דאָזיקע שטיינערנע וואונדער־געביידעס, און פּרנסה פֿון זיי האָבן גראָד די אַראַבער. איך האָב מיך אָבער דערביי געטרייסט דערמיט, וואָס אין אַמעריקע האָבן יידן פּרנסה ניט בלויז פֿון די געביידעס, וואָס זיי האָבן אַליין געבויט, נאָר גאַנץ אָפֿט פֿון אַזעלכע, וואָס די גויים האָבן געבויט.

און גראָד אין דער צייט, וואָס איך בין אויף דעם הויקער פֿון דעם קעמל געריטן ביי די פּיראַמידן, האָט זיך איבער זיי באַוויזן אַן עראָפּלאַן, וועלכער האָט צעשטערט מיין לעצט ביסל אילוזיע פֿון די אַלטע אַמאָליקע עגיפּטישע צייטן. איר קענט זיך פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ פּנים פֿון חוזק דאָס האָט, ווען אַ מענטש אין אַ בערלינער שטרוי־הוט און אין אַן אַמעריקאַנער זומער־אַנצוג זיצט אויף אַן אַראַביש־אויסגעפּוצטן קעמל נעבן אַן אַלטן עגיפּטישן ספֿינקס און איבער זיין קאָפּ דרייט זיך אין דער לופֿטן אַן ענגלישער עראָפּלאַן מיט אַלע לעצטע מאָדערנע אויסבעסערונגען.

אין קאַירא זיינען פֿאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן צו זען. אָבער איך האָב זיי ערשט געקענט זען, ווען איך האָב זיך באַפֿרייט פֿון מיינע פֿירער. גראָד האָב איך געקראָגן זייער אַ פֿרומען, גאָטס־פֿאַרכטיקן פֿירער, וועלכער פֿלעגט אַלע ווײַלע דאַרפֿן גיין מתפלל זיין. און דאָס אינטערעסאַנטסטע פֿאַר אים זיינען געווען די פֿאַרשיידענע מעטשעטן, וועלכע געפֿינען זיך אין קאַירא. וואו מיר זיינען נאָר פֿאַרבייגעגאַנגען אַ מעטשעט האָט ער מיך אַהין אַריינגעפֿירט און ער האָט דערביי געכאַפּט אַ תּפֿילה. און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿאַר דער צייט פֿון זיינע תּפֿילות האָב איך געדאַרפֿט צאָלן. דערביי האָב איך דערפֿאַרן, אַז מיין פֿירער איז אַ גרויסער יחסן. ער איז שוין צוויי מאָל אין זיין לעבן עולה־לרגל געווען אין מעקאַ, דאָס הייליקסטע אָרט פֿון די מאַכמעדאַנער, און ער האָט דעריבער געטראָגן אַזאַ טורבאַן, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן זיין גרויסן יחוס. געוויס האָב איך זייער הויך געשעצט, וואָס איך האָב דעם זכות צו האָבן אַזאַ מיוחסדיקן פֿירער, אָבער איך האָב אין קאַירא געוואָלט זען אויך עפּעס אַנדערס, אַ חוץ מעטשעטן, און איך האָב זיך דעריבער מיט מיין פֿירער גאַנץ העפֿלעך געשיידט און זיך אַוועקגעלאָזט זען קאַירא אָן דער באַגלייטונג פֿון אַ טורבאַן. און אָן דעם מעקאַער טורבאַן איז עס געווען ניט נאָר ביליקער, נאָר אויך בעסער. איך האָב מיר איינגעשאַפֿט אַ קליין ביכל, „די זעענסווערטיקייטן פֿון קאַירא“, וואָס האָט אויך דערביי אַ געאָגראַפֿישע קאַרטע פֿון דער שטאָט און איך האָב מיך געלאָזט גיין.

איך בין אָבער ניט וויט געגאַנגען. די הייסע מצרים־זון איז אין גאַנצן אַרויס פֿון איר פֿוטעראַל און זי האָט געבריט און געבראָטן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זיך אומקערן אין מיין האָטעל און אָפּוואַרטן ביז די זון וועט זיך אַראָפּ־לאָזן נידעריקער און וועט ניט זיין אַזוי הייס.

## די יידן אין מצרים

מיין ערשטער זעלבשטענדיקער וויזיט איז געווען אין קוואַרטאַל פֿון די אַראַבישע יידן.

מען רופֿט זיי אָבער ניט אַראַבישע יידן, נאָר ספֿרדים אָדער פֿרענקן. מייס־טנס טאַקע פֿרענקן (צווישן ספֿרדים און פֿרענקן איז פֿאַראַן אַ גרויסער אונ־טערשייד. די ספֿרדים שטאַמען פֿון די אַמאָליקע שפּאַנישע יידן און זיי רעדן שפּאַניאָליש. די פֿרענקן קומען פֿון די מזרח־אַפֿריקאַנישע לענדער און זיי רעדן מייסטנס אַראַביש. נאָר אַזוי ווי ניט אַלע ווייסן דעם אונטערשייד, רופֿט מען אָפֿט די פֿרענקן מיט דעם נאָמען ספֿרדים).

די יידן אין מצרים רעכענען זיך אָפּ פֿאַר זייערע עלטער־זיידעס מיט פּרעהס אייניקלעך. דערפֿאַר, וואָס יידן האָבן אַמאָל געשקלאָפֿט ביי די מצריים, שקלאָפֿן איצט אַ סך מצריים ביי יידן.

היסטאָריקער קענען האָבן אַ טעות און זאָגן, אַז די איצטיקע איינוואוינער פֿון מצרים האָבן אַ קנאַפּע קרובהשאַפֿט מיט די אַמאָליקע מצריים, ביי וועלכע יידן האָבן געשקלאָפֿט, אָבער איך פֿאַרנעם זיך דאָ ניט מיט קיין היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען. איך וויל דאָ בלויז דערציילן, אַז אין מצרים זיינען פֿאַראַן אַ

סך רייכע יידן, וועלכע האָבן גרויסע געשעפטן, און אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי זיינען גאַנץ גרויסע ערד־באַזיצער, און עס פאַרשטייט זיך, אַז די מצריים אַרבעטן פאַר זיי.

אין מצרים זיינען פאַראַן צווייערליי יידן: ספרדים און אשכנזים. די ספרדים זיינען די אַלטע תושבים פון לאַנד, די אשכנזים זיינען מייסטנס ניי־אָנגעקומענע. די צאָל ספרדים איז אַ גאַנץ באַדייטנדיקע, אַרום פופציק טויזנט, בעת די צאָל פון אשכנזים איז ניט מער ווי דריי טויזנט. די ספרדים זיינען פול־שטענדיק אַראַביזירט. זיי רעדן אַראַביש, גייען אָנגעטאָן ווי אַראַבער און זעען צום גרעסטן טייל אויס ווי אַראַבער. די אשכנזים אָבער זיינען געבליבן דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אין זייערע היימען, פון וועלכע זיי זיינען געקומען. די ליט־וואַקעס זיינען געבליבן ליטוואַקעס, די רומעניער זיינען געבליבן רומעניער און די גאַליציאַנער זיינען געבליבן גאַליציאַנער. ניט מער, זיי האָבן צו זייערע פריערדיקע פאַר שפּראַכן זיך צוגעלערנט נאָך אַ צוויי אָדער דריי, ווי אַראַביש, פראַנצויזיש און איטאַליעניש. אַנדערע האָבן זיך אויך אויסגעלערנט גריכיש און די לעצטע צייט אויך ענגליש. אין דעם פרט זיינען די אשכנזים אין מצרים גרויסע בריות. זיי רעדן אויף אַלע מינים שפּראַכן. די ספרדישע יידן אָבער, זיינען שוין ווייט ניט אַזעלכע בריות. פראַנצויזיש קען אַ גאַנץ גרויסער טייל פון זיי. די יוגנט קען שוין גאָר גוט פראַנצויזיש, נאָר אויך אַ גאַנץ גרויסער טייל פון עלטערן דור פאַרשטייט פראַנצויזיש. דאָס קומט פון צוויי אורזאַכן. ערשטנס איז די פראַנצויזישע שפּראַך אין אַלגעמיין זייער שטאַרק פאַרשפּרייט אין מצרים, זי איז די צווייטע שפּראַך נאָך אַראַביש. פראַנקרייך האָט אַוועקגעלייגט אַ סך כוחות און אַ סך געלט צו פאַרשפּרייטן די פראַנצויזישע שפּראַך אין אָריענט. און זי האָט אויך געהאַט דערפאָלג. צווייטנס קומען די שולן פון דער פאַריזער אַליאַנס איזראַעליט. וואָרום, פונקט ווי די פראַנצויזישע רעגירונג האָט געזוכט צו פאַרשפּרייטן די פראַנצויזישע שפּראַך אין אָריענט אין אַלגעמיין, האָט די אַליאַנס־איזראַעליט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט פאַרשפּרייטן די פראַנצויזישע שפּראַך צווישן די יידן פון אָריענט. ביז דער לעצטער צייט, זיינען די שולן פון דער אַליאַנס־איזראַעליט געווען כמעט די איינציקע שולן, וואָס די יידן אין מצרים האָבן פאַרמאָגט.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט די ספרדישע יידן האָב איך געמאַכט גאַנץ איינפאַך. איך האָב אין מיין האָטעל ביים אויבער־פּאָרטער, וועלכער איז , ווי דער מנהג איז אין מצרים, געווען אַ ייד, זיך דערפרעגט, וואו דער קוואַרטאַל פון די ספר־דישע יידן געפינט זיך און איך בין דאָרטן אַוועק. און דאָ איז מיר דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן לשון־קודש צוניץ־געקומען אַלס אַ שפּראַך זיך צונויפצורעדן. אמת, עס האָט מיר אַ רעכט ביסל געדויערט, איידער איך האָב זיך דערשלאָגן צו אַזעלכע יידן, וועלכע קענען רעדן העברעאיש. מיט אייניקע האָב איך אָנגעהויבן „דברן", האָבן זיי מיך אָנגעקוקט, ווי אַ האָן אין בני־אדם. נאָר גייענדיק פון איינעם צום צווייטן האָב איך מיך ענדלעך דאָך אָנגעשלאָגן אויף איינעם, אַ יונגערמאַן פון באַגדאַד, וועלכער רעדט נאָך נישקשהדיק העברעאיש. און ווען איך האָב מיט אים פאַרפירט אַ געשפּרעך, האָבן זיך אַרום אונדז אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַרומגעקליבן אַ רעכט ביסל יידן און צווישן זיי אַ פּאָר, וועלכע

האָבן געערדט העברעאיש גאַנץ פֿריי, באַזונדערס איינער אַן עלטערער מענטש, וועלכער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאַנצן ווי אַן אַראַבער, אָבער זיין געזיכט איז געווען ווי פֿון אַ ליטווישן יידן, עטוואָס אַזוינס, וואָס מען טרעפֿט זייער זעלטן צווישן די ספֿרדישע יידן. און אַז דאָס רעדל יידן האָט זיך דערוואוסט, אַז איך קום פֿון אַמעריקע, בין איך ביים עולם געוואָרן זייער אַ געהויבענער גאַסט. די אַמעריקאַנער יידן האָבן געראַטעוועט דאָס יידישע פֿאָלק, האָבן מיר די ספֿרדישע יידן דערקלערט. און כּדי מיר צו ווייזן, אַז איך בין אַן אָנגעלייגטער גאַסט, האָט מען מיך גלייך מכבד געווען מיט קאַווע, און טאַקע אין גאַס גופֿאַ, לעבן אַ קראָם, פֿון וואַנען מען האָט אַרויסגעבראַכט אַ פּאָר בענקלעך, וואָס איינס האָט געדינט צום זיצן און דאָס אַנדערע פֿאַר אַ טיש. און ביי אַ טאָס קאַווע, האָבן מיר זיך פֿונאַנדערגערעדט וועגן דעם לעבן פֿון די ספֿרדישע יידן אין מצרים. ניטאָ זיך וואָס צו באַקלאָגן, האָט מען מיר דערקלערט, מען האַנדלט און מען מאַכט אַ לעבן. אַ טייל זיינען טאַקע אויך גאַנץ רייך, און מען האָט מיר אויפֿן אָרט אָנגעהויבן אויסרעכענען נעמען פֿון גרויסע יידישע גבירים. און וואָס הערט זיך מכּוח אַרבעטער? — גאַנץ ווייניק, זייער און זייער ווייניק. עס לוינט זיך ניט פֿאַר אַ יידן צו זיין אַן אַרבעטער. עס באַצאָלט זיך ניט. ווען אַ ייד האָט אַ פֿינף פֿונט שטערלינג אין זיין פֿאַרמעגן, אָדער קען עס קריגן צונויפֿצובאָרגן, וועט ער דורך האַנדל מער און לייכטער פֿאַרדינען ווי פֿון אַרבעט.

נאָר אין איין האָר איז די גאַנצע שמחה מיט דעם „געהויבענעם אַמעריקאַנער גאַסט" צעשטערט געוואָרן. רעדנדיק, האָט דאָס רעדל יידן אַרום מיר דערפֿאַרן, אַז איך פֿאָר אין פּאַלעסטינע און מען האָט מיר גלייך חושד געווען, אַז איך בין אַ ציוניסט, און דאָס איז ביי די ספֿרדישע יידן גאָרניט קיין מעלה, ווי איך האָב זיך עס באַלד דערוואוסט. איינער פֿון זיי, דער עלטערער, האָט מיך פֿאָרזיכטיק אַ פֿרעג געטאָן, אויב איך בין אַ ציוניסט, וואָס איך פֿאָר אין פּאַלעסטינע. נאַרישע ספֿרדישע יידן, זיי ווייסן ניט אַז ציוניסטן פֿאָרן ניט קיין פּאַלעסטינע. איך האָב אים געענטפֿערט, אַז איך בין ניט קיין ציוניסט. לאַנגלעבן זאָלט איר, וואָס איר זייט ניט קיין ציוניסט, האָט מיך דער אַלטער געבענטשט מיט אויפֿגעהויבענע הענט. איר ווייסט גאָרניט, וואָסערע צרות עס האָבן די ציוניסטן אָנגעטאָן דעם יידישן פֿאָלק. איידער די ציוניסטן זיינען געקומען, האָט מען דאָך ניט געוואוסט פֿון קיין שנאה צו יידן ביי די אַראַבער. איצט אָבער, האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אַ שנאה צו יידן, און איין גאָט ווייס, וואָס דערפֿון קען ווערן.

איך פּראָביר פֿאַרטיידיקן אַ ביסל די ציוניסטן. איך האָב פּראָבירט דערקלערן, אַז ניט אין אַלץ זיינען שולדיק די ציוניסטן, אָבער מיין פֿאַרטיידיקונג האָט ניט געהאָלפֿן. עס האָט בלויז דערפֿירט דערצו, אַז עס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע דעבאַטע וועגן ציוניזם און איך האָב געקענט זען, וואָס פֿאַראַ שטאַרקע קעגנערשאַפֿט עס עקזיסטירט ביי די ספֿרדישע יידן צו די ציוניסטן. אַלנפֿאַלס, מוז איך צוגעבן, אַז איך אַליין האָב אַ פֿאַרדאַכט, אַז איך בין אין דער דעבאַטע ניט געווען דער בעסטער פֿאַרטיידיקער פֿון ציוניזם, וואָס די ציוניסטן וואָלטן געקענט אַרויסשטעלן. איך קען בלויז זאָגן, אַז אין פֿאַרגלייך מיט די ספֿרדישע יידן בין איך שוין אַפֿילו אַ ציוניסט.

*

און אַז מען איז שוין אין קוואַרטאַל פֿון די ספֿרדישע ייִדן, דאַרף מען שוין זען אַ ביסל אַלטערטימלעכקייטן, וואָס די ספֿרדישע ייִדן אין קאַיראָ פֿאַרמאָגן. צום אַלעם ערשט פֿאַרמאָגן זיי אַ פּאָר אַלטע שולן. איינע פֿון זיי איז דעם רמב״מס שול און איז איבער זיבן הונדערט יאָר אַלט, בין איך געגאַנגען זען.

אין דער שול גופא איז ניטאָ וואָס צו זען. עס איז אַן אַלטע שול, ווי אַלע אַנדערע אַלטע שולן פֿון איר מין. זי צייכנט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס. עס זעט זיך אַפֿילו ניט אָן, אַז זי טראָגט אַזאַ גרויס פּעקל יאָרן אויף אירע פּלייצעס. שולן, וועלכע זיינען דריי הונדערט יאָר אַלט, זעען ניט אויס ייִנגער פֿון איר. נאָר אַז איר גיט אַ טראַכט, אַז דער רמב״ם האָט אין דער שול געדאַוונט, באַשליסט איר ביי זיך, אַז ס'איז אייך ווערט געוועזן די עטלעכע שילינג באַקשיש, וואָס פֿאַרשיידענע הענט ביי דער שול האָבן אַרויסגעריסן פֿון אייך. אין דער אמתן, איז דער איבערפֿאַל, וואָס מען מאַכט אויף אייער קעשענע, ווען איר גייט אַרויס פֿון דער שול, זייער אינטערעסאַנט.

אַרום דער שול געפֿינט זיך כּסדר אַ כאַפּטע ייִדן מיט טורבאַנען אָדער פֿעשקעס אויף די קעפּ, וועלכע קוקן אויס ווי עכטע אַראַבער. זיי דרייען זיך דאָרטן אַרום און לויערן אויף אַ קרבן, פֿון וועלכן מען קען אַרויסרייסן אַ ביסל באַקשיש.

דאָס וואָרט „באַקשיש" מיינט ניט „כּאַבאַר" אָדער „גרעפּט", ווי מען פֿאַר־טייטשט עס געוויינלעך ביי אונדז. באַקשיש מיינט גיכער אַ מתּנה, אַ „טיפּ". דער קעלנער, דער טרעגער, דער האָטעל־דינער, דער דראָשקע־קוטשער — אַלע בעטן ביי אייך באַקשיש. און ווען איר קומט אין שול, זעט יעדער פֿון דער כאַפּטע באַקשישניקעס אייך אויף עטוואָס אַנצואַווייזן מיטן פֿינגער און אייך עפּעס צו דערקלערן. פֿאַרשטייט זיך אויף אַראַביש. און דאָס איינציקע וואָס איר פֿאַרשטייט פֿון דער דערקלערונג איז, אַז איר וועט דאַרפֿן געבן באַקשיש. און איר האָט עס ריכטיק פֿאַרשטאַנען. וואָרום ווי איר גייט נאָר אַרויס פֿון שול, ווערן פֿון די אַלע ווייזנדיקע פֿינגער אויסגעשטרעקטע הענט. און טאָמער פֿעלט אייך אויס קליינגעלט, האָט איר שוין ביי אייער זייט אַ ייִדן אין אַ טורבאַן, וואָס בייט אייך אויס גרויסגעלט פֿאַר קליין־געלט און אויך אים דאַרפֿט איר געבן באַקשיש. דער קיצור איז, אַז וואָס איז שייך צו באַקשיש זיינען די ספֿרדישע ייִדן זיכער פֿולשטענדיקע אַראַבער.

באַזוכנדיק נאָך אַן אַלטע שול, וואָס געפֿינט זיך אין קוואַרטאַל, און דורכ־מאַכנדיק די זעלבע דערפֿאַרונג, וואָס אין רמב״מס שול, האָב איך באַשלאָסן אין גאַנצן אָפּשייד צו נעמען פֿון די ספֿרדים און מאַכן אַ וויזיט אין דעם קוואַרטאַל פֿון די אשכּנזים. איז אָבער אין דעם קוואַרטאַל פֿון די אשכּנזים ניטאָ וואָס צו זען. עס זיינען היימישע ייִדן, וואָס כּמעט אַלע פֿון זיי זיינען קרע־מער, הענדלער, אָדער האַנדלס־אַנגעשטעלטע. עס זיינען פֿאַראַן עטלעכע אַר־בעטער, מייסטנס שניידערס און סטאָליאַרעס.

אין אַלגעמיין לעבן די אשכּנזישע ייִדן אין קאַיראָ מאַטעריעל ניט שלעכט. אָבער דאָס איז אַלץ. קיין גייסטיק און געזעלשאַפֿטלעך לעבן איז כּמעט אין גאַנצן ניטאָ. אַ גרויסער טייל איז ציוניסטיש געשטימט. אָבער קיין ייִדישע

קולטורעלע אינסטיטוציעס האָבן די אשכּנזים ניט געשאַפֿן. עס איז עפּעס יאָ פֿאַראַן אַ קולטורעלער פֿאַראיין, אָבער קוים וואָס ער לעבט.

## אונדזערע „קרובים" אין מצרים

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט אונדזערע יידישע ברידער, בין איך געגאַנגען זיך אַ ביסל נעענטער באַקענען מיט אונדזערע אַראַבישע קרובים.

די מצריים זיינען אַ ניכטער פֿאָלק. ניט ווייניקער ווי ניינציק פּראָצענט פֿון זיי טרינקען ניט קיין שום אַלקאָהאָל געטראַנקען. בלויז אַ טייל פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג זיינען אַראָפּ פֿון דעם דרך־הישר און היטן ניט אָפּ דעם נביאס פֿאַרבאָט. אַ טייל פֿון זיי טרינקט אין געהיים, און אַ טייל איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט זיך ניט צו שעמען אַפֿילו צו טרינקען בפּרהסיה, אין דער פֿולער עפֿנטלעכקייט, אָבער דער פּראָצענט טרינקער איז אַלנפֿאַלס אַ קליינער. דאָס פֿאָלק אין גאַנצן קען באַצייכנט ווערן אַלס ניכטער. און דאָס איז איינע פֿון די גרויסע מעלות פֿון דעם עגיפּטישן פֿאָלק. איך רעכן, אַז די ניכטערקייט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין עגיפּטן האָט עס געגעבן דער עגיפּטישער אינטעליגענץ די מעגלעכקייט אין אַזאַ קורצער צייט אַזוי באַדייטנדיק אויפֿצוהייבן דעם קולטורעלן צושטאַנד פֿון דעם עגיפּטישן פֿאָלק.

אַז דער קולטורעלער צושטאַנד פֿון די עגיפּטער איז באַדייטנדיק געהויבן געוואָרן פֿאַר דער לעצטער צייט, קען מען זען פֿון דער גרויסער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ציטונגען אין עגיפּטן. אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זיך דאָס לעזן פֿון ציטונגען דאָרטן זייער שטאַרק פֿאַרשפּרייט. איך האָב זיך געטראָפֿן מיט איינעם אין קאַיראָ, וועלכער לעבט שוין דאָרטן מערערע יאָרן, נאָר אין דער צייט פֿון דער מלחמה איז ער פֿון דאָרטן אַוועקגעפֿאָרן אין אַמעריקע, וואו ער איז פֿאַרבליבן איבער פֿינף יאָר צייט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די גרעסטע ענדערונג אין עגיפּטן, וועלכע האָט זיך אים גלייך געוואָרפֿן אין די אויגן, צוריקקומענדיק אַהין, איז די גרויסע פֿאַרשפּרייטונג פֿון ציטונגען. פֿריער פֿלעגט מען זעלטן זען, אַז אַ פּשוטער אַראַבער זאָל לייענען אַ ציטונג. איצט אָבער זעט מען עס אויף שריט און טריט. דער גרויסער ברייטער עולם לייענט ציטונגען, און דאָס איז דער בעסטער סימן פֿון אַ העכערן קולטורעלן צושטאַנד.

איך מוז אָבער זאָגן, אַז קיין גרויסע באַגייסטערונג פֿאַר זיך האָט אין מיר דאָס אַראַבישע פֿאָלק אין עגיפּטן ניט אַרויסגערופֿן.

אונדזער קרובהשאַפֿט מיט די אַראַבער איז ניט בלויז אַ היסטאָרישע. זי פֿילט זיך נאָך גאַנץ שטאַרק אויך היינט. איך הער אין דער אַראַבישער שפּראַך אַ סך ווערטער, וועלכע האָבן די זעלביקע באַדייטונג ווי אין העברעאיש. איך הער אין דעם אַראַבישן געזאַנג אַזעלכע נאָענטע, באַקאַנטע ניגונים, עכט חזנישע דריידלעך און אַפֿילו חסידישע דביקות. אָט בין איך איין אָוונט אין קאַיראָ אַריינגעגאַנגען אין אַן אַראַבישן קאַבאַרעט, וועלכער טראָגט אַזאַ קליינגענדיקן נאָמען ווי „טויזנט און איין נאַכט". נאָר איילט זיך ניט מיך מקנא צו זיין. אַ נאָמען אין עגיפּטן זאָגט גאָרניט. די אַראַבער האָבן ליב מליצות און

קלינגענדיקע נעמען. עס איז געווען אַ פּשוטע קאַפּע אונטערן פֿרייען הימל מיט מוזיק און געזאַנג. און כּדי איר זאָלט מיך נאָך ווייניקער מקנא זיין, וויל איך אייך שוין דערציילן, אַז קיין פֿרויען זיינען אין קאַבאַרעט ניט געווען. עס זיינען געווען בלויז מענער. אַראַבישע פֿרויען גייען ניט אין קאַפּעס און אין קאַבאַרעטן, זיי זיצן אין דער היים. בלויז איין פֿרוי איז געווען, אַ זינגערין. אָבער זי האָט געמוזט זיין אַ טערקישע, ניט קיין אַראַבישע, ווייל איר געזיכט איז געווען אַ ביסל צו ווייס פֿאַר אַן אַראַבערקע.

האָב איך באַשטעלט קאַווע און האָב זיך אָנגעפּאַסט צוצוהערן צו דעם מוזיקאַלישן פּראָגראַם. שוין איין מאָל אַ פּראָגראַם! צוערשט האָט געשפּילט אַ צימבלער אַן עכט־חסידישן ניגון. נאָך דעם האָט דער זעלביקער צימבלער מיט פּייפּלען און צוויי באַלאַלאַיקעס געשפּילט אַ ניגון, וואָס איז ענלעך צו „פֿון דער חופּה גייענדיק", וואָס כּלי־זמרים שפּילן אויף יידישע חתונות אין דער ליטע. אַ שלעפּעריקער פּייקלער האָט די גאַנצע צייט צוגעקלאַפּט צום טאַקט. איך בין זיכער, אַז ער איז די גאַנצע צייט געשלאָפֿן, אָבער זיין האַנט איז שוין אַזוי איינגעוואוינט, אַז אַפֿילו אין שלאָף קלאַפּט זי צו צום טאַקט. נאָך דעם האָבן דריי „זינגער" בלייבנדיק זיצן אויף דער באַנק, וואו זיי האָבן די גאַנצע צייט געכאַפּט אַ דרעמל, אָנגעהויבן זינגען אַ „טריאָ". דאָס איז געווען אַ שטיקל חזנות, וואו יעדער פֿון די זינגער האָט זיך געגאַרגלט און געציקלט פֿאַר זיך, ניט קוקנדיק, וואָס דער אַנדערער טוט. דאָס איז געווען אַן עכט מוזיקאַלישע „האַרמאָניע", וואָס קיין שום קאַצן־מוזיק האָט זיך מיט איר ניט געקענט פֿאַרגלייכן. צום שלוס איז אויפֿגעטראָטן די זינגערין, דער „סטאַר" פֿון אָוונט און האָט מיט אַ מאַנסבילישן קול אָנגעהויבן אויסצוציקלען אַ לידל, וועלכן זי האָט איבערגעחזרט ניט ווייניקער ווי פֿינף און צוואַנציק מאָל. וואָרום ווי זי פֿלעגט נאָר ענדיקן, פֿלעגט דער עולם אָנהייבן שרייען „קעמאָן", אויף אונדזער לשון „ביס" אָדער „אַנקאָר", און זי פֿלעגט זיך ניט לאָזן בעטן און האָט געזונגען. דאָס גאַנצע ליד איז באַשטאַנען פֿון די פֿאָלגנדיקע ווערטער:

נעאַמעל־ע בעל־כאַוויוו עלבי. כאַד מיני עלבי. אוּאַלאַ, אוּאַלאַי יאַנאַש סאַדולי".

איך בין זיכער, אַז איך האָב די ווערטער פֿאַרשריבן מיט גרייזן, נאָר אַ ליטווישער ייד, ביי וועמען איך האָב געפֿרעגט דעם פּירוש־המילות, האָט זיי פֿאַרשטאַנען און ער האָט מיר געגעבן דעם פֿאָלגנדיקן טייטש: „וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם געליבטן פֿון מיין האַרצן? ער האָט פֿון מיר דאָס האַרץ אַוועקגענומען. איך באַשווער אייך ביי גאָט, מענטשן העלפֿט מיר". און וואָס אַמאָל מער זי האָט דאָס לידל אויסגעציקלט, אַלץ מער איז געשטיגן די דביקות און די התלהבות. דער עולם האָט אָנגעהויבן צו קנאַקן מיט די פֿינגער, צופּאַטשן מיט די הענט און אויסלאָזן אַלע ווילדע אַ געשריי: אַלאַ, אַלאַ! איינער מיט אַ ווייסן טורבאַן אויפֿן קאָפּ און אין אַ בלויער זופּעצע האָט פֿון דביקות און התלהבות ניט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט. ער איז די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען, געקנאַקט מיט די פֿינגער און געפּאַטשט מיט די הענט און האָט געשאָטן מיט שבחים אויפֿן רבונו־של־עולם, אַז ער איז גרויס, שטאַרק און מעכטיק. דאָס גאַנצע האָט מיר אַזוי לעבעדיק דערמאָנט אַן אַ חסידישן מנין, אַז איך ווייס

ניט ווער וועמען האָט קאַפּירט: צי די יידן די אַראַבעד, צי די אַראַבער די יידן.

און דאָך, ווי באַענט איך האָב געפילט די קרובהשאַפט, זיינען מיר דאָך די אַראַבער אַזוי פרעמד און אַזוי ווייט געווען. און זאָל מיך גאָט און די ציוניסטן ניט שטראָפן פאַר די רייד, ווען איך וועל זאָגן, אַז צו די גוישע ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן און רוסן, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין קאַירא, האָב איך מיך געפילט נעענטער ניט נאָר ווי צו די אַראַבער, נאָר אויך ווי צו די אַראַבישע יידן. מיר זיינען אין גלות אייראפּעער געוואָרן און דער אָריענט איז אונדז אין גאַנצן פרעמד געוואָרן. מיר פילן די גאַנצע פרעמדקייט, ווען מיר קומען אַהין.

*

פאָרנדיק מיטן שיף פון טריעסט אין אַלעקסאַנדריע, האָט מיר איינער פון די פּאַסאַזשירן, וועלכער האָט געלעבט אַ לענגערע צייט אין קאַירא, אַנגעשריבן אַ גאַנץ צעטל, וואָס עס איז ווערט דאָרטן צו זען. צווישן די פאַרשיידענע זעענסווערטיקייטן האָט ער באַזונדערס רעקאָמענדירט צו זען דעם פיש־מאַרק, ווייל אַזוינס אָדער עטוואָס אַזעלכעס קען מען אויסער קאַירא אין ערגעץ ניט זען. איך האָב געפאָלגט און געגאַנגען זען. נאָר דאָ דאַרף מען אָוועקשטעלן דעם מאָראַל־צענזאָר אויף דער וואַך.

דער פיש־מאַרק איז געבליבן ביי זיין אַלטן נאָמען, ווייל אַמאָל איז דער פּלאַץ טאַקע געווען אַ פיש־מאַרק. היינט אָבער איז עס אַ מאַרק פון אָפענער, פאַרשיידנאַרטיקער פּראָסטיטוציע, אין איר שמוציקסטער, עקלדיקסטער און אָפּ־שטויסנדיקסטער פאָרם. עטוואָס מער עקלדיק און אָפּשטויסנדיק איז זיך שווער פאָרצושטעלן.

דער פיש־מאַרק פאַרנעמט אַ גאַנצן קוואַרטאַל אין מיטן דער שטאָט. ער באַשטייט פון אַ גאַנצן לאַבירינט פון קרומע, שמאָלע, שמוציקע געסלעך, און ווען איר גייט אַרויס פון דאָרטן, פילט איר זיך, ווי איר וואָלט אַרויס פון אַ פאַרפעסטעטן זומפּ אויף דער פרייער לופט. און איר גיט אַ טראַכט ביי זיך, אַז אין אַלגעמיין איז דער מענטש די שמוציקסטע און נידעריקסטע באַשעפעניש, וואָס גאָט האָט אויף זיין וועלט באַשאַפן.

*

איך בין געקומען צום שלוס, אַז ניט פון צניעות־וועגן פאַרשלייערן די אַראַ־בערקעס זייערע געזיכטער. נאָך מיין מיינונג, דאַרפן זיי עס פשוט טאָן צוליב דעם ווייל זיי זיינען גרויסע מיאוסקייטן.

מיט פאַרשלייערטע געזיכטער גייען בלויז די אַראַבישע פרויען פון די העכערע און מיטעלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. די דאָרפישע אַראַבערקעס, די פרויען פון די פעלאַכן (פויערים) גייען ניט פאַרשלייערט, און מען קען דע־ריבער זען זייערע מיאוסע פנימער גאַנץ אָפן.

עס איז אמת, אַז אין די פּאָעמעס און אין די פאַנטאַסטישע מעשהלעך פון די אַראַבישע דיכטער רעדט זיך זייער פיל פון אַראַבישע שיינקייטן. נאָר אפשר האָבן די אַראַבישע פּאָעטן געהאַט די זכיה צו זען אַזעלכע. איך אָבער, האָב

די דאָזיקע זכיה ניט געהאַט. איך האָב בלויז געזען אין מיאוסקייט גרעסער פֿון דער צווייטער. און ווער ווייס, אפֿשר האָבן פּאָעטן אַן אַנדער געשמאַק.

זעט איר צווישן די טערקישע פֿרויען קען מען שוין זען אַ רעכט ביסל שיינע. דעריבער גייען טאַקע די טערקישע פֿרויען גאַנץ ווייניק פֿאַרשלייערט. זיי טראָגן אין גאַנצן אַ האַלבן ווייסן דורכזיכטיקן שלייערל, ווי אַ פֿאַרטיכל, וואָס גיט צו מער חן, ווי עס פֿאַרשלייערט זייער געזיכט.

איך ווייס, אַז מיין מיינונג וועגן די פֿרויען־שלייערס אין אָריענט שטימט ניט מיט דער געשיכטע און מיט אַלע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאַרשונגען וועגן דעם לעבן, זיטן און מנהגים פֿון די אָריענטאַלע פֿעלקער, אָבער איך האָף, אַז די וויסנשאַפֿט וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך דערלויב זיך צו זינדיקן קעגן איר מיט מיין מיינונג. הלוואי זאָלן מיר נאָר די אַראַבישע פֿרויען אַזוי מוחל זיין.

## פֿון מצרים דורך דעם מדבר אין ארץ־ישראל

איך האָב געהאַט בדעה צו פֿאָרן פֿון מצרים קיין ארץ־ישראל מיט דעם זעלביקן וועג, וואָס אַלע יידן פֿאָרן געווינלעך. דאָס הייסט: מיט דער שיף פֿון אַלעקסאַנדריע קיין יאַפֿע. עס איז ניט דער קירצסטער וועג, אָבער דער ביי־ליקסטער. איך בין אָבער געווען געצוואונגען צו פֿאָרן מיט אַן אַנדער וועג — מיט דעם וועג, וואָס אונדזערע אור־אור־עלטערן זיינען געגאַנגען קיין ארץ־ישראל, ווען זיי זיינען אַרויס פֿון מצרים. איך בין געמלעך געפֿאָרן דורכן מדבר.

איך ווייס ניט אויב דער מדבר, דורך וועלכן איך בין געפֿאָרן, איז איינער פֿון די מדבריות, דורך וועלכן משה האָט געפֿירט די יידן פֿון מצרים. איך ווייס אַפֿילו ניט גענוי דעם נאָמען פֿון אָט דעם מדבר, דורך וועלכן איך בין גע־פֿאָרן, צי דאָס איז דער מדבר פּארן אָדער מדבר סין. איך בין אַלע מאָל געווען שוואַך אין דער ביבלישער געאָגראַפֿיע. איך ווייס בלויז, אַז עס איז ניט געווען דער מדבר סיני, ווייל פֿאָרנדיק האָב איך אין ערגעץ ניט געזען דעם באַרג סיני פֿון וועלכן מיר לייזן נאָך ביזן היינטיקן טאָג. נאָר וואָס איז דער אונטער־שייד? אַ מדבר איז עס געווען און ווי שייך זיינען די יידן, וואָס זיינען דורכ־געגאַנגען אַזוי פֿיל מדבריות אויך אים ניט דורכגעגאַנגען?

איך בין געווען געצוואונגען צו פֿאָרן מיט דעם מדבר־וועג, ווייל דער וועג מיטן שיף פֿון אַלעקסאַנדריע קיין יאַפֿע איז געוואָרן זייער אומבאַקוועם.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען דער פּאָגראָם אין יאַפֿע איז פֿאָרגעקומען.

שוין איידער איך בין אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע, האָב איך געהערט, אַז יידישע פּאַסאַזשירן האָבן גרויסע צרות ביים אַראָפּגיין פֿון שיף, ווען זיי קומען אָן אין יאַפֿע. — די שיפֿן, וועלכע קומען אָן אין יאַפֿע, גייען ניט דירעקט אַריין אין האַפֿן. זיי בלייבן שטיין אַ רעכט שטיק אויסער דעם האַפֿן און די פּאַסאַזשירן ווערן פֿון זיי אַראָפּגענומען אין לאָדקעס (קליינע שיפֿלעך). די לאָ־דאָטשניקעס זיינען אָבער אַראַבער און זינט דעם פּאָגראָם אין יאַפֿע האָבן זיי באַיקאָטירט די יידישע פּאַסאַזשירן. דערשמעקן זיי נאָר אַ יידישן פּאַסאַזשיר, זאָגן זיי זיך אָפּ אַראָפּצונעמען אים פֿון שיף און אים אַריינפֿירן אין האַפֿן. אָט טאַקע, דעם טאָג, ווען איך בין אָנגעקומען אין אַלעסאַנדריע, האָב איך געלייענט

אין די צייטונגען, אַז צען יידישע פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען געפאָרן מיטן שיף אין יאַפע, האָבן ניט געקענט לאַנדן, ווייל די אַראַבער האָבן זיי ניט געוואָלט נעמען אין זייערע שיפלעך זיי צו ברענגען צום ברעג. זיי האָבן דעריבער געמוזט פאָרן מיטן שיף ווייטער, ביז חיפה און ערשט דאָרט האָבן זיי געלאַנדעט.

ווערנדיק אויסמיידן די ביטערע דערפאַרונג, וואָס אַנדערע יידישע פּאַסאַזשירן האָבן דורכגעמאַכט, פאָרנדיק מיטן שיף קיין יאַפע, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן בעסער מיט דער יבשה. איך בין דעריבער געפאָרן פון אַלעקסאַנדריע קיין קאַירא, פון קאַירא קיין קאַנטאַרע, וואו מען גייט אַריבער די עגיפּטישע גרענעץ און פון דאָרט איבער דעם סועץ־קאַנאַל דורכן מדבר און ארץ־פּלישתּים קיין ארץ־ישראל.

די רייזע מיט דער אייזנבאַן איז אייגנטלעך ניט קיין לאַנגע. ווען מען זאָל פאָרן דירעקט און ניט מאַכן אַזעלכע לאַנגע הפסקות אויפן וועג, וואָלט עס אַפילו מיט דער שלעפּעדיקער עגיפּטישער און פּאַלעסטינער אייזנבאַן ניט דויערן מער ווי 12 שעה פון אַלעקסאַנדריע ביז ירושלים. זיינען אָבער די באַנען אין עגיפּטן און פּאַלעסטינע איינגעאָרדנט אומישנע אַזוי, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן אַרויסגעשלעפּט ווערן. די אייזנבאַן־אַדמיניסטראַציע האָט ביים אויסשטעלן די פאָרפּלאַנען שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז וואוהין איר זאָלט ניט דאַרפן פאָרן אין עגיפּטן און פּאַלעסטינע, זאָלט איר מוזן איבערבייטן די באַן וויניקסטנס אַ פּאָר מאָל און יעדעס מאָל זאָלט איר מוזן וואַרטן עטלעכע שעה אויף אַן אַנשלוס. און וואַרטן דאַרפט איר דווקא אונטערן פרייען הימל. אמת, עס זיינען עפּעס יאָ פאַראַן וואַקזאַלן. אָבער דאָס זיינען אַ מין קליינע חזיר־שטעלכלעך, אין וועלכע איר ווילט אַפילו ניט אַריינגיין. און מייסטנס, איז טאַקע ניטאָ וואוהין אַריינצוגייז. דערפאַר אָבער צאָלט איר פרייזן פאָרן פאָרן, אַז די קעשענע הייבט אָן צו קרעכצן. עס שיינט, אַז זיי רעכענען דאָרטן אַריין אין די פרייזן פון די באַן־בילעטן ניט בלויז די צייט פון פאָרן, נאָר אויך די צייט פון וואַרטן. און מייסטנס וואַרט מען מער ווי מען פאָרט.

דער מדבר, וועלכער הייבט זיך אָן באַלד נאָך קאַנטאַרע, איז אין אַלגעמיין ניט אַזאַ וויסטעניש, ווי מען שטעלט זיך פאָר פון דעם וואָרט „מדבר". אין אַנדערע ערטער זעט מען אַ ביסל גראָז, וואו ניט וואו באַווייזט זיך אַ בוים, טאַקע אַן איינזאַמער בוים, וועלכער מאַכט דאָ וויסטעניש בולטער. אָבער ער גיט דאָך די מעגלעכקייט דעם וואַנדערנדיקן בעדואינער זיך אָוועקצולייגן אין זיין שאָטן און זיך אַ ביסל אָפּקילן פון די הייסע זון־שטראַלן, וועלכע ברענען אַזוי שטאַרק אין דעם גרויסן זאַמד־ים.

וואָס אַ שאָטן פון אַ בוים באַטייט, קען מען ערשט פאַרשטיין, ווען מען איז אין פּאַלעסטינע, אָדער אין דער געגנט אַרום פּאַלעסטינע. די זון ברענט ווי פייער, עס איז אַזוי הייס, אַז אייך דוכט זיך, אַז איר ווערט אָפּגעבראָטן אַ לעבעדיקער. געפינט איר אָבער אַ בוים אָוועקצולייגן זיך אין זיין שאָטן, זייט איר אַ געראַטעוועטער. אין שאָטן פון דעם בוים איז קיל. דאָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר פּאַלעסטינע און איר אומגעגנט. אין ערגעץ איז דער אונטערשייד אין טעמפּעראַטור צווישן זון און שאָטן ניט אַזוי גרויס ווי אין פּאַלעסטינע. נאָר לאָמיר זיך ניט אַריינלאָזן אין אַן אָפּהאַנדלונג פון פיזיק.

דער עיקר איז דער פֿאַקט, אַז אַ שאָטן פֿון אַ בוים פֿאַרשטייט איר דאָן אָפּצו־
שאַצן, ווען איר זייט אין פּאַלעסטינע אָדער אין מדבר, דורך וועלכן מען פֿאָרט
קיין פּאַלעסטינע. און עס איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך, וואָס אין תּנ"ך ווערט
אַזוי אָפֿט דערמאָנט דאָס וואָרט שאָטן (צל) אַלס באַקוועמלעכקייט און קאָמפֿאָרט.

ענדלעך זיינען מיר דורכגעפֿאָרן דעם מדבר און מיר זיינען אַריינגעקומען אין
דעם לאַנד פֿון די פּלישתּים. וואו דאָס לאַנד פֿון די פּלישתּים הייבט זיך אָן און
וואו עס ענדיקט זיך, ווייס איך נאָך עד־היום ניט. עפּעס האָט די מדינה פֿון
די פּלישתּים געמוזט זיין ניט איבעריק גרויס, נאָר מיך האָט ווייניקער אינ־
טערעסירט די געאָגראַפֿיע פֿון די פּלישתּים ,ווי די נעמען פֿון די שטעט, וועל־
כע איך בין דורכגעפֿאָרן אָדער פֿאַרבייגעפֿאָרן: אשדוד, אשקלון, גת, עזה —
אַזעלכע אַלטע באַקאַנטע נעמען פֿון מיינע חדר־יאָרן, וועלכע איך האָב זייענדיק
אַ יינגל זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז זיי זיינען פֿאַראַן בלויז אין תּנ"ך, אָבער אין
דער ווירקלעכקייט זיינען אַזעלכע שטעט גאָר ניטאָ. אַזאַ פֿאָרשטעלונג האָב
איך אין מיינע קינדער־יאָרן אויך געהאַט וועגן מילגרוימען. רמון — אַ מיל־
גרוים, האָב איך מיר פֿאָרגעשטעלט איז פֿאַראַן בלויז אין חומש, אָבער אַז אַזאַ פּרי
זאָל נאָך אויך איצט עקזיסטירן — דאָס איז מיר אַפֿילו ניט איינגעפֿאַלן צו
טראַכטן.

די פּלישתּים האָב איך אין מיינע חדר־יאָרן זייער פֿיינט געהאַט. עפּעס
אַ קליניקייט, וועלכע צרות זיי האָבן אָנגעטאָן די יידן! וועגן דעם, אַז די יידן
האָבן אויך גענוג צרות אָנגעטאָן די פּלישתּים, האָב איך ניט געטראַכט. די
קונץ פֿון שרייבן געשיכטע איז שוין אַ גאַנץ אַלטע. שוין מיט טויזנט יאָר צוריק
האָבן די פֿעלקער פֿאַרשטאַנען צו שרייבן געשיכטע אַזוי, אַז זיי זאָלן אַרויס־
קומען גאָלע צדיקים און זייערע פֿיינט גאָלע רשעים. פֿון דער געשיכטע אין
דעם תּנ"ך האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז די פּלישתּים זיינען די גרעסטע
רשעים, און איך האָב זיי פֿיינט געהאַט תּכלית שנאה. ווען איך כאַפּ דאָן אַ
פּלישתּי, דערשטיק איך אים, ניט פֿרעגנדיק אַפֿילו זיין נאָמען. נאָר אשדוד,
אשקלון, עזה זיינען דאָך נעמען פֿון תּנ"ך, פֿונם אַלטן תּנ"ך, וואָס יעדעס וואָרט
פֿון אים איז אַמאָל געווען ביי מיר הייליק. און עס דערוועקן זיך אין מיר מיינע
חדר־יאָרן. איך דערמאָן זיך אָן די פֿאַרשיידענע מעשיות, וועלכע ווערן דער־
ציילט אין תּנ"ך וועגן די פּלישתּים און זייערע שטעט, און איך ווער שטאַרק
פֿאַראינטערעסירט צו וויסן, אויב די איצטיקע שטעט אשדוד, אשקלון און עזה
זיינען טאַקע די זעלביקע, וואָס איז די צייטן פֿון תּנ"ך. עפּעס גלייבט זיך מיר
אַלץ ניט, אַז דאָס זיינען די זעלבע שטעט. די פּלישתּים זיינען שוין לאַנג ניטאָ,
עס איז פֿון זיי קיין שריד ופּליט ניט געבליבן. און וויפֿל איך מאַטער זיך אויס־
צוגעפֿינען אין מיין זכרון, וואו די פּלישתּים זיינען אַהינגעקומען, קען איך דאָך
קיין שפּור פֿון זיי ניט געפֿינען. איך געדענק בלויז די געשיכטע פֿון די פּליש־
תּים, וואָס אין תּנ"ך, ווייטער אָבער קען איך קיין זאַך ניט געדענקען וועגן זיי.
און איך האָב, דאַכט זיך, אַמאָל געלייענט וועגן די פּלישתּים און זייער עקזיסטענץ
נאָכן פּעריאָד פֿון תּנ"ך. איך האָב עס אָבער פֿאַרגעסן, איך געדענק בלויז, אַז
אין דער געשיכטע ווערט באַהויפּטעט, אַז פֿון די אַלע פֿעלקער, וועלכע לעבן
אין פּאַלעסטינע און איר אומגעגנט, זיינען די פּלישתּים געווען די איינציקע,

וועלכע האָבן ניט באַלאַנגט צו דער סעמיטישער ראַסע. און איך גיב מיר דערביי אַ טראַכט, אַז אפֿשר איז עס טאַקע געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע אורזאַכן וועגן דער גרויסער פֿיינטשאַפֿט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן די יידן און די פּלישתּים.

און אַזוי פֿאָרנדיק דורך דעם לאַנד פֿון די פּלישתּים דערמאָן איז זיך אָן דעם פּסוק: „ויהי בשלח פרעה את העם ולא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים כי קרוב הוא”. און איך דערמאָן זיך ווי דער רבי האָט מיר פֿאַרטייטשט דעם פּסוק וואָרט ביי וואָרט: און עס איז געווען, ווען פּרעה האָט אַרויסגעשיקט דאָס יידישע פֿאָלק, האָט גאָט זיי ניט געפֿירט מיט דעם וועג דורך דעם לאַנד פֿון די פּלשתּים, ווייל ער איז אַ נאָענטער. ווירקלעך אַ נאָענטער, טראַכט איך מיר. ווען די יידן גייען פֿון מצרים קיין ארץ־ישראל דורך דעם לאַנד פֿון די פּלשתּים, וואָלטן זיי אַ סך גיכער געקומען. און איך באַוואונדער דערביי ווי גוט גאָט האָט עס געקענט געאָגראַפֿיע...

נאָר אַזוי טראַכטנדיק וועגן די פּלישתּים, איז דער צוג שוין אַדורכגעפֿאָרן דאָס אַמאָליקע פּלישתּים־לאַנד און דער קאָנדוקטאָר רופֿט אויס: סטאַנציע לוד!

לוד, אַן אַלטער באַקאַנטער נאָמען. אין תּנ״ך איז די שטאָט לוד ניט דערמאָנט, אָבער איך געדענק די שטאָט זייער גוט פֿון דער גמרא. תגרי לוד” (די סוחרים פֿון לוד), עפּעס אַ קליינינקייט, וויפֿל געזונט האָט דער רבי מיר וועגן זיי אַרויסגענומען. ווי לעבעדיק שטייט נאָך פֿאַר מיינע אויגן דאָס בלאַט גמרא וועגן די „תגרי לוד” — אַ קליין שטיקל גמרא מיטן ריזיק־גרויסן תּוס־פֿות. און מיין רבי שמעון דער ווישינטער, אַ קליין יאַדריק יידל, שטייט מיט זיין פֿאַרשמאָלצענעם רימענדל אין דער האַנט און קנעלט מיט אונדז איין די שיטה פֿון „תגרי לוד” מיט דעם ריזיק־גרויסן בויך תּוספֿות, וואָס וואַרפֿט אָן אויף מיר אַ מורא. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז מיר זיינען אַריינגעפֿאַלן אין אַ ים, אין אַ תּוספֿות־ים, אין וועלכן איך מיט מיינע חברים מיטן רבין צוזאַמען וועלן דערטרונקען ווערן. און אָט בין איך אין דער זעלביקער לוד! און אָט זע איך פֿאַרשיידענע תגרים (הענדלער) אויף דער באַן־סטאַנציע פֿון לוד. זיינען עס אייניקלעך פֿון די אַמאָליקע תגרי לוד? זיינען די אַמאָליקע תגרי לוד געווען ענלעך צו די היינטיקע? אסור, אויב עס האָט געלוינט אַוועקצוגעבן אַזוי פֿיל געזונט וועגן זיי.

*

און אין אַ פּאָר שעה אַרום דאַרפֿן מיר אָנקומען אין ירושלים. דער אייזנבאַן־וועג פֿון לוד אין ירושלים שלענגלט זיך צווישן די הרי יהודה, גרויסע נאַקעטע בערג מיט אַ טונקל־בלויליכן קאָליר, וואו ניט וואו זעט מען אין טאָל אַ קליין אַראַבּיש דערפֿל און סטאַדעס שאָף און ציגן, וועלכע פּיטערן זיך אויפֿן מאָגערן, קאַרגן גראָז. ארץ־ישראלדיקע ציגן מיט לאַנגע אַראָפּגעהאַנגענע אויערן און מיט צניעותדיקע פֿרומע פּנימער.

די גאַנצע געגנט פֿון לוד ביז ירושלים איז אַן אַראַבּישע, אויף וויפֿל די געגנט איז איבערהויפּט באַפֿעלקערט. עס איז גיכער אַ וויסטע געגנט, וואו בלויז ערטערווייז, אויף אויסגעקליבענע שטיקלעך לאַנד זעט מען אַראַבּישע ערד־אַרבעטער און אַראַבּישע קברים־הייזלעך.

נאָר אַט איז ירושלים! שלענגלענדיק זיך דורך די בערג, קען מען ירושלים פֿון ווייטן ניט זען. די שטאָט באַווייזט זיך פּלוצלינג, אַט דערזעט איך די שטאָט און אַט איז דער צוג שוין אויף דער באַן־סטאַנציע מיט דעם גאַנצן גערודער און געפּילדער, מיט וועלכן אייזנבאַן־סטאַנציעס אין אָריענט צייכענען זיך אויס.

ירושלים! אַ ים געפֿילן און געדאַנקען האָבן זיך אַ גאָס געטאָן. נאָר מען גיט אייך קיין צייט צו פֿילן און צו דענקען. איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ קוק צו טאָן, האָבן שוין אַ פּאָר אַראַבישע טרעגער געשלעפּט פֿון וואַגאָן מיינע פּעקלעך און אַ האָטעל־פּאָרטער האָט מיך שוין געהאַלטן פֿאַרן האַנט און אַריינגעזעצט אין אַ „פֿאָרד" און ער האָט מיר אַפֿילו קיין געלעגנהייט ניט געגעבן גוט אָנצוקוקן, ווי דער ירושלימער וואָקזאַל זעט אויס.

## אין דער הייליקער שטאָט

דער „פֿאָרד" האָט מיך געבראַכט צו פֿירן אין אַ ייִדישן האָטעל, וועלכער געפֿינט זיך ביי דעם טויער פֿון יאַפֿע און קעגנאיבער מצודת דוד. אין אַמעריקע קען מען אַזאַ האָטעל רעכענען אַלס אַ דריט־ אָדער אַפֿילו אַ פֿערט־קלאַסיקן, אין ירושלים אָבער, רעכנט ער זיך אַלס אַן ערשט־קלאַסיקער — אַזוי פֿאַרזיכערט מיר דער האָטעל־פּאָרטער. שטרייט איך זיך ניט מיט אים און האָב אין זינען, אַז איך שטיי איין אין אַן ערשט־קלאַסיקן האָטעל און וועל דאַרפֿן צאָלן אַן ערשט־קלאַסיקע רעכנונג.

אַרומקוקנדיק די אומגעבונג פֿון מיין האָטעל, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז האַרט ביי זיין זייט געפֿינט זיך אַ סאַזשעלקע מיט גרינלעכע וואַסער. פֿון וואַנען נעמט זיך דאָ אין מיטן דערינגען אַ סאַזשלקע? מיין אַלוויסנדער האָטעל־פּאָרטער קען עס מיר ניט דערקלערן. ער פֿאַרזיכערט מיר בלויז, אַז די סאַזשעלקע עקזיסטירט פֿון קדמונים אָן, אַז זי איז אַזוי אַלט ווי די שטאָט ירושלים און נאָך אפשר עלטער. פֿאַלט מיר איין אַ שטיקל לומדות: אויב די סאַזשעלקע איז אַזאַ אַלטע, זאָג איך, האָט זיך עפּעס אין איר געמוזט באָדן בת־שבע, ווען דוד המלך איז געשטאַנען אויפֿן מצודת דוד און האָט קוקנדיק אויף איר, זיך אין איר פֿאַרליבט. שטימט מיט מיר דער האָטעל־פּאָרטער איין, אַז איך האָב רעכט, ווייל קיין אַנדער סאַזשעלקע איז ניטאָ קעגן מצודת דוד, וואו בת־שבע האָט זיך געקענט באָדן, אַז דוד המלך זאָל קענען אויף איר קוקן. אָבער דערביי דערקלערט ער מיר, אַז מיין דערפֿינדונג איז ניט קיין אָריגינעלע, ווייל אַנדערע געסט פֿון דעם האָטעל זיינען שוין לאַנג פֿריער פֿון מיר געפֿאַלן אויף דער זעלביקער סברא. מילא, פֿאַרפֿאַלן. עס איז שווער אין די איצטיקע יאָרן צו מאַכן אָריגינעלע דערפֿינדונגען.

*

ירושלים איז אַ וואונדערבאַרע שיינע שטאָט, ווען מען קוקט אויף איר פֿון ווייטן. עס איז איינע פֿון די שענסטע פּאַנאָראַמעס, וועלכע איך האָב ווען עס איז געזען. און מיר דוכט, אַז קיין פּאָעט האָט נאָך ביז איצט ניט גענוג שטאַרק באַזונגען די שיינקייט פֿון דער הייליקער שטאָט. די אַלע באַשרייבונגען וועגן דער וואונדער־שיינער פּאַנאָראַמע פֿון ירושלים גיבן בלויז אַ שוואַכע פֿאָרשטעלונג

ווען איר ווירקלעכער שיינקייט. נאָר דאָס איז אַלץ געדעדט ווען מען קוקט אויף ירושלים פֿון ווייטן. ווען מען איז אָבער אינעווייניק, אין דער שטאָט, פֿאַר־נעמט שוין די היילקייט דאָס אָרט פֿון דער שיינקייט. און היילקייטן, ווי איר ווייסט, זיינען געווײנלעך באַדעקט מיט שטויב און שימל און האָבן אַ שטאַרקן ריח. אין דער שטאָט גופֿא איז גאָר נישקשהדיק שמוציק און אין מאַנכע ערטער שוין גאָר שטאַרק שמוציק. ווען איר קומט, אַלזאָ, אין ירושלים, זאָלט איר תּמיד האָבן אין זינען דאָס אויסערלעכע אויסזען פֿון דער שטאָט און ניט דאָס אינער־לעכע. נאָר אַ וואונדער־שיינעם נאַכט־הימל האָט אַפֿילו די אינערלעכע שטאָט. ניין, אַזאַ שיינער הימל ווי אין ירושלים, איז אין ערגעץ ניטאָ. אפֿשר קען מען אַזאַ הימל זען אין איטאַליע. קלאָר, אָן וועלכן עס איז שפּור פֿון אַ וואָלקן און עכט הימל־בלוי. יעדער שטערן בלישטשעט און פֿינקלט, ווי אויסגעוואָשענע בריליאַנטן, וועלכע זיינען אַקאָרשט אַרויס פֿון שלייפֿערס האַנט. און איר זעט דעם מילך־וועג אַזוי קלאָר און דייטלעך ווי אויף דער קאַרטע פֿון אַן אַסטראָ־נאָמישן לער־בוך.

די לופֿט אין ירושלים איז טרוקן און דורכזיכטיק. אַן ערך אַכט חדשים אין יאָר גייט קיין רעגן ניט אין פּאַלעסטינע, און ירושלים, ניט האָבנדיק אַרום זיך קיין טייכן און קיין אַנדערע וואַסערן האָט דעריבער פֿאַר דעם גרעסטן טייל פֿון יאָר אַ פֿולשטענדיק טרוקענע און דורכזיכטיקע לופֿט. און אָט די טרוקנקייט און דורכזיכטיקייט פֿון דער לופֿט גיט עס ירושלים אַזאַ קלאָרן, ריינעם און וואונדער־שיינעם הימל.

*

איך בין אָנגעקומען אין ירושלים פֿרייטאָג. די היץ איז געווען שרעקלעך. די זון האָט אייגנפּאַך געבראָטן און געברענט ווי פֿייער. ווען אין ניו־יאָרק זאָל זיין אַזאַ היץ, וואָלטן מענטשן געפֿאַלן ווי פֿליגן אין די גאַסן. אין ירושלים, אָבער, איז די היץ לייכטער צו דערטראָגן, ווייל זי איז אַ טרוקענע. אין דער הייסער לופֿט איז ניטאָ קיין פֿייכטקייט. די היץ ברענט און בראָט אייך בלויז, אָבער זי קאָכט אייך ניט, ווי די ניו־יאָרקער. און אַ מעלה האָט ירושלים, וואָס די גרויסע היץ האַלט אָן בלויז בייטאָג. פֿאַרנאַכט, אָבער, ווערט עס קיל און מייסטנס בלאָזט אַ קיל ווינטל, וועלכער דערפֿרישט אייך און גיט אייך די מעג־לעכקייט דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

דעם פֿרייטאָגדיקן טאָג, אַלזאָ, האָב איך ווייניק געקאָנט אויסנוצן. איך האָב פּרובירט אַרויסגיין זען די שטאָט, אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די היץ האָט מיך צוריקגעטריבן אין האָטעל. איך האָב אָבער דאָך אַ ביסל אויסגענוצט די צייט צו באַזוכן דעם מאַרק, וועלכער איז צום גרעסטן טייל געשיצט פֿון דער היץ דורך פֿאַרשיידענע געוועלבן.

דער מאַרק אין ירושלים צייכנט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס. ער איז ענלעך צו די אַנדערע מערק אין די גרעסערע שטעט פֿון אָריענט. אומגעפּער די זעל־ביקע שמאָלע, שמוציקע געסלעך, מיט די זעלביקע קרעמלעך און די זעלביקע הענדלער און קרעמער, ניט מער, ירושלימער מאַרק איז אָרעמער און ער ליגט באַרג־אַראָפּ. דורכגייענדיק דעם גאַנצן מאַרק, קלעטערט מען אַראָפּ אַ רעכט ביסל אין דער טיפֿעניש. וואָס מיך האָט איבעראַשט, דורכגייענדיק דעם ירו־

שלימער מאַרק, איז געווען די גרויסע צאָל ניט־יידישע הענדלער און קרעמער. איך וועל ניט איבערטרייבן, אויב איך וועל זאָגן, אַז די גאַנצע גרויסע מאַיאָ־ריטעט פון די קרעמער און הענדלער פון ירושלימער מאַרק זיינען אַראַבער, סיריער און גריכן. שפּעטער האָב איך באַמערקט, אַז אַפילו אין די טיילן פון ירושלים, וואו די באַפעלקערונג איז אַ הונדערט־פּראָצענט־יידישע, געפינען זיך אויך אַראַבישע און סירישע הענדלער און קרעמער. קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז אין דער יידישער גאַס אין ווילנע זאָל אַ פּאָליאַק עפענען אַ קרעמל?

מען זאָגט תמיד, אַז יידן זיינען די גרעסטע בריות אין קליין־האַנדל און קליין־קרעמעריי, וואָס קיינער קען מיט זיי ניט קאָנקורירן אויף דעם געביט. זיינען אָבער געקומען די אַראַבער און די סיריער און האָבן באַוויזן, אַז זיי זיינען אין דעם פּרט נאָך גרעסערע בריות פאַר די יידן.

קליין־האַנדל און קליין־קרעמעריי פאָדערט שפּאָרזאַמקייט, גראָשן־חשבונות און אומבאַשרענקטע אַרבעטס־צייט. דער יידישער קליין־הענדלער דערפילט אַט די אַלע פאָדערונגען אין זייער אַ גרויסער מאָס, אָבער דער אַראַבער און דער סיריער יאָגט אים אין דעם אַריבער. דער אַראַבער לעבט אַ סך שפּאָרעוודיקער און קאַרגער ווי דער ייד, און קיינער איז ניט אַזוי פּעאיק אויף חשבונות ווי דער אַראַבער, וועלכער איז גרייט זיך ממית צו זיין פאַר אַ פּרוטה, און וואָס איז שייך צו אַרבעטס־צייט איז ביי דעם אַראַבישן הענדלער איבערהויפּט ניטאָ קיין גרענעץ. ער פאַנגט אָן האַנדלען גאַנץ פרי אין מאָרגן און האַנדלט אַזוי אַוועק ביז שפּעט אין דער נאַכט.

עס איז אמת, אַז איך האָב געפילט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע באַליידיקונג זעענדיק, אַז עס זיינען פאַראַן גוים, וועלכע קענען קאָנקורירן מיט יידן אין קליין־האַנדל, אָבער איך האָב מיינע באַליידיקטע נאַציאָנאַלע געפילן געמוזט באַהאַלטן טיף אין האַרצן און האָב בלויז געקענט פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען.

*

פרייטאָג אין אָוונט בין איך געגאַנגען צום כותל המערבי. דער וועג צום כותל המערבי פירט דורך דעם מאַרק. אָבער אים צו דערגרייכן מוז מען אַראָפּ־קלעטערן נאָך טיפער.

איך בין נאָך היינט ניט זיכער, אַז די אַלטע שטיינערנע וואַנט, וועלכע איך האָב געזען, באַלאַנגט ווירקלעך צום חרובן בית־המקדש. אַ סך היסטאָרישע הייליקייטן אין ירושלים און ארץ־ישראל אין אַלגעמיין זיינען צווייפלהאַפט. נאָר ווען מען, אויסער די אַרכעאָלאָגן, גייט עס אָן, אויב די היסטאָרישע הייליקייטן זיינען ווירקלעכע אָדער ניט? וואָס, למשל, קימערט מיך, אַז דער קבר פון דער מוטער רחל, וועלכן איך האָב זיך מטריח געווען צו באַזוכן, איז אַ צווייפל־האַפטער און עס קען גריילעך זיין, אַז ניט בלויז די מוטער רחל האָט מען דאָרט ניט מקבר געווען, נאָר אַפילו ניט אירע אַ וויטע קרובה? און וואָס איז דער אונ־טערשייד, אויב דאָס אַלטע שטיק וואַנט, וואָס איך האָב געזען, איז קיין מאָל ניט געווען קיין טייל פון דער מויער, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם חצר (הויף) פון בית־המקדש? דער עיקר איז, אַז מענטשן גלייבן, אַז דאָס איז אַזוי און מענטשן האָבן די ערטער פאַרהייליקט. אַט פאַרן קריסטן פון אַלע עקן וועלט צו באַזוכן

דעם קבר פֿון יעזוסן אין ירושלים, און מיין אַמאָליקער רבי, פּראָפֿעסאָר דרעווס באַווייזט מיט אותות ומופֿתים, אַז יעזוס קריסטוס לא היה ולא נברא, אַז יעזוס איז קיין מאָל ניט געבוירן געוואָרן, האָט קיין מאָל ניט געלעבט און ממילא קיין מאָל ניט געשטאָרבן, און אויב עס איז אַזוי, אויב יעזוס איז קיין מאָל ניט געשטאָרבן, קען ער דאָך ניט האָבן קיין קבר אין ירושלים. נאָר וועמען גייט עס אָן, וואָס פּראָפֿעסאָר דרעווס זאָגט, אַבי אַ גרויסע וועלט מיט קריסטן גלייבט, אַז אין ירושלים געפֿינט זיך דער קבר פֿון קריסטוסן און דאָס אָרט איז הייליק. דער אמת איז, אַז די אַלע פֿראַגן, אויב דער כּותל מערבֿי איז ווירקלעך אַ טייל פֿון בית־המקדש אָדער ניט, זיינען מיר אַפֿילו אויף די געדאַנקען ניט אַרויפֿ־געקומען, ווען איך בין צוגעקומען צו דער אַלטער שטיינערנער וואַנט. די אַנזיכט פֿון דער וואַנט האָט אין מיר איבערהויפּט אַרויסגערופֿן ווייניק געפֿילן און גע־דאַנקען. צוריקגייענדיק, האָב איך מיך אַליין באַוואונדערט, וואָס איך בין גע־בליבן אַזוי גלייכגילטיק, דערזעענדיק דעם ערשטן מאָל אָט די באַרימטע היסטאָרישע יידישע הייליקייט. אפֿשר איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס מיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט איז מיט אַמאָל צוגעצויגן געוואָרן אויף דעם פֿאַר־שיידן־פֿאַרביקן עולם יידן, וועלכער האָט זיך דאָרטן פֿאַרזאַמלט צו קבלת־שבת. עס איז אַן אינטערעסאַנט בילד, וואָס מוז פֿאַרכאַפּן איינעמס גאַנצע אויפֿמערק־זאַמקייט. איר זעט פֿאַר זיך אַן עולם יידן צונויפֿגעמישט פֿון פֿאַרשיידענע טיפּן און פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן. יידן אין שטריימלעך מיט לאַנגע קאָרקן־ציער־פּאות און יידן אין רויטע פּעשקעס נאָר אָן פּאות. יידן אין לאַנגע סאַמעטענע און זיידענע זופּעצעס פֿון פֿאַרשיידענע געלע, גרינע, רויטע פֿאַרבן און יידן אין מאָדערנע קורצע רעקלעך, און עס איז אַ געשריי און אַ ליאַרם, ווי איינער דעם צווייטן וואָלט וועלן איבערשרייען. נאָר, אַז איר געוויינט זיך אַ ביסל צו צו דעם ליאַרם און געפּילדער, געפֿינט איר אויס, אַז דאָס דאַווענען דריי מנינים פֿאַרשיידענע יידן מיט איין מאָל און יעדער מנין דאַווענט אויף זיין שטייגער און שרייט אויף זיין שטייגער. איין מנין באַשטייט פֿון פֿרענקישע, אַראַבישע און שפּאַנישע יידן, די ספֿרדים, ווי מען רופֿט זיי, און די אַנדערע צוויי מנינים באַשטייען פֿון אשכּנזים, איינער פֿון חסידים און דער אַנדערער פֿון מתנגדים, אָדער „פּרושים", ווי מען רופֿט זיי דאָ. אַלע דריי מנינים דאַווענען זייט ביי זייט און אין יעדער מנין זיינען פֿאַראַן אַזעלכע, וועלכע שרייען מיט באַנומענע קולות און דאָס גאַנצע דאַווענען ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַזאַ ווילדן געפּילדער, אַז איר פֿאַרגעסט אין גאַנצן אָן דעם כּותל מערבֿי מיט זיין היסטאָרישער הייליקייט.

צוריקגייענדיק פֿון כּותל מערבֿי, האָט מיך שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס איך בין געבליבן אַזוי גלייכגילטיק צו אים. איך האָב געפֿילט ווי איך וואָלט עפּעס פֿאַר־לוירן.

*

מיין רייזע אין ארץ־ישׂראל האָט מיך פֿולשטענדיק איבערצייגט, אַז מיר פֿעלט דער חוש פֿאַר אַרכעאָלאָגיע, און איך האָב ניט קיין אינטערעס פֿאַר אַלטוואַרג.

אייגנטלעך האָב איך שוין לאַנג געהאַט אַזאַ חשד אויף זיך. דער דאָזיקער חשד האָט זיך ביי מיר דערוועקט באַזוכנדיק פֿאַרשיידענע מוזעאומס. די אַר־

כעאַלאַגישע אַפּטיילונגען אין די מוזעאומס האָבן מיך קיין מאָל ניט אָנגעצויגן. איך פּלעג אַ קוק טאָן און גיין ווייטער. נאָר אויב פריער איז עס געווען בלויז אַ חשד, אַז מיר פעלט דער חוש פאַר היסטאָרישע אַלטוואַרג, האָט עס מיר ארץ־ישראל געמאַכט פאַר אַ זיכערהייט. איצט בין איך פולשטענדיק זיכער, אַז אַר־כעאָלאָגיע באַלאַנגט ניט צו מיר.

איך האָב באַזוכט אַלע הייליקע און היסטאָרישע ערטער אין און אַרום ירושלים. וואָרום ווי טוט מען עס ניט? עס וואָלט דאָך געווען אַ בזיון אַהיים צו קומען, ניט האָבנדיק געזען די אַלע פאַרשיידענע הייליקע קברים און היס־טאָרישע ערטער מיט וועלכע ארץ־ישראל איז אַזוי פול. איך בין דעריבער געגאַנגען זען אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט. איך בין אַפילו געווען אין דער שול „שערי שמים" ביי די צוויי און צוואַנציק מקובלים, געזען זייערע משונה־דיקע סדורים פון וועלכע איך האָב אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען, געזען און גערעדט מיט אייניקע פון די מקובלים גופא, וועלכע איך האָב גראָד יאָ גוט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן מיט מיר ניט גערעדט וועגן הייליקער קבלה, נאָר וועגן זינדיק געלט. איך האָב אַפילו געזען דעם קבר פון יעזוס, וואָס ווייניק יידישע רייזנדע האָבן די זכיה צו זען, ווייל מען לאָזט זיי ניט צו. מיר האָט אָבער אָפּגעגליקט. ווייל איך בין געגאַנגען מיט אַן אַמעריקאַנער גוי, וועלכער איז געשטאַנען צו־זאַמען מיט מיר אין דעם זעלביקן האָטעל. האָבן די שומרים געמאַכט אַ טעות און האָבן מיך אויך אָנגענומען פאַר אַ גוי. און געוויס בין איך געווען אויפן הר המוריה און אויפן הר הזיתים און אין דער אַמאָר מאַצעט און אין דער הייל פון כלבא שבוע און אין דעם קבר פון שמעון הצדיק און בין עקסטרע צוגעפאָרן אין בית לחם. הקיצור איך האָב געזען אַלץ, וואָס מען קען זען אין ירושלים און אין דער אומגעגנט. נאָר וואָס מער היסטאָרישע קברים און הייליקע ערטער איך האָב געזען, אַלץ מער איבערדריסיק זיינען זיי מיר געוואָרן. איך האָב פיינט קברים, ווי אַלט און ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין. איך האָב געוואָלט זען דאָס לעבן אין דער איצטיקער ארץ־ישראל אָבער ניט דעם טויט און די אַלטע קברים. איך בין דעריבער זייער שטאַרק צופרידן געווען, ווען איך האָב וואָס גיכער זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַלע טויטע הייליקייטן פון ירושלים און האָב געקענט פאַרברענגען דאָס ביסל צייט, וואָס מיר איז איבערגעבליבן, זיך צו באַקענען מיט דעם וואָכעדיקן לעבן פון די לעבעדיקע מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין ירושלים.

## אין דער ארץ־ישראלדיקער „פּאַריז"

אויסקוקנדיק אַלע הייליקע קברים און הייליקע ערטער אין און אַרום ירוש־לים און אַדורכרעדנדיק זיך מיט די רעדאַקטאָרן פון די ירושלימער צייטונגען און ענדיקנדיק מיטן גבאי פון דער מקובלים־שול „שערי־שמים" וועגן דעם פּאָליטישן צושטאַנד אין ארץ־ישראל און וועגן די ווייטערדיקע אויסזיכטן פון ציוניזם, האָב איך באַשלאָסן מיט ירושלים זיך אָפּצוגעזעגענען און פאָרן ווייטער. איך קען אָבער ניט זאָגן אַז ירושלים איז מיר איבערדריסיק געוואָרן און איך האָב פון איר וואָס שנעלער געוואָלט אַוועקפאָרן. אין קעגנטייל, מיר איז ירושלים גאַנץ גוט געפעלן געוואָרן. איך האָב דאָרטן מאַנכע שטונדן גאַנץ אינטע־

רעסאַנט פֿאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון פֿאַרשיידענע פּערזאָנען און באַזונדערס צווישן די דאָרטיקע אַרבעטער־קרייזן. די אַמעריקאַנער יונגעלייט, די געוועזענע מיטגלידער פֿון יידישן לעגיאָן, וועלנדיק מיך אַריינקיבעצן און זיך אָפּרעכענען מיט מיר אויף דער וועלט פֿאַר מיין קעגנערשאַפֿט צום יידישן לעגיאָן און צום ציוניזם אין אַלגעמיין, האָבן מיר געמאַכט אַ באַנקעטל, אויף וועלכן מיר האָבן זייער גוט פֿאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען האָט געטרונקען כּרמל־וויין און כּרמל־קאָניאַק פֿון באַראָן ראָטשילדס קעלער אין ראשון לציון און פֿאַרביסן מיט ערשט פֿאַרטיקע וויינטרויבן פֿון רחובות. איך האָב אָבער באַשלאָסן אָוועקצופֿאָרן פֿון ירושלים וואָס גיכער, ווייל איך האָב אָנגעפֿאַנגען צו פֿילן, אַז מיין קעשענע ווערט שווינדזוכטיק. איר דאַרפֿט וויסן, אַז פֿון יעדן הייליקן קבר און הייליקן אָרט, וואָס איר זעט אין ירושלים, ווערט אייך אַ לאָך אין דער קעשענע. וואָרום ביי יעדן הייליקן טויטן קבר געפֿינט איר עטלעכע לעבעדיקע אויסגעשטרעקטע הענט. מאַנכעס מאָל ברעכט אַפֿילו אויס אַ סיכסוך צווישן אייך און די אויסגעשטרעקטע הענט. מיר האָט עס צום ערשטן מאָל פּאַסירט אין דעם קבר פֿון שמעון הצדיק. ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין קבר האָב איך, דוכט זיך, אַרום זיך קיינעם ניט געזען. פּלוצים אָבער איז ביי מיין זייט אויסגעוואַקסן אַ ייד און מיך ניט פֿרעגנדיק אַפֿילו פֿאַנגט ער אָן ציקלען אַ „מי שברך אבותינו" און ווען ער קומט צו „בעבור שנדר" גיט ער אַ קוק אויף מיר מיט אַ פֿראַגע־צייכן, וואָס מיינט: וויפֿל? ענטפֿער איך, אַ שילינג — וואָס? אַ שילינג? — שרייט דער ייד אויס מיט כּעס אין מיטן „מי שברך" — איך האָב דאָך אויף אייך אַזוי לאַנג געוואָרט! מילא, וואָס איר האָט אַזוי לאַנג געוואָרט אויף מיר, זאָג איך, בין איך ניט שולדיק, איך האָב אייך ניט געשריבן, אַז איר זאָלט וואַרטן און מיך קומען מקבל פּנים זיין מיט אַ „מי שברך". נאָר וואָס איז שייך צום שילינג, נעמט אים און לייגט אים אַריין אין קעשענע, ווייל מער וועט איר פֿון מיר סיי־ווי־סיי ניט קריגן. דערפֿאַר אָבער, קענט איר דעם צווייטן האַלבן, ניט פֿאַרקויפֿטן „מי שברך" פֿאַרקויפֿן אַן אַנדערן. און אויב איר ווילט, גיב איך אייך דעם ערשטן האַלבן „מי שברך" אויך אָוועק צוריק, און האַנדלט ביי מיר אַ מציאה.

נאָר עס איז גוט ,ווען איר שטויסט זיך אָן אויף איינעם, וואָס לאָזט אייך לייכט אָפּ. ווען גאָט אָבער שיקט אייך צו איינעם פֿון די אמתע באַקשישניקעס, פֿון יענע זלידנע פֿליגן, וועלכע איר קענט בשום אופֿן ניט אָפּטרייבן פֿון זיך, דאַן וועט איר שוין געבן וויפֿל ער וויל, אַבי פּטור צו ווערן פֿון אים.

און 'ווילט איר באַזוכן די אומגעבונג פֿון ירושלים, ווערט איר אין גאַנצן אַ נשרף. מען נעמט פֿון אייך, וויפֿל מען קען, פֿאַרן צופֿירן אייך. פֿון ירושלים ביז יריחו, וואו עס גיסט זיך אַריין דער ירדן אין ים המלח, איז קנאַפּע צוויי שטונדן רייזע מיט אַ „פֿאָרד", און אָט פֿאַר דער נסיעה האָט אַ ייד זיך ניט געשעמט ביי מיר צו בעטן צען עגיפּטישע פֿונט (דאַן פֿערציק אַמעריקאַנער דאָלאַר). און עס איז שוין געווען אַ מציאה, ווען איך האָב ביי אים די נסיעה אויסגעדונגען פֿאַר זיבן פֿונט.

זעענדיק וואָס פֿאַראַ טייערע מדינה ארץ־ישראל איז, האָב איך אָנגעפֿאַנגען מורא האָבן, אַז אויב איך וועל ניט זיין אַ ביסל שפּאָרעוודיק אין צייט, וועל איך

אין גאַנצן מוזן בלײַבן אַן ארץ־ישראלדיקער תושב, ווייל איך וועל פשוט ניט האָבן מיט וואָס אַהיים צו פֿאָרן. און צו דעם האָב איך גאָר קיין חשק ניט געהאַט.

*

מײַן מאַרשרוט, וועלכן איך האָב מיר צונויפֿגעשטעלט איז געווען פֿון ירו־שלים אין יאַפֿע, פֿון יאַפֿע אין די קאָלאָניעס פֿון יהודה; פֿון דאָרטן אין חיפֿה; פֿון חיפֿה אין עמק הירדן און גליל התחתון, כּדי צו באַזוכן דאָרט די יידישע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס און כּבישים (שאָסעען), וועלכע די חלוצים בויען, און פֿון דאָרטן אין גליל העליון. איך האָב אויסגערעכנט, אַז איך זאָל די גאַנצע רייזע קענען מאַכן אין פֿיר וואָכן צײַט, אָבער מיט דעם באַדינג, אַז איך זאָל זיך צו פֿיל צײַט ניט אויפֿהאַלטן אויף איין אָרט.

פֿון ירושלים קיין יאַפֿע קען מען פֿאָרן מיט אַ „פֿאָרד", וואָס נעמט אַן פּאַ־סאַזשירן פֿאַר אַ פֿונט מיט צען פּיאַסטער (דאָן אַן ערך פֿון פֿיר דאָלאַר מיט פֿערציק סענט). איך האָב אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג. ערשטנס האָב איך די ארץ־ישראלדיקע אײַזנבאַנען פֿײַנט געקריגן, ווי איך האָב מיט זיי מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפֿט געמאַכט; צווייטנס, קען מען פֿאָרנדיק מיט אַן אויטאָמאָביל בעסער זען די לאַנדשאַפֿט און די געגנט צווישן ירושלים און יאַפֿע. די רייזע דויערט אַן ערך צוויי שעה. איך האָב זיך אָבער אָפּגעשטעלט ניט אין יאַפֿע, נאָר איך בין געפֿאָרן אַ ביסל ווײַטער און זיך אָפּגעשטעלט אין דעם שיינעם יידישן שטעטל תּל־אביב וועלכעס האָט זיך פֿריער גערעכנט אַלס אַ פֿאָרשטאָט פֿון יאַפֿע און וואָס איז אויך אַ שטאָט פֿאַר זיך און מיט אַן אייגענער פֿאַר־וואַלטונג.

יאַפֿע איז אין אַלגעמיין אַן אַראַבישע שטאָט. די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז אַן אַראַבישע. די יידישע באַפֿעלקערונג דאָרט ווערט געשאַצט אויף וויניקער ווי צען טויזנט און ווי עס שײַנט גאַנץ באַדייטנד וויניקער. די שטאָט איז אַן אַלטע, שמוציקע און אויסער דעם האַפֿן, איז אין איר נישטאָ וואָס צו זען.

תּל־אביב איז אַ שפּאָגל נײַ יידיש שטעטל, תּל־אביב איז הונדערט פּראָ־צענט יידיש, איז זייער שיין געבויט, מאָדערנע צוויי־ און דריי־שטאָקיקע הײַזער, אָפּגעטיילט איינער פֿון די אַנדערע און אַרומגעפֿלאַנצט מיט ביימער. אין מיטן שטעטל געפֿינט זיך אַ פֿײַנער, שיינער פּאַרק מיט בלומען־בייטן און שפּאַציר־אַלייען. ניט ווײַט פֿון פּאַרק געפֿינט זיך די העברעאישע גימנאַזיע, אַ גרויסע, ווײַסע געביידע, וועלכע ציט אייער אויפֿמערקזאַמקייט מיט איר אַרכיטעקטור און איר פּראָמינענטן פּלאַץ, וואָס זי פֿאַרנעמט.

ווען מען פֿאָרט אַרײַן פֿון יאַפֿע אין תּל־אביב, דוכט זיך אָפּ, ווי מען וואָלט פֿון דער אָפּגעלאָזענער, אָפּגעשטאַנענער אַזיע פּלוצים אַרײַנגעפֿאַלן אין דער מאָדערנער, ציוויליזירטער אייראָפּע.

אין תּל־אביב לעבט די יידישע „אַריסטאָקראַטיע" און די יידישע אינטע־ליגענץ, וועלכע איז באַשעפֿטיקט אין פֿאַרשיידענע קהלשע אינסטיטוציעס, ווי אין דער גימנאַזיע, „הדסה"־שפּיטאָל, אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין אַנדערע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, און אַנגעשטעלטע בײַ דער רעגירונג.

תל־אביב איז די „פאַריז" פון ארץ־ישראל. אַזוי ווייניקסטנס זאָגן די דאָר־טיקע יידן און באַגייסטערטע ציוניסטישע געסט. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען די אמתע פאַריז וואָלט עס הערן, וואָלט זי זייער שטאַרק פּראָטעסטירט און וואָלט אויך זיין גערעכט. נאָר רעדנדיק אָן מליצות איז תל־אביב זייער אַ שיין שטעטל, וואו מען קען גאַנץ רואיק אָפּעסן און זיך רואיק אויסשלאָפן ביז עס ווערט לאַנגווייליק און מען פאָרט אַוועק.

אין תל־אביב הערט מען די העברעאישע שפּראַך אין גאַס פיל מער ווי אין ירושלים, דערפאַר אָבער רעדט מען פיל מער די רוסישע שפּראַך. עס רעדן רוסיש ניט נאָר די נייע אָנגעקומענע, נאָר אויך אַ טייל פון די אַלטע תושבים, איינגעוואָרצלטע „רוסן", וועלכע ווילן זיך ניט שיידן עד־היום מיט דער רו־סישער שפּראַך. פראַנצויזיש הערט מען ווייניק אין תל־אביב. הגם אַ באַדייטנ־דיקער טייל פון דער יוגנט פאַרשטייט גאַנץ גוט פראַנצויזיש און האָט אויך ניט לאַנג צוריק מיט גרויס חשק די שפּראַך געלערנט. איצט אָבער האָט ענגליש פאַרנומען דעם פּלאַץ פון פראַנצויזיש. דער יונגער עולם לערנט פלייסיק ענג־ליש, ווייל פון ענגליש קען מען דערוואַרטן אַ שטיקל תכלית, און אַ ייד איז אַ בעל תכלית.



## מיינע צוויי באַזוכן אין דער ליטווישער מלוכה

אין 1921 האָב איך באַשלאָסן פאָרן אַ קוק טאָן אויף דער אַלטער וועלט, ווי זי זעט אויס נאָך דער מלחמה.

און צווישן אַלע מדינות, וועלכע איך האָב באַשלאָסן צו באַזוכן אויף מיין רייזע, איז ליטע, דאָס ארץ־ישראל אין גלות, ווי מען האָט עס פּרובירט אַ נאָמען געבן, געווען איינע פון די וויכטיקסטע, כמעט אַזוי וויכטיק, ווי ארץ־ישראל.

אויב ארץ־ישראל האָט געוואָלט זען דער ראָמאַנטישער ייד אין מיר, האָט ליטע געוואָלט זען דער נאַציאָנאַלער בונדיסט אין מיר. האָב איך דאָך אין מיינע גוטע בונדיסטישע יאָרן אַזוי פיל געחלומט וועגן אַ יידישער קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. און אָט איז אַ לאַנד, וואו די יידן האָבן אַזאַ אויטאָ־נאָמיע געקראָגן, טאָ ווי פאָרט מען עס נישט זען?

אמת, די יידישע אויטאָנאָמיע אין ליטע, אויף וויפל איך האָב וועגן איר געלייענט, איז עפּעס ניט איבעריקס פויגלדיק. גאָר ניט דאָס, וואָס מיין בונ־דיזם האָט פאָרלאַנגט. אָבער, וואָס פאַר אַ פּנים די אויטאָנאָמיע זאָל נישט האָבן און וואָס פאַר אַ קאַליקע די ציוניסטן האָבן פון איר נישט געמאַכט, איז זי דאָך די ערשטע מאָדערנע יידישע קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און מען דאַרף זען, ווי זי קוקט אויס.

און צוליב דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז מיר שוין די גאַנצע ליטווישע מדינה געוואָרן אינטערעסאַנט. ליטע אַ מלוכה! און נאָך וואָס פאַראַ מלוכה! אַן אידעאַלע דעמאָקראַטיע מיט גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכ־

קייט. און יידן לעבן דאָרט ווי אין גן־עדן, ווי אַן אמתער ארץ־ישראל. איך האָב עס אַזוי פֿיל מאָל געלייענט אין די אָפֿיציעלע באַריכטן פֿון יידישן מיניס־טעריום.

און אַט בין איך אין קאָוונע, אין דער הויפּט־שטאָט פֿון ארץ־ישראל דליטע.

און, אויב ליטע איז אַ מדינה, דאַן איז קאָוונע אַ הויפּט־שטאָט. וואָס פֿאַר אַ מדינה, אַזאַ הויפּט־שטאָט.

קאָוונע איז אַ רעכטע צייט געווען אין דייטשע הענט. די דייטשן האָבן איינגענומען קאָוונע גלייך אין אָנפֿאַנג פֿון דער מלחמה און האָבן די שטאָט געהאַלטן ביזן סוף פֿון דער מלחמה. נאָר אַפֿילו די דייטשן מיט זייער גאַנצער גרינטלעכקייט האָבן אין קאָוונע נישט געקענט איינפֿירן יענע עלעמענטאַרע באַקוועמלעכקייטן, צו וועלכע מענטשן אין דער ציוויליזירטער איראָפּע און אַמעריקע זיינען אַזוי צוגעוואוינט. זיי האָבן פֿאַר דעם צוועק גערעדט אַראָפּ־וואַרפֿן וויניקסטנס 90 פּראָצענט פֿון קאָוונער הייזער און זיי איבערבויען פֿון דאָס ניי.

די דייטשן האָבן אויפֿגעטאָן וואונדער אין ליטע. זיי האָבן דאָרטן געבויט גאַנצע נעצן פֿון אייזנבאַן־ליניעס. זיי האָבן געגראָבן נייע וועגן און געמאַכט נייע שאָסייען. זיי האָבן איינגעפֿירט עלעקטרישע באַלייכטונג אין אַזעלכע ער־טער ,וואו מען האָט פֿריער אַפֿילו נישט געוואוסט, ווי עלעקטריציטעט זעט אויס. אין קורצן, די דייטשן האָבן געטאָן אַלץ צו מאַכן ליטע מיט לייטן גלייך, אָבער מיט אַלע זייערע אָנשטרענגונגען צו איראָפּעאיזירן ליטע, האָבן די דייטשן דאָך זיך ניט געקענט העלפֿן און האָבן געמוזט אין קאָוונע גיין „אויפֿן הויף״ צוגלייך מיט די יידן און מיט די ליטווינער.

נאָר איך וויל נישט באַליידיקן די הויפּט־שטאָט פֿון דער ליטווישער מלוכה. אויסערלעך איז קאָוונע זייער אַ שיינע שטאָט און מיט אירע שיינע בערג, מיט איר טייך ניעמאַן און ביימער־באַוואַקסענער אומגעגנט, שטעלט זי מיט זיך פֿאָר אַ פּראַכטפֿול שיינע לאַנדשאַפֿט. ווער עס וויל, אַלזאָ, אַז קאָוונע זאָל אים געפֿעלן, זאָל ער בעסער קוקן אויף איר פֿון אויסווייניק און נישט פֿון אינווייניק.

פֿון ווייטן זעען זאַכן אויס אַ סך שענער, ווי זיי זעען אויס פֿון נאָענטן. אויף ליטע מעג מען עס געוויס זאָגן. מען האָט ביי אונדז אין אַמעריקע די נייע ליטווישע מדינה אין אַ צו שיין וויגעלע פֿאַרוויגט. זי האָט עס אָבער אין דערווירקלעכקייט נישט פֿאַרדינט.

ליטע האָט אַ גאַנץ דעמאָקראַטישע מלוכה, אָבער אַ דורכויס רעאַקציאָ־נערע. עס איז אַ לאַנד, וואו דער קאַטוילישער גלח איז דער וואָרט־פֿירער און דער טאָן־געבער. עס איז אַ לאַנד פֿון פּראָסטע פּויערים, וואָס זייער העכסטער אידעאַל איז דער גלח. דער שענסטער טרוים פֿון אַ ליטווישן פּויער איז צו האָבן אַ זון אַ גלח.

איך בין אָנגעקומען אין קאָוונע דעם 1־טן מאַי. אין דער ליטווישער מלוכה איז דער ערשטער מאַי פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַלס אַן אָפֿיציעלער מלוכה־יום־טוב פֿון אַרבעט. דאָך איז דאָס ערשטע בילד, וואָס איך האָב געזען, אַריינפֿאָרנ־דיק אין קאָוונע, געווען אַן אַרעסטירטע אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונג, וועלכע באַ־וואָפֿנטע סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן געפֿירט אין „אוטשאַסטאָק״. און ווי איך

האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט די פּאָליציי אַנגענומען יום־טוב באַצייטנס — זי האָט אָנגעפאַנגען מאַכן אַרעסטן שוין ערב דעם ערשטן מאַי.

נאָר איך בין דאָך נישט געפאָרן אין ליטע צו זען די ליטווישע פּאָליציי, איך בין דאָך געפאָרן זען דאָרטן די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, דאַרף מען איר גיין זען. בין איך געגאַנגען אין יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, אין יידישן מיניס־טעריום און האָב געקוקט און האָב געזען, און האָב באַשלאָסן, אַז אַ קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע וואָלט טאַקע געווען נישט קיין שלעכטע זאַך, ווען די יידן אין ליטע וואָלטן טאַקע אַזעלכע געהאַט.

די יידן אין ליטע האָבן זייער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע נישט אויסגעקעמפט. זי איז זיי ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, פּונקט ווי עס איז אַראָפּגעפאַלן פון הימל די ליטווינער — זייער ליטווישע מלוכה. אַ גאַנצע ריי פון גליקלעכע אומ־שטענדן פאַר די ליטווינער האָבן געמאַכט ליטע פאַר אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. און פון די דאָזיקע אומשטענדן האָבן אויך די יידן עטוואָס געגאָסן אויף זייער חלק.

די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע געפינט זיך, אַחוץ אַלעמען אונטער דער קאָנטראָל פון דער ציוניסטישער פאַרטיי, וועלכע דאַרף זיך דערביי שטאַרק רעכענען מיט דער מיינונג פון „אחדות", די אָרגאַניזאַציע פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אונטער דער אָנפירונג פון די ליטווישע רבנים. און פּונקט אַזוי ווי די גלחים אין ליטע האָבן אַ גרויסע מאַכט צווישן די ליטווינער, אַזוי האָבן די רבנים אין ליטע אַ גרויסע מאַכט צווישן די יידן. אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך איז די מאַכט פון די רבנים גאַנץ באַזונדערס גרויס.

די ציוניסטישע פאַרטיי האָט פאַרפלאָנטערט די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָ־נאָמיע מיט העברעאיש, און די רבנים האָבן איר פאַרפלאָנטערט מיט רעליגיע. די ציוניסטישע פאַרטיי, וואָס איר גאַנצע טעאָריע איז אַ פאַרלייקענונג פון דער אַרבעט אין „גלות", קען אין דער יידישער אויטאָנאָמיע אין ליטע זען נישט מער ווי אַ שטיקל פאַרבאַרייטונגס־אַרבעט פאַר פּאַלעסטינע, און דאָס איז העברעאיש. מען דאַרף דעריבער אויסנוצן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר העברעאישע שולן, כּדי פאַרצובערייטן אין גלות אַ העברעאישן יונגן דור פאַר פּאַלעסטינע. די רבנים, ווידער, זוכן, אין דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָ־מיע „חיזוק הדת", די פאַרשטאַרקונג פון דער יידישער רעליגיע, ווייל יידיש־קייט איז ביי זיי פריער פאַר אַלץ און שפּעטער ווי אַלץ — רעליגיע. דער רע־זולטאַט איז, אַז די ציוניסטן האָבן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַרקריפּלט מיט דער צוויי־שפּראַכיקייט — העברעאיש און יידיש, און די רבנים זוכן פון איר צו מאַכן אַ הייליקן „סינאָד"!

*

וואָס פאַר אַ פאָלק, אַזאַ פּנים האָט זיין מלוכה.

די ליטווינער האָבן ווייניק געפּאַקט און געמאַזלט צו ווערן אַ זעלבשטענדיק פאָלק מיט אַן אייגענער מלוכה. און עס פּאַסט זיי אַזוי די מלוכה ווי אַ חזיר אַ זאָטל.

די ליטווינער האָט, ווי שוין פריער באַמערקט, איינפאַך אָפּגעגליקט. זיי האָבן אַליין גאָר נישט געחלומט, אַז זיי וועלן קריגן אַ באַזונדער מלוכה. דאָס

דאַרפֿן זיי צו אַלערערשטן פֿאַרדאַנקען די דייטשן און נאָך דעם דער רוסישער רעוואָלוציע.

די דייטשן האָבן געפּלאַנעוועט צו באַהאַלטן ליטע פֿאַר זיך און פֿון איר מאַכן אַ דייטשן שטאַט. זיי האָבן פֿאַר איר שוין אַפֿילו אַ קעניגל באַשטימט, עפּעס אַ פּרינץ פֿון אַ דייטשער קעניגלעכער פֿאַמיליע. פֿאַר דעם צוועק האָבן די דייטשן אַנגעווענדעט אַ סך ענערגיע. זיי האָבן אָרגאַניזירט אין ליטע אַן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט, וואָס זאָל קענען לייכט פֿאַרוואַנדלט ווערן ווען נויטיק אין אַ ליטווישער אויטאָנאָמיע אונטער דער דייטשער איבערהערשאַפֿט. די דייטשן האָבן געבויט אַ גאַנצע ריי נייע באַן־ליניעס אין ליטע, האָבן אין אַ סך ערטער איינגעפֿירט עלעקטריציטעט און האָבן איר אין אַ גאַנץ ברייטער מאָס קולטיווירט. ווען די דייטשן זיינען אַרויס פֿון ליטע, האָבן זיי די ליטווינער איבערגעלאָזן ניט בלויז אַ מער קולטיווירטע ליטע, נאָר אויך אַ פֿאַרטיקן מלוכה־אַפּאַראַט.

ווען די דייטשן וואָלטן פֿריער נישט אָרגאַניזירט ליטע אין אַ געוויסער מלוכה־איינהייט, וואָלטן די ליטווינער אַפֿילו ניט געוואוסט ווי זיך אַ קער צו טאָן און ווי אָנצופֿאַנגען שאַפֿן זייער אייגענע מלוכה. אייגנטלעך ווייסן זיי נאָך היינט אויך גאַנץ ווייניק ווי זיך אומצוגיין מיט אַן אייגענער מלוכה. אַלץ איז אַזוי אומגעלומפּערט, אַז עס ווייזט אויס גיכער ווי אַ חוזק אויף אַ מלוכה.

דאָס איינציקע, וואָס די ליטווינער האָבן גוט אויסגעלערנט, איז חכמת הפּאָליציי און אַכראַנקע. דאָס האָבן זיי אויסגעצייכנט גוט קאָפּירט פֿון דער אַמאָליקער רוסלאַנד. אויסער דער פּאָליציי אָבער אַרבעט דער גאַנצער מלוכה־אַפּאַראַט, ווי זאַמד וואָלט געווען אַריינגעשאָטן אין זיינע רעדער. עפּעס קיין זאַך רירט זיך נישט פֿון אָרט, און פֿאַנגט זיך שוין יאָ אָן עפּעס רירן, קריכט עס אַזוי לאַנגזאַם, אַז עס ווערט איינפֿאַך נודנע.

כּדי די מלוכה־מאַשין זאָל זיך אָנפֿאַנגען רירן, מוז מען איר שמירן. יעדעס רעדל דאַרף מען שמירן, פֿון אונטן ביז אַרויף, אַז נישט — רירט זי זיך איבער־הויפּט נישט פֿון אָרט. נאָר דאָס וואָרט „שמירן" געברויכט מען נישט. אין נייע מלוכות שאַפֿט מען נייע ווערטער. פֿאַר דעם וואָרט „שמירן" געברויכט מען אין קאָוונע דאָס וואָרט „סאָם פּאַנימאַיעש" (פֿאַרשטייסט אַליין). און די גרייס פֿון דעם „סאָם פּאַנימאַיעש" הענגט אָפּ פֿון דער גרייס פֿון טשין (אַמט) און פֿון דער וויכטיקייט פֿון ענין.

און זאָל אייך נישט וואונדערן, וואָס אין אַ נייער ליטווישער מלוכה זאָל מען געברויכן אַן אַלט רוסיש וואָרט. עס זיינען פֿאַראַן אַ רעכט ביסל באַאַמטע אין דער ליטווישער מלוכה ,וואָס זיינען נאָך טעמפּ אין דער ליטווישער עברי, און עס איז זיי לייכטער זיך אויסצודריקן אין רוסיש ווי אין ליטוויש, בפֿרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ פֿילזאַגנדיקן אויסדרוק ווי „סאָם פּאַנימאַיעש".

וואָס איז שייך צו שפּראַך, זיינען די ליטווינער ניט קיין גרויסע שאָוויניסטן. אויב איר קענט קיין ליטוויש נישט, ווען איר קומט אין ליטע, דאַרפֿט איר ניט זאָרגן. איר קענט זיך דאָרטן צונויפֿרעדן אויף רוסיש, אויף דייטש, אויף פּויליש און יידיש. איינע פֿון די אויבנדערמאָנטע שפּראַכן פֿאַרשטייט כּמעט יעדער ליטווינער. און ער איז ניט מקפּיד אויב איר רעדט ניט אויף זיין

שפּראַך. די גאַסן אין קאָוונע האָבן אויפשריפטן אין דריי שפּראַכן: ליטוויש, פּויליש און יידיש. די אַנערקענונג, אַלזאָ, דאַרף מען די ליטווינער אויסדריקן. זיי זיינען טאָלעראַנט אין באַצוג צו דער שפּראַך. נאָר פאַרקערט רעדנדיק, זאָלן זיי נישט זיין טאָלעראַנט, קענען זיי זיך עפּעס העלפן, ווען זיי רעדן אַזאַ שפּראַך, וואָס אַפילו אַ סך פון די ליטווינער גופא אין די גרעסערע שטעט קענען איר ווייניק, שוין אָפּגערעדט פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

נאָר וואָס פאַר אַ נפקא מינה איז, אין וועלכער שפּראַך מען נעמט „סאָם פאַנימאַיעש", אַבי מען נעמט. און מען קען אויך קיינעם נישט פאַרדענקען, וואָס ער נעמט. פון די שכירות, וואָס די רעגירונג צאָלט, קענען די באַאמטע עסן ברויט מיטן לעפל און אויך דאָס נישט צו זאַט. מוז מען ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק אונטערשטוקעווען די חיונה מיט „סאָם פאַנימאַיעש".

און די רעגירונג וואָלט אפשר גאָר נישט געוועזן אַזוי קאַרג און וואָלט געצאָלט מער, נאָר זי האָט נישט. מען האָט געגעבן די ליטווינער אַ מלוכה, אָבער אַ נאַקעטע און אַ הוילע און כמעט אָן אַ גראָשן נדן. עפּעס האָבן זיי יאָ געקראָגן פון דער סאָוויעט-רעגירונג ביים שליסן דעם שלום, עטלעכע מיליאָן רובל אין גאָלד, אָבער די עטלעכע גראָשן זיינען באַלד צעקראָכן געוואָרן. קיין אינדוסטריע האָט נישט ליטע, אויסער אַ פּאָר ברייזלעך און אַ פּאָר פּאַפּיראָסןפאַבריקן. און הוצאות האָט זי אַ סך. זי האָט לויט איר באַפעלקערונג אַ זייער גרויסע אַרמיי פון סאָלדאַטן און אפשר נישט קיין קלענערע אַרמיי פון באַאמטע. טאָ פון וואַנען זאָל זי טאַקע נעמען אַזוי פיל געלט?

פיאַיקע מלוכה-מענטשן און פיאַיקע באַאמטע פאַרמאָגט ליטע זייער ווייניק. און פון וואַנען זאָל זי זיי האָבן. אַ פריץ האָט זי פאַרלוירן? די יידן וואָלטן איר אין דעם פּרט געקענט אַ רעכט ביסל אויסהעלפן. די יידישע באַפעלקערונג האָט דאָך אומפאַרגלייכלעך מער אינטעליגענטע קרעפטן ווי די ליטווינער. אָבער די ליטווינער האָבן זייער ווייניק חשק צו פאַרטיילן מלוכהאַמטן צווישן יידן, ווייל אַנטיסעמיטיזם, און אין אַ צימלעך גרויסער פאָרציע, געפינט זיך אויך צווישן די ליטווינער. נישט מער, עס איז פאַראַן אַ יידישער מיניסטער מיט אַ יידישן מיניסטעריום, זאָגט ער, אַז מען זאָל וועגן דער „קלייניקייט" קיין רעש נישט מאַכן. און ווען עס טרעפט עפּעס אָן אומאַנגענעמע געשיכטע, קומט זי אַרויס אין דער „יידישער שטימע", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דעם יידישן מיניסטעריום, אַזוי אומשולדיק און אַזוי ניט וויכטיק, אַז איר קענט אַפילו אין כעס ניט ווערן.

נאָר אַזוי ווי די ליטווישע יידן זיינען באַשיידענע מענטשן, זאָגן זיי, אַז קיין גרויסע טענות צו דער ליטווישער מלוכה האָבן זיי ניט. אדרבא, אין אַלגעמיין איז זי ניט קיין שלעכטע מלוכה פאַר יידן. איי, מען ווערט אַ ביסל געקריוודעט? מילא, וואָס קען מען טאָן?

נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין, דוכט זיך מיר, אַז די ליטווינער גלייבן אויך ניט, אַז ליטע איז טאַקע אָן אמתע מלוכה, און נאָך ווייניקער דאַכט זיך מיר, גלויבן זיי, אַז זי וועט בלייבן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. עמיצער האָט עפּעס געוואָלט חוזק מאַכן פון גאַנצן ענין, וואָס רופט זיך מלוכה, האָט ער גענומען ליטע און זי געמאַכט פאַר אַ מלוכה.

✱

אין צען יאָר אַרום האָב איך ווידער אַ מאָל באַזוכט די ליטווישע מלוכה.

עס איז געווען אין אַנהויב זומער פֿון 1931, ווען עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חשק צו מאַכן אַ רייזע אין אייראָפּע. איך האָב דערביי געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט צו זיין אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ווין און אויף דעם אַלוועלטלעכן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַזעל.

איך האָב אויף מיין רייזע באַזוכט אַ רעכט ביסל לענדער, און ליטע איז געווען איינע פֿון זיי. איך האָב אַן אַלטע שייכות צו ליטע. איך האָב געלערנט דאָרטן אין חדר, אין ישיבות און האָב אויך דאָרטן מיין ערשטע השכלה גע־קראָגן.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז קאָוונע איז געווען די ערשטע ליטווישע שטאָט, וואָס איך האָב באַזוכט אויף מיין רייזע. דער אויסזען פֿון דער שטאָט האָט זיך אין די 10 יאָר זינט מיין ערשטן באַזוך שטאַרק געענדערט צום בעסערן. איך האָב דאָרטן געפֿונען אַפֿילו אַ נייעם מאָדערנעם האָטעל, וואָס די רעגירונג האָט געהאַלפֿן בויען. אמת, ניט ערשט־קלאַסיק, אָבער דאָך גאַנץ נישקשהדיק. אָבער אפֿשר טאַקע ווייל קאָוונע האָט אַנדערש אויסגעזען, האָט זי מיר אויסגעקוקט פֿרעמד. איך האָב מער געבענקט נאָך די קליינע ליטווישע שטעטלעך, וואו איך האָב פֿאַרבראַכט אַ געוויסע צייט פֿון מיינע יוגנט־יאָרן. איך האָב דעריבער אויסגעקליבן אַ פּאָר, וואָס זיינען מיר געווען באַזונדער נאָענט. אין וואָשקי האָב איך איניקע יאָר געלערנט אין חדר און אין פּאַשוויטין בין איך אַ פּאָר יאָר געווען אַ לערער. און פֿאַרנדיק פֿון פּאַשוויטין קיין וואָשקי פֿלעג איך מיר אָפּשטעלן אין לינקאָווע, וואו איך האָב געהאַט קרובים. מייסטנס פֿלעג איך זיך אָפּגעשטעלט ביי איין קרוב, ר' הירשל, דער לינקאָווער רב, וועלכער האָט שטאַרק ליב געהאַט איך זאָל אים דערציילן, וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט און סתּם אַזוי אַ שמועס טאָן וועגן פֿילאָסאָפֿיע און הויכע מאַטעריעס.

איך בין פֿון קאָוונע צוגעפֿאָרן מיטן באַן קיין שאַוול און דאָרטן האָב איך געדונגען אַן אַלטן אַמעריקאַנער „פֿאָרד" אַן אַ דאַך, און האָב זיך מיט אים אַרויסגעלאָזן זען די וועלט.

מיין ערשטער אָפּשטעל איז געווען אין פּאַשוויטין.

## פּאַשוויטין

אַמאָל איז פּאַשוויטין געווען איינע פֿון די כאַראַקטעריסטישע שטעטלעך אין דעם טייל פֿון ליטע, וואָס הייסט זאַמוט. דאָס שטעטל האָט געהאַט אַרום הונדערט פֿאַמיליעס און אַלע האָבן ווי עס איז געהאַט חיונה, אַנדערע אַ ביסל מער, אַנדערע אַ ביסל ווייניקער, אָבער מען האָט געלעבט און דערביי אויסגע־האַלטן אַ רב, אַ שוחט וואָס איז אויך געווען אַ חזן, אַ שמש, אַ בעדער און אַ פּאָר ישיבה־בחורים. אַ באַדייטנדער טייל האָט געלעבט פֿון מלאָכה. עס זיינען געווען אַ פֿינף אָדער זעקס ייִדישע שוסטערס, אומגעפֿער אַזוי פֿיל שניידער, אַ

פּאַר גלעזער און פאַרבער, אַ סטאָליאַר, אַ זייגער־מאַכער, אַ מילנער, עטלעכע בעלי־עגלות, אַ צוויי־דריי מלמדים, אַ לערער, אַ פעלדשער, און די איבעריקע זיינען געווען קאַראַבעלניקעס, קרעמער, הענדלער און שענקער. אין שטעטל פלעגט אויך אַריינקומען יעדע וואָך אַ רעכט ביסל ענגלישע פונטן. דאָס זיינען געווען די ענגלישע פונטן, וואָס פלעגן קומען פון זיד־אַפריקע, וואו אַ רעכט ביסל פּאַשוויטינער האָבן זיך אַוועקגעלאָזן זוכן זייער גליק.

ניט אַלע זאַמוטער שטעטלעך האָבן געהאַט אַזאַ גרויסע צאָל „אַפריקאַנער", ווי פּאַשוויטין. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס עס זיינען געווען די סיבות, פאַרוואָס אין ליטוויש שטעטל איז געווען שטאַרק „אַפריקאַניש" און דאָס אַנדערע ניט. וואַשקי, וואָס איז געווען אומגעפער אַזוי גרויס ווי פּאַשוויטין, איז געווען גאַנץ ווייניק „אַפריקאַניש". וואַשקי איז געווען מער „אַמעריקאַניש".

עס איז אייגנטלעך ניט געווען בלויז אַ צופאַל, וואָס גראַד איין שטעטל איז געווען מער „אַפריקאַניש" און די אַנדערע ווייניקער. געוויינלעך פלעגט איינער פון אַ שטעטל אַוועק אין אַפריקע און נאָך אים זיינען שוין געקומען אַנדערע — צוערשט נאָענטע קרובים און נאָך דעם גוטע באַקאַנטע. אָבער ניט אין אַלע שטעטלעך פלעגט נאָכן ערשטן „אַפריקאַנער" קומען אַ צווייטער, אַ דריטער א. אַז. וו. אין אַנדערע פלעגט עס בלייבן שטיין ביים ערשטן, אָדער ביים צווייטן. משמעות, עס איז געווען עפּעס אַזוינס אין די שטעטלעך גופא, וואָס אין מאַנכע פון זיי זיינען געווען מער אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אין זיך די פעסטקייט אָדער דעם אונטערנעמונגס־גייסט צו פאַרלאָזן די היים און זיך אַוועקלאָזן אין אַזאַ ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג זוכן גליק. עס איז פאַראַן אַ שטעטל פּאַקראַי אין דעם זעלביקן געגנט פון ליטע, וואָס האָט מער „אַמעריקאַנער", ווי וועלכע עס איז אַנדערע שטעטל אין ליטע פון זעלבן גרייס.

איך בין זיכער, אַז פּאַקראַיער יידן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אַנטדעקט אַמעריקע פאַר די ליטווישע יידן, און עס זיינען געווען די זעלביקע פּאַקראַיער יידן, וואָס האָבן אַנטדעקט אַפריקע פאַר די ליטווישע יידן. און טאָמער וועט עס מיר עמיצער וועלן אָפּלייקענען, וועל איך פאַרלאַנגען היסטאָרישע פאַקטן און באַווייזן. און אויב אין מעקסיקע, אָדער אוראַגוואַי זיינען פאַראַן ליטווישע יידן, איז ביי מיר קיין צווייפל ניט, אַז דער ערשטער ליטווישער ייד דאָרטן איז געווען אַ פּאַקראַיער.

נאָר איך וועל איבערלאָזן די אויספאָרשונג פון דער יידישער וואַנדער־לוסט אין די ליטווישע שטעטלעך פאַר די יידישע היסטאָריקער פון ליטע. איך וויל דאָ בלויז דערציילן, אַז איך האָב געפונען אַ גאַנץ אַנדער פּאַשוויטין. יענע לעבעדיקע שטעטל פּאַשוויטין פון אַ מאָל איז מער ניטאָ. היינט איז פּאַשוויטין אַ טויט שטעטל, אַ פאַרלאָזן, אַ פאַרוואָרפן און אַ וויסט שטעטל, וואו מען זעט כמעט ניט קיין יונג געזיכט און וואו דאָס ביסל עלטערע מענטשן, וואָס זיינען נאָך געבליבן, בלאָנקען זיך אַרום ווי אין אַן עולם התהו.

וואו זיינען די יונגע? האָב איך געפרעגט. — וואָס זאָלן זיי דאָ טאָן? האָט מען מיר געענטפערט מיט אַ פראַגע. ווי זיי וואַקסן נאָר אונטער אַ ביסל, אַנטלויפן זיי פון דאַנען. ווי לאַנג מען האָט געקענט, זיינען זיי געלאָפן אין אַפ־

ריקע און אין אַמעריקע. היינט איז ניטאָ וואו צו לויפֿן, אָבער אין שטעטל איז דאָך ניטאָ ביי וואָס צו בלייבן. לויפֿט מען אין קאָוונע, ווערט מען אַ חלוץ אָדער אַ חלוצה און מען שפּאַרט זיך ווי עס איז אַריין אין פּאַלעסטינע, און אַז ניט איז כאָטש אין שאַוול, אַלץ מער אָרט ווי אין פּאָשוויטין.

ניטאָ מער קיין רב אין פּאָשוויטין. ניטאָ מיט וואָס אים אויסצוהאַלטן. עס איז בלויז פֿאַראַן אַ שוחט. דער בית המדרש פּוסטעוועט נעבעך. אין מיטן וואָך איז ער כּמעט אין גאַנצן צוגעמאַכט, ווייל ס'איז שווער צונויפֿצוקריגן אַ מנין צום דאַווענען. ניטאָ אויך קיין מלמדים. די קינדער לערנען זיך אין דער יידישער רעגירונג־שול, וואו אַ מיידל איז אַ לערערין. קיין יידישע באַלמעלאָכעס זיינען אין שטעטל מער ניטאָ. עס איז בלויז געבליבן איין יידישער שוסטער. דאָס גאַנצע שטעטל באַשטייט היינט פֿון לופֿט־מענטשן. אַ ביסל האַנדלערייי, אַ ביסל קרעמעריי און לופֿט. אַנדערע האָבן קינדער אין אַפֿריקע און זיי שיקן אַמאָל פֿונטן, און אַנדערע האָבן קינדער אין אַמעריקע, וואָס שיקן אַ מאָל דאָלאַרן. און אַנדערע האָבן גאָרניט. איין טייל פֿון שטעטל, וואָס הייסט זעלאַנקע, איז אין גאַנצן אַריבער אין גויאישע הענט. אַפֿילו די מיל, אידל דעם מילנערס מיל, איז אויך געוואָרן גויאיש.

וואו זיינען געבליבן די יידישע שוסטערס, די יידישע שניידער און די אַנ־דערע יידישע באַלמעלאָכעס?

די שטעטלעך אין ליטע, באַזונדערס אין דעם טייל זאַמוט, זיינען דאָך געווען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש, וואָס זיי האָבן געהאַט אַ באַדייטנדע צאָל יידישע באַלמעלאָכעס. איצט אָבער איז אין מערערע פֿון זיי כּמעט קיין איינ־ציקער יידישער באַלמעלאָכע ניטאָ. אין וואַשקי, למשל, האָב איך מער קיין איינציקן ניט געפֿונען.

דעם פּלאַץ פֿון די יידישע באַלמעלאָכעס אין די שטעטלעך האָבן פֿאַר־נומען ליטווישע.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין די ליטווישע שטעטלעך זיינען געווען אַ סך יידישע באַלמעלאָכעס, איז אָבער דאָך מלאָכה גאָר קיין כּבוד ניט געווען. סאַ'יז מער בזיון ווי כּבוד צו זיין אַ באַלמעלאָכע, בפֿרט נאָך אַ שוסטער אָדער אַ שניידער. אַ ייד, וואָס האָט זיך נאָר גערעכנט פֿאַר אַ שטיקל באַלעבאָס, האָט אָנגעשטרענגט אַלע כּחות ניט צו מאַכן זיין קינד פֿאַר אַ באַלמעלאָכע. און ניט נאָר האַנדל און קרעמעריי איז געווען ביי די ליטווישע יידן פֿיל מער יחוס ווי מלאָכה, נאָר אויך שענקעריי. איך קען נאָך היינט ניט באַגרייפֿן, ווי אַזוי אָט די מיאוסטע, בזויהדיקע, אַפּשטויסנדע באַשעפֿטיקונג ווי שענקעריי האָט גע־קענט זיין אַ יחוס ביי די יידן אין ליטע. ביי די ליטווישע גויים, אָבער, איז מלאָכה געווען אַ יחוס. אַ ליטווישער שייגעץ, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט שוס־טעריי, שניידעריי, אָדער אַן אַנדער מלאָכה, איז געווען ביי זיך מער יחסן, ווי זיין חבר וואָס איז געבליבן אַקערן די ערד, אָדער פֿיטערן די בהמות. מלאָכה איז ביי די ליטווישע פּויערים אַ מדרגה העכער ווי ערד־אַרבעט. און ווען יידישע טאַטעס האָבן געמאַכט זייערע קינדער פֿאַר באַלמעלאָכעס בלויז פֿון נויט, האָבן די ליטווישע גויים געמאַכט זייערע קינדער פֿאַר באַלמעלאָכעס מיט פֿרייד.

און עס איז געווען לייכט פֿאַר די ליטווישע גויים אַרויסצוקאָנקורירן די יידן פֿון דער מלאָכה, באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך. ערשטנס, האָבן זיי די מלאָכה בעסער געלערנט און צווייטנס האָט זיי די פֿאַרבינדונג מיטן דאָרף פֿון וועלכן זיי שטאַמען, געגעבן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן די אַרבעט פֿאַר אַ ביליגערן פּרייז. דער ליטווישער באַלמעלאָכע האָט מייסטנס עלטערן, ברידער אָדער אַנ־דערע נאָענטע קרובים אין דאָרף, פֿון וואַנען ער קריגט שפּייז האַלב אומזיסט אָדער אין גאַנצן אומזיסט. און ווען זיינע לעבנס־קאָסטן זיינען קלענער, קען ער זיין אַרבעט רעכענען ביליגער.

איך האָב אין שאַוול, איינע פֿון די פֿאַר גרעסערע שטעט אין דער ליט־ווישער מלוכה, געזען גויישע שניידער־וואַרשטאַטן, וועלכע באַשעפֿטיקן מערערע אַרבעטער. און דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַ באַזונדער נייס. עס הייסט, אַז די ליטווישע גויים האָבן שוין גאַנץ ווייט פּראָגרעסירט אין אַרויסשטופּן די יידן פֿון מלאָכה.

בלויז אין זאַך האָט פּראָגרעסירט אין די ליטווישע האַלב־חרובע שטעט־לעך. דאָס איז דער ציוניזם. כּמעט אַלע יידן זיינען דאָרטן ציוניסטן. און וואָס דען זאָלן זיי דאָרטן זיין, אויב ניט ציוניסטן?

איך וואָלט ביי מיין אַלטן חבר שמואל הירשע אפֿשר געקענט פּועלן, אַז ער זאָל זיין אַ סאָציאַליסט. פֿאַרוואָס זאָל ער עס ניט זיין? ער וועט פֿאַרלירן זיינע מאַיאָנטקעס אין פּאָשוויטין? אָבער וואָס זאָל ער טאָן אין פּאָשוויטין מיטן סאָציאַליזם? ניטאָ אין פּאָשוויטין ניט נאָר קיין איין יידישער אַרבעטער, נאָר אַפֿילו קיין יידישע בעל־מלאכות. אין דער אמתן וואָלט מען אפֿשר ביי די מייסטע פּאָשוויטינער יידן פּועלן, אַז זיי זאָלן זיין סאָציאַליסטן, ווייל זיי האָבן מיט גאָרנישט צו ריזיקירן. אָבער איך ווייס ניט, וואָס מען קאָן איצט טאָן אין פּאָשוויטין מיט סאָציאַליזם. ציוניזם איז שוין מערער צוגעפּאַסט צו פּאָשוויטין. און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז ווען איך בלייב אַ ביסל לענגער אין פּאָשוויטין, ווער איך אויך אַ ציוניסט. דאָס קליין יידיש לעבן דאָרטן איז אַזוי אינהאַלטלאָז, אַזוי האָפֿנונגסלאָז, אַזוי פּוסט און וויסט, אַז חלומען וועגן אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע איז ניט נאָר דאָס איינציקע שטיקל אינהאַלט, נאָר אויך דאָס איינציקע שטיקל טרייסט.

## לינקאָווע

פֿון פּאָשוויטין קיין וואַשקי פֿאָרט מען איבער לינקאָווע. מיט איבער דריי־סיק יאָר צוריק בין איך אויף דעם וועג געפֿאָרן מערערע מאָל, און איך געדענק זייער גוט ווי מען פֿלעגט פֿאָרן. מען פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אין אַ האַרטן שאָקל־דיקן באַלעגאָלישן וואָגן אַ גאַנצער, און מען פֿלעגט אַזוי אָפּפֿאָרן אַ פֿינף־זעקס שעה ביז מען פֿלעגט קומען אַ צעבראָכענער. דער וועג איז געבליבן ביז היינט ניט געענדערט, און דער וואָגן, וואָס פֿאָרט איבער אים, טרייסלט זיך און וואַרפֿט זיך פּונקט ווי מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק. נאָר דער וואָגן, וואָס האָט מיר דאָס מאָל געטרייסלט, איז געווען אַן אַנדערער. עס איז געווען אַן אַמעריקאַנער

„פֿאַרד". איך קען ביז היינט ניט זאָגן אויב דער וועג איז אַ בערגלדיקער, אָדער אַ גריבערדיקער, אָבער וואָס איז דער אונטערשייד, אַבי עס צעטרייסלט די ביינער, ווען מען פֿאָרט איבער אים. מען האָט מיר געטרייסט, אַז בלויז זומער, ווען עס איז טרוקן, טרייסלט עס אַזוי. אין פֿרי־יאָר, אָבער, און אין הערבסט, ווען דער וועג ווערט טיף בלאָטיק, אַז עס זינקען די רעדער, איז עס אַזוי ווייך צו פֿאָרן ווי אין פּוך...

נאָך עטוואָס האָב איך געלערנט פֿאָרנדיק אויף די ליטווישע וועגן. איך האָב אויסגעפֿונען, אַז די ליטווישע פֿערד קענען נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט באַגרייפֿן ווי אַזוי אַ וואָגן קען פֿאָרן אָן פֿערד, און דערזעען זיי ווי אַן אויטאָמאָביל פֿאָרט — דערשרעקן זיי זיך ווי פֿאַר אַ ניט־גוטן און זיי פֿאַנגען אָן לויפֿן ווי דער רוח וואָלט זיי געטראָגן. די ליטווישע קי אָבער, ווערן פֿון דעם אויטאָמאָביל ניט אויף דאָס מינדעסטע נתפּעל. ווען אַ קו שטייט אויפֿן וועג און אַן אויטאָמאָביל פֿאָרט פֿאַרביי, גיט זי זיך אַפֿילו קיין ריר ניט. זי באַערט אים צומאָל ניט מיט אַ קוק, פּונקט ווי זי וואָלט געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן צווישן אויטאָמאָבילן. אָבער דענקט ניט, אַז די ליטווישע קי זיינען קליגער אָדער מער געבילדעט ווי די ליטווישע פֿערד און פֿאַרשטייען בעסער דעם שכל פֿון אַן אויטאָמאָביל. דאָס זיכער ניט. אַ ליטווישע קו איז אויך ניט מער ווי אַ בהמה. ניט מער, וואָס גייט עס אָן אַ קו, ווען מען פֿאָרט מיט אַ וואָגן אָן אַ פֿערד? פֿאָרן איז ניט איר ספּעציאַליטעט, און עס קימערט איר ניט ווי מען פֿאָרט. זי וואָלט זיך אָבער שוין זייער שטאַרק דערשראָקן ווען זי וואָלט געזען, אַז מען קען פֿון אַן אויטאָמאָביל מעלקן מילך.

נאָר אויב איך האָב פֿאַרשטאַנען די שרעק פֿון די ליטווישע פֿערד, ווען זיי האָבן געזען, אַז אַ וואָגן פֿאָרט פֿון זיך אַליין, האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען די באַציאונג פֿון די ליטווישע הינט צו דעם אויטאָמאָביל.

ווי מיר פֿלעגן נאָר אַריינפֿאָרן אין אַ דאָרף, פֿלעגן די הינט מיט אַ גוואַלדיקער האַווקעריי זיך אַ לאָז טאָן יאָגן נאָכן אויטאָמאָביל. און זיי פֿלעגן זיך נאָך אים אַזוי לאַנג יאָגן, ביז זיי פֿלעגן פֿאַרמאַטערט ווערן אָדער פֿלעגן זיך איבערציינגן, אַז זיי קענען אים ניט כאַפּן. און איך פֿלעג זיצן און טראַכטן: אייגנטלעך וואָס וואָלטן די הינט געטאָן מיט דעם אויטאָמאָביל, ווען זיי כאַפּן אים?

**נאָר אָט בין איך אין מיטן מאַרק פֿון דער שטאָט לינקאָווע!**

די זעלביקע לינקאָווע וואָס געווען, נאָר עפּעס די הייזער קוקן אויס נע־בעכדיקער, קלענער און איינגעדאַרטער. נאָר איך האָב ניט קיין צייט אַרומ־צוקוקן זיך, ווי אַרום דעם „פֿאָרד" האָבן זיך שוין צונויפֿגעקליבן עטלעכע יידן און מען פֿרעגט מיר אויב איך קויף פֿלאַקס. ניין, איך קויף ניט קיין פֿלאַקס, און עס אינטערעסירט זיי אַפֿילו ניט ווער איך בין. נאָר איינער פֿון זיי, אַ יונגער־מאַן, וואָס האָט מיט די פֿאָדערשטע ציין געקייט אַ דין שטרויעלע, איז ניט געווען אין גאַנצן זיכער, אַז איך קויף טאַקע ניט קיין פֿלאַקס. ער האָט אָנגע־וויזן, אַז דאָס איז ביי מיר אַזאַ מאַנעוורע, אַז אין דער אמתן קויף איך טאַקע יאָ פֿלאַקס, ווייל אויב ניט, צו וואָס בין איך געקומען אין לינקאָווע מיט אַן

אויטאָמאָביל? נאָר איך זאָג, אַז איך קויף ניט, ווייל איך וויל כאַפּן אַ מציאה. עס הייסט, אַז איך מיין צו זאָגן, אַז באמת דאַרף איך קיין פלאַקס ניט, ווייל איך האָב גענוג פלאַקס אָן לינקאָווע, נאָר אויב מען וועט עס מיר פאַרקויפן ביליק און עס וועט זיין אַ מציאה, וועלן מיר יידן מסחר. איז ער גרייט מיר צו לאָזן כאַפּן ביי אים אַ מציאה, אַבי איך זאָל נאָר קויפן. ער האָט זיך אָבער ענדלעך איבערצייגט, אַז ער וועט מיט מיר קיין מסחר ניט מאַכן, ווי ביליק ער זאָל מיר ניט פאַרקויפן.

אָבער אין לינקאָווע זיינען משמעות פאַראַן אַ סך יידן, וואָס האָבן פלאַקס צו פאַרקויפן, ווייל אין עטלעכע מינוטן אַרום זיינען ביי מיר שוין געווען אַנ־דערע יידן, וואָס האָבן מיר אָנגעבאָטן פלאַקס. און אַפילו ביים אַרויספאָרן פון שטעטל האָבן מיך אָפּגעשטעלט צוויי יידן, וואָס האָבן מיר געוואָלט פאַרקויפן פלאַקס.

מיר איז געווען אַ ביסל אויפגעפאַלנד פאַרוואָס די יידן אין לינקאָווע האָבן אַזוי שטאַרק געזוכט אַ פלאַקס־סוחר, וועמען צו פאַרקויפן פלאַקס. נאָר איך האָב זיך עס גלייך רעכט געמאַכט — יידן ווילן מאַכן מסחר. נאָר אַז איך בין געקומען אין וואַשקי, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז עס איז מער ווי מאַכן מסחר.

איך האָב זיך אין לינקאָווע לאַנג ניט פאַרהאַלטן. אַמאָל האָב איך דאָרטן געהאַט קרובים. דער רב פון שטעטל, ר׳ הירשל, איז געווען איינער פון זיי, און איך פלעג זיך מאַנכעס מאָל אָפּשטעלן ביי אים און כאַפּן אַ שמועס וועגן דער וועלט און דער מענטשהייט. ער האָט ליב געהאַט פילאָזאָפישע חקירות און ער האָט אַפילו געקענט פאַרטראָגן מיין אַפּיקורסות, אַז ניט די זון דרייט זיך, נאָר די ערד דרייט זיך. ניט מער זיין מיינונג איז געווען, אַז עס איז ניט וויכטיק, אויב די זון דרייט זיך אָדער די ערד דרייט זיך, אַבי די קאָפּ זאָל זיך נאָר ניט דרייען. אָבער ר׳ הירשל איז שוין לאַנג מער ניטאָ אין לינקאָווע, ער איז געשטאָרבן נאָך פאַר דער מלחמה, און די אַנדערע קרובים האָב איך שוין אַליין פאַרגעסן ווער זיי זיינען.

אַ גרויסע ענדערונג צום בעסערן האָב איך יאָ באַמערקט אין לינקאָווע: די גאַסן זיינען דאָרטן איצט ברוקירט.

לינקאָווע איז געווען באַרימט מיט אירע בלאָטעס. ס׳פלעגט גיין אַ ווערטל, אַז פונקט ווי די תורה האָט קיין גרונט ניט, אַזוי האָבן די לינקאָווער בלאָטעס קיין גרונט ניט. וועגן לינקאָווער בלאָטעס זיינען געווען אַ סך וויצן און אַנעקדאָטן. מאַנכע פון זיי זייער גוטע, נאָר איצט האָבן זיי פאַרלאָרן זייער ווערט. דאָס איז ווירקלעך אַ שאָדן.

יאָ, די דייטשן האָבן לינקאָווע געלאָזן אַ ירושה אַ קליין באַנכל, וואָס גייט דאַכט זיך, ביז פּאַנעוועזש, אָבער די לינקאָווער יידן זיינען מיט דער ירושה ניט איבעריקס צופרידן. זיי האָבן טענות צו די דייטשן פאַר וואָס זיי האָבן שוין ניט אין איין בויען אויסגעבויט אַן אמתע אייזנבאַן, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין יאַנישאָק. דאָס איז ווירקלעך אַן עוולה פון די דייטשן, אָבער איך דאַרף זאָגן, אַז מיין וואַשקי האָבן די דייטשן נאָך מער געקריוודעט. אין וואַשקי האָבן זיי אַפילו אַ קליין־באַנכל אויך ניט געבויט.

# וואַשקי

מיין שטעטל וואַשקי האָט זיך ווייניק געענדערט פֿאַר די עטלעכע און דרייַ־סיק יאָר, וואָס איך האָב איר ניט געזען. זי זעט אויס כמעט אַזוי ווי איך האָב איר דאָס לעצטע מאָל געזען, אָבער איך האָב ניט געפֿילט, אַז זי איז מייַנע, אַפֿילו היידעלבערג און בערלין זייַנען מער מייַנע, ווי וואַשקי.

אויב אין מיר איז יאָ אַרויסגערופֿן געוואָרן עפּעס אַ געפֿיל, איז ער אָבער געווען ווייט פֿון סענטימענטאַל אָדער ראָמאַנטיש. איך האָב ניט דאָס ריכטיקע וואָרט צו באַצייכענען דעם געפֿיל, נאָר איך וואָלט זאָגן, אַז עס איז געווען אַ מין רחמנות־געפֿיל.

שוין ביים אַרייַנקומען אין שטעטל, ווען איך האָב דערזען די צוויי רויטע טורעמס פֿון דער טיפֿלע, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געפֿיל פֿון רחמנות. איז דאָס די הויכע וואַשקיער טיפֿלע, וועגן וועלכער איך האָב אַ מאָל געדענקט, אַז העכער קען שוין ניט זייַן? עפּעס זייַנען די צוויי טורעמס פֿון דער טיפֿלע ווי אייַנגעדאַרט געוואָרן און געוואַקסן אין דער טיף. זיי זייַנען גאָרניט הויך און קוקן אויס אַזוי נעבעכדיק.

אַזאַ געפֿיל האָב איך געהאַט מיט צען יאָר צוריק, ווען איך בין געקומען אין ווילנע און דערזען די באַקאַנטע צוויי בולוואַנעס אויף טראָקער גאַס. אַ מאָל ווען איך בין אין ווילנע געקומען צום ערשטן מאָל, האָבן די צוויי בולוואַנעס אויסגעזען אין מייַנע אויגן גוואַלדיק, ווי ריזן. ווען איך האָב זיי אָבער געזען מיט צען יאָר צוריק, האָבן זיי אויסגעקוקט ווי אַ פּאָר אויסגעהונגערטע און פֿאַרדאַרטע פּראָלעטאַריער, וואָס דאַרפֿן אויף זייערע שוואַכע פּלייצעס טראָגן אַזאַ שווערע משא. אַזוי נעבעכדיק האָבן זיי אויסגעזען אין מייַנע אויגן.

איך האָב געקראָגן זייער אַ וואַרימע אויפֿנאַמע אין שטעטל. דער קבלת־פּנים איז פֿאָרגעקומען ביים רב אין הויז. אין דעם זעלביקן הויז, וואו איך האָב אַמאָל געלערנט.

דער רב פֿון שטעטל איז אַ שיינער יונגערמאַן מיט אַ לאַנגער זיידענער באָרד. ער איז אַן איידעם פֿון דעם פֿריערדיקן וואַשקיער רב, ביי וועמען איך האָב אַמאָל געלערנט. מיר האָט פֿאַרדראָסן ,פֿאַרוואָס איך האָב מיין רבין מער ניט געפֿונען ביים לעבן און איך האָב צו זיין איידעם געפֿילט אַ מין קרובהשאַפֿט, ניט קוקנדיק, וואָס איך האָב אים פֿריער ניט געקענט.

און איך האָב עפּעס געהאַט אַ מאָדנעם געפֿיל, ווען די באַלעבאַטים פֿון שטעטל זייַנען געזעסן אַרום מיר און האָבן מיר דערציילט, וואָס עס פֿעלט די יידן אין וואַשקי. קיינער האָט ניט גערעדט וואָס עס פֿעלט אים אַליין, נאָר וואָס עס פֿעלט דעם כלל.

און איך האָב געקוקט אויף זיי און געטראַכט: אָט די יידן מיט די גרויע בערד זייַנען דאָך ניט לאַנג צוריק געגאַנגען מיט מיר אין איין חדר און גע־קראָגן געשמיסן פֿון איין רבין. ווי לאַנג איז עס דען, ווי מיר פֿלעגן מיט מוישקע איצע דעם בודניקס אויסרייבן דעם גליטש אויף דער סאַזשלקע, אַז מען זאָל זיך קענען בעסער גליטשן? מיר פֿלעגן דאָס טאָן אַזוי: מיר פֿלעגן אים אַוועקלייגן אויפֿן גליטש און שלעפּן אים פֿאַר די פֿיס אַהין און צוריק

אַזוי לאַנג, ביז דער אייז פֿלעגט אויסגעריבן ווערן גלאַט און גלאַנציק. און איצט האָט דער זעלביקער מוישקע איצעס אַ גרויע באָרד! און ביניאָמקע ברוך דעם קרעטשמערס האָט אויך אַ גרויע באָרד! ער איז דאָך גאָר ניט לאַנג געווען אַ קליין שנעקל, מיט וועלכן מיר פֿלעגן אַפֿילו ניט וועלן שפּילן אין קנעפּלעך. און שמולקע זלמנס, וואָס איז גאָר נעכטן נאָך אַרומגעלאָפֿן אין הויזלעך מיט אַן עק און מיט אַ רינענדיק נעזל, האָט היינט שוין גרויסע זין און טעכטער, און ווען אין שטעטל וואָלט ניט געווען אַזוי שווער צו טאָן שידוכים, וואָלט ער שוין געווען אַ זיידע!

נאָר זיי טראַכטן איצט ניט וועגן די אַמאָליקע חדר־יאָרן, ווען מיר פֿלעגן זיך אַרויסכאַפּן אין די נאָענטע פֿעלדער רייסן גרינע אַרבעס, זיך אַרויפֿכאַפּן רייטן אויף די פֿערד, וואָס האָבן זיך געפּיטערט אויסן שטעטל, אָדער זיך וועטן ווער עס קען גיכער לויפֿן אַרום דער בימה אין בית־מדרש. איצט זיצן זיי אוןריידן וועגן פּרנסה. געווען ביז מיט אַ יאָר צוריק ניט שלעכט אין שטעטל, מען האָט געהאַנדלט און געמאַכט אַ לעבן. דער הויפּט־האַנדל איז געווען פֿלאַקס, איצט איז אָבער דער האַנדל מיט פֿלאַקס ניט בלויז טויט, נאָר מען איז איינ־פֿאַך אומגליקלעך געוואָרן. דער אומגליק איז געקומען פֿון סאָוועט־רוסלאַנד. מען פֿלעגט פֿריער פֿאַרקויפֿן פֿלאַקס אין ענגלאַנד פֿאַר 105 דאָלאַר אַ טאָן, איז געקומען סאָוועט־רוסלאַנד און האָט אָנגעפֿאַנגען פֿאַרקויפֿן פֿאַר 35 דאָלאַר! מען קען איצט מער ניט האַנדלען מיט פֿלאַקס, און די וואָס האָבן געהאַט אָנגע־קויפֿט פֿלאַקס פֿון פֿריער — זיינען בדיל הדל געוואָרן.

און ווען זיי האָבן מיר עס דערציילט, איז עס מיר קלאָר געוואָרן פֿאַרוואָס מען האָט מיר אין לינקאָווע אַזוי פֿיל אָנגעבאָטן צו קויפֿן פֿלאַקס. און איך האָב שוין אויך פֿאַרשטאַנען, אַז מיין בעסטע הילף פֿאַר וואַשקי וואָלט געווען ווען איך וואָלט געקענט קויפֿן פֿלאַקס.

נאָר וואַשקי וואָלט דאָך געקענט אַ ביסל אויפֿגעריכט ווערן, ווען די פֿאַר־אָרעמטע ליי־קאַסע וואָס דאָרטן עקזיסטירט, וואָלט געקענט קריגן עטלעכע טויזנט דאָלאַר.

מיר האָט ווירקלעך פֿאַרדראָסן וואָס איך בין ניט רייך און וואָס איך קען ניט אַרויסנעמען פֿון קעשענע די עטלעכע טויזנט דאָלאַר, מיט וועלכע וואַשקי קען געהאָלפֿן ווערן. איך האָב זיך געפֿילט נאָך ערגער, ווען איך האָב ניט געקענט פֿאַרשפּרעכן, אַז אַלע וואַשקיער אין אַמעריקע צוזאַמען וועלן קענען צונויפֿלייגן די עטלעכע טויזנט דאָלאַר. איך האָב גאָר געמוזט דערציילן, אַז אין אַמעריקע זיינען איצט שלעכטע צייטן און אַז עטלעכע טויזנט דאָלאַר איז אַפֿילו ביי די וואַשקיער אין אַמעריקע אַ סך געלט.

דער רב האָט אַן אַנדער דאגה. מען דאַרף בויען אַ נייעם בית־מדרש. דער וואָס איז פֿאַראַן, איז אַלט, און ווען מען וואָלט אים כסדר ניט אונטערשפּאַרן מיט נייע שפּאַרעס, וואָלט ער שוין לאַנג איינגעפֿאַלן. און ער פֿירט מיר וויזן דעם בית־המדרש. יאָ, דער זעלביקער בית־מדרש, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן, נאָר די בימה איז אַן אַנדערע. געווען פֿריער אַ גרויסע בימה, אַ געמויערטע מיט אויוונס אין איר צו הייצן. איצט איז די בימה אַ הילצערנע, אַ קליינע, און די אויוונס זיינען באַזונדער. אַרום דער אַלטער בימה, טראַכט איך, איז געווען אַ

סך בעסער צו יאָגן זיך. זי איז געווען אַ סך גרעסער. דער רב האָט מיר דער־קלערט, אַז דער בית־המדרש איז די איינציקע קהלשע געבײַדע, וואָס וואַשקי פֿאַרמאָגט און מען דאַרף האָבן אַ נײַע געבײַדע. אין בית־מדרש האָב איך גע־פֿונען כּמעט גאַנץ וואַשקי און מען האָט מיר געבעטן, אַז איך זאָל עפּעס זאָגן. איך האָב געמוזט פֿאָלגן. אָבער וואָס האָב איך אָט די ייִדן, וואָס זײַנען מיר אַמאָל געווען אַזוי נאָענט און איצט אַזוי ווײַט, געקענט זאָגן? איך פּרוביר זיך איצט דערמאָנען און איך געדענק ניט וואָס איך האָב צו זיי גערעדט. און דאָס איז דאָך געווען אין גאַנצן מיט קנאַפּע פֿיר חדשים צוריק. מיר איז בלויז גע־בליבן פֿריש דער אײַנדרוק פֿון דער פֿאַרזאַמלונג. אַ שווערער אײַנדרוק. דער בית־המדרש איז געווען טונקל, די לופֿט דריקנד, עפּעס ווי טוכלע, און די מענטשן האָבן אויסגעקוקט ווי שאָטנס. אָבער וואָס איך האָב גערעדט פֿאַר זיי, געדענק איך ניט.

יונגע מענטשן האָב איך אויף דער פֿאַרזאַמלונג געזען ווייניק. עס זײַנען איבערהויפּט פֿאַראַן ווייניק יונגע מענטשן אין שטעטל. די יוגנט אַנטלויפֿט פֿון שטעטל. וואָס זאָל זי דען דאָרטן טאָן?

קיין ייִדישע בעל־מלאָכות זײַנען אין שטעטל אין גאַנצן מער ניטאָ. אַ מאָל איז מער ווי אַ האַלבע שטעטל באַשטאַנען פֿון בעל־מלאָכות. עס איז אַפֿילו געווען אַ ייִדישער שמיד. די בעל־מלאָכות אין שטעטל זײַנען איצט גויים.

איך האָב צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען צוריק אין אַמעריקע, וועל איך דערמאָנען אַלע וואַשקיער וואָס געפֿינען זיך אין אַמעריקע, אַז עס איז נאָך פֿאַראַן אַ וואַשקי אויף דער וועלט און אַז זיי זאָלן עפּעס טאָן פֿאַר זייער אַלטער היים.

## שאָול

פֿאַרוואָס בין איך פֿון מײַן שטעטל אַוועקגעפֿאָרן מיט אַזאַ שווער געמיט? איך ווייס ניט, איז דאָס געווען צוליב דעם, ווײַל איך האָב געפֿילט, אַז די מענטשן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט הינטער זיך אין מײַן שטעטל זײַנען אין מיר אַנטוישט; זיי האָבן מיר אָנגעטאָן אַזוי פֿיל כּבוד, זיי האָבן מיר אָפּגעגעבן אַזאַ קבלת־פּנים, וואָס איך האָב קיין מאָל ניט דערוואַרט פֿון זיי, און וואָס האָב איך געטאָן פֿאַר זיי? איך האָב זיי אַפֿילו ניט געקענט צוזאָגן, אַז איך קען עפּעס טאָן פֿאַר זיי. אָדער איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס קוקנדיק אויף מײַנע אַמאָליקע חדר־חברים ווי אַלט זיי זײַנען געוואָרן, האָב איך אויך אַ טראַכט געטאָן וועגן זיך. איך האָב אין זייערע גרויע בערד און פֿאַרזאָרגטע, פֿאַרעלטערטע געזיכטער געזען ווי אין שפּיגל זיך אַליין. וואָלט איך דאָך אַליין אויך אויסגעקוקט אָט אַזוי ווי זיי, ווען איך וואָלט פֿון וואַשקי ניט אַוועקגעפֿאָרן אין מײַנע יונגע יאָרן. איך האָב זיך פּלוצים פֿאַרטראַכט וועגן דעם, ווי גיך די צײַט לויפֿט און ווי עס דויערט אַזוי ווייניק צו ווערן פֿון יונג אַלט. און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אַמאָל, ווען איך בין נאָך אין חדר געגאַנגען איז די צײַט גאָרניט געלאָפֿן, נאָר זי האָט זיך קוים גערירט. מיר האָט זיך דעמאָלט געוואָלט ווערן, וואָס גיכער

אַ גרויסער, אַ דערוואַקסענער, אָבער עס האָט ניט געהאָלפֿן. די צייט האָט זיך געשלעפּט אַזוי לאַנגזאַם, אַז מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז איך וועל קיין מאָל פֿון די חדר־יאָרן ניט אַרויס. איצט, אָבער, לויפֿט זי ווי דער רוח וואָלט זי טראָגן. נאָר עס איז שווער צו אַנאַליזירן אייגענע געפֿילן. איך ווייס בלויז, אַז מיר איז געווען שווער צום מוט און אַז איך האָב געוואָלט וואָס גיכער אַוועקפֿאָרן פֿון מיין „היים”, וואו איך בין געווען אַזוי פֿרעמד.

איך בין אויפֿגעשטאַנען פֿרי. צוויי הענער אויפֿן הויף, וועלכע האָבן זיך פֿאַרוועט ווער פֿון זיי עס קען קרייען העכער, האָבן מיך אויפֿגעוועקט און מיך מער ניט געלאָזן איינשלאָפֿן צוריק. איך האָב ניט געקענט דערגיין ווער פֿון די צוויי הענער האָט דעם וועט געוואונען, איינער האָט געהאַט אַ דין קולכל, אַ מין סאָפּראַנאָ, און דער צווייטער האָט געהאַט אַ קול, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ כריפּעדיקן טענאָר. זיי האָבן געקרייט אַ גאַנץ לאַנגע צייט אַ פּסוק אום אַ פּסוק, און איך האָב ניט געוואַרט ביז זיי וועלן ענדיקן. איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַרויס אין גאַס אַ קוק טאָן ווי וואַשקי זעט אויס אין דער פֿרימאָרגנדיקער זונען־שיין. אין דער אמתן איז עס שוין ניט געווען פֿרי. ווייניקסטנס ניט פֿאַר וואַשקי. עס איז געווען 7 אַזייגער און דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין לאַנג געווען אויף די פֿיס. די מענער זיינען אַוועק דאַווענען אין בית מדרש און די ווייבער האָבן שוין לאַנג אָנגעהייצט די אויוונס אויף באַקן חלה. עס איז געווען פֿרייטאָג פֿרי. און מאָדנע: די איינגעהייצטע אויוונס אויף באַקן חלה האָט מיך מער ווי אַלץ דערמאָנט מיינע קינדער־יאָרן. איך האָב זיך דערמאָנט ווי מיין מאַמע פֿלעגט באַקן חלה. און עס איז געווען גענוג אויפֿצוּוועקן אין בילד אין זכרון און עס האָבן זיך אָנגעפֿאַנגען זכרונות פֿון די קינדערשע יאָרן. איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט פֿאַר דינה זלמנס אויוון און געקוקט ווי ער הייצט זיך. אַ גרויסער, אַלטער ליטווישער אויוון, וואָס איך האָב שוין אַזוי פֿיל יאָרן ניט געזען. דער אויוון האָט זיך גאָרניט געענדערט, אָבער דינה זלמנס האָט זיך שטאַרק געענדערט. איך האָב איר ניט דערקענט. זי איז געווען יונג און שיין, ווען איך האָב דאָס שטעטל פֿאַרלאָזן, און היינט איז זי אַן אַלטע באָבעשי, צעקנייטשט און געבויגן.

*

איך האָב געהייסן דעם שייגעץ איינשפּאַנען זיין „פֿאָרד” און — זיי געזונט וואַשקי. איך בין דורכגעפֿאָרן אַ פּאָר שטעטלעך, עטלעכע דערפֿער, אָבער איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט. איך האָב געהאַט אין גאַנצן בלויז נאָך דריי טעג, וואָס איך האָב געקענט פֿאַרברענגען אין ליטע. איך האָב זיך געוואָלט אָפּשטעלן אין יידישן דאָרף פּאַמוסע, ניט ווייט פֿון לינקאָווע. עס איז אַ קליינער דאָרף פֿון יידישע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין די צייטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אָדער נאָך פֿריער. איך האָב געוואָלט זען, אויב ביי די יידישע פּויערים אין פּאַמוסע זיינען פֿאָרגעקומען וועלכע עס איז ענדערונגען זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן די ליטווישע מלוכה. אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אַז עס האָט זיך ווייניק געענדערט, און אַזוי ווי צייט האָב איך געהאַט ווייניק, האָב איך געהייסן מיין „פֿאָרד” פֿאָרן ווייטער

און איך בין אַזוי דערפֿאָרן ביז שאַוול, איינע פֿון די פּאָר גרעסערע שטעט אין דער ליטווישער מלוכה, אויסער דער הויפּט־שטאָט.

נאָר מאַכט זיך ניט קיין פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען וועגן דעם וואָרט „גרעסערע", וואָס איך גיב איבער דאָ. אַ גרעסערע שטאָט אין מדינת ליטע איז קלענער ווי אַ קליין שטעטל אין אונדזער אַמעריקאַנער מדינה. איך ווייס ניט גענוי, ווי גרויס עס איז איצט די באַפֿעלקערונג פֿון שאַוול, אָבער איך גלויב, אַז שאַוול וועט זיך ניט פֿילן געקריוודעט, ווען איך וועל זאָגן, אַז איר באַפֿעלקערונג איז אַרום דרייסיק טויזנט. אויף וויפֿל איך געדענק, איז די צאָל אַ קלענערע, אָבער זאָל מיינס איבערגיין.

שאַוול האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי קוקט היינט אויס ייִדיש־לעכער ווי אַמאָל. און איך האָב אויך געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי קוקט אויס לייטישער ווי אַמאָל. איך האָב גראָד געהאַט אַ ביסל פֿרייע צייט און איך האָב דורכגעשפּאַצירט שאַוול אין דער לענג און אין דער ברייט. איך האָב אַפֿילו צייט געהאַט צו הערן אַ חזן מיט אַ כאָר אין שאַוול.

עס איז געווען שבת אין דער פֿרי. די גאַסן זיינען געווען שטיל און שבת־דיק. און שבת האָט זיך אויך שטאַרק געפֿילט אין מיין האָטעל, וואו איך בין געשטאַנען. איך האָב זיך דערקונדיקט ווען עס גייט אָפּ אַ צוג פֿון שאַוול אין קאָוונע און איך האָב אויסגעפֿונען, אַז איך האָב נאָך פֿולע דריי שעה צו וואַרטן. דער צוג גייט אָפּ איינס אַזייגער. עס הייסט, אַז איך האָב גענוג צייט צו גיין באַקוקן די שטאָט. בין איך דורכגעגאַנגען איין גאַס, אַ צווייטע, און איך דערהער, אַז עפּעס ניט פֿון דער ווייט דערטראָגן זיך באַקאַנטע ניגונים. פֿון אָנפֿאַנג ניט אַזוי דייטלעך. נאָר שפּעטער אַלץ דייטלעכער און קלערער. איך ווייס שוין וואָס דאָס איז — עס זינגט אַ חזן און אַ כאָר. און איך דאַרף פֿיל ניט זוכן פֿון וואַנען עס קומט. ניט ווייט פֿון מיר איז אַ ווייסער מויער מיט אַן אייזערנער צוים אַרום, און איך שטויס מיך גלייך אָן, אַז דאָס איז די שאַוולער שול. אמת, עס קוקט מיר אויס אַ ביסל צו אַריסטאָקראַטיש פֿאַר אַ שאַוולער שול, אָבער איך הער דאָך מיט מיינע אויערן ווי עס זינגט אַ חזן.

נעמט מיך אָן אַ חשק אַריינצוגיין. שוין לאַנג ניט געהערט אַ חזן, און וואָס צו טאָן האָב איך סיי־ווי־סיי ניט.

די שול איז אַ גרויסע און אַ גאַנץ שיינע, אָבער האַלב ליידיקלעך. איך האָב געפֿילט, אַז מען קוקט אויף מיר. ניט קיין וואונדער. אַלע שטייען אָנגעטאָן אין גרויסע טליתים, און איך קוק אויס ווי אַ נאַקעטער, אָן אַ ברעקל טלית אויף זיך. און נאָך מיין עלטער דאַרף איך, דאַכט זיך, טראָגן אַ טלית. נאָר מסתמא האָב איך אָפּגעדאַוונט מיטן ערשטן מנין און געקומען הערן דעם חזן.

דער חזן האָט אַ גאַנץ פֿיינע טענאָר־שטים, אָבער ציקלט זיך אַ ביסל צו פֿיל. דער כאָר איז ניט קיין גרויסער, אָבער ער האָט אַ גוטן לירישן טענאָר און אַן אויסגעצייכנטן באַס. נאָר דאָס אַלטל מיט דעם סאָפּראַנאָ מאַכן מיר דאָס לעבן במאס. פֿריער האָט דאָס אַלטל אַ לאַנגע סאָלאָ און ער שרייט און ציקלט זיך ווי אַ גאַנצע סטאַדע ציגן. און ווען ער ענדיקט און איך אָטעם אָפּ פֿרייער, פֿאַנגט אָן דאָס סאָפּראַנעלע אַ סאָלאָ און שרייט און ציקלט זיך מיט אַזאַ שריי־

ענדיק קולכל, אַז עס איז איינפֿאַך גאָטס רחמנות. אָבער אַזוי פֿיל אויסהאַלטן קען איך ניט, און איך לאָז איבער די שאַוולער יידן, אַז זיי זאָלן אים אויסהערן ביזן סוף. עס איז זייערער אַ בחורל, מעגן זיי ליידן פֿון אים.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב שאַוול געקריוודעט. איך האָב ווייניק געזען פֿון די שאַוולער יידישע אינסטיטוציעס און איך האָב ניט אויסגעפֿאָרשט דאָס יידישע לעבן פֿון שאַוול. איך בין מער געשוואומען אויף דער אויבערפֿלאַך פֿון שאַוול, איידער דערגרונטעוועט זיך אין אירע טיפֿענישן.

פֿון דעם ביסל אינפֿאָרמאַציע, וואָס איך האָב געקענט זאַמלען אין דער קורצער צייט, וואָס איך האָב זיך אויפֿגעהאַלטן אין שטאָט, האָב איך אויס־געפֿונען, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די יידן דאָרט איז אַ סך בעסער ווי אין די קליינע ליטווישע שטעטלעך, וואָס איך האָב באַזוכט. אייגנטלעך איז שאַוול נאָך דער הויפּט־שטאָט קאָוונע — די צווייטע גרעסטע שטאָט אין דער ליטווישער מלוכה. אין שאַוול זיינען דעריבער פֿאַראַן אַ רעכט ביסל מלוכה־אינסטיטוציעס, מיליטער, באַאַמטע, און אַזוי ווייטער. אין שאַוול זיינען אויך פֿאַראַן פֿאַבריקן און די מייסטע פֿון זיי, אויב ניט אַלע פֿון זיי, באַלאַנגען צו יידן. אַז די קראָמען, וואָס שאַוול פֿאַרמאָגט, באַלאַנגען צום גרעסטן טייל צו יידן, איז איבעריק צו זאָגן. אין שאַוול זיינען אויך נאָך פֿאַראַן אַ רעכט ביסל יידישע באַלמעלאָכעס און אַפֿילו אַ ביסל יידישע אַרבעטער. איך האָב אָבער געזען, אַרומשפּאַצירנדיק אין שאַוולער גאַסן, אַ פּאָר גרעסערע גויישע שניידערישע וואַרשטאַטן. און דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַ נייס. איך האָב געזען אין גויישן וואַרשטאַט, וואו עס האָבן געאַרבעט פֿינף אָדער זעקס מאַשינען. אַמאָל האָט מען עס ניט געקענט געפֿינען. שניידעריי איז געווען אַ יידישע מלאכה. מען האָט געקענט געפֿינען איינצלנע ליטווישע שניידערס, אָבער אַ גאַנצער וואַרשטאַט אַ ליטווישער איז מיר ניט באַקאַנט. אָבער דעם פֿאַקט און די מאָראַל פֿון אים האָב איך שוין דערמאָנט אין מיינע פֿריערדיקע רייזע־נאָ־טיצן פֿון ליטע.

*

פֿון 1931 זיינען אַ סך וואַסערן איבערגעלאָפֿן. איך פֿרעג ניט, וואָס עס איז געוואָרן פֿון די יידישע ליטווישע שטעטלעך. איך ווייס, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו פֿרעגן. ווי זאָגט דאָרטן דער פּסוק: אויב די צעדער־ביימער זיינען באַפֿאַלן געוואָרן פֿון די פֿייער־פֿלאַמען, טאָ וואָס קען שוין זיין מיט די וואַנט־גרעזלעך? אָבער דאָך פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז עפּעס נאָענטעס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פֿון דער ערד.

נאָר איך וויל ניט גלויבן, אַז עס איז אָפּגעמעקט געוואָרן אויף שטענדיק. איך גלויב פֿיל מער, אַז פֿון די חורבות וועט אויסוואַקסן אַ ניי לעבן. דאָס לעבן לאָזט זיך ניט אָפּמעקן. עס וואַקסט שטענדיק אַרויס פֿון דאָס ניי.



# קיוראַסאָ

איך בין געפאָרן כאַפּן אַ ביסל קילע לופט און איך האָב געפונען אויפן וועג אַ הייסע יידישע מדינה.

אמת, אַ גאַנץ קליינע מדינה, אָבער אַ גוטע. די דאָרטיקע יידן זאָגן, אַז עס איז אַ יידישער גן־עדן.

איך וויל דאָ ניט דערציילן ווי אַזוי איך בין אין דער יידישער מדינה געקומען. עס זיינען פאַראַן צוויי וועגן ווי מען קען אַהין פאָרן — מיט וואַסער אָדער מיט לופט. וואָלט עס געוויס געווען מער יידישלעך, אַז איך זאָל פאָרן מיט דער לופט. איז דאָך לופט אַ יידישע זאַך. אַ סך יידן זיינען לופט־מענטשן און לעבן פון דער לופט. אָבער אַ שרעקעדיק הארץ איז אויך אַ יידישע זאַך. און איך שעם זיך ניט אויסצוזאָגן, אַז איך האָב מורא צו פאָרן מיט דער לופט. עס איז גענוג פאַר מיר, וואָס איך האָב גובר געווען מיין שרעק צו פאָרן מיטן וואַסער. דער מענטש, דאַרפט איר וויסן, איז בטבע אַ יבשה־באַשעפעניש און ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין די געפאָרן, וואָס לויערן אויף דער יבשה, פילט ער זיך דאָך זיכערער, ווען ער האָט די פעסטע ערד — טעראַ פירמאַ — אונטער זיינע פיס. נאָר ווי אַזוי איך בין געפאָרן און פאַרוואָס איז בין געפאָרן, וועל איך איבער־לאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל. דאָ וועל איך בלויז דערציילן וועגן דער יידישער מדינה, וואָס איך האָב אַנטדעקט אין מיטן ים.

האָט איר אַמאָל געהערט וועגן אַן אינדזל קיוראַסאָ?

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין אַ ביסל שוואַך אין געאָגראַפיע און איך האָב ניט געוואוסט, אַז קיראַסאָ איז אַן אינדזל אין קאַריבעער ים. איך האָב געמיינט, אַז קיראַסאָ איז אַזאַ געשמאַקע משקה, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרזוכן. עס איז אַ „קאָרדיעל", ווי די, וואָס זיינען באַ־האַוונט אין טרינקען רופן עס. איצט אָבער ווייס איך פיל מער. איך ווייס איצט, אַז אָט די דערמאָנטע געשמאַקע משקה האָט געקראָגן איר נאָמען פון דעם אינדזל קיראַסאָ, פון וואַנען זי שטאַמט.

אייגנטלעך ווערט די משקה „קיוראַסאָ" הויפּטזעכלעך געמאַכט אין פראַנק־רייך און אין האָלאַנד. און אויב איינער וויל האָבן הנאה פון אַ גוטן טרונק, מוז ער זיך מטריח זיין און ניט זשאַלעווען די פּאָר גראָשן און קויפן פראַנ־צויזישע אָדער האָלענדישע „קיוראַסאָ", ווייל די, וואָס ווערט פראָדוצירט אויפן אינדזל האָט ניט דעם ריכטיקן טעם. אָבער אויף דעם אינדזל קיראַסאָ וואַקסן פּאָמעראַנצן, וואָס ווערן באַנוצט צו פראָדוצירן די דערמאָנטע משקה.

איז אָט צו דעם אינדזל קיוראַסאָ האָב איך צופעליק אָנגעשפּאַרט, ווען איך בין געפאָרן זוכן אַ ביסל קילע לופט אויפן ים, און איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז טאַקע דאָרטן, האָב איך עס געפונען די יידישע מלוכה.

קיוראַסאָ איז אַ קליין אינדזל, וואָס באַלאַנגט צו האָלאַנד און האָט הינטער זיך אַ לאַנגע געשיכטע פון מלחמות צווישן ענגלענדער, פראַנצויזן, שפּאַניער און האָלענדער. דער שטח פון דעם אינדזל איז נאָך קלענער ווי די פאַרעג־

שלאָגענע יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע פון דער ענגלישער קעניגלעכער קאָ־מיסיע. די באַפעלקערונג פון אינדזל איז אַן ערך 50 טויזנט, און אַ העלפט פון דעם געפינט זיך אין דער הויפּטשטאָט ווילליאַמשטאַדט, וועלכע איז אויך דער הויפּט־האַפן פון דעם אינדזל.

נאָר לאָמיר זיין אַ ביסל פּאַרזיכטיק און גלייך פון אָנהויב דערקלערן, אַז ס'האַנדלט זיך ניט וועגן אַן אמתער יידישער מלוכה. ניטאָ אַזאַ אָרט אויף דער וועלט, וואו יידן זאָלן האָבן זייער אייגענע מלוכה. קיוראַסאָ איז באמת אַ גוישער אינדזל. ער באַלאַנגט ווי שוין געזאָגט, צו האָלאַנד און די מערסטע איינוואוינער זיינען גויים פון פאַרשיידענע מינים און פאַרשיידענע קאָלירן. יידן זיינען אין ווילליאַמשטאַדט פאַראַן בלויז אַרום 750. די פּינקטלעכע צאָל, לויט ווי דער הויפּט־ראַבינער דר. י. ש. עמנואל האָט מיר אָנגעגעבן, איז 740. פון זיי זיינען אַרום 500 אַלט־איינגעזעסענע, וואָס שטאַמען פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל; אַרום 50 פון טערקיי און אַן ערך 190 פון אונדזערע מזרח־יידן. הויפּטזעכלעך פון פּוילן (גאַליציע) און רומעניע, וואָס זיינען אין לאַנד נאָך ניט לאַנג — צען יאָר און ווייניקער.

דער הויפּט־ראַבינער דר. י. ש. עמנואל האָט די יידישע באַפעלקערונג פון קיוראַסאָ איינגעטיילט פאַר מיר אויפן פאָלגנדיקן אופן: 350 ספרדים אָרטאָ־דאָקסן; 150 ספרדים רעפאָרמירטע; 50 ספרדים פון טערקיי און אַרום 190 אַשכנזים (מזרח־יידן).

אייגנטלעך זיינען די 350 אָרטאָדאָקסישע ספרדים ניט אַזוי גוואַלדיק אָר־טאָדאָקסיש. מיר איז שווער געווען אויסצוגעפינען, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן זיי און זייערע ברידער די רעפאָרמער. אַמאָל איז דער אונטערשייד געווען אַ גרויסער, ווייל די אָרטאָדאָקסישע ספרדים פון דעם אינדזל זיינען טאַקע געווען אמת־אָרטאָדאָקסיש, אָבער איצט איז דער הויפּט־אונטערשייד בלויז אין דעם, וואָס זיי דאַווענען אין באַזונדערע שולן און דער סידור איז אַ ביסל אַנדערש. אָבער די פרומקייט פון די קיוראַסאָער יידן האָט מיך ווייניק פאַראינ־טערעסירט. איך בין געווען מער טשיקאַווע צו וויסן זייער געשיכטע, זייער עקאָ־נאָמישן צושטאַנד און זייער פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן איינפלוס.

איך האָב אויסגעפונען, אַז די יידישע געמיינדע אין קיראַסאָ איז געגרינדעט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „מקוה ישראל" אין יאָר 1650 און איז אויך אַזאַ אופן איינע פון די עלטסטע יידישע געמיינדעס אין דער נייער וועלט. די ערשטע יידן זיינען אַהערגעקומען פון בראַזיליע און האָלאַנד (אַמסטערדאַם). אייניקע אויך דירעקט פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אין 1730 האָט די יידישע געמיינדע אין קיוראַסאָ (ווילליאַמשטאַדט) אויסגעבויט אַ שול מיטן נאָמען „בית הכנסת מקוה ישראל", אַ קאָפּיע פון דער אַלטער שול אין אַמסטערדאַם. די שול איז איינע פון די עלטסטע געבעט־הייזער אויפן אינדזל. זי איז עלטער פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירך, וואָס די האָלענדער האָבן געבויט אויפן אינדזל. די שול, ניט קוקנדיק, וואָס זי איז שוין איבער 200 יאָר אַלט, געפינט זיך נאָך אין אַן אויסגעצייכנטן צושטאַנד און מאַכט אַן איינדרוק מיט איר אויסזען, סיי פון אויסנווייניק מיט דעם גרויסן ברייטן געפלאַסטערטן הויף, וואָס פירט צו

איר אַריינגאַנג, סיי פֿון אינעווייניק מיט אירע אַלטע הענגלייכטער, מיט איר גרויסן ארון קודש און די באַפּוצטע ספֿר תּורות מיט די זילבערנע, באַגילטע קרוינען און געהאַפּטע, באַצירטע סאַמעטענע און זײַדענע מענטעלעך. דער שמש האָט צוליב די באַזוכער געהאַלטן דעם ארון קודש אָפֿן.

און לאַמיך שוין טאַקע אויך דערציילן, אַז דער שמש איז שוין 45 יאָר אויף זײַן אַמט. זײַן נאָמען איז לאַפּעץ פּעניע. ער האָט זײַן אַמט געקראָגן בירושה פֿון זײַן פֿאָטער, וועלכער איז געווען 55 יאָר אַ שמש. זײַן זיידע איז געווען אַ חזן אין דער שול און זײַן עלטער־זיידע איז געווען אַ דין (דאַיען) אין דער געמיינדע. איך האָב אויסגעפֿונען, אַז ער איז ניט דער איינציקער ייד אין קיוראַסאַ, וואָס האָבן געירשנט זייערע באַשעפֿטיקונגען פֿון טאַטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס, נאָר עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע. ס'איז ניט אונדזער אַמעריקע.

דער שמש האָט מיר געזאָגט, אַז ער רעדט אויסער שפּאַניש, אויך ענגליש און העברעאיש, נאָר פֿון מײַן גאַנצער האַרעוואַניע צונויפֿצורעדן זיך מיט אים אויףביידע שפּראַכן, האָב איך זיך בלויז דערשלאָגן צו קריגן פֿון אים דעם אַדרעס פֿון ראַבינער און דאָס איז, אונטער די אומשטענדן, געווען אַ גרויסער דערפֿאָלג.

נאָר אַ גאַנץ באַזונדער וויכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון די יידן אין קיראַסאַ פֿאַרנעמט זייער אַלטער בית־עולם, וואָס געפֿינט זיך אַ פּאָר מייל פֿון וויליאַמשטאַדט. אין דער טוריסטן־ליטעראַטור ווערט אָנגעגעבן, אַז דאָס איז דער עלטסטער בית־עולם פֿון ווייסע אין זיד־ און צענטראַל־אַמעריקע. דער בית־עולם איז פֿאַרלייגט געוואָרן אין יאָר 1668, עס הייסט מיט 18 יאָר שפּעטער ווי די יידישע געמיינדע אין קיוראַסאַ איז געגרינדעט געוואָרן. איך האָב פּרובירט אויספֿילאָזאָפֿירן מיט דר. י. ש. עמנואל, דעם ראַבינער, וואָס די יידישע געמיינדע האָט געטאָן מיט אירע טויטע פֿאַר די 18 יאָר אײדער זי האָט זיך איינגעשאַפֿט דעם בית־עולם. עס גלויבט זיך ניט, אַז פֿאַר די 18 יאָר איז קיינער פֿון דער יידישער געמיינדע ניט געשטאָרבן. און זיכער האָבן די יידן אין יענער צייט זיך ניט דערלויבט מקבר צו זײַן זייערע טויטע אויף אַ בית־עולם פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג. מען דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז עס האָט געמוזט זײַן אַ יידישער בית־עולם, וואָס איז נאָך עלטער, פֿון דעם בית־עולם פֿון יאָר 1668, נאָר מען ווייס ניט וואו ער געפֿינט זיך.

דר. י. ש. עמנואל האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז באַשעפֿטיקט מיט אַן אויס־פֿאָרשונגס־אַרבעט וועגן דעם יידישן קיוראַסאַער בית־עולם און ער קלויבט זיך אָנצושרייבן וועגן אים אַ בוך. איך גלויב, אַז עס וועט זײַן אַ גרויס בוך. עס איז געווען פֿאַר איינעם צו באַזוכן דעם בית־עולם און דורכצושטודירן בלויז אַ קליינעם טייל פֿון די מצבות, וואָס געפֿינען זיך אויף אים, אַז ער זאָל באַ־גרייפֿן וואָס פֿאַר אַ רייכער מאַטעריאַל דאָרטן געפֿינט זיך פֿאַר איינעם, וואָס איז פֿאַראינטערעסירט דורצופֿירן אַ פֿאָרשונגס־אַרבעט, און עס זעט מיר אויס, אַז דר. עמנואל איז די פּאַסיקע פּערזאָן פֿאַר אַזאַ אויספֿאָרשונגס־אַרבעט. ער איז דער פֿאַרפֿאַסער פֿון צוויי ביכער, וואָס האָבן צו טאָן מיט יידישער געשיכטלעכער פֿאָרשונגס־אַרבעט. איין בוך אין העברעאיש, אונטער דעם נאָמען „גדולי שלוניקי

לדורותם״, און דאָס צווייטע, אין פֿראַנצויזיש, „היסטואַר דע איזראַעליט דע סאַלאָניקיי״ (די געשיכטע פֿון די ייִדן אין סאַלאָניקי). ער אַליין איז אַ געבוירענער פֿון סאַלאָניקי; זיין מוטער־שפּראַך איז שפּאַניש און ער איז אויך אין סאַלאָניקי אַ געוויסע צייט געווען אַ ראַבינער. ער האָט שטודירט אין ראַבינער־סעמינאַר אין ברעסלאַו און שפּעטער אין דעם אוניווערזיטעט פֿון לוזאַן, שווייץ. אין קיוראַסאָ איז ער זינט 1936, וואו ער איז אָנגעשטעלט געוואָרן פֿאַר ראַבינער פֿון דער „מקוה ישראל״ געמיינדע (די אַלטע שול), און ער באַקומט זיין געהאַלט פֿון דער רעגירונג, ווי אַלע אַנדערע גייסטלעכע.

פֿון די מצבות אויף דעם אַלטן בית־עולם, וואָס זיינען זייער אינטערעסאַנט מיט זייער אייגנטימלעכער סקולפּטור און די אויפֿשריפֿטן (שפּאַניש און העברע־איש), קען מען לייענען אַ גרויסע טייל פֿון דער געשיכטע פֿון די ייִדן אין קיראַסאָ. צווישן די ערשטע גאַנץ־אַלטע מצבות געפֿינט מען אַזעלכע, וואָס זיינען געשטעלט אויף די קברים פֿון שיפֿס־קאַפּיטאַנען, אַדמיניסטראַטיווע באַאַמטע פֿון דעם אינדזל, דאָקטוירים, אָפֿיצירן אאַז״וו. עס הייסט, אַז די ייִדן האָבן אין קיראַסאָ פֿון אָנהויב אָן פֿאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע, ווי זיי האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

נאָר וואו איז דאָ די ייִדישע מלוכה, אָדער דער ייִדישער גן־עדן?

האָט אַ ביסל געדולד! איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז די ייִדן פֿון דעם אַלטן בית־עולם אין קיוראַסאָ האָבן אַ גאַנץ גרויסן שייכות מיט די ייִדן, וואָס לעבן און האָבן גרויסע געשעפֿטן אין קיוראַסאָ. פֿון דעם אַלטן בית־עולם, איך מיין פֿון די אַלטע מצבות, קען מען אַ סך לערנען ווי אַזוי די היינטיקע ייִדן פֿון קיראַסאָ, האָבן איינגענומען זייערע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס.

די ייִדן זיינען ניט בלויז די געשעפֿטס־לייט אין קיראַסאָ, נאָר אויך פֿון די פֿאַרנעמסטע באַלעבאַטים און פֿון די גרויסע דעה־זאָגער אויף דעם אינדזל. און גלויבט עס אָדער ניט — עס זיינען אין קיראַסאָ כמעט ניטאָ קיין אָרעמע ייִדן. עס זיינען פֿאַראַן בלויז עטלעכע פֿאַמיליעס, וואָס דאַרפֿן אַמאָל אָנקומען צו שטיצע.

נאָר דאָ דאַרף מען מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די אַלט־איינגעזעסענע ייִדן און די ניי־אָנגעקומענע. די גרויסע מיוחסים זיינען די אַלט־איינגעזעסענע, די פּאָרטוגעזישע און שפּאַנישע ייִדן. צווישן זיי זיינען פֿאַראַן גרויסע גבירים און ממילא אויך גרויסע דעה־זאָגער. די גרעסטע געשעפֿטן און די גרעסטע אונטערנעמונגען באַלאַנגען צו זיי. ווי איר פֿאָרט נאָר אַריין אין האַפֿן פֿון קיראַסאָ, דערזעט איר דעם נאָמען „מאַדוראַ״ אָנגעשריבן מיט ריזיקע אותיות, און די גאַנצע צייט, וואָס איר זייט אין קיוראַסאָ, וועט איר זיך שטענדיק אָנשטויסן אויף אָט דעם נאָמען. איר וועט אַפֿילו געפֿינען אַ וויכטיקע גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מאַדוראַ״.

אין קיראַסאָ געפֿינט זיך אַ ריזיקע אויל־„ריפֿאַינערי״. מען זאָגט, אַז דאָס איז די גרעסטע אין דער וועלט. די אויל קומט פֿון ווענעזועלאַ, וואָס איז גאַנץ נאָענט צו קיראַסאָ, און אָט די ריזיקע אונטערנעמונג ווערט קאָנטראָלירט פֿון דער ייִדישער פֿאַמיליע מאַדוראַ, וואָס שטאַמט פֿון פּאָרטוגאַל און וואָס איז איינע פֿון די רייכסטע, אויב ניט די רייכסטע אויפֿן אינדזל.

די וויכטיקסטע באַנק אין וויליאַמסטאַדט באַלאַנגט צו דעם יידן מאָריס קוריע, און די גרעסטע דעפּאַרטמענט סטאָר „יעלאָו האַוז" איז אויך אַ יידישע. און אַט אַזוי גייט עס כסדר. פון די 9 מיטגלידער פון האַנדלס־קאַמער (טשעימבער אָוו קאָמערס) זיינען פיר יידן. און די איינציקע טעגלעכע צייטונג, וואָס גייט אַרויס אין קיוראַסאָ באַלאַנגט צו אַ יידן פּיעראַ. ער איז איר אַרויסגעבער און אויך איר רעדאַקטאָר. זי ווערט געדרוקט אין דריי שפּראַכן: האָלענדיש, שפּאַניש און ענגליש.

אָבער מיך האָבן מער אינטערעסירט די יידן פון אונדזער אַלטער היים, די מזרח־יידן, ווי מען רופט זיי, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך איינגעלעבט אין דער פרעמדער קיראַסאָ און האָבן זיך גאַנץ פיין אַרויפגעאַרבעט, ווי מען זאָגט אויף אונדזער אַמעריקאַנער יידיש.

ווער איז געווען דער ערשטער גאַליציאַנער ייד, וואָס האָט אַנטדעקט אין קאַריבעער ים דעם אינדזל קיראַסאָ?

איך ווייס, אַז דער ערשטער פון אונדזערע היימישע יידן, וואָס האָט אָנגע־שפּאַרט אין קיראַסאָ איז געווען אַ גאַליציאַנער, אָבער אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין דאָרטן געווען, האָב איך ניט געקענט אויסגעפינען ווער ער איז געווען און איך לאָז עס דעריבער איבער צו דעם צוקונפטיקן יידישן היסטאָ־ריקער, אַז ער זאָל עס אויסגעפינען.

אייגנטלעך בין איך ניט אין גאַנצן זיכער, אַז דער צוקונפטיקער יידישער היסטאָריקער וועט עס אויסגעפינען. אַט האָבן נאָך ביז היינט די יידישע היס־טאָריקער ניט אויסגעפונען ווער עס זיינען געווען די ערשטע האָלענדישע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קיוראַסאָ. עס איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז ווען האָלאַנד האָט צוגענומען קיראַסאָ פון שפּאַניע, זיינען צווישן די ערשטע האָלענדער, וואָס האָבן זיך אויפן אינדזל באַזעצט, אויך געווען יידן, אָבער איך ווייס ביזן היינטיקן טאָג ניט ווער זיי זיינען געווען. די געשיכטלעכע רעקאָרדס פון די יידן אין קיראַסאָ פאַנגען זיך אָן פון יאָר 1650, ווען צוועלף יידישע פאַמיליעס האָבן זיך דאָרטן באַזעצט מיט דער דערלויבניש פון פרינץ אָראַנזש. צווישן זיי איז אויך געווען די פאַמיליע טוראָ, וואָס אַ טייל פון איר האָט זיך אין יאָר 1693, צוזאַמען מיט אייניקע אַנדערע פאַמיליעס, אַריבערגעקליבן אין אונדזער אַמעריקע און האָט זיך באַזעצט אין ניו־פּאָרט. די פאַמיליע טוראָ איז שפּעטער געוואָרן זייער באַרימט אין אַמעריקע. צווישן די צוועלף פאַמיליעס געפינט מען אויך די נעמען קאַרדוזאָ, דע לעאָן, פּערייראַ און ישורון. די יעניקע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז דעניעל דע ליאָן האָט געשטאַמט פון יידן, קענען איצט זיין שטאַרקער אין זייער דעה. זיי קענען זיך נעמלעך סומך זיין אויף דער יידישער פאַמיליע דע לעאָן, וואָס האָט זיך אין 1650 באַזעצט אין קיראַסאָ.

דער גובערנאַטאָר פון קיוראַסאָ האָט פון דעם פרינץ פון אָראַנזש באַקומען אַ באַפעל, אַז ער זאָל די צוועלף יידישע פאַמיליעס באַזאָרגן מיט לאַנד, מיט שקלאַפן, פערד, בהמות, און לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים, כדי זיי זאָלן קענען קולטיווירן דאָס לאַנד און אַנטוויקלען די נאַטור־אוצרות פון אינדזל. דאָס לאַנד, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו אָט די ערשטע יידישע אימיגראַנטן, האָט זיך

געפֿונען נאָענט צו וויליאַמשטאַדט, די הויפּטשטאָט פֿון אינדזל. די געגנט האָט נאָך היינט דעם נאָמען „יאָדענוויק" (יידישער קוואַרטאַל).

אין יאָר 1651 האָבן די דירעקטאָרן פֿון דער האָלענדישער וועסט־אינדיע קאָמפּאַני, אין וועמענס רשות קיוראַסאָ האָט זיך געפֿונען, געהאַלטן אין גאַנצן ביים אויפֿגעבן דעם אינדזל, ווייל ער האָט זיך ניט באַצאָלט. אָבער גראָד אין דער צייט האָט אַ האָלענדישער ייד יאָזעף נוניעז דע פֿאָנסעקאַ (צווישן יידן האָט מען אים גערופֿן דוד נאַסי), צוזאַמען מיט אַ צווייטן יידן יאַן דע אילאַן, זיך אונטערגענומען איבערצופֿירן אין קיראַסאָ אַ גרעסערע צאָל נייע אימיגראַנטן, און די דירעקטאָרן פֿון דער דערמאָנטער קאָמפּאַני האָבן איינגעשטימט דעם פּלאַן אָנצונעמען. עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז האָלענדישע יידן האָבן געהאַט אַ גאַנץ גרויסן חלק אין דער קאָמפּאַני.

עס זעט אויס, אַז די צוויי דערמאָנטע אונטערנעמער האָבן געהאַט אין זינען, אַז צווישן די נייע קאָלאָניסטן, וואָס זיי האָבן געפּלאַנעוועט צו באַזעצן אין קיוראַסאָ, זאָלן יידן פֿאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ. אין דעם קאָנטראַקט, וואָס דוד נאַסי האָט געקראָגן פֿון דער קאָמפּאַני, איז איינגעשריבן געוואָרן, אַז די קאָלאָניסטן באַקומען פֿולשטענדיקע רעליגיע־פֿרייהייט. עס איז אָבער דערביי געמאַכט געוואָרן אַ באַמערקונג, אַז אין פֿאַל עס וועלן זיין צווישן די נייע קאָלאָניסטן אויך קריסטן, זאָל עס ניט זיין דערלויבט זיי צו צווינגען צו אַרבעטן זונטאָג.

אָט דער קאָנטראַקט קען באַטראַכט ווערן פֿאַר דעם ערשטן „טשאַרטער" פֿון רעליגיע־פֿרייהייט פֿאַר יידן אין דער נייער וועלט. עס הייסט, אַז קיראַסאָ האָט אין דעם פּרט אַ גאַנץ באַזונדערס וויכטיקע היסטאָרישע באַדייטונג פֿאַר די יידן אין דער נייער וועלט.

עס איז שווער אויסצוגעפֿינען וויפֿל יידישע פֿאַמיליעס עס האָבן זיך באַזעצט אין קיראַסאָ אונטער דעם פּלאַן פֿון דוד נאַסי. עס האָט זיך אָבער אָנגעפֿאַנגען אַ גרויסע יידישע אימיגראַציע אין קיראַסאָ אין יאָר 1652 פֿון בראַזיליע, ווען פּאָרטוגאַל האָט איינגענומען דאָס לאַנד און האָט אָנגעהויבן אַרויסטרייבן פֿון דאָרט די יידן. דער יידישער ישוב אין קיראַסאָ האָט דעמאָלט אָנגעהויבן שנעל וואַקסן און די געזעלשאַפֿטלעכע און ווירטשאַפֿטלעכע ראָלע פֿון די יידן אויפֿן אינדזל איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. צום סוף פֿון 18טן יאָרהונדערט האָט כּמעט די גאַנצע געגנט פֿון דער הויפּטשטאָט וויליאַמשטאַדט באַלאַנגט צו יידן. און אין דער היסטאָריע פֿון קיוראַסאָ איז פֿאַרשריבן, אַז צום סוף פֿון 18טן יאָרהונדערט האָבן אין איין טאָג פֿאַרלאָזט דעם האָפֿן פֿון וויליאַמשטאַדט 53 שיפֿן אָנגעלאָדן מיט פֿאַרשיידענע סחורות און פּראָדוקטן און די מייסטע פֿון זיי האָבן באַלאַנגט צו יידן. און דער איינפֿלוס און די באַדייטונג פֿון יידן אין קיראַסאָ איז כּסדר געוואַקסן. אין אָנהויב פֿון 20סטן יאָרהונדערט זיינען אַלע געשעפֿטן, מיט דער אויסנאַם פֿון פֿיר, אין די צוויי „ביזנעס"־גאַסן דע הערען שטראַט און ברעדען שטראַט אין וויליאַמשטאַדט געווען יידישע.

*

נאָר דאָס זיינען אַלץ געווען ניט אונדזערע יידן. ערשט ניט לאַנג צוריק האָבן זיך אין קיראַסאָ באַוויזן אונדזערע יידישע יידן. ווי אַזוי זיי האָבן דעם אינדזל

אַנטדעקט איז פֿאַר מיר אַ סוד. איך האָב, ווי שוין אויבן באַמערקט, ניט געקענט אויסגעפֿינען ווער עס איז געווען דער ערשטער יידישער ייד, וואָס האָט אויסגעפֿונען קיוראַסאָ און האָט זיך דאָרטן באַזעצט. איך ווייס בלויז, אַז ער איז געווען אַ גאַליציאַנער. און אפֿשר איז דאָס אויך אַ טעות. עס האָט דאַכט זיך גיכער געדאַרפֿט זיין אַ ליטוואַק. איז עס דאָך געווען אַ ליטוואַק, וואָס האָט אַנטדעקט, אַז עס איז פֿאַראַן אַזאַ לאַנד ווי זיד־אַפֿריקע און עס איז אויך געווען אַ ליטוואַק, וואָס האָט אַנטדעקט ליטע. עס איז בלויז געווען אַ גאַליציאַנער, וואָס האָט אַנטדעקט סי געיט. נאָר עס איז קיין אונטערשייד ניט ווער עס איז געווען דער ערשטער יידישער ייד אין קיראַסאָ. עס קומט אים אַנערקענונג, וואָס ער האָט זיין אַנטדעקונג ניט געהאַלטן בסוד און האָט אויך אַנדערע יידן געלאָזט וויסן וועגן איר.

אייגנטלעך איז עס געווען ניט בלויז איין ייד פֿון אונדזערע מקומות, וואָס האָט אַנטדעקט קיראַסאָ, נאָר עטלעכע. איז עס דאָך אויך קאָלומבוס ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַנטדעקט אַמעריקע.

יידן זיינען אַרומגעפֿאָרן איבער די ימים פֿון לאַנד צו לאַנד צו געפֿינען אַ מקום מנוחה. זייער ציל איז געווען אונדזער אַמעריקע, אָבער אַהער האָבן זיי ניט געקענט אַריינקומען. די טירן זיינען געווען פֿאַרשלאָסן, האָבן זיי געזוכט אַ הינטער־טיר, אפֿשר וועלן זיי דורך איר קענען אַריינקומען. זיי האָבן זיך אויף אַ ווײַלע באַזעצט אין די לענדער, וואָס זיינען נאָענט צו די פֿאַראייניקטע שטאַטן און וואָס נענטער צום גרענעץ, טאָמער וועט מען זיך ביי אַ גינסטיקער געלעגנהייט קענען אַריינכאַפּן. אַ טייל האָט זיך באַזעצט ביים גרענעץ אין מעקסיקאָ, אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין קובאַ, מאַנכע אין ניקאַראַגואַ א. אַז. וו. די ווייניקער ענערגישע און מער געדולדיקע זיינען געזעסן און געוואַרט ביז די געלעגנהייט וועט קומען. די מער ענערגישע און ווייניקער געדולדיקע האָבן לאַנג ניט געוואָלט זיצן און וואַרטן. זיי האָבן זיך געלאָזט ווייטער אין וועג און מאַנכע פֿון זיי האָבן אויף אַזאַ אופֿן אָנגעשפּאַרט אַזש אין קיוראַסאָ, וואָס פֿריער האָבן זיי אַפֿילו דעם נאָמען ניט געהערט. אָבער זיי האָבן ריכטיק געטראָפֿן.

אין ווילעמשטאַדט געפֿינען זיך איצט אַרום 190 פֿון אונדזערע יידישע יידן און עס גייט זיי אַלעמען גאַנץ גוט. לויט ווי מען האָט מיך פֿאַרזיכערט, זיינען די עלטסטע פֿון זיי בלויז צען יאָר אויפֿן אינדזל. איך האָב זיך געטראָפֿן מיט איינעם פֿון די גאַנץ „אַלט־געזעסענע" פֿון אונדזערע יידישע יידן אין קיראַסאָ. ער איז דאָרטן שוין 9 יאָר. ער קומט פֿון גאַליציע און זיין נאָמען איז פּרוכטער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן. ער האָט אַ גאַנץ גרויסע קראָם פֿאַר זיך און אַ צווייטע גרויסע קראָם מיט אַ שותּף, אַ קיוראַסאָער איינגעבוירענער ייד, אַ ספֿרדי. פּרוכטער איז דער ערשטער יידישער ייד אין קיראַסאָ, מיט וועמען אַן איינגעבוירענער מיוחסדיקער ספֿרדישער ייד איז אַריין אין שותּפֿות. „פּרוכטער און פּינעדי" הייסט די פֿירמע.

די איינגעבוירענע ספֿרדישע יידן, דאַרפֿט איר וויסן, זיינען גאָר ניט באַגייסטערט פֿון אונדזערע יידישע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קיראַסאָ. איינער פֿון אונדזערע יידישע יידן, ביי וועמען איך האָב זיך פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט

וועגן די באַציאונגען מיט די מיוחסדיקע ספּרדישע יידן, האָט באַמערקט: אויב אין קיוראַסאָ קען זיך געפינען אַ ביסל אַנטיסעמיטיזם, איז דאָס בלויז ביי די ספּרדישע יידן און זיי האָבן אורזאַכן דערפאַר.

איידער אונדזערע יידן זיינען געקומען אין קיראַסאָ האָבן די ספּרדישע יידן געפירט זייערע געשעפטן אויף זייער אַלטן, רואיקן אופן. זיי פלעגן ניט דאַרפן אויפשטיין צו פרי צו עפענען זייערע געשעפטן און פלעגן ניט דאַרפן זיצן אין זיי צו שפּעט זיי צו שליסן. אַזוי האָבן זיך אַלע געפירט און איינער האָט ניט געזוכט צו קאָנקורירן מיטן צווייטן דורך אַריינכאַפּן אַ שעה מער. מען האָט אויך ניט קאָנקורירט מיט פרייזן. מען איז געווען איינגעוואוינט צו מאַכן גוטע פּראָפיטן און האָבן הנאה פון לעבן. זיינען אָבער געקומען אונדזערע יידישע יידן און האָבן איינגעפירט נייע מנהגים. די ערשטע זאַך האָבן זיי אָפּגעשאַפט דעם חשבון פון שעהן. מען האָט געעפנט די קראָמען אַזוי פרי, ווי מען האָט געזען אַ מענטשן אין גאַס. און וואָס איז שייך צו פרייזן, איז ווי עס לאָזט זיך. קען איינער זיך דינגען מער, צאָלט ער וויניקער, קען איינער זיך דינגען וויניקער, צאָלט ער מער. איך האָב געפרעגט איינעם פון אונדזערע יידן, ווי עס זיינען די פרייזן אין זיין קראָם. „איך האָב באַשטימטע פרייזן", האָט ער מיר געענטפערט: „אויב איינער דינגט זיך ניט, בעט איך ביי אים דעם ריכטיקן פרייז, אויב אָבער איינער דינגט זיך אַ ביסל, בעט איך ביי אים דאָפּלט; און אויב איינער דינגט זיך אַ סך, בעט איך ביי אים דריי מאָל אַזוי פיל". פרעג איך ביי אים: „ווי קענט איר אָבער וויסן, צי איינער וועט זיך דינגען אָדער ניט?" ענטפערט ער מיר: „איך דערקען שוין". נאָר פון דער דערפאַרונג, וואָס איך האָב געהאַט אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין געווען ביי אים אין קראָם, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַזעלכע, ביי וועמען ער בעט דעם „ריכטיקן פרייז" עקזיסטירן ניט...

אין אָנהויב האָט די קאָנקורענץ פון די ניי־אָנגעקומענע יידן ניט אַזוי שטאַרק אָנגעררירט די ספּרדישע יידן. די צאָל פון די ניי־אָנגעקומענע איז געווען קליין און זייערע געשעפטן נאָך קלענערע. די ספּרדישע יידן, ווידער, זיינען געווען רייך, מיט גרויסע איינגעפונדעוועטע געשעפטן. אָבער ביסלעכווייז האָט די קאָנקורענץ פון די ניי־אָנגעקומענע זיך אָנגעהויבן פילן גאַנץ שטאַרק. זייער צאָל איז געוואָרן גרעסער און זייערע געשעפטן באַדייטנדער. עס האָבן אָנגעהויבן אויסוואַקסן גרויסע קראָמען, וועלכע האָבן זיך ביז אַ געוויסער מאָס געקענט פאַרגלייכן מיט די קראָמען פון די ספּרדישע יידן. די קאָנקורענץ איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער און מערערע פון די ספּרדישע יידן האָבן זיך געפילט געצוואונגען זיך צוצופאַסן קעגן זייער ווילן צו די נייע געשעפטס־מעטאָדן, וואָס די ניי־אָנגעקומענע יידן האָבן מיט זיך געבראַכט.

*

ווי שנעל אונדזערע יידישע יידן האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אין קיוראַסאָ, איז גענוג צו זאָגן, אַז מערערע פון זיי זיינען דאָרטן בלויז פינף אָדער זעקס יאָר. זיי זיינען געקומען אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה און זיינען איצט באַזיצער פון גרויסע קראָמען און זיינען רייכע מענטשן.

איך בין מיט איינעם פֿון די אויפֿגעקומענע אַ ביסל נענטער באַקאַנט געוואָרן. ער איז געקומען אין קיוראַסאַ מיט זעקס יאָר צוריק אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה. „איך האָב מיט זיך געבראַכט", האָט ער מיר געזאָגט, ווייזנדיק זיין רעכטע האַנט, „בלויז אָט די פֿינף פֿינגער. איך האָב זיך, ווי איר פֿאַרשטייט, אַ ביסל געמוטשעט, אָבער די קראָם, וואָס איר זעט דאָ, איז אין גאַנצן מיינע".

די קראָם איז אַ גאָר ניש־קשהדיקע. עס אַרבעטן אין איר עטלעכע פֿאַר־קויפֿערס און פֿאַרקויפֿערינס פֿון דער אָרטיקער קאָלירטער באַפֿעלקערונג. איין פֿאַרקויפֿער איז אַ כינעזער. אפֿשר איז דאָרטן אויך פֿאַראַן אַ יאַפּאַנעזער. פֿון דער צייט, וואָס איך בין אין דער קראָם געווען, האָב איך געקענט אורטיילן, אַז דער באַזיצער מאַכט גוטע געשעפֿטן. ער האָט עס מיר שפּעטער אַליין צוגעגעבן. אַ געבוירענער איז ער אין עסטרייך (אפֿשר גאַליציע) אָבער אין קיראַסאַ איז ער געקומען פֿון תּל־אָביב. ער רעדט אַלע שפּראַכן: דייטש, פֿראַנצויזיש, שפּאַניש, ענגליש, העברעאיש, אַראַביש און אַפֿילו רוסיש. פֿון וואַנען ער האָט זיך אויסגעלערנט רוסיש? ער איז קיינמאָל אין רוסלאַנד ניט געווען, נאָר ער איז איין מאָל קראַנק געוואָרן אין ירושלים און ער איז געלעגן דאָרט אַ לענגערע צייט אין אַ שפּיטאָל, וואו די „בוירסעס" זיינען געווען רוסישע נאָנעס (מאָנאַכינעס) און ער האָט זיך פֿון זיי אויסגעלערנט רעדן רוסיש. שפּעטער האָט ער געלעבט ביי אַ יידישער פֿאַמיליע אין תּל־אָביב, וואָס האָט גערעדט רוסיש, און ער איז געוואָרן אַ פֿולשטענדיקער רוסאַק. העברעאיש רעדט ער ווי אַ וואַסער, דעם אמת־ארץ־ישׂראלדיקן העברעאיש מיט אַלע זיינע גרייזן, און ער איז אַ פֿייער־דיקער רעוויזיאָניסט. זשאַבאָטינסקי גייט נאָך ניט ווייט גענוג לויט זיין מיינונג. דער איינציקער וועג, זאָגט ער, איז „ביאַד כאַזאַקאַ", (מיטן דרוק אויפֿן „קאַ"). ווען ער רעדט וועגן רעוויזיאָניזם איז עס דורכאויס אויף העברעאיש, און ווען ער וואָלט געהאַט די דעה, וואָלט שוין אין ארץ־ישׂראל קיין איינציקער לעבעדיקער אַראַבער ניט געווען. אין קיוראַסאַ איז אים לאַנגווייליק. אויסער ביזנעס האָט ער קיין זאַך ניט. פֿון די יידן האַלט ער ניט. קיין פֿאַמיליע האָט ער ניט. ער איז אַליין, און ווען עס טרעפֿט זיך אים איין מאָל אין אַ יובל צו כאַפּן אַזא יידן ווי איך, דערוואַרעמט ער זיך און שרייט „ביאַד כאַזאַקאַ!" אָבער נאָך דעם איז עס ווידער לאַנגווייליק.

מערערע פֿון די ניי־אָנגעקומענע אין קיוראַסאַ רעדן עטלעכע שפּראַכן. קיוראַסאַ איז אין אַלגעמיין אַן אָרט וואו מען רעדט מערערע שפּראַכן. די אָפֿיציעלע שפּראַך פֿון אינדזל איז האָלענדיש, אָבער מיר דאַכט, אַז ווייניקער ווי אַלץ רעדט מען דאָרטן האָלענדיש. מען רעדט שפּאַניש, ענגליש און מער ווי אַלץ הערט מען פּאַפּיאַמענטאַ, אַ שפּראַך, וואָס איז צונויפֿגעמישט פֿון די פֿאַרשיידענע לשונות: האָלענדיש, ענגליש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, פֿראַנצויזיש און פֿאַרשיידענע דיאַלעקטן. פּאַפּיאַמענטאַ איז די שפּראַך פֿון דער אָרטיקער שוואַרצער באַפֿעלקערונג, אָבער אַלע אויפֿן אינדזל רעדן עס.

איך האָב געקראָגן אַ נייעם באַוויז, אַז צו יידן קען מען ניט צופּאַסן די אָנגענומענע טאָג־טעגלעכע לאָגיק. איך האָב ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז לויט דער טאָג־טעגלעכער לאָגיק האָבן יידן שוין לאַנג ניט געדאַרפֿט עקזיסטירן, העכסטנס האָט מען געדאַרפֿט געפֿינען

ערגעץ אַן איינגעמאַרינירטן יידן אין אַ מוזעאום אָדער אין אַן אַרכיוו. אָבער די יידן פֿאָלגן ניט דער טאָג־טעגלעכער לאָגיק און ניט נאָר גייען זיי ניט אונטער, נאָר זיי פֿאַרמערן זיך נאָך.

לויט דער אָנגענומענער טאָג־טעגלעכער לאָגיק זיינען די יידן אויף דעם האָלענדישן אינדזל קיוראַסאָ אין קאַריבעאישן ים געווען פֿאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. איך מיין די ספֿרדישן יידן. אייגנטלעך איז די אויסטייטשונג אַן איבריקע, ווייל ביז מיט אַ צענדליק יאָר צוריק זיינען דאָרטן קיין אַנדערע יידן ווי די ספֿרדישע ניט געווען. דער אונטערגאַנג פֿון די יידן אין קיראַסאָ איז ניט געווען אַזוי אַ פֿראַגע פֿון אַסימילאַציע, ווי פֿון פּשוטן אויסשטאַרבן. רייכע פֿאַמיליעס זיינען אין ערגעץ ניט רייך אין קינדער, און די רייכע יידישע פֿאַמיליעס זיינען אין דעם פּרט קיין אויסנאַם ניט. און די יידן אין קיוראַסאָ זיינען כּמעט אַלע געווען רייך, מאַנכע זייער רייך און אַנדערע אַ ביסל וויניקער, אָבער אָרעמע זיינען געווען גאַנץ וויניק. און עס זיינען דאָך גראַד די אָרעמע, וואָס זיינען געבענטשט מיט אַ סך קינדער.

פֿון די ציפֿערן, וואָס איך האָב געקענט געפֿינען וועגן דער גרייס פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין קיראַסאָ, האָב איך קיין טאָלק ניט געקענט דערגיין. איך האָב בלויז אויסגעפֿונען ווי וויניק מען קען זיך פֿאַרלאָזן אויף דער סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל יידן.

אין דעם אַמעריקאַנער יידישן יאָר־בוך פֿון 1922 ווערט אָנגעגעבן, אַז די צאָל יידן אין קיראַסאָ איז 558; אין דעם אַמעריקאַנער יידישן יאָר־בוך פֿון 1938 ווערט אָנגעגעבן, אַז די צאָל יידן אין קיראַסאָ איז 566. עס הייסט, אַז פֿאַר דעם משך פֿון די 16 יאָר, פֿון 1922 ביז 1938, איז די יידישע צאָל אין קיראַסאָ פֿאַרגרעסערט געוואָרן אויף גאַנצע אַכט נפֿשות, בעת אין משך פֿון דער צייט זיינען דאָרטן אַריינגעקומען איבער 200 יידן פֿון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער און פֿון טערקיי. ווען מען זאָל דעריבער אָננעמען די ציפֿער פֿון דעם אַמעריקאַנער יידישן יאָרבוך פֿאַר ריכטיק, וועט מען מוזן קומען צום שלוס, אַז אין קיוראַסאָ זיינען אין די 16 יאָר אויסגעשטאָרבן אָדער פֿון דאָרט אַרויסגעפֿאָרן אַרום 200 יידן. דאָס איז אָבער ניט געווען דער פֿאַל. אַ רעכט ביסל יידן זיינען אַריינגעפֿאָרן אין קיראַסאָ, אָבער וויניק זיינען אַרויסגעפֿאָרן. און געוויס זיינען יידן געשטאָרבן אין קיראַסאָ פֿאַר דער צייט, אָבער ניט אין אַזאַ גרויסער צאָל. אפֿשר זיינען געשטאָרבן אַ פּאָר מנינים, אָבער זיכער ניט קיין 200.

דער ראַבינער דר. עמנואל פֿון ווילעמשטאַדט, די הויפּטשטאָט פֿון קיראַסאָ, האָט מיר צוגעגעבן אַז די צאָל פֿון די יידן דאָרטן איז 740. פֿון זיי זיינען 500 אָרטיקע ספֿרדישע יידן און אַרום 190 ניי־איינגעוואַנדערטע מזרח־אייראָפּעאישע יידן. און דר. עמנואל האָט פּינקטלעכע ציפֿערן. נאָר אפֿשר ציילט דאָס אַמעריקאַנער יידישע יאָרבוך די ניט די ניי־איינגעוואַנדערטע מזרח־אייראָפּעאישע יידן. אָבער אויך אויף דעם אופֿן איז די סטאַטיסטיק פֿאַלש, ווייל אַן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן איז די צאָל איינגעבוירענע יידן דאָרטן איצט בלויז 500 און ניט 566. מען קען אָבער אויף דעם גרונט זאָגן, אַז די ציפֿער, וואָס דער אַמעריקאַנער יידישער יאָרבוך פֿון 1922 גיט אָן וועגן דער צאָל יידן אין קיראַסאָ — 558 איז נאָענט צו אמת, און דאָס מיינט, אַז די צאָל פֿון די

איינגעבוירענע יידן אין קיוראַסאָ ווערט וויניקער. דאָס האָט מיר אויך געזאָגט דער ראַבינער דר. עמנואל.

אַז די צאָל פֿון די איינגעבוירענע ספֿרדישע יידן אין קיראַסאָ ווערט אַלץ וויניקער, קען מען אַמבעסטן זען דערפֿון, וואָס אין יאָר 1750 איז די צאָל יידן דאָרטן, לויט דעם ווי עס גיט אָן די אַמעריקאַנער „דזשואיש ענציקלאָפּעדיע", געווען אַרום 2,000. די לאָגיק האָט דעריבער געזאָגט, אַז עס וועט דויערן נאָך עטלעכע צענדליק יאָר און פֿון די יידן אין קיראַסאָ וועט בלייבן בלויז דער באַרימטער אַלטער יידישער בית־עולם דאָרטן און אפֿשר דערצו איין לעבעדיקער אַלטער ייד, אַ געוועזענער שמש, וואָס וועט ווייזן די טוריסטן די אַלטע שול און וועט זיי דערקלערן, ווי דער איצטיקער שמש טוט עס, אַז די דינע זאַמד, מיט וואָס עס איז באַדעקט דער דיל, אָדער פּאָדלאָגע פֿון דער שול, איז צום אָנדענק פֿון דעם מדבר אין וועלכן די יידן, וואָס זיינען אַרויס פֿון מצרים, האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן, איידער זיי האָבן איינגענומען אֶרץ־ישראל.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך טאַקע אויסדריקן מיין צווייפֿל, אויב די זאַמד אויפֿן דיל פֿון דער אַלטער שול איז טאַקע צום אָנדענק פֿון דעם מדבר, אין וועלכן די יידן זיינען געגאַנגען 40 יאָר. איך האָב גראָד פֿאַרגעסן צו פֿרעגן דעם ראַבינער וועגן דעם. מיין צווייפֿל קומט פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַן אָנדענק איז עס צו פֿיל זאַמד. יידן עסן חרוסת צו די סדרים פֿון פּסח צום אָנדענק פֿון די ליים, וואָס די יידן פֿלעגן קנעטן אין מצרים צו מאַכן ציגל, אָבער דאָך עסן יידן ניט קיין חרוסת מיט לאָפּעטעס. צום אָנדענק איז גענוג אַ קליין ביסעלע.

נאָר לאָמיך ניט פֿאַרקריכן אויף אַ זייט. איך האָב דאָ געוואָלט אַרויסברענגען דעם געדאַנק, אַז עס איז געווען זיכער, אַז קיוראַסאָ וועט אַמאָל בלייבן אין גאַנצן אָן יידן. די אַרגומענטן זיינען געווען דורכאויס לאָגישע, אָבער די לאָגיק האָט ניט געקענט פֿאָראויסזען, אַז אין קיראַסאָ וועלן אַראָפּקומען יידן פֿון גאַליציע, פֿון רומעניע, פֿון בעסאַראַביע, און עס וועט זיך דאָרטן אָנהויבן אַ נייער יידישער קאַפּיטל.

*

עס איז שווער היינט פֿאָראויסצוזאָגן ווי אַט דער נייער יידישער קאַפּיטל אין קיראַסאָ וועט זיך אַנטוויקלען. פֿאַרלויפֿיק איז דער צושטאַנד אַזאַ: די ניי־אָנגע־קומענע יידן פֿון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער זיינען צום גרעסטן טייל יונגע מענטשן. אַ באַדייטנדע צאָל פֿון זיי זיינען אומפֿאַרהייראַטע. עס זיינען פֿאַראַן בלויז 35, וואָס האָבן דאָרטן פֿאַמיליעס. אויך די פֿאַמיליעס זיינען נאָך צום גרעסטן טייל יונגע. פֿאַרלויפֿיק קומען ניט פֿאָר קיין „געמישטע" חתונות צווישן די ניי־אָנגעקומענע יידן און די איינגעבוירענע. דאָס איז אויך נאַטירלעך, ווייל זיי פֿאַר־קערן ניט געזעלשאַפֿטלעך. עס איז אומגעפֿער, ווי אַמאָל דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע, צווישן די „יאַהודים" פֿון אַפּטאַון און די יידן פֿון דער איסט־סאַיד, נאָר מיט דעם אונטערשייד: די „יאַהודים" פֿון אַפּטאַון פֿלעגן אָפֿט אַראָפּקומען אויף דער איסט־סאַיד צו טאָן צדקה מיט די אָרעמע יידישע אימיגראַנטן און זיי העלפֿן זיך אַמעריקאַניזירן, און ממילא פֿלעגן זיי קומען מיט זיי אין נאָענטער באַרירונג. בעת אין קיוראַסאָ איז ניטאָ מיט וועמען צו טאָן צדקה. די ניי־אָנגעקומענע יידן קענען עקאָנאָמיש זייער שטעטל אַליין באַשטיין. אָגב זיינען

צווישן די יידן פֿון אונדזער איסט סאַיד געווען אינטעליגענטע מענטשן; עס זיינען געווען מערערע מיט העכערער בילדונג און עס זיינען געווען צווישן די „יאַהודים“ אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זיין מיט זיי נעענטער באַקאַנט. דאָס איז אָבער ניט דער פֿאַל אין קיוראַסאָ.

נאָר עס וועלן אַוועקגיין עטלעכע יאָר און עס וועט אויסוואַקסן אַ נייער דור פֿון די ניי־אַריבערגעקומענע יידן. די קינדער פֿון די יידישע אימיגראַנטן, וואָס וועלן אויסוואַקסן אין קיראַסאָ, וועלן זיין אַנדערש פֿון זייערע עלטערן. זיי וועלן זיין אַ סך נעענטער צו די איינגעבוירענע יידן און עס איז מעגלעך, אַז עס וועלן זיך אָנהויבן „געמישטע“ חתונות. אַגב ווערן די ניי־אַנגעקומענע יידן וואָס ווייטער אַלץ רייכער. עס זיינען שוין היינט פֿאַראַן עטלעכע צווישן זיי, וואָס מען קען אָנרופֿן מיט דעם נאָמען גבירים. אין עטלעכע יאָר שפּעטער וועלן זיי זיין נאָך רייכער. און רייכקייט איז אין דער איצטיקער וועלט זייער אַ גרויסער יחוס. עס וועט אויף אַזאַ אופֿן אַריינגעגאָסן ווערן אין די אַלט־איינגעבוירענע יידן פֿריש בלוט.

נאָר אויב דאָס איז אַ ספּעקולאַציע, וואָס עס וועט זיין אַמאָל, קען מען אָבער זאָגן וועגן דעם איצט, אַז פֿאַרלויפֿיק האָלט נאָך אַלץ די צאָל פֿון די איינגע־בוירענע יידן אין פֿאַרמינדערט ווערן, בעת די צאָל פֿון די ניי־אַנגעקומענע האַלט אין וואַקסן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס לעצטנס איז די אימיגראַציע אויף דעם אינדזל אין גאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן פֿון דער רעגירונג.

די צאָל פֿון אונדזערע יידישע יידן פֿאַרגרעסערט זיך אויפֿן אינדזל, ערשטנס, דורך געבורטן. עס זיינען נעמלעך פֿאַראַן ווי שוין געזאָגט, 35 פֿאַמיליעס. צווייטנס, דורך חתונות. אימיגראַציע איז טאַקע שטרענג פֿאַרבאָטן, אָבער מען קען דאָך אַריינברענגען אַ מיידל אָדער אַ פֿרוי חתונה צו האָבן מיט איר. און עס זיינען פֿאַראַן צווישן די ניי־אַנגעקומענע יידן, ווי שוין געזאָגט, אַ סך אומפֿאַרהייראַטע, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון זיי וועלן מיט דער צייט זיך געוויס איינשאַפֿן פֿאַמיליעס. און — קיראַסאָ דאַרף ניט זאָרגן. די יידן וועלן דאָרט ניט אונטערגיין.

*

מיט דעם נייעם דור, וואָס האָט אָנגעהויבן אונטערוואַקסן ביי די ניי־אָנגע־קומענע יידן אין קיוראַסאָ, איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נייע פֿראַגע — די פֿראַגע פֿון יידישער דערציאונג. מען האָט מיט מיר טאַקע אויך גערעדט וועגן דעם. עס זיינען נעמלעך שוין פֿאַראַן עטלעכע קינדער פֿון שול־עלטער, און מיט דער צייט וועלן ווערן מער, טאָ וואָס טוט מען וועגן זייער יידישער דערציאונג?

איך האָב ביי איינעם געפֿרעגט, וואָס ער מיינט מיט די ווערטער „יידישע דערציאונג“. מיינט ער יידישע רעליגיע אָדער עפּעס אַנדערס. ער האָט מיר געענטפֿערט, אַז וואָס איז שייך צו דער יידישער רעליגיע, איז עס ניט קיין גרויסע דאגה פֿאַר די, וואָס ווילן עס. גראָד האָט עס דער איצטיקער ראַבינער פֿון קיוראַסאָ באַזאָרגט. ער האָט, נעמלעך, אויסגעפֿירט ביי דער רעגירונג, אַז אין דער פֿאָלקס־שול זאָל זיין אַ קלאַס פֿאַר יידישער רעליגיע, און ער אַליין פֿירט אָן דעם קלאַס.

אָבער אייניקע פֿון די ניי־אָנגעקומענע יידן ווילן האָבן אַ יידישע דערציאונג, וואָס זאָל זיין אַ מער־וועלטלעכע, און אויך טאַקע אויף יידיש.

עס קען זיין, אַז זיי וועלן זיך אַמאָל צונויפֿרעדן אַראָפּצוברענגען אַ יידישן לערער פֿון ניו־יאָרק, נאָר אויב זיי וועלן עס טאָן, וועלן זיי זיך דאַרפֿן פֿאַר־זיכערן, אַז ער זאָל אין אַ קורצער צייט ניט אויסבייטן זיין לערעריי אויף אַ קראָם אין דע העערען סטראַט אָדער ברערען סטראַט.

אַזאַ פּראָבלעם האָבן איצט טאַקע די ספֿרדישע יידן אין קיוראַסאָ. זייער ראַבינער, דר. עמנואל, וויל נעמלעך, אויסבייטן זיין רבנות אויף אַ ביזנעס.

דר. עמנואל, דער ראַבינער, האָט מיר געזאָגט, אַז וואָס איז שייך צו פּרנסה, האָט ער זיך ניט אויף וואָס צו באַקלאָגן. ער באַקומט פֿון דער רעגירונג אַ גאַנץ פֿיינעם געהאַלט, אָבער ער קען זיין רבנות ניט פֿירן ווי ער וויל. די ספֿרדישע יידן, וואָס באַלאַנגען צו דער אַלטער שול „מקוה ישראל", רופֿן זיך טאַקע אָר־טאָדאָקסן, אָבער קיין צו שווערן יאָך פֿון יידישקייט ווילן זיי ניט טראָגן. זיי האָבן זיך איינפֿאַך אָפּגעוואוינט דערפֿון. דר. עמנואל, ווידער, נעמט זיין רבנות אַ ביסל צו ערנסט און ער וויל טאָן זאַכן, וואָס זיינע באַלעבאַטים גלויבן, אַז זיי דאַרפֿן עס ניט. האָט ער דעריבער באַשלאָסן, אַז איידער צו זיין אַן אומצו־פֿרידענער ראַבינער, איז שוין גלייכער צו זיין אַ צופֿרידענער ביזנעסמאַן. זאָגן אָבער די באַלעבאַטים, אַז עס פּאַסט ניט פֿאַר לייטן, אַז אַ ראַבינער זאָל ווערן אַ ביזנעסמאַן. און אַזוי ווי די יידישע באַלעבאַטים האָבן אַ גרויסע דעה אין האַנדלס־קאַמער („טשעימבער אָוו קאָמערס") וועט עס, דאַכט זיך, דעם ראַבינער זיין שווער צו קריגן אַן ערלויבניש צו עפֿענען אַ געשעפֿט.

*

מחשבותן, איך האָב די גאַנצע צייט גערעדט וועגן יידישע געשעפֿטן אין קיוראַסאָ און איך האָב פֿאַרגעסן צו דערציילן פֿון וואַנען די יידישע געשעפֿטן ציען זייער חיונה.

דער פֿרעמדער, וואָס קומט אין קיראַסאָ, האָט דעם איינדרוק, אַז די געשעפֿטן דאַרטן האָבן זייער הויפּט־הכנסה פֿון די טוריסטן. קיראַסאָ איז, נעמלעך, אַ פֿרייער פּאָרט. עס הייסט, אַז סחורות פֿון פֿרעמדע לענדער ווערן אַהין אַריינגעפֿירט כמעט פֿריי. דערפֿון איז קלאָר, אַז עס איז אַן אָרט, וואו טוריסטן קענען קויפֿן מציאות, און זיי קויפֿן טאַקע. די הויפּט־מציאות זיינען פּאַרפֿיום און ליקער. די ווייבער קויפֿן פּאַרפֿיום און די מענער קויפֿן קאָניאַק, סקאָטש און אַנדערע מינים משקה. די מציאות זיינען טאַקע גרויסע. פֿאַר די, וואָס האָבן אַ ידיעה אין טרינקען, איז גענוג צו זאָגן, אַז אַ פֿלאַש הענעסי קאָניאַק קויפֿט מען דאַרטן פֿאַר אַ דאָלער מיט 90 סענט. דאָס איז כמעט אַ העלפֿט, וואָס מען צאָלט ביי אונדז אין אַמעריקע. וועגן די מציאות פֿון פּאַרפֿיום קען איך קיין ביישפּיל ניט געבן, ווייל איך ווייס ניט די נעמען און איך ווייס ניט די פּרייזן. נאָר די ווייבער זאָגן, אַז די מציאות זיינען גוואַלדיק גרויס, און זיי קויפֿן אַזוי פֿיל, אַז זיי ווייסן שפּעטער אַליין ניט וואָס צו טאָן דערמיט.

עס זיינען אָבער פֿאַראַן אַנדערע מציאות. למשל, זיידענע אונטערוועש און קימאָנעס פֿון כינע, פּאַנאַמע היט פֿון עקוואַדאָר, סיגאַרעטן פֿון אַמעריקע און

פֿאַרשיידענע אַנדערע זאַכן. דער קיצור איז, אַז ווען אַ טוריסט פֿאָרט צוריק פֿון קיוראַסאָ, קען ער זאָגן: זאָל מיך גאָט היטן פֿון מציאות, פֿון יקרותים וועל איך זיך אַליין היטן.

אָבער טוריסטן זיינען דאָך ניט דער הויפּט־קוואַל פֿון פּרנסה פֿאַר די קיוראַסאָער געשעפֿטסלייט. זיי האָבן פֿיל מער פּרנסה דערפֿון, וואָס ווענעזועלאַ איז זייערע אַ נאָענטע שכנה. ווענעזועלאַ האָט גראָד אַ הויכן טאַריף. דאָרטן איז אַלץ בראַנד־טייער. און עס איז נאַטירלעך, אַז עס זאָלן זיך געפֿינען מענטשן אין ווענעזועלאַ, וואָס זאָלן באַטראַכטן פֿאַר אַ גוט געשעפֿט צו קויפֿן סחורה אין קיראַסאָ און עס אַריינשמוגלען קיין ווענעזועלאַ. עס איז אַ גרויס געשעפֿט, און וויפֿל די ווענעזועלער רעגירונג זאָל ניט היטן און קאָנפֿיסקירן די געשמוגלטע סחורות, קען זי אָבער דאָך די שמוגלעריי ניט אָפּשטעלן, פּונקט ווי אונדזער אַמעריקע האָט ניט געקענט אונטערדריקן „בוטלעג" (פֿאַרבאָטענע משקה אין דער צייט, ווען אין אַמעריקע האָט עקזיסטירט דער געזעץ וואָס האָט פֿאַרבאָטן אַלקאָהאָל־געטראַנקען — „פּראָהיבישאָן", ווי מען האָט עס גערופֿן) די פּראָפֿיטן זיינען אַזעלכע גרויסע, אַז זיי באַצאָלן פֿאַר אַלץ.

אַ דריטער קוואַל פֿון הכנסה איז די גרויסע „אויל ריפֿאַינערי" אין קיראַסאָ, ביי וועלכער עס זיינען באַשעפֿטיקט אַ סך מענטשן. די אויל קומט פֿון ווענעזועלאַ.

די אונטערשטע שורה איז, אַז עס איז פֿאַראַן גענוג, פֿון וואָס צו מאַכן אַ לעבן און אויך אויף אָפּצושפּאָרן.

*

קיין אַנטיסעמיטיזם איז אין קיוראַסאָ ניטאָ. די יידן דאָרטן קאָנקורירן מיט קיינעם ניט, ווייל כמעט אַלע געשעפֿטן זיינען אין זייערע הענט. זיי קאָנקורירן נאָר איינע מיט די אַנדערע. עס דאַרף אויך באַמערקט ווערן, אַז די גויישע באַפֿעלקערונג האָט ניט בלויז ניט אַרויסגעוויזן קיין פֿיינטשאַפֿט צו די ניי־אָנגעקומענע יידן, ווי דאָס איז דער פֿאַל אין מאַנכע פֿון די לאַטייניש רעפּובליקן, נאָר זיי זיינען צופֿרידן מיט זייער קומען! אַדאַנק די ניי־אָנגעקומענע זיינען פֿיל סחורות אויף דעם אינדזל אַ סך ביליקער געוואָרן און די באַפֿעלקערונג ווייס עס. ביי די ניי־אָנגעקומענע יידן קען מען קויפֿן אַ סך ביליקער. די ניי־אָנגעקומענע יידן האָבן געמאַכט דירעקטע האַנדלס־פֿאַרבינדונגען מיט כינע און יאַפּאַן, וואו זיי קויפֿן פֿאַר זייער ביליקע פּרייזן.

די אונטערשטע שורה איז, אַז יידן איז גוט אין קיוראַסאָ. זיי זאָגן אַליין, אַז עס איז זיי גוט. נאָר איך גלויב, אַז ווען אונדזער אַמעריקע זאָל אויף אַ ווײַלע אַ ביסעלע עפֿענען אירע טויערן, וואָלטן מיר דאָ האָבן אַ רעכט ביסל יידישע געסט פֿון קיוראַסאָ, וואָס וואָלטן זיין באַלאַנים זיך דאָ צו באַזעצן.

„אַלץ איז גוט אין קיוראַסאָ", זאָגן זיי, „נאָר עס איז שרעקלעך לאַנגווייליק. אָך, ווען מיר קענען דאָ האָבן אַ שטיקעלע ניו־יאָרק!"

דערמיט איז געענדיקט סדרה קיוראַסאָ. עס איז אַ קליין יידיש וועלטעלע, אָבער עס שפּיגלט זיך אין איר אָפּ אַ סך פֿון דער גרויסער יידישער וועלט.